# מִשְׁנָיוֹת

מיט איבערזעצונג און פירוש
אין יידיש

— פון —

## שמחה פיעטרושקא

ערשטער באנד

## סדר זרעים


מאָנטרעאל תש"ה, 1945

דרוקערײ „נאָרטערן פרינטינג און סטײשאָנערי"




# MISHNA

WITH TRANSLATION AND COMMENTARY
IN YIDDISH



*Printed by*
THE NORTHERN PRINTING & STATIONERY
MONTREAL, CANADA
27

# הקדמה

עס איז באמת ניט נויטיק צו שרייבן באריכות וועגן דער וויכטיקייט פון משניות מיט אן איבערזעצונג אין יידיש און א פירוש אין יידיש. משניות איז, נאָכן תנך, דער יסוד פון גאנצן יידישקייט: רעליגיע, עטיק, לעבנס־פאָרמען, געשיכטע פון אלטע צייטן. משניות איז דער יסוד, אויף וועלכן עס זענען געבויט געוואָרן די גמרא, די ספרים פון דער גאונים־צייט, פון די פוסקים און רבנים אין די שפּעטערדיקע דורות. די נויטיקייט, אז א ייד זאָל קאָנען לערנען משניות צוזאמען מיט אן איבער־זעצונג און א פירוש אין יידיש, איז דעריבער קלאָר פאר יעדן.

כדי ניט אויסצומישן די איבערזעצונג מיטן פירוש, ווערט די איבערזעצונג פון יעדער שטיקל משנה געגעבן מיט העלע, דינע אותיות, און דער פירוש ווערט געגעבן מיט דיקערע אותיות. פאר יעדער איבערזעצונג ווערט געגעבן דאָס ערשטע לשון־קודש׳דיגע וואָרט פון דעם שטיקל משנה, כדי מען זאָל וויסן, צו וועלכן שטיקל משנה די איבערזעצונג און דער פירוש ווערן געגעבן.

איך וויל דאָ באמערקן עטליכע זאכן.

ערשטנס, אז שוין אין דער איבערזעצונג איז פאראן עטוואָס פירוש, אביסל הסברה פון דער משנה. איך האָב מיך באמיט צו געבן די דאָזיקע „הסברה״ אין קלאמערן, איינגערינגלט, כדי מען זאָל וויסן, וועלכע ווערטער זענען פון דער משנה, און וועלכע זענען צוגעגעבן געוואָרן, כדי מען זאָל האָבן די פארבינדונג פון די ווערטער אין דער משנה.

צווייטנס, אין דעם פירוש האָב איך מיך געשטיצט אויף די פירושים פון די קדמונים, די גמרות בבלי און ירושלמי, רשי, תוספות, רמבם, ר״ש, און פון די אחרונים רבנו עובדיה ברטנורא (וועלכער ווערט גערופן סתם „דער ברטנורא״), די צוגאָב־דערקלערונגען פון תוספות יום טוב, מלאכת שלמה, די ליקוטים פון „תוספות חדשים״, די חידושים פון ווילנער גאון און ר׳ עקיבא אייגער, דעם פירוש פון „תפארת ישראל״. גאנץ אָפט, וואו עס זענען פאראן עטליכע פירושים גיב איך די אלע פירושים. פון די חידושים און סברות און הלכות גיב איך נור די דאָזיקע, וועלכע האָבן א שייכות צום פשט פון דער משנה, אָבער ניט צו דער ווייטערדיקער שקלא וטריא ארום דער משנה.

דריטנס, איך האָב טייל אייגענע חידושים צו א סך ערטער פון דער משנה; אָבער די דאָזיקע חידושים האָב איך דאָ ניט אריינגעגעבן, און איך האָב געגעבן נור וואָס די מפרשים, די ראשונים און אחרונים, זאָגן.

פערטנס, די לשון־קודש׳דיקע שפּראך פון דער משנה האָט שוין געהאט אין זיך א סך ווערטער פון אנדערע שפּראכן, דער עיקר פון גריכיש און לאטיין; דערויף האָבן שוין אויפמערקזאם געמאכט די ראשונים, און דער עיקר דער ספר „ערוך״ פון רבנו נתן פון רוים. איך האָב מיך באמיט צו געבן די פילאָלאָגישע דערקלערונגען פון די דאָזיקע ווערטער אויפן יסוד פון „ערוך״ און „מוסף הערוך״ (פון ר׳ בנימין מוספיא) און אנדערע.

פיפטנס, אין דעם „פנים״, אין דעם לשון־קודשדיקן טעקסט פון דער משנה, זענען פאראַן פאַרשידענע נוסחאות, סיי אין די כתבי־יד, סיי אויך אין די עלטערע געדריקטע משניות. אויף טייל נוסחאות־אונטערשידן האָב איך אָנגעוויזן אין פירוש.

זעקסטנס, איך האָב מיך באַמיט צו געבן אין פנים, אין לשון־קודש׳דיקן טעקסט פון דער משנה די אָנגענומענע סמני הפסיק, ווי דעם פונקט (.), די צוויי־פונקטן (:), די קאָמאָ (,), דעם סעמיקאָלאָן (;), דעם פראַגע־צייכן (?), כדי דאָס לערנען די משנה זאָל זיין לייכטער. איך האָב מיך געשטיצט דערויף, אז דאָס האָט אויך געפּרובט טאָן אזא גאון וקדוש ווי ר׳ ישראל ליפשיץ, דער מחבר פון „תפארת ישראל״.

זיבטנס, גאַנץ אָפט גיב איך ניט אָן דעם פירוש, פון וואַנען ער איז גענומען, און ער איז טיילמאָל גענומען געוואָרן פון די ראשונים ניט אויף דער דאָזיקער משנה, נאָר פון אַן אנדער אָרט. למשל, דעם פירוש באַלד אין דער ערשטער משנה אויף דעם וואָרט „אשמורה״, אז דאָס איז פון די נאַכט־וועכטערס (שומרים), וועלכע האָבן זיך געטוישט יעדע דריטל נאַכט. דאָס איז גענומען פון רשי אין שופטים ז׳. און אזוי איז אין א סך פאַלן.

אַכטנס, איך האָב מיך באַמיט, סיי אין דער איבערזעצונג און סיי אין פירוש, צו געבן אַלץ אין א קלאָרער, פשוטער יידישער שפּראַך, ניט באַנוצן זיך מיט פרעמד־ווערטער ,און איך האָב מיך באַמיט מסביר צו זיין וואָס מער, און דער עיקר ביי די פאַרוויקלטע און שווערע הלכות פון דמאי, כלאים, שביעית און אנדערע, אז יעדער לערנער זאָל פאַרשטיין די משנה.

ניינטנס, אין דעם ספר זענען אריינגעפאַלן גרייזן, מערסטנס דרוק־פעלערן, און אין קומענדן חלק, „סדר מועד״, וויל איך צוגעבן א רשימה פון אויסבעסע־רונגען. דאָ וויל איך דערמאָנען נור עטליכע: 1) אין מסכתא ברכות פרק ז׳ משנה א׳ וועגן „מעשר שני והקדש שנפדו״, וואו עס איז פאַראַן אין פירוש, (כאָטש מען האָט ניט־פּינקטליך אויסגעלייזט) דאַרף ווערן צוגעגעבן די ווערטער פון דער גמרא, אז כאָטש מען האָט באַצאָלט דעם קרן און ניט באַצאָלט דעם חומש (דאָס פיפטל). 2) אין מסכתא פאה פרק ג׳ משנה ו׳ איז אין אײן אָרט אונטן אין פירוש פאַראַן וועגן „מטלטלין״ דער דרוק־פעלער (אומבאַוועגליכע) און עס דאַרף זיין „באַוועגליכע״. 3) אין מסכתא כלאים פרק ח׳ משנה ו׳ אין פנים (לשון־קודשדיקן טעקסט) פון דער משנה נאָך די ווערטער „ר׳ מאיר״ פעלט דאָס וואָרט „אומר״. ווי געזאָגט, וויל איך א רשימה מיט די טעותים־אויסבעסערונגען פון איצטיקן חלק געבן אין קומנדיקן חלק.

איך האָב מיך געהאַט פאַרנומען צו געבן אויך א גרעסערן מבוא, אַן איינלייטונג, אין וועלכער עס זאָל געגעבן ווערן ברייט און בפרטות וועגן אַלע ענינים פון משניות, וועגן דעם צוזאַמענשטעל, דער שפּראַך (לשון המשנה), דעם סידור המשנה, די תנאים, וועגן צוזאַמענשטעל פון יעדן פון זעקס סדרים (זרעים, מועד, נשים, נזיקין, קדשים, טהרות), דעם לעבנס־שטייגער פון די יידן אין די צייטן פון משנה, וכדומה. אָבער עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אז דאָס וועט פאַרנעמען זייער א סך, און אם ירצה השם, נאָכדעם ווי איך וויל האָבן אַרויסגעגעבן די אַלע זעקס סדרים, רעכן איך צו געבן אין א באַזונדערן ספר אזא איינלייטונג.

עס וואָלט געווען ניט ריכטיק, אז ביים שרייבן א הקדמה צום ספר זאָל איך ניט דערמאָנען דאָס סאַמע שרעקליכסטע און גרויזאַמסטע און שוידערליכסטע, די גזירות

ושחיטות אין די יאָרן פון תרצ״ט ביז תש״ה, די מיליאָנען יידן פון פוילן און ליטא און אנדערע אייראָפּעאישע לענדער, וועלכע זענען אומגעקומען באכזריות נוראה דורך די טמאדיקע דייטשע רוצחים, דער הרג ואבדון פון דעם שענסטן און בעסטן פון יידישן פאָלק, פון רוב בנין פון גאנצן יידנטום. וכל בית ישראל יבכו את השריפה, אָבער יעדער פון אונז טרויערט באזונדערס אויך אויף די סאמע נאָנטסטע זיינע. זאָלן דאָ דערמאָנט ווערן (פון די פיל קרובים און פריינט מיינע) מיין שוועסטער טויבע רחל און מיין שוואָגער יצחק בלומבערג און זייערע קינדער, וועלכע זענען געווען אין געטאָ אין ווארשא, און פון וועלכע מיר האָבן ניט איצט (אין חודש תמוז תש״ה) קיינע ידיעות ניט. די גמרא (ברכות נ״ד) זאָגט „אניסא דיחיד איהו חייב לברוכי״, אז אויף א נס, וואָס געשעט מיט אן איינצלנעם מענטש, דארף דער דאָזיקער מענטש מאכן די ברכה „ברוך שעשה לי נס״. איך האָב געוואוינט אין ווארשא מיט מיין פרוי רחל און מיין טאָכטער גינה יחיו, און מיר האָבן ווי דורך א נס פארלאָזט ווארשא ענדע מאָנאט יולי 1939 און מיר זענען אָנגעקומען קיין מאָנטרעאל אין קאנאדע אין אָנהייב אויגוסט 1939, פונקט א מאָנאט איידער די דייטשן אונטער דער פירונג פון רוצח היטלער ימ״ש זענען אריין אין מלחמה קיין פוילן.

חייב אדם בכבוד אביו ואמו, לאָמיר דאָ דערמאָנען מיינע טייערע עלטערן, מיין פאָטער ר׳ ישראל יצחק פיעטרושקא ז״ל, וועלכער איז נפטר געוואָרן אין ארץ ישראל אין תל־אביב ה׳ אייר ת״ש, און מיין מוטער חיה דינה ז״ל, וועלכע איז נפטר געוואָרן אין תל־אביב יג סיון תש״ג. זיי האָבן זיך באמיט איינצופלאנצן אין אונזער פאמיליע אהבה צום לערנען און מידות טובות. זאָלן דאָ דערמאָנט ווערן מיין שווער ר׳ צבי יהודה הכהן מילשטיין ז״ל, וועלכער איז נפטר געוואָרן אין מאָנטרעאל ה׳ אָדר תש״ה און מיין שוויגער שרה טעמא ז״ל, וועלכע איז נפטר געוואָרן אין עסטאָוואן (קאנאדע) ט׳ סיון תרצ״ב.

און יבדל מהם לחיים זאָלן דערמאָנט ווערן מיין ליבע פרוי רחל תחי׳ און מיין זון שמואל פיעטרושקא נ״י (וועלכער האָט אנטייל גענומען אין דער מלחמה אין דעם בריטישן מיליטער אלס ארץ־ישראל־בירגער) און מיין טאָכטער גינה תחי׳.

איך וויל דאָ אויסדריקן א דאנק מיינע פריינט און באקאנטע, וועלכע האָבן מיר געהאָלפן פינאנציעל ארויסצוגעבן דעם ערשטען סדר זרעים, און באזונדערס צו די עושים ומעשים, מיינע חשובע פריינט הרב הגאון הישיש ר׳ צבי כהן שליטא יושב ראש הרבנים אין מאָנטרעאל, ר׳ הערש וואָלאָפסקי נ״י רעדאקטאָר־ארויסגעבער פון „קענעדער אדלער״, הרב הגאון ר׳ משה ישר שליטא אין ברוקלין, הרב הגאון ר׳ פינחס הירשפרונג שליטא אין מאָנטרעאל, מר. און מרס. מאָריס קופערבערג נ״י, מר. און מרס. יהודה וויזנפעלד נ״י, מר. און מרס. אברהם יצחק ראָס, מר. און מרס. צבי פירשט, מר. און מרס. יוסף כהן נ״י, מר. און מרס. אברהם אלבערט נ״י.

א באזונדערע רשימה פון די חשובע נדבנים ווערט געגעבן אין דאָזיקן ספר.

מאָנטרעאל, ראש חודש תמוז תש״ה.

שמחה פיעטרושקא.

# סדר זרעים

---

## מסכתאות:

ברכות
פאה
דמאי
כלאים
שביעית
תרומות
מעשרות
מעשר שני
חלה
ערלה
בכורים

# מסכת ברכות

## פרק א.

**א. מאימתי קורין את שמע בערבין? משעה שהכהנים נכנסים לאכול בתרומתן; עד סוף האשמורה הראשונה, דברי ר׳ אליעזר; וחכמים אומרים, עד חצות. רבן גמליאל אומר, עד שיעלה עמוד השחר. מעשה שבאו בניו מבית המשתה, אמרו לו, לא קרינו את שמע; אמר להם, אם לא עלה עמוד**

עס איז פאראן, כידוע, די מצוה, אז יעדן אין דער פרי און יעדן אוונט זאָל מען ליינען קריאת שמע, דאָס הייסט, מען זאָגט די פרשיות פון חומש „שמע ישראל״ (אין חומש דברים ו׳), והיה אם שמע״ (חומש דברים י״א) און „ויאמר״ (במדבר ט״ו). די דאָזיקע מצוה איז פאראן אין דער תורה אין חומש דברים ו׳ „ודברת בם—בשכבך ובקומך״, דו זאָלסט זיי זאָגן—ווען דו לייגסט זיך און ווען דו שטייסט אויף״, דאָס הייסט אין אוונט און אין דער פרי. דער ערשטער פרק אין דער משנה באהאנדלט די פראגע, ווען הייסט „אין אוונט״, און ווען הייסט „אין דער פרי״.

## פרק א.

א. מאימתי, פון ווען אָן ליינט מען קריאת שמע אין אוונט? **פון וועלכער צייט אָן הייסט עס „אוונט״, אז מען זאָל שוין מעגן ליינען די אוונט־קריאת־שמע?** משעה, פון דער צייט אָן, ווען די כהנים קומען אריין עסן זייער תרומה. **פאראן א דין אין חומש ויקרא כ״ב, אז אויב א כהן ווערט טמא, ווען למשל, ער רירט אָן א טויטן שרץ, טאָר ער ניט עסן קיין „תרומה״, דאָס הייסט די הייליקע תבואה, וואָס מען גיט אוועק צו די כהנים; א כהן ווען ער ווערט טמא, מוז ער פריהער זיך טובל זיין אין א מקוה אָדער א טייך, און ער וואַרט ביז אוונט, און ערשט אין אוונט מעג ער עסן תרומה. די משנה לערנט אונז, אז די דאָזיקע צייט, ווען די כהנים באטראכטן שוין אלט „אוונט״ צו מעגן עסן תרומה, הייסט אויך „אוונט״ צו מעגן ליינען קריאת שמע ביינאכט. די גמרא זאָגט, אז דאָס איז „צאת הכוכבים״, ווען די ערשטע שטערנס באווייזן זיך אויפן הימל.** עד סוף, ביז צום סוף פון דער ערשטער אשמורה, אזוי זאָגט רבי אליעזר. **דאָ ענטפערט די משנה אויף א צווייטער פראגע. דהיינו: ביז וועלכער צייט אין דער נאכט מעג מען ליינען קריאת שמע? דערויף זאָגט דער תנא רבי אליעזר (אומעטום, וואו עס שטייט סתם ר׳ אליעזר מיינט מען ר׳ אליעזר בן הורקנוס), אז די צייט איז ביז צום סוף פון דער ערשטער אשמורה. די נאכט איז געווען איינגעטיילט (שוין אין דער צייט פון תנך, ווי מיר זען עס אין שופטים ז׳) אין דריי טיילן, און יעדער טייל האָט געהייסן „אשמורה״, פון וואָרט „שמר״, „וואכן״, „היטן״, ווייל נאכט־וועכטערס האָבן געהיט די שטאָט, יעדער וועכטער א דריטל פון דער נאכט. זאָגט ר׳ אליעזר, אז קריאת שמע אין אוונט מעג מען ליינען נאָר אין דעם ערשטן דריטל פון דער נאכט,** וחכמים, און די חכמים זאָגן, אז ביז א האלבע נאכט. **מיטן וואָרט „חכמים״, די „קלוגע״, די „געלערנטע״ מיינט מען דעם רוב תנאים אין דער ישיבה.** רבן גמליאל זאָגט, אז ביז עס גייט־אויף דער מאָרגן־זייל. **די תנאים אין דער משנה טראָגן געוויינליך דעם טיטל „רבי״, און נאָר עטליכע תנאים, און דער עיקר די נשיאים, האָבן געטראָגן דעם טיטל „רבן״. ווען אין דער משנה ווערט דערמאָנט סתם „רבן גמליאל״ מיינט מען, געוויינליך רבן גמליאל דעם צווייטן, פון דער שטאָט יבנה, נשיא איבער יידן נאָכן חורבן פון צווייטן בית המקדש, א שוואָגער פון רבי אליעזר. רבן גמליאל זאָגט, אז די צייט צו ליינען קריאת שמע אין אוונט איז א גאנצע נאכט ביז עס גייט־אויף דער „מאָרגן־זייל״, דאָס הייסט, ווען עס באווייזט זיך דער ערשטער ווייסער פאס אויף דער מזרח זייט פון הימל פארטאָג.** מעשה, עס איז אמאָל פאָרגעקומען, אז זיינע (רבן גמליאל׳ס) קינדער זענען געקומען פון א סעודה (שפעט אין דער נאכט), און זיי האָבן געזאָגט צו אים: „מיר האָבן ניט געליינט קיין

**השחר חייבין אתם לקרות. ולא זו בלבד, אלא כל מה שאמרו חכמים עד חצות מצותן עד שיעלה עמוד השחר, הקטר חלבים ואברים מצותן עד שיעלה עמוד השחר, וכל הנאכלים ליום אחד מצותן עד שיעלה עמוד השחר. אם כן למה אמרו חכמים עד חצות? כדי להרחיק את האדם מן העבירה.**

**ב. מאימתי קורין את שמע בשחרית? משיכיר בין תכלת ללבן.**

---

קריאת שמע״, און ער האָט צו זיי געזאָגט: „אויב דער מאָרגן־זייל איז נאָכניט אויפגע־גאנגען דאַרפט איר ליינען״. אין דער משנה שטייט, אז רבן גמליאל׳ס קינדער זענען געקומען „מבית המשתה״, פון א סעודה־הויז, און דאָס וואָרט „משתה״ איז שוין אין תנך דער טייטש א גרויסע סעודה, ביי וועלכער מען האָט געטרונקען וויין („שתה״, „טרינקען״). פון א סך ערטער אין דער גמרא איז צו זען, אז מיט „משתה״ האָט מען, געוויינליך געמיינט א חתונה, וואָס פלעגט געוויינליך פאָרקומען ביינאכט און די סעודה האָט זיך פאַרצויגן שפעט. ולא זו, און ניט נאָר ביי קריאת שמע אליין, נאָר אויך אומע־טום, וואו די חכמים זאָגן, „ביז האלבע נאכט״, איז די צייט ביז עס גייט־אויף דער מאָרגן־זייל. די גמרא טייטשט אין די דאָזיקע משנה, אז רבן גמליאל האָט אויך גע־זאָגט צו זיינע קינדער, אז צווישן אים און די חכמים איז באמת ניט קיין מחלוקה, און אז אויך די חכמים האלטן, אז די צייט פון קריאת שמע ליינען איז א גאנצע נאכט, און אז ניט נאָר ביי קריאת שמע ליינען, נאָר אויך ביי אנדערע זאכן, וועגן וועלכע די חכמים זאָגן „ביז האלבע נאכט״ איז די ריכטיקע צייט ביז אין דער פרי. און איצט רעכענט ער אויס עטליכע אזעלכע זאכן: הקטר, דאָס פאַרברענען פון פעטס און איברים (פון קרבנות אויפן מזבח אין בית המקדש) איז צייט (א גאנצע נאכט) ביז דעם אויפ־גאנג פון מאָרגן־זייל. און אלע (קרבנות), וואָס ווערן געגעסן איין טאָג, מעג מען זיי עסן (א גאנצע נאכט) ביזן אויפגאנג פון מאָרגן־זייל. ווען מען האָט מקריב געווען קרבנות אין בית המקדש, האָט מען פון טייל קרבנות פאַרברענט אויפן מזבח נאָר דאָס פעטס, די חלבים, און פון טייל קרבנות האָט מען פאַרברענט אויך די פלייש־טיילן, די איברים. זאָגט די משנה, אז דאָס פאַרברענען האָט געקאָנט פאָרקומען א גאנצע נאכט, נאָכן טאָג ווען מען האָט געשאָכטן דעם קרבן. דאָס זעלבע איז אויך מיטן פלייש פון אזעלכע קרבנות, וואָס מען האָט זיי געמעגט עסן נאָר „יום אחד״, נאָר אין דעם טאָג, ווען מען האָט זיי געשאָכטן, איז דער דין, אז מען האָט זיי געמעגט עסן אויך א גאנצע נאכט נאָכן טאָג פון שעכטן זיי. אם כן, אויב עס איז אזוי (אויב מען מעג דאָס אלץ טאָן א גאנצע נאכט), פאַרוואָס־זשע האָבן די חכמים געזאָגט, אז נור ביז האלבע נאכט? איז דער ענטפער: כדי צו דערווייטערן דעם מענש פון א עבירה. דאָס הייסט אז די חכמים האָבן מורא געהאַט, דאָס אויב מען וועט זאָגן, אז די צייט איז ביז אין דער פרי, וועט טייל מאָל דער מענטש אפּלייגן דאָס ליינען קריאת שמע אויף שפּע־טער און דערווייל וועט ער אנטשלאָפן ווערן און איינגאנצן ניט ליינען, און ער וועט אזוי ארום טאָן א עבירה. דעריבער האָבן זיי געזאָגט, אז עס איז גלייכער צו ליינען קריאת שמע פאַר האלבער נאכט. טייל מפרשים זאָגן, אז די מחלוקה צווישן רבי אליעזר און די חכמים און רבן גמליאל באשטייט אין אויסטייטשן דעם דערמאָנטן וואָרט אין חומש „ובשכבך״. רבי אליעזר טייטשט, אז דאָס מיינט, ווען „דו לייגסט זיך שלאָפן״, און געוויינליך לייגן זיך שלאָפן ארבייטס־מענטשן אין דעם ערשטן דריטל אין דער נאכט. דאגעגן די חכמים און רבן גמליאל טייטשן „ובשכבך״ „ווען דו ליגסט״, און די צייט פון ליגן איז א גאנצע נאכט; און די חכמים האָבן באגרענעצט די צייט ביז א האלבער נאכט צוליב דעם טעם, כדי אָבצוהיטן דעם מענטש פון א עבירה.

ב. מאימתי, פון ווען אָן ליינט מען קריאת שמע אין דער פרי? די איצטיקע משנה באהאנדלט די פראַגע וועגן דער צייט פון ליינען קריאת שמע אין דער פרי און וויל געבן דעם סימן, ווען הייסט שוין טאָג, און זי זאָגט: משיכיר, פון ווען מען קאָן דערקע־

ר׳ אליעזר אומר, בין תכלת לכרתי. וגומרה עד הנץ החמה. ר׳ יהושע אומר, עד שלש שעות, שכן דרך בני מלכים לעמוד בשלש שעות. הקורא מכאן ואלך לא הפסיד, כאדם הקורא בתורה.

ג. בית שמאי אומרים, בערב כל אדם יטו ויקראו ובבוקר יעמדו,

---

נען דעם אונטערשיד צווישן בלוי און ווייס. אין דער משנה ווערט באנוצט אויף „בלוי״ דאָס וואָרט „תכלת״, און טייל טייטשן עס, אז עס איז שוין אזוי ליכטיק, אז מען קאָן דערקענען אין די ציצית צווישן דעם תכלת־פאָדים און די ווייסע פעדים; טייל טייטשן, אז דאָס מיינט מען סתם צווישן די פארבן פון בלוי און ווייס. ר׳ אליעזר זאָגט: צווישן בְלוי און גרין. פאר „גרין״ ווערט באנוצט דאָס וואָרט „כרתי״, און דאָס איז אזא גרינווארג, אזא גרינער קנאָבל, וואָס הייסט אין דייטש „לויך״ און ענגליש „ליק״ און וואָס האָט א גרינעם קאָליר; אין נוסח פון ירושלמי שטייט דאָ „כרתן״, וואָס איז דער טייטש דער „גרין־קאָליר״ פון דעם גרינווארג כרתי. וגומרה, און די ענדע (פון ליינען קריאת שמע) איז ביז די זון שפּראָצט־אויף. לויט דער דאָזיקער מיינונג פון דער משנה איז די צייט פון ליינען קריאת שמע אין דער פרי א זייער באגרענצטע, דהיינו, פון ווען עס באווייזט זיך די ערשטע ליכטיקייט און מען קאָן דערקענען קאָלירן, ביז די זון שפּראָצט־אויף, דאָס הייסט מען זעט איר נאָר אויף די שפּיצן בערג. ר׳ יהושע זאָגט: ביז דריי שעה, ווייל עס איז דער שטייגער פון קינדער פון מלכים אויפצושטיין ערשט אום דריי שעה (אויפן טאָג). אומעטום אין דער משנה, וואו עס ווערט דערמאָנט ר׳ יהושע מיינט מען דעם תנא ר׳ יהושע בן חנניה, א חבר פון ר׳ אליעזר און רבן גמליאל. ער זאָגט, אז מען מעג ליינען קריאת שמע אין דער פרי ביז דעם סוף פון דער דריטער שעה אין טאָג. די מחלוקה צווישן רבי יהושע און דער פאָריגער מיינונג פון דער משנה באשטייט אין אויסטייטשן דאָס וואָרט פון חומש וועגן קריאת שמע אין דער פרי „ובקומך״, „ווען דו שטייסט אויף״; די ערשטע מיינונג איז, אז דאָס מיינט מען, ווען געוויינליכע מענטשן שטייען אויף צו דער ארבייט, זייער פרי; אָבער ר׳ יהושע האלט, אז ווייל עס געפינען זיך אזעלכע מענטשן, ווי קינדער פון מלכים, וועלכע שלאָפן לענגער און שטייען אויף ערשט נאָך דריי שעה אין טאָג, הייסט ביז דעמאָלס „ובקומך״, די צייט פון אויפשטיין. עס איז נויטיק דאָ צו באַמערקן, אז אומעטום, וואו עס איז פאראן אין דער משנה „א שעה״ מיינט מען ניט אונזער הייַנטיקע שעה, 60 מינוט, נאָר מען מיינט א 12־טעל פון טאָג. דריי שעה מיינט א פערטל פון טאָג. למשל ווינטער ווען דער טאָג איז נור 8 שעה לאנג, מיינט מען מיט „3 שעה״ נאָר אונזערע צוויי שעה, א פערטל פון טאָג. דערפאר זומער, ווען דער טאָג איז 16 שעה לאנג, מיינט מען מיט „3 שעה״ אונזערע 4 שעה, א פערטל פון טאָג. די דאָזיקע שעה׳ן, וועלכע ווערן גערעכנט לויט 12־טעל פון טאָג, הייסן „שעות זמניות״, „צייט שעה׳ן״, דאָס הייסט זיי זייַנען אָבהענגיק פון דער צייט, פון דער לענג פון טאָג. הקורא, דער וואָס ליינט קריאת שמע שפּעטער פון דער דאָזיקער צייט, האָט ניט היזק געהאט, פונקט ווי איינער ליינט אין דער תורה. די משנה מיינט צו זאָגן, אז אויב איינער האָט ניט געליינט קריאת שמע אין דער פרי צו דער דערמאָנטער ריכטיקער צייט, קאָן ער ליינען קריאת שמע שפּעטער, און ער האָט כאָטש דעם מצוה־פארדינסט, וואָס ער ליינט עטליכע פרשיות אין חומש; ער דארף אויך זאָגן די ברכות פון קריאת שמע.

ג. בית שמאי, די בית שמאי זאָגן, אז אין אוונט זאָל יעדער מענטש זיך צו־לייגן און ליינען קריאת שמע, און אין דער פרי זאָל מען שטיין (ביים קריאת שמע ליינען), ווייל עס ווערט געזאָגט (אין חומש) „ווען דו לייגסט זיך און ווען דו שטייסט אויף״. די „בית שמאי״, דאָס הויז פון שמאי, און די בית „הלל״, דאָס הויז פון הלל, זענען געווען צוויי ישיבות פון תנאים, תלמידים און תלמידים פון תלמידים פון שמאי און הלל, דעם אב בית דין און דעם נשיא ביי יידן לערך 100 יאָר פאר דעם חורבן פון

**שנאמר „בשכבך ובקומך״. ובית הלל אומרים, כל אדם קורא כדרכו, שנאמר „ובלכתך בדרך״. אם כן למה נאמר „ובשכבך ובקומך״? בשעה שבני אדם שוכבין ובשעה שבני אדם עומדין. אמר ר׳ טרפון, אני הייתי בא בדרך והטיתי לקרות כדברי בית שמאי וסכנתי בעצמי מפני הלסטים. אמרו לו, כדי היית לחוב בעצמך, שעברת על דברי בית הלל.**

**ד. בשחר מברך שתים לפניה ואחת לאחריה, ובערב שתים לפניה**

---

2טן בית המקדש. עס איז פאראן א מיינונג, אז די בית שמאי און בית הלל האָבן עקזיסטירט אויך א קורצע צייט נאָכן חורבן בית המקדש. עס איז אָנגענומען, אז די הלכה בלייבט שטענדיק, ווי עס זאָגן די בית הלל. אין דער דאָזיקער משנה זאָגן די בית שמאי, אז מען דאַרף אײַנטײַטשן דעם פסוק אין חומש „ובשכבך ובקומך״, צו לייענען קריאת שמע „ווען דו לייגסט זיך און ווען דו שטייסט אויף״, גאַנץ ווערטליך, דהיינו, אז אין אוונט דאַרף מען ליגן ביים קריאת שמע לייענען, און אין דער פרי דאַרף מען שטיין.ובית הלל, און די בית הלל זאָגן, אז יעדער מענטש זאָל לייענען ווי זיין שטייגער, ווייל עס ווערט געזאָגט (אין חומש) „און ווען דו גייסט אין וועג״. די בית הלל האַלטן, אז מען מעג לייענען קריאת שמע אין וועלכן צושטאַנד מען איז, ביינאַכט אפילו ווען מען שטייט, און אין דער פרי אפילו ווען מען ליגט, און אפילו ווען מען גייט; און זיי ברענגען דערצו א באַווייז פון חומש, וואו עס ווערט געזאָגט, אז מען זאָל לייענען אויך „ובלכתך בדרך״, „און ווען דו גייסט אין וועג״.אם כן, אויב עס איז אזוי, פאַרוואָסשע זאָגט דער פסוק „ווען דו לייגסט זיך און ווען דו שטייסט אויף״? איז דער ענטפער דערויף, אז דאָס מיינט מען: בשעה, אין דער צייט ווען מענטשן לייגן זיך און אין דער צייט ווען מענטשן שטייען־אויף. די בית הלל זאָגן, אז מיט דעם „בשכבך ובקומך״ האָט דער חומש ניט געמיינט צו זאָגן דעם מענטש, ווי אזוי, אין וועלכער פּאָזיציע, ער דאַרף לייענען קריאת שמע, ליגנדיק צי שטייענדיק, נאָר ער האָט געמיינט אָנצווייזן די צייט, ווען מען דאַרף לייענען קריאת שמע; ניט כסדר א גאַנצע נאַכט און א גאַנצן טאָג, נאָר 2 מאָל אין מעת לעת: איינמאָל אין אוונט, ווען מענטשן לייגן זיך, און איינמאָל אין דער פרי, ווען מענטשן שטייען אויף.אמר, ר׳ טרפון האָט געזאָגט: איך בין אמאָל געגאַנגען אין וועג און האָב מיך צו־געלייגט צו לייענען קריאת שמע אזוי ווי די בית שמאי הייסן און איך האָב מיך געשטעלט אין געפאַר פון גזלנים. ר׳ טרפון איז געווען א תנא אין דער צייט פון חורבן פון 2טן בית המקדש און אויך אביסל שפּעטער, און ער דערציילט דאָ וועגן זיך, אז גייענדיק אין וועג האָט ער זיך אָבגעשטעלט און צוגעלייגט זיך כדי צו לייענען קריאת שמע אזוי ווי די בית שמאי הייסן טוען, און ער האָט דעריבער פאַרלוירן צייט און איז געווען אין געפאַר באַפאַלן צו ווערן דורך גזלנים. די משנה באַנוצט דאָ, און אויך אין א סך אנדערע ערטער, אַנשטאַט דאָס וואָרט „גזלנים״ דאָס גריכישע וואָרט „לעסטעס״, און פון דער „ס״ צום סוף וואָרט איז געוואָרן א „מ״ און אזוי ארום האָבן מיר דאָס וואָרט „ליסטים״. אמרו לו, האָבן זיי (די חכמים) געזאָגט צו ר׳ טרפון: דו ביזט ווערט געווען געשטעלט צו ווערן אין געפאַר, ווייל דו האָסט עובר געווען אויף די ווערטער פון די בית הלל. ווי מיר האָבן שוין געזאָגט, איז די הלכה אזוי ווי די בית הלל, און די חברים פון ר׳ טרפון האָבן געהאַלטן, אז אפילו ווען איינער וויל מחמיר זיין אויף זיך און פירן זיך ווי די בית שמאי זאָגן, טאָר ער אויך ניט.

ד. בשחר, אין דער פרי דאַרף מען זאָגן צוויי ברכות פאַר קריאת שמע און איין ברכה נאָך קריאת שמע. די צוויי ברכות אין דער פרי פאַר קריאת שמע זענען „יוצר אור״ און „אהבה רבה״, און די ברכה נאָך קריאת שמע איז „אמת ויציב״ מיט דער פאַרענדיגונג פון „גאל ישראל״; אזוי האָבן מיר עס אויך היינט אין סידור. ובערב, און אין אוונט זאָגט מען צוויי ברכות פאַר קריאת שמע און צוויי ברכות נאָך קריאת שמע. די צוויי ברכות פאַר קריאת שמע אין אוונט זענען „המעריב ערבים״ און „אהבת עולם״; און די צוויי ברכות נאָך קריאת שמע זענען „אמת ואמונה״ און „השכיבנו״. די

**ושתים לאחריה, אחת ארוכה ואחת קצרה. מקום שאמרו להאריך אינו רשאי לקצר, לקצר אינו רשאי להאריך, לחתום אינו רשאי שלא לחתום, שלא לחתום אינו רשאי לחתום.**

**ה. מזכירין יציאת מצרים בלילות. אָמר ר׳ אלעזר בן עזריה, הרי אני כבן שבעים שנה ולא זכיתי שתאמר יציאת מצרים בלילות, עד**

אלע הייסן „ברכות״ ווייל מען פארענדיקט זיי מיט „ברוך אתה ה׳״, „געבענטשט ביסטו גאָט״. אחת, איינע איז א לאנגע און איינע איז א קורצע. אויף די דאָזיקע ווערטער פון דער משנה זענען פאראן פארשידענע טייטשן ביי די מפרשים. רש״י טייטשט, אז דאָס מיינט מען די צוויי ברכות נאָך קריאת שמע אין אוונט, „אמת ואמונה״, וועלכע איז לאנג, און „השכיבנו״, וועלכע איז קורץ. דער טייטש פון רש״י איז דאכט זיך, דער אויסגעהאלטנסטער און עס איז פאראן אויף אים אמווייניקסטן קשיות און אזוי זעט אויס אויך אין ירושלמי. מקום, דאָרט, וואו זיי (די חכמים) האָבן געהייסן מאכן (די ברכה) לאנג טאָר מען ניט מאכן קורץ, און וואו זיי האָבן געהייסן מאכן קורץ טאָר מען ניט מאכן לאנג; וואו זיי האָבן געהייסן מאכן מיט א שליסונג טאָר מען ניט מאכן אָן א שלי־סונג, און וואו זיי האָבן געהייסן מאכן אָן א שליסונג טאָר מען ניט מאכן מיט א שליסונג. וועגן דעם וואָס הייסט מאכן א ברכה „לאנג״ אָדער „קורץ״ האָבן מיר שוין געזאָגט פריהער. אָבער דאָ זאָגט די משנה אויך וועגן „ברכות מיט א שליסונג״ און „ברכות אָן א שליסונג״. דער טייטש דערפון איז, אז עס זענען פאראן ברכות, וואָס הויבן זיך אָן מיט „ברוך אתה״, אָבער זיי שליסן זיך ניט מיט „ברוך אתה״. אזוי זענען דער גרעסטער טייל ברכות פון עסן; למשלביים עסן ברויט מאכט מען „ברוך אתה — המוציא לחם מן הארץ״, מען הויבט אָן מיט ברוך אָבער מען פארענדיקט ניט צום סוף מיט ברוך. דאָס הייסן „ברכות אָן שליסונג״. עס זענען אָבער פאראן ברכות, וועלכע הויבן זיך אָן מיט „ברוך אתה״ און מען שליסט זיי מיט „ברוך אתה״. למשל די ברכה „יוצר אור״ הויבט מען אָן מיט ברוך אתה ה׳ אלהינו מלך העולם יוצר אור״ און מען שליסט גאָר צום סוף מיט „ברוך אתה ה׳ יוצר המאורות״. דאָס הייסט „ברכות מיט א שליסונג״. די משנה לערנט, אז מען טאָר ניט מאכן קיינע ענדערונגען אין די ברכות, נאָר מען דארף זיי זאָגן אזוי ווי די חכמים האָבן זיי פעסטגעשטעלט.

ה. מזכירין, מען דארף דערמאָנען יציאת מצרים ביינאכט. עס איז דער דין, אז אין דער פרי, ביים ליינען קריאת שמע, דארף מען דערמאָנען, אז גאָט האָט ארויסגע־נומען די יידן פון מצרים, יציאת מצרים. דאָס דערמאָנט מען צוויי מאָל, איינמאָל אין דער דריטער פרשה פון קריאת שמע „ויאמר״, אין וועלכער עס זענען פאראן די ווערטער „אשר הוצאתי אתכם מארץ מצרים״, און אין „אמת ויציב״, וואו מען זאָגט „אמת, ממצרים גאלתנו״. אָבער וועגן דערמאָנען יציאת מצרים ביים ליינען קריאת שמע אין אוונט זענען געווען פארשידענע מיינונגען און פארשידענע מנהגים, און דער ירושלמי דערציילט, אז אין טייל ערטער האָט מען ביינאכט געזאָגט נאָר די ערשטע צוויי פרשיות פון קריאת שמע, און מען האָט ניט געזאָגט די פרשה פון „ויאמר״. דאָ זאָגט די משנה, אז מען דארף דערמאָנען יציאת מצרים ביינאכט. אָמר, ר׳ אלעזר בן עזריה האָט געזאָגט: איך בין שוין ווי איינער פון זיבציג יאָר און האָב ניט זוכה געווען, אַז מען זאָל זאָגן יציאת מצרים ביינאכט, ביז בן זומא האָט עס גערדשנט. ר׳ אלעזר בן עזריה איז געווען א תנא, א יונגערער חבר פון רבן גמליאל און ר׳ יהושע; ער איז געווען א גרויסער יחסן און אויך רייך, און ווען צווישן די חכמים און רבן גמליאל איז געווען א זייער שאַרפער סכסוך, האָט מען געמאכט ר׳ אלעזר בן עזריה פאר נשיא אויף רבן גמליאל׳ס אָרט, און כאָטש שפעטער האָט מען רבן גמליאל צוריק־געגעבן דאָס נשיאות, איז אָבער ר׳ אלעזר בן עזריה געבליבן דער מיט־פירער פון דער ישיבה. די גמרא אין בבלי ברכות כ״ח דערציילט, אז ער איז דעמאָלס געווען א יונגערמאן 18 יאָר אלט, און עס איז אים געשען א נס און עס איז אים אָנגעוואקסן

**שדרשה בן זומא, שנאמר „למען תזכור את יום צאתך מארץ מצרים כל ימי חייך", „ימי חייך"—הימים „כל ימי חייך"—הלילות; וחכמים אומרים, „ימי חייך" — העולם הזה, „כל ימי חייך" — להביא לימות המשיח.**

## פרק ב.

**א. היה קורא בתורה והגיע זמן המקרא, אם כיון לבו יצא, ואם לאו לא יצא. בפרקים שואל מפני הכבוד ומשיב, ובאמצע שואל מפני היראה ומשיב, דברי ר׳ מאיר; ר׳ יהודה אומר באמצע שואל מפני היראה ומשיב**

---

**א לאנגע גראָע באָרד, און דעריבער האָט ער געזאָגט, אז ער איז „ווי איינער וואָס איז שוין אלט 70 יאָר". ר׳ אלעזר בן עזריה דערציילט דאָ, אז דעם באַוויז פון חומש, אז מען דארף דערמאָנען יציאת מצרים ביינאכט, האָט געבראַכט דער תנא בן זומא, וועמעס נאָמען איז געווען שמעון בן זומא און ער האָט אויך געלעבט אין יענער צייט.** בן זומא׳ס באַוויז איז: שנאמר, עס ווערט געזאָגט (אין חומש), „כדי דו זאָלסט געדענקן דעם טאָג פון דיין ארויסגיין פון לאנד מצרים אלע טעג פון דיין לעבן", „טעג פון דיין לעבן" מיינט מען אין די טעג, „אלע טעג פון דיין לעבן") מיינט מען די נעכט. **בן זומא זאָגט, אז ווען אין חומש וואָלט געווען נאָר „ימי חייך", די טעג פון דיין לעבן, וואָלט עס געהייסן, אז נאָר בייטאָג דארף מען דערמאָנען יציאת מצרים, אָבער ווייל עס שטייט „כל ימי חייך", אלע טעג, מיינט דאָס וואָרט „כל" אויך די „גאנצע" טעג, און א „גאנצער" טאָג מיינט אין לשון קודש אויך ביינאכט.** וחכמים, אָבער די חכמים זאָגן: „די טעג פון דיין לעבן" מיינט מען די איצטיקע וועלט, „אלע טעג פון דיין לעבן" מיינט מען איינצושליסן אויך די צייטן פון משיח. **די חכמים, דאָס הייסט די מערהייט תנאים, האלטן ניט פון דער מיינונג, אז מען דארף דערמאָנען יציאת מצרים ביינאכט, און זיי טייטשן אין דעם פסוק „כל ימי חייך", אז מיטן וואָרט „כל" מיינט מען „אלע" טעג, דאָס הייסט, אז ניט נאָר אין דער איצטיקער צייט דארף מען דער־מאָנען דעם נס פון באפרייט ווערן פון מצרים, נאָר אויך ווען משיח וועט קומען און מען וועט האָבן באפרייט געוואָרן פון איצטיקן גלות, וועט מען נאָך אלץ דארפן דער־מאָנען די באפרייאונג פון דעם ערשטן גלות, פון מצרים.**

## פרק ב.

א. היה, אז איינער האָט געליינט אין דער תורה, און עס איז אָנגעקומען די צייט פון קריאת־שמע ליינען, אויב ער האָט מכוון געווען אין הארצן, האָט ער יוצא געווען; און אויב ניט, האָט ער ניט יוצא געווען. **די גמרא זאָגט, אז דאָ מיינט מען, ווען איינער ליינט אין ספר תורה די פרשה פון קריאת שמע סתם אזוי, ער קוקט זי אדורך צו זען, צי אין איר זענען ניטאָ קיין גרייזן, און דערווייל איז געוואָרן אין דער פרי די צייט צו ליינען קריאת שמע; איז דער דין, אז אויב ער האָט אינזינען ביי זיך אין הארצן, אז ער זאָל דערמיט יוצא זיין די מצוה פון קריאת שמע ליינען, איז ער יוצא. דאָס וואָרט „יוצא", „ער גייט ארויס", ווערט באנוצט אין דער משנה און דער גמרא, ווען מען וויל זאָגן וועגן איינעם, אז ער האָט מקיים געווען די מצוה, דערפילט זיין חוב צו טאָן עפּיס.** בפרקים, צווישן די טיילן מעג מען באגריסן פון כבוד וועגן און אָפּ־ענטפערן ווען יענער באגריסט, און אין דערמיט מעג מען באגריסן פאר מורא וועגן און אָפּענטפערן; אזוי זאָגט ר׳ מאיר. **ר׳ מאיר איז געווען א תנא, א תלמיד פון די תנאים ר׳ עקיבא און ר׳ ישמעאל, און די גמרא זאָגט, אז א סך סתם הלכות אין אונזער משנה זענען ר׳ מאיר׳ס. דאָ לערנט ער דעם דין צי מעג מען מפסיק זיין אין דערמיט, ווען מען האלט אין זאָגן די ברכות פון קריאת שמע, אָדער ווען מען זאָגט די פרשיות פון קריאת שמע. פארשטייט זיך, אז סתם מפסיק זיין, אויסרעדן סתם זאכן, טאָר מען זיכער ניט. די שאלה איז אָבער, אז ווען מען האלט אין זאָגן די ברכות אָדער די פרשיות פון קריאת־שמע און מען באמערקט, אז עס איז פארבייגעגאנגען אן אָנגע־**

**מפני הכבוד, בפרקים שואל מפני הכבוד ומשיב שלום לכל אדם:**
**ב. אלו הן בין הפרקים, בין ברכה ראשונה לשניה, בין שניה ל,,שמע״, בין ,,שמע״ ל,,והיה אם שמוע״, בין ,,והיה אם שמוע״ ל״ויאמר״, בין ,,ויאמר״ ל,,אמת ויציב״. ר׳ יהודה אומר, בין ,,ויאמר״ ל,,אמת ויציב״ לא יפסיק. אמר ר׳ יהושע בן קרחה, למה קדמה שמע**

זעענער מאן, וועמען מען דארף באגריסן, זאָגן צו אים ,,שלום!״ כדי אים אָפּצוגעבן כבוד. אָדער עס איז פארבייגעגאנגען א שטארקער מאן, פאר וועמען מען האָט מורא, און מען דארף אים אויך באגריסן. עס קאָן אויך זיין אן אנדערער פאַל, דהיינו, ווען דער דאָזיקער אָנגעזעענער מאן, צי שטארקער מאן, האָט גאָר באגריסט צוערשט דעם קריאת־שמע־לייענער, און מען דארף זיי דאריבער אָפּענטפערן און צוריקזאָגן זיי דעם ,,שלום!״ דערויף זאָגט ר׳ מאיר, אז אויב מען האלט ,,צווישן די טיילן״, דאָס הייסט צווישן איין ברכה און דער צווייטער אָדער צווישן איין פרשה פון קריאת שמע און דער צווייטער, איז די זאַך לייכטער, און מען מעג מפסיק זיין און באגריסן און אָפּענט־פערן אפילו ווען דער מאן איז נור אן אָנגעזעענער מאן און מען דארף אים נור אָפּגעבן כבוד, אָבער מורא פאר אים האָט מען ניט; ווי איז אָבער אז מען האלט אין ,,דער מיט״ פון דער ברכה אָדער אין ,,דער מיט״ פון דער פרשה, איז די זאַך הארבער, און מען מעג נור באגריסן און אָפּענטפערן א מאן, פאר וועמען מען האָט מורא; אָבער אן אָנ־געזעענעם מאן, כדי אָפּצוגעבן אים כבוד טאָן מען ניט באגריסן, און אוודאי ניט אָפּ־ענטפערן. ר׳ יהודה זאָגט, אז אין דער מיט מעג מען באגריסן פאר מורא און אָפּענט־פערן פאר כבוד, און צווישן די טיילן מעג מען באגריסן פאר כבוד און אָפּענטפערן יעדן מענטשן. אומעטום, וואו אין דער משנה איז פאראן סתם דער נאָמען ר׳ יהודה מיינט מען דעם תנא ר׳ יהודה בן אילעי, א חבר פון ר׳ מאיר. דאָ איז ר׳ יהודה מער מיקל, מאכט לייכטער דעם דין, און ער האלט, אז ווען מען האלט אין דער מיט פון דער ברכה אָדער פון דער פרשה מעג מען באגריסן דעם שטארקן מאן, פאר וועמען מען האָט מורא, און מען מעג אָפּענטפערן, אָבער ניט באגריסן, דעם אָנגעזעענעם מאן, כדי אים אָפּצוגעבן כבוד; דאגעגן ווען מען האלט ניט אין דער מיט, נאָר צווישן איין ברכה און דער צווייטער, אָדער צווישן איין פרשה און דער צווייטער, איז די זאַך נאָך לייכטער, און מען מעג אפילו באגריסן אן אָנגעזעענעם מאן, כדי אים אָפּצוגעבן כבוד, און אָפּענטפערן ,,שלום!״ מעג מען אפילו יעדן מענטש.

ב. אלו הן, און דאָס מיינט מען ,,צווישן די טיילן״: צווישן דער ערשטער ברכה און דער צווייטער, צווישן דער צווייטער ברכה און דער פרשה ,,שמע״, צווישן ,,שמע״ און ,,והיה אם שמע״, צווישן ,,והיה אם שמע״ און ,,ויאמר״, צווישן ,,ויאמר״ און אמת ויציב״. די משנה רעכנט דאָ אויס וואָס הייסט ,,צווישן די טיילן״, און זאָגט, אז דאָס מיינט מען ווען מען האָט שוין פארענדיקט איין ברכה פאר קריאת שמע, איי־דער מען גייט אָנהויבן די צווייטע ברכה; דאָס זעלבע איז אויך צווישן דער צווייטער ברכה און דער ערשטער פרשה פון קריאת שמע, און דאָסזעלבע איז אויך צווישן די פרשיות זעלבסט, אָדער אויך צווישן דער לעצטער פרשה פון קריאת שמע (,,ויאמר״) און דער ברכה נאָך קריאת שמע ,,אמת ויציב״, וועלכע הייסט א ברכה, ווייל מען פארענדיקט איר מיט ,,ברוך אתה ה׳ גאל ישראל״. ר׳ יהודה זאָגט, אז צווישן ,,ויאמר״ און ,,אמת ויציב״ זאָל מען ניט מפסיק זיין. ר׳ יהודה האלט, אז ווייל די לעצטע ווער־טער פון ויאמר זענען ,,אני ה׳ אלהיכם״, ,,איך בין אייער גאָט״, און דאָס ערשטע וואָרט פון ,,אמת ויציב״ איז ,,אמת״, טאָר מען צווישן די ווערטער ,,אלהיכם״ און ,,אמת״ ניט מפסיק זיין. די גמרא ברענגט דערצו דעם פסוק פון ירמיה י׳ ,,וה׳ אלהים אמת״. די מפרשים און די פוסקים (דער רמב״ם, דער רא״ש און אנדערע) זענען מחולק, צי מען מיינט דאָ, אז מען טאָר אינגאנצן ניט מפסיק זיין, אָדער אז עס האָט דעם דין ווי ,,אין דער מיט״ פון א פרשה. אמר, ר׳ יהושע בן קרחה האָט געזאָגט: פאר־

**ל„והיה אם שמוע״? אלא כדי שיקבל עליו עול מלכות שמים תחילה ואחר כך יקבל עליו עול מצות. „והיה אם שמוע״ ל„ויאמר״? ש„והיה אם שמוע״ נוהג ביום ובלילה, „ויאמר״ אינו נוהג אלא ביום.**

**ג. הקורא את שמע ולא השמיע לאזנו יצא, ר׳ יוסי אומר, לא יצא. קרא ולא דקדק באותיותיה, ר׳ יוסי אומר, יצא, ר׳ יהודה אומר, לא יצא. הקורא למפרע לא יצא. קרא וטעה, יחזור למקום שטעה.**

וואָס זאָגט מען פריער „שמע״ און דערנאָך „והיה אם שמע?״ דאָס איז כדי דער מענטש זאָל נעמען אויף זיך צוערשט דעם עול פון מלכות שמים און דערנאָך דעם עול פון מצוות. **ר׳ יהושע בן קרחה איז געווען א תנא, א חבר פון ר׳ מאיר און ר׳ יהודה, אָבער ער האָט מאריך ימים געווען און געלעבט אויך שפעטער פון זיי. די מיינונג פון טייל געלערנטע, אז ער איז געווען דער זון פון ר׳ עקיבא (וועלכער ווערט איינמאָל אָנגערופן „קרח״) איז ניט קיין ריכטיקע. ר׳ יהושע בן קרחה וויל ערקלערן דעם סדר פון די פרשיות, ווי אזוי מען זאָגט זיי אין קריאת שמע, פארוואָס מען זאָגט גראד „שמע״ פאר „והיה אם שמע״, און „והיה אם שמע״ פאר „ויאמר״, בפרט, אז מיר געפינען אין חומש „ויאמר״ פריער (אין חומש במדבר) און „שמע״ און „והיה אם שמע״ שפעטער (אין חומש דברים). ער זאָגט, אז אין דער פרשה „שמע ישראל״ נעמט מען אויף זיך דעם עול פון מלכות שמים, דאָס אנערקענען די געטליכקייט, אז גאָט („שמים״, דעד הימעל) איז דער איינציקער מלך, דער הערשער איבער דער וועלט, און מען זאָגט דעם „ה׳ אלהינו ה׳ אחד״. און נאָכדעם ווי מען האָט שוין אנערקענט די הערשאפט פון גאָט, זאָגט מען די פרשה פון „והיה אם שמע תשמעו אל מצותי״, „און אז איר וועט צוהערן און פאָלגן מיינע מצוות״, און מען נעמט אויף זיך דעם עול, די התחייבות מקיים צו זיין די מצוות.** והיה, פארוואָס זאָגט מען „והיה אם שמע״ פאר „ויאמר״? ווייל „והיה אם שמע״ איז גילטיק סיי בייטאָג און סיי ביינאכט, אָבער „ויאמר״ איז גילטיק נור בייטאָג. **דאָ דערקלערט ר׳ יהושע בן קרחה פארוואָס מען זאָגט די פרשה „והיה אם שמע״ פאר „ויאמר״, מיט דעם טעם, ווייל אין „ויאמר״ איז פאראן די מצוה פון ציצית, און דער דין איז, אז ציצית דארף מען טראָגן נאָר בייטאָג; ביינאכט איז מען פטור פון טראָגן ציצית. אזוי טייטשן כמעט אלע מפרשים די דאָזיקע משנה. אָבער דער „מלאכת שלמה״ און דער ווילנער גאון טייטשן, אז מען האָט ביינאכט ביים קריאת־שמע־ליינען אינגאנצן ניט געפלעגט זאָגן די פרשה פון „ויאמר״; מיר האָבן שוין געבראכט די דאָזיקע מיינונג, וועלכע געפינט אויך א שטארקע שטיצע אין ירושלמי.**

ג. הקורא, אז איינער ליינט קריאת שמע און זיינע אויערן הערן ניט וואָס ער זאָגט, איז ער יוצא. **די משנה מיינט דערמיט, אז מען דארף ניט דוקא זאָגן די ווערטער הויך, אז דער זאָגער זאָל הערן וואָס ער זאָגט; ס׳איז גענוג שטילערהייט.** ר׳ יוסי זאָגט, אז ער איז ניט יוצא. **אומעטום אין דער משנה, וואו עס איז פאראן סתם ר׳ יוסי מיינט מען דעם תנא ר׳ יוסי בן חלפתא, א חבר פון ר׳ מאיר און ר׳ יהודה. דאָ זאָגט ר׳ יוסי, אז קריאת שמע דארף מען ליינען גענוג הויך, אז מען זאָל כאָטש אליין הערן די ווערטער וואָס מען זאָגט.** קרא, אז איינער ליינט קריאת שמע און האָט ניט ריכטיק ארויסגעזאָגט די אותיות, זאָגט ר׳ יוסי, אז ער האָט יאָ יוצא געווען, ר׳ יהודה זאָגט, אז ער האָט ניט יוצא געווען. **די גמרא באמערקט דאָ, אז דאָס מיינט מען ניט נור, ווען מען זאָגט ניט ארויס ריכטיק גאנצע ווערטער, נאָר אפילו ווען מען שלינגט איין איינצלנע אותיות, ווען מען זאָגט צוזאמען די צוויי ווערטער „ואבדתם מהרה״ און איינע פון די „מים׳ס״, דער סוף פון „ואבדתם״ און דער אָנהויב פון „מהרה״ ווערן פארלוירן .דאָס איז אויך דער טעם, פארוואָס מען דריקט די „זיין״ פון „תזכרו״, כדי עס זאָל ניט קלינגען „תשכרו״.** הקורא, אז איינער ליינט קריאת שמע „צוריק״ איז ער ניט יוצא. **די משנה באנוצט דאָ פאר „צוריק״ דאָס וואָרט „למפרע״, און מיינט צו**

**ד. האומנין קורין בראש האילן או בראש הנדבך, מה שאינן רשאין לעשות כן בתפילה.**

**ה. חתן פטור מקריאת שמע בלילה הראשון עד מוצאי שבת אם לא עשה מעשה. מעשה ברבן גמליאל שקרא בלילה הראשון שנשא. אמרו לו תלמידיו, לא למדתנו רבנו שחתן פטור מקריאת שמע בלילה הראשון? אמר להם, איני שומע לכם לבטל ממני מלכות שמים אפילו שעה אחת.**

**ו. רחץ בלילה הראשון שמתה אשתו. אָמרו לו תלמידיו, לא למדתנו**

---

זאָגן, אז ווען איינער ליינט, למשל, דעם צווייטן פסוק פון שמע צוערשט און דערנאָך ליינט ער דעם ערשטן פסוק, איז ער ניט יוצא. קרא, אז איינער ליינט קריאת שמע און מאכט א גרייז, זאָל ער צוריק אָנהויבן ליינען פון דעם אָרט, וואו ער האָט געמאכט דעם גרייז. ער דאַרף ניט ווידער ליינען גאַנץ קריאת שמע פון אָנהויב אָן, נאָר עס איז גענוג ווען ער ליינט נאָכאַמאָל בלויז פון דעם אָרט פון גרייז.

ד. האומנין, בעלי מלאכות מעגן ליינען קריאת שמע ווען זיי זענען אויפן שפּיץ פון בוים אָדער אויף דעם שפּיץ פון א בוי־וואַנט, אָבער דאַווענען דאַרט טאָרן זיי ניט. כמעט אומעטום וואו די משנה באַנוצט דאָס וואָרט „תפילה", דאַווענען, מיינט מען דאַווענען שמונה עשרה. די משנה זאָגט דאָ, אז ווען בעלי מלאכות אַרבייטן אויף דעם שפּיץ פון א בוים, אָדער אויפ'ן שפּיץ פון א בוי־וואַנט, א רעשטאָוואַניע, מעגן זיי זאָגן קריאת שמע, אָבער דאַווענען דאָרט שמונה עשרה טאָרן זיי ניט, נאָר מוזן אַראָפּגיין פון דאָרט צום דאַווענען. מען דערקלערט עס דערמיט, וואָס ביים דאַווענען דאַרף מען האָבן מער כוונה, ווי ביי קריאת שמע, און ווען מען שטייט אויף אַזא אָרט, קאָן מען ניט איינזינען האָבן ריכטיק דאָס דאַווענען, ווייל מען מוז אכטונג געבן, אז מען זאָל ניט אַראָפּפאַלן. דאָס וואָרט „נדבך" אין דער משנה פאַר א „בוי־וואַנט" געפינט זיך אין תנך, אין עזרא ו׳, אין אַראַמעאישן טייל, וואו עס איז דער טייטש א „שורה", פון שטיינער אָדער האָלץ.

ה. חתן, א חתן איז פטור פון ליינען קריאת שמע די ערשטע נאכט, ביז שבת צונאַכטס, אויב ער האָט נאָך ניט געטאָן קיין טאַט. אין דער ערשטער משנה כתובות ווערט געזאָגט, אז אַמאָל פלעגן חתונות פון מיידלעך פאָרקומען מיטוואָך; די משנה זאָגט דאָ דעריבער, אז אין דער „ערשטער נאכט", דער נאכט פון דער חופּה, דאַרף דער חתן ניט ליינען קריאת שמע, ווייל זיין געדאַנק איז פאַרנומען צו פאַרקערן געשלעכטלאַך מיט זיין פרוי; אויב ער האָט אין דער חופּה נאכט „ניט געטאָן קיין טאַט", ניט פאַרקערט געשלעכטלאַך מיט זיין פרוי, איז ער פטור צו ליינען קריאת שמע אויך צומאָרגנס, דאָנערשטאָג ביינאַכט. און אַזוי כסדר איז ער פטור פון קריאת שמע, אויב ער האָט ניט פאַרקערט געשלעכטליך, ביז שבת־צונאַכטס. שפּעטער דאַרף ער שוין יאָ ליינען קריאת שמע, אפילו ער האָט נאָך גאָר ניט געטאָן, ווייל מען נעמט אָן, אז מער איז אים דער געדאַנק שוין ניט פאַרנומען. מעשה, עס האָט פּאַסירט מיט רבן גמליאל, אז ער האָט געליינט קריאת שמע אין דער ערשטער נאכט ווען ער האָט חתונה געהאַט. האָבן זיינע תלמידים אים געזאָגט: אונזער רבי, דו האָסט דאָך אונז געלערנט, אז א חתן דאַרף ניט ליינען קריאת שמע? האָט ער זיי אָפּגעענטפערט: איך וועל אייך ניט פאָלגן אַראָפּצונעמען פון זיך דעם מלכות שמים אפילו איין שעה. די משנה וויל דאָ לערנען, אז כאָטש א חתן איז פטור פון קריאת שמע, אָבער אויב דער חתן וויל יאָ ליינען קריאת שמע, מעג ער עס טאָן. די משנה באַנוצט דאָ פאַר קריאת שמע דעם אויסדרוק „מלכות שמים", די „קעניגליכע הערשאַפט פון הימעל", די געטליכע הערשאַפט, ווי מיר האָבן עס שוין דערקלערט פריער אין דער משנה ב׳.

ו. רחץ, ער (רבן גמליאל) האָט זיך געוואַשן אין דער ערשטער נאכט, ווען זיין פרוי איז געשטאָרבן. האָבן זיינע תלמידים צו אים געזאָגט: אונזער רבי, דו האָסט דאָך אונז געלערנט, אז אן אבל טאָר זיך ניט וואַשן? האָט ער זיי אָפּגעענטפערט:

רבנו, שאבל אסור לרחוץ? אמר להם, איני כשאר כל אדם, אסטניס אני.

ז. וכשמת טבי עבדו קבל עליו תנחומין. אמרו לו תלמידיו, לא למדתנו רבנו שאין מקבלין תנחומין על העבדים? אמר להם, אין טבי עבדי כשאר כל העבדים, כשר היה.

ח. חתן אם רצה לקרות שמע בלילה הראשון קורא. רבן שמעון בן גמליאל אומר, לא כל הרוצה ליטול את השם יטול.

---

איך בין ניט גלייך צו אנדערע מענטשן, איך בין א מפונק. די גמרא דערקלערט עס דערמיט, וואָס רבן גמליאל האלט, אז דער איסור ניט צו וואשן זיך פאר אן אבל אין דער נאכט נאָך דעם טאָג, ווען זיין נאָנטער קרוב איז געשטאָרבן, איז ניט „מדאורייתא״, אן איסור פון דער תורה, נאָר „מדרבנן״, די רבנן האָבן עס איינגעפירט; און פאר א מפונק, וועלכער קאָן ניט פארטראָגן ניט זייענדיק געוואשן, האָבן די רבנן דעם איסור ניט געמאכט. די משנה באנוצט דאָ אנשטאָט „מפונק״ שטארק־עמפינדליכן מענטש, דאָס וואָרט „אסטניס״, און טייל מפרשים (דער רמבם, ברטנורא און תוספות יום טוב) ווילן האָבן, אז דאָס איז פון העברעאישן וואָרט „צנה״, קאלט, צוגעקילט. אָבער ר׳ בנימין מוספיא אין „מוסף הערוך״ האָט נאָכגעוויזן, אז דאָס איז דאָסזעלבע וואָרט וואָס „אסתניס״ (מיט א תיו), וואָס איז פאראַן אין א סך ערטער אין דער גמרא (סוטה י״א און אנדערע ערטער) און דאָס איז דאָס גריכישע וואָרט „אסטענעס״, „שוואכער מענטש״, און ווערט אין דער גמרא באנוצט אנשטאָט מפונק.

ז. וכשמת, און ווען זיין (רבן גמליאל׳ס) שקלאַף, טבי, איז געשטאָרבן, האָט ער זיך געלאָזט מנחם אבל זיין, האָבן זיינע תלמידים צו אים געזאָגט: אונזער רבי, דו האָסט דאָך אונז געלערנט, אז מען לאָזט זיך ניט מנחם אבל זיין אויף א שקלאַף? האָט ער זיי אָפּגעענטפערט: טבי מיין שקלאַף איז ניט געווען גלייך צו אנדערע שקלאַפן, ער איז געווען א ערליכער. וועגן טבי דעם שקלאַף פון רבן גמליאל, געפינען מיר אויך אין דער משנה סוכה, אז כאָטש ער איז דאָך פּטור געווען, אלס שקלאַף, פון גע־וויסע מצוות, איז ער געווען א תלמיד חכם; די משנה דאָ באנוצט זיך מיטן וואָרט „כשר״ צו באצייכנען א ערליכן, אָבגעהיטענעם אין רעליגיעזע זאכן. די לעצטע צוויי סיפּורים וועגן רבן גמליאל (וועגן זיין וואשן זיך נאָך דער פרוי׳ס טויט און לאָזן זיך מנחם אבל זיין אויף זיין קנעכט) ווערן דאָ דערציילט צוליב דעם ערשטן סיפּור וועגן זיין ליינען קריאת שמע אין דער נאכט פון דער חופּה; די אלע דריי סיפּורים זענען ענליך צו זיך דערמיט, וואָס רבן גמליאל האָט געטאָן אנדערש ווי ער האָט אליין גע־לערנט, און אויף דער פראגע פון זיינע תלמידים האָט ער זיי געגעבן די נויטיקע דער־קלערונג.

ח. חתן, אויב א חתן וויל ליינען קריאת שמע אין דער ערשטער נאכט (חופּה־נאכט) מעג ער ליינען. רבן שמעון בן גמליאל זאָגט, אז ניט יעדער וואָס וויל זיך נעמען דעם נאָמען (פון אן אָנגעזעענעם מאַן), מעג עס נעמען. אייגנטליך לערנט דאָ די משנה דאָסזעלבע, וואָס רבן גמליאל האָט געזאָגט צו זיינע תלמידים פריער אין דער משנה ה׳, אז כאָטש א חתן איז ניט מחויב צו ליינען קריאת שמע, אָבער אויב ער וויל מעג ער. רבן שמעון בן גמליאל זאָגט אָבער, אז ניט יעדער חתן מעג עס טאָן, און נאָר אזא איינער וואָס האָט א „נאָמען״, איז א שטרענגער מדקדק אין מצוות, מעג ליינען קריאת שמע. עס זענען געווען צוויי תנאים מיטן נאָמען רבן שמעון בן גמליאל, איינער איז געווען דער פאָטער פון רבן גמליאל פון יבנה, און איינער איז געווען דער זון פון דעמזעלבן רבן גמליאל. עס איז אָנצונעמען, אז דאָ מיינט מען דעם זון, וועלכער האָט אזוי ארום דערקלערט דעם זין פון זיין פאָטערס ענטפער צו די תלמידים.

## פרק ג.

**א. מי שמתו מוטל לפניו פטור מקריאת שמע ומן התפילה ומן התפילין. נושאי המטה וחלופיהן וחלופי חלופיהן, את שלפני המטה ואת שלאחר המטה, את שלמטה צורך בהן פטורין ואת שאין למטה צורך בהן חייבין. אלו ואלו פטורין מן התפילה.**

**ב. קברו את המת וחזרו, אם יכולין להתחיל ולגמור עד שלא יגיעו לשורה, יתחילו, ואם לאו לא יתחילו. העומדים בשורה, הפנימים פטורין**

---

## פרק ג.

א. מי, איינער, וואָס זיין מת ליגט פאַר אים, איז פטור פון לייגען קריאת שמע און פון דאַווענען און פון טראָגן תפילין. **די מצוה צו ברענגען א מת צו קבורה ווערט באַטראַכט אלס זייער גרויס, און די משנה זאָגט דאָ, אז אויב ביי איינעם איז געשטאָרבן זיינס א נאָנטער קרוב, אויף וועלכן ער דאַרף טרויערן, זיין אן אבל, און עס איז זיין חוב צו ברענגען דעם מת צו קבורה, איז כל זמן די קבורה איז ניט פאָרגעקומען און דער מת „ליגט פאַר אים", איז דער קרוב־אבל פטור פון לייענען קריאת שמע און פון דאַווענען און פון טראָגן תפילין. דער טעם דערפון איז, כדי ער זאָל זיין גאַנצן געדאַנק אָפּגעבן דורכצופירן די קבורה. אין דער משנה, וואָס איז פאַראַן אין דער גמרא, זענען דאָ אויך צוגעגעבן די ווערטער „ומכל המצוות האמורות בתורה", דאָס הייסט, אז דער קרוב־אבל איז באַפרייט אויך פון אלע אַנדערע מצוות פון דער תורה.** נושאי, די מענטשן, וועלכע טראָגן די מיטה (פון מת) און אויך די מענטשן, וועלכע פאַרטרעטן זיי (צום טראָגן די מיטה), און אויך די פאַרטרעטער פון די פאַרטרעטער, סיי די מענטשן, וועלכע גייען פאַר דער מיטה, סיי די וועלכע גייען נאָך דער מיטה, איז די מענטשן, וועלכע זענען נויטיק צו דער מיטה, זענען פטור (פון קריאת שמע), און די וועלכע זענען ניט נויטיק צו דער מיטה, זענען מחויב. **דעם מת האָט מען געטראָגן צום קבר אויף א בעט, א „מיטה", און אויף דעם וועג האָבן זיך די מיטה־טרעגער גע־טוישט, און די מיטה איז איבערגענומען געוואָרן דורך אַנדערע מענטשן צום טראָגן. די משנה זאָגט, אז יעדער איינער, — ניט דוקא דער קרוב־אבל, — וועלכער ברענגט דירעקטן נוצן צו דער קבורה, למשל, די וועלכע נעמען די מיטה מיט דעם מת צום טראָגן, און אויך זייערע פאַרטרעטער, זענען זיי אלע פטור פון לייענען קריאת שמע. ווייל זיי זענען אלע פאַרנומען מיט דער מצוה פון קבורה. דעריבער זאָגט די משנה, אַז עס איז ניט קיין אונטערשיד צי די מענטשן גייען פאַר דער מיטה, צי נאָך דער מיטה; קוים דאַרף מען זיי האָבן צום טראָגן, זענען זיי פטור. אָבער אויב מען דאַרף זיי ניט האָבן צום טראָגן די מיטה, כאָטש זיי זענען מלווה דעם מת, דאַרפן זיי יאָ לייענען קריאת שמע.** אלו, אָבער סיי די און סיי יענע זענען פטור פון דאַווענען. **עס איז שוין געזאָגט געוואָרן אין די פירושים צו די פריערדיקע דינים פון דער משנה, אז צום דאַווו־נען ווערט פאַרלאַנגט מער כוונה ווי צו קריאת שמע. דעריבער זאָגט דאָ די משנה, אז אלע מענטשן, וועלכע באַגלייטן דעם מת צו דער קבורה, אפילו די, וואָס זענען ניט נויטיק צום טראָגן די מיטה, זענען פטור פון דאַווענען; ווייל באַגלייטנדיק דעם מת קאָ־נען זיי ניט אָבגעבן דעם געדאַנק גוט צום דאַווענען. לויט איין פירוש איז עס דערפאַר, וואָס דאַווענען איז (לויט טייל מיינונגען) ניט „מדאורייתא", און דעריבער האָט מען דערביי מיקל געווען.**

ב. קברו, נאָכדעם ווי מען האָט קובר געווען דעם מת און די מענטשן זענען צוריקגעגאַנגען, אויב זיי קאָנען אָנהויבן און פאַרענדיגן (לייענען קריאת שמע) איידער זיי קומען צו דער שורה, זאָלן זיי אָנהויבן, און אויב ניט, זאָלן זיי ניט אָנהייבן. **עס איז דער מנהג, אז ווען די באַגלייטער פון א לויה גייען צוריק נאָכדעם ווי מען האָט שוין קובר געווען דעם מת, שטעלן זיי זיך אויס אין א שורה, און די קרובים־אבלים גייען פאַרביי דער שורה, און די באַגלייטער זענען זיי מנחם אבל און זאָגן צו**

**והחיצונים חייבין.**

**ג. נשים ועבדים וקטנים פטורין מקריאת שמע ומן התפילין, וחייבין בתפילה ובמזוזה ובברכת המזון.**

**ד. בעל קרי מהרהר בלבו ואינו מברך לא לפניה ולא לאחריה,**

זיי „המקום ינחם", „גאָט זאָל אייך טרייסטן". די משנה זאָגט, אז דאָס שטעלן זיך אין דער שורה מנחם־אבל־צו־זיין איז אזא גרויסע מצוה, אז נאָר ווען מען ווייסט, אז מען וועט קאָנען פארענדיגן דאָס ליינען קריאת שמע איידער מען וועט זיך שטעלן אין דער שורה, זאָל מען אָנהויבן קריאת שמע, און אויב ניט זאָל מען ניט אָנהויבן. העומדים, די מענטשן, וועלכע שטייען אין דער שורה, איז די וואָס שטייען אינווייניק זענען פטור פון קריאת שמע, און די וואָס שטייען אין דרויסן (פון דער שורה) זענען מחויב. מיט „אינווייניק" מיינט מען דאָ די וועלכע שטייען אין דער שורה, פאר וועלכער די אבלים גייען פארביי; מיט „אין דרויסן" מיינט מען די מענטשן, וועלכע שטייען הינטער דער ערשטער שורה, און פאר זיי גייט דעריבער דער אבל ניט פארביי דירעקט, און זיי געהערן ניט צו די שורה־אנטיילנעמער, און דעריבער זענען זיי מחויב צו ליינען קריאת שמע.

ג. נשים, פרויען און שקלאפן און קליינע (קינדער) זענען פטור פון קריאת שמע און פון תפילין; די געבאָטן פון דער תורה ווערן צעטיילט אין מצוות „לא תעשה" „מען זאָל ניט טאָן", ווי למשל, מען זאָל ניט עסן טריפות, מען זאָל ניט ארבייטן אום שבת, און אין מצוות „עשה", מען זאָל יאָ טאָן, ווי למשל, מען זאָל לייגן תפילין, מען זאָל הערן ראש השנה שופר בלאָזן. די „לא תעשה'ס" מוזן אלע מקיים זיין, אלץ איינס פרויען צי מענער. די מצוות „עשה'ס" זענען פאראן טייל אזעלכע, פון וועלכע פרויען זענען פטור. דאָס זענען דער עיקר די „מצוות עשה שהזמן גרמא", די „עשה'ס" וועלכע מען דארף מקיים זיין ניט שטענדיק, נאָר אין א געוויסער צייט, למשל, לייגן תפילין, וואָס מען דארף טאָן נאָר בייטאָג און ניט ביינאכט און אויך ניט אום שבת און יום טוב, אזעלכע דארפן געטאָן ווערן נאָר דורך מענער, אָבער פרויען זענען פטור פון זיי. א שקלאַף, דאָס הייסט א גוי, וואָס איז פארקויפט געוואָרן אלס קנעכט צו א ייד און דער גוי האָט זיך דערביי אין א געוויסער מאָס מגייר געווען (זיך געלאָזט מל־זיין און טובל־זיין), האָט בנוגע די מצוות עשה'ס דעם דין ווי א פרוי און דארף מקיים זיין נאָר יענע, וועלכע פרויען דאַרפן מקיים זיין. וואָס אנבאַלאַנגט קליינע קינ־דער (און עס איז, געוויינליך אָנגענומען, אז דאָס מיינט מען יונגלעך פאר 13 יאָר מיט א טאָג, און מיידלעך פאר 12 יאָר מיט א טאָג), זענען זיי אייגענטליך פטור כמעט פון אלע מצוות, נאָר כדי מען זאָל זיי ביסלעכווייז „מחנך זיין", דערציהען, אז זיי זאָלן שפּעטער וויסן, וואָס זיי דארפן טאָן און וואָס ניט, לערנט מען זיי געוויסע מצוות יאָ צו טאָן. די משנה זאָגט דאָ, אז פרויען, שקלאפן זענען פטור פון קריאת שמע און פון תפילין, ווייל זיי זענען „זמן גרמא"; קריאת שמע ליינט מען נאָר 2 מאָל אין טאָג, און תפילין נאָר בייטאָג און נאָר אין דער וואָכנס. קליינע קינדער זענען פטור פון קריאת שמע, ווייל געוויינליך אין דער צייט פון קריאת שמע שלאָפן זיי נאָך, און זענען פטור פון תפילין, ווייל מען דארף טראָגן תפילין נאָר אויף א ריינעם קערפּער און קליינע קינדער זענען ניט געווענט פּאַרזיכטיק צו האַלטן זייער קערפּער ריין. וחייבין, אָבער זיי זענען מחויב צו דאַווענען, צו האָבן א מזוזה און צו בענטשן נאָכן עסן. די גמרא זאָגט, אז כאָטש מען דאַוונט דאָך נאָר 3 מאָל אין טאָג, הייסט דאָך עס „זמן גרמא", אָבער דאַוונען הייסט „רחמים", „בעטן צו גאָט", און יעדער דארף בעטן צו גאָט. ווידער מזוזה און בענטשן דארף מען שטענדיק, ווען מען האָט א וואוינונג, און ווען מען עסט.

ד. בעל קרי, א בעל קרי זאָל אינזינען האָבן (קריאת שמע) אין הארצן, און זאָל ניט מאכן די ברכות ניט פריער און ניט דערנאָך. מיטן „בעל קרי", וואָס שטאמט

**ועל המזון מברך לאחריו ואינו מברך לפניו. ר׳ יהודה אומר, מברך לפניהם ולאחריהם.**

**ה. היה עומד בתפילה ונזכר שהוא בעל קרי לא יפסיק, אלא יקצר. ירד לטבול, אם יכול לעלות ולהתכסות ולקרות עד שלא תנץ החמה יעלה ויתכסה ויקרא, ואם לאו, יתכסה במים ויקרא, אבל לא יתכסה לא במים הרעים ולא במי המשרה עד שיטיל לתוכן מים. וכמה ירחיק מהן**

פון ווארט „קרה״ „טרעפן״, ווערט אנגערופן איינער וואס האט פארקערט גע־שלעכטליך מיט א פרוי, אדער ביי וועמען די זרע איז ארויס פון זיך, פאלוציע. די גמרא זאגט, אז מדאורייתא, לויטן דין פון דער תורה, מעג א בעל קרי לערנען, דאוו־נען, זאגן קריאת שמע, נאר עזרא הסופר (אין ארץ ישראל נאכדעם ווי יידן האבן זיך צוריקגעקערט פון גלות בבל) האט מתקן געווען, אז א בעל קרי איידער ער לערנט תורה זאל ער זיך פריער טובל זיין. אין דער צייט פון דער משנה איז די דאזיקע תקנה נאך געווען אנגענומען ביי א סך יידן (שפעטער האט מען די תקנה אינ־גאנצן אפגעשאפט). די משנה זאגט דא, אז א בעל קרי מעג נאר אין זינען האבן די ווערטער פון קריאת שמע, אבער ארויסזאגן זיי מיטן מויל טאר ער ניט; דאגעגן די ברכות וואס מען זאגט פאר קריאת שמע און דערנאך (יוצר אור, אהבה רבה, אמת ויציב) טאר ער אפילו ניט אין זינען האבן. ועל המזון, און ביים עסן מעג ער (דער בעל קרי) בענטשן דערנאך (נאכן עסן) אבער ניט מאכן די ברכה פריער. די גמרא דערקלערט עס, ווייל בענטשן דערנאך איז מען מחויב מדאורייתא, פון דער תורה (צוליב דעם פסוק „ואכלת ושבעת וברכת״, דו וועסט עסן און זאט ווערן און בענטשן), דעריבער קאן די תקנה פון עזרא דאס ניט מבטל מאכן; אבער מאכן א ברכה פאר דעם עסן איז ניט מדאורייתא, נאר די חכמים האבן עס שפעטער מתקן געווען. ר׳ יהודה זאגט, אז ער (דער בעל קרי) מעג מאכן די ברכות, סיי פריער און סיי שפעטער. פון דער גמרא איז צו זען, אז ר׳ יהודה האט געהערט צו די, וואס האבן אנדערע געהייסן מ׳קל זיין אין דער תקנה פון עזרא, און ער האט געהאלטן, אז א טייל זאכן, כאטש זיי זענען ענליך צו דברי תורה, מעג א בעל קרי יא זאגן.

ה. היה, אז איינער האט געהאלטן אין מיטן דאווענען און ער האט זיך דערמאנט, אז ער איז א בעל קרי, זאל ער ניט איבעררייסן דאס דאווענען, נאר ער זאל מקצר זיין. מיר האבן שוין געזאגט, אז אומעטום אין דער משנה, וואו עס איז פאראן דאס ווארט „דאווענען״, תפילה, מיינט מען, געוויינליך, די שמונה עשרה. רש״י טייטשט דא דאס ווארט „מקצר זיין״ ניט, אז ער זאל זאגן ווינציקער ברכות, נאר אז ער זאל פאר־קירצן יעדע ברכה. ירד, אז איינער איז אראפגעגאנגען (אין וואסער) זיך טובל צו זיין (און עס איז געווארן טאג), איז אויב ער קאן ארויסגיין (פון וואסער) און זיך צו־דעקן און ליינען קריאת שמע איידער די זון שפראצט־אויף, זאל ער ארויסגיין און זיך צו־דעקן און ליינען. אין דער משנה פריער, פרק א׳ משנה ב׳, ווערט געלערנט אין מיי־נונג, אז קריאת שמע אין דער פרי מעג מען ליינען נאר ביז דער צייט ווען די זון „שפראצט־אויף״, הנץ החמה; דאס הייסט, ווען מען זעט שוין די זון אויף די שפיצן־בערג. דא לערנט די משנה, אז מען טאר ניט ליינען קריאת שמע, ווען מען איז נאקעט, און דעריבער, ווען איינער איז אין וואסער נאקעט און ער קאן ארויסגיין און זיך צודעקן און ליינען איידער די זון שפראצט־אויף זאל ער עס טאן. ואם לאו, און אויב ער קאן עס ניט, זאל ער זיך ארומדעקן מיט וואסער און ליינען. דער טייטש איז, אז בדיעבד איז גענוג אויך, ווען דער קערפער פון מענטש איז איינגעהילט אין וואסער, און דאס הייסט שוין אז ער איז ניט נאקעט. אבל, אבער מען זאל זיך ניט באדעקן מיט שלעכטע וואסער און ניט מיט וואסער, אין וועלכע מען האט געווייקט פעל, אזוי לאנג ווי מען גיסט ניט אריין אין זיי גוטע וואסער. רש״י טייטשט „שלעכטע וואסער״, „מים רעים״, אז דאס מיינט מען שטינקנדיקע וואסער, און אויך די וואסער פון געווייקטע פעל זענען

**ומן הצואה? ארבע אמות.**

**ו. זב שראה קרי ונדה שפלטה שכבת זרע והמשמשת שראתה נדה צריכין טבילה, ור׳ יהודה פוטר.**

## פרק ד.

**א. תפילת השחר עד חצות, ר׳ יהודה אומר, עד ארבע שעות. תפילת**

---

שטינקענדיק. דער זין פון דער משנה איז, אז הייליקע ווערטער, ווי לערנען תורה, קריאת שמע, דאווענען, דארפן זיין בטהרה, מיט ריינקייט, צוליב דעם כבוד צו גאָט. וכמה, און ווי ווייט דארף מען זיך דערווייטערן פון די און פון צואה? פיר איילן. אויב מען איז ווייט פיר איילן פון די אלע שטינקנדיקע וואסערן, אָדער פון צואה, פון מענשליכן שטולגאנג־אָפּפאַל, מעג מען שוין יאָ ליינען קריאת שמע.

ו. זב, א זב, וואָס עס האָט זיך ביי אים באוויזן קרי, און א נידה, וואָס די זרע איז ארויסגעקומען פון איר, און א פרוי, וואָס האָט געהאט געשלעכטליכן פארקער און זי איז געוואָרן א נידה, דארפן זיך טובל זיין; ר׳ יהודה זאָגט, אז זיי דארפן ניט. די משנה באריִרט דאָ אזא פראגע: ווי מיר האָבן שוין געלערנט פריער דארף א בעל קרי, פון וועמענס קערפער עס איז ארויסגעגאנגען זרע, זיך טובל זיין כדי צו לערנען תורה אָדער זאָגן קריאת שמע. ווי איז אָבער אין פאל, אז דער דאָזיקער בעל קרי איז סיי־ווי טמא צוליב אן אנדערער זאך, ווי למשל ער איז א זב (עס רינט פון אים א קרענקליכער אויספלוס), אָדער עס איז גאָר א פרוי, וועלכע איז א נידה (אין איר מענסטרואציע־צייט) און זי איז טמא, און די דאָזיקע פרוי איז אויך א בעלת קרי, למשל, זי האָט פריער געהאט געשלעכטליכן פארקער, אָדער עס איז פון איר ארויס די זרע? זאָגט די משנה, אז כאָטש דאָס טובל זיין זיך העלפט דאָך ניט דעם זב אָדער דער נידה זיך ריין־צו־מאכן, פונדעסטוועגן דארפן זיי זיך טובל זיין צוליב דער קרי, כדי זיי זאָלן קאָנען זאָגן הייליקע ווערטער. ר׳ יהודה אָבער זאָגט, אז זיי דארפן ניט.

## פרק ד.

דער דאָזיקער פרק לערנט די דינים פון דאווענען. מיר האָבן שוין געזאָגט, אז אומעטום אין דער משנה, וואו עס ווערט דערמאָנט דאָס וואָרט „דאווענען", „תפילה", מיינט מען געווייגליך (מיט קליינע אויסנאמען), דאָס זאָגן „שמונה עשרה". אין וואָכן־טעג דאוונט מען דריי מאָל אין טאָג: אין דער פרי „שחרית", פארנאכט „מנחה" און ביינאכט מעריב; אים שבת, יום טוב, ראש חודש, ווען מען האָט אין בית המקדש מקריב געווען דעם קרבן מוסף, דאוונט מען אויך א פירטע תפילה „מוסף". אים שבת און יום טוב שחרית און אויך יעדן מוסף איז די צאָל ברכות אין שמונה עשרה פארקלענערט.

א. תפלת השחר, דאווענען די תפילה פון שחרית מעג מען ביז האלבן טאָג, ר׳ יהודה זאָגט, ביז פיר שעה (פון טאָג). די ערשטע משנה פון דאָזיקן פרק באהאנדלט די פראגע וועגן דער צייט ווען מען דארף דאווענען שחרית, מנחה, מעריב און מוסף. די סתם משנה האלט, אז שחרית קאָן מען דאווענען אין דער פרי ביז דעם האלבן טאָג. פאר דעם וואָרט „האלבן טאָג" באנוצט די משנה דאָס וואָרט „חצות" (האלב), פונקט ווי פאר „האלבע נאכט" ווערט אויך באנוצט דאָס וואָרט „חצות". ר׳ יהודה זאָגט, אז נור ביז 4 שעה פון טאָג. מיר האָבן שוין פריער אין פרק א׳ משנה ב׳ געזאָגט, אז אומעטום וואו עס איז פאראן אין דער משנה „שעה" מיינט מען ניט אונזער „זייגער־שעה", 60 מינוט, נאָר מען מיינט א 12טל פון טאָג, און 4 שעה הייסט א דריטל פון טאָג. די גמרא דערקלערט, אז די תפילות זענען קייגן די קרבנות, וואָס מען האָט מקריב געווען אין בית המקדש, און די תפילה שחרית איז קייגן דעם קרבן תמיד אין דער פרי, וואָס מען האָט געבראכט יעדן טאָג אין בית המקדש. די סתם משנה האלט, אז מען האָט דעם קרבן תמיד אין דער פרי געקאָנט מקריב זיין ביז האלבן טאָג, און דעריבער קאָן מען דאווענען שחרית אויך ביז האלבן טאָג; ר׳ יהודה אָבער

**המנחה עד הערב, ר׳ יהודה אומר, עד פלג המנחה. תפילת הערב אין לה קבע, ושל מוספין כל היום. ר׳ יהודה אומר, עד שבע שעות.**

**ב. ר׳ נחוניה בן הקנה היה מתפלל בכניסתו לבית המדרש וביציאתו תפילה קצרה. אָמרו לו, מה מקום לתפילה זו? אָמר להם, בכניסתי אני מתפלל שלא תארע תקלה על ידי וביציאתי אני נותן הודיה על חלקי.**

**ג. רבן גמליאל אומר, בכל יום אדם מתפלל שמונה עשרה, ר׳ יהושע**

---

האלט, אז דעם קרבן תמיד האָט מען מקריב געווען נאָר ביז א דריטל טאָג, און דע־ריבער איז די צייט פון תפילתשחרית אויך נאָר ביז א דריטל פון טאָג. תפילת המנחה, די צייט צו דאוונען מנחה איז ביז אוונט; ר׳ יהודה זאָגט ביז דער העלפט פון דער מנחה־צייט. די תפלה פון מנחה איז קעגן דעם קרבן תמיד, וואָס מען האָט מקריב גע־ווען פאַרנאַכט (בין הערביים), ווייל איז בית המקדש האָט מען מקריב געווען צוויי מאָל אין טאָג דעם קרבן תמיד, איינעם אין דער פרי און איינעם פאַרנאַכט; מען האָט דעם פאַרנאַכטיקן תמיד געקאָנט בדיעבד מקריב זיין ביז אוונט, און דעריבער קאָן מען מנחה אויך דאוונען ביז אוונט; ר׳ יהודה אָבער האַלט, אז ווייל לכתחילה האָט מען געדאַרפן דעם פאַרנאַכט־תמיד מקריב זיין אביסל פריער, דעריבער איז די צייט פון דאווענען מנחה נור ביז דער „העלפט פון מנחה־צייט״, „פלג המנחה״. די גמרא ברענגט א ברייתא, אז ר׳ יהודה אליין דערקלערט, וואָס מען מיינט מיט דעם דאָזיקן „העלפט מנחה״, דהיינו, ביז איינס און א פירטעל שעה פאַר אוונט (ווי מיר האָבן שוין געזאָגט הייסט א „שעה״ א 12טל פון טאָג). תפלת הערב, דאָס דאווענען מעריב איז ניט פעסטגע־שטעלט. מען מעג דאווענען מעריב א גאַנצע נאכט, ווייל מעריב־דאווענען איז קעגן דעם פאַרברענען די קרבנות אויפן מזבח אין בית המקדש, און דאָס איז פאַרגעקומען א גאַנצע נאַכט. ושל מוספין, און די צייט פון דאווענען מוסף איז א גאַנצן טאָג; ר׳ יהודה זאָגט, אז נור ביז 7 שעה פון טאָג. דעם קרבן מוסף אין בית המקדש האָט מען געמעגט מקריב זיין בדיעבד א גאַנצן טאָג, און דעריבער איז אויך די צייט פון דאווענען מוסף א גאַנצן טאָג; ר׳ יהודה האַלט, אז ווייל לכתחילה האָט מען מקריב געווען דעם קרבן מוסף ביז 7 שעה, פון טאָג, דאַרף דאָס דאווענען מוסף אויך פאָרקומען נור ביז 7 שעה. אין טייל משניות פעלט דער גאַנצער זאַץ פון „ר׳ יהודה זאָגט, אז נור ביז 7 שעה״.

ב. ר׳ נחוניה בן הקנה פלעגט מתפלל זיין, ביים אריינגיין אין בית המדרש און ביים ארויסגיין פון דאָרט, א קורץ געבעט. האָט מען אים געפרעגט: וואָס איז דאָס דאָ־זיקע געבעט? האָט ער געענטפערט: ביים אריינגיין בעט איך, אז עס זאָל דורך מיך ניט טרעפן קיין מכשול, און ביים ארויסגיין גיב איך אָפּ א דאנק פאַר מיין טייל (אין לערנען). ר׳ נחוניה בן הקנה איז געווען פון די ערשטע תנאים; ער האָט געלעבט לערך אין דער צייט פון 2טן חורבן בית המקדש; שפּעטער האָט מען געזאָגט וועגן אים, אז ער האָט מחבר געווען דאָס קבלה ספר „הקנה״. די משנה דערציילט דאָ, אז ער פלעגט בעטן גאָט ביים אריינגיין אין בית המדרש צום לערנען, אז ער זאָל לערנען ריכטיק און אז עס זאָל ניט פאָרקומען דורך אים קיין מכשול ביים פסקענען א הלכה; ביים ארויסגיין פון בית המדרש האָט ער אָפּגעגעבן צו גאָט א דאנק דערפאַר וואָס ער האָט זוכה גע־ווען צו האָבן א חלק אין לערנען תורה. די משנה וויל דאָ לערנען, אז א חוץ דער תפילה פון שמונה עשרה מעג מען און מען דאַרף צוגעבן אנדערע געבעטן. אין דער גמרא ברכות זענען פאַראַן אזעלכע תפילות וואָס די חכמים האָבן צוגעגעבן, און טייל פון זיי זענען פאַראַן אין אונזער סידור („אלהי נצור״ און אנדערע).

ג. רבן גמליאל זאָגט, אז יעדן טאָג זאָל א מענטש דאווענען שמונה עשרה. דאָס וואָרט „שמונה עשרה״ איז דער טייטש „אכצן״, און מען מיינט דערמיט די 18 ברכות, וואָס מען זאָגט אין דאווענען באלד נאָך קריאת שמע און נאָך „גאל ישראל״. ווען מען ציילט איבער די ברכות אין אונזער סידור זעט מען, אז עס זענען פאַראַן 19 ברכות, און די גמרא פאַרענטפערט דאָס דערמיט, וואָס פריער זענען געווען נור

**אומר, מעין שמונה עשרה, ר׳ עקיבא אומר, אם שגורה תפילתו בפיו יתפלל שמונה עשרה, ואם לאו, מעין שמונה עשרה.**

**ד. ר׳ אליעזר אומר, העושה תפילתו קבע אין תפילתו תחנונים. ר׳ יהושע אומר, המהלך במקום סכנה, מתפלל תפילה קצרה, אומר: „הושע**

18 ברכות, נאָך די ברכה „ולמלשינים״, וואָס הייסט „ברכת המינין״ (א תפילה קעגן די „מינין״, קעגן די אפיקורסים און אנדערע אפטריניקע פון יידישן פאָלק) האָט מען צוגעגעבן שפּעטער אין דער ישיבה אין יבנה אונטער דער פירונג פון נשיא רבן גמליאל. די תפילה שמונה עשרה איז זייער אַן אַלטע און די גמרא זאָגט, אַז די אנשי כנסת הגדולה אין אָנהויב פון דער צייט פון 2טן בית המקדש האָבן זי מתקן געווען. אין דער נייער צייט האָט מען געפונען, אַז אויך אין ספר „בן סירא״, וואָס איז געשריבן געוואָרן לערך 300 יאָר פאַרן חורבן פון 2טן בית המקדש, געפינען מיר שוין א סך תפילות פון שמונה־עשרה. עס איז זיכער, אַז ווען מען האָט געדאַוונט בציבור, מיט מנין (10 יידן צוזאמען) אין שול, האָט מען געדאַוונט די גאַנצע שמונה עשרה, אָן שום פאַרקירצונגען. נאָר אויב איינער האָט געדאַוונט ביחידות, פאַר זיך, און האָט טיילמאָל ניט געהאַט קיין צייט, — אין אַזאַ פאַל זענען שוין געווען חלוקי דעות. ר׳ גמליאל זאָגט, אַז אפילו א יחיד פאַר זיך, א „מענטש״, דאַרף דאַוונען יעדן טאָג שמונה עשרה, די גאַנצע 18 ברכות. ר׳ יהושע זאָגט אַז אַן „אינהאַלט״ פון שמונה עשרה. וועגן דעם וואָס מען מיינט אַן „אינהאַלט״ זענען פאַראַן אין דער גמרא צוויי מיינונגען; לויט איין מיינונג מיינט מען א קיצור פון יעדער ברכה; לויט א צווייטער מיינונג מיינט מען איין תפלה, וואָס הויבט זיך אָן מיטן וואָרט „הבינינו״ (מאַך אונז פאַרנונפ־טיק) און אנטהאַלט ווערטער פון יעדער ברכה און ענדיקט זיך מיט דער ברכה „שומע תפילה״. עס ווערט אויך געזאָגט די מיינונג, אַז דאָס מעג מען נור טאָן מיט די מיטל־סטע 12 ברכות; דאַקייגן די ערשטע דריי ברכות און די לעצטע דריי ברכות מוז מען זאָגן אינגאַנצן. ר׳ עקיבא זאָגט, אויב איינער קען דאָס דאַוונען פליסיק (גוט, מאַכט ניט קיין טעות) זאָל ער דאַוונען די גאַנצע שמונה עשרה, און אויב ניט זאָל ער דאַוו־נען נאָר דעם „אינהאַלט״ פון שמונה עשרה. מען דאַרף דאָ באַמערקן, אַז אַמאָל, אין דער צייט פון דער משנה און גמרא, האָט מען ניט געטאָרט אויפשרייבן קיין שום אנדערע הייליקע זאַך א חוץ תנ״ך, וואָס האָט דעריבער געהייסן „תורה שבכתב״ (די אויפגעשריבענע תורה). אָבער משנה, גמרא, דאָס דאַוונען, איז אַלץ געווען פון אויסנ־ווייניק, דעריבער האָט די משנה און גמרא, געהייסן „תורה שבעל פה״, דאָס הייסט „די תורה, וואָס מען האָט געזאָגט מיט׳ן מויל״, און ניט אַרויסגעליינט פון געשרי־בענעם כתב. ממילא זענען געווען א סך, וואָס האָבן נישט געקאָנט גוט דאַוונען פון אויסנווייניק, און דאָס האָט געהייסן, אַז „דאָס דאַוונען איז ניט ביי אים פליסיק״, עס איז ניט „תפלתו שגורה בפיו״. דער זאָגער פון דער דאָזיקער הלכה, ר׳ עקיבא וועלכער האָט אויך געהייסן ר׳ עקיבא בן יוסף, איז געווען א יונגערער חבר פון ר׳ גמליאל און ר׳ יהושע, און די גמרא זאָגט אַז די אַלע ספרים פון די תנאים, וואָס מיר האָבן ווי די „משנה״, מכילתא, ספרא, ספרי, תוספתא, שטאַמען אַלע אָפּ אין זייער יסוד פון ר׳ עקיבא. דער תנא ר׳ עקיבא איז איינער פון די עשרה הרוגי מלכות, פון די 10 תנאים, וועלכע זענען אומגעבראַכט געוואָרן דורך דער רוימישער רעגירונג.

ד. ר׳ אליעזר זאָגט, אַז ווער עס מאַכט זיין דאַוונען פאַר א פעסטע זאַך, איז זיין דאַוונען ניט קיין געבעט. אין דער גמרא איז פאַראַן א טייטש, אַז ר׳ אליעזר מיינט דערמיט צו זאָגן, אַז ווער עס דאַוונט, ניט דערפאַר ווייל ער שפּירט די אינערליכע נויטיקייט צו בעטן גאָט, נאָר ווייל עס איז אַזאַ פעסטער, באַשטימטער מנהג, עפּיס ווי אַן אָנגעוואָרפענע משא, פאַרמאָגט ניט זיין דאַוונען דעם ריכטיקן ווערט פון א געבעט.

ר׳ יהושע זאָגט, אַז איינער גייט אין אַן אָרט פון סכנה (און ער קאָן ניט דאַוונען קיין לאַנגע תפילות) זאָל ער בעטן א קורצע תפילה, און זאָגן: „העלף, גאָט, דיין פאָלק,

**יי את עמך את שארית ישראל, בכל פרשת העיבור יהיו צרכיהם לפניך, ברוך אתה יי שומע תפילה״.**

**ה. היה רוכב על החמור ירד, ואם אינו יכול לירד יחזיר את פניו, ואם אינו יכול להחזיר את פניו, יכון את לבו כנגד בית קודש הקדשים.**

**ו. היה יושב בספינה, או בקרון או באסדאָ יכון את לבו כנגד בית קודש הקדשים.**

---

דעם איבערבלייב פון ישראל, אויף אלע וועגן פון זייערע עבירות זאָלן זייערע נויטבעדערפניסן זיין פאר דיר, געבענטשט ביזטו, גאָט, וואָס הערט די תפלה״. אין דער קורצע תפילה, וואָס ר׳ יהושע ברענגט דאָ, אז עס זאָל איר זאָגן דער, וועלכער גייט אין וועג, וואו עס דראָט א געפאר און ער קאָן זיך ניט אָפּשטעלן צו זאָגן א לאנגע תפילה, זענען שווער צו פארשטיין די ווערטער ״בכל פרשת העבור״, וועלכע מיר האָבן איבערזעצט ״אויף אלע וועגן פון זייערע עבירות. אין דער גמרא ברכות זענען פאראן עטליכע טייטשן. איינער איז, אז ״עבור״ איז פון העברעאישן וואָרט ״עברה״, ״כעס״ און די תפילה איז צו גאָט, אז אפילו ווען ער איז אין כעס אויף יידן זאָל ער דאָך דערפילן אלע זייערע נויטבאדערפניסן. אן אנדערער טייטש אין דער גמרא איז פון וואָרט ״עבירה״, און די תפילה איז, אז אפילו ווען יידן האָבן געטאָן א סך עבירות זאָל גאָט זיי אויך העלפן אין זייער נויט. דער ירושלמי טייטשט, אז דאָס איז פון וואָרט ״עובר״, וואָס איז א פארקירצונג פון ״עובר לפני התבה״, דאָס הייסט דער חזן, וואָס גייט דאוונען פארן עמוד; די תפילה איז אז גאָט זאָל זיך צוהערן צו די תפילות פון דעם חזן. אנשטאָט ״עובר״ שטייט ״עבור״, ווייל מיר געפינען די דאָזיקע דקדוקפאָרם אין דער משנה (ווי ״טחון״ א מילנער, ״לקוח״ א קויפער).

ה. היה, ווען איינער רייט אויף אן אייזל זאָל ער אראָפּגיין (פון אייזל צום דאוונען); אויב ער קאָן ניט אראָפּגיין, זאָל ער זיך אויסדרייען מיטן פנים (צו ירושלים, און דאוונען רייטנדיק), און אויב ער קאָן ניט אויסדרייען דאָס פנים, זאָל ער מכוון זיין דאָס הארץ זיינס צום הויז פון קודש הקדשים. דער מנהג, אז ביים דאוונען זאָל מען שטיין מיטן פנים צו דער ריכטונג פון ירושלים איז פאראן דייטליך אין תנך, אין ספר דניאל ו׳ ״וכוין פתיחן ליה בעליתה נגד ירושלים״, ״און ער האָט געהאט פענסטער אין זיין בוידעם־שטיבל אָפן צו ירושלים״, און דאָרט האָט ער געדאוונט. די גמרא לערנט דאָס אָפּ פון נאָך פסוקים אין תנך. די משנה לערנט דאָ, אז אויב איינער קאָן דאָס ניט טאָן זאָל ער כאָטש אין הארצן מכוון זיין צום בית המקדש.

ו. היה יושב, אז איינער זיצט אין א שיף אָדער אין א וואָגן אָדער אויף שווימנדע שטיקער געהילץ זאָל ער (ביים דאוונען) מכוון זיין דאָס הארץ זיינס צום הויז פון קודש הקדשים. אויך דאָ לערנט די משנה אז אין פאל ווען איינער קאָן ניט ביים דאוונען זיך אוועקשטעלן מיטן פנים צו דער ריכטונג פון ירושלים, זאָל ער אין הארץ אין זינען האָבן דאָס בית המקדש. דאָס וואָרט ״קרון״ אין דער משנה איז פון גריכישן וואָרט ״קאראָן״, וואָס איז דער טייטש א וואָגן. ניט זיכער איז דער טייטש פון וואָרט אין דער משנה ״אסדא״. רש״י און טייל אנדערע מפרשים טייטשן צונויפגעבינדענע שווימנדע שטיקער געהילץ אויף א טייך. דער ״ערוך השלם״ האלט אויך פון דאָזיקן טייטש און ברענגט א ראיה פון דער אראבישער שפראך, וואו ״אשדאט״ איז דער טייטש צוזאמענגעפלאָכטענע ברעטער. מיר געפינען אויך אין דער משנה נגעים י״ב די צוויי ווערטער צוזאמען ״בספינה און באסדא״, ״אין א שיף אָדער אין א אסדא״, און דערפון איז צו זען, אז זיי געפינען זיךביידע אויף וואסער. אָבער ר׳ בנימין מוספיא אין ״מוסף הערוך״ מיינט, אז דאָס איז פון לאטייניש וואָרט ״עסעדא״, וואָס איז דער טייטש ״א קליינער וואָגן״, זיין טייטש לייגט זיך אויפ׳ן שכל, ווייל דאָ אין דער משנה איז צווישן ״שיף״ און ״אסדא״ פאראן דאָס וואָרט ״קרון״, ״וואָגן״, און אויב ״אסדא״ זאָל זיין דער טייטש שווימנדע געהילץ וואָלט דאָס וואָרט געדארפן זיין באלד

**ז. ר׳ אלעזר בן עזריה אומר, אין תפילת המוספין אלא בחבר עיר, וחכמים אומרים בחבר עיר ושלא בחבר עיר. ר׳ יהודה אומר משמו, כל מקום שיש חבר עיר, היחיד פטור מתפילת המוספין.**

פרק ה.

**א. אין עומדין להתפלל אלא מתוך כובד ראש. חסידים הראשונים היו שוהים שעה אחת ומתפללים כדי שיכונו את לבם למקום. אפילו**

---

נאָך „שיף״.

ז. ר׳ אלעזר בן עזריה זאָגט, אַז מען דאַוונט מוסף נאָר צוזאַמען מיט דעם ציבור פון דער שטאָט, און די חכמים זאָגן, אַז (מען דאַוונט מוסף) סיי מיט דעם שטאָט־ציבור, סיי אָן שטאָט־ציבור. ר׳ יהודה זאָגט אין זיין (ר׳ אלעזר בן עזריה׳ס) נאָמען אַז אין יעדן אָרט, וואו עס איז דאָ א שטאָט־ציבור איז א יחיד פטור פון דאַוונען מוסף. **אין דער משנה איז פאַראַן אנשטאט „ציבור פון א שטאָט״ דער אויסדרוק „חבר עיר״, און וועגן טייטש פון דאָזיקן וואָרט זענען געשריבן געוואָרן א סך חקירות, סיי דורך מפרשים און סיי דורך געלערנטע היסטאָריקער. דאָס דאָזיקע וואָרט „חבר״ קאָן מען מנקד זיין מיט צוויי „סגול׳ס״, וואָס איז דער טייטש דער צוזאַמענבונד, דער חיבור, און אויך מיט א קמץ אונטער דער „ח״ און א ציירה אונטער דער „ב״, און דער טייטש איז דער אדם חשוב פון דער שטאָט, וואָס טראָגט דעם טיטול „חבר״. אין א פירוש פון די גאונים, געדריקט אין „אוצר הגאונים״, ווערט געטייטשט לויט דעם צווייטן פירוש. די משנה גיט אונז דאָ די מחלוקה, צי מען דאַרף דאַוונען מוסף נאָר מיט דעם „חבר העיר״ צוזאַמען, אָדער יעדער יחיד קאָן דאַוונען מוסף פאַר זיך, אָדער אַז דעמאָלט ווען עס איז דאָ א „חבר עיר״ קאָן קיין יחיד פאַר זיך ניט דאַוונען מוסף, און אויב קיין חבר עיר איז ניטאָ קאָן דער יחיד יאָ דאַוונען מוסף.**

פרק ה.

א. אין עומדין, מען שטעלט זיך ניט דאַוונען, סיידן מען איז אין א ערנסטער שטימונג. **די משנה באַנוצט דאָ די ווערטער „כובד ראש״, א „שווערן קאָפּ״ כדי צו באַצייכנען א ערנסטע שטימונג, ערנסטקייט. אין דער גמרא ברכות ל״א איז פאַראַן אויך דער פאַרקערטער אויסדרוק דערפון „קלות ראש״, לייכטן קאָפּ, לייכטזיניקייט.** רשי טייטשט „מיט הכנעה״. חסידים הראשונים, די ערשטע חסידים פלעגן וואַרטן איין שעה און (דערנאָך) דאַוונען, כדי זיי זאָלן מכוון זיין זייער האַרץ צו גאָט. **אין דער גמרא איז פאַראַן עטליכע מאָל דערציילט וועגן „חסידים הראשונים״, די ערשטע חסידים, די פאַרצייטיקע חסידים. עס זענען פאַראַן טייל געלערנטע, וואָס מיינען, אַז דאָס זענען געוועזן די כתה פון זייער פרומע יידן אין דער צייט פון בית המקדש, וועלכע ווערן אָנגערופן אין די ספרים פון יוסף בן מתתיהו הכהן (אין לשון קודש איז פאַראַן א קיצור פון זיין ספר „יוסיפון״) „איסיים״. זיי האָבן מבטל געוועזן די אלע הבלי עולם הזה און האָבן זיך אָפּגעגעבן צו דער געטליכקייט. עס איז אָבער ניט זיכער אַז מיט „חסידים הראשונים״ מיינט מען די איסיים. די משנה זאָגט, אַז די דאָזיקע חסידים פלעגן „וואַרטן א שעה״, צו פאַרברענגען אין הויכע מחשבות און ערשט דערנאָך האָבן זיי זיך געשטעלט דאַוונען, כדי צו קאָנען דאַוונען מיט מער כוונה צו גאָט. אנשטאָט „גאָט״ באַנוצט דאָ די משנה דאָס וואָרט „מקום״, דאָס „אָרט״; פונקט ווי אין א סך אַנדערע ערטער וויל די משנה ניט באַנוצן מיטן בפירושן נאָמען פון גאָט, נאָר זאָגט „שמים״ (הימעל) און אַנדערע תארים, באַצייכנונגען פאַר דער געטליכקייט. דער מדרש בראשית רבה ס״ח זאָגט, אַז דעריבער רופט מען אָן גאָט „מקום״ (אָרט), ווייל גאָט איז „מקומו של עולם״, „דאָס אָרט פון דער וועלט״. עס איז צו באַמערקן, אַז אין דער משנה צום ירושלמי פעלט דאָ אינגאַנצן דאָס וואָרט „למקום״; און אין דער משנה צו דער גמרא אין בבלי איז אויך ניט פאַראַן „למקום״ נאָר עס איז פאַראַן „לאביהם שבשמים״, „צו זייער פאָטער אין הימעל״, דאָס הייסט צו גאָט.** אפילו דער מלך באַ־

**המלך שואל בשלומו לא ישיבנו, אפילו נחש כרוך על עקבו לא יפסיק.**
**ב. מזכירין גבורות גשמים בתחיית המתים ושואלין הגשמים בברכת השנים, והבדלה בחונן הדעת. ר' עקיבא אומר, אומרה ברכה רביעית בפני עצמה. ר' אליעזר אומר, בהודאה.**
**ג. האומר „על קן צפור יגיעו רחמיך", ו„על טוב יזכר שמך", „מודים מודים", משתקין אותו. העובר לפני התבה וטעה יעבור אחר**

---

גריסט אים (דעם וואָס שטייט און דאוונט) זאָל ער אים ניט אָפּענטפערן. ווי **מיר האָבן שוין געזאָגט מיינט מען דאָ כסדר מיט „דאוונען" דאָס שטייין שמונה עשרה, און די משנה האלט, אז דאָס מפסיק זיין אין מיטן שמונה עשרה איז אזוי ווייט פארבאָטן, אז אפילו ווען א מלך באגריסט דעם דאוונער טאָר ער אים ניט אָפּענטפערן.** אפילו א שלאנג וויקלט זיך ארום זיין (דעם דאוונערס) פוס־טריט זאָל ער אויך ניט מפסיק זיין דאָס דאוונען. **די גמרא זאָגט דערויף, אז דאָס מיינט מען נור ווען א יידישער קעניג באגריסט, אזוי אז עס איז ניטאָ קיין געפאר באשטראָפט צו ווערן — פאר ניט אָפּענט־פערן די באגריסונג. דאָסזעלבע מיינט מען ביי א שלאנג אויך נור אזא שלאנג, וואָס עס איז ניטאָ קיין לעבנס־ געפאר אז זי וועט אים א ביס געבן. אָבער ווען עס איז יאָ פאראן אזא געפאר מעג מען מפסיק זיין.**

ב. מזכירין, מען דערמאָנט די „גבורות פון רעגן" אין (דער תפלה פון) תחיית המתים, און מען בעט אויף רעגן אין (דער תפילה פון) ברכת השנים, און „הבדלה" זאָגט מען אין (דער תפילה פון) חונן הדעת. **די משנה לערנט דאָ, ווען זאָל מען אין דער שמונה עשרה זאָגן אזעלכע תפילות, וואָס ווערן ניט געזאָגט א גאנץ יאָר, נאָר אין טייל צייטן אין יאָר. די ערשטע זאך איז דאָס זאָגן „משיב הרוח ומוריד הגשם" (דער וואָס מאכט בלאָזן דעם ווינט און לאָזט אראָפּנידרן דעם רעגן). אין דער משנה ווערט דאָס אָנגערופן „גבורות גשמים", די „גבורה פון רעגן", און די גמרא דערקלערט עס, ווייל דאָט מאכן רעגנען איז איינס פון די כחות פון גאָט. דאָס זאָגט מען ווינטער־צייט אין דער צווייטער ברכה פון שמונה עשרה, וועלכע ענדיקט זיך מיט „מחייה המתים" און הייסט דעריבער „תחיית המתים". דאָ ווערט ניט געבעטן וועגן רעגן. עס ווערט נור דערציילט די גבורות פון גאָט, וועלכער גיט רעגן. דאָס „בעטן" גאָט אז ער זאָל געבן רעגן הייסט „שואלין" (מען בעט) און דאָס זאָגט מען אין דער ברכה פון שמונה עשרה „מברך השנים" און מען זאָגט (אויך נאָר א טייל פון ווינטער) „ותן טל ומטר", „און געב טוי און רעגן". די תפילה פון „הבדלה" שבתצונאכטס (אתה חוננתנו) זאָגט מען ביי דער ברכה פון „חונן הדעת".** ר' עקיבא זאָגט, אז מען זאָגט זי (די הבדלה, אתה חוננתנו) אלס א באזונדערע פירטע ברכה. **ר' עקיבא האלט, אז מען דארף שבת־צונאכטס נאָך דער דריטער ברכה אין שמונה עשרה זאָגן „אתה חוננתנו" און פאר־ענדיקן איר מיט א באזונדערער ברכה, וואָרשיינליך, „ברוך אתה ה' המבדיל בין קודש לחול".** ר' אליעזר זאָגט, אז מען דארף זי (די הבדלה, אתה חוננתנו) זאָגן אין דער ברכה פון „מודים". **די גמרא זאָגט, אז די דאָזיקע חלוקי דעות וועגן דעם זאָגן הבדלה קומט דערפון, וואָס עס זענען געווען צייטן, ווען מען האָט איינגאנצן ניט גע־זאָגט אין דער שמונה עשרה די הבדלה און מען האָט יוצא געווען מיט מאכן די הבדלה אויפן כוס וויין; און דעריבער ווען מען האָט שוין יאָ איינגעפירט צו זאָגן עס אין דער שמונה עשרה זענען געווען דערצו ניט־פעסטגעשטעלטע מנהגים.**

ג. האומר, אז איינער זאָגט (ביים דאוונען, צו גאָט) „אויף דעם פויגל־נעסט דער־גרייכט דיין רחמנות", אָדער „פאר דעם גוטן זאָל דערמאָנט ווערן דיין נאָמען", אָדער „מיר לויבן דיר, מיר לויבן דיר", דארף מען אים הייסן שטילשווייגן. **עס ווייזט אויס, אז די אַמאָליקע חזנים ביים דאוונען פארן עמוד, פלעגן צוגעבן טיילמאָל אייגענע פיוטים צווישן די פארשידענע ברכות אין שמונה עשרה. דערויף זאָגט די משנה, אז מען טאָר ניט לאָזן אזא איינעם זאָגן וועגן גאָט זאכן, וועלכע זענען קייגן די מיינונגען**

**תחתיו, ולא יהא סרבן באותה שעה. מנין הוא מתחיל? מתחילת הברכה שטעה בה.**

**ד. העובר לפני התיבה לא יענה אחר הכהנים „אמן", מפני הטרוף. ואם אין שם כהן אלא הוא, לא ישא את כפיו. ואם הבטחתו שהוא נושא את כפיו וחוזר לתפלתו, רשאי.**

---

פון די חכמים, ווי למשל, אז גאָט האָט רחמנות אויף דעם נעסט פון פויגל און האָט דעריבער געהייסן די מצוה ניט צוצונעמען א פויגל־נעסט די מוטער צוזאמען מיט די קינדער (די מצוה פון „ שילוח הקן"); מחמת די מצוות פון גאָט דארף מען ניט באַטראכטן פון מענשליכע געפילן, ווי רחמנות, נאָר ווי געבאָטן, גזרות, פאר וועלכע מען דארף ניט זוכן קיין טעמים. דאָסזעלבע איז ווען אזא איינער זאָגט, אז מען דארף דאנקען גאָט פאר דעם גוטן וואָס ער טוט מיט די מענטשן; באמת דארף מען לויבן גאָט סיי פאר דעם גוטן און סיי פאר דעם שלעכטן. אויך טאָר מען ניט לאָזן זאָגן צוויי מאָל „מיר לויבן דיר, מיר לויבן דיר" („מודים, מודים") ווייל דאָס זעט אויס, ווי דער חזן האלט פון דער מיינונג, אז עס זענען פאראן צוויי געטער. העובר, אז איינער דאוונט (שמונה עשרה) פארן עמוד, און ער האָט געמאכט א טעות (אין דאוונען), זאָל אן אנדערער צוגיין (צום עמוד) אויף זיין אָרט; און ער (דער צווייטער) זאָל זיך ניט וואקלען (נאָר גלייך צוגיין); פון וואנען זאָל ער (דער צווייטער) אָנהויבן? פון אָנהויב פון דער ברכה, אין וועלכער יענער (דער ערשטער) האָט געמאכט דעם טעות. אין דער משנה הייסט דער חזן, וואָס דאוונט פארן עמוד, מייסטנס, „עובר לפני התיבה", „דער וואָס גייט צו צום קאסטן", ווייל אמאָל פלעגט דער חזן ניט צוגיין צו א עמוד נאָר צום ארון הקודש, וועלכער איז געווען א קאסטן, וואו עס איז געלעגן די ספר תורה און אויף וועלכן מען פלעגט אויך לייגן די תורה. די משנה זאָגט, אז אויב דער חזן האָט אין מיטן דאוונען פארן עמוד זיך טועה געווען, זאָל גלייך, אָן שום וואקלעניש, אָן לאָזן זיך בעטן, צו־גיין אן אנדערער צום עמוד, און ער דארף ניט אָנהויבן פון אָנהויב שמונה עשרה, נאָר בלויז פון אָנהויב פון דער ברכה, וואו דער טעות איז געמאכט געוואָרן. למשל אז דער טעות איז פאָרגעקומען אין מיטן „מודים", דארף דער צווייטער אָנהויבן פון „מודים".

ד. העובר, דער וואָס דאוונט פארן עמוד, זאָל ניט נאָכזאָגן „אמן" נאָך די כהנים (ווען זיי דוכנ'ען), ווייל ער קאָן זיך צומישן (און ניט קאָנען ווייטער דאוונען). און אויב עס איז ניט פאראן קיין אנדערער כהן (אין בית המדרש) נאָר ער (דער חזן איז א כהן), זאָל ער (דער חזן) ניט אויפהויבן זיינע הענד (ניט דוכנ'ען); און אויב ער האָט אין זיך די זיכערקייט אז ער קאָן דוכנ'ען און דערנאָך ווייטער דאוונען, מעג ער (דוכנען). דאָס דוכנען פון די כהנים, דאָס זאָגן די ברכות „יברכך ה' וישמרך" ביז דעם וואָרט „שלום", הייסט אין דער משנה „נושא את כפיו", „אויפהויבן די הענט", ווייל די כהנים הויבן־אויף די הענט ביים דוכנען. די משנה זאָגט, אז כאָטש דער ציבור דאוונער דארף זאָגן „אמן" אויף די ברכות פון די כהנים, אָבער דער חזן טאָר ניט זאָגן קיין „אמן", ווייל ער קאָן זיך צעמישן און פארגעסן, וואו ער האלט אין דאוונען. ווי מיר האָבן שוין געזאָגט פריהער (פרק ד' משנה ג') זענען ניט געווען אין יענער צייט קיין געשריבענע סידורים און מען האָט געדאוונט פון אויסנווייניג און דעריבער האָט דער דאוונער פארן עמוד זיך געקאָנט צעמישן. דאָסזעלבע זאָגט די משנה, אז אויב (טייל מיינען, אז דאָס וואָרט „אם", „אויב", מיינט דאָ „אפילו") עס איז ניטאָ אין בית המדרש קיין אנדערער כהן, און דער חזן איז דער איינציקער כהן, טאָר ער, דער חזן, ניט דוכנ'ען, ווייל ער קאָן זיך אויך צעמישן. אָבער אויב דער חזן איז זיכער ביי זיך, אז ער וועט געדענקן ווייטער ממשיך צו זיין דאָס דאוונען, מעג ער יאָ דוכנען.

ה. המתפלל, ווען איינער דאוונט און מאכט א טעות (אין דאוונען) איז דאָס פאר

**ה. המתפלל וטעה סימן רע לו, ואם שליח צבור הוא סימן רע לשולחיו, מפני ששלוחו של אדם כמותו. אָמרו עליו על רבי חנינא בן דוסא, כשהיה מתפלל על החולים היה אומר זה חי וזה מת. אָמרו לו, מנין אתה יודע? אָמר להם, אם שגורה תפילתי בפי יודע אני שהוא מקובל, ואם לאו יודע אני שהוא מטורף.**

פרק ו.

**א. כיצד מברכין על הפירות? על פירות האילן הוא אומר „בורא פרי**

---

אים א שלעכטער סימן; און אויב ער איז א שליח ציבור (געשיקט דורכן ציבור, דאָס הייסט א חזן) איז עס א שלעכטער סימן פאר די, וועלכע האָבן אים געשיקט (פאר דעם ציבור, וואָס דאַווענט מיט אים), ווייל דער שליח פון א מענטש איז אזוי ווי ער אליין. **אין דער גמרא ווערן געבראַכט א סך זאכן, וואָס זענען פאַרן מענטש א „גוטער סימן" („סימן יפה"), און א סך זאכן, וואָס זענען א „שלעכטער סימן" („סימן רע"), ווי אין דער גמרא ברכות כ"ד און אנדערע ערטער. די משנה דאָ זאָגט, אז מאכן א טעות ביים דאווענען איז א שלעכטער סימן פאר דעם מענטש; און אויב דער חזן מאכט א טעות איז עס א שלעכטער סימן פאר זיינעמיטדאווענערס, ווייל דער חזן איז דער שליח פון ציבור. דער כלל, וואָס די משנה זאָגט דאָ „שלוחו של אדם כמותו" (דער שליח פון א מענטש איז אזוי גוט ווי ער אליין) איז א גרויסער יסוד אין משנה און גמרא.** אמרו עליו, מען דערציילט פון ר' חנינא בן דוסא, אז ווען ער האָט מתפלל געווען פאר קראנקע, האָט ער (נאָכן מתפלל זיין) פאָרויסגעזאָגט, אז דער וועט בלייבן לעבן און יענער וועט שטארבן. האָט מען אים געפרעגט: פון וואנען ווייסטו עס? האָט ער זיי געענטפערט: אויב מיין תפילה גייט מיר פליסיג ארויס פון מויל, ווייס איך אז ער (דער קראנקער) איז אָנגענומען, און אויב ניט, ווייס איך, אז ער (דער קראנקער) איז פאר־ציקט. **ר' חנינא בן דוסא איז א תנא, וואָס האָט געלעבט לערך אין דער צייט פון חורבן פון 2טן בית המקדש, און די גמרא אין ברכות ל"ד און תענית כ"ד און אנדערע ערטער דערציילט, אז ער איז געווען א בעל מופת און האָט באוויזן ניסים. ר' חנינא בן דוסא, דערציילט דאָ די משנה, האָט געהאט דעם סימן, אז ווען ער האָט מתפלל געווען פאר א חולה און די תפילה איז אים געגאנגען פליסיג (שגורה בפיו), איז עס געווען א צייכן, אז דער חולה וועט בלייבן לעבן, און אויב ניט, איז עס געווען א סימן, אז דער חולה וועט שטארבן.** טייל מפרשים טייטשן די ווערטער אין דער משנה **„מקובל" און „מטורף" (אָנגענומען" און „פארצוקט"), אז זיי גייען ניט אויפן חולה נאָר אויף דער תפילה, אז זי איז „אָנגענומען" אין הימל אָדער „צוריקגעוואָרפן". דער פירוש איז שווער, וויילביידע ווערן באנוצט אין לשון זכר, און ווען עס זאָל גיין אויף תפילה וואָלט געדארפן זיין „היא מקובלת", „היא מטורפת", ווייל תפילה איז דאָך א לשון נקבה.**

פרק ו.

**אין דאָזיקן פרק לערנט די משנה די דינים וועגן מאכן א ברכה פארן עסן אָדער טרינקן עפּעס. די דאָזיקע ברכות הייסן „ברכות הנהנין", די ברכות פאר נהנה זיין פון עסן. די גמרא ברענגגט דארויף דעם פסוק פון תהלים כ"ד „לה' הארץ ומלואה", „צו גאָט געהערט די ערד און אלץ וואָס איז אין איר", און דעריבער ווען מען האָט הנאה פון גאָט'ס ערד און אירע פּראָדוקטן דארף מען בענטשן גאָט.**

א. כיצד מברכין, ווי אזוי מאכט מען א ברכה אויף פירות? **אין יידיש הייסן „פירות" נאָר די פרוכטן פון א בוים; אָבער אין לשון קודש הייסט „פירות" אלץ וואָס וואקסט ארויס פון עפּיס אנדערש, און זאָגאר קינדער הייסן פירות (אין חומש „פרי בטנך").** דאָ פרעגט די משנה: וועלכע ברכות דארף מען מאכן אויף אלע סאָרט עסנ־וואַרג? **ווייל יעדעס עסנווארג אפילו מילך און פלייש, וואקסט ארויס פון עפּיס אנ־**

**העץ", חוץ מן היין, שעל היין הוא אומר "בורא פרי הגפן". ועל פירות הארץ הוא אומר "בורא פרי האדמה", חוץ מן הפת, שעל הפת הוא אומר "המוציא לחם מן הארץ". ועל הירקות הוא אומר "בורא פרי האדמה". ר' יהודה אומר, "בורא מיני דשאים".**

**ב. ברך על פירות האילן "בורא פרי האדמה" יצא, ועל פרות הארץ "בורא פרי העץ" לא יצא. על כולם אם אָמר "שהכל נהיה בדברו" יצא.**

---

דערש. על פירות האילן, אויף פרוכטן וואָס וואַקסן אויף א בוים מאכט מען "בורא פרי העץ". די משנה מיינט דאָ די גאנצע ברכה "ברוך אתה ה' אלהינו מלך העולם בורא פרי העץ", נאָר זי לאָזט ארויס דעם ערשטן טייל פון דער ברכה ביז העולם, ווייל דער דאָזיקער טייל איז דאָך ביי אלע עסנווארג גלייך. דער טייטש פון "בורא פרי העץ" איז "דער (גאָט) וואָס באשאפט די פרוכטן פון א בוים". אין לשון קודש פון תנך הייסט א בוים "עץ", נאָר אין דער משנה־שפּראך ווערט פאר א "בוים" באנוצט דאָס אראמעאישע וואָרט "אילן" (אין אראמעאיש "אילנא"); די גמרא זאָגט אז "לשון תורה לחוד ולשון חכמים לחוד", דאָס הייסט, אז דער לשון קודש פון דער משנה איז אביסל אנדערש ווי פון תנך. חוץ, אַן אויסנאַם (פון אלץ וואָס וואַקסט אויף א בוים) איז וויין, מחמת אויף וויין מאכט מען "בורא פרי הגפן", "דער וואָס באשאַפט די פרוכטן פון וויינשטאָק". וויין ווערט געמאכט פון וויינטרויבן, וועלכע וואַקסן אויף א וויינשטאָק, וואָס איז דאָך אויך א בוים, פונדעסטוועגן מאכט מען אויף וויין ניט קיין "בורא פרי העץ", נאָר א "בורא פרי הגפן", ווייל וויין האָט א באזונדערע חשיבות. ועל פירות הארץ, און אויף פרוכטן וואָס וואַקסן ארויס פון דער ערד (ניט אויף בוימער) מאכט מען "בורא פרי האדמה" ("דער וואָס באשאַפט פרוכטן פון באָדן"); אַן אויסנאַם איז ברויט, מחמת אויף ברויט מאכט מען "המוציא לחם מן הארץ" ("דער וואָס ברענגט ארויס ברויט פון דער ערד"). ברויט האָט אויך א באזונדערע חשיבות, ווייל עס איז דער עיקר שפּייז פון מענטש, און דעריבער מאכט מען דערויף א באזונ־דערע ברכה. מיר האָבן דאָ אין דער משנה צוויי ווערטער "אדמה", "באָדן", און "ארץ", "ערד". אויף אלע פּראָדוקטן, וואָס וואַקסן פון דער ערד ארויס (ניט אויף בוימער), מאכט מען "בורא פרי אדמה"; פארוואָס זאָגט מען ניט אויך אויף ברויט "בורא פרי האדמה"? ווייל דער פסוק אין תהלים ק"ד האָט דעם נוסח "להוציא לחם מן הארץ". ועל הירקות, און אויף גרינוואַרג (ירקות) מאכט מען "בורא פרי האדמה"; ר' יהודה זאָגט, אז מען מאכט "בורא מיני דשאים", "דער וואָס באשאַפט די מינים פון גראָז־פלאַנצונגען". די גמרא זאָגט, אז ר' יהודה האלט, אז מען דאַרף בענטשן גאָט מיט באזונדערע ברכות פאר יעדער זאַך באזונדער, און ווייל גרינוואַרג אונטער־שיידן זיך פון אנדערע ערד־פּראָדוקטן דאַרף מען אויף זיי מאכן א באזונדערע פאָרם ברכה.

ב. ברך, אז איינער מאכט אויף בוים־פרוכטן א "בורא פרי האדמה" האָט ער יוצא געווען (און דאַרף ניט מאכן נאָכאַמאָל א "בורא פרי העץ"), און אז (איינער מאכט) אויף ערד־פּראָדוקטן א "בורא פרי העץ" האָט ער ניט יוצא געווען (און ער דאַרף מאכן נאָכאַמאָל א "בורא פרי האדמה"). דאָס דערקלערט זיך דערמיט, וואָס אויך די פרוכטן, וועלכע וואַקסן אויף בוימער, קומען דאָך ארויס פון דער ערד, ווייל דער בוים וואַקסט דאָך פון דער ערד; דעריבער אז מען מאכט אויף זיי "בורא פרי האדמה" איז מען יוצא; אָבער די ערד־פּראָדוקטן וואַקסן דאָך ניט אויף קיין בוימער, דעריבער, אז מען האָט א טעות געהאט און געמאכט אויף זיי די ניט ריכטיקע ברכה "בורא פרי העץ" האָט מען ניט יוצא געווען. על כולם, אויף אלע (פּראָדוקטן) אויב מען מאכט אויף זיי א "שהכל נהיה בדברו" האָט מען יוצא געווען. די ברכה "שהכל נהיה בדברו" ("וואָס אלץ אנטשטייט דורך זיין, גאָט'ס וואָרט") איז אן אלגעמיינע ברכה און איז כולל אין זיך אלע זאַכן, ווייל אלע פּראָדוקטן, סיי פון בוימער און סיי פון דער ערד,

**ג. על דבר שאין גדולו מן הארץ אומר „שהכל״. על החומץ ועל הנובלות ועל הגובאי אומר „שהכל״, על החלב ועל הגבינה ועל הביצים אומר „שהכל״. ר׳ יהודה אומר, כל שהוא מין קללה אין מברכין עליו.**

**ד. היו לפניו מינים הרבה, ר׳ יהודה אומר, אם יש ביניהם ממין שבעה. מברך עליו. וחכמים אומרים, מברך על איזה מהם שירצה.**

**ה. ברך על היין שלפני המזון פטר את היין שלאחר המזון. ברך על**

---

וואקסן דאָך און אנטשטייען דורך גאָט׳ס וואָרט. דעריבער, כאָטש מען דארף מאכן אויף פארשידענע עסנווארג באזונדערע ברכות, נאָר אויב מען האָט געמאכט א „שהכל״ איז מען יוצא, און מען דארף ניט נאָכאמאָל איבערמאכן די באזונדערע ברכה.

ג. על דבר, אויף א זאך, וואָס וואקסט ניט פון דער ערד, מאכט מען א „שהכל״. אויף עסיק, און אויף צו־פרי־אראָפּגעפאלענע פרוכטן און אויף (דעם פלייש פון) הייִשעריקן מאכט מען א „שהכל״. אויף מילך און אויף קעז און אויף אייער מאכט מען א „שהכל״. ר׳ יהודה זאָגט, אז אויף א זאך וואָס איז א מין אומגליק (קללה) מאכט מען ניט קיין ברכה. די משנה לערנט, אז כאָטש אלע פּראָדוקטן שטאמען דאָך פון דער ערד, און אפילו, למשל, מילך קומט דאָך פון א בהמה, וועלכע עסט די פּראָדוקטן פון דער ערד, נאָר ווייל די דאָזיקע ארטיקלען וואקסן ניט ארויס דירעקט פון דער ערד („איןגידולו מן הארץ״) מאכט מען אויף זיי א שהכל. אויך לערנט אונז די משנה, אז אויך אויף אזעלכע זאכן ווי עסיק, אָדער פריצייטיק־אראָפּגעפאלענע פרוכטן פון בוים, כאָטש דיביידע שטאמען דאָך יאָ פון בוימער, און אויך אויף דעם פלייש פון הייִשעריקן, וואָס הייסן „גובאי״ און מען מעג זיי עסן, דארף מען מאכן א „שהכל״. וועגן עסיק און פריצייטיק אראָפּגעפאלענע פרוכטן ווערט געגעבן דער טעם, ווייל זיי האָבן ניט קיין חשיבות. ר׳ יהודה זאָגט, אז אויף די דאָזיקע דריי זאכן דארף מען בכלל ניט מאכן קיין ברכה, ווייל זיי זענען א סאָרט קללה, אן אומגליק: עסיק ווערט דערפון, וואָס וויין איז קאליע געוואָרן; פריצייטיק־אראָפּגפאלענע פרוכטן זענען דאָך קאליע געוואָרענע פרוכטן; הייִשעריק איז א קללה פאר די תבואות. טייל זענען גורס אין ר׳ יהודה׳ס ווערטער ניט „מין קללה״, „א סאָרט אומגליק״, נאָר „מן קללה״, און דער טייטש איז „פון אן אומגליק״, דאָס הייסט זיי זענען געוואָרן „פון״, דורך אן אומגליק.

ד. היו לפניו, אז איינער האָט פאר זיך (ליגן) א סך מינים (פון עסנווארג), זאָגט ר׳ יהודה, אז אויב צווישן זיי איז פאראן (א עסנווארג) פון די זיבן מינים (ווייץ, גערשטן, ווייִנטרויבן, פייגן, מילגרוימן, איילבירטן און טייטלן) זאָל ער מאכן אויף אים (אויף דעם דאָזיקן פון איינעם פון די זיבן מינים) די ברכה; און די חכמים זאָגן, אז ער קאָן מאכן די ברכה אויף וועלכן (עסנווארג) פון זיי ער וויל. די 7 מינים פּראָדוקטן, וועלכע ווערן דאָ דערמאָנט, ווערן געבראַכט אין חומש דברים ח׳ און דער חומש לויבט ארץ־ישראל אלס א לאנד, וואָס די דאָזיקע 7 מינים וואקסן דאָרט: „חטה, שעורה, גפן, תאנה, רמון, זית שמן ודבש״, ווייץ, גערשטן, ווייִנשטאָק, פייג, מילגרוים, איילבירטן און האָניק״. מיטן וואָרט „האָניק״ מיינט מען טייטלן, ווייל מיט סתם „דבש״ אין תנך מיינט מען האָניק פון טייטלן. די 7 מינים האָבן דעריבער א באַזונדערע חשיבות, ווייל מיט זיי ווערט ארץ ישראל געלויבט. ר׳ יהודה האלט דעריבער, אז מען דארף מאכן אויף זיי די ברכה, ווען זיי זענען פאראן צוזאמען מיט אנדערע עסנווארג. אָבער די חכמים זאָגן, אז עס איז ניט קיין אונטערשיד.

ה. ברך על היין, אויב מען האָט געמאכט א ברכה אויפן וויין (וואָס מען האָט געטרינקען) פארן עסן (ברויט), האָט מען (מיט דער דאָזיקער ברכה) יוצא געווען אויף דעם וויין (וואָס מען טרינקט) נאָכן עסן. אמאָל אין ארץ ישראל איז וויין געווען א וויכטיקער טייל פון שפּייז, און אין תנך געפינען מיר גאנץ אָפט צוזאמען „לחם ויין״, „ברויט און וויין״, אלס די צוויי וויכטיקסטע שפּייז־ארטיקלען. מען פלעגט טרינקען

**הפרפרת שלפני המזון פטר את הפרפרת שלאחר המזון. ברך על הפת פטר את הפרפרת, על הפרפרת לא פטר את הפת. בית שמאי אומרים, אף לא מעשה קדרה.**

**ו. היו יושבין לאכול כל אחד ואחד מברך לעצמו, הסיבו, אחד מברך לכולם. בא להם יין בתוך המזון כל אחד ואחד מברך לעצמו, לאחר המזון אחד מברך לכולם; והוא אומר על המוגמר, אף על פי שאין מביאין**

---

ווייִן פאר דעם עסן, און מען פלעגט אויך טרינקען ווייִן נאָכן עסן. מיטן וואָרט „עסן" מיינט מען דאָ קודם כל ברויט. זאָגט די משנה, אז אויב איינער האָט געמאַכט א „בורא פרי הגפן" אויף דעם כוס ווייִן, וואָס ער האָט געטרינקען פארן עסן, און דערנאָך האָט ער געמאַכט א „המוציא" און געגעסן ברויט און אנדערע מאכלים, און וויל צום סוף סעודה טרינקען נאָך ווייִן, דארף ער ניט מאַכן נאָכאַמאָל קיין ברכה; און דער טעם איז, וואָס ווייל דער מנהג איז צו טרינקען ווייִן סיי פאר דער סעודה, און סיי נאָך דער סעודה, האָט דער טרינקער ביים מאַכן די ברכה אויף דעם ווייִן פאר דער סעודה ממילא אינזינען געהאַט יוצא צו זיין אויך אויף דעם ווייִן נאָך דער סעודה. ברך על הפרפרת, אז מען מאַכט א ברכה אויף דעם צו־שפּייז, וואָס (מען דערלאַנגט) פאר דעם עסן, האָט מען דערמיט יוצא געווען אויך פאר דעם צו־שפּייז וואָס (מען דערלאַנגט) נאָך דעם עסן. ווען מען מאַכט אַ ברכה אויף ברויט איז מען מיט (דער דאָזיקער ברכה) שוין יוצא אויף דעם צו־שפּייז; אָבער אז מען מאַכט א ברכה אויף דעם צו־שפּייז איז מען מיט איר ניט יוצא פאר ברויט; די בית שמאי זאָגן, אז מען איז (מיט דער דאָזיקער ברכה) אויך ניט יוצא פאר שפּייזן געמאַכט אין טאָפּ. עס איז געווען דער מנהג אז פאר דעם עסן האָט מען דערלאַנגט „צו־שפּייזן", אזעלכע אפּעטיט־דערוועקנדיקע מאכלים; און אויך נאָכן עסן האָט מען דערלאַנגט „צו־שפּייזן", אזעלכע מאכלים, צו פארדייען דאָס עסן. זאָגט די משנה, אז מיט דער ברכה וואָס מען מאַכט אויף די צו־שפּייזן, וועלכע מען דערלאַנגט פארן עסן, האָט מען שוין „געפּטר'ט", יוצא געווען אויך פאר די צו־שפּייזן פון נאָכן עסן און מען דארף אויף זיי קיין באַזונדערע ברכה ניט מאַכן, ווייל דער עסער האָט געוואוסט, אז מען וועט אים זיי שפּעטער דערלאַנגן און ממילא האָט ער אינזינען געהאַט ביים ברכה מאַכן אויך יוצא צו זיין פאר זיי. די משנה לערנט אויך, אז אויב מען מאַכט א ברכה אויף דעם „צו־שפּייז" מוז מען אויף דעם עסן ברויט מאַכן א באַזונדערע ברכה; אָבער אז מען מאַכט א ברכה אויף ברויט איז מען שוין יוצא דערמיט פאר דעם צושפּייז, ווייל דער עיקר איז דאָס ברויט, און דער צו־שפּייז איז נאָר א צוגאָב. די בית שמאי זאָגן, אז מיט דער ברכה אויף דעם צו־שפּייז קאָן מען ניט יוצא זיין ניט נאָר אויף ברויט נאָר אויך ניט אויף מאכלים, וואָס מען מאַכט אין טאָפּ, „מעשה קדרה", דאָס הייסט, אלע אנדערע געקאָכטע מאכלים. „צו־שפּייז" הייסט אין דער משנה „פרפרת", און עס איז ניט קלאָר, פון וואַנען דאָס דאָזיקע וואָרט (וואָס ווערט דערמאָנט עטליכע מאָל אין משניות, אויך אין לשון רבים „פרפראות", „פרפרותיו") שטאַמט. רבי בנימין מוספיא אין „מוסף הערוך" מיינט, אז עס איז פון גריכישן וואָרט „פּעריפאָרא", וואָס איז דער טייטש ווי „קאָמפּאָט", „צי־מעס". טייל מיינען אז דאָס איז פון תנך־וואָרט „ויפרפרני" (איוב ט"ז), וואָס איז דער טייטש „צעברעקלן" אויף שטיקלעך, און ווייל די צו־שפּייזן זענען באַשטאַנען פון שטיקלעך האָבן זיי געהייסן „פרפרת".

ו. היו, ווען (עטליכע מענטשן) זעצן זיך עסן, דארף יעדער פון זיי מאַכן א ברכה פאר זיך; אויב זיי האָבן זיך אָנגעלענט (בהסיבה), מאַכט איינער א ברכה פאר אלע. אויב מען דערלאַנגט ווייִן אין מיטן עסן, מאַכט יעדער א ברכה (אויפן ווייִן) פאר זיך, אויב (דער ווייִן איז דערלאַנגט געוואָרן) נאָכן עסן, מאַכט איינער א ברכה פאר אלע, און דערזעלבער (וואָס האָט געמאַכט די ברכה פאר אלע) מאַכט אויך די ברכה איבער דעם שמעקעדיקן ווייִרויך, כאָטש מען ברענגט אריין דעם ווייִרויך ערשט נאָך דער

**את המוגמר אלא לאחר הסעודה.**

**ז. הביאו לפניו מליח בתחלה ופת עמו, מברך על המליח ופוטר את הפת, שהפת טפלה לו. זה הכלל, כל שהוא עיקר ועמו טפלה מברך על העיקר ופוטר את הטפלה.**

**ח. אכל תאנים וענבים ורמונים מברך אחריהן שלש ברכות, דברי**

---

סעודה. אמאָל איז אין ארץ ישראל זייער פארשפרייט געווען דער מנהג צו עסן „בחבורה", גרופּעס מענטשן צוזאמען. זאָגט די משנה, אז ביי אזא סעודה פון עטליכע מענטשן דאַרף ניט יעדער פון זיי באזונדער מאכן א ברכה אויפ׳ן עסן, נאָר איינער מאכט די ברכה, און אלע זענען יוצא דערמיט. אָבער, זאָגט די משנה, דאָס איז נאָר ווען זיי זעצן זיך אלע עסן ווי עס איז אָנגענומען לויט די מנהגים פון אזא סעודה „בחבורה", דהיינו, מען לענט זיך אָן אויף ספּעציעלע „הסיב־בעטן", בהסיבה, און דערמיט זעט מען, אז די אלע מענטשן ווערן איין גרופּע. אָבער אויב זיי זעצן זיך סתם עסן אָן דעם אָנלענען זיך, הייסט עס ניט, אז אלע זענען איין גרופּע, און דעריבער דאַרף יעדער פון זיי מאכן פאר זיך די ברכה. די משנה לערנט אויך, אז אויף וויין אין מיטן עסן דאַרף יעדער מאכן פאר זיך א ברכה, און אין דער גמרא ווערט געבראַכט דער טעם דערצו, ווייל יעדער איז פארנומען מיטן עסן, וועט ער ניט קאָנען צוהערן זיך גוט צו דער ברכה און ער וועט אויך ניט קאָנען ענטפערן „אמן". אָבער אויפן וויין נאָכן עסן מאכט איינער א ברכה פאר אלע. די משנה גיט אויך צו, אז דער דאָזיקער וואָס מאכט די ברכה אויפן וויין נאָכן עסן, מאכט אויך די ברכה אויף דעם בשמים־רויך, וואָס מען ברענגט אריין נאָכן עסן; כאָטש די סעודה האָט זיך שוין געענדיקט הייסן די אלע מענטשן נאָך אלץ איין גרופּע, און אז איינער מאכט די ברכה אויף דעם בשמים־רויך זענען שוין אלע דערמיט יוצא. עס איז געווען אמאָל דער מנהג נאָכן עסן צו ברענגען אין צימער א פייער טאָפּ מיט ברענענדיקע קוילן און אויף זיי ארויפ־צוּוואַרפן בשמים, כדי דער רויך זאָל פארשמעקן דעם צימער, און דערויף האָט מען געמאכט די ברכה „בורא עצי בשמים", „דער (גאָט) וואָס באשאפט די בוימלעך בשמים". דאָס וואָרט „גמר" איז אין אראמעאיש „רויכערן", און אויך „קוילן" (אין חולין י״א „דמנח גומרתא עליה"). דערפון איז „מוגמר" דער בשמים־רויך.

ז. הביאו, אויב מען האָט געברענגט פאר אים (דעם מענטש, וואָס גייט עסן) צוערשט געזאלצנס (געזאלצענע פיש) און צוזאמען דערמיט אויך ברויט, דאַרף ער מאכן א ברכה נאָר אויף דעם געזאלצנס, און אויף דעם ברויט דאַרף ער קיין באזונ־דערע ברכה ניט מאכן, ווייל דאָס ברויט איז א צוגאָב (טפל) צום געזאלצנס. דאָס איז דער כלל: אויב מען האָט (א עסנווארג) א עיקר און דערצו צוגעגעבן (נאָך אן עסנווארג) אלס צוגאָב (טפל) מאכט מען א ברכה אויף דעם עיקר און מען איז דערמיט יוצא פאר דעם טפל. אין דער משנה ווערט דאָ באנוצט פאר „געזאלצנס" דאָס וואָרט „מליח", און מען מיינט דערמיט יעדע געזאלצענע זאך, ווי א געזאַלצענעם פיש און אנדערע דעליקאטעסן, און די משנה זאָגט, אז ווייל דאָס שטיקל ברויט, וואָס ער עסט צו צום געזאלצענעם פיש, איז ניט קיין עיקר, און עס איז ניט די כוונה אָנצועסן זיך מיטן ברויט, נאָר דאָס שטיקל ברויט איז א צוגאָב, א טפל, און דער געזאַלצענער פיש איז דער עיקר, דעריבער מאכט מען א ברכה בלויז אויף דעם געזאלצענעם און מען איז פּטור צו מאכן א ברכה אויף דעם ברויט. דערצו גיט צו די משנה, אז ניט נאָר אין דעם פאל איז דער דין אזוי, נאָר עס איז אן אלגעמיינער כלל, אז ווען מען עסט צוזאמען צוויי מאכלים, פון וועלכע איינער איז א עיקר און דער צווייטער א טפל, א צוגאָב, מאכט מען די ברכה אויפן עיקר און מען איז שוין יוצא פארן טפל.

ח. אכל, אז איינער האָט געגעסן פייגן אָדער ווינטרויבן אָדער מילגרוימן, דאַרף ער בענטשן דערנאָך דריי ברכות, אזוי זאָגט רבן גמליאל. די משנה דאָ לערנט וועגן בענטשן נאָך דעם עסן, און זי זאָגט, אז אויך נאָכ׳ן עסן פייגן, ווינטרויבן און מיל־

רבן גמליאל. וחכמים אומרים, ברכה אחת מעין שלש. ר׳ עקיבא אומר, אפילו אָכל שלק והוא מזונו, מברך אחריו שלש ברכות. השותה מים לצמאו אומר „שהכל נהיה בדברו״. ר׳ טרפון אומר, „בורא נפשות רבות״.

## פרק ז.

א. שלשה שאכלו כאחד חייבין לזמן. אכל דמאַי ומעשר ראשון שנטלה תרומתו ומעשר שני והקדש שנפדו והשמש שאכל כזית והכותי

---

גרוימן, דארף מען בענטשן די „ברכת המזון״, די דריי ברכות; דאָס זענען די ערשטע דריי ברכות וואָס מען זאָגט אין בענטשן נאָכ׳ן עסן ברויט „הזן את הכל״, „על הארץ ועל המזון״ און „בונה ברחמיו ירושלים, אמן״; די פערטע ברכה „הטוב והמטיב״ האָט מען מתקן געווען ערשט שפּעטער. ר׳ גמליאל האלט, אז נאָכן עסן מאכלים פון איינעם פון די 7 מינים, וועלכע מיר האָבן דערמאָנט פריער אין דער משנה ד׳, דאָס הייסט, ווייץ, גערשטן, וויינטרויבן, פייגן, מילגרוימן, איילבירטן און טייטלן, דארף מען בענטשן אזוי ווי נאָך עסן ברויט. וחכמים, און די חכמים זאָגן, אז ער דארף בענטשן נאָר איין ברכה, וואָס איז דער אינהאלט פון די דריי ברכות. דאָס איז די ברכה נאָך וויין „על הגפן״, נאָך קיכלעך „על המחיה״, נאָך די אנדערע פּרוכטן פון די 7 מינים „על העץ״. די דאָזיקע ברכה הייסט אן „אינהאלט״ פון די דריי ברכות״ („מעין שלש״) ווייל אין איר ווערן אין קורצן דערמאָנט די אלע דריי ברכות. די חכמים האלטן, אז בענטשן אלע דריי ברכות דארף מען נאָר נאָכן עסן ברויט. ר׳ עקיבא זאָגט, אז אפילו איינער עסט געקאָכטע גרינווארג און דאָס איז זיין זעטיקונגס־שפּייז, דארף ער בענטשן אלע דריי ברכות. ר׳ עקיבא האלט, אז בענטשן דארף מען נאָך יעדן מאכל, וועלכן מ׳עסט צו דער זאט. השותה, אז איינער טרינקט וואסער צו שטילן זיין דאָרשט דארף ער מאכן „שהכל נהיה בדברו״. ר׳ טרפון זאָגט, אז ער דארף מאכן „בורא נפשות רבות״ („דער (גאָט) וואָס באשאפט א סך נפשות״). די גמרא זאָגט, אז די משנה מיינט, אז נאָר ביים „טרינקן צו שטילן דעם דורשט״, אָבער, למשל, ווען איינער שטיקט זיך מיט עפּעס און שלינגט וואסער, כדי אראָפּצושטיפּן דאָס שטיקל עסן וואָס איז אים געבליבן אין האלז, דארף ער ניט מאכן קיין ברכה. דער ברטנורא און טייל אנדערע מפרשים טייטשן, אז ר׳ טרפון מיינט, אז מען דארף מאכן די ברכה בורא נפשות פארן טרינקן וואסער.

## פרק ז.

א. שלשה, ווען דריי (מענטשן) עסן צוזאמען, דארפן זיי בענטשן מיט מזומן. בענטשן מיט מזומן, זאָגט די משנה ווייטער אין משנה ג׳, הייסט, אז איינער זאָגט פארן בענטשן צו די איבריגע צוויי: „נברך״ (לאָמיר בענטשן), און זיי ענטפערן אים אָפּ: „ברוך על המזון שאכלנו״ (זאָל ער זיין געבענטשט פאר דעם געגעסענעם שפּייז״). אכל, אויב איינער (פון די דריי) האָט געגעסן דמאי, אָדער מעשר ראשון פון וועלכן מען האָט אראָפּגענומען זיין תרומה, אָדער מעשר שני און הקדש וואָס זענען אויסגעלייזט געוואָרן, אָדער דער שמש (דער באדינער וואָס דערלאנגט צו דער סעודה) האָט געגעסן א כזית (די גרויס ווי אן איילבירט), אָדער א כותי (האָט געגעסן), מעג מען מיט אים בענטשן במזומן. דער דין איז, אז פון תבואה און פּרוכטן האָט מען געדארפן אין ארץ ישראל אראָפּנעמען איין 50־סטעל און עס אוועקגעבן צו א כהן, און דאָס דאָזיקע 50־סטעל האָט געהייסן תרומה. נאָכדעם ווי מען האָט שוין אָפּגעשיידט די דאָזיקע תרומה האָט מען פון דער איבערגעבליבענע תבואה געדארפן אראָפּנעמען א 10־טעל און עס געבן צו א לוי, און דאָס 10־טעל האָט געהייסן מעשר ראשון, דער „ערשטער מעשר״ (דאָס וואָרט „מעשר״ איז דער טייטש „א צענטעל״). פון זיין דאָזיקן מעשר ראשון האָט דער לוי געדארפן אראָפּנעמען א צענטעל און אוועקגעבן צום כהן, און דאָס דאָזיקע „צענטל פון צענטל״ האָט געהייסן תרומת מעשר (די תרומה פון מעשר). ווידער דער בעל הבית פון דער תבואה נאָכדעם, ווי ער האָט שוין אראָפּ־

**מזמנין עליהן. אבל אכל טבל ומעשר ראשון שלא נטלה תרומתו ומעשר שני והקדש שלא נפדו, והשמש שאכל פחות מכזית והנכרי, אין מזמנין עליהם.**

געגעבן די דערמאָנטע חלקים צום כהן און צום לוי האָט אין טייל יאָרן (ניט אין אלע) געדארפן אראָפּנעמען נאָך א 10־טעל פון דער תבואה, און דאָס האָט געהייסן „מעשר שני", דער „צווייטער מעשר", דאָס האָט ער שוין קיינעם ניט געדארפן אוועקגעבן, נאָר ער האָט עס, דעם מעשר שני, געדארפן אוועקפירן קיין ירושלים און דאָרט עס אויפעסן. צוליב דעם, וואָס ניט אלע זאכן האָט מען געקאָנט פירן קיין ירושלים (למשל טייל פרוכטן וואָלטן קאליע געוואָרן אין וועג), האָט די תורה געזאָגט, אז דער בעל הבית קאָן „אויסלייזן" דעם מעשר שני, אוועקלייגן געלד וויפיל דער מעשר שני איז ווערט (מיט א צוגאָב), און דעמאָלט מעג ער די תבואה עסן, נאָר דאָס געלד מוז ער פירן קיין ירושלים און דאָרט קויפן דערפאַר עסנווארג און עס אויפעסן. אויך איז דער דין, אז איינער האָט „מקדיש" געווען זיין תבואה צום בית־המקדש, ער האָט געזאָגט, אז די תבואה זאָל זיין „הקדש", „הייליק", טאָר ער די תבואה ניט עסן נאָר אוועקגעבן צום בית המקדש; אָבער אויך דאָ קאָן דער בעל הבית ‚אויסלייזן" די תבואה, באצאָלן געלד וויפיל די תבואה איז ווערט (מיט א צוגאָב) און דעמאָלט מעג ער די תבואה עסן. „דמאי" האָט געהייסן תבואה, וואָס מען האָט געקויפט ביי א עם הארץ, א פּראָסטן מענטשן, און מען האָט געהאט א חשד, אז ער האָט ניט אָפּ־געשיידט דערפון די אלע מעשרות. זאָגט די משנה, אז איינער עסט דמאי, אָדער מעשר ראשון, פון וועלכער מען האָט אראָפּגענומען דעם תרומת מעשר (כאָטש מען האָט פריער זיך א עצה געגעבן ניט אראָפּצונעמען די ערשטע תרומה) אָדער מעשר שני און הקדש, וואָס זענען אויסגעלייזט געוואָרן (כאָטש ניט מיט דער גאנצער פּינקטליכ־קייט); אָדער איינער פון די דריי מענטשן וואָס ווילן בענטשן מיט מזומן, איז דער באדינער צום טיש, וועלכער האָט געגעסן די גרויס פון א כזית, ווי אן איילבירט; אָדער איינער פון די דריי איז א כותי, דאָס הייסט א שומרוני, פון אן אלט אי־דישע סעקטע אין שומרון, וועגן וועלכע דער תנך (אין ספר מלכים) דערציילט אז זיי שטאמען פון גויים און זיי האָבן זיך מגייר געווען אָבער זענען ניט געוואָרן פול־שטענדיקע יידן, — מעג מען מיט זיי אלע בענטשן במזומן. מחמת עס ווערט אָנגענו־מען, אז דמאי מעג עסן אן ארימאַן, און דער מעשר ראשון פון וועלכן מען האָט אראָפּגענומען תרומת מעשר, און מעשר שני און הקדש וואָס מען האָט אויסגעלייזט אָבער ניט־פּונקטליך איז ניט געווען קיין עבירה צו עסן; און דער באדינער וואָס האָט געגעסן א כזית, הייסט, אז ער האָט גענוג געגעסן; און דער כותי האָט דעם דין פון א יידן. וועגן די אלע ענינים פון דמאי, תרומה, מעשרות און אנדערע זאכן, וועלן מיר געבן ברייטערע דערקלערונגען, ווען מיר וועלן צוקומען צו די מסכתאות דמאי, תרומות, מעשר שני. אבל אכל, אָבער אויב ער האָט געגעסן טבל (תבואה, פון וועלכער מען האָט ניט אראָפּגענומען קיין תרומה אָדער מעשר), אָדער מעשר ראשון פון וועלכן מען האָט ניט אראָפּגענומען תרומת־מעשר, אָדער מעשר שני און הקדש וואָס זענען ניט געוואָרן אויסגעלייזט, אָדער דער באדינער וואָס האָט געגעסן ווינצי־קער פון א כזית, אָדער א גוי (איז געווען איינער פון די דריי), קאָן מען מיט אים ניט בענטשן במזומן. די דערקלערונג איז, ווייל טבל (מער פרטים וועגן טבל וועלן מיר געבן ביי דער מסכתא דמאי) און מעשר ראשון פון וועלכן מען האָט ניט אראָפּ־גענומען תרומת מעשר און ניט־אויסגעלייזטע מעשר שני און הקדש, איז אן עבירה צו עסן, און מען קאָן דעריבער ניט מקיים זיין אויף זייער עסן די מצוה פון בענטשן; און א באדינער וואָס האָט געגעסן ווינציקער פון א כזית, הייסט, אז ער האָט איבערהויפּט ניט געגעסן; און א גוי קאָן מען ניט מצרף זיין צו מזומן, ווייל ער איז ניט מחוייב צו בענטשן.

**ב. נשים ועבדים וקטנים אין מזמנין עליהם. עד כמה מזמנין? עד כזית. ר׳ יהודה אומר, עד כביצה.**

**ג. כיצד מזמנין? בשלשה, אומר „נברך״. בשלשה והוא, אומר „ברכו״. בעשרה, אומר „נברך לאלהינו״. בעשרה והוא, אומר „ברכו״. אחד עשרה ואחד עשר רבוא. במאה אומר „נברך ליי אלהינו״. במאה והוא, אומר „ברכו״ באלף, אומר „נברך ליי אלהינו אלהי ישראל״ באלף והוא אומר „ברכו״. ברבוא, אומר „נברך ליי אלהינו אלהי ישראל אלהי הצבאות יושב הכרובים על המזון שאכלנו״; ברבוא והוא, אומר „ברכו״. כענין שהוא מברך כך עונין אחריו, „ברוך יי אלהינו אלהי ישראל אלהי**

---

ב. נשים, פרויען און שקלאפן און קליינע (קינדער) איז מען ניט מצרף צו מזומן. **כאָטש בענטשן זענען זיי מחויב, ווי עס ווערט געלערנט פריער פרק ג׳ משנה ג׳, אָבער מצרף זיין זיי צו מזומן טאָר מען ניט.** עד כמה, ביז וויפיל (דארף מען עסן) אז מען זאָל קאָנען (דעם עסער) מצרף זיין צו מזומן? ביז א כזית (אזוי גרויס ווי א „זית״, ווי אן איילבירט). ר׳ יהודה זאָגט, אז אזוי גרויס ווי אן איי. **דער שיעור „גרויס ווי אן איילבירט״, „כזית״, האָט א גרויסע באדייטונג אין גאנץ ש״ס, און געוויינליך ווערט אָנגענומען, אז „אכילה״, „עסן״, מיינט מען מינדסטנס א „כזית״.**

ג. כיצד, ווי אזוי בענטשט מען במזומן? אויב עס זענען פאראן דריי (מענטשן, וועלכע עסן), דארף ער (דער בענטשער) זאָגן „נברך״ („לאָמיר בענטשן״); אויב עס זענען פאראן דריי (מענטשן) און דער בענטשער (איז דער פערטער), דארף ער צו זיי זאָגן „ברכו״ („בענטשט״); אויב צען (מענטשן) דארף ער זאָגן „נברך לאלהינו״ („לאָמיר בענטשן צו אונזער גאָט״); אויב עס זענען פאראן צען און ער (דער בענטשער איז דער עלפטער), דארף ער זאָגן „ברכו״. סיי ביי צען און סיי ביי צען טויזנט מאָל צען. **דאָס איז איין מיינונג אין דער משנה, וועלכע זאָגט, אז פון צען אָן מער איז ניט קיין אונטערשיד אין נוסח פון בענטשן במזומן, און אויב עס זענען פאראן צען זאָגט דער בענטשער „נברך לאלהינו״, און אויב עלף אָדער מער זאָגט ער „ברכו״. איצט קומט אן אנדערע מיינונג אין דער משנה, וועלכע זאָגט, אז עס איז יאָ אן אונטערשיד. די דאָזיקע מיינונג זאָגט אזוי:** במאה, ביי הונדערט מענטשן זאָגט (דער בענטשער) „נברך לה׳ אלהינו״ („לאָמיר בענטשן צו גאָט, אונזער גאָט״); ביי הונדערט און ער (דער בענטשער איז דער הונדערט און איינס) זאָגט ער „ברכו״. ביי טויזנט זאָגט ער „נברך לה׳ אלהינו אלהי ישראל״ („לאָמיר בענטשן צו גאָט, אונזער גאָט, דעם גאָט פון ישראל״), און אויב ער איז פאראן א חוץ די טויזנט זאָגט ער „ברכו״. ביי צען טויזנט זאָגט ער „נברך לה׳ אלהינו, אלהי ישראל אלהי הצבאות יושב הכרובים״ („לאָמיר בענטשן צו גאָט, אונזער גאָט, דעם גאָט פון ישראל, גאָט פון די צבאות דעם באוואוינער פון די כרובים פאר דעם שפייז וואָס מיר האָבן געגעסן״); אויב ער (דער בענטשער) איז א חוץ די צען טויזנט, זאָגט ער „ברכו״. **וואָס גרעסער עס איז דער עולם צום בענטשן, אלץ מער דארף מען צוגעבן צום נאָמען פון גאָט לויב־ווער־טער.** כענין, אזוי ווי ער בענטשט, אזוי ענטפערן זיי אים אָפּ: „ברוך ה׳ אלהינו אלהי הצבאות יושב הכרובים על המזון שאכלנו״ („זאָל זיין געבענטשט גאָט, אונזער גאָט, גאָט פון ישראל, גאָט פון צבאות, באוואוינער פון די כרובים פאר דעם שפייז וואָס מיר האָבן געגעסן״). **די משנה זאָגט, אז אין דעמזעלבן נוסח, וואָס דער מזומן־בענטשער זאָגט, דארפן אים די מיט־עסער נאָכזאָגן, און די משנה גיט דעם ביישפּיל, ווי אזוי זיי ענטפערן אָפּ ווען זיי זענען צען טויזנט.** ר׳ יוסי הגלילי זאָגט, אז מען דארף בענטשן (במזומן) לויט דער גרויס פון דער פארזאמלונג (פון די עסערס), ווייל עס ווערט געזאָגט (אין תהלים ס״ח) „אין פארזאמלונגען בענטשט גאָט דעם האר פון דעם קוואל פון ישראל״. **די גמרא טייטשט איין די ווערטער פון ר׳ יוסי הגלילי, אז**

הצבאות יושב הכרובים על המזון שאכלנו". ר' יוסי הגלילי אומר, לפי רוב הקהל הן מברכין, שנאמר „במקהלות ברכו אלהים יי ממקור ישראל". אָמר ר' עקיבא, מה מצינו בבית הכנסת ? אחד מרובים ואחד מועטים אומר, „ברכו את יי". ר' ישמעאל אומר, „ברכו את יי המבורך".

ד. שלשה שאכלו כאחד אינן רשאין לחלק וכן ארבעה, וכן חמשה. ששה נחלקין, עד עשרה, ועשרה אינן נחלקין, עד שיהו עשרים.

ה. שתי חבורות שהיו אוכלות בבית אחד, בזמן שמקצתן רואים

---

דאָס דערקלערט ער די פאָריגע ווערטער פון דער משנה, אז מען דאַרף יאָ מאכן אן אונטערשיד צווישן ווינציקער פון 100 מענטשן און פון 100 מענטשן און מער, ווייל דאָס בענטשן דאַרף מען לויט דער גרויס פון דעם פאַרזאַמלטן קהל, און די ראיה דערצו איז פון פסוק אין תהלים פון די ווערטער „במקהלות ברכו אלהים ה'" און ער טייטשט „במקהלות" ווען עס איז דאָ א גרויסער קהל פון פאַרזאַמלטע, 100 מענטשן מעג דערמאָנען דעם נאָמען פון גאָט „ה'". אָמר, האָט געזאָגט ר' עקיבא: ווי אזוי געפינען מיר אין דער שוהל? סיי ווען עס זענען פאַראַן א סך (מענטשן, דאַוונערס) סיי עס איז דאָ ווייניג, זאָגט מען אלץ (אין שוהל, ביים דאַוונען און ביים לייענען) „ברכו את ה'" („בענטשט גאָט"). ר' עקיבא ברענגט א באַוויז, אז מען דאַרף דער־מאָנען דעם נאָמען פון גאָט „ה'" ניט נאָר ווען עס זענען פאַראַן הונדערט עסערס נאָר אפילו ווען עס זענען דאָ נאָר צען עסערס; און דער באַוויז איז פון דעם מנהג אין שוהל, מען זאָגט „ברכו את ה'" אויך ווען עס זענען נאָר פאַראַן צען מענטשן. ר' ישמעאל זאָגט, אז מען דאַרף זאָגן „ברכו את ה' המבורך", „בענטשט גאָט, וועלכער איז געבענטשט". די צוויי תנאים, וועלכע ווערן דאָ צום ערשטן מאָל דערמאָנט אין דער משנה מסכתא ברכות, ר' יוסי הגלילי און ר' ישמעאל, זענען געווען פון צוויי באַ־זונדערע געגנטן אין ארץ ישראל. ר' יוסי האָט געשטאַמט פון צפון פון ארץ־ישראל, פון גליל, און ער האָט דעריבער געהייסן „הגלילי", און ר' ישמעאל האָט געוואוינט אין דרום ארץ־ישראל. זיי האָבן ביידע געלעבט אין דערזעלבער צייט, וואָס ר' עקיבא (ר' יוסי הגלילי האָט געלעבט אויך עטוואָס שפּעטער). וועגן ר' ישמעאל (סתם ר' ישמעאל מיינט מען ר' ישמעאל בן אלישע, דער כהן) ווערט אָנגעגעבן, אז ער איז געווען איינער פון די עשרה הרוגי מלכות (די 10 תנאים, וואָס זענען אומגעבראַכט גע־וואָרן דורך דער רוימישער רעגירונג).

ד. שלשה, דריי (מענטשן) וועלכע האָבן געגעסן צוזאַמען טאָרן זיך ניט צע־טיילן; זיי טאָרן ניט בענטשן יעדער פאַר זיך, נאָר דאַרפן בענטשן אלע צוזאַמען במזומן, וכן, און אזוי איז אויך (דער דין) מיט פיר, און אזוי איז אויך מיט פינף (מענטשן). ביי פיר אָדער פינף מענטשן קאָן מען מיינען, אז ווייל אפילו ווען איינער פון די פיר אָדער צוויי פון די פינף זאָלן בענטשן באַזונדער וועט דאָך אלץ בלייבן דריי א מזומן, דעריבער מעגן זיי בענטשן באַזונדער, מחמת דער מזומן ווערט דאָך ניט בטל; פונ־דעסטוועגן, זאָגט די משנה, טאָרן זיי ניט. ששה, זעקס מענטשן מעגן זיך יאָ צעטיילן, ביז צען. זיי מעגן זיך צוטיילן, ווייל אין יעדער אָפּגעטיילטער גרופּע בלייבט א באַ־זונדערער מזומן, און די צעטיילונג מעג פאָרקומען ביז צען מענטשן. ועשרה, און צען (מענטשן) טאָרן זיך ניט צוטיילן ביז צוואָנציק. ווייל צען מענטשן בענטשן שוין מיט מנין, און זאָגן שוין „נברך אלהינו"; אָבער צוואָנציג מענטשן מעגן זיך יאָ צעטיילן, ווייל אין יעדער גרופּע בלייבט א מנין (צען מענטשן).

ה. שתי, צוויי גרופּעס (מענטשן, חבורות), וועלכע עסן אין איין הויז, אויב טייל מענטשן פון איין גרופּע זעהען טייל מענטשן פון דער צווייטער גרופּע, זענען זיי זיך מצטרף צו בענטשן צוזאַמען מיט איין מזומן; און אויב ניט (זיי זעען זיך ניט), בענטשט די גרופּע מענטשן פאַר זיך מיט מזומן, און די אנדערע גרופּע בענטשט פאַר

**אלו את אלו הרי אלו מצטרפין לזמון, ואם לאָו, אלו מזמנין לעצמן ואלו מזמנין לעצמן. אין מברכין על היין עד שיתן לתוכו מים, דברי ר׳ אליעזר, וחכמים אומרים, מברכין.**

## פרק ח.

**א. אלו דברים שבין בית שמאי ובית הלל בסעודה. בית שמאי אומרים, מברך על היום ואחר כך מברך על היין, ובית הלל אומרים**

---

זיך מיט מזומן. אין ערשטן פאל, ווען זיי זעען זיך, הייסט עס ווי בײדע גרופּעס וואָלטן געגעסן צוזאמען, און אין צווייטן פאל הייסט עס ווי זיי עסן באזונדער. מיט דעם וואָרט „מזמנין״, „בענטשן במזומן״, מיינט מען אין דער משנה ניט דוקא ווען דריי פּערזאָן בענטשן צוזאמען, נאָר אויך ווען צען, א מנין בענטשט צוזאמען. די משנה האָט ניט קיין באזונדערע אויסדריקן פאר „מזומן״ און „מנין״ ביים בענטשן, און אין בײדע פאלן הייסט עס „מזמנין״. אין, מען טאָר ניט מאכן קיין ברכה איבער וויין, סיידן מען טוט אריין אין אים וואסער, אזוי זאָגט ר׳ אליעזר; אָבער די חכמים זאָגן, אז מען מעג יאָ מאכן א ברכה (איבער וויין אפילו ווען מען טוט ניט אריין אין אים קיין וואסער). ווי די ברייתא אין דער גמרא דערקלערט מיינט מען דאָ מיט „מברכין״ ניט „בענטשן״ אויף א כוס וויין, נאָר מען מיינט מאכן די ברכה, „בורא פּרי הגפן״ פאַרן טרינקן דעם וויין. אמאָל איז געווען דער מנהג אין ארץ ישראל און בבל, אז מען האָט, געוויינליך, ניט געטרונקן קיין ריינעם וויין (דאָס האָט געהייסן „יין חי״, „רויער וויין״, אָן צומישונג), נאָר מען האָט אין אים צוגעגאָסן וואסער, און דאָס האָט געהייסן „מזוג״, „געמישט״. ר׳ אליעזר האלט, אז וויל ריינעם וויין איז ניט דער שטייגער צו טרינקן, טאָר מען דעריבער אויף אים ניט מאכן קיין „בורא פּרי הגפן״ נאָר א „בורא פּרי העץ״, ווי אויף וויינטרויבן; אָבער די חכמים האלטן, אז ווייל טייל מענטשן טרינקן אים יאָ, מעג מען דעריבער מאכן די ברכה בורא פּרי הגפן.

## פרק ח.

א. אלו דברים, דאָס זענען די זאכן (וועגן וועלכע עס איז דאָ א מחלוקה) צווישן בית שמאי און בית הלל אין (די דינים וועגן) סעודה. מיטן וואָרט „סעודה״ מיינט מען דאָ ניט ניט סתם עסן, נאָר ווי עס איז שוין געווען געזאָגט פריער פּרק ו׳ משנה ו׳, אז עס זענען געווען פייערליכע סעודות, וועלכע פלעגן פאָרקומען מייסטנס אין שבת און יום טוב, אָבער אויך אין מיטן דער וואָך; ביי אזא סעודה איז מען געזעסן אָנגעלענט אויף בעטן מיט ווייכע קישנס, מייסטנס פלעגן ביי אזא סעודה עסן צוזאמען עטליכע מענטשן, א „חבורה״. צווישן די בית שמאי און בית הלל זענען געווען חלוקי דעות וועגן עטליכע זאכן, ווי זיך אויפצופירן ביי סעודות, און די ערשטע משנה איז בנוגע דער ערשטער סעודה פרייטאָגצונאכטס אָדער יום טוב ביינאכט. בית שמאי זאָגן, אז (פרייטאָג־צונאכטס אָדער יום טוב ביינאכט, ווען מען דארף מאכן קידוש) מאכט מען צוערשט די ברכה איבער דעם טאָג („מקדש השבת״, און אין יום טוב „מקדש ישראל והזמנים״) און דערנאָך מאכט מען די ברכה איבער דעם וויין (בורא פּרי הגפן); און די בית הלל זאָגן, אז צוערשט מאכט מען די ברכה איבער דעם וויין און דערנאָך איבער דעם טאָג. די דאָזיקע משנה מיט דער מחלוקה צווישן בית שמאי און בית הלל געפינט זיך אויך אין דער משנה פּסחים לעצטן פּרק „ערבי פּסחים״, און דאָרט איז עס וועגן קידוש ביים סדר אין דער נאכט פון פּסח. אין דער גמרא איז פאראן, אז די בית שמאי האלטן, אז די ברכה פון קידוש פון טאָג איז חשובער, און דעריבער דארף זי זיין פריער; די בית הלל אָבער האלטן, אז ווייל די ברכה אויף וויין מאכט מען שטענדיק, אפילו אין מיטן דער וואָך, און די ברכה פון קידוש מאכט מען דאָך נור אין ספּעציעלע צייטן, שבת און יום טוב, איז דער דין, אז „תדיר ושאינו תדיר, תדיר קודם״, ווען מען האָט צו טאָן צו צוויי זאכן, איינע איז גילטיק שטענדיק, און איינע נור אין געוויסע צייטן, דארף די שטענדיקע זאך קומען פריער. דעריבער דארף

מברך על היין ואחר כך מברך על היום.

ב. בית שמאי אומרים, נוטלין לידים ואחר כך מוזגין את הכוס, ובית הלל אומרים, מוזגין את הכוס ואחר כך נוטלין לידים.

ג. בית שמאי אומרים, מקנח ידיו במפה ומניחה על השלחן, ובית הלל אומרים, על הכסת.

ד. בית שמאי אומרים, מכבדין את הבית ואחר כך נוטלין לידים,

---

**מען מאכן צוערשט די ברכה אויפן ווייז און דערנאָך די קידוש־ברכה.**

ב. בית שמאי זאָגן, אז צוערשט וואשט מען די הענט און דערנאָך גיסט מען אָן דעם כוס (ווייז); און די בית הלל זאָגן, אז צוערשט גיסט מען אָן דעם כוס און דערנאָך וואשט מען די הענט. **רשי זאָגט, אז דאָ מיינט ניט דוקא פרייטאָג צו־נאכטס, נאָר ביי יעדער סעודה, און ווייל עס איז געווען דער מנהג ביי א סעודה צו טרינקן ווייז פאר דעם עסן, זאָגן די בית שמאי, אז צוערשט זאָל מען זיך וואשן די הענט און דערנאָך אָנגיסן דעם כוס ווייז, כדי ניט־ריינע הענט זאָלן ניט מטמא זיין דעם כוס ווייז, און די בית הלל זאָגן, אז מען זאָל אָנגיסן דעם כוס איידער מען וואשט די הענט. אנדערע מפרשים (דער רי״ף) טייטשן אז דאָס מיינט מען שבת און יום טוב און עס איז נוגע דעם כוס פון קידוש, און דער אונטערשיד צווישן די בית שמאי און בית הלל איז אויך, צי דאָס קידוש מאכן הייסט א הפסק, אן איבערייס, צווישן וואשן זיך די הענט און דעם עסן.**

ג. בית שמאי זאָגן, אז מען ווישט אָפּ די הענט (נאָכן וואשן זיי) מיט א האנטוך און מען לייגט (דעם האנטוך) אויפן טיש; און די בית הלל זאָגן, אז מען לעגט עס אויפן קושן. **ווי מיר האָבן שוין פריער געזאָגט איז מען אין די אלטע צייטן ביי דער סעודה געזעסן אויף בעטן מיט ווייכע קישנס. די מפרשים טייטשן (לויט דער גמרא), אז די בית שמאי הייסן האלטן דעם האנטוך אויפן טיש, כדי דער עסער זאָל ביים עסן ניט אָנרירן דעם טיש, וועלכער קאָן אמאָל זיין טמא; און די בית הלל האלטן, אז עס איז גלייכער דאָס דער האנטוך זאָל ליגן אויפן קישן, וועלכער קאָן אויך זיין טמא, און עס איז וויכטיק, אז דער עסער זאָל ניט אָנרירן דעם טמא—דיקן קישן. אין יענע צייטן זענען געווען א סך, וועלכע זענען נזהר געווען צו עסן „חולין בטהרה״, אפילו סתם מאכלים, — ניט דוקא קרבנות אָדער כהנים זייער תרומה, — נאָר מיט שטרענ־גער טהרה. פאר דעם וואָרט „האנטוך״ באנוצט דאָ די משנה דאָס וואָרט „מפה״, וואָס איז טיילמאָל אויך דער טייטש „טישטוך״ (אין פסחים ק׳ „פורס מפה״, „פארשפרייט א טישטוך״ אויפ׳ן טיש). ר׳ בנימין מוספיא אין „מוסף הערוך״ ווייזט, אז דאָס וואָרט איז פון גריכיש און לאטיין „מאפא״, „א סערוויעט״.**

ד. בית שמאי זאָגן, אז צוערשט קערט מען אויס די שטוב (וואו מען האָט גע־געסן, אָפּצורייניקן די ברעקלעך עסן) און דערנאָך וואשט מען זיך די הענט; און די בית הלל זאָגן, אז צוערשט וואשט מען די הענט און דערנאָך קערט מען אויס די שטוב. **דאָ מיינט מען וואשן די הענט, מיט „מים אחרונים״, דאָס וואשן די הענט נאָכן עסן, פארן בענטשן. די גמרא אין בבלי און אויך אין ירושלמי דערקלערן די מיינונג פון בית שמאי מיט דער מורא, טאָמער וועט ביים וואשן די הענט דאָס וואסער ארויפפאלן אויף די געבליבענע שטיקלעך עסן און זיי וועלן קאליע ווערן און מען טאָר ניט זיין קיין „מאבד אוכלין״, פארניכטן עסנווארג; אָבער די בית הלל זאָגן, אז דער שמש, אויב ער איז א „פיקח״, א קלוגער, א געלערנטער (אזוי זאָגט דער ירושלמי) וועט ניט דערלאָזן אז עס זאָלן בלייבן גרעסערע שטיקלעך עסנווארג.**

ה. בית שמאי זאָגן, אז (שבת צונאכטס, ביים מאכן די הבדלה זאָל די אָרדנונג פון די ברכות זיין): ליכט, בענטשן (נאָכן עסן), בשמים, הבדלה; און די בית הלל זאָגן: ליכט, בשמים, בענטשן און הבדלה. **שבת פארנאכט קומט פאָר די סעודה, די דריטע סעודה (שלש סעודות), און ווען עס ווערט נאכט, שבת צונאכטס, דארף מען מאכן**

**ובית הלל אומרים, נוטלין לידים ואחר כך מכבדין את הבית.**

**ה. בית שמאי אומרים, נר ומזון ובשמים והבדלה, ובית הלל אומרים, נר ובשמים ומזון והבדלה. בית שמאי אומרים, „שברא מאור האש״, ובית הלל אומרים, „בורא מאורי האש״.**

**ו. אין מברכין לא על הנר ולא על הבשמים של גוים, ולא על הנר ולא על הבשמים של מתים, ולא על הנר ולא על הבשמים שלפני עבודה זרה. ואין מברכין על הנר עד שיאותו לאורו.**

---

עטליכע ברכות, דהיינו: בענטשן נאָכן עסן, מאַכן די ברכה אויף ליכט „בורא מאורי האש״, אויף שמעקן בשמים (בורא מיני בשמים) און הבדלה „המבדיל בין קודש לחול״. די בית שמאי זאָגן, אז די אָרדנונג איז: ליכט, בענטשן, בשמים, הבדלה, און די בית הלל זאָגן: ליכט, בשמים, בענטשן, הבדלה. בית שמאי זאָגן: (ביים מאַכן די ברכה אויף ליכט שבת צונאַכטס, זאָגט מען) „שברא מאור האש״ (וועלכער האָט באַשאַפן די ליכטיקייט פון פייער), און די בית הלל זאָגן: „בורא מאורי האש״ („וועלכער האָט באַשאַפט די ליכטיקייטן פון פייער״). די מחלוקה איז אין צוויי זאַכן. ערשטנס די בית שמאי האַלטן, אז מען דאַרף זאָגן „שברא״, „וועלכער האָט באַשאַפן״, ווייל גאָט האָט איינמאָל פאַר אַלעמאָל באַשאַפן דאָס ליכט, ווען ער האָט באַשאַפן די וועלט, און די בית הלל זאָגן, אז מען דאַרף זאָגן „בורא״, „וועלכער באַשאַפט״, ווייל די שאַפונג קומט פאָר כסדר; אזוי איז צו זען פון ירושלמי. אָבער אין דער גמרא בבלי ווערט געזאָגט, אז די בית הלל האַלטן, אז אויך „בורא״ קאָן מען טייטשן „וועלכער האָט באַשאַפן״. די צווייטע זאַך וועגן וואָס זיי זענען מחולק, איז צי מען זאָל זאָגן „מאור האש״, „איין ליכטיקייט פון פייער״, אָדער מען זאָל זאָגן, „מאורי האש״, „ליכטיקייטן פון פייער״, א סך; די בית הלל האַלטן, אז ווייל עס זענען פאַראַן א סך סאָרטן ליכט, דאַרף מען זאָגן „מאורי האש״.

ו. אין מברכין, מען טאָר ניט מאַכן קיין ברכה (שבת־צונאַכטס ביי הבדלה) אויף ליכט און אויף בשמים פון גויים, און אויך ניט אויף ליכט און אויף בשמים פון מתים, און אויך ניט אויף ליכט און אויף בשמים וואָס זענען פאַר א עבודה זרה. די מפרשים טייטשן לויט דער גמרא, אז „ליכט פון גויים״ מיינט מען א ליכט, וואָס א גוי האָט געברענט אים שבת, און מען דאַרף שבת צונאַכטס מאַכן א ברכה נאָר איבער „נר ששבת״, א ליכט וואָס האָט גערוט שבת. „בשמים פון גויים״ מיינט מען „בשמים פון א מסיבה פון גויים״, וואָס מען שפּרייט אויס, וואו גויים זיצן און פאַרברענגען צוזאַמען, ווייל מייסטנס האָט דאָס אויסשפּרייטן בשמים אין א געזעלשאַפט פון גויים געטראָגן דעם כאַראַקטער פון א סאָרט דינסט פאַר אָפּגעטער. „ליכט און בשמים פון מתים״, מיינט מען ליכט און בשמים וואָס מען שטעלט אוועק צוקאָפּענס פון מת, און דאָס ליכט און די בשמים זענען ניט צום לויכטן און צום שמעקן, נאָר לכבוד דעם מת און צו פאַרטרייבן דעם שלעכטן ריח. פון ליכט און בשמים, וואָס געפינען זיך פאַר א עבודה זרה, טאָר מען ניט קיין הנאה האָבן. אין מברכין, מען מאַכט ניט די ברכה („בורא מאורי האש) איבער ליכט, סיידן מען האָט א נוצן פון זיין ליכטיקייט. די גמרא טייטשט, אז דאָס מיינט מען ניט דוקא, אז „מען זאָל האָבן א נוצן״, נאָר אפילו אויב דאָס ליכט איז גענוג גרויס, אָדער מען שטייט אזוי נאָנט דערצו, אז ווען מען וויל „קאָן מען זיך באַנוצן״ מיט זיין ליכטיקייט; איין מיינונג אין ירושלמי איז, אז מען זאָל קאָנען דערביי דערקענען א מטבע.

ז. מי שאכל, ווער עס האָט געגעסן און האָט פאַרגעסן און ניט געבענטשט (און איז אוועקגעגאַנגען פון אָרט, וואו ער האָט געגעסן), זאָגן די בית שמאי, אז ער זאָל צוריקקערן צו זיין אָרט (וואו ער האָט געגעסן) און דאָרט בענטשן, און די בית הלל זאָגן, אז ער זאָל בענטשן דאָרט וואו ער האָט זיך דערמאָנט. אין דער ברייתא דערקלערן די בית שמאי זייער מיינונג, אז פונקט ווי א מענטש וואָלט פאַרגעסן א בייטל מיט

ז. מי שאכל ושכח ולא ברך, בית שמאי אומרים, יחזור למקומו ויברך, ובית הלל אומרים, יברך במקום שנזכר. עד אימתי הוא מברך? עד כדי שיתעכל המזון במעיו.

ח. בא להם יין לאחר המזון ואין שם אלא אותו הכוס, בית שמאי אומרים, מברך על היין ואחר כך מברך על המזון, ובית הלל אומרים, מברך על המזון ואחר כך מברך על היין. עונין אמן אחר ישראל המברך ואין עונין אמן אחר הכותי המברך עד שישמע את כל הברכה.

## פרק ט.

א. הרואה מקום שנעשו בו נסים לישראל, אומר „ברוך שעשה נסים

---

געלט, וואָלט ער צוריקגעגאנגען צום זעלבן אָרט, אזוי דארף ער צוריקגיין אויך צום בענטשן. עד אימתי, ביז ווען קאָן מען בענטשן נאָכ'ן עסן? ביז דאָס עסן ווערט פאר־דייעט אין זיינע געדערים. אין דער גמרא, אין בבלי און ירושלמי, זענען פאראן וועגן דעם וואָס הייסט „פארדייט" צוויי מיינונגען. איינע איז: ביז דער עסער ווערט ווידער הונגעריג; און א צווייטע מיינונג איז: אזוי לאנג ווי ער איז דורשטיק צוליב דעם פרי־עריקן עסן.

ח. בא להם, ווען מען דערלאַנגט ווין נאָכן עסן (פארן בענטשן) און עס איז מער ניט פאראן נאָר דער איינער כוס (ווין), זאָגן די בית שמאי, אז צוערשט מאכט מען די ברכה אויפן כוס („בורא פרי הגפן") און דערנאָך בענטשט מען, און די בית הלל זאָגן, אז צוערשט בענטשט מען און דערנאָך מאכט מען די ברכה אויפן כוס („בורא פרי הגפן"). דער ירושלמי זאָגט, אז דער טעם פון די בית שמאי איז, ווייל די ברכה „בורא פרי הגפן" איז א קליינע, און עס איז דעריבער מורא צו האָבן, אז באלד נאָכן בענטשן וועט ער פארגעסן און טרינקען אָן א ברכה. עונין, מען ענטפערט „אָמן" ווען מען הערט א ייד מאכן א ברכה אָבער מען טאָר ניט ענטפערן „אָמן", ווען מען הערט א כותי מאכן א ברכה, סיידן מען האָט געהערט (פון אים) די גאנצע ברכה. מיר האָבן שוין געשריבן פריער פרק ז' משנה א', אז „כותי" מיינט מען א שומרוני, וועלכע איז נור אין טייל מצוות אָפּגעהיטן ווי יידן; איינער פון די אונטערשידן צווישן די כותים און יידן באשטייט אין דעם, וואָס די כותים גלויבן, אז אויף דעם בארג גריזים נעבן דער שטאָט שכם אין ארץ ישראל דארף זיין דאָס בית המקדש, און די יידן האלטן אז אין ירושלים דארף זיין דאָס בית המקדש. דעריבער ווען מען הערט ניט פון כותי די גאנצע ברכה קאָן זיין, אז ער האָט אין דערמיט ברכה דערמאָנט די הייליקייט פון בארג גריזים; דעריבער קאָן מען ענטפערן „אמן" נאָך א ברכה פון א כותי נאָר ווען מען הערט, ווי ער האָט זי געזאָגט אינגאנצן.

## פרק ט.

א. הרואה ווען איינער זעט אַן אָרט, וואו עס זענען געשען ניסים צו יידן, מאכט ער די ברכה „ברוך שעשה נסים לאבותינו במקום הזה" (געבענטשט איז (גאָט) וואָס האָט געטאָן ניסים צו אונזערע עלטערן אין דאָזיקן אָרט). עס איז נויטיק צו באמערקן אז אומעטום, וואו די משנה ברענגט א ברכה בלויז מיט „ברוך", ווי למשל דאָ „ברוך שעשה ניסים" און אזוי ווייטער אין דער משנה אנדערע ברכות, מיינט מען אז מען דארף זאָגן „ברוך אתה ה' אלהינו מלך העולם שעשה ניסים" און אזוי ביי די אנ־דערע ברכות. דאָ לערנט די משנה, אז ווען מען זעט אַן אָרט, וואו ניסים זענען געשען צו יידן, מאכט מען א ברכה. אנשטאט „צו יידן" באנוצט דאָ די משנה דאָס וואָרט „לישראל", וואָס קאָן אויך זיין דער טייטש „צום יידישן פאָלק", און אין דער ברייתא אין דער גמרא ברכות אויף דער דאָזיקער משנה ווערן געבראכט אלס ביישפיל פאר אזעלכע ניסים די ערטער וואו די יידן זענען אריבער געגאנגען דעם ים סוף, די איינ־געפאלענע מויערן פון דער שטאָט יריחו, וואָס איז באזיגט געוואָרן אין דער מלחמה דורך יידן, און אויך אנדערע ניסים. די גמרא רופט עס אָן „ניסי דרבים", „די ניסים

**לאבותינו במקום הזה״. מקום שנעקרה ממנו עבודה זרה, אומר ״ברוך שעקר עבודה זרה מארצנו״.**

**ב. על הזיקין ועל הזועות ועל הברקים ועל הרעמים ועל הרוחות אומר ״ברוך שכוחו וגבורתו מלא עולם״. על ההרים ועל הגבעות ועל הימים ועל הנהרות ועל המדבריות אומר ״ברוך עושה מעשה בראשית״. ר׳ יהודה אומר, הרואה את הים הגדול אומר ״ברוך שעשה את הים הגדול״, בזמן שרואה אותו לפרקים. על הגשמים ועל בשורות טובות**

---

**פון א סך (יידן)״, און דער ירושלמי רופט עס אָן ״ניסי ישראל״.** מקום, (ווען איינער זעט) אן אָרט, וואו אן עבודה זרה איז פון דאָרט אויסגעריסן געוואָרן, זאָל ער זאָגן ״ברוך שנעקרה עבודה זרה מארצנו״ (געבענטשט איז (גאָט) וואָס האָט אויסגעריסן עבודה זרה פון אונזער לאנד). **פון וואָרט ״מארצנו״ (״פון אונזער לאנד״) אין דער ברכה איז צו זען, אז דאָס מיינט מען אין ארץ ישראל, און אזוי ווייזט אויס אויך אין ירושלמי (״מכל מקומות ארץ ישראל״); איין תנא, ר׳ ישמעאל בן גמליאל, זאָגט דאָרט אין ירושלמי אז אויך אין חוץ לארץ דאַרף מען מאכן די ברכה.**

ב. על הזיקין, אויף קאָמעטן און אויף ערד־ציטערנישן און אויף בליצן און אויף דונערן און אויף שטורם ווינטן זאָגט מען ״ברוך שכחו וגבורתו מלא עולם״ (״געבענטשט, וואָס מיט זיין כח און גבורה איז פול די וועלט״). **אין דער גמרא טייטשט דער אמורא שמואל, וועלכער איז געווען באקאנט מיט אסטראָנאָמיע, אז ״זיקין״ מיינט מען קאָמעט־שטערן, ״כוכבא דשביט״ (״די שטערן מיט א בעזים״); ״זועות״ טייטשט רש״י ״ערד־ציטערניש״״ און דער רמבם טייטשט ״שטורמישע קלאנגען אין דער לופט״; ״ברקים״ און ״רעמים״ זענען ווערטער פון תנך און דער טייטש איז ״בליצן און דונערן״; ״רוחות״ איז דער טייטש ״ווינטן״, און דער ירושלמי און אויך דער רמבם טייטשן ״שטורם־ווינטן״.** על ההרים, אויף בערג און בערגלעך און ים׳ען און טייכן און מדבריות זאָגט מען ״ברוך עושה מעשה בראשית״ (געבענטשט, וואָס מאכט די טאַט פון **בראשית״). אין דער משנה איז פאַראן ״מעשה בראשית״, און דאָס מיינט די געטליכע שאַפונג פון דער וועלט, וואָס ווערט דערציילט אין חומש פרשת ״בראשית״. ר׳ יחזקאל לאנדאַ אין זיין ספר ״ציון לנפש חיה״ (״צל״ח״) גיט די דער־קלערונג, אז אויף ערד־ציטערנישן אָדער בליצן וכדומה, וואָס אנטשטייען אלעמאָל פון דאָסניי, און אויך אויף קאָמעטן, וועלכע באוויזן זיך פון צייט צו צייט, איז די ברכה ״שכחו וגבורתו״, ווייל אויך איצט שאַפט זיי גאָט מיט זיין כח; אָבער אויף בערג, ים׳ען, וועלכע עקזיסטירן דאָך כסדר פון זינט די וועלט איז באשאַפן געוואָרן, זאָגט מען ״מעשה בראשית״, פון דער וועלט־שאַפונג אָן. אין טייל משניות פעלט דאָס וואָרט ״מעשה״, און עס שטייט בלויז ״עושה בראשית״.** ר׳ יהודה זאָגט, אז מען זעט דעם ים הגדול זאָגט מען ״ברוך שעשה את הים הגדול״ ווען מען זעט אים פון צייט צו צייט. **אין חומש הייסט ״ים הגדול״ דער מיטלענדישער ים, וואָס געפינט זיך ביי דער מערב־זייט פון ארץ ישראל. אָבער דער ברטנורא טייטשט, אז דאָס מיינט מען דעם אָקעאַן (ים אוקינוס). די גמרא זאָגט, אז ״פון צייט צו צייט״ (״לפרקים״) מיינט מען אויב מען האָט אים ניט געזען דרייסיק טעג.** על הגשמים, אויף רעגנס און אויף גוטע בשורות זאָגט מען ״ברוך הטוב והמטיב״ (״געבענטשט דער גוטער און וועלכער טוט גוטס״), און אויף שלעכטע ידיעות זאָגט מען ״ברוך דיין אמת״ (״געבענטשט איז דער אמת׳דיקער ריכטער״). **אין טייל משניות איז אויך ביי ״שלעכטע״ פאַראן דאָס וואָרט ״בשורות״, אָבער אין גרעסטן טייל משניות איז ביי גוטע פאַראן ״בשורות טובות״ און ביי שלעכטע ״שמועות רעות״. דער ווילנער גאון דערקלערט עס דער־מיט, וואָס ווי עס ווערט דערמאָנט אין טייל ערטער אין דער גמרא האָט מען זיך גע־היטן ניט אָנצוזאָגן קיין שלעכטע ידיעות. דעריבער איז אויף גוטע זאכן ריכטיק דער אויסדרוק ״בשורות״, ״אָנזאָגעכצן״, אָבער צו שלעכטע איז בעסער צוגעפּאַסט**

**אומר „ברוך הטוב והמטיב״, ועל שמועות רעות אומר „ברוך דיין האמת״.**

**ג. בנה בית חדש וקנה כלים חדשים אומר „ברוך שהחיינו״. מברך על הרעה מעין הטובה ועל הטובה מעין הרעה. הצועק לשעבר הרי זו תפילת שוא. כיצד? היתה אשתו מעוברת ואמר „יהי רצון שתלד אשתי זכר״, הרי זו תפילת שוא. היה בא בדרך ושמע קול צוחה בעיר ואמר „יהי רצון שלא יהו אלו בני ביתי״, הרי זו תפילת שוא.**

**ד. הנכנס לכרך. מתפלל שתים, אחת בכניסתו ואחת ביציאתו**

---

„שמועות״, געוואָר געוואָרן.

ג. בנה, ווען מען האָט געבויט א נייַ הויז אָדער געקויפט נייַע זאַכן זאָגט מען „ברוך שהחיינו״ („געבענטשט, וואָס האָט אונז געלאָזט דערלעבן״). די פולע ברכה פון שהחיינו איז אין דער משנה פון דער גמרא: „שהחיינו וקיימנו והגיענו לזמן הזה״, „וואָס האָט אונז געלאָזט דערלעבן און האָט אונז אויפגעהאַלטן און געלאָזט דערגרייכן צו דער איצטיקער צייט״. אנשטאָט דעם וואָרט „זאַכן״ איז פאַראַן אין דער משנה דאָס וואָרט „כלים״, וואָס האָט אין משנה און גמרא גאַנץ אָפט אויך די באַדייטונג פון קליידער און אנדערע זאַכן. מברך, מען מאַכט א ברכה אויף דעם שלעכטן (געשעהעניש) מיט דעם אינהאַלט פון גוטן, און אויף דעם גוטן (געשעהעניש) מיט דעם אינהאַלט פון שלעכטן. די גמרא דערקלערט די דאָזיקע שווערע משנה מיט א ביישפּיל. למשל, ווען ביי איינעם רייסט זיך אריין א וואַסער־פאַרפלייצונג אין זיין פעלד; שפּעטער וועט ער האָבן דערפון נוצן, ווייל די פאַרפלייצונג באַמיסטיקט די פעלדער, אָבער איצט איז עס שלעכט פאַר אים. דער רמב״ם אין פירוש המשניות איז מסביר ברייטער די דערקלערונגען פון דער גמרא, אז אויב איצט איז עס שלעכט נאָר שפּעטער קאָן ווערען דערפון א טובה, דאַרף מען מאַכן א ברכה, ווי אויף א שלעכטן געשעהעניש „ברוך דיין אמת״; און אויב איצט איז עס גוט, נאָר שפּעטער קאָן זיין הערפון שלעכט, דאַרף מען מאַכן א „ברוך הטוב והמטיב״. הצועק, אז איינער שרייט (טוט תפילה) אויף א שוין־געשעענער זאַך, הייסט עס א ווערטלאָזע תפלה. ווי אזוי? אויב זיין פרוי איז געווען שוואַנגער און ער האָט געבעטן: „עס זאָל זיין דער ווילן (פון גאָט) אז מיין פרוי זאָל געבוירן א יינגל״ איז דאָס א ווערטלאָזע תפלה. ווען איינער איז געגאַנגען אין וועג און האָט (הינטער דער שטאָט) געהערט דעם קלאַנג פון געשריי אין שטאָט און ער האָט געזאָגט: „עס זאָל זיין דער ווילן (פון גאָט) אז דאָס זאָל ניט זיין (פון) מיין הויז־געזינד, איז דאָס א ווערטלאָזע תפלה״. די משנה באַנוצט פאַר „ווערטלאָזע תפילה״ די ווערטער „תפילת שוא״, דאָס הייסט, א תפילה, וואָס קאָן גאָר־ניט העלפן, ווייל די זאַך איז שוין געשעען.

ד. הנכנס, ווען איינער גייט אריין אין א פעסטונגס־שטאָט זאָל ער זאָגן צוויי תפלות, איינע ביים אריינגיין (אז עס זאָל אים אין דער שטאָט ניט געשען קיין שלעכטס) און איינע ביים ארויסגיין (דאַנקן גאָט פאַרן ארויסגיין בשלום). בן עזאי זאָגט, אז ער דאַרף בעטן פיר תפלות, צוויי ביים אריינגיין און צוויי ביים ארויסגיין, און (דאָס הייסט) ער דאַנקט פאַר דעם, וואָס איז געווען ביז איצט, און בעט אויף דעם, וואָס דאַרף מיט אים געשען ווייטער. דאָס וואָרט פעסטונגס־שטאָט הייסט אין דער משנה „כרך״, און מען געפינט דאָס וואָרט א סך מאָל אין דער משנה און גמרא. מייסטנס הייסט עס א גרעסערע שטאָט, וואָס איז ארומגערינגלט מיט א מויער, און על פי רוב האָבן דאָרט ניט געוואוינט קיין יידן, כאָטש דאָס איז געווען אין ארץ־ישראל, נאָר עס זענען דאָרט געשטאַנען די פיינדליכע מיליטערישע גאַרניזאָנען פון די רוימער, שונאים פון יידן. דעריבער האָט די משנה געהייסן מתפלל זיין ביים קומען אהין, און דאַנקן גאָט וואָס מען איז ארויס פון דאָרט בשלום. דאָס וואָרט „כרך״ איז מסתמא פון „כרך״ ארומוויקלן, צוליב דער מויער וואָס האָט „ארומגעוויקלט״ די שטאָט. בן

**בן עזאי אומר, ארבע, שתים בכניסתו ושתים ביציאתו, ונותן הודאה לשעבר וצועק לעתיד לבא.**

**ה. חייב אדם לברך על הרעה כשם שהוא מברך על הטובה שנאמר „ואהבת את יי אלהיך בכל לבבך ובכל נפשך ובכל מאודך". „בכל לבבך", בשני יצריך, ביצר טוב וביצר רע, „ובכל נפשך", אפילו הוא נוטל את נפשך, „ובכל מאדך", בכל ממונך. דבר אחר „בכל מאדך", בכל מדה ומדה שהוא מודד לך הוי מודה לו במאד מאד. לא יקל אדם**

---

עזאי איז געווען א תנא, א יונגערער חבר פון ר' עקיבא; זיין נאָמען איז געווען שמעון בן עזאי, און אין מדרש איכה ווערט ער פאררעכנט אלס איינער פון די עשרה הרוגי מלכות (די 10 תנאים, וואָס זענען אומגעבראַכט געוואָרן דורך דער רוימישער רעגי־רונג), אין וואָס עס זענען באשטאנען די צוויי תפילות ביים אריינגאנג און די צוויי תפלות ביים ארויסגאנג, ווערט אין דער משנה ניט געזאָגט. דער רמבם טייטשט, אז די לעצטע ווערטער פון דער משנה „און ער דאנקט פאר דעם וואָס איז פאָרגע־קומען, און בעט אויף ווייטער" געהערן צו בן עזאי, און דער זין איז, אז סיי ביים אריינגיין און סיי ביים ארויסגיין פון דעם כרך זאָל ער זאָגן אי א דאנק פאר דעם פאַרגאנגענעם, אי א תפלה אויף דעם וואָס דארף געשען; די דערקלערונג פון רמבם איז, ווארשיינליך, געשטיצט אויף דעם ירושלמי.

ה. א מענטש איז מחויב צו ליבן (גאָט) פאר שלעכטס אזוי ווי ער לויבט (גאָט) פאר גוטס, ווייל עס איז געזאָגט (אין חומש דברים ו') „און דו זאָלסט ליב האָבן גאָט דיין גאָט מיט דיין גאנצן הארצן און מיט דיין גאנצער נשמה און מיט דיין גאנצן פארמעגן"; „מיט דיין גאנצן הארצן" מיינט מען „מיט דיינע ביידע יצרים (נייגונגען), מיט דעם יצר טוב און מיטן יצר הרע; און „מיט דיין גאנצער נשמה", מיינט מען, אז אפילו ער נעמט ביי דיר צו דיין נשמה, „און מיט דיין גאנצן פארמעגן" מיינט מען „מיט דיין גאנץ געלד"; אן אנדערע דערקלערונג איז: „בכל מאודך", פאר יעדער מאָס, מיט וועלכער ער מעסט דיר זאָלסטו אים דאנקן זייער און זייער. **דער דין, אז א מענטש דארף דאנקן גאָט און מאכן א ברכה אויף א שלעכטער פאסירונג אזוי ווי אויף א גוטער פאסירונג, לערנט דא די משנה ארויס ערשטנס פון דעם „ובכל נפשך", „מיט דיין גאנצער נשמה" וואָס ווערט אויסגעטייטשט, אז אפילו ווען גאָט נעמט צו ביים מענטש זיין נשמה, זיין לעבן, דארף ער אויך ליב האָבן גאָט; צווייטנס, פון דעם „ובכל מאודך", וואָס ווערט געטייטשט לויט דעם ערשטען פשט, אז „מאודך" מיינט מען „פארמעגן", און לויט דעם צווייטן פשט פון וואָרט „מאוד", „זייער"; די משנה דערקלערט דעם פסוק אז „בכל", אויף אלעם, אויף יעדער מאָס, מיט וועלכער גאָט באהאנדלט דעם מענטש, סיי מיט דער גוטער און סיי מיט דער שלעכטער, זאָל מען גאָט דאנקן זייער און זייער. די משנה גיט שוין אגב צו א פשט אויך אויף דעם „בכל לבבך", „מיט דיין גאנצן הארצן", און טייטשט עס אויס, אז דאָס מיינט מען „מיט אלע נייגונגען, וואָס דער מענטש האָט אין הארצן", מיט די גוטע און מיט די שלעכטע, מיט דעם יצר טוב און דעם יצר הרע. דער רבנו יונה טייטשט, אז דאָס מיינט מען אין זין פון „סור מרע ועשה טוב", „ניט טאָן שלעכטס" און „טאָן גוטס". טאָן מצוות, און ניט טאָן עבירות. דער רמבם טייטשט, אז מען מיינט, דאָס אפילו ווען מען האָט געטאָן א עבירה זאָל מען אויך זיך דערמאָנען אין גאָט.** לא יקל, א מענטש זאָל זיך ניט באציען מיט גרינג־שעצונג אנטקייגן דעם מזרח־טויער (פון הר הבית), ווייל ער (דער טויער) איז גלייך **אנטקייגן דעם הויז פון קודש הקדשים. די משנה לערנט דאָ וועגן דער הייליקייט פון הר הבית (דעם „בארג פון הויז"), דאָס איז דער פלאַץ, אויף וועלכן דאָס בית המקדש איז געשטאנען, און מען טאָר ניט דעריבער זיך באציהען מיט גרינגשעצונג („גרינג־שעצונג" איז „יקל ראשו", „גרינגגן קאָפּ"; זע פריער פרק ה' משנה א') אפילו אין דרויסן פון הר הבית אנטקייגן דעם „שער המזרח", דעם מזרח־טויער, וועלכער שטייט**

**את ראשו כנגד שער המזרח, שהוא מכוון כנגד בית קדשי הקדשים, ולא יכנס להר הבית במקלו ובמנעלו ובפונדתו ובאבק שעל רגליו, ולא יעשנו קפנדריא, ורקיקה מקל וחמר. כל חותמי ברכות שהיו במקדש היו אומרים „מן העולם״. משקלקלו המינים ואמרו, אין עולם אלא אחד, התקינו שיהו אומרים „מן העולם ועד העולם״. והתקינו שיהא אדם**

---

פונקט אנטקייגן־איבער דעם קודש הקדשים, דעם הייליקסטן הויז זעלבסט. ולא יכנס, און (א מענטש) זאָל ניט ארויפגיין אויפן הר הבית מיט זיין שטעקן, אָדער אָנגעטאָן די שיך (אויף די פיס), אָדער טראָגנדיק זיין געלט־גארטל, און אויך ניט מיט שטויב אויף זיינע פיס. מיר געפינען אויך אין אנדערע ערטער אין דער גמרא, אז מען האָט ניט געטאָרט אריינגיין אויפ׳ן בית־המקדש־פלאץ אין שיך, נאָר מען האָט דאָרט געמוזט גיין באָרוועס. „געלד־גארטל״ הייסט אין דער משנה „פונדה״, און ווי ר׳ בנימין מוספיא ווייזט אָן אין „מוסף הערוך״ איז עס דאָס לאטייניש וואָרט „פונדא״, וואָס איז דער טייטש א גארטל, אין וועלכן מען האלט געלד. די אלע זאכן זענען באטראכט געוואָרן פאר אן אום־כבוד צום בית המקדש. ולא יעשנו, און מען זאָל אים (דעם בית המקדש פלאץ, הר הבית) ניט מאכן פאר א דורכגאנג־אָרט, און ניט שפייען דאָרט, און (דאָס לערנען מיר אָפּ) פון א קל וחומר. דער זין איז אז מה דאָך אזא גרינגע זאך (אזא „קל״) ווי טראָגן שיך, איז ניט קיין כבוד פארן בית המקדש, איז דאָך זיכער, אז שפייען, וואָס איז א שווערערע („חומר״) גרינגשעצונג, טאָר מען אודאי ניט. דאָס וואָרט „קפנדריא״ ווייזט אָן דער „מוסף הערוך״, איז פון לאטייניש „קאָמפּענדאריא״, דאָס הייסט א קורצערער וועג. כל, אלע וועלכע האָבן פארענדיקט ברכות אין בית המקדש, פלעגן זאָגן „מן העולם״ („פון דער וועלט״), אָבער אז די מינים (אפיקורסים) זענען געוואָרן פארדאָרבן און האָבן געזאָגט; אז עס איז מער ניט פאראן ווי איין וועלט, האָט מען מתקן געווען, אז מען זאָל זאָגן „מן העולם ועד העולם״ (פון דער וועלט צו דער וועלט״). פריער אין דער משנה ברכות פרק א׳ משנה ד׳ האָבן מיר דערקלערט אז דער אויסדרוק „לחתום ברכה״ (צו פארענדיקן א ברכה) הייסט, ווען צום סוף פון א תפילה זאָגט מען „ברוך אתה ה׳ ״ (געבענטשט ביזטו גאָט). למשל די ערשטע ברכה פון שמונה עשרה ענדיקט זיך מיט „ברוך אתה ה׳ מגן אברהם״. די משנה זאָגט דאָ, אז גאָר אמאָל פלעגט מען אין בית המקדש ביים פארענדיקן א ברכה זאָגן ניט ווי מיר היינט בלויז מיט „ברוך אתה ה׳ ״, נאָר „ברוך אתה ה׳ מן העולם״ (געבענטשט ביזטו גאָט פון דער וועלט). דאָס הייסט, אז די ערשטע ברכה פון שמונה עשרה האָט זיך געענדיקט מיט „ברוך אתה ה׳ מן העולם מגן אברהם״. אָבער עס זענען אויפגעקומען מינים, אפיקורסים וועלכע האָבן געזאָגט, אז עס איז נור דאָ איין וועלט, און אז קיין יענע וועלט איז אינגאנצן ניטאָ, זיי האָבן ניט געגלויבט, אז די נשמה בלייבט לעבן נאָכן טויט פון מענטש. האָט מען דעריבער מתקן געווען, אז מען זאָל זאָגן ביים פארענדיקן די ברכות „מן העולם ועד העולם״, „פון דער וועלט צו דער וועלט״, און אזוי ארום האָט מען מפרסם געווען די אמונה, אז עס איז אויך פאראן אַ יענע וועלט. די מפרשים (דער ברטנורא און אנדערע) ווייזן אָן, אז דער מנהג צו זאָגן „מן העולם ועד העולם״ איז שוין איינגעפירט געוואָרן באלד אין אָנהויב פון 2־טן בית המקדש, דורך עזרא הסופר, און אין נחמיה ט׳ געפינען מיר שוין דעם „מן העולם ועד העולם״.והתקינו, און מען האָט מתקן געווען, אז איין מענטש זאָל באגריסן דעם צווייטן מענטש מיט (גאָטס) נאָמען. דער טייטש דערפון איז, אז ביים באגריסן זיך זאָל מען דערמאָנען דעם נאָמען פון גאָט, און עס הייסט ניט, אז מען זאָגט ארויס גאָטס נאָמען אומזיסט. אין דער משנה שטייט נור דאָס וואָרט „בשם״, „מיטן נאָמען״, אָבער דאָס מיינט מען מיטן נאָמען פון גאָט. שנאמר, וואָרום עס ווערט געזאָגט (רות ב׳, ד׳) „און בועז איז אָנגעקומען פון בית לחם און ער האָט געזאָגט צו די שניטערס: גאָט זאָל זיין מיט אייך, און זיי האָבן אים אָפּגעענטפערט: גאָט זאָל דיך בענטשן״.

**שואל את שלום חברו בשם, שנאמר „והנה בעז בא מבית לחם ויאמר לקוצרים יי עמכם ויאמרו לו יברכך יי״. ואומר „יי עמך גבור החיל״. ואומר „אל תבוז כי זקנה אמך״. ואומר „עת לעשות ליי הפרו תורתך״. ר׳ נתן אומר, הפרו תורתך עת לעשות ליי.**

---

די משנה ברענגט דאָ א פסוק, אויף וועלכן עס האָבן זיך געשטיצט די חכמים, וואָס האָבן מתקן געווען, אז מען זאָל זיך באגריסן מיט גאָט׳ס נאָמען, ווארום מיר זעען דאָך, אז בועז און די שניטערס האָבן אויך אזוי געטאָן, און זיי האָבן זיך באגריסט מיט „ה׳ עמכם״, „גאָט זאָל זיין מיט אייך״. ואומר און נאָך אין אָרט ווערט געזאָגט (שופטים ו׳ י״ב) „גאָט איז מיט דיר, מוטיקער העלד״. מיט די דאָזיקע ווערטער האָט דער מלאך באגריסט גדעון. עס איז דעריבער אויך פון דאנען דער באוויז, אזביים באגריסן מעג מען דערמאָנען גאָטס נאָמען. ואומר, און עס ווערט אויך געזאָגט (משלי כ״ג) „זאָלסט ניט פאראכטן דאָס וואָס דיין מוטער איז אלט״. רשי און אנדערע מפרשים טייטשן, אז דעם דאָזיקן פסוק ברענגט די משנה כדי צו ווייזן, אז מען טאָר ניט גרינגשעצן מנהגים פון אלטע פירער פון יידישן פאָלק, און עס הייסט דעריבער, אז מען קאָן זיך אָפּלערנען פון בועז און דעם סיפור המעשה פון גדעון. ואומר, און עס ווערט אויך געזאָגט (תהלים קי״ט) „(אין) א צייט צו טאָן פאר גאָט האָבן זיי פארשטערט דיין תורה״. רשי טייטשט, אז די משנה לערנט פונ׳ם דאָזיקן פסוק, אז ווען מען דארף טאָן עפּיס פאר גאָט׳ס וועגן זענען די חכמים טיילמאָל מתקן א זאך, כאָטש עס איז ניט ווי דער דין. דאָס מיינט, אז כאָטש מען דארף זיין נזהר ניט ארויסצוברענגען גאָטס נאָמען אומזיסט, אָבער צוליב דער נויטיקייט צו פארשפרייטן אמונה האָבן די חכמים מתקן געווען, צו באגריסן מיט גאָטס נאָמען. ר׳ נתן זאָגט „זיי האָבן פארשטערט דיין תורה (אין) א צייט צו טאָן פאר גאָט״. ר׳ נתן זאָגט אויך ארויס דעמזעלבן געדאנק,אז די חכמים האָבן געפינען פאר נויטיק מתקן צו זיין א תקנה כאָטש עס איז געגען דעם דין, ווייל עס איז געווען אצייט צו טאָן פאר גאָט. ר׳ נתן איז געווען א תנא, א יינגערער חבר פון ר׳ מאיר און ר׳ יהודה; ער האָט געשטאמט פון בבל און זיין פאָטער איז געווען דער ריש גלותא, דער פרינץ און פירער פון די יידן אין בבל. ר׳ נתן איז אוועק פון בבל קיין ארץ ישראל, וואו ער איז געוואָרן אב בית דין, דער פירער פון בית דין, ביים נשיא רבן שמעון בן גמליאל דעם צווייטן.

סליק מסכת ברכות — געענדיקט די מסכת ברכות

# מסכת פאה

אין דער תורה (ויקרא י״ט, ויקרא כ״ג, דברים י״ד און דברים כ״ד) ווערט געזאָגט אז איינער האָט א פעלד, צי א גאָרטן, זאָל ער ניט צונעמען פאר זיך אליין די גאנצע תבואה פון פעלד, אלע פרוכטן פון גאָרטן, נאָר ער זאָל געבן דערפון טיילן צו אָרימע לייט. די דאָזיקע טיילן הייסן אין דער גמרא „מתנות עניים״, מתנות פאר די אָרימע לייט. די דאָזיקע מתנות זענען:

**א.** „פאה״. דער טייטש פון דאָזיקן וואָרט איז „עק״. ווען מען שניידט די תבואה אין פעלד אָדער מען נעמט אראָפּ פרוכטן פון בוימער זאָל מען איבערלאָזן אן „עק״, „פאה״, אביסל תבואה צי פרוכטן, און די אָרימע לייט זאָלן עס נעמען.

**ב.** „לקט״, „אויפקלייבן״. ווען מען שניידט תבואה און ביים שניידן פאלן אראָפּ תבואה־זאנגען, הייסט דאָס „לקט״, און דער בעל הבית פון פעלד, טאָר עס ניט אויפּקלייבן פאר זיך, נאָר עס איבערלאָזן פאר אָרימע לייט. דער דאָזיקער „לקט״ האָט נאָך א נאָמען, דהיינו, ביי א וויינגאָרטן מיט וויינטרויבן הייסט ער „פרט״.

**ג.** „שכחה״, „דאָס פארגעסענע״. אויב דער בעל הבית האָט ביים שניידן די תבואה אָדער די פרוכטן פארגעסן אָפּצושניידן אביסל תבואה און פרוכטן און האָט זיי איבערגעלאָזט און ער איז פון דעם אָרט אוועקגעגאנגען, איז אפילו ער האָט דערנאָך זיך דערמאָנט, טאָר ער ניט צוריקגיין און דאָס צונעמען פאר זיך, נאָר ער מוז עס

# מסכת פאה
## פרק א.

### א. אלו דברים שאין להם שיעור, הפאה והבכורים והראיון וגמילות

איבערלאָזן פאַר אָרימע לייט; דאָס הייסט „שכחה". אָבער „שכחה" איז נאָכמער, דהיינו, אפילו, ווען דער בעל הבית האָט פאַרגעסן ניט ביים שניידן, נאָר אויך ביים צונעמען פון פעלד שוין אָפּגעשניטענע בינטלעך תבואה אָדער פרוכטן, מוז ער אויך איבערלאָזן פאַר די אָרימע לייט.

ד. „עוללות"; דער טייטש דערפון איז „ניט־ריכטיק געוואַקסענע וויינטרויבן"; אויך זיי דאַרף מען איבערלאָזן פאַר די אָרימע לייט. וואָס מען מיינט מיט „ניט ריכטיק געוואַקסענע וויינטרויבן" ווערט מען געפינען דערקלערט ווייטער אין דער משנה. די מצוה פון „עוללות" איז נאָר ביי וויינטרויבן, און ניט ביי אנדערע פרוכטן.

ה. „מעשר עני", „דאָס צענטל פאַר דעם אָרימאַן". יעדער בעל הבית דאַרף אָבשיידן א טייל פון זיינע תבואות און פרוכטן (לערך א פופציקסטל) און געבן צום כהן, און דער דאָזיקער טייל הייסט „תרומה". דערנאָך דאַרף ער אפשיידן א „צענטל", מעשר ,און געבן צו א לוי (אָדער צו א כהן), און דאָס הייסט „מעשר ראשון", דאָס „ערשטע צענטל". דערנאָך דאַרף ער אראָפּנעמען נאָך א צענטל, וואָס הייסט „מעשר שני" (דאָס צווייטע צענטל) און אוועקפירן עס אויפצועסן אין ירושלים. אָבער יעדעס דריטע און זעקסטע יאָר, נאָך דעם שמיטה־יאָר (די צייט איז איינגעטיילט אין 7 יאָר, יעדע 7 יאָר הייסט „שבוע") דאַרף מען ניט אפשיידן מעשר שני, נאָר מען שיידט־אָפּ א צענטל און מען גיט עס אוועק צו אָרימע לייט, און דאָס הייסט „מעשר עני". אזוי האָט מען זיך נוהג געווען 6 יאָר פון יעדע 7 יאָר, דאָס 7־טע יאָר אָבער האָט געהייסן שמיטה־יאָר, און דעמאָלס האָט מען גאָרניט געגעבן, ווייל אלע תבואות און פרוכטן פון די פעלדער און גערטנער זענען אין דעם יאָר געווען הפקר, יעדער האָט געקאָנט נעמען וויפיל ער האָט געוואָלט.

אין דער מסכת פאה לערנט די משנה די דינים, וואָס האָבן א שייכות צו די „מתנות עניים", די דערמאָנטע פאה, לקט, שכחה, עוללות און מעשר עני. מיר האָבן דאָ געגעבן אויך עטליכע ווערטער וועגן תרומה און מעשר, ווייל דאָס וועט צונוץ קומען צו פארשטיין טייל זאכן אויך אין דער משנה פאה.

## פרק א.

א. אלו דברים, די דאָזיקע זאכן האָבן ניט קיין שיעור. די משנה לערנט, אז וועגן די זאכן, וואָס ווערן באלד ווייטער אויסגערעכנט, האָט די תורה ניט אָנגעגעבן קיין באשטימטן שיעור, גרעניץ, וויפיל מען דאַרף זיי טאָן. הפאה. די תורה האָט געזאָגט, אז ווען א בעל הבית נעמט אראָפּ זיין תבואה און פרוכטן פון פעלד, דאַרף ער אי־בערלאָזן „פאה", אין עק פעלד אביסל ניט אָפּגעשניטענע תבואה און פרוכטן פאַר אָרימע לייט, אז זיי זאָלן קומען און עס נעמען. אָבער די תורה האָט ניט געזאָגט, וויפיל מען דאַרף איבערלאָזן פאה. והביכורים; די תורה זאָגט, אז געוויסע מינים תבואה און פרוכטן, וואָס ווערן פרי צייטיק, וואָס הייסן אין לשון קודש „ביכורים", די „ערשטע צייטיק־געוואָרענע", דאַרף מען ברענגען קיין ירושלים אין בית המקדש און געבן צו די כהנים. אָבער די תורה זאָגט ניט וויפיל זאָלן זיין די דאָזיקע ביכורים. והראיון, זיך ווייזן. די תורה זאָגט, אז אין די דריי ימים טובים, פסח, שבועות און סוכות, זאָל יעדער יידישער מאנסביל קומען קיין ירושלים אין בית המקדש־הויף (עזרה) זיך צו ווייזן פאַר גאָט, און מען דאַרף דערביי מיטברענגען קרבנות מקריב צו זיין אויפן מזבח. אָבער די תורה זאָגט ניט, וויפיל מאָל מען דאַרף אין פארלויף פון יום טוב קומען אין בית המקדש הויף; פאַראַן אויך א טייטש, אז די תורה האָט ניט אָנגעזאָגט, וויפיל קרבנות מען דאַרף ברענגען און וויפיל געלד די קרבנות דאַרפן קאָסטן. וגמילות חסדים, טאָן גוטס (צו מענטשן). אונטער דעם וואָרט „גמילות חסדים"

**חסדים ותלמוד תורה. אלו דברים שאדם אוכל פירותיהן בעולם הזה והקרן קימת לו לעולם הבא, כבוד אב ואם וגמילות חסדים והבאת שלום בין אדם לחברו; ותלמוד תורה כנגד כולם.**

**ב. אין פוחתין לפאה מששים; ואף על פי שאמרו אין לפאה שיעור — הכל לפי גודל השדה ולפי רוב העניים ולפי רוב הענוה.**

**ג. נותנים פאה מתחלת השדה ומאמצעה. ר׳ שמעון אומר, ובלבד**

---

פאַרשטייט מען סיי געבן צדקה סיי אַרויסהעלפן אַנדערע מענטשן מיט אַ הלוואה און אַ סך אַנדערע הילף; אויך דערביי ווערט ניט אָנגעגעבן קיין שיעור, וויפיל דאַרף באַטרעפן דער גמילות חסדים. ותלמוד תורה, לערנען תורה. אויך לערנען תורה האָט קיין שיעור ניט. אלו דברים, דאָס זענען די זאַכן, וואָס דער מענטש עסט זייערע פירות אויף דער וועלט און דער קרן בלייבט איבער פאַר אים אויף יענער וועלט. דער טייטש איז, אַז אַ געוויסע באַלוינונג פאַר טאָן די ווייטער־אויסגערעכנטע מצוות קריגט מען שוין אויף דער וועלט, אָבער דער עיקר באַלוינונג בלייבט איבער פאַר דעם מענטש צו באַקומען אויף יענער וועלט. „קרן“ הייסט אין דער משנה און גמרא דער „גרונט־קאַפּיטאַל“, וואָס ווערט קיינמאָל ניט פאַרקלענערט, און „פירות“ הייסן די „פּראָצענטן“, וואָס דער גרונט־קאַפּיטאַל טראָגט. איצט רעכנט די משנה אויס די מצוות: כבוד אב ואם, דאָס מכבד זיין פאָטער און מוטער, טאָן גוטס צו מענטשן (גמילות חסדים), מאַכן שלום צווישן איין מענטש און דעם צווייטן; ותלמוד תורה, און לערנען תורה איז אַזוי חשוב ווי זיי אַלע. כאָטש די פריער אויסגערעכנטע מצוות זענען זייער גרויס, אָבער לערנען תורה איז גרעסער פון אַלע מצוות. — די גאַנצע משנה איז דאָ געבראַכט געוואָרן צוליב דעם וואָרט „פאה“, אַז פאה האָט קיין שיעור ניט.

ב. אין פוחתין, מען גיט ניט פאה ווייניקער פון אַ זעכציקסטל, כאָטש מען האָט געזאָגט, אַז פאה האָט ניט קיין שיעור. כאָטש מיר האָבן פריער געלערנט, אַז פאה געהערט צו די זאַכן, וועלכע האָבן ניט קיין שיעור, אָבער די חכמים האָבן ניט געוואָלט, אַז מען זאָל איבערלאָזן אין פעלד פאַר די אָרימע לייט עפּיס אַ קלייניקייט, און דעריבער האָבן זיי מתקן געווען, אַז מען זאָל איבערלאָזן פאה ניט ווייניקער פון אַ זעכציקסטל פון פעלד. הכול, אַלץ איז אָפּהענגיג פון דער גרויס פון פעלד, פון דער צאָל אָרימע לייט און פון דער גרויס פון גערעטעניש. דאָ ווערט געלערענט, אַז כאָטש מען האָט געזאָגט, אַז עס איז גענוג צו געבן פאה אַ זעכציקסטל פון פעלד, פונדעסטוועגן אויב איינער האָט אַ קליין פעלד, און אַ זעכציקסטל וועט באַטרעפן ווייניק, דאַרף ער געבן מער; דאָסזעלבע אויב עס זענען פאַראַן אַ סך אָרימע לייט דאַרף מען געבן מער, כדי עס זאָל צו יעדן אָנקומען כאָטש עפּיס; דאָסזעלבע, אויב איינער האָט געהאַט אַ גוט גערעטעניש זאָל ער געבן מער. „גערעטעניש“ הייסט אין דער משנה „ענוה“, און עס זענען פאַראַן דערויף עטליכע טייטשן. טייל מפרשים מיינען, אַז עס איז פון וואָרט „ענה“ („ענטפערן“, דער „ענטפער“ פון דער ערד, דאָס גערעטעניש). טייל מיינען אַז עס איז אַזוי ווי „ענבה“, דאָס הייסט ,קערנדלעך“, און מיר געפינען דעם דאָזיקן אויסדרוק אויך ווייטער אין פאה פרק ו׳ משנה ז׳.

ג. נותנים מען מעג געבן פאה פון אָנהויב פון פעלד און פון דער מיטן. דאָס וואָרט פאה מיינט ניט־דווקא דאָס שטיקל פעלד וואָס מען לאָזט איבער צום סוף ביים ענדע פון שניידן די תבואה, נאָר מען קאָן אויך ביים אָנהויבן שניידן איבערלאָזן אַ שטיקל פעלד אַלס פאה, און דאָסזעלבע קאָן מען אויך איבערלאָזן אין מיטן פעלד. ר׳ שמעון זאָגט, אָבער מען דאַרף איבערלאָזן צום סוף (פעלד) וויפיל דער שיעור איז. אומעטום ווי עס איז פאַראַן ר׳ שמעון סתם מיינט מען דעם תנא ר׳ שמעון בן יוחאי, אַ חבר פון ר׳ מאיר און ר׳ יהודה; ר׳ שמעון איז פאַרפאָלגט געוואָרן דורך דער רוימישער רעגירונג און איז געווען באַהאַלטן אין אַ הייל. די קבלה־טראַדיציע זאָגט, אַז ער האָט מחבר געווען דעם „זוהר“. ר׳ שמעון האַלט, אַז צום סוף פעלד מוז מען אי־

**שיתן בסוף כשיעור. ר׳ יהודה אומר, אם שייר קלח אחד סומך לו משום פאה, ואם לאו אינו נותן אלא משום הפקר.**

**ד. כלל אָמרו בפאה, כל שהוא אוכל, ונשמר, וגדוליו מן הארץ, ולקיטתו כאחת, ומכניסו לקיום, חייב בפאה; והתבואה והקטניות בכלל הזה.**

---

**בערלאָזן פאה ווי פיל דער שיעור איז, א זעכציקסטל; אין דער תוספתא פאה איז פאַראן א טעם, פארוואָס מען מוז איבערלאָזן פאה צום סוף פעלד, כדי די אָרעמע לייט זאָלן ניט דארפן כסדר ווארטן און אויסקוקן, אַז אַט־אַט לאָזט מען איבער פאה; דאַקייגן, ווען זיי ווייסן, אז מען לאָזט איבער צום סוף שניידן דאָס פעלד, דארפן זיי ניט ווארטן.** ר׳ יהודה זאָגט, אז אויב מען האָט (צום סוף פעלד) איבערגעלאָזט איין שטעקלעע (איין זאנג) קאָן מען צו דעם צורעכנען די פאה, און אויב ניט, קאָן מען געבן נור אלס הפקר. **ר׳ יהודה׳ס מיינונג איז ניט קלאָר, און בכלל איז די גאנצע משנה דאָ שווער, און די מפרשים האָבן דערויף א סך פירושים. דער טייטש, וואָס לייגט זיך אממערסטן אויפן שכל איז, אז ר׳ יהודה האלט ניט ווי ר׳ שמעון, אז מען דארף צום סוף פעלד געבן דעם גאנצן שיעור פאה, א זעכציקסטל; נאָר מען דארף צו־געבן כאָטש עפּיס, כאָטש איין זאנג, אזוי אז צוזאמען מיט דער פאה, וואָס מען האָט געגעבן אין אָנהויב אָדער אין דער מיטן פעלד, זאָל עס זיין א זעכציקסטל. ווי איז אָבער, אז מען האָט צום סוף אפילו קיין איין זאנג אויך ניט איבערגעלאָזט, איז דאָס אלץ וואָס מען האָט פריער געגעבן ניט קיין ״פאה״ נאָר עס איז ״הפקר״; דאָס הייסט, אז דער בעל הבית פון פעלד האָט דאָס מפקיר געווען און יעדער קאָן עס נעמען. דער אונטערשיד צווישן ״פאה״ און ״הפקר״ באשטייט אין דעם, וואָס פאה מעגן נעמען נאָר אָרימע לייט, און הפקר מעג נעמען יעדער מענטש. די משנה באנוצט דאָ פאר א ״זאנג״ דאָס וואָרט ״קלח״, וואָס איז דער טייטש א ״וואקסענדיק שטעקעלע״, אזוי אז א זאנג, א בוים, א קליין בוימעל קאָנען הייסן ״קלח״, ווי מיר וועלן עס זען ווייטער אין דער משנה.**

ד. כלל, זיי, די חכמים, האָבן געזאָגט ביי פאה דעם דאָזיקן כלל: אלץ וואָס איז עסנווארג, און ווערט געהיט, און זיין וואוקס איז פון דער ערד, און ווערט אראָפּגעריסן צוזאמען (ניט ביסלעכווייז), און מען ברענגט עס אריין (אין א מאגאזין) אויף צו האלטן, דארף מען (דערפון) געבן פאה. **די משנה לערנט דאָ אַן אלגעמיינעם כלל, אז נור פון אזא געוויקס, וואָס פאַרמאָגט די אלע אויסגערעכנטע מעלות, דארף מען געבן פאה. אויב אָבער ביי א געוויקס פעלט נור אפילו איינע פון די אויסגערעכנטע מעלות, איז מען פטור צו געבן דערפון פאה. די גמרא (שבת ס״ח) גיט ביישפּילן פון געוויקסן, וועלכע זענען פטור פון פאה. למשל פאראן אזא גראָז וואָס מען עסט עס נור אין פאַל פון נויט, הייסט עס ניט קיין ״עסנווארג״; תבואה, וואָס איז הפקר, הייסט ניט אז עס ״ווערט געהיט״; שוואָמען ווערן באטראכט אין דער גמרא, אז זיי שעפּן זייער יניקה פון דער לופט, הייסן זיי דעריבער ניט, אז זיי ״וואקסן פון דער ערד״; פייגן ווערן אראָפּגעריסן פון בוים ניט אלע מיט אמאָל, ווייל ניט אלע ווערן צייטיק מיט אמאָל, הייסן זיי דעריבער ניט אז זיי ״ווערן אראָפּגעריסן צוזאמען״; דער גרעסטער טייל ירקות, גרינווארג, קאָנען ניט ווערן געהאלטן אין מאגאזין א לענגערע צייט, מען מוז זיי שנעל פארנוצן, ווייל זיי ווערען געשווינד קאליע, הייסן זיי דעריבער ניט, אז מען ״ברענגט זיי אריין צום האלטן״; די אלע זאכן זענען פטור פון פאה.** והתבואה, און תבואה און קטניות (שויטן־פרוכטן) זענען אין דאָזיקן כלל. **זיי פאַרמאָגן יאָ די אלע אויסגערעכנטע מעלות, און מען דארף דעריבער געבן פון זיי פאה. מיטן וואָרט ״תבואה״ באצייכנט מען די פינף מינים: ווייץ, גערשטן, האָבער, קאָרן, און שפעלץ (אזא סאָרט תבואה); מיט ״קטניות״ באצייכנט מען ״שויטן־פרוכטן״, א שטייגער ווי: ארבעס, באָבעס, רייז און אנדערע אזעלכע געוויקסן, וואָס זייערע קערנדלאַך ווערן געגעסן. די משנה זאָגט, אז פון אלע תבואות און קטניות דארף מען געבן פאה.**

**ה. ובאילן, האוג והחרובין והאגוזים והשקדים והגפנים והרמונים והזיתים והתמרים חיבים בפאה.**

**ו. לעולם הוא נותן משום פאה ופטור מן המעשרות עד שימרח. ונותן משום הפקר ופטור מן המעשרות עד שימרח. ומאכיל לבהמה**

---

ה. ובאילן, און ביי בוימער דארף מען געבן פאה (נאָר פון) גאַרבער־בוים און באָקסן־ביימער און ניס־ביימער און מאנדל־ביימער און ווײנשטאָקן און מילגרוימן־ביימער און איילבירטן־ביימער און טייטל־ביימער. פון ביימער־פרוכטן דארף מען געבן פאה פון די דאָזיקע 8 אויסגערעכנטע מינים; דאקייגן פון טייל אנדערע ביימער, ווי למשל פון פייגן, דארף מען קיין פאה ניט געבן, ווייל זיי האָבן ניט אלע דערמאָנטע מעלות. דער ערשטער בוים, גארבער־בוים הייסט אין דער משנה „אוג", און דער רמב"ם זאָגט, אז דאָס איז דער „סומאק" (אין אראביש), וועמענס קאָרע מען נוצט צו גארבן פעל, און אויף אים וואקסן א סאָרט טרויבן צום עסן. זאָל דאָ באמערקט ווערן, אז דער נאָמען פון די ביימער האָבן דעמזעלבן נאָמען ווי פון זייערע פרוכטן, למשל „חרובים" הייסן „באָקסערס" און אויך „באָקסער־ביימער", און אזוי די אנדערע ביימער; אן אויסנאַם זענען דא די וויין־שטאָקן, וועלכע הייסן „גפנים" און ניט „ענבים" (ווײנטרויבן).

ו. לעולם, מען קאָן געבן כסדר פאה און מען איז פטור צו געבן (פון דער פאה) מעשר, ביז מען גלעט־צו (די תבואה). די משנה לערנט דאָ, אז כאָטש פאה דארף מען געבן „במחובר", דאָס הייסט פון די זאנגן, וועלכע זענען נאָך באהעפט צום פעלד, נאָכניט אָפגעשניטן, פונדעסטוועגן אויב מען האָט געגעבן פאה פון „תלוש", פון דער אראָפגעשניטענער תבואה, האָט אויך די דאָזיקע „פאה" דעם דין פון פאה, און מען דארף דערפון ניט געבן צום כהן און צום לוי תרומה און מעשר (זע אין דעם פאָר־וואָרט צו דער ערשטער משנה אין פאה), ווייל פון פאה איז מען פטור צו געבן תרומה און מעשר. אָבער דאָס איז נאָר ווען מען גיט די פאה פון דער אָפגעשניטענע תבואה, אָדער אפילו נאָכדעם ווי מען האָט די תבואה שוין אויסגעדראָשן און געמאכט דערפון קופּעס ווייץ (אָדער אנדערע תבואה), אָבער איידער מען האָט די דאָזיקע קופּעס צו־געגלעט („מירוח"), אז די פּלעוועס זאָלן אראָפּגיין; ווייל פאַרן „צוגלעטן" די תבואה דארף מען נאָך בכלל פון איר קיין מעשר ניט געבן, מחמת די תבואה איז נאָכניט „פארענדיקט", עס איז נאָכניט געווען איר „גמר מלאכה", דער סוף פון דער ארבייט ארום איר, ממילא, הייסט עס, אז מען האָט די פאה געגעבן איידער די תבואה איז מחויב געוואָרן צו געבן פון איר מעשר. אָבער, אויב מען גיט פאה נאָכן „צוגלעטן", מוז מען שוין פון דער פאה געבן מעשר, ווייל מען האָט דאָך שוין געדארפן פון דער צוגעגליטעטער תבואה געבן מעשר, קאָן מען ניט אראָפּנעמען צוריק דעם חיוב פון מעשר. — צוליב דעם וואָס די משנה האָט געלערנט דעם אונטערשיד צווישן פאה־געבן פון תבואה פאר דער „צוגליעטונג" און נאָך דער „צוגליעטונג", לערנט זי שוין דערוויל אויך אנדערע דינים מיטן דאָזיקן אונטערשיד, דהיינו: ונותן, און מען קאָן אוועקגעבן (תבואה) אלס הפקר, און מען איז פטור פון מעשר, ביז מען גלעט־צו. אויך הפקר, תבואה, וועלכע מען האָט מפקיר געווען אז יעדער קאָן זי נעמען אָן באַ־צאָלונג, איז פטור פון מעשר, און אויך דאָ איז עס נור ווען מען איז מפקיר פאר דער „צוגליעטונג"; אָבער אויב מען האָט מפקיר געווען נאָך דער „צוגליעטונג", קאָן מען דורך דעם מפקיר זיין ניט אראָפּנעמען דעם חיוב פון מעשר. ומאכיל, און מען קאָן געבן צו עסן (תבואה) צו בהמות, חיות און עופות און מען איז פטור פון געבן מעשר ביז מען גליעט־צו. אויך דאָ איז דערזעלבער טעם וואָס איז די פריערדיקע פאלן. ונוטל און מען מעג נעמען (תבואה) פון שייער און פארזייען און מען איז פטור פון מעשר ביז מען גליעט־צו; אזוי זאָגט ר' עקיבא. דער דין איז, אז תבואה, פון וועלכער מען האָט ניט אראָפּגענומען תרומה און מעשר טאָר מען ניט נור עסן נאָר (מדרבנן) אויך

**ולחיה ולעופות ופטור מן המעשרות עד שימרח. ונוטל מן הגורן וזורע ופטור מן המעשרות עד שימרח, דברי ר׳ עקיבא. כהן ולוי שלקחו את הגורן, המעשרות שלהם עד שימרח. המקדיש ופודה חייב במעשרות עד שימרח הגזבר.**

## פרק ב.

**א. ואלו מפסיקין לפאה, הנחל והשלולית ודרך היחיד ודרך הרבים**

ניט פארזייען. זאָגט דאָ ר׳ עקיבא, אז תבואה, וואָס מען האָט גענומען פון דער קופּע, איידער מען האָט די קופּע צוגעגליטעט, מעג מען יאָ פארזייען, אפילו ווען מען האָט פון איר ניט גענומען תרומה און מעשר. כהן ולוי, א כהן און א לוי, וועלכע האָבן אָפּ־געקויפט דעם שייער (תבואה) איידער מען האָט די תבואה צוגעגליטעט, געהערן די מעשרות צו זיי. די חכמים האָבן געהאט איינגעפירט (צום שוץ פון אָרימע כהנים און לויים) אז כהנים און לויים, וועלכע קויפן תבואה און זיי שניידן־אָפּ תרומה און מעשר, קאָנען זיי ניט נעמען דאָס פאר זיך, נאָר זיי מוזן אוועקגעבן די תרומה און מעשר צו אַנדערע כהנים און לויים. זאָגט דאָ די משנה, אז אויב זיי האָבן געקויפט די תבואה פארן „צוגליטען" איר, איז דאָך אויף איר נאָכניט געווען דער חיוב פון תרומה און מעשר, און דערנאָך האָבן דער כהן און לוי די תבואה „צוגעגליטעט", געהערן די תרומה און מעשר צו זיי. המקדיש, אז איינער איז מקדיש (זיין תבואה) און לייזט זי אויס, איז ער מחויב צו געבן פון איר מעשר, ביז דער הקדש־פארוואלטער גליעט־צו די תבואה. דער דין איז, אז ווען מען איז מקדיש תבואה, דאָס הייסט, איינער דער־קלערט וועגן זיין תבואה, אז זי זאָל זיין „הייליק", געהערן צום בית המקדש, קאָן ער דערנאָך זי „אויסלייזן", באצאָלן פאר איר געלט און זי ווערט צוריק זיינס. עס איז אויך דער דין, אז פון הקדש־תבואה דאַרף מען קיין מעשר ניט אראָפּנעמען. זאָגט דאָ די משנה, אַז אויב דאָס אויסלייזן איז פאָרגעקומען ווען דער פארוואלטער פון הקדש האָט נאָכניט צוגעגליעט די תבואה, און דער בעל הבית פון פעלד האָט דערנאָך אליין צוגעגליעט די תבואה, דאַרף ער געבן פון איר מעשר, ווייל אין יענעם מאָמענט ווען די תבואה איז געוואָרן מחויב אין מעשר, אין מאָמענט פון צוגליעטונג, איז דאָך די תבואה שוין ניט געווען הקדש. אָבער אויב די צוגליעטונג איז פאָרגעקומען דורך דעם הקדש־פארוואלטער ווען זי איז נאָך געווען הקדש, און דערנאָך האָט מען זי אויס־געלייזט, איז מען פטור צו געבן פון איר מעשר, ווייל אין דעם מאָמענט פון צוגליע־טונג איז די תבואה געווען הקדש. די משנה רופט אָן דעם הקדש־פארוואלטער מיטן נאָמען „גזבר", שאצמייסטער. דאָס וואָרט געפינט זיך אין עזרא ז׳ אין דעקרעט פון פערסישן קעניג „לכל גזבריא", „צו אלע שאצמייסטערס".

## פרק ב.

א. ואלו, און די דאָזיקע זענען מפסיק צו פאה. דער דין איז, אז אויב מען האָט עטליכע פעלדער, קאָן מען ניט איבערלאָזן פאה אין איין פעלד פאר אלע פעלדער, נאָר מען מוז געבן אין יעדן פעלד באזונדער. די שאלה איז: וואָס דאַרף זיך געפינען צווישן איין פעלד און דעם צווייטן, אז זיי זאָלן ווערן באטראכט אלס צוויי באזונַ־דערע פעלדער? דערויף זאָגט די משנה, אז די דאָזיקע זאכן, וואָס ווערן ווייטער אויס־גערעכנט, אויב זיי געפינען זיך צווישן צוויי פעלדער, זענען זיי א הפסקה, און מען מוז געבן פאה פון יעדן פעלד באזונדער: הנחל, א קליינער טייך, און א וואסער־קאנאל, און א פריוואטער וועג, און א עפנטליכער וועג, און א עפנטליכער קליינער וועג (סטעזש־קע), און א פריוואטער קליינער וועג, וועלכער עקזיסטירט סיי זומער־צייט און סיי ווינ־טער צייט, און א אומפאראקערט (פוסט) פעלד, און א פאראקערט (ניט פארזייט פעלד), און א פעלד פארזייט מיט אן אנדער געוויקס. א „קליין טייכל", „נחל", הייסט אזא טייכל, וואָס אין די גרויסע היצן ווערט עס אויסגעטריקנט; א „פריוואטער" וועג, ווערט אָנגענומען, איז ברייט 6 איילן, און א „עפנטליכער" וועג איז ברייט 16 איילן;

ושביל הרבים ושביל היחיד הקבוע בימות החמה ובימות הגשמים והבור והניר וזרע אחר. הקוצר לשחת מפסיק, דברי ר' מאיר. וחכמים אומרים, אינו מפסיק אלא אם כן חרש.

ב. אמת המים שאינה יכולה להקצר כאחת, ר' יהודה אומר, מפסקת; וכל ההרים אשר במעדר יעדרון, אף על פי שאין הבקר יכול לעבור בכליו, הוא נותן פאה לכל.

---

א קליינער וועג, „סטעזשקע“ (שביל) פירט, געוויינליך, פון איין פעלד צום צווייטן; א ניט פאראקערט פעלד, „בור“, מיינט א פעלד, וואָס מען האָט איבערגעלאָזט אינ־גאנצן ניט פאראקערט; א פאראקערט פעלד „ניר“, מיינט אז דאָס פעלד איז פאראַ־קערט, אָבער ניט פארזייט; און „אנדער געוויקס“ מיינט, למשל, אז צווישן צוויי פעל־דער, וועלכע זענען באזייט מיט ווייץ, געפינט זיך א פאס פעלד באזייט מיט גערשטן. יעדע פון די אלע אויסגערעכנטע זאכן איז א הפסקה און מאכט, אז די צוויי שטיקלעך פעלד זאָלן הייסן צוויי פעלדער און מען זאָל פון יעדן דארפן געבן באזונדער פאה. דער ירושלמי פרעגט די קשיא, פארוואָס די משנה רעכנט אויס א גרעסערע הפסקה, למשל, א עפנטליכן וועג פון 16 איילן, אין דער צייט ווען א קליינע הפסקה, א פריוואַטער וועג, פון 6 איילן, איז אויך גענוג. דער ענטפער אין ירושלמי איז, אז דאָס איז צו וויזן, אז ביי ביימער איז אפילו די גרעסערע הפסקה ניט קיין הפסקה, ווי מיר וועלן ווייטער לערנען אין דער משנה. הקוצר, אז איינער שניידט אָפּ אין דערמיט פון זיין פעלד תבואה (ווען זי איז נאָכניט אינגאנצן צייטיק) כדי צו באנוצן איר אויף פאשע (פאר בהמות), איז דאָס מפסיק; אזוי לערנט ר' מאיר. דאָס הייסט, אז די צוויי שטיקער פעלד, וועלכע געפינען זיך פון ביידע זייטן פון דעם פאס פעלד מיט דער אָפּגעשניטענער תבואה פאר פאשע, הייסן צוויי באזונדערע פעלדער, און מען מוז פון יעדן געבן באַ־זונדער פאה. וחכמים, אָבער די חכמים זאָגן, אז דאָס איז ניט מפסיק, סיידן מען האָט פאראקערט (דעם פאס פעלד פון וועלכן מען האָט אָפּגעשניטן די תבואה). די מפרשים דערקלערן עס, ווייל אויב מען האָט ניט פאראקערט, הייסט עס, ווי מען וואָלט איצט אָנגעהויבן דעם שניט פון גאנצן פעלד.

ב. אמת המים, א וואסער־גראָבן, וואָס אויב (איינער שטייט אין אים) קאָן ער ניט (מיט איין שנייד־מעסער) אָפּשניידן אויף אמאָל (די תבואה פון ביידע ברעגעס), זאָגט ר' יהודה, אז דאָס איז א הפסקה; מען דארף פון יעדן פעלד אויף ביידע זייטן פון וואסער־גראָבן געבן באזונדער פאה. וכל, און אלע בערג, וועלכע מען מוז איבער־גראָבן (די ערד) מיט א האנט־גראָבן־אייזן, כאָטש די ארבייטס־בהמות קאָנען ניט אדורכגיין (איבער די בערג־פעלדער) מיט זייערע ארבייטס־כלים, קאָן מען געבן איין פאה פאר אלע. די ערשטע העלפט פון דער משנה „וכל ההרים אשר במעדר יעדרון“ איז א פסוק אין ישעיה ז', און די משנה מיינט דאָ צו זאָגן (ווי דער רמבם טייטשט), אז אויב דאָס פעלד געפינט זיך אויף בערג און עס איז ניט גלייך, עס איז טאָלן און בערגלאַך, אזוי אז מען קאָן עס ניט פאראקערן מיט ארבייטס־בהמות, נאָר מען מוז עס אויפגראָבן מיט א האנד־גראָבן־אייזן, קאָן מען דאָך מיינען, אז יעדער טאָל און יעדעס בערגל איז א באזונדער פעלד; דעריבער לערנט די משנה, אז עס איז איין פעלד און מען גיט נור איין פאה פאר דעם גאנצן פעלד. אנשטאָט, אַרבייטס־בהמות האָט די משנה „בקר“, רינדער; איין מיינונג איז, אז מען דארף מנקד זיין, „בקר“ מיט א פתח אונטער דער „ב“ און דער טייטש איז: דער מענש וואָס פירט די ארבייטס־בהמות און דעם אקער־אייזן.

ג. הכל, אלץ (וואָס איז פריער דערמאָנט געוואָרן) איז מפסיק נור ביי זריעות (תבואה, גרינסן), אָבער קיין זאך איז ניט מפסיק ביי ביימער, סיידן א צוים. אויב עס איז ניט פאראן קיין צוים צווישן די ביימער, קאָן מען געבן פאה פון איין בוים אויף אלע אנדערע ביימער. ואם היה, און אויב די אויבערשטע צווייגן־בלעטער (פון די ביי־

**ג. הכל מפסיק לזרעים, ואינו מפסיק לאילן אלא גדר. ואם היה שער כותש אינו מפסיק, אלא נותן פאה לכל.**

**ד. ולחרובין — כל הרואין זה את זה. אמר רבן גמליאל, נוהגין היו בית אבא, נותנין פאה אחת לזיתים שהיו להם בכל רוח, ולחרובין כל הרואים זה את זה. ר׳ אלעזר בר׳ צדוק אומר משמו, אף לחרובין שהיו להם בכל העיר.**

**ה. הזורע את שדהו מין אחד, אף על פי שהוא עושהו שתי גרנות,**

---

מער) קלאַפּן זיך אָן איינס אין צווייטן איז אויך א צוים ניט קיין הפסקה, נאָר מען גיט איין פאה פאר אלע ביימער. **די משנה באנוצט דאָ פאר די אויבערשטע צווייגן־בלעטער דאָס וואָרט „שער״, האָר, ווייל די צווייגן־בלעטער זעען־אויס ווי „האָר״ אויפן קאָפּ פון בוים.**

ד. ולחרובין, און ביי באָקסער־ביימער (קאָן מען געבן איין פאה פאר אלע ביי־מער), וועלכע זען איינער דעם אנדערן. **ביי באָקסער־ביימער איז אפילו א צוים ניט מפסיק, און אויב, ווען מען שטייט לעבן איין בוים זעט מען דעם מענטש, וואָס שטייט ביים צווייטן בוים** (אזוי טייטשט דער רמבם אין זיין „יד החזקה״), **הייסט עס ווי דיביידע באָקסער־ביימער געפינען זיך אין איין גאָרטן און עס איז גענוג איין פאה פאר אלע בוימער.** אמר, האָט געזאָגט רבן גמליאל: אין מיין פאָטערס הויז האָט מען זיך נוהג געווען צו געבן איין פאה פאר אלע איילבירט־ביימער וואָס זיי האָבן געהאַט אין יע־דער זייט (פון שטאָט), און ביי באָקסער־ביימער (פלעגן זיי געבן איין פאה) פאר אלע (ביימער) וואָס זעען איינער דעם אנדערן; ר׳ אלעזר ברבי צדוק האָט געזאָגט אין זיין (רבן גמליאל׳ס, אָדער זיין פאָטער׳ס ר׳ צדוק׳ס) נאָמען, אז אויך ביי באָקסער־ביימער האָבן זיי געגעבן איין פאה פאר אלע ביימער וואָס זיי האָבן געהאַט אין דער גאנצער שטאָט. **רבן גמליאל דער נשיא אין יבנה אין דער צייט באלד נאָך דעם חורבן פון 2טן בית המקדש דערציילט אָפט וועגן מנהגים פון „בית אבא״, פון דעם הויז פון זיין פאָטער. מען מיינט ניט דערמיט בלויז „פון זיין פאָטער״, נאָר מען מיינט בכלל אין דער פאמיליע, פון וואנען ער האָט געשטאַמט (פון הלל הזקן).**

ה. הזורע, ווען איינער פארזייט זיין פעלד מיט איין מין (תבואה, למשל מיט ווייץ), כאָטש ער האָט געמאכט דערפון צוויי שייערן, גיט ער איין פאה (פארן גאנצן פעלד). **די משנה, און דער עיקר די ווייטערדיקע ווערטער פון דער משנה, זענען זייער שווער, ווייל ווי מיר ווייסן גיט מען דאָך פאה במחובר, ווען די תבואה איז נאָך אויפן פעלד, ווי אזוי קומט עס, אז מען זאָל דאָ געבן פאה פון שייערן. די מפרשים זאָגן פארשידענע פירושים. מען קאָן דערקלערן די משנה, ווען מיר וועלן בעסער אויסטייטשן דאָס וואָרט „שייער״, אין לשון קודש „גורן״. דער געוויינליכער טייטש פון „גורן״, „שייער״ איז דאָס אָרט, וואו מען נעמט צונויף די אראָפּגעשניטענע תבואה. אָבער עס איז פאראן נאָך א טייטש, און דאָס איז די „צייט״, ווען מען נעמט אראָפּ די תבואה. מיר געפינען, למשל, אין דער משנה בבא מציעא פרק ה׳, ווי איינער באַרגט דעם צווייטן ווייץ „עד הגורן״, „ביז צום שייער״, און דאָרט מיינט מען ביז דער „צייט ווען מען נעמט אראָפּ תבואה״. אויך דאָ אין דער משנה מיינט מען „געמאכט צוויי שייערן״ („עושהו שני גרנות״), ניט אז ער האָט די צוויי טיילן תבואה געזאמלט אין צוויי באזונדערע שייערן, נאָר, אז ער האָט די תבואה אראָפּגענומען אין באזונדערע „צייטן״. די משנה זאָגט דאָ, אז כאָטש ער האָט איין טייל פעלד געשניטן פריער און איין טייל פעלד געשניטן שפּעטער, קאָן ער איבערלאָזן אין דעם לעצטן טייל פון פעלד פאה פאר דעם גאנצן פעלד, אויך פאר דעם פריער־געשניטענעם טייל.** זרעה, אויב אָבער ער האָט פארזייט (דאָס פעלד) מיט צוויי מינים (למשל, איין טייל פון פעלד מיט ווייץ און איין טייל מיט גערשטן), כאָטש ער האָט זיי געמאכט איין שייער

**נותן פאה אחת. זרעה שני מינים, אף על פי שעשאָן גורן אחת, נותן שתי פאות. הזורע את שדהו שני מיני חטין, עשאן גורן אחת—נותן פאה אחת, שתי גרנות—נותן שתי פאות.**

**ו. מעשה שזרע ר׳ שמעון איש המצפה לפני רבן גמליאל ועלו ללשכת הגזית ושאלו. אָמר נחום הלבלר׳ מקובל אני מרבי מיאשא, שקבל מאבא, שקבל מן הזוגות, שקבלו מן הנביאים, הלכה למשה**

(געשניטן אין איין צייט) גיט ער צווי פאות (איינע פאר דעם ווייץ־טייל, און איינע פאר דעם גערשטן־טייל). **דער זין דערפון איז, אז כאָטש עס איז איין פעלד, אָבער וויל די תבואות זענען פון צווי מינים האָט עס דעם דין פון צווי פעלדער.** הזורע, ווען איינער פארזייט זיין פעלד מיט צווי סאָרטן ווייץ (איינע א העלע און איינע א טונקעלע, אזוי זאָגט דער ירושלמי), איז אויב ער האָט זיי געמאכט איין שייער (גע־שניטן ביידע אין איין צייט) גיט ער איין פאה (פאר ביידע סאָרטן ווייץ), אָבער אויב ער האָט זיי געמאכט צווי שייערן (געשניטן אין צווי באזונדערע צייטן) דארף ער געבן צווי באזונדערע פאות. **דער טעם דערפון איז, וואָס ער שניידט זיי אין באזונדערע צייטן, מאכט ער שטארקער דעם איינדרוק, אז די צווי סאָרטן ווייץ זענען אזוי ווי צווי פארשידענע מינים תבואה, און ממילא הייסן זיי צווי באזונדערע פעל־דער.**

ו. מעשה, עס איז אמאָל פאָרגעקומען, אז ר׳ שמעון איש המצפה האָט געזייט (צווי סאָרטן ווייץ) פאר רבן גמליאל, זענען זיי ארויפגעגאנגען אין לשכת הגזית (וואו די סנהדרין זיצן) און געפרעגט. **ר׳ שמעון איש המצפה האָט געלעבט אין ירושלים אין דער צייט פאָרן חורבן פון 2טן בית המקדש, און מיט רבן גמליאל, וועלכער ווערט דאָ דערמאָנט, מיינט מען דעם נשיא רבן גמליאל הזקן, א זיידע פון רבן גמליאל פון יבנה. די משנה דערציילט, אז זיי זענען ביידע געגאנגען פרעגן די שאלה אין „לשכת הגזית״. אין דעם „צימער פון געהאקטע שטיינער״ (לעבן בית המקדש), וואו דאָס סנהדרין איז געזעסן, און האָבן געפרעגט די שאלה.** אָמר, האָט נחום הלבלר (דער שרייבער) געזאָגט: איך האָב בקבלה פון ר׳ מיאשא, וועלכער האָט געהאט בקבלה פון פאָטער, וועלכער האָט געהאט בקבלה פון די זוגות („פּאָר״, די פריערדיקע סנהדרין־פירער), א הלכה צו משה רבנו אויפן בארג סיני, אז איינער פארזייט זיין פעלד צווי סאָרטן ווייץ, אויב ער האָט געמאכט פון זיי איין שייער גיט ער איין פאה, און אויב צווי שייערן גיט ער צווי פאות. **דער נאָמען פון די תנאים נחום הלבלר און ר׳ מיאשא פון יענער צייט ווערט אין ערגיץ ניט דערמאָנט. „לבלר״ איז דער טייטש שרייבער (פון לאטייניש „ליבעלאריוס״), און אפשר איז ער געווען דער שריי־בער, דער סופר פון די סנהדרין, וועלכע האָבן, ווי די גמרא זאָגט אין שבת ט״ו, 40 יאָר פאָרן חורבן פון 2טן בית המקדש זיך באזעצט אין „לשכת הגזית״, אין א צימער פון אויסגעהאקטע שטיינער. וועמען מען מיינט „אבא״, „פאָטער״, איז ניט זיכער; טייל מיינען, אז דעם פאָטער פון ר׳ מיאשא, און טייל מיינען, אז דעם פאָטער פון רבן גמליאל, דעם נשיא שמעון, זון פון הלל הזקן. דער דאָזיקער „אבא״, האָט געהאט בקבלה פון די „זוגות״, די „פאָר״, צווי תנאים, וואָס זענען געשטאנען אין שפּיץ פון סנהדרין, און זיי ווערן אויסגערעכנט אין משנה אבות א׳ און אין משנה חגיגה ב׳, און די לעצטע פון די זוגות זענען געווען הלל און שמאי. די זוגות, ווי די משנה זאָגט דאָ, האָבן געהאט דעם דין אלס „הלכה למשה מסיני״, — א הלכה, וואָס איז געגעבן געוואָרן צו משה רבנו אויפן בארג סיני, און מען קאָן אזא הלכה ניט אָפּ־פרעגן, — אז ביי צווי סאָרטן ווייץ דארף מען געבן צווי באזונדערע פאות, ווען מען מאכט פון זיי צווי שייערן, ווי די משנה האָט געזאָגט פריער.**

ז. שדה, א פעלד, וואָס גוים האָבן אפגעשניטן (די תבואה), אָדער וואָס רויבער האָבן אָפגעשניטן, אָדער וואָס מוראשקעס האָבן מיט די ציין אָפגעריסן (די תבואה זאנגן),

מסיני, בזורע את שדהו שני מיני חטין, אם עשאן גורן אחת — נותן פאה אחת, שתי גרנות—נותן שתי פאות.

ז. שדה שקצרוה גוים, קצרוה לסטים, קרסמוה נמלים, שברתה הרוח או בהמה, פטורה. קצר חציה וקצרו לסטים חציה, פטורה, שחובת הפאה בקמה.

ח. קצרוה לסטים חציה וקצר הוא חציה, נותן פאה ממה שקצר. קצר חציה ומכר חציה, הלוקח נותן פאה לכל. קצר חציה והקדיש חציה, הפודה מיד הגזבר, הוא נותן פאה לכל.

## פרק ג.

א. מלבנות התבואה שבין הזיתים, בית שמאי אומרים, פאה מכל

---

אָדער דער ווינט אָדער א בהמה האָט אָפּגעבראָכן (די זאנגן), איז מען פּטור צו געבן דערפון פאה. דאָס ווערט געלערנט דערפון, וואָס אין דער תורה (ויקרא י״ט) ווערט געזאָגט ביים געבן פּאה „ובקצרכם״, „ווען איר וועט שניידן״, און דעריבער אויב אן אנדערער האָט אָפּגעשניטן, איז מען פּטור פון פּאה. קצר, אויב (דער בעל הבית פון פעלד) האָט אפגעשניטן א העלפט (פון פעלד) און דערנאָך האָבן די רויבער אָפּגעשניטן דיאנדערע העלפט, איז מען פּטור (פון פאה) ווייל דער חיוב פון פאה איז אויף די שטייענדיקע תבואה־זאנגן. דער טייטש דערפון איז, וואָס ווען דער בעל הבית האָט געשניטן די תבואה פון דער ערשטער העלפט פעלד, האָט ער נאָכניט געהאט דעם חוב צו געבן פּאה, ווייל פּאה דארף מען איבערלאָזן צום סוף פעלד. היות די צווייטע העלפט איז געוואָרן אפגעשניטן דורך רויבער, הייסט עס, אז ווען מען האָט געדארפן איבערלאָזן פּאה, צום סוף פון פעלד, איז די תבואה אָפּגעשניטן געוואָרן דורך רוי־בער, און עס איז ניט געווען דער „ובקצרכם״, דער תנאי, אז נור „ווען איר וועט שניידן״.

ח. קצרוה, אויב די רויבער האָבן אָפּגעשניטן די (ערשטע) העלפט (פון פעלד), און ער (דער בעל הבית) האָט אפגעשניטן די צווייטע העלפט פון פעלד, דארף ער געבען פאה בלויז פון דער העלפט, וועלכע ער האָט אָפּגעשניטן. אָבער פון דעם טייל, וואָס די רויבער האָבן אָפּגעשניטן איז ער פּטור. קצר, אויב ער (דער בעל הבית) האָט אָפּגעשניטן א העלפט פעלד, און די צווייטע העלפט האָט ער פארקויפט (צוזאמען מיט די שטייענדיקע תבואה־זאנגן), דארף דער לוקח (קויפער) געבן פאה פארן גאנצן פעלד; אויב ער (דער בעל הבית) האָט אָפּגעשניטן א העלפט און דערנאָך האָט ער מקדיש געווען די צווייטע העלפט, דארף דער וואָס לייזט־אויס פון גזבר (פון הקדש־פארוואלטער) געבן פאה פאר דעם גאנצן פעלד. דאָס דערקלערט זיך דערמיט, וואָס אין דער צווייטער העלפט פעלד איז דאָך געווען דער חיוב צו געבן פּאה פאר דעם גאנצן פעלד; ממילא, ווער עס באקומט די צווייטע העלפט פעלד נעמט אויך איבער דעם חיוב פון פּאה פאר דעם גאנצן פעלד. וועגן הקדש און גזבר האָבן מיר געגעבן פריער אין דער משנה פּאה פּרק א׳ משנה ו׳. וועגן דעם וואָרט „ליסטים״, „רויבער״, האָבן מיר געגעבן אין ברכות פּרק א׳ משנה ג׳.

## פרק ג.

א. מלבנות, פיר־קאנטיקע שטיקער פעלד תבואה צווישן איילבירטן־ביימער, דאָס הייסט, עס זענען געווען לאנגע און שמאָלע שטיקער פעלדער באוואקסן מיט תבואה, און צווישן איין שטיק פעלד און דעם אנדערן זענען געווען לאנגע שורות פון איילבירטן־ביימער, אזוי אז יעדעס שטיק פעלד מיט תבואה איז געווען באזונדער; דאָס וואָרט „מלבן״ איז דער טייטש „די פאָרם פון א ציגל״ („לבנה״, „ציגל״), וואָס איז פירקאנטיק לאנג און שמאָל; בית שמאי, זאָגן די בית שמאי אז מען דארף געבן פאה פון יעדן שטיק פעלד באזונדער, ווייל די שורות איילבירטן־ביימער זענען מפסיק,

**אחת ואחת; בית הלל אומרים, מאחת על הכל. ומודים שאם היו ראשי שורות מעורבין, שהוא נותן פאה מאחת על הכל.**

**ב. המנמר את שדהו ושייר קלחים לחים, ר׳ עקיבא אומר, נותן פאה מכל אחד ואחד; וחכמים אומרים, מאחד על הכל. ומודים חכמים לר׳ עקיבא בזורע שבת או חרדל בשלשה מקומות, שהוא נותן פאה מכל אחד ואחד.**

---

און דעריבער הייסט יעדעס שטיק פעלד א באזונדער פעלד פאר זיך; בית הלל, די בית הלל זאָגן, אז מען קאָן געבן פאה פון איין שטיק פעלד אויף אלע אנדערע שטיקער פעלדער, ווייל זיי האלטן, אז ביימער הייסן ניט קיין הפסקה. ומודים, און זיי (די בית שמאי) זענען מודה, אז אויב די שפיצן שורות (פון די שטיקער פעלד) זענען געווען צוזאמענגעמישט גיט מען פאה פון איין (שטיק פעלד) אויף אלע אנדערע (שטיקער פעלד). מיט „די שפיצן שורות צוזאמענגעמישט", מיינט מען דאָ, אז די ביימער האָבן ניט דורכגעשניטן אינגאנצן די שטיקער פעלד, און אין איין עק זענען די שטיקער פעלד תבואה געווען צוזאמען באהאפטן, און עס הייסט דעריבער איין פעלד. וועגן די צוויי תנאים ישיבות בית שמאי און בית הלל האָבן מיר געגעבן משנה ברכות פרק א׳ משנה ג.

ב. המנמר, אז איינער שניידט אויס (תבואה אָדער גרינס) פון פארשידענע ערטער פון פעלד, און לאָזט איבער (ניט געשניטן) פייכטע (גרינע, נאָכניט-צייטיקע) שטעקעלעך (זאנגען אָדער גרינס); מיט דעם וואָרט „המנמר", וואָס שטאמט פון וואָרט „נמר", א לעמפערט, וועלכער האָט פלעקן, מיינט די משנה, אז מען שניידט ניט אָפּ דאָס גאנצע פעלד מיטאמאָל, און אויך ניט איין טייל פעלד אינגאנצן, נאָר מען שניידט ארויס דאָ א שטיקל און דאָרט א שטיקל, די ערטער, אין וועלכע די תבואה אָדער גרינס איז שוין גענוג צייטיק, און מען לאָזט איבער דאָ און דאָרט שטיקלעך פעלדער תבואה אָדער גרינס, וועלכע זענען נאָך פייכט, גרינליך, ניט-צייטיק; ר׳ עקיבא, זאָגט ר׳ עקיבא, אז ער דארף געבן פאה פון יעדן באזונדער, און די חכמים זאָגן, אז פון איינעם אויף אלע. די מפרשים האָבן דאָ פארשידענע מיינונגען וועגן טייטש פון דער משנה. טייל מיינען, אז די מחלוקה פון ר׳ עקיבא און די חכמים איז סיי בנוגע די אָפּגעשניטענע שטיקליך צייטיקע תבואה און סיי בנוגע די איבערגעבליבענע, ניט-אָפּגעשניטענע, פייכטע שטיקלעך; און ביי ביידע דארף מען געבן פאה פון יעדן שטיק לויט דער מיינונג פון ר׳ עקיבא, און לויט די חכמים איז גענוג איין פאה פאר אלע. טייל מפרשים (דער ראב״ד) מיינען, אז די מחלוקה איז נוגע נור די איבערגעבליבענע שטיקער ניט-צייטיקע פעלדער. אנדערע מפרשים (צווישן זיי דער „תפארת ישראל") מיינען, אז די מחלוקה איז נוגע די איצט-געשניטענע צייטיקע שטיקער פעלד. ומודים, די חכמים זענען מודה צו ר׳ עקיבא, אז אויב איינער זייט דיל־קרויט (אזא גרינס, אין דער משנה הייסט עס „שבת") אָדער זענעפט (אין דער משנה „חרדל") אין דריי ערטער (פון פעלד) דארף ער געבן (פאה) פון יעדן (שטיקל פארזייטן פעלד) באזונדער. דער טעם איז, ווייל אין דאָזיקן פאל האָט ער דאָך באלד געזייט אין באזונדערע שטיקער פעלד, און עס איז אויך דער שטייגער צו זייען די דאָזיקע גרינסן אין איין גרויס שטיק פעלד, דעריבער ווערט דאָס גערעכנט פאר באזונדערע פעלדער. מיר ווילן דאָ באמערקן, — און דאָס וועט פארענטפערן אויך קשיות ווייטער, — אז דאָס וואָס מיר האָבן געגעבן פריער פאה פרק א׳ משנה ד׳, אז פון גרינסן, „ירקות", איז מען אים אלגעמיין פטור צו געבן פאה, ווייל מען קאָן זיי ניט מאגאזינירן, באהאלטן אויף שפעטער, און אזוי איז פאראן אין דער גמרא אין א סך ערטער, מיינט מען ניט אלע גרינסן; למשל דאָ, און אויך אין דער קומענדיקער משנה ביי ציבעלעס, זעט מען, אז פון די דאָזיקע גרינסן איז מען יאָ מחויב צו געבן פאה. דאָס וואָס מען זאָגט, אז ירקות זענען פטור פון פאה, מיינט מען דעם גרעסטן טייל פון זיי, אָבער עס זענען

**ג. המחליק בצלים לחים לשוק ומקיים יבשים לגורן, נותן פאה לאלו לעצמן ולאלו לעצמן; וכן באפונים, וכן בכרם. המדל נותן מן המשואר על מה ששייר, והמחליק מאחת יד נותן מן המשואר על הכל.**
**ד. האמהות של בצלים חייבות בפאה, ור׳ יוסי פוטר. מלבנות הבצלים**

---

פאראן אזעלכע גרינסן, פון וועלכע מען דארף יאָ געבן, ווייל מען קאָן זיי יאָ באהאלטן אויף שפּעטער.

ג. המחליק, ווען מען רייסט אויס (פון גאָרטן) פייכטע ציבעלעס (צו פארקויפן זיי באלד) אין מארק, און מען לאָזט־איבער (ניט־גערויסן) די טרוקענע ציבעלעס צום שייער, דארף מען געבן פאה פאר די דאָזיקע באזונדער און פאר די דאָזיקע באזונדער. דאָס וואָרט „המחליק" איז דער טייטש „מאכן ליידיק", אויסרייסן, און דאָס אָרט אין גאָרטן ווערט ליידיק. כדי צו פארשטיין בעסער די משנה און צו פארענטפערן דערמיט א סך קשיות, ווילן מיר דאָ געבן צוויי זאכן. ערשטנס, אז עס זענען פאראן צוויי סאָרטן ציבעלעס: „פייכטע", גרינע, וועלכע מען מוז אויסרייסן פריער, און פארקויפן זיי באלד אין מארק, און מען קאָן זיי ניט לאנג האלטן, און „טרוקענע", וועלכע ווערן צייטיק שפּעטער, און מען קאָן זיי יאָ האלטן. צווייטנס, ווי מיר האָבן שוין געזאָגט פריער אין פרק ב׳ משנה ה׳, האָט דאָס וואָרט „שייער", „גורן", אויך דעם טייטש פון דער „צייט פון שניט". דער טייטש פון דער משנה איז דעריבער, אז איינער רייסט־אויס פון זיין גרינס־גאָרטן פריער אים זומער דעם סאָרט „פייכטע" ציבעלעס צו פארקויפן זיי גלייך אין מארק, און לאָזט איבער ניט־גערויסן דעם סאָרט „טרוקענע" ציבעלעס, כדי זיי אויסצורייסן שפּעטער, אין דער „שייער־צייט" („לגורן"), דארף ער געבן פאה פון די פריער־געריסענע ציבעלעס באזונדער און פון די שפּעטערע באזונדער. דאָס איז טאקע אין זין פון דער דערמאָנטער משנה אין פרק ב׳ משנה ה׳ אז ווען מען זייט צוויי סאָרטן ווייץ, און מען שניידט זיי אין באזונדערע צייטן, דארף מען געבן באזונדערע פאות. וכן, און אזוי איז אויך ביי באָבעס, און אזוי איז אויך ביי (ווינטרויבן אין) ווינגאָרטן. אויך ביי באבעס און ביי ווינטרויבן זענען פאראן צוויי סאָרטן, פריעריקע און שפּעטערדיקע, און די פריערדיקע ווערן אראָפּגענומען צום פארקויפן באלד אין מארק, און אויך ביי זיי דארף מען געבן צוויי באזונדערע פאות. המדל, אז איינער רייסט ארויס אין פארשידענע ערטער פון גאָרטן גרינס־וואָרצלען, (כדי די איבערגעבליבענע זאָלן ניט וואקסן צו־געדעכט, און זאָלן זיין) שיטערליך, דארף ער געבן (פאה) פון די איבערגעבליבענע גרינסן אויף דעם וואָס איז איבערגעבליבן. „המדל", איז פון „דל", אָרעם, שיטער. די משנה לערנט דאָ, אז פאר די גרינסן־וואָרצלען, וואָס ער האָט איצט אויסגעריסן דארף ער קיין פאה ניט געבן, מחמת ער האָט זיי דאָך ניט אויסגעריסן, ווייל ער האָט זיי געוואָלט האָבן, נאָר ווייל ער האָט געוואָלט אז די איבריקע זאָלן בעסער וואקסן. והמחליק, אָבער ווען ער רייסט־ארויס בלויז אין איין אָרט (א גרעסערן שטיק פון גאָרטן), דארף ער געבן (פאה) פון די איבערגעבליבענע גרינסן פאר דעם גאנצן. דאָס הייסט, אויך פאר די גרינסן, וואָס ער האָט איצט ארויסגעריסן, ווייל קוים האָט ער עס געטאָן אין איין גרויסן אָרט, הייסט עס, אז ער נעמט די גרינסן צום נוצן. אזוי טייטשן די משנה דער גרעסטער טייל מפרשים. אָבער דער רמבם מיינט, אז דער „המדל" גייט ארויף צום פריעריקן וואָרט „כרם", און עס האנדלט זיך וועגן א ווינגאָרטן, וועלכן מען מאכט „שיטער", מען רייסט אָפּ צוערשט ווינטרויבן צום פארקויפן צום עסן, און מען לאָזט איבער די איבריקע ווינטרויבן צו מאכן וויין.

ד. האמהות, די מיטערס־ציבעלעס זענען מחויב אין פאה, און ר׳ יוסי פטר׳ט (צו געבן פון זיי פאה). וועגן דעם וואָס מען מיינט מיט „אמהות של בצלים" („מיטערס פון ציבעלעס") זענען פאראן אין ירושלמי צוויי טייטשן. איינער איז, אז דאָס זענען ציבעלעס ניט צום עסן, נאָר צו באקומען פון זיי זאמען, זריעה־קערנדלעך; א צוויי־

**שבין הירק, ר׳ יוסי אומר, פאה מכל אחת ואחת; וחכמים אומרים, מאחת על הכל.**

**ה. האחים שחלקו נותנין שתי פאות; חזרו ונשתתפו נותנין פאה אחת. שנים שלקחו את האילן נותנים פאה אחת. לקח זה צפונו וזה דרומו, זה נותן פאה לעצמו וזה נותן פאה לעצמו. המוכר קלחי אילן בתוך שדהו נותן פאה מכל אחד ואחד. אמר ר׳ יהודה, אימתי? בזמן שלא שייר בעל השדה, אבל אם שייר בעל השדה, הוא נותן פאה לכל.**

---

טע מיינונג איז, אז דאָס מיינט מען די גרינע שטעקעלעך פון די ציבעלעס, פון וועלכע מען מאכט א סאָרט שטריק צו בינדן מיט זיי גרינסן. די סתם משנה האלט, אז וויל מען קאָן זיי אויך עסן דאַרף מען געבן פון זיי פאה; ר׳ יוסי האלט, אז ווייל זייער עיקר צוועק איז ניט צום עסן, דאַרף מען קיין פאה ניט געבן. מלבנות, פירקאַנטיקע שטיקער גאָרטן מיט ציבעלעס, וואָס געפינען זיך צווישן אנדערע גרינסן, זאָגט ר׳ יוסי, אז מען גיט פאה פון יעדן פירקאַנטיקן שטיקל ציבעלעס־גאָרטן באַזונדער, און די חכמים זאָגן, אז מען קאָן געבן פון איין שטיקל גאָרטן פאר אלע אנדערע שטיקער. וועגן דעם אויסדרוק „מלבן׳׳ האָבן מיר געגעבן פריער אין זעלבן פרק משנה א׳. די סתם משנה דאָ האלט, אז די גרינסן וואָס טיילן אָפּ איין שטח ציבעלעס פון צווייטן זענען ניט קיין הפסקה און ר׳ יוסי האלט, אז זיי זענען יאָ א הפסקה און יעדער שטח ציבעלעס הייסט דעריבער א באַזונדער פעלד, און מען דאַרף פון יעדן געבן באַזונדער פאה.

ה. האחים, (צוויי) ברידער, וועלכע האָבן זיך צעטיילט (מיט א פעלד, וואָס זיי האָבן געקריגן בירושה), דאַרפן געבן צוויי פאות (ווייל עס הייסט, אז יעדער פון זיי האָט א פעלד באַזונדער). חזרו, אויב זיי האָבן צוריק געמאַכט שותפות (מיטן פעלד), גיבן זיי איין פאה, ווייל דאָס הייסט, אז עס איז צוריק נור איין פעלד. שניים, צוויי מענטשן, וועלכע האָבן געקויפט א בוים (מיט פרוכטן) געבן זיי (פון בוים) איין פאה, ווייל עס הייסט איין בוים (איין פעלד) פון שותפים. לקח, אויב אָבער איין (מענטש) האָט געקויפט דעם צפון טייל (פון בוים), און א צווייטער (האָט געקויפט) דעם דרום־טייל (פון בוים), דאַרף דער איינער געבן באַזונדער פאה פאר זיך, און דער אנדערער דאַרף געבן באַזונדער פאה פאר זיך. כאָטש עס איז דאָך איין בוים, אָבער ווייל דער צפון־טייל געהערט צו איינעם און דער דרום־טייל צו א צווייטן, הייסט עס ניט קיין שותפות, נאָר עס האָט דעם דין ווי צוויי באַזונדערע פעלדער. המוכר, ווען איינער פאַרקויפט אין זיין פעלד ביימער (מיט פרוכטן) (אָן דער ערד פון די ביימער) דאַרף (יעדער פון די קויפער) געבן פאה פון יעדן בוים באַזונדער. די דאָזיקע משנה איז א זייער שווערע, און די מפרשים האָבן וועגן איר א סך טייטשן. דאָס וואָרט „קלחי אילן׳׳, מיינט מען די „ביימער שטאַמען׳׳, דאָס הייסט די ביימער אָן דער ערד. וועגן דעם אויסדרוק „קלח, קלחים׳׳ האָבן מיר געגעבן פריער פרק א׳ משנה ג׳. געווײנליך איז אָנגענומען ביים גרעסטן טייל מפרשים דער טייטש, וואָס מיר האָבן דאָ געגעבן, און עס הייסט, אז ווייל די קויפער האָבן געקויפט בלויז די ביימער, אָן דער ערד, הייסט עס, ווי יעדער בוים וואָלט געווען א באַזונדער פעלד, און מען דאַרף פון אים געבן באַזונדערע פאה. אָמר, ר׳ יהודה האָט געזאָגט, ווען איז דאָס געזאָגט געוואָרן (אז מען גיט פאה פון יעדן בוים באַזונדער)? ווען דער בעל הבית פון פעלד (דער פאַרקויפער) האָט פאר זיך ניט איבערגעלאָזט (קיין ביימער), אָבער איין פאַל ווען דער בעל הבית פון פעלד האָט יאָ איבערגעלאָזט (פאר זיך ביימער, און ווי די גמרא חולין קל״ח טייטשט איין די משנה, האָט ער אָנגעהויבן, פאַרן פאַרקויפן, שניידן די פרוכטן פון זיינע אייגענע ביימער), גיט ער פאה פאר אַלע (ביימער, אויך פאר די פאַרקויפטע). דער טעם איז, וואָס ווי נור דער פעלד־אייגנטימער האָט אָנגעהויבן שניידן די פרוכטן פון איין בוים, איז עס געוואָרן זיין חוב צו געבן פאה פון אלע ביי־

ו. ר׳ אליעזר אומר, קרקע בית רובע חייב בפאה. ר׳ יהושע אומר, העושה סאתים. ר׳ טרפון אומר, ששה על ששה טפחים. ר׳ יהודה בן בתירה אומר, כדי לקצור ולשנות. והלכה כדבריו. ר׳ עקיבא אומר, קרקע

---

מער, וואָס זענען נאָך געווען דעמאָלס אין זיין רשות; ממילא, אפילו ער האָט טיילביימער פארקויפט, דארף ער געבן איין פאה, דהיינו, פון די איבערגעלאָזטע ביימער פאר אלע ביימער, אפילו פאר די פארקויפטע.

ו. ר׳ אליעזר זאָגט, אז א שטיקל פעלד, וואָס איז אזוי גרויס, אז צום פארזייען עס דארף מען האָבן א פיערטעל (טאָפּ תבואה), דארף מען געבן דערפון פאה. אין דער דאָזיקער משנה ווערט געענטפערט אויף דער שאלה: ווי גרויס דארף זיין א פעלד, אז מען זאָל דארפן געבן דערפון פאה? ר׳ אליעזר זאָגט, אז דאָס פעלד דארף זיין כאָטש אזוי גרויס, אז צום פארזייען עס דארף מען האָבן א פערטל טאָפּ זריעה. די גרויס פון אזא פעלד הייסט „בית רובע״, דאָס הויז, דער פארנעם, דער שטח פון א פערטל. מען האָט אָנגענומען, אז דאָס איז 10 און א האלב איילן לאנג אויף 10 איילן ברייט. ר׳ יהושע זאָגט, אז עס דארף ארויסגעבן תבואה אין דער מאָס פון צוויי סאה. ר׳ יהושע האלט, אז מען דארף מעסטן ניט לויט דעם וויפיל זריעה דאָס פעלד דארף האָבן, נאָר וויפיל תבואה עס גיט ארויס, און עס דארף זיין לפחות צוויי סאה; אזוי ווי א סאה האָט 6 טעפּ, הייסט עס, אז עס דארף ארויסגעבן 12 טעפּ. דער תוספות יום טוב ברענגט די מיינונג, אז ר׳ יהושע׳ס פעלד־גרויס איז קלענער פון ר׳ אליעזר׳ס פעלד־גרויס.ר׳ טרפון זאָגט, זעקס טפחים אויף זעקס טפחים. ר׳ טרפון האלט, אז מען מעסט ניט לויט דער זריעה־באדארף און אויך ניט לויט דעם תבואה־וואוקס, נאָר מען מעסט לויט דעם שטח, וויפיל דאָס פעלד פארנעמט, און עס דארף זיין לפחות זעקס טפחים אויף זעקס טפחים. דאָס איז שוין א סך קלענער פון די גרויסן סיי פון ר׳ אליעזר און סיי פון ר׳ יהושע. ר׳ יהודה בן בתירה זאָגט, אז דאָס פעלד דארף זיין אזוי גרויס, דאָס דער שניטער זאָל קאָנען געבן דער תבואה צוויי שניט. דאָס הייסט, אז ווען דער מענטש וואָס שניידט די תבואה האָט מיט דעם שנייד־מעסער שוין איינ־מאָל געשניטן זאָל בלייבן תבואה צום שניידן נאָך איינמאָל. והלכה, און די הלכה איז, ווי ער, (ר׳ יהודה בן בתירה) זאָגט. וועגן דער צייט, ווען עס האָט געלעבט דער תנא ר׳ יהודה בן בתירה, וועלכער האָט געשטאמט פון דער פאמיליע בני בתירה וואָס זענען געווען נשיאים פאר הלל הזקן (פסחים ס״ו), האָבן די געלערנטע א סך געשריבן. מיר ווייסן אז נאָך אין דער צייט פון בית המקדש איז געווען אין בבל ר׳ יהודה בן בתירה, מיר ווייסן אויך, אז לאנג נאָכן חורבן פון בית המקדש איז געווען דאָרט אין בבל א צווייטער ר׳ יהודה בן בתירה. פאראן דאָ אויך א גירסא ר׳ יהושע בן בתירה. ר׳ עקיבא זאָגט אז (אפילו) דאָס קלענסטע שטיקל פעלד איז מחוייב אין פאה, ווייל ר׳ עקיבא האלט, אז דאָס קלענסטע שטיקל פעלד („קרקע כל שהוא״) הייסט פעלד, — און דערביי רעכנט אויס ר׳ עקיבא אויך אנדערע זאכן, ביי וועלכע דאָס קלענסטע שטיקל פעלד האָט דעם דין ווי א גרויס פעלד, דהיינו: ובבכורים; מען דארף אראָפּ־נעמען דערפון די ערשטע צייטיק־געוואָרענע תבואה, ביכורים, און ברענגען אין בית המקדש; ולכתוב, און מען קאָן שרייבן דערויף א פרוזבול, דער דין איז, אז יעדעס 7טע יאָר, שמיטה־יאָר זענען אלע חובות פארפאלן, סיידן מען שרייבט א פרוזבול, א דאָקומענט צום בית דין, אז מען גיט איבער דעם בית דין די חובות, און עס הייסט ווי מען וואָלט די חובות אָפּגענומען פאר דעם שמיטה־יאָר. אָבער דאָס איז גוט נאָר ווען דער לוה, דער שולדיקער פון געלד, האָט פעלד, וואָס פארזיכערט דאָס אָפּנעמען דעם חוב; זאָגט ר׳ עקיבא, אז אפילו ווען דער לוה האָט נור דאָס קלענסטע שטיקל פעלד איז שוין גענוג צו קאָנען שרייבן דערויף א פרוזבול (וועגן פרוזבול וועלן מיר געבן מער פרטים אין דער משנה שביעית פרק י׳); ולקנות, און צו קאָנען צוזאמען דעמיט קונה זיין באוועגליכע גיטער דורך געלד, אָדער דורך שטר (שריפטליכן דאָ־

**כל שהוא חייב בפאה, ובבכורים, ולכתוב עליו פרוזבול ולקנות עמו נכסים שאין להם אחריות בכסף ובשטר ובחזקה.**

**ז. הכותב נכסיו שכיב מרע, שייר קרקע כל שהוא, מתנתו מתנה; לא שייר קרקע כל שהוא, אין מתנתו מתנה. הכותב נכסיו לבניו וכתב לאשתו קרקע כל שהוא, אבדה כתובתה. ר׳ יוסי אומר, אם קבלה עליה, אף על פי שלא כתב לה, אבדה כתובתה.**

קומענט), אָדער דורך חזקה. **כדי צו פאַרשטיין די משנה דאַרף מען געבן עטליכע דערקלערונגען.** אין די דינים וועגן קויפן זאַכן, ווערן די זאַכן איינגעטיילט אין צוויי סאָרטן. איין סאָרט זענען „אומבאַוועגליכע גיטער״, זאַכן, וועלכע מען קאָן ניט רירן פון אָרט, למשל א פעלד, א הויז; דער צווייטער סאָרט זענען „באַוועגליכע גיטער״, זאַכן, וועלכע מען קאָן יאָ רירן פון אָרט, ווי מלבושים, מעבל, צירונג, וכדומה. דער ערשטער סאָרט הייסט „קרקע״ (פעלד, באָדן), און דער צווייטער הייסט „מטלטלין״ („באַוועגליכע״). ווען מען האָט געבאָרגט איינעם געלט האָט מען זיך פאַרזיכערט מיט א היפּאָטעק, א מאָרטגיידזש אויף פעלד; אָבער אויף מטלטלין האָט מען זיך ניט געקאָנט פאַרזיכערן. דעריבער הייסט פעלד אויך „נכסים שיש להם אחריות״, גיטער אויף וועלכע מען קאָן זיך פאַרזיכערן מיט געלט חובות; מטלטלין הייסן „נכסים שאין להם אחריות״, גיטער אויף וועלכע מען קאָן זיך ניט פאַרזיכערן. ווען מען האָט פאַרקויפט איינעם „באַוועגליכע זאַכן״, מטלטלין, האָט זיי דער קויפער „קונה געווען״, דאָס הייסט זיי זענען געוואָרן זיין אייגנטום, נאָר דורך פאַרשידענע מעטאָדן, וועגן וועלכע מיר וועלן געבן אין ערשטן פרק פון דער משנה קידושין, ווייל דאָרט איז עס דער עיקר אָרט. דאַקייגן פעלד האָט מען קונה געווען אָדער דורך געלד, וואָס מען האָט באַצאָלט דערפאַר; אָדער ווען דער קויפער האָט באַקומען א שטר, א שריפט־ליכן דאָקומענט, אז דאָס פעלד איז זיינס; אָדער ווען דער קויפער איז אריין אין פעלד און האָט עפּיס דאָרט געטאָן; דאָס הייסט „חזקה״. אָבער מען קאָן מטלטלין אויך קונה זיין, ווען מען קויפט דערצו א שטיקל פעלד, און ווייל מען האָט פאַרנומען דאָס פעלד דורך איינעם פון די דריי מעטאָדן, געלד שטר אָדער חזקה, ווערן אויך שוין די מטלטלין, די אומבאַוועגליכע גיטער, דאָס אייגנטום פון קויפער. זאָגט דאָ ר׳ עקיבא, אז כדי קונה צו זיין די מטלטלין, דאַרף מען ניט מיטקויפן דוקא א גרויס שטיק פעלד, נאָר עס איז גענוג דערצו דאָס קלענסטע שטיקל פעלד.

ז. הכותב, אז א קראַנקער שרייבט אָפּ (צו אַנדערע מענטשן) זיין פאַרמעגן, און ער האָט איבערגעלאָזן פאַר זיך אפילו נור דאָס קלענסטע שטיקל ערד, איז זיין מתנה א מתנה. **דער טייטש איז אז אויב ער איז געזונט געוואָרן, קאָן ער ניט חרטה האָבן און זאָגן, אז ער האָט אוועקגעשאָנקען זיין פאַרמעגן נאָר אין פאַל ווען ער וועט שטאַרבן; מחמת מען נעמט אָן, אז קוים האָט ער זיך איבערגעלאָזט א שטיקל פעלד, הייסט עס, אז ער האָט סתם אוועקגעשאָנקען, אָן שום תנאים.** לא שייר, אויב אָבער ער האָט ניט איבערגעלאָזט פאַר זיך כאָטש א קליין שטיקל ערד, איז די מתנה ניט קיין מתנה. **און ווען ער ווערט געזונט, קאָן ער חרטה האָבן, ווייל דאָס איז א באַווייז, אז ער האָט אַלץ אוועקגעשאָנקען נור אין פאַל פון שטאַרבן.** הכותב, אז איינער שרייבט אָפּ זיין פאַרמעגנס צו זיינע קינדער, און ער האָט (אין דעם דאָקומענט) אָפּגעשריבן צו זיין ווייב אפילו נור דאָס קלענסטע שטיקל ערד, האָט זי פאַרלוירן איר כתובה. **דער דין איז אז ווען א מאַן שטאַרבט אָדער ער גט זיין פרוי קומט דער אלמנה אָדער דער גרושה געלד אלס כתובה** (וועגן כתובה וועלן מיר געבן פרטים אין דער משנה **כתובות). זאָגט דאָ די משנה, אז דערמיט, וואָס די פרוי האָט מסכים געווען, אז מען זאָל איר אָפּשרייבן דאָס שטיקל פעלד, האָט זי מוחל געווען אויף דער כתובה, ר׳ יוסי** זאָגט, אז אפילו זי האָט נור מסכים געווען אָנצונעמען דאָס שטיקל פעלד, אפילו מען האָט איר ניט אָפּגעשריבן, האָט זי פאַרלוירן די כתובה. **ווייל דאָס אליין באַווייזט, אז**

ח. הכותב נכסיו לעבדו, יצא בן חורין. שייר קרקע כל שהוא, לא יצא בן חורין. ר׳ שמעון אומר, לעולם הוא בן חורין, עד שיאמר, הרי כל נכסי נתונים לאיש פלוני עבדי חוץ מאחד מרבוא שבהם.

## פרק ד.

א. הפאה ניתנת במחובר לקרקע. בדלית ובדקל, בעל הבית מוריד ומחלק לעניים. ר׳ שמעון אומר, אף בחליקי אגוזים. אפילו תשעים ותשעה אומרים לחלק ואחד אומר לבוז, לזה שומעים, שאמר כהלכה.

---

**זי האָט מוחל געווען אויף אירע רעכט צו מאָנען דאָס כתובה־געלד.**

ח. הכותב, אז איינער שרייבט אָפּ זיין פארמעגנס צו זיין שקלאַף, ווערט ער פריי, **ווייל דערמיט האָט ער אים אוועקגעשאַנקן אויך דאָס אייגנטום־רעכט, וואָס ער האָט אויף אים אלס שקלאַף; ממילא געהערט שוין דער שקלאַף צו זיך אליין און ער ווערט דאדורך פריי.** שייר, אויב אָבער ער האָט (ביים אפשרייבן צום קנעכט דאָס פארמעגנס) זיך איבערגעלאָזט אפילו דאָס קלענסטע שטיקל פעלד, ווערט דער קנעכט ניט פריי, **ווייל עס ווערט אָנגענומען, אז דאָס דאָזיגן איבערלאָזן זיך עפּיס איז מבטל, מאַכט־צו־ניט, דאָס גאנצע באפרייען פון שקלאַף ; לויט דעם דין, איז ניט דוקא ווען ער האָט זיך איבערגעלאָזט א שטיקל פעלד, נאָר אפילו וואסער עס איז זאַך.** ר׳ שמעון זאָגט, אז דער שקלאַף ווערט שטענדיק פריי, סיידן ער זאָגט: אלע מיינע פארמעגנס ווערן אוועקגעגעבן צו יענעם שקלאַף מיינעם מיטן אויסנאם פון איין צענטויזנטסט חלק אין זיי. **ווייל נור אין אזא פאל, ווען דער בעל הבית זאָגט ניט וואָס ער לאָזט זיך איבער, האָט ער א חלק אין יעדן שטיקל פארמעגנס, אויך אין שקלאַף, און ממילא ווערט דער שקלאַף ניט פריי.**

## פרק ד.

א. הפאה, פאה ווערט געגעבן, ווען עס איז באהאפטן צו דער ערד. **דאָס הייסט, אז דער בעל הבית טאָר ניט אפשניידן דאָס גאנצע פעלד תבואה אָדער אלע פרוכטן** פון די ביימער, און פון די אָפּגעשניטענע („תלוש״). געבן א טייל צו די אָרימע לייט, **אלס פאה; נאָר ער מוז איבערלאָזן פאה אין ניט אָפּגעשניטענע זאנגען־תבואה און אין ניט אָפּגעריסענע פרוכטן.** בדלית, אָבער ביי הויך־פארצויגענע וויינשטאָקן און ביי טייטל־ביימער, דאַרף דער בעל הבית אראָפּנעמען די פרוכטן אויף דער ערד און זיי פונאנדערטיילן צו די אָרימע לייט. **דאָ לערנט אונז די משנה צוויי זאכן וועגן געבן פאה פון „דלית״, וויינשטאָקן, וואָס זענען פארצויגן אין דער הויך אויף דרענגער אָדער אויף א וואנט, און פון טייטלבוימער. ערשטנס, אז ביי די דאָזיקע ביימער דאַרף מען געבן פאה דוקא „תלוש״, אָפּגעריסענע פרוכטן. צווייטנס, אז דער בעל הבית דאַרף אראָפּנעמען די פרוכטן פון די ביימער אויף דער ערד און זיי פונאנדערטיילן, און ניט אז די אָרימע לייט זאָלן אליין נעמען, ווי עס איז דער דין ביי „מחובר״,** ביי די ניט אָפּגעשניטענע פרוכטן, פון וועלכע יעדער אָרימאַן נעמט זיך די פאה אליין. דער טעם איז, ווייל די הענגנדיקע וויינשטאָקן זענען שוואכע ביימלעך, און די טייטלביי־**מער זענען צו־הויך, און עס איז א געפאַר, אז די אָרימע לייט ארויפקלעטערנדיק קאָ־נען אראָפּפאלן.** ר׳ שמעון זאָגט, אז אויך ביי די גליאטיקע ניס־ביימער, **אויך ביי זיי דאַרף דער בעל הבית אראָפּנעמען און אליין צוטיילן צווישן די אָרימע לייט ; טייל טייטשן „חלוקי אגוזים״ קאָקוס־ניס־ביימער, וועלכע זענען הויך.** אפילו, ווען ניין און ניינציק (פון הונדערט אָרימע לייט) פארלאנגן (ביי ניט אָפּגעריסענע תבואה און פרוכטן), אז מען זאָל פונאנדערטיילן, און איינער (פון די הונדערט אָרימע לייט) פארלאנגט, אז יעדער זאָל נעמען (וויפיל ער קאָן), האָרכט מען דעם איינעם, ווייל ער פארלאנגט ווי דער דין איז. **ווי מיר האָבן געזאָגט, איז דער דין ביי געוויינליכע פאה, אז די אָרימע**

ב. בדלית ובדקל אינו כן; אפילו תשעים ותשעה אומרים לבוז ואחד אומר לחלק לזה שומעים, שאמר כהלכה.
ג. נטל מקצת פאה וזרקה על השאר אין לו בה כלום. נפל לו עליה ופרש טליתו עליה, מעבירין אותו הימנה. וכן בלקט, וכן בעומר השכחה.
ד. פאה אין קוצרין אותה במגלות ואין עוקרין אותה בקרדומות, כדי שלא יכו איש את רעהו.
ה. שלש אבעיות ביום, בשחר ובחצות ובמנחה. רבן גמליאל אומר,

---

**לייט רייסן זיך אליין אָפּ די תבואה און פּרוכט און וויפיל יעדער פון זיי קאָן זאָל ער נעמען.**

ב. בדלית, אָבער ביי די הויך־פּאַרצויגענע וויינשטאָקן און טייטל־ביימער איז ניט אזוי. אפילו ניין און ניינציק פאַרלאַנגן, אז יעדער זאָל נעמען וויפיל ער קאָן, און איינער פאַרלאַנגט, מען זאָל פונאַנדערטיילן, פאָלגט מען דעם איינעם, ווייל ער פאַר־לאַנגט ווי דער דין איז. **די מפרשים באַמערקן, אז ווייל עס ווערט געזאָגט 99 קייגן איינעם, איז אָנצונעמען, אז אויב אַלע אָרימע לייט פאַרלאַנגן, כאָטש עס איז קעגן דעם דין, דאַרף מען יאָ טוען ווי זיי ווילן.**

ג. נטל, אויב אן אָרימאַן האָט גענומען אביסל פּאה (וואָס ער האָט שוין געהאַט אָנגעקליבן), און ער האָט עס געוואָרפן אויף דער איבעריגער פאה (כדי עס זאָל הייסן, אז אויך דאָס איבריקע געהערט צו אים), האָט ער גאָרניט אין דער פאה. **דאָס איז א שטראָף פאַר דעם אָרימאַן, אז ער זאָל ניט טאָן קיין עוולה צו זיינע חברים אָרימע לייט און וועלן אַלץ פאַרכאַפּן פאַר זיך. דער ירושלמי זאָגט, אז אפילו דאָס ביסל פאה, וואָס איז שוין געווען זיינס, און ער האָט עס אַראָפּגעוואָרפן אויף דעם איבריגן, געהערט אויך ניט מער צו אים, אלס שטראָף.** נפל, אויב ער האָט זיך אַרויפגעוואָרפן אויף דער פאה אָדער ער האָט פאַרשפּרייט איבער איר זיין מלבוש, נעמט מען אים צו פון איר. **דאָס איז אַלץ א שטראָף, אז כדי דער שטאַרקער אָרימאַן זאָל ניט פאַרכאַפּן אַלץ. אין דער משנה זענען פאַראַן צוויי גירסאות, „אותה" און „אותו", „איר" און „אים". ביי „איר" גייט עס אין דעם מלבוש, וואָס איז אין דער משנה „טלית", א לשון נקבה, און ביי „אים" גייט עס אויפן אָרימאַן.** וכן, און דער זעלבער דין איז אויך ביי לקט און ביי בינטלעך פון שכחה. **מיר האָבן שוין געגעבן אין דער הקדמה צו דער מסכת פאה, אז א חוץ פאה באַקומען די אָרימע לייט אויך „לקט", די זאַנגען און קערנדלאַך, וואָס פאַלן אַראָפּ ביים שניידן די תבואה, און אויך „שכחה", די זאַנגען און בינטלעך, וואָס דער בעל הבית פאַרגעסט. אויך ביי די דאָזיקע צוויי, לקט און שכחה, איז דער־זעלבער דין, אז ווען איינער פון די אָרימע לייט פּרובט צו פאַרכאַפּן פאַר זיך נעמט מען צו ביי אים.**

ד. פאה, די פאה (תבואה, אָדער פּרוכטן, אָדער גרינסן) טאָרן די אָרימע לייט ניט שניידן מיט שנייד־מעסערס און ניט רייסן מיט העק, כדי זיי זאָלן ניט שלאָגן איינער דעם אנדערן. **פאה דאַרף דורך די אָרימע לייט אָפּגעריסן ווערן נור מיט די הענט, און מען טאָר ניט באַנוצן דערצו קיינע כלים, ווייל עס איז א מורא, אז ביי א קריג צווישן די אָרימע לייט זאָלן זיי זיך ניט שלאָגן און ניט פאַרוואונדן איינער דעם אנדערן מיט די כלים. וועגן וואָרט „העק", „קרדמות", זענען פאַראַן עטליכע טייטשן און טייל מיינען, אז דאָס זענען גראָב־לאָפּאַטעס, ווי די משנה אבות פרק ד' זאָגט „ולא קרדום לחפור בה", „און עס איז ניט קיין לאָפּאַטע צו גראָבן מיט איר". די לאָפּאַטעס דאָ אין דער משנה מיינט מען צו באַנוצן אויפגראָבן גרינס.**

ה. שלש, דריי מאָל אין טאָג דאַרף מען אַראָפּנעמען (פאה), אין דער פרי, און ביים האַלבן טאָג און מנחה־צייט. **דאָס וואָרט „אבעיות" אין דער משנה האָט א סך טייטשן.**

לא אמרו אלא כדי שלא יפחתו. ר׳ עקיבא אומר, לא אמרו אלא כדי שלא יוסיפו. של בית נמר היו מלקטין על החבל ונותנים פאה מכל אומן ואומן.

ו. נכרי שקצר את שדהו ואחר כך נתגייר, פטור מן הלקט ומן השכחה ומן הפאה; ר׳ יהודה מחייב בשכחה, שאין השכחה אלא בשעת העמור.

---

דער רמבם טייטשט עס פון וואָרט „בעה״, „זוכן״, דאָס הייסט די אָרימע לייט זוכן פאה. טייל טייטשן פון „בעה״, „אנטפּלעקן זיך״, באַווייזן זיך, דער בעל הבית באַווייזט זיך אין פעלד און זאָגט דעמאָלס די אָרימע לייט צו נעמען די פאה. טייל (רשי אין ישעיה א׳ אויפן פסוק „כמלונה במקשה״) טייטשט, ווי מיר געבן דאָ, אז עס איז פאַראַן אַן אַלט לשון קודש וואָרט „בעה״, „אַראָפּנעמען תבואה״. מען האָט באַשטימט דריי צייטן אין טאָג אַראָפּצונעמען די פאה, כדי די אָרימע לייט זאָלן ניט דאַרפן פאַרלירן א גאַנצן טאָג. רבן גמליאל זאָגט, אז מען האָט געזאָגט (די דאָזיקע דריי צייטן) נאָר כדי מען זאָל ניט מאַכן ווינציקער; ר׳ עקיבא זאָגט, אז מען האָט געזאָגט (די דאָזיקע דריי צייטן) נאָר כדי מען זאָל ניט מאַכן מער. רבן גמליאל האַלט, אז ווען א בעל הבית וויל באַשטימען מער ווי דריי צייטן אין טאָג קאָן ער, ווייל יעדער אָרימאַן וועט קאָנען קומען ווען אים איז בעסער; אָבער ווינציקער טאָר מען ניט, ווייל גראַד קאָנען זיין אָרימע לייט, וואָס די פעלנדיקע צייט איז געווען פאַר זיי אַמבעסטן. ר׳ עקיבא אָבער האַלט, אז מער צייטן טאָר מען ניט מאַכן, כדי דער אָרימאַן זאָל ניט מורא האָבן, אז אַנדערע וועלן דערווייל קומען אין די אַנדערע צייטן און אַלץ צונעמען; אָבער ווינציקער מעג מען. של, די פעלדער־בעל־הבתים פון בית נמר פלעגן אַראָפּקלייבן (זייער תבואה) אויפן (געמאָסטענעם) שטריק און געבן פאה פון יעדער שורה. וועגן „בית נמר״ זענען פאַראַן צוויי מיינונגען. איינע איז, אז דאָס איז די פאַמיליע „נמר״, ווייל מיר געפינען אין דער משנה יומא און שקלים פאַמיליע נעמען מיט „בית״, ווי „בית אבטנס״ און אַנדערע. טייל מיינען, אז דאָס איז א נאָמען פון א שטאָט (במדבר ל״ב „בית נמרה״, כאָטש דאָרט איז עס ניט אין אייגנטליכן ארץ ישראל). זיי פלעגן אָפּ־מעסטן מיט א שטריק שורות תבואה אָדער גרינס און איבערלאָזן פאה פון יעדער באַ־זונדערער שורה, און ניט לאָזן די אָרימע לייט וואַרטן ביז זיי וועלן אַראָפּנעמען דאָס גאַנצע פעלד. עס זענען פאַראַן נאָך אַנדערע טייטשן, און אַלע זענען זייער שווערע. דאָס וואָרט „שורה״ הייסט דאָ „אומן״, און דער טייטש איז א שמאָלע, לאַנגע תבואה אָדער ירקות־שורה.

ו. נכרי„ אז א גוי האָט אָפּגעשניטן זיין פעלד און דערנאָך האָט ער זיך מגייר געווען, איז ער פטור פון לקט, שכחה און פאה. דער טעם איז, ווייל דער חיוב, צו געבן לקט, שכחה און פאה, איז דאָך אין דער צייט פון שניידן די תבואה, און דעמאָלס איז ער דאָך געווען א גוי. ר׳ יהודה איז מחייב צו געבן שכחה, ווייל שכחה איז דאָך, ביים מאַכן די גאַרבן אָפּגעשניטענע תבואה. דאָס וואָרט „עומר״, „גאַרב״, מיינט דאָס קליי־נע קופּקעלע תבואה־זאַנגען, וואָס בלייבט ליגן אויפן פעלד, ווען מען גיט א שניט־אָפּ די זאַנגען. פּרטים וועגן דעם געבן מיר ווייטער אין פרק ה׳ משנה ו׳. כדי צו פאַרשטיין די מחלוקה פון דער סתם משנה און ר׳ יהודה, איז וויכטיק צו וויסן, אז וועגן „שכחה״, צו געבן די אָרימע לייט „פאַרגעסענע תבואה״, איז פאַראַן אין חומש דברים כ״ד „ווען דו וועסט שניידן דיין שניט אין פעלד און וועסט פאַרגעסן א גאַרב אין פעלד זאָלסטו ניט צוריקגיין עס צו נעמען״ („כי תקצור קצירך בשדה ושכחת עמר בשדה, לא תשוב לקחתו״). פון דעם דאָזיקן פסוק וואָלט מען געקאָנט מיינען, אז שכחה איז נאָר „שכחת עימור״, נאָר ביי אָפּגעשניטענע גאַרבן תבואה. אָבער די חכמים האָבן געלערנט אז אויך ווען מען פאַרגעסט ניט־אָבגעשניטענע תבואה־זאַנגען דאַרף מען זיי איבערלאָזן פאַר אָרימע לייט. דאָס פאַרגעסן ניט־אָפּגעשניטענע תבואה הייסט

**ז. הקדיש קמה ופדה קמה, חייב. עמרים ופדה עמרים, חייב. קמה ופדה עמרים פטורה, שבשעת חובתה היתה פטורה.**

**ח. כיוצא בו, המקדיש פרותיו עד שלא באו לעונת המעשרות ופדאָן—חייבין, משבאו לעונת המעשרות ופדאָן—חייבין, הקדישן עד שלא נגמרו וגמרן הגזבר ואחר כך פדאָן—פטורין, שבשעת חובתן היו פטורין.**

---

„שכחת קמה" (פון וואָרט „קמה", שטייענדיקע תבואה). **זאָגט די סתם משנה, אז ווייל דער גר איז דאָך ניט מחויב געווען אוועקצוגעבן „שכחת קמה", ווייל ווען די תבואה איז געווען ניט אָפּגעשניטן איז ער נאָך געווען א גוי, איז ער שוין פטור אויך פון „שכחת עימור", אפילו ער איז געווען שוין א ייד ביים מאַכן די גארבן, אָבער ר' יהודה האלט, אז ווייל אין חומש איז דאָך דער יסוד פון דער מצוה פון שכחה פאראן נור ביי „שכחת עימור", נאָר ביים מאַכן די גארבן, דעריבער איז דער גר מחויב אין שכחת עימור כאָטש ער איז פטור געווען פון שכחת קמה.**

ז. הקדיש ווען איינער האָט מקדיש געווען שטייעדיקע (ניט אָפּגעשניטענע) תבואה („קמה") און ער האָט דיזעלבע תבואה אויסגעלייזט, ווען זי איז נאָכניט געווען אָפּגעשניטן, **דארף ער געבן. ווייל דעמאָלס ווען מען שניידט די תבואה איז זי דאָך שוין ניט קיין הקדש, און ממילא דארף מען געבן דערפון פאה. וועגן „הקדש" און „אויסלייזן" און „גזבר" געבן מיר אין פאה פרק א' משנה ו'.** קמה, אויב ער האָט מקדיש געווען ניט אָפּגעשניטענע תבואה (און מען האָט זי אָפּגעשניטן ווען זי איז געווען ביי הקדש) און מען האָט זי אויסגעלייזט, ווען זי איז שוין געווען אין אָפּגעשניטענע גארבן, איז מען פטור, ווייל אין דער צייט, ווען די תבואה האָט געדארפן מחויב צו ווערן (אין לקט, שכחה און פאה, דאָס הייסט, ביים שניידן), איז זי געווען פטור. **ווייל דעמאָלס, ביים שניט, איז זי דאָך געווען הקדש, און דאָס וואָס מען האָט זי שפּעטער אויסגעלייזט ברענגט ניט מער דעם חיוב.**

ח. דאָסזעלבע איז אויך, ווען איינער איז מקדיש זיינע פרוכטן, איידער עס איז געקומען זייער צייט פון געבן מעשרות, און ער האָט זיי אויסגעלייזט, זענען זיי מחויב (אין מעשרות); אויב ער האָט זיי מקדיש געווען נאָכדעם ווי עס איז געקומען זייער צייט צו געבן פון זיי מעשרות, און ער האָט זיי אויסגעלייזט, זענען זיי מחויב (אין מעשרות). **אין דער מסכת מעשרות פרק א' ווערט געזאָגט, אז ניט באלד ווי מען נעמט אראָפּ פרוכטן דארף מען געבן פון זיי מעשרות; מען מוז צוערשט ברענגען די פרוכטן אין א גוטן צושטאנד. דאָס דאָזיקע הייסט „עונת המעשרות", די צייט, ווען פון א פרוכט דארף געגעבן ווערן מעשר". למשל פון גרינס ערשט דעמאָלס ווען מען בינדט עס אין בינטלעך. יעדע פרוכט האָט איר „צייט פון מעשרות", און דאָס ווערט אויס־גערעכנט אין דער משנה מעשרות פרק א'. זאָגט דאָ די משנה, אז אויב די „צייט פון מעשרות" איז אָנגעקומען פאר די פרוכטן, ווען זיי זענען ניט געווען קיין הקדש, אלס איינס, צי דאָס איז געווען פארן מקדיש זיין צי נאָכן אויסלייזן, דארף מען פון די פרוכטן געבן מעשר.** הקדישן, אויב ער האָט זייי (די פרוכטן) מקדיש געווען, איידער זיי זענען פארטיק געוואָרן (פאר דער „צייט פון מעשרות") און זיי זענען פארטיק גע־וואָרן (עס איז געוואָרן זייער „צייט פון מעשרות") ווען זיי זענען געווען אין רשות פון דעם הקדש־פארוואלטער (גזבר) און דערנאָך האָט ער זיי אויסגעלייזט, זענען זיי

**ט. מי שלקט את הפאה ואמר, הרי זו לאיש פלוני עני, ר׳ אליעזר אומר, זכה לו; וחכמים אומרים, יתננה לעני שנמצא ראשון. הלקט והשכחה והפאה של נכרי חייב במעשרות, אלא אם כן הפקיר.**

**י. איזהו לקט? הנושר בשעת הקצירה. היה קוצר, קצר מלא ידו, תלש מלא קומצו, הכהו קוץ ונפל מידו לארץ, הרי הוא של בעל הבית.**

---

פטור (צו נעמען פון זיי מעשר), ווייל אין דער צייט ווען זיי זענען מחויב געוואָרן (ווען עס איז אָנגעקומען זייער „צייט פון מעשר״ זענען זיי געווען פטור. **ווארים זיי זענען דאָך דעמאָלס געווען הקדש, און הקדש איז פטור פון מעשר. מיר האָבן שוין געשריבן, אז וועגן „הקדש״ און „אויסלייזן״ און „גזבר״ האָבן מיר שוין געגעבן פריער.**

ט. מי, ווען איינער האָט אָנגעקליבן פאה און האָט געזאָגט, אז דאָס (די אָנגעקליבענע פאה) געהערט צו יענעם אָרימאַן, זאָגט ר׳ אליעזר, אז ער האָט זוכה געווען פאר יענעם; און די חכמים זאָגן, אז ער דארף די פאה אוועקגעבן צו דעם ערשטן אָרימאַן, וועלכן ער וועט געפינען. **פון דער גמרא, גטין י״א, איז צו זען, אז אויב דער אנקלייבער איז געווען אן אָרימאַן האלטן אלע, אז ער האָט דאָס רעכט צו דערקלערן, אז ער נעמט עס ניט פאר זיך נאָר פאר אן אנדערן אָרימאַן; מחמת אויב ער וויל קאָן ער דאָך טאקע נעמען פאר זיך („מיגו דאי בעי זכי לנפשיה״). אָבער אין דער משנה דאָ רעדט זיך וועגן א ניט־אָרימאַן, וואָס האָט געקליבן פאה, און פאר זיך קאָן ער דאָך עס ניט נעמען, און ער דערקלערט, אז ער איז עס זוכה פאר אן אנדערן** מענטש, אן אָרימאַן. **האלט ר׳ אליעזר, אז ער קאָן עס יאָ טאָן, און די חכמים האלטן, אז ער קאָן עס ניט טאָן.** הלקט, אויב א גוי גיט צו אָרימע לייט לקט און שכחה און פאה, דארף מען דערפון געבן מעשרות, סיידן ער (דער גוי) האָט זיי מפקיר געווען. **דער דין איז, אז לקט, שכחה און פאה זענען פטור פון מעשר. אָבער ווייל א גוי דארף דאָך ניט געבן קיין לקט, שכחה און פאה, דעריבער, אז ער האָט יאָ געגעבן, הייסט עס אן איינפאכע מתנה; דעריבער דארפן די אָרימע לייט, וועלכע האָבן עס גענומען פון גוי, געבן דערפון מעשר. אויב אָבער דער גוי האָט די לקט, שכחה און פאה מפקיר געווען, דאָס הייסט, ער האָט דערקלערט, אז יעדער קאָן זיי נעמען, ניט דוקא אָרימע לייט, הייסט עס הפקר און עס איז פטור פון מעשר.**

י. איזהו, וואָס הייסט „לקט״? דאָס וואָס פאלט אראָפּ ביים שניידן. **מיר האָבן אין דער הקדמה צו מסכת פאה געשריבן וועגן דער מצוה פון לקט, און די משנה גיט דאָ גענויע דערקלערונגען וואָס הייסט לקט, און דהיינו, די זאנגען, וואָס פאלן אראָפּ אויף דער ערד ביים שניידן די תבואה. זיי טאָר דער בעל הבית ניט אויפהויבן, נאָר ער דארף זיי איבערלאָזן פאר אָרימע לייט.** היה, אז ער האָט געהאלטן אין שניידן (תבואה), און ער האָט אָפּגעשניטן א פולע האנט (תבואה), אָדער ער האָט אָפּגעריסן א פולן האנד־הויפן, און ער האָט באקומען א שטאָך פון א דאָרן, און די תבואה איז ארויסגעפאלן פון זיין האנט אויף דער ערד, געהערט עס צום בעל הבית. **ווייל דאָס הייסט ניט קיין לקט, מחמת עס איז אראָפּגעפאלן ניט פון זיך, נאָר צוליב דעם שטאָך, וואָס דעם בעל הבית׳ס האנט האָט באקומען ביים שניידן. די משנה ברענגט דאָ צוויי פאלן; איינע איז שניידן מיט א שנייד־מעסער (שערפּ) און אין אזא פאל נעמט דער שניטער אָן די זאנגען תבואה מיט דער פולער האנט, דאָס הייסט, מיט דעם גאנצן האנט־אָרעם, און מיט דער רעכטער האנט שניידט ער; דער צווייטער פאל איז ווען דער שניטער באנוצט ניט קיין מעסער נאָר רייסט די תבואה בלויז מיט דער האנט; דאָס הייסט** „מלוא קמצו״, דער פולער האנד־גאָרשטש, הויפן. **תוך, די תבואה וואָס געפינט זיך** אין אין דעם האנט־אָרעם אָדער אין דעם שנייד־מעסער, און פאלט אראָפּ, געהערט

**תוך היד ותוך המגל לעניים, אחר היד ואחר המגל לבעל הבית; ראש היד וראש המגל, ר׳ ישמעאל אומר, לעניים, ר׳ עקיבא אומר, לבעל הבית.**

**יא. חורי הנמלים שבתוך הקמה הרי הן של בעל הבית, שלאחר הקוצרים—העליונים לעניים והתחתונים של בעל הבית; ר׳ מאיר אומר, הכל לעניים, שספק לקט לקט.**

## פרק ה.

**א. גדיש שלא לוקט תחתיו. כל הנוגע בארץ הרי הוא של עניים.**

---

צו די אָרימע לייט; די תבואה, וואָס געפינט זיך הינטער דעם האנט־אָרעם און הינטער דעם שנייד־מעסער, (און פאלט אראָפּ), געהערט צום בעל הבית. **אין ערשטן פאל הייסט עס לקט; אָבער ווען די תבואה איז אינגאנצן ניט ארומגענומען געוואָרן דורך דעם בעל הבית׳ס האנט־אָרעם אָדער מיט דעם מעסער, הייסט עס ניט קיין לקט, ווייל זי איז דאָך גאָרניט געווען אריינגענומען אין דער ארבייט פון שניידן.** ראש, אויב די תבואה איז געווען אין שפּיץ פון דער האנט און ביים שפּיץ פון שנייד־מעסער, זאָגט ר׳ ישמעאל, אז זי געהערט צו די אָרימע לייט, און ר׳ עקיבא זאָגט, אז זי גע־הערט צום בעל הבית. **ר׳ ישמעאל האלט, אז עס איז גלייך ווי זי וואָלט געווען ארומ־גענומען מיט דעם האנט־אָרעם אָדער מעסער, און עס איז דעריבער „לקט״; און ר׳ עקיבא האלט, אז עס איז גלייך ווי זי וואָלט געווען הינטער דעם האנט־אָרעם אָדער מעסער, און זי געהערט דעריבער צום בעל הבית.**

י״א. חורי, לעכער פון מוראשקעס, וואָס געפינען זיך אין דערמיט פון דער שטיי־ענדיקער (ניט אָפּגעשניטענער) תבואה, (און מען האָט אין די לעכער געפינען זאנגען תבואה, וואָס די מוראשקעס האָבן אָנגעזאמלט) געהערן (די דאָזיקע זאנגען) צום בעל הבית. **ווייל מען מען נעמט אָן, אז די מוראשקעס האָבן זיי גענומען פון די נאָכניט געשניטענע זאנגען, ממילא האָבן זיי דאָך ניט געקאָנט בכלל געהערן צו די אָרימע לייט.** שלאחר, אויב די לעכער פון די מוראשקעס האָבן זיך געפינען (אין דעם טייל פעלד) הינטער די שניטערס, וואו די שניטערס האָבן שוין געהאט אָפּגעשניטן די תבואה), געהערן די אויבערשטע (זאנגען) צו די אָרימע לייט און די אונטערשטע צום בעל הבית. **מען נעמט אָן, אז די זאנגען, וועלכע ליגן פון דער הויך זענען דורך די מוראשקעס גע־נומען געוואָרן שוין פון דער אָפּגעשניטענער תבואה, פון לקט און זיי געהערן דעריבער צו די אָרימע לייט. אָבער די זאנגען, וועלכע ליגן אונטען, נעמט מען אָן, אז די מו־ראשקעס האָבן זיי געהאט פון נאָכניט־געשניטענער תבואה און זיי געהערן צום בעל הבית. דער ירושלמי טייטשט, אז מיט אויבערשטע מיינט מען ווייסע, צייטיקע זאנגען, וואָס ווייזט, אז זיי זענען גענומען געוואָרן פון צייטיקער תבואה, און מיט „אונטערש־טע״ מיינט מען גרינע, נאָכניט־צייטיקע זאנגען, און זיי זענען גענומען געוואָרן פון ניט־געשניטענער־תבואה, דעריבער געהערן זיי צום בעל הבית. די דערקלערונג איז נויטיק, ווייל אנדערש קאָן מען דאָך ניט וויסן, ווען ענדיקן זיך די „אויבערשטע״ און ווען הויבן זיך אָן די „אונטערשטע״.** ר׳ מאיר זאָגט, אז אלע זאנגן געהערן צו די אָרימע לייט, ווייל דער ספק פון לקט איז לקט, **דאָס הייסט, ווייל אויף אלע זאנגן קאָן דאָך זיין א ספק, טאָמער זענען זיי יאָ פון לקט, און דאָס וואָס זיי זענען גרין איז מעג־ליך, אז ביים שניידן די תבואה האָבן זיך געפונען אויך ניט־צייטיקע זאנגן, דעריבער פסקנט מען לטובת די אָרימע לייט.**

## פרק ה.

א. גדיש, אויב מען האָט געמאכט א סטערטע (אָנגעלייגט א סך תבואה־בינט־לעך אין איין אָרט). און די אָרימע לייט האָבן אונטער איר ניט געהאט געקליבן לקט, איז דער דין, אז די זאנגן (פון דער סטערטע), וועלכע רירן אָן די ערד, געהערן צו **די אָרימע לייט. מיטן וואָרט „גדיש״ ווערט אָנגערופן דאָס אָנלייגן אויף איין אָרט**

**הרוח שפזרה את העמרים, אומדים אותה כמה לקט היא ראויה לעשות ונותן לעניים. רבן שמעון בן גמליאל אומר, נותן לעניים בכדי נפילה.**

**ב. שבולת שבקציר וראשה מגיע לקמה, אם נקצרת עם הקמה הרי היא של בעל הבית. ואם לאו הרי היא של עניים. שבולת של לקט שנתערבה בגדיש מעשר שבולת אחת ונותן לו. אמר ר׳ אליעזר, וכי**

**אין פעלד די אלע בינטלעך תבואה־זאנגן, (נאָכדעם ווי מען האָט די תבואה אָפּגעשניטן; מען רופט עס אין די סלאווישע לענדער ,,סטערטע״. דאָ ליגן געוויינליך די בינטלעך תבואה ביז מען דרעשט זיי דאָ אויפן אָרט, אָדער מען פירט זיי אוועק צום שייער דאָרט צו דרעשן. זאָגט די משנה, אז אויב דער בעל הבית האָט געמאכט דעם ,,גדיש״, די סטערטע, אויף א שטיק פעלד, וואו די אָרימע לייט האָבן נאָכניט געהאט צונויפגעקליבן דעם לקט, ווערט דער בעל הבית באשטראָפט דערמיט, וואָס די אלע תבואה־זאנגן פון ,,גדיש״, וועלכע רירן אָן די ערד ווערן באטראכט אלס לקט און זיי געהערן צו די אָרימע לייט.** הרוח, אויב דער ווינט האָט פונאנדערגעשפרייט גארבן תבואה איבער דעם פעלד (און מען קאָן ניט מער דערקענען, וואָס איז אויף דעם פעלד לקט און וואָס איז פון די פונאנדערגעשפרייטע גארבן תבואה), שאצט מען אָפּ דאָס פעלד וויפיל לקט אזא פעלד גיט געוויינליך, און (דער בעל הבית) דארף געבן אזוי פיל צו אָרימע לייט. **כאָטש דער בעל הבית איז דאָך אין דעם פאל ניט שולדיק, מחמת דער ווינט האָט פונאנדערגעשפרייט, פונדעסטוועגן טאָר מען די אָרימע לייט ניט טאָן קיין עוולה און מען דארף אָפּשאצן און געבן זיי לקט.** רבן שמעון בן גמליאל זאָגט, אז דער בעל הבית זאָל געבן די אָרימע לייט וויפיל דער אָפּפאל בעטרעפט. **די גמרא און די מפרשים זאָגן, אז ,,כדי נפילה״ ,,לויט דעם באטרעף פון אראָפּפאל״, איז א 45סטל פון דער תבואה, וואָס איז געוואָקסן אויפן פעלד. לויט איין טייטש פון רמב״ם מיינט מען ,,כדי נפילה״, וויפיל מען דארף האָבן זריעה צום פארזייען דאָס פעלד.**

ב. שבולת, אז א זאנג תבואה געפינט זיך (ניט אָפּגעשניטן) אין דעם אָפּגעשניטענעם טייל פעלד, און איר (דער זאנג׳ס) שפיץ דערגרייכט ביז צו דער שטייענדיקער, ניט אָפּגעשניטענער, איז אויב די זאנג קאָן אָפּגעשניטן ווערן צוזאמען מיט דער שטייענדיקער תבואה געהערט זי צום בעל הבית, און אויב ניט, געהערט זי צו די אָרימע לייט. **געוויינליך טייטשן די מפרשים אז דאָ האנדלט זיך וועגן שכחה, און די דאָזיקע זאנג איז פארגעסן געוואָרן ביים שניידן. די משנה לערנט, אז אויב לעבן דער זאנג איז פאראן א טייל פעלד מיט נאָכניט אָפּגעשניטענער תבואה, און דער שפיץ פון דער זאנג דערגייט אהין און מען קאָן די זאנג איינבייגן און איר אָפּשניידן צוזאמען מיט דער ניט־אָפּגעשניטענער תבואה, הייסט עס ניט קיין שכחה, ווייל דער בעל הבית וועט נאָך צום דאָזיקן פלאץ צוריקקומען; די זאנג געהערט דעריבער צום בעל הבית. אויב אָבער מען קאָן די זאנג ניט אָפּשניידן צוזאמען מיט דער ניט־אָפּגעשניטענער תבואה, הייסט זי ,,שכחה״, און זי געהערט צו די אָרימע לייט. דער רמב״ם וויל טייטשן, אז די משנה לערנט דאָ ניט וועגן שכחה נאָר וועגן לקט, ווייל די אלע משנות לערנען דאָך דאָ נור די דינים פון לקט. אָבער דער גרעסטער טייל מפרשים זענען דאָ ניט מסכים מיט דעם פירוש פון רמבם, ווייל לקט איז ניט פאראן ביי א ניט־אָפּגעשניטענער זאנג.** שבולת של לקט, אויב א זאנג פון לקט האָט זיך אויסגעמישט מיט אנדערע תבואה־זאנגן אין א סטערטע (גדיש), דארף (דער בעל הבית) נעמען מעשר פון איין זאנג און געבן דעם אָרימאן. **ווי מיר האָבן שוין געזאָגט איז לקט, שכחה און פאה, וואָס מען גיט צו אָרימע לייט פטור פון מעשר. דעריבער אז עס האָט זיך אויסגעמישט איין זאנג פון לקט מיט אנדערע תבואה־זאנגן פון בעל הבית, דארף דער בעל הבית נעמען וועלכע עס איז זאנג און איר אָפּ־מעשר׳ן און גיבן די זאנג צו אן אָרימאן. ער דארף מעשר׳ן די זאנג, ווייל טאָמער איז זי ניט פון לקט, איז מען דאָך מחויב**

היאך העני הזה מחליף דבר שלא בא ברשותו? אלא מזכה את העני בכל הגדיש ומעשר שבולת אחת ונותן לו.

ג. אין מגלגלין בטופח, דברי ר׳ מאיר. וחכמים מתירין, מפני שאפשר.

ד. בעל הבית שהיה עובר ממקום למקום וצריך לטול לקט שכחה ופאה ומעשר עני — יטול, וכשיחזור לביתו ישלם, דברי ר׳ אליעזר. וחכמים אומרים, עני היה באותה שעה.

---

צו געבן פון איר מעשר. אָמר, האָט ר׳ אליעזר געזאָגט, ווי אַזוי קאָן דער אָרימאַן אויסטוישן א זאַך, וואָס איז נאָכניט געוואָרן זיין אייגנטום? די זאַנג פון לקט געהערט דאָך נאָכניט צום אָרימאַן, מחמת ער האָט דאָך זי ניט אויפגעקליבן; ווי אַזוי זשע קאָן דער אָרימאַן נעמען אַן אַנדערע זאַנג פון בעל הבית אלס אַן אויסטויש פאַר דעם זאַנג פון לקט, וועלכע איז נאָכניט געוועזן זיינע? אלא, נאָר דער בעל הבית דאַרף אוועקגעבן דעם אָרימאַן דאָס אייגנטום־רעכט פון (אַלע זאַנגן פון) דער סטערטע (גדיש), און דעמאָלט נעמט מען מעשר פון איין זאַנג און מען גיט די זאַנג צו אים (צום אָרימאַן). דער ירושלמי טייטשט איין, אַז דער בעל הבית שענקט דעם אָרימאַן דעם גאַנצן גדיש אלס א „מתנה על מנת להחזיר״, א „געשאַנק, אויף צוריקצוגעמען״, און ממילא קאָן שוין דער אָרימאַן אויך זוכה זיין אין דעם זאַנג לקט וואָס געפינט זיך אויסגעמישט אין די זאַנגן פון גדיש; דערנאָך גיט צוריק דער אָרימאַן דעם גדיש צום בעל הבית.

ג. אין, מען טאָר ניט דרייען דעם וואַסער־עמער (כדי צו באַוואַסערן דאָס פעלד, ווען די אָרימע לייט דאַרפן קלויבן לקט), אַזוי זאָגט ר׳ מאיר. ווייל ווען מען באַוואַסערט דאָס פעלד ווערט די ערד בלאָטיק און קלעביק און עס איז פאַר די אָרימע לייט שווער צו גיין אין פעלד. וחכמים, אָבער די חכמים זענען מתיר, ווייל עס איז מעגליך (פאַר דעם בעל הבית אפּצוגעבן די אָרימע לייט זייער טייל לקט, וויפיל מען וועט אָפּשאַצן). די דאָזיקע משנה איז א זייער שווערע. פון ירושלמי איז צו זען, אַז דער טייטש איז, ווי מיר האָבן דאָ געגעבן. „מגלגל״ איז דער טייטש דאָס דרייען מיט דעם „טופח״, און דאָס וואָרט „טופח״ איז דער טייטש „נעצן״, און לויט איין גירסא דאַרף זיין „טופיח״ און דער טייטש דערפון איז דער וואַסער־עמער אָדער וואַסער־קאַן. אָבער דער רמב״ם טייטשט, אַז „טופח״ איז א סאָרט שלעכטער אַרבעס, און די משנה האָט גאָר אַן אַנדערן טייטש, דהיינו: מען טאָרניט צוזאַמען („מגלגלין״ הייסט אויך „פאַראייניקן״) שניידן תבואה מיט דעם טופח, מיט דעם שלעכטן אַרבעס, ווייל דער לקט קאָן אַמאָל פאַלן נור פון דעם שלעכטן אַרבעס און די אָרימע לייט וועלן ליידן דערפון; און די חכמים זענען מתיר, ווייל דער לקט קאָן פאַלן אויך פון דער גוטער תבואה.

ד. בעל הבית, אַז א בעל הבית גייט פון איין אָרט אין אַן אַנדערן אָרט און ער דאַרף נעמען לקט, שכחה און פאה און מעשר עני, זאָל ער נעמען, און ווען ער וועט צוריקקומען א היים זאָל ער באַצאָלן; אַזוי זאָגט ר׳ אליעזר. דאָס וואָרט „בעל הבית״ האָט דאָ די באַדייטונג פון „ניט קיין אָרימאַן״, און מיר געפינען א סך מאָל אין דער משנה דעם געגנזאַץ „בעל־הבית״ און „עני״, דער „פאַרמעגליכער״ און דער „אָרימאַן״. ר׳ אליעזר לערנט, אַז כאָטש לקט, שכחה, פאה און מעשר עני (וועגן דעם זע אין אונזער הקדמה צו מסכת פאה) מעג נעמען נור אַן אָרימאַן, פונדעסטוועגן אויב א פאַרמעגליכער מאַן איז אין וועג און ער האָט צופעליק ניט קיין געלד ביי זיך מעג ער נעמען די אַלע זאַכן, וואָס געהערן צו אָרימע לייט, און ווען ער וועט אהיימקומען זאָל ער באַצאָלן די אָרימע לייט. וחכמים, אָבער די חכמים זאָגן, אַז ער איז געווען אַן אָרימאַן אין דער דאָזיקער שעה. ממילא האָט ער געהאַט דאָס רעכט צו נעמען, און ער דאַרף שפּעטער ניט באַצאָלן.

**ה. המחליף עם העניים בשלו פטור, ובשל עניים חייב. שנים שקבלו את השדה באריסות, זה נותן לזה חלקו מעשר עני וזה נותן לזה חלקו מעשר עני. המקבל שדה לקצור, אסור בלקט שכחה ופאה ומעשר עני. אָמר ר׳ יהודה, אימתי? בזמן שקבל ממנו למחצה לשליש ולרביע, אבל אם אמר לו, שליש מה שאתה קוצר שלך, מותר בלקט ובשכחה ובפאה ואסור במעשר עני.**

**ו. המוכר את שדהו, המוכר מותר והלוקח אָסור. לא ישכור אָדם**

---

ה. המחליף, אז א בעל הבית טוישט זיך מיט די אָרימע לייט (ער נעמט זייער תבואה פון לקט, שכחה, פאה, און ער גיט זיי דערפאר זיין תבואה), איז ער פון זיין (תבואה, וואָס ער האָט באקומען פון די אָרימע לייט) פטור (צו געבן מעשר), אָבער פון די אָרימע לייטס (תבואה, וואָס ער האָט זיי געגעבן) איז ער מחויב (צו געבן מעשר). **דער טעם איז פשוט, ווייל דאָס וואָס זיי האָבן אים געגעבן איז דאָך געווען פטור פון מעשר, און דאָס וואָס ער האָט זיי געגעבן איז מען דאָך געווען מחויב צו געבן דערפון מעשר. דאָס וואָס די משנה זאָגט „חייב״ אין לשון יחיד, ווייזט, אז עס גייט ארויף אויף דעם בעל הבית, אז ער דארף געבן מעשר, איידער ער גיט זיין תבואה צו די אָרימע לייט.** שניים, אויב צוויי (אָרימע לייט) האָבן גענומען (ביי א בעל הבית) א פעלד אין אַרענדע (זיי באארבייטן דאָס פעלד און זיי נעמען א טייל פון דער אָפּגעשניטענער פאה, א דריטל צי א פערטל), מעג איינער געבן דעם צווייטן זיין טייל מעשר עני, און דער צווייטער מעג געבן דעם ערשטן זיין טייל מעשר עני. **דער דין איז, אז אפילו א אָרימאַן האָט א שטיקל פעלד, טאָר ער ניט נעמען פאר זיך לקט, שכחה, פאה און מעשר עני, די אלע זאכן, וואָס געהערן צו אָרימע לייט, נאָר ער מוז זיי אוועקגעבן צו אנדערע אָרימע לייט. זאָגט די משנה אז אויב צוויי אָרימע לייט האָבן גענומען א שטיקל פעלד איז ארענדע, צו באארבייטן און צו קריגן א טייל פון דער תבואה, איז ווייל דאָס שטיקל פעלד איז דאָך ניט זייערס, מעגן זיי מאכן דעם „אויסטויש״ און יעדער איינער פון זיי מעג געבן דעם צווייטן דעם מעשר עני, און אויך לקט, שכחה און פאה, וואָס קומט פון דעם טייל פעלד, וואָס ער באארבייט. די מפרשים זאָגן, אז דאָס איז נור, ווען יעדער פון זיי האָט א באשטימטן טייל פעלד פאר זיך אין ארענדע, און ניט ווען זיי נעמען ביידע בשותפות דאָס פעלד.** המקבל, ווען איינער (אן אָרימאַן) נעמט (ביי א בעל הבית), א פעלד צום שניידן (און דערפאר באקומט ער א טייל פון דער ניט־געשניטענער תבואה), טאָר ער ניט נעמען (פון דעם דאָזיקן פעלד) קיין לקט, שכחה און פאה און מעשר עני. **ווייל דאָס הייסט, ווי דאָס פעלד איז זיינס און די תבואה איז זיינע, און אפילו ווען אן אָרימאַן האָט א פעלד טאָר ער ניט נעמען דערפון די זאכן, וואָס געהערן צו אָרימע לייט.** אָמר, האָט ר׳ יהודה געזאָגט, אז ווען איז דאָס? ווען ער (דער אָרימאַן) האָט גענומען דאָס פעלד אוף צו באקומען (פון דער ניט געשניטענער תבואה) א העלפט, אָדער א דריטל אָדער א פערטל; אָבער אויב ער (דער בעל הבית פון פעלד) האָט געזאָגט צום אָרימאַן: א דריטל פון דער תבואה, וואָס דו וועסט אָפּשניידן וועט געהערן צו דיר, מעג ער נעמען לקט, שכחה און פאה, אָבער ער טאָר ניט נעמען מעשר עני. **דער טעם איז, ווייל לקט, שכחה און פאה איז דער חוב ביים שניידן די תבואה, און ביים שניידן איז דאָך נאָך די תבואה געווען דעם בעל הבית׳ס, און ניט זיינע, מחמת ער באקומט דאָך זיין טייל ערשט נאָכן שניידן; דעריבער מעג ער נעמען די דאָזיקע מתנות וואָס געהערן צו אָרימע לייט. אָבער מעשר עני דארף מען דאָך געבן ערשט נאָכן אָפּשניידן און נאָכן רייניגן די תבואה, איז דאָך די פליכט דערפון געוואָרן אויף דער תבואה ערשט דעמאָלס, ווען דער אָרימאַן האָט שוין געהאט א חלק אין דער תבואה, טאָר ער דעריבער ניט נעמען.**

ו. המוכר, אז איינער פארקויפט זיין פעלד צו א צווייטן, מעג דער פארקויפער

**את הפועל על מנת שילקט בנו אחריו. מי שאינו מניח את העניים ללקוט, או שהוא מניח את אחד ואחד לא, או שהוא מסייע את אחד מהם, הרי זה גוזל את העניים; על זה נאמר, „אל תסג גבול עולים״.**

**ז. העומר ששכחוהו פועלים ולא שכחו בעל הבית, שכחו בעל הבית ולא שכחוהו פעלים, עמדו עניים בפניו או שחיפוהו בקש, הרי זה אינו שכחה.**

**ח. המעמר לכובעות ולכמסאות, לחררה ולעמרים אין לו שכחה,**

---

(נעמען לקט, שכחה, פאה און מעשר עני) און דער קויפער טאָר ניט. **די משנה מיינט י״א, ווען ביידע זענען אָרימע לייט. דער פאַרקויפער מעג נעמען, ווייל דאָס פעלד איז דאָך שוין ניט זיינס;** אָבער דער קויפער טאָר ניט, ווייל עס איז דאָך זיין פעלד. לא, מען טאָר ניט דינגען קיין ארבייטער און אויסנעמען מיט אים א תנאי, אז זיין (דעם ארבייטערס) זון זאָל אים נאָכגיין (אין פעלד) און אויפקלויבן (דעם לקט, שכחה און פאה). **ווייל דאָס הייסט ווי ער וואָלט דעם ארבייטער געצאָלט ניט נור מיט געלד נאָר אויך מיט תבואה, וואָס געהערט צו אָרימע לייט.** מי, ווער עס לאָזט ניט אָרימע לייט קלויבן אין זיין פעלד (לקט, שכחה און פאה), אָדער ער לאָזט איינעם (פון די אָרימע לייט) און איינעם לאָזט ער ניט, אָדער ער העלפט איינעם פון זיי (פון די אָרימע לייט), הייסט עס, אז ער באַגזל׳ט אָרימע לייט, און דערויף זאָגט דער פסוק (אין משלי כ״ב) „זאָלסט ניט אריבערר די גרעניץ פון אייביג״. **דער באַווייז פון פסוק אין משנה, אז מען טאָר ניט באַגזלענען אָרימע לייט און צונעמען זייערס שטיצט זיך דערויף, וואָס די משנה דרשנט דאָס וואָרט „עולם״ אין זין פון „עולים״, און דאָס זאָל מען מיינען אָרימע לייט, וועלכע זענען „יורדים״, „אַראָפּגעפאַלענע״ און אין לשון סגי נהור הייסן זיי „עולים״; מען זאָל, הייסט עס, ניט פאַרנעמען די גרעניץ פון דעם, וואָס געהערט צו די אָרימע לייט. אזוי לערנט דער ירושלמי.**

ז. העומר, א גארב (קליינע קופּע, אָפּגעשניטענע תבואה), וואָס די ארבייטער האָבן פאַרגעסן (ביים צונויפנעמען אלע תבואה־גארבן) אָבער דער בעל הבית האָט אים ניט פאַרגעסן, אָדער (עס איז געווען פאַרקערט דער פאַל) וואָס דער בעל הבית האָט פאַרגעסן אָבער די ארבייטער האָבן ניט פאַרגעסן, אָדער וואָס די אָרימע לייט האָבן זיך אוועקגעשטעלט פאר אים (פאר דעם גארב, כדי אים צו פאַרשטעלן, און מען זאָל אים פאַרגעסן) אָדער זיי (די אָרימע לייט) האָבן אים פאַרדעקט מיט שטרוי (כדי מען זאָל אים פאַרגעסן), איז דאָס ניט קיין שכחה (און עס געהערט צום בעל הבית). **ביז דער איצטיקער משנה זענען די דינים אין דער דאָזיקער מסכת געווען מייסטנס וועגן פאה און לקט. איצט הויבן זיך אָן די דינים פון שכחה, און מיר האָבן שוין גע־זאָגט אין דער הקדמה צו דער מסכת פאה, וואָס שכחה איז. די משנה דאָ לערנט צוויי דינים; ערשטנס, אז אויב אין א פעלד זענען פאַראַן א בעל הבית און ארבייטער מוז דער גארב (עומר) תבואה פאַרגעסן ווערן דורך ביידע, אי דורך דעם בעל הבית אי דורך די ארבייטער, און ערשט דעמאָלט הייסט ער שכחה. צווייטנס, אז אויב די אָרימע לייט האָבן דורך פאַרשטעלן דעם גארב אָדער פאַרדעקן אים, געבראַכט דערצו, אז מען זאָל דעם גארב פאַרגעסן, איז עס ניט קיין שכחה. מיר ווילן דאָ געבן עטליכע ווערטער וועגן טייטש פון וואָרט „עומר״. אַמאָל פלעגט מען אין חדר טייטשן „עומר״ א „בינטל תבואה״. אָבער באמת איז עומר ניט קיין „בינטל״. מחמת עומר הייסט די קליינע קופּע תבואה, וואָס ווען מען שניידט די תבואה־זאנגען לאָזט מען זיי ליגן צוזאַ־מען, ניט־געבינדענערהייט. מיר פאַרטייטשן דאָ אין אידיש עומר מיט דעם וואָרט „גארב״, דאָס הייסט א קליין בערגעלע אָפּגעשניטענע תבואה־זאנגען, ניט־געבינדן. מיר האָבן ניט געפינען קיין אנדער וואָרט דערפאַר. דעריבער זאָל דער לערנער גע־דענקען, וואָס מיר מיינען כסדר מיט דעם וואָרט גארב.**

**ממנו ולגורן יש לו שכחה; המעמר לגדיש יש לו שכחה, ממנו ולגורן אין לו שכחה. זה הכלל, כל המעמר למקום שהוא גמר מלאכה יש לו שכחה, ממנו ולגורן אין לו שכחה; למקום שאינו גמר מלאכה אין לו שכחה, ממנו ולגורן יש לו שכחה.**

---

ח. המעמר, אז איינער שארט צוזאמען גארבן (תבואה) אין היט־קופעס אָדער אין היטעלעך־קופקעס, אָדער אין קיכל (קיילעכיקע בערגלעך) אָדער אין גרעסערע גארבן (און דערביי האָט ער פארגעסן עטליכע גארבן), הייסט דאָס ניט קיין שכחה (און עס געהערט צום בעל הבית). **די דאָזיקע משנה האָט עטליכע טייטשן, און מיר ווילן דערקלערן וואָס מען מיינט. נאָכדעם ווי די תבואה איז אָפּגעשניטן און זי ליגט אויף דעם פעלד אין גארבן, אין קליינע הויפנס, נעמט מען זיי צענויף די אלע גארבן און מען פירט זיי אוועק אין פעלד אויף איין אָרט און מען מאכט פון די אלע גארבן איין סטערטע, א „גדיש", ביז מען דרעשט זיי און מען נעמט ארויס דעם ווייץ און מען פירט אים אוועק צום גורן, שייער. אָבער עס טרעפט אויך, אז מען פירט די אלע תבואה־גארבן ניט אויפן פעלד אין איין אָרט, ניט צו מאכן א „גדיש", א סטערטע, נאָר גלייך צום „גורן", צום שייער און דאָרט דרעשט מען זיי און מען נעמט ארויס דעם ווייץ. עס טרעפט אויך, אז איידער מען נעמט צונויף די אלע גארבן צום גדיש אָדער צום גורן, מאכט מען צייטווייליק פון זיי אויפן פעלד גרעסערע קופעס, וועלכע זעען אויס מיט א שפּיץ ארויף ווי א היט (כובע), אָדער פלאך ווי א היטל (כומסה), אָדער נאָך פלאכער און קיילעכיקער ווי א קיכל (חררה), אָדער אָנגעלעגט ווי א גרויסער גארב (עומר, עמרים), און ערשט נאָך א געוויסער צייט פירט מען פון דאָרט אוועק די אָנגעזאמלטע גארבן צום גדיש אָדער צום גורן. זאָגט די משנה, אז אויב מען פארגעסט גארבן, ווען מען שארט זיי צונויף צו פירן צו די קלענערע, צייטווייליקע ערטער, צו דעם „היט", „היטל", "קיכל", אָדער "גרויסן גארב", הייסט עס ניט קיין שכחה; ווייל די ארבייט צונויפצוזאמלען די גארבן איז דאָך נאָכניט פארענדיקט, מען מוז זיי דאָך שפּעטער אוועקפירן צום לעצטן ארבייטס־פּלאַץ, צום גדיש אָדער צום גורן, און עס קאָן זיין, אז דעמאָלס וועט מען זיך דערמאָנען אין דעם פארגעסענעם גארב.** ממנו, פון דאנען (אויב מען האָט פארגעסן גארבן, פירנדיק די גארבן פון איינעם פון די דאָזיקע צייטווייליקע גארבן־זאמלונגס־ערטער) צום גורן (שייער), הייסט עס יאָ שכחה. **ווייל דאָ האָט מען דאָך אוועקגעפירט די גארבן צום לעצטן ארבייטס־אָרט, צום שייער.** המעמר, אז איינער נעמט צונויף גארבן צום גדיש (און ער פארגעסט א גארב) הייסט עס יאָ שכחה. **ווייל דער גדיש, די סטערטע, איז דער לעצטער זאמלונגס־אָרט, און דאָ דרעשט מען זיי שוין.** ממנו, פון דאנען (אויב דער בעל הבית פון פעלד האָט זיך מיישב געווען און דערנאָך געפירט די גארבן פון גדיש) צום גורן, צום שייער, (און ער האָט פאַרגעסן א גארב) הייסט עס ניט קיין שכחה. **ווייל באמת איז דער גדיש געווען דאָס לעצטע זאמלונגס־אָרט, און דאָס וואָס דער בעל הבית האָט זיך שפּעטער מיישב געווען און אריבערגעפירט אלץ צום שייער, האָט שוין ניט קיין באַדייטונג.** זה הכלל, דאָס איז א כלל: ווען מען זאמלט צונויף די גארבן צו אן אָרט, וואָס איז דאָס לעצטע ארבייטס־אָרט (און מען פארגעסט א גארב) הייסט עס שכחה; אָבער פון דאָרט (פון דעם לעצטן ארבייטס־אָרט, למשל פון גדיש) צום שייער איז ניטאָ מער קיין שכחה; (אז מען זאמלט גארבן) צו אן אָרט, וואָס איז ניט דאָס לעצטע ארבייטס־אָרט (למשל, צו די דערמאָנטע צייטווייליקע זאמלונגס־ערטער) איז דערביי ניטאָ קיין שכחה; אָבער פון דאָרט צום שייער איז יאָ פאראן שכחה. **לויט דעם וואָס מיר האָבן פריער דערקלערט, איז די משנה דאָ גאנץ פארשטענדליך, און זי גיט דאָ דעם כלל כדי צו וויסן, ווען עס איז יאָ פאראן שכחה און ווען ניט. עס איז פאראן נאָך א טייטש אויף די ווערטער „לכובעות, ולכמסאות,** לחררה ולעמרים", דהיינו, אז דאָס מיינט מען **ניט קיין זאמלונגס־ערטער אין דער פאָרם פון „א היט, א היטעל, א קיכל, גרויסע**

## פרק ו.

א. בית שמאי אומרים, הבקר לעניים הבקר, ובית הלל אומרים, אינו הפקר עד שיפקר אף לעשירים, כשמיטה. כל עמרי השדה של קב קב ואחד של ארבעה קבים ושכחו, בית שמאי אומרים, אינו שכחה, ובית הלל אומרים—שכחה.

ב. העומר שהוא סמוך לגפה ולגדיש, לבקר ולכלים ושכחו, בית שמאי אומרים, אינו שכחה, ובית הלל אומרים—שכחה.

ג. ראשי שורות, העומר שכנגדו מוכיח. העומר שהחזיק בו להוליכו אל העיר ושכחו, מודים שאינו שכחה.

---

גארבן", נאר מען מיינט, צו מאכן פון די שטרוי א היט, א היטל, צו באקן קיכלעך, דאס הייסט, ניט דורכצופירן די גאנצע ארבייט פון דער תבואה, נאר אויסצונוצן אויף קלייניקייטן. דער רא"ש זאגט אויף דעם דאזיקן פירוש (וועלכער ווערט געבראכט דורך דעם ר"ש משאנץ און שפעטער פון ברטנורא), אז ער געפעלט אים ניט. דער גרעסטער טייל מפרשים טייטשן ווי מיר האבן פריער געגעבן.

## פרק ו.

בית שמאי זאגן, אז אויב מען איז מפקיר א זאך נור פאר אָרימע לייט הייסט עס הפקר. און ווי מיר האבן שוין געשריבן איז תבואה, וואס איז הפקר פטור פון תרומות ומעשרות. אין די ווערטער פון די בית שמאי איז פאראן דאס ווארט „הבקר" מיט א „ב" אנשטאט מיט א „פ". ובית הלל, און די בית הלל זאגן, אז עס הייסט ניט קיין הפקר, סיידן ווען מען איז מפקיר אויך פאר רייכע לייט, אזוי ווי אין שמיטה. אין 7טן יאר, אין שמיטה־יאר, ווערן אלע תבואות און פרוכטן און גרינס הפקר, ניט נאר פאר אָרימע לייט נאר אויך פאר רייכע. עס איז שווער צו זאגן, ווי עס קומט אריין דא די דאזיקע משנה פון בית שמאי און בית הלל וועגן הפקר. אפשר איז עס דערפאר, וואס אין מסכת עדיות פרק ד' גייט די משנה צוזאמען מיט די ווייטערדיקע משנות וועגן שכחה. כל, אויב אלע גארבן (אפגעשניטענע תבואה־קופקעס) אין פעלד האלט יעדער פון זיי א טאָפ (תבואה), און איין גארב איז פאראן צווישן זיי וואס האלט פיר טעפ, און מען האט איהם (דעם דאזיקן גארב פון פיר טעפ) פארגעסן, זאגן די בית שמאי, אז עס איז ניט קיין שכחה, און די בית הלל זאגן, אז עס איז שכחה. דער טעם פון די בית שמאי איז, ווייל מען באטראכט, ווי דער דאזיקער גארב וואלט געווען 4 באזונדערע גארבן צו איין טאָפ יעדער, און ווי מיר וועלן לערנען ווייטער אין דער משנה האלטן די בית שמאי אז ווען מען פארגעסט פיר גארבן הייסט דאס ניט קיין שכחה, און עס געהערט צום בעל הבית. א טאָפ איז לערך 8 פונט.

ב. העומר, א גארב וועלכער ליגט נאָנט צו א צוים פון אנגעלייגטע שטיינער, אָדער צו אסטערטע (גדיש), אָדער צום ארט, וואו די ארבייטס־בהמות געפינען זיך, אָדער לעבן די כלים (צו אקערן), און מען האט אים פארגעסן, זאגן די בית שמאי אז עס איז ניט קיין שכחה, ווייל עס ליגט נאָנט צו א וויכטיקער זאך, און דער בעל הבית וועט זיך זיכער דערמאָנען אין דעם; ובית הלל, אָבער די בית הלל זאָגן, אז עס איז שכחה, ווייל איצט האט ער דאך אין דעם פארגעסן. דער ירושלמי טייטשט די משנה, אז עס גייט ווערן א גארב, וואס דער בעל הבית האט אים צוערשט גענומען און דער־נאך דא אוועקגעלייגט. דא זענען פאראן צוויי זעלטענע ווערטער אין דער משנה: „גפה" וואס מען טייטשט געוויינליך א צוים פון אנגעלייגטע שטיינער, און דער רמבם טייטשט „א קליינער טויער", און „בקר", וואס מען דארף, לויט טייל מיינונגען, ליי־נען מיט א סגול אונטער דער „ב" און מיט סגול אונטער דער „ק", און דער טייטש איז, דאס ארט וואו די ארבייטס־בהמות געפינען זיך.

ג. ראשי, די שפיצן פון שורות, א גארב, וואס דער קייגנאיבער־ליגנדיקער

**ד. ואלו הן ראשי שורות: שנים שהתחילו מאמצע השורה, זה פניו לצפון וזה פניו לדרום, ושכחו לפניהם ולאחריהם, את שלפניהם שכחה ואת שלאחריהם אינו שכחה. יחיד שהתחיל מראש השורה ושכח לפניו ולאחריו, שלפניו אינו שכחה ושלאחריו שכחה, מפני שהוא ב„בל תשוב״.**

(גארב) ווייזט אָן אויף אים, אָדער דער גארב, וועלכן מען האָט גענומען אוועקצופירן אין שטאָט, זענען זיי (די בית שמאי און בית הלל) מודה, אז דאָס איז ניט קיין שכחה. **די דאָזיקע משנה און אויך די נאָכקומענדיקער משנה, וועלכע איז א פירוש דערצו, זענען זייער שווער, און די מפרשים טייטשן זיי אין פארשידענע פירושים, און דער „תפארת ישראל״ זאָגט, אז אויף אלע פירושים איז פאראן א סך קשיות, און ער אליין באמיט זיך צו געבן אן אייגענעם פירוש. כדי מען זאָל כאָטש אביסל פארשטיין, וועלן מיר באלד געבן די צווייטע משנה, און פרובן ביידע צוזאמען דערקלערן.**

ד. ואלו, און דאָס זענען שפיצן פון שורות: צוויי (ארבייטער, וועלכע נעמען די גארבן פון פעלד) האָבן אָנגעהויבן פון מיטן דער שורה, איינער איז געגאנגען מיטן פנים אין צפון־זייט און דער אנדערער מיטן פנים אין דרום זייט, און זיי האָבן פארגעסן גארבן אין פראָנט פון זיך און הינטער זיך, איז דאָס פארגעסענע אין פראָנט פון זיך הייסט שכחה, דאקייגן דאָס הינטער־זיך־פארגעסענע הייסט ניט קיין שכחה, אָבער אויב איין ארבייטער האָט אָנגעהויבן אין שפיץ פון א שורה און ער האָט פארגעסן אין פראָנט פון זיך און הינטער זיך, איז אין פראָנט פון זיך הייסט ניט קיין שכחה, און הינטער זיך הייסט שכחה, ווייל ער איז אין „בל תשוב״. **מיר געבן דאָ א בילד פון א פעלד, וואָס באשטייט פון 10 שורות און אין יעדער שורה זענען פאראן 10 גארבן אָפגעשניטענער תבואה. די זייטן פון פעלד זענען מזרח, צפון, מערב, דרום. יעדער גארב איז באצייכנט מיט א נומער (1, 2, 3 און אזוי כסדר). די משנה זאָגט דאָ עטליכע דינים. דער ערשטער דין איז, אז אויב אן ארבייטער הויבט אָן צו זאמלן די גארבן פון נומער 1 אָן און גייט צום נומער 10, אָבער דעם נומער 1 האָט ער ניט געזאמלט, נאָר אים איבערגעלאָזט, און ער האָט אָנגעהויבן זאמלן פון נומער 2,**

| | | | | | | | | | | | |
|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|
| | 1 | 2 | 3 | 4 | 5 | 6 | 7 | 8 | 9 | 10 | |
| | 11 | 12 | 13 | 14 | 15 | 16 | 17 | 18 | 19 | 20 | |
| | 21 | 22 | 23 | 24 | 25 | 26 | 27 | 28 | 29 | 30 | |
| | 31 | 32 | 33 | 34 | 35 | 36 | 37 | 38 | 39 | 40 | |
| צ | 41 | 42 | 43 | 44 | 45 | 46 | 47 | 48 | 49 | 50 | ד |
| פ | 51 | 52 | 53 | 54 | 55 | 56 | 57 | 58 | 57 | 60 | ר |
| ו | 61 | 62 | 63 | 64 | 65 | 66 | 67 | 68 | 69 | 70 | ו |
| ן | 71 | 72 | 73 | 74 | 75 | 76 | 77 | 78 | 79 | 80 | ם |
| | 81 | 82 | 83 | 84 | 85 | 86 | 87 | 88 | 89 | 90 | |
| | 91 | 92 | 93 | 94 | 95 | 96 | 97 | 98 | 99 | 100 | |

**איז דער נומער 1 ניט קיין שכחה, ווייל דאָס איז פון די „ראשי שורות״, דער שפיץ פון א שורה, און מען נעמט אָן אז ער האָט אים איבערגעלאָזט, כדי ער זאָל נאָכהער זאמלן די שורה אראָפּ פון נומער 1 ביז נומער 91. ווי איז אָבער, אז געענדיק פון נומער 1 ביז נומער 10 האָט ער פארגעסן, לאָמיר זאָגן, דעם נומער 5 און האָט אים ניט געזאמלט און ער איז געגאנגען ווייטער און געזאמלט דעם 6 און דעם 7 און אזוי כסדר. הייסט עס אז ער האָט איבערגעלאָזט דעם נומער 5 „הינטער זיך״, און דעריבער הייסט דאָס יאָ שכחה. ווי איז אז דער ארבייטער איז נור דערגאנגען ביז צום נומער 8, און האָט זיך דאָ אָפּגעשטעלט, דאקייגן די נומערן 9 און 10 האָט ער ניט געזאמלט, ווייל ער איז גאָרניט דערגאנגען צו זיי, הייסן די נומערן 9 און 10 ניט קיין שכחה, ווייל דאָס הייסט, אז ער האָט זיי איבערגעלאָזט „אין פראָנט פון זיך״. דאָס איז, ווען איין ארבייטער פארנעמט זיך מיט זאמלן די גארבן, ווי איז אז צוויי ארבייטער פארנעמען זיך דערמיט, און איינער פון זיי הויבט אָן פון נומער 6 און גייט צו נומער 10, און דער צווייטער ארבייטער הויבט אָן פון נומער 4 און גייט צום נומער 1, איז דער דין אזוי: דער נומער 5 איז בכלל ניט קיין שכחה, ווייל קיינער פון די ארבייטער איז דאָך ניט געווען ביים נומער 5, און דאָס הייסט, אז זיי האָבן געהאט דעם נומער 5 הינטער**

**זה הכלל כל שהוא ב„בל תשוב״ שכחה, וכל שאינו ב„בל תשוב״ אינו שכחה.**

**ה. שני עמרים שכחה ושלשה אינם שכחה; שני צבורי זיתים וחרובין שכחה, ושלשה אינם שכחה; שני הוצני פשתן שכחה, ושלשה אינם שכחה; שני גרגרים פרט ושלשה אינם פרט; שתי שבלים לקט, ושלש אינן לקט. אלו כדברי בית הלל; ועל כלם בית שמאי אומרים, שלשה לעניים וארבעה לבעל הבית.**

---

זיך, און עס איז ניט קיין שכחה. אויב אָבער דער וואָס גייט פון נומער 6 צום נומער 10 איז דערגאנגגן ביז נומער 9 און האָט פארגעסן דעם לעצטן נומער 10, איז עס אין דעם פאל יאָ שכחה, און דאָס הייסט „אין פראָנט פון זיך״, דער טעם דערפון איז, ווייל עס איז טאקע ריכטיק, אז ער, דער דאָזיקער ארבייטער, איז אהין ניט צוגעקומען, אָבער דער צווייטער ארבייטער, וועלכער גייט פון נומער 4 צום נומער 1, האָט זיך דאָך פארלאָזט דערויף, אז זיין חבר וועט יאָ צונעמען דעם נומער 10, הייסט עס, אז דער דאָזיקער צווייטער ארבייטער האָט אים ווי פארגעסן, ווי פארלוירן די אויפמערק־זאמקייט פון אים, און דעריבער איז עס שכחה. אזוי וואָלט די משנה ניט שלעכט אויסגעטייטשט געוואָרן. אָבער די זאך איז וואָס טוט מען מיט די ווערטער פון דער משנה „העומר שכנגדו מוכיח״, „דער גארב, וואָס דער אנטקגן־ליגנדיקער ווייזט־אָן אויף אים״? דער רמבם זאָגט, אז דאָס איז א פירוש צו די „שפיצן פון שורות״, דאָס הייסט, אז דעריבער זענען די שפיצן פון שורות, למשל דער נומער 1 ביי איין ארביי־טער, און דער נומער 5 ביי צווי ארבייטער, ניט קיין שכחה, ווייל דער נומער 1 ווערט „אנגעוויזן״ דורך דעם אנטקייגן־ליגנדיקן נומער 11, און דער נומער 5 דורך דעם אנטקייגן־ליגנדיקן נומער 15, און עס הייסט דעריבער אז דאָ הויבט זיך אָן א נייע שורה אראָפּ 1, 11, 21 און אזוי כסדר ביז 91, און ביים צווייטן הויבט זיך אָן א נייע שורה אראָפּ 5, 15, 25 ביז 95. דער דאָזיקער פירוש איז שוין דער לייכטסטער און דער פארשטענדיקסטער פון טייל אנדערע פירושים. זה הכלל, דאָס איז א כלל, אלץ וואָס מען קאָן זאָגן דערויף „בל תשוב״ („דו זאָלסט ניט צוריקגיין עס נעמען״). הייסט שכחה, אָבער דאָס וואָס מען קאָן דערויף ניט זאָגן „בל תשוב״ איז ניט קיין שכחה, די דערקלערונג איז, אז אזוי ווי דער חומש דברים כ״ד זאָגט דאָך, אויב דו וועסט פארגעסן א גארב „לא תשוב לקחתו״, „זאָלסטו ניט צוריקגיין אים נעמען״, איז דאָס נור שייך אויב מען איז שוין געווען ביים גארב און מען דארף „צוריקגיין״ אים נעמען. אָבער אויב מען איז בכלל ביים גארב ניט געווען דארף מען דאָך ניט „צוריקגיין״ צו אים, אָדער ווען מען דארף סיי־ווי צוריקגיין צו אים, ווייל מיט דעם גארב הויבט זיך אָן אן אַנדערע שורה, איז ניטאָ דער „בל תשוב״, און ממילא איז עס ניט קיין שכחה. דאָס וואָרט „בל״ איין אנשטאט „לא״ און דער טייטש איז „ניט״.

ה. שני, צוויי גארבן (וועלכע ליגן איינער נעבן דעם צווייטן אין פעלד, און מען האָט זיי פארגעסן) זענען שכחה, אָבער דריי זענען ניט קיין שכחה; צוויי קופקעלעך איילבירטן אָדער באָקסער זענען שכחה, אָבער דריי זענען ניט קיין שכחה; צוויי שטעקעלעך פלאקס זענען שכחה; אָבער דריי זענען ניט קיין שכחה. אלס טעם דערפון ווערט געבראכט דער דרש פון פסוק ויקרא י״ט „לגר ולעני״ מיינט מען צוויי. דער רשב״ם און דער ספר „יראים״ זאָגן, ווייל דריי גארבן און דריי קופקעלעך הייסן שוין ניט קיין גארבן, נאָר עס איז שוין ווי א קליינער „גדיש״, ווי א קליינע סטערטע. שני גרגרים, צוויי ווינטרויבן וואָס זענען אראָפּגעפאלן פון בוים בשעתן שניידן, און זיי ליגן צוזאמען אויף דער ערד, הייסן „פרט״, אָבער דריי הייסן ניט קיין פרט. ביי ווינטרויבן איז „פרט״ דאָסזעלבע וואָס „לקט״ ביי תבואה, און דאָס זענען די ווינטרויבן וואָס פאלן אראָפּ ביים שניידן און זיי געהערן אלס „פרט״ צו אָרימע לייט;

ו. **העומר שיש בו סאתיים ושכחו, אינו שכחה; שני עמרים ובהם סאתים, רבן גמליאל אומר, לבעל הבית, וחכמים אומרים, לעניים. אָמר רבן גמליאל· וכי מרוב העמרים יופי כח של בעל הבית או הורע כחו? אָמרו לו, יופי כחו. אָמר להם, ומה אם בזמן שהוא עומר אחד ובו סאָתים ושכחו אינו שכחה, שני עמרים ובהם סאָתים אינו דין שלא יהו שכחה? אָמרו לו, לא; אם אָמרת בעומר אחד, שהוא כגדיש, תאמר בשני עמרים, שהן ככריכות?**

ז. **קמה שיש בה סאָתים ושכחה אינה שכחה; אין בה סאָתים, אֲבל**

---

**איינצלהייטן וועגן „פרט" געפינען מיר וויטער פרק ז' משנה ג'.** שני שבלים, צוויי זאנגן (וועלכע זענען אראָפּגעפאלן ביים שניידן און ליגן איינע נעבן דער אנדערער) זענען לקט, אָבער דריי זענען ניט קיין לקט (און געהערן צום בעל הבית). **עס דאַרף דאָ באמערקט ווערן, אז ווען די משנה זאָגט וועגן צוויי שטעקעלעך פלאַקס, אז זיי זענען שכחה, מיינט מען דאָ דעם פלאקס וואָס מען פלאנצט ניט צו שפּינען נאָר צום עסן, ווייל פון ניט־עסנווארג דאַרף מען ניט געבן קיינע פון די אלע מתנות פאַר אָרימע לייט.** אלו, דאָס איז לויט ווי עס זאָגן די בית הלל; אָבער אויף דעם אלעם זאָגן די בית שמאי, אז דריי געהערן צו אָרימע לייט און פיר צום בעל הבית. **די בית שמאי האלטן, אז ערשט 4 קופּקעלעך צוזאמען הייסן ניט קיין שכחה, און דאָסזעלבע איז ביי פּרט און ביי לקט, דער טעם פון די בית שמאי איז לויט דעם דרש פון פסוק אין דברים כ"ד „לגר ליתום ולאלמנה", וואָס זענען דריי.**

ו. העומר, ווען איין גארב איז (אזוי גרויס, אז ווען מען דרעשט איס אויס, וועט די תבואה וועגן) צוויי סאה, און מען האָט איס פארגעסן, איז ער ניט קיין שכחה; **דער ירושלמי זאָגט, אז דער טעם איז, ווייל אזא גרויסער גארב הייסט ניט קיין „עומר", קיין גארב, נאָר א „גדיש" א סטערטע; דער ספרי זאָגט, ווייל א גארב פון צוויי סאה איז צו שווער און צו גרויס, אז מען זאָל איס קאָנען נעמען. צוויי סאה וועגט לערך 96 פונט, לויט דער מיינונג פון טייל מפרשים.** שני, אויב עס זענען געלעגן צוזאמען צוויי גארבן, און ביידע צוזאמען האלטען צוויי סאה, (און מען האָט זיי פאַר־געסן), זאָגט רבן גמליאל, אז זיי געהערן צום בעל הבית (זיי זענען ניט קיין שכחה), און די חכמים זאָגן, אז זיי געהערן צו די אָרימע לייט (זיי זענען יאָ שכחה). האָט רבן גמליאל געזאָגט (צו די חכמים): צי וואָס־מער גארבן עס ליגן (לעבן־איינאנדער) איז בעסער פאַר דעם בעל הבית צי ערגער? האָבן די חכמים צו אים געזאָגט, אז עס איז בעסער (ווייל צוויי גארבן געהערן צום אָרימאַן, און דריי גארבן געהערן צום בעל הבית). האָט ער (רבן גמליאל) ווידער געזאָגט צו די חכמים: אויב אזוי, מה דאָך, **ווען עס איז איין גארב און ער האלט צוויי סאה און מען האָט איס פארגעסן הייסט** עס ניט קיין שכחה, דאַרף דאָך צוויי גארבן וועלכע האָבן צוזאמען צוויי סאה געוויס דער דין זיין, אז זיי זאָלן ניט הייסן קיין שכחה? האָבן זיי (די חכמים) איס אָפּגעענט־פערט: ניין; אויב דו קאָנסט זאָגן (דעם דין אז עס איז ניט קיין שכחה) ביי איין גארב (פון צוויי סאה), איז עס דערפאַר, ווייל איין גארב (וועלכער איז אזוי גרויס (אז ער האָט צוויי סאה) איז ווי ער וואָלט געווען (ניט קיין גארב) נאָר א גדיש, אסטערטע; אָבער צי קאָנסטו דאָס זאָגן ביי צוויי גארבן (וואָס האָבן צוזאמען צוויי סאה), וועלכע זע־נען דאָך ווי בינטלעך! **דער פירוש „משנה ראשונה" מיינט, אז דער טעם פון רבן גמליאל איז, ווייל ער האלט, אז דאָס וואָס א גארב פון צוויי סאה הייסט ניט קיין שכחה איז מחמת אזא גרויסן גארב קאָן מען ניט פארגעסן, מען דערזעט אים; און דאָסזעלבע איז אויך, ווען צוויי גארבן ליגן צוזאמען און זיי האָבן ביידע צוויי סאה, וועט מען זיי אויך דערזען.**

ז. קמה, שטייענדיקע (ניט אפּגעשניטענע שטיקל פעלד) תבואה, וואָס (אויב מען

**היא ראויה לעשות סאָתים, אפילו היא של טופח רואים אותה כאלו היא ענווה של שעורים.**

**ח. הקמה מצלת את העומר ואת הקמה; העומר אינו מציל לא את העומר ולא את הקמה. איזו היא קמה שהיא מצלת את העומר? כל שאינה שכחה אפילו קלח אחד.**

**ט. סאה תבואה עקורה וסאה שאינה עקורה, וכן באילן והשום והבצלים אינן מצטרפין לסאָתים, אלא של עניים הם. ר׳ יוסי אומר, אם**

---

וועט זי אָפּשניידן און אויסדרעשן) האלט צוויי סאה און מען האָט עס פארגעסן איז עס ניט קיין שכחה. אזוי ווי עס איז דער דין ביי א גארב פון אָפּגעשניטענער תבואה, אויב ער האָט צוויי סאה הייסט ער ניט קיין שכחה, אזוי איז אויך דער דין אז א שטיקל פעלד ניט אָפּגעשניטענע תבואה, וואָס האלט צוויי סאה און מען האָט עס פארגעסן, הייסט אויך ניט קיין שכחה. אין בה, אויב אין אים (דעם שטיקל פעלד ניט־געשניטענער תבואה)איז (די תבואה אזוי שלעכט געוואקסן אז עס) איז ניט פאראַן קיין צוויי סאה, אָבער (ווען די תבואה וואָלט געוואקסן גוט), וואָלט זי געווען פעהיג ארויס־צוגעבן צוויי סאה, אפילו ווען די תבואה באשטייט פון טופח, דארע קליינע ארבעס־לעך, (און זי וועגט ניט קיין צוויי סאה), באטראכט מען זי ווי זי וואָלט געווען א פולער קערן פון גערשטן. און אויב ווען זי וואלט געווען גוטע תבואה וואָלט זי געוואויגן צוויי סאה, הייסט דאָס שטיקל פעלד ניט קיין שכחה. דער ירושלמי טייטשט, ניט אז מען מיינט דאָס אויב עס וואקסט אויף דעם פעלד טופח, זאָל מען באטראכטן, ווי עס וואקסן דאָ גרויסע קערנער גערשטן, נאָר מען מיינט, דאָס אויב די גערשטן־קערנער זענען אזוי דאר ווי טופח, שלעכט געוואקסן, זאָל מען באטראכטן ווי זיי וואָלטן געווען פולע, גרויסע קערנער. דאָס וואָרט „ענוה״, און לויט איין גירסא „ענבה״ (ווי א טרויב), האָבן מיר פארטייטשט אין דער משנה פאה פרק א׳ משנה ב׳, און דאָס מיינט וואר־שיינליך „א גערעטעניש״, א „גוט געראָטענער קערן״.

ח. הקמה, שטייענדיקע (ניט־אָגעשניטענע) תבואה ראטעוועט סיי שטייענ־דיקע תבואה און סיי דעם גארב. אויב עס איז פאראַן א שטיקל פעלד פון ניט־אָפּגע־שניטענער תבואה, וואָס מען האָט ניט פארגעסן, און דערלעבן געפינט זיך א שטיקל פעלד ניט־אָפּגעשניטענע תבואה אָדער אן אָפּגעשניטענער גארב, וועלכע מען האָט יאָ פארגעסן, איז אָט דאָס שטיקל שטייענדיקע תבואה, וואָס האָט ניט קיין שכחה, מציל, ראטעוועט, די שכנות׳דיקע, אז אויך זיי זאָלן ניט הייסן קיין שכחה. העומר, אָבער אן אָפּגעשניטענער גארב תבואה (וואָס מען האָט ניט פארגעסן) ראטע־וועט ניט דעם (שכנות׳דיקן, פארגעסענעם) גארב און אויך ניט די (שכנות׳דיקע, פאר־געסענע) שטייענדיקע תבואה. דער ירושלמי לערנט עס פון פסוק (דברים כ״ד) „כי תקצור ושכחת עומר״, אז נור ווען ארום איז געשניטן קאָן דער עומר זיין פארגעסן, אָבער אויב עס שטייט דערביי ניט־פארגעסענע ניט אָפּגעשניטענע תבואה, קאָן דער עומר, דער גארב, ניט זיין קיין שכחה. איזו היא, וועלכע הייסט די שטייענדיקע תבואה, וואָס ראטעוועט דעם גארב? די (שטייענדיקע תבואה), וואָס איז ניט קיין שכחה, אפילו זי איז נור איין זאנג. טייל מפרשים ווילן האָבן, אז די משנה מיינט דאָ, אז עס מוז דוקא זיין, דאָס די שטייענדיקע תבואה איז בכלל ניט פארגעסן געוואָרן. אָבער אויב זי איז יאָ פארגעסן געוואָרן, נאָר עס איז ניט גילטיק ביי איר קיין שכחה, למשל זי האָט צוויי סאה, קאָן זי ניט ראטעווען. אָבער דער רמבם זאָגט, אז אפילו עס איז נור ניט־גילטיק קיין שכחה ראטעוועט זי אויך.

ט. סאה אויב עס זענען געווען א סאה ניט־אָפּגעשניטענער און א סאה אָפּגעשני־טענער תבואה (און זיי ביידע זענען גוואָרן פארגעסן), און דאָסזעלבע ביי א בוים (מיט פרוכטן זענען געווען א סאה אָפּגעריסענע פרוכטן און דערלעבן א סאה ניט אָפּגערי־

**באת רשות העני באמצע אינן מצטרפין, ואם לאו הרי אלו מצטרפין.**

**י. תבואה שנתנה לשחת או לאלומה, וכן באגודי השום ואגודות השום והבצלים, אין להן שכחה. וכל הטמונים בארץ, כגון הלוף והשום והבצלים, ר' יהודה אומר, אין להם שכחה, וחכמים אומרים, יש להם שכחה.**

**יא. הקוצר בלילה והמעמר והסומא — יש להם שכחה; ואם היה**

---

סענע פרוכטן, אוןביידע זענען געוואָרן פאַרגעסן), און (דאַסזעלבע) ביי קנאָבל און ציבעלעס (אַן אָפּגעריסענע סאה און א ניט־אָפּגעריסענע סאה), ווערן זיי (די ביידע סאה׳ן) ניט צוזאַמענגערעכנט צו איין (קופּע) פון צוויי סאה (און א קופּע פון צוויי סאה איז דאָך ניט קיין שכחה), נאָר זיי געהערן צו די אָרימע לייט. **ווייל „תלוש״, „אָפּגעריסענע״, און „מחובר״, ניט־אָפּגעריסענע״, אפילו זיי האַלטן ביידע צוויי סאה, קאָנען זיך ניט מצרף זיין און זיי זענען ווי זיי וואָלטן געווען צוויי באַזונדערע קופּעס יעדער צו איין סאה און ממילא איז אויף זיי גילטיק שכחה.** ר׳ יוסי זאָגט, אז נור אויב צווישן די ביידע סאה׳ן איז פאַראַן א זאַך, וואָס דער אָרימאַן האָט דאָס רעכט דערויף (למשל, עס ליגט צווישן זיי „לקט״ ביי תבואה, אָדער „פרט״ ביי וויינטרויבן) ווערן זיי ניט צוזאַמענגערעכנט; אויב אָבער עס איז ניט פאַראַן צווישן זיי (די זאַך, וואָס געהערט צום אָרימאַן) ווערן זיי יאָ צוזאַמענגערעכנט. **זיי ווערן דעמאָלס יאָ באַטראַכט ווי צוויי סאה און זיי הייסן ניט קיין שכחה. דער תוספות יום טוב זאָגט אז די משנה דערמאָנט דאָ אלע דריי סאָרטן פלאַנצן: תבואה, פרוכטן און גרינס, כדי צו ווייזן, אז דערזעלבער דין איז ביי אלע גליך.**

י. תבואה, אויב מען האָט געשניטן תבואה (ניט צום עסן פאַר מענטשן, נאָר) אלס פאַשע פאַר בהמות אָדער אויף צו בינדן (בינטלעך מיט דעם תבואה־שטרוי), און דאָסגלייכן ביי בינטלעך קנאָבל (וועלכע מען נעמט ניט צום עסן, נאָר צו בינדן אנדערע בינטלעך קנאָבל), אָדער מען האָט געמאַכט קליינע בינטלעך קנאָבל און ציבעלעס (כדי מען זאָל זיי ווייטער איבערבינדן אין גרויסע, און ממילא איז דאָס איצטיקע בינדן אין קליינע בינטלעך נאָכניט די פאַרענדיקונג פון דער אַרבייט אָרום זיי), איז ניטאָ ביי דעם אלעם קיין שכחה. **ווייל שכחה איז נור ווען מען שניידט די תבואה און די ירקות צום עסן, אָבער ניט פאַר אַן אנדערן צוועק, למשל, דאָ צום בינדן בינטלעך; ווידער ביי די קלענערע בינטלעך קנאָבל און ציבעלעס איז דער טעם, ווייל מען האָט זיי נאָך געדאַרפן איבערבינדן אין גרעסערע בינטן, און ממילא איז עס נאָכניט געווען „גמר מלאכתן״, די ענדע פון דער אַרבייט אָרום זיי, און מיר האָבן געלערנט פריער פרק ה׳ משנה ח׳, אז עס הייסט ניט קיין שכחה.** וכל הטמונים, און אלע (גרינסן) וואָס זענען באַהאַלטן אין דער ערד (מען זעט זיי ניט), ווי לוף (אַזאַ ציבעלע, וואָס האָט א שאַרפן און ביטערן וואָרצל) און קנאָבל און ציבעלעס, זאָגט ר׳ יהודה, אז זיי האָבן (בכלל) ניט קיין שכחה, און די חכמים זאָגן, אז זיי האָבן שכחה. **די גמרא אין סוטה מ״ה דערקלערט דעם טעם פון ר׳ יהודה, ווייל עס שטייט אין דברים כ״ד „כי תקצר קצירך בשדך ושכחת״, „ווען דו וועסט שניידן דיין שניט אין דיין פעלד און דו וועסט פאַרגעסן״, איז פּונקט ווי דער שניט פון תבואה איז אָפן, אלע זעען די תבואה, אזוי דאַרף די זאַך, וואָס מען פאַרגעסט, אויך זיין אָפן פאַר אלע. די חכמים אָבער זאָגן, אז דאָס וואָרט „בשדך״ איז דער טייטש „אין דיין פעלד״, דאָס הייסט, אפילו ווען דאָס פאַרגעסענע איז באַהאַלטן אין דער ערד.**

י״א. הקוצר, אז איינער שניידט ביינאַכט, אָדער ער מאַכט גאַרבן (שאַרט צוזאַמען די תבואה אין גאַרבן ביינאַכט) אָדער (דער שניידער צי דער גאַרבן־מאַכער איז) א בלינדער, איז פאַראַן ביי זיי שכחה. **מען וואָלט געקאָנט מיינען, אז ווייל די אַרבעט קומט פאָר אין דער פינסטער, ביינאַכט, אָדער ווען דער אַרבייטער איז א בלינדער און זעט בכלל**

**מתכוון ליטול את הגס הגס—אין לו שכחה. אם אמר, הרי אני קוצר על מנת מה שאני שוכח אני אטול—יש לו שכחה.**

## פרק ז.

**א. כל זית שיש לו שם בשדה, (אפילו) כזית הנטופה בשעתו, ושכחו, אינו שכחה. במה דברים אמורים? בשמו ובמעשיו ובמקומו; בשמו — שהיה שפכני או בישני. במעשיו — שהוא עושה הרבה. במקומו — שהוא**

---

ניט, איז דאָך ניט שייך צו זאָגן „פאַרגעסן‟, ווערט דעריבער געזאָגט, אז עס איז יאָ פאַראַן שכחה. ואם, און אויב ביים שניידן האָט מען אין זינען געהאַט צו נעמען די גרעס־סערע (זאנגן, פּרוכטן, גרינס) איז ניטאָ קיין שכחה. ווייל מען האָט דאָך גאָרניט געוואָלט נעמען די קלענערע. די מפרשים זענען דאָ מחולק, צי די שכחה איז ניט גילטיק נאָר פאַר די קלענערע, אָבער די גרעסערע האָבן יאָ שכחה, אָדער אויך אויף די גרעסערע איז ניטאָ קיין שכחה, ווייל קוים האָט ער איבערגעלאָזט די קלענערע אויף שפּעטער, הייסט עס, אַן ער וועט צוריקומען צו דעם אָרט און דעריבער גיט ער ניט אכטונג אַראָבצונע־מען אפילו אלע גרויסע. אם אמר, אויב ער האָט געזאָגט: איך שנייד (די תבואה, פּרוכטן, גרינסן) מיט דעם תנאי, אז דאָס וואָס איך וועל פאַרגעסן זאָל איך נעמען (עס זאָל געהערן צו מיר, עס זאָל קיין שכחה ניט זיין), איז יאָ פאַראַן שכחה. דאָס אויסנעמען דעם תנאי האָט ניט קיין ווערט. דער ירושלמי זאָגט, אז דאָ איז גילטיק דער כלל אז „המתנה על מה שכתוב בתורה תנאו בטל‟, איינער נעמט־אויס א תנאי קייגן דעם וואָס עס שטייט אין דער תורה, האָט דער תנאי ניט קיין ווערט.

## פרק ז.

כל זית, יעדער איילבירטן־בוים, וואָס האָט א נאָמען אין פעלד, אפילו (אזא נאָמען ווי „דער איילבירטן־בוים, פון וועלכן עס רינט (אייל) אין זיין צייט‟, און מען האָט אים פאַרגעסן, איז ער ניט קיין שכחה. ווייל קוים האָט דער דאָזיקער איילבירט־בוים א שם, איז באַקאַנט מיט א באַזונדערן נאָמען, קאָן מען אים ניט פאַרגעסן אויף לאַנג און מען מוז זיך אין אים דערמאָנען. דער רמב״ם טייטשט, אז „נטופה‟ איז דער נאָמען פון אַן אָרט, און „כזית הנטופה בשעתו‟ איז דער טייטש „ווי דער איילבירטן־בוים פון נטופה, וועלכער איז געווען באַקאַנט אין זיין צייט‟. אין ארץ ישראל זענען געווען ערטער מיט אזא נאָמען („בית נטופה‟, „בקעת נטופה‟). במה, ווען איז דאָס געזאָגט געוואָרן? (ווען דער בוים איז באַקאַנט) מיט זיין נאָמען, אָדער מיט זיין ארויסגעבן פּרוכט, אָדער מיט זיין אָרט (וואו ער געפינט זיך). די משנה וויל דאָ זאָגן, אז א בוים האָט ניט קיין שכחה בכלל אויב ער צייכנט זיך אויס מיט עפּיס און מען ווייסט וועגן אים עפּיס באַזונדערס, און די משנה רעכנט דאָ אויס: בשמו, „מיטן נאָמען‟, אויב מען האָט אים (דעם בוים) גע־רופן „שפכוני‟ אָדער „בישני‟. וועגן די צוויי ווערטער זענען פאַראַן עטליכע פירושים, טייל מפרשים טייטשן, אז דאָס זענען נעמען פון ערטער אין ארץ ישראל, און „בישני‟ הייסט, אז ער שטאַמט פון „בית שאן‟, וואָס איז אויך גערופן געוואָרן „בישאָן‟ און אויך „בישן‟, און „שפכוני‟ איז מסתמא פון אזא אָרט, וואָס האָט געהייסן „שפכון‟, מעגליך טאַקע דערפאַר ווייל דאָרט זענען געווען א סך איילבירטן־בוימער, פון וועלכע עס האָט גערינען פיל אייל. טייל מפרשים מיינען, אז עס זענען ניט קיין נעמען פון ערטער, נאָר „שפכוני‟ איז דער טייטש „ער גיסט א סך אייל‟, און „בישני‟ איז א „שלעכטער‟ (פון וואָרט „ביש‟, „שלעכט‟). איין פירוש אין ירושלמי איז, „בישני‟, אז ער איז „מבייש‟ די אנדערעביימער דורך געבן א סך פּרוכט. במעשיו, מיט זיינע פּרוכטן, ווייל ער גיט ארויס א סך (איילבירטן). אין לשון קודש ווערט באַניצט דאָס וואָרט „עשה‟, „טאָן‟, פאַר „וואַקסן‟ ארויסגעבן פּרוכטן צו תבואה, ווי עס שטייט אין חומש ויקרא כ״ה „ועשת את התבואה‟, זי, די ערד וועט ארויסגעבן די תבואה‟. במקומו, מיט זיין אָרט, ווייל ער שטייט לעבן דעם ווינקעלטער אָדער לעבן דעם לאָך. אויב דער בוים איז

**עומד בצד הגת או בצד הפרצה. ושאר כל הזיתים — שנים שכחה ושלשה אינן שכחה. ר׳ יוסי אומר, אין שכחה לזיתים.**

**ב. זית שנמצא עומד בין שלש שורות של שני מלבנים ושכחו — אינו שכחה. זית שיש בו סאתים ושכחו אינו שכחה. במה דברים אמורים? בזמן שלא התחיל בו; אבל אם התחיל בו, אפילו כזית הנטופה בשעתו, ושכחו יש לו שכחה. כל זמן שיש לו תחתיו יש לו בראשו. ר׳ מאיר אומר,**

---

באקאנט דורך די דריי זאכן, דורך א באזונדערן נאָמען, דורך זייגע פרוכטן, אָדער ער שטייט אין א באזונדערן אָרט, איז ער ניט קיין שכחה. דאָס וואָרט „פורצה״, „ברוך״, „לאָך״ אין צוים, קאָן אויך געטייטשט ווערן, אז דער בוים פארשטעלט די דאָזיקע עפנונג, דעם לאָך. ושאר, און אלע אנדערע אייילבירטן־ביימער, איז (אויב מען האָט פארגעסן) צוויי זענען זיי שכחה, אָבער דריי זענען ניט קיין שכחה. דאָס איז לויט ווי עס זאָגן די בית הלל פריער פרק ו׳ משנה ה׳, אז צוויי זענען שכחה און דריי זענען ניט קיין שכחה. ר׳ יוסי זאָגט, אז אייילבירטן־ביימער האָבן בכלל ניט קיין שכחה. דער ירושלמי זאָגט, אז ר׳ יוסי האָט גערעדט וועגן זיין צייט, באלד נאָך דער מלחמה פון דעם רוי־מישן קייסער אדריגוס קייגן די יידן אין דער מלחמה פון בר כוכבא און ביתר, און אדריגוס האָט פארניכטעט כמעט אלע אייילבירטן־ביימער אין ארץ ישראל. און ווייל אייילבירטן־ביימער זענען געווען וויניג, האָט יעדער בעל הבית גוט אכטונג געגעבן דערויף און עס איז ניט שייך געווען צו פארגעסן.

ב. זית, אן אייילבירטן־בוים, וועלכער איז געפינען געוואָרן אז ער שטייט צווישן דריי שורות (פון ביימער, און צווישן די דריי שורות זענען פאראן) צוויי פיר־קאנטיקע שטיקער פעלד, און מען האָט אים פארגעסן, איז ער ניט קיין שכחה. ווייל די איבריקע ביימער האָבן אים פארשטעלט, מחמת ער איז דאָך געווען אין דער מיטלסטער שורה אין דערמיט; עס איז פונקט ווי דער דין איז, ווען אָרימע לייט פארדעקן עס מיט שטרוי, וואָס די משנה אין פרק ה׳ משנה ז׳ זאָגט, אז עס איז ניט קיין שכחה, ווייל עס איז פארשטעלט. אזוי טייטשט דער ברטנורא. זית שיש בו, אן אייילבירטן־בוים, וואָס האָט אייילבירטן צוויי סאה, און מען האָט אים פארגעסן, איז ער ניט קיין שכחה. דאָס איז דערזעלבער דין וואָס אין דער משנה פריער פרק ו׳ משנה ו׳ וועגן שטייענ־דיקער תבואה און גארבן, אז צוויי סאה הייסט ניט קיין שכחה. במה, ווען איז דאָס געזאָגט געוואָרן? אויב ער (דער בעל הבית) האָט ניט אָנגעהויבן (צו רייסן פרוכטן) פון אים, אָבער אויב ער האָט אים אָנגעהויבן, אפילו (ער, דער בוים האָט אזא נאָמען) ווי דער „אייילבירטן־בוים, פון וועלכן עס רינט אין זיין צייט״, און מען האָט אים פארגעסן, איז ער שכחה. דער גרעסטער טייל מפרשים ווייזן אויף פון דער תוספתא, אז די דאָזיקע משנה, וועלכע מאכט דעם אונטערשיד צווישן „אָנהייבן״ און „ניט אָנ־הייבן״ גייט ארויף נאָר אויף דער ערשטער משנה א׳ פון דאָזיקן פרק, דהיינו, אויף די ביימער, וועלכע זענען באקאנט מיטן נאָמען, און וועלכע האָבן ניט קיין שכחה; דע־רויף זאָגט דאָ די משנה אז דאָס איז נאָר ווען מען האָט ניט אָנגעהייבן דעם בוים, אָבער אויב דער בעל הבית האָט אָנגעהויבן רייסן פון אים טייל פרוכטן, און די איב־ריקע פרוכטן פון בוים האָט ער פארגעסן, הייסט עס יאָ שכחה. דאקייגן א בוים פון צוויי סאה האָט ניט קיין שכחה אפילו מען האָט אים אָנגעהויבן, אויב די איבריקע, פארגעסענע פרוכטן אויפן בוים האלטן צוויי סאה: כל זמן, אזוי לאנג ווי (דער בעל הבית רייסט זיינע פרוכטן) אין דעם אונטערשטן טייל (פון בוים), האָט ער (דאָס רעכט צו רייסן זיינע פרוכטן) אויף דעם אויבערשטן טייל (פון בוים, אפילו ער האָט געהאַט פארגעסן פרוכטן אויפן אויבערשטן טייל פון בוים); ר׳ מאיר זאָגט, אז פון זינט עס איז געגאנגען דער זוכער (דער ארבייטער, וואָס זוכט אין בוים, צי עס זענען געבליבן אייילבירטן, געהערט שוין אלץ צו די אָרימע לייט). אזוי טייטשן די דאָזיקע שווערע

**משתלך המחבא.**

**ג. איזהו פרט? הנושר בשעת הבצירה. היה בוצר, עקץ את האשכול, הוסבך בעלים, נפל מידו לארץ ונפרט, הרי הוא של בעל הבית. המניח את הכלכלה תחת הגפן בשעה שהוא בוצר, הרי זה גוזל את העניים; על זה נאמר: „אל תסג גבול עולים".**

**ד. איזוהי עוללת? כל שאין לה לא כתף ולא נטף. אם יש לה כתף**

---

משנה דער ר"ש און דער ברטנורא. דאָס וואָרט „מחבא", איז „ארויסנעמען פון באַהעלטניש", און עס קאָן זיין דער ארבייטער, אָדער א גרופּע ארבייטער, וועלכע זוכן ארויס די פארבאָרגענע, פארדעקטע איילבירטן אויפן בוים; אָדער עס קאָן זיין „דער שטעקן", מיט וועלכן מען קלאַפּט אין בוים, כדי עס זאָלן אראָפּפאלן די פארבאָרגענע איילבירטן. דער לשון נקבה פון וואָרט „משתלך" (עס האָט געדארפן זיין „משילך") איז שווער, און מען מיינט, אז עס גייט ארויף אויף דער „גרופּע ארבייטער" (לויט דער פארם פון „בלשת" וכדומה). דער רמב"ם טייטשט, אז די משנה לערנט ניט וועגן בעל הבית נאָר וועגן דעם אָרימאַן, אז אזוי לאנג ווי דער אָרימאַן רייסט אונטן אין בוים שכחה־איילבירטן, מעג ער רייסן אויך אין דער שפּיץ פון בוים; און ר' מאיר זאָגט, אז נור ביז עס גייט אדורך „דער זוכער". נאָך דעם זענען שוין די אָרימע לייט ניט בארעכטיקט מער צו די איבערגעבליבענע איילבירטן.

ג. איזהו, וואָס הייסט פּרט? אין חומש ויקרא י"ט שטייט „ופרט כרמך לא תלקט", „די פונאנדערגעשאָטענע (ווינטרויבן) פון דיין וויין־גאָרטן זאָלסטו ניט אויפקלויבן", נאָר זיי געהערן צו אָרימע לייט, „פרט" איז פון וואָרט „פרט" „פונאנדערשפּרייטן", „פונאנדערשיטן". פרעגט די משנה: וואָס הייסט „פרט"? ווען הייסט אז די ווינטרויבן זענען פונאנדערגעשאָטן, כדי זיי זאָלן געהערן די אָרימע לייט? „הנושר", וואָס פאלן אראָפּ בשעת מען שניידט (די ווינטרויבן). ווען די יידן זענען געווען אין ארץ ישראל אין די אלטע צייטן און האָבן זיך פארנומען מיט באארבייטן די ערד, האָבן זיי געהאט פאר יעדער סאָרט ארבייט א באזונדערן נאָמען. אָפּשניידן תבואה האָט געהייסן „קצר", אָפּשניידן ווינטרויבן „בצר", אָפּשניידן טייטלן „גדר", אָפּשניידן איילבירטן „מסק". דאָ, ביים שניידן ווינטרויבן באנוצט זיך די משנה מיטן וואָרט „בצירה", און די משנה זאָגט, אז „פרט" הייסן די טרויבן וואָס פאלן אראָפּ אויף דער ערד ביים שניידן. „פרט" איז ביי ווינטרויבן דאָסזעלבע וואָס „לקט" ביי תבואה. היה, אויב ער (דער בעל הבית) האָט געשניטן ווינטרויבן, און האָט אָפּגעהאַקט א הענגל ווינטרויבן און ער האָט זיך פארפלאָנטערט אין די בלעטער און דאָס (הענגל ווינטרויבן) איז ארויסגעפאלן פון זיין האנט אויף דער ערד, געהערט עס צום בעל הבית. דאָס הייסט ניט „פרט", ווייל עס איז דאָך ניט סתם אראָפּגעפאלן, נאָר עס איז געווען א צוואנגס־סיבה דערצו, דאָס פארפליאָנטערן זיך אין די בלעטער. עס איז דערזעלבער דין, וואָס ביי „לקט" פריער אין דער משנה פרק ד' משנה י', וואו עס ווערט געזאָגט, אז אויב די זאנגען תבואה זענען ארויסגעפאלן פון שניטערס האנד, ווייל א דאָרן האָט אים א שטאָך געגעבן, הייסט עס ניט קיין „לקט". המניח, אז איינער שטעלט ארונטער א קויש אונטער דעם ווינשטאָק (כדי די אראָפּגעפאלענע ווינטרויבן זאָלן אריין אין קויש, און די אָרימע לייט זאָלן זיי ניט נעמען), בא'גזלט ער די אָרימע לייט; דערויף איז געזאָגט געוואָרן (אין משלי כ"ב) „זאָלסט ניט אריבערגיין די גרעניץ פון אייביקייט". דערזעלבער פסוק ניט צו בא'גזלנען אָרימע לייט ווערט אויך געבראַכט ביי לקט פריער פרק ה' משנה ו', און מיר האָבן דאָרט אָנגעוויזן, אז מען טייטשט דאָ דאָס וואָרט „עולם", ווי עס וואָלט געווען „עולים"; דאָס זאָל מען מיינען אָרימע לייט בלשון סגי נהור („יורדים").

ד. איזהי, וואָס הייסט עוללת? דער חומש אין זעלבן פסוק ויקרא י"ט זאָגט

או נטף—של בעל הבית, אם ספק—לעניים. עוללת שבארכובה אם נקרצת עם האשכול הרי היא של בעל הבית, ואם לאו הרי היא של עניים. גרגר יחידי, ר' יהודה אומר, אשכול. וחכמים אומרים, עוללת.

ה. המדל בגפנים, כשם שהוא מדל בתוך שלו כן הוא מדל בשל

„וכרמך לא תעולל", „און דיין וויינגארטן זאָלסטו ניט אויספּיקן", און דערפון לערנט מען, אז עס זענען פאראן געוויסע ניט־ריכטיק וואקסנדיקע וויינטרויבן, וועלכע דער בעל הבית דארף איבערלאָזן אויפן בוים פאר די אָרימע לייט, און די דאָזיקע וויינ־טרויבן רופט מען „עוללת", פרעגט די משנה: וואָס מיינט מען עוללת? ווי אזוי ניט־ריכטיק דארפן וואקסן די וויינטרויבן, אז זיי זאָלן הייסן „עוללת" און זיי זאָלן געהערן צו אָרימע לייט? כל, יעדע (וויינטרויב־הענגל), וואָס האָט ניט קיין אקסל „כתף", און קיין נאָכהענגער, „נטף". א הענגל וויינטרויבן האָט פון ביידע זייטן וויינטרויבן־טיילך, וועלכע זעען אויס ווי צוויי אקסלען, און יעדער פון זיי הייסט „כתף" („כתף", אקסל), און אונטער זיי הענגט נאָך א דריטער וויינטרויבן־טייל, וואָס שווערט אראָפּ, הענגט־אראָפּ, אזוי ווי ער טריפט אראָפּ און דאָס הייסט „נטף", פון וואָרט „נטף", אראָפּרינען. אזוי וואקסט ריכטיק א שטענגל וויינטרויבן. אויב אָבער עס פעלן סיי די „כתף'ס" און סיי דער „נטף", נאָר סתם עס וואקסן איינצלנע וויינטרויבן גלייך אויף דעם צווייגל, הייסן די דאָזיקע איינצלנע וויינטרויבן „עוללות" און זיי געהערן צו די אָרימע לייט. דער ר"ש און דער ברטנורא זאָגן, אז עס איז פון וואָרט „עולל", א „יינג קינד". אם, אויב דאָס הענגל וויינטרויבן האָט יאָ א „כתף" אָדער א „נטף" געהערט עס צום בעל הבית; אויב עס איז א ספק (מען דערקענט ניט גענוי, צי עס איז דאָ א „כתף" אָדער א „נטף", צי ניט) געהערט עס צו אָרימע לייט. דער „תפארת ישראל" דערקלערט אז אויב עס איז פאראן א ספק, הייסט עס שוין, אז עס האָט ניט דעם ריכטיקן „כתף" אָדער „נטף", און ממילא הייסט עס עוללת און עס געהערט צו די אָרימע לייט. עוללת, אויב א עוללת געפינט זיך אין דעם הויפּט־צווייג (פון וויינשטאָק, און דערלעבן געפינט זיך א גוטער, ריכטיק־געוואקסענער וויינטרויבן־הענגל), איז אויב מען קאָן די עוללת אפשניידן צוזאמען מיטן גוטן הענגל, געהערט זי צום בעל הבית, און אויב ניט געהערט זי צו די אָרימע לייט, דאָס וואָרט „ארכובה" אין דער משנה איז דער טייטש דער „הויפּט־צווייג", און די משנה לערנט, אז וויל די „עוללת" געפינט זיך לעבן א גוטן הענגל וויינטרויבן, ווערט זי דאדורך „געשיצט" און זי געהערט צום בעל הבית. דאָס וואָרט „נקרצת" (אָפּגעשניטן ווערן) וואָס געפינט זיך דאָ אין דער משנה, ווערט אין דער משנה זייער זעלטן באנוצט; מען געפינט דאָס וואָרט אין ירמיה מ"ו („קרץ מצפון בא"). גרגר, אן איינצעלנער וויינטרויב, זאָגט ר' יהודה, אז ער איז (האָט דעם דין ווי) א הענגל (און ער געהערט צום בעל הבית) און די חכמים זאָגן, אז ער איז עוללות (און ער געהערט צו די אָרימע לייט). די משנה איז זייער שווער, ווייל עס איז דאָך ניט צו פארשטיין, אז אן איינצעלנער וויינטרויב זאָל ניט האָבן דעם דין פון עוללת. די משנה באנוצט דאָ דאָס וואָרט „גרגר", וואָס איז פאראן אויך אין תנך (ישעיה י"ז שנים שלשה גרגרים) און די פראגע איז, צי מיינט מען טאקע דאָ אין דער משנה „גרגר" אן איינצעלנעם וויינטרויב. דער ר"ש שטיצט זיך אויפן ירושלמי און ווייזט אָן, אז דאָ מיינט מען עטליכע, מער ווי 3 וויינטרויבן, וועלכע ליגן געוואקסן צוזאמען, און מען קאָן מיינען, אז זיי האָבן דעם אויסזען ווי א „כתף" אָדער א „נטף".

ה. המדל אז איינער (דער בעל הבית פון א וויינגאָרטן) מאכט שיטער די וויינ־שטאָקן, איז אזוי ווי ער מאכט שיטער אין זיינע (וויינשטאָקן), מעג ער אויך שיטער־מאכן די (וויינשטאָקן, וועלכע געהערן) צו די אָרימע לייט, אזוי זאָגט ר' יהודה. דאָס וואָרט „המדל" האָבן מיר שוין געהאט פריער פּרק ג' משנה ג', און דאָס איז פון

**עניים, דברי ר׳ יהודה; ר׳ מאיר אומר, בשלו הוא רשאי ואינו רשאי בשל עניים.**

**ו. כרם רבעי, בית שמאי אומרים, אין לו חומש ואין לו ביעור, ובית הלל אומרים, יש לו. בית שמאי אומרים, יש לו פרט ויש לו עללות**

ווארט „דלל״, אָרימער״ מאכן, „שיטערער״ מאכן. ווען דער בעל הבית זעט, אז די וויינשטאָקן־צווייגן וואקסן צו־געדיכט און דאדורך קאָנען זיי ניט וואקסן ריכטיג, שניידט ער אויס טיילן פון זיי, כדי די איבריקע זאָלן וואקסן בעסער. ר׳ יהודה זאָגט דאָ, אז ווען דער בעל הבית מאכט שיטערער די וויינשטאָקן, וועלכע געהערן צו אים, מעג ער אויך שיטערער מאכן די וויינשטאָקן, וועלכע געהערן צו די אָרימע לייט אלס עוללות. ר׳ מאיר זאָגט, אז אין זיינס (זיינע וויינשטאָקן) מעג ער, אָבער ער טאָר ניט אין די אָרימע לייט׳ס. ר׳ מאיר האלט, אז די אָרימע לייט פארלירן דערוויל דערפון, וואָס זיי האָבן ווינציקער וויינטרויבן (אזוי איז דער פירוש פון „תפארת ישראל״).

ו. כרם, א וויינגאָרטן, וואָס איז „כרם רבעי״, זאָגן די בית שמאי, אז (ביים אויסלייזן אים) דארף מען ניט צו־צאָלן א פינפטל און מען דארף אים אויך ניט אויס־רוימען (פארניכטן אין פערטן און זיבעטן יאָרן פון די זיבן נאָך־שמיטה־יאָרן), אָבער די בית הלל זאָגן, אז מען דארף יאָ צו־צאָלן א פינפטל און מען דארף יאָ אויסרוימען. די דאָזיקע מחלוקה צווישן בית שמאי און בית הלל ברענגט די משנה דאָ, ווייל באלד דערנאָך קומט די מחלוקה, וועגן דעם צי „כרם רבעי״ האָט פרט און עוללות. וואָס איז „כרם רבעי״? דער דין איז, אז ווען מען פארפלאנצט א פרוכטן־בוים, זענען די ערשטע דריי יאָר „ערלה״ און מען טאָר ניט עסן און ניט הנאה האָבן פון די פרוכטן; אָבער דאָס פערטע יאָר הייסט עס „כרם רבעי״, דער „פירט־יאָריקער וויינגאָרטן״, און די פירות פון דאָזיקן יאָר דארף מען אוועקפירן קיין ירושלים און דאָרט זיי אויפ־עסן. מען קאָן די פרוכטן פון כרם רבעי „אויסלייזן״, איינטוישן אויף געלט, און דע־מאָלס מעג מען די פרוכטן עסן אומעטום, און דאָס געלט פירט מען קיין ירושלים און מען קויפט דאָרט דערפאר עסנווארג און מען עסט דאָס אין ירושלים. אזוי איז אויך דער דין ביי מעשר שני, וואו ביים אויסלייזן דארף מען צו־צאָלן א „חומש״, א פינפטל (אייגנטליך א פערטל, דאָס הייסט א פינפטל פון דער גאנצער סומע, וואָס ווערט נאָכ־דעם ווי מען לייגט צו דאָס פערטל). וועגן מעשר שני האָבן מיר געשריבן אין דער הקדמה צו מסכתא פאה. די פראגע איז, צי אויך ביים אויסלייזן דעם כרם רבעי, דארף מען צו־צאָלן דעם „חומש״, דאָס פינפטל? עס איז פאראן נאָך איין פראגע: דער דין איז, אז יעדעס פערטע און יעדעס זיבעטע יאָר פון די זיבן נאָך־שמיטה־יאָרן (מען ציילט: דאָס ערשטע יאָר נאָך שמיטה, דאָס צווייטע יאָר און אזוי כסדר ביז דאָס זיבעטע יאָר איז שמיטה) דארף מען ערב פסח אויסרוימען פון שטוב די תרומה און מעשרות. דאָס הייסט ביעור, „אויסרוימען״ (זע אין דער הקדמה צו מסכת פאה וועגן די אלע תרומה און מעשרות). איז די שאלה, צי אויך „כרם רבעי״, וואָס מען האָט ניט אוועק־געפירט קיין ירושלים, דארף מען אויסרוימען יעדעס פערטע יאָר און יעדעס זיבעטע יאָר? זאָגן די בית שמאי, אז פון כרם רבעי דארף מען ניט צוצאָלן דאָס פינפטל („חומש״, ביים אויסלייזן) און מען דארף עס ניט אויסרוימען („ביעור״), און די בית הלל זאָגן, אז עס האָט סיי דאָס פינפטל (חומש), סיי דעם אויפרוימען („ביעור״).

בית שמאי, די בית שמאי זאָגן, אז (כרם רבעי) האָט פרט און האָט עוללות (און אויב עס זענען פאראן אין דעם וויינגאָרטן פון כרם רבעי פרט אָדער עוללות געהערן זיי צו די אָרימע לייט) און די אָרימע ליִיט לייזן אויס (די פרט און עוללות פון כרם רבעי) פאר זיך; און די בית הלל זאָגן, אז אלע (טרויבן פון וויינגאָרטן פון כרם רבעי) גייען אריין אין וויין־קעלטער (פון בעל הבית, און די אָרימע לייט קריגן גאָר־ניט). די בית הלל האלטן, אז די פרוכטן פון כרם רבעי זענען אזוי ווי מעשר שני, און

**והעניים פודין לעצמם, ובית הלל אומרים, כולו לגת.**

**ז. כרם שכולו עוללות, ר׳ אליעזר אומר, לבעל הבית. ר׳ עקיבא אומר, לעניים. אָמר ר׳ אליעזר, ,,כי תבצור לא תעולל״, אם אין בציר מנין עוללות? אָמר לו ר׳ עקיבא, ,,וכרמך לא תעולל״, אפילו כולו עוללות. אם כן למה נאמר ,,כי תבצר לא תעולל״? אין לעניים בעוללות קודם הבציר.**

**ח. המקדיש את כרמו עד שלא נודעו בו העוללות אין העוללות לעניים, משנודעו בו העוללות—העוללות לעניים. ר׳ יוסי אומר, יתנו**

---

האָבן אין זיך א קדושה, און דעריבער האָבן זיי דאָס ,,פיפטל״ (,,חומש״) און ,,אויס־רוימונג״ (,,ביעור״) און זענען באפרייט פון די מתנות פאר אָרימע לייט, פון פרט און עוללות און דאָסזעלבע אויך פון פאה און שכחה. אָבער די בית שמאי האַלטן, אז זיי זענען ווי געוויינליכע פרוכטן און עס גילטן ביי זיי די אלע דינים פון געוויינליכע פרוכטן.

ז. כרם, אויב א ווייַנגאָרטן איז בלויז עוללות (אלע הענגעל־ווייַנטרויבן פון דאָ־זיקן ווייַנגאָרטן האָבן ניט געהאַט ני טקיין כתף און ניט קיין נטף) זאָגט ר׳ אליעזר, אז זיי געהערן אלע צום בעל הבית, און ר׳ עקיבא זאָגט, אז זיי געהערן צו די אָרימע לייט. האָט ר׳ אליעזר געזאָגט: ,,כי תבצור לא תעולל״ (,,ווען דו וועסט שניידן די ווייַנ־טרויבן זאָלסטו ניט צונעמען די עוללות, דברים כ״ד), אויב אָבער (דער בעל הבית) שניידט ניט (ווייל דער גאַנצער ווייַנגאָרטן ווייַנטרויבן געהערט דאָך צו די אָרימע לייט), פון וואַנען זענען פאראַן עוללות? האָט ר׳ עקיבא צו אים (צו ר׳ אליעזר) געזאָגט: ,,וכרמך לא תעולל״ (,,דו זאָלסט ניט צו נעמען די עוללות פון דייַן ווייַנגאָרטן״, ויקרא י״ט), אפילו ער (דער גאָרטן) איז אינגאַנצן עוללות. אויב אזוי, פאַרוואָס־זשע שטייט ,,כי תבצר לא תעולל״ (,,ווען דו וועסט שניידן זאָלסטו ניט נעמען די עוללות״)? דאָס איז, אז די אָרימע לייט האָבן גאָרניט (קיין אייגנטום־רעכט) אין די עוללות איי־דער מען שניידט די ווייַנטרויבן. אין טייל כתבי יד ווערט דער פסוק פון חומש ביי ר׳ אליעזר געבראַכט אין נוסח ,,כי תבצר כרמך לא תעולל״, און אזוי איז טאַקע פאראַן אין חומש דברים כ״ד, אָבער מען קאָן אויך דערקלערן אונזער גירסא, ווייל ר׳ אליעזר האָט דאָ געוואָלט אָנווייזן אויף דעם שייכות צווישן ,,כי תבצר״ און ,,לא תעולל״, דאַקעגן ר׳ עקיבא האָט אָנגעוויזן אויפן שייכות צווישן ,,כרמך״ און לא תעולל״.

ח. המקדיש, ווען איינער (דער בעל הבית) האָט מקדיש געווען (אוועקגעגעבן צו הקדש) זייַן ווייַנגאָרטן איידער מען האָט (אין ווייַנגאָרטן) דערקענט, אז עס זענען פאַראַן אין אים עוללות, געהערן ניט די עוללות צו די אָרימע לייט. דער טעם איז, ווייל קוים האָט ער מקדיש געווען, ווען די ווייַנטרויבן זענען נאָכניט געוואַקסן און מען האָט ניט געקאָנט דערקענען וועלכע פון זיי וועלן זייַן עוללות, הייסט עס, אז דעמאָלס, בשעת׳ן מקדיש זייַן, זענען נאָך קיין עוללות ניט געווען; זענען דעריבער אלע ווייַנטרויבן געוואָרן הקדש. און אויב שפּעטער זענען אויפגעקומען די עוללות, זענען זיי שוין אויפגעקומען אין רשות פון הקדש, און ווי מיר האָבן שוין געלערנט פריער פרק ב׳ משנה ח׳ איז הקדש פטור פון די אלע זאַכן וואָס מען גיט צו אָרימע לייט. משנודעו, (אויב ער האָט מקדיש געווען נאָכדעם) ווען מען האָט שוין דערקענט די עוללות אין אים (אין ווייַנגאָרטן), געהערן די עוללות צו די אָרימע לייט. ווייל קוים זענען דעמאָלס שוין געווען די עוללות, זענען זיי שוין ניט געווען דאָס אייגנטום פון בעל הבית, און דעריבער האָט דער בעל הבית ניט געהאַט קיין רעכט זיי מקדיש צו זייַן, ווייל ,,אין אדם מקדיש דבר שאינו שלו״, קיינער קאָן ניט מקדיש זייַן אַ זאַך, וואָס געהערט ניט צו אים. און כאָטש מיר האָבן פריער געלערנט אין דער משנה

**שכר גידולן להקדש. איזוהי שכחה בעריס? כל שאינו יכול לפשוט את ידו וליטלה. וברוגליות? משיעבור הימנה.**

**פרק ח.**

**א. מאימתי כל אדם מותרים בלקט? משילכו הנמושות; בפרט ועוללות? משילכו העניים בכרם ויבואו; ובזיתים? משתרד רביעה שניה.**

---

ז׳. אז כל זמן דער בעל הבית האָט ניט אָנגעהויבן שניידן געהערן די עוללות נאָכניט צו די אָרימע לייט, אָבער צום בעל הבית געהערן זיי אויך ניט. ר׳ יוסי זאָגט, אז די אָרימע לייט דארפן באצאָלן צו הקדש א באלוינונג פאר דעם וואקסן פון די עוללות. ווייל דער גאָרטן געהערט דאָך צו הקדש און די עוללות פון די אָרימע לייט וואקסן דאָך כסדר אין דער ערד פון הקדש. איזוהי, וואָס הייסט שכחה אין וויג־וויינשטאָק? די משנה האָט דאָ דאָס וואָרט „עריס״, און דאָס זאָל זיין פון וואָרט „עריסה״, א „וויג״, א קליין בעט. דערמיט מיינט מען די וויינשטאָקן וואָס זענען פארצויגן הויך אויף שטע־קענס אָדער אויף א צוים אָדער אויף א וואנט (זיי ליגן ווי אין א בעטל), און עס איז ענליך צו „דלית״, וואָס מיר האָבן געהאט פריער אין פרק ד׳ משנה א׳. די משנה פרעגט דאָ: פון ווען אָן הייסט, אז דער בעל הבית האָט פארגעסן די ווינטרויבן אויף אזא וויג־וויינשטאָק? און זי ענטפערט: כל, אלץ (אלע ווינטרויבן) וואָס ער (דער שניי־דער פון די ווינטרויבן) קאָן ניט אויסציען די האנט און נעמען. אויב דער ווינטרויבן־שניידער איז אזוי וויט שוין אוועקגעגאנגען פון דעם אָרט, אז ער קאָן ניט אויס־שטרעקן די האנט און נעמען די ווינטרויבן, הייסן זיי שוין שכחה. וברגליות? און (פון ווען אָן הייסט שכחה) ביי די פיס־וויינשטאָקן? די משנה באנוצט דאָ דאָס וואָרט „רגליות״, פון „רגלים״, „פיס״, ווייל די דאָזיקע וויינשטאָקן ליגן נידריק, כמעט אויף דער ערד און זיי ווערן אָנגערירט מיט די פיס. משיעבור, פון זינט (דער טרויבן־שניידער) איז אוועקגעגאנגען פון זיי. דעמאָלס הייסט עס שוין שכחה, ווייל דאָ האָט ער דאָך בעסער די מעגליכקייט צו נעמען די ווינטרויבן, דעריבער הייסט יעדער פיס־וויינשטאָק ווי א באזונדער שטיקל פעלד, און מען טאָרניט צוריקגיין צו א פארגעסן שטיקל פעלד.

## פרק ח.

א. מאימתי, פון ווען אָן מעג יעדער מענטש (ניט דוקא אָרימע לייט) קלויבן (אין די פעלדער) לקט? מען מיינט דאָ ניט נאָר לקט נאָר אויך שכחה און פאה, די אלע זאכן, וועלכע געהערן צו אָרימע לייט. די משנה האלט, אז עס קומט א צייט אין יאָר, ווען די אָרימע לייט האָבן שוין אויפגעהערט צו קומען אין פעלד, און אלץ וואָס איז געבליבן איז געוואָרן הפקר פאר אלע; און די פראגע איז: פון ווען הויבט זיך אָן די דאָזיקע צייט? משילכו, פון דער צייט ווען די טאפערס זענען שוין אוועקגעגאנגען (פון די פעלדער). וועגן דעם וועמען מען מיינט מיט „נמושות״, די „טאפערס״, איז פאראן אין דער גמרא תענית ו׳ צוויי מיינונגען. דער אמורא ר׳ יוחנן זאָגט, אז דאָס מיינט מען זקנים אָרימע לייט, וועלכע גייען אָנגעלענט אויף שטעקנס, און ריש לקיש זאָגט, אז דאָס מיינט מען די וועלכע קומען צו־לעצט קלויבן דאָס וואָס אנדערע אָרימע לייט האָבן איבערגעלאָזט. בפרט, (פון ווען אָן מעגן אלע מענשן, ניט דוקא אָרימע לייט, קו־מען און נעמען אין די גערטנער) פרט און עוללות? פון דער צייט נאָכדעם ווי די אָרי־מע לייט זענען געגאנגען אין ווינגאָרטן און זענען געקומען. רש״י אין דער דערמאָנטער גמרא תענית ו׳ טייטשט, אז ווען די אָרימע לייט זענען שוין געווען צוויי מאָל, אָדער צוויי פארטיעס אָרימע לייט זענען שוין געווען אין ווינגאָרטן, איז דאָס וואָס איז איבערגעבליבן נאָך זיי, הפקר, פאר אלע, און אלע מעגן עס נעמען. ובזיתים, און (פון ווען אָן מעג יעדער מענטש נעמען דאָס איבערגעבליבענע) אין איילבירטן־ביימער? פון דער צייט ווען עס הויבט אָן צו גיין דער רעגן פון דער צווייטער רביעה. אין ארץ

**אמר ר׳ יהודה, והלוא יש שאינם מוסקין את זיתיהם אלא לאחר רביעה שניה? אלא כדי שיהא העני יוצא ולא יהא מביא בארבעה אסרות.**

**ב. נאמנין על הלקט ועל השכחה ועל הפאה בשעתם, ועל מעשר עני בכל שנתו, ובן לוי נאמן לעולם; ואינן נאמנין אלא על דבר שבני אדם נוהגין כן.**

---

ישראל גייט זומער בכלל ניט קיין רעגן און דער ערשטער רעגן הויבט אָן פאלן געווײנליך ענדע סוכות. די רעגנס וואָס פאלן ביז דעם 17 טאָג אין חשון הייסן „רביעה ראשונה”, די ערשטע „רביעה”; דאָס וואָרט „רביעה” איז פון „רבע”, ארויפלייגן זיך, ווייל דער רעגן לייגט זיך ארויף אויף דער ערד (ענליך צום וואָרט „רבץ”). דער רעגן וואָס האלט פון 18טן חשון ביזן 23סטן חשון הייסט „רביעה שנייה”, די צווייטע רביעה. די משנה זאָגט, אז זינט עס הייבן אָן צו גיין די רעגנס פון דער צווייטער רביעה, מעג שוין יעדער נעמען די איבערגעבליבענע איילבירטן. אמר, האָט ר׳ יהודה געזאָגט: סטייטש, עס זענען דאָך פאראן אזעלכע (בעלי בתים), וועלכע שניידן אראָפּ זייערע איילבירטן ערשט נאָך דער צווייטער רביעה? מיר האָבן שוין אָנגעוויזן פריער אין פרק ז׳ משנה ג׳, אז אין לשון קודש איז פאר פארשידענע פרוכטן פאראן אן אנדער וואָרט פאר „שניידן”, און ביי איילבירטן איז עס דאָס וואָרט „מסק”. אלא, נאָר (די צייט ווען יעדער מעג נעמען איילבירטן) איז ווען אן אָרימאן קומט ארויס (אין גאָרטן) און ער ברענגט ניט (קיין איילבירטן) פאר פיר איסרות. דאָס וואָרט „איסרות” איז דער לשון רבים פון „איסר”, און דאָס איז געווען א קופערנע רוימישע מטבע, וואָס האָט אין גריכיש געהייסן „אסאריאָן”, און די משנה קידושין פרק א׳ זאָגט, אז זי האָט געהאט 8 פרוטות. זאָגט ר׳ יהודה, אז אויב דער אָרימאן קאָן ניט אָנקלייבן איילבירטן פאר פיר איסרות, מעג שוין יעדער קומען נעמען איילבירטן, ווייל די אָרימע לייט האָבן זיך שוין מייאש געווען פון די איבריקע איילבירטן און זיי זענען הפקר פאר אלע.

ב. נאמנין, די (אָרימע לייט) זענען באגלויבט (צו זאָגן אויף תבואה און פרוכטן) אז זיי זענען פון לקט שכחה און פאה, אין זייער צייט (אין סעזאָן, ווען עס זענען פאראן לקט, שכחה און פאה); און אז זיי זענען פון מעשר עני אין זיין גאנץ יאָר. מיר האָבן שוין געזאָגט, אז די מתנות פאר די אָרימע לייט, לקט, שכחה, פאה און מעשר עני (זע אין דער הקדמה צו מסכת פאה), זענען פטור פון תרומה און מעשר. אין ארץ ישראל זענען אין דער צייט פון דער משנה געווען טייל פראָסטע יידן, מען האָט זיי גערופן די עמי הארצים, וועגן וועלכע מען איז ניט געווען זיכער, צו זיי נעמען אראָפּ פון זייערע תבואות מעשרות. לערנט דאָ די משנה, אז אויב עמי הארצים אָרימע לייט זאָגן, אז די תבואה איז פון לקט, שכחה און פאה (און זענען פטור פון מעשר) אין זייער צייט, אין סעזאָן ווען מען קלויבט געוויינליך לקט־שכחה און פאה אין פעלד (אין דער צייט פון שניט), מעג מען זיי יאָ גלויבן. דאָס זעלבע מעג מען זיי גלויבן, ווען זיי זאָגן, אז די תבואה איז פון מעשר עני, וואָס אָרימע לייט באקומען, יעדעס דריטע און 6טע יאָר נאָך שמיטה־יאָר; ביי מעשר עני, מעג מען זיי גלויבן ניט דוקא אין שניט־צייט נאָר א גאנץ יאָר, אין זייער יאָרן, דעם 3־טן און 6־טן יאָר, ווייל מעשר עני קאָן דער בעל הבית פון פעלד געבן א גאנץ יאָר. ובן לוי, און דער זון פון א לוי (דאָס הייסט א לוי) איז באגלויבט שטענדיק. אויב ער זאָגט, אז די תבואה איז פון מעשר, וואָס ער האָט באַקומען; און דערביי איז ניטאָ קיין גרעניץ אין דער צייט, ווייל מעשר באקומט א לוי אלע יאָרן. דער אויסדרוק „בן לוי” מיינט א לוי. ואינן, און זיי זענען ניט באגלויבט סיידן אויף זאכן, וואָס מענטשן זענען זיך אזוי נוהג (צוגעבן די אָרימע לייט). די ווייטערדיקע משנה דערקלערט, וואָס געוויינליך מענשן געבן יאָ צו אָרימע לייט און די אָרימע לייט זענען אויף זיי באגלויבט, צו זאָגן, אז

**ג. נאמנין על החטים ואין נאמנין על הקמח ולא על הפת, נאמנין על על השעורה של אורז, ואין נאמנין עליו בין חי ובין מבושל; נאמנין על הפול, ואין נאמנין על הגריסין, לא חיים ולא מבושלים; נאמנין על השמן לאמור של מעשר עני הוא, ואין נאמנין עליו לאמור של זיתי ניקוף הוא.**

**ד. נאמנין על הירק חי ואין נאמנין על המבושל אלא אם כן היה לו דבר מועט שכן דרך בעל הבית להיות מוציא מלפסו.**

**ה. אין פוחתין לעניים בגרן מחצי קב חטים וקב שעורים. ר' מאיר**

---

**אז זיי זענען פון לקט, שכחה, פאה און מעשר עני, און וואָס ניט.**

ג. נאמנין, זיי זענען באַגלויבט אויף ווייץ; אָבער זיי זענען ניט באַגלויבט אויף מעל און אויף ברויט. **ווייל דער בעל הבית וועט זיך ניט נעמען די טירחא צו מאָלן פאַר דעם אָרימאַן זיין תבואה פון מעשר עני, צי לקט, שכחה און פאה, אָדער באַקן פאַר אים דערפון ברויט.** נאמנין על השעורה, זיי זענען באַגלויבט אויף קערנער („שעורה" איז דער טייטש ניט נאָר גערשטן נאָר אויך קערנער בכלל) פון רייז (ווען זיי זענען נאָך אין די זאַנגען; אָדער, לויט טייל מפרשים, איידער מען האָט די קערנער אָפּגעשיילט); אָבער זיי זענען ניט באַגלויבט אויף רייז (ווען ער איז שוין אָפּגעשיילט) סיי ווען ער איז רוי און סיי ווען ער איז געקאָכט. **ווייל דער בעל הבית באַמיט זיך ניט אָפּצושיילן דעם רייז (אָדער, לויט איין פשט, אַרויסנעמען אים פון די זאַנגען) פאַר די אָרימע לייט.** נאמנין על הפול, זיי זענען באַגלויבט אויף באָבעס; אָבער ניט אויף צעמאָלענע באָבעס, סיי ווען זיי זענען רוי און סיי ווען זיי זענען געקאָכט. **„גריסין" טייטשן טייל באָבעס וועלכע זענען צעהאַקט אויף צוויי טיילן, כדי מען זאָל זיי לייכטער קאָנען קאָכן. אויך דאָ איז דער טעם, ווייל דער בעל הבית וועט זיך ניט באַמיען צו צעמאָלן די באָבעס (אָדער צעהאַקן זיי) און געבן די אָרימע לייט.** נאמנין על השמן, אָרימע לייט זענען באַגלויבט אויף אייל צו זאָגן, אז דאָס איז (פון איילבירטן) פון מעשר עני; אָבער זיי זענען ניט באַגלויבט צו זאָגן, אז (דער אייל) איז פון אַראָפּגעקלאַפּטע איילבירטן (וואָס זיי, די אָרימע לייט האָבן אַראָפּגעקלאַפּט פון די ביימער אלס הפקר), **מיט „זיתי ניקוף" ווערן אָנגערופן די לעצטע איילבירטן אויף די ביימער, וועגן וועלכע דער בעל הבית דענקט, אז עס לוינט אים ניט זיי אַראָפּצונעמען, און ער לאָזט זיי איבער פאַר די אָרימע לייט. דאָס וואָרט געפינט זיך אין ישעיה י"ז „כנוקף זית", און איז דער טייטש „קלאַפּן" („נקף"). ווייל זיי זענען ניט קיין סך לוינט זיך ניט פון זיי אַרויסצופרעסן דעם אייל, און דעריבער זענען די אָרימע לייט ניט באַגלויבט.**

ד. נאמנין, זיי (די אָרימע לייט) זענען באַגלויבט אויף רויע גרינס (צו זאָגן, אז דאָס האָבן זיי באַקומען אלס מעשר עני), אָבער ניט אויף געקאָכטע, סיידן ווען דער אָרימאַן האָט דערפון נור א קליין ביסל, מחמת אזוי איז דער שטייגער פון בעל הבית אַרויסצונעמען פון זיין קאָך־טאָפּ (אביסל גרינס און צו געבן עס דעם אָרימאַן). **אָפּקאָכן פאַרן אָרימאַן א סך, וועט דער בעל הבית ניט; אָבער ווען דער בעל הבית קאָכט פאַר זיך וועט ער שוין צו־קאָכן דעם דאָזיקן גרינס וואָס דער אָרימאַן וועט באַקומען פון אים אלס מעשר עני. דאָס וואָרט „לפס" איז, ווי עס ווייזט אָן ר' בנימין מוספיא אין „מוסף הערוך", דאָס גריכישע וואָרט „לאָפּאַס" און איז דער טייטש „טאָפּ, קאָך־טאָפּ, פלאַכע פאַן". דאָס וואָרט איז פאַראַן א סך מאָל אין דער משנה און גמרא, טייל־מאָל אויך אין דער פאָרם פון „אילפס".**

ה. אין, מען טאָר ניט געבן אן אָרימאַן אויפן שייער (ווען מען גיט אים מעשר עני) ווינציקער פון א האַלבן טאָפּ ווייץ אָדער א טאָפּ גערשטן. **א „טאָפּ", „קב", האָט 4 קוואַרט („לוג"), און מען רעכנט אז אין וואָג איז א טאָפּ ווייץ לערך 8 פונט. אפילו ווען דער מעשר עני, וואָס דער בעל הבית דאַרף געבן, באַטרעפט ווינציקער, טאָר ער ניט געבן דעם אָרימאַן ווינציקער פון א האַלבן טאָפּ ווייץ, אָדער א טאָפּ גערשטן, כדי**

**אומר, חצי קב; קב וחצי כוסמין וקב גרוגרות או מנה דבלה ר׳ עקיבא אומר, פרס; חצי לוג יין; ר׳ עקיבא אומר, רביעית; רביעית שמן; ר׳ עקיבא אומר, שמינית. ושאר כל הפירות, אָמר אַבא שאול, כדי שימכרם ויקח בהם מזון שתי סעודות.**

**ו. מדה זו אמורה בכהנים ובלוים ובישראלים. היה מציל, נוטל מחצה ונותן מחצה; היה לו דבר מועט, נותן לפניהם והן מחלקין ביניהם.**

**ז. אין פוחתין לעני העובר ממקום למקום מכיכר בפנדיון מארבע**

---

**דער אָרימאַן זאָל האָבן צו עסן צו דער זעט.** ר׳ מאיר זאָגט, אַז א האַלבן טאָפּ; **ר׳ מאיר האַלט, אַז סיי ווייץ און סיי גערשטן איז גענוג א האַלבער טאָפּ.** קב וחצי, (מען טאָרניט געבן דעם אָרימאַן ווינציקער פון) א טאָפּ און א האַלבן כוסמין (שפּעלץ, אָרקיש), אָדער אַ טאָפּ געטריקנטע פייגן, אָדער א מנה געפּרעסטע פייגן. **טרוקענע פייגן, גרוגרות, זע־נען געגאַנגען אויף דער מאָס און די משנה זאָגט, אַז דאָס ווינציקסטע מוז זיין א טאָפּ; געפּרעסטע פייגן (דבלה) האָט מען געוואויגן, און דאָס מינדעסטע וואָס מען זאָל געבן אַן אָרימאַן, איז מנה, דאָס איז די וואָג פון 100 דינר, און יעדער דינר האָט געוואויגן 96 קערנער פון גערשטן.** ר׳ עקיבא זאָגט, אַז א העלפט. **דאָס הייסט, אַז א העלפט פון א „מנה״ געוויכט געפּרעסטע פייגן איז דאָס ווינציקסטע, וואָס מען דאַרף געבן אַן אָרי־מאַן. טייל מפרשים מיינען, אַז ר׳ עקיבא׳ס מיינונג „א העלפט״ גייט אַרויף אויך אויף די געטריקנטע פייגן.** חצי לוג, (מען זאָל געבן דעם אָרימאַן ניט ווינציקער פון) א האַלבע קוואָרט (לוג) וויין; ר׳ עקיבא זאָגט, אַז א פערטל; (ניט ווינציקער פון) א פערטל קוואָרט בוימל; ר׳ עקיבא זאָגט, אַז אַן אַכטל. און אַלע אַנדערע פּרוכטן, זאָגט אַבא שאול, אַז (מען מוז געבן דעם אָרימאַן כאָטש אַזוי פיל אַז) ער זאָל זיי קאָנען פאַרקויפן און (פאַר דעם געלט) זיך קויפן שפּייז פאַר צוויי סעודות. **אַבא שאול איז געווען א תנא לערך אין דער צייט פון חורבן פון 2טן בית המקדש; אַבא שאול זאָגט, אַז מען דאַרף געבן אַן אָרימאַן אַזוי פיל, אַז ער זאָל האָבן כאָטש אויף צוויי סעודות, כדי, אַז נאָכן אָפּעסן איין סעודה, זאָל ער זיין ביי זיך זיכער, אַז ער וועט האָבן אויף נאָך איין סעודה. דאָס איז אין הסכם מיט דער גמרא, אַז ווער עס האָט „פּת בסלו״, „ברויט אין זיין קויש״, שפּירט זיך זיכערער.**

ו. מדה, די דאָזיקע מאָס (וואָס איז דערמאָנט געוואָרן אין דער פריערדיקער משנה, אַז מען דאַרף געבן צו אַן אָרימאַן) איז גיזאָגט געוואָרן ביי כהנים, לויים און ישראלים. **די משנה איז זייער א שווערע. געוויינליך טייטשן די מפרשים (דער רמב״ם, דער ברטנורא), אַז סיי כהנים, סיי לויים, סיי ישראלים, ווען זיי געבן מעשר עני זאָלן זיי ניט געבן ווינציקער פון די פריער־אָנגעוויזענע מאָסן. אָבער, פרעגט זיך, צו־וואָס האָט דאָס די משנה געדאַרפט זאָגן? פאַר וואָס האָט מען דען געקאָנט מיינען, אַז די כהנים, צי לויים זענען אַנדערש פון די ישראלים? דער תוספות־יום־טוב טייטשט, פאַרקערט, אַז דאָס מיינט, דאָס אויך די אָרימע לייט כהנים אָדער לויים דאַרף מען אויך געבן ניט ווינציקער מעשר עני, כאָטש זיי באַקומען דאָך אַנדערע מתנות (כהנים באַ־קומען תרומה, לויים באַקומען מעשר).** היה, אויב ער (דער בעל הבית) וויל ראַטעווען (אַראָפּנעמען פון מעשר עני א טייל, כדי דאָס צו געבן צו זיינע קרובים אָרימע לייט), מעג ער נעמען א העלפט, אָבער ער מוז איבערלאָזן א העלפט (פאַר די פרעמדע אָרי־מע לייט). אויב ער (דער בעל הבית) האָט געהאַט (מעשר עני צום צעטיילן) נאָר א קליינינקייט (וווייניק תבואה), זאָל ער עס אַנידערלייגן פאַר די אָרימע לייט און זאָלן זיי צעטיילן דאָס צווישן זיך. **די משנה לערנט, אַז אין אַזא פאַל איז דער בעל הבית ניט מחויב צו געבן יעדן אָרימאַן לויט דער מאָס, ווי מען האָט פריער געלערנט.**

ז. אין, מען טאָרניט געבן צו אַן אָרימאַן, וועלכער וואַנדערט פון איין אָרט צום צווייטן אָרט, ווינציקער פון א ברויט, וואָס קאָסט א פונדיון, לויט דעם פרייז פון פיר

**סאין בסלע; לן—נותנין לו פרנסת לינה; שבת—נותנין לו מזון שלש סעודות. מי שיש לו מזון שתי סעודות לא יטול מן התמחוי, מזון ארבע עשרה סעודות—לא יטול מן הקופה. והקופה נגבית בשנים ומתחלקת בשלשה.**

**ח. מי שיש לו מאתים זוז לא יטול לקט שכחה ופאה ומעשר עני;**

---

סאה פאר א סלע. די דאָזיקע משנה לערנט אונז ניט וועגן מעשר עני, נאָר סתם וועגן צדקה, שפייז און אנדערע הילף, וואָס די צדקה־גבאים אין א שטאָט דארפן געבן צו א דורכוואנדערנדיקן אָרימאַן. די משנה זאָגט, אז מען מוז אים געבן ניט ווינציקער פון א ברויט, וואָס קאָסט א פונדיון; דאָס איז געווען א רוימישע מטבע „דופאָנדיום", וואָס איז געווען א 48סטל פון א סלע (טאָלער). די משנה גיט צו די ווערטער „לויט דעם פרייז פון 4 סאה פאר א סלע". ווי מיר האָבן שוין געזאָגט האָט א סאה 6 טעפּ (א טאָפּ הייסט קב), און 4 סאה האָבן 24 טעפּ, און אזוי ווי א סלע האָט 48 פונדיונ׳ס, קומט אויס אז פאר איין פונדיון האָט מען געקראָגן א האלבן טאָפּ מעל. לן, אויב ער (דער דורכוואנדערנדיקער אָרימאַן) בלייבט נעכטיקן אין שטאָט, גיט מען אים דאָס וואָס מען דארף צו א נאכטלעגער (א בעט, בעטגעוואנט); אויב ער האָט געהאלטן שבת (אין שטאָט) גיט מען אים שפייז פאר דריי סעודות. שבת דארף מען, לויט דעם דין, עסן דריי מאָלצייטן, די שלש סעודות, און דאָס דארף מען געבן דעם אָרימאַן. טייל מפרשים טייטשן, אז די דריי סעודות דארף מען אים געבן שבת בייטאָג, כדי ער זאָל האָבן צו עסן ביז זונטאָג אין דער פרי. מי, ווער האָט שפייז פאר צוויי סעודות זאָל ניט נעמען פון דער אָרימע־לייט־שיסל (תמחוי); ווער עס האָט שפייז פאר פירצן סעודות זאָל ניט נעמען פון דער אָרימע־לייטקאַסע. אין יעדער שטאָט אין ארץ ישראל האָבן די גבאים, וואָס האָבן זיך פארנומען מיט פארזאָרגן די אָרימע לייט, געהאַט צוויי זאכן: א „שיסל", „תמחוי", אין וועלכער מען האָט צונויפגענומען אין דער שטאָט שפייז־זאכן און דאָס צעטיילט צווישן אָרימע לייט, און א „קאַסע", „קופה", וואָס האָט צונויפגענומען געלט און דאָס געלט האָט מען צעטיילט צווישן די אָרימע לייט. די שפייז־זאכן פון דער „שיסל", פון דער תמחוי, האָט מען צעטיילט יעדן טאָג, און דעריבער קוים האָט אן אָרימאַן שפייז (אָדער געלד צי אנדערע זאכן) אויף צוויי מאָלצייטן טאָר ער ניט נעמען פון דער „שיסל". אָבער די געלט פון דער קאסע האָט מען צוטיילט יעדע וואָך, יעדן פרייטאָג, און ממילא האָט אפילו אן אָרימאַן, וואָס האָט געהאַט אויף צוויי סעודות און מער, געמעגט פון איר נעמען הילף; אָבער אויב ער האָט געהאַט אויף 14 סעודות, אויף א גאנצער וואָך (יעדן טאָג צוויי סעודות), האָט ער שוין ניט געטאָרט נעמען שטיצע פון דער קאַסע. דאָס וואָרט „תמחוי" אלס שיסל געפינט זיך עטליכע מאָל אין דער משנה. דאָס וואָרט „קופה" איז דער טייטש „א קויש", און ר׳ בנימין מוספיא מיינט אז דאָס איז דאָס לאטיינישע וואָרט „קופא", וואָס איז דער טייטש א גרויס געפעס אויף וויין. דער אמת איז, אז אין די לשונות וואָס זענען נאָענט צו לשון קודש (אין אראביש) איז „קופה" א „קויש", און דערפון איז געוואָרן דער „קויש אויף צו זאמלן אין אים געלד, די „קאַסע". והקופה, און (געלד פאר דער אָרימע לייט־קאַסע) ווערט געזאמלט דורך צוויי מענטשן און ווערט צעטיילט דורך דריי (מענטשן). ביים זאמלן געלט דארפן זיין צוויי מענטשן, כדי איינער זאָל היטן דעם צווייטן, און דאָס צעטיילן דאָס געלט דארף פאָרקומען דורך דריי מענטשן, א סאָרט בית דין פון דריי, ווייל מען דארף אורטיילן וויפיל יעדן אָרימאַן צו געבן (גמרא בבא בתרא ח׳).

ח. מי, ווער עס האָט צוויי הונדערט זוז (א זוז איז אזוי פיל ווי א „דינר", און מען טייטשט זיי געווינליך „גילדן") זאָל ניט נעמען קיין לקט, שכחה, פאה און

**היו לו מאתים חסר דינר, אפילו אלף נותנין לו כאחת, הרי זה יטול; היו ממושכנין לבעל חובו או לכתובת אשתו, הרי זה יטול. אין מחייבין אותו למכר את ביתו ואת כלי תשמישו.**

**ט. מי שיש לו חמשים זוז והוא נושא ונותן בהם הרי זה לא יטול. וכל מי שאינו צריך לטול ונוטל אינו נפטר מן העולם עד שיצטרך לבריות; וכל מי שצריך ליטול ואינו נוטל, אינו מת מן הזקנה עד שיפרנס**

---

מעשר עני. די מפרשים זאָגן, אז צדקה טאָר ער אודאי ניט נעמען, נאָר אפילו די דאָזיקע מתנות פאַר אָרימע לייט, וואָס זענען דאָך אזוי ווי הפקר, טאָר ער אויך ניט נעמען, ווייל מיט 200 זוז קאָן מען זיך שוין אויסהאלטן א לענגערע צייט. היו, אויב ער האָט געהאַט 200 ווינציקער איין דינר (דאָס הייסט אפילו נור 199 גילדן), איז אפילו מען גיט אים טויזנט (גילדן) מיטאמאָל מעג ער נעמען. טייל מפרשים טייטשן דעם „אפילו אלף נותנין לו כאחת", אפילו טויזנט מענטשן געבן אים מיט אמאָל יעדער צו איין גילדן מעג ער נעמען. היו ממושכנים, אויב זיי (זיין פאַרמעגן וואָס באַטרעפט צוויי הונדערט גילדן) זענען געווען פאַרמשכונט צו זיין בעל חוב (פאַר געלד וואָס ער איז שולדיק) אָדער פאַר די כתובה פון זיין פרוי (צו פאַרזיכערן, אז זי וועט האָבן פון וואָס אָפּצונעמען די כתובה), מעג ער נעמען. ווייל דאָס הייסט ניט, אז ער פאַרמאָגט די 200 גילדן, אויב זיי זענען פאַרמשכונט. אין, מען צווינגט אים ניט, אז ער זאָל פאַרקויפן זיין הויז אָדער זיינע זאכן צום באַנוצן. אויב ער פאַרמאָגט ניט קיין געלט אָדער סחורות, נאָר ער האָט א הויז צו וואוינען און זאכן, וואָס ער באַנוצט זיך מיט זיי, קאָן מען אים ניט זאָגן, אז ער זאָל זיי פאַרקויפן; אין אזא פאַל מעג ער יאָ נעמען.

ט. מי, אז איינער האָט פופציק זוז (גילדן), און ער האַנדלט מיט זיי, זאָל ער ניט נעמען (קיין לקט, שכחה און פאה). ווייל אויב ער האַנדלט מיט דעם געלט הייסט עס ווי ער וואָלט געהאַט 200 גילדן. וכל מי, און ווער עס דאַרף ניט נעמען און נעמט, גייט ער ניט אוועק פון דער וועלט, ביז ער וועט דאַרפן פריער אָנקומען צו מענטשן; און ווער עס דאַרף נעמען, און נעמט ניט, שטאַרבט ער ניט פון דער עלטער, ביז ער וועט פריער מפרנס זיין אנדערע פון זיין פאַרמעגן; און אויף אים זאָגט דער פסוק (ירמיה י"ז) „געבענטשט איז דער מענטש, וואָס האָט בטחון אין גאָט, און גאָט איז זיין בטחון". די מפרשים זאָגן, אז דאָס וואָס די משנה לויבט דאָ איינעם, וועלכער דאַרף יאָ נעמען צדקה און נעמט ניט, מיינט מען ניט, אז ער פייניגט זיך דאדורך און עסט ניט, נאָר מען מיינט, אז ער טוט אלע מעגליכקייטן, אפילו די שווערסטע, אבי ער זאָל ניט אָנקומען צו מענטשן. אין א סך משניות ענדיקט זיך דאָ די מסכת פאה, און למשל דער ברטנורא ענדיקט דאָ זיין פירוש. אָבער אין טייל משניות זענען יאָ צוגעגעבן די ווייטערדיקע ווערטער פון דער משנה: וכן, און אזוי איז אויך מיט א דיין, וואָס גיט ארויס א אמתן פסק דין לויט זיין אמת. די משנה מיינט, אז אויך אים איז געזאָגט געוואָרן דער פסוק פון ירמיה ווייל אויך ער, ביים ארויסגעבן דעם פסק דין, רעכנט ער זיך ניט מיט דער מיינונג פון מענטשן, נאָר מיט גאָט, און ער האָט בטחון אין גאָט. דער אויסדרוק „לאמתו" מיינט, לויט טייל מפרשים, אז ניט נור דער פסק דין אליין איז אמת, נאָר דער דיין האָט ניט דערביי קיין אנדערע נגיעה, און ביידע בעלי דינים זענען ביי אים פולשטענדיק גלייך. וכל, און דער וואָס איז ניט קיין לאָמער (אויף איין פוס) און קיין בלינדער און קיין הינקנדיקער (אויף ביידע פיס) און ער מאכט זיך ווי איינער פון זיי (ווי ער וואָלט געווען לאָם, בלינד, הינקנדיק, כדי מענטשן זאָלן אויף אים רחמנות האָבן און אים געבן צדקה) וועט ער פריער ניט שטאַרבן פון דער עלטער ביז ער וועט ווערן (אויף אן אמת) ווי איינער פון זיי (פון די דאָזיקע בעלי

**אחרים משלו; ועליו הכתוב אומר: „ברוך הגבר אשר יבטח ביי והיה יי מבטחו״. וכן דיין שדן דין אמת לאמתו. וכל מי שאינו לא חגר ולא סומא ולא פסח ועושה עצמו כאחד מהם, אינו מת מן הזקנה עד שיהיה כאחד מהם. (שנאמר: „ודרש רעה תבואנו״) ונאמר: „צדק צדק תרדף״. וכל דיין שלוקח שוחד ומטה את הדין, אינו מת מן הזקנה עד שעיניו כהות, שנאמר: „ושחד לא תקח כי השחד יעור פקחים״ וגו׳.**

---

מומים), ווי עס שטייט אין פסוק (משלי י״א) „און ווער עס זוכט דאָס שלעכטע וועט עס אים טרעפן״, און עס שטייט אויך (דברים ט״ז) „זאָלסט נאָכיאָגן גערעכטיקייט, גערעכטיקייט״, און יעדער דיין וואָס נעמט שוחד און פארדרייט דעם פסק דין, שטאַרבט ער ניט פון דער עלטער ביז זיינע אויגן ווערן פריער טונקל, ווי עס שטייט (שמות כ״ג) „און זאָלסט ניט נעמען קיין שוחד, ווייל שוחד מאכט בלינד די זעעוודיקע״ און אזוי ווייטער. טייל מפרשים (דער תוספת יום טוב) מיינען, אז די פסוקים, וואָס ווערן דאָ געברענגט גייען ארויף אויף די פריעריקע ווערטער פון דער משנה, „וכן דיין שדן דין אמת לאמתו״, און דעריבער ווערט דאָ געבראַכט דער פסוק פון „צדק צדק תרדוף״. בכלל זענען אין דער דאָזיקער לעצטער משנה פאראַן פארשידענע נוס־חאות סיי אין די געדרוקטע משניות (אויך פון ירושלמי, בבלי), סיי אין די כתבי יד; אין טייל איז די משנה שטארק געקירצט און אין טייל ווערן געבראַכט אנדערע פסו־קים, און דערפון און נאָך א ראיה צו דער מיינונג, וועלכע מיר זען פון דעם פירוש ברטנורא, וואָס איז ניט דערשריבן ביזן סוף, אז אין טייל כתבי יד האָט זיך די משנה פאה געענדיקט מיט „והיה ה׳ מבטחו״.

סליק מסכת פאה — געענדיקט מסכת פאה

# מסכת דמאי
## הקדמה

איידער מיר גייען דערקלערן די מסכת דמאי, וועלן מיר געבן עטליכע זאכן, וואָס וועלן לייכטער מאכן דעם לערנער צו פארשטיין די דינים אין דער משנה פון דער דאָזיקער מסכת: עטליכע פון די דאָזיקע זאכן האָבן מיר שוין געזאָגט אין דער הקדמה צו דער מסכת פאה, אָבער מיר וועלן זיי דאָ איבערחזרן.

ווען א ייד אין ארץ ישראל אין די אלטע צייטן האָט אראָפּגענומען זיינע פּרוכטן אָדער תבואה אָדער גרינס פון גאָרטן און פעלד און ער האָט זיי געבראכט צו זיך אין הויז, האָט ער די דאָזיקע זאכן נאָכניט געטאָרט עסן. דאָס האָט נאָך געהייסן „טבל״; „טבל״ זאָל זיין פון „בלל״, אויסגעמישט, גאָרניט אראָפּגענומען. מען האָט עס אויך גערופן „ודאי״, „זיכערער טבל״, דאָס הייסט, מען האָט געוואוסט אויף זיכער, אז עס איז טבל. כדי מען זאָל עס מעגן עסן, האָט די תורה געזאָגט, אז מען דארף פון דעם „טבל״, פון דעם „ודאי״ אראָפּנעמען, מפריש־זיין טיילן און זיי אוועק־געבן, און ערשט נאָכדעם ווי מען האָט געהאט „מפריש״־געווען די טיילן, איז די טבל געוואָרן „חולין״, „פשוטע״ עסנווארג, און מען האָט זיי געמעגט עסן. אראָפּנעמען האָט מען געדארפן די דאָזיקע טיילן:

א. „תרומה״, מען האָט געדארפן אראָפּנעמען א פּופציקסטל פון דער תבואה, פּרוכטן און גרינס, און דאָס האָט געהייסן תרומה, און מען האָט דאָס אוועקגעגעבן דעם כהן. א ישראל אָדער א לוי האָט ניט געטאָרט עסן די תרומה, נאָר א כהן און זיין פאַ־מיליע און זיינע קנעכט, און נאָר א ריינער כהן, (ניט דער וואָס איז געווען טמא) האָט געמעגט עסן די תרומה. עס דארף דאָ אויך געזאָגט ווערן, אז „מדאורייתא״, ווי די תורה לערנט, האָט מען ניט געדארפן געבן תרומה דוקא א פופציקסטל, און אפילו איין קערן ווייץ איז גענוג געווען פאר א גאנצן זאק. נאָר די רבנן האָבן מתקן געווען, אז מען זאָל געבן א פופציקסטל.

ב. „מעשר״. נאָכדעם ווי מען האָט אראָפּגענומען תרומה, האָט מען פון דער איבערגעבליבענער תבואה, פרוכטן און גרינס געדארפן אראָפּנעמען א צענטל, „מעשר״ (צענטל), און דאָס האָט געהייסן „מעשר ראשון״, „דאָס ערשטע צענטל״, און מען האָט עס אוועקגעגעבן דעם לוי. דעם מעשר האָט שוין יעדער געקאָנט עסן, אפילו א ישראל, אָבער אוועקגעבן האָט מען עס בעדארפן דעם לוי. אין די שפּעטערדיקע צייטן האָט מען אויך דעם מעשר געגעבן צו א כהן.

ג. דער לוי, באקומענדיק דעם מעשר, האָט געדארפן דערפון אראָפּנעמען א צענטל און דאָס האָט געהייסן „תרומת מעשר״, און ער האָט דאָס געדארפן אוועקגעבן דעם כהן. די תרומת מעשר האָט געהאט דעמזעלבן דין, וואָס די פריער דערמאָנטע תרומה; נאָר א ריינער (ניט־טמא) כהן און זיין פאמיליע און זיינע קנעכט האָבן עס גע־מעגט עסן; א ישראל און א לוי האָבן עס ניט געטאָרט עסן.

ד. „מעשר שני״. נאָכדעם ווי דער בעל הבית האָט שוין געהאט אראָפּגענומען פון זיין טבל די תרומה און דעם מעשר, האָט ער עס יעדעס ערשטע און צווייטע און פירטע און פיפטע יאָר נאָך דעם שמיטה־יאָר (ווי באוואוסט איז יעדעס 7־טע יאָר שמיטה־יאָר) געדארפן אראָפּנעמען נאָך א צענטל, און דאָס הייסט „מעשר שני״ (דער צווייטער מעשר). אָבער דעם דאָזיקן מעשר שני דארף ער שוין קיינעם ניט אוועק־געבן, נאָר ער דארף עס פירן קיין ירושלים און דאָרט עס עסן אין קדושה און ריינ־קייט. אויב ער וויל דאָס דאָזיקע עסנווארג ניט פירן קיין ירושלים, קאָן ער עס אויס־לייזן מיט געלט; דער בעל הבית באצאָלט דערפאר, וויפיל עס האָט די ווערט און ער לייגט־נאָך צו א פערטל (דאָס הייסט „חומש״, א „פיפטל״, ווייל צוזאמען מיט די 4 פערטל פון קרן, פון ווערט־געלט, איז דאָס א פיפטל), און דאָס געלט פירט ער קיין ירושלים און קויפט דאָרט דערפאר עסנווארג, וויין, און פארנוצט עס דאָרט.

ה. „מעשר עני". יעדעס 3־טע און 6־טע יאָר נאָך דעם שמיטה־יאָר דאַרף מען ניט אָפּשיידן קיין מעשר שני, נאָר אָנשטאָט דעם דאַרף מען אַראָפּנעמען א צענטל און עס אוועקגעבן צו אָרימע לייט, און דאָס הייסט „מעשר עני", דאָס צענטל פאַר אָרימע לייט. מעשר עני האָט ניט קיין שום קדושה. און מען קאָן עס עסן ווי מען וויל און אויך ווער עס וויל.

נאָכדעם ווי מען האָט אָפּגעשיידט די אַלע דאָזיקע „מתנות", דאָס הייסט: תרומה, מעשר, מעשר שני (און אין די יאָרן 3 און 6 נאָך שמיטה אנשטאט מעשר שני — מעשר עני) הערט אויף די תבואה און פּרוכטן און גרינס צו זיין טבל און הייסן „חולין" און מען מעג זי שוין עסן. דאָס איז, אז א בעל הבית האָט אליין אַראָפּגענומען די תבואה און פּרוכטן און גרינס פון זיין פעלד און גאָרטן, האָט ער געטאָן דאָס אַלץ און ער איז געווען זיכער אז ער עסט ניט קיין טבל. מען האָט אויך געמעגט קויפן די אַלע זאכן ביי א באגלויבטן ייד, א „נאמן", אויב דער דאָזיקער ייד האָט געזאָגט, אז פון די זאכן האָט מען אַראָפּגענומען די אַלע מתנות, און זיי זענען ניט קיין טבל.

אָבער אין ארץ ישראל זענען אין דער צייט פון דער משנה געווען יידן עמי הארצים, און מען איז נאָר געווען זיכער מיט זיי, אז זיי שיידן אָפּ תרומה, ווייל תרומה איז גאָר הייליק, און קיין סך באטרעפט זי ניט; אָבער מען איז ניט געווען זיכער, אז די עמי הארצים נעמען אראָפּ די אַלע מעשרות, וואָס האָבן שוין באטראָפן גאָר א סך. אזא תבואה צי פּרוכטן צי גרינס פון א עם הארץ האָט געהייסן „דמאי", „ניט־זיכער". דערציילט א ברייתא אין סוטה מ"ח (און א רמז דערפון איז פאַראַן אין דער משנה), אז דער פירשט יוחנן כהן גדול, וועלכער האָט געלעבט לערך 180 יאָר פאַרן חורבן פון 2טן בית המקדש, האָט איינגעפירט, אז ווען מען קויפט תבואה צי פּרוכטן צי גרינס ביי א עם הארץ, דמאי, זאָל מען אליין אַראָפּנעמען מעשר ראשון און פון מעשר ראשון אַראָפּנעמען דאָס צענטל תרומת מעשר און עס אוועקגעבן צום כהן, אָבער דעם מעשר ראשון אליין דאַרף מען קיינעם ניט אוועקגעבן און מען מעג עס פאַרהאַלטן פאַר זיך. דאָס זעלבע זאָל מען אַראָפּנעמען מעשר שני און דאָס פירן קיין ירושלים, און אין די יאָרן 3 און 6 נאָך דעם שמיטה־יאָר זאָל מען (לויט טייל מיינונגען) אַראָפּנעמען מעשר עני, אָבער מען דאַרף עס ניט אוועקגעבן צו אָרימע לייט, נאָר עס פאַרהאַלטן פאַר זיך. פאַרוואָס מעג מען דעם מעשר ראשון און מעשר עני פאַרהאַלטן פאַר זיך? ווייל מען ווייסט דאָך ניט, און עס קאָן דאָך זיין, אז דער עם הארץ האָט יאָ אַראָפּגענומען די דאָזיקע מעשרות, און דעריבער איז מען ניט מחויב די דאָזיקע מעשרות, וואָס מען מען שיידט אָפּ פון ספק וועגן, אוועקצוגעבן צו וועמען עס איז. מען האָט, דעריבער, ניט געדאַרפן אפילו „אַראָפּנעמען", „מפריש זיין" די דאָזיקע מעשרות. עס איז געגוג געווען ביי דמאי, אז מען האָט געזאָגט, אז דאָ איז פאַראַן מעשר ראשון, צי מעשר עני; דאָס האָט געהייסן „קרא שם", אָנרופן מיטן נאָמען, דאקייגן, די תרומת מעשר האָט מען יאָ געמוזט אַראָפּנעמען און געבן דעם כהן (ווייל דאָס טאָר דאָך א ישראל ניט עסן), און דעם מעשר שני האָט מען יאָ געדאַרפן אַראָפּנעמען און פירן קיין ירושלים, אָדער עס אויסלייזן און דאָס געלט פירן קיין ירושלים. דאָס דאָזיקע פאַרלייכטערטע מעשר־נעמען פון דמאי האָט געהייסן „מתעשר דמאי".

צוליב דעם, וואָס דער גאנצער ענין דמאי איז דאָך געווען בלויז יוצא צו זיין פאַר ספק וועגן, האָט מען געמאַכט דערביי א סך פאַרלייכטערונגען, און די משנה וועט אונז לערנען וועגן די דאָזיקע פאַרלייכטערונגען.

וועגן דעם נאָמען „דמאי" זענען געזאָגט געוואָרן א סך מיינונגען. טייל זאָגן, אז דאָס איז פון די ווערטער „דא מאי" („וואָס איז דאָס?"). טייל מיינען אז עס איז פון „דמה", „איבערטראַכטן", „זיין אין ספק".

# מסכת דמאי

## פרק א.

**א. הקלין שבדמאי: השיתין והרימין והעוזרדין ובנות שוח ובנות שקמה ונובלות התמרה והגופנין והנצפה; וביהודה—האוג והחומץ שביהודה והכוסבר. ר׳ יהודה אומר, כל השיתין פטורין, חוץ משל דופרה; כל הרימין פטורין, חוץ מרימי שקמונה; כל בנות שקמה פטורות, חוץ מן המוסטפות.**

---

## פרק א.

א. הקלין, די (פרוכטן, וואָס ווערן דאָ אויסגערעכנט זענען) גרינג בנוגע צו דמאי. די משנה זאָגט, אז ניט פון אלע פרוכטן, וואָס מען קויפט פון אן עם הארץ, דארף מען אראָפּנעמען דעם מעשר, וועלכן מען דארף אראָפּנעמען פון דמאי, ווי מיר האָבן פריער אָנגעוויזן אין דער הקדמה. עס זענען פאראן אזעלכע פרוכטן, וואָס די חכמים האָבן ביי זיי „מיקל״ געווען, „גרינג״ געמאכט, און געזאָגט, אז כאָטש מען קויפט זיי ביי א עם הארץ, איז מען פטור פון אראָפּנעמען דעם דמאי־מעשר. פארוואָס? עס זענען פאראן דערויף צוויי טעמים: ערשטנס, ווייל די דאָזיקע פרוכטן זענען ניט קיין גוטע, קיין חשובע, זייער בעל הבית ארט ניט, אויב מען נעמט ביי אים צו אפילו בחנם, און עס איז מעגליך אז זיי זענען הפקר, וואָס איז בכלל פטור פון מעשר. און צווייטנס, צוליב דעם וואָס זיי האָבן ניט קיין חשיבות קאָן מען אָננעמען, אז דער עם הארץ האָט יאָ אראָפּגענומען פון זיי דעם מעשר, מחמת עס איז אים ניט געווען קיין שאָד. און ווייל דער גאנצער ענין דמאי איז דאָך א ספק, האָט מען ביי די זאכן מיקל געווען. די משנה רעכנט דאָ אויס די דאָזיקע פרוכטן: השיתין, — ווילדע פייגן, והרימין, — לאטוס־(לויט טייל מיינונגען פיסטאשקעס), והעזרדין, — שפערלינג (אזא פרוכט, טייל זענען גורס „עזרדין), ובנות שוח — ווייסע וואלד־פייגן, (וועלכע וואקסן איינמאָל אין 3 יאָר), ובנות שקמה, — פייגן פון סיקאמאָר־בוים, ונובלות התמרה — אָפּפאל־טייטלן (וועלכע דער ווינט ווארפט אראָפּ ווען זיי זענען נאָכניט צייטיק), והגופנין, — שפּעט־וויינטרויבן (וועלכע ווערן צייטיק זייער שפּעט), והנצפה, — קאפּער־פרוכט. די אלע אויסגערעכנטע פרוכטן זענען, ווי מיר האָבן שוין געזאָגט, ניט חשוב אין קיין שום אָרט און דעריבער זענען זיי אומעטום פטור פון מעשר אלס דמאי. וביהודה, און אין יהודה (זענען פטור פון מעשר אלס דמאי) די טרויבן פון גארבער־בוים, דער עסיג פון יהודה, און דער קאריאנדער (אזא געווירץ). מיט „יהודה״ האָט מען אָנגערופן דעם דרום טייל פון ארץ ישראל, דאקייגן דער צפון טייל פון ארץ ישראל האָט געהייסן „גליל״. זאָגט די משנה, אז דריי פרוכטן זענען אין יהודה פטור געווען פון דמאי, אוקזיי זענען: די טרויבן פון דעם בוים, וואָס הייסט אין לשון קודש „אוג״, און די אראַ־בער רופן אים „סומאק״, און זיין קאָרע ווערט באנוצט צום גארבן פעל, און מען רופט אים דעריבער גארבער־בוים, און ווייל אין יהודה זענען פאראן א סך אנדערע גוטע וויינטרויבן, דעריבער האָבן די טרויבן פון דאָזיקן בוים ניט קיין שטארקע חשיבות; דער עסיג אין יהודה, וועלכער ווערט געמאכט ניט פון ריינעם וויין, נאָר פון וואסער, אין וועלכן מען האָט אריינגעלעגט בלויז די קערנדלעך פון די וויינטרויבן; דער „קאַ־ריאנדער״ („כוסבר״). אזא געווירץ, וועלכער איז, ווייזט אויס, אין יהודה ניט פיל גענוצט געוואָרן. ר׳ יהודה זאָגט, אז אלע ווילדע פייגן זענען פטור (פון דמאי־מעשר), א חוץ די פייגן, וואָס הייסן „דופרא״ (דאָס זאָל זיין דאָס צוזאמענגעזעצטע וואָרט „דו־פרא״, וואָס וואקסן צוויי מאָל אין יאָר); אלע לאטוס־פרוכט זענען פטור, א חוץ די לאטוס־פרוכט פון שקמונה; אלע סיקאמאר־פייגן זענען פטור, א חוץ די וואָס (זענען אויפן בוים ביז זיי) צעשפּאלטן. פון זיי איז מען יאָ מחויב צו געבן דמאי־מעשר, ווייל זיי זענען חשוב און דער עם הארץ האָט, מעגליך, פון זיי ניט גענומען מעשר.

**ב. הדמאי אין לו חומש, ואין לו ביעור, ונאכל לאונן, ונכנס לירושלים ויוצא, ומאבדין את מיעוטו בדרכים, ונותנו לעם הארץ ויאכל כנגדו.**

---

ב. הדמאי, דער מעשר שני פון דמאי, די משנה האָט דאָ דאָס סתם וואָרט „דמאי״, אָבער ווי מיר וועלן באלד זען מיינט מען דאָ דעם מעשר שני פון דמאי. ווי מיר ווייסן פון דער הקדמה צו דער דאָזיקער מסכתא האָט מען מעשר שני געדארפן אוועקפירן קיין ירושלים און דאָרט עסן מיט קדושה. אויב מען האָט די תבואה אָדער פרוכטן מעשר שני ניט געקאָנט אוועקפירן, האָט מען זיי אויסגעלייזט מיט געלט און מען האָט צוגעצאָלט א „חומש״ (א פיפטל, באמת איז דאָס געווען א פערטל); למשל, פאר פרוכטן מעשר שני, וואָס האָבן די ווערט געהאַט 4 גילדן האָט מען צוגעלייגט א פיפטן גילדן, און דאָס געלד געפירט קיין ירושלים און דערפאר דאָרט געקויפט עסנווארג און זיי דאָרט געגעסן. זאָגט דאָ די משנה, אז א סך חומרות, אָפּגעהיטענע דינים, וואָס מען האָט זיך נוהג געווען לויט זיי ביי מעשר שני פון זיכערן טבל, פון „ודאי״, האָט מען ניט באנוצט ביים מעשר שני פון דמאי, וואָס איז אראָפּגענומען געוואָרן נאָר צוליב ספק. די משנה רעכנט דאָ אויס די דאָזיקע דינים, דהיינו: אין, ער (דער מעשר שני פון דמאי) האָט ניט קיין פיפטל און מען דארף אים ניט אויסרוימן. אויב מען וויל דעם מעשר שני פון דמאי ניט פירן קיין ירושלים, קאָן מען אים אויסטוישן אויף געלד און מען דארף ניט צו־צאָלן דאָס פיפטל;אויך איז דער דין, אז ערב פסח יעדעס פירטע און זיבעטע יאָר נאָך שמיטה־יאָר האָט מען געדארפן דעם מעשר שני, וואָס האָט זיך אָנגעזאמלט דורך די פריערדיקע יאָרן, ארויסרוימען, מבער זיין, און אים פארניכטן, זאָגט די משנה, אז מעשר שני פון דמאי, ווייל עס איז דאָך נור גענומען אויף א ספק, דארף מען ניט אויסרוימען. ונאכל, און ער ווערט געגעסן (אויך) דורך אן „אונן״. מיט „אונן״ מיינט מען א מענטש, וועמען עס איז געשטאָרבן א נאָנטער קרוב, נאָך וועלכן מען איז אן אבל, אין טאָג ווען דער קרוב איז געשטאָרבן. די תורה זאָגט, אז מען טאָרניט עסן מעשר שני ווען מען איז אן אונן, (דברים כ״ו), און די משנה זאָגט דאָ, אז מעשר שני פון דמאי מעג מען יאָ עסן ווען מען איז אן אונן. ונכנס, און מען פירט אים אריין קיין ירושלים און מען פירט אים ארויס. דער דין איז, אז מעשר שני, קוים האָט אים אריינגעפירט קיין ירושלים, טאָר מען אים צוריק ניט ארויספירן פון ירושלים. אפילו ווען מען וויל אים אויסטוישן אין דרויסן אויף געלד, און דאָס געלד אריינפירן קיין ירושלים. און ניט נאָר מעשר שני אליין, נאָר אפילו טבל, ווייל מען דארף פון אים אראָפּנעמען מעשר שני, אויב מען האָט דעם טבל אריינגעפירט קיין ירושלים טאָר מען אים שוין צוריק ניט ארויספירן. זאָגט דאָ די משנה, אז מעשר שני פון דמאי, כאָטש מען האָט אים אריינגעפירט קיין ירושלים, קאָן מען אים פון דאָרט צוריק ארויס־פירן. דער רמבם און טייל אנדערע מפרשים זאָגן, אז דאָס מיינט מען דעם טבל פון דמאי, איידער מען האָט אראָפּגענומען דעם מעשר שני; אָבער דעם מעשר שני אליין אפילו פון דמאי טאָר מען ניט צוריק ארויספירן פון ירושלים. ומאבדין, און מען קאָן לאָזן פארלוירן גיין קלייניקייטן פון אים אין די וועגן. די דאָזיקע משנה איז שווער און טייל מפרשים טייטשן „בדרכים״, ניט „אין די וועגן״, נאָר „צוליב די וועגן״, און דער טייטש איז, אז אויב מען האָט נאָר א קליינע צאָל פרוכטן מעשר שני פון דמאי און עס לוינט זיך זיי ניט צו פירן קיין ירושלים צוליב דער טירחא אויף די וועגן קאָן מען זיי פארניכטן (עסן אויסער ירושלים טאָר מען ניט). דער ברטנורא טייטשט, אויב מען געפינט זיך מיט ניט קיין סך מעשר שני אויף די וועגן און עס איז פאראן א שטיקל סכנה פון חיות רעות אָדער גזלנים, זאָל מען עס לאָזן אויף די וועגן און זאָל עס דאָרט פארניכטעט ווערן. ונותנו, און מען קאָן אים (דעם מעשר שני פון דמאי) געבן צו א עם הארץ, אָבער מען זאָל עסן (אין ירושלים) פאר אזוי פיל וויפיל ער איז ווערט געווען. דער דין איז, אז מעשר שני האָט מען אין ירושלים געדארפן עסן בטהרה, ווען מען

**ומחללין אותו כסף על כסף, נחושת על נחושת, כסף על נחושת ונחושת על הפירות, ובלבד שיחזור ויפדה את הפירות. דברי ר׳ מאיר. וחכמים אומרים, יעלה הפירות ויאכלו בירושלים.**

**ג. הלוקח לזרע ולבהמה, קמח לעירות, שמן לנר, שמן לסוך בו את הכלים, פטור מן הדמאי. מכזיב ולהלן פטור מן הדמאי. חלת עם הארץ, והמדומע, והלקוח בכסף מעשר שני ושיירי המנחות פטורין מן הדמאי.**

---

איז ריין. די עמי הארצים זענען ניט געווען אָפּגעהיטן אין ריינקייט, און דעריבער האָט מען ריכטיקן מעשר שני, פון ודאי, ניט געטאָרט געבן צו א עם הארץ צו עסן, ווייל טאָמער ווער ער אים עסן ווען ער איז טמא, אָבער ביי מעשר שני פון דמאי האָט מען יאָ מתיר געמאכט צו געבן צו א עם הארץ אין ירושלים צום עסן, און וויפיל דער מעשר שני באטרעפט זאָל מען פאר דעם געלד קויפן עסנווארג און דאָס עסן אין ירושלים בטהרה. ומחללין, און מען מעג אים אויסטוישן אויף געלט (אָן שום באגרענצונגן), זילבער אויף זילבער, קופער אויף קופער, זילבער אויף קופער, און קופער אויף פרוכטן; און ער זאָל ווידער אויסלייזן די פרוכטן, אזוי זאָגט ר׳ מאיר. ווי מיר וועלן לערנען אין דער משנה מסכת מעשר שני זענען פאראן באגרענצונגען ביים אויסטוישן מעשר שני אויף געלט. אויב די מעשר שני פרוכטן זענען געהאט אויסגעטוישט געוואָרן אויף זילבער־געלט, קאָן דאָס זילבער־געלט ניט ווערן אויסגעטוישט אויף אנדער זילבער־געלט; און דאָסזעלבע איז מיט קופער־געלט אויף קופער־געלט, און אזוי זענען פאראן נאָך אנדערע באגרענצונגען. זאָגט די משנה, אז ביי מעשר שני פון דמאי מעג מען טאָן די אלע זאכן; און ר׳ מאיר זאָגט, אז מען מעג אפילו, אויב מען האָט גאָר צום סוף ווידער אויסגעטוישט געלט אויף פרוכטן, נאָכאמאָל אויסטוישן די פרוכטן צוריק אויף געלט. דאָס וואָרט „ובלבד״, „און אבי נור״ איז דאָ שווער, און טייל זענען עס ניט גורס. וחכמים, אָבער די חכמים זאָגן, אז ער זאָל די פרוכטן אוועקפירן און זיי עסן אין ירושלים. אויב מען האָט גאָר צום סוף אויסגעטוישט דאָס געלט אויף פרוכטן, טאָר מען די פרוכטן ניט מער אויסטוישן ווידער אויף געלט, נאָר מען דאַרף זיי אוועקפירן קיין ירושלים.

ג. הלוקח, אז איינער קויפט (פון א עם הארץ, דמאי) תבואה צום זייען, אָדער (צו געבן צו עסן) צו בהמה, אָדער מעל אויף (צו באארבייטן דערמיט) פעל, אָדער אייל צו (ברענען אין) א לעמפל, אָדער אייל צום באשמירן דערמיט כלים, איז ער פטור (פון אפּשיידן מעשר) פון דמאי. אין דער משנה ווערט דאָ כסדר באנוצט דער אויסדרוק, „פטור פון דמאי״, און מען מיינט דערמיט, אז מען מעג באנוצן דמאי און מען דאַרף ניט געבן מעשר פון דמאי. דער טעם איז, ווייל די תורה האָט געהייסן בכלל געבן תרומה און מעשרות נאָר ווען מען עסט די געוויקסן און ניט ווען מען נוצט זיי פאר אנדערע צוועקן, ניט צום עסן; נאָר די רבנן האָבן גוזר געווען, אז אפילו ווען מען נוצט געוויקסן ניט צום עסן, דאַרף מען אויך געבן פון זיי תרומה און מעשר. אָבער ווייל דמאי אליין איז א ספק־זאך, האָט מען דאָ פארלייכטערט און מען גיט מעשר נור ווען מ׳עסט. מכזיב; פון דער שטאָט כזיב און ווייטער איז מען פטור פון דמאי. כזיב איז געווען א שטאָט לעבן דער צפון גרעניץ פון ארץ ישראל, אויפן וועג פון עכו קיין סיריע. די דאָזיקע געגנט פון כזיב ביז ארייַן אין סיריע האָבן די יידן געהאט אונטער זייער הערשאפט נור א קורצע צייט אין דער צייט פון ערשטן בית המקדש; אָבער אין דער צייט פון צווייטן בית המקדש, ווען די „אויפגייער פון גלות בבל״ האָבן פארנומען ארץ־ישראל (כבוש עולי בבל), האָבן זיי יענע געגנט ניט פארנומען, דעריבער האָט עס ניט אזא קדושה ווי ארץ ישראל און איז פטור אפּצושיידן דמאי מעשר. וועגן סיריע וועלן מיר געבן פרטים ווייטער אין די משנות. חלת, אז אן עם הארץ נעמט חלה (פון זיין טייג און גיט זי צום כהן), והמדומע, אויסגעמישטע, (אז ביי אן עם הארץ

**שמן ערב — בית שמאי מחייבין ובית הלל פוטרין.**
**ד. הדמאי מערבין בו, ומשתתפין בו ומברכין עליו, ומזמנין עליו**

האָט זיך אויסגעמישט תרומה מיט געוויינליכער תבואה, מיט חולין, ווינציקער פון 100 טיילן חולין אויף איין טייל תרומה, און ער דארף דאָס פארקויפן צו א כהן, ווייל א ישראל טאָר עס ניט עסן צוליב דער אויסגעמישטער תרומה), והלקוח, און ווען מען קויפט (אין ירושלים) פאר דעם געלט פון מעשר שני (תבואה אָדער פרוכטן פון א עם הארץ), ושירי המנחות, (ווען א עם הארץ ברענגט אין בית המקדש א קרבן מנחה, וואָס באשטייט פון מעל, און דער כהן איז מקריב דערפון אויפן מזבח נאָר א קליינעם טייל, און דאָס איבריקע, די „שירים", עסט דער כהן אויף), די שירים פון די מנחות, — (די אלע) זענען פטור פון דמאי. **דער טעם איז, ווייל די עמי הארצים, מיט זייער גאנצער פראָסטקייט, זענען דאָך געווען פרומע יידן, און האָבן שטארק מורא געהאט פאר הייליקע זאכן, און דעריבער, וואָלט אזא עם הארץ ניט געגעבן דעם כהן הייליקע חלה, אָדער פארקויפט תבואה אויף צו עסן הייליקן מעשר שני, אָדער פאר־קויפט צו א כהן תבואה געמישט מיט תרומה, אָדער געברענגט אין בית המקדש א קרבן מנחה פון מעל, אויב ער וואָלט פון דעם אלעם פריער ניט געווען גענומען די מעשרות.** שמן ערב, אייל וואָס איז געמישט מיט געווירצן, זענען די בית שמאי מחייב (אין דמאי), און די בית הלל, פטר'ען (פון דמאי). **„ערב" איז דער טייטש „אנגענעם", און דאָס מיינט אייל געמאכט מיט געווירצן, אז עס זאָל זיין אנגענעם צום שמירן זיך דערמיט; טייל טייטשן, אז דאָס מיינט באַלזאַם. כאָטש דער דין איז, אז א מענטש טאָר זיך ניט שמירן מיט ניט־גע'מעשר'טן אייל, אָבער ווייל דער דאָזיקער אייל איז א געמיש־טער, און ווייל דמאי אליין איז דאָך אויך נור א ספק־זאך, האָט מען דערביי פארלייכ־טערט און מען איז פטור, לויט די בית הלל, אפצושיידן דעם דמאי־מעשר. אזוי טייטשט דער ר"ש.**

ד. הדמאי, דמאי (תבואה וואָס מען האָט געקויפט ביי א עם הארץ), **כאָטש מען טאָר נאָך אזא תבואה ניט עסן, און מען מוז אפשיידן מעשר, פונדעסטוועגן איז עס א לייכטע עבירה, און מען קאָן דעריבער דערמיט טאָן זאכן, וואָס מיט זיכערן טבל, מיט „ודאי", טאָר מען ניט טאָן. די משנה רעכנט דאָ אויס די אלע זאכן:** מערבין בו, מען מעג מיט אים (מיט דמאי) מאכן א עירוב. **דער דין איז, אז שבת און יום טוב טאָר מען ניט גיין מער ווי 2000 איילן (תחום שבת) ווייט פון דער שטאָט, וואו מען געפינט זיך. אויב מען וויל גיין 4000 איילן דארף מען פרייטאָג פארנאכט אוועקלעגן אויפן אָרט, וואו עס ענדיקן זיך די ערשטע 2000 איילן, עסנווארג און עס הייסט, אז מען האָט דאָ געוואוינט פרייטאָג פארנאכט, און ממילא מעג מען גיין פון דאנען נאָך 2000 איילן ווייטער. דאָס הייסט „עירוב תחומין". עס איז פאראן אויך א „עירוב חצרות", און דאָס איז: אויב עס וואוינען עטליכע מענטשן אין הייזער, וואָס די טירן פון די הייזער גייען ארויס אויף איין הויף, חצר, טאָר מען שבת ניט ארויסטראָגן פון די הייזער אין הויף, סיידן מען לעגט אוועק ערב שבת עסנווארג אלס א „עירוב", און דאָס הייסט, אז אלע איינוואוינער פון הויף זענען געוואָרן ווי איין בעל הבית, ווייל זיי האָבן צוזאמען איין עסנווארג; דעמאָלט מעג מען ארויסטראָגן פון די וואוינונגען אין הויף (דאָס וואָרט „עירוב" איז דער טייטש „צונויפמישונג"). אָבער דאָס עסנווארג מוז זיין אזא, אז מען זאָל עס מעגן עסן. למשל מיט עסנווארג פון טבל קאָן מען ניט מאכן קיין עירוב. זאָגט די משנה, אז מיט דמאי קאָן מען יאָ מאכן א עירוב.** ומשתתפין בו, און מען קאָן מיט אים מאכן „שיתופי מבואות". **אויב עטליכע הויפן גייען ארויס אין איין האלב־פאר־מאכטן געסל, טאָר מען ניט ארויסטראָגן פון די הויפן אינם דאָזיקן געסל („מבוי", „געסל", און אין לשון רבים „מבואות") אויב מען האָט ניט ערב שבת אוועקגעלייגט בשותפות א עסנווארג און עס הייסט ווי אלע איינוואוינער פון די הייפן זענען שותפים**

**ומפרישין אותו ערום, בין השמשות, (הא) אם הקדים מעשר שני לראשון אין בכך כלום. שמן שהגרדי סך באצבעותיו חייב בדמאי, ושהסורק נותן בצמר פטור מן הדמאי.**

## פרק ב.

**א. ואלו דברים מתעשרין דמאי בכל מקום: הדבלה והתמרים והחרובין, האורז והכמון. האורז שבחוצה לארץ — כל המשתמש ממנו פטור.**

---

אין דעם געסל. אויך דאָ מוז דאָס עסנוואַרג זיין אזא, אז מען מעג עס עסן; פון ריכטיקן טבל קאָן מען ניט מאכן קיין „שותופי מבואות׳, זאָגט די משנה, אז מיט דמאי קאָן מען יאָ. ומברכין, און מען בענטשט אויף אים. ווען מען עסט א זאך, וואָס מען טאָר ניט עסן, טאָר מען ניט בענטשן דערויף, אָבער אויף דמאי מעג מען בענטשן. רש״י טייטשט, אז מען מיינט דאָ ניט בענטשן נאָכן עסן, נאָר מאכן די ברכה המוציא פארן עסן. ומזמנין, און מען מעג בענטשן (נאָכן עסן דמאי) במזומן. אויב עס האָבן געגעסן דריי פערזאָן, זאָגט איינער פארן בענטשן „נברך שאכלנו משלו״, און די אנ־דערע צוויי ענטפערן אָפּ „נברך שאכלנו משלו ובטובו חיינו״. ומפרשין, און מען מעג אָפּשיידן (די מעשרות פון דמאי) נאַקעטערהייט. מעשר פון טבל טאָר מען ניט אָפּ־שיידן נאַקעטערהייט, ווייל מען דאַרף מאכן א ברכה ביים אָפּשיידן. און נאַקעטערהייט טאָר מען קיין ברכה ניט מאכן. אָבער דמאי מעג מען, ווייל אויף אָפּשיידן מעשר פון דמאי דאַרף מען ניט מאכן קיין ברכה. בין השמשות, (מען מעג אָפּשיידן מעשר פון דמאי פרייטאָג־פארנאכט, ווען עס איז שוין בין השמשות), צווישן טאָג און נאכט. מעשר פון טבל טאָר מען בין השמשות פרייטאָג פארנאכט ניט אָפּשיידן, ווייל טאָמער איז עס שוין שבת, און אום שבת טאָר מען ניט אָפּשיידן. אָבער ביי מעשר פון דמאי האָט מען מיקל געווען. הא אם, ביים דאָזיקן (דמאי־מעשר) אויב מען האָט אָפּגעשיידט צוערשט מעשר שני און דערנאָך מעשר ראשון, שאדט עס ניט. לויט דעם דין מוז ביים אָפּשיידן תרומה און מעשר געהאלטן ווערן א סדר: צוערשט תרומה, דערנאָך מעשר ראשון, דערנאָך מעשר שני. אָבער ביי דמאי שאדט ניט, אפילו מען האלט ניט דעם סדר. די גמרא זאָגט, אז ווייל אן אָרימאַן מעג עסן דמאי און ווייל יעדער קאָן דאָך מפקיר זיין זיין פארמעגן און ווערן אן אָרימאַן, הייסט דמאי א זאך, וואָס איז ראוי צום עסן. שמן, דער אייל, וואָס דער וועבער שמירט אָן דערמיט זיינע פינגער, איז חייב אין דמאי, און וואָס דער וועלכער קעמט די וואָל טוט אריין אין אייל, איז פּטור פון דמאי. דער וועבער, וואָס וועבט וואָל, שמירט אָן די פינגער מיט אייל, כדי ער זאָל קאָנען בעסער וועבן. זאָגט די משנה, אז שמירן זיך דעם קערפּער הייסט אזוי גוט ווי טרינקן („סיכה כשתייה״) טאָר מען מיט דמאי־אייל זיך ניט שמירן די פינגער. אָבער דער אייל וואָס מען טוט אריין אין וואָל, איז דאָך, כדי מען זאָל די וואָל קאָנען בעסער קעמען, כאָטש דער וועלכער קעמט די וואָל ווערן דאָך זיינע פינגער באנעצט מיט דעם אייל, איז ער פּטור פון דמאי, ווייל ער האָט דאָך ניט דירעקט אָנגעשמירט דעם קערפּער מיט דעם אייל.

## פרק ב.

א. ואלו, און פון די דאָזיקע זאכן דאַרף מען אָפּשיידן דמאי־מעשר אין יעדן אָרט. די ווערטער „אין יעדן אָרט״ („בכל מקום״) ווערן געטייטשט דורך די מפרשים, אז מען מיינט דערמיט, דאָס אפילו מען קויפט זיי ניט אין ריכטיקן ארץ ישראל נאָר נאָענט צו דער גרעניץ אין צפון, פון דער שטאָט כזיב און ווייטער; און כאָטש די משנה אין פרק א׳ משנה ג׳ זאָגט, אז אין דער דאָזיקער געגנט איז מען פּטור פון דמאי, אָבער די דאָזיקע זאכן זענען יאָ מחויב אין דמאי, ווייל מסתמא זענען זיי געקומען פון ארץ ישראל. דאָס זענען: הדבלה — געפרעסטע פייגן, והתמרים — טייטלן, והחרבים —

**ב. המקבל עליו להיות נאמן מעשר את שהוא אוכל, ואת שהוא מוכר, ואת שהוא לוקח, ואינו מתארח אצל עם הארץ. ר׳ יהודה אומר, אף המתארח אצל עם הארץ נאמן. אמרו לו: על עצמו אינו נאמן, כיצד יהא נאמן על של אחרים?**

**ג. המקבל עליו להיות חבר אינו מוכר לעם הארץ לח ויבש, ואינו**

---

באקסעד, האורז — רייז, והכמון — און קימל; האורז, דער רייז וואס איז אין חוץ לארץ (אויסער ארץ ישראל), ווער עס נוצט פון אים איז פטור פון דמאי. **אויף די לעצטע ווערטער פון דער משנה זענען פאראן עטליכע טייטשן. טייל מפרשים מיינען, אז דער „כל המשתמש״, „ווער עס נוצט אים״, מיינט צו זאגן, אז אפילו מען נוצט דעם חוץ־לארץ־רייז אין ארץ ישראל איז מען אויך פטור פון דמאי. דער „מלאכת שלמה״ ברענגט א פירוש, אז ניט נור ווען מען עסט דעם רייז אלס רייז, נאר אפילו ווען מען מאכט דערפון מעל און ברויט און מען דערקענט ניט מער, אז עס איז רייז („כל המשתמש״, „אלץ וואס מען נוצט״), איז מען אויך פטור פון דמאי.**

ב. המקבל, ווער עס נעמט אויף זיך צו זיין א נאמן (באגלויבט, אז ער שיידט אפ מעשר), זאל ער אפשניידן מעשר פון דעם וואס ער עסט, פון דעם וואס ער פארקויפט, פון דעם וואס ער קויפט (אפילו ניט צום עסן פאר זיך נאר צום פארקויפן), און זאל ניט איינשטיין צו גאסט ביי א עם הארץ. **כדי מען זאל פארשטיין די עטליכע משנות, וואס קומען דא, דארף מען וויסן, אז עס זענען אין יענע צייטן געווען דריי קלאסן יידן: איין קלאס זענען געווען די „עמי הארצים״, און דער נאמען („עם הארץ״, „דאס פאלק פון לאנד״) ווייזט שוין, אז דאס זענען געווען מייסטנס דארפישע יידן, וועלכע האבן ניט געקענט לערנען, און מען האט זיי חושד געווען, אז זיי שיידן ניט אפ מעשר און אז זיי זענען ניט אפגעהיטן אין די דינים פון טומאה און טהרה. דער צווייטער קלאס זענען געווען די וועלכע האבן געהייסן „נאמנים״, (אין לשון יחיד „נאמן״, דער „באגלויבטער״), וועלכע האבן זיכער אפגעשיידט מעשר, אבער אין זאכן פון טומאה און טהרה זענען זיי אויך ניט געווען שטרענג אפגעהיטן. דער דריטער קלאס האט געהייסן „חברים״ (אין לשון יחיד „חבר״), וועלכע האבן זיך געהאלטן צוזאמען (דערפון דאסווארט „חבר״, פריינט, צוגעבינדן) און זענען באשטאנען פון לומדים, זייער פרומע יידן, און זיי זענען געווען אפגעהיטן אין אלעם, אויך אין טומאה וטהרה. די משנה זאגט דא, אז אויב א עם הארץ וויל נעמען אויף זיך, אז מען זאל אים האלטן פאר א נאמן, א באגלייבטן, און זיין תבואה זאל ניט פארעכנט ווערן אלס דמאי, מוז ער נעמען אויף זיך (30 טעג פאר עדות) אפצושיידן מעשר ניט נור וואס ער אליין עסט, און ניט נור פון אייגענער תבואה, נאר אויך פון דעם וואס ער פארקויפט און פון דעם וואס ער קויפט צום פארקויפן, און ער זאל ניט איינשטיין צו גאסט ביי א עם הארץ.** ר׳ יהודה זאגט, אז אויך דער וואס שטייט איין ביי א עם הארץ קאן זיין א נאמן (א באגלויבטער). **ווייל עס קאן דאך זיין, אז ער איז דארט געווען אפגעהיטן און ניט געגעסן נאר ווען ער האט געזען, אז דער עם הארץ האט אפגעשיידט מעשר.** אמרו, האבן די חכמים געזאגט צו ר׳ יהודה: מה דאך מען גלויבט אים אליין ניט (און ער מוז ברענגן עדות צו ווייזן, אז ער היט אפ די דינים פון מעשר), ווי אזוי זאל מען אים גלויבן אויף אנדערע (ווען ער זאגט, אז דער עם הארץ האט אפגעשיידט מעשר)?! **טייל מפרשים טייטשן די לעצטע ווערטער פון דער משנה, „ווי אזוי זאל מען אים גלויבן אויף אנדערע?״, אז דאס מיינט, ווי אזוי קאן מען אים גלויבן, אז אנדערע מענטשן זאלן קויפן ביי אים תבואה און זאלן אננעמען אז ער האט אפגעשיידט פון דער תבואה מעשר.**

ג. המקבל, אויב איינער נעמט אויף זיך צו זיין א חבר (דאס הייסט, באגלויבט אויך אין זאכן פון טומאה וטהרה), טאר ער ניט פארקויפן צו א עם הארץ נאסע (עסנ־

**לוקח ממנו לח, ואינו מתארח אצל עם הארץ, ולא מאַרחו אצלו בכסותו. ר' יהודה אומר, אף לא יגדל בהמה דקה, ולא יהא פרוץ בנדרים ובשחוק, ולא יהיה מיטמא למתים, ומשמש בבית המדרש. אָמרו לו, לא באו אלו לכלל.**

ד. **הנחתומים לא חייבו אותם חכמים להפריש אלא כדי תרומת**

---

וואַרג און טריקענע (עסנוואַרג). ווייל מען האָט א חשד אז דער עם הארץ, וועלכער איז ניט אָפּגעהיט אין טומאה וטהרה, וועט מטמא זיין די דאָזיקע עסנוואַרג, און דער דין איז, אז מען טאָר ניט פאַראורזאַכן, גורם זיין, טומאה אפילו צו געוועגליכע (חולין), ניט־הייליקע עסנוואַרג אין ארץ־ישראל. ואינו לוקח, און ער טאָר ניט קויפן (פון עם הארץ) נאַסע (עסנוואַרג). דער דין איז, אז עסנוואַרג, אפילו ווען עס רירט אָן א טמא־זאַך, ווערט עס פריער ניט טמא, סיידן עס האָט פריער איינמאָל אָנגערידט וואַסער אָדער געוויסע אַנדערע פליסיקייטן; דאָס הייסט באַקומען ,,הכשרה", ,,גרייטקייט", ,,פעהיקייט" צו נעמען אויף זיך טומאה. דעריבער טאָר מען ניט קויפן ביים עם הארץ א עסנוואַרג, וואָס איז נאַס, ווייל מען האָט מורא, אז קוים איז עס נאַס, האָט דאָך עס שוין געהאַט די ,,הכשרה", די גרייטקייט אָנצונעמען טומאה, און אַזוי ווי דער עם הארץ איז ניט אָפּגעהיטן קאָן דאָך זיין אז ער האָט שוין דאָס עסנוואַרג מטמא געווען. אָבער טרוקענע זאַכן מעג מען יאָ קויפן ביי אים און מען האָט ניט מורא טאָמער זענען זיי שוין נאַס געווען, ווייל ווי דער ירושלמי זאָגט, איז אפילו א עם הארץ באַ־גלויבט צו זאָגן, אז די זאַכן זענען קיינמאָל ניט נאַס געווען. ואינו, און ער זאָל ניט איינשטיין צו־גאַסט ביי א עם הארץ (ווייל ער קאָן ניט זיין אין הויז פון עם הארץ אָפּ־געהיטן פון טומאה־זאַכן), און ער זאָל ניט אַריינעמען צו־גאַסט צו זיך (אין הויז א עם הארץ) אין זיין קלייד. דאָס הייסט, אז ער מעג אַריינעמען צו זיך א עם הארץ צו־גאַסט, אָבער דער עם הארץ זאָל ניט מיטנעמען זיינע אייגענע קליידער, וועלכע זענען, לויט דעם דין, טמא; מיט דעם וואָרט ,,כסות" מיינט מען אויך דאָס קלייד, מיט וועלכן מען וויקלט זיך אַרום צום שלאָפן; פון רמב"ם איז צו זען, אז ער טייטשט ,,בכסותו" ניט אין זין פון ,,אין זיין קלייד", נאָר ,,צוליב זיין קלייד", (זע אין דעם פשט פריער אין פרק א' משנה ב' אויף ,,בדרכים"), דאָס הייסט, ווייל דאָס קלייד פון עם הארץ איז טמא, טאָר מען דעם עם הארץ בכלל ניט אַריינעמען צו זיך צו גאַסט. ר' יהודה זאָגט אז ער (דער וואָס וויל ווערן א חבר) זאָל אויך ניט האָדעווען קיין בהמה דקה (קליין־פי), ווייל לויטן דין האָט מען ניט געטאָרט האָדעווען אין ארץ ישראל קיין בהמה דקה, קליין־פי, דאָס הייסט ציגן, שעפּסן, ווייל זיי האָבן קאַליע געמאַכט פרעמדע פעלדער; ולא יהא, און ער זאָל ניט זיין לייכטזיניג אין טוען א נדר און אין געלעכטער, און ער זאָל זיך ניט מטמא זיין צו מתים, און ער זאָל באַדינען אין בית המדרש. די אַלע זאַכן געהערן, לויט דער גמרא, צו פרישות, צו די גוטע מידות פון א פרומען ייד; זיין אָפּגעהיטן ניט צו טוען א נדר, ווייל טאָמער וועט מען אים ניט קאָנען דערפילן; אָפּ־היטן זיך צו מאַכן געלעכטערס, ווייל דאָס פירט צו אויסגעלאַסנקייט; ניט מטמא זיין זיך צו מתים ווען מען דאַרף ניט פאַרנעמען זיך מיט זיי; באַדינען תלמידי חכמים אין בית המדרש. דער ר"ש טייטשט דאָס וואָרט ,,משמש" ניט אין זין פון באַדינען נאָר פון ,,לערנען" ביי תלמידי חכמים: דאָס אַלץ זאָגט ר' יהודה. אָמרו, האָבן די חכמים געזאָגט צו ר' יהודה, אז די דאָזיקע זאַכן געהערן ניט צום כלל. דאָס זענען סתם גוטע מידות, אָבער צו די פליכטן פון א חבר געהערן נור זאַכן פון מעשר און פון טומאה וטהרה.

ד. הנחתומים, די בעקערס האָבן די חכמים אויף זיי אַרויפגעלייגט דעם חוב צו נעמען בלויז תרומת מעשר און חלה. אויב בעקערס קויפן תבואה ביי א עם הארץ איז גענוג אז זיי זאָלן אַראָפּנעמען תרומת מעשר דאָס הייסט, א צענטל פון מעשר ראשון,

**מעשר וחלה. החנונים אינן רשאין למכור את הדמאי. כל המשפיעין במדה גסה רשאין למכור את הדמאי. אלו הן המשפיעין במדה גסה? כגון הסיטונות ומוכרי תבואה.**

**ה. ר׳ מאיר אומר, את שדרכו להמדד בגסה, ומדדו בדקה, טפלה דקה לגסה; את שדרכו להמדד בדקה, ומדדו בגסה, טפלה גסה לדקה. איזו היא מדה גסה? ביבש שלשה קבין, ובלח דינר. ר׳ יוסי אומר, סלי**

---

איין הונדערטסטל פון דער גאנצער תבואה, און עס געבן צום כהן (זע אין אונזער הקדמה צו מסכת דמאי), און פון טייג זאָלן זיי אראָפּנעמען חלה (א 48טל פון טייג) און עס אויך געבן צום כהן. דאקייגן מעשר שני אויף צו פירן קיין ירושלים האָבן די חכמים ניט ארויפגעלייגט אויף די בעקערס דעם חוב אָפּצושיידן. די גמרא זאָגט אין יומא ט׳ אז דער טעם איז ווייל די בעקערס פארדינען זייער ווייניק און מען האָט ניט געוואָלט זיי שווער מאכן. די מפרשים זאָגן, אז מען מיינט בעקערס, וועלכע זענען „נאמנים״, „באגלויבטע״. החנונים, קרעמערס (פון תבואה, אין איינצל, ניט אין הורט) טאָרן ניט פארקויפן צו קיינעם דמאי (תבואה וואָס זיי האָבן געקויפט ביי א עם הארץ). איידער זיי פארקויפן די תבואה מוזן זיי אָפּשיידן דמאי־מעשר. דאָס וואָרט „חנוני״ איז פון וואָרט „חנות״, „קראָם״. א „קליין־הענדלער״. כל, אלע וואָס געבן־ארויס (פארקויפן) אין א גרויסער מאָס (אין הורט) מעגן פארקויפן דמאי. זיי דארפן ניט אפשיידן דמאי־מעשר איידער זיי פארקויפן, ווייל די הורט־סוחרים פארדינען ניט קיין סך, נאָר א קליינעם פראָצענט פון דער תבואה דעריבער האָט מען זיי ניט געוואָלט שווער מאכן. דאָס וואָרט „משפיעים״ איז פון „שפע״, א סך. אלו, דאָס זענען די וואָס געבן־ארויס אין א גרויסער מאָס: א שטייגער ווי די גרויסע תבואה־קויפערס, און די פארקויפערס פון תבואה, וועגן די צוויי קלאסן, וועלכע די משנה רעכנט דאָ אויס, „סיטונות״ און „מוכרי תבואה״, זענען געזאָגט געוואָרן א סך פירושים. דאָס וואָרט „סיטון״ (לשון רבים „סיטונות״), וואָס ווערט דערמאָנט א סך מאָל אין דער משנה, איז, ווי דער „ערוך״ באמערקט ריכטיק, דאָס גריכישע וואָרט „סיטאָנעס״, און איז דער טייטש „אויפקויפער״ פון ווייץ און אויך פון סתם תבואה. מען וואָלט דעריבער געקאָנט אָננעמען, אז דער אונטערשייד איז, וואָס די „סיטונות״ זענען די „אויפקויפער״ און די „מוכרי תבואה״ זענען די פארקויפער. אָבער דאָ אין דער משנה ווערט דאָך בפירוש געזאָגט, אז זייביידע „געבן־ארויס״, „פארקויפן״ אין א גרויסער מאָס. דער „ערוך״ ברענגט נאָך א פירוש, אז סיטונות מיינט מען פארקויפער פון קטניות (ארבעס און אנדערע הילזן־קערנער) און אייל.

ה. ר׳ מאיר זאָגט, אז דאָס וואָס דער שטייגער איז צו מעסטן עס מיט א גרויסער מאָס (צו פארקויפן אין הורט) און מען האָט עס געמאָסטן מיט א קליינער מאָס (פארקויפט אין איינצל) איז די קליינע מאָס א טפל צו דער גרויסער מאָס. אזוי ווי מיר האָבן פריער געלערנט אין דער משנה, אז א הורט־סוחר איז פטור פון דמאי און א איינצל־קרעמער איז מחויב אין דמאי, זאָגט ר׳ מאיר, אז אויב דאָס, וואָס מען פארקויפט אין הורט, האָט מען צופעליק פארקויפט אין איינצל, איז מען פטור פון דמאי, ווייל דער איינצל־פארקויף איז א טפל צום הורט־פארקויף; את, אויב דאָס וואָס עס איז דער שטייגער צו מעסטן עס אין א קליינער מאָס, האָט מען געמאָסטן אין א גרויסער מאָס, איז די גרויסע מאָס א טפל צו דער קליינער מאָס. דאָס הייסט, אויב א זאך וואָס מען פארקויפט אין איינצל, האָט מען צופעליק פארקויפט אין הורט, דארף מען יאָ געבן דמאי־מעשר, ווייל דער צופעליקער הורט־פארקויף איז א טפל צום איינצל־פארקויף. איזו היא, וואָס הייסט א „גרויסע מאָס״? ביי טרוקענע סחורה דריי טעפּ (קבין). א טאָפּ (קב) איז אין וואָג לערך 8 פונט׳ זאָגט די משנה, אז דער פארקויף פון טריקענע תבואה צו דריי טעפּ אויף אמאָל הייסט הורט־פארקויף. ובלח, און ביי פליסיקע סחורות

תאנים וסלי ענבים וקופות של ירק, כל זמן שהוא מוכרן אכסרה פטור.

## פרק ג.

א. מאכילין את העניים דמאי ואת האכסניא דמאי. רבן גמליאל היה מאכיל את פועליו דמאי. גבאי צדקה, בית שמאי אומרים, נותנין את המעושר לשאינו מעשר ואת שאינו מעושר למעשר. נמצאו כל האדם אוכלין מתוקן. וחכמים אומרים, גובין סתם ומחלקין סתם, והרוצה לתקן יתקן.

---

(ווי אייל, ווין, וואָס הייסט הורט־פּארקויף)? א דינר. אויב דער קלענסטער פּארקויף איז פאר א דינר, הייסט עס שוין הורט. געוויינליך טייטשט מען „דינר”, „גילדן”. דאָס איז די גריכישע מטבע „דענאריאן” (אין לאטיין „דענאריוס”) און 4 דינרין זענען געווען א „סלע”. ר׳ יוסי זאָגט, אז קוישן פייגן און ווייַנטרויבן און קאָרבן גרינס, אזוי לאנג ווי מען פּארקויפט זיי (ניט אויף דער מאָס, אָדער אויף דער וואָג, נאָר) אויפן קוק, איז מען פּטור פון דמאי. דער ברטנורא זאָגט, אז דער טעם פון ר׳ יוסי איז, ווייל דאָס הייסט הורט־פּארקויף. דער אונטערשיד צווישן „סל”, א „קויש”, און „קופּה”, א „קארב”, איז וואָס סל איז קלענער פון קופּה. דאָס וואָרט „אכסרה” גע־פינט מען אויך אין משנה מעשר שני פּרק ד׳ משנה ב׳, און דער „ערוך” מיינט, אז עס איז דאָס אראבישע וואָרט „כאסארע”, שאָדן” (אייגנטליך, ענליך צום לשון קודש וואָרט „חסר”), און ווייל ווען מען פּארקויפט אויפן „קוק” האָט איינער, דער קויפער אָדער פּארקויפער, שאדן, הייסט דאָס דאריבער פּארקויפן „אכסרה”.

## פרק ג.

א. מאכילין, מען מעג געבן צו עסן אָרימע לייט דמאי, און אויך אורחים (מעג מען געבן צו עסן) דמאי. אין ירושלמי זענען פאראן עטליכע פירושים צו דער דאָזיקער משנה. לויט איין פּירוש מיינט מען, אז מען מעג יעדן אָרימאן און יעדן אורח געבן צו עסן דמאי ווייל דמאי איז א ספק זאך, און פאר אָרימע לייט האָט מען מיקל געווען. אן אנדער פּירוש איז, אז מען דארף זאָגן דעם אָרימאן, אז דאָס איז דמאי, און אויב דער אָרימאן איז א פרומער ייד וועט ער אליין אראָפּנעמען דמאי־מעשר. אן אורח הייסט נאָר דער וואָס בלייבט ניט נעכטיקן, אָבער אויב ער נעכטיקט איבער טאָר מען אים שוין ניט געבן קיין דמאי. אן אנדערער טייטש איז, אז „אכסניא” מיינט מען זעל־נער, וועלכע שטייען איין ביי א ייד, און עס זענען אויך פאראן פארשידענע מיינונגען, צי מען מיינט דוקא גוישע אָדער אויך יידישע זעלנער. דער „מוסף הערוך” זאָגט, אז „אכסניא” איז א גריכיש וואָרט „קסעניא”, און איז דער טייטש הכנסת אורחים, גאסט־פריינדליכקייט. רבן גמליאל פלעגט געבן צו עסן זיינע ארבייטער דמאי, טייל מפרשים טייטשן, אז רבן גמליאל האָט זיך ניט געהאט מתחייב געווען צו געבן זיינע ארבייטער צו עסן, און דאָס עסן וואָס ער האָט זיי געגעבן איז געווען בחינם, און דע־ריבער הייסט עס א סאָרט צדקה, און דערפאר האָט ער געמעגט זיי געבן דמאי. („תפארת ישראל”). גבאי, גבאים פון צדקה (ווען זיי טיילן אויס צו אָרימע לייט עסנ־ווארג), זאָגן די בית שמאי, אז זיי זאָלן דאָס עסן פון וועלכן עס איז שוין אראָפּגענו־מען געוואָרן מעשר, זאָלן זיי געבן צו דעם אָרימאן, וואָס נעמט ניט אראָפּ קיין מעשר; און דאָס ניט־גע׳מעשר׳טע עסן זאָלן זיי געבן צום אָרימאן וואָס נעמט יאָ אראָפּ מעשר; און אזוי ארום קומט אויס אז אלע מענטשן אָרימע לייט) וועלן עסן פאראכטענע (גע׳־מעשר׳טע). די גמרא דערקלערט, אז די בית שמאי האלטן ניט פון דער פריערדיגער משנה, אז מען מעג געבן אָרימע לייט צו עסן דמאי; די מפרשים זאָגן, אז די אָרימע לייט וואָס נעמען יאָ אראָפּ מעשר דארף מען געבן עטוואָס מער, כדי זיי זאָלן האָבן מער אויף זייער חלק פאר דעם ארפּגענומענעם מעשר. וחכמים, אָבער די חכמים זאָגן, מען נעמט־צוזאמען סתם און מען צעטיילט סתם און ווער עס וויל פארריכטן (מעשר׳ן)

**ב. הרוצה לחזום עלי ירק להקל ממשאו, לא ישליך עד שיעשר. הלוקח ירק מן השוק ונמלך להחזיר, לא יחזיר עד שיעשר, שאינו מחוסר אלא מנין. היה עומד ולוקח וראה טוען אחר יפה ממנו, מותר להחזיר, מפני שלא משך.**
**ג. המוצא פירות בדרך ונטלן לאכלן ונמלך להצניע, לא יצניע עד שיעשר. ואם מתחלה נטלן בשביל שלא יאבדו פטור. כל דבר שאין**

---

זאָל פאַרריכטן. **די חכמים האלטן, אז לויט דעם דין פון די בית שמאי וועט עס זיין א גרויסע טירחא פאַר די צדקה־גבאים אכטונג צו געבן, ביי וועמען זיי נעמען־צוזאַמען, וואָס איז יאָ גע׳מעשר׳ט און וואָס איז ניט־גע׳מעשר׳ט, און וואָס וועלכן אָרימאַן צו געבן. דעריבער זאָלן זיי צוזאַמענגעמען די עסנוואַרג סתם און צוטיילן סתם, און וועלכער אָרימאַן עס וויל זאָל ער מעשר׳ן. דאָס וואָרט „מתקן", „פאַרריכטן", הייסט אראָפּנעמען מעשר, מאַכן דאָס עסנוואַרג „מתוקן", ריכטיג, פערטיק.**

ב. הרוצה, אז איינער (וועלכער טראָגט גרינס, ירקות) וויל אָפּשניידן די בלעטער פון גרינס, כדי זיך לייכטער צו מאַכן די משא, זאָל ער ניט אוועקוואַרפן (די בלעטער) ביז ער נעמט (פון די בלעטער) מעשר. **ווייל מען האָט מורא, טאָמער וועט געפינען די גרינס־בלעטער א עם הארץ, וועלכער איז ניט אָפּגעהיטן אין מעשר, און ער וועט זיי עסן אומגע׳מעשר׳ט, און מען טאָר ניט גורם זיין קיינעם צו עסן ניט־געמעשר׳ט. דאָס וואָרט „לחזום", „שניידן", באַמערקט דער רמבם, איז ניט פאַראַן מער אין ערגיץ. טייל מפרשים מיינען, אז עס איז דאָסזעלבע וואָס „משיחסום" אין דער משנה כלים פרק ט"ז, וואו עס איז אויך דער טייטש שניידן.** הלוקח, אז איינער קויפט גרינס אויפן מאַרק (פון א עם הארץ) זאָל ער (אויב ער האָט חרטה אויפן קויף) ניט צוריקגעבן דאָס גרינס ביז ער נעמט (דערפון) מעשר, ווייל עס פעלט ניט מער ווי דאָס ציילן. **ווייל קוים האָט ער געקויפט דאָס גרינס, הייסט דאָס שוין זיינס, און אויב ער גיט עס צוריק, הייסט עס, אז ער „פאַרקויפט" שוין זיינס ניט־גע׳מעשר׳ט, און דאָס טאָר מען ניט, ווייל א עם הארץ וועט עס קויפן און עסן ניט גע׳מעשר׳ט. די משנה זאָגט דאָ נאָכמער, אז אפילו ביים קויפן האָט ער נאָכניט איבערגעציילט וויפיל גרינס עס איז פאַראַן אין דעם, וואָס ער האָט געקויפט, הייסט עס שוין אויך אזוי גוט ווי זיינס, ווייל עס פעלט ניט מער ווי דאָס איבערציילן.** היה, אויב ער איז געשטאַנען און געהאַלטן אין קויפן (אין מאַרק דאָס גרינס) און ער האָט דערזען, אז אַנדער פעקל (גרינס) וואָס איז בעסער פון דעם, מעג ער יאָ צוריקגעבן, ווייל ער האָט עס נאָכניט גענומען. **די משנה מאַכט דאָ דעם פאָלגנדיקן אונטערשייד: אויב דער קויף איז שוין געווען געמאַכט, נאָר עס האָט געפעלט בלויז דאָס איבערציילן, טאָר ער ניט צוריקגעבן, נאָר ער מוז פריער מעשר׳ן; אויב אָבער דער קויף איז נאָכניט געווען געמאַכט, ער האָט נאָכניט געהאַט קונה געווען דאָס גרינס מיט „משיכה", מיט געבן א „נעם", א „צי", מעג ער יאָ חרטה האָבן און לאָזן עס ניט־גע׳מעשר׳ט. דאָס וואָרט „טוען" האָבן מיר איבערזעצט א „פעקל", און דאָס וואָרט איז דער טייטש אייגנטליך א „משא", א „לאַדונג", פון „טען", „אָנלאָדן".**

ג. המוצא, אז איינער געפינט פרוכטן אין וועג און ער האָט זיי גענומען צום עסן, און ער האָט זיך דערנאָך מיישב געווען זיי צו באַהאַלטן (אוועקצולייגן ביים וועג אין אַ זייט), זאָל ער ניט באַהאַלטן ביז ער נעמט (פון זיי) מעשר. **די אַלע משנה׳ס לערנען כסדר, אז ניט נאָר טאָר מען אליין ניט עסן ניט־געמעשר׳טע זאַכן, נאָר מען טאָר ניט גורם זיין, אז אַן אַנדערער זאָל עסן ניט גע׳מעשר׳ט, אפילו דער אַנדערער איז אַן עם הארץ, וואָס איז ניט אָפּגעהיטן אין מעשר. דאָ איז די מורא טאָמער וועט זיי געפונען אַן עם הארץ און זיי עסן ניט אראָפּנעמענדיק פון זיי מעשר.** ואם, אויב אָבער ער האָט זיי באַלד גענומען נאָר כדי זיי (די פרוכטן) זאָלן ניט פאַרניכטעט ווערן,

**אדם רשאי למכרו דמאי לא ישלח לחברו דמאי. ר׳ יוסי מתיר בודאי, ובלבד שיודיענו.**

**ד. המוליך חטים לטוחן כותי או לטוחן עם הארץ — בחזקתן למעשרות ולשביעית. לטוחן נכרי — דמאי. המפקיד פירותיו אצל הכותי**

איז ער פטור. דאָס הייסט, אַז ער קאָן זיי אוועקלייגן אומגעמעשרט. ווייל ער האָט ביים נעמען די פרוכטן ניט איגזינען געהאט צו נעמען זיי פאר זיך, האָט ער זיי דעריבער ניט קונה געווען, און זיי זענען ניט געוואָרן זיינע. דער ירושלמי לערנט, אַז פון דאַנען זעט מען, אַז מען טאָרניט לאָזן ליגן עסנוואַרג אין וועג. כל, יעדע זאַך, וואָס א מענטש טאָרניט פארקויפן קיין דמאי, טאָר ער (אויך) ניט שיקן צו זיין פריינט דמאי. ניט נאָר פארקויפן, נאָר אויך שיקן א מתנה צו א פריינט טאָר מען ניט קיין דמאי. דאָס וואָרט „לחברו״ האָבן מיר איבערזעצט „צו זיין פריינט״, אָבער דער „תפארת ישראל״ מיינט, אַז דערמיט ווייל די משנה זאָגן, אַז מען זאָל ניט שיקן אפילו צו א „חבר״, וועלכער איז יאָ אָפּגעהיטן אין מעשר; ווייל עס איז מורא צו האָבן, אַז דער חבר, וועט מיינען, אַז מען האָט אים געשיקט גע׳מעשר׳ט. ר׳ יוסי איז מתיר (צושיקן) „ודאי״ (פרוכטן אָדער תבואה וואָס איז „זיכער״ ניט־געמעשר׳ט), אָבער ער מוז אים לאָזן וויסן (אַז דאָס איז ניט גע׳מעשר׳ט). ר׳ יוסי איז מיקל ביי „ודאי״, ביי זיכער־ניט־גע׳מעשר׳טע פרוכטן און תבואה, מער ווי ביי דמאי, ווייל ער האַלט, אַז ווייל די עבירה פון דמאי איז ניט אַזוי גרויס, קאָן מען אמאָל פארגעסן און ניט מודיע זיין; דאַקייגן ביי „ודאי״, ביי זיכערן טבל, וואו די עבירה צו עסן ניט־גע׳מעשר׳ט איז גאָר גרויס, וועט מען געדענקען מודיע צו זיין.

ד. המוליך, אַז איינער פירט ווייץ צו א מילנער א כותי, אָדער צו א מילנער א עם הארץ, זענען זיי (די ווייץ) אין זייער חזקה בנוגע מעשרות און שמיטה. תבואה און פרוכטן, וואָס וואַקסן אין שמיטה־יאָר האָבן א סך דינים, ווי אַזוי מען דאַרף זיך נוהג זיין מיט זיי, און עס קומט א צייט ווען מען דאַרף זיי גאָר ארויסרוימען פון שטוב. זאָגט די משנה, אויב איינער פירט אוועק זיין ווייץ צו א מילנער א כותי (מיר האָבן שוין געשריבן אין פירוש צו ברכות פרק ז׳ משנה א׳, אַז א כותי איז איינער פון די סעקטע „שומרונים״ אין ארץ ישראל, וואָס זענען א סאָרט האַלבע יידן, גלויבן בלויז אין תורת משה און ניט אין די נביאים וכתובים און ניט אין משנה און גמרא און זיי האַלטן ניט פון ירושלים, און האַלטן, אַז דער באַרג גריזים איז הייליק), אָדער צו א מילנער אַן עם הארץ, און די ווייץ זענען שוין געווען גע׳מעשר׳ט און זיי זענען ניט געוואַקסן אין שמיטה־יאָר, דאַרף מען ניט מורא האָבן, טאָמער האָט דער מילנער דער כותי אָדער דער עם הארץ צוגענומען פאר זיך די ווייץ און אים געגעבן מעל פון אַנדערע ווייץ, וועלכע זענען ניט גע׳מעשר׳ט אָדער זענען געוואַקסן אין שמיטה־יאָר. דער אויסדרוק „בחזקתן״ מיינט, אַז זיי זענען אין זייער „חזקה״, אין זייער „קראַפט״, דאָס הייסט, אַז זיי זענען ווי זיי זענען געווען ביז איצט. דער ירושלמי דערקלערט דעם טעם, ווייל דער כותי און עם הארץ זענען ניט חשוד, אַז זיי זאָלן אויסטוישן. לטוחן, אויב צו א מילנער א גוי איז (די מעל) דמאי. ווייל א גוי איז יאָ חשוד אויסצוטוישן און אַזוי ווי עס איז א ספק, דעריבער האָט די מעל דעם דין פון דמאי. אין טייל נוסחאות איז פאראַן אין אָנהויב משנה אנשטאט „טוחן״, מילנער, „טחון״ (מיט א קמץ אונטער דער „טית״, וואָס איז אויך דער טייטש „מילנער״, און דאָס איז א דקדוק־פאָרם אין לשון קודש, ווי „לקוח״ (קויפער, און אין לשון רבים „לקוחות״). המפקיד, אַז איינער גיט צו באַהאַלטן זיינע פרוכטן צו א כותי אָדער צו א עם הארץ, זענען זיי אין זייער חזקה בנוגע צו מעשר און צו שמיטה. די משנה לערנט דאָ, אַז ניט נור א מילנער א כותי אָדער א עם הארץ איז ניט חושד אויסצוטוישן, מחמת ער דאַרף מורא האָבן טאָמער וועט געוואָר ווערן און מען וועט אים ניט געבן מער תבואה צו מאָלן, נאָר

**או אצל עם הארץ — בחזקתן למעשרות ולשביעית, אצל הנכרי — כפירותיו. ר׳ שמעון אומר, דמאי.**

**ה. הנותן לפונדקית מעשר את שהוא נותן לה ואת שהוא נוטל ממנה, מפני שחשודה לחלוף. אָמר ר׳ יוסי, אין אנו אחראין לרמאים, אינו מעשר אלא מה שהוא נוטל ממנה בלבד.**

**ו. הנותן לחמותו מעשר את שהוא נותן לה ואת שהוא נוטל ממנה, מפני שהיא חשודה לחלוף את המתקלקל. אָמר ר׳ יהודה, רוצה היא**

---

אפילו ביי א סתם כותי אָדער א עם הארץ האָט מען ניט מורא צו האָבן פאר אויס־טוישן. אצל, ביי א גוי (ווען מען באהאלט ביי אים) זענען זיי ווי זיינע פרוכטן. די גמרא אין בכורות י״א טייטשט „זיינע״, אז דאָס מיינט מען, אז זיי האָבן דעם דין ווי דעם גוי׳ס פרוכטן, ווייל ער האָט זיכער אויסגעטוישט. לויט דעם דין זענען די דאָזיקע פרוכטן פטור פון מעשר, מחמת פרוכטן פון א גוי זענען לגמרי פטור פון מעשר, לויט איין מיינונג. אזוי טייטשן דער רמב״ם און דער ברטנורא; רש״י אָבער טייטשט, אז מען דאַרף יאָ אָראָפּנעמען מעשר פון דעם גוי׳ס פרוכטן. דער ברטנורא דערקלערט, אז ביי א מילנער א גוי קאָן דאָך זיין, אז ער האָט זיי אויסגעטוישט ניט אויף זיין ווייץ, נאָר אויף ווייץ פון אנדערע יידן, עמי הארצים, וועלכע האָבן אויך געבראַכט צו מאָלן, דעריבער איז עס דמאי; אָבער ביי „באהאלטן״ ביי א סתם גוי דאַרף מען ניט אזוי ווייט חושש זיין, טאָמער האָט אויך אן אנדערער ייד, א עם הארץ, געבראַכט צו אים פרוכטן צו באהאלטן. ר׳ שמעון זאָגט, אז זיי זענען דמאי. ווייל ער האלט, אז עס קאָן זיין, אז אויך אנדערע יידן, עמי הארצים, האָבן געבראַכט צום גוי פרוכטן צו באהאלטן, און ער האָט זיי אויסגעטוישט.

ה. הנותן, אז איינער (שטייט־איין אין א גאסטהויז און) גיט דער בעל הבית׳טע פון גאסט־הויז (רויע מאכלים, אז זי זאָל זיי פאר אים אָפּקאָכן), דאַרף ער נעמען מעשר צוערשט פון דעם, וואָס ער גיט איר און דערנאָך פון דעם וואָס ער נעמט פון איר, ווייל זי איז חשוד אויסצוטוישן. דאָס הייסט, טאָמער טוישט אויס די בעל־הבית׳טע און זי גיט אים איר עסן און זי נעמט זיין עסן; דעריבער דאַרף ער נעמען מעשר פון דעם, וואָס ער גיט איר, כדי זי זאָל ניט עסן ניט־גע׳מעשר׳ט, און ער דאַרף אויך נעמען מעשר פון דעם, וואָס זי גיט אים, כדי ער זאָל ניט עסן אירע, ניט־געמעשר׳טע מאכלים. „פונדק״ איז פון גריכישן וואָרט „פאנדאקיאָן״, א גאסט־הויז. אָמר, האָט ר׳ יוסי געזאָגט: מיר דאַרפן ניט זיין פאראנטוואָרטליך פאר שווינדלער; ער דאַרף נעמען מעשר נאָר פון דעם (עסן) וואָס ער נעמט ביי איר. אָבער פון דעם וואָס ער גיט איר דאַרף ער קיין מעשר ניט נעמען, ווייל ער האָט דאָך איר ניט געגעבן אויף אויסצו־טוישן, און אויב זי טוישט יאָ אויס, איז דאָך עס א שווינדל, און פאר שווינדלער דאַרף מען ניט זיין פאראנטוואָרטליך.

ו. הנותן, אז איינער גיט זיין שוויגער (א עם הארץ, רויע עסנוואַרג, אז זי זאָל קאָכן פאר אים), דאַרף ער מעשר׳ן סיי דאָס וואָס ער גיט איר און סיי דאָס וואָס ער נעמט פון איר, ווייל זי איז חשוד אז זי זאָל אויסטוישן, אויב דאָס עסן ווערט קאַליע. דער חשד איז, אז די שוויגער וועט, אין פאַל ווען דאָס עסן ווערט קאַליע, געבן דעם איידעם איר אייגן גוט עסן, און פאר זיך וועט זי נעמען זיין קאַליע־געוואָרענע עסן. אָמר, האָט ר׳ יהודה געזאָגט, אז זי (די שוויגער) וויל דעם נוצן פון איר טאָכטער און זי שעמט זיך פאר איר איידעם. דער ירושלמי דערקלערט, אז ר׳ יהודא גיט דעם טעם פון דעם פריערדיקן דין, פארוואָס מען דאַרף מורא האָבן, טאָמער וועט די שוויגער אויסטוישן דאָס קאַליע־געוואָרענע עסן; ווייל זי וויל דעם נוצן פון איר טאָכטער און זי שעמט זיך פאר דעם איידעם און דעריבער וועט זי זיי געבן איר גוט עסן אנשטאט זייערע קאַליע־געוואָרענע מאכלים. מודה, ר׳ יהודה איז מודה, אז ווען איינער גיט

**בתקנת בתה ובושה מחתנה. מודה ר׳ יהודה בנותן לחמותו שביעית, שאינה חשודה להחליף, להאכיל את בתה שביעית.**

## פרק ד.

**א. הלוקח פירות ממי שאינו נאמן על המעשרות ושכח לעשרן ושואלו בשבת, יאכל על פיו. חשכה מוצאי שבת, לא יאכל עד שיעשר. לא מצאו, אמר לו אחר שאינו נאמן על המעשרות „מעושרין הן״. אוכל על פיו. חשכה מוצאי שבת, לא יאכל עד שיעשר. תרומת מעשר של**

---

צו זיין שוויגער (עסן צו קאָכן) אים שמיטה־יאָר (און די רויע מאכלים, וואָס ער גיט דער שוויגער זענען ניט געוואקסן אין שמיטה־יאָר, דארף ער ניט מורא האָבן, טאָמער וועט זי אויסטוישן אויף אירע מאכלים, וועלכע זענען יאָ געוואקסן אים שמיטה־יאָר), ווייל זי איז ניט חשוד אויסצוטוישן, צו געבן עסן איר טאָכטער שמיטה־זאכן. **מחמת אפילו ווען די שוויגער איז א עם הארץ און איז ניט אָפּגעהיטן אין מעשר, אָבער פאר דער עבירה פון שמיטה האָבן עמי הארצים מער מורא, און איר טאָכטער וועט זי ניט וועלן געבן שמיטה־עסנווארג. מיר האָבן שוין פריער אין זעלבן פרק משנה ד׳ געשריבן, אין וואָס באשטייען די דינים פון שמיטה־עסנווארג, און מער פרטים וועגן דעם וועלן מיר לערנען אין דער מסכת שביעית.**

## פרק ד.

א. הלוקח, אז איינער קויפט פרוכטן פון איינעם, וואָס איז ניט באגלויבט אויף מעשרות, און האָט פארגעסן זיי צו מעשר׳ן (ווי מען דארף מעשר׳ן דמאי), און ער האָט אים געפרעגט אים שבת (צי ער האָט זיי גע׳מעשר׳ט, און ער, דער ניט־באגלויבטער, דער עם הארץ, האָט אים געזאָגט אז, יאָ), מעג ער עסן (אים שבת) אויף זיין וואָרט. **דער ירושלמי זאָגט, אז דער טעם איז, ווייל א עם הארץ האָט מורא פאר שבת („אימת שבת עליו״) און ער וועט דעריבער ניט זאָגן קיין ליגנט.** חשכה, ווען נור עס ווערט פינסטער (נאכט) שבת צונאכטס, זאָל ער ניט עסן ביז ער נעמט מעשר. **ווייל דעם היתר צו גלויבן דעם עם הארץ אויף זיין וואָרט אים שבת האָט מען איינגעפירט נאָר צוליב דעם כבוד פון שבת, מען זאָל האָבן די שבת־סעודה; אָבער פאר וואָכן־טעג האָט מען ניט מתיר געמאכט, מחמת עס איז מורא צו האָבן טאָמער וועט מען זיך פארלאָזן אויף דעם עם הארץ׳ס וואָרט אויך ווען מען וועט אים פרעגן אינדערוואָכנס.** לא מצאו, אויב ער האָט (אים שבת) ניט געפונען (דעם עם הארץ, ביי וועמען ער האָט געקויפט די פרוכטן), און אן אנדערער, וועלכער איז (אויך) ניט באגלויבט אויף מעשרות (א עם הארץ, א ניט קיין נאמן) האָט אים געזאָגט, אז די פרוכטן זענען גע׳מעשר׳ט, מעג ער עסן (אים שבת) אויף זיין וואָרט. **די משנה לערנט דאָ, אז ניט נור דער פארקויפער איז באגלויבט צו זאָגן אים שבת, אז די פרוכטן זענען גע׳מעשר׳ט, נאָר אויך אן אנדערער איז דעריף באגלויבט.** חשכה, ווען נאָר עס ווערט פינסטער (נאכט) שבתצונאכטס זאָל ער ניט עסן, ביז ער נעמט מעשר. **ווייל אן עם הארץ איז ניט באגלויבט צו זאָגן אויפן צווייטן עם הארץ, אז ער האָט גע׳מעשר׳ט.** תרומת מעשר, וואָס מען האָט גענומען פון דמאי, און זי איז צוריק אריינגעפאלן צו איר אָרט (אין די פרוכטן, פון וועלכע מען האָט איר גענומען), זאָגט ר׳ שמעון שזורי, אז (אין דעם פאל) קאָן מען אפילו אין דער וואָכנס פרעגן (ביים עם הארץ, ביי וועמען מען האָט געקויפט דעם דמאי, צי ער האָט גע׳מעשר׳ט, און אויב ער זאָגט אז יאָ) קאָן מען עסן אויף זיין וואָרט. **ווי מיר האָבן געשריבן אין דער הקדמה צו דער מסכת דמאי, דארף מען פון דמאי נעמען א צענטל מעשר ראשון און פון דעם דאָזיקן צענטל ווידער נעמען א צענטל, דאָס הייסט א 100סטל פון גאנצן דמאי, תרומת מעשר, און מען דארף דאָס אוועקגעבן צום כהן, און א ישראל צי א לוי טאָר ניט עסן די תרומת מעשר. זאָגט ר׳ שמעון שזורי, אז**

**דמאי שחזרה למקומה, ר׳ שמעון שזורי אומר, אף בחול שואלו ואוכלו על פיו.**

**ב. המדיר את חברו שיאכל אצלו והוא אינו מאמינו על המעשרות, אוכל עמו בשבת הראשונה, אף על פי שאינו מאמינו על המעשרות, ובלבד שיאמר לו „מעושרין הן״. ובשבת שניה, אף על פי שנדר ממנו הנייה לא יאכל עד שיעשר.**

**ג. ר׳ אליעזר אומר, אין אדם צריך לקרות שם למעשר עני של**

---

אויב די דאָזיקע תרומת מעשר פון דמאי האָט זיך אויסגעמישט צוריק מיט די פּרוכטן, פון וואנען מען האָט איר גענומען, איז דאָך דער דין, ביי אנדערע תרומת מעשר צי תרומה, אז אויב עס איז ניטאָ אין דעם אויסגעמישטן 101 מאָל אזוי פיל וויפיל די אריינגעפאלענע תרומה, טאָר מען די דאָזיקע אויסגעמישטע פּרוכטן ניט עסן, אָבער ווייל דאָ איז דאָך עס תרומת מעשר פון דמאי, מעג מען פרעגן ביים עם הארץ, ביי וועמען מען האָט די פּרוכטן געקויפט; און אויב ער זאָגט, אז ער האָט יאָ גע׳מעשר׳ט די פּרוכטן (קומט דאָך אויס, אז מען האָט בכלל ניט געדאַרפן אראָפּנעמען קיין תרומת מעשר, איז דאָך דאָס גענומענע ניט קיין תרומת מעשר), זאָל מען אים גלויבן אויפן וואָרט און עסן די אויסגעמישטע פּרוכטן. דער ירושלמי זאָגט, אז דער טעם פון ר׳ שמעון שזירי איז, ווייל דער עם הארץ האָט פּונקט אזוי מורא פאר דעם איסור פון תרומה ווי פאר שבת, און ער וועט דעריבער ניט זאָגן קיין ליגנט. רבי שמעון שזורי איז א תנא, וועלכער ווערט זעלטן דערמאָנט; מען נעמט אָן, אז ער איז געווען א תלמיד פון ר׳ טרפון.

ב. המדיר, אז איינער באשווערט זיין פריינט אז ער זאָל ביי אים עסן, און ער (דער פריינט) גלויבט ניט, אז ער (דער איינלאַדער) איז אָפּגעהיטן אין מעשרות, מעג ער ביי אים עסן דעם ערשטן שבת, כאָטש ער גלויבט אים ניט בנוגע מעשרות, אָבער נאָר ווען ער (דער איינלאַדער) זאָגט אים, אז זיי (די פּרוכטן) זענען גע׳מעשר׳ט. דער ירושלמי זאָגט, אז דאָ מיינט מען, אז ער האָט אים איינגעלאַדן אויף שבת נאָך דער חתונה צו דער סעודה פון שבע ברכות, און ער האָט אים איינגעלאַדן צו זיך צו־גאַסט. דאָס וואָרט „באשווערן״ הייסט אין דער משנה „המדיר״, און טייל מפרשים טייטשן אז ער אסר׳ט אויף אים מיט א נדר ניט צו עסן ביי אים אויב ער וועט ניט קומען צו דער סעודה. ובשבת, און דעם צווייטן שבת, אפילו ער האָט אים באשווארן מיט דעם נדר, אז ער זאָל פון אים קיין הנאה ניט האָבן (אויב ער וועט ביי אים ניט עסן), טאָר ער ניט עסן ביז מען נעמט מעשר. מען האָט, הייסט עס, דעם דאָזיקן היתר ביי דמאי געמאַכט נאָר פאר דעם ערשטן שבת, און ניט מער. טייל מפרשים זאָגן, אז די משנה זאָגט דאָ אין דעם צווייטן באשווערן, אז ער זאָל קיין „הנאה״ ניט האָבן, כדי צו ווייזן, אז כאָטש דאָס איז א הארבערע שבועה (ניט „הנאה־האָבן״, איז דאָך ערגער ווי „ניט עסן״) פון דער שבועה אין דעם ערשטן שבת, פונדעסטוועגן טאָר ער ניט עסן ביי אים, סיידן מען מעשר׳ט.

ג. ר׳ אליעזר זאָגט, מען דאַרף ניט אָנרופן מיטן נאָמען מעשר עני פון דמאי. כדי צו פארשטיין די משנה, דאַרף מען נאָכאמאָל דערקלערן דאָס וואָס מיר האָבן גע־זאָגט אין דער הקדמה צו דער מסכתא דמאי. ביים אפשיידן מעשר זענען פאראן צוויי זאַכן: די ערשטע זאַך איז „אָנרופן דעם מעשר מיטן נאָמען״ („קרא שם״), דאָס הייסט אויב עס ליגט לאָמיר זאָגן א קויש טייטלן ווייזט מען אויף אן אָרט אין קויש און מען זאָגט אז אָט די טייטלן, א צענטל פון גאַנצן קויש זענען מעשר, די צווייטע זאַך איז „אָפּשיידן״ („הפרשה״), ארויסנעמען דעם מעשר פון קויש און אים לייגן באַ־זונדער. זאָגט ר׳ אליעזר אז אזוי ווי דעם מעשר עני (וואָס מען גיט יעדעס דריטע

**דמאי. וחכמים אומרים, קורא שם ואינו צריך להפריש.**

**ד. מי שקרא שם לתרומת מעשר של דמאי ולמעשר עני של ודאי לא יטלם בשבת. ואם היה כהן או עני למודים לאכול אצלו יבואו ויאכלו. ובלבד שיודיעם.**

**ה. האומר למי שאינו נאמן על המעשרות „קח לי ממי שהוא נאמן וממי שהוא מעשר", אינו נאמן. „מאיש פלוני" — הרי זה נאמן. הלך**

---

און 6טע יאָר נאָך שמיטה) מעג דאָך עסן א ישראל אויך, און מען דאַרף דערפון גאַרניט אַראָפּנעמען פאַר די כהנים און מען דאַרף עס אויך ניט פירן קיין ירושלים, **דעריבער דאַרף מען אָננעמען, אז דער עם הארץ האָט מעשר עני יאָ אַראָפּגענומען און האָט עס געהאַלטן פאַר זיך. מחמת דעם איז ניט נאָר, וואָס מען דאַרף ניט פון תבואה, וואָס מען האָט געקויפט ביי א עם הארץ, פון דמאי, אַראָפּנעמען דעם מעשר עני, ניט מפריש־זיין אים, נאָר מען דאַרף אים אפילו ניט „אָנרופן מיטן נאָמען", ניט קורא־שם זיין.** וחכמים, אָבער די חכמים זאָגן, אז אָנרופן מיטן נאָמען דאַרף מען יאָ, אָבער מפריש זיין (אַרפּנעמען) דאַרף מען ניט. **די חכמים האַלטן, אז ווייל עס איז דאָך א טירחא פאַר דעם עם הארץ אַראָפּצונעמען דעם מעשר עני, דעריבער קאָן מען אים חושד זיין, אז ער האָט עס ניט אַראָפּגענומען.**

ד. מי, ווער עס האָט אָנגערופן מיטן נאָמען תרומת מעשר פון דמאי, אָדער מעשר עני פון ודאי (פון זיכערן טבל, תבואה, פון וועלכער מען האָט אויף געוויס ניט אַראָפּגענומען קיין מעשר), זאָל ער זיי ניט נעמען אים שבת. **די משנה מיינט דאָ, אז ער האָט זיי א „נאָמען געגעבן" (מיר האָבן פריער, נאָרוואָס דערקלערט וואָס הייסט אָנרופן מיטן נאָמען „קרא שם") ניט אים שבת נאָר פאַר שבת; זאָגט די משנה, אז ער טאָר זיי ניט נעמען אים שבת און געבן די תרומת מעשר צום כהן און דעם מעשר עני צום אָרימאַן, ווייל אים שבת טאָר מען ניט, אפילו אין זעלבן הויף, אוועקפירן מתנות צו א כהן. דער רמבם טייטשט, אז ער טאָר זיי ניט מפריש־זיין, אַרויסנעמען די תרומת מעשר אָדער דעם מעשר עני, פון צווישן די פרוכטן, וואו ער האָט זיי א „נאָמען געגעבן".** ואם, און אויב א כהן אָדער אן אָרימאַן זענען געוואוינט צו עסן ביי אים, מעגן זיי קומען און עסן (דער כהן די תרומת מעשר, און דער אָרימאַן דעם מעשר עני), אָבער ער דאַרף זיי מודיע זיין. **ער דאַרף זיי זאָגן, אז דאָס גיט ער זיי צו עסן ניט פון זיין אייגנס, נאָר אז דאָס גיט ער זיי זייערס, דעם כהן זיין תרומת מעשר, און דעם אָרימאַן זיין מעשר עני; ווייל אויב ניט הייסט עס, ווי ער גיט זיינע אורחים צו עסן תרומות ומעשרות און דאָס טאָר מען ניט, ווייל עס איז פונקט ווי מען וואָלט פאַרקויפט די תרומות ומעשרות, מחמת מען האָט דאָך א געוויסע הנאה דערפון (אזוי דער־קלערט דעם ברטנורא ר' עקיבא איגר).**

ה. האומר, אז איינער זאָגט צו אזעלכן, וועלכער איז ניט באַגלויבט אויף מעשרות, קויף פאַר מיר (פרוכטן, תבואה, גרינס) ביי אזעלכן, וועלכער איז באַגלויבט (איז א „נאמן") און ביי אזעלכן, וואָס מעשר'ט, איז ער (דער שליח) ניט באַגלויבט. **מען גלויבט אים ניט ווען ער זאָגט אז די פרוכטן האָט ער געקויפט ביי אזעלכן, וואָס שיידט־אָפּ מעשר. דער טעם איז, ווייל אויב ער אליין איז ניט באַגלויבט אין מעשרות, הייסט דאָך עס, אז ער האַלט ניט דערפון, איז דעריבער מורא צו האָבן, אז ער נאַרט אָפּ און אז ער האָט געקויפט ביי א ניט־באַגלויבטן.** מאיש, (אויב אָבער ער האָט אים געזאָגט קויף מיר) ביי יענעם מענטשן( און יענער מענטש איז א נאמן, יאָ באַגלויבט אויף מעשרות, און דער שליח ברענגט די פרוכטען און זאָגט אז ער האָט זיי געקויפט טאַקע ביי יענעם מענטש, וואָס מען האָט אים געהייסן) איז ער יאָ באַגלויבט. **מחמת מען**

**ליקח ממנו. ואמר לו „לא מצאתיו. לקחתי לך מאחר שהוא נאמן" — אינו נאמן.**

**ו. הנכנס לעיר ואינו מכיר אדם שם, אמר: „מי כאן נאמן? מי כאן מעשר?" אמר לו אחד „אֲני", אינו נאמן. אמר לו „איש פלוני נאמן", הרי זה נאמן. הלך ליקח ממנו, אָמר לו: „מי כאן מוכר ישן?" ואָמר לו „מי ששלחך אצלי", אף על פי שהן כגומלין זה את זה, הרי אלו נאמנין.**

---

**האָט דאָך דעם שליח אָנגעוויזן, וואו ער זאָל קויפן, וועט דער שליח ניט קויפן ביי אן אנדערן און אָפּנארען און זאָגן, אז ער האָט געקויפט ביים דאָזיקן, צו וועמען מען האָט אים געשיקט.** הלך, (אויב ער האָט דעם שליח געהייסן קויפן ביי יענעם מענטשן, און) דער שליח איז געגאנגען קויפן ביי אים, (און קומט צוריק און ברענגט פרוכטן) און ער זאָגט: „איך האָב אים ניט געטראָפן און איך האָב פאר דיר געקויפט ביי אן אנדערן, וועלכער איז אויך באגלויבט", איז דער שליח ניט באגלויבט. **די מפרשים זאָגן, אז מען קאָן אים ניט גלויבן מיט דער ,מיגו", מיט דעם טעם, אז ווען דער שליח וואָלט געוואָלט זאָגן א ליגנט וואָלט ער דאָך געקאָנט זאָגן, אז ער האָט יא געקויפט אויף דעם ארט, וואו מען האָט אים געשיקט, — מחמת ער וואָלט מורא געהאט אזא ליגנט צו זאָגן, ווארום מען וואָלט זיך געקאָנט נאָכפרעגן און דערגיין, אז ער זאָגט ליגנט.**

ו. הנכנס, אז איינער קומט אריין אין א שטאָט און ער קען דאָרט ניט קיין מענטש, און פרעגט זיך: „ווער איז דאָ באגלויבט (נאמן)? ווער איז דאָ פאראן, וואָס איז מעשר (זיינע פרוכטן)?" און איינער זאָגט צו אים: „איך", איז דער דאָזיקער ניט באגלויבט; האָט ער אים געזאָגט: „יענער מענטש איז באגלויבט", איז ער (דערויף) יאָ באַגלויבט. **דער ירושלמי זאָגט, אז כאָטש געוויינליך איז דאָך א עם הארץ, וועלכער איז אליין ניט קיין „נאמן", ניט באגלויבט צו זאָגן אויף א צווייטן, אז ער איז א „נאמן", פונדעסטוועגן האָט מען דאָ מיקל געווען כדי צו פארלייכטערן פאר א פרעמדן מענטש צו קאָנען קויפן אין א פרעמדער שטאָט עסן. וועגן די ווערטער אין דער משנה „אָמר לו אחד אני אינו נאמן, אָמר לו איש פלוני נאמן הרי זה נאמן", זענען פאראן עטליכע נוסחאות. תוספות אין כתובות כ"ד איז גורס „אני איני נאמן" („איך בין ניט קיין נאמן"), און ממילא קאָן מען ניט אפּהאקן דעם וואָרט „אני", „איך", און ממילא מוז מען שוין גורס זיין אויסצומעקן די ווערטער „אָמר לו". מיר דאָ האָבן געגעבן דעם פשט, ווי עס האָט איינגעטייטשט ר' עקיבא איגר.** הלך, ווען דער פרעמדער איז געגאנגען צו יענעם (אויף וועלכן דער עם הארץ האָט אים געזאָגט, אז ער איז א „נאמן") צו קויפן ביי אים, און האָט אים געפרעגט: „ווער איז דאָ פאראן וואָס פארקויפט „ישן" („אלטע תבואה?"), און יענער האָט אים געענטפערט: „דער וואָס האָט דיך געשיקט צו מיר", איז כאָטש דאָס זעט דאָך אויס ווי זיי צאָלן זיך אָפּ איינער דעם צווייטן (צו זאָגן וועגן אים גוטס), זענען זיי באגלויבט. **וועגן דעם וואָרט „ישן", „אלטע", (אין דער משנה ז') זענען פאראן עטליכע טייטשן. איין טייטש איז פון רשי אין כתובות נ"ו, אז דאָ מיינט מען אלטע תבואה, וואָס איז געוואקסן אין פאָריגן יאָר, און מען דאַרף ניט האָבן, אז דער עומר, וואָס מען איז מקריב אין בית המקדש דעם 16־טן טאָג אין ניסן זאָל מתיר זיין די תבואה צום עסן, בעת תבואה פון היי־יאָר, נייע תבואה, „חדש", טאָר מען פאר דעם 16טן ניסן ניט עסן. אָבער רש"י אין כתובות כ"ד האָט אן אנדערן פשט, אז דאָ האנדלט זיך ניט וועגן תבואה וועלכע איז אסור צו מותר, נאָר פשוט וועגן אלטע, גוטע, טריקענע תבואה, און נייע, שלעכטע, נאָכניט גענוג אויסגעטריקנטע תבואה. רשי דאָרט ברענגט דערויף א ראיה פון בבא מציעא ע"ב (היו חדשות מארבע וישנות משלש), אז אלטע תבואה איז געווען טייערער פון נייער. דער רמב"ם זאָגט, אז דאָ האנדלט זיך וועגן וויין, און אלטער וויין איז, כידוע, בעסער פון נייעם.**

ז. **החמרים שנכנסו לעיר, אמר אחד: „שלי חדש ושל חברי ישן, שלי אינו מתוקן ושל חברי מתוקן" אינן נאמנין. ר׳ יהודה אומר נאמנין.**

## פרק ה.

א. **הלוקח מן הנחתום כיצד הוא מעשר? נוטל כדי תרומת מעשר וחלה ואומר: „אחד ממאה ממה שיש כאן הרי בצד זה מעשר, ושאר מעשר**

---

ז. החמרים, אייזל־טרייבער (וועלכע פירן פון שטאט צו שטאט תבואה צו פאר־קויפן), וועלכע זענען אריינגעקומען אין א שטאט, און איינער פון זיי האט געזאגט: מיינס איז חדש (נייע) און מיין פריינדס איז אלטע, מיינס איז ניט גע׳מעשר׳ט און מיין פריינד׳ס איז יא גע׳מעשר׳ט זענען זיי ניט באגלויבט. **ווייל מען נעמט אן, אז דאס האבן זיי זיך אפגערעדט איינער מיטן אנדערן, אז אין איין שטאט זאל איינער אויסרעדן שלעכטס אויף זיין אייגענער סחורה און רימען זיין פריינדס סחורה, און אין דער צווייטער שטאט זאל זיין פריינד רעדן שלעכטס אויף זיין אייגענער סחורה און דערציילן גוטס אויפן צווייטנס סחורה. די דאזיקע געגנזייטיקע אונטערשטיצונג** הייסט „גומלין". ר׳ יהודה זאגט, אז זיי זענען באגלויבט. **ר׳ יהודה האלט, אז ווייל דער גאנצער ענין דמאי, פון איבערקלערן צי די פרוכטן פון א עם הארץ זענען גע׳־מעשר׳ט, איז דאך נור א תקנה וואס ד׳י רבנן האבן איינגעפירט, און ס׳רוב עמי הארצים שיידן יא אפ מעשר, דארף מען מיקל זיין און יא גלויבן; בפרט, אז אויב ניט, וועט מען שווער מאכן דאס פירן תבואה פון איין שטאט אין דער צווייטער. אויך דא אין דער משנה איז דיזעלבע פראגע, וואס מען מיינט מיט „חדש" און „ישן", צי בנוגע דעם איסור פון ,חדש" (פון היי־יאריקער תבואה פאר דעם 16טן ניסן) צי מען מיינט וועגן דער גוטסקייט פון דער סחורה. וועגן דער משנה דא זענען פאראן אין דער דערמאנטער רשי אין כתובות כ"ד און נ"ו די דערמאנטע צוויי פשטים.**

## פרק ה.

הלוקח, אז איינער קויפט (דמאי־ברויט) פון א בעקער, ווי אזוי נעמט ער אראפ דערפון מעשר? נעמט ער אראפ גענוג (ברויט) וויפיל עס באטרעפן תרומת מעשר און חלה און זאגט: איין הונדערטסטל פון דעם, וואס איז דא פאראן איז לעבן דעם מעשר, און דאס איבריקע מעשר ליגט לעבן איס, און דאס (איין הונדערטסטל) וואס איך האב געמאכט מעשר זאל ווערן תרומת מעשר אויף איס; און דאס איבריקע איז חלה; און דער מעשר שני איז אין זיין צפון־זייט אדער אין זיין דרום־זייט, און ער איז אויסגעטוישט אויף געלט. **כדי צו פארשטיין די דאזיקע משנה און אויך די משנה, וואס קומט באלד דערנאך, וועלן מיר דא געבן עטליכע דערקלערונגען. מיר האבן שוין געשריבן אין דער הקדמה צו דמאי און פריער פרק ד׳ משנה ג׳, אז ווייל דמאי איז דאך א ספק, איז מען דעריבער מחויב צו נעמען דערפון נור די זאכן, וואס א ישראל און א לוי טארן אינגאנצן ניט עסן און נור א כהן מעג זיי עסן, ווי תרומת מעשר, וואס איז דאך א צענטל פון דעם צענטל מעשר ראשון, דאס הייסט א הונדערטסטל פון גאנצן, און אויך מעשר שני, וואס כאטש א ישראל און א לוי מעגן זיי יא עסן, אבער נור אין ירושלים, אדער מען מוז אויסלייזן דעם מעשר שני און דאס געלד פירן קיין ירושלים. דאקייגן דעם מעשר ראשון, וואס יעדער מעג עסן אומעטום און עס איז נור א מצוה אוועקצוגעבן צום לוי, איז ווייל דמאי איז א ספק איז גענוג א „נאמען צו געבן" אבער אפשיידן אים דארף מען ניט. קיין תרומה דארף מען פון דמאי ניט. אראפנעמען, כאטש תרומה איז דאך אויך אסור צו א ישראל אדער א לוי; מחמת מען האט אנגענומען, אז די עמי הארצים שיידן זיכער אפ תרומה. דאס זאגט דא די משנה, אז איינער קויפט דמאי־ברויט ביי א בעקער איז גענוג, ווען ער נעמט בלויז אראפ תרומת מעשר און חלה (טאמער האט דער בעקער ניט אראפגענומען קיין חלה), און די משנה דערקלערט ווי אזוי ער נעמט אראפ דעם תרומת מעשר, דהיינו: ער ווייזט אן**

**סמוך לו; זה שעשיתי מעשר עשוי תרומת מעשר עליו, והשאר חלה; ומעשר שני בצפונו או בדרומו ומחולל על המעות״.**

**ב. הרוצה להפריש תרומה ותרומת מעשר כאחת נוטל אחד משלשים ושלש ושליש ואומר: „אחד ממאה ממה שיש כאן הרי זה בצד זה חולין, והשאר תרומה על הכל. ומאה חולין שיש כאן הרי זה בצד זה מעשר,**

---

אויף אן אָרט אין דעם ברויט און זאָגט, אז א הונדערטסטל פון דעם ברויט וואָס געפינט זיך אויף דעם אָרט איז מעשר ראשון און צוזאמען מיט דעם הונדערטסטל געפונען זיך דער לעבן נאָך 9 הונדערטסטל („ושאר מעשר״, און דער רעשט מעשר ראשון), דאָס הייסט צוזאמען א צענטל, און פון אָט דעם צענטל איז דאָס ערשטע הונדערטסטל תרומת מעשר אויפ׳ן גאנצן צענטל. דאָס וואָס ער רופט אָן צוערשט דאָס הונדערטסטל „מעשר״ איידער נאָך ער רופט עס תרומת מעשר, איז דערפאר ווייל מען קאָן ניט אָנרופן תרומת מעשר איידער עס הייסט ניט פריער מעשר. דאָס הונדערטסטל דארף ער איבערלאָזן, ווייל דאָס טאָר ער דאָך אלס ישראל ניט עסן, אָבער די רעשט 9 הונדערטסטל דארף ער אפילו ניט אָפּשיידן, ווייל זיי זענען דאָך מעשר ראשון, מעג ער דאָך זיי עסן, און ווייל עס איז פון דמאי דארף ער זיי ניט אוועקגעבן דעם לוי. ווייטער זאָגט די משנה והשאר „חלה״, לעבן דער תרומת מעשר לאָזט ער איבער א שטיקל ברויט אויך אלס חלה, וואָס מען טאָר אויך ניט עסן (מיר וועלן לערנען אין דער משנה חלה, אז דאָס דארף זיין א 24סטל). איי, ער דארף דאָך אָפּשיידן אויך מעשר שני, וואָס ער טאָרניט עסן אויסער ירושלים אָדער ער דארף עס אויסלייזן מיט געלט? זאָגט די משנה, אז דאָס ווייזט ער אָן אז „דער מעשר שני געפינט זיך אין צפון טייל אָדער אין דרום־טייל פון ברויט און ער איז אויסגעטוישט אויף געלט״, און ממילא מעג ער שוין עסן דאָס ברויט. דאָ געפינען מיר ביי מעשר שני דאָס וואָרט „מחולל״ אויסגעטוישט אויף געלד, ווייל מעשר שני איז דאָך אין א געוויסער מאָס הייליק (ווי מיר האָבן געשריבן אין דער הקדמה צו דמאי) און דעריבער ווען מען טוישט עס אויס, ווערט עס אויס הייליק און עס ווערט „חול״, „חולין״, וואָכעדיק, און דעריבער הייסט עס „מחולל״.

ב. הרוצה, אז איינער וויל אָפּשיידן מיטאמאָל תרומה און תרומת מעשר, נעמט ער איינס פון יעדער דריי־און־דרייסיק און א דריטל, און זאָגט: איינס פון הונדערט פון דעם, וואָס איז דאָ פאראַן איז אין דער זייט חולין, און דער רעשט איז תרומה אויפן גאנצן; און די הונדערט (דאָס הונדערטסטל) חולין, וואָס איז דאָ פאראַן, זאָל דאָס לעבן דעם זיין מעשר, און דער רעשט מעשר איז לעבן אים; דאָס (הונדערטסטל), וואָס איך האָב געמאכט מעשר איז תרומת מעשר אויף אים (אויף דעם איבריקן מעשר), און דער רעשט איז חלה; און דער מעשר שני איז אין זיין צפון־זייט אָדער אין זיין דרום־זייט און איז אויסגעטוישט אויף געלט. די דאָזיקע משנה, צו וועלכער עס זענען געשריבן געוואָרן א סך פירושים, איז אייגנטליך דיזעלבע משנה, וואָס די פריערדיקע משנה, נאָר מיט דעם אונטערשיד, וואָס אין דער פריערדיקער משנה האָט מען געלערנט וועגן דמאי, פון וועלכער מען דארף קיין תרומה ניט אפשיידן, און די איצטיקע משנה לערנט וועגן זיכערן טבל, וועגן ודאי, פון וועלכן מען דארף אפשיידן אויך תרומה. די משנה לערנט, וואָס דארף טאָן איינער, וועלכער האָט פאר זיך מעל אָדער תבואה זיכערן טבל, און וויל מיט איינמאָל אפשיידן אלץ, וואָס ער טאָרניט עסן, אזוי אז ער זאָל מעגן עסן די מעל אָדער די תבואה. זאָגט די משנה, אז ער דארף אָפּשיידן תרומה, וואָס איז איין פופציקסטל, דאָס הייסט צוויי הונדערטסטלעך, און תרומת מעשר, וואָס איז א צענטל פון מעשר, דאָס הייסט איין הונדערטסטל, און חלה, און אויך מעשר שני, וואָס ער דארף אויסטוישן אויף געלט, אָבער ניט אוועקלייגן. צוליב דעם וואָס תרומה איז צוויי הונדערטסטלעך און תרומת מעשר איז איין הונדערטסטל,

**ושאר מעשר סמוך לו. זה שעשיתי מעשר עשוי תרומת מעשר עליו והשאר חלה; ומעשר שני בצפונו או בדרומו ומחולל על המעות״.**

**ג. הלוקח מן הנחתום מעשר מן החמה על הצוננת ומן הצוננת על החמה אפלו מטפוסין הרבה, דברי ר׳ מאיר. ר׳ יהודה אוסר, שאני אומר,**

---

**דארף ערביידע צוזאמען אראָפּנעמען דריי הונדערטסטלעך, דאָס הייסט דריי פון יעדער הונדערט, אָדער איינס פון יעדע דריי און דרייסיג און א דריטל. למשל אויב ער האָט פאר זיך הונדערט פונט דארף ער אראָפּנעמען תרומה און תרומת מעשר דריי פונט; אויב ער האָט דריי און דרייסיק און א דריטל פונט דארף ער נעמען איין פונט, דאָס זאָגט די משנה (פונקט ווי אין דער פריערדיקער משנה); ער נעמט איינס פון יעדער דריי און דרייסיק און א דריטל, דאָס הייסט דריי הונדערטסטלעך, און זאָגט, אז איינער פון די דאָזיקע דריי הונדערטסטלעך איז חולין (דאָס הייסט, ניט קיין תרומה) און די רעשט צוויי הונדערטסטלעך זענען תרומה; דאָס הונדערטסטל, וואָס איז חולין (ניט קיין תרומה) ווערט דערקלערט אלס מעשר (ראשון) און צוזאמען דערמיט דערלעבן (ושאר) נאָך 9 הונדערטסטלעך מעשר (ווייל מעשר ראשון איז דאָך א צענטל, אלזא צען הונדערטסטלעך), און דעמאָלס דערקלערט ער דאָס ערשטע הונדערטסטל אלס תרומת מעשר אויף דעם גאנצן מעשר ראשון. אזוי ארום האָט ער די דריי הונדערטסטלעך געמאכט צוויי פון זיי תרומה און איינס פון זיי תרומת מעשר. א חוץ דעם שיידט ער אָפּ חלה. און וואָס נוגע מעשר שני דערקלערט ער, אז ער געפינט זיך אין צפון-זייט אָדער אין דרום-זייט פון דער תבואה און טוישט עס אויס אויף געלד. אזוי ארום דארף ער נור אראָפּנעמען די דריי הונדערטסטלעך און די חלה און ער מעג עסן די גאנצע תבואה, ווייל דעם מעשר ראשון מעג ער דאָך עסן (און ער דארף נור אָפּגעבן דעם לוי דערפאר אנדערע תבואה פון זעלבן מין), און דער מעשר שני איז דאָך אויסגעטוישט. די מפרשים האָבן אין דער משנה געפונען א שוועריקייט. די משנה זאָגט ,,מאה חולין״, ,,הונדערט חולין״, זי האָט דאָך געדארפן זאָגן, ,,איין הונדערטסטל חולין״. דער רמבם דערקלערט, אז ,,מאה״, ,,הונדערט״, מיינט ,,איינס פון הונדערט״; און דאָס איז צוליב דער קורצקייט פון אויסדרוק.**

ג. הלוקח אז איינער קויפט פון א בעקער (עטליכע ברויטן) מעג ער אראָפּנעמען מעשר פון ווארימען (ברויט) אויפן קאלטן (ברויט), און פון קאלטן אויפן ווארעמען, אפילו זיי (די ברויטן) זענען פון א סך פאָרעמס, אזוי זאָגט ר׳ מאיר. **כדי צו פארשטיין די דאָזיקע משנה און אויך די ווייטערדיקע משנות, דארף מען וויסן, אז דער דין איז, דאָס מען טאָר ניט אפשיידן קיין תרומה און מעשר ,,מן החיוב על הפטור ומן הפטור על החיוב״, פון דעם וואָס איז מחויב אויף דעם וואָס איז פטור, אָדער פון דעם וואָס איז פטור אויף דעם וואָס איז מחויב. למשל אז איינער האָט צוויי קוישן פרוכטן, און פון ערשטן קויש האָט ער שוין אראָפּגענומען תרומה און מעשר און פון צווייטן קויש האָט ער נאָכניט אראָפּגענומען; טאָר ער ניט נעמען פון ערשטן קויש תרומה און מעשר אויפן צווייטן קויש, ווייל דאָס הייסט ,,גענומען פון דעם וואָס איז שוין פטור אויף דעם וואָס איז נאָך מחויב״. דאָס זעלביקע טאָר ער ניט נעמען פון צווייטן קויש אויפן ערשטן קויש, ווייל דאָס הייסט ,,גענומען פון דעם וואָס איז מחויב אויף דעם וואָס איז שוין פטור״. זאָגט דאָ ר׳ מאיר, אז ווען איינער קויפט ברויטן פון א בעקער מעג ער נעמען מעשר פון איין ברויט אויפן צווייטן און ער דארף ניט מורא האָבן, טאָמער איז איין ברויט געבאקן פון תבואה וואָס איז יאָ גע׳מעשר׳ט און דער צווייטער ניט, און ער מעשר׳ט ,,פון פטור אויף מחויב״, אָדער פון ,,מחויב אויף פטור״. נאָכמער, ר׳ מאיר זאָגט, אז אפילו איין ברויט איז קאלט, איז דאָך עס נעכטן געבאקן, און איין ברויט איז ווארם, איז דאָך עס געבאקן היינט, פונדעסטוועגן דארף מען ניט מורא האָבן, טאָמער איז איינס פון גע׳מעשר׳טע תבואה און איינס פון ניט גע׳מעשר׳טע. ר׳ מאיר זאָגט,**

**חטים של אמש היו משל אחד ושל היום היו משל אחר. ר׳ שמעון אוסר בתרומת מעשר ומתיר בחלה.**

**ד. הלוקח מן הפלטר מעשר מכל טפוס וטפוס, דברי ר׳ מאיר. ר׳**

---

**אז דאָס איז אויך אפילו, ווען די ברויטן זענען געבאַקן פון א סך פאָרעמס, און מען קאָן דאָך מיינען, אז יעדע פאָרעם ברויט איז פון אנדערער תבואה, און עס קאָן זיין, אז טייל טייל פון זיי זענען יאָ גע׳מעשר׳ט און טייל ניט. פונדעסטוועגן דארף מען אויך דאביי ניט מורא האָבן. „טיפוסין״, „פאָרעמס״, איז דאָס גריכישע „טופאס״ און דאָס לאטייניש ״טיפוס״, וואָס הייסט פיגור, פאָרעם. טייל מפרשים טייטשן, אז מיר האָבן דאָ צוויי דינים: איינער איז, אז מען מעג מעשר׳ן פון קאלט ברויט אויף ווארם און פון ווארם אויף קאלט, און עס הייסט ניט, אז מען מעשר׳ט פון שלעכטע אויף גוטע (דער דין איז, אז מען טאָר ניט נעמען תרומה און מעשר „מן הרע על היפה״, פון שלעכטע אויף גוטע); און דער צווייטער דין איז וועגן די „פאָרעמס״, און דאָס איז, אז מען דארף ניט מורא האָבן טאָמער מעשר׳ט מען פון פטור אויף מחויב אָדער פון מחויב אויף פטור.** ר׳ יהודה זאָגט, אז מען טאָרניט, ווייל איך זאָג, אז די ווייץ פון נעכטן זענען (געקויפט געוואָרן דורך דעם בעקער) פון איין מענטש, און די (ווייץ) פון היינט זענען (געקויפט געוואָרן) פון אן אנדערן. **און עס קאָן דאָך זיין, אז איינער פון די דאָזיקע תבואה־פארקויפערס מעשר׳ט יאָ און דער אנדערער פון זיי מעשר׳ט ניט, און עס קאָן אויסקומען, אז מען וועט איצט מעשר׳ן פון פטור אויף מחויב אָדער פון מחויב אויף פטור.** ר׳ שמעון זאָגט, אז נעמען תרומת מעשר טאָר מען ניט, אָבער חלה מעג מען, **די סברא פון ר׳ שמעון איז, ווייל תרומת מעשר נעמט מען דאָך פון תבואה, איז טאקע מורא צו האָבן, אז די תבואה צי דאָס מעל פאר דעם נעכטיקן ברויט האָט דער בעקער געקויפט ביי איינעם, און די תבואה צי דאָס מעל פאר דעם היינטיקן ברויט האָט ער געקויפט ביי א צווייטען און עס איז מעגליך, אז איינער פון זיי האָט שוין גע־מעשר׳ט, און דער צווייטער האָט ניט גע׳מעשר׳ט. אָבער חלה נעמט דאָך דער בעקער פון טייג, דעריבער איז דאָך אָנצונעמען, אז אָדער פון אלע ברויטן איז שוין גענומען געוואָרן חלה, אָדער אז דער בעקער האָט בכלל ניט גענומען קיין חלה, און ממילא קאָן מען ניט מורא האָבן טאָמער וועט מען נעמען חלה פון פטור אויף מחויב צי פון מחויב אויף פטור.**

ד. הלוקח, אז איינער קויפט (ברויט) פון א הענדלער (וועלכער קויפט ברויט פון בעקער און פארקויפט צו איינצלנע מענטשן), דארף ער אראָפּנעמען מעשר פון יעדער פאָרעם, אזוי זאָגט ר׳ מאיר. **דער אונטערשיד צווישן דער פריערדיקער משנה און דער איצטיקער באשטייט אין דעם, וואָס אויב דער הענדלער האָט פארשידענע פאָרעמס ברויטן און ער אליין איז דאָך ניט קיין בעקער קאָן דאָך זיין, אז איין פאָרעם ברויט האָט ער געקויפט ביי איין בעקער און די אנדערע פאָרעם האָט ער געקויפט ביי אן אנדערן בעקער, און עס איז מעגליך, אז איין בעקער מעשר׳ט יאָ און דער אנדערער מעשר׳ט ניט; דעריבער דארף ער מעשר׳ן פון יעדן פאָרעם באזונדער. „פלטר״ איז פון גריכישן וואָרט „פאָליטער״, וואָס הייסט א מארק־הענדלער, אָדער פון גריכישן וואָרט „פראטער״ (די „ר״ ווערט פארטוישט אויף א„ל״), א „ברויט פארקויפער״.** ר׳ יהודה זאגט, אז (מען קאָן מעשר׳ן) פון איין (פאָרעם ברויט) אויף אלע. **ר׳ יהודה האלט אז דער ברויט־פארקויפער נעמט ביי איין בעקער אלע זיינע ברויטן און דע־ריבער איז ניטאָ וואָס מורא צו האָבן. די מפרשים זאָגן, אז ר׳ יהודה פריער אין משנה ג׳ איז נור מחולק אויף ר׳ מאיר בנוגע „קאלט״ ברויט און „ווארם״ ברויט, אָבער בנוגע „א סך פאָרעמס״ איז ער ניט מחולק. אזוי איז צו זען פון ברטנורא.** מודה, ר׳ יהודה איז מודה, אז ווען איינער קויפט (ברויט) פון מאָנאָפּאָל, דארף ער נעמען מעשר פון יעדן באזונדער. **דאָס וואָרט „מאָנאָפּאָל״ איז דאָס גריכישע „מאָנאָפּאָליס״, „אליין**

**יהודה אומר, מאחת על הכל. מודה ר׳ יהודה בלוקח מן המנפול שהוא מעשר מכל אחד ואחד.**

**ה. הלוקח מן העני, וכן העני שנתנו לו פרוסות פת או פלחי דבלה, מעשר מכל אחד ואחד. ובתמרים ובגרוגרות בולל ונוטל. אָמַר ר׳ יהודה, אימתי? בזמן שמתנה מרובה, אבל בזמן שמתנה מועטת מעשר מכל אחד ואחד.**

**ו. הלוקח מן הסיטון וחזר ולקח ממנו שניה לא יעשר מזה על זה,**

---

**אין שטאַט״, די פריווילעגיע, וואָס א סוחר באקומט, אז נור ער אליין מעג פאַרקויפן א געוויסע סחורה. אזא סוחר, אויב ער האנדלט מיט ברויט, קויפט די ברויטן פון פאַר־שידענע בעקערס, און דעריבער איז אויך ר׳ יהודה מודה, אז מען דאַרף מעשר׳ן פון יעדן באזונדער. דער רמב״ם סיי אין „פירוש המשניות״ סיי אין „יד החזקה״ זאָגט, אז מען מיינט דאָ פון „יעדער פאָרם״, און דאָס הייסט, אז אפילו ווען מען קויפט פון א מאָנאָפּאָל קאָן מען מעשר׳ן פון איין ברויט אויף אנדערע ברויטן אויב זיי זענען פון איין פאָרם. פון וואנען האָט דער רמב״ם גענומען דעם טייטש ? עס קאָן זיין, אז די ראיה צום רמב״ם איז, וואָס אין דער משנה ג׳ איז פאַראַן דער לשון נקבה „צוננת״, און דאָס גייט ארויף אויפן לאָבן ברויט, אין לשון קוה״ש „ככר״, וואָס איז אויך א לשון נקבה („וככר לחם אחת״, שמות כ״ט); דאָ אָבער אין משנה ד׳ איז פאַראַן „מכל אחד ואחד״ גייט עס ארויף אויף „טפוס״, „פאָרעם״, וואָס איז א לשון זכר. דאָס וואָס פריער (אין דערזעלבער משנה ד׳) זאָגט ר׳ יהודה „מאחת על הכל״, כאָטש עס גייט ארויף אויף „טיפוס״, איז טאקע אין דער משנה פון ירושלמי פאַראַן „מאחד״, און אויך תוספות בבא מציעא נ״ו איז גורס „מאחד״.**

ה. הלוקח, אז איינער קויפט פון אן אָרימאַן (וועלכער גייט איבער די הייזער און קריגט פאַרשידענע עסנווארג און ער פאַרקויפט דאָס צו איינעם און נעמט ביי אים דערפאַר ברויט אָדער געלט), און דאָסזעלבע איז (דער דין) מיט אן אָרימאַן, ווע־מען האָט געגעבן (אין פאַרשידענע הייזער) שטיקער ברויט אָדער שטיקער געפּרעסטע פייגן, דאַרף ער נעמען מעשר פון יעדן (שטיק ברויט, אָדער שטיק געפּרעסטע פייגן) באזונדער. **ווייל עס איז דאָך מורא צו האָבן, טאָמער האָט מען אין איין הויז, פון וואנען דער אָרימאַן האָט גענומען, יאָ גע׳מעשר׳ט און אין אן אנדער הויז ניט גע׳מעשר׳ט, און עס קאָן קומען צו מעשרן פון פטור אויף מחויב און פון מחויב אויף פטור. די ווער־טער „פרס״ און „פלח״ איז דער טייטש „שפּאַלטן״, „טיילן״; ביי ברויט הייסט א שטיק „פרוסה״, און ביי געפּרעסטע פייגן „פלח״. די קשיא, סטייטש פריער אין פרק ג׳ משנה א׳ האָבן מיר דאָך געלערנט, אז מען מעג געבן דעם אָרימאַן צו עסן דמאי, קאָן מען פאַרענטפערן, אז דער אָרימאַן, אויב ער איז זייער פרום, איז ער מחמיר אויף זיך און מעשר׳ט יאָ.** ובתמרים, און אויב (דער אָרימאַן האָט צונויפגענומען) טייטלן אָדער דאַרע פייגן מעג ער אויסמישן, און נעמען מעשר (מיט אמאָל אויפן גאנצן אויסגעמישטן). **ווייל אויב עס איז פאַראַן צווישן די אויסגעמישטע ניט־גע׳־מעשר׳ט און יאָ געמעשר׳ט איז דאָך דאָס אלץ אויסגעמישט איז דאָך אין דעם אראָפּ־גענומענעם מעשר פאַראַן פונקט אזוי פיל פון דעם גע׳מעשר׳טן ווי פון דעם ניט גע׳־מעשרט׳ן און ממילא הייסט עס, אז ער האָט גע׳מעשר׳ט פון מחויב אויפן מחויב און פון פטור אויפן פטור.** אָמַר, האָט ר׳ יהודה געזאָגט: ווען איז דאָס (דער דין וועגן אויס־מישן ביי טייטלן און פייגן)? ווען די מתנה (וואָס דער אָרימאַן האָט באקומען) איז פאַראַן א סך; אָבער אויב די איז ווינציק, דאַרף ער מעשר׳ן פון יעדן באזונדער. **דער טעם איז וואָס אויב עס איז ווינציק קאָן זיך עס ניט גוט אויסמישן און עס קאָן פונקט טרעפן, אז מען זאָל מעשר׳ן פון פטור אויפן מחויב אָדער פון מחויב אויפן פטור.**

ו. הלוקח, אז איינער קויפט (תבואה) פון א הורט־סוחר, און דערנאָך האָט ער

**אפילו מאותו הסוג, אפילו מאותו המין. נאמן הסיטון לומר משל אחד הם.**

**ז. הלוקח מבעל הבית וחזר ולקח ממנו שניה — מעשר מזה על זה אפילו משתי קופות, אפילו משתי עיירות. בעל הבית שהיה מוכר ירק בשוק, בזמן שמביאין לו מגנותיו מעשר מאחד על הכל, ומגנות אחרות מעשר מכל אחד ואחד.**

**ח. הלוקח טבל משני מקומות מעשר מזה על זה, אף על פי שאָמרו,**

---

געקויפט פון אים א צווייט מאָל, זאָל ער ניט מעשרן פון איינעם אויף דעם אנדערן, אפילו ביידע זענען (גענומען געוואָרן) פון זעלביקן קויש אפילו זיי זענען ביידע פון דעמזעלבן סאָרט. **ווייל דער הורט־סוחר קויפט די תבואה פון א סך מענטשן און עס קאָן זיין אז איין תבואה איז ניט גע'מעשר'ט און איינע איז יאָ גע'מעשר'ט. דאָס וואָרט „סיטון" האָבן מיר דערקלערט פריער דמאי פרק ב' משנה ד', אז דאָס מיינט מען א הורט־תבואה־אויפקויפער. דאָס וואָרט „סוג" מיינט א „גרויסן קויש" (אין כלים פרק ט"ז משנה ג' „הסוגים הגדולים", די גרויסע קוישן). מיט „סאָרט" מיינט מען, למשל דערזעלביקער סאָרט ווייץ, דערזעלביגער גאטונעק, לויטן קאָליר, צי לויט דער גוטסקייט.** נאמן, דער הורט־סוחר איז באגלויבט צו זאָגן (וועגן ביידע פארטיעס תבואה, וועלכע ער האָט פארקויפט, איינע פריער און איינע שפעטער) אז זיי שטאמען פון איין (מענטש). **און אין אזא פאל קאָן מען מעשרן פון איין תבואה אויף דער אנ־דערער.**

ז. הלוקח, אז איינער קויפט (פרוכטן, תבואה צי גרינס) פון א בעל הבית (לאנד־ווירט, דעם אייגנטימער פון פעלד און גאָרטן) און דערנאָך האָט ער געקויפט פון אים א צווייט מאָל (תבואה, פרוכטן, גרינס), מעג ער מעשר'ן פון איינעם אויף דעם צווייטן, אפילו (דער בעל הבית האָט אים געגעבן) פון צוויי קוישן, אָדער פון צוויי שטעטלעך. **די משנה זאָגט, אז כאָטש דער בעל הבית האָט געגעבן דעם קויפער דעם ערשטן מאָל פון איין קויש, אָדער פון תבואה און פרוכטן און גרינס, וואָס זענען אים אָנגעקומען פון איין שטעטל, און דאָס צווייטע מאָל האָט ער אים געגעבן פון אן אנדערן קויש אָדער פון אנגעקומענע פון אן אנדערן שטעטל. קאָן דער קויפער מעשר'ן פון דעם ערשטן אויף דעם צווייטן אָדער פון צווייטן אויפן ערשטן. ווייל קוים איז עס דערזעל־ביקער לאנדווירט, איז אָדער ביידע זענען גע'מעשר'ט, אָדער ביידע זענען ניט גע'־מעשר'ט. די משנה האָט דאָ פארן וואָרט „שטעטלעך" „עיירות", דאָס הייסט קליינע שטעטלעך, וואָס זענען געווען האלבע דערפער מיט פעלדער און גערטנער.** בעל הבית, א בעל הבית (לאנדווירט, אייגנטימער פון פעלד און גאָרטן) וואָס פארקויפט גרינס אין מארק, איז ווען מען ברענגט אים (די גרינס־פארטיעס) פון זיינע אייגענע גערט־נער, מעג (דער וואָס קויפט ביים דאָזיקן בעל הבית איינמאָל גרינס און נאָכאמאָל גרינס) מעשר'ן פון איין (געקויפטן גרינס) אויף אלע (געקויפטע גרינס); אָבער ווען מען ברענגט צום בעל הבית (פארטיעס גרינס) פון פרעמדע גערטנער (וועלכע געהערן ניט צו אים), דארף דער (וועלכער קויפט ביים בעל הבית עטליכע מאָל פארטיעס גרינס) מעשר'ן פון יעדער איינער באזונדער. **מחמת ווען ער נעמט גרינס פון פרעמדע גערטנער, קאָן דאָך זיין, אז טייל גרינס קומען פון אזא גאָרטן־אייגנטימער, וועלכער מעשר'ט יאָ, און טייל גרינס קומען פון אזעלכן, וואָס מעשר'ט ניט.**

ח. הלוקח, אז איינער קויפט טבל (פון וועלכן מען האָט זיכער ניט אָפגעשיידט תרומה און מעשרות) פון צוויי ערטער, קאָן ער מעשר'ן פון איינעם אויפן צווייטן; כאָטש (די חכמים) האָבן געזאָגט (דעם דאָזיקן דין), טאָר (אָבער) קיין מענטש ניט פארקויפן טבל, נאָר ווען עס איז נויטיק. **די משנה גיט דאָ צו די לעצטע ווערטער, כדי מען זאָל ניט מיינען, אז מען מעג פארקויפן טבל; ווארום דער דין איז, אז מען טאָר ניט פארקויפן קיין טבל, צוליב מורא טאָמער וועט דער קויפער ניט אראָפּנעמען תרומה**

אין אדם רשאי למכור טבל אלא לצורך.

ט. מעשרין משל ישראל על של נכרי, משל נכרי על של ישראל, משל ישראל על של כותים. משל כותים על של כותים. ר' אליעזר אוסר משל כותים על של כותים.

י. עציץ נקוב הרי זה כארץ. תרם מהארץ על עציץ נקוב, מעציץ נקוב על הארץ, תרומתו תרומה. משאינו נקוב על הנקוב, תרומה ויחזר

---

ומעשרות און געשטרויכלט ווערן אין א איסור; אזוי טייטשט דער תוספות יום טוב, אז דער „אף על פי שאמרו" גייט ארויף אויפן אָנהויב משנה. דאָס וואָרט „מעשר", „מעשר" מיינט דאָ אויך אראָפּנעמען תרומה. וואָס מיינט מען „לצורך", „נויטיק?" דער רמב"ם פאַרטייטשט איינגאנצן ניט דאָס וואָרט. טייל מפרשים טייטשן, אז דאָס מיינט מען, אז אויב ביי איינעם האָט זיך אויסגעמישט טבל מיט גע'מעשר'טע תבואה, און ער מוז דעריבער מעשרן דעם טבל מיט אן אנדער טבל, און ער מוז קויפן טבל. דאָס וואָרט „טבל" ווערט דורך דעם רמב"ם אין פירוש המשניות (ברכות פרק ז' משנה א' דערקלערט אז עס איז פון „טב לא", „ניט גוט".

ט. מעשרין, מען קאָן מעשרן פון א יידיס (פון א לאנדווירט, פעלד־אייגנטימער, א ייד) אויף (א לאנדווירט) א גוי'ס, און פון אגוי'ס אויף א יידיס. דער ירושלמי זאָגט, אז די דאָזיקע משנה האלט „אין קנין לגוי בארץ ישראל להפקיע מידי מעשר", אז די ערד, וואָס א גוי האָט אין ארץ ישראל, געהערט ניט צום גוי בנוגע מעשר און דעריבער הייסט עס, אז עס איז יידישע ערד און די תבואה וואָס וואקסט איז מחויב אין מעשר; מחמת דעם קאָן מען מעשרן פון א יידיס אויף א גוי'ס, און פון א גוי'ס אויף א יידיס, ווייל עס הייסט גע'מעשר'ט פון מחויב אויף מחויב. משל, פון א יידיס אויף אָ כותים'ס און פון כותים'ס אויף כותים'ס. פון א יידיס תבואה קאָן מען מעשרן אויף תבואה פון כותים; ווי מיר האָבן שוין געשריבן אין ברכות פרק ז' משנה א' און פרק ח' משנה ח' מיינט מען מיט „כותים" די סעקטע שומרונים אין ארץ ישראל, וועלכע זענען באטראכט געוואָרן פאר האלבע יידן; זיי היטן נור אָפּ די מצוות פון חומש, אָבער זיי האלטן ניט פון נביאים און כתובים און ניט פון משנה און גמרא. די משנה האלט, אז די כותים, כאָטש זיי נעמען תרומה און מעשר פון תבואה, ווען זיי באנוצן די תבואה פאר זיך, אָבער זיי נעמען ניט אראָפּ קיין תרומה ומעשר, ווען זיי פארקויפן די תבואה. דעריבער איז די תבואה פון די כותים זיכער טבל, און מען קאָן מעשר'ן אויף זיי. ר' אליעזר זאָגט, אז מען טאָר ניט מעשר'ן פון כותים'ס אויף כותימ'ס. ווייל עס קאָן זיך טרעפן, אז איין כותי האָט געוואָלט די תבואה באנוצן פאר זיך און ער האָט גענומען תרומה און מעשר, און דערנאָך האָט ער באשלאָסן צו פארקויפן, און דער צווייטער כותי האָט פארקויפט ניט־געמעשר'ט.

י. עציץ, א געלעכערטער בלומען־טאָפּ האָט דעם דין ווי די ערד. אויב מען פלאנצט גרינס אין א געלעכערטן בלומען־טאָפּ האָט דאָס גרינס וואָס וואקסט דאָרט דעמזעלבן דין, וואָס גרינס וואָס וואקסט אין דער ערד, און איז מחויב אין תרומה און מעשר, ווייל דורך דעם לעכל ציט עס די יניקה פון דער ערד. דערפון קומט אויס, אז א ניט־געלעכערטער בלומענטאָפּ הייסט ניט ווי ערד. תרם, אויב ער האָט גענומען תרומה פון (גערוויקסן) פון דער ערד אויף (גערוויקסן) פון געלעכערטן בלומען־טאָפּ, אָדער פון געלעכערטן בלומען־טאָפּ אויף (גערוויקסן) פון דער ערד, איז זיין תרומה תרומה, ווייל עס הייסט דאָך גענומען תרומה פון מחויב אויף מחויב. משאינו, (אויב ער האָט גענומען תרומה) פון גערוויקסן, פון א ניט־געלעכערטן בלומען־טאָפּ אויף (גער־וויקסן) פון א געלעכערטן בלומען־טאָפּ איז זיין תרומה תרומה, אָבער מען דארף (פון די גערוויקסן פון געלעכערטן בלומען־טאָפּ) נעמען נאָכאמאָל תרומה. אייגענטליך, זאָגן די מפרשים, איז די ערשטע תרומה אינגאנצן ניט קיין תרומה, ווייל ער האָט דאָך

**ויתרם. מן הנקוב על שאינו נקוב, תרומה ולא תאכל עד שיוציא עליה תרומות ומעשרות.**

**יא. תרם מן הדמאי על הדמאי, מדמאי על הודאי תרומה ויחזור ויתרום. מן הודאי על הדמאי, תרומה ולא תאכל עד שיוציא עליה תרומות ומעשרות.**

פרק ו.

**א. המקבל שדה מישראל, מן הנכרי ומן הכותי יחלק לפניהם.**

---

אָפּגעשיידט פון א פטור (פון א ניט־געלעכערטן בלומען־טאָפּ) אויף א מחויב (געלע־כערטן בלומען־טאָפּ); נאָר ווייל ער האָט עס א נאָמען געגעבן „תרומה" הייסט מען אים אוועקגעבן עס צום כהן, כדי מען זאָל ניט מזלזל זיין אין נאָמען תרומה. מן, אויב ער האָט אָפּגעשיידט תרומה פון א געלעכערטן בלומען־טאָפּ אויף א ניט־געלעכערטן, איז עס תרומה, אָבער (דער כהן) טאָר איר ניט עסן ביז ער וועט אָפּשיידן אויף איר (אויף דער דאָזיקער תרומה) תרומות און מעשרות. מחמת אין איצטיקן פאַל האָט מען דאָך גענומען תרומה פון א מחויב (פון געלעכערטן בלומען־טאָפּ) אויף א פטור (פון ניט־געלעכערטן), איז דאָך די תרומה אייגענטליך אינגאנצן ניט קיין תרומה, נאָר מען האָט גוזר געווען, אז ווייל ער האָט איר א נאָמען געגעבן תרומה זאָל ער איר געבן דעם כהן, אָבער די תרומה אליין איז דאָך געווען מחויב און אויף איר האָט מען דאָך גאָרניט אפּגעשיידט קיין תרומות און מעשרות, דעריבער טאָר מען איר ניט עסן סיידן מען שיידט אויף איר אָפּ תרומות און מעשרות. דער „ערוך" זאָגט, אז דאָס וואָרט „עציץ" „בלשון ישמעאל" (אויף אראביש), „אציץ", א ערדענע כלי. גאנץ אָפט איז עס גאָר א גרויס געפעס, אָנגעפּילט מיט ערד און מען פארפלאנצט אין דעם גרינס, קלענערעביימלעך און טיילמאָל תבואה.

י"א. תרם, אויב איינער האָט אָפּגעשיידט תרומה פון דמאי (תבואה, גרינס, פרוכטן, געקויפט ביי א עם הארץ, און עס איז נור א ספק צי מען האָט פריער אָפּגע־שיידט דערפון) אויף דמאי (געקויפט ביי אן אנדערן עם הארץ), אָדער פון דמאי אויף זיכערן (ודאי) טבל איז עס תרומה אָבער מען דארף נאָכאמאָל אָפּשיידן תרומה. ווייל ביי „דמאי אויף דמאי" קאָן דאָך זיין, אז איין עם הארץ האָט געהאט אָפּגעשיידט און דעראנדערער ניט; און ביי דמאי אויף ודאי קאָן דאָך זיין, אז דער דמאי איז שוין גע־ווען פטור און דער ודאי איז דאָך זיכער מחויב. דער רמב"ם און דער ראב"ד זאָגן, אז „תרם", „אָפּשיידן תרומה" מיינט מען דאָ תרומת מעשר, ווייל ווי מיר האָבן שוין געזאָגט (אין דער הקדמה צו דער מסכת דמאי) איז דמאי לגמרי פטור פון תרומה, ווייל אויך עמי הארצים שיידן איר אָפּ. מן, אויב ער האָט גענומען תרומה פון זיכערן טבל (ודאי) אויף דמאי איז עס תרומה, נאָר מען טאָר איר (די תרומה) ניט עסן ביז מען וועט אויף איר אָפּשיידן תרומות און מעשרות. ווייל עס איז דאָסזעלביקע וואָס אין דער פריערדיקער משנה י'; מחמת די אָפּגעשיידטע תרומה איז דאָך מעגליך טבל.

פרק ו.

א. המקבל, ווען איינער נעמט אין ארענדע א פעלד פון א ייד, אָדער פון א גוי אָדער פון א כותי זאָל ער זיי געבן זייער חלק. אין דער משנה זענען פאראן צוויי אויסדריקן פאר „נעמען אין ארענדע", איינער איז „מקבל", און דאָס איז ווען איינער דינגט ביי א בעל הבית א פעלד, אז פון דער תבואה פון פעלד זאָל דער דינגער באקומען א טייל, לאָמיר זאָגן צוויי דריטל, און דער בעל הבית א דריטל. דאָס צווייטע איז „חוכר", און דאָס איז: דינגען א פעלד ניט אויף א טייל פון דער תבואה נאָר פאר א באשטימטן פרייז, למשל, דער דינגער דארף געבן דעם בעל הבית צען קערץ ווייץ, אָלץ איינס וויפיל דאָס פעלד וועט ארויסגעבן. זאָגט די משנה, אז איינער איז מקבל א פעלד פון א ייד צי א גוי, צי א כותי (וואָס א כותי איז זע פאָריגן פרק ה' משנה ט') און

החוכר שדה מישראל תורם ונותן לו. אָמר ר׳ יהודה, אימתַי בזמן שנותן לו מאותה השדה ומאותו המין, אבל נתן לו משדה אחרת או ממין אחר, מעשר ונותן לו.

ב. החוכר שדה מן הנכרי מעשר ונותן לו. ר׳ יהודה אומר, אף המקבל שדה אבותיו מן הנכרי מעשר ונותן לו.

ג. כהן ולוי שקבלו שדה מישראל, כשם שחולקין בחולין כך חולקין

---

דארף זיי געבן זייער דריטל תבואה, מעג ער זיי געבן זייער חלק, און דארף ניט אַראָפּ־נעמען פריער די תרומה און מעשרות (אזוי זאָגט דער תוספת יום טוב). דער טעם איז, ווייל זייער חלק איז זייערס און ער, דער דינגער־מקבל, האָט ניט קיין שייכות מיט זייער חלק, און ער איז דעריבער ניט־פאראנטוואָרטליך וואָס מיט דער תבואה וועט געשען בנוגע תרומה און מעשרות. החוכר, אז איינער נעמט אין ארענדע א פעלד פון א ייד (צו באצאָלן דעם בעל הבית א געוויסע צאָל קערץ תבואה פאר דער ארענדע), דארף ער אפשיידן תרומה און אים געבן. די משנה וויל זאָגן, אז תרומה דארף ער אָפּשיידן פון דער תבואה, וואָס ער גיט צים בעל הבית, ווייל בכלל טאָר מען ניט ארויסנעמען תבואה פון שייער איידער מען נעמט אראָפּ תרומה. אָבער קיין מעשר דארף ער ניט אראָפּנעמען, ווייל די דאָזיקע תבואה געהערט צום בעל הבית פון אָנהויב אָן און ער דארף ניט מעשר׳ן פרעמדע תבואה. אָמר, האָט ר׳ יהודה געזאָגט: ווען איז דאָס (דער דין אז מען דארף ניט אראָפּנעמען מעשר)? ווען דער דינגער־חוכר גיט דעם בעל הבית די תבואה פון דעמזעלבן פעלד און דעמזעלבן מין (אויב ער האָט פארזייט, למשל, ווייץ, גיט ער אים ווייץ, וואָס איז געוואקסן אין געדינגענעם פעלד), אָבער אויב ער האָט אים געגעבן פון אן אנדער פעלד אָדער פון אן אנדער מין (אפילו וואָס איז געזייט געוואָרן אין זעלבן פעלד), דארף ער יאָ פריער אָראָפּנעמען מעשר (פון דער תבואה) און ער גיט אים (דעם בעל הבית), ווייל אז ער גיט פון אן אנדער פעלד אָדער פון אן אַנדער מין, הייסט עס, אז די תבואה איז געווען צוערשט זיינע, דעם דינגערס, דעם חוכר׳ס, און ער באצאָלט מיט דער תבואה א חוב, וואָס ער איז שולדיג צום בעל הבית, און מען טאָר ניט ארויסגעבן קיין תבואה, וואָס איז ניט גע־מעשר׳ט.

ב. החוכר, אז איינער נעמט אין ארענדע א פעלד פון א גוי (צו באצאָלן אים א באשטימטער צאָל תבואה), דארף ער (צוערשט) מעשרן (די (תבואה) און דערנאָך זי געבן אים (דעם גוי). דער ירושלמי זאָגט, אז דאָס האָט מען איינגעפירט כדי מען זאָל ביי א גוי ניט נעמען אין חכירה־ארענדע פעלד אין ארץ ישראל, און דער גוי וועט דעריבער מוזן דאָס פעלד צוריק פארקויפן צו יידן. די דאָזיקע חומרא האָט מען איינגעפירט פאר א חוכר, אָבער ניט פאר איינעם, וועלכער נעמט אין ארענדע דאָס פעלד אלס מקבל, ווי מיר האָבן געלערנט פריער אין משנה א׳, ווייל דער גוי וויל לי־בערשט אוועקגעבן אין ארענדע פאר א באשטימטער צאָל תבואה און ניט פאר א טייל אין דער אראָפּגענומענער תבואה, ווי עס איז מיט א מקבל. ר׳ יהודה זאָגט, אז אויך ווען איינער נעמט אין ארענדע (אלס מקבל) זיין עלטערנס פעלד פון א גוי (וועלכער האָט עס צוגעגזלט פון דעם יידישן מקבל׳ס עלטערן) דארף ער (צוערשט) מעשרן און געבן אים (דעם טייל תבואה). ביי א פעלד, וואָס האָט געהערט צו דעם מקבל׳ס על־טערן, האלט ר׳ יהודה, אז מען איז דערביי נאָכמער מחמיר, און אפילו ווען ער איז ניט קיין חוכר נאָר א מקבל דארף ער צוערשט אראָפּנעמען מעשר פון דעם טייל תבואה, וואָס ער דארף געבן דעם גוי; מחמת דאָס וועט ווירקן אויף דעם מקבל, אז ער זאָל אָפּקויפן דאָס פעלד פון גוי.

ג. כהן, אז א כהן אָדער א לוי האָבן גענומען אין ארענדע א פעלד פון א ישראל (און זיי דארפן דעם ישראל געבן פאר דער ארענדע א טייל תבואה, למשל א העלפט

**בתרומה. ר׳ אליעזר אומר, אף המעשרות שלהן, שעל מנת כן באו.**

**ד. ישראל שקבל מכהן ומלוי, המעשרות לבעלים. ר׳ ישמעאל אומר, הקרתני שקבל שדה מירושלמי, מעשר שני של ירושלמי. וחכמים אומרים, יכול הוא הקרתני לעלות ולאכלו בירושלם.**

**ה. המקבל זיתים לשמן, כשם שחולקין בחולין כך חולקין בתרומה.**

---

צי א דריטל), איז פונקט ווי זיי טיילן זיך מיט דעם חולין (איינפאכע תבואה, ניט תרומה און ניט מעשר) אזוי דארפן זיי זיך טיילן מיט דער תרומה. **דער כהן צי דער לוי קאָנען ניט טענה׳ן צום ישראל: „אזוי ווי דו מוזט דאָך סיי ווי אוועקגעבן די תרומה און מעשרות פון דיין חלק צו א כהן און א לוי, גיב זיי צו אונז׳׳; מחמת דער ישראל האָט דאָס רעכט צו נעמען דעם טייל תרומה (און די משנה מיינט דאָ אויך מעשרות), וואָס קומט פון זיין חלק תבואה און געבן צו וועלכן כהן אָדער לוי ער וויל.** ר׳ אליעזר זאָגט, אז אויך די מעשרות (דאָס מיינט די תרומה און די מעשרות) געהערן צו זיי (צום כהן און לוי, די ארענדאטאָרן), ווייל אויף דעם תנאי (אז זיי זאָלן נעמען די גאנצע תרומה ומעשרות) זענען זיי אריין (אין פעלד און עס גדינגען אין ארענדע). **דער ירושלמי זאָגט, אז ר׳ אליעזר מיינט ניט, אז זיי האָבן בפירוש זיך אזוי אויסגענומען, נאָר ער מיינט, אז מען פארשטייט אליין, אז דאָס איז געווען זייער כוונה, און ממילא איז עס אזוי ווי זיי וואָלטן בפירוש אריינגעשטעלט אין אָפּמאַך, אז די תרומה און מעשרות געהערן צו זיי.**

ד. ישראל, אז א ישראל נעמט אין ארענדע א פעלד פון א כהן אָדער פון א לוי (צו געבן זיי א טייל פון דער תבואה) געהערן די מעשרות (אויך די תרומה) צו די בעלי הבתים פון פעלד (צו דעם כהן און לוי). **די מפרשים זאָגן, אז אין דעם פאל זענען מודה אויך די חכמים, וואָס זענען מחולק מיט ר׳ אליעזר אין דער פריערדיקער משנה; ווייל דאָס פעלד געהערט דאָך צום כהן און לוי, האָבן זיי זיכער געהאט די כוונה ביים אוועקדינגען דאָס פעלד, אז זיי לאָזן איבער פאר זיך דאָס רעכט צו נעמען די תרומה און מעשרות.** ר׳ ישמעאל זאָגט, אז א פראָווינצער נעמט אין ארענדע א פעלד פון אן איינוואוינער אין ירושלים, געהערט דער מעשר שני (פון דער תבואה פון דעם פעלד) צום ירושלימער איינוואוינער (דעם בעל הבית פון פעלד). **ווייל מעשר שני מעג מען דאָך עסן נאָר אין ירושלים הייסט עס, אז דער בעל הבית האָט זיך איבערגעלאָזט דאָס רעכט צוצונעמען דעם מעשר שני, וואָס ער, וואוינענדיק אין ירושלים, קאָן עס עסן.** וחכמים, אָבער די חכמים זאָגן (אז דער מעשר שני געהערט ניט צום ירושלימער בעל הבית, ווייל) דער פראָווינצער קאָן דאָך ארויפגיין (און אוועקפירן דעם מעשר שני) און אים עסן אין ירושלים. **ממילא האָט דער ירושלימער ניט מער קיין רעכט צום מעשר שני ווי דער פראָווינצער. דאָס וואָרט „הקרתני׳׳, האָבן מיר איבערזעצט „פראָווינצער׳׳, איינער וואָס וואוינט אויסער ירושלים. דאָס איז פון „קרת׳׳ אין לשון קודש, אָדער „קרתא׳׳ אין אראמעאיש, וואָס איז דער טייטש א שטאָט, כאָטש עס איז שווער צו זאָגן, ווי אזוי קאָן דאָס וואָרט באצייכנען דוקא א „פרווינצער׳׳. לויט דער מיינונג פון ברטנורא איז „קריה׳׳ דער טייטש א „דאָרף׳׳, און אזוי איז אין אראביש „קראיא׳׳ א דאָרף.**

ה. המקבל אז איינער נעמט אין ארענדע איילבירטן־ביימער, כדי צו מאכן (פון די אראָפּגעריסענע איילבירטן) אייל (און פון דעם אייל צו געבן א טייל דעם בעל הבית), איז אזוי ווי זיי טיילן זיך מיט דעם חולין (מיט דעם אייל, וואָס בלייבט נאָכדעם ווי מען נעמט פון אים אראָפּ די תרומה און מעשרות) אזוי טיילן זיי זיך מיט דער תרומה (און מעשרות). דער רמב״ם טייטשט, **אז די משנה מיינט דאָ סיי א ישראל האָט געדינגען די איילבירטן־ביימער פון א כהן אָדער א לוי און סיי א כהן אָדער א לוי האָט געדינגען פון א ישראל, די משנה זאָגט דאָ, אז כאָטש אין דאָזיקן**

**ר׳ יהודה אומר, ישראל שקבל מכהן ומלוי זיתים לשמן למחצית שכר, המעשרות לבעלים.**

**ו. בית שמאי אומרים, לא ימכור אדם זיתיו אלא לחבר. בית הלל אומרים, אף למעשר. וצנועי בית הלל היו נוהגין כדברי בית שמאי.**

**ז. שנים שבצרו את כרמיהם לתוך גת אחת, אחד מעשר ואחד**

---

פרק משנה ד׳ האָבן מיר געלערנט, אז א ישראל דינגט פון אכהן אָדער א לוי א פעלד געהערן די תרומה און מעשרות צו דעם פעלד־בעל הבית, אָבער ביימער האָבן ניט דעם דין ווי פעלד, און עס הייסט ווי זיי האָבן סחורה בשותפות, און דעריבער איז אלץ שותפות, אויך די תרומה און מעשרות. דאָס וואָרט תרומה דאָ מיינט אויך מעשרות. ר׳ יהודה זאָגט, אז א ישראל נעמט אין ארענדע פון א כהן איילבירטן־ביימער צו מאכן פון די איילבירטן אייל פאַר א העלפט פון פאַרדינסט (צו צעטיילן זיך מיטן פאַר־דינסט גלייך אויף גלייך) געהערן די מעשרות צו די בעלי בתים (פון די איילבירטן־בוימער). דער ירושלמי זאָגט, אז ר׳ יהודה׳ס טעם איז, ווייל ער האלט, אז איילבירטן־ביימער האָבן יא דעם דין ווי פעלד. טייל זענען גורס ניט „לשמן למחצית שכר״, נאָר „לשמן או למחצית שכר״ („אויף צו מאכן אייל, אָדער פאַר א העלפט פון פאַר־דינסט״).

ו. בית שמאי זאָגן, אז א מענטש זאָל ניט פאַרקויפן זיינע איילבירטן נאָר צו א „חבר״. די בית שמאי האלטן, אז מען טאָר ניט דערלאָזן, גורם זיין, אז עסנווארג אין ארץ ישראל זאָל טמא ווערן, און ווי מיר האָבן שוין געשריבן פריער אין דמאי פרק ב׳ משנה ג׳ איז נור דער, וואָס האָט געהייסן „חבר״, געווען אָפּגעהיטן אין ארץ ישראל אין די ענינים פון טומאה און טהרה. אויב מען וועט געבן די איילבירטן ניט צו קיין חבר איז מורא צו האָבן, אז ער וועט זיי מטמא זיין. בית הלל זאָגן, אז (מען מעג פאַרקויפן) אויך צו איינעם, וועלכער איז מעשר. די בית הלל האלטן ניט, אז מען טאָר ניט גורם זיין אז עסנווארג אין ארץ ישראל זאָל טמא ווערן; דעריבער אויב מען ווייסט אז דער קויפער מעשר׳ט כאָטש ער איז ניט קיין „חבר״ און איז ניט אָפּגע־היטן אין טומאה און טהרה, מעג מען אים פאַרקויפן. וצנועי, און די צנועים (די זייער פרומע) פון די בית הלל האָבן זיך נוהג געווען ווי די בית שמאי. די גאנצע משנה איז זייער שווער; פאַרוואָס איז גראד די מחלוקה פון די בית שמאי און בית הלל וועגן איילבירטן? פאַרוואָס ניט וועגן סתם עסנווארג? דער „תוספות אנשי שם״ זאָגט, אז ווייל פון איילבירטן דריקט מען ארויס דעם בוימעל, ווערט דאָך עס פליסיקייט און עס קאָן דעריבער לייכטער ווערן טמא (משקה ווערט טמא אָן באַגרענצונג); אָבער אנ־דערע פרוכטן קען דאָך זיין, אז מען וועט זיי ניט נאַס מאכן און מען וועט זיי עסן טרוקענערהייט, און עסנווארג איידער עס ווערט נאַס (פאַר „הכשרה״) קאָן ניט אָננעמען קיין טומאה, ווי מיר האָבן געשריבן פריער פרק ב׳ משנה ג׳.

ז. שנים, אז צוויי מענטשן האָבן אָפּגעשניטן די ווינטרויבן, פון זייערע גערט־נער, (און אריינגעוואָרפן די ווינטרויבן) אין איין ווינקעלטער (צו מאכן ווין), און איינער (פון זיי) מעשר׳ט און דער אנדערער מעשר׳ט ניט, זאָל דער וואָס מעשר׳ט אָפּשיידן מעשר פון זיינס און ער קאָן נעמען זיין חלק אין יעדן אָרט. ווי מיר האָבן שוין געלערנט פריער, טאָר מען ניט פאַרקויפן אָדער אוועקגעבן ניט־געמעשר׳טע פרוכטן צו איינעם, וועלכער מעשר׳ט ניט. אין פאַל פון די דאָזיקע צוויי מענטשן, וועלכע האָבן אריינגעלייגט זייערע ווינטרויבן אין איין ווינקעלטער און געמאכט ווין, קומט דאָך אויס, אז ביים צעטיילן זיך מיטן ווין נעמט דאָך דער, וואָס מעשר׳ט, ניט דוקא דעם ווין פון זיינע אייגענע ווינטרויבן, ווארום עס איז דאָך אויסגעמישט. הייסט דאָך, אז דער „מעשר׳ער״ גיט צו דעם אנדערן, וועלכער מעשר׳ט ניט, א טייל פון זיי־נע ווינטרויבן, וואָס זענען ניט געמעשר׳ט. לויט דעם ערשטן בליק אויף דער משנה

**שאינו מעשר, המעשר מעשר את שלו, וחלקו בכל מקום שהוא.**

**ח. שנים שקבלו שדה באריסות, או שירשו, או שנשתתפו, יכול הוא לומר לו, טול אתה חטים שבמקום פלוני ואני חטים שבמקום פלוני, אתה יין שבמקום פלוני ואני יין שבמקום פלוני; אבל לא יאמר לו, טול אתה חטים ואני שעורים, טול אתה יין ואני (אטול) שמן.**

**ט. חבר ועם הארץ שירשו את אביהם עם הארץ, יכול הוא לומר לו, טול אתה חטים שבמקום פלוני ואני חטים שבמקום פלוני, אתה**

קאָן מען מיינען, אז די משנה לערנט, אז מען דאַרף דערפאַר ניט מורא האָבן, און אז דער „מעשר׳ער" מעג נעמען זיין חלק ווייַן און אראָפּנעמען דערפון דעם מעשר און ניט קימערן זיך וועגן דעם צווייטנס חלק. **אָבער דער ירושלמי טייטשט איין די משנה, אז דער „מעשר׳ער" דאַרף אפשיידן פון זיין אייגענעם חלק תרומה און מעש־רות, ווי פון ריכטיקן טבל, און ער דאַרף אויך אפשיידן פאַר דעם אנדערענ׳ס חלק מעשרות, אזוי ווי פון דמאי. אזוי טייטשט אויך דער רמב״ם.**

ח. שנים, צווי מענטשן, וועלכע האָבן גענומען א פעלד אין ארענדע, אָדער זיי האָבן גע־ירשנ׳ט א (פעלד), אָדער זיי האָבן א (פעלד) בשותפות (און עס קומט צום צוטיילן זיך מיט דער תבואה און פרוכטן), קאָן איינער זאָגן צום צווייטן: „נעם דו דעם ווייץ פון יענעם אָרט (אין פעלד) און איך וועל נעמען דעם ווייץ אין דעם אָרט; נעם דו דעם ווייַן (ווייַנטרויבן, אָדער שוין געמאַכטן ווייַן) אין יענעם אָרט, און איך וועל נעמען דעם ווייַן אין דעם אָרט". אָבער ער זאָל אים ניט זאָגן: „נעם דו ווייץ און איך וועל נעמען גערשטן; נעם דו ווייַן און איך וועל נעמען אייל". **דער רמב״ם טייטשט די משנה אז דאָ גייט ניט וועגן תרומות ומעשרות, נאָר סתם וועגן דיני ממונות, וועגן דעם, צי איין שותף קאָן צווינגען דעם צווייטן ווי אזוי דאָס צעטיילן זיך זאָל פאָרקומען. און דאָס וואָס די משנה ווערט געבראַכט דאָ, אין מסכת דמאי, איז עס צוליב דער קומענדיקער משנה, וואו עס גייט שוין יאָ וועגן תרומות און מעשרות. די אנדערע מפרשים (ברטנורא און אויך דער „תפארת ישראל" טייטשן, אז די צווי שותפים אָדער יורשים זענען איינער א חבר (וועלכער מעשר׳ט) און דער צווייטער א עם הארץ (וועלכער מעשר׳ט ניט), און אויב ביים טיילן זיך נעמט דער חבר ווייץ און דער עם הארץ ווייץ, מעג דער חבר עס טאָן, כאָטש ער מעשר׳ט ניט פריער דעם עם הארץ׳ס חלק; מחמת דער חבר האָט ניט קיין שייכות צום עם הארץ׳ס חלק. אָבער אויב דער חבר נעמט ווייץ און דעם עם הארץ גערשטן, הייסט עס שוין ווי א „פאַר־קויף", מחמת אין דעם עם הארץ׳ס גערשטן איז דאָך פאַראַן א טייל גערשטן, וואָס האָט געהערט צום חבר נאָר ער האָט עס אוועקגעגעבן צום עם הארץ און באַקומען דערפאַר ווייץ; און מען טאָר ניט פאַרקויפן צו א עם הארץ ניט־געמעשר׳טע זאַכן.**

ט. חבר, אז א חבר און א עם הארץ האָבן גע־ירשנ׳ט זייער פאָטער א עם הארץ, מעג ער (דער חבר) זאָגן צו אים (צום עם הארץ): „נעם דו ווייץ אין יענעם אָרט, און איך וועל נעמען ווייץ אין דעם אָרט; נעם דו ווייַן אין יענעם אָרט און איך וועל נעמען ווייַן אין דעם אָרט". אָבער ער טאָר אים ניט זאָגן: „נעם דו ווייץ און איך וועל נעמען גערשטן, נעם דו די פייכטע (עסנוואַרג) און איך וועל נעמען די טרוקענע". **די ווייץ און גערשטן און אנדערע עסנוואַרג, וואָס זענען געבליבן פון דעם פאָטער דעם עם־הארץ, וועלכער איז ניט געווען אָפּגעהיטן אין מעשר און אויך ניט אין טומאה און טהרה, געהערן צו די צווי קינדער, דעם חבר און דעם עם הארץ. איז אויב ביים טיילן זיך נעמט יעדער פון זיי פון זעלבן מין, דער חבר ווייץ און דער עם הארץ ווייץ, הייסט עס, ווי אין דער פריערדיקער משנה, אז יעדער האָט גענומען זיין חלק, און דער חבר דאַרף זיך ניט קימערן וועגן דעם חלק וואָס דער עם הארץ באַקומט. אָבער ווען ביים טיילן זיך נעמט דער חבר ווייץ און דער עם הארץ גערשטן, הייסט עס, א**

**ייִן שבמקום פלוני ואני ייִן שבמקום פלוני; אבל לא יאמר לו, טול אתה חטים ואני שעורים, טול אתה הלח ואני (אטול את) היבש.**

**י. גר וגוי שירשו את אביהם גוי, יכול הוא לומר, טול אתה עבודה זרה ואני מעות, אתה ייִן ואני פירות. ואם משבאו לרשות הגר—אָסור.**

**יא. המוכר פירות בסוריאָ ואָמר „משל ארץ ישראל הן‟, חייב לעשר; „מעושרין הן‟ — נאמן, שהפה שאָסר הוא הפה שהתיר. „משלי**

---

שטייגער ווי דער חבר האָט „פאַרקויפט‟ דעם עם הארץ זיין חלק גערשטן, וואָס איז ניט געמעשר׳ט, און דאָס טאָר מען ניט. דאָסזעלבע איז אויך מיט „פייכטע‟ עסנוואַרג און „טרוקענע‟, ווייל „פייכטע‟ קאָנען אויפנעמען טומאה (ווי מיר האָבן שוין גע־שריבן פריער אין משנה ו׳), און אויב דער חבר גיט דעם הארץ די „פייכטע‟ און נעמט זיך די „טרוקענע‟, הייסט עס ווי פאַרקויפט, און מען טאָר ניט פאַרקויפן צו א עם הארץ „פייכטע‟ (און אויך ניט טרוקענע עסנוואַרג) ווי עס לערנט די משנה אין דמאי פרק ב׳ משנה ג׳, כדי ניט גורם צו זיין טומאה צו עסנוואַרג.

י. גר, א גר און א גוי (צוויי ברידער), וועלכע האָבן גע׳ירשנ׳ט זייער פאָטער א גוי, מעג (דער גר) זאָגן (צום ברידער דעם גוי): „נעם דו די עבודה זרה און איך וועל נעמען דאָס געלד, נעם דו ווייַן און איך וועל נעמען פרוכט„; אָבער אויב ער (דער גר) האָט שוין גֿעהאַט גענומען אין זיין רשות (די עבודה זרה און דעם ווייַן), טאָר ער ניט (אויסטוישן מיטן ברודער אויף געלד און אויף פרוכטן). **דער דין איז, אז פון עבודה זרה, א געצן־בילד, צי פון אן אנדער חפץ, צו וועלכן מען דינט אלס צו אן אָפּ־גאָט, טאָר מען ניט קיין הנאה האָבן. מען טאָר אויך ניט קיין הנאה האָבן פון ווייַן פון א גוי, יין נסך, ווייל עס קאָן זיין, אז מען האָט אים מנסך־געווען, געגאָסן פאַר דער עבודה זרה. זאָגט די משנה, אז איידער דער גר און זיין ברודער דער גוי האָבן זיך צעטיילט מיט דער ירושה, מעג דער גר זאָגן צום גוי, אז דער גוי זאָל נעמען די עבודה זרה און דעם ווייַן (דעם יין נסך) וואָס איז געבליבן פון פאָטער, און ער, דער גר, וועט נעמען פאַר זיין חלק דאָס געלד און די פרוכטן, וועלכע זענען געבליבן פון פאָטער. די מפרשים זאָגן, אז עס איז ניט גלייך צו דער פריערדיקער משנה ט׳, ווייל דאָ האַנדלט זיך וועגן א גר, און דער דין פון דער תורה איז, אז א גר הייסט ניט קיין זון פון זיין פאָטער און אים קומט ניט קיין ירושה, (מדאורייתא, אָבער מדרבנן קומט אים), און ממילא איז דאָס געלד און די פרוכטן ניט קיין טייל ירושה, קיין אויסטויש פאַר דער עבודה זרה און פאַר דעם ווייַן, נאָר עס איז סתם א מתנה; עס הייסט דערי־בער ניט, אז ער האָט פאַרקויפט זיין חלק אין דער עבודה זרה און אין דעם ווייַן און באַקומען דערפאַר געלד און פרוכטן און הנאה געהאַט דערפון. אָבער אויב זיי האָבן זיך שוין געהאַט צוטיילט מיט דער ירושה און אין גר׳ס חלק איז אויסגעקומען די עבודה זרה און דער ווייַן, טאָר ער זיך ניט טוישן מיטן ברודער אויף געלד און אויף פרוכטן, ווייל דאָס הייסט שוין „פאַרקויפט‟ און הנאה געהאַט פון עבודה זרה און יין נסך.**

י״א. המוכר, אז איינער פאַרקויפט פרוכטן אין סוריא, און זאָגט, אז זיי זענען פון ארץ ישראל, דאַרף (דער קויפער די פרוכטן) מעשר׳ן; אויב (דער פאַרקויפער) זאָגט, אז זיי זענען געמעשר׳ט, איז ער באַגלויבט, ווייל דאָס זעלבע מויל, וואָס האָט גע׳־אסרט (וואָס האָט געזאָגט, אז זיי זענען פון ארץ ישראל) דאָסזעלבע מויל האָט מתיר געמאַכט. **סוריא איז דאָס לאַנד וואָס ליגט אויף דער גרעניץ פון צפון ארץ־ישראל, און הייסט היינט „סיריע‟. צוליב דעם, וואָס דוד המלך האָט געהאַט איינגענומען סוריא (וואָס האָט דעמאָלס געהייסן „ארם‟), איז אָנגענומען געוואָרן, אז כאָטש סוריא איז ניט אזוי הייליק ווי ארץ ישראל, אָבער א געוויסע מאָס הייליקייט האָט זי יאָ. למשל, תבואה, וואָס וואַקסט אויף א יידיש פעלד אין סוריא, דאַרף מען מעשר׳ן. אָבער**

**הן״—חייב לעשר; ״מעושרין הן״—נאמן, שהפה שאסר הוא הפה שהתיר. ואם ידוע שיש לו שדה אחר בסוריא, חייב לעשר.**

**יב. עם הארץ שאמר לחבר ״קח לי אגודת ירק, קח לי גלוסקן אחד״**

---

**ווען מען קויפט תבואה אין סוריא פון א עם הארץ, דמאי, דארף מען ניט מעשרן. אויב אבער מען ווייסט, אז דער דמאי שטאמט פון ארץ ישראל, כאטש מען קויפט אים אין סוריא, דארף מען אים יא מעשרן. די משנה לערנט דא, אז אויב א עם הארץ פארקויפט פרוכטן אין סוריא, און ער זאגט, אז זיי זענען פון ארץ ישראל, דארף מען זיי מעשרן. ווי איז אבער אז דערזעלבער עם הארץ זאגט, אז די פרוכטן זענען גע׳מעשר׳ט, איז כאטש, ווען דאס קומט פאר אין ארץ ישראל וואלט מען דאך דעם עם הארץ ניט געגלויבט, אבער דא אין סוריא גלויבט מען אים יא, ווייל ער אליין איז עס דאך געווען וואס האט דורך זיין זאגן (אז זיי זענען פון ארץ ישראל) געמאכט, אז מען זאל זיי דארפן מעשרן, גלויבן מיר אים אויך, ווען ער זאגט, אז זיי זענען גע׳מעשרט. דאס איז דער באקאנטער כלל אין דער משנה און גמרא ״הפה שאסר הוא הפה שהתיר״, ״דאס מויל וואס האט גע׳אסר׳ט איז דאסזעלבע מויל וואס איז מתיר״.** משלי, (אויב דער פארקויפער פון די פרוכטן אין סוריא זאגט): ״זיי זענען פון מיין פעלד״, דארף (דער קויפער) זיי מעשרן (ווייל, ווי מיר האבן געזאגט, דארף מען מעשרן פרוכטן פון א יידיש פעלד אין סוריא); (אויב ער, דער פארקויפער האט דערביי אויך געזאגט): ״זיי זענען געמעשר׳ט״, איז ער באגלויבט, ווייל דאס מויל וואס האט גע׳אסר׳ט איז דאס־זעלבע מויל, וואס האט מתיר געמאכט; אבער אויב מען ווייסט אז ער (דער פארקויפער) האט א פעלד אין סוריא, איז מען מחויב צו מעשרן, **ווייל מען נעמט געווייגליך אן, אז די פרוכטן זענען פון זיין פעלד, און ממילא דארף מען שוין ניט אנקומען צו זיין זאגן, אז די פרוכטן זענען פון זיין פעלד, און ממילא האט דאך ניט ״זיין מויל״, זיין זאגן, געמאכט, אז מען זאל דארפן די פרוכטן מעשרן, און עס איז ניטא מער דער ״הפה שאסר הוא הפה שהתיר״. אין דער משנה צום סוף זענען פאראן עטליכע גירסות. איינע איז ״שיש לו שדה״, אז ער האט א פעלד״; א צווייטע איז ״שדה אחד״, ״איין פעלד״; א דריטע איז ״שדה אחת״ ״איין פעלד״ (אין לשון נקבה); א פירטע איז ״שדה אחר״, ״אן אנדער פעלד״, און וואס מען מיינט דערמיט איז שווער צו זאגן.**

י״ב. עם הארץ, אז א עם הארץ זאגט צו א חבר: ״קויף מיר א בינטל גרינס, קויף מיר איין ברויט״ (און דער חבר דארף קויפן אויך פאר זיך א בינטל גרינס און ברויט), קאן ער קויפן סתם (צוויי בינטלעך גרינס און צוויי ברויטן), און ער איז פטור (פון מעשרן). **ער דארף ניט מעשרן דאס גרינס און ברויט, וואס ער גיט דעם עם הארץ. ווייל מען נעמט אן, אז דאס בינטל גרינס און דער ברויט, וואס ער גיט דעם עם הארץ, איז באלד פון אנהויב אן געווען דעם עם הארץ׳ס, און עס הייסט ניט, ווי עס קומט איצט פאר א צעטיילונג פון די צוויי בינטלעך גרינס און די צוויי ברויטן און ווי מיר האבן פריער געלערנט אין דער משנה וואלט דער חבר אין אזא פאל ניט געטארט געבן צו א עם הארץ ניט גע׳מעשר׳טע עסנווארג.** ואם, אבער אויב ביים קויפן (די בינטלעך גרינס און די ברויטן) האט דער חבר געזאגט: ״דאס איז מיינס, און דאס איז מיין פריינד׳ס (דעם עם הארץ׳ס)״, און זיי האבן זיך אויסגעמישט, מוז ער (איידער ער גיט צום עם הארץ די גרינס און דעם ברויט) אראפנעמען מעשר, אפילו ווען זיי זענען הונדערט, **דאס הייסט, אפילו דעם עם הארץ׳ס איז געווען 100 בינטלעך גרינס און דעם חבר׳ס נור איין בינטל, איז ער מחויב אלץ צו מעשרן. דער טעם איז, ווייל קוים האט ער פריער געזאגט אויף איין בינטל, אז עס איז זיינס, הייסט עס אז ער פארקויפט איצט זיין ניט־גע׳מעשר׳טע עסנווארג צום עם הארץ, און דאס טאר מען ניט, דעם דאזיקן טייטש פון דער משנה ברענגט דער ברטנורא, און ער גיט צו, אז אין ירושלמי איז פאראן אן אנדער פירוש, דהיינו, אז דא מיינט מען, דאס דער גרינס־**

—לוקח סתם ופטור. ואם אָמר „שלי זה, וזה של חברי״ ונתערבו — חייב לעשר, ואפילו הן מאה.

## פרק ז.

א. המזמין את חברו שיאכל אצלו, והוא אינו מאמינו על המעשרות, אומר מערב השבת: „מה שאני עתיד להפריש מחר הרי הוא מעשר, ושאר מעשר סמוך לו; זה שעשיתי מעשר עשוי תרומת מעשר עליו, ומעשר שני בצפונו או בדרומו ומחולל על המעות״.

---

**פאַרקויפער איז אויך אַ חבר, וועלכער פאַרקויפט ניט צו אַ עם הארץ ניט גע׳מעשר׳ט. די משנה לערנט דאָ אַזוי: אויב דער חבר־קויפער זאָגט צום חבר־פאַרקויפער, אַז דאָס איז פאַר אַ עם הארץ, דאַרף דער חבר־קויפער ניט מעשר׳ן, ווייל דער חבר־פאַרקויפער האָט שוין גע׳מעשר׳ט, וויסנדיק אַז עס איז פאַר אַ עם הארץ. אויב אָבער דער חבר־קויפער האָט בפירוש געקויפט איינס פאַר זיך און איינס פאַר דעם עם הארץ, און אַזוי ווי פון דעם „גרינס פאַר זיך״ האָט דאָך דער חבר־פאַרקויפער ניט גע׳מעשר׳ט, וויסנדיק אַז דאָס קויפט אַ חבר, וועלכער וועט שוין אַליין מעשר׳ן, און די בינטלעך גרינס האָבן זיך אויסגעמישט, מוז דער חבר־קויפער מעשר׳ן, און אפילו זיינס איז געווען נור איינס און דעם עם הארץ׳ס הונדערט. ווייל עס איז אַ דין, אַז „דבר שיש לו מתירין אפילו באלף לא בטל״, אַ זאַך, וואָס מען קאָן מתיר מאַכן ווערט ניט בטל אפילו צווישן טויזנט, און דאָס ניט־גע׳מעשר׳טע קאָן מען דאָך מתיר מאַכן דורך מעשרן. דאָס וואָרט „גלוסקא״, „אַ לאַבן ברויט״, ווערט געבראַכט עטליכע מאָל אין משנה און גמרא. ר׳ בנימין מוספיא אין „מוסף הערוך״ מיינט, אַז דאָס איז דאָס גרי־כישע וואָרט „קאָליקס״, „קיילכיק ברויט״.**

## פרק ז.

א. המזמין, אַז איינער לאַדעט־איין זיין פריינד צו עסן ביי אים (שבת), און ער (דער גאַסט) גלויבט ניט דעם בעל הבית אין מעשרות, זאָל ער (דער גאַסט) זאָגן פרייטאָג: „וואָס איך וועל אַראָפּנעמען מאָרגן זאָל הייסן מעשר, און דער רעשט מעשר זאָל זיין לעבן אים; דאָס, וואָס איך האָב פריער צום ערשט אָנגערופן מעשר זאָל זיין תרומת מעשר אויף אים (אויף דעם גאַנצן מעשר), און דער מעשר שני זאָל זיין אין זיין צפון זייט אָדער אין זיין דרום זייט און ער (דער מעשר שני) זאָל זיין אויסגע־טוישט אויף געלט. **די דאָזיקע משנה איז כמעט אינגאַנצן דיזעלבע וואָס די משנה פריער פרק ה׳ משנה א׳, און וועלכע מיר האָבן דאָרט דערקלערט. זאָל דער לערנער נאָכאַמאָל דאָרט דורכקוקן, וואָס מיר האָבן געזאָגט, און ער וועט פאַרשטיין לייכט אויך די איצטיקע משנה. דאָ לערנט די משנה, אַז אַזוי ווי דער דין איז, אַז מען טאָר אים שבת ניט מעשר׳ן און אַזוי ווי דער גאַסט, וועלכער גלויבט ניט זיין בעל הבית בנוגע מעשרות, וועט דאָך אים שבת דאַרפן עסן דמאי; זאָגט די משנה, אַז מען האָט מתיר געמאַכט, אַז ער זאָל אַ „נאָמען געבן״, „קורא שם זיין״, שוין אים פריי־טאָג, און ער זאָל זאָגן אַז אַ הונדערטסטל טייל עסן אָדער טרינקען וואָס ער וועט באַ־שטימען אים שבת ביי דער סעודה, זאָל ווערן—מעשר, און דער רעשט 9 הונדערט־סטלעך מעשר זאָלן זיין לעבן אים, און דער דאָזיקער הונדערטסטל מעשר זאָל ווערן תרומת־מעשר (און דאָס וועט ער איבערלאָזן, ניט עסן, אָדער פאַרניכטן, ווי טייל מפרשים מיינען, ווייל אַלס ישראל טאָר ער דאָך ניט עסן קיין תרומת מעשר), און פאַר דעם מעשר שני באַשטימט ער אַן אָרט אין צפון אָדער אין דרום פון דעם עסנוואַרג, און ער טוישט ער אויס אויף געלד. ממילא קאָן ער שוין אַלץ עסן, אַ חוץ דעם קליינעם טייל תרומת מעשר, וואָס ער מוז איבערלאָזן אָדער פאַרניכטן; תרומה דאַרף ער ניט אָפּשיידן, ווייל אויך עמי הארצים שיידן אָפּ תרומה, און דעריבער איז ער זיכער, אַז תרומה האָט דער בעל הבית אָפּגעשיידט. איצט קומט די משנה און לערנט, וואָס דאַרף**

ב. מזגו לו את הכוס, אומר: „מה שאני עתיד לשייר בשולי הכוס הרי הוא מעשר, ושאר מעשר סמוך לו; זה שעשיתי מעשר עשוי תרומת מעשר עליו, ומעשר שני בפיו ומחולל על המעות״.

ג. פועל שאינו מאמין לבעל הבית נוטל גרוגרת אחת ואומר: „זו ותשע הבאות אחריה עשויות מעשר על תשעים שאני אוכל, זו עשויה תרומת מעשר עליהן, ומעשר שני באחרונה ומחולל על המעות״, וחושך גרוגרת אחת. רבן שמעון בן גמליאל אומר, לא יחשוך, מפני שהוא

---

**דער גאַסט טאָן שבת ביי דער סעודה, און די משנה זאָגט:**

ב. מזגו, ווען מען האָט אים דעם גאַסט, ביי דער סעודה אים שבת אָנגעגאָסן דעם כוס (וויין, און דאָסזעלבע איז אויך מיט די אנדערע עסנווארג) זאָל ער זאָגן: „דאָס וואָס איך וועל איבערלאָזן אויפן דנאָ פון כוס א הונדערטסטל—זאָל זיין מעשר, און דער רעשט (ניין הונדערטסטלעך) מעשר זאָל זיין נעבן אים; דאָס (הונדערטסטל), וואָס איך האָב געמאכט מעשר, זאָל ווערן תרומת מעשר אויף אים, און דער מעשר שני איז אין מויל (פון כוס) און ער ווערט אויסגעטוישט אויף געלד״. **ממילא קאָן ער שוין טרינקן דעם גאנצן כוס וויין, און איבערלאָזן נור דאָס הונדערטסטל תרומת מעשר, וואָס ער טאָר, אלס ישראל, ניט טרינקן. די מפרשים זאָגן, אז דעריבער דאַרף ער שבת ביי דער סעודה נאכאמאָל זאָגן דאָס וואָס ער האָט שוין געזאָגט פרייטאָג, ווייל אים פרייטאָג איז דאָך דאָס עסן נאָכניט געווען זיינס, און זיינס איז עס ערשט געוואָרן ביי דער סעודה, דעריבער מוז ער איצט נאכאמאָל א „נאָמען געבן״ דעם מעשר און תרומת מעשר און דעם מעשר שני. און דאָס וואָס ער האָט געזאָגט פרייטאָג, איז עס געווען, כדי ער זאָל מעגן שבת זאָגן נאָכאמאָל, ווייל אויב ניט, טאָר מען אים שבת ניט א „נאָמען געבן״ תרומה און מעשרות. מיט „מויל פון כוס״ מיינט מען „אין דער הויך״, ביי דער עפנונג, וואו מען טרינקט.**

ג. פועל אז אן ארבייטער (וואָס עסט ביים בעל הבית) גלויבט ניט דעם בעל הבית (אז ער שיידט אָפּ מעשרות, און ער עסט ביי אים טרוקענע פייגן), נעמט ער איין טריקענע פייג (פון הונדערט פייגן וואָס ער עסט) און זאָגט: „די דאָזיקע (פייג) און די ניין (פייגן) וואָס קומען נאָך איר זענען מעשר אויף די ניינציג וואָס איך עס; די דאָזיקע פייג זאָל זיין תרומת מעשר אויף זיי (אויף די ניין פייגן); און דער מעשר שני קומט דערנאָך, און ער ווערט אויסגעטוישט אויף געלד״. **די דאָזיקע משנה איז אייגנט־ליך דיזעלבע וואָס די פריערדיקע משנה, און עס איז אלץ דערזעלבער וועג, ווי אזוי מען זאָל מעגן עסן אלץ אחוץ איין הונדערטסטל, וואָס איז תרומת מעשר און וואָס א ישראל טאָר ניט עסן. דאָ איז דאָס הונדערטסטל איין פייג, ווארום אויך די ניין פייגן מעשר מעג ער עסן, ווייל א ישראל מעג עסן מעשר; און אויך דעם מעשר שני מעג ער עסן, ווייל ער איז דאָך אויסגעטוישט געוואָרן אויף געלד.** וחושך, און ער מיידט אויס (עסט ניט) איין פייג. **דאָס איז די פייג, וואָס ער האָט געמאכט תרומת מעשר. דאָס וואָרט „חושך״ איז פאראן אין תנ״ך און איז דער טייטש „אויסמיידן״. עס הייסט, אז אנשטאט הונדערט טרוקענע פייגן עסט דער ארבייטער נאָר ניין און ניינציג פייגן.** ר׳ שמעון בן גמליאל זאָגט, אז ער זאָל ניט אויסמיידן (ער זאָל יאָ עסן די הונדערטסטע פייג, אָבער ניט די תרומת־מעשר־פייג נאָר ער זאָל קויפן פאר זיין אייגן געלט א פייג און עסן), ווייל (דורך ניט דערעסן) פארקלענערט ער די ארבייט פון (וואָס קומט דעם) בעל הבית. **טייל מפרשים ווי דער ר״ש און אנדערע טייטשן, אז דורך ניט עסן גענוג וועט דער ארבייטער זיין הונגעריג און ער וועט ניט קאָנען ווי געהעריק ארבייטן. אָבער אנדערע מפרשים פרעגן, צי צוליב ניט דערעסן איין פייג פון הונדערט וועט דער ארבייטער זיין הונגעריק? זיי טייטשן דעריבער ווי דער רמב״ם, אז דאָס וואָרט „וחושך״ מיינט מען „פעלן״, אראָפּנעמען, און אז די סתם משנה האלט, אז דערפאר**

**ממעט מלאכתו של בעל הבית. ר׳ יוסי אומר, לא יחשוך, מפני שהוא תנאי בית דין.**

**ד. הלוקח יין מבין הכותים אומר: „שני לוגין שאני עתיד להפריש הרי הן תרומה, ועשרה מעשר (ראשון), ותשעה מעשר שני״, מיחל ושותה.**

---

וואָס דער ארבייטער האָט אראָפּגענומען פון זיינע 100 פייגן איין פייג אלס תרומת מעשר, מעג ער אראָפּנעמען פון בעל הבית׳ס פייגן נאָך איין פייג, צוזאמען 101; און ר׳ שמעון בן גמליאל זאָגט, אז ער טאָר עס ניט טאָן, ווייל דאָס הייסט צוגענומען פאר־מעגן פון בעל הבית („מלאכה״ איז אויך דער טייטש „באזיץ״, „פארמעגן״). ר׳ יוסי זאָגט, ער זאָל ניט אויסמיידן, ווייל עס איז א תנאי פון בית דין. **דאָס בית־דין האָט אויסגענומען א תנאי אז דער ארבייטער, ווען ער גלויבט ניט דעם בעל הבית בנוגע מעשרות, האָט דאָס רעכט אראָפּצונעמען איין פייג אלס תרומת מעשר אויפן חשבון פון בעל הבית, דעריבער דארף אים דער בעל הבית געבן אן אנדער פייג. די ווערטער פון ר׳ יוסי זענען שווער, ווייל דאָ האָט דער „לא יחשוך״, „ניט אויסמיידן״, א פּונקט פאַרקערטן טייטש ווי ביי ר׳ שמעון בן גמליאל. דער „תפארת ישראל״ זאָגט, אז דער ערשטער „לא יחשוך״ איז דער טייטש, אז ער „טאָרניט אראָפּרעכנען פון בעל הבית״ און דער צווייטער, אז ער „דאַרף ניט אראָפּרעכנען פון זיין אייגנס״. מיט „בית דין״ מיינט מען די חכמים. וואָס האָבן דאָס רעכט ארויסצוגעבן געזעצן („בית דין״, „דאָס הויז פון געזעץ״).**

ד. הלוקח, אז איינער קויפט וויין פון די כותים (און דער וויין איז זיכער טבל, און מען דארף פון אים אפשיידן אויך תרומה און מעשרות) זאָל ער (פרייטאָג פארנאכט, ווען ער האָט שוין ניט קיין צייט אפּצושיידן תרומה און מעשרות, און ער וויל דעם וויין טרינקן אים שבת) זאָגן: „צוויי קוואָרט (פון די 100 קוואָרט וויין וואָס ער האָט געקויפט), וואָס איך וועל אָפּשיידן (נאָך שבת) זענען תרומה (תרומה איז איינס פון פופציג, דאָס איז צוויי פון הונדערט), און צען קוואָרט זענען מעשר ראשון, און ניין קוואָרט זענען מעשר שני (מחמת נאָכן אראָפּנעמען צען פאר מעשר ראשון זענען נור געבליבן ניינציג קוואָרט און א צענטל מעשר שני פון ניינציג איז ניין), און ער טוישט אויס (דעם מעשר שני אויף געלד) און טרינקט. **מיר האָבן שוין געשריבן פריער פרק ו׳ משנה א׳, אז די כותים זענען די שומרונים, אן אלטע סעקטע, וואָס זענען אמאָל פארערכנט געווען כמעט ווי יידן; זייער וויין האָט מען געמעגט טרינקן און עס איז ניט געווען ווי וויין פון א גוי (ערשט שפּעטער האָט מען גע׳אסר׳ט צו טרינקן זייער וויין אלס יין נסך). די כותים האָבן זיך נוהג געווען, אז ווען זיי האָבן פארקויפט עסנוואַרג, האָבן זיי ניט אראָפּגענומען ניט קיין תרומה און ניט קיין מעשר; דעריבער האָט דער קויפער פון דעם כותים־וויין געדארפט אפּשיידן תרומה און אלע מעשרות ווי פון זיכרן טבל. צוליב דעם וואָס עס איז שוין געווען פרייטאָג פארנאכט, ווען ער האָט שוין ניט געקאָנט אָפּשיידן, לערנט די משנה, אז ער קאָן פריער דערקלערן, אז ער וועט אפשיידן נאָך שבת און אז דאָס איז אזוי ווי ער וואָלט שוין איצט אָפּגע־שיידט, און ער מעג טרינקן דעם וויין, נאָר ער דארף איבערלאָזן די צוויי קוואָרט פאר תרומה, 10 קוואָרט פאר מעשר ראשון, (אין וועלכן עס איז פאראן תרומת מעשר); און וואָס בנוגע מעשר שני דארף ער ניט איבערלאָזן נאָר ער טוישט אים איצט אויס אויף געלד. די גמרא גטין כ״ה ווייל די משנה דערקלערן אויפן יסוד פון „ברירה״, פון „עס ווייזט זיך ארויס שפּעטער״, אז שוין פריער איז אזוי געווען״, דאָס הייסט, אז נאָך שבת וועט זיך ארויסווייזן, אז שוין פרייטאָג פארנאכט זענען די איבערגעלאָזטע צוויי קוואָרט געווען תרומה און די 10 קוואָרט מעשר ראשון. דאָס וואָרט „מיחל״ טייטשט רש״י אין גטין כ״ה, אז דאָס איז פון „מחלל״ „אויסטוישן״ דעם מעשר שני אויף**

**ה. היו לו תאנים של טבל בתוך ביתו והוא בבית המדרש או בשדה, אומר: „שתי תאנים שאני עתיד להפריש הרי הן תרומה, ועשר — מעשר ראשון, ותשע — מעשר שני". היו דמאי אומר: „מה שאני עתיד להפריש למחר הרי הוא מעשר, ושאר מעשר סמוך לו; זה שעשיתי מעשר עשוי תרומת מעשר עליו, ומעשר שני בצפונו או בדרומו ומחולל על המעות".**

**ו. היו לפניו שתי כלכלות של טבל ואמר „מעשרות זו בזו" —**

---

געלד. אָבער תוספות דאָרט אין גטין כ"ה טייטשט, אז דאָס איז ווי „מיהל" „אויס־מישן" דעם וויין מיט וואסער און טרינקן, און וואָס נוגע די ניין קוואָרט מעשר שני מוז ער זיי אויך איבערלאָזן אויף נאָך שבת. טייל טייטשן „מיחל" ווי „מתחיל", ער קאָן שוין „אָנהויבן" טרינקן.

ה. היו, אז איינער האָט (הונדערט) פייגן פון טבל אָין זיין הויז, און ער איז אין בית המדרש אָדער אין פעלד (און עס איז ערב שבת און ער קאָן ניט אהיימקומען צו דער צייט פאַר שבת, כדי אראָפּצונעמען תרומה און מעשר), זאָגט ער: „צוויי פייגן וואָס איך וועל אפשיידן זענען תרומה, צען (פייגן) מעשר ראשון און ניין מעשר שני". און ער מעג אים שבת עסן די פייגן, נאָר ער דאַרף איבערלאָזן אויף נאָך שבת די צוויי פייגן פאַר תרומה, צען פאַר מעשר ראשון און ניין פאַר מעשר שני, פונקט אזוי ווי מיר האָבן געלערנט אין דער פריעריקער משנה. היו דמאי, אויב די פייגן זענען געווען (ניט טבל, פון וואנען מען דאַרף אָפּשיידן אויך תרומה נאָר) דמאי, זאָגט ער: „דאָס (הונדערטסטל) וואָס איך וויל אָפּשיידן מאָרגן (שבת) זאָל זיין מעשר און די רעשט (ניין הונדערטסטלעך) מעשר זאָלן זיין נעבן אים; דאָס (הונדערטסטל) וואָס איך האָב געמאַכט מעשר זאָל זיין תרומת מעשר אויף אים (אויף די רעשט ניין הונדערטסט־לען), און דער מעשר שני איז אין זיין צפון אָדער זיין דרום און ער איז אויסגעטוישט אויף געלד". אין פאַל פון דמאי לאָזט ער איבער ניט מער ווי דאָס הונדערטסטל תרומת מעשר, אזוי ווי מיר האָבן דערקלערט פריער אין דער משנה א' און די אנדערע משנות, מחמת ביי דמאי דאַרף ער ניט אָפּשיידן תרומה און דאַרף ניט אוועקגעבן צום לוי די ניין הונדערטסטלעך מעשר ראשון. אָבער ביי טבל מוז ער ביידע זאַכן טאָן און דעריבער מוז ער איבערלאָזן סיי די תרומה סיי די גאנצע צען הונדערטסטלעך מעשר ראשון (אין וועלכער עס איז פאַראַן דאָס הונדערטסטל תרומת מעשר). דער „תפארת ישראל" זאָגט, אז אייגענטליך וואָלט ער אויך ביי טבל געקאָנט אויסטוישן דעם מעשר שני אויף געלד, נאָר די משנה האָט ביי טבל מקצר געווען.

ו. היו לפניו, אז איינער האָט געהאַט פאַר זיך צוויי קוישן (מיט פרוכטן) טבל און ער האָט געזאָגט: „די מעשרות פון דעם (דאָזיקן קויש) זאָלן זיין אין דעם אנדערן (קויש")", איז דער ערשטער גע'מעשר'ט. מיר האָבן שוין דערקלערט פריער פרק ה' משנה ג', אז מען קאָן ניט נעמען תרומה און מעשר פון אזא פרוכט וואָס איז שוין גע'מעשר'ט געוואָרן, אויף אזעלכע, וועלכע זענען נאָכניט גע'מעשר'ט; דאָס הייסט מען קאָן ניט מעשרן פון א זאַך, וואָס איז שוין פטור פון מעשר אויף א זאַך וואָס איז נאָך מחויב אין מעשר. דאָס זעלבע קאָן מען ניט טאָן פאַרקערט, נעמען מעשר פון א זאַך וואָס איז מחויב אויף א זאַך וואָס איז פטור. די משנה זאָגט דאָ, אז אויב איינער האָט געהאַט פאַר זיך צוויי קוישן פרוכטן טבל; לאָמיר זיי אָנרופן איינעם „אלף" און דעם צווייטן „בית"; און ער האָט געזאָגט, אז די מעשרות (און תרומה) פון דעם „אלף" זאָלן זיין אין דעם „בית", איז דער ערשטער קויש, דער „אלף", געוואָרן געמעשרט, ווייל ער האָט דאָך אפגעשיידט פון דעם „בית", וואָס איז מחויב, אויף דעם „אלף", וואָס איז אויך מחויב. של זו, (אויב ער האָט געזאָגט): די „(מעשרות) פון דעם דאָזיקן (קויש) זאָלן זיין אין אנדערן (קויש), און די (מעשרות), פון אנדערע (קויש) זאָלן זיין

**הראשונה מעושרת. „של זו בזו ושל זו בזו" — הראשונה מעושרת. „מעשרותיהן מעשרות כלכלה בחברתה" — קרא שם.**

**ז. מאה טבל, מאה חולין — נוטל מאה ואחד. מאה טבל, מאה מעשר**

---

אין דעם (ערשטן קויש)", איז דער ערשטער (קויש) געמעשר'ט. וויל בשעת ער האָט געזאָגט, אַז די מעשרות פון „אלף" זאָלן זיין אין „בית" איז דער בית נאָך מחויב געווען אין מעשר, ממילא האָט ער דאָך מעשר געווען פון מחויב אויף מחויב. אָבער דער צווייטער קויש, דער „בית" איז ניט געמעשר'ט, כאָטש ער האָט דערנאָך געזאָגט, אַז די מעשרות פון „בית" זאָלן זיין אין „אלף"; מחמת ווען ער האָט דאָס געזאָגט, איז שוין דער אלף געווען געמעשר'ט, איז ער דאָך שוין געווען פטור פון מעשר, און דער „בית" איז נאָכניט געווען געמעשר'ט, הייסט עס מעשר געווען פון פטור אויף מחויב. מעשרותיהן, (אויב ער האָט געזאָגט): „זייערע מעשרות, די מעשרות פון יעדן קויש זאָלן זיין אין אנדערן (קויש)", האָט ער א „נאָמען געגעבן" (זענען ביידע קוישן גע'מעשר'ט). וויל אין דעם פאַל האָט ער געזאָגט, אַז דאָס מעשר אפשיידן פון איין קויש אויף דעם צווייטן זאָל פאַרקומען ניט איינס „נאָך" דעם צווייטן, נאָר „בבת אחת", „צוזאמען" פון דעם „אלף" אין דעם „בית" און פון דעם „בית" און דעם „אלף" גלייכצייטיק; הייסט עס, אַז ער האָט מעשר געווען פון מחויב אויף מחויב, און דער „נאָמען" מעשרות, וואָס ער האָט געגעבן איז גילטיק, און זיי זענען ביידע גע'מעשר'ט.

ז. מאה, הונדערט טבל און הונדערט חולין, נעמט ער הונדערט און איינס. די דאָזיקע משנה און אויך די ווייטערדיקע ווערטער פון דער משנה זענען זייער בקיצור, און די מפרשים טייטשן איר אין עטליכע פירושים. מיר ווילן דאָ געבן דעם פירוש פון „תפארת ישראל", לויט וועלכן די משנה מיינט דאָ מיטן וואָרט „טבל" ניט ריכטיקן טבל, פון וועלכן מען דאַרף אָפּשיידן אויך תרומה (איינס פון פופציג), נאָר טבל צו תרומת מעשר, דאָס הייסט אַזעלכע פּרוכטן, פון וועלכן מען האָט שוין גענומען תרומה אָבער מען האָט נאָכניט אַראָפּגענומען דאָס צענטל מעשר ראשון און ממילא אויך ניט דאָס הונדערטסטל תרומת מעשר, וואָס ווערט אַראָפּגענומען אַלס „צענטל פון דעם צענטל", אַלס צענטל פון מעשר ראשון. אַזוי ווי תרומת מעשר ווערט ערשט גענומען פון מעשר ראשון מוז מען פון אַזא טבל צוערשט אַראָפּנעמען אַ צענטל מעשר ראשון און פון מעשר ראשון דעם תרומת מעשר. א ישראל און א לוי טאָרן ניט עסן תרומת מעשר, און נאָר אַכהן מעג עס עסן. „חולין" הייסן די תבואה אָדער פּרוכטן, פון וועלכע מען האָט שוין אַלץ אָפּגעשיידט, די תרומה און מעשרות. זאָגט דאָ די משנה: אַז איינער א ישראל צי א לוי האָט געהאַט למשל הונדערט פייגן טבל — פון וועלכע מען האָט ניט אָפּגעשיידט מעשר ראשון און תרומת מעשר — און הונדערט פייגן חולין, און זיי האָבן זיך צונויפגעמישט, ווי אַזוי מאַכט ער, אַז ער זאָל קאָנען אַרויסנעמען דעם תרומת מעשר (וואָס ער טאָרניט עסן) און ער זאָל קאָנען עסן די איבעריקע פייגן? ער קאָן דאָך ניט אַראָפּנעמען סתם א פייג און מאַכן איר תרומת מעשר, ווייל טאָמער איז זי פון די חולין, די שוין גע'מעשר'טע, וועט דאָך עס הייסן גע'מעשר'ט פון פטור אויף מחויב? זאָגט די משנה אַז ער דאַרף אַראָפּנעמען 101 פייגן און דערקלערן, אַז אין די דאָזיקע 101 פייגן איז פאַראַן איין פייג תרומת מעשר, און די איבעריקע 99 פייגן מעג ער עסן. מחמת וואָס עס זאָל ניט האָבן פאַרגעקומען מעג ער די דאָזיקע 99 פייגן עסן. למשל, אויב מען נעמט אָן, אַז אין די 101 פייגן זענען פאַראַן 100 טבל און איינע חולין, זענען דאָך די איבעריקע 99 פייגן זיכער חולין, ווארום מער פון 100 פייגן טבל איז דאָך ניטאָ; מעג ער זיי דאָך עסן אַלס חולין. אויב ווידער מען זאָל אָננעמען, אַז די 99 פייגן זענען אַלע פון טבל, קומט דאָך אויס, אַז אין די 101 פייגן איז פאַראַן 1 פייג פון טבל, און אַזוי ווי ער האָט געזאָגט, אַז אין די 101

**—נוטל מאה ואחד. מאה חולין מתוקנין, מאה מעשר, נוטל מאה ועשר. מאה טבל, תשעים מעשר; תשעים טבל ושמונים מעשר — לא הפסיד כלום. זה הכלל, כל זמן שהטבל מרובה לא הפסיד כלום.**

---

פייגן זאָל זיין 1 פייג תרומת מעשר (א הונדערטסטל פון די 100 טבל־פייגן) קאָן דאָך די 1 טבל'דיקע פייג ווערן תרומת מעשר; מחמת זי איז דאָך אויך מחויב, הייסט דאָך עס געמעשר'ט פון מחויב אויף מחויב. מאה טבל, מאה מעשר, אויב (די 200 פייגן) זענען געווען 100 טבל און הונדערט מעשר (פון וועלכן מען האָט ניט געהאט אראָפּגענומען תרומת מעשר), דארף ער אראָפּנעמען הונדערט און איינס. אויך דאָ איז דאָסזעלבע וואָס אין דעם פאָריקן פאל, נאָר מיט דעם אונטערשיד, וואָס ער דארף דאָ אראָפּנעמען תרומת מעשר 11 פייגן, דהיינו: 1 פייג פאר די 100 טבל (פון וועלכע עס איז נור 10 מעשר ראשון, און תרומת מעשר איז דאָך א צענטל פון מעשר ראשון), און 10 פייגן פון די הונדערט מעשר. ווען ער נעמט אראָפּ 101 פייגן, מעג ער די איבריקע 99 עסן ממה נפשך: זענען די 99 פון טבל, איז דאָך אין די 101 פייגן פאראן איינע פון טבל און זי איז געוואָרן תרומת מעשר אויף דעם טבל; ווידער אויב די 99 זענען פון מעשר ראשון זענען דאָך אין די אנדערע 101 פאראן 100 טבל, ממילא איז דאָך פאראן אין דעם טבל 10 מעשר ראשון (וואָס ער דארף אפשיידן פון די 100 טבל); און דעריבער זענען דאָך דאָ פאראן זיכער די 10 פייגן מעשר צו מאכן זיי תרומת מעשר אויף די 99 פייגן, און מחמת דעם מעג מען זיי עסן. מאה חולין, (אויב די צוויי הונדערט פייגן זענען געווען) הונדערט חולין פאראכטענע (שוין אראָפּגענומענע פון זיי אלע תרומה און מעשרות) און הונדערט מעשר (פון וועלכע מען האָט ניט אראָפּגענומען תרומת מעשר), דארף ער אראָפּנעמען הונדערט און צען. דאָ מוז ער אראָפּנעמען 110, און דערקלערן אז די תרומת מעשר פון די איבריקע 90 געפינען זיך אין די 110, און ער מעג עסן נאָר די 90. פארוואָס? ווייל פון די 100 מעשר דארף ער דאָך אראָפּנעמען 10 תרומת מעשר, און פון חולין קאָן ער דאָך קיין תרומת מעשר ניט אראָפּנעמען, ווייל זיי זענען דאָך שוין געמעשרט (און עס וואָלט געהייסן פון פטור אויף מחויב); דעריבער, אז ער נעמט אראָפּ 110 איז ער זיכער, ממה נפשך: זענען די איבריקע 90 חולין, מעג ער זיי דאָך סיי ווי עסן אלס חולין; זענען זיי מעשר, זענען דאָך אין די אנדערע 110 פאראן 10 פון דעם מעשר (ווייל חולין זענען דאָך געווען נאָר 100) זענען 10 געוואָרן תרומת מעשר אויף די 90, און ער מעג דעריבער די 90 עסן. וואָס נוגע די 101 אָדער 110 אראָפּגענומענע פייגן דארף ער זיי פארקויפן צו א כהן, מחמת א ישראל צי א לוי טאָר זיי ניט עסן צוליב דעם אויסגעמישטן תרומת מעשר, וואָס איז פאראן אין זיי. מאה טבל תשעים מעשר, (אויב עס האָבן זיך אויסגעמישט) הונדערט (פייגן) טבל און ניינציג מעשר, אָדער 'ניינציג טבל און אכציק מעשר, האָט ער גאָרניט היזק געהאט. למשל, ביי די 100 טבל און 90 מעשר, נעמט ער אראָפּ סתם 10 אלס תרומת מעשר (1 פאר די 100 טבל, און 9 פאר די 90 מעשר) און ער האָט גאָרניט וואָס מורא צו האָבן, ווייל ממה נפשך: זענען די 10 פון טבל, קאָנען זיי דאָך זיין מעשר אויף די 100 טבל, און ממילא ווערן זיי תרומת מעשר: 1 אויף די 10 מעשר פון טבל, און 9 אויף די 90 מעשר, וואָס האָבן זיך אויסגעמישט. אויב ווידער די 10 זענען פון מעשר קאָנען זיי דאָך זיין תרומת מעשר: 1 אויף די 10 מעשר פון טבל און 9 אויף די 90 פון מעשר. דאָסזעלבע איז אויך מיט 90 טבל און 80 מעשר, קאָן ער אויך אַראָפּנעמען 9, ווייל אין טבל איז דאָ גענוג מעשר צו מאכן עס תרומת מעשר פאר דעם גאנצן אויסגעמישטן. זה הכלל, דאָס איז דער כלל, אזוי לאנג ווי דער טבל איז א סך (און האָט גענוג מעשר פאר דעם גאנצן אויסגעמישטן) האָט ער גאָרניט היזק געהאט, ווייל ער קאָן דאָך אראָפּנעמען די תרומת מעשר פאר דעם גאנצן אויסגעמישטן; ווארום פון וואָס ער זאָל ניט אראָפּנעמען, צי פון טבל צי פון מעשר (וועלכע זענען אויסגע־

**ח. מי שהיו לו עשר שורות של עשר עשר כדי יין ואמר „שורה החיצונה אחת מעשר״, ואין ידוע איזו היא — נוטל שתי חביות לוכסן.**

---

**מישט) קאָנען עס ווערן תרומת מעשר, ווי מיר האָבן דערקלערט פריער ביי „100 טבל און 90 מעשר״. — די משנה איז א שווערע צוליב איר קיצור, און אויך ווייל די משנה זאָגט איינמאָל „חולין״ און איינמאָל „חולין מתוקנין״, און עס מאכט דעם איינדרוק, ווי די משנה וויל יאָ מאכן אן אונטערשיד צווישן ערשטן „חולין״ און דעם צווייטן „חולין מתוקנין״. די מפרשים (דער רמב״ם, דער ברטנורא, די „משנה ראשונה״) האָבן אויך אנדערע פירושים, און זיי זענען אלע זייער שווער און דער פירוש פון „תפארת ישראל״, וועלכער איז אויך דער פירוש פון ר״ש, איז דער לייכטסטער, און דעם דאָזיקן פירוש האָבן מיר דאָ געגעבן.**

ח. מי, אז איינער האָט צען שורות צו צען־צען (. אין יעדער שורה צען) קריגן ווייַן, און ער זאָגט: „די אויסנווייניקסטע שורה זאָל זיין איינע מעשר״, און ער ווייסט ניט וועלכע, זאָל ער נעמען צוויי פעסער אין דער קרוס (דעם אלכסון, דיאַגאָנאַל). **קודם לאָמיר דערקלערן, אז אין דער משנה איז „כד״ („קרוג״) און „חבית״ („פאס״) דאָסזעלבע און ווען די משנה הויבט אָן מיט „כדי יין״, קרוגן ווייַן, און הייסט דערנאָך נעמען „חביות״, „פעסער״, מיינט זי נעמען „קרוגן ווייַן״. די מפרשים, דער תוספות יום טוב און דער תפארת ישראל, כדי צו דערקלערן די משנה, האָבן געמאכט דאָס קעסטעלע וואָס מיר גיבן דאָ פון די 100 פעסער ווייַן, וועלכע זענען אויסגעשטעלט אין 10 שורות, אין יעדער שורה 10 פעסער. און כדי מען זאָל דאָס פארשטיין, דארף מען נאָך צוגעבן דאָס, וואָס מיר האָבן שוין געזאָגט אין די פריער־דיקע משנות, אז מעשר מעג א ישראל עסן אָבער דעם תרומת מעשר טאָר א ישראל ניט עסן, און אז מעשר איז א צענטל, און תרומת מעשר איז א צענטל פון דעם מעשר, דאָס הייסט א הונדערטסטל פון גאנצן, למשל פון די 100 פעסער זענען 10 פעסער מעשר, און פון די 10 פעסער מעשר דארף מען אראָפּנעמען 1 פאס תרומת מעשר, וואָס א ישראל טאָר ניט טרינקען. איצט וועלן מיר דערקלערן די משנה מיט דער הילף פון דעם קעסטעלע וואָס מיר געבן דאָ. די משנה זאָגט, אויב ער האָט געזאָגט, אז איינע פון די אויסנווייניקסטע שורות וועל־כע אנטהאלטן 10 פעסער איז מעשר אויף די גאנצע 100 פעסער, און ער ווייסט ניט וועלכע פון די אויסנווייניקסטע שורות; מחמת עס זענען פאראן 4 שורות, וועלכע מען קאָן רופן „אויסנווייניקסטע״, די שורות 1 — 10, 10 — 100, 100 — 91, און אין דער דאָזיקער ניט־באוואוסטער מעשר־שורה איז דאָך פאראן איין פאס תרומת מעשר, וואָס ער טאָר ניט טרינקען, ווייל ער איז דאָך א ישראל, זאָגט די משנה, אז ער זאָל אראָפּנעמען צוויי ווינקל־פעסער פון איינער פון די אלכסון־שורות; אלכסון הייסן די קרומע שורות 100—1 און 10—91. למשל ווען ער נעמט די צוויי פעסער נומערן „1״ און „100״, איז ער שוין זיכער, ממה נפשך: איז די שורה מעשר געווען 1—10, האָט ער דאָך גענומען פון דער שורה אלס תרומת־מעשר־פאס דעם 1; אויב ווידער די שורה איז געווען 10—100, האָט ער דאָך גענומען אלס תרומת־מעשר־פאס דעם 100; איז ווידער די שורה געווען 100—91 האָט ער דאָך גענומען דעם 100; איז די שורה געווען 1—91 האָט ער דאָך גענומען די 1. דאָסזעלבע איז אויך אויב ער נעמט די צוויי ווינקל־פעסער פון דער קרומער ליניע**

| | | | | | | | | | |
|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|
| 1 | 2 | 3 | 4 | 5 | 6 | 7 | 8 | 9 | 10 |
| 11 | 12 | 13 | 14 | 15 | 16 | 17 | 18 | 19 | 20 |
| 21 | 22 | 23 | 24 | 25 | 26 | 27 | 28 | 29 | 30 |
| 31 | 32 | 33 | 34 | 35 | 36 | 37 | 38 | 39 | 40 |
| 41 | 42 | 43 | 44 | 45 | 46 | 47 | 48 | 49 | 50 |
| 51 | 52 | 53 | 54 | 55 | 56 | 57 | 58 | 57 | 60 |
| 61 | 62 | 63 | 64 | 65 | 66 | 67 | 68 | 69 | 70 |
| 71 | 72 | 73 | 74 | 75 | 76 | 77 | 78 | 79 | 80 |
| 81 | 82 | 83 | 84 | 85 | 86 | 87 | 88 | 89 | 90 |
| 91 | 92 | 93 | 94 | 95 | 96 | 97 | 98 | 99 | 100 |

**„חצי שורה החיצונה, אחת מעשר", ואין ידוע איזו היא — נוטל ארבע חביות מארבע זויות. „שורה אחת מעשר", ואין ידוע איזו היא — נוטל שורה אחת לוכסן. „חצי שורה אחת מעשר", ואין ידוע איזו היא — נוטל שתי שורות לוכסן. „חבית אחת מעשר", ואין ידוע איזו היא — נוטל מכל חבית וחבית.**

---

10—91, ווייל אין יעדער פון די 4 שורות איז פאראן אָדער די 10 אָדער די 91. ר' בנימין מוספיא זאָגט, אז „לוכסן" איז דאָס גריכישע וואָרט „לאָקסאָן", קרום, און דערמיט ווערט אָנגערופן די דיאַגאָנאַל־ליניע, די קרומע ליניע צווישן צוויי ווינקלען. חצי שורה, (אויב ער האָט געזאָגט): „א האלבע אויסנווייניקסטע שורה איז מעשר", און ער ווייסט ניט וועלכע, דאַרף ער נעמען פיר פעסער פון די פיר ווינקלען. יעדע האלבע שורה האָט פינף פעסער, און אין יעדער אויסנווייניקסטער שורה זענען פאַראַן צוויי האלבע שורות. למשל אין דער שורה 1—10 איז פאראן פון דער פאס 1 ביז 5, און פון דער פאס 6 ביז 10. דעריבער זאָגט די משנה אז ער זאָל נעמען אלס תרומת מעשר די 4 ווינקל־פעסער, 1, 10, 100, 91 און ממה נפשך; וועלכע פון די 8 האלבע שורות פון די אויסנווייניקסטע עס איז מעשר, איז דאָך פאראן אין זיי איינע פון די דאָזיקע 4 פעסער און אזוי ארום האָט ער דאָך אראָפּגענומען אזא פאס פאר תרומת מעשר; אייגנטליך איז פאראן נאָר א האלבע פאס תרומת מעשר (א צענטל פון די פינף פעסער). שורה אחת, (אויב ער זאָגט): „איין שורה איז מעשר" (און ער זאָגט ניט די אויסנווייניקסטע), און ער ווייסט ניט וועלכע, זאָל ער נעמען א גאנצע שורה (צען פעסער ווייִן) פון די קרומע שורות. דאָס הייסט די די גאנצע צען פעסער אָדער פון דער קרומער שורה 1—100 אָדער פון דער קרומער שורה 10—91, ווייל, ווען מען קוקט אויף דעם קעסטל זעט מען, אז איינע פון די צען פעסער פון דער קרומער שורה געפינט זיך זיכער אין יעדער איינער פון אלע אנדערע שורות, און ממילא האָט ער זיכער אראָפּגענומען דעם תרומת מעשר. חצי שורה, (אויב ער זאָגט): „א האלבע שורה איז מעשר", און ער ווייסט ניט וועלכע, נעמט ער צוויי שורות די קרומע. דאָס הייסט ער נעמט די פעסער פון די קרומע שורות 1—100 און 10—91. ווען מען קוקט אויף דעם קעסטעלע זעט מען, אז איין פאס פון די דאָזיקע צוויי קרומע שורות געפינט זיך זיכער אין יעדער האלבע שורה פון די איבריקע שורות פעסער ווייִן, און ממילא איז דאָך די פאס תרומת מעשר זיכער געוואָרן אראָפּגענומען. חבית, (אויב ער זאָגט): „איין פאס איז מעשר", און מען ווייסט ניט וועלכע, זאָל ער נעמען פון יעדער פאס. ווייל אויב מען ווייסט ניט וועלכע פאס איז מעשר, איז דאָך א ספק אויף יעדער פאס, טאָמער איז זי די מעשר; דעריבער דאַרף מען פון יעדער פאס אראָפּנעמען א צענטל אלס תרומת מעשר. די מפרשים זאָגן, אז דעם כהן דאַרף ער אוועקגעבן אלץ, וואָס ער האָט גענומען אלס תרומת מעשר, נאָר פאר דעם „ספק" קאָן ער פארלאַנגען פון כהן געלד, למשל ווען ער נעמט צוויי פעסער, און צווישן זיי איז דאָך נור פאראן איין פאס תרומת מעשר, דאַרף ער ביידע פעסער געבן דעם כהן, און פאר איינער פון זיי קאָן ער פארלאַנגען פון כהן באצאָלט.

סליק מסכת דמאי — געענדיקט די מסכת דמאי.

# מסכת כלאים
# הקדמה

„כלאים" איז דער טייטש „צונויפמישונג", דאָס הייסט נעמען צוויי מינים פון זאכן און זיי צונויפמישן, און די תורה האָט פאַרבאָטן פאַרשידענע כלאים'ס, און מיר געפינען וועגן דעם אין צוויי ערטער אין חומש: אין ויקרא י"ט, און דברים כ"ב. די דאָזיקע כלאים'ס זענען:

א. „כלאים פון קליידער" („כלאי בגדים"), וואָס הייסט אויך „שעטנז", און דאָס איז דער פאַרבאָט אז מען טאָר ניט אָנטאָן קיין מלבוש וואָס איז געמאַכט פון וואָל און פלאַקס צוזאַמען וואָס מען מיינט „אָנטאָן א מלבוש" און וואָס מען מיינט „פלאַקס און וואָל צוזאַמען" און די דינים וועגן דעם וועלן מיר געפינען אין דער מסכת כלאים פרק ט'.

ב. „כלאים פון לעבעדיקע זאכן" („כלאי בהמה"). דאָס איז דער פאַרבאָט, אז מען טאָר ניט צונויפפאָרן (מרביע־זיין) צוויי פאַרשידענע מינים בעלי־חיים און אז מען טאָרניט ארבייטן מיט צוויי פאַרשידענע מינים בעלי חיים, ווי למשל איינשפּאַנען א פערד און א אָקס אין א וואָגן און שלעפּן אים אָדער טאָן אַנדערע ארבייט מיט די צוויי פאַרשידענע מינים בעלי חיים. די דינים וועגן דעם געפינען מיר אין דער מסכת כלאים פרק ח' (און נאָר עטליכע דינים זענען פאַראַן אויך אין פרק א' משנה ו').

ג. „כלאים פון פעלד און גאָרטן־געוויקסן", (כלאי זרעים). מען טאָרניט פאַר־זייען צוזאַמען צוויי פאַרשידענע מינים זרעים, פעלד־און גאָרטן־געוויקסן. אונטער דעם נאָמען „פעלד־און גאָרטן־געוויקסן", „זרעים", פאַרשטייט מען: 1) „תבואות" דאָס הייסט ווייץ, גערשטן, האָבער, קאָרן און שפּעלץ (אין פּוילן האָט מען עס גערופן „אַרקיש"). 2) „קטניות", דאָס מיינט מען „הילזן־קערנער", ווי אַרבעס באָבעס, רייז, הירזש און אַנדערע אַזעלכע קערנער, וואָס מען עסט און וועלכע ווערן אָנגערופן אין דער משנה „קטניות"; 3) „ירקות", „גרינסן", דאָס זענען די געוויקסן וואָס מען פאַרזייט אין גערטנדלעך (אויף לשון קודש „גינה", גערטנדל), און מען עסט ניט זייערע קערנער, נאָר מען עסט די בלעטער אָדער די פּרוכטן פון זיי; דאָס זענען, למשל, ציבעלעס, קרויט, בריקעוו, קנאָבל און אַנדערע אַזעלכע געוויקסן, וואָס מען רופט אין ענגליש „וועדזשעטייבלס" (אין ענגערן זין פון וואָרט). די דינים וועגן „כלאי זרעים", וועגן כלאים פון פעלד־און גאָרטן־געוויקסן, זענען פאַראַן אין כלאים פּרקים א' ב', און ג'. סתםביימער הייסן ניט קיין „זרעים" און זיי האָבן גאַנץ באַזונדערע דינים, וועלכע זענען זייער ווייניג און זיי ווערן געלערנט אין א טייל פון פרק א' אין כלאים. ביימער טאָר מען נאָר ניט „מרכּיב"־זיין אין מין מיטן צווייטן, דאָס הייסט אריינ־פלאַנצן (איינגרעפטן) א צווייגל פון איין מין בוים אין א צווייטן מין בוים.

ד. „כלאים פון א ווייַנגאָרטן", „כלאי הכרם". מען טאָר ניט פאַרזייען אין א ווייַנגאָרטן קיינע תבואות און טייל אַנדערע געוויקסן. וואָס מען מיינט „כרם", „א ווייַנ־גאָרטן", און וואָס מען מיינט „פאַרזייען" און אַלע אַנדערע דינים וועגן „ווייַנגאָרטן־כלאים", „כלאי הכרם", געפינען מיר אין כלאים פּרקים ד', ה', ו', ז'.

אין דער משנה כלאים זענען פאַראַן א סך נעמען פון געוויקסן, וועלכע האָבן ניט אין דער יידישער שפּראַך קיינע אָנגענומענע נעמען. עס זענען אויך פאַראַן אין דער משנה א סך ווערטער, אויסדריקן פון ארבייטן ארום א ווייַנגאָרטן, ארום דעם פעלד און גאָרטן, און בכלל נעמען פון לאַנדווירטשאַפט, וועלכע זענען ניט פאַראַן אין דער יידישער שפּראַך. מיר האָבן ניט געהאַלטן פאַר ריכטיק כסדר צו באַנוצן זיך דערביי מיט ווערטער פון דער דייטשער שפּראַך אָדער פון ענגליש. דעריבער זענען פאַראַן א סך אַזעלכע ווערטער וועלכע מיר לאָזן זיי איבער ווי זיי זענען אין לשון קודש, פּונקט למשל ווי מיר זאָגן „תבואה", און מיר איבערזעצן עס ניט מיט דעם וואָרט „געטריידע". אָבער מיר וועלן ביי די אַלע נעמען געבן ביים ערשטן מאָל אין

# מסכת כלאים

## פרק א.

**א. החטים והזונין אינן כלאים זה בזה. השעורים ושבולת שועל, הכוסמין והשיפון, הפול והספיר, הפורקדן והטופח, ופול הלבן והשעועית אינם כלאים זה בזה.**

**ב. הקישות והמלפפון אינם כלאים זה בזה. ר׳ יהודה אומר, כלאים. חזרת וחזרת גלים, עולשין ועולשי שדה, כרישין וכרישי שדה, כוסבר**

---

**אונזער פירוש געניוע דערקלערונגען, וואָס מען מיינט מיט זיי.**

## פרק א.

א. החטים, ווייץ און זונין זענען ניט קיין כלאים איינער מיטן אנדערן; מען מעג זיי זייען צוזאמען. די מפרשים זאָגן, אז „זונין״ איז אזא סאָרט שווארצע ווייצלעך, וואָס וואקסן צווישן ווייץ און זיי הייסן אויך אין אראביש „זואן״. דער געלערנטער אין ארץ ישראל אפרים הראובני, וועלכער פאָרשט דאָרט די געוויקסן פון לאנד, האָט געשריבן וועגן „זונין״ א גרויסע חקירה אין דעם „תרביץ״. השעורים ושבולת שועל, גערשטן און האָבער, הכוסמין והשיפון, שפעלץ (ארקיש) און קאָרן, הפול והספיר, באָבעס און שווארצע באבעס, הפורקדן והטופח, פלאָט־ארבעס און רויטער פלאָט־ארבעס, ופול הלבן והשעועים, און ווייסע באָבעס און פאסאָליעס (רויטליכע, קלענערע באָבעס), זענען ניט קיין כלאים איינער מיט דעם אנדערן. די משנה לערנט דאָ וועגן יעדע צוויי מינים, יעדער פאר, באזונדער; דאָס הייסט, אז יעדע פאָר, למשל גערשטן און האָבער, שפעלץ און קאָרן, זענען ניט קיין כלאים איינער מיט דעם אנדערן; אָבער גערשטן און קאָרן זענען יאָ כלאים. וועגן די נעמען פון טייל פון די אויסגערעכנטע געוויקסן זענען פאראן פארשידענע מיינונגען צווישן די געלערנטע פאָרשער פון געוויקסן, און וועגן טייל פון זיי איז מען ניט גאנץ זיכער וואָס מען מיינט מיט זייערע נעמען. — די דאָזיקע ערשטע משנה לערנט וועגן פארשידענע „פאָרן״, צוויי־מינים, פון תבואה און קטניות, וועלכע זענען ניט קיין כלאים. די ווייטערדיקע צוויי משנות ב׳ און ג׳ לערנען וועגן „פאָרן״, צוויי־מינים, פון גרינסן, ירקות, וועלכע זענען ניט קיין כלאים, און דאָס זענען זיי:

ב. הקשות והמלפפון, אוגערקע און זיסער מעלאָן, זענען ניט קיין כלאים איינער מיטן אנדערן; ר׳ יהודה זאָגט, אז זיי זענען יאָ כלאים. דאָס וואָרט „קשות״, אוגערקע ווערט טיילמאָל אויסגעלייגט אויך „כשות״. וועגן „מלפפון״ האָט שוין דער ירושלמי דאָ אויפן אָרט באמערקט, אז עס איז דאָס גריכיש וואָרט „מעלאָפעפאָן״. חזרת וחזרת גלים, שאלאטן און ביטערע בערג־שאלאטן, עולשין ועולשי שדה, עס־ציקאָריע (אינדיוועץ) און ווילדע ציקאָריע, כרישין וכרישי שדה, גרינער לויך־קנאָבל און ווילדער גרינער לויך־קנאָבל, כוסבר וכוסבר שדה, קאריאנדער און ווילדער קאריאנדער, חרדל וחרדל מצרי, זענעפט (גאָרטשיצע) און עגיפּטישער זענעפט, ודלעת המצרית והרמוצה, און עגיפּטישער קירביס (דיניע) און הייס־אש־קירבים, ופול מצרי והחרוב, און עגיפּטישע באָבעס און באקסער־באבעס, זענען ניט קיין כלאים איינער מיטן אנדערן. לאָמיר דאָ געבן עטליכע דערקלערונגען וועגן די נעמען פון די דערמאָנטע געוויקסן. חזרת הייסט שאלאטן, אין דייטש „לעטוך״, אין ענגליש לעטוס; חזרת גלים, זאָגט דער רמב״ם, אז שאלאטן, וואָס וואקסט אין די בערג און האָט א ביטערן טעם. עולשין מיינט מען „עס־ציקאָריע״, די ציקאָריע־בלעטער, וואָס ווערן געגעסן; אין דייטש הייסט עס „אינדיוויען״, אין ענגליש „ענדיוו״; עולשי שדה, ווילד־וואקסנדיקע ציקאָריע. כוסבר איז „קאָריאנדער״ אזא געווירץ; כוסבר שדה מיינט ווילד וואקסנדיקער קאריאנדער. חרדל איז גאָרטשיצע, זענעפט; חרדל מצרי איז א סאָרט גאָרטשיצע, וואָס וואקסט אין מצרים. דלעת איז „קירביס״, אין ענגליש „גורד״; אין פוילן פלעגט

**וכוסבר שדה, חרדל וחרדל מצרי, ודלעת המצרית והרמוצה, ופול מצרי והחרוב, אינם כלאים זה בזה.**

**ג. הלפת והנפוץ, והכרוב והתרובתור, התרדים והלעונים אינם כלאים זה בזה. הוסיף ר׳ עקיבא השום והשומנית, הבצל והבצלצול, והתורמוס והפלסלוס, אינן כלאים זה בזה.**

**ד. ובאילן: האגסים והקרוסתומלין, והפרישים והעוזרדים אינן**

---

מען עס רופן „דיניע״; דאָס איז ווי אן ארבוז מיט א סך קערנגער אינווייניק; מען האָט עס אויך גערופן „באניע״, און דערפון הייסן די קערנער „באניע־קאָרן״. דלעת המצרית איז א סאָרט דיניע, וואָס וואקסט אין עגיפטן. „הרמוצה״ מיינט מען (אזוי טייטשן אלע מפרשים) אזא דלעת, אזא דיניע, וואָס איז ביטערלעך, נאָר מען לייגט זי אריין אין הייסן אש און זי ווערט זיסער, און דעריבער הייסט זי „הרמוצה״, פון וואָרט „רמץ״, הייסער אש״. פול איז דער טייטש באבעס, און פול מצרי איז דער טייטש עגיפטישע באבעס; „חרוב״ איז אויך א סאָרט בעבלאך, וועמענס שויטן זעען אויס ווי באָקסער („חרוב״ איז אויך דער טייטש באָקסער).

ג. הלפת והנפוץ, ריבן (בריקעוו) און זיסליכער רעטאך, והכרוב והתרובתור, און קרויט און קליין־קרויט (קאלאפיאָר), התרדים והלעונים, בוראקעס און מעלדע־קרויט, זענען ניט קיין כלאים איינער מיטן אנדערן. אין דער דאָזיקער משנה זענען פאראן עטליכע ניט־זיכערע ווערטער. לפת ווערט געטייטשט „ריבן״; אין פוילן האָט מען עס גערופן בריקעוו, אין ענגליש „טורניפּ״; אין א סך ערטער אין משנה און גמרא מיינט מען מיט „לפת״ בכלל א גרינס, וואָס מען עסט צו צום ברויט („ללפת בו את הפת״, עבודה זרה ל״ח); „נפוץ״, אין לאטייניש „באפּוס״ (אין א סך גירסאות איז פאראן דאָ אין דער משנה „נפוס״) איז א זיסליכער רעטאך. „כרוב״ איז קרויט; תרובתור, זאָגט דער ירושלמי, אז דאָס איז „כרוב דקיק״, „קליין־קרויט״, און טייל מיינען, אז דאָס איז „קאלאפיאָר״. „תרדים״ טייטשן טייל „בוראקעס״, און ממילא מיינט מען, אז „לעונים״ איז אויך אזא סאָרט רויטער קרויט, „מעלדע־קרויט״. אָבער דער טייטש פון דיביידע ווערטער איז זייער ניט זיכער. ר׳ יעקב גאָלדמאן פון ארץ־ישראל האָט אויפן יסוד פון א סך גמרות געוואָלט אויפווייזן, אז מיט תרדים, תרדין (אין דער גמרא) מיינט מען „פּאָמידאָרן״ „טאָמייטעס״, און עס זענען פאראן א סך שטארקע ראיות צו זיין מיינונג; ממילא דארף „לעונים״ אויך זיין עפּיס וואָס איז ענליך צו פּאָמידאָרן; טייל טייטשן „לעונים״ „שפּינאט״. הוסיף, האָט ר׳ עקיבא צוגעגעבן, אז השום והשומנית, קנאָבל און ווילדער קנאָבל, (קליינער קנאָבל), הבצל והבצלצול, ציבעלע און ווילדע ציבעלע (קליינע ציבעלע), והתורמוס והפלסלוס, און לופינע און ווילדע לופינע, זענען ניט קיין כלאים איינער מיטן אנדערן. שום איז קנאָבל (וואָרט פון תנ״ך); שומנית טייטשן די מפרשים „ווילדער קנאָבל״; דאָס איז א קנאָבל וואָס טיילט זיך ניט אויף באזונדערע קעפּלעך, נאָר ער איז פון איין שטיק. בצל ציבעלע; וועגן „בצלצול״, וואָס טייל מפרשים טייטשן „ווילדע, קליינע ציבעלע״, זענען שוין פאראן פארשידענע מיינונגען. טייל מלומדים וואָס פאָרשן אין ארץ ישראל די געוויקסן, מיינען גאָר אז „בצלצול״ איז דוקא ניט קיין „קליינע ציבעלע״ נאָר גרויסע ציבעלע. „תורמוס״ איז דאָס גריכישע „טערמאס״ און איז דער טייטש „לופינע״ (אין פוילן האָט מען עס גערופן „לובין״); „פלסלוס״ טייטשן די מפרשים „ווילדע לופינע״. — ביז איצט האָט די משנה געלערנט וועגן גרינסן, און די קומענדיקע משנה וועט לערנען וועגןביימער.

ד. ובאילן, און ביי ביימער, האגסים והקרוסתומלין, בארנעס און גאָלד־עפּל, והפרישים והעוזרדים, קווידן און מיספּעלן, זענען ניט קיין כלאים איינער מיט דעם אנדערן. אגסים טייטשן אלע מפרשים בארנעס, און זיי הייסן אויך אין אראביש אגאס;

**כלאים זה בזה, התפוח והחזרר, הפרסקים והשקדין, והשיזפין והרימין, אף על פי שדומין זה לזה, כלאים זה בזה.**

**ה. הצנון והנפוץ, החרדל והלפסן, ודלעת יונית עם המצרית והר־מוצה, אף על פי שדומין זה לזה, כלאים זה בזה.**

**ו. הזאב והכלב, כלב הכפרי והשועל, העזים והצבאים, היעלים**

---

קרוסתומלין איז דער גריכישער „קרוסאמעלאָן", אזעלכע פרוכטן, ענליך צו עפּל, רויט אין איין זייט. און מען רופט זיי „גאָלד־עפּל". וועגן „פרישין" און „עוזרדין" זענען פאראן פארשידענע מיינונגען; לויט איין גירסא דארף זיין „עוזררין", און טייל טייטשט זיי „קוויטן" און „מיספעלן". התפוח והחזרר, און עפּל און וואלד־עפּל, הפרסקים והשקדים, פירזשיכעס און מאנדלען, והשיזפין והרימין, און ברוסטבער־פרוכט און לאטוס־פרוכט, כאָטש זיי זענען ענליך איינער צום אנדערן, זענען זיי כלאים איי־נער מיט דעם אנדערן. תפוח מיינט מען עפּל (דאָס איז פאראן אין תנך); חזרר, און טייל זענען גורס „חזרד", טייטשט מען וואלד־עפּל; וועגן „פרסקים" זענען שוין פאַ־ראַן צוויי מיינונגען. עס איז קלאָר, אז דאָס איז דאָס גריכישע וואָרט „פערסיקא" אָבער אין דער גריכישער שפּראַך האָט עס צוויי טייטשן; „פּפירזשיכעס" (אין ענג־ליש „פּיטשעס", אין פּוילישן „בזשאָסקווינא"), און „פּערסישע ניס", ס'רוב מפרשים טייטשן „פּפירזשיכעס". אָבער דער „ערוך השלם" ווייזט אָן, אז אין א סך ערטער אין דער ברייתא און גמרא ווערן „פרסקין" (אויך „אפרסקין") געבראַכט צוזאמען מיט „אגוזים ושקדים" „ניס און מאנדלען", און אויך דאָ אין דער משנה ווערט עס גע־בראַכט צוזאמען מיט מאנדלען; עס איז דעריבער אָנצונעמען, לויט דער מיינונג פון „ערוך השלם", אז דאָס מיינט מען די „פּערסישע ניס"; שקדים איז „מאנדלען" (פאַ־ראַן אין תנך). שיזפין טייטשן א סך מפרשים ברוסטבער־פרוכט, און „רימין" לאטוס־פרוכט; דער „תפארת ישראל" טייטשט „שיזפין" „פלוימען" און „רימין" די „לאנגע פלוימען". עס דארף דאָ באַמערקט ווערן, אז דער איסור פון כלאים ביי ביי־מער איז נור „הרכבה", דאָס הייסט אריינפלאנצן, איינגרעפטן א צווייג פון איין בוים אין אן אנדערן בוים. אָבער למשל פלאנצן איין בוים לעבן אן אנדערן בוים, אָדער גרינס צי תבואה לעבןביימער מעג מען, מיטן אויסנאם פון וויינגערטנער, וועגן וואָס די משנה וועט לערנען באזונדער.

ה. הצנון והנפוץ, רעטאך און זיסליכער רעטאך, החרדל והלפסן, זענעפט (גאָר־טשיצע) און ווילדער זענעפט, ודלעת יונית עם המצרית והרמוצה, און גריכישער קירבים (דיניע) מיט עגיפּטישן קירבים אָדער מיט הייס־אש־קירבים, כאָטש זיי זענען ענליך צום אנדערן, זענען זיי כלאים איינער מיטן אנדערן. צנון איז רעטאך; וועגן נפוץ האָבן מיר געשריבן פריער אין משנה ג', א זיסליכער רעטאך. חרדל האָבן מיר גע־שריבן אין משנה ב', דאָס איז זענעפט, גאָרטשיצע; „לפסן" טייטשן טייל די מפרשים „ווילדער זענעפט"; ר' בנימין מוספיא אין „מוסף הערוך" מיינט, אז דאָס איז דאָס גריכישע און לאטייניש וואָרט „לאפּסאנא", וואָס איז א סאָרט „ווילדער קרויט". „דלעת" האָבן מיר געשריבן פריער אין משנה ב', אז דאָס איז „קירביס", „דיניע" (אין ענגליש „גורד"), און פון דער משנה איז צו זען, אז עס זענען געווען דריי מינים דלעת; דלעת המצרית (עגיפּטישער קירביס), דלעת הרמוצה (הייס־אש־קירביס, וואָס ווערט זיסלעך ווען מען לעגט עס אריין אין הייסן אש) און דלעת יונית, גריכישער קירביס). זאָגט דאָ די משנה, אז גריכישער קירביס איז כלאים סיי מיט דעם עגיפּ־טישן קירביס און סיי מיט דעם הייס־אש־קירביס.

ו. הזאב והכלב, דער וואָלף און דער הונט, כלב הכפרי והשועל, דער דאָרפס־הונט און דער פוקס, העזים והצבאים, די ציגן און הירשן, היעלים והרחלים, די געמ־זען (שטיינבאָקן) און די נקבות־שעפּסן, הסוס והפרד, דאָס פערד און דאָס מויל־אייזל,

**והרחלים, הסוס והפרד, הפרד והחמור, החמור והערוד, אף על פי שדומין זה לזה, כלאים זה בזה.**

**ז. אין מביאין אילן באילן, ירק בירק, ולא אילן בירק, ולא ירק באילן, ר׳ יהודה מתיר ירק באילן.**

**ח. אין נוטעין ירקות בתוך סדן של שקמה. אין מרכיבין פיגם על**

---

הפרד והחמור, דאָס מויל־אייזל און דאָס אייזל, והחמוד והערוד, און דאָס אייזל און דאָס ווילד־אייזל, כאָטש זיי זענען ענליך איינער צום אנדערן, זענען זיי כלאים איינער מיטן אנדערן. זאב און כלב מיינט מען „וואָלף״ און „הונט״, דאָס איז זיכער. „כלב כפרי״ טייטשט מען „דאָרף־הונט״, וואָס זאָל זיין ענליך צום „שועל״, צום „פוקס״, טייל טייטשן „שועל״ ניט „פוקס״, נאָר „שאקאל״. „עזים״ זענען „ציגן״; אָבער אַז מיט „צבאים״, מיינט מען „הירשן״, איז שוין ניט אַזוי זיכער. רש״י אין חולין נ״ט האַלט, אַז „צבי״ אין דער משנה און גמרא מיינט ניט „הירש״, נאָר די „געמזע״, דאָס איז די ווילדע, גרויסע, שנעל־לויפנדע בארג־ציג, וואָס געוויינליך מיינט מען, אַז דאָס זענען די „יעלים״. די „תוספות אנשי שם״ ווילן זען פון דער דאָזיקער משנה א ראיה צו רש״יס מיינונג, ווייל מען קאָן דאָך ניט זאָגן, אַז ציגן און הירשן זענען ענליך איינער צום אנדערן. אָבער אויב אַזוי, וואָס איז דער טייטש „יעלים״, וועגן וועלכער די משנה זאָגט דאָ, אַז זיי זענען ענליך צו „רחלים״ (שעפּסן־נקבות)? אפשר זענען געווען צוויי מינים „געמזעס״. „סוס״ איז א פערד; „פרד״ איז א מויל־אייזל, וואָס איז געבוירן פון א פערד און א אייזל; „חמור״ איז אייזל; „ערוד״ איז א ווילדער אייזל (פאַראַן אין תנך ווי איוב ל״ט). דער איסור פון כלאים ביי צוויי מינים בעלי חיים מיינט מען, אַז מען טאָר ניט אַרבייטן מיט צוויי פון זיי צוזאַמען, סיי אַז מען טאָר זיי ניט צונויפּפּאָרן.

ז. אין מביאין, מען טאָרניט אַריינבריינגען (אַריינפּלאַנצן) איין בוים אין אַן אַנדערן (מין) בוים, איין (מין) גרינס אין אַן אַנדערן (מין) גרינס, און אויך ניט גרינס אין א בוים, און אויך ניט א בוים אין א גרינס. מיט אַריינפּלאַנצן איין מין בוים אין א אַנדערן מין בוים מיינט מען דאָס נעמען א צווייגל פון איין מין בוים און עס גרעפּטן, אַריינזעצן אין אַן אַנדערן מין בוים, און דערפון קומט אַרויס א פּרוכט, וואָס איז א געמיש פון די ביידע מינים ביימער. דאָס דאָזיקע אַריינזעצן הייסט אין לשון קודש „הרכבה״, מרכיב־זיין, גרעפּטן; די משנה לערנט, אַז דאָס טאָר מען ניט טאָן צוליב דעם איסור פון כלאים. נאָך לערנט די משנה, אַז מען טאָר אויך ניט גרעפּטן צוויי מינים גרינסן, צוויי מינים ירקות צוזאַמען. אויך לערנט די משנה, אַז מען טאָר ניט פּלאַנצן גרינס, ירקות אין א בוים, און אויך ניט א בוים אין א גרינס, אין א ירק. דאָס איז שוין ניט קיין „הרכבה״, קיין „גרעפּטן״, קיין צוזאַמענבאַהעפטן פון די צוויי מינים. דער ירק, דאָס גרינס, בלייבט ווייטער דאָסזעלבע גרינס, און דער פּרוכט פון בוים בלייבט ווייטער דיזעלבע פּרוכט; פונדעסטוועגן לערנט די משנה, אַז מען טאָר־ניט. ר׳ יהודה איז מתיר צו פּלאַנצן גרינס אין א בוים. דער טעם פון ר׳ יהודה איז, ווייל ווי מיר האָבן שוין געזאָגט, איז עס ניט קיין גרעפּטונג, עס ווערט ניט באַהאַפטן איינס צום צווייטן, און עס איז ניט מער ווי א יניקה, עס ציט איינס פון צווייטנס זאַפט, און דאָס מעג מען; אַזוי דערקלערט דער תוספות יום טוב. מיר וועלן ווייטער זען, אַז דער דין איז גאַנץ אַנדערש ביי כלאים וויינגערטנער.

ח. אין, מען טאָרניט פּלאַנצן קיין גרינס אין א שטאַם־וואָרצל פון א סיקאָמאָר־בוים, און מען טאָרניט מרכיב־זיין (גרעפּטן) ראָוט־קרויט אויף א ווייס־צימרינג־ביימל, ווייל דאָס הייסט „גרינס אין א בוים״. די דאָזיקע משנה האַלט ניט ווי ר׳ יהודה אין דער פריקער משנה; זי האַלט, אַז מען טאָרניט פּלאַנצן גרינס (ירקות) אין א בוים. „סדן״ הייסט דער שטאַם־וואָרצל פון א בוים, נאָכדעם ווי מען האָט פון אים אָפּגע־

**גבי קדה לבנה, מפני שהוא ירק באילן. אין נוטעין יחור של תאנה לתוך החצוב, שיהא מקירו. אין תוחבין זמורה של גפן לתוך האבטיח, שתהא זורקת מימיה לתוכו, מפני שהוא אילן בירק. אין נותנין זרע דלעת לתוך החלמית שתהא משמרתו, מפני שהוא ירק בירק.**

**ט. הטומן לפת וצנונות תחת הגפן, אם היו מקצת העלין מגולין,**

---

האקט מער ווי די העלפט צוזאמען מיט די צווייגן. אזא שטאם וואָרצל איז געניג ברייט און מען קען דאָרט פלאנצן גרינס (ירקות). „סדן של שקמה" הייסט אזא שטאם־וואָרצל פון א סיקאמאָר־בוים. „פיגם" איז (ווי ר' בנימין מוספיא זאָגט אין „מוסף הערוך") דאָס גריכישע וואָרט „פיגאן", דאָס איז אזא סאָרט קרויט, „ראוט־קרויט", אין ענג־ליש „רו", און די בלעטער זענען ביטער און גיבן ארויס א שארפן ריח. „קדה לבנה" איז א ביימל, אויף וועלכן עס וואקסט א סאָרט צימרינג, און מען רופט עס „קאסיא" (דאָס שטאמט פון לשון־קודש־וואָרט „קציעה"), און מיר זעצן עס איבער „ווייס־צימ־רינג־ביימל". אין נוטעין יחור, מען טאָרניט פלאנצן א צווייג פון א פייגנבוים אין א חצב, כדי ער זאָל אים אָפּקילן; מען טאָר ניט אריינשטעקן א צווייג פון א ווינשטאָק אין אן ארבוז (וואסער־מעלאָן), כדי ער זאָל אריינגיסן זיינע וואסערן אין אים, ווייל דאָס (די ביידע זאכען) איז „בוים אין גרינס". די משנה גיט דאָ צוויי ביישפּילן צו דעם דין פון דער פריערדיקער משנה, אז מען טאָר ניט פלאנצן קיין בוים אין גרינס, ווייל עס הייסט כלאים. איין ביישפּיל איז דאָס פלאנצן א צווייג פון א פייגנבוים אין א חצב. דאָס וואָרט „יחור" איז דער טייטש „צווייג". אין לשון קודש האָבן די צווייגן פון פארשידענע מינים ביימער פארשידענע נעמען. דער צווייג פון א ווינשטאָק הייסט „זמורה", פון א „פייגנבוים „יחור". „חצוב", וואָס הייסט אויך חצב, איז א גרויסע ציבעלע־פלאנצונג, וואָס וואקסט א סך אין ארץ ישראל און אין די שכנות־דיגע לענדער פון ארץ־ישראל. די גמרא בבא בתרא נ"ו זאָגט, אז דעם דאָזיקן חצב האָט יהושע בן נון, ווען ער האָט צוטיילט ארץ ישראל צווישן די יידן, פארפלאנצט אויף די גרעניצן פון יעדנס חלק ערד, ווייל די וואָרצלן פון חצב גייען אריין גלייך און טיף אין דער ערד, און זיי זענען דעריבער א גוטער סימן פאר דער גרעניץ. דער „מלאכת שלמה" מיינט, אז דער „שיהא מקירו" איז ניט דער טייטש, כדי „דער צווייג זאָל אָפּקילן דעם חצב", מחמת דער חצב איז גאָרניט אזוי חשוב, אז מען זאָל ספּע־ציעל אין אים אריינפלאנצן א צווייג פון א פייגנבוים; נאָר דער טייטש איז אז „דער חצב זאָל „אונטערהאלטן דעם צווייג", און „מקירו" איז מסתמא פון וואָרט „קורה", אונטערשטיצונגס־באלקן. דער צווייטער ביישפּיל איז דאָס אריינשטעקן א ווינשטאָק־צווייג אין אן ארבוז, און אויך דאָס טאָר מען ניט, ווייל עס איז א בוים אין גרינס. אין נותנין, מען טאָרניט אריינטאָן דעם זאמען פון א קירביס (דיניע) אין א פּאפּל־קרויט, כדי דאָס (קרויט) זאָל אים (דעם זאמען) היטן, ווייל עס איז „גרינס אין „גרינס". דאָ גיט די משנה א ביישפּיל צום דין פון דער פריערדיקער משנה, אז איינ־פלאנצן „גרינס אין גרינס" (ירק אין ירק) טאָר מען ניט. „זרע דלעת", הייסט דער „זאמען פון א קירביס (דיניע)", וואָס מען פארזייט, כדי עס זאָל ארויסוואקסן דער קירביס. צוליב דעם וואָס דער זאמען (די קערנדלעך) קאָנען זיך ניט באלד אָננעמען און זיי קאָנען פארטריקנט ווערן, געבן טייל גערטנער זיך א עצה און זיי פלאנצן אים אין פּאפּל־קרויט, וואָס איז פייכט און העלפט די קירביס־קערנדלעך זיך איינצע־וואָרצלן אין דער ערד.

ט. הטומן, אז איינער באהאלט (אין דער ערד) ריבן און רעטאכער אונטער א ווינשטאָק, איז דער דין, אז אויב טייל פון די בלעטער (פון די ריבן און רעטאכער) זענען אָפּגעדעקט (זיי שטעקן־ארויס פון דער ערד) דארף מען ניט מורא האָבן ניט פאר כלאים, און ניט פאר שמיטה, און ניט פאר מעשרות, און מען מעג זיי ארויסנע־

**אינו חושש לא משום כלאים, ולא משום שביעית, ולא משום מעשרות, וניטלין בשבת. הזורע חטה ושעורה כאחת הרי זה כלאים. ר' יהודה אומר, אינו כלאים עד שיהו שתי חטים ושעורה, או חטה ושתי שעורים, או חטה ושעורה וכוסמת.**

מען (פון דער ערד) אים שבת. די משנה לערנט דאָ, אז דאָס ארייַנלייגן ירקות, למשל ריבן אָדער רעטאַכער אין דער ערד און זיי צו־דעקן מיט דער ערד הייסט ניט, אז מען האָט זיי פאַרזייט, נאָר עס הייסט סתם באַהאַלטן אין דער ערד. ממילא מעג מען זיי באַהאַלטן אין דער ערד אונטער א ווייַנשטאָק, און מען האָט ניט מורא צו האָבן דערבייַ פאַר דעם איסור פון כלאים, ווייל מען האָט זיי דאָך ניט פאַרזייט. דאָסזעלבע מעג מען די דאָזיקע ירקות ארייַנלעגן אין דער ערד אין שמיטה־יאָר, כאָטש פאַר־זייען אין שמיטה־יאָר טאָר מען דאָך ניט; מחמת דאָס הייסט ניט פאַרזייט. דאָס־זעלבע דאַרף מען ניט אראָפּנעמען קיין מעשר פון זיי, אפילו ווען בעת זיי זענען גע־לעגן אין דער ערד זענען זיי צוגעוואַקסן; מחמת דאָס הייסט ניט פאַרזייט, און מעשר דאַרף מען נאָר נעמען, ווען מען האָט פאַרזייט און עס איז געוואַקסן. אויך מעג מען זיי אָננעמען ביי די בלעטער און ארויסנעמען פון דער ערד אים שבת, כאָטש אים שבת טאָר מען דאָך ניט אָפּרייסן קיין זאַך, וואָס איז צו באַהאַפטן צו דער ערד (מחובר); מחמת דאָס הייסט ניט אז זיי זענען געוועזן פאַרזייט, זענען זיי דאָך ניט באַהאַפטן צו דער ערד, זיי זענען „תלוש", שוין פון פריער אָפּגעריסענע. די מפרשים זאָגן, אז דאָס וואָס די משנה שטעלט דעם תנאי „אויב אביסל בלעטער זענען געווען אָפּגעדעקט", איז ניט צוליב כלאים און שמיטה און מעשרות, ווארום בנוגע די דאָזיקע זאַכן איז ניט קיין אונטערשיד, צי טייל בלעטער זענען יאָ אָפּגעדעקט צי ניט; דאָס האָט די משנה צוגעגעבן נאָר בנוגע שבת, ווארום אויב די בלעטער זענען ניט געווען אָפּגעדעקט, טאָר מען זיי ניט ארויסנעמען אים שבת, ווייל ביים ארויסנעמען מוז מען דאָך באַוועגן די ערד ארום. אָבער אויב טייל בלעטער זענען אָפּגעדעקט איז כאָטש ער באַוועגט די ערד פון דער זייט מעג מען, ווייל עס הייסט א „טלטול מן הצד" („באַוועגן פון א זייט"), און דאָס מעג מען אים שבת. הזורע, אז איינער פאַרזייט א ווייץ־קערנדל און א גערשטן־קערנדל צוזאַמען (ער וואַרפט זיי ביידע צוזאַמען אריין אין דער ערד), הייסט דאָס כלאים. דאָס דאָזיקע פאַרזייען צוזאַמען הייסט אין דער גמרא „מפולת יד", „וואַרפן מיט דער האַנט", מיט איינמאָל צוזאַמען־פאַרזייען. די משנה לערנט דאָ, אז לויט דער תורה, מדאורייתא, הייסט כלאים נאָר ווען מען „פאַרזייט מיט איינמאָל" צווי מינים תבואה, למשל א קערנדל ווייץ און א קערנדל גערשטן; אָבער ווען מען פאַרזייט צוערשט ווייץ, און דערנאָך פאַרזייט מען צו אויפן זעלבן אָרט גערשטן, איז עס מדאורייתא, לויט דער תורה, ניט קיין כלאים. נאָר די רבנן, די חכמים, האָבן גע־אסר'ט אפילו ווען מען פאַרזייט ניט זיי מיט איינמאָל, און אפילו ווען דער ווייץ און גערשטן איז נאָר איינער לעבן דעם צווייטן. די רבנן האָבן אָנגעזאָגט, אז מען זאָל מאַכן א הרחקה, א דערווייטערונג צווישן ביידע, וועגן דעם וויפל די דערווייטערונג דאַרף זיין, ווערט געלערנט אין די קומענדיקע פרקים פון דער משנה. ר' יהודה זאָגט, אז עס הייסט ניט קיין כלאים, סיידן עס זענען פאַראַן צווי ווייץ־קערנדלעך און איין גערשטן־קערנדל, אָדער איין ווייץ־קערנדל און צווי גערשטן־קערנדלאַך, אָדער א ווייץ־קערנדל און א גערשטן און א שפּעלץ (כוסמת־קערנדל). מחמת ר' יהודה האַלט, אז ווייל עס שטייט אין דער תורה (ויקרא י"ט) „שדך לא תזרע כלאים", „דיין פעלד זאָלסטו ניט פאַרזייען „לאים", דאַרף זיין פריער א פאַרזייט פעלד און דערנאָך טאָר מען ניט אין דעם פאַרזייטן פעלד מאַכן כלאים, און א פאַרזייט פעלד הייסט מינדעסטנס אויב עס זענען פאַרזייעט צווי קערנדלעך, און ערשט דאָס דריטע קערנדל פון אן אנדערן מין מאַכט עס כלאים.

# פרק ב.

**א. כל סאה שיש בה רובע ממין אחר ימעט. ר׳ יוסי אומר, יבור. בין ממין אחד, בין משני מינין. ר׳ שמעון אומר, לא אמרו אלא ממין אחד.**

## פרק ב.

א. כל סאה, אויב עס איז פאראן אין א סאה (תבואה צו אנדערע געוויקסן־זאמען צום פארזייען) א פערטל (טאָפּ) פון אן אנדער מין, דארף מען פארקלענערן. **כדי צו פארשטיין די משנה ווען מיר דאָ געבן עטליכע אויפקלערונגען. ערשטנס, כאָטש מען טאָר ניט פארזייען צוויי מינים צוזאמען צוליב דעם איסור פון כלאים, למשל, מען טאָרניט פארזייען ווייץ מיט גערשטן צוזאמען, פונדעסטוועגן אויב עס איז נור פאראן א קליין ביסל ווייץ אויסגעמישט אינם גערשטן, אָדער א קליין ביסל גערשטן אויס־געמישט אינם ווייץ, מעג מען יאָ פארזייען. וויפיל הייסט א „קליין ביסל״? די חכמים האָבן געזאָגט, אז דאָס הייסט ווינציקער פון א 24סטל. אויב למשל איין קוואַרט ווייץ איז אויסגעמישט מיט 23 קוואַרט גערשטן, הייסט דאָך אז דער ווייץ איז א 24סטל פון גאנצן אויסגעמישעכץ טאָר מען ניט פארזייען. אויב אָבער עס איז פאראן איין קוואַרט ווייץ אויסגעמישט מיט 24 קוואַרט גערשטן איז דאָך דער ווייץ ווינציקער פון א 24סטל פון גאנצן אויסגעמישעכץ, מעג מען יאָ פארזייען. צווייטנס, א סאה האָט 6 קבים (טעפּ), קומט אויס, אז א סאה האָט 24 פערטל־טעפּ (ווארום אין יעדן טאָפּ איז דאָך פאראן 4 פערטל). אומעטום, וואו עס איז פאראן דאָ אין דער משנה כלאים „רובע״, „א פערטל״, מיינט מען „א פערטל טאָפּ״.** די משנה לערנט דאָ, **אז אויב אין א סאה תבואה צום פארזייען איז פאראן אויסגעמישט א פערטל טאָפּ פון אן אנדער מין, למשל עס איז פאראן 23 פערטל־טעפּ ווייץ און איין פערטל־טאָפּ גערשטן (צוזאמען 24 פערטל־טעפּ, וואָס איז איין סאה), זאָל מען פארקלענערן די צאָל פון גערשטן, וואָס איז פאראן אין דעם געמישעכץ, אזוי אז עס זאָל זיין ווינציקער פון א 24סטל, און דעמאָלס מעג מען פארזייען. די מפרשים זאָגן, אז דער טעם פון „פאר־קלענערן״ איז, ווייל די תורה האָט גע׳אסר׳ט פארזייען כלאים נאָר ווען מען טוט עס בכונה, מען האָט דעם ווילן צו פארזייען 2 מינים צוזאמען. אָבער אזוי ווי דאָ האָט מען דאָך ניט די כוונה דערצו, נאָר עס איז צופעליק אויסגעמישט, איז מדאורייתא באמת מותר, נאָר די חכמים האָבן גע׳אסר׳ט, ווייל ביים וואקסן אויפן פעלד וועלן מענטשן מיינען, אז דער בעל הבית האָט בכונה פארזייט צוויי מינים. קוים אָבער איז עס ווינציקער פון א 24סטל וועט מען אויפן פעלד ניט דערקענען. דער ירושלמי זאָגט, אז מיט „פארקלענערן״ מיינט מען, אז מען קאָן טאָן איינס פון די צוויי, אָדער מען שיט־צו מער ווייץ, אָדער מען נעמט ארויס אביסל פונם גערשטן.** ר׳ יוסי זאָגט, אז מען זאָל ארויסקלויבן (דעם אנדערן מין אינגאנצן). **דער ברטנורא זאָגט, אז דעם טעם פון ר׳ יוסי איז, ווייל קוים נעמט מען ארויס נאָר אביסל גערשטן און מען לאָזט איבער אביסל, הייסט עס, אז מען וויל שוין יאָ, אז דאָס איבריקע ביסל גערשטן זאָל בלייבן, דעריבער טאָר מען ניט, נאָר מען דארף ארויסקלויבן דעם גאנצן גערשטן.** בין, סיי פון איין מין, סיי פון צוויי מינים. **דער פריערדיקער דין, אז אויב עס איז פא־ראן אין דער סאה זריעה א פערטל טאָפּ פון אן אנדער מין זאָל מען פארקלענערן, איז סיי ווען דער פערטל־טאָפּ איז פון איין אנדערען מין און סיי פון צוויי אנדערע מינים; למשל סיי ווען צו די 23 פערטל־טאָפּ ווייץ איז צוגעמישט איין פערטל טאָפּ גערשטן— סיי ווען עס איז צוגעמישט איין האלב־פערטל־טאָפּ גערשטן און איין האלב־פערטל־טאָפּ קאָרן.** ר׳ שמעון זאָגט, אז מען האָט געזאָגט צו (פארקלענערן) נור ווען (דער פערטל־טאָפּ) איז פון איין מין. **ר׳ שמעון האלט, אז עס מוז זיין א גאנצער פערטל־טאָפּ, (דאָס הייסט א 24סטל) פון איין אנדערן מין.** וחכמים, אָבער די חכמים זאָגן, אז אלץ וואָס איז כלאים אין דעם סאה (זריעה) ווערט צוגערעכנט (איז זיך מצרף) צום

**וחכמים אומרים, כל שהוא כלאים בסאה מצטרף לרובע.**

**ב. במה דברים אמורים? תבואה בתבואה וקטנית בקטנית, תבואה בקטנית וקטנית בתבואה. באמת אָמרו, זרעוני גנה שאינן נאכלין מצטרפין אחד מעשרים וארבע בנופל לבית סאה. ר׳ שמעון אומר, כשם שאמרו**

---

פערטל־טאָפּ. אויב למשל ס׳איז פאראן אין דעם סאה 23 פערטל־טעפּ ווייץ און איין האלב פערטל־טאָפּ גערשטן און איין האלב־פערטל טאָפּ קאָרן, און מיר ווייסן דאָך פון פרק א׳ משנה א׳ אז גערשטן און קאָרן זענען כלאים מיט ווייץ, זענען זיי זיך מצרף; זיי ווערן גערעכנט ווי איין פערטל־טאָפּ פון איין מין און מען דארף פארקלענערן. אָבער אויב, למשל, ס׳איז פאראן אין דעם סאה 23 פערטל־טעפּ ווייץ און איין האלב־פערטל טאָפּ גערשטן און איין האלב פערטל־טאָפּ „זונין״, און פון פרק א׳ משנה א׳ ווייסן מיר, אז „זונין״ איז ניט קיין כלאים מיט ווייץ, זענען די האלב־פערטל־טאָפּ „זונין״ זיך ניט מצרף, ווערן ניט צוגערעכנט, מיט דעם האלב־פערטל־טאָפּ גערשטן, און עס הייסט, אז עס איז ניטאָ קיין פערטל־טאָפּ פון אן אנדערן מין און מען דארף ניט פארקלענערן.

ב. במה, ווען איז דאָס געזאָגט געוואָרן? ווען עס איז (אויסגעמישט) תבואה אין תבואה, אָדער קטניות אין קטניות, אָדער תבואה אין קטנית, אָדער קטניות אין תבואה. מחמת אויף צו פארזייען א שטיקל פעלד, צו וועלכן מען דארף האָבן, למשל, א סאה ווייץ אויף זריעה, דארף מען אויך האָבן א סאה גערשטן אויף זריעה, און דאָסזעלבע אויך א סאה פון אן אנדערן מין תבואה, צי א סאה פון א מין פון קטניות, למשל אר־בעס, באָבעס. דעריבער אויב עס איז אויסגעמישט א פערטל־טאָפּ, אפילו פון ארבעס (קטניות) אין א סאה געמיש וועט מען אויפן פעלד נאָכן וואקסן, גלייך דערקענען דעם כלאים, ווארום אויך דאָרט וועט דער ארבעס פארנעמען א 24סטל פון דעם שטח פון פארזייטן פעלד. באמת, עס איז אמת, אז זיי (די חכמים) האָבן געזאָגט אז גאָרטן־קערנדלעך צום פארזייען וועלכע ווערן ניט געגעסן, ווערן פארעכנט לויט איין 24סטל פון פארזייען זיי אין א סאה־זריעה־פעלד. מיט „זרעוני גינה שאינן נאכלין״, „גאָרטן־קערנדלעך צום פארזייען, וועלכע ווערן ניט געגעסן״, מיינט מען די קערנדלעך פון גרינסן, ווי למשל פון קרויט. די דאָזיקע זריעה קערנדלעך ווערן ניט געגעסן, און געגעסן ווערן נור די בלעטער און דאָס הייפּטל קרויט. די קערנדלעך זענען נאָר צום פארזייען, און דעריבער הייסן זיי „גאָרטן־זריעה־קערענדלעך, וועלכע ווערן ניט גע־געסן״. א שטיק פעלד, וואָס צום פארזייען עס דארף מען סאה ווייץ, און וואָס די משנה רופט אָן „בית־סאה״, סאה־זריעה־פעלד, איז גרויס 50 איילן אויף 50 איילן. אָבער צו פארזייען אזא פעלד פון 50 איילן אויף 50 איילן מיט גאָרטן־זריעה־קערנדלעך, דארף מען ניט האָבן קיין סאה, קיין 24 פערטל טעפּ זריעה, מחמת די קערנדלעך זענען קליינע, דינע. עס איז גענוג אנדערהאלבן טעפּ פון די דאָזיקע גרינס־קענרנדלעך. ווען מען וועט אויך דאָ זאָגן, אז אויב עס איז אויסגעמישט עטוואָס ווינציקער פון א פערטל־טאָפּ פון די דאָזיקע גרינס־קערנדלעך אין א סאה ווייץ מעג מען עס פארזייען און מען דארף ניט פארקלענערן, וועט מען דאָך ביים וואקסן אויפן פעלד, דערזען, אז דאָס גרינס פארנעמט ניט עטוואָס ווינציקער פון א 24־סטל פון פעלד, נאָר כמעט א זעקסטל, מחמת צום גאנצן פעלד דארף מען דאָך די זריעה־קערנדלעך ניט מער ווי אנדער־האלבן טעפּ, דאָס הייסט 6 פערטל־טאָפּ. דעריבער לערנט די משנה, אז דאָס 24סטל ווערט ניט גערעכנט לויט דער מאָס פון די קערנדלעך, נאָר לויט דער מאָס, וויפיל די זריעה וועט פארנעמען שטח אויפן פעלד, און אזוי ווי פון גרינסן־זריעה קערנדלעך דארף מען האָבן נור אנדערהאלבן טעפּ אויף א „בית סאה״, אויף א פעלד, וואָס צו פארזייען ווייץ דארף מען האָבן א סאה (24 פערטל טעפּ), איז דער דין, אז מען דארף פאר־קלענערן אויב א 24סטל פון אנדערהאלבן טעפּ גרינס־זריעה־קערנדלעך (דאָס הייסט א פערטל פון א פערטל־טאָפּ, א 16טל פון א טאָפּ) איז אויסגעמישט מיט א סאה (24

**להחמיר כך אמרו להקל, הפשתן בתבואה מצטרפת אחד מעשרים וארבע בנופל לבית סאה.**

**ג. היתה שדהו זרועה חטים ונמלך לזרעה שעורים, ימתין לה עד שתתליע ויופך ואחר כך יזרע. אם צמחה, לא יאמר, אזרע ואחר כך אופך, אלא הופך ואחר כך זורע. כמה יהא חורש? כתלמי הרביעה. אבא שאול**

---

**פערטל־טעפּ) ווייץ־זריעה. דער „באמת אמרו״, עס איז אמת, אז זיי (די חכמים) האָבן געזאָגט, ווערט געטייטשט, אז דאָס מיינט, אז דאָס איז א הלכה למשה מסיני און אז דערויף איז ניטאָ קיין מחלוקה. דער אויסדרוק „נופל״ (פאלן) מיינט מען „פאר־זייען״, ווייל ביים פארזייען די תבואה פאלן די קערנדלעך אראָפּ אויף דער ערד. „בנופל לבית סאה״ מיינט מען, „לויט דעם שיעור פון פארזייען א שטיקל פעלד, וואָס צו פארזייען עס מיט תבואה דארף מען האָבן דערצו א סאה״; ווי מיר האָבן פריער געזאָגט מיינט דאָס א שטח פון 50 איילן אויף 50 איילן, דאָס הייסט 2500 קוואַדראַט־איילן.** ר׳ שמעון זאָגט, אז פונקט ווי זיי (די חכמים) האָבן געזאָגט מחמיר־צו־זיין, האָבן זיי (דעמזעלבן דין ווי וועגן גרינס־זריעה־קערנדלעך) געזאָגט אויך מיקל־צו־זיין: פלאַקס אין תבואה ווערט פאררעכנט לויט איין 24־סטל פון פארזייען אין א סאה־זריעה־פעלד (בית־סאה)״. **ר׳ שמעון זאָגט, אז אזוי ווי מען האָט מחמיר געווען ביי די דינע גרינס־זריעה קערנדלעך, אז ווען עס איז אויסגעמישט פון זיי א 16טל טאָפּ אין א סאה תבואה דארף מען פארקלענערן, אזוי האָט מען אייך געזאָגט דעמזעלבן דין אויף מיקל צו־זיין. למשל פלאַקס ווערט געזייט זייער געדיכט, און מען דארף האָבן אויף א בית־סאה, אויף א פעלד פון 50 אויף 50 איילן, גאַנצע דריי סאה זריעה־קערנדלעך. דעריבער אויב פלאַקס־־זריעה איז אויסגעמישט מיט ווייץ דארף מען ניט פארקלענערן ווען עס איז פאראַן א פערטל טאָפּ אויף א סאה אויסגעמישעכץ; נאָר מען דארף פאר־קלענערן ערשט ווען עס איז פאראַן דריי פערטל־טאָפּ ווייל אויף צו פארזייען א בית־סאה־פעלד דארף מען דאָך האָבן דריי סאה פלאַקס.**

ג. היתה, אז (איינער האָט) א פעלד, וואָס איז פארזייט מיט ווייץ, און ער איז זיך מיישב צו פארזייען עס מיט גערשטן, זאָל ער וואַרטן ביז דאָס (פעלד) וועט (דורך דעם ווייץ) ווערמדיק ווערן און דערנאָך זאָל ער איבערדרייען (איבעראַקערן) די ערד מיט דעם ווייץ) און דערנאָך מעג ער פארזייען (גערשטן). **דאָס וואָרט „שתתליע״, „עס זאָל ווערן ווערמדיק״, מיינט, אז פון דעם פארזייטן ווייץ זאָלן זיך ארויסציען דינע פעדעמלאַך, וואָס זען אויס ווי ווערמלאַך. דער ירושלמי זאָגט, אז דאָס הייסט, אז מען זאָל וואַרטן דריי טעג נאָכן זייען אין נאַסער ערד, און אין טריקענער ערד מער ווי דריי טעג. דער טעם פון דער משנה איז, וואָס קוים זענען די ווייץ־קערנדלעך שוין פארפוילט און מען אַקערט זיי איבער קאָנען זיי שוין ניט מער וואַקסן.** אָס, אויב (דער ווייץ) איז שוין געוואַקסן אביסל ארויסגעשפּראָצט, זאָל ער ניט זאָגן: „איך וועל צוערשט פארזייען (דעם גערשטן) און דערנאָך וועל איך איבעראַקערן״, נאָר ער דארף צוערשט איבעראַקערן און דערנאָך פארזייען (דעם גערשטן). **דער „תפארת ישראל״ זאָגט, אז דאָס איז א פירוש צו דעם פריעריקן דין, דהיינו, אז דער דין אז ער דארף צוערשט איבעראַקערן דעם ווייץ און דערנאָך מעג ער זייען גערשטן, איז נאָר ווען דער ווייץ איז שוין געוואַקסן אביסל ארויסגעשפּראָצט, אָבער אויב נאָכניט, מעג ער צוערשט פאר־זייען דעם גערשטן און דערנאָך פאראַקערן דעם ווייץ.** כמה, וויפיל (ווי ברייט) דארף ער איבעראַקערן? ווי די אַקער־בערגלעך נאָכן רעגן. **מיר האָבן שוין געשריבן אין פאה פרק ח׳ משנה א׳ אז „רביעה״ הייסט די צייט ווען עס גייט אין ארץ־ישראל דער רעגן. א גאַנצן זומער גייט ניט קיין רעגן; ערשט אין אָנהויב חודש חשון הויבט אָן צו גיין דער ערשטער רעגן און דאָס הייסט „רביעה ראשונה״. די ערד ווערט נאָכן רעגן ווייכער און מען קאָן איר אַקערן. דעמאָלט אַקערט מען אין ברייטע שורות, אין**

**אומר, כדי שלא ישייר רובע לבית סאה.**

**ד. זרועה ונמלך לנטעה, לא יאמר, אטע ואחר כך אופך, אלא הופך ואחר כך נוטע. נטועה ונמלך לזרעה, לא יאמר, אזרע ואחר כך אשרש, אלא משרש ואחר כך זורע. אם רצה, גומם עד פחות מטפח וזורע ואחר כך משרש.**

**ה. היתה שדהו זרועה קנבוס או לוף, לא יהא זורע ובא על גביהם, שאינן עושין אלא לשלש שנים. תבואה שעלו בה ספיחי אסטיס, וכן**

---

בברייטע בערגלעך, כדי צווישן די שורות, צווישן די אקער־בערגלעך, זאָלן זיין ברייטערע ראָוועס, קאַנאַלעכלעך, און דאָס וואַסער זאָל קאָנען דורכפליסן לייכט. דאָס וואָרט „תלמי" („תלמים") טייטשט ר' דוד קמחי (דער רד"ק) „אקער־בערגלעך", די שורות אויפגעוואָרפענע ערד דורכן אקערן; דער רמב"ם טייטשט: אז דאָס מיינט מען די ראָוועס, די קאַנאַלעכלעך צווישן די בערגלעך . די משנה לערנט, אז ער דאַרף ניט איבעראַקערן געדיכט, איין בערגל לעבן צווייטן, נאָר ער קאָן איבעראַקערן אַזוי ברייט ווי מען אַקערט אין רעגן־צייט. אבא שאול זאָגט, (אז ער דאַרף אַזוי איבעראַקערן דעם ווייץ), אז אין א פעלד פון א בית־סאה (גרויס אויף צו פאַרזייען א סאה ווייץ) זאָל ער ניט איבערלאָזן (ניט איבערגעאַקערט) א שטיקל פעלד׳ (וואָס איז פאַרזייט) מיט א פערטל־טאָפּ (ווייץ). ווי מיר האָבן געזאָגט אין משנה א' הייסט א „רובע לבית סאה" א 24סטל, און די משנה לערנט דאָ, אז ביים איבעראַקערן טאָר מען ניט איבערלאָזן א 24טל פון דעם פעלד.

ד. זרועה, אויב א פעלד איז פאַרזייט מיט תבואה און ער איז זיך מיישב צו פאַרפלאַנצן עס (מיט פרוכטן־ביימער) זאָל ער ניט זאָגן: „איך וועל צוערשט פאַרפלאַנצן און דערנאָך וועל איך איבעראַקערן כדי צו פאַרניכטן די פאַרזייטע תבואה", נאָר ער זאָל צוערשט איבעראַקערן (די תבואה) און דערנאָך פאַרפלאַנצן. **דער ברטנורא זאָגט, אז די משנה מיינט דאָ פאַרפלאַנצן „מיט וויינשטאָקן", ווייל נאָר וויינשטאָקן מיט תבואה טאָר מען ניט („כלאי הכרם", „כלאים פון וויינשטאָקן"). אָבער עס זענען פאַראַן מיינונגען (ראב"ד), אז אויך מיט אַנדערע ביימער טאָר מען ניט.** נטועה, אויב דאָס פעלד איז פאַרפלאַנצט (מיט פרוכטן־ביימער) און ער איז זיך מיישב צו פאַרזייען עס מיט תבואה, זאָל ער ניט זאָגן: „איך וועל צוערשט פאַרזייען און דערנאָך וועל איך אַרויסרייסן מיטן וואָרצל די ביימער", נאָר ער דאַרף צוערשט אַרויסן מיט וואָרצל די ביימער און דערנאָך מעג ער פאַרזייען; אויב ער וויל מעג ער אָפּהאַקן (די ביימער) זיי זאָלן זיין נידריגער פון א טפח פון דער ערד, דערנאָך פאַרזייען, און דערנאָך אַרויסרייסן מיטן וואָרצל (די איבערגעבליבענע שטיקער ביימער). **די „משנה הראשונה" זאָגט, אז דער טעם, פאַרוואָס ער דאַרף פריער אָפּהאַקן די ביימער ביז ווינציקער פון א טפח, איז, כדי מען זאָל די ביימער ניט מער דערקענען, אז דאָס זענען ביימער, און ביי כלאים האָט מען זייער פיל אַכט געלייגט אויף דעם „מראית עיין", אויף דעם „דערקענען". די מאָס „טפח" איז פאַראַן אין תנ"ך און די גמרא מנחות מ"א זאָגט, אז א טפח איז ווי די ברייט פון די 4 גראָבע פינגער פון א מענטש'ס האַנט.**

ה. היתה, (אז איינער האָט) א פעלד, וואָס איז פאַרזייט מיט קימל (קרבוס) אָדער מיט לוף (א סאָרט ציבעלע), טאָר ער ניט זייען אויף זיי (אויף דעמזעלבן פעלד קיין אַנדערן מין תבואה) ווייל דער קימל און דער לוף וואַקסן ערשט נאָך דריי יאָר. **די מפרשים טייטשן, אז די משנה מיינט, אז ביי קימל און לוף העלפט ניט, וואָס מען וואַרט דריי טעג ווען די זריעה ווערט ווערמדיק און מען אַקערט איבער; מחמת זייערע זריעה־קערנער וואַקסן צוריק ביז דריי יאָר. טייל זענען גורס ניט „קרבוס", נאָר „קנבוס" און טייטשן אז דאָס מיינט קאַנאַפּעס, (אין לאַטיין „קאַנאַביס"), אין ענגליש**

**מקום הגרנות שעלו בהן מינין הרבה, וכן תלתן שהעלה מיני צמחים, אין מחייבין אותו לנכש. אם ניכש או כיסח, אומרים לו, עקור את הכל חוץ ממין אחד.**

**ו. הרוצה לעשות שדהו משר משר מכל מין, בית שמאי אומרים,**

**„העמפ״. אָבער דער תוספות־יום־טוב באַמערקט, אַז דאָס קאָן ניט זיין, מחמת קאַנאַ־פּיעס וואַקסן יעדעס יאָר** תבואה, אויב אין (א פעלד, וואו עס וואַקסט) תבואה, האָבן אַרויסגעשפּראָצט ווידער־וואַקסונגען (ספיח) פון איסטיס (א גראָז, וואָס מען מאַכט דערפון פארב), און דאָסזעלבע איז דער דין אויב אויף דעם אָרט (אין פעלד, וואו עס איז געווען) דער שייער, האָבן אַרויסגעשפּראָצט זאַנגען פון פאַרשידענע מינים תבואה (מחמת די קערנער פון די פריערדיקע תבואות פון שייער זענען צופעליק אַראָפּגעפאַלן אין דער ערד און האָבן איצט אַרויסגעשפּראָצט), און אַזוי איז אויך, אויב אין (א פעלד, וואָס איז געווען פאַרזייט מיט) תלתן (א סאָרט קלאָוועו) זענען אַרויסגעוואַקסן אויך אַנדערע מינים פלאַנצונגען, — איז דער בעל הבית פון פעלד ניט מחויב אַרויסצור־רייסן (די פרעמדע מינים פלאַנצונגען, און עס הייסט ניט קיין כלאים). **כלאים הייסט נור, ווען דער בעל הבית פון פעלד וויל באמת, אַז עס זאָלן וואַקסן די צוויי מינים. אויב אָבער מען ווייסט, אַז דער בעל הבית וויל נישט, אַז די פאַרשידענע מינים זאָלן וואַקסן צוזאַמען, מחמת ווען איין מין ברענגט שאַדן דעם צווייטן מין, פאַר־שטייט מען דאָך, אַז דאָס וואָס זיי וואַקסן צוזאַמען איז געגן דעם ווילן פון בעל הבית, הייסט עס ניט קיין כלאים. און מען צווינגט ניט דעם בעל הבית אויסצורייסן. און די משנה גיט דאָ עטליכע משלים פון אַזעלכע פאַלן. דער ערשטער משל איז, אויב אין א פעלד תבואה האָבן זיך באַוויזן ספיח, ווידער־וואַקסונגען פון איסטיס. יעדער ווייסט, אַז איסטיס (אין גריכיש „איסאַטיס״, אין ענגליש ״וואָאַד״, אין פּויליש „אוזשעטא״, אַזא גראָז, פון וועלכן מען מאַכט פאַרב) ברענגט שאַדן דער תבואה. ממילא, פאַרשטייט מען, אַז דער בעל הבית האָט עס ניט פאַרזייט, נאָר עס איז א ווי־דערוואַקסונג געגן ווילן פון בעל הבית. דאָסזעלבע איז, ווען אויף א שטיק פעלד, וואו מען מאַכט שייערן פאַר די תבואות, זענען פון די צופעליגע־אַראָפּגעפאַלענע קערנד־לעך אַרויסגעוואַקסן פאַרשידענע מינים פון די תבואות. יעדער ווייסט, אַז דער בעל הבית וויל, אַז דאָס אָרט צו מאַכן דעם שייער זאָל זיין ליידיק, גליאַטיק, כדי עס זאָל זיין לייכטער צו מאַכן דעם שייער. ממילא פאַרשטייט מען, אַז די מינים תבואות וואַקסן דאָ געגן דעם בעל הבית׳ס ווילן. דאָסזעלבע איז אויך מיט א פעלד, וואָס איז פאַרזייט מיט תלתן (א סאָרט קלאָווער, מען רופט עס אויך „פענום גרעקום״, ״גריכיש היי״, אין ענגליש „פענוגרעק״), און עס זענען דאָרט אַרויסגעוואַקסן אַנדערע מינים גרינסן, און מען ווייסט, אַז זיי ברענגען שאַדן דעם תלתן. אין די אַלע פאַלן צווינגט מען ניט דעם בעל הבית אַז ער זאָל די פרעמדע מינים אַרויסרייסן. „נכש״ הייסט אַרויסרייסן פרעמדע (שלעכטע) געוויקסן פון א פעלד אָדער א גאָרטן און איבערלאָזן דאָס ריכטיקע געוויקס. אם, אויב ער האָט יאָ גענומען אַרויסרייסן אָדער אָפּשניידן** (די בלעטער פון די פרעמדע געוויקסן) זאָגט מען אים: „רייס אויס אינגאַנצן, און לאָז איבער נור איין מין״. דער טעם איז, ווייל קוים האָט ער אָביסעל יאָ אויסגעריסן **אָדער אָפּגעשניטן די בלעטער און האָט איבערגעלאָזט די וואָרצלן, קאָן מען דאָס אויסטייטשן, אַז דאָס וואָס ער האָט איבערגעלאָזט האָט ער יאָ געוואָלט איבערלאָזן, ממילא וואַקסט דאָך עס שוין מיט זיין ווילן און עס הייסט דעריבער כלאים. דעריבער הייסט מען אים שוין אַרויסרייסן אינגאַנצן און איבערלאָזן נור איין מין.**

ו. הרוצה, אַז איינער וויל מאַכן (צעטיילן זיין פעלד אין) עטליכע בייטן (און אין יעדן בייט פאַרזייען) א אַנדערן מין (תבואה) זאָגן די בית שמאי, אַז (כדי דאָס זאָל ניט הייסן כלאים, און כדי מען זאָל זען, אַז פון איין בייט וואָס איז פאַרזייט מיט איין מין

**שלשה תלמים של פתיח; ובית הלל אומרים, מלוא העול השרוני. וקרובין דברי אלו להיות כדברי אלו.**

**ז. היה ראש תור חטים נכנס בתוך של שעורים מותר, מפני שהוא נראה כסוף שדהו. שלו חטים ושל חברו מין אחר, מותר לסמוך לו מאותו המין. שלו חטים ושל חברו חטים, מותר לסמוך לו תלם של פשתן, ולא**

---

תבואה, ביז צום אנדערן בייט, וואָס איז פארזייט מיט אן אנדערן מין תבואה ,איז גענוג ווייט׳ אפּגעריקט, דארף איין בייט זיין ווייט פון צווייטן בייט) ווי די ברייט פון דריי אקער־בערגלאך פון עפּנונג־אקער. ווי מיר האָבן שוין געזאָגט איז דער דין אז ווען מען זייט איין מין תבואה לעבן דעם צווייטן מין הייסט עס כלאים נאָר דעמאָלס ווען עס איז ניט אָפּגעריקט איינער פון צווייטן און עס מאכט דעם איינדרוק, ווי מען וואָלט עס געזייט צוזאמען. אויב אָבער עס איז גענוג אפּגערוקט, אפילו אין איין פעלד, מעג מען. זאָגן די בית שמאי, אז ,,גענוג אפּגערוקט״ הייסט, ווען פון איין מין צום צווייטן איז ווייט ווי די ברייט פון דריי אקער־בערגלעך, וואָס מען מאכט מיטן אקער־אייזן, ווען מען אקערט־אויף דאָס פעלד (,,פּתוח״, אויפעפנען, אויפאקערן, באלד נאָכן ערשטן רעגן) און מען מאכט דעמאָלט ברייטע בערגלעך (,,תלמים״; זע פריער משנה ג׳). דאָס וואָרט ,,משר״ איז דער טייטש ,,א בייט״, א לאנגע, ברייטע שורה אין פעלד באוואקסן מיט א מין תבואה; אין פּוילן האָט מען עס גערופן ,,זאגאָן״. דער ירושלמי זאָגט, אז די ברייט פון די דריי אקער־בערגלעך זענען צוויי איילן, און אז די דאָזיקע הפסקה צוויי איילן די ברייט מוזן זיך ציען צוויי איילן לאנג, און נאָך די צוויי איילן לאנג קאָן שוין די הרחקה, די ווייטקייט צווישן די צוויי בייטן, ווערן וואָס־אמאָל שמעלער, אזוי אז גאָר צום סוף מעגן זיך די צוויי בייטן כמעט אָנרירן איינע די אנ־דערע. ובית הלל, און די בית הלל זאָגן, אז (איין בייט דארף זיין אפּגערוקט פון אנ־דערן בייט) ווי ברייט עס איז דער אקער־יאָך אין שרון־טאָל. שרון איז דער טאָל אין ארץ ישראל אויפן ברעג פון מיטלענדישן ים. דער אקער־יאָך אין טאָל איז ברייטער, מחמת אין די בערג מוזן די אָקסן גיין מער צוגערוקט איינער צום צווייטן. וקרובים, און די ווערטער פון די (בית הלל) זענען נאָנט צו זיין דאָסזעלבע וואָס די ווערטער פון די (בית שמאי). עס הייסט, אז דער שיעור איז כמעט דערזעלבער, און ווי מיר האָבן פריער געזאָגט איז עס צוויי איילן.

ז. היה, אויב דער שפּיץ פון א ווינקל פון (א דריי קאנטיק) שטיקל פעלד פאר־זייט מיט ווייץ איז אריינגעגאנגען אין א שטיקל פעלד פארזייט מיט גערשטן, מעג מען (און עס הייסט ניט קיין כלאים), ווייל מען דערקענט, אז דאָס איז דער סוף פון זיין פעלד. מיר האָבן שוין געזאָגט, אז דער איסור פון כלאים צו זייען איין מין תבואה נעבן דעם צווייטן מין תבואה, ווי ווייץ לעבן גערשטן, איז נור ווען מען דערקענט ניט, אז דאָס זענען צוויי באזונדערע פעלדער; אָבער אויב מען דערקענט יאָ, הייסט עס ניט קיין כלאים. דעריבער איז יעדע פאָרם, וואָס מאכט דערקענען, אז דאָס זענען צוויי באזונדערע פעלדער, שוין גענוג מתיר צו מאכן, אז עס זאָל ניט הייסן קיין כלאים. לערנט דאָ די משנה, אז אויב דער שפּיץ פון א ווינקל פון א דרייקאנטיק שטיקל ווייצן־פעלד שניידט זיך אריין אין א שטיקל פעלד פון גערשטן, דערקענט מען דאָך אז דאָס איז ניט ווייץ פארזייט אין גערשטן נאָר אז עס איז דער סוף פון דעם שטיקל ווייצן־פעלד, דעריבער מעג מען. דער רמב״ם זאָגט, אז מיט ,,ראש תור״ מיינט מען ניט דוקא פון א דרייקאנטיק שטיקל פעלד, נאָר יעדער ווינקל־שפּיץ, אפילו פון א פיר־צו א פינף־קאנטיק. שלו, אויב זיינס (איינער האָט א פעלד וואָס) איז פארזייט מיט ווייץ און (דערלעבן איז) זיין שכנ׳ס (פעלד) מיט אן אנדער מין (למשל מיט גערשטן), מעג ער פארזייען צום סוף פון זיין (ווייצן־פעלד) א שורה מיט דעם אנדערן מין (מיט דעם גערשטן). מחמת דער זייטיקער מענטש וועט מיינען אז די דאָזיקע שורה מיט דעם

**תלם של מין אחר. ר׳ שמעון אומר, אחד זרע פשתן ואחד כל המינים. ר׳ יוסי אומר, אף באמצע שדהו מותר לבדוק בתלם של פשתן.**

**ה. אין סומכין לשדה תבואה חרדל וחריע, אבל סומכין לשדה ירקות חרדל וחריע. וסומך לבור ולניר ולגפה ולדרך ולגדר שהוא גבוה עשרה טפחים, ולחריץ שהוא עמוק עשרה ורחב ארבעה, ולאילן שהוא מיסך על הארץ, ולסלע שהוא גבוה עשרה ורחב ארבעה.**

---

גערשטן געהערט ניט צו אים, נאָר עס איז דער סוף פון שכנ׳ס גערשטן־פעלד, און צווישן פעלדער פון צוויי מענטשן דאַרף מען ניט קיין הרחקה, קיין דערווייטערונג. די חכמים האָבן געמאַכט די אַלע פאַרלייכטערונגען, ווייל מדאורייתא איז דאָס זייען איין מין לעבן דעם אַנדערן ניט קיין כלאים, ווי מיר האָבן געלערנט אין פרק א׳ משנה ט׳, סיידן מ׳וואַרפט אַריין די קערנער פון ביידע מינים מיט אַמאָל אין דער ערד. נאָר די חכמים האָבן גע׳אַסר׳ט און פאַרלאַנגען אַ הרחקה, אַ דערווייטערונג צווישן די צוויי מינים, כדי זייטיקע מענטשן זאָלן ניט מיינען, אַז מען האָט געזייט צוזאַמען. אָבער קוים איז פאַראַן אַ סימן, אַז דאָס זענען צוויי באַזונדערע פעלדער, מעג מען. שלו חטים משל חברו חטים, אויב זיין (פעלד) איז (פאַרזייט מיט) ווייץ און זיין שכנ׳ס (פעלד) איז אויך פאַרזייט מיט ווייץ, מעג ער זייען (אויף דער גרעניץ צווישן זיין פעלד און דעם שכנ׳ס פעלד) אַ שורה מיט פלאַקס, אָבער ניט קיין שורה פון אַן אַנדער מין. די מפרשים זאָגן, אַז ווייל יעדער ווייסט, אַז פלאַקס זייט מען גרעסערע שטחים און עס איז ניט דער שטייגער צו זייען בלויז איין שורה פלאַקס, וועט יעדער זייטיקער מענטש פאַרשטיין, אַז דאָס האָט ער נאָר געוואָלט פּרובירן צי זיין פעלד איז גוט אויך פאַר פלאַקס. אָבער אַן אַנדערן מין, וואָס איז יאָ דער שטייגער צו זייען איין שורה, טאָר מען ניט — ר׳ שמעון זאָגט, (עס איז אַלץ איינס) סיי צו זייען פלאַקס סיי אַלע אַנדערע מינים. דער רמב״ם און דער ברטנורא זאָגן, אַז ר׳ שמעון האַלט, אַז אויך פלאַקס טאָר מען ניט; די אַנדערע מפרשים („מלאכת שלמה״, „תפארת ישראל״) ווייזן אָן אויפן יסוד פון ירושלמי, אַז ר׳ שמעון האַלט, אַז אויך אַנדערע מינים מעג מען. ר׳ יוסי זאָגט, אַז אפילו אין דער מיט פון זיין פעלד (וואָס איז פאַרזייט מיט ווייץ) מעג ער פאַרזייען, אויף פּראָבע, איין שורה פלאַקס. מחמת ר׳ יוסי האַלט, אַז ווייל עס איז ניט דער שטייגער צו זייען איין שורה פלאַקס ווייסט דעריבער יעדער, אַז אפילו אין מיטן פעלד פון ווייץ איז דער פלאַקס פאַרזייט נור אויף פּראָבע.

ה. אין, מען טאָר ניט, לעבן (דעם שכנ׳ס) פעלד פון תבואה, (פאַרזייען) זענעפט (חרדל) אָדער ווילדן זאַפרען (חריע). דער רמב״ם און אויך דער ברטנורא טייטשן, אַז ווייל זענעפט און זאַפרען ברענגען שאַדן תבואה, וועט מען מיינען אַז דאָס איז ניט אַ שכנ׳ס פעלד, וואָרום קיינער וואָלט ניט געלאָזט זיין שכן פאַרזייען לעבן זיין פעלד אַ זאַך, וואָס ברענגט שאַדן דער תבואה פון זיין פעלד; מען וועט דעריבער מיינען, אַז דאָס געהערט צו איין בעל הבית און ער האָט עפּיס אַ וויכטיקן טעם, פאַרוואָס ער האָט דאָס פאַרזייט, און ממילא הייסט דאָך עס כלאים, ווייל ער האָט דאָך עס געטאָן בכוונה. אבל, אָבער מען מעג לעבן דעם (שכנ׳ס) פעלד מיט גרינסן (פאַרזייען) זע־נעפט (חרדל) און ווילדע זאַפרען (חריע). מחמת צו גרינסן ברענגען זיי ניט קיין שאַדן, און ווייל מען ווייסט, אַז דערלעבן געהערט דאָס פעלד צו אַן אַנדערן, וועט מען פאַר־שטיין, אַז דאָס זענען צוויי פעלדער, וואָס געהערן צו צוויי באַזונדערע מענטשן. וסומך, און מען מעג פאַרזייען, אַן אַנדערן מין נעבן אַ ניט־פאַראַקערט פעלד („בור״), אַ פאַראַקערט אָבער ניט־פאַרזייט פעלד („ניר״), אַ צוים פון אָנגעלייגטע שטיינער („גפה״), אַ וועג, אַ צוים וואָס איז הויך צען טפחים, אַ גרובן וואָס איז טיף צען טפחים און איז ברייט פיר טפחים, אַ בוים וואָס זיינע צווייגן זענען אַראָפּגעבויגן צו דער ערד, און אַ פעלזן־שטיין וואָס איז הויך צען טפחים און איז ברייט פיר טפחים. דער טייטש

**ט. הרוצה לעשות שדהו קרחת קרחת מכל מין, עושה עשרים וארבע קרחות לבית סאה מקרחת לבית רובע וזורע בתוכה כל מין שירצה. היתה קרחת אחת או שתים, זורען חרדל; שלש, לא יזרעם חרדל, מפני שהיא נראית כשדה חרדל, דברי ר׳ מאיר. וחכמים אומרים, תשע קרחות מותרות, עשר אסורות. ר׳ אליעזר בן יעקב אומר, אפילו כל**

---

**איז, אז אויב איינע פון די דאָזיקע אויסגערעכנטע זאכן געפונען זיך צווישן צוויי שטיקלעך פעלדער, מעג מען יעדעס שטיקל פעלד פארזייען מיט אן אנדער מין, און עס הייסט ניט קיין כלאים, ווייל מען דערקענט, אז דאָס זענען צוויי באזונדערע פעלדער.**

ט. הרוצה, אז איינער וויל מאכן זיין פעלד אין פיר־קאַנטיקע בייטן (קרחת), און אין יעדער פיר־קאַנטיקער בייט (פארזייען) אן אנדערן מין, מעג ער מאכן פיר און צוואַנציק פיר־קאַנטיקע בייטן אין א שטיקעל פעלד, (וואָס איז) אזוי גרויס (אז מען קאָן עס פארזייען מיט) א סאָה תבואה („בית־סאה״), (דאָס הייסט), איין פיר־קאַנטיקע בייט אויף א שטיקל פעלד (וואָס צו פארזייען עס דארף מען האָבן) א פערטל־טאָפּ („בית רובע״), און ער מעג זייען (אין יעדער פיר־קאַנטיקער בייט) יעדן מין וואָס ער וויל. **ווי מיר וועלן זען ווייטער זאָגט די דאָזיקע משנה ר׳ מאיר, און כדי צו פארשטיין בעסער דעם דין, דארף מען געדענקען** (ווי מיר האָבן געשריבן אין דעם איצטיקן פרק משנה א׳), אז אין א סאה זענען פאראן 6 טעפּ (קבים) **דאָס הייסט 24 פערטל־טעפּ** („רובע״). **קומט אויס, אז א בית סאה, דאָס הייסט, א שטיקל פעלד, אויף וועלכן מען קאָן פארזייען א סאה תבואה, קאָן מען צוטיילן אויף 24 „בית רובע״, אויף 24 שטיקלעך פעלד, וואָס אויף יעדן פון זיי קאָן מען פארזייען א פערטל־טאָפּ. זאָגט ר׳ מאיר אז מען קאָן טאקע צוטיילן אזא בית סאה אויף 24 גלייכע חלקים, יעדע פון זיי א פירקאַנטיקער בית רובע, און אין יעדן בית רובע פארזייען א באזונדערן מין, און דאָס הייסט ניט קיין כלאים, מחמת מען דערקענט, אז דאָס זענען 24 באזונדערע פעלדער. יעדער טייל, יעדער בית רובע, הייסט „קרחת״; דאָס איז דער נאָמען פאר אַ קוואדראט־פיר־קאַנטיקע פעלד־בייט** (אין איצטיקן פרק משנה ו׳ ווערט א לאנגליכער בייט, וואָס איז לענגער ווי ברייטער אָנגערופן „מישר״). **עס איז אָנגענומען, אז א בית סאה האלט 50 איילן די לענג און 50 איילן די ברייט, און א בית רובע האלט לערך 10 איילן מיט עפּיס די לענג און 10 איילן מיט עפּיס די ברייט.** היתה, (אויב אין א תבואה פעלד פון א בית סאה, איז פאראן איין פיר־קאַנטיקע בייט (קרחת) אָדער צוויי פיר־קאַנטיקע בייטן מעג ער זיי פארזייען מיט זענעפט (חרדל); אָבער דריי פיר־קאַנטיקע בייטן טאָר ער ניט פארזייען מיט זענעפט ווייל עס זעט אויס ווי א פעלד מיט זענעפט. **דער טעם איז, ווייל עס איז ניט דער שטייגער צו פארזייען א סך זענעפט, און דעריבער זעט זיך עס אָן און עס מאכט דעם איינדרוק ווי א פעלד מיט זענעפט אינמיטן א פעלד מיט תבואה.** דברי ר׳ מאיר, אזוי זאָגט ר׳ מאיר. **דאָס הייסט, אז אויך דער ערשטער דין פון דער משנה, אז מען מעג פארזייען אין א בית סאה 24 קרחות מיט פארשידענע מינים, ניט מאכנדיק קיין שום הרחקה, קיין שום דערווייטערונג, צווישן איין מין און דעם צווייטן, איז געזאָגט געוואָרן פון ר׳ מאיר.** וחכמים, און די חכמים זאָגן, אז ניין פיר־קאַנטיקע בייטן (קרחות) אין א בית סאה מעג מען (פארזייען מיט פארשידענע מינים), (אָבער) צען טאָר מען ניט. **ווייל ווען מען פארזייט ניין בלייבט צווישן איין קרחת און דער צווייטער א ליידיקע קרחת א ליידיק שטיקל פעלד, וואָס איז גרויס ווי א „בית רובע״** (ווי מיר האָבן פריער ערקלערט, **איז א „קרחת״ גרויס ווי א „בית רובע״) איז דאָס א גוטע הרחקה. אָבער ווען מען פארזייט 10 פיר־קאַנטיקע בייטן, מוז איינע אָנרירן דער צווייטער, דעריבער טאָר מען ניט.** ר׳ אליעזר בן יעקב זאָגט, אז אפילו זיין גאנץ פעלד איז גרויס ווי א בית כור (א כור

**שדהו בית כור, לא יעשה בתוכה חוץ מקרחת אחת.**

**י. כל שהוא בתוך בית רובע עולה במדת בית רובע. אכילת הגפן והקבר והסלע עולין במדת בית רובע; תבואה בתבואה בית רובע, ירק בירק—ששה טפחים; תבואה בירק, ירק בתבואה—בית רובע. ר' אליעזר אומר, ירק בתבואה — ששה טפחים.**

---

איז 30 סאה, און א „בית כור" הייסט א פעלד, וואו מען פארזייט 30 סאה) טאָר מען ניט מאכען אין דעם פעלד מער ווי איין קרחת. **דער „תפארת ישראל" זאָגט, אז ר' אליעזר בן יעקב האלט, אז אפילו אין אזא גרויס פעלד מיט תבואה טאָר מען אין דערמיט פעלד ניט זייען מער ווי איין אנדער מין, איין „קרחת".**

י. כל, אלץ, וואָס איז דאָ אין א בית רובע (אין א שטיקל פעלד צען איילן מיט עפּיס אויף 10 איילן מיט עפּיס) ווערט פארעכנט אין דער מאָס פון בית רובע. **ווי מיר האָבן געלערנט אין דער פריערדיקער משנה האלטן די חכמים, אז צווישן איין פארזייטן מין און דעם צווייטן דארף זיין ליידיק א בית רובע, א שטיקל פעלד, וואָס איז אזוי גרויס אז מען קאָן דאָרט פארזייען א פערטל טאָפּ תבואה, 10 איילן מיט עפּיס די לענג אויף 10 איילן מיט עפּיס די ברייט. קאָן מען דאָך מיינען, אז נור דעמאָלט הייסט דאָס שטיקל ליידיקע בית־רובע־פעלד א הרחקה, א דערווייטערונג, ווען דער גאנצער בית רובע איז גוט צום פארזייען; דעמאָלט וועט יעדער זייטיקער מענטש וויסן, אז דער בעל הבית פון פעלד האָט עס בכוונה איבערגעלאָזט ליידיק, כדי צו מאכן א הרחקה צווישן די צוויי מינים, ווארום אויב ניט, פארוואָס האָט ער עס גע־לאָזט ליידיק, קענענדיג עס פארזייען? אָבער ווי איז דער דין, אז אין בית רובע זענען פאראן ערטער, וואָס מען טאָר ניט פארזייען, למשל, ווען אין דעם בית־רובע איז פאראן א קבר, וואָס מען טאָר סיי ווי ניט פארזייען; אָדער עס שטייט דאָרט אן איינ־צעלנער ווינשטאָק, און דער דין איז אז 6 טפחים ארום דעם ווינשטאָק, ווי ווייט עס גייט דאָס „עסן", פון ווינשטאָק, דער ארבייטס־שטח ארום דעם ווינשטאָק, טאָר מען ניט פארזייען קיין תבואה, ווייל עס הייסט „כלאי־הכרם", („כלאים פון ווינשטאָק"); אָדער מען קאָן ניט פארזייען ווייל די ערד טויג ניט דערצו, עס איז א פעלזן־שטיין? צי ווערט דאָס אויך אריינגערעכנט אין דער מאָס פון בית רובע? דערויף זאָגט די משנה, אז אלץ ווערט אריינגערעכנט· און די משנה גיט טאקע באלד די דערמאָנטע ביישפילן:** אכילת, דאָס „עסן" פון א ווינשטאָק, און א קבר, און א פעלזן־שטיין, ווערן פארעכנט אין דער מאָס פון בית רובע. **און מען מוז ניט דווקא האָבן אז דאָס שטיקל ליידיקע בית רובע־פעלד זאָל מען קאָנען פארזייען.** תבואה, צווישן (איין פעלד מיט) איין מין תבואה און א (צווייטן פעלד מיט) אן אנדערן מין תבואה דארף זיין (א ליידיק שטיקל פעלד די גרויס פון) א בית רובע; צווישן (איין שטיקל גאָרטן מיט) איין מין גרינס (ירק) און (א צווייטן שטיקל גאָרטן מיט) אן אנדערן מין גרינס דארף זיין א ליידיק שטיקל אָרט די גרויס פון זעקס טפחים. **דער טעם איז, ווייל תבואה־פעלדער זייט מען גרויסע און ברייטע שטיקער פעלדער און דעריבער כדי מען זאָל בעסער דערקענען, אז די צוויי מינים תבואה וואקסן אין צוויי באזונדערע פעלדער, דאַרף מען האָבן א גרויסן צווישן־שייד אזש פון א בית רובע, פון 10 איילן מיט עפּיס די לענג אויף 10 איילן מיט עפּיס די ברייט. אָבער גרינסן, ירקות, פלאנצט מען אין קליינע שטיקלעך גערטנער, אין קליינע בייטן, דעריבער ווען עס איז מפסיק צווישן איין מין גרינס און דעם צווייטן מין גרינס א ליידיק שטיקל אָרט פון זעקס טפחים (זעקס טפחים איז איין אייל), דערקענט מען עס, און עס הייסט ניט מער קיין כלאים.** תבואה בירק, (אויב מען זייט) תבואה אין (א גאָרטן מיט) גרינס, אָדער (מען זייט) גרינס אין א פעלד מיט תבואה, דארף מען האָבן א דערווייטערונג פון א בית רובע. ר' אליעזר זאָגט, (אז ווען מען זייט) גרינס אין (א פעלד מיט) תבואה איז, גענוג א דערווייטע־

יא. **תבואה נוטה על גבי תבואה, ירק על גבי ירק, תבואה על גבי ירק, ירק על גבי תבואה — הכל מותר, חוץ מדלעת יונית. ר׳ מאיר אומר, אף הקישות ופול המצרי, ורואה אני את דבריהם מדברי.**

## פרק ג.

א. **ערוגה שהיא ששה טפחים על ששה טפחים, זורעים בתוכה**

---

רונג פון זעקס טפחים. **דער „מלאכת שלמה״ זאָגט, אז עס ווייזט אויס, אז ר׳ אליעזר האלט דאָס זעלבע אויך ביי פארזייען תבואה אין א גאָרטן פון גרינס.**

י״א. תבואה, (אויב די זאנג) פון איין מין תבואה בייגן זיך אריבער איבער (די זאנגן פון אן אנדערן מין) תבואה, אָדער (די בלעטער פון איין מין) גרינס (ירק) בייגן זיך אריבער איבער (די בלעטער פון אן אנדערן מין) גרינס אָדער תבואה־(זאנגן) בייגן זיך אריבער איבער גרינס, אָדער גרינס־(בלעטער) בייגן זיך אריבער איבער תבואה, איז אלץ מותר. **די משנה האלט, אז דער איסור פון כלאים איז נור ווען עס איז פארזייט איינס לעבן דאָס אנדערע, אָבער אויב מען האָט דערווייטערט איינס פון צווייטן לויטן דין, און נור די זאנגן אָדער די בלעטער זענען אזוי לאנג אז זיי בייגן זיך אריבער מעג מען.** חוץ, אן אויסנאם איז דער דלעת יונית, דער גריכישער קירבים, (דיניע). **און אויב די בלעטער פון דער דלעת יונית בייגן זיך אריבער טאָר מען ניט, ווייל זי האָט זייער לאנגע און ברייטע בלעטער און זיי צושפרייטן זיך זייער און זיי פארוויקלען זיך און מען קאָן מיינען, אז דער דלעת יונית איז צוזאמען פארזייט מיט דער תבואה אָדער מיט אנדערע גרינסן.** ר׳ מאיר זאָגט: אויך אוגערקעס און פול המצרי (עגיפטישע באָבעס) טאָר מען ניט (ווייל זייערע בלעטער זענען אויך ברייט), און עס געפעלן מיר בעסער זייערע ווערטער (די ווערטער פון דער סתם משנה, די חכמים, וועלכע זאָגן, אז נור דלעת יונית איז דער אויסנאם) פון מיינע. **דער „תפארת ישראל באמערקט, אז ר׳ מאיר האָט דעם דין געהאט בקבלה פון זיין רבי.**

## פרק ג.

**אין משנה פון לעצטן פרק האָט די משנה געלערנט, אז אין א גאָרטן דארף מען צווישן איין מין גרינס (ירק) און דעם צווייטן מין גרינס האָבן א דער־ווייטערונג פון 6 טפחים. איצט וועט די משנה לערנען וועגן פארשידענע דערווייטערונגען צווישן גרינסן, מחמת נור ווען מען פארפלאנצט א גרויסן גאָרטן דארף מען האָבן א הרחקה צווישן איין מין און דעם צווייטן מין גרינס 6 טפחים. אָבער ווען מען פארזייט קליינע שטיקלעך גאָרטן, בייטן, „זאַ־גאַנעס״, (און אין לשון קודש הייסט עס „ערוגות״, אין לשון יחיד „ערוגה״, אין ענגליש „גארדן־בעד״) דארף מען ניט דערווייטערן אזוי פיל, און עס איז גענוג, ווען מען דערקענט נור. אז די פארשידענע מינים גרינסן זענען ניט פארזייט געוואָרן צוזאמען.**

א. ערוגה, א גאָרטן־בייט, וואָס איז גרויס זעקס טפחים אויף זעקס טפחים מעג מען זייען אין איר פינף קערנדלעך (פון פינף פארשידענע מינים), פיר אין די פיר זייטן פון דעם גאָרטן־בייט און איינעם אין דערמיט (פון גאָרטן־בייט). **נור ביי גרויסע גערטנער, אין וועלכן מען פארזייט גרעסערע שטחים גרינסן, איז דער דין צו דערווייטערן פון איין מין גרינס צום צווייטן 6 טפחים, אָבער אין א קליינעם 4־קאנטיקן גאָרטן־בייט פון 6 טפחים די לענג און 6 די ברייט אין וועלכע מען זייט קליינע שטיקלעך גרינס, מעג מען זייען 5 מינים ירקות. דער טעם פארוואָס מען מעג זייען נור 5 מינים ווערט דורך די מפרשים דערקלערט דערמיט, וואָס די יניקה פון דעם גרינס־קערנדל אין דער ערד גייט ביז אנדערטהאלבן טפחים, און ביי 5 קערנדלעך אין א 6־**

**חמשה זרעונים, ארבעה בארבע רוחות הערוגה ואחד באמצע. היה לה גבול גבוה טפח, זורעין בתוכה שלשה עשר, שלשה על כל גבול וגבול ואחד באמצע. לא יטע ראש הלפת בתוך הגבול, מפני שהוא ממלאהו. ר׳ יהודה אומר, ששה באמצע.**

**ב. כל מין זרעים אין זורעין בערוגה, וכל מין ירקות זורעין**

---

טפחים־בייט איז צווישן איין קערנדל און דעם אנדערן ווייט דריי טפחים, אזוי אז די יניקה פון איין מין רירט ניט אָן די יניקה פון דעם אנדערן מין. אויף דער קשיא, אז אין דער זייט אין די שפיצן זענען זיי אָפּגעריקט וויניקער פון 3 טפחים איינער פון אנדערן? ענטפערן די מפרשים, אז דערויף האָט די משנה אין פריערדיקן פרק ב׳ משנה ז׳ געלערנט אז די שפיצן מעגן זיך אָנרירן, ווייל מען דערקענט, אז עס איז ניט געזייט צוזאמען. די משנה שבת פרק ט׳ משנה ב׳ לערנט אָפּ דעם דין פון דעם פסוק אין ישעיה ס״א „כי כארץ תוציא צמחה וכגנה זרועיה תצמיח״, און זי זאָגט



„תוציא״ איז איינס, „צמחה״ איינס, „זרועיה״ (לשון רבים) צוויי און „תצמיח״ איינס און צוזאמען איז עס פינף. היה, אויב דער גאָרטן־בייט האָט געהאַט (ארום זיך, אין אלע פיר זייטן) א גרעניץ אין דער הויך פון א טפח מעג מען זייען (אין דעם בייט זעלבסט און אויף דעם גרעניץ) דרייצן (מינים גרינסן), צו דריי אויף יעדן גרעניץ און איינעם אין דערמיט. דער טעם איז, ווייל אז עס קומט־צו אגרעניץ אין דער הויך און דער ברייט פון א טפח איז פאראן מער אָרט אָפּצוריקן איין מין פון צווייטן. לא, מען טאָרניט פארזייען אין דעם גרעניץ קעפּלעך פון לפת (ריבן, ברוקעוו), ווייל דער לפת (מיט זיינע ברייטע בלעטער) פארנעמט דעם גאנצן (גרעניץ). תוספות אין חולין צ״ט טייטשט „ראש לפת״ די ריבן־וואָרצלן וואָס ליגן אין דער ערד, און „מפּני שממלאהו״ מיינט מען, אז די וואָרצלן פארנעמען דעם גאנצן גרעניץ, און די אנדערע מינים גרינסן האָבן די יניקה פון זיי. ר׳ יהודה זאָגט, אז מען מעג זייען זעקס (מינים גרינס) אין דערמיט פון דעם גאָרטן־בייט. דער „תפארת ישראל״ טייטשט, אז ר׳ יהודה איז אויך מחולק אויף דעם אָנהויב משנה (אויף דער „רישא״), וואָס זאָגט, אז מען מעג זייען אין גאָרטן־בייט וואָס האָט זעקס טפחים אויף זעקס טפחים, ניט מער ווי פינף מינים גרינסן, און ר׳ יהודה האלט, אז מען מעג זייען זעקס, און אויב עס איז דאָ א גרעניץ מעג מען זייען 18. — דער רמבם אין דער דאָזיקער משנה זאָגט, אז דער איסור כלאים מדאורייתא איז נור ווען מען זייעט צוויי קערנדלעך פון צוויי מינים צוזאמען, מיטאמאָל; דאקייגן איינס לעבן דעם אנדערן מעג מען זייען מדאורייתא, נאָר די רבנן האָבן גע׳אסר׳ט צו זייען אפילו איינס לעבן דעם אנדערן צוליב „מראית עיין״, דעם איינדרוק וואָס עס מאכט אויפן אויג, ווייל מענטשן וועלן מיינען, אז מען האָט געזייט צוזאמען, אָבער קוים איז פאראן א היכר, אן אונטערשיד, א הרחקה צווישן די צוויי מינים, האָבן די חכמים מתיר געווען. די אלע דינים זענען, לויט דעם רמבם, וועגן דעם, ווי אזוי דער היכר, דאָס דערקענען, דער אונטערשיד, דארף זיין.

ב. כל, קיינע מינים זרעים, קערנדלעך (וועלכע זענען ניט פון גרינסן, ירקות), טאָר מען ניט פארזייען אין דעם גאָרטן־בייט. מיט דעם וואָרט „זרעים״, „זאמען״, „קערנדלאך״, מיינט מען דאָ (לויט דעם ירושלמי) קערנדלאך, וועלכע ווערן געגעסן, און ניט ווי ביי גרינסן, פון וועלכע עס ווערט געגעסן דאָס הייפּטל, די בלעטער, אָבער ניט די קערנדלעך. למשל בעבלאך זענען קערנדלאך, וואָס ווערן געגעסן. די משנה לערנט דאָ, אז דער דין פון דער פריערדיקער משנה, אז אין א גאָרטן־בייט פון 6

בערוגה. חרדל ואפונים השופין מין זרעים; אפונים הגמלנים מין ירק. גבול שהיה גבוה טפח ונתמעט כשר שהיה כשר מתחלתו. התלם ואמת המים שהם עמוקים טפח, זורעים לתוכן שלשה זרעונין, אחד מכאן ואחד מכאן ואחד באמצע.

ג. היה ראש תור ירק נכנס לתוך שדה ירק אחר, מותר, מפני שהוא נראה כסוף שדהו. היתה שדהו זרועה ירק והוא מבקש ליטע בתוכה שורה של ירק אחר — ר׳ ישמעאל אומר, עד שיהא התלם מפולש

---

טפחים אויף 6 טפחים מעג מען פארזייען פינף פארשידענע מינים, מיינט מען דער־מיט ניט קערנדלאך, וואס ווערן געגעסן, נאר מען מיינט דערמיט גרינסן, און דאס זאגט ווייטער די משנה: וכל מין ירקות, און יעדן מין גרינס מעג מען פארזייען אין דעם גארטן־בייט. איצט גיט די משנה ביישפילן וואס הייסן „זרעים״ (קערנדלעך) און וואס הייסט גרינס: חרדל, זענעפט (גארטשיצע) און אפונים השופין, גליאטיקער אר־בעס, הייסן א מין זרעים; אפונים הגמלנים, די גרויסע ארבעס זענען א מין גרינס. וועגן „חרדל״ האבן מיר שיון געשריבן אין פרק א׳ משנה ב׳. דאס ווארט „אפונים״ האבן מיר גען געהאט אין פאה פרק ג׳ משנה ג׳. דער „תפארת ישראל״ טייטשט עס „באבעס״. אבער דער גרעסטער טייל מלומדים טייטשן עס „ארבעס״. דאס ווארט „שופין״ טייטשט דער רמבם „גליאטיקע״, און „ אפונים השופין״ מיינט „גליאטי־קע ארבעס״; דער „ערוך״ ברענגט אייך דעם טייטש „קליינע״. „גמלנין״ מיינט מען גרויס, ווי די ,קעמלן״ פון „גמל״, „קעמל״. גבול, א גרעניץ; וואס איז געווען הויך א טפח, און ער איז געווארן פארקלענערט איז כשר, ווייל ער איז אין אנהויב געווען כשר. אין דער פריערדיקער משנה האבן מיר געלערנט, אז אויב א גארטן־בייט איז ארומגערינגלט מיט א גרעניץ, וואס איז הויך א טפח, מעג מען פארזייען 13 פארשי־דענע מינים גרינסן, צו דריי אויף יעדער זייט פון דער גרעניץ און איינעם אין דערמיט פון גארטן־בייט. איצט זאגט די משנה, אז אויב נאכדעם ווי מען האט פארזייט די 13 מינים. איז דער גרעניץ פארקלענערט געווארן און איז געווארן ווינציקער פון א טפח, איז פונדעסטוועגן כשר, און מען דארף ניט ארויסרייסן דאס פארזייטע, ווייל בשעת דעם פארזייען איז עס געווען כשר. התלם, א גרובן אדער א וואסער־קאנאל וואס זענען טיף א טפח, מעג מען זייען אין זיי דריי (פארשידענע מינים) קערנדלעך, איינעם פון איין זייט (גרובן אדער קאנאל, איינעם פון דער אנדערער זייט, און איינעם אין דער מיט. ווייל מען דערקענט, אז זיי זענען ניט געזייט צוזאמען, מחמת איין מין גייט ארויס אויף איין ברעג פון גרובן אדער קאנאל, דער צווייטער מין אויף דעם קייגנאיבער־ליגנדיקן ברעג, און דער דריטער מין אין דערמיט. וועגן ווארט „תלם״ האבן מיר געשריבן פריער אין פרק ב׳ משנה ג׳:

ג. היה, אויב דער שפיץ (ווינקל) פון (דריי־קאנטיק) שטיקל גארטן מיט איין מין גרינס, גייט אריין אין א פעלד מיט אן אנדערן מין גרינס, מעג מען (עס הייסט ניט קיין כלאים), ווייל עס זעט אויס ווי דער סוף פון זיין פעלד. דאס איז דערזעל־דיק, וואס מיר האבן שוין געהאט פריער פרק ב׳ משנה ג׳ ביי תבואה; דער טעם איז, ווייל מען דערקענט, אז דאס האט מען ניט פארזייט איין מין גרינס אין א פעלד מיט א צווייטן מין גרינס, נאר אז דאס איז דער שפיץ־ווינקל פון אן אנדער פעלד. היתה שדהו, אויב זיין פעלד איז געווען פארזייט מיט איין מין גרינס און ער וויל אריינ־פלאנצן אין דעם פעלד א שורה מיט אן אנדערן מין גרינס, זאגט ר׳ ישמעאל, אז די שורה דארף אדורכגיין דאס פעלד פון איין עק ביזן צווייטן עק. דאס ווארט „מפולש״ הייסט „דורכברעכן״, „דורכשניידן״, און דאס מיינט, אז די שורה וואס איז פארזייט מיט דעם אנדערן מין גרינס זאל אדורכשניידן דאס פעלד פון אנהויב ביזן סוף; און דעריבער מעג מען, ווייל עס זעט ניט אויס ווי עס איז אויסגעמישט, עס איז אפגע־

מראש השדה ועד ראשו; ר׳ עקיבא אומר, אורך ששה טפחים ורוחב מלואו. ר׳ יהודה אומר, רוחב כמלוא רוחב הפרסה.

ד. הנוטע שתי שורות של קשואין, שתי שורות של דלועים, שתי שורות של פול המצרי, מותר; שורה של קשואין, שורה של דלועים, שורה של פול המצרי אסור. שורה של קשואין, שורה של דלועין, שורה של פול המצרי ושורה של קשואין — ר׳ אליעזר מתיר, וחכמים אוסרין.

ה. נוטע אדם קישות ודלעת לתוך גומא אחת, ובלבד שתהא זו

---

טיילט. ר׳ עקיבא זאָגט, אַז די שורה זאָל זיין לאַנג זעקס טפחים און די ברייט אַזוי ווי די לענג (דאָס הייסט אויך זעקס טפחים). לויט ר׳ עקיבא דאַרף מען ניט, אַז די שורה זאָל דורכשניידן דאָס גאַנצע פעלד. דאָס וואָרט „מלואו״ ווערט דורך די מייסטע מפרשים פאַרטייטשט „זיין לענג״. ר׳ יהודה זאָגט, אַז די ברייט דאַרף זיין ווי די פולע ברייט פון אַ פוס־טריט. ר׳ יהודה איז מער מיקל פון ר׳ עקיבא און ער זאָגט, אַז ווען די ברייט פון דער שורה איז ווי אַ פוס־טריט איז אויך גענוג. די גמרא שבת פ״ה זאָגט, אַז אַ פוס־טריט מיינט אַ טפח, און דאָס איז דער טריט פון דעם מענטש וואָס גייט לענג־אויס דער שורה גרינס און באַגיסט איר מיט וואַסער.

ד. הנוטע, אַז איינער פלאַנצט (אין אַ גאָרטן) צוויי שורות (בייטן) אוגערקעס (קישואין) און (באַלד לעבן זיי) צוויי שורות קירביסן (דלועים, דיניעס) און (נאָך די שורות דלועים) צוויי שורות עגיפּטישע באָבעס, מעג ער. דער ברטנורא זאָגט, אַז דאָס מיינט מען, ווען צווישן די אוגערקעס און די קירביסן איז פאַראַן אַ ליידיקע שורה, און צווישן די קירביסן און די עגיפּטישע באָבעס איז אויך פאַראַן אַ ליידיקע שורה; און מען מעג עס טאָן און עס הייסט ניט קיין כלאים, ווייל יעדע צוויי שורות זען אויס ווי אַ באַזונדער פעלד, און עס מאַכט אויף יעדן דעם איינדרוק, ווי עס זענען פאַראַן דריי באַזונדערע פעלדער, איינס פון אוגערקעס, איינס פון קירביסן און איינס פון עגיפּטישע באָבעס. שורה, איין שורה אוגערקעס און (נאָך דער שורה) איין שורה קירביסן און (נאָך דער דאָזיקער שורה) איין שורה עגיפּטישע באָבעס, טאָר מען ניט. ווייל איין שורה זעט ניט אויס, ווי אַ באַזונדער פעלד און עס מאַכט דעריבער דעם איינדרוק ווי זיי זענען אַלע פאַרפלאַנצט צוזאַמען. דער ברטנורא זאָגט, אַז כאָטש צווישן איין שורה און דער צווייטער איז דאָ אַ ליידיק אָרט, טאָר מען ניט, ווייל די בלעטער פון די דאָזיקע מינים פלאַנצונגען זענען ברייטע און צעשפּרייטן זיך, און ווייל עס איז פאַראַן נור איינצלנע שורות זען זיי אויס ווי איין פעלד. שורה של קישואים, אויב ער האָט פאַרפלאַנצט איין שורה פון אוגערקעס, און נאָך איר אַ שורה פון קירביסן, און נאָך איר אַ שורה פון עגיפּטישע באָבעס און דערנאָך ווידער אַ שורה אוגערקעס, איז ר׳ אליעזר מתיר. ווייל די צוויי שורות אוגערקעס, כאָטש זיי זענען אָפּגעטיילט איינע פון דער צווייטער, זען אויס ווי אַ פעלד פון אוגערקעס, און ממילא מאַכן זיי שוין, אַז אויך די אַנדערע צוויי שורות פון קירביסן און עגיפּטישע באָבעס זאָלן אויסזען ווי באַזונדערע פעלדער. וחכמים, און די חכמים אסר׳ן. ווייל זיי האַלטן, אַז דאָס מאַכט ניט דעם איינדרוק פון באַזונדערע פעלדער און עס זעט אויס ווי כלאים. דאָס וואָרט „קישואים״ „אוגערקעס״ איז דער לשון רבים פון וואָרט „קישות״, וואָס איז דער טייטש „אוגערקע״ (זע פרק א׳ משנה ב׳).

ה. אַ מענטש מעג אַריינפלאַנצן אַן אוגערקע און אַ קירביס (דיניע) אין איין גריבל, אָבער נור ווען די (אוגערקע) זאָל געבויגן ווערן צו איין זייט פון גריבל און דער קירביס זאָל געבויגן ווערן אין דער קייגנאיבער־ליגנדער זייט פון גריבל, און די בלעטער פון דער אוגערקע זאָלן געבויגן ווערן אַהער (אין דער זייט פון גריבל) און די בלעטער פון דער אַנדערער (פון קירביס) זאָלן געבויגן ווערן אַהין (אין דער צווייטער זייט פון גריבל); ווייל וואָס די חכמים האָבן גע׳אסר׳ט׳ האָבן זיי גוזר גע־

**נוטה לצד זה וזו נוטה לצד זה ונוטה שער של זו לכאן ושער של זו לכאן, שכל מה שאסרו חכמים לא גזרו אלא מפני מראית העין.**

**ו. היתה שדהו זרועה בצלים ומבקש ליטע בתוכה שורות של דלועים, ר׳ ישמעאל אומר, עוקר שתי שורות ונוטע שורה אחת ומניח קמת בצלים במקום שתי שורות ועוקר שתי שורות ונוטע שורה אחת; ר׳ עקיבא אומר, עוקר שתי שורות ונוטע שתי שורות, ומניח קמת בצלים במקום שתי שורות, ועוקר שתי שורות ונוטע שתי שורות. וחכמים**

---

וועו נאָר פאר „מראית העין״, פאר דעם „אנבליק פאר דעם אויג״ (פאר דעם אויסזעו). **דאַ האָט די משנה געגעבן דעם הויפט־יסוד פאר די אלע דינים פון די פריערדיקע משנות און פון דער איצטיקער משנה, און מיר האָבן שוין פריער געשריבן וועגן דעם, דהיינו, אז די תורה האָט נור גע׳אסר׳ט כלאים, ווען מען זייט צוזאמען, מיט־אמאָל, קערנער פון פארשידענע מינים; אָבער איינס לעבן דעם אנדערן מעג מען מדאורייתא. נאָר די חכמים האָבן גוזר געווען, אז מען טאָרניט זייען אויך איינס לעבן דעם אנדערן צוליב „מראית העין״, ווייל מענטשן וועלן ניט דערקענען און זעענדיק ווי עס וואקסן צוויי מינים וועלן זיי מיינען, אז דאָס איז איין פעלד צי איין גאָרטן און מען האָט דאָס פארזייט צוזאמען. אָבער קוים איז פאראן א „היכר״, א סימן, אן אונטערשיד, וואָס מאכט, אז מענטשן זאָלן דערקענען, אז דאָס זענען צוויי באזונדערע פעלדער, צי צוויי באזונדערע שטיקלעך גאָרטן און אז מען האָט ניט געזייט צוזאמען האָבן די חכמים ניט גוזר געווען און מען מעג.**

ו. היתה, אויב איינער האָט א פעלד פארזייט מיט ציבעלעס און ער וויל אריינ־פלאנצן אין דאָזיקן פעלד שורות מיט קירביסן, זאָגט ר׳ ישמעאל, אז ער זאָל ארויס־רייסן צוויי שורות ציבעלעס און (אין מיטן פון די אויסגעריסענע צוויי שורות) אריינ־פלאנצן איין שורה קירביסן, דערנאָך לאָזט ער איבער צוויי שורות מיט וואקסנדיקע ציבעלעס און רייסט־ארויס (נאָך די דאָזיקע צוויי וואקסנדיקע שורות) ווידער צוויי שורות ציבעלעס און פלאנצט אריין איין שורה קירביסן. **די מפרשים זאָגן, אז א שורה מיינט די ברייט פון 4 איילן, און ר׳ ישמעאל האלט, אז ער דארף ארויסרייסן ציבעלעס צוויי שורות, דאָס הייסט 8 איילן די ברייט, און אין דער מיט פלאנצן איין שורה 4 איילן קירביסן, און עס בלייבט פון ביידע זייטן פון דער שורה־קירביסן ליידיקע ער־טער צו האלבע שורה, דאָס הייסט צו צוויי איילן. נאָך די דאָזיקע ליידיקע צוויי איילן לאָזט ער שטיין צוויי שורות, 8 איילן ציבעלעס, און רייסט אויס ווייטער צוויי שורות, 8 איילן ציבעלעס, און אין דערמיט פלאנצט ער ווידער איין שורה קירביסן. און אזוי טוט ער כסדר. דאָס פעלד וועט דעריבער אויסזעו אזוי: 8 איילן ציבעלעס, 2 ליידיק, 4 קירביסן, 2 ליידיק, 8 ציבעלעס , 2 ליידיק, 4 איילן קירביסן, צוויי איילן ליידיק, 8 איילן ציבעלעס, צוויי איילן ליידיק, 4 איילן קירביסן, צוויי איילן ליידיק, 8 איילן ציבעלעס און דערנאָך אזוי כסדר: 2 (ליידיק), 4 (קירביסן), 2 (ליידיק), 8 (ציבעלעס).** ר׳ עקיבא זאָגט, ער רייסט ארויס צוויי שורות ציבעלעס און פארפלאנצט אויף זייער אָרט צוויי שורות קירביסן, לאָזט איבער צוויי שורות ציבעלעס, רייסט אויס ווייטערע צוויי שורות ציבעלעס און פלאנצט אויף זייער אָרט צוויי שורות קירבעסן. **ר׳ עקיבא האלט, אז מען דארף ניט איבערלאָזן קיין ליידיק אָרט און עס איז גענוג דער שמאָלער גרובן (דער תלם), וואָס איז מפסיק צווישן איין שורה און דער אנדע־רער. לויט ר׳ עקיבא גייט עס כסדר: 2 שורות ציבעלעס, 2 שורות קירביסן, 2 שורות ציבעלעס, 2 שורות קירביסן און אזוי כסדר.** וחכמים, און די חכמים זאָגן, אז אויב עס איז ניטאָ 12 איילן צווישן איין שורה (קירביסן) און דער אנדערער שורה (קירביסן) טאָר מען ניט איבערלאָזן דעם געוויקס אין דער מיט. **די מפרשים טייטשן, אז די חכמים**

**אומרים, אם אין בין שורה לחברתה שתים עשרה אמה לא יקיים את הזרע של בינתים.**

**ז. דלעת בירק כירק, ובתבואה נותנין לה בית רובע. היתה שדהו זרועה תבואה וביקש ליטע לתוכה שורה של דלועין, נותנין לה לעבודתה ששה טפחים, ואם הגדילה יעקר מלפניה. ר׳ יוסי אומר, נותנין לה עבודתה ארבע אמות. אָמרו לו, התחמיר זו מן הגפן? אָמר להם, מצינו שזו חמורה מן הגפן; שלגפן יחידית נותנין לה עבודתה ששה טפחים,**

---

**זאָגן דאָס זעלבע וואָס ר׳ ישמעאל, נאָר די חכמים האלטן, אז מען דאַרף ניט איבערלאָזן אין דער מיט די לײדיקע צווײ־שורות, נאָר עס קאָן זײַן צווישן איין שורה** קירביסן און דער צווייטער שורה קירביסן כסדר שורות פון ציבעלעס. **דער טעם פאַרוואָס מען דאַרף אַזוי דערווייטערן איין שורה קירביסן פון דער אַנדערער, זאָגן די מפרשים, איז דערפאַר, וואָס די קירביסן־בלעטער זענען זייער ברייט און אויב עס איז ניט גענוג אָפּגעטיילט זעט עס אויס ווי איין פעלד געמישט פון קירביסן און ציבעלעס.**

ז. דלעת, אויב מען פלאַנצט איין קירביס לעבן אַן אַנדער מין גרינס, האָט עס דעם דין פון גרינס. **און ווי מיר ווייסן דאַרף מען צווישן איין מין גרינס און דעם צווייטן איבערלאָזן לײדיק 6 טפחים.** ובתבואה, אויב מען פלאַנצט איין קירביס אין תבואה, גיט מען איר א בית רובע. **דאָס הייסט, אַז מען דאַרף דערווייטערן די קירביס פון דער תבואה ווי דער שיעור פון א פעלד, וואָס צום פאַרזייען דאַרף מען האָבן א פערטל־טאָפּ תבואה־זריעה, און ווי מיר האָבן שוין געשריבן אין פרק ב׳ משנה ט׳ איז עס 10 איילן מיט עפּיס אויף 10 איילן מיט עפּיס.** היתה, אַז איינער האָט א פעלד וואָס איז פאַרזייט מיט תבואה און ער וויל אַרייַנפלאַנצן אין איר א שורה פון קירביסן, גיט מען אים (א לײדיקן פּלאַץ) פאַר איר אַרבייט 6 טפחים. **כאָטש מיר האָבן געלערנט פריער אין דער משנה, אַז אויב איינער פאַרפלאַנצט איין קירביס (איין דלעת) דאַרף מען דערווייטערן פון תבואה א בית רובע, 10 איילן מיט עפּיס אויף 10 איילן מיט עפּיס, אָבער אויב מען פאַרזייט א גאַנצע שורה קירביסן איז גענוג 6 טפחים. ווייל א גאַנצע שורה קירביסן זעט אויס ווי א באַזונדער קירביסן־פעלד, און מען דערקענט גלייך, אַז דאָס תבואה פעלד איז באַזונדער און דאָס קירביסן־פעלד איז באַזונדער.** ואם, און אויב די בלעטער פון דער שורה קירביסן זענען געוואָרן פאַרשפּרייט זאָל ער זיי אויסרייסן פאַר איר. **אויב זיי זענען „געוואָרן פאַרשפּרייט״ מיינט, אַז זיי זענען אַרייַן אין די 6 טפחים.** ר׳ יוסי זאָגט, אַז מען גיט איר (א לײדיק פּלאַץ) פאַר אַרבייט פיר איילן, **דאָס הייסט, אַז א שורה מיט קירביסן, ווען מען וויל איר זייען אין א תבואה־פעלד, מוז מען איר דערווייטערן פון דער תבואה 4 איילן.** אָמרו לו, האָבן די חכמים געזאָגט צו ר׳ יוסי: צי ווילסטו מחמיר זיין ביי דעם (ביי דער שורה פון קירביסן) **מער** ווי ביי אַן איינצעלנעם ווײַנשטאָק ? **דער דין איז, אַז אַן איינציק ווײַנשטאָק דאַרף מען דערווייטערן פון תבואה 6 טפחים; און דער איסור כלאים פון א ווײַנשטאָק איז האַרבער פון דעם איסור „כלאי־זרעים״, כלאים ביי אַלע אַנדערע געוויקסן; מחמת כלאים־ווײַנטרויבן טאָר מען ניט נור ניט עסן נאָר אפילו ניט קיין הנאה האָבן פון זיי, דאַקעגן אַנדערע כלאים, פון תבואה און ירקות מעג מען זאָגאַר עסן, נאָר מען טאָר זיי ניט זייען. די חכמים פרעגן דעריבער: ווי אַזוי קאָן מען מחמיר זיין ביי א שורה קירביסן מער** ווי ביי אַן איינצעלנעם ווײַנשטאָק אָמר להן, האָט ר׳ יוסי זיי אָפּגעענטפערט: מיר געפינען אַז א קירביס איז האַרבער פון אַן איינצלנעם ווײַנשטאָק, וואָרום אַן איינצלנעם ווײַנשטאָק גיט מען איר (א לײדיק אָרט אָפּגערוקט פון תבואה) פאַר איר אַרבייט 6 טפחים, און אַן איינצלנער קירביס (ווי מיר האָבן פריער געלערנט אין דער משנה וועגן איין קירביס אין א תבואה־פעלד) גיט מען א בית רובע (לײדיק

**ולדלעת יחידית נותנין לה בית רובע. ר׳ מאיר אומר משום ר׳ ישמעאל, כל שלשה דלועין לבית סאה לא יביא זרע לתוך בית סאה. ר׳ יוסי בן החוטף אפרתי אָמר משום ר׳ ישמעאל, כל שלשה דלועין לבית כור לא יביא זרע לתוך בית כור.**

## פרק ד.

**א. קרחת הכרם, בית שמאי אומרים, ארבע ועשרים אמות; ובית**

---

אָרט) פאַר איר אַרבייט. און א „בית רובע״ **איז דאָך 10 איילן מיט עפּיס אויף 10 איילן מיט עפּיס. דערפון זעט מען דאָך, אז כלאים פון דעם מין קירביס איז בנוגע דערוּוייטערן איר פון תבואה הארבער פון כלאים אפילו פון אן איינצלנעם וויינשטאָק.** ר׳ מאיר זאָגט אין נאָמען פון ר׳ ישמעאל, אז אויב אין א בית סאה (א פעלד וואָס צו פאַרזייען עס דאַרף מען האָבן א סאה תבואה, דאָס הייסט 50 איילן אויף 50 איילן) זענען פאַראַן דריי פאַרפלאַנצטע קירביסן, טאָר מען (אין דעם גאַנצן פעלד פון די 50 איילן אויף 50 איילן) ניט פאַרזייען קיין אנדערן מין זרע. **ר׳ מאיר זאָגט, אז ר׳ ישמעאל האַלט, אז ביי קירביסן זענען די בלעטער אזוי ברייט, אז איין קירביס דאַרף מען דער־וּוייטערן פון תבואה א דריטל פון א בית סאה.** ר׳ יוסי בן החוטף אפרתי האָט געזאָגט אין נאָמען פון ר׳ ישמעאל, אז אויב אין א בית כור (א פעלד וואָס צו פאַרזייען עס דאַרף מען האָבן א כור תבואה) זענען דאָ דריי קירביסן (א בית כור איז לערך 274 איילן אויף 274 איילן) טאָר מען דאָרט ניט פאַרזייען קיין אנדערן מין זרע. **ר׳ יוסי בן החוטף אפרתי זאָגט, אז ר׳ ישמעאל האָט נאָכמער מחמיר געווען ביי קירביסן און ער האַלט, אז מען דאַרף דערוּוייטערן א קירביס פון תבואה אדריטל פון א בית כור. — דער אויסדרוק „נותנין לה עבודתה״ „מען גיט איר איר אַרבייט״, וואָס ווערט דאָ באַ־נוצט צום ערשטן מאָל אין דער משנה און וואָס ווערט באַנוצט שפּעטער אין די משנה פּרקים וועגן כלאי הכרם זייער פיל, מיינט די גרויס פון ליידיקן פּלאַץ וואָס מען דאַרף איבערלאָזן אַרום איר (צי דאָס איז א וויינשטאָק, צי א וויינגאָרטן, צי אין דער איצטיקער משנה, א קירביס, אָדער א שורה קירביסן). אויב מען זאָגט „נותנין לה עבודתה ד׳ אמות״, מיינט עס אז מען דאַרף איבערלאָזן אַרום איר א ליידיקן פּלאַץ די גרויס פון 4 איילן. עס הייסט „עבודתה״, ווייל אין דעם ליידיקן פּלאַץ אַרום איר קאָן מען איר (דעם וויינגאָרטן, צי דעם וויינשטאָק, צי די קירביסן) באַאַרבייטן, אַרומ־גיין אַרום איר. זאָל דער לערנער פון משניות געדענקן, אז „עבודתו״, צי „עבודתה״, מיינט מען, דעם ליידיקן אָרט אַרום.**

## פרק ד.

**ביז איצט האָט די משנה געלערנט די דינים פון כלאים פון זרעים, דאָס הייסט תבואה, קטניות, ירקות. איצט וועט די משנה אין די פיר פּרקים ד׳, ה׳, ו׳, ז׳, לערנען די דינים פון „כלאי־הכרם״, פון „כלאים פון וויינגאָרטן״, וואָס איז א סך הארבער, און די תורה (דברים כ״ב) זאָגט, אז אויב מען זייעט אין א וויינגאָרטן תבואה ווערן זיי „קודש״, און דאָס הייסט, אז מען טאָר ניט עסן און ניט הנאה האָבן ניט פון דער תבואה און ניט פון דעם וויינגאָרטן און מען דאַרף דאָס אַלץ פאַרברענען. אויך מוז מען א וויינגאָרטן דערוּוייטערן פון תבואה זייער א סך. דער ליידיקער פּלאַץ, וואָס מען מוז איבערלאָזן אַרום דעם וויינגאָרטן און ניט צו פאַרזייען דאָרט קיין תבואה הייסט „עבודתו״ ווי מיר האָבן דערקלערט צום סוף פון פריערדיקן פּרק.**

א. קרחת הכרם, (א „ליידיק אָרט אין מיטן וויינגאָרטן״) זאָגן די בית שמאי, אז (א „קרחת הכרם״ האַלט) 24 איילן און די בית הלל זאָגן, אז 16 איילן; **מחול הכרם** („א ליידיק אָרט צווישן דעם וויינגאָרטן און זיין צוים (גדר) אַרום״), זאָגן די בית שמאי אז („מחול הכרם״ האַלט) 16 איילן, און די בית הלל זאָגן, אז 12 איילן.

**הלל אומרים, שש עשרה אמה. מחול הכרם בית שמאי אומרים, שש עשרה אמה; ובית הלל אומרים, שתים עשרה אמה. ואיזו היא קרחת הכרם? כרם שחרב מאמצעו, אם אין שם שש עשרה אמה לא יביא זרע לשם. היו שם שש עשרה אמה, נותנין לה עבודתה וזורע את המותר.**

---

**די משנה וועט ווייטער לערנען וואָס איז א „קרחת הכרם" און וואָס זענען די דינים פון א „קרחת הכרם", דאָסזעלבע וועט די משנה לערנען וואָס איז „מחול הכרם" און וואָס זענען די דינים פון „מחול הכרם". נאָך איידער די משנה לערנט דאָס אלץ גיט זי צוערשט די מחלוקה פון די בית שמאי און בית הלל וועגן דער גרויס פון די דאָזיקע צוויי ליידיקע ערטער אין כרם. די בית שמאי זאָגן, אז די גרויס פון „קרחת" איז 24 איילן, און פון „מחול" 16 איילן, און די בית הלל זאָגן, אז קרחת איז 16 איילן, און „מחול" איז נור 12 איילן. ווי מיר וועלן באלד זען, ווערן אלע דינים פון דער משנה געלערנט אזוי ווי די בית הלל, 16 איילן ביי א „קרחת" און 12 איילן ביי מחול. איצט וועט די משנה צוערשט לערנען וואָס איז „קרחת" און וואָס איז דער דין מיט איר.**
ואיזו היא, און וואָס הייסט „קרחת הכרם"? א וויינגאָרטן וועלכער איז חרוב געוואָרן אין דערמיט. **מיר האָבן שוין געהאט פריער אין פרק ב' משנה ט' דאָס וואָרט „קרחת" ביי א תבואה פעלד, און עס איז דער טייטש א פיר־קאַנטיק שטיקל פעלד. דאָ איז דער טייטש, אז דאָס שטיקל אָרט איז „ליידיק" און געפינט זיך אין דער מיט פון וויינגאָרטן און ארום אים זענען פאראַן וויינשטאָקן. „קרחת" איז פון וואָרט „קרח", אויסגעקראָכן, ליידיק. די משנה זאָגט, אז דאָס מיינט, אז די וויינשטאָקן זענען פון דאָזיקן שטיקל אָרט אין מיטן פון וויינגאָרטן ארויסגעריסן געוואָרן. די מפרשים („תוספות אנשי שם") ווייזן־אָן, אז דאָס איז אויך, אויב מען האָט באלד דאָס שטיקל אָרט ניט געפלאַנצט און עס איז געבליבן פון אָנהויב אָן א „ליידיק" אָרט, און ניט א „חרוב־געוואָרן" אָרט. איצט זאָגט די משנה דעם דין פון אזא „קרחת"־אָרט:**
אם, אויב דאָרט (אין דעם דאָזיקן קרחת) איז ניט פאראַן קיין 16 איילן, טאָר מען דאָרט ניט פאַרזייען; אויב אָבער עס איז דאָרט פאראַן 16 איילן גיט מען איר דעם אַרבייטס־אָרט (מען לאָזט איבער א ליידיק אָרט) און מען מעג פאַרזייען דעם איבריקן ליידיקן אָרט. **מיר האָבן שוין געזאָגט, צום סוף פון פריערדיקן פרק אין פירוש, אז מיט דעם אויסדרוק „עבודתה", „איר ארבייטס־אָרט", מיינט מען "איבערלאָזן א ליידיקן אָרט" און עס הייסט אזוי ווייל אין דעם ליידיקן אָרט קאָן מען ארומגיין מיט דער ארבייט ארום דעם וויינגאָרטן. די „עבודתה" פון א וויינגאָרטן מיינט 4 איילן, דאָס איז גענוג פאר די אקער־בהמות און דעם וואָגן, וועלכע באַדינען דעם וויינגאָרטן. זאָגט דאָ די משנה, אז אויב עס איז אין דעם „קרחת" ניט פאראַן קיין 16 איילן, טאָר מען דאָרט גאָרניט פאַרזייען, ווייל מען מוז אראָפּנעמען פון יעדער זייט פון דער קרחת צו 4 איילן, וואָס דאָס איז דאָך דער עבודתה פון די וויינשטאָקן וועלכער רינגלען ארום די „קרחת"; בלייבט דאָך איבער ווינציקער פון 8 איילן (מחמת 4 איילן גייט אראָפּ פון איין זייט און 4 איילן פון דער אנדערער זייט). און אויב מען צעטיילט ווינציקער פון 8 איילן אויף צוויי גלייכע חלקים, קומט אויס, אז אין דער איינער זייט בלייבט ליידיק אין יעדער זייט (אויסער דעם „עבודתה", אויסער די 4 איילן, וואָס געהערן אלס ארבייטס־אָרט צו די וויינשטאָקן) ווינציקער פון 4 איילן און מען נעמט אָן, אז אזא קליינער פלאַץ ווערט בטל צום וויינגאָרטן און עס האָט דעם דין פון א וויינגאָרטן און מען טאָר דאָרט ניט זייען. אָבער אויב עס איז פאראַן אין קרחת 16 איילן אויף 16 איילן, נעמט מען אראָפּ צו 4 איילן פון יעדער זייט, בלייבן נאָך 8 איילן; טיילט מען זיי אויף צוויי חלקים, קומט אויס אז אין איין טייל איז פאראַן 4 איילן לעדיקע (אויסער די 4־איילן־עבודתה) און אויך אין דער צווייטער וועט בלייבן ליידיקע 4 איילן (אויסער די 4־עבודתה־איילן), מעג מען די דאָזיקע 8 איילן יאָ פאַר־**

**ב. איזו היא מחול הכרם? בין כרם לגדר, אם אין שם שתים עשרה אמה לא יביא זרע לשם. היו שם שתים עשרה אמה, נותנין לו עבודתו וזורע את המותר.**

**ג. ר׳ יהודה אומר, אין זה אלא גדר הכרם. ואיזה הוא מחול הכרם?**

זייען, ווארום 4 איילן זענען שוין א חשובער פלאץ און זיי ווערן ניט בטל צום ווייג־גאָרטן. דאָס זאָגט די משנה „נותנין לה עבודתה״, מען נעמט אראָפּ פאר יעדער זייט דעם ארבייטס־פלאץ פארן ווייגאָרטן, דאָס הייסט צו 4 איילן און מען לאָזט דאָס ליידיק, און מען מעג פארזייען דאָס איבריקע ליידיקע אָרט. איצט וועט די משנה ערקלערן וואָס איז „מחול״ און וואָס איז זיין דין:

ב. איזו היא, וואָס איז „מחול הכרם״? צווישן ווייגאָרטן און דעם צוים. דאָס ליידיקע אָרט, וואָס געפינט זיך צווישן די ווייגשטאָקן און דעם צוים, דעם גדר, דעם פלויט, וואָס רינגלט ארום דעם ווייגאָרטן, הייסט „מחול הכרם״. דער רמב״ם זאָגט, אז דאָס איז פון וואָרט „מחילה״ מוחל־זיין, פארלאָזן דאָס אָרט, לאָזן עס ליידיק. דער ברטנורא זאָגט, אז דאָס איז פון מחול „באוועגן זיך אין א ראָד״, טאנצן ארום און ארום, ווי אין ירמיה ל״א הייסט „מחול״ א רונד־טאנץ, און ווייל דאָס אָרט רינגלט ארום די ווייגשטאָקן הייסט עס „מחול״. און איצט זאָגט די משנה דעם דין פון „מחול הכרם״: אם, אויב עס איז דאָרט (אין דעם ליידיקן „מחול״ פון די ווייגשטאָקן ביז צוים) ניט פאראן קיין 12 איילן טאָר מען דאָרט ניט פארזייען; אויב עס זענען דאָרט פאראן 12 איילן, גיט מען אים זיין ארבייטס־אָרט (מען לאָזט איבער א ליידיק פלאץ) און מען מעג פארזייען דעם איבריקן אָרט. ביי „מחול״ וואו עס זענען פאראן ווייגשטאָקן נאָר אין איין זייט פון דעם ליידיקן אָרט, און פון דער צווייטער זייט איז פאראן דער צוים, איז דער דין, אז אויב עס איז דאָרט ניט פאראן קיין 12 איילן טאָר מען אינגאנצן ניט פארזייען; אויב אָבער עס איז יאָ פאראן 12 איילן, דארף מען איבערלאָזן אין דער זייט נעבן די ווייגשטאָקן דאָס „ארבייטס־אָרט״ („עבודתו״), דאָס הייסט 4 איילן, און דאָס איבריקע מעג מען פארזייען. דער טעם ביי „מחול״ איז, וואָס אויב עס איז ניטאָ קיין 12 איילן, גייען דאָך אראָב 4 איילן „ארבייטס־אָרט״ פאר די ווייגשטאָקן פון איין זייט, און 4 איילן רעכנט מען צו צום צוים ביי דער צווייטער זייט, מחמת דאָרט איז ניט דער שטייגער צו פאראקערן און פארזייען צוליב דער מורא אז די ערד זאָל ניט ווערן צעברעקעלט און דער צוים זאָל ניט קאליע ווערן; בלייבט דאָך נור איבער ווייניגער פון 4 איילן, און ווי מיר האָבן געלערנט אין דער פריערדיקער משנה ווערן זיי בטל צו די ווייגשטאָקן און זיי הייסן ניט קיין באזונדער פעלד. אָבער אויב עס זענען פאראן 12 איילן, גייען אראָפּ 4 איילן אין דער זייט פון די ווייגשטאָקן אלס ארבייטס־אָרט, און 4 איילן צום פלויט, בלייבן דאָך איבער 4 איילן, מעג מען אין זיי פארזייען תבואה, ווייל זיי זענען א באזונדער פעלד. דאָ איז אנדערש ווי ביי קרחת; ווייל ביי קרחת זענען דאָך איןביידע זייטן פאראן ווייגשטאָקן, דעריבער מוז בלייבן פון ביידע זייטן (אויסער דעם „עבודתה״, אויסער דעם „ארבייטס־אָרט״) צו 4 איילן. אָבער דאָ ביי „מחול״, זענען דאָך נור פאראן אין איין זייט ווייגשטאָקן, מוז מען האָבן 4 איילן (אויסער דעם „ארבייטס־אָרט״) נור אין דער זייט פון די ווייגשטאָקן. ווי מיר זען זענען די דינים פון דער דאָזיקער סתם משנה אזוי ווי די בית הלל, וואָס האַלטן, אז „קרחת״ הייסט 16 איילן און „מחול״ 12 איילן.

ג. ר׳ יהודה זאָגט אז דאָס (דאָס ליידיקע אָרט צווישן די ווייגשטאָקן און דעם צוים) איז ניט מער ווי דער „צוים פון ווייגאָרטן״, („גדר הכרם״), און וואָס הייסט מחול הכרם״? דאָס (ליידיקע אָרט) וואָס איז צווישן צוויי באזונדערע ווייגערטנער. לויט ר׳ יהודה דארף מען אין דעם ליידיקן אָרט צווישן די ווייגשטאָקן און דעם צוים איבערלאָזן ליידיק בלויז 4 איילן לעבן די ווייגשטאָקן און דאָס איבריקע מעג מען

**בין שני הכרמים. ואיזה הוא גדר? שהוא גבוה עשרה טפחים. וחריץ? שהוא עמוק עשרה ורחב ארבעה.**

**ד. מחיצת הקנים, אם אין בין קנה לחברו שלשה טפחים כדי שיכנס הגדי, הרי זו כמחיצה. וגדר שנפרץ עד עשר אמות הרי היא כפתח. יותר מכן, כנגד הפרצה אסור. נפרצו בו פרצות הרבה — אם העומד מרובה על הפרוץ מותר, ואם הפרוץ מרובה על העומד — כנגד הפרצה אסור.**

---

פאַרזייען מחמת דאָס הייסט ניט קיין „מחול הכרם״ נאָר „גדר הכרם״, **דער צוים פון וויינגאָרטן.** און דער דין וועגן „מחול הכרם״ וואָס מען דאַרף דאָרט לאָזן 12 איילן, **זאָגט ר׳ יהודה, אז ער איז נוגע דאָס אָרט צווישן צוויי באַזונדערע וויינגערטנער.** ואיזה, און וואָס הייסט א צוים (גדר)? ווען ער איז הויך 10 טפחים. און (וואָס הייסט) א גרובן (חריץ) ווען ער איז טיף צען טפחים און ער איז ברייט פיר טפחים. **דאָס איז א גאַנץ באַזונדערער דין אין דער משנה, וועלכער לערנט דאָ, אז אזוי ווי מיר האָבן געלערנט אין פרק ב׳ משנה ח׳, אז א צוים (גדר) אָדער א גרובן (חריץ) הייסט א הפסקה בנוגע כלאים, און אויב אין איין זייט פון צוים אָדער פון גרובן געפינט זיך איין מין תבואה מעג מען אין דער אנדערער זייט זייען אן אנדערן מין תבואה, אזוי איז אויך דער דין, אז ווען א צוים אָדער א גרובן איז מפסיק צווישן תבואה און דעם וויינגאָרטן, מעג מען, און עס הייסט ניט קיין כלאים, און מען דאַרף ניט איבערלאָזן פון דער צווייטער זייט צוים אָדער גרובן קיין שום ליידיק אָרט. דאַביי זאָגט די משנה, אז א צוים הייסט, ווען ער איז הויך 10 טפחים, און א גרובן, ווען ער איז טיף צען טפחים און ברייט פיר טפחים.**

ד. מחיצת הקנים, א וואַנט געמאַכט פון שטעקעלעך (וואָס צוימט אַרום א וויינ־גאָרטן), אויב צווישן איין שטעקעלע און דעם אנדערן שטעקעלע איז ניט פאַראַן ליידיק דריי טפחים דורך וועלכע א ציגעלע (גדי) זאָל קאָנען אדורכגיין, הייסט עס א וואַנט (מחיצה). **דאָס הייסט אז עס איז א גוטע אָפּטיילונג, א מחיצה און מען מעג פון דער אנדערער זייט פון דעם דאָזיקן שטעקעלעך־צוים פון דעם וויינגאָרטן פאַרזייען תבואה.** וגדר, און אויב אין א צוים איז געוואָרן אויפגעבראָכן א לאָך גרויס ביז 10 איילן איז ער ווי א טיר. **דער טייטש איז, אז דער לאָך פאַרקלענערט ניט די חשיבות פון דעם צוים, און ער איז ווייטער א גוטע מחיצה, און מען מעג פאַרזייען תבואה פון דער צווייטער זייט פון צוים; מען מעג אפילו פאַרזייען אויך ביי דעם לאָך, ווייל ער ווערט פאַררעכנט ווי א טיר.** יתר מכן, אויב מער (דער לאָך איז גרעסער פון 10 איילן), איז ביי דעם לאָך טאָר מען ניט. דאָס הייסט, **אז אין יענע ערטער וואו די צוים איז ניט אויפגעבראָכן מעג מען ווייטער זייען תבואה און עס איז ווייטער א מחיצה, נאָר אין דעם אָרט לעבן דעם לאָך, וועלכער איז גרעסער פון 10 איילן, טאָר מען ניט זייען קיין תבואה.** נפרצו, אויב עס זענען געוואָרן אין דעם צוים א סך לעכער, איז אויב די ניט־אויפגעבראָכענע ערטער פון צוים צוזאַמענגענומען פאַרנעמען מער שטח ווי דער שטח פון אלע לעכער צוזאַמען, מעג מען. **ווייל דאָס הייסט, אז די צוים איז ווייטער א מחיצה, און מען מעג זייען אפילו לעבן די לעכער, אויב יעדע פון זיי איז ניט גרעסער פון 10 איילן.** ואם הפרוץ, אָבער אויב דער שטח פון אלע לעכער גענומען־צוזאַמען איז גרעסער ווי דער שטח פון אלע ניט־אויפגעבראָכענע ערטער (אין צוים) גענומען־ צוזאַמען, — איז אסור (צו זייען) לעבן די לעכער. **אָבער אויך אין דעם פאַל מעג מען זייען ביי ניט־אויפגעבראָכענע ערטער פון דעם צוים, מחמת די דאָזיקע ער־טער בלייבן ווייטער א מחיצה. — דאָס וואָרט „עומד״ איז דער טייטש „שטיין״, און דאָס הייסט דאָס שטיק צוים, וואָס איז געבליבן שטיין און איז ניט אויפגעבראָכן; „פרוץ״ מיינט „אויפגעבראָכן״, דער לאָך וואָס איז אויפגעבראָכן געוואָרן.**

**ה. הנוטע שורה של חמש גפנים, בית שמאי אומרים, כרם; ובית הלל אומרים, אינו כרם, עד שיהו שם שתי שורות. לפיכך, הזורע ארבע אמות שבכרם, — בית שמאי אומרים קידש שורה אחת; ובית הלל אומרים, קידש שתי שורות.**

**ו. הנוטע שתים כנגד שתים ואחת יוצא זנב, הרי זה כרם. שתים כנגד שתים ואחת בינתים, או שתים כנגד שתים ואחת באמצע, אינו**

---

ה. הנוטע, אז איינער פלאנצט א שורה פון פינף ווינשטאָקן, זאָגן די בית שמאי, אז עס הייסט א ווייַנגאָרטן („כרם״), און די בית הלל זאָגן, אז עס הייסט ניט קיין ווייַנגאָרטן, סיידן עס זענען דאָרט פאַראַן צוויי שורות. **דער דין איז, אז מען דאַרף איבערלאָזן ארום א ווייַנגאָרטן א ליידיק אָרט פון פיר איילן און ערשט נאָך די פיר איילן מעג מען פארזייען תבואה. דער דאָזיקער דין איז נור ווען עס איז א ווייַנגאָרטן, א „כרם״; אָבער אויב עס איז פארפלאנצט נאָר אן איינצלנער ווינשטאָק (גפן) דאַרף מען איבערלאָזן א ליידיק אָרט ניט מער ווי 6 טפחים (אן אייל איז 6 טפחים). די שאלה איז, וואָס הייסט א „ווייַנגאָרטן״, א „כרם״? וואָס איז די קלענסטע צאָל ווייַנשטאָקן וועלכע דאַרפן זיין אין אים? און ווי אזוי דאַרפן זיין די ווייַנשטאָקן אויסגעשטעלט איינער צום אנדערן? זאָגן די בית שמאי, אז אויב 5 ווייַנשטאָקן זענען פאַראַן אין איין שורה הייסט עס שוין א ווייַנגארטן און מען מוז דערפון דערווייטערן דאָס פארזייען תבואה 4 איילן. אָבער די בית הלל זאָגן, אז „כרם״, ווייַנגארטן, הייסט מינדענסטנס צוויי שורות, און ווי די מפרשים דערקלערן דאַרף, לויט די בית הלל, אין יעדער שורה זיין מינדעסטנס דריי ווייַנשטאָקן; אן אויסנאַם איז נור, ווי מיר וועלן ווייטער לערנען אין משנה ו׳, ווען 5 ווייַנשטאָקן זענען אויסגעשטעלט אין א ספעציעלער פאָרם, און דעמאָלס זאָגן אויך די בית הלל אז 5 ווייַנשטאָקן הייסן א ווייַנגאָרטן.** לפיכך, דעריבער, אויב איינער זייט תבואה אין די 4 איילן פון א ווייַנגאָרטן (וואָס הייסט כלאים, מחמת מען מוז דאָך איבערלאָזן 4 איילן ליידיק), זאָגן די בית שמאי, אז עס ווערן אסור איין שורה ווייַנשטאָקן צוליב כלאים, און די בית הלל זאָגן, אז עס ווערען אסור צוויי שורות. **דאָס וואָרט „קידש״ איז דער טייטש „הייליק״, אָבער אויך „אסור״ און די משנה נעמט דאָ דאָס וואָרט פון חומש „דברים כ׳ב״ „פן תקדש״, אז כלאים פון א ווייַנגאָרטן ווערט „קודש״, און דאָס מיינט מער ווי אסור, מחמת פון ווייַנגאָרטן־כלאים טאָר מען ניט קיין הנאה האָבן און מען דאַרף עס פאַרברענען. אזוי ווי די תורה זאָגט, אז ווען מען פארזייט תבואה לעבן א ווייַנגאָרטן ווערט דער „כרם״, דער ווייַנגאָרטן „קודש״, אסור צוליב כלאים, איז די שאלה וויפיל ווייַנשטאָקן פון ווייַנגאָרטן הייסן „כרם״, אז זיי זאָלן ווערן אסור ? זאָגט די משנה, אז לויט די בית שמאי ווערט אסור נור איין שורה ווייַנשטאָקן און ניט מער, מחמת איין שורה הייסט דאָך שוין אויך „כרם״; אָבער לויט די בית הלל הייסט דאָך כרם נור צוויי שורות, ממילא ווערן אסור צוליב כלאים צוויי שורות, מחמת כלאים ווערט דאָך א „כרם״, און איין שורה איז דאָך ניט קיין „כרם״.**

ו. הנוטע, אז איינער פלאנצט (פינף ווייַנשטאָקן, וועלכע זענען אויסגעשטעלט) צוויי קייגן צוויי און איינער (דער פיפטער) גייט ארויס ווי א עק, הייסט עס א ווייַנגאָרטן. **די פאָרם פון „שתים כנגד שתים ואחת יוצאת זנב״, „צוויי קייגן צוויי און איינער גייט ארויס ווי א „עק״ איז, ווי טייל מפרשים זאָגן, ⁚· און דאָס הייסט א „כרם״ און מען דאַרף דערווייטערן דערפון דאָס פארזייען תבואה 4 איילן.** שתים צוויי (ווייַנשטאָקן) קייגן צוויי און איינער (דער פיפטער) צווישן, אָדער איינער (דער פיפטער) אין דערמיט, הייסט עס ניט קיין ווייַנגאָרטן, נאָר עס מוז זיין צוויי קייגן צוויי און איינער גייט ארויס ווי א עק. **טייל מפרשים זאָגן, אז „צוויי קייגן צוויי און איינער צווישן״ מיינט אזוי ⁖ און „צוויי קייגן צוויי און איינער אין דערמיט״ מיינט**

**כרם, עד שיהו שתים נגד שתים ואחת יוצא זנב.**

**ז. הנוטע שורה אחת בתוך שלו ושורה אחת בתוך של חברו ודרך היחיד ודרך הרבים באמצע, וגדר שהוא נמוך מעשרה טפחים, הרי אלו מצטרפות. גבוה מעשרה טפחים אינן מצטרפות. ר׳ יהודה אומר אם ערסן מלמעלה הרי אלו מצטרפות.**

**ח. הנוטע שתי שורות, אם אין ביניהן שמונה אמות לא יביא זרע לשם. היו שלש, אם אין בין שורה לחברתה שש עשרה אמה לא יביא**

---

**אווי :·:. און דאָס הייסט ניט קיין כרם, און זיי האָבן דעם דין, ווי אן איינצלנער וויינ־שטאָק און מען דאַרף דערווייטערן נור 6 טפחים. ווענן די אלע פאַרמען פון „זנב״ („עק״), בינתים״ (צווישן) און „באמצע״ (אין דער מיט) זענען פאַראן חלוקי דעות צווישן די מפרשים.**

ז. אז איינער פלאַנצט איין שורה וויינשטאָקן אויף זיין אייגענער (ערד) און איין שורה וויינשטאָקן אויף (דער ערד) פון זיין שכן, און (כאָטש) עס איז צווישן (די צוויי שורות) פאַראן א פריוואַטער וועג (דרך היחיד־ אָדער א עפנטליכער וועג (דרך הרבים) אָדער א צוים וואָס איז נידריגער פון צען טפחים, ווערן די צוויי שורות פאַררעכנט צוזאַמען. **מיר האָבן געלערנט, אז איין שורה וויינשטאָקן הייסט ניט קיין וויינגאָרטן; קאָן מען דאָך מיינען, אז דאָ הייסן זיי צוויי באַזונדערע שורות אין באַזונדערע פעלדער און זיי הייסן ניט צוזאַמען קיין וויינגרטן, זאָגט די משנה, אז מען פאַררעכנט זיי יאָ צוזאַמען און זיי זענען א וויינגאָרטן. ווענן „דרך היחיד״ און „דרך הרבים״ זאָגט דעם רמבם, אז דאָס איז נור ווען זיי זענען נישט ברייט 8 איילן, אָבער אויב זיי זענען ברייט 8 איילן קאָן מען ניט פאַררעכענען צוזאַמען די צוויי שורות וויינשטאָקן.** גבוה, אויב דער צוים איז געווען העכער פון צען טפחים, פאַררעכנט מען ניט זיי (די שורות) צוזאַמען. **די מפרשים זאָגן, אז מען מיינט ניט דוקא „העכער פון 10 טפחים״, נאָר אויך הויך 10 טפחים הייסט א הפסקה.** ר׳ יהודה זאָגט, אז אויב ער האָט זיי (די וויינשטאָקן) אויסגעבעטעט צוזאַמען אין דער הויך ווערן זיי פאַררעכנט צוזאַמען. **אפילו ווען דער צוים איז העכער פון 10 טפחים. „אויסגעבעטעט״־צוזאַמען, „עירסן״ (פון וואָרט „ערס״, „ערש״, א „בעט״) מיינט, אז ער האָט אריבערגעלייגט די צווייגן פון ביידע שורות וויינשטאָקן איבער דעם צוים און דאָרט זענען זיי געוואָרן אויסגעמישט, און אויסגע־לייגט ווי אין א בעט.**

ח. הנוטע, אז איינער פלאַנצט צוויי שורות וויינשטאָקן, אויב עס איז ניטאָ צווישן זיי (קיין ליידיק אָרט פון) 8 איילן, טאָר מען דאָרט ניט פאַרזייען (קיין תבואה). **די מפרשים דערקלערן, אז דאָ מיינט מען, ווען אין יעדער שורה איז פאַראן ניט מער ווי צוויי וויינשטאָקן, און ווי מיר האָבן געלערנט פריער אין די משנות ה׳ און ו׳ הייסט דאָס ניט קיין וויינגאָרטן. אָבער כאָטש עס איז ניט קיין וויינגאָרטן און מען מעג אין דרויסן פון די ביידע שורות פאַרזייען תבואה בלויז אפגערוקט 6 טפחים, (ווי עס איז דער דין ביי אן אייצלנעם וויינשטאָק), הייסן אָבער די ביידע שורות וויינשטאָקן א „וויינגאָרטן״, א „כרם״, אז מען זאָל אינוויינִיק, צווישן די שורות, ניט טאָרן פאַר־זייען תבואה נענטער ווי 4 איילן פון א וויינשטאָק. דעריבער אויב עס איז דאָרט ניט פאַראן קיין 8 איילן טאָר מען קיין תבואה ניט פאַרזייען, ווייל וואו ער וועט פאַרזייען וועט דאָך עס זיין נענטער פון 4 איילן צו א וויינשטאָק.** היו, אויב זיי זענען געווען דריי שורות (צו צוויי וויינשטאָקן אין א שורה), איז אויב עס איז ניטאָ צווישן איין שורה און דער אנדערער זעכצען איילן, טאָר מען דאָרט ניט פאַרזייען תבואה. **דער ברטנורא זאָגט, אז דריי שורות הייסט שוין א כרם, א וויינגאָרטן, און דער ליידיקער פלאַץ צווישן די שורות הייסט דעריבער „קרחת הכרם״, און ווי עס לערנט די משנה אין אָנהויב פון דעם פרק משנה א׳ דאַרף מען האָבן 16 איילן כדי דאָרט צו פאַרזייען**

**זרע לשם. ר׳ אליעזר בן יעקב אומר משום חנניה בן חכינאי, אפילו חרבה האמצעית ואין בין שורה לחברתה שש עשרה אמה לא יביא זרע לשם, שאילו מתחלה נטען היה מותר בשמונה אמות.**

**ט. הנוטע את כרמו על שש עשרה (אמה) שש עשרה אמה מותר להביא זרע לשם. אמר ר׳ יהודה, מעשה בצלמון באחד שנטע את כרמו על שש עשרה שש עשרה אמה, והיה הופך שער שתי שורות לצד אחד וזורע את הניר, ובשנה האחרת היה הופך את השער למקום אחר וזורע**

---

**תבואה.** ר׳ אליעזר בן יעקב זאָגט אין נאָמען פון חנינא בן חכינאי, אז אפילו די מיטלסטע שורה וויינשטאָקן איז חרוב געוואָרן (אויסגעריסן געוואָרן) און צווישן דער ערשטער און דריטער שורה איז ניט פאראן קיין זעכצען איילן טאָר מען ניט פאַרזייען קיין תבואה, כאָטש אויב מען וואָלט אין אָנהויב געוועז געפלאַנצט (נאָר די דאָזיקע צוויי שורות, און די מיטלסטע וואָלט קיינמאָל ניט געווען פארפלאַנצט), וואָלט געווען מותר (צו פאַרזייען) אויך מיט אכט איילן. **ר׳ אליעזר בן יעקב האלט, אז ווייל, ווען די דריי שורות האָבן עקזיסטירט צוזאמען זענען זיי דאָך געווען א ווייַנגאָרטן, איז אפילו איצט ווען איינע פון זיי איז חרוב געוואָרן, הייסט דאָס א „קרחת״ און מען דאַרף האָבן 16 איילן.**

ט. הנוטע, אז איינער פלאַנצט זיין ווייַנגאָרטן אויף זעכצן־זעכצן איילן, מעג ער דאָרט פאַרזייען תבואה. **אויף דער משנה זענען פאראן צוויי טייטשן. איינער איז, אז יעדער** **ווייַנשטאָק איז ווייט פון צווייטן ווייַנשטאָק 16 איילן, ממילא הייסט עס, אז דער ווייַנגאָרטן איז געפלאַנצט 16 איילן אויף 16 איילן, מחמת צווישן יעדע 4 ווייַנשטאָקן איז דאָ א ליידיקער שטח פון 16 איילן אויף 16 איילן. אן אנדערער טייטש איז, אז נור צווישן איין שורה און דער צווייטער איז פאראן 16 איילן, אָבער צווישן די ווייַנשטאָקן אין דער שורה איז ניט אזוי ווייט. די משנה זאָגט, אז דאָס הייסט ניט קיין ווייַנגאָרטן און מען מעג דאָרט זייען תבואה, און די מפרשים גיבן צו, אז אין אזא פאַל איז גענוג ווען עס איז אפגערוקט נור 6 טפחים ווי פון אן איינצלנעם ווייַנשטאָק.** אָמר, האָט ר׳ יהודה געזאָגט, עס איז געווען א מעשה אין צלמון מיט איינעם, וועלכער האָט געפלאַנצט זיין ווייַנגאָרטן אויף זעכצן־זעכצן איילן און ער האָט איין יאָר איבערגעדרייט די בלעטער פון די ווייַנשטאָקן פון צוויי שורות אין איין זייט, און ער האָט פאַרזייט דאָס צעאַקערטע פעלד (אין דער אנדערער זייט, וואו די בלעטער פון די ווייַנשטאָקן האָבן ניט איבערגעדעקט איבער דער ערד), און אין צווייטן יאָר האָט ער איבערגעדרייט די בלעטער פון די ווייַנשטאָקן אין אן אנדער אָרט און פאַרזייט דאָס פעלד, וואָס ער האָט דעם יאָר פריער געלאָזט ניט פאַראַקערט, (דאָרט זענען געווען איבערגעדעקט איבער דער ערד די ווייַנשטאָקן־בלעטער); און די דאָזיקע מעשה (די שאלה וועגן איר) איז געקומען פאַר די חכמים און זיי האָבן מתיר געמאכט. **דערפון ברענגט ר׳ יהודה די ראיה, אז דער דין איז ווי די משנה האָט געלערנט, אז איינער פאַרפלאַנצט א ווייַנגאָרטן אויף זעכצן־זעכצן איילן מעג ער דאָרט פאַרזייען תבואה. דאָס אוועקבויגן די ווייַנשטאָקן־בלעטער פון איבער דער ערד, וואו תבואה איז פאַרזייט, אוועק אין דער צווייטער זייט, איז געווען נויטיק, ווייל ווי מיר וועלן זען ווייטער פרק ז׳ משנה ג׳, האָט דאָס בלויזע אריבערבייגן ווייַנשטאָקן־בלעטער איבער תבואה שוין דעם דין פון כלאים. דאָס וואָרט „שער״, איז דער טייטש „האר״, און מען מיינט די בלעטער, וועלכע זענען אזוי ווי די האָר פון ווייַנשטאָק, און מיר האָבן שוין געהאַט דאָס וואָרט „שער״ בלעטער, אין מסכת פאה פרק ב׳ משנה ג׳ און אין כלאים פרק ג׳ משנה ה׳.** ר׳ מאיר און ר׳ שמעון זאָגן, אז אפילו ווען איינער פלאַנצט זיין ווייַנגאָרטן אויף אכט־אכט איילן מעג ער דאָרט פאַרזייען תבואה. **דער ברטנורא דערקלערט, אז ר׳ מאיר און ר׳ שמעון האלטן, אז דעם מרחק פון 16 איילן דאַרף מען האָבן נור ווען דער ווייַנגאָרטן איז געווען אין אָנהויב**

**את הבור, ובא מעשה לפני חכמים והתירו. ר׳ מאיר ור׳ שמעון אומרים, אף הנוטע את כרמו על שמונה שמונה אמות מותר.**

## פרק ה.

**א. כרם שחרב, אם יש בו ללקט עשר גפנים לבית סאה ונטועות כהלכתן, הרי זה נקרא כרם דל. כרם שהוא נטוע ערבוביא, אם יש בו לכוון שתים כנגד שלש, הרי זה כרם, ואם לאו — אינו כרם. ר׳ מאיר אומר, הואיל והוא נראה כתבנית הכרמים, הרי זה כרם.**

---

**פארפלאנצט געדיקט, און ער איז דערנאָך חרוב געוואָרן אין דערמיט; אָבער אויב ער האָט באלד אין אָנהייב געפלאנצט אָפּגערוקט 8 איילן צווישן די שורות (אָדער ווי א טייל מפרשים טייטשן, 8 איילן צווישן די ווינשטאָקן) הייסט דאָס ניט קיין ריכטיקער ווייגאָרטן, און אויב מען לאָזט איבער ביי די ווינשטאָקן 6 טפחים ליידיקן אָרט מעג מען אין דעם איבריקן אָרט פארזייען תבואה. — „צלמון", אין טייל משניות איז פאראן „צלמין" מיט א „י". אין תהלים ס"ח ווערט דערמאָנט א שניי־בארג צלמון („תשלג בצלמן") און ווייל ער ווערט דערמאָנט צוזאמען מיטן בארג „בשן" מיינען די געלערנטע חוקרים, אז דאָס איז דער בארג האווראן אין צפון פון עבר הירדן. אָבער דאָ איז דאָך דער דין וועגן כלאים, און כלאים איז דאָך מותר מדאורייתא אין חוץ לארץ, דעריבער האלטן טייל אז דאָס איז אן אנדערער „צלמון" אָדער „צלמין", וואָס איז געווען אמאָל א שטאָט אין ארץ ישראל, אין גליל. זי ווערט דערמאָנט אין דער משנה (יבמות פרק ט"ז) און אויך אין די ספרים פון יוסף בן מתתיהו (יוסיפון לרומיים). דאָס איז היינט א חורבה צו דרום מזרח פון צפת און מען רופט איר אין אראביש „סעלאמין".**

## פרק ה.

א. כרם, א ווייגאָרטן, וואָס איז חרוב געוואָרן (עס זענען אויסגעריסן געוואָרן אין א סך ערטער די ווינשטאָקן, און נור דאָ און דאָרט זענען געבליבן פונאנדערגע־וואָרפן אביסל ווינשטאָקן), איז אויב מען קאָן צונויפקלויבן צען ווינשטאָקן אויף (א פלאץ וואָס איז גרויס) א בית סאה און זיי זענען געפלאנצט ווי זייער דין איז („צווי קיגן צווי און איינער גייט ארויס א עק") הייסט עס אן „אָרימער ווייג־גאָרטן", „כרם דל". **א בית סאה הייסט א שטח גרויס 50 איילן אויף 50 איילן, מחמת כדי צו פארזייען אזא שטח מיט תבואה דארף מען האָבן א סאה תבואה. זאָגט די משנה, אז אויב מען קאָן אויף א בית־סאה־שטח צונויפקלייבן צען ווינשטאָקן און זיי זאָלן זיין געפלאנצט לויט די דינים וואָס זענען דערמאָנט געוואָרן אין פאָריקן פרק ווי אזוי עס דארף זיין א כרם, הייסט עס א אָרימער ווייגאָרטן, כרם דל, אָבער ער האָט אלע דינים פון א ווייגאָרטן, און מען דארף דערווייטערן פון אים דאָס תבואה־זייען 4 איילן.** כרם שהוא נטוע, א ווייגאָרטן, וואָס איז געפלאנצט צומישט (די ווינשטאָקן זענען ניט אין שורות־וויז), איז אויב מען קאָן אויסגעפינען צווי ווייג־שטאָקן קיגן דריי („צווי קיגן צווי און איינער גייט ארויס א עק"), איז עס א ווייג־גאָרטן, און אויב ניט איז עס ניט קיין ווייגאָרטן. **אומעטום וואו די משנה זאָגט דאָ, אז עס איז ניט קיין ווייגאָרטן, באמערקן די מפרשים, אז עס האָט נור דעם דין פון אן איינצעלנעם ווינשטאָק און מען דארף דערווייטערן פון זיי דאָס תבואה־זייען נאָר 6 טפחים.** ר׳ מאיר זאָגט, אז וויל ער (דער דאָזיקער צעמישט־געפלאנצטער ווייג־גאָרטן) זעט אויס ווי דער געשטאלט פון ווייגערטנער, הייסט ער א ווייגאָרטן. **דער ירושלמי זאָגט, אז מיט אויסגעפינען „צווי קיגן דריי" מיינט מען, אז די שטאַמען פון די ווינשטאָקן זאָלן זיין אויסגעשטעלט ווי דער דין איז; אָבער אויב די שטאַמען זענען ניט ווי דער דין פארלאנגט און די צווייגן זענען יאָ, הייסט דאָס ניט קיין ווייג־גאָרטן.**

ב. כרם שהוא נטוע על פחות מארבע אמות — ר׳ שמעון אומר, אינו כרם, וחכמים אומרים — כרם, ורואין את האמצעיות כאילו אינן.
ג. חריץ שהוא עובר בכרם עמוק עשרה ורחב ארבעה — ר׳ אליעזר בן יעקב אומר, אם היה מפולש מראש הכרם ועד סופו, הרי זה נראה כבין שני כרמים וזורעים בתוכו, ואם לאו, הרי הוא כגת. והגת שבכרם עמוקה עשרה ורחבה ארבעה — ר׳ אליעזר אומר, זורעים בתוכה, וחכמים אוסרים. שומרה שבכרם, גבוהה עשרה ורחבה ארבעה, זורעין בתוכה, ואם היה שער כותש, אסור.
ד. גפן שהיא נטועה בגת או בנקע, נותנין לה עבודתה וזורע את

---

ב. כרם שהוא, א וויינגאָרטן וואָס איז געפּלאַנצט אויף ווינציקער פון פיר אײלן (צווישן איין שורה און דער אנדערער שורה וויינשטאָקן איז פאראַן ווינציקער פון 4 אײלן). זאָגט ר׳ שמעון, אז דאָס הייסט ניט קיין וויינגאַרטן. **צוליב דעם וואָס עס איז ניט פאראַן צווישן די שורות די „עבודת הכרם״, דאָס ארבעטס־אָרט פאר א וויינגאַרטן, די 4 אײלן, האָט עס ניט דעם דין פון א ריכטיק־איינגעאָרדנטן וויינגאָרטן, נאָר ווי פון איינצלנע וויינשטאָקן, און עס איז גענוג צו דערווייטערן פון זיי דאָס תבואה־זייען 6 טפחים.** וחכמים, און די חכמים זאָגן, אז עס איז א וויינגאָרטן, און מען באטראכט די מיטלסטע וויינשטאָקן (וועלכע געפינען זיך אין די 4 אײלן צווישן איין שורה וויינשטאָקן און דער אנדערער) ווי זיי וואָלטן ניט געווען. **דאָס וואָס עס זענען פאראַן נאָך וויינשטאָקן האלטן ניט די חכמים פאר א חיסרון.**
ג. חריץ, א גרובן וועלכער ציט זיך אדורך אין וויינגאָרטן און איז טיף צען טפחים און ברייט פיר טפחים, זאָגט ר׳ אליעזר בן יעקב, אז אויב ער גייט אדורך פון אָנהויב וויינגאָרטן ביזן סוף וויינגאָרטן (ער שניידט אים אדורך אין צוויי טיילן), זעט ער (דער גרובן) אויס ווי צווישן צוויי וויינגערטנער און מען מעג זייען אין אים (אין דעם טיפן גרובן, תבואה); און אויב ניט (אויב עס פעלט אים איינע פון די דאָזיקע זאכן, זיין טיף צען טפחים, ברייט פיר טפחים, דורכשניידן דעם וויינגאָרטן פון איין עק ביזן צווייטן), האָט ער דעם דין ווי א ווינקעלטער (גת). **ווייל אויב דער גרובן האָט די אלע זאכן הייסט עס ווי ער איז א באזונדער, אָפּגעטיילט פעלד, און דעריבער מעג מען אין אים זייען תבואה. אויב אָבער עס פעלט אים איינע פון די דערמאָנטע זאכן, האָט ער דעם דין ווי א ווייַן קעלטער, און די משנה וועט באלד לערנען דעם דין דער־פון.** והגת, און א וויין קעלטער (וואָס איז פאראַן אין א וויינגאָרטן, און אין דעם קעל־טער איז דאָ אָרט צו פארזייען), וואָס איז טיף צען טפחים און ברייט פיר טפחים, זאָגט ר׳ אליעזר, אז מען מעג זייען אין אים, און די חכמים אסר׳ן. **א ווינקעלטער איז אויך א גרובן נאָר ער שנייד־ניט אדורך דעם וויינגאָרטן פון איין עק ביזן אנדערן. ר׳ אליעזר האלט, אז ווייל ער איז טיף 10 טפחים און ברייט 4 טפחים קאָן מען עס באַ־טראכטען ווי אן באזונדער שטיקל פעלד; און די חכמים זאָגן, אז עס הייסט א טייל פון וויינגאָרטן.** שומרה, א הויך־בערגל אין וויינגאָרטן, (וואו עס זיצט דער שומר, דער וויינגאָרטן־היטער, און גיט אכטונג), אויב עס איז הויך צען טפחים און ברייט פיר טפחים, מעג מען אויף אים פארזייען תבואה; ואם, אָבער אויב די צווייגן־בלעטער (פון די וויינשטאָקן דערגרייכן אריבער דעם בערגל און) קלאפּן זיך דאָרט אָן איינער אין דעם צווייטן טאָר מען ניט. **דעם אויסדרוק „שער כותש״ האָבן מיר געהאט אין פאה פרק ב׳ משנה ג׳, און אויך דאָרט איז עס דער טייטש „די צווייגן־בלעטער פון די בוימער קומען זיך צונויף און קלאפּן אָן איינער אין דעם צווייטן״. „שער״, בלעטער, (וועלכע זענען ווי די האָר פון די ביימער, „שער״, „האָר״) האָבן מיר געהאט אין דער משנה עטליכע מאָל.**
ד. גפן, אויב איין וויינשטאָק איז פארפלאנצט אין א ווינקעלטער אָדער אין א שפּאַלט (א גריבל), גיט מען אים זיין „ארבייטס־אָרט״ (6 טפחים), און מען מעג דאָס

**המותר. ר' יוסי אומר, אם אין שם ארבע אמות לא יביא זרע לשם. והבית שבכרם זורעין בתוכו.**

**ה. הנוטע ירק בכרם או מקיים, הרי זה מקדש ארבעים וחמש גפנים**

איבריקע אָרט (אין קעלטער אָדער אין גריבל) פאַרזייען מיט תבואה. **מיר האָבן שוין געזאָגט, אז פון אן איינצעלנעם וויינשטאָק דערווייטערט מען דאָס תבואה־זייען ניט מער ווי 6 טפחים. די משנה לערנט דאָ, אז מען וואָלט געקאָנט מיינען, אז ווייל דער איינצלנער וויינשטאָק געפינט זיך אין א טיף אָרט, אין א וויינקעלטער אָדער סתם אין א גריבל, דאַרף דאָס גאַנצע אָרט זיין אסור צו פאַרזייען מיט תבואה, דעריבער ווערט געזאָגט, אז אויך דאָ טאָר מען ניט פאַרזייען בלויז אין דעם „ארבייטס־אָרט" פון וויינשטאָק, און דאָס איז 6 טפחים.** ר' יוסי זאָגט, אז אויב דאָרט (אין דעם קעלטער אָדער אין דעם גריבל) איז ניטאָ קיין פיר איילן, טאָר מען דאָרט ניט פאַרזייען תבואה. **ווייל עס איז א צו־ענג אָרט און עס מאַכט דעם איינדרוק ווי מען פאַרזייט די תבואה צוזאַמען מיט דעם וויינשטאָק; אויב אָבער עס איז יאָ פאַראַן 4 איילן, מעג מען פאַר־זייען תבואה און מען דאַרף דערווייטערן דאָס תבואה־זייען פון דעם וויינשטאָק נאָר 6 טפחים. אזוי טייטשט דער רמבם. אָבער דער ברטנורא זאָגט, אז ר' יוסי האַלט, אז אין א קעלטער אָדער א גריבל דאַרף מען דערווייטערן תבואה פון אן איינצלנעם וויינשטאָק 4 איילן. דער תוספות יום טוב וואונדערט זיך אויפן דאָזיקן פירוש פון ברטנורא.** והבית שבכרם, אויב אין א וויינגאָרטן איז פאַראַן א הויז (און אַרום דעם הויז זענען פאַראַן וויינשטאָקן), מעג מען אין הויז זייען תבואה. **און מען דאַרף גאָר ניט איבערלאָזן קיין ליידיק אָרט ביז די וויינשטאָקן, מחמת א הויז מיט א דאַך איז די גרעסטע מחיצה. דער ירושלמי ברענגט דאָ דעם פסוק אין ישעיה מ"ב „ובבתי כלאים החבאו", אז א הויז איז א באַהעלטעניש פאַר כלאים.**

ה. הנוטע, אז איינער פלאַנצט גרינס אין א וויינגאָרטן, אָדער ער לאָזט דאָס גרינס וואַקסן (אין וויינגאָרטן) אסר'ט עס פינף און פירציג וויינשטאָקן. **כדי צו פאַר־שטיין די דאָזיקע משנה, וועלן מיר געבן עטליכע דערקלערונגען. ערשטנס, ווען אין א וויינגאָרטן ווערן וויינשטאָקן כלאים, טאָר מען זיי ניט עסן און ניט הנאה האָבן פון זיי נאָר מען מוז זיי פאַרברענען. דאָס הייסט אין דער משנה „קידש", „גע'אסרט" (פון לשון אין חומש דברים כ"ב „פן תקדש"). צווייטנס, א וויינגאָרטן ווערט כלאים ניט נאָר ווען מען האָט אין אים אליין פאַרזייט תבואה צי גרינס, נאָר אויך ווען מען האָט אין אים אליין ניט פאַרזייט, נאָר עס איז דאָרט צופעליק ארויסגעוואַקסן, אָבער דער בעל הבית פון וויינגאָרטן האָט געזען ווי די תבואה אָדער דאָס גרינס וואַקסט און ער האָט עס ניט אויסגעריסען. דאָס הייסט „מקיים", לאָזן וואַקסן. דריטנס, וועגן דער שאלה, וויפיל וויינשטאָקן אַרום דעם גרינס ווערן גע'אסר'ט — איז דער דין אזוי: אויב מען האָט געפלאַנצט דאָס גרינס אין דרויסן פון וויינגאָרטן, נאָר אין די 4 איילן פון וויינגאָרטן, אסר'ט עס נור צוויי שורות וויינשטאָקן (ווי מיר האָבן געלערנט פריער פרק ד' משנה ה' דעם דין פון די בית הלל); אויב אָבער עס איז פאָרגעקומען, ווי די משנה זאָגט דאָ, מען האָט געפלאַנצט גרינס אין מיטן דעם וויינגאָרטן איז עס זייער הארב, און עס ווערן גע'אסר'ט אלע וויינשטאָקן, וועלכע געפינען זיך אין ראָד 16 איילן אַרום און אַרום פון דעם גרינס, וואָס געפינט זיך אין מיטל־פונקט פון ראָד. פערטנס, די שורות וויינשטאָקן זענען געוויייליך אזוי געפלאַנצט, אז צווישן איין שורה און דער אנדערער און צווישן איין וויינשטאָק און דעם אנדערן איז 4 איילן. דעריבער זאָגט דאָ די משנה, אז ווען מען פאַר־פלאַנצט גרינס אין מיטן פון וויינגאָרטן ווערן געאסר'ט פינף און פירציק וויינשטאָקן, מחמת אזוי פיל נעמט אַרום דאָס**



**אימתי? בזמן שהיו נטועות על ארבע ארבע, או על חמש חמש. היו נטועות על שש שש, או על שבע שבע, הרי זה מקדש שש עשרה אמה לכל רוח, עגולות, ולא מרובעות.**

**ו. הרואה ירק בכרם ואמר „כשאגיע לו אלקטנו״—מותר; כשאחזור אלקטנו — אם הוסיף במאתים, אסור.**

---

ראַד וואָס איז ווייט 16 איילן פון דעם גרינס אין מיטל־פונקט פון ראַד, ווי מיר זען עס דאָ. דער „תפארת ישראל״ פרעגט: עס דאַרפן דאָך גע׳אסר׳ט ווערן אויך נאָך 4 וויינ־שטאָקן, די וועלכע זענען אין דער מיט פון די אויסערסטע שורות, מחמת פון מיטל־פונקט ביז זיי איז דאָך פונקט 16 איילן? און ער ענטפערט, אז ווייל די צווייגן פון די דאָזיקע וויינשטאָקן שטייען פונקט אויף דער ראַד־ליניע, זענען די וואָרצלען אין יענער זייט ראַד־ליניע און דעריבער גייען זיי ניט אריין אין ראַד. אימתי, ווען איז דאָס געזאָגט געוואָרן? ווען די שורות־וויינשטאָקן זענען געווען געפלאַנצט (אָפּגע־ריקט) צו פיר־פיר איילן אָדער צו פינף־פינף איילן. אייגנטליך וואָלט אין פאַל ווען די שורות וויינשטאָקן זענען אָפּגערוקט איינע פון דער צווייטער 5 איילן געדאַרפן גע׳אסר׳ט ווערן א סך ווינציקער פון 45 וויינשטאָקן, און לויטן רעכנונג וואָלט עס אויסגעמאכט נאָר 37 וויינשטאָקן. נאָר מען האָט גוזר געווען, אז אויך ביי 5־איילן־שורות זאָל מען אסר׳ן 45 וויינשטאָקן, ווייל מענשן דערקענען ניט אזוי גוט צווישן א מרחק פון 5 איילן און א מרחק פון 4 איילן און מען קאָן א טעות האָבן. היו, אויב אָבער די שורות־וויינשטאָקן זענען געווען געפלאַנצט (אָפּגעריקט) צו זעקס־זעקס איילן אָדער צו זיבן־זיבן איילן, אסר׳ט עס זעכצן איילן אין יעדער זייט; קיילעכיקע 16 איילן און ניט פירקאַנטיקע. דאָס הייסט, אויב די ווייטקייט צווישן די שורות איז 6 איילן אָדער מער, איז שוין ניטאָ מורא צו האָבן, טאָמער וועט מען מיינען, אז עס איז 4־איילן־ווייטקייט, און דעריבער אסר׳ט עס לויטן דין 16 איילן; און די משנה לערנט, אז דאָס מיינט מען, אז מען מאכט א ראַד־ליניע ווייט 16 איילן פון דעם גרינס אין מיטל־פונקט, און אלע וויינשטאָקן, וואָס זענען פאַראַן אין דעם ראַד ווערן גע׳־אסר׳ט.

ו. הרואה, אז איינער זעט וואקסן גרינס אין וויינגאָרטן, און ער זאָגט: „ווען איך וועל אהינקומען (צום גרינס) וועל איך עס אראָפּרייסן״, מעג מען (און עס הייסט ניט קיין כלאים). אויב אָבער ער זאָגט: „ווען איך וועל צוריקגיין וועל איך עס אראָפּ־רייסן, איז אויב דאָס (גרינס איז דערווייל געוואַקסן און) איז פארגרעסערט געוואָרן מיט א צוויי הונדערטסטל איז עס אסור (עס הייסט כלאים). מיר האָבן שוין געשריבן אין דער פאָריקער משנה, אז כלאים הייסט ניט נאָר ווען מען פאַרזייט גרינס (אָדער תבואה) אין וויינגאָרטן, נאָר אויך ווען דער בעל הבית פון וויינגאָרטן זעט, אז עס וואקסט צופעליג (ער האָט ניט פאַרזייט) גרינס אין וויינגאָרטן, און ער לאָזט עס וואקסן און רייסט עס ניט באַלד אראָפּ. זאָגט דאָ די משנה, אז ווען דער בעל הבית דערזעט אין וויינגאָרטן וואקסן גרינס (וואָס ער האָט ניט פאַרזייט), און ער זאָגט, אז ער גייט שוין אהין צום גרינס, כדי עס אראָפּצורייסן, איז כאָטש דערווייל ביז ער איז אהינגעקומען איז דאָך דאָס גרינס געוואַקסן, הייסט עס ניט קיין כלאים, מחמת דער בעל הבית האָט דאָך ניט געוואָלט, אז עס זאָל וואקסן. אָבער ווען ער זאָגט, אז ער וועט גיין דערווייל זיין וועגס, נאָר ווען ער וועט צוריקגיין וועט ער עס אראָפּרייסן, הייסט עס, אז עס וואקסט שוין מיטן ווילן פון בעל הבית, ווייל ער קאָן דאָך שוין אהינגיין און אראָפּרייסן און ער טוט עס ניט. דעריבער הייסט עס כלאים, און דער דין איז ביי „כלאים פון א וויינגאָרטן״, אז אויב דאָס גרינס צי די תבואה אין וויינגאָרטן איז פארגרעסערט געוואָרן, צוגעוואקסן מיט א צוויי הונדערסטל, דאָס הייסט מיט א 199־סטל ווי עס איז פריער געווען, ווערט עס אסור און מען דאַרף עס פאַרברענען. דער ירושלמי זאָגט, אז דאָס דאָזיקע צוויי הונדערטסטל ווערט געשאַצט אזוי: מען

ז. היה עובר בכרם ונפלו ממנו זרעים, או שיצאו עם הזבלים, או עם המים, הזורע וסיערתו הרוח לאחוריו, מותר. סיערתו הרוח לפניו, ר׳ עקיבא אומר, אם עשבים יופך, ואם אביב ינפץ, ואם הביאה דגן תדלק.

ח. המקיים קוצים בכרם, ר׳ אליעזר אומר, קידש; וחכמים אומרים,

---

זעט ווי לאנג עס געדויערט ביים גרינס, נאָכדעם ווי מען רייסט עס ארויס פון דער ערד, אז דאָס פייכקייט זאָל ווערן אויסגעטריקנט. אויב, למשל, עס ווערט אויסגע־טריקנט אין פארלויף פון 200 שעה, הייסט עס, אז אין איין שעה, זייענדיק אין דער ערד, קומט צו א צוויי־הונדערטסטל.

ז. היה, אז איינער (דער בעל הבית) גייט דורך אין וויינגאָרטן און עס פאלן פון אים ארויס זריעות (פון תבואה צי ירקות), אָדער (די זריעות) זענען ארויסגעפאלן צוזאמען מיטן מיסט (מיט וואָס מען באמיסטיקט די פעלדער), אָדער צוזאמען מיטן וואסער (ביים באוואסערן די פעלדער), אָדער איינער זייעט תבואה צי ירקות (אין א פעלד, ניט ווייט פון וויינגאָרטן) און דער ווינט האָט מיט שטורם פארוואָרפן די זריעות אין וויינגאָרטן הינטער אים (דער וואָס זייעט איז געשטאנען מיט די פלייצעס צום וויינגאָרטן), מעג מען, (און דאָס הייסט ניט קיין כלאים). מחמת ער, דער בעל הבית, וואָס זייעט, האָט דאָך ניט בכונה פארזייעט דעם כלאים, און דאָס איז פאָרגע־קומען קייגן זיין ווילן; די זריעות זענען נאָר צופעליק ארויסגעפאלן פון אים, אָדער זענען נור צופעליג געווען אין מיסט אָדער אין וואסער; דאָסזעלבע ווען ער איז גע־שטאנען מיט די פלייצעס צום גאָרטן, איז ער דאָך געגאנגען מיט די זריעות אוועק פון וויינגאָרטן, און דאָס וואָס דער ווינט האָט זיי צוריקגעיאָגט איז ניט זיין שולד. סיערתו, אויב אָבער דער ווינט האָט פאריאָגט די זריעות אין פראָנט פון אים (דער וואָס זייעט איז געשטאנען מיטן פנים צום וויינגאָרטן), זאָגט ר׳ עקיבא (אז עס הייסט יאָ כלאים, מחמת ער האָט דאָך עס געזען און ער איז געגאנגען דערצו), און אויב די זריעות (האָבן זיך דערווייל איינגעוואָרצלט אין דער ערד און זיי) זענען שוין געוואָרן גראָזן, זאָל ער זיי איבערדרייען (איבעראקערן און פארניכטן זיי). און אויב זיי זענען שוין אויפגעוואקסן און געוואָרן קליינע קערנער („אביב״, די קערנער זענען נאָכניט גרויס א דריטל ווי זיי דארפן זיין ווען זיי זענען שוין פארטיק), זאָל ער זיי אויסקלאפן (די קערנער פון די זאנגן, און די שטרוי מעג ער פארנוצן, אָבער פון די קערנער טאָר מען ניט קיין הנאה האָבן); און אויב זיי זענען שוין אויסגעוואקסן אין קערנער גרויס א דריטל (הביאו דגן), זאָל מען זיי פארברענען. מחמת ווען זיי זענען שוין פולע תבואה קערנער הייסט עס אינגאנצן,אויך די זאנגן־שטרוי, „כלאים פון וויינגאָרטן״ (כלאי הכרם), און מען טאָר אויך פון דער שטרוי קיין הנאה ניט האָבן, און מען דארף אלץ פארברענען.

ח. המקיים, אז איינער לאָזט וואקסן דערנער אין וויינגאָרטן, זאָגט ר׳ אליעזר, אז דער וויינגאָרטן ווערט אסור צוליב כלאים, און די חכמים זאָגן, אז עס אסר׳ט ניט סיידן עס איז א זאך, וואָס א שטייגער ווי דאָס לאָזט מען וואקסן. דער דין איז, אז כלאים איז געוויינליך ביי אזא געוויקס, וואָס מענטשן עסן עס; אָבער אויך א געוויקס, וואָס מענטשן פארפלאנצן עס, כדי צו האָבן דערפון פאשע פאר בעלי חיים, הייסט עס אויך כלאים. די גמרא זאָגט, אז ר׳ אליעזר האַלט, אז דערנער איז אויך דער שטייגער צו לאָזן וואקסן אין אראביען, וואו מען גיט צו עסן קעמלען דערנער, דע־ריבער איז עס אומעטום פארעכנט פאר א געוויקס, וואָס מענטשן לאָזן עס וואקסן און ווילן אז עס זאָל זיין. אָבער די חכמים זאָגן, אז נור אין דעם אָרט, וואו מען באַ־נוצט דאָס געוויקס פאר בעלי חיים און מען וויל עס לאָזן וואקסן, קאָן עס פאררעכנט ווערן אלס כלאים, אָבער אין אנדערע ערטער ניט.הארוס, אינגבער, והקיסוס, און עפי (א סאָרט פעטרושקע), ושושנת המלך, און אנעמאָנע (דעם קעניגס ליליע) און אלע

**לא קידש אלא דבר שכמוהו מקיימין. הארוס והקיסום ושושנת המלך וכל מיני זרעים אינן כלאים בכרם. הקנבוס, ר׳ טרפון אומר, אינו כלאים, וחכמים אומרים, כלאים; והקינרס כלאים בכרם.**

## פרק ו.

**א. איזהו עריס? הנוטע שורה של חמש גפנים בצד הגדר שהוא גבוה עשרה טפחים, או בצד חריץ שהוא עמוק עשרה טפחים ורחב**

---

מינים פון זרעים (ניט תבואה און ניט ירקות), זענען ניט כלאים אין וויינגאָרטן. „ארוס" איז לויט טייל מיינונגען דער גריכישער „איריס", און טייל מיינען אז עס איז אינגבער; „קיסום", איז דער גריכישער „קיסאס", עפי (אין ענגליש „אייווי", אזא פעטרישקע); „שושנת המלך" איז דער טייטש „דעם קעניגס ליליע", ווייל „שושנה" איז דער טייטש, ניט ווי טייל מיינען בטעות רויז, נאָר ליליע (רויז איז „ורד"), און מען מיינט דערמיט אנעמאָנע. די משנה זאָגט, אז נאָר די 5 מינים תבואה (ווייץ, גערשטן, האָבער, ארקיש און קאָרן), און אויך נאָר אזעלכע ירקות וואָס מען עסט די בלעטער פון זיי, אויב מען פארזייט זיי אין א וויינגאָרטן מאכן זיי דעם וויינגאָרטן פאר כלאים. אָבער אנדערע זרעים, ווי בעבלעאך, ארבעס, וואָס מען עסט נאָר די קערנער דערפון און ניט די בלעטער, מאכן ניט דעם וויינגאָרטן פאר כלאים, אויב מען פארזייט זיי אין וויינגאָרטן. הקנבוס, קאַנאָפּיעס, זאָגט ר׳ טרפון, אז (אויב מען זייעט עס אין וויינגאָרטן) איז עס ניט כלאים, און די חכמים זאָגן, אז עס איז כלאים. ווייל קאַנאָפּיעס וואקסט אין דער פאָרם פון א ווינטרויבן־הענגל און עס איז ענליך צו ווינשטאָקן־געוויקסן; דעריבער האלט ר׳ טרפון, אז עס איז כלאים, והקנרס, און ארטישאקע (אויב מען פאר־זייט אים אין וויינגאָרטן) איז כלאים אין וויינגאָרטן. „קינרס" איז דער גריכישער „קינאַרא", און דאָס איז דער „דרדר" פון חומש; דאָס איז די פלאַנץ קאַרדאָן־אר־טישאקע, און מען עסט טיילמאָל די בלעטער דערפון.

## פרק ו.

א. איזהו, וואָס הייסט א „עריס", א „בעט־וויינגאָרטן"? ווינשטאָקן זענען פא־ראן עטליכע סאָרטן. פאראן געוויינליכע ווינשטאָקן, פארפלאנצט אויף דער ערד, אונטערגעשטיצט מיט שטעקעלעך; פאראן ווינשטאָקן וואָס זענען ארויפגעפלאָכטן ווי א בעט. פאראן אויך ווינשטאָקן, וואָס זענען גאָר הויך פארפלאָכטן און זיי הייסן „דליות" (פון וואָרט „דלה", „ארויפנעמען"); טייל מיינען, אז „דליות" איז דאָסזעלבע ווי עריס. די משנה זאָגט, אז דער וויינגאָרטן, וואָס זיינע ווינשטאָקן זענען ווי אויס־געלייגט אין א בעט, דער „עריס", האָט אנדערע דינים בנוגע כלאים. און זי פרעגט: וואָס הייסט „עריס"? וואָסערע דינים האָט ער? און זי ענטפערט: הנוטע, אז איינער פלאנצט איין שורה פון פינף ווינשטאָקן (אויסגעלייגט ווי אין א בעט, עריס) לעבן א צוים (גדר) וואָס איז הויך צען טפחים, אָדער לעבן א גרובן, וואָס איז טיף צען טפחים און איז ברייט פיר טפחים, גיט מען אים זיין „ארבייטס־אָרט" (מען לאָזט איבער ליידיק, ניט פארזייט מיט תבואה) פיר איילן. ווי מיר האָבן געלערנט אין פרק ד׳ משנה ו׳ הייסט א וויינגאָרטן לפחות פון „צוויי ווינשטאָקן קייגן צוויי ווינשטאָקן און איינער גייט ארויס ווי א עק"; דאקייגן איין שורה ווינשטאָקן הייסט ניט קיין וויינגאָרטן. זאָגט דאָ די משנה, אז דאָס איז נור ביי געוויינליכע וויינגערטנער, אָבער ביי „עריס" איז אפילו איין שורה פון פינף ווינשטאָקן פארערכנט פאר א וויינגאָרטן, און ווי מיר האָבן געלערנט אין די פריערדיקע פרקים דארפן מען לעבן א וויינגאָרטן איבערלאָזן א ליידיקן פלאץ ביז צום אָרט פון תבואה־זייען פיר איילן (דער „עבודת הכרם", דאָס ארבייטס־אָרט פון וויינגאָרטן). די משנה זאָגט נאָכמער, אז אויב דער עריס, די ווינשטאָקן זענען ארויפגעפלאָכטן אויף דעם צוים (גדר) אָדער אין דעם גרובן, איז כאָטש ביי א געוויינליכן וויינגאָרטן איז דאָך דער צוים און דער גרובן א הפסקה און מען מעג באלד פון דער צווייטער זייט פארזייען תבואה (פרק ד׳ משנה ג׳),

**ארבעה, נותנין לו עבודתו ארבע אמות. בית שמאי אומרים, מודדין ארבע אמות מעיקר הגפנים לשדה; ובית הלל אומרים, מן הגדר לשדה. אמר ר׳ יוחנן בן נורי, טועין כל האומרים כן, אלא אם יש שום ארבע אמות מעיקר גפנים ולגדר, נותנין לו את עבודתו, וזורע את המותר. וכמה היא עבודת הגפן? ששה טפחים לכל רוח. ר׳ עקיבא אומר, שלשה.**

**ב. עריס שהוא יוצא מן המדרגה — ר׳ אליעזר בן יעקב אומר, אם עומד בארץ ובוצר את כולו, הרי זה אוסר ארבע אמות בשדה, ואם לאו,**

---

אָבער ביים עריס טאָר מען אויך פון דער צווייטער זייט פון צוים און גרובן ניט זייען קיין תבואה אין די 4 איילן. בית שמאי זאָגן, אז מען מעסט די פיר איילן פון דעם שטאַם־וואָרצל פון די וויינשטאָקן צום פעלד, און די בית הלל זאָגן, אז מען מעסט (די פיר איילן) פון דעם צוים צום פעלד. וועגן דעם טייטש פון דער דאָזיקער משנה זענען פאַראַן חלוקי דעות צווישן די מפרשים, דהיינו, צי מען מעסט פון צוים אין וויינגאָרטן אריין, צי מען מעסט אין יענער זייט צוים. דער רמבם טייטשט, אז די בית הלל מיינען, אז מען מעסט פון יענער זייט צוים, ווייל די בית הלל האלטן, אז צוליב דעם וואָס די וויינשטאָקן זענען אויסגעפלאָכטן אויפן צוים הייסט דער צוים אליין (ביי „עריס״) א סאָרט וויינגאָרטן, כאָטש דער שטאַם־וואָרצל פון די וויינשטאָקן איז ווייט פון צוים. אָמר, האָט ר׳ יוחנן בן נורי געזאָגט: עס האָבן א טעות די אלע וואָס זאָגן אזוי. דאָס הייסט, אז עס איז ניט דער דין, דאָס א עריס, וואָס האָט נור איין שורה וויינשטאָקן, זאָל זיין אזוי הארב, אז די בית הלל זאָלן זאָגן, אז מען טאָר ניט זייען תבואה אין יענער זייט פון צוים 4 איילן. אלא, נאָר (דאָס איז דער ריכטיקער דין פון עריס), אויב עס איז פאַראַן 4 איילן פון דעם וויינשטאָקן־שטאַם־וואָרצל ביז צום צוים גיט מען אים זיין (ליידיקן) „אַרבייטס־אָרט״ און ער מעג פאַרזייען דעם איבריקן ליידיקן אָרט. און וויפיל איז דאָס „אַרבייטס־אָרט״ פאַר א וויינשטאָק? זעקס טפחים צו יעדער זייט. לויט ר׳ יוחנן בן נורי איז דער דין אזוי: אויב פון דעם שטאַם־וואָרצל ביז צום צוים איז ניט פאַראַן קיין לײדיקע פיר איילן טאָר מען דאָרט ניט זייען קיין תבואה, ווייל דאָס אָרט איז צו־ענג און עס מאַכט דעם איינדרוק, ווי די תבואה איז פאַרזייט צוזאַמען מיט די וויינשטאָקן. אויב אָבער עס איז יאָ פאַראַן 4 איילן, דעמאָלס האָבן די פינף וויינשטאָקן פון „עריס״ דעם דין ווי פון איינצלנע וויינשטאָקן, און דער דין פון אן איינצלנעם וויינשטאָק איז, אז מען לאָזט ליידיק 6 טפחים און נאָך די 6 טפחים מעג מען פאַרזייען תבואה (די „עבודת הגפן״, דאָס ליידיקע „אַרבייטס־אָרט״ פון איין וויינשטאָק איז 6 טפחים). ר׳ עקיבא זאָגט, אז דריי טפחים. דאָס „ליידיקע אַרבייטס־אָרט״ פון אן איינצלנעם וויינשטאָק איז נאָר דריי טפחים, און נאָך די טפחים מעג מען פאַרזייען תבואה.

ב עריס, אויב א עריס (פינף וויינשטאָקן אין איין שורה אַרויפגעפלאָכטן אויף שטעקעלעך) גייט אַרויס פון א טרעפ־בערגל, זאָגט ר׳ אליעזר בן יעקב, אז אויב דער מענטש, וואָס שטייט אויף דער ערד קאָן אָפשניידן די ווינטרויבן פון די אלע וויינשטאָקן, אסר׳ט עס (דער עריס) פיר איילן אין פעלד; דאָס הייסט, אז ווייל מען קאָן פון אונטן שניידן אלע ווינטרויבן, רעכנט מען, ווי די אלע 5 וויינשטאָקן וואָלטן געשטאַנען ניט אין דער הויך אויפן בערגל, נאָר אונטן אין פעלד, און ביז 4 איילן ווייט פון אים טאָר מען ניט זייען קיין תבואה. ואם לאו, אויב אָבער ניט (אויב מען קאָן שטייענדיק אונטן אין פעלד ניט אָפשניידן די ווינטרויבן) אסר׳ט עס (אונטן אין פעלד) נאָר דאָס אָרט אונטער די וויינשטאָקן. דאָס הייסט, עס ווערט ניט פאַררעכנט ווי די 5 וויינשטאָקן געפינען זיך אונטן אין פעלד, און ממילא דאַרף מען ניט דערווייטערן 4 איילן כדי צו פאַרזייען תבואה. אָבער דאָרט, וואו די וויינשטאָקן בויגן זיך אַריבער איבער דער ערד, טאָר מען דאָרט ניט פאַרזייען. — דאָס וואָרט „מדרגה״ איז דער טייטש א „טרעפ״, און דאָרט וואו עס איז פאַראַן א באַרג, האַקט מען אויס אין באַרג

**אינו אוסר אלא כנגדו. ר׳ אליעזר אומר, אף הנוטע אחת בארץ ואחת במדרגה, אם גבוהה מן הארץ עשרה טפחים אינה מצטרפת עמה. ואם לאו, הרי זו מצטרפת עמה.**

**ג. המדלה את הגפן על מקצת אפיפירות, לא יביא זרע אל תחת המותר; ואם הביא לא קידש; ואם הלך החדש, אסור. וכן המדלה על**

---

ווי „טרעפ״ און מען פארפלאנצט אויף די טרעפ. ר׳ אליעזר זאגט, אז אויך ווען איינער פלאנצט (ניט א עריס, ניט ארויפגעפלאכטענע, נאר סתם וויינשטאקן) איין שורה אויף דער ערד און איין שורה אויף דעם טרעפ, אויב דער טרעפ איז הויך פון דער ערד צען טפחים, ווערן זיי ניט פאררעכנט צוזאמען. ווי מיר האבן געלערנט אין פרק ד׳ דארף מען האבן צוויי שורות וויינשטאקן („צוויי קיגן צוויי און איינער גייט ארויס ווי א עק״), כדי עס זאל הייסן א ווייגארטן און מען זאל זיך דארפן דערווייטערן פיר איילן צו זייען תבואה. זאגט ר׳ אליעזר אז אויב איין שורה איז אויף דער ערד און איין שורה אויף דעם טרעפ, און דער טרעפ איז הויך צען טפחים הייסט עס ניט ווי ביידע שורות וואלטן געוועןן צוזאמען אין איין ארט און עס הייסט ניט קיין וויינגארטן. ואם לאו, אויב ער איז ניט הויך צען טפחים ווערן זיי פאררעכנט צוזאמען. און עס האט דעם דין פון א וויינגארטן און מען דארף האבן א דערווייטערונג פון 4 איילן.

ג. המדלה, אז איינער לעגט ארויף א וויינשטאק אויף א טייל פון צונויפגע־פלאכטענע שטעקלעך (און ער האט איבערגעלאזט ליידיק ארט אויף דעם איבריקן טייל פון שטעקלעך און ניט ארויפגעלעגט דארט קיין וויינשטאק) טאר ער אונטער דעם איבריקן (ליידיקן ארט) ניט פארזייען קיין תבואה. דאס ווארט „המדלה״ איז פון „דלה״, „אויפהויבן״. דער וויינשטאק ציט זיך ווי לאנגע, דינע צווייגעלעך, און ער פאלט אראפ אויף דער ערד, און דעריבער הויבט מען אים אויף און מען לעגט אים ארויף אויף שטעקלעך, וואס זענען געפלאכטן אי; דער לענג און אין דער ברייט, אדער אויף א פארצויגענעם שטריקל, אדער אויף א בוים. דאס ווארט „אפיפירות״ איז ניט קלאר פון וואנען עס שטאמט. דער ,ערוך השלם״ מיינט, אז עס איז פון גריכישן ווארט „עפיפואדעס״, וואס זאל זיין אויך דער טייטש פון די דאזיקע גע־פלאכטענע שטעקלעך צו די וויינשטאקן. די משנה לערנט דא, אז כאטש אויף דעם איבריקן טייל פון די שטעקלעך זענען דאך ניט פאראן קיין וויינשטאקן־צווייגן, פונ־דעסטוועגן טאר מען ניט פארזייען אונטער זיי קיין תבואה. אם הביא, אויב אבער ער האט יא פארזייט, אסר׳ט עס ניט. ווי מיר האבן שוין געשריבן איז „כלאים פון וויינ־גארטן״ („כלאי הכרם״) אנדערש ווי אנדערע כלאים. למשל איין מין תבואה טאר מען ניט זייען צוזאמען מיט אן אנדער מין תבואה; אבער אויב מען האט יא פאר־זייט מעג מען עסן די ארויסגעוואקסענע כלאים־תבואה. אבער אויב מען פארזייט תבואה אין א וויינגארטן טאר מען ניט עסן און אויך ניט הנאה האבן ניט פון דער תבואה און ניט פון וויינגארטן און מען מוז דאס אלץ פארברענען. דאס הייסט „קידש״, עס ווערט ווי „הייליק״. זאגט דא די משנה, אז אונטער דעם איבריקן ליידיקן ארט פון די שטעקלעך טאר מען ניט זייען קיין תבואה, אבער אויב מען האט יא פארזייט ווערט עס ניט „קודש״, מעג מען עסן סיי די תבואה און סיי די ווינטרויבן. ואם הלך, אויב (די צווייגן פון וויינשטאק זענען זיך צעוואקסן ווייטער, און) דער נייער צו־וואוקס פון די צווייגן איז געגאנגען ווייטער (און האט פארנומען דאס איבריקע ליידיקע ארט פון די שטעקלעך) איז עס (די תבואה, וואס מען האט אונטן פארזייט) אסור. וכן, און אזוי איז אויך דער דין, ווען מען לייגט די וויינשטאק־צווייגן אויף א טייל בוים, אויף וועלכן עס וואקסט ניט קיין פרוכטן (אילן סרק). אויב מען האט פארצויגן וויינ־שטאק־צווייגן אויף א טייל פון א פרוכטלאזן בוים טאר מען ניט פארזייען אונטער דעם גאנצן בוים. דער טעם דערפון איז (ווי די מפרשים זאגן), ווייל קוים וואקסן ניט אויפן בוים קיין פרוכטן האט דער בוים דעם דין ווי שטעקלעך, און ער ווערט בטל

מקצת אילן סרק.
ד. המדלה את הגפן על מקצת אילן מאכל, מותר להביא זרע אל תחת המותר. ואם הלך החדש, יחזירנו. מעשה שהלך ר׳ יהושע אצל ר׳ ישמעאל לכפר עזיז והראהו גפן מודלה על מקצת תאנה. אָמר לו, מה אני, להביא זרע אל תחת המותר? אָמר לו, מותר. והעלהו משם לבית המגניה והראהו גפן שהיא מודלה על מקצת הקורה, וסדן של שקמה ובו קורות הרבה. אָמר לו, תחת הקורה זו אָסור, והשאר מותר.
ה. איזהו אילן סרק? כל שאינו עושה פירות. ר׳ מאיר אומר, הכל

---

**צום וויינשטאָק. „אילן סרק״ איז אזוי ווי „אילן ריק״, א ליידיקער בוים, און דאָס וואָרט „סרק״ איז „ליידיק״ אין אראמעאיש. דער היפוך פון „אילן סרק״ איז „אילן מאכל״, „א בוים פון עסנווארג״, א בוים, אויף וועלכן עס וואקסן פרוכטן, וועלכע מען עסט.**

ד. המדלה, אז איינער לייגט ארויף צווייגן פון א וויינשטאָק אויף א טייל פון א פרוכטן־בוים („אילן מאכל״, בוים, אויף וועלכן עס וואקסן פרוכטן), מעג ער פארזייען תבואה אונטער דעם איבריקן (ליידיקן אָרט פון בוים), און אויב (די וויינשטאָקן־צווייגן האָבן זיך צעוואקסן און) דער נייער צו־וואוקס איז געגאנגען ווייטער (און האָט פארדעקט אויך דאָס איבריקע ליידיקע אָרט פון בוים), זאָל ער צוריק אריבערבייגן די צווייגן. **און מען מעג דאָרט פארזייען. דער טעם איז, ווייל א פרוכטן־בוים איז חשוב און ווערט ניט בטל צו די וויינשטאָק־צווייגן, און מען באטראכט ניט דאָס ווי שטעק־לעך, און עס ווערט ניט פאררעכנט ווי דער גאנצער בוים וואָלט געווען וויינשטאָק.** מעשה, עס איז געשען א מעשה, אז ר׳ יהושע איז געגאנגען צו ר׳ ישמעאל קיין כפר עזיז (אן אָרט אין ארץ ישראל) און ער (ר׳ ישמעאל) האָט אים (ר׳ יהושע׳ן) געוויזן א וויינשטאָק ארויפגעלייגט אויף א טייל פון א פייגנבוים און האָט אים געפרעגט: צי מעג איך פארזייען אונטער דעם איבריקן (ליידיקן אָרט פון פייגנבוים)? האָט ער אים געענטפערט אז מען מעג; און ער (ר׳ ישמעאל) האָט אים פון דאָרט ארויפגעפירט קיין בית המגנייה (אן אָרט אין ארץ ישראל), און ער האָט אים געוויזן א וויינשטאָק, וואָס איז ארויפגעלייגט אויף א באלקן, און א וואָרצל־שטאם פון א סיקאמאָר־בוים, אין וועלכן עס זענען געווען א סך באלקנס; האָט ער (ר׳ יהושע) אים (ר׳ ישמעאלן) געזאָגט: אונטער דעם באלקן (וואָס אויף א טייל פון אים איז ארויפגעלייגט דער וויינשטאָק) טאָר מען ניט פארזייען, און אונטער די איבריקע מעג מען. **ר׳ ישמעאל איז געווען יונגער פון ר׳ יהושע (ווי עס דערציילט די גמרא אין גטין נ״ח), און ר׳ ישמעאל האָט פון ר׳ יהושען געפרעגט שאלות. כפר עזיז („דאָס דאָרף עזיז) איז געווען אין ארץ ישראל אין דרום טייל פון לאנד, און דאָרט דערלעבן איז מסתמא אויך געווען דאָס אָרט „בית המגנייה״. ר׳ יהושע האָט געפסקנט, ווי די משנה האָט גע־לערנט, אז ביי א פרוכטן־בוים (דאָ איז געווען א פייגנבוים) איז אסור צו פארזייען נאָר אונטער דעם אָרט, וואו עס ליגן די וויינשטאָק־צווייגן. די צווייטע שאלה איז גע־ווען, וועגן באלקנס, לאנגע קלעצער, וואָס מען שניידט ארויס פון דעם וואָרצל־שטאם פון א סיקאמאָר־בוים, און די קלעצער זענען נאָך געווען באהאפט מיט דעם שטאם־וואָרצל, און אויף א טייל פון איין קלאָץ איז געווען ארויפגעלייגט א וויינשטאָק. ר׳ יהושע האָט געפסקנט אז אונטער די אנדערע קלעצער מעג מען יאָ פארזייען. די תוספתא זאָגט, אז דער טעם איז, ווייל יעדער קלאָץ ווערט באטראכט ווי א באזונ־דערער בוים פאר זיך.**

ה. איזהו, וואָס הייסט א „אילן סרק״, (א בוים אָן פרוכטן) ? יעדער בוים וואָס טראָגט ניט קיין פרוכטן. ר׳ מאיר זאָגט, אז אלע בוימער זענען „אילן סרק״ א חוץ דער איילבירטן־בוים און דער פייגנבוים. **ר׳ מאיר האלט, אז אלע ביימער ווערן בטל צום וויינשטאָק, וואָס מען לייגט ארויף אויף זיי, ווייל די ביימער, כאָטש אויף זיי וואקסן**

אילן סרק, חוץ מן הזית והתאנה. ר׳ יוסי אומר, כל שאין כמוהו נוטעין שדות שלמות הרי זה אילן סרק.

ו. פסקי עריס שמונה אמות ועוד. וכל מדות שאמרו חכמים בכרם אין בהם ועוד, חוץ מפסקי עריס. אלו הן פסקי עריס: עריס שחרב מאמצעו ונשתיירו בו חמש גפנים מכאן וחמש גפנים מכאן, אם יש שם שמונה אמות לא יביא זרע לשם; שמונה אמות ועוד, נותנין לו כדי עבודתו וזורע את המותר.

ז. עריס שהוא יוצא מן הכתל מתוך הקרן וכלה, נותנין לו עבודתו

---

פרוכטן, זענען ניט גענוג חשוב. אן אויסנאם זענען דער איילבירטן־בוים און דער פייגנבוים, מחמת זיי זענען זייער חשוב און זיי ווערן ניט בטל צום ווינשטאק וואס ליגט אויף זיי. ר׳ יוסי זאגט, אז די אלעביימער, וואס עס איז ניט דער שטייגער צו פלאנצן פון זיי גאנצע פעלדער הייסן „אילן סרק״. ר׳ יוסי האלט, אז קוים פלאנצט מען פון א סארט בוים א סך, גאנצע פעלדער, איז א סימן, אז דער סארט בוים איז חשוב ביים פלאנצער, און ממילא איז אפילו מען לייגט ארויף אויף א טייל פון אים א ווינ־שטאק ווערט ער ניט בטל צום ווינשטאק.

ו. פסקי עריס, שטיקער פון א עריס (טאר מען ניט פארזייען לעבן זיי קיין תבואה) אכט איילן און עפיס נאך. די משנה וועט ווייטער דערקלערן וואס מען מיינט מיט „שטיקער פון א עריס״ „פסקי איז פון „פסק״, אפגעהאקט, שטיקער. וכל, און אלע מאסן, וואס די חכמים האבן געזאגט ביי א ווינגארטן, איז ניט פאראן ביי זיי „און עפיס נאך״, א חוץ ביי „שטיקער פון עריס״. די משנה מיינט דא צו זאגן, אז אומעטום, וואו מען זאגט ביי א ווינגארטן, אז מען דארף דערווייטערן דאס זייען תבואה פון אים א געוויסע מאס, צי פיר איילן, צי 6 טפחים, ווערט ניט באנוצט דער אויסדרוק „און עפיס נאך״. אבער דא ביי פסקי עריס איז אן אויסנאם, און עס ווערט געזאגט, אז ביז אכט איילן טאר מען ניט, און „עפיס נאך מער״ ווי אכט איילן, דהיינו אכט איילן „און עפיס נאך״ מעג מען יא. אלו, דאס זענען „שטיקער פון עריס״: א עריס (וואס האט געהאט א שורה פון עלף ווינשטאקן אויסגעפלאכטן אויף שטעקעלעך) און איין דער מיט איז איין ווינשטאק) פארניכטעט געווארן און עס זענען געבליבן 5 ווינשטאקן אין איין זייט און פינף ווינשטאקן אין דער צווייטער זייט. און אין דער מיט איז ליידיק, הייסט עס שטיקער פון א עריס, „פסקי עריס״, און דער דין זייער איז: אם יש, אויב דארט (צווישן די צוויי שטיקער עריס) איז פאראן אכט איילן טאר מען ניט פארזייען קיין תבואה (ווייל זיי ווערן צוגערעכנט צוזאמען און עס הייסט ניט ווי צוויי שטיקער עריס, נאר ווי איין עריס), אבער אויב עס איז פאראן אכט איילן און עפיס נאך, גיט מען אים זיין (ליידיקן) ארבייטס־ארט און מען פארזייט דאס איבריקע (ליידיקע ארט). וועגן דעם וויפיל עס איז דאס „ארבייטס ארט״ און מען דארף עס איבערלאזן ליידיק, איז פאראן אין דער משנה א׳ פון דאזיקן פרק די מחלוקה. די סתם משנה האלט, אז 4 איילן און ר׳ יוחנן בן נורי האלט אז 6 טפחים. דער רמבם זאגט, אז מיט דעם „און עפיס נאך״ מיינט מען א טפח.

ז. עריס, א עריס (פינף ווינשטאקן, ארויפגעפלאכטן אויף א וואנט), וועלכער גייט ארויס פון דער וואנט פון ווינקל און ענדיקט זיך, גיט מען אים זיין ליידיקן אר־בייטס־ארט און מען פארזייט דאס איבריקע. די מפרשים האבן צוויי טייטשן אויף דער משנה. דער ר״ש און דער ברטנורא טייטשן, אז דאס מיינט, ווען מיר האבן פאר זיך א וואנט, און אויף איין עק וואנט זענען פאראן דריי ווינשטאקן פון עריס און אין דעם צווייטן עק וואנט זענען פאראן צוויי ווינשטאקן פון עריס, און צווישן דיביידע טיילן פון עריס איז פאראן א ליידיקע שטיק וואנט. זאגט די משנה, אז מען גיט יעדן טייל פון עריס זיין ליידיקן ארבייטס־ארט, וואס איז דער דין ביי אן איינצלנעם ווינ־

**וזורע את המותר. ר׳ יוסי אומר, אם אין שם ארבע אמות לא יביא זרע לשם.**
**ח. הקנים היוצאים מן העריס וחס עליהם לפסקן, כנגדן מותר. עשאן כדי שיהלך עליהן החדש, אָסור.**
**ט. הפרח היוצא מן העריס רואין אותו כאלו מטוטלת תלויה בו.**

---

**שטאָק, צו 6 טפחים; דאָס הייסט, מען לאָזט איבער ביי דער וואַנט 6 טפחים ליידיק אָרט לעבן די דריי וויינשטאָקן און 6 טפחים ליידיק אָרט לעבן די צוויי וויינשטאָקן, און דאָס איבריקע ליידיקע אָרט ביי דער וואַנט מעג מען פאַרזייען. אָבער דער רמב״ם טייטשט, אַז דאָס מיינט מען, ווען מען האָט פאַר זיך צוויי ווענט, וועלכע זענען צונויפגעשטעלט ווי א ״דלית״, און אין ווינקל איז אויף איין וואַנט פאַראַן דריי וויינשטאָקן פון עריס און אויף דער צווייטער וואַנט (אין זעלבן ווינקל) צוויי וויינשטאָקן פון עריס; איז דער דין אַז מען דערווייטערט זיך וויפיל דאָס ארבייטס־אָרט מאַכט אויס, דהיינו 6 טפחים, און מען מעג פאַרזייען דאָס איבריקע ליידיקע אָרט, וואָס געפינט זיך אין ווינקל צווישן ביידע ווענט.** ר׳ יוסי זאָגט, אַז אויב עס איז דאָרט ניט פאַראַן קיין ליידיקע פיר איילן טאָר מען דאָרט ניט פאַרזייען קיין תבואה. **ר׳ יוסי׳ס ווערטער קאָן מען אײנטייטשן לויט ביידע פריערדיקע פירושים, און ר׳ יוסי האַלט ווי זיין שיטה פריער פרק ה׳ משנה ד׳, וואו ער זאָגט, אַז אפילו ווען איין וויינשטאָק געפינט זיך אין א גרוב צו א ווייַן־קעלטער דאַרף מען שוין האָבן ליידיקע פיר איילן, מחמת דאָס אָרט איז צו־ענג און עס זעט אויס ווי אַלץ וואָלט געווען וויינשטאָק. אַזוי איז אויך דאָ, סיי לויטן פירוש וועגן דער ליידיקער וואַנט, סיי לויטן פירוש פון ווינקל, דאַרף מען האָבן 4 איילן.**

ח. הקנים, די שטעקלעך, וואָס שטעקן ארויס פון דעם עריס (פון די 5 וויינ־שטאָקן, וואָס זענען ארויפגעפלאָכטן אויף שטעקעלעך און טיילן פון די דאָזיקע שטעק־קעלעך שטעקן ארויס און אויף זיי איז ניט ארויפגעפלאָכטן קיין וויינשטאָק־צווייגן), און עס איז אים (דעם בעל הבית) א שאָד געווען זיי אָפּצוהאַקן, מעג ער (פאַרזייען תבואה אויף דעם אָרט אויף דער ערד, וואָס איז) אונטער זיי (אונטער די ליידיקע שטעקעלעך). **דער טעם איז, ווייל דער בעל הבית האָט דאָך געלאָזן די ארויסשטאַרצנ־דיקע שטעקעלעך, ניט דערפאַר ווייל ער האָט געוואָלט דאָס אויף זיי זאָלן זיך פאַרציען וויינשטאָק־צווייגן, נאָר סתם, עס איז אים א שאָד געווען זיי אָפּצוהאַקן; דעריבער הייסט עס ניט, אַז ער האָט זיי געמאַכט פאַר אַטייל פון וויינשטאָק. עשאָן, אויב אָבער** ער האָט זיי געמאַכט, כדי אַז (ווען די וויינשטאָק־צווייגן וועלן זיך פאַרגרעסערן און צו־וואַקסן) זאָל דער נייער צו־וואוקס ארויף אויף זיי, טאָר ער ניט (זייען אונטער זי־שטעקלעך). **ווייל די מחשבה אליין, אַז אויך אויף די דאָזיקע ליידיקע שטעקלעך זאָלן ארויפקומען די וויינשטאָק־צווייגן, מאַכט אַז די שטעקעלעך זאָל הייסן א טייל פון וויינשטאָק.**

ט. הפרח, דאָס געבליעכץ, וואָס גייט ארויס פון ערים־וויינשטאָק (אויב א וויינ־שטאָק־צווייג ציט זיך ארויס פון עריס, פון די שטעקלעך), אָדער פון דער וואַנט, און בלייבט הענגען אין דער לופט), דאַרף מען באַטראַכטן ווי א שנור־וואָגע הענגט אַראָפּ (פון דעם דאָזיקן געבליהעכץ), און (דאָס אָרט אויף דער ערד) אונטער דעם געבליהעכץ טאָר ניט (פאַרזייט ווערן). **די משנה רופט אָן מיטן וואָרט ״פרח״ דאָס געבליהעכץ (ווי עס איז פאַראַן אין שיר השירים ו׳ ״הפרחה הגפן״), די וויינשטאָק־צווייגן, וואָס שפּראָצן ארויס פון דער וויינשטאָק־וואַנט און הענגען אין דער לופט. אפשר איז עס אויך פון וואָרט ״פורח״, ״פליהען״ אין דער לופט. כדי מען זאָל וויסן וואָס הייסט ״די ערד אונ־טער דעם דאָזיקן געבליהעכץ״, וואָס מען טאָר ניט פאַרזייען מיט תבואה (לויטן דין פון ״תחת הגפן״, ערד אונטער א וויינשטאָק״), זאָגט די משנה, אַז מען דאַרף מעסטן מיט א גלייכער ליניע, ווי א שנור־וואָגע, מיט וועלכער די וואָס בויען הייזער מעסטן, כדי**

**כנגדו אָסור. וכן בדלית. המותח זמורה מאילן לאילן, תחתיה אָסור, ספקה בחבל או בגמי, תחת הספוק מותר. עשאה כדי שיהלך עליו החדש, אָסור.**

## פרק ז.

**א. המבריך את הגפן בארץ, אם אין עפר על גבה שלשה טפחים,**

---

צו האָבן א גלייכע וואנט. מען הענגט אָן אויף איין עק שנור א שטיק בליי און מען לאָזט אראָפּ די שנור, וועלכע ציט זיך דעמאָלס אויס אין א גלייכער ליניע; אזוי ארום ווייסט מען פּינקטליך ביז וואנען עס ציט זיך אויף דער ערד דאָס אָרט, וואָס איז אונטער דעם ווײנשטאָק־צווייג. דאָס וואָרט „מטולטלת" געפינט זיך עטליכע מאָל אין משנה און עס איז פון וואָרט „טלטל", „באוועגן זיך". וכן, און אזוי איז אויך דער דין מיט א צווייג פון א דלית. דאָס הייסט, אז אויב פון ווײנשטאָק, וואָס ליגט אויף א וואנט, שפּראָצט ארויס א צווייג, וואָס בלייבט הענגען אין דער לופט, מעסט מען אויך אזוי מיט דער שנור־וואגע, און אונטער דער צווייג טאָר מען ניט פאַרזייען. המותח, אז איינער ציט א ווײנשטאָק־צווייג פון איין בוים צו אַן אנדערען בוים (און די צווייג איז אזוי ארום ניט ארויפגעצויגן אויף קיין שטעקל, נאָר אין דער לופט) טאָר מען אונטער (דער צווייג) ניט (פאַרזייען). ווי מיר האָבן שוין געזאָגט הייסט דאָס „תחת הגפן", „אונטער דעם ווײנשטאָק" און מען טאָר ניט פאַרזייען אויף דער ערד, ווייל עס הייסט כלאים. אָבער פון ביידע זייטן פון דער צווייג, אויב זי געפינט זיך אויסער די 4 איילן פון דעם ווײנשטאָק־שטאַם־וואָרצל, מעג מען. ספקה, אויב (די צווייג פון ווײנשטאָק וואָס איז געווען אָנגעבינדן אין איין בוים, איז ניט געווען גענוג לאַנג כדי צו קאָנען אָנבינדן איר צווייטן עק אין אנדערן בוים, און) ער האָט צום צווייג צוגעבינדן אשטריקל אָדער א גראָז־שנור (און דאָס שטריקל צי דעם גראָז שנור צוגעבונדן צום בוים), מעג מען (פאַרזייען אויף דער ערד אונטער דעם שטריקל אָדער דעם שנור). „ספקה" איז דער טייטש „פאַרזאָרגן", געבן דעם צווייג וואָס ער דאַרף כדי צו ווערן לענגער. „גמי" איז פאַראַן עטליכע מאָל אין משנה, און איז דער טייטש א שנור געמאכט פון א הארטן וואסער־גראָז, („בולבראַש" אין ענגליש). עשאה, אויב אָבער ער האָט צוגעבונדן (דאָס שטריקל אָדער די גראָז־שנור) כדי עס זאָל דערויף זיך פאַרציען דער צווייג, וואָס וועט צו־וואקסן, טאָר מען ניט פאַרזייען (אונטער דעם שטריקל אָדער דעם גראָז־שנור). אפילו דעמאָלס ווען עס איז דערויף גאָרנישט ארויפגעצויגן געוואָרן קיין צו־וואוקס פון צווייג טאָר מען אויך ניט. דער טעם איז, ווייל, ווי מיר האָבן געלערנט פריער אין משנה ח׳, אז דורך זיין מחשבה מאכט ער, אז אויך דאָס שטריקל, וואָס דערויף איז נאָך ניט פאַרצויגן קיין ווײנשטאָק־צווייג, ווערט פאַררעכנט אלס טייל פון ווײנשטאָק.

## פרק ז.

א. המבריך, אז איינער בייגט אריין דעם צווייג פון א ווײנשטאָק אין דער ערד און ציט אים ווייטער אונטער דער ערד ביז דער ווײנשטאָק קומט ארויס פון דער ערד און וואקסט דאָרט ווייטער שוין איבער דער ערד; דאָס הייסט „מבריך" פון וואָרט „ברך", קני, איינבייגן ווי א קני;אם אין, אויב עס איז ניטאָ ערד דיק דריי טפחים איבער אים (איבער דעם ווײנשטאָק־צווייג אין דעם אָרט וואו ער געפינט זיך אונטער דער ערד) טאָר ער איבער דעם ווײנשטאָק־צווייג ניט פאַרזייען (קיין תבואה אָדער ירקות). דער טעם איז, ווייל די וואָרצלן פון דער פאַרזייטער תבואה גייען ביז דריי טפחים, און דעריבער אויב עס איז ניטאָ קיין 3 טפחים וועלן די תבואה־און ירקות־וואָרצלן אריין אין ווײנשטאָק־צווייג, און ווי מיר האָבן געלערנט אין פּרק א׳ טאָר מען ניט מרכיב־זיין, גרעפטן, אריינפלאנצן תבואה און ירקות אין א בוים. דאָס וואָס די משנה זאָגט דאָ דוקא א ווײנשטאָק, כאָטש אנדערע בוימער טאָר מען אויך ניט מרכיב זיין, זאָגן די מפרשים, ווייל נור אין א ווײנשטאָק־צווייג, וועלכער איז ווייך, וועלן די

**לא יביא זרע עליה; אפילו הבריכה בדלעת או בסילון. הבריכה בסלע, אף על פי שאין עפר על גבה אלא שלש אצבעות, מותר להביא זרע עליה. הארכובה שבגפן אין מודדין לה אלא מן העיקר השני.**

**ב. המבריך שלש גפנים ועיקריהן נראים — ר' אליעזר בר' צדוק אומר, אם יש ביניהן מארבע אמות ועד שמונה, הרי אלו מצטרפות, ואם**

---

**תבואה־און ירקות־וואָרצלן דורכבררעכן.** אפילו ער האָט איר מבריך־געווען (אריינ־געבויגן) אין א קירביס (דיניע) אָדער אין א רער. **אויך אין דעם פאל איז דער דין אז אויב עס איז ניטאָ איבער דעם קירביס אָדער דער רער דריי טפחים ערד, טאָר מען איבער זיי ניט זייען.** די מפרשים זאָגן, אז מען מיינט דאָ אז דער קירביס איז א אויס־געטריקנטער, ווייל אויב ניט טאָר מען דאָך ניט אריינבייגן דעם ווײנשטאָק אין קיר־ביס, מחמת עס איז דאָך „אילן בירק" (בוים אין גרינס) ווי מיר האָבן געלערנט אין פרק א'. „סילון" איז א גריכיש וואָרט און איז דער טייטש „רער", רינגע, און די מפרשים זאָגן, אז דאָ מיינט מען א ערדענע רער, ווייל דורך א מעטאַלענער רער קאָנען די תבואה־וואָרצלן ניט דורכברעכן און מען מעג פארזייען אפילו ווען עס איז ניטאָ 3 טפחים ערד. **הבריכה,** אויב מען האָט אריינגעבויגען (דעם ווײנשטאָק־צווייג) אין א פעלזן־שטיין, איז אפילו איבער דעם פעלזן־שטיין איז ניט פאראן מער ערד ווי די דיק פון דריי פינגער מעג מען איבער אים פארזייען. **אַ טפח איז 4 גראָבע פינגער פון מענטשס האנד אָדער 5 מיטעלע פינגער. זאָגט די משנה, אז אויב צווישן דער תבואה און דעם ווײנשטאָק איז מפסיק א פעלזן־שטיין מעג מען פארזייען אפילו ווען דאָרט איז ניט פאראן קיין טפח ערד, ווייל די וואָרצלן וועלן דעם שטיין ניט דורכ־ברעכן.** טייל טייטשן „סלע" שטיין־הארטע ערד. **הארכובה,** אָן אויסבייג אין א ווינ־שטאָק, רעכנט מען אים נור פון צווייטן וואָרצל. **כדי צו פארשטיין די משנה וועלן מיר דאָ געבן עטליכע אויפקלערונגען. ערשטנס, דאָס וואָרט „ארכובה" די קני איז דער טייטש דער אויסבייג פון א פוס. דערפון רופט מען אויך „ארכובה" יענעם טייל אין אן אריינגעבויגענעם ווײנשטאָק, וואו דער ווײנשטאָק צווייג קומט צוריק ארויס פון דער ערד און ציט זיך ווייטער און עס מאכט דעם איינדרוק ווי עס איז אן אנדערער ווײנשטאָק. צווייטנס, דער דין איז אז מען טאָר ניט זייען תבואה זעקס טפחים ארום איינצלנע ווײנשטאָקן. די שאלה איז, אויב מען בייגט־אריין א ווײנשטאָק אין דער ערד און ער קומט ארויס פון דער ערד ווייטער, פון וואנען דארף מען רעכנען די 6 טפחים? צי פון דעם ערשטען אָרט, וואו דער ווײנשטאָק אין פארפלאנצט, צי פון דעם „צווייטן וואָרצל", פון וואנען דער איינגעבויגענער ווײנשטאָק קומט ארויס? זאָגט די משנה, אז מען מעסט פון צווייטן וואָרצל. די מפרשים זאָגן, אז דאָס איז נאָר ווען מען זעט ניט ארויס דעם ערשטן וואָרצל, אָבער אויב מען זעט אים, דארף מען מעסטן פון ערשטן וואָרצל.**

ב. המבריך, אז מען בייגט אריין דריי ווײנשטאָקן אין דער ערד (און זיי קומען ארויס פון דער ערד ווייטער), און מען זעט ארויס זייערע וואָרצלן, זאָגט ר' אליעזר בר צדוק, אז אויב עס איז פאראן צווישן זיי (סיי צווישן איין ווײנשטאָק און דעם צווייטן און סיי ביי יעדן ווײנשטאָק צווישן דעם „ערשטען וואָרצל" און דעם „צווייטן וואָרצל") פון פיר איילן ביז 8 איילן, ווערן זיי פאררעכנט צוזאמען און אויב ניט ווערן זיי ניט פאררעכנט צוזאמען. **ווי מיר האָבן געלערנט פריער אין די פרקים הייסט א „ווינ־גאָרטן" נאָר ווען עס זענען פאראן צוויי שורות ווײנשטאָקן („צוויי קייגן צוויי און איינער גייט ארויס ווי א עק"). זאָגט ר' אליעזר בר צדוק, אז אן אריינגעבויגענער ווײנשטאָק מיט א „ערשטן וואָרצל" און א „צווייטן וואָרצל", ווערט פאררעכנט פאר צוויי ווײנשטאָקן, אויב עס איז צווישן די צוויי וואָרצלן פאראן ניט ווינציקער פון פיר איילן און ניט מער פון 8 איילן; און ממילא ווערן די דריי ווײנשטאָקן פאררעכנט פאר**

**לאו, אינן מצטרפות. גפן שיבשה, אסורה ואינה מקדשת. ר׳ מאיר אומר, אף צמר גפן אסור ואינו מקדש. ר׳ אליעזר בר צדוק אומר משמו, אף על גבי הגפן אסור ואינו מקדש.**

**ג. אלו אוסרין ולא מקדשין: מותר חרבן הכרם, מותר מחול הכרם.**

---

6 וויינשטאָקן און זיי הייסן א וויינגאָרטן, און ווי מיר האָבן געלערנט דארף מען פון א וויינגאָרטן דערווייטערן תבואה 4 איילן. גפן, א וויינשטאָק, וואָסאיז געוואָרן אויסגע־טריקנט (אויסגעדאַרט), טאָר מען ניט (פאַרזייען לעבן אים קיין תבואה), אָבער ער איז ניט „מקדש". מיר האָבן שוין דערקלערט, אז ביי כלאים פון א וויינגאָרטן זענען פאַראַן צוויי זאכן. איינס איז, וואָס מען טאָר ניט פאַרזייען קיין תבואה און ירקות אין א וויינגאָרטן. דאָס צווייטע איז, אז אויב מען האָט יאָ פאַרזייט איז עס „מקדש", מען טאָר דערפון ניט עסן און ניט הנאה האָבן, נאָר מען מוז אלץ פאַרברענען. די משנה ׳ וועט דאָ באַלד אויסרעכנען אזעלכע פאַלן, ווען פאַרזייען טאָר מען ניט, און דאָס רופט אָן די משנה „אוסר", אָבער אויב מען האָט פאַרזייט מעג מען עס עסן און הנאה האָבן דער־פון און מען דאַרף עס ניט פאַרברענען, און דאָס רופט אָן די משנה „אינו מקדש", ניט מקדש. לעבן אַן אויסגעדאַרטן וויינשטאָק טאָר מען ניט פאַרזייען (די מפרשים זאָגן, צוליב „מראית עין", מענטשן זאָלן ניט מיינען, אז מען פאַרזייט לעבן א גוטן וויינ־שטאָק), אָבער מקדש איז ער ניט, און אויב מען האָט פאַרזייט מעג מען עס נוצן. ר׳ מאיר זאָגט, אז אויך באַוועל (צמר גפן) איז אסור אָבער מקדש איז ער ניט, דער רמבם טייטשט די משנה, אז מען טאָר ניט פלאַנצן אין א וויינגאָרטן דעם באַוול־בוים, אָבער אויב מען האָט אים יאָ געפלאַנצט איז ער ניט מקדש, ווייל עס איז ניט קיין מין גרינס (און קיין תבואה איז עס אודאי ניט). ר׳ אליעזר בר צדוק זאָגט־נאָך אין זיין נאָמען, אז אויך איבער דעם וויינשטאָק־צווייג (וועלכער איז אריינגעבויגן אין דער ערד און איבער אים איז ניטאָ. קיין דריי טפחים ערד) איז אסור (צו פאַרזייען תבואה צו ירקות) אָבער ער איז ניט מקדש. און אויב מען האָט יאָ פאַרזייט מעג מען עס נוצן. דער דין גייט ארויף אויף דעם דין פריער אין דער משנה א׳.

ג. אלו, די דאָזיקע זאכן אסר׳ן אָבער זיי זענ׳ען ניט מקדש: מותר חרבן הכרם, דאָס איבריקע ליידיקע אָרט פון א „חרבן הכרם". די משנה מיינט דאָ דעם דין פריער אין פרק ד׳ משנה א׳ אז ביי א „קרחת הקרם", א וויינגאָרטן, וואָס איז אין דערמיט חרוב געוואָרן, איז אויב עס איז ניטאָ קיין 16 איילן צווישן די געבליבענע שורות וויינ־שטאָקן טאָר מען ניט פאַרזייען ניט נור דעם „עבודת הכרם", דאָס אָרט צו 4 איילן אין ביידע זייטן לעבן די וויינשטאָקן־שורות, נאָך אויך ניט דעם „מותר", די איבער־געבליבענע ניט־גאַנצע 8 איילן. זאָגט דאָ די משנה, אז דעם דאָזיקן מותר טאָר מען ניט פאַרזייען, אָבער אויב מען האָט יאָ פאַרזייט מעג מען עס נוצן; עס איז ניט מקדש. מותר מחול הכרם, דאָס איבריקע ליידיקע אָרט פון „מחול הכרם". דאָס גייט ארויף אויף דער משנה ב׳ אין פרק ד׳, אז ביי „מחול הכרם", צווישן די וויינשטאָקן און דעם צוים (גדר), אויב עס איז ניטאָ 12 איילן, טאָר מען ניט זייען ניט נאָר דעם „עבודת הכרם", די 4 איילן ביי די וויינשטאָקן, נאָר אויך ניט דעם „מותר", די איב־ריקע ניט־גאַנצע 8 איילן. זאָגט די משנה אז זייען טאָר מען ניט אין דעם מותר, אָבער מקדש איז ער ניט, אויב מען האָט יאָ פאַרזייט. מותר פסקי ערים, דאָס איבריקע ליי־דיקע אָרט פון די שטיקער פון ערים. דאָס גייט ארויף אויף דעם דין אין פרק ו׳ משנה ו׳ אז אויב פון 11 וויינשטאָקן אין איין שורה (ארויפגעפלאָכטן אויף שטעקלעך, וואָס הייסט „עריס") איז חרוב געוואָרן איין וויינשטאָק אין דערמיט און עס זענען געבליבן 5 פון איין זייט און 5 פון דער צווייטער זייט, איז אויב עס איז צווישן זיי ניט פאַראַן 8 איילן און עפּיס נאָך" טאָר מען ניט פאַרזייען ניט נור די 6 טפחים לעבן די וויינ־שטאָקן („עבודת הגפן" איז 6 טפחים), נאָר אויך ניט דעם מותר, דאָס איבריקע ליי־

**מותר פסקי עריס, מותר אפיפירות, אבל תחת הגפן ועבודת הגפן וארבע אמות שבכרם, הרי אלו מקדשות.**

**ד.ה. המסכך את גפנו על גבי תבואתו של חברו הרי זה קידש וחייב באחריותו. ר׳ יוסי ור׳ שמעון אומרים, אין אָדם מקדש דבר שאינו שלו. אָמר ר׳ יוסי, מעשה באחד שזרע את כרמו בשביעית, ובא מעשה לפני ר׳ עקיבא, ואָמר, אין אָדם מקדש דבר שאינו שלו.**

**ו. האנס שזרע את הכרם ויצא מלפניו, קוצרו אפילו במועד. עד**

---

דיקע אָרט פון איבער 6 איילן. דעם דאָזיקן „מותר״, זאָגט דאָ די משנה, טאָר מען ניט פארזייען, אָבער מקדש איז ער ניט. מותר אפיפירות, דאָס איבריקע ליידיקע אָרט אויף שטעקעלעך. דאָס גייט ארויף אויף דער משנה ג׳ אין פרק ו׳, אז איינער לייגט ארויף א ווינשטאָק אויף א טייל פון וואנט פון שטעקעלעך, טאָר מען אויך ניט זייען אונטער דעם „מותר״ אונטער דעם טייל וואנט שטעקלעך (אפיפירות), וואָס אויף אים ליגט ניט דער ווינשטאָק־צווייג; זאָגט די משנה דאָ, אז פארזייען טאָר מען ניט, אָבער מקדש איז עס ניט. אבל, אָבער תחת הגפן, אונטער דעם ווינשטאָק (אפילו אונטער די צווייגן פון ווינשטאָק), ועבודת הגפן, די 6 טפחים ארום דעם ווינשטאָק (דער ליידיקער „ארבייטס־אָרט״ ארום און איינצלנעם ווינשטאָק), וארבע אמות שבכרם, די 4 איילן לעבן א ווינגאָרטן (דאָס הייסט אויך „עבודת הכרם״, דאָס ליידיקע „ארבייטס־אָרט״ לעבן דעם ווינגאָרטן), די אַלע זענען (אויך) מקדש. און ניט נור מען טאָר ניט פארזייען דאָרט תבואה צו ירקות, נאָר אויב מען האָט פארזייט מוז מען פארברענען סיי דאָס פארזייטע, סיי דעם ווינגאָרטן.

ד.ה. ווען איינער דעקט אריבער זיין ווינשטאָק (צווייגן) איבער דער תבואה פון זיין שכן, איז עס מקדש (מען דארף די תבואה פארברענען) און ער (דער וואָס האָט אריבערגעדעקט) דארף באצאָלן פאר דעם שאָדן. ווי מיר האָבן אין דער פאריקער משנה געלערנט, איז תבואה, וואָס איז פארזייט אונטער די צווייגן פון א ווינשטאָק, „מקודש״, און מען דארף זי פארברענען. די משנה דאָ לערנט, אז אויב מען פארציט דעם ווינשטאָק איבער א פרעמדענס תבואה, איז מען איר אויך מקדש, און דער, וואָס האָט דאָס געטאָן, דארף באצאָלן פאר דעם שאדן. דאָס וואָרט „חייב באחריותו״ אין דער טייטש „שולדיק פאר זיין פאראנטוואָרטליכקייט״, פאר זיין זיכערקייט. ר׳ יוסי און ר׳ שמעון זאָגן, אז א מענטש קאָן ניט מקדש־זיין א זאך וואָס איז ניט זיינס. זיי זאָגן, אז די תבואה איז יאָ מותר, מחמת מען קאָן ניט אסרן אין כלאים א פרעמדנס א זאך, ווייל די תורה דברים כ״ב זאָגט „לא תזרע כרמך כלאים״, און „כרמך״ הייסט „דיין גאָרטן״. אָמר, האָט ר׳ יוסי געזאָגט, עס איז געווען א מעשה מיט איינעם, וועלכער האָט פארזייט (מיט תבואה צי ירקות) זיין ווינגאָרטן אין שמיטה־יאָר, און די שאלה איז געקומען פאר ר׳ עקיבא, און ער האָט געזאָגט, אז א מענטש קאָן ניט מקדש זיין א זאך וואָס איז ניט זיינס. אין שמיטה־יאָר זענען אַלע פעלדער און ווינגערטנער הפקר, און יעדער קאָן נעמען די תבואה און פרוכטן; דעריבער האָט ר׳ עקיבאגעפסקנט, אז דער בעל הבית פון ווינגאָרטן האָט ניט געקאָנט אסרן מחמת כלאים דעם ווינגאָרטן פארזייענדיק אין אים תבואה, ווייל אין שמיטה־יאָר איז דער ווינגאָרטן ניט זיינער, און א מענטש קאָן ניט אסר׳ן (צוליב כלאים) דאָס וואָס איז ניט זיינס. — די דאָזיקע משנה איז די איינציקע אין גאנץ משניות, וואָס האָט צווי ציפערן „ד״ און „ה״ צוזאמען. אזוי איז פאראן אין רמבם (אין פירוש המשניות), ר״ש ברטנורא, תוספות יום טוב און אנדערע מפרשים. דער „מלאכת שלמה״ באַמערקט דאביי, אז אפשר האָט זיך אָנגעהויבן פון „אמר ר׳ יוסי״ די משנה ה׳. די „תוספות אנשי שם״ ברענגען דערויף א דערקלערונג לויט קבלה.

ו. האנס, אז א גזלן (וואָס האָט צוגע׳גזלט ביי איינעם א ווינגאָרטן) האָט פאר־

**כמה הוא נותן לפועלים? עד שליש. יתר מכאן קוצר כדרכו והולך אפילו לאחר המועד. מאימתי הוא נקרא אנס? משישקע.**
**ז. הרוח שעלעלה את הגפנים על גבי תבואה יגדור מיד. אם ארעו אונס מותר. תבואה שהיא נוטה תחת הגפן, וכן בירק, מחזיר ואינו**

---

זייט (תבואה צו ירקות) אין וויינגאָרטן, און דער גזלן איז דערנאָך אוועק פון דעם וויינגאָרטן (און דער פריערדיקער בעל הבית האָט אים צוריק איבערגענומען) מעג דער בעל הבית אפשניידן די תבואה אפילו אין חול המועד. **מיר האָבן שוין פריער געלערנט אין דער משנה, אז ווען א פרעמדער פארזייט תבואה אין א וויינגאָרטן ווערט דער וויינגאָרטן ניט אסור מחמת כלאים, ווייל קיינער קאָן ניט אסרן וואָס עס איז ניט זיינס. אויב אָבער דער בעל הבית זעט די תבואה וואקסן און שניידט זי ניט אָפּ באלד, ווערט שוין דער וויינגאָרטן אסור, ווייל דאָס ניט אפשניידן די תבואה, ווייזט, אז דער בעל הבית וויל עס לאָזן וואקסן; דאָס הייסט ״מקיים״, לאזן וואקסן כלאים. זאָגט דאָ די משנה, אז ווען דער בעל הבית נעמט צוריק איבער פון גזלן דעם וויינגאָרטן, וואָס איז פארזייט מיט תבואה, מוז ער באלד אָפּשניידן די תבואה, אפילו אין חול המועד, ווען מען טאָר קיין מלאכה ניט טאָן, סיידן עס איז א ״דבר האבד״ א זאך וואָס וועט פארלוירן גיין, אויב מען וועט עס ניט באלד טאָן. ״אנס״ איז דער טייטש ״באצווינ־גער״, א גזלן, וואָס נעמט צו מיט גוואלט.** עד כמה, ביז וויפיל דארף ער צאָלן די ארבייטער? ביז א דריטל. **דאָס הייסט ביז א דריטל מער ווי מען צאָלט געוויינליך ארבייטער פאר אזא ארבייט; איין אמורא אין ירושלמי טייטשט ביז א דריטל פון ווערט פון די פרוכטן פון וויינגארטן און פון דער תבואה.** יתר מכאן, אויב (די אר־בייטער פארלאנגן) מער ווי דאָס (ווי א דריטל), מעג ער שניידן ווי זיין שטייגער איז (וויפיל ער קאָן), אפילו (ער דארף א טייל פון שניידן אָפּלייגן) ביז נאָך חול המועד. **ווייל דערמיט האָט ער דאָך געוויזן, אז ער האָט געוואָלט אָפּשניידן, און ער איז ניט מחויב אויסצוגעבן מער הוצאות.** מאימתי פון ווען אָן הייסט (אז דער געגזלטער וויינ־גאָרטן געהערט צום) גזלן (און אויב דער גזלן פארזייט אין אים תבואה אָדער ירקות ווערט עס כלאים)? משישקע, פון ווען עס ווערט פארזינקן. **דאָס הייסט, ווען עס גייט אדורך א צייט און מען האָט שוין פארגעסן, אז דער וויינגארטן האָט געהערט צו אן אנדערן. — ״מועד״ איז דער טייטש ״חול המועד״, און עס ווערט אָפּט באנוצט אין דער משנה.**

ז. הרוח, אויב א ווינט האָט ארויפגעבלאָזן וויינשטאָקן־צווייגן איבער תבואה, זאָל מען באלד ארומצוימען, **דאָס הייסט, מאכן א צוים צווישן דעם תבואה־פעלד און די וויינשטאָקן, כדי זייערע צווייגן זאָלן זיך ניט ארויפלייגן אויף דער תבואה; ווי מיר האָבן געלערנט פריער אין משנה ג׳ טאָר מען ניט אויך ״תחת הגפן״, אונטער ״וויינשטאָק־צווייגן״ לאָזן וואקסן תבואה. טייל זענען גורס ״יגדוד״, אז מען דארף אָפּהאָקן די צווייגן. ״עלעלה״ איז דער טייטש אין אראמעאיש ״געבלאָזן מיט שטורם״.** אם,אויב עס האָט דעם בעל הבית געטראָפן אן אונס (דער בעל הבית האָט ניט געקאָנט פארצוימען אָדער אָפּהאקן) איז עס מותר. **אין אזא פאל הייסט עס ניט קיין כלאים, ווייל עס איז דאָך געשען געגן דעם ווילן פון בעל הבית. ״אונס״ הייסט א ״געצווינגענער פאָרפאל״, צוליב וועלכן מען קאָן ניט טאָן א זאך וואָס מען וויל יאָ טאָן.** תבואה, אויב זאנגען פון תבואה האָבן זיך אריינגעבויגן אונטער א וויינשטאָק, און דאָסזעלבע אויך מיט (די בלעטער פון) גרינס (וועלכע האָבן זיך ארונטערגעבויגן אונטער א וויינשטאָק) דארף מען זיי צוריקבייגן און זיי אסרן ניט דעם וויינגאָרטן. **טייל מפרשים (רא״ש ברטנורא) טייטשן, אז זיי אסרן ניט אפילו אין פאל ווען מען האָט ניט צוריקגעבויגן די תבואה־זאנגען אָדער די גרינס־בלעטער, ווייל דער דין אז ״תחת הגפן״ הייסט כלאים, מיינט נאָר ווען וויינשטאָק־צווייגן געפינען זיך איבער די**

**מקדש. מאימתי תבואה מתקדשת? משתשריש. וענבים — משיעשו כפול הלבן. תבואה שיבשה כל צרכה וענבים שבשלו כל צרכן אינן מתקדשות.**

**ח. עציץ נקוב מקדש בכרם, ושאינו נקוב אינו מקדש. ור׳ שמעון אומר, זה וזה אוסרין ולא מקדשין. המעביר עציץ נקוב בכרם, אם הוסיף**

---

**תבואה־וואָרצלן, אָבער ניט איבער די תבואה־זאנגן אָדער גרינס־בלעטער. אָבער דער רמבם פסקנט ניט אזוי.** מאימתי, פון ווען אָן ווערט תבואה (פאררעכנט אלס אויפגע־וואקסענע תבואה), אז (ווען עס איז פארזייט אין וויינגאָרטן) זאָל עס אסרן (דעם וויינ־גאָרטן און אליין אויך ווערן אסור?) פון דער צייט ווען זי ווערט איינגעוואָרצלט. **דאָס איז לויט דער גירסא ״משתשריש״; עס איז אויך פאראן א גירסא ״משתשליש״, און דער טייטש איז, פון זינט זי ווערט אויפגעוואקסן א דריטל פון דער גרויס פון פארטיקער תבואה.** וענבים און וויינטרויבן (ווערן אסור צוליב כלאים) ווען זיי ווערן אויפגעוואקסן אזוי גרויס ווי ווייסע באָבעס. ״משיעשו״ **איז דער טייטש ״אויפוואקסן״ און דאָס וואָרט איז פאראן אין חומש ויקרא כ״ה (ועשת את התבואה).** תבואה, אויב תבואה איז געוואָרן פארטיקנט אינגאנצן (דאָס הייסט זי איז שוין אינגאנצן פארטיק און קאָן שוין מער ניט צו־וואקסן). אָדער וויינטרויבן וועלכע זענען שוין אינגאנצן פארטיק, ווערן זיי ניט מער געאסר׳ט. **די משנה לערנט דאָ, אז ״כלאים״ הייסט ״וואקסן״, און ווען מען פארפלאנצט תבואה אין א וויינגאָרטן אָדער א וויינשטאָק אין א תבואה־פעלד איז עס אסור נאָר ווען זיי ״וואקסן״ צוזאמען. אָבער אויב די תבואה איז שוין אינגאנצן פארטיק און קאָן שוין מער ניט וואקסן, און מען האָט דעמאָלס פארפלאנצט אין איר א וויינשטאָק, אָדער די וויינטרויבן זענען שוין אינגאנצן פארטיק און קאָנען שוין מער ניט וואקסן און ערשט דעמאָלס האָט מען פארזייט לעבן זיי תבואה, הייסט דאָס ניט קיין כלאים. דער רמבם זאָגט, אז דאָס וואָס די משנה באנוצט זיך דאָ מיטן וואָרט ״אין מתקדשות״, וויזט אז די משנה האָט געהאלטן, דאָס פארזייען תבואה אין א וויינגאָרטן טאָר מען ניט אפילו ווען די וויינטרויבן זענען שוין פארטיק, און דאָסזעלבע טאָר מען ניט פלאנצן א וויינשטאָק אין א תבואה־פעלד אפילו ווען די תבואה איז שוין אינגאנצן פארטיק; נאָר אויב מען האָט יאָ פארזייט און יאָ פאר־פלאנצט, מעג מען עס נוצן.**

ח. עציץ נקוב, א געלעכערטער בלומען־טאָפּ איז מקדש אין א וויינגאָרטן. **אויב אין א בלומען טאָפּ, וועלכער איז אונטען געלעכערט, וואקסט תבואה אָדער גרינס, און מען האָט אים אוועקגעשטעלט אין א וויינגאָרטן, איז ער ״מקדש״, און מען טאָרניט עסן און אויך ניט הנאה האָבן ניט פון דער תבואה אָדער גרינס און ניט פון די וויינטרויבען.** ושאינו נקוב, אויב דער בלומען־טאָפּ איז ניט געלעכערט איז ער ניט מקדש. **און מען מעג עסן און הנאה האָבן סיי פון די געוויקסן אין בלומען־טאָפּ סיי פון די וויינ־טרויבן. דער טעם איז, ווייל אויב דער בלומען־טאָפּ איז געלעכערט איז די ערד איז בלומען־טאָפּ באהאפטן מיט דער ערד אין גאָרטן; אָבער אויב ער איז ניט געלעכערט איז עס א באזונדערע זאך.** ור׳ שמעון, און ר׳ שמעון זאָגט, אז סיי דער געלעכערטער און סיי דער ניט געלעכערטער זענען אסור, אָבער מקדש זענען זיי ניט. **לויט ר׳ שמעון איז אסור אוועקצושטעלן סיי געלעכערטע און סיי ניט געלעכערטע בלימען־טעפּ מיט תבואה אָדער מיט גרינס אין א וויינגאָרטן; אָבער אויב מען האָט יאָ אוועקגע־שטעלט, מעג מען באנוצן די תבואה און די גרינס און די וויינטרויבן. ר׳ שמעון האלט (אויך אין אנדערע ערטער), אז א געלעכערטער בלומען־טאָפּ הייסט ניט ווי באַ־האָפטן צו דער ערד.** המעביר, אז מען טראָגט אדורך א געלעכערטן בלומען־טאָפּ (פארזייט מיט תבואה אָדער גרינס) אין א וויינגאָרטן, אויב עס איז צוגעקומען (צו דער תבואה אָדער גרינס) א צוויי הונדערטסטל איז עס אסור. **מיר האָבען שוין אין פרק ה׳ משנה ו׳ געלערנט, אז כלאים הייסט נור ווען עס ווערט פארגרעסערט מיט א צוויי**

**במאתים אָסור.**

## פרק ח.

**א. כלאי הכרם אסורין מלזרוע ומלקיים, ואסורין בהנאה. כלאי זרעים אסורין מלזרוע ומלקיים ומותרין באכילה, וכל שכן בהנאה. כלאי בגדים מותרין בכל דבר, ואינן אסורין אלא מללבוש. כלאי בהמה מותרים לגדל ולקיים, ואינן אסורים אלא מלהרביע. כלאי בהמה אסורים זה בזה.**

---

הונדערטסטל, און מיר האָבן דאָרט געגעבן פון ירושלמי, ווי אזוי מען ווייסט אז עס האָט זיך פאַרגרעסערט מיט א צוויי הונדערטסטל. די שאלה איז, וואָס מיינט מען מיטן וואָרט „המעביר", מען „טראָגט־אדורך". געוויינליך איז עס דער טייטש סתם אדורכ־טראָגן, ניט אנידערלייגנדיק אים אויף דער ערד; און דער ירושלמי זאָגט, אז נור די תבואה אָדער דאָס גרינס ווערט אסור, אָבער די וויינשטאָקן זענען מותר, ווייל מען האָט דעם בלומען־טאָפּ ניט אוועקגעשטעלט. דער רמבם אָבער זאָגט, אז סיי די תבואה און סיי דער וויינגאָרטן ווערן ניט געאסר'ט (צום עסן און הנאה צו האָבן) סיידן מען האָט דעם בלומען־טאָפּ אוועקגעלייגט; און דאָס וואָס שטייט דאָ „אסור" מיינט מען נור, אז מען טאָר ניט דורכטראָגן, אָבער עס אסר'ט ניט צו באנוצן די תבואה און די ווינטרויבן. „א צווייהונדערטסטל" מיינט א 199־סטל פון דעם וואָס איז געווען פריער.

## פרק ח.

א. כלאי הכרם, כלאים פון וויינגאָרטן טאָר מען ניט זייען און מען טאָר ניט לאָזן וואקסן און עס איז אסור הנאה צו האָבן פון זיי. ווי מיר האָבן שוין געזאָגט הייסט „כלאים פון וויינגאָרטן" אויב מען האָט פאַרזייט תבואה אָדער גרינס לעבן אָדער אין א וויינ־גאָרטן אָדער לעבן א וויינשטאָק. די משנה זאָגט, אז מען טאָר ניט פאַרזייען קיין „וויינ־גאָרטן־כלאים". אויב מען האָט אפילו אליין ניט פאַרזייט, נאָר עס וואַקסט צופעליג, טאָר מען עס ניט לאָזן וואַקסן, און מען דאַרף עס אַרויסרייסן. אויב עס איז געוואַקסן טאָר מען דערפון ניט קיין הנאה האָבן און געוויס ניט עסן. כלאי זרעים, כלאים פון זריעות (תבואה, קטניות, גרינס) טאָר מען ניט זייען און אויך ניט לאָזן וואַקסן, אָבער זיי זענען מותר צום עסן און מכל שכן הנאה צו האָבן פון זיי. „זריעות־כלאים", „כלאי־זרעים" מיינט, ווען מען פאַרזייעט צוזאַמען צוויי מינים תבואה, צי קטניות, צי גרינסן, צי תבואה מיט קטניות, צי מיט גרינס, צי קטניות מיט גרינס. זאָגט די משנה, אז מען טאָר ניט פאַרזייען, און אויב עס איז יאָ פאַרזייט געוואָרן טאָר מען עס ניט לאָזן וואַקסן; אָבער אויב עס איז יאָ געוואַקסן מעג מען עס עסן, און אויב מען מעג עס עסן איז דאָך געוויס („מכל שכן"), אז מען מעג דערפון הנאה האָבן. כלאי בגדים, כלאים פון קליידער מעג מען טאָן דערמיט אלץ. און עס איז אסור נאָר אָנצוטאָן זיי. כלאי בגדים, קליידער־כלאים, הייסט ווען אין א קלייד איז פאַראַן צוזאַמען וואָל און פלאַקס. זאָגט די משנה, אז מען מעג נעמען צוזאַמען וואָל מיט פלאַקס, מען מעג זיי וועבן צוזאַמען, און טאָן אלצ־דינג; דער איינציקער פאַרבאָט איז נור אז מען טאָר אזא מלבוש ניט אָנטאָן אויף זיך. די דינים פון כלאי בגדים וועט די משנה געבן אין קומענדיקן פרק ט'. כלאי בהמה, כלאים פון בהמות (און דאָס זעלבע אויך פון חיות, עופות, פיש און בכלל אלע בעלי חיים, אלע לעבעדיקע זאכן, א חוץ א מענטש), מעג מען האָדעווען און האַלטן; מען טאָר נאָר ניט זיי צונויפּפּאָרן (מרביע זיין). לויט דעם „תפארת ישראל" קומט אויס, אז מיט כלאי בהמה" בכלל מיינט מען צוויי זאכן. ערשטנס צוויי מינים בהמות; צווייטנס די קינדער, וואָס זענען געבוירן געוואָרן פון צונויפגעפּאָרטע צוויי מינים בהמות, למשל, פון א פערד און אן אייזל. זאָגט די משנה אז דער צווייטער סאָרט כלאי בהמה, דהיינו, וואָס זענען געבוירן געוואָרן פון צונויפגעפּאָרטע צוויי מינים, מעג מען יעדן פון זיי האָדעווען, און האַלטן. אָבער דאָס צונויפּפּאָרן אליין איז אסור. כלאי בהמה אסורים זה בזה, די גע־בוירענע פון צוויי מינים בהמות זענען אסור איינער מיטן אנדערן. דאָ גיט די משנה

**ב. בהמה עם בהמה וחיה עם חיה, בהמה עם חיה וחיה עם בהמה, טמאה עם טמאה וטהורה עם טהורה, טמאה עם טהורה וטהורה עם טמאה, אסורין לחרוש ולמשוך ולהנהיג.**

**ג. המנהיג סופג את הארבעים, והיושב בקרון סופג את הארבעים.**

---

דעם דין אז אויך צוויי קינדער וואָס זענען געבוירן געוואָרן פון דער צונויפפּאָרונג פון צוויי מינים בהמות, למשל א קינד פון א פערד־נקבה און אן אייזל־זכר מיט א קינד פון א פערד־זכר מיט אן אייזל־נקבה טאָר מען ניט צונויפפּאָרן צוזאמען און אויך ניט ארבייטען מיט זיי צוזאמען, ווייל זיי זענען כלאים איינער צום צווייטן.

ב. בהמה, א בהמה מיט א (א אנדערן מין) בהמה, און א חיה מיט א (אנדערן מין) חיה, א בהמה מיט א חיה, און א חיה מיט א בהמה, א טמאה (בהמה וואָס מען טאָר ניט עסן, למשל א פערד, אן אייזל) מיט אן (אנדערן מין) טמאה, א טהורה (א בהמה וואָס מען מעג יאָ עסן, למשל, אן אָקס) מיט אן אנדערן מין טהורה, א טמאה מיט א טהורה און א טהורה מיט א טמאה, טאָר מען ניט מיט זיי צוזאמען אקערן אָדער שלעפּן אָדער פירן. אין חומש (דברים כ״ב) איז פאראן „לא תחרש בשור ובחמור יחדו, זאָלסט ניט אקערן מיט אן אָקס און אן אייזל צוזאמען”. די חכמים דערקלערן, אז דער חומש מיינט ניט דוקא אקערן, נאָר אויך ניט טאָן קיין מלאכה, ווי שלעפּן א וואָגן, דרעשן. אויך זאָגן די חכמים אז דער חומש מיינט ניט דוקא אן אָקס און אן אייזל, נאָר יעדע צוויי מינים לעבעדיקע באַשעפענישן. די משנה זאָגט דאָ, אז מיט צוויי מינים בהמות אָדער א בהמה און א חיה (און אויך עופות און אנדערע לעבעדיקע זאכן) טאָר מען ניט אקערן, שלעפּן און פירן. „למשוך”, „שלעפּן”, טייטשן די מפרשים, אז צום שלעפּן א וואָגן צי אן אנדערע משא טאָר מען ניט איינשפּאנען צוויי מינים לעבעדיגע באַשעפענישן, למשל א פערד און אן אייזל. אָבער וואָס מיינט מען „ולהנהיג”, פירן? דער „תפארת ישראל” זאָגט, אז דאָס מיינט מען צונויפשפּאנען א פערד און אן אייזל און סתם זיי פירן צוזאמען. אָבער די „משנה ראשונה” ווייזט אָן, אז סתם פירן, ניט טוענדיק קיין מלאכה איז ניט אסור; מען מיינט דעריבער, אז מען טוט דערביי א מלאכה.

ג. המנהיג, דער וואָס פירט (צוויי מינים בהמות, וואָס זענען געשפּאנט צוזאמען) קומט אים פערציג קלעפּ. ווער עס איז עובר אויף א „לא תעשה”, דאָס הייסט אויף א פאַרבאָט פון דער תורה, ווערט ער באַשטראָפט מיט פערציג קלעפּ, מלקות. די חכמים האָבן אפילו געזאָגט, אז די קלעפּ דארף מען געבן נור „ניין און דרייסיג”; אָבער ווייל אין חומש דברים כ״ה איז פאראן „ארבעים”, „פירציק”, רופט מען עס אויך אין דער משנה „ארבעים”. „סופג” איז פון וואָרט „ספוג”, „שוואם”, און דער טייטש איז (לויט דעם „ערוך”) „איינזאפּן”, אריינגעמען (ווי א שוואָם) די מלקות. זאָגט די משנה אז דער וואָס פירט די איינגעשפּאנטע צוויי מינים בהמות איז דאָך עובר אויף די „לא תעשה” פון „לא תחרוש” (ווי מיר האָבן עס דערקלערט אין דער פריערדיקער משנה) קומט אים מלקות. והיושב, און אויך דער וואָס זיצט אין וואָגן (וועלכער איז איינגעשפּאנט אין צוויי מינים בהמות) קומט אים פירציק קלעפּ. די מפרשים געבן דעם טעם, ווייל צוליב אים גייען דאָך די צוויי מינים בהמות איינגעשפּאנט אין וואָגן. וועגן וואָרט „קרון”, „וואָגן” האָבן מיר שוין געשריבן אין ברכות פרק ד׳ משנה ו׳, אז לויט דעם „מוסף הערוך” איז עס דאָס גריכישע וואָרט „קאראָן”, א וואָגן. ר׳ מאיר זאָגט, אז (דער זיצער אין וואָגן) איז פּטור (פון די קלעפּ). מחמת ער טוט דאָך גאָר־ניט, און דאָס וואָס מען האָט צוליב אים געשפּאנט דעם וואָגן מיט צוויי מינים בהמות, הייסט ניט, אז ער פירט זיי אָדער ארבייט מיט זיי. והשלישית, און די דריטע (בהמה), וואָס איז צוגעבינדן צו די פּאסקעס, איז אסור. די משנה מיינט דאָ צו זאָגן (לויט טייל מפרשים), אז אויב למשל, אין א וואָגן זענען געווען איינגעשפּאנט צוויי פערד, וועלכע

**ר׳ מאיר פוטר. והשלישית שהיא קשורה לרצועות אסורה.**

**ד. אין קושרין את הסוס לא לצדדי הקרון ולא לאחר הקרון, ולא את הלובדקים לגמלים. ר׳ יהודה אומר, כל הנולדים מן הסוס, אף על פי שאביהן חמור, מותרין זה עם זה. וכן הנולדים מן החמור, אף על פי שאביהם סוס מותרין זה עם זה, אבל הנולדים מן הסוס עם הנולדים מן החמור אסורים זה עם זה.**

**ה. הפרוטיות אסורות, והרמך מותר. ואדני השדה חיה. ר׳ יוסי**

---

שלעפן דעם וואגן, און אן אייזל איז געווען צוגעבינדן צו די פאסקעס, מיט וועלכע די פערד זענען געבינדן איינער צום אנדערן, און דער אייזל לויפט־מיט אָבער ער שלעפט ניט דעם וואגן, טאָר מען אויך ניט. דער רמב״ם טייטשט אינגאנצן אנדערש, דהיינו: אז דאָ מיינט מען, אויב עס זענען פאראן דריי וואגנס, איינער צוגעבונדן צום אנדערן און זיי גייען איינער נאָכן אנדערן, איז אפילו זיצן אין דריטן וואגן טאָר מען אויך ניט, אויב אין ערשטן וואגן זענען איינגעשפאנט א פערד און אן אייזל. דער רמב״ם טייטשט, אז „קרון" איז דער צווייטער וואָגן, דער משא־וואָגן, וואָס איז צוגעטשעפּעט צום ערשטען וואָגן וואָס הייסט „עגלה", און דער דריטער וואָגן איז צוגעטשעפּעט צום „קרון".

ד. אין קושרין, מען טאָר ניט צובינדן א פערד ניט צו די זייטן פון וואָגן און ניט הינטער דעם וואָגן. אין ארץ ישראל זענען געווען אמאָל זייער ווייניג פערד, און ווען די משנה רעדט וועגן א וואָגן „קרון" מיינט מען (ווי דער רמב״ם זאָגט) א וואָגן מיט משא, וואָס ווערט געשלעפּט פון אָקסן. זאָגט די משנה, אז ניט נור טאָר מען ניט צובינדן א פערד פון פאָרענט צום וואָגן, וואָס איז איינגעשפּאנט מיט אָקסן, מחמת דאָס פערד העלפט דאָך מיטשלעפּן, נאָר מען טאָר אויך ניט צו־בינדן דאָס פערד צו דער זייט פון וואָגן, און אפילו ניט הינטער דעם וואָגן. ולא, און מען טאָר אויך ניט (צובינדן) ליביער אייזלן צו קעמלן. דאָס וואָרט „לובדקים" טייטשט די גמרא, אייזלן פון ליביע (א לאנד אין צפון אפריקע). טייל מפרשים טייטשן, אז מען טאָר די אייזלן ניט צוטשעפּן צו קעמלן, וועלכע טראָגן אויף זיך משא. ר׳ יהודה זאָגט, אז אלע בהמות וואָס זענען געבוירן געוואָרן פון א פערד א נקבה, כאָטש זייער פאָטער איז אן אייזל, זענען מותר איינער מיטן צווייטן; און דאָסזעלבע איז אויך, די אלע בהמות וואָס זענען געבוירן געוואָרן פון אן אייזל א נקבה, כאָטש זייער פאָטער איז א פערד, זענען מותר איינער מיטן אנדערן; אָבער די וואָס זענען געבוירן געוואָרן פון א פערד און די וואָס זענען געבוירן געוואָרן פון אן אייזל זענען אסור איינער מיטן אנדערן. די גמרא טייטשט, אז ר׳ יהודה האלט, אז „אין חוששין לזרע האב", אז מען נעמט ניט אין אנבאטראכט דעם פאָטער פון דער בהמה, נאָר איר מוטער. אויב א בהמה איז געבוירן געוואָרן פון אן אייזל־נקבה און א פערד־זכר און א צווייטע בהמה איז געבוירן געוואָרן פון אן אייזל־זכר און א פערד־נקבה, זענען די צוויי בהמות כלאים איינע מיט דער אנדערער, ווייל איינער׳ס מוטער איז אן אייזל און דער צווייטערס מוטער איז א פערד, אויב אָבער ביידע בהמות זענען געבוירן געוואָרן פון אייזל־נקבות, זענען זיי איינע מיט דער אנדערער ניט קיין כלאים.

ה. הפרטיות, קלייגע מוילטירן זענען אסור. די מפרשים דערקלערן, אז „פּרוטיות" איז ווי „פרודיות", פון וואָרט „פרד", מוילטיר, וואָס איז געבוירן פון א פערד און אן אייזל. צוליב דעם, וואָס ווען די מוילטירן זענען יונג, קאָן מען ניט דערקענען, וועלכער פון זיי איז געבוירן פון א מוטער־פערד און א פאָטער־אייזל, און וועלכער פון א מוטער־אייזל און א פאָטער פערד; דעריבער זענען זיי איינער מיט דעם אנדערן כלאים. והרמך, אָבער דער מוילטיר, (וואָס זיין מוטער איז זיכער א פערד) איז מותר. ער איז ניט קיין כלאים מיט אן אנדערן רמך. דאָס וואָרט „רמך" איז פאראן אין

**אומר, מטמאות באוהל כאדם. הקופד וחולדת הסניים חיה. חולדת הסניים, ר' יוסי אומר, בית שמאי אומרים, מטמא כזית במשא וכעדשה במגע.**

**ו. שור בר מין בהמה. ור' יוסי אומר, מין חיה. כלב מין חיה. ר'**

---

אסתר ח', י"א. „בני הרמכים", די יונגע רמכים. ואדני השדה, און די פעלד־מענטשן זענען א חיה. דער ירושלמי זאָגט, אז „אדני השדה", מיינט „ברנש דטורא", (דער מענטש פון פעלד", דאָס וואָרט „טורא" מיינט אין ירושלמי גאנץ אָפט „פעלד", און ניט דוקא „בארג"), און דער ירושלמי דערציילט, אז דאָס איז א באשעפעניש, וואָס איז מיט זיין נאָפּל צוגעבינדן צו דער ערד. אין טייל אלטע כתבי יד איז פאראן „אדמי השדה", פון וואָרט „אדם", מענטש. דער „תפארת ישראל" האלט, אז מען מיינט דערמיט די גרויסע מאלפּע, דעם אורא־נגוטאנג, וועלכע איז אממייסטן ענליך צו מענטשן, און לויט דעם תפארת ישראל לערנט די משנה, אז ער האָט דעם דין פון א חיה. ר' יוסי זאָגט, אז ער איז מטמא אין א געצעלט ווי א מענטש. דער דין איז, אז אויב דער טויטער קערפּער פון א מענטש געפינט זיך אונטער איין דאך מיט אנדערע זאכן, ווערן די אנדערע זאכן טמא; דאָס הייסט, אז א מת, א טויטער מענטש, מאכט טמא דורך „אוהל", דורך געצעלט.. זאָגט דאָ ר' יוסי, אז דער טויטער קערפּער פון אזא „אדני השדה" איז מטמא זאכן דורך „אוהל". הקופד, דער שטעכעדיקער איגל, ותולדת הסניים, דער וואלד־וויזל, זענען א חיה. „קפוד" זאָגן אלע מפרשים און אויך אלע חוקרים, אז דאָס מיינט דעם איגל, אין ענגליש „פּאָרקופּיין", און אין פּויליש „יעזש"; דאָס איז דאָס חיה'לע, וואָס אז מען דערנענטערט זיך דערצו וויקלט עס זיך איין און די האָר ווערן זייער שטעכעדיק. „חולדה" טייטשען טייל א „וויזל", אין פּויליש „לאשיצא"; דאָס וואָרט „הסניים" מיינט „פון די דערנער" (פון „סנה", „דאָרן"), און עס הייסט, דער וואלד־וויזל. חולדת הסניים, דער וואלד־וויזל, זאָגט ר' יוסי, אז די בית שמאי זאָגן, אז זי איז מטמא ווען מען טראָגט א טייל פון איר, גרויס ווי א כזית (ווי אן איילבירט), אָדער ווען מען רירט אָן א טייל פון איר, גרויס ווי א לינז (א סאָרט ארבעס). כדי צו פארשטיין די משנה, איז נויטיק צו וויסן, אז ווען מען טראָגט די נבלה, דעם טויטן קערפּער פון א חיה צי א בהמה, אָדער אפילו נאָר א טייל פון דעם קערפּער, אויב דער טייל איז גרויס ווי א כזית (ווי א איילבירט), ווערט מען טמא; דאָס הייסט עס איז מטמא אפילו דורכן טראָגן, „במשא", אפילו מען רירט עס ניט אָן. דאָסזעלבע איז אויך, ווען מען רירט אָן א כזית פון דער נבלה פון א חיה אָדער א בהמה ווערט מען טמא. דאָס הייסט „במגע", דורך אָנרירן. דאקייגן ביי א שרץ, ביי א קריכנדיק באשעפעניש איז געגוג ווען מען רירט אָן א טייל פון א טויטן שרץ (א מויז וכדומה), און דער דאָזיקער טייל איז גרויס אפילו נור ווי א לינז (עדשה, א סאָרט ארבעס), ווערט מען שוין טמא. אָבער ווען מען טראָגט א טויטן שרץ, ניט אָנרי־רענדיק אים, ווערט מען ניט טמא; ער איז ניט מטמא „במשא". זאָגן די בית שמאי, אז ווייל מען ווייסט ניט אויף זיכער, צי דער וואלד־וויזל איז א חיה צי א שרץ, דעריבער איז מען מחמיר מיט אים איןביידע זאכן: ער איז (ווי א חיה) מטמא דורך טראָגן, במשא, ווען ער איז גרויס ווי א כזית, אָבער ווען מען רירט אים אָן, במגע, ווערט מען טמא אפילו מען האָט אָנגערירט בלויז אזוי גרויס ווי א לינז, ווי ווען מען וואָלט אָנגע־רירט א טויטן שרץ.

ו. שור בר, א בופל־אָקס איז א מין בהמה, און ר' יוסי זאָגט, אז א מין חיה. א הונט איז א מין חיה; ר' מאיר זאָגט, אז א מין בהמה. דער חזיר איז א מין בהמה. הערוד, דער ווילדער אייזל, איז א מין חיה. הפיל, דער עלפאנט, והקוף, און די מאלפּע, זענען א מין חיה. די אלע משניות ווערן דאָ געבראכט נור „אגב אורחא", „אינאייג־וועגס", ווייל די משנה האָט געלערנט וועגן דעם דין פון כלאים פון בהמות און חיות;

**מאיר, מן בהמה. החזיר מין בהמה, הערוד מין חיה. הפיל והקוף מין חיה. ואָדם מותר עם כולם למשוך ולחרוש ולהנהיג.**

## פרק ט.

**א. אין אסור משום כלאים אלא צמר ופשתים, ואינו מטמא בנגעים אלא צמר ופשתים. אין הכוהנים לובשין לשמש בבית המקדש אלא צמר ופשתים. צמר גמלים וצמר רחלים שטרפן זה בזה, אם רוב מן הגמלים,**

---

כאָטש בנוגע דעם דין פון כלאים איז ניט קיין אונטערשיד צו זיי ווערן פאררעכנט אלס בהמות צי אלס חיות. ואדם, און א מענטש מעג צוזאמען מיט אלע (מיט יעדער בהמה אָדער חיה אָדער אנדער לעבעדיק באַשעפעניש) שלעפּן (א וואָגן), אקערן אָדער פירן (א וואָגן). דער טייטש איז, אז כאָטש מיט 2 לעבעדיקע מינים באשעפענישן צוזאַמען טאָר מען ניט טאָן קיין ארבייט, אָבער א מענטש מעג, למשל, זיך איינשפּאנען מיט אן אָקס צי א פערד אין אקער־אייזן און צוזאמען אקערן; אויך מעג ער זיך איינשפּאנען מיט אן אָקס צי א פערד אין א וואָגן און שלעפּן דעם וואָגן. וואָס מען מיינט דאָ „ולהנהיג", „פירן" איז שווער צו זאָגן. אין דער משנה פון ירושלמי פעלט דאָס וואָרט „ולהנהיג". דער „תפארת ישראל" טייטשט, אז דאָס מיינט מען נאָכגיין נאָך דער בהמה; אָבער דאָס הייסט דאָך ניט געארבייט צוזאמען מיט דער בהמה. דער „מלאכת שלמה" איז דעריבער גענייגט ניט גורס צו זיין דעם „ולהנהיג".

## פרק ט.

דער פרק ט' פון כלאים לערנט די דינים פון קליידער־כלאים, „כלאי בגדים" וואָס ווערט אויך גערופן „שעטנז". די תורה אין דברים כ"ב זאָגט „לא תלבש שעטנז צמר ופשתים יחדו", זאָלסט ניט אָנטאָן זיך שעטנז, וואָל און פלאַקס צוזאמען". אין ויקרא י"ט ווערט געזאָגט „ובגד כלאים שעטנז לא יעלה עליך", א קלייד פון כלאים, שעטנז זאָל ניט ארויפגיין אויף דיר. וואָס הייסט „צוזאמען", און וועלכע מינים הייסן „וואָל" און וועלכע „פלאַקס", וועגן די אלע זאכן לערנט דאָ די משנה.

א. אין אסור, עס איז ניט אסור צוליב כלאים נאָר וואָל און פלאַקס. מען האָט געקאָנט מיינען, אז כאָטש די תורה זאָגט „וואָל און פלאַקס", האָט זי געמיינט, אז מען טאָר ניט אויך אָנטאָן קליידער, וועלכע זענען געמאַכט אויך פון אנדערע צוויי מינים מאטעריאלן, פונקט, למשל, ווי די תורה זאָגט, אז מען זאָל ניט אקערן „בשור וחמור", מיט אן אָקס און אן אייזל, און עס זענען אסור אויך אנדערע צוויי מינים בעלי חיים. דעריבער לערנט אונז די משנה אז דאָ מיינט מען דוקא וואָל און פלאַקס. דערמיט איז פארענטפערט די קשיא פון „משנה הראשונה" צו־וואָס דאַרף עס די משנה זאָגן. ואינו, און עס ווערן ניט טמא דורך נגעים נאָר (קליידער פון) וואָל אָדער פון פלאַקס. די תורה זאָגט (ויקרא י"ג) אז אויב עס האָט זיך באוויזן אין א קלייד א „נגע צרעת", אן „אויסזאַץ", א שלעכטער פלעק, „ווערט עס טמא"; און די תורה זאָגט דאָרט בפירוש „בבגד צמר או בבגד פשתים", „אין א קלייד פון וואָל אָדער אין א קלייד פון פלאַקס". אין הכהנים, די כהנים טוען זיך ניט אָן (קיין אנדערע קליידער) צו טאָן די עבודה אין בית המקדש נאָר פון וואָל און פלאַקס. די תורה אין שמות כ"ח רעכנט אויס די מאטעריאלן, פון וועלכע עס זענען געמאַכט די „בגדי כהונה", די קליידער, וואָס די כהנים דאַרפן זיך אָנטאָן כדי משמש צו זיין, צו טאָן אין בית המקדש די עבודה (מקריב זיין קרבנות, און אנדערע עבודות). די מאטעריאלן זענען „שש" און „בד", וועלכע זענען ביידע פון פלאַקס, און „תכלת", „ארגמן" און „תולעת שני", וואָס זענען פון וואָל געפארבט אויף בלאָ („תכלת"), רויט („ארגמן") און שארלעך־רויט („תולעת שני"). זאָגט די משנה, אז קליידער פון אנדערע שטאָפן טאָרן די כהנים ניט אָנטאָן צו דער עבודה אין בית המקדש. — די צוויי דינים וועגן נגעים און כהנים־קליידער האָט די משנה דאָ געלערנט אגב אורחא, און זי גייט איצט צוריק צו די דינים פון

**מותר, ואם רוב מן הרחלים, אָסור; מחצה למחצה, אָסור. וכן הפשתן והקנבוס שטרפן זה בזה.**

**ב. השירים והכלך אין בהם משום כלאים, אבל אסורים מפני מראית העין. הכרים והכסתות אין בהם משום כלאים. ובלבד שלא יהיה בשרו נוגע בהם. אין עראי לכלאים. ולא ילבש כלאים אפילו על גבי עשרה,**

---

שעטנז. צמר גמלים, וואָל (האָר) פון קעמלן און וואָל פון נקבות־שעפסן, וועלכע מען האָט אויסגעמישט צוזאמען, אויב דער רוב איז געווען פון די קעמלן איז מותר. „וואָל" מיינט מען נור פון שעפסן, און די האָר פון קעמלן רופט מען נור „וואָל", **אָבער באמת זענען זיי ניט קיין וואָל און מען מעג זיי צונויפנייען צוזאמען מיט פלאקס און טראָגן די מלבושים, וואָס זענען געמאכט דערפון. זאָגט די משנה, אז אויב מען האָט צונויפ־געמישט קעמלן־וואָל מיט ריכטיקן וואָל פון שעפסן, און דער רוב פון דעם צונויפ־געמיש איז דער קעמלן־וואָל, מעג מען דעם צונויפגעמיש נייען צוזאמען מיט פלאקס און עס איז ניט קיין שעטנז, ווייל די שעפסן־וואָל ווערט בטל אין רוב פון קעמלן־וואָל.** ואם רוב, און אויב דער רוב איז פון שעפסן־וואָל טאָר מען ניט. אויב עס איז געווען העלפט אויף העלפט (העלפט פון קעמלן־וואָל און העלפט פון שעפסן־וואָל) טאָר מען ניט. **דאָס הייסט, אז מען טאָר עס ניט נייען מיט פלאקס מחמת עס איז שעטנז, ווייל א העלפט ווערט שוין ניט בטל.** וכן, און אזוי איז אויך דער דין, אויב פלאקס און קאַ־נאַפּיעס („קנבוס", האנף), וועלכע מען האָט אויסגעמישט צוזאמען. **קאַנאַפּיעס הייסן ניט קיין פלאקס און מען מעג זיי צונויפנייען מיט וואָל. זאָגט די משנה, אז אויב מען האָט צונויפגעמישט קאַנאַפּיעס מיט פלאקס און די קאַנאַפּיעס זענען דער רוב מעג מען דעם געמיש נייען מיט וואָל; אויב אָבער דער רוב איז פון פלאקס, אָדער דער געמיש איז העלפט פלאקס און העלפט קאנאפיעס, טאָר מען ניט.**

ב. השיריים, פיין־זיידנס, והכלך, און גאָלד־זיידנס, זענען ניט קיין כלאים, אָבער מען טאָר ניט צוליב דעם „אַנבליק פון אויג", מראית העין. **„שיריים," הייסן פיינער זיידנס, און דער נאָמען, ווי עס ווייזט אָן דער „ערוך השלם", איז אָנגענומען געווען אויך ביי אנדערע פעלקער (אין גריכיש האָט זיידנס געהייסן „סיריקאָן"), ווייל דאָס זיידנס איז געקומען פון א לאנד אין אינדיען, וואָס האָט געהייסן „סיר", „שיר". דער דאָזיקער פיינער זיידנס זעט אויס ווי פלאקס. „כלך" האָט געהייסן א זיידנס, וואָס האָט געהאט גאָלד־קאָליר און האָט אויסגעזען ווי וואָל. זאָגט דאָ די משנה, אז די ביידע סאָרטן זיידנס זענען ניט קיין פלאקס און ניט קיין וואָל, און זיי זענען ניט קיין שעטנז, ווען מען נייט זיי צוזאמען; אָבער ווייל זיי זען אויס ווי פלאקס און וואָל, וועלן מענטשן קאָנען מיינען, אז מען טראָגט שעטנז, דעריבער טאָר מען ניט.** הכרים, מאטראצן (אונ־טערדעקן פון בעטן), והכסתות, און קישנס, מעגן זיין פון כלאים, אָבער נאָר, אז דער קערפּער (פון מענטש וואָס ליגט זיך אויף זיי) זאָל זיי ניט אָנרירן. **דער טעם איז, ווייל די תורה האָט נאָר געזאָגט, אז מען טאָר ניט אָנטאָן אויף זיך קיין כלאים, אָבער לייגן זיך אויף כלאים מעג מען; אָבער אויב דער קערפּער רירט זיי אָן הייסט עס, אז דער קערפּער איז אביסל איינגעוויקלט אין זיי און דאָס הייסט שוין אָנגעטאָן. וועגן „כרים" און „כסתות" זענען פאראן עטליכע מיינונגען. טייל טייטשן, פּאַרקערט, אז מיט „כר" מיינט מען „קישן" און מיט „כסת" „איבערבעט" אָדער „אונטערדעק".** אין עראַי, ביי כלאים איז ניט פאראן קיין צייטווייליקייט (עראַי). **ניט נור טאָר מען ניט אָנטאָן קיין שעטנז־מלבוש אויף צו טראָגן עס, נאָר אפילו ארויפנעמען אויף זיך אויף א ווייל, צייטווייליק עראַי, טאָר מען אויך ניט. דער היפוך פון „עראַי" איז אור־מעטום „קבע", פעסט.** ולא ילבש, און מען זאָל ניט אָנטאָן קיין כלאים אפילו אויף צען. **ניט נאָר טאָר מען ניט אָנטאָן קיין שעטנז אויפן בלויזן לייב, נאָר אפילו ווען מען גייט אָנגעטאָן 10 מלבושים ניט פון שעטנז, טאָר מען ניט אויף זיי אָנטאָן זיך א מלבוש**

**אפילו לגנוב את המכס.**

**ג. מטפחות הידים, מטפחות הספרים, מטפחות הספג, אין בהם משום כלאים. ר׳ אליעזר אוסר. ומטפחות הספרים אסורות משום כלאים.**

**ד. תכריכי המת ומרדעת של חמור אין בהם משום כלאים, לא יתן המרדעת על כתפו אפילו להוציא עליה זבל.**

**ה. מוכרי כסות מוכרין כדרכן; ובלבד שלא יתכוונו בחמה מפני החמה ובגשמים מפני הגשמים. והצנועים מפשילין במקל לאחוריהן.**

---

פון שעטנז. אפילו לגנוב, אפילו צו גנבענען דעם גרעניץ־צאָל. **עס איז שוין אין יענע צייטן געווען איינגעפירט, אז ווען מען האָט אריינגעפירט פון אויסלאנד סחורה אין א לאנד, האָט מען געדארפן צאָלן אויף דער גרעניץ צאָל; אָבער פון א מלבוש, וואָס מען האָט געטראָגן אויף זיך, האָט מען דעם צאָל ניט געדארפן צאָלן. זאָגט די משנה, אז אפילו אָנטאָן דעם שעטנז־מלבוש, כדי צו באפרייען אים פון גרעניץ־צאָל, טאָר מען אויך ניט, כאָטש דער מענטש טוט עס אָן ניט ווייל ער וויל עס טראָגן אלס מלבוש נאָר צוליב דער צאָל־באפרייאונג.**

ג. מטפחות הידים, האנטוכער אָפּצווישן זיך די הענט, מטפחות הספרים, טיכער ארומצוויקלן ספרים, מטפחות הספג, ליילעכער אָפּצווישן זיך (נאָכן וואשן זיך דעם קערפּער) זענען ניט אסור צוליב כלאים. **אויב עס איז פאראן אין זיי שעטנז מעג מען זיי באנוצן, ווייל דער מענטש טוט זיי דאָך ניט אָן אויף זיך אלס מלבוש.** ר׳ אליעזר אסר׳ט, **ווייל די אלע טיכער און ליילעכער (אפילו פון די ספרים) וויקלט מען דאָך טיילמאָל ארום טיילן פון קערפּער.** ומטפחות הספרים, און די ליילעכער פון די שערערס (וואָס דער שערער טוט אָן אויפן מענטש, ווען ער שערט אים אָפּ די האָר) זענען אסור צוליב כלאים. **ווייל דער ליילעך ווערט דאָך ארויפגעלייגט אויף דעם מענטשס קערפּער.**

ד. תכריכי, תכריכים פון א מת, און דער קישן (זאָטל) פון אן אייזל מעגן זיין פון כלאים, **די גמרא (נדה ס״א) זאָגט דערויף אז ווען א מענטש שטארבט איז ער באפרייט פון אלע מצוות. דאָס וואָרט ״תכריכין״ איז פון ״כרך״ ״איינוויקלן״, ווייל מען וויקלט אין זיי איין דעם מת. מרדעת איז דער טייטש א זאָטל, און ווייל עס איז הארט דערויף צו זיצן איז עס ניט אסור צוליב שעטנז.** לא, מען טאָר ניט נעמען אויף דעם אקסל א זאָטל (פון שעטנז) אפילו ארויסצופירן אויף אים מיסט. **צוליב דעם פאר־באָט (אין ויקרא י״ט) ״לא יעלה עליך״, ״עס זאָל ניט ארויפקומען אויף דיר״ קיין שעטנז. די מפרשים טייטשן, אז ער נעמט אויף זיך דעם זאָטל, כדי דאָס מיסט זאָל ניט פארפלעקן זיינע מלבושים.**

ה. מוכרי, הענדלער וועלכע פארקויפן קליידער מעגן פארקויפן (שעטנז־קליידער) ווי זייער שטייגער איז. **דאָס הייסט, אפילו אָנטאָן אויף זיך דאָס קלייד כדי צו ווייזן דעם קויפער, ווי דאָס קלייד זעט אויס.** ובלבד, אָבער זיי טאָרן ניט אין זינען האָבן (צו שיצן זיך דורך אָנטאָן דאָס קלייד) אויף דער זון קייגן דער זון און אויפן רעגן קייגן דעם רעגן. **די הענדלער מעגן נור נעמען אויף זיך די שעטנז־מלבושים, ווען זיי האָבן ניט פון אָנטאָן קיין שום הנאה פאר זייער קערפּער, און עס איז נור צו ווייזן זיי דעם קויפער. אָבער אויב דערביי ווילן זיי, אז דאָס קלייד זאָל זיי שיצן פון די זון־שטראַלן אָדער זיי זאָלן ניט ווערן בארעגנט, טאָרן זיי ניט, ווייל דאָס הייסט דאָך, אז זייער קערפּער האָט הנאה פון דעם שעטנז־מלבוש.** והצנועין, און די גאָר פרומע (הענדלער) פארוואַרפן די שעטנז־קליידער הינטער זיך (אויף דער פלייצע) מיט א שטעקן. **דאָס וואָרט ״צנועין״, גאָר פרומע (פון פסוק אין מיכה ו׳ ״והצנע לכת עם אלקיך״, באשיידן גיין מיט דיין גאָט), האָבן מיר געהאט אין דמאי פרק ו׳ משנה ו׳ (״וצנועי בית הלל״). די גאָר פרומע קליידער־הענדלער האָבן געטראָגן די**

**ו. תופרי כסות תופרין כדרכן, ובלבד שלא יתכוונו בחמה מפני החמה ובגשמים מפני הגשמים, והצנועים תופרין בארץ.**
**ז. הברסין והברדסין והדלמטקיון ומנעלות הפינון, לא ילבש בהן עד שיבדוק. ר׳ יוסי אומר, הבאים מחוף הים וממדינת הים אינן צריכים בדיקה, מפני שחזקתן בקנבוס. ומנעל של זרד אין בו משום כלאים.**
**ח. אין אָסור משום כלאים אלא טווי ואָרוג, שנאמר ,,לא תלבש**

---

שעטנז־קליידער אויף א שטעקן אויף זייערע פלייצעס, כדי דער שטעקן זאָל מפסיק זיין צווישן די שעטנז־קליידער און דעם קערפּער.

ו. תופרי כסות, שניידערס וואָס נייען קליידער (פון שעטנז) מעגן זיי נייען ווי זייער שטייגער איז (האלטן די קליידער אויף דער קני); אָבער זיי זאָלן ניט אין זינען האָבן צו שיצן זיך (דורך די קליידער) אויף דער זון קייגן דער זון און אויפן רעגן קייגן רעגן; און די גאָר פרומע (שניידערס) האָבן גענייט אויף דער ערד. **אין ארץ ישראל און בכלל אין די וואַרימע לענדער ארבייטן די בעלי מלאכות מערסטנס אין דרויסן. זאָגט די משנה אז אויב ביים האלטן די קליידער צום נייען אויף דער קני האָט דער שניידער אין זינען דערוויל צו שיצן די פיס פון די זון־שטראַלן אָדער פון רעגן, טאָר מען ניט. די גאָר פרומע, די צנועין, פלעגן נייען האלטענדיק דאָס שעטנז קלייד אויף דער ערד. אין יענע צייטן, און אויך היינט ביי טייל מענטשן אין די מזרח לענ־דער, ווערט די ארבייט ניט געטאָן אויף א טיש נאָר אויף דער ערד.**

ז. הברסין, דינע וואָלענע קאָלדרעס, והברדסין, דיקע וואָלענע קאָלדרעס, והדלמטיקיון, וואָלענע הויזן פון דאלמאציע, ומנעלות הפינון, שיך פון וואָל־אָפּפאַל, זאָל מען ניט אָנטאָן סיידן מען איז זיי בודק (צי זיי האָבן ניט קיין פלאקס אין זיך). **,,ברסין און ,,ברדסין״ און ,,דלמטיקיון״ זענען די נעמען פון לענדער אָדער שטעט, פון וואַנען די אלע וואָל־מלבושים שטאַמען. ,,פינון״ זאָל זיין, לויט דער מיינונג פון ,,מוסף הערוך״, דער וואָל־אָפּפאַל. די משנה זאָגט, אז מען דאַרף זיי אונטערזוכן, צי זיי זענען ניט גענייט מיט פלאקס־פעדים.** ר׳ יוסי זאָגט, אז די (וואָל־קליידער) וועלכע קומען פון ים־ברעג און פון יענער־זייט־ים־לענדער, דאַרף מען ניט בודק זיין, מחמת עס איז אָנגענומען זיי צו נייען מיט קאַנאַפּיעס־פעדים. **אין ארץ ישראל זענען דע־מאָלס די פּאָרט־שטעט ביים מיטלענדישן ים (קיסרי, יפו) געווען גרויסע האנדלס־שטעט און אין זיי זענען אויך געווען פאבריקן פון סחורות און דורך זיי האָט מען אויך געבראַכט סחורות פון לענדער אין יענער זייט ים (מדינת הים). זאָגט ר׳ יוסי, אז וועגן די דאָזיקע וואָל־קליידער וועלכע קומען סיי פון די פּאָרט־שטעט און סיי פון לענדער פון יענער זייט ים ווייסט מען, אז מען נייט זיי מיט קאַנאַפּיעס־פעדים, און דעריבער דאַרף מען זיי ניט בודק זיין,** ומנעל של זרד, א שיך אויסגעבעטט מיט וואָל איז ניטאָ אין אים צוליב כלאים. **טייל זענען גורס ,,זרב״, און דער טייטש איז אויך דערזעלבער, א שיך, וואָס אויף די זוילן אינוועניג ליגט א שטיקל וואָל. דער ברטנורא טייטשט, אז מען דאַרף ניט מורא האָבע טאָמער האָט מען דאָרט אריינגעטאָן אויך פלאקס. דער רמבם טייטשט, אז ווייל דער פוס־טריט פון מענטש איז הארט שאַדט ניט אפילו אויף דער זויל איז יאָ דאָ שעטנז, ווייל דער פוס האָט סיי ווי ניט קיין הנאה דערפון. דער ר״ש טייטשט גאָר, אז ,,זרד״ מיינט, אז עס איז אויסגעבעבט מיט פלאקס, און מען דאַרף ניט מורא האָבן טאָמער האָט מען צוגעמישט וואָל.**

ח. אין, עס איז ניט אסור צוליב כלאים (שעטנז) נאָר ווען עס איז געשפּינען און געוועבט, ווארום עס שטייט (דברים כ״ב) ,,זאָלסט ניט אָנטאָן שעטנז״, א זאַך, וואָס איז שוע, גליאַטיק, טווי, געשפּינען, ונוז, און געוועבט. **די משנה לערנט, אז אויב מען מישט צונויף רויהע וואָל מיט רויהען פלאקס און מען טוט אָן דעם דאָזיקן געמיש הייסט דאָס ניט קיין שעטנז; דער איסור איז ווען דער וואָל איז געשפּינען אין פעדים**

**שעטנז״, דבר שהוא שוע, טווי ונוז. ר׳ שמעון בן אלעזר אומר, נלוז ומליז הוא את אביו שבשמים עליו.**

**ט. לבדים אסורים, מפני שהם שועים. פיו של צמר בשל פשתן אָסור, מפני שהם חוזרין באריג. ר׳ יוסי אומר, משיחות של ארגמן אסורות, מפני שהוא מולל עד שלא קושר. לא יקשור סרט של צמר בשל פשתן לחגור בו את מתניו, אף על פי שהרצועה באמצע.**

**י. אותות הגרדין ואותות הכובסין אסורות משום כלאים. התוכף**

---

און געוועבט און דאָסזעלבע אויך דער פלאַקס. טייל האַלטן אַז עס איז גענוג אָדער געשפּינען אָדער צוזאַמגעדרייט אין פעדים (גמרא נדה ס״א). די משנה טייטשט איין דאָס וואָרט „שעטנז״, אַז דאָס איז די ראשי תבות פון „שוע״, גליאַטיק, דער וואָל זאָל זיין געקעמט גליאַטיק, „טווי״, געשפּינען, און „נוז״, צוזאַמגעדרייט (אָדער גע־וועבט). ר׳ שמעון בן אלעזר זאָגט, אַז דאָס („נז״) מיינט אַז ער (דער מענטש וואָס טוט אָן שעטנז איז אַליין פאַרקרימט און ער פאַרקרימט אויף זיך דעם פאָטער אין הימל. ר׳ שמעון בן אלעזר איז געווען אין דער צייט פון רבי, דעם מסדר פון דער משנה. מיט דעם „פאָטער אין הימל״ מיינט מען גאָט.

ט. לבדים, פילצן (קלייד־מאַטעריאַל פון צוזאַמגעפּרעסטן וואָל) זענען אסור (צו נייען מיט פלאַקס, מחמת שעטנז) ווייל זיי זענען גליאַטיק (געקעמטער וואָל). רש״י און דער רמבם זאָגן, אַז עס איז אסור מדאורייתא, ווייל דאָס וואָס די משנה האָט פריער געזאָגט אַז „שעטנז״ מיינט געקעמט גליאַטיק, געשפּינען, געדרייט מיינט מען אָדער געקעמט גליאַטיק, אָדער געשפּינען, אָדער געדרייט. דער רמב״ן און אַנ־דערע זאָגן, אַז עס איז אסור נאָר מדרבנן, ווייל מדאורייתא מוז מען האָבן אַלע דריי צו־זאַמען, גליאַטיק, געשפּינען און געדרייט. פּיו, אַ זוים פון וואָל צו אַ קלייד פון פלאַקס איז אסור, ווייל ער (דער זוים) נעמט אַרום דאָס געוועב (פון קלייד). טייל זענען גורס ניט „פיו״, נאָר „פיף״, און דער טייטש פון ביידע איז אַ זוים, וואָס מען מאַכט אַרום אַ מלבוש אונטן, ביים סוף, כדי עס זאָל זיין שענער. זאָגט די משנה, אַז אַ זוים פון וואָל אין אַ קלייד פון פלאַקס הייסט שעטנז, ווייל ער נעמט אַרום דאָס קלייד; „חוזרין״ הייסט „אַרומגיין״, אַרומנעמען. עס זענען פאַראַן נאָך טייטשן, און אַלע זענען שווער. ר׳ יוסי זאָגט, אַז שטריק פון רויטן וואָל זענען אסור (אַרומצובינדן זיך מיט זיי איבער אַ כאַלאַט פון פלאַקס) ווייל ער טשעפּעט־צו (מיט אַ נאָט, די שטריק צום כאַלאַט) איי־דער ער בינדט זיך מיט זיי אַרום. „משיחות״ איז דער טייטש „שטריק״, „גאַרטל״; „אַרגמן״ איז דער טייטש „רויט געפאַרבטער וואָל״. „מולל״ הייסט „צוטשעפּן לייכט מיט אַ נאָט״, אַ „לייכטן צונייען״. די משנה זאָגט, אַז ווייל געוויינליך טשעפּעט מען צו דעם גאַרטל צום כאַלאַט, אפילו נור לייכט צוגענייט, הייסט עס שוין שעטנז. לא יקשור, מען טאָר ניט צוקניפּן אַ גאַרטל פון וואָל צו (אַ גאַרטל) פון פלאַקס, כדי אַרומ־צובינדן זיך מיט אים די לענדן, כאָטש אין דער מיט איז פאַראַן אַ פּאַסעק (פון לעדער). אויב איינער האָט צוויי קורצע גאַרטלען, איינעם פון וואָל און איינעם פון פלאַקס, און כדי זיך אַרומצובינדן מוז ער האָבן ביידע, טאָר ער ניט צוקניפּן דעם וואָלענעם גאַרטל צום פלאַקסענעם גאַרטל, אפילו ווען צווישן זיי איז מפסיק אַ פּאַסעקל פון לעדער; מחמת ביים אַרומבינדן זיך מוז ער דאָך די ביידע עקן פון די גאַרטלען פאַרבינדן, און דאָס איז שוין שעטנז.

י. אותות הגרדין, צייכנס פון וועבערס, ואותות הכובסין, און צייכנס פון וועש־ערס זענען אסור צוליב כלאים. ווען וועבערס באַקומען וואָל צו וועבן אַ קלייד, אָדער וועשערס באַקומען קליידער צו וואַשן, טשעפּן זיי צו צו די קליידער שטיקלעך פלאַקס אַלס צייכן צו וועמען די קליידער געהערן. זאָגט די משנה, אַז דאָס הייסט שעטנז. התוכף, אַז איינער טשעפּעט צונויף מיט איין נאָט 2 קליידער (ער ציט נור אַדורך מיטן

**תכיפה אחת אינה חבור, ואין בה משום כלאים. והשומטה בשבת פטור. עשה שני ראשיה לצד אחד — חבור, ויש בה משום כלאים, והשומטה בשבת חייב. ר׳ יהודה אומר, עד שישלש. השק והקופה מצטרפין לכלאים.**

נאָדל־פאָדעם איינמאָל), הייסט עס ניט (אז די צוויי קליידער זענען) באהאפטן צוזאמען. **דאָס איז אן אונטערשיד אין דינים פון טומאה און טהרה. אויב א טמא רירט אָן** איין קלייד, ווערט דאָס צווייטע קלייד ניט טמא. **ואין, און עס איז ניטאָ** דערביי דער איסור פון כלאים. **אויב איין קלייד איז פון וואָל און איינס איז פון פלאקס הייסט עס ניט, אז די קליידער זענען צונויפגעגנייט צוזאמען און עס איז ניט דעריבער קיין שעטנז.** והשומטה, און אז איינער ציט צוריק ארויס (דעם פאָדעם) אים שבת איז ער פטור. **פונקט ווי מען טאָר ניט נייען אים שבת אזוי טאָר מען ניט אויפטרענען די נאָט, ווייל עס הייסט „קורע״, צערייסן, וואָס איז א מלאכה. זאָגט די משנה, אז אויב מען האָט נור איין מאָל אדורכגעצויגן דעם פאָדעם הייסט עס ניט צוגענייט, און ממילא הייסט דאָס צוריק ארויסציען דעם פאָדעם ניט ארויסגעטרענט, און אויב מען טוט עס איז מען פטור פון א שטראָף פאר חילול שבת, פאר טאָן א מלאכה אים שבת.** עשה, אויב ער האָט ביידע עקן (פון פאָדעם) ארויסגעצויגן אין איין זייט (ער האָט געגעבן צוויי שטעך, איינעם אהין און איינעם צוריק, אזוי אז ביידע עקן פון פאָדעם זענען אין איין זייט), הייסט עס (אז ביידע קליידער זענען) באהאפטן צוזאמען (זיי הייסן איין קלייד בנוגע טומאה און טהרה), און זיי זענען אסור צוליב כלאים (אויב איין קלייד איז פון פלאקס און איינס פון וואָל הייסט עס שעטנז), און דער וואָס ציט ארויס דעם פאָדעם אים שבת איז חייב (ווייל דאָס הייסט, אז ער האָט געטאָן אים שבת א מלאכה, ער האָט אויפגעטרענט). **אויב מען איז געגאנגען מיטן נאָדל־פאָדעם איינמאָל אהין און איינ־מאָל צוריק הייסט עס יאָ, אז די צוויי קליידער זענען באהאפטן צוזאמען, און זיי זענען ווי איין קלייד.** ר׳ יהודה זאָגט, אז מען מוז גיין (מיטן נאָדל־פאָדעם) דריי מאָל. **ר׳ יהודה האלט, אז עס ניט צונויפגענייט סיידן מען גייט מיטן נאָדל־פאָדעם איינ־מאָל אהין און איינמאָל צוריק און איינמאָל ווידער אהין.** השק, א זאק, והקופה, און א קויש, ווערן פאררעכנט צוזאמען וועגן כלאים. **די משנה האָט עטליכע פירושים. איין פירוש** (פון ר״ש) **איז, אז אויב צו א קויש איז געווען צוגעבינדן א שטריקל פון וואָל, און צו א זאק איז געווען צוגעבינדן א שטריקל פון פלאקס, און מען האָט די דאָזיקע צוויי שטריקלעך צוזאמען־געגנייט, כדי מען זאָל קאָנען טראָגן דעם קויש און דעם זאק צוזאמען, הייסט עס שעטנז און מען טאָר זיי ניט טראָגן. דער רמב״ם טייטשט, אז אויב מען טשעפּעט צו א קלייד פון וואָל מיט א קלייד פון פלאקס דורך א שטיקל קויש אָדער אשטיקל זאק הייסט עס שעטנז.**

סליק מסכת כלאים — געענדיקט מסכת כלאים

# מסכת שביעית

## פרק א.

**א. עד אימתי חורשין בשדה האילן ערב שביעית? בית שמאי אומרים כל זמן שהוא יפה לפרי; ובית הלל אומרים, עד העצרת. וקרובין דברי אלו להיות כדברי אלו.**

**ב. איזהו שדה האילן? כל שלשה אילנות לבית סאה, אם ראויין**

---

# מסכת שביעית

## הקדמה

די תורה אין שמות כ״ג און ויקרא כ״ה זאָגט, אז זעקס יאָר זאָל מען פארזייען די פעלדער, און דאָס זיבעטע יאָר זאָלן די פעלדער און די גערטנער רוהען; מען טאָר זיי ניט באארבייטן. די פרוכטן און תבואות, וואָס וואקסן יאָ אין דעם יאָר, פון זיך אליין, זענען הפקר פאר אלע. אלע מעגן זיי נעמען. דאָס דאָזיקע זיבעטע יאָר, רופט אָן די משנה „שביעית״, „זיבעטע״. אין חומש דברים ט״ו ווערט דאָס דאָזיקע יאָר אָנגערופן „שמיטה״, וואָס איז דער טייטש, אָפּזאָגן זיך, און די תורה זאָגט אָן, אז אויב מען באַרגט איינעם געלד זאָל מען נאָכן זיבעטן יאָר ניט מער מאָנען דעם חוב. דערפון הייסט דאָס זיבעטע יאָר אויך שמיטה, און אזוי רופט מען עס אין יידיש, און אויך מיר אין דער איבערזעצונג פון דער משנה און אין דעם פירוש וועלן רופן דאָס יאָר „שמיטה״. אין דער מסכת „שביעית״ ווערן געגעבן די דינים וועגן שמיטה־יאָר.

## פרק א.

א. עד אימתי, ביז ווען מעג מען אקערן אין א פעלד מיט ביימער ערב שמיטה? די משנה טיילט דאָ איין פעלדער אין צוויי סאָרטן. איינער איז „שדה אילן״, א פעלד, אין וועלכן עס וואקסן ביימער, מייסטנס ביימער מיט פרוכטן; דער צווייטער איז „שדה לבן״, א פעלד אין וועלכן עס וואקסט תבואה. „לבן״ איז דער טייטש „ווייס״, ווייל די קאָליר פון תבואה איז העל, ווייסער פון פרוכטן; אָדער ווייל תבואה־פעלד האָט ניט קיין שאָטן. דער דין איז, אז ניט נור טאָר מען ניט אקערן קיין פעלד, סיי א פעלד מיט ביימער, סיי א פעלד פון תבואה, אים שמיטה זעלבסט אים זיבעטן יאָר, נאָר מען טאָר אויך ניט אקערן עטליכע חדשים ערב שמיטה, אין 6טן יאָר, ווייל דאָס דאָזיקע אקערן אים 6טן יאָר גרייט צו דאָס פעלד פאר דעם קומענדיקן שמיטה־יאָר, און דאָס טאָר מען ניט. פרעגט די משנה, ביז וועלכער צייט מעג מען יאָ אקערן אין א פעלד מיט ביימער אים 6טן יאָר מחמת דאָס אקערן ביז דער דאָזיקער צייט איז ניט כדי די ביימער זאָלן גוט זיין אין דעם שמיטה־יאָר, נאָר פאר די ביימער אין 6טן יאָר זעלבסט? (וועגן תבואה־פעלדער וועט די משנה לערנען אין פרק ב׳). דערויף ענט־פערט די משנה: בית שמאי זאָגן: אזוי לאנג ווי עס איז גוט צו די פרוכטן. מען מעג אזוי לאנג אקערן דעם 6טן יאָר ווי לאנג מען ווייסט, אז דאָס דאָזיקע אקערן פארבע־סערט די פרוכטן אויף די ביימער אים 6טן יאָר. ובית הלל, אָבער די בית הלל זאָגן: ביז שבועות. אָבער נאָך שבועות טאָר מען ניט. אין דער משנה ווערט דער יום טוב שבועות אָנגערופן „עצרת״. וקרובין, און די ווערטער פון די (בית הלל) זענען נאָענט צו ווערטער פון די (בית שמאי). די משנה זאָגט דאָ, אז די מיינונגען פוןביידע זענען כמעט דיזעלבע, ווייל ביז שבועות איז דאָס אקערן די פעלדער מיט ביימער גוט פאר די פרוכטן פון 6טן יאָר. אין פרק ב׳ וועלן מיר לערנען, אז א תבואה פעלד מעג מען אקערן ביז פסח. מיר לערנען אין דער גמרא מועד קטן ג׳ אז רבן גמליאל הנשיא, (ווארשיינליך, דער זון פון רבי, דעם מסדר פון דער משנה) צוזאמען מיט זיין בית דין, האָבן מבטל געמאכט דעם דאָזיקן איסור ניט צו אקערן פעלדער אין 6טן יאָר.

ב. איזהו, וואָס הייסט א ביימער־פעלד? וויפיל ביימער דארפן זיין אין א פעלד, און וויפיל פרוכטן דארפן וואקסן אויף די ביימער, כדי עס זאָל הייסן א פעלד פון ביי־

**לעשות ככר דבלה של ששים מנה באיטלקי, חורשים כל ׳בית סאה בשבילן; פחות מכאן, אין חורשין להם אלא מלוא האורה וסלו חוצה לו.**
**ג. אחד אילן סרק ואחד אילן מאכל, רואין אותן כאלו הם תאנים; אם ראויין לעשות ככר דבלה של ששים מנה באיטלקי, חורשים כל בית סאה בשבילן; פחות מכאן, אין חורשים להם אלא לצרכן.**

---

מער?כל שלשה, אויב עס זענען פאראן (ניט ווינציקער) פון דריי ביימער אויף א פעלד די גרויס פון א בית סאה און זיי (די ביימער) זענען פעהיג ארויסצוגעבן א לאבן געפרעסטע פייגן, וועלכער וועגט זעכציק איטאליענישע מנה־מטבעות, מעג מען אקערן פאר זייערטוועגן (ביז שבועות) דאָס גאנצע בית־סאה פעלד. „בית סאה״ הייסט **א פעלד, וואָס איז אזוי גרויס, אז כדי עס צו פארזייען דארף מען פארנוצן א סאה תבואה. מען האָט אפגעשאצט אז אזא פעלד האלט 50 איילן די לענג אויף 50 איילן די ברייט. „ככר דבלה״ הייסט א קיילעכיקער לאבן („ככר״ א לאבן ברויט) פון געפרעסטע פייגן. מנה איז 100 דינר, און דאָס איז א מטבע, און אמאָל פלעגט מען וועגן מיט מטבעות; די מפרשים זאָגן, אז 60 מנה איז לערך 50 פונט. זאָגט דאָ די משנה, א „ביימער־פעלד״ הייסט אזא פעלד, וואָס אויף א שטח פון 50 איילן אויף 50 איילן (2500 איילן) זענען פאראן ניט ווינציקער פון דריי ביימער, און אויף די ביימער קאָנען וואקסן פייגן אזוי פיל, אז ווען מען פרעסט צונויף די פייגן זאָל זיין פון זיי א לאבן וועלכער וועגט ניט ווינציקער פון 60 איטאליענישע מנה־מטבעות. דער ר״ש טייטשט, אז אויף יעדן בוים זאָל נואקסן אזוי פיל פייגן; אָבער דער רמב״ם טייטשט, אז אויף אלע דריי ביימער צוזאמען.** פחות מכאן, אויב (עס איז פאראן( ווינציקער דערפון (ווינציקער ביימער, אָדער ווינציקער פייגן), מעג מען אקערן (דאָס פעלד ביז שבועות) פאר זיי (די ביימערס וועגן) נאָר אזוי פיל אָרט (ארום יעדן בוים) וויפיל עס פארנעמט דער מענטש, וואָס רייסט די פייגן פון די ביימער און זיין קויש אין דרויסן פון אים. **אין לשון קודש זענען פאראן עטליכע ווערטער פאר אראָפרייסן פארשידענע פרוכטן; אָפרייסן פייגן הייסט „ארה״, און דער פייגן־אָפרייסער הייסט „אורה״. זאָגט די משנה, אז אויב עס זענען פאראן ווינציקער ביימער, אָדער זיי קאָנען ניט ארויסגעבן גענוג פייגן, מעג מען אקערן ארום יעדן בוים בלויז אזא קליין שטיקל פעלד, אויף וועלכן עס קאָן שטיין דער פייגן־אָפרייסער און אויך דער קויש, אין וועלכן ער ווארפט אריין די פייגן. דאָס איבריקע פעלד האָט דעם דין ווי תבואה־פעלד און מען מעג עס אקערן נור ביז פסח, ווי עס לערנט די משנה פרק ב׳ משנה א׳. וועגן דעם „חוצה לו״, אין דרויסן פון אים, זענען פאראן צוויי פירושים. דער ברטנורא טייטשט, אז דאָס וואָרט „לו״, גייט ארויף אויף דעם בוים, און דאָס הייסט „דער פלאץ אין דרויסן פון בוים״. דער „תפארת ישראל״ זאָגט, אז „לו״ מיינט מען דעם מענטש, און ער טייטשט „און דער קויש זאָל שטיין אין דרויסן פון דעם פייגן־אָפרייסער״, מחמת אזוי ארום פארנעמט עס מער פלאץ, ווי ווען דער קויש זאָל שטיין צווישן דעם מענטש און דעם בוים. מען נעמט אָן אז דאָס מיינט מען צוויי איילן. — איצט איז די שאלה: דאָס איז אלץ, אז די ביימער זענען פייגן־ביימער. ווי איז אָבער אז זיי זענען אנדערע ביימער? דערויף ענטפערט די משנה ג׳:**

ג. אחד, סיי עס געפינען זיך (אויף דעם פעלד) ביימער „אילן סרק״, אויף וועלכע עס וואקסן אינגאנצן ניט קיין פרוכטן, און סיי ביימער „אילן מאכל״, אויף וועלכע עס וואקסן פרוכטן, באטראכט מען זיי, ווי זיי וואָלטן געווען פייגנביימער, און אויב (ווען זיי וואָלטן געווען פייגנביימער) זענען זיי פעהיג ארויסצוגעבן א לאבן געפרעסטע פייגן, וועלכער וועגט 60 איטאליענישע מנה־מטבעות, מעג מען אקערן פאר זייערטוועגן (ביז שבועות) דאָס גאנצע בית־סאה־פעלד; אויב ווינציקער דערפון (ווינציקער פון די ביימער אָדער ווינציקער פון דער וואָג פייגן) מעג מען אקערן ארום

**ד. היה אחד עושה ככר דבלה ושנים אין עושין, או שנים עושין ואחד אינו עושה — אין חורשין להם אלא לצרכן, עד שיהיו משלשה ועד תשעה. היו עשרה, מעשרה ולמעלה — בין עושין בין שאינן עושין, חורשין כל בית סאה בשבילן, שנאמר „בחריש ובקציר תשבות״, אין צורך לומר חריש וקציר של שביעית, אלא חריש של ערב שביעית שהוא נכנס בשביעית וקציר של שביעית שהוא יוצא למוצאי שביעית.**

---

דיביימער נאָר וויפיל זיי דארפן. די מפרשים זאָגן, אז „וויפיל זיי דארפן״ איז אויך דערזעלבער שטח וואָס „וויפיל עס פארנעמט דער פייגן־אראָפּרייסער און דער קויש אויסער אים״, דאָס הייסט צוויי איילן.

ד. „היה, אויב איין בוים קאָן ארויסגעבן א לאבן געפּרעסטע פייגן און די איבריקע צוויי קאָנען ניט ארויסגעבן, אָדער צוויי ביימער קאָנען ארויסגעבן און דער דריטער קאָן ניט ארויסגעבן, טאָר מען ניט אקערן (דאָס פעלד) סיידן פאר זייערטוועגן (נאָר ארום די ביימער אליין צו צוויי איילן ארום יעדן בוים). אין דער דאָזיקער משנה איז פאראן נאָך א גירסא „היה אחד עושה או ב׳ עושין״, דאָס הייסט, אויב עס איז מער ניטאָ ווי איין בוים אָדער צוויי ביימער, נאָר זיי (דער איינער אָדער די צוויי) קאָנען ארויסגעבן אַ לאבן געפּרעסטע פייגן פון 60 מנה־מטבעות; און די משנה זאָגט, אז עס מוזן דוקא זיין דריי ביימער. עד שיהיו, דאָס (דער דאָזיקער דין, אז די ביימער מוזן קאָנען ארויסגעבן א לאבן געפּרעסטע פייגן, וואָס וועגט 60 מנה־מטבעות) איז ווען עס זענען פאראן ביימער פון דריי ביז ניין. טייל מפרשים טייטשן, אז אויב צווישן די 9 ביימער אין דעם בית־סאה־פעלד זענען פאראן דריי וועלכע קאָנען ארויסגעבן דעם לאבן פייגן מעג מען שוין אקערן דאָס גאנצע בית־סאה פעלד. היו עשרה, אויב אָבער עס זענען פאראן (אין דעם בית־סאה־פעלד) צען (ביימער), אָדער פון צען ביימער אָן און מער, איז סיי זיי קאָנען ארויסגעבן (פייגן) סיי זיי קאָנען ניט ארויסגעבן (פייגן), מעג מען אקערן דאָס גאנצע בית־סאה־פעלד צוליב זיי (צוליב די ביימער). ווייל אין אזא פאל ווערט דאָס גאנצע פעלד בטל צו די ביימער. — איצט ברענגט די משנה א ראיה פון חומש, אז אויך עטליכע חדשים ערב שמיטה, אין 6טן יאָר טאָר מען ניט אקערן דאָס פעלד, מחמת דאָס אקערן קאָן ברענגען דעם פעלד נוצן אים שמיטה־יאָר; שנאמר, ווייל עס שטייט (שמות ל״ד) „בחריש ובקציר תשבות״, „אין אקערן און שניידן זאָלסטו רוהען״; דארף דאָך (דער פסוק) ניט זאָגן, אז מען טאָר ניט אקערן און שניידן אים שמיטה־יאָר (מחמת וועגן דעם האָט דאָך דער פסוק שוין אָנגעזאָגט אין ויקרא כ״ה), נאָר (דער דאָזיקער פסוק) מיינט דעם אקער פון ערב שמיטה (אין זעקסטן יאָר) וואָס גייט אריין אין שמיטה און דאָס שניידן פון שמיטה־יאָר וואָס גייט ארויס אין מוצאי־שמיטה (דעם יאָר נאָך שמיטה). דער דאָזיקער דרש פון פסוק באשטייט פון צוויי טיילן. דער פסוק איז אין שמות ל״ד, כ״א, און ער רעדט וועגן שבת „ששת ימים תעבוד וביום השביעי תשבות, בחריש ובקציר תשבות״, „זעקס טעג זאָלסטו ארבייטן, און דעם זיבעטן טאָג זאָלסטו רוהען, אין אקערן און שניידן זאָלסטו רוהען״. מען וואָלט געקאָנט מיינען, אז אויך די ווערטער „אין אקערן און שניידן זאָלסטו רוהען״ גייען ארויף אויף דעם טאָג שבת, אז מען טאָר ניט אין אים אקערן און שניידן די פעלדער. אָבער ווייל וועגן שבת איז שוין געזאָגט געוואָרן אין שמות כ׳, אז מען דארף רוהען, לערנט דעריבער די משנה, אז מיט די דאָזיקע ווערטער פון פסוק מיינט מען אים שמיטה־יאָר, אז מען טאָר ניט אקערן און שניידן די פעלדער. אָבער אויך וועגן שמיטה־יאָר איז שוין פאראן א פסוק אין ויקרא כ״ה, אז מען טאָר אין דעם יאָר ניט באארבייטן די פעלדער, צו־וואָס זשע דארף מען דאָ האָבן נאָך א פסוק, אז מען טאָר ניט אקערן און שניידן? דעריבער זאָגט די משנה, אז דער פסוק וויל דאָ לערנען אז מען טאָרניט אקערן אויך א געוויסע צייט, עטליכע חדשים, אין

**ר׳ ישמעאל אומר, מה חריש רשות אף קציר רשות, יצא קציר העומר.**
**ה. שלשה אילנות של שלשה אנשים, הרי אלו מצטרפין, וחורשין כל בית סאה בשבילן. וכמה יהא ביניהם? רבן (שמעון בן) גמליאל אומר, כדי שיהא הבקר עובר בכליו.**
**ו. עשר נטיעות מפוזרות בתוך בית סאה. חורשין כל בית סאה**

---

ערב־שמיטה־יאָר, אין 6טן יאָר, מחמת דאָס דאָזיקע אַקערן איז גוט פאַר דעם פעלד אין שמיטה־יאָר, עס „גייט אריין אין שמיטה־יאָר״; און אַז מען טאָרניט שניידן אין מוצאי שמיטה, אין דעם יאָר נאָך שמיטה, אין 8טן יאָר, אַזא תבואה, וואָס איז פאַר־זייט געוואָרן אָדער איז געוואַקסן אים שמיטה־יאָר און וואָס „גייט ארויס אין מוצאי שמיטה״. ר׳ ישמעאל זאָגט, אַז (דער פסוק מיינט) פונקט ווי אַקערן איז נור א רשות, (אויב מען וויל), אַזוי מיינט מען שניידן נאָר א רשות, און אַן אויסנאַם איז דאָס שניידן פון עומר, וואָס איז א מצוה. ר׳ ישמעאל האַלט, אַז דער פסוק אין שמות ל״ד „אין אַקערן און שניידן זאָלסטו רוהען״ גייט ניט ארויף אויף שמיטה, נאָר אויף שבת, און דאָס הייסט, אַז מען טאָר אים שבת ניט אַקערן און ניט שניידן. איי איז דאָך די קשיא, צו־וואָס דאַרף מען האָבן דעם פסוק, אַז מיר האָבן דאָך שוין א פסוק אין שמות כ׳, אַז מען דאַרף רוהען אים שבת? דערויף ענטפערט ר׳ ישמעאל, אַז דער חומש האָט צוגעגעבן דעם דאָזיקן פסוק, כדי צו לערנען, אַז דאָס „שניידן״ דאַרף זיין גלייך צום „אַקערן״, אַז נאָר דעמאָלט טאָר מען ניט שניידן אים שבת קיין תבואה פון פעלד, ווען דאָס „שניידן״ איז א רשות, פונקט ווי דאָס „אַקערן״ מחמת „אַקערן״ איז שטענדיג א רשות, אויב מען וויל אַקערט מען, און אויב מען וויל ניט אַקערט מען ניט, און עס איז ניט פאַראַן אַזא פאַל, ווען עס איז א מצוה צו אַקערן. אַזוי טאָר מען ניט שניידן קיין תבואה אים שבת נאָר דעמאָלט ווען דאָס שניידן איז א „רשות״, און מען „מוז״ ניט שניידן. אָבער אין א פאַל, ווען דאָס שניידן תבואה איז א מצוה, דהיינו, מען דאַרף שניידן תבואה צו ברענגען דערפון אין בית המקדש דעם קרבן עומר (א מעסטל גערשטן) דעם 16טן טאָג אין ניסן, מעג מען יאָ שניידן די תבואה אפילו אים שבת.

ה. שלשה, דריי ביימער פון דריי מענטשן (יעדער בוים געהערט צו איינעם), ווערן פאַררעכנט צוזאַמען (אויב זיי זענען אין איין בית־סאה־פעלד) און מען אַקערט (ביז שבועות) דאָס גאַנצע בית־סאה־פעלד צוליב זיי. די דריי ביימער ווערן באַטראַכט ווי זיי וואָלטן געהערט צו איין מענטש, און דאָס פעלד הייסט דעריבער א פעלד פון ביימער. — איצט פרעגט די משנה בכלל וועגן אַלע פריערדיקע דינים וועגן דריי ביי־מער אין א בית־סאה־פעלד. וכמה, וויפיל דאַרפן זיין די ביימער אָפּגערוקט איינער פון אַנדערן? מחמת דער שכל זאָגט דאָך, אַז דאָס מיינט מען ניט אַז די דריי ביימער קאָ־נען זיין אין איין ווינקל פון דעם בית־סאה־פעלד. ענטפערט די משנה: ר׳ גמליאל זאָגט, אַז (זיי דאַרפן זיין אָפּגערוקט) אַזוי פיל דאָס די אַרבייטס־בהמות (וועלכע אַקערן) זאָלן קאָנען אַדורכגיין מיט זייערע אַקער־כלים. „בקר״ איז דער טייטש „רינדער״, און דאָ מיינט די פאַר אָקסן, וועלכע אַקערן. טייל זענען מנקד „בקר״ מיט א פתח אונטער־דער „ב״ און דער טייטש איז „דער מענטש וואָס פירט די אָקסן״. די מפרשים זאָגן, אַז דער שיעור איז 4 איילן, אויב אָבער עס איז ניטאָ צווישן איין בוים און דעם אַנ־דערן 4 איילן הייסט עס, אַז די ביימער וועט מען דאַרפן אויסרייסן און עס הייסט דעריבער ניט קיין ביימער־פעלד. אין דער משנה אין ירושלמי איז אַנשטאָט „רבן גמליאל״ פאַראַן „רבן שמעון בן גמליאל״.

ו. עשר, צען יונגע ביימלעך (נטיעות), פונאַנדערגעשפּרייט אין א בית־סאה־פעלד, מעג מען אַקערן צוליב זיי דאָס גאַנצע בית־סאה־פעלד ביז ראש השנה (פון שמיטה־יאָר). די גמרא (תענית ג׳) זאָגט, אַז „עשר נטיעות״, דער דין אין דער משנה,

**בשבילן עד ראש השנה. היו עשויות שורה ומוקפות עטרה, אין חורשין להם אלא לצרכן:**

**ז. הנטיעות והדלועים מצטרפין לתוך בית סאה. רבן שמעון בן גמליאל אומר, כל עשרה דלועים לבית סאה — חורשין כל בית סאה עד ראש השנה.**

**ח. עד אימתי נקראו נטיעות? ר׳ אלעזר בן עזריה אומר, עד שיחולו.**

---

אז צוליב 10 יונגעביימלעך אין א בית־סאה־פעלד מעג מען אקערן ביז ראש השנה, איז א הלכה למשה מסיני, און דערויף איז ניט פאראן קיין מחלוקה. דער ר״ש זאָגט, אז דער טעם איז, ווייל אויב מען וועט ארום די יונגע ביימלעך ניט אקערן וועלן זיי פארטריקנט און קאליע ווערן און די תורה האָט רחמנות געהאט אויף יידיש פארמעגן. היו, אויב (די צען יונגע ביימלעך זענען געשטאנען אין איין שורה (און ניט פונאנדערגעשפרייט אין דעם גאנצן פעלד) אָדער זיי זענען געשטאנען אין א ראָד (מוקפות עטרה, ווי אין א קיילעכיקער קרוין), מעג מען אקערן נאָר אזוי פיל (פעלד) וויפיל זיי דארפן האָבן. ווייל קוים זענען די יונגע ביימלעך ניט צושפרייט, זעט עס אויס ווי מען אקערט דאָס פעלד ניט פאר די ביימלעך נאָר פאר דער טובה פון פעלד. דער טייטש, וואס מיר האָבן דאָ געגעבן אויף „מוקפות עטרה״, פערפלאנצט אין א קיילעכיקער ליניע, אין א ראָד, ווי א קיילעכיקע קרוין, איז פון רמב״ם. דער ר״ש טייטשט „ארומגערינגלט מיט א צוים״.

ז. הנטיעות, יונגעביימלעך און קירביסן (דלועים, דיניעס) ווערן פארעכנט צוזאמען אין א בית־סאה־פעלד. אויב עס זענען, למשל, פאראן אין א בית־סאה־פעלד 6 יונגע ביימלעך און 4 קירביסן (דיניעס) (די ביימלעך זענען מער ווי די קירביסן) ווערט עס גערעכנט ווי עס וואָלט געווען 10 יונגע ביימלעך און מען מעג אקערן דאָס פעלד ביז ראש השנה פון שמיטה־יאָר. דער טעם איז, ווייל קירביסן וואקסן הויך מיט גרויסע בלעטער, און זיי זען אויס ווי יונגע ביימלעך. רבן שמעון בן גמליאל זאָגט, אז אויב אין אבית סאה־פעלד זענען פאראן צען קירביסן מעג מען אקערן דאָס גאנצע בית־סאה־פעלד ביז ראש השנה. לויט רבן שמעון בן גמליאל האָבן קירביסן דעמזעלבן דין וואָס יונגע ביימלעך, און אויב זיי זענען פאראן 10 אין א בית־סאה־פעלד, מעג מען אקערן. מיט קירביסן מיינט מען דאָ, לויט דעם ירושלמי, נאָר „גריכישע קירביסן״, „דלעת יונית״, וועלכע וואקסן הויך.

ח. עד אימתי, ביז ווען הייסן ביימלעך „נטיעות״, יינגע ביימלעך? ר׳ אלעזר בן עזריה זאָגט ביז זיי ווערן חולין (וואָכעדיק). דער דין איז אז די ערשטע דריי יאָר זינט מען האָט פארפלאנצט א בוים, זענען די פרוכטן פון בוים ערלה און מען טאָר זיי ניט עסן. דעם 4טן יאָר הייסן די פרוכטן „כרם רבעי״ (אָדער „נטע רבעי״), „פירט־יאָר־פרוכטן״, און מען טאָר זיי ניט עסן אויסער ירושלים, נאָר מען מוז זיי פירן קיין ירושלים און דאָרט עסן. אויב מען וויל ניט פירן די פרוכטן קיין ירושלים, קאָן מען זיי „אויסלייזן״, „מחלל־זיין״, אויסקויפן מיט געלד, און דאמאָלס ווערן די פרוכטן שוין „חולין״, „וואָכעדיק״, אָהן שום קדושה, און מען מעג זיי עסן אומעטום; נאָר דאָס געלד דארף מען אוועקפירן קיין ירושלים און דאָרט קויפן דערפאר עסנווארג און עסן. זאָגט ר׳ אלעזר בן עזריה, אז ביימלעך הייסן „נטיעות״, יונגע, ביז זיי ווערן „חולין״, וואָכעדיק, דאָס הייסט, ביז דעם 4טן יאָהר ווען מען האָט אויסגעלייזט, אויסגעטוישט זייערע פרוכטן אויף געלד, און די פרוכטן זענען געוואָרן „חולין״; אויב מען האָט ניט אויסגעלייזט, הערן־אויף די ביימלעך צו זיין יונגע, „נטיעות״, ערשט דעם 5טן יאָר, ווייל דעמאָלס זענען זיי דאָך שוין זיכער חולין. ר׳ יהושע זאָגט, אז ביז (א ביימל איז אלט) זיבן יאָר. ר׳ עקיבא זאָגט, אז „נטיעה״, „יונג״ הייסט, ווי איר נאָמען איז. דער רמבם טייטשט, אז אזוי לאנג ווי מענטשן רופן

**ר׳ יהושע אומר, בת שבע שנים. ר׳ עקיבא אומר, נטיעה כשמה. אילן שנגמם והוציא חליפין — מטפח ולמטה כנטיעה, מטפח ולמעלה כאילן, דברי ר׳ שמעון.**

## פרק ב.

**א. עד אימתי חורשין בשדה הלבן ערב שביעית? עד שתכלה הלחה, כל זמן שבני אדם חורשין ליטע במקשאות ובמדלעות. אָמר ר׳ שמעון, נתת תורת כל אחד ואחד בידו; אלא בשדה הלבן עד הפסח, ובשדה האילן עד עצרת.**

**ב. מזבלין ומעדרין במקשאות ובמדלעות עד ראש השנה. וכן בבית**

---

**דאָס ביימל „נטיעה״, „יונג ביימל.״ דער ר״ש טייטשט, אז ווען דאָס ביימל איז ניט אלט מער ווי א יאָר.** אילן, א בוים, וועלכן מען האָט אָפּגעשניטן און (איבערגעלאָזט דעם וואָרצל־שטאם און) פון אים זענען ארויסגעוואקסן נייע צווייגן (חלופין, אנדערע צווייגן אנשטאָט די ערשטע), איז אויב (די נייע צווייגן זענען ארויסגעוואקסן פון א וואָרצל־שטאם, וואָס איז) נידריקער ווי א טפח פון דער ערד, איז עס „נטיעה״, „יונ־גער בוים״, אויב אָבער פון א טפח אָן און העכער (פון דער ערד) איז עס א „בוים״, אזוי זאָגט ר׳ שמעון. **אויב דער וואָרצל־שטאם איז נידריקער פון א טפח פון דער ערד הייסט עס אז דאָס איז א נייער בוים, און עס איז דעריבער א יונגער בוים; אויב אָבער דער וואָרצל־שטאם איז העכער פון א טפח הייסן די נייע צווייגן ווי זיי וואקסן אויף דעם אלטן פריערדיקן בוים.**

## פרק ב.

א. עד אימתי, ביז ווען מעג מען אקערן אין א תבואה־פעלד ערב שמיטה? **אין פריערדיקן פרק איז געלערנט געוואָרן, אז א ביימער־פעלד מעג מען אקערן אים 6טן יאָר (ערב שמיטה) ביז שבועות. איצט פרעגט די משנה ביז ווען מעג מען אקערן אין א תבואה־פעלד? „שדה לבן״, א „ווייס פעלד״, הייסט א תבואה־פעלד, מחמת די תבואה איז העל, ווייס, ווען זי איז צייטיק. טייל מיינען, ווייל אין א תבואה־פעלד איז ניט פאראן קיין טונקעלער שאָטן, וואָס איז דאָ אין א ביימער־פעלד.** עד שתכלה, ביז עס פארשווינדעט די פייכקייט (אין דער ערד), אזוי לאנג ווי מענטשן אקערן כדי צו פלאנצן אין פעלדער פון אוגערקעס און פעלדער פון קירביסן. **די מפרשים טייטשן, אז די צווייטע העלפט פון דער משנה איז א פירוש צו דער ערשטער העלפט, וועלכע זאָגט, אז מען מעג אקערן אזוי לאנג ווי די ערד איז נאָך פייכט פון ווינטערדיקן רעגן, און די צווייטע העלפט זאָגט, אז דאָס מיינט מען, אזוי לאנג ווי מענטשן אקערן אין פעלדער פון אוגערקעס און קירביסן כדי דאָרט צו פלאנצן. דער טעם איז, ווייל מען קאָן דאָך אין די אנדערע פעלדער אויך פארפלאנצן אוגערקעס און קירביסן. דאָס וואָרט „מקשאות״ מיינט אוגערקעס־פעלדער (פון „קשואין״ אוגערקעס) און „מדלעות״, קירביסן־פעלדער (פון דלעת, קירביס).** אָמר, האָט ר׳ שמעון געזאָגט: אויב אזוי האָס־טו דאָך יעדן איינעם געגעבן די תורה אין זיין האנט! **יעדער קאָן דאָך זאָגן, אז ביי אים אין פעלד, איז נאָכניט אויסגעטריקנט געוואָרן, און ער מעג אקערן, און אזוי וועט אויסקומען, אז יעדער איינער וועט האָבן אַן אנדערע תורה, אַן אנדערן דין!** אלא, נאָר, די צייט איז אין א תבואה־פעלד ביז פסח, און אין א ביימער־פעלד ביז שבועות. **ווי מיר האָבן האָבן שוין געברענגט אין פאָריקן פרק די גמרא מועד קטן ג׳, האָט רבן גמליאל און זיין בית דין איינגעפירט, אז מען מעג אלע סאָרטן פעלדער אקערן דאָס 6טע יאָר ביז ראש השנה פון שמיטה.**

ב. מזבלין, מען מעג באמיסטיקן (פעלדער) און מען מעג גראָבן מיט א האנט־גראָב־אייזן אין די אוגערקעס־און קירביסן־פעלדער (דאָס גאנצע 6טע יאָר) ביז ראש השנה (פון שמיטה־יאָר). **כאָטש אקערן פעלדער טאָר מען ניט נאָך פסח (און ביי ביי־**

השלחין. מייבלין, מפרקין, מאבקין, מעשנין עד ראש השנה. ר׳ שמעון אומר, אף נוטל הוא את העלה מן האשכול בשביעית.

ג. מסקלין עד ראש השנה. מקרסמין, מזרדין, מפסלין עד ראש

---

מער־פעלדער נאָך שבועות) דעם 6טן יאָר, ווייל עס הייסט, אז מען גרייט צו דאָס פעלד צום שמיטה־יאָר, אָבער באַמיסטיגן שוין־פאַרזייטע פעלדער, און גראָבן ארום די וואָרצלן פון אוגערקעס און קירביסן מיט א האנט־אייזן, מעג מען ביז ראש השנה. דער טעם איז, ווייל די דאָזיקע ארבייטן זענען צו פאַרבעסערן די תבואה און די או־גערקעס און די קירביסן, וואָס וואַקסן דעם 6טן יאָר. וועגן דער דאָזיקער משנה זענען פאַראַן חלוקי דעות ביי די מפרשים, צי מיינט מען דוקא גראָבן ארום די וואָרצלן פון אוגערקעס און קירביסן, אָדער מען מעג בכלל ביי ביימער און פלאַנצן. וכן, און דאָס־זעלבע מעג מען (מיסטיקן און גראָבן מיטן האנט־אייזן) אין א פעלד, וואָס ווערט באַ־וואַסערט קינסטליך (ניט דורך רעגן). „בית השלחין״ איז דער טייטש א פעלד, וואָס מען באַוואַסערט עס קינסטליך, מיט דער האנט, אָדער דורך קאַנאַלען. די גמרא (מועד קטן ב׳) נעמט דאָס וואָרט פון אראַמעאישן „משלהי״, מיד, טרוקן, און דאָס הייסט אַ טרוקן פעלד („בית״ ווערט באַנוצט אויך אלס פעלד, ווי מיר האָבן שוין געהאַט „בית סאה״), וואָס דאַרף האָבן באַזונדערע באַוואַסערונג און קאָן ניט גענוג האָבן דאָס רעגן־וואַסער אליין. די גמרא אין בבא בתרא ס״ח ברענגט דערצו דעם פסוק אין שיר השירים ד׳ „שלחיך פרדס רמונים״. טייל טייטשן, אז די משנה מיינט דאָ, אז א בית־השלחין־פעלד מעג מען באַוואַסערן ביז ראש השנה. מייבלין, מען מעג ארויסשניידן קרעצלעך (פון ביימער), מפרקין, אראָפּרייסן בלעטער (פון ביימער אויב די בלעטער זענען צופיל און זיי מאַכן שווער דאָס וואַקסן פון פרוכטן), מאבקין, באַשיטן מיט שטויב (מיט ערד, די אָפּגעדעקטע ביימער־וואָרצלן), מעשנין, ארויפלאָזן רויך (אויף די ביימער, צו טויטן שעדליכע ווערעמלעך) ביז ראש השנה פון שמיטה־יאָר. כאָטש אקערן טאָר מען ניט אין 6טן יאָר נאָך שבועות אין א ביימער־פעלד, אָבער די אר־בייטן וואָס זענען נויטיק צו שיצן די ביימער מעג מען טאָן. „מייבלין״, איז פון וואָרט „יבלת״, א קרעצל, א שלעכטער אויסזאַץ, און מען דאַרף עס ארויסשניידן פון בוים; „מפרקין״ איז פון „פרק״, אראָפּנעמען א משא, און מען מיינט דאָ אראָפּרייסן די צו־פיל בלעטער פון בוים; „מאבקין״ איז פון „אבק״, שטויב; „מעשנין״ איז פון „עשן״, רויך. ר׳ שמעון זאָגט, אז מען מעג אויך אראָפּנעמען דעם בלאַט פון (וויינטרויבן)־הענגל אים שמיטה־יאָר; אויב די וויינטרויבן־הענגלן אויפן וויינשטאָק זענען באַוואַקסן מיט צופיל בלעטער, מעג מען די בלעטער אראָפּנעמען אפילו אין שמיטה־יאָר; מחמת דאָס אראָפּנעמען די בלעטער פון וויינטרויבן־הענגל מאַכט ניט בעסער דעם וויינ־שטאָק, נאָר עס פאַרהיט, אז ער זאָל ניט קאַליע ווערן. פון די מפרשים איז ניט קלאָר, צי דאָ מיינט מען מיט אשכול דוקא א הענגל פון וויינטרויבן, אָדער מען מיינט סתם דאָס צווייגל, אויף וועלכן עס הענגען בכלל פרוכטן, אלע סאָרטן פרוכטן, ניט דוקא וויינטרויבן.

ג. מסקלין, מען מעג (דאָס גאנצע 6טע יאָר) באַזייטיקן שטיינער (פון פעלד) ביז ראש השנה (פון שמיטה־יאָר). דאָס וואָרט „מסקלין״ איז פון „סקל״, וואָס איז דער טייטש „באַווארפן מיט שטיינער״; אָבער ווען דאָס וואָרט קומט אין „פיעל״־פאָרם („מסקל״) איז עס דער טייטש „ארויסנעמען די שטיינער״. דאָסזעלבע האָבן מיר גע־האַט אין דער פריערדיקער משנה „מייבלין״, „ארויסנעמען די יבלת״. אזוי איז אויך „שרש״ דער טייטש „וואָרצל״, און „משרש״ איז דער טייטש ארויסרייסן דעם וואָרצל. מקרסמין, מען מעג אָפּשניידן די פאַרדאַרטע צווייגן פון א בוים, מזרדין, אָפּהאַקן די פייכטע צווייגן (אויב זיי וואַקסן צופיל און שעדיקן דעם בוים), מפסלין, אראָפּשניידן די פסולת (שלעכטע שטיקלעך) פון א בוים (דאָס גאנצע 6טע יאָר) ביז ראש השנה

**השנה. ר׳ יהושע אומר, כזירודה וכפיסולה של חמישית כך של ששית. ר׳ שמעון אומר, כל זמן שאני רשאי בעבודת האילן רשאי אני בפיסולו.**

**ד. מזהמין את הנטיעות. וכורכין אותן, וקוטמין אותן, ועושין להן בתים, ומשקין אותן עד ראש השנה. ר׳ אלעזר בר׳ צדוק אומר, אף משקה הוא את הנוף בשביעית, אבל לא את העיקר.**

---

(פון שמיטה־יאָר). טייל טייטשען „מפסלין״, אָפּהאַקן אלע צווייגן פון בוים, כדי ער זאָל וואַקסן דיקער. רש״י אין מועד קטן ג׳ האָט דאָס וואָרט „מפסגין״ און טייטשט, אז א בוים, וואָס זיינע צווייגן צעשפּרייטן זיך צופיל, מעג מען די צווייגן צוזאַמענבינדן, אז זיי זאָלן ארויפשטאַרצן אין דער הויך (פון וואָרט „פסגה״, אין דער הויך) אנשטאָט אין דער ברייט. ר׳ יהושע זאָגט, אז אזוי ווי (מען מעג) אָפּהאַקן די צופּיל־פייכטע־צווייגן (מזרדין) און אָפּהאַקן אלע שלעכטע שטיקער (מפסלין) פון די ביימער פון פיפטן יאָר (און מען מעג עס טאָן אין זעקסטן יאָר), אזוי מעג דאָס טאָן מיט די ביימער פון זעקסטן יאָר (אים זיבטן, אים שמיטה־יאָר). אזוי טייטשט דער ירושלמי וועלכער זאָגט, אז ר׳ יהושע האלט, דאָס בכלל מעג מען די דאָזיקע ארבייטן טוען ארום די ביימער אים שמיטה־יאָר זעלבסט. אָבער דער רמב״ם טייטשט אנדערש, דהיינו, אז ר׳ יהושע האלט, דאָס מען מעג אזוי לאַנג טוען אין 6טן יאָר די דאָזיקע ארבייטן ארום די ביימער, ווי לאַנג עס איז געווען דער מנהג דאָס צו טאָן אין 5טן יאָר. אויב מען פלעגט אין 5טן יאָר אויפהערן די דאָזיגע ארבייטן א צייט פאַר ראש השנה, טאָר מען אויך אין 6טן יאָר ניט טאָן די ארבייטן נאָך דער דאָזיקער צייט. ר׳ שמעון זאָגט: אזוי לאַנג ווי איך מעג ארבייטן (אַקערן) ארום בוים, אזוי לאַנג מעג איך אָפּהאַקן פון בוים די פסולת (די שלעכטע שטיקער) אזוי ווי מיר ווייסן דאָך פון פרק א׳ משנה א׳, אז אַקערן אין א ביימער־פעלד מעג מען נאָר ביז שבועות, קומט אויס, אז ר׳ שמעון האלט, דאָס אויך די ארבייט פון „מפסלין״, פון אפּהאַקן די שלעכטע שטיקער (אָדער אלע צווייגן, ווי דער אנדערער פּשט איז) פון בוים מעג מען נאָר ביז שבועות.

ד. מזהמין, מען מעג באַ׳מיאוס׳ן יונגע ביימלעך (באַשמירן זיי מיט א זאַלב וואָס גיט ארויס א שלעכטן ריח, כדי די שעדליכע ווערימלאַך זאָלן ניט צוקומען), וכורכין אותן, און מען מעג זיי ארומבינדן (כדי צונויפנעמען די צווייגן, און זיי זאָלן וואַקסן ארויף), וקוטמין, און מען מעג אָפּהאַקן (טייל צווייגן, כדי די איבעריקע זאָלן בעסער וואַקסן), ועושין להם בתים, און מען מעג מאַכן פאַר זיי „הייזער״ (מאַכן דעכלעך איבער זיי, כדי זיי צו שיצן פון צו־פיל זון אָדער פון צו פיל רעגן), ומשקין אותן, און מען מעג זיי באַגיסן מיט וואַסער (דאָס אַלץ מעג מען טאָן דאָס גאַנצע 6טע יאָר) ביז ראש השנה. ווייל די אלע ארבייטן זענען אָפּצוהיטן די ביימלעך אז זיי זאָלן ניט קאַליע ווערן, און ניט אז זיי זאָלן בעסער וואַקסן אים שמיטה. די אלע ווערטער פון דער משנה האָבן מיר געטייטשט לויט דעם רמבם. דער ר״ש גיט אויך אנדערע פירושים. „מזהמין״, אויב די קאָרע, די שאָלעכץ פון די יונגע ביימלעך איז אין טייל ערטער אָפּגעריסן מעג מען ארויפלייגן אויף די דאָזיקע ערטער מיסט און צוקלעבן זיי; „מזהמין״ איז פון וואָרט „זיהום״, „מיאוס״, לויט דעם רמבם איז עס מאַכן דעם שלעכטן ריח, און לויט דעם ר״ש ארויפטאָן מיסט. „וכורכין״, טייטשט דער ר״ש, ארומוויקלען די יונגע ביימלעך, כדי זיי צו באַשיצן אין ווינטער קייגן צו שטאַרקער קעלט און זומער קייגן־צו־שטאַרקער היץ. „וקוטמין״, טייטשט דער ר״ש פון וואָרט „קיטמא״, וואָס איז אין אראַמעאיש דער טייטש, „אש״, באַשיטן די וואָרצלן מיט אש. „בתים״, „הייזער״, טייטשט דער ר״ש, בויען ארום זיי קאַסטנס און אָנפילן זיי מיט ערד, כדי די ביימלעך זאָלן זיך בעסער האַלטן. ר׳ אלעזר ברבי צדוק זאָגט, אז מען מעג אויך אין שמיטה־יאָר באַגיסן מיט וואַסער די צווייגן, אָבער ניט דעם וואָרצל

ה. סכין הפגים ומנקבין אותן עד ראש השנה. פגי ערב שביעית שנכנסו לשביעית, ושל שביעית שיצאו למוצאי שביעית, לא סכין ולא מנקבין אותן. ר' יהודה אומר, מקום שנהגו לסוך, אינן סכין, מפני שהיא עבודה; מקום שנהגו שלא לסוך, סכין. ר' שמעון מתיר באילן, מפני שהוא רשאי בעבודת האילן.

ו. אין נוטעין, ואין מבריכין, ואין מרכיבין ערב שביעית פחות

---

פון בוים. **לויט דעם ברטנורא האלט ר' אליעזר ברבי צדוק, אז מען מעג בכלל באגיסןביימער אים שמיטה, נאָר מען דאַרף עס מאכן ניט ווי מען טוט עס אלע יאָר.**

ה. סכין את הפגים, מען מעג באשמירן (מיט אייל) ניט־צייטיקע פייגן (כדי זיי זאָלן שנעלער ווערן צייטיק), און מען מעג אין זיי מאכן לעכלעך (כדי עס זאָל אין זיי אריין דער רעגן און זיי זאָלן שנעלער ווערן צייטיק), ביז ראש השנה. **מחמת די דאָזיקע ארבייט פון באשמירן די פייגן און לעכערן זיי איז כדי אז שוין איצט, אין 6טן יאָר, זאָלן ווערן בעסער, און ס'איז ניט קיין ארבייט צום שמיטה־יאָר. „פגים", הייסן „ניט־צייטיקע פייגן"; אין שיר השירים ב' „התאנה חנטה פגיה". אזוי טייטשן כמעט אלע מפרשים. דער ברטנורא טייטשט „פגים" בכלל אלע ניט־צייטיגע פירות און ניט דוקא פייגן.** פגי, ניט־צייטיקע פייגן, וואָס זענען געוואקסן אין זעקסטן יאָר (ערב שביעית, דעם יאָר ערב שמיטה) און זיי וועלן ערשט אריינגיין אין שמיטה־יאָר (זיי וועלן צייטיק ווערן ערשט אין שמיטה־יאָר, אפילו מען וועט זיי שמירן מיט אייל אדן לעכערן), אָדער ניט־צייטיקע פייגן וואָס וואקסן אין שמיטה־יאָר און זיי זענען אריינגעגאנגען אין מוצאי שמיטה (זיי זענען געוואָרן צייטיק ערשט אין יאָר נאָך שמיטה, אין אכטן יאָר), טאָר מען זיי ניט שמירן און ניט מאכן אין זיי לעכלעך. **די פייגן פון 6טן יאָר טאָר מען ניט שמירן אין 6טן יאָר, מחמת זיי וועלן דאָך זיכער צייטיק ווערן ערשט אים שמיטה, הייסט דאָך עס אז מען ארבייט לטובת שמיטה; און די ניט־צייטיקע פייגן פון שמיטה־יאָר טאָר מען ניט שמירן אפילו אין אכטען יאָר, מחמת עס הייסט דאָך געארבייט ארום פרוכטן, וואָס זענען פון שמיטה־יאָר.** ר' יהודה זאָגט, אז אין געגענטן, וואו עס איז דער שטייגער צו שמירן (די ניט־צייטיקע־פייגן מיט אייל), טאָר מען ניט שמירן, מחמת עס הייסט אן ארבייט; אין די געגענטן, וואו עס איז ניט דער שטייגער צו שמירן, מעג מען שמירן. **דער „תפארת ישראל" ווייזט אויף פון דער תוספתא, אז דאָס וואָס ר' יהודה איז מתיר, מיינט מען נאָר די פייגן אים 6טן יאָר, וואָס דאַרפן צייטיק ווערן אים שמיטה־יאָר, און מען מעג זיי שמירן אים 6טן יאָר. אָבער פייגן פון שמיטה־יאָר טאָר מען ניט, אויך לויט ר' יהודה, שמירן אים 8טן יאָר, אפילו אין די ערטער, וואו מען איז זיך נוהג ניט צו שמירן.** ר' שמעון איז מתיר ביי א בוים, ווייל עס איז דערלויבט צו טאָן די ארבייט פון א בוים. **דער ר"ש טייטשט, אז אויב פרוכטן, וועלכע זענען געוואקסן אים שמיטה־יאָר, זענען געבליבן אויפן בוים (זענען „אריינגעגאנגען") אין 8טן יאָר, מעג מען אין 8טן יאָר טאָן אלע ארבייטן ארום דעם בוים, אָבער דער ר"י בן מלכי צדק טייטשט, אז ר' שמעון איז מתיר אין 6טן יאָר אפילו נאָך שבועות, ביז ראש השנה, צו טאָן אלע ארבייטן אין בוים.**

ו. אין נוטעין ,מען טאָרניט פלאנצן (נייע ביימער), ואין מבריכין, און מען טאָרניט אריינבייגן (צו דער ערד אצווייג פון א ווינשטאָק, און מען באשיט עס מיט ערד, און ווייטער קומט ארויס דער צווייג פון דער ערד און וואקסט ווי א נייער בוים), ואין מרכיבין, און מען טאָרניט גרעפטן, (אריינפלאנצן א צווייג פון איין בוים אין אן אנדערן בוים און עס וואקסט דערפון אנייער בוים), אין זעקסטן יאָר (ערב שביעית, אין ערב־שמיטה־יאָר) ווינציקער פון דרייסיק טעג פאַר ראש השנה. **ווייל די אלע נייע ביימלעך ווערן אַנגענומען אין דער ערד, „נקלט", איינגעוואָרצלט, ערשט אין 30 טעג נאָכדעם ווי מען פלאנצט זיי, אָדער מען גרעפט זיי אָדער מען בייגט־זיי אין**

**משלשים יום לפני ראש השנה; ואם נטע או הבריך או הרכיב יעקור. ר׳ יהודה אומר, כל הרכבה שאינה קולטת לשלשה ימים שוב אינה קולטת. ר׳ יוסי ור׳ שמעון אומרים, לשתי שבתות.**

**ז. האורז והדוחן והפרגין והשומשמין שהשרישו לפני ראש השנה, מתעשרין לשעבר ומותרין בשביעית; ואם לאו, אסורין בשביעית ומתעשרין לשנה הבאה.**

---

דער ערד. און אויב מען טוט עס ווינציקער פון 30 טעג פאר ראש השנה פון שמיטה יאָר, הייסט עס דאָך, אז דער 30טער טאָג ווען דאָס איינוואָרצלען פון די נייע ביימער וועט געשען, וועט שוין זיין אין שמיטה־יאָר, איז עס אזוי ווי מען וואָלט געפלאנצט אים שמיטה־יאָר זעלבסט, און דאָס טאָר מען ניט. דערביי איז פאראן א חילוקי דעות צווישן די מפרשים, צי די 30 טעג מיינט מען פאר ראש השנה זעלבסט, אָדער מען דאַרף נאָך צוגעבן 30 טעג אלע „תוספת שביעית״, אלס „צוגאָב פון שמיטה־יאָר״; און דעריבער וואָלט מען געדאַרפן איינטייטשן די משנה, אז עס דאַרף זיין 60 טעג פאר ראש השנה. ביי דער דאָזיקער מיינונג פון 60 טעג האלטן זיך דער רמבם, דער ברטנורא, „תפארת ישראל״. אָבער דער רבנו תם, „מלאכת שלמה״ האלטן, אז מען מיינט נאָר 30 טעג. ואם, און אויב מען האָט יאָ געפלאנצט, אָדער איינגעבויגן, אָדער געגרעפט (ווינציקער פון דרייסיק טעג פאר ראש השנה) דאַרף מען עס ארויסרייסן. ר׳ יהודה זאָגט, אז יעדעס גרעפטן (הרכבה), וואָס נעמט זיך ניט אָן (אין דער ערד, ווערט ניט איינגעוואָרצלט) ביז דריי טעג, וועט זיך עס שוין ניט מער אָננעמען. ר׳ יהודה האלט דעריבער, אז מען מעג דאָס טאָן ביז 3 טעג פאר ראש השנה, מחמת די צייט פון איינוואָרצלונג איז 3 טעג. דער „תפארת ישראל״ באמערקט דאָ, אז ר׳ יהודה מיינט ניט דוקא גרעפטן (הרכבה) נאָר אויך ביים פלאנצן נייע ביימער, און ביים מבריך זיין(איינבייגן); און דאָס וואָס ר׳ יהודה זאָגט גרעפטן, מיינט ער, אז „אפילו״ גרעפטן, וואָס נעמט זיך ניט אָן אזוי לייכט, איז אויך גענוג 3 טעג. ר׳ יוסי און ר׳ שמעון זאָגן, צוויי וואָכן. און לויט זייער מיינונג מעג מען שוין צוויי וואָכן (14 טעג) פאר ראש השנה פלאנצן, מרכיב־זיין (איינגרעפטן) און מבריך־זיין (איינבייגן) ביימער. לויט דעם רמב״ם און ברטנורא מיינט ר׳ יהודה 33 טעג און ר׳ יוסי און ר׳ שמעון 44 טעג פאר ראש השנה.

ז. האורז, רייז, והדוחן, הירזש, והפרגין, מאָן, והשומשין, זעזאַם, וועלכע מען האָט (פארזייט און זיי זענען געוואָרן) איינגעוואָרצלט פאר ראש השנה, דאַרף מען געבן פון זיי מעשר לויט דעם פארגאנגענעם יאָר, און זיי זענען מותר צוליב שמיטה. די משנה גיט דאָ צוויי באזונדערע דינים. איין דין איז וועגן מעשר. עס זענען פאראן יאָרן ווען מען דאַרף געבן פון געוויקסן מעשר שני (זע אין אונזער הקדמה צו מסכת דמאי) און דאָס זענען די יאָרן 1, 2, 4, 5 נאָכן שמיטה־יאָר, דאקייגן אין די יאָרן 3 און 6 נאָך דעם שמיטה־יאָר דאַרף מען געבן מעשר עני. זאָגט די משנה, אז אויב דער רייז, הירזש, מאָן און זעזאַם זענען איינגעוואָרצלט געוואָרן פאר ראש השנה לאָמיר זאָגן, פון 6טן יאָר, איז כאָטש מען האָט זיי אָפגעשניטן פון פעלד נאָך ראש השנה, דאָס הייסט שוין אין 6טן יאָר, פונדעסטוועגן דאַרף מען געבן פון זיי מעשר לויט דעם פארגאנגענעם יאָר, לויט דעם 5טן יאָר; דאָס הייסט, מען גיט פון זיי ניט מעשר עני, ווי עס קומט פון געוויקסן פון 6טן יאָר, נאָר מעשר שני, ווי עס קומט פון געוויקסן פון 5טן יאָר. דער צווייטער דין איז וועגן שמיטה, אז אויב דער רייז, הירזש, מאָן און זעזאַם זענען איינגעוואָרצלט געוואָרן פאר ראש השנה פון שמיטה־יאָר, כאָטש מען האָט זיי אָפגעשניטן פון פעלד אים שמיטה־יאָר, נאָך ראש השנה, ווערן זיי פארערעכנט ווי געוויקסן פון 6טן יאָר און ניט פון שמיטה, און מען דאַרף זיי ניט מפקיר זיין און מען מעג טאָן מיט זיי וואָס מען וויל (מיט שמיטה־געוויקסן טאָר מען ניט האנדלן און

**ח. ר׳ שמעון שזורי אומר, פול המצרי שזרעו לזרע בתחלה — כיוצא בהן. ר׳ שמעון אומר אפונין הגמלונין כיוצא בהן. ר׳ אלעזר אומר, אפונין הגמלונין משתרמלו לפני ראש השנה.**

**ט. הבצלים הסריסים ופול המצרי שמנע מהם מים שלשים יום לפני ראש השנה מתעשרין לשעבר ומותרים בשביעית, ואם לאו —**

---

טאָן אנדערע זאכן, ווי מיר וועלן עס לערנען ווייטער אין פרק ח׳) ואם לאו, אָבער אויב זיי זענען ניט (איינגעוואָרצלט געוואָרן פאר ראש השנה), זענען זיי אסור צוליב שמיטה און מען נעמט פון זיי מעשר לויט דעם (נייעם) יאָר. מחמת עס ווערט גע־רעכענט ביי די דאָזיקע געוויקסן לויט דער צייט פון זייער איינוואָרצלן, און זיי זענען דאָך איינגעוואָרצלט געוואָרן נאָך ראש השנה.

ח. ר׳ שמעון שזורי זאָגט, אז עגיפּטישע באָבעס (פול המצרי), וואָס מען האָט באלד אין אָנהויב פארזייט אויף צו באנוצן צו זריעה (ניט צום עסן) האָבן אויך דעמ־זעלבן דין. דאָס הייסט, זיי זענען גלייך צו רייז, הירזש, מאָן און זעזאם, אז אויב זיי זענען איינגעוואָרצלט געוואָרן פאר ראש השנה געהערן זיי צום אלטן יאָר, און אויב נאָך ראש השנה געהערן זיי צום נייעם יאָר. דאָס איז נור ווען מען האָט די עגיפּטישע באָבעס פארזייט, אז ווען מען וועט זיי אָפּשניידן פון פעלד וועט מען זיי באנוצן צו זריעה; אָבער אויב מען האָט זיי פארזייט כדי אז ווען מען וועט זיי אָפּשניידן פון פעלד זאָל מען זיי עסן, ווערן זיי שוין ניט גערעכנט לויט דער צייט פון איינוואָרצלן (השרשה) נאָר לויט דער צייט פון אָפּשניידן פון פעלד (לקיטה), און אפילו זיי זענען איינגעוואָרצלט געוואָרן פאר ראש השנה, נאָר קוים שניידט מען זיי אָפּ פון פעלד נאָך ראש השנה, ווערן זיי גערעכנט צום נייעם יאָר. ר׳ שמעון זאָגט אז אויך די גרוי־סע ארבעס (אפונין הגמלונין, די קעמל־ארבעס, גרויסע) האָבן אויך דעמזעלבן דין. אויך זייער יאָר ווערט גערעכנט לויט דער צייט פון איינוואָרצלן (השרשה). ר׳ אלעזר זאָגט, אז גרויסע ארבעס (ווערן גערעכנט צום פארגאנגענעם יאָר נאָר) אויב די שויטן זענען געוואָרן פארטיק פאר ראש השנה. ארבעס וואקסן אין שויטן, אין בייט־לעך, און ר׳ אלעזר זאָגט, אז גרויסע ארבעס ווערט פאררעכנט זייער יאָר לויט דער צייט ווען זייערע שויטן, די בייטלעך, ווערן שוין הארט און זיי זענען שוין ריכטיקע שויטן. „תרמיל״ הייסט אין אראמעאיש „בייטל״, און דאָס וואָרט איז פאראן א סך מאָל אין משנה און גמרא; דערפון איז „תרמלו״ ווערן „געבייטלט״. סתם ר׳ אלעזר אין דער משנה מיינט מען דעם תנא ר׳ אלעזר בן שמוע, דעם רבי פון ר׳ יהודה הנשיא מסדר פון דער משנה.

ט. הבצלים הסריסים, ציבעלעס אָן זריעה־קערנדלעך (זיי האָבן ניט קיין קערנד־לעך צום פארזייען), ופול המצרי, און עגיפּטישע ארבעס (פארזייט אויך צום עסן, ניט צו האָבן דערפון זריעה, ניט פריער ווי אין דער משנה ח׳ עגיפּטישער ארבעס, וואָס מען האָט פארזייט צו האָבן זריעה־קערנדלעך), וועלכע מען האָט ניט באגאָסן מיט וואסער דרייסיק טעג פאר ראש השנה, נעמט מען פון זיי מעשר לויט דעם פארגאנ־גענעם יאָר און זיי זענען מותר צוליב שמיטה. ווייל די דאָזיקע ציבעלעס און דער דאָזיקער ארבעס וואקסן אויף קינסטליכער באוואסערונג; רעגן אליין איז פאר זיי ניט גענוג, מען מוז זיי באגיסן מיט וואסער. דעריבער אויב מען האָט 30 טעג פאר ראש השנה זיי ניט באגאָסן מיט וואסער (אפילו זיי האָבן געהאט רעגן) הייסט עס, אז זייער עיקר־וואקסן איז געווען אין פארגאנגענעם יאָר, און זיי ווערן פאררעכנט צום פאר־גאנגענעם יאָר בנוגע מעשר און שמיטה, אזוי ווי מיר האָבן דערקלערט פריער אין משנה ז׳. ואם לאו, אויב ניט, (אויב מען האָט פון זיי ניט צוגענומען דאָס וואסער, מען האָט זיי יאָ באוואסערט אין די דאָזיקע 30 טעג) זענען זיי אסור צוליב שמיטה און מען נעמט פון זיי מעשר לויט דעם קומענדיקן (נייעם) יאָר. ושל בעל, אויב זיי (די

אסורין בשביעית ומתעשרין לשנה הבאה. ושל בעל — שמנע מהם מים שתי עונות, דברי ר׳ מאיר. וחכמים אומרים, שלש.

י. הדלועין שקיימן לזרע, אם הקשו לפני ראש השנה ונפסלו מאוכל אדם, מותר לקיימן בשביעית; ואם לאו, אסור לקיימן בשביעית. התמרות שלהם אסורות בשביעית. ומרביצין בעפר לבן, דברי ר׳ שמעון. ר׳ אליעזר בן יעקב אוסר. ממרסין באורז בשביעית. ר׳ שמעון אומר, אבל אין מכסחין.

---

ציבעלעס און די באָבעס) זענען געוואקסן אין א נאס פעלד, (וואָס דארף ניט האָבן קיין סך באוואסערונג אפילו ווען עס איז פארזייט מיט גרינסן, ירקות, כאָטש באוואסערן אביסל דארף מען יאָ די גרינסן), ווערן זיי גערעכנט צום פארגאנגענעם יאָר אויב מען האָט זיי ניט באוואסערט צוויי באוואסערונגס־צייטן; אזוי זאָגט ר׳ מאיר. „בעל", „בית הבעל", „שדה הבעל", הייסט א פעלד, וואָס איז נאס און דארף ניט האָבן קיין סך באוואסערונג. „עונה" איז דער טייטש „צייט", און דאָ מיינט מען „די צייט פון באוואסערן". ר׳ מאיר זאָגט, אז אין אזא בעל־פעלד הייסט, אז די ציבעלעס און די באבעס געהערן צום פארגאנגענעם יאָר בנוגע מעשר און שמיטה, אויב מען האָט זיי ניט באוואסערט במשך פון צוויי באוואסערונגס־צייטן פאר ראש השנה. וחכמים, און די חכמים זאָגן, אז דריי (באוואסערונגס־צייטן). עס דארפן אדורכגיין פאר ראש השנה דריי באוואסערונגס־צייטן, און אויב מען האָט זיי אין די דאָזיקע דריי צייטן ניט באוואסערט געהערן די ציבעלעס און די עגיפּטישע באָבעס צום פארגאנגענעם יאָר.

י. הדלועין, קירביסן (דיניעס) וואָס מען האלט (ניט צום עסן, נאָר) צו פארזייען, אויב זיי זענען הארט געוואָרן פאר ראש השנה (פון שמיטה־יאָר) און זיי האָבן ניט געטויגט מער פאר מענטשן צו עסן, מעג מען זיי האלטן אין שמיטה־יאָר (אויף צו פארזייען שפּעטער), און אויב ניט (זיי זענען ניט הארט געוואָרן פאר ראש השנה און זיי זענען דעמאָלס נאָך גוט צום עסן פאר מענטשן), טאָר מען ניט האלטן זיי אים שמיטה (אויף צו פארזייען שפּעטער). אזוי טייטשט דער רמבם די דאָזיקע משנה, און ער באמערקט דאביי, אז דער טעם איז, ווייל זיי ווערן פארערכנט ווי עס־קירביסן פון שמיטה־יאָר, און דער דין איז, אז שמיטה־תבואה און ירקות מעג מען עסן, אָבער פארזייען זיי טאָר מען ניט. התמרות, זייערע טייטלן זענען אסור אים שמיטה־יאָר (און מען מעג זיי עסן נאָר ווי אלע אנדערע שמיטה־פּרוכטן, לויט די דינים, ווי מיר וועלן לערנען אין פּרק ח׳). „תמרות" איז דער טייטש „טייטלן"; דאָ מיינט מען די קירביסן, ווען זיי זענען שוין צעבליט, אָבער זיי זענען נאָכניט אינגאנצן אויפגעוואקסן. זיי זענען דעמאָלס קיילעכיק, לאנג און דין, אזוי אז זיי זען־אויס ווי „טייטלן". די משנה לערנט, אז הגם מען וואָלט געקאָנט מיינען, אז ווייל זיי זענען נאָכניט אינגאנצן פארטיק, זאָל מען ניט דארפן אָפּהיטן מיט זיי די דינים פון שמיטה־פּרוכטן, פונדעסטוועגן איז דער דין, אז מען דארף יאָ אָפּהיטן בנוגע זיי די שמיטה־דינים. ומרבצין, און מען מעג באשפּריצן מיט וואסער ווייסע ערד, אזוי זאָגט ר׳ שמעון; ר׳ אליעזר בן יעקב אסר׳ט. דער ר״ש טייטשט „עפר לבן", אז דאָס איז אזוי ווי „שדה לבן" אין משנה א׳ פון דאָזיקן פּרק, און דער טייטש איז א פעלד פון תבואה, ניט פון ביימער; דער ר״ש זאָגט, אז „מרביצין" מיינט מען ניט בלויז „באשפּריצן" מיט וואסער, נאָר מען מיינט „משקין" באוואסערן, און אז לויט ר׳ שמעון מעג מען דאָס טאָן סיי אין 6טן יאָר, סיי אים שמיטה זעלבסט. דער רמבם טייטשט „עפר לבן", די שטיקלעך פעלד צווישן ביימער, און „מרביצין" מיינט מען „באשפּריצן" מיט ניט קיין סך וואסער („רסיסי מים", וואסער־שפּריצן). ממרסין, מען מעג אָנגיסן א סך וואסער אין אַ רייז־(פעלד). „מרס" איז דער טייטש „שטארק אויסמישן", און דאָס וואָרט געפינען מיר אויך אין יומא פּרק ד׳ משנה ג׳ („ממרס") און אנדערע ערטער. דאָ מיינט מען

## פרק ג.

## א. מאימתי מוציאין זבלים לאשפתות? משיפסיקו עובדי עבודה, דברי ר׳ מאיר. ר׳ יהודה אומר, משייבש המתוק. ר׳ יוסי אומר, משיקשור:

אָנגיסן אים שמיטה אזוי פיל וואסער אין רייז־פעלד, אז די ערד און דאָס וואסער זאָלן זיך שטארק צונויפמישן. ר׳ שמעון זאָגט: אָבער מען טאָר ניט אָפשניידן (מכסחין). דער ברטנורא טייטשט, אז דאָס מיינט מען, אז מען טאָר ניט אָפשניידן די בלעטער פון די רייז־זאנגען אים שמיטה־יאָר, כאָטש באוואסערן דאָס רייז־פעלד מעג מען. מיר האָבן שוין געשריבן אין כלאים פרק ב׳ משנה ה׳ אז „כסח" הייסט אָפשניידן די בלעטער.

פרק ג.

אין דאָזיקן פרק לערנט די משנה וועגן צוויי זאכן, ווי אזוי מען דארף זיך נוהג זיין מיט זיי אין פעלד אים שמיטה־יאָר. די ערשטע זאך איז, די שאלה פון מיסט, „זבל". עס איז דער דין, אז מען טאָרניט אים שמיטה־יאָר ארויספירן מיסט אויף צו באמיסטיקן באלד דאָס פעלד. אָבער עס איז אויך דער דין, אז מען מעג ארויספירן שוין שפעט אין שמיטה־יאָר מיסט אין פעלד און אָנזאמלען בערג מיסט (אין לשון קודש הייסן די בערג מיסט „אשפתות") אויף איין אָרט אָדער אויף עטליכע ערטער, כדי מען זאָל פון זיי קאָנען באמיסטיקן די פעלדער שפעטער, דעם 8טן יאָר, דעם יאָר נאָך שמיטה. די שאלה איז, ווען הייסט „שפעט אין שמיטה־יאָר", אז מען זאָל שוין מעגן ארויספירן די מיסט? און ווי גרויס דארפן זיין די בערג מיסט אזוי אז מען זאָל וויסן, אז דאָס הייסט ניט שוין באמיסטיקט דאָס פעלד, נאָר עס איז אָנגעזאמלט מיסט אויף שפעטער? — עס איז פאראן נאָך א צווייטע שאלה. דער דין איז אז מען טאָר ניט גראָבן אין פעלד אין שמיטה־יאָר, ווייל דאָס הייסט צוגעגרייט דאָס פעלד צום פארזייען, אָבער אז איינער דארף אויסהאקן פון פעלד שטיינער צו בויען א הויז אָדער פאר אנדערע זאכן מעג ער. ווי אזוי אָבער קאָן מען וויסן, ווען ער גראָבט כדי צו נעמען שטיינער בויען, און ווען ער גראָבט, כדי צוצוגרייטן דאָס פעלד צום פארזייען? אויף דערויף וועט די משנה געבן א ענטפער אין דאָזיקן פרק.

א. מאימתי, פון ווען אָן מעג מען (אים שמיטה־יאָר) ארויספירן מיסט (אין פעלד) צו מאכן פון זיי מיסט־בערג? „אשפתות" מיינט מיסט־בערג וואָס די בעלי־בתים זאמלן־אָן אין עטליכע ערטער אין פעלד, כדי ווען עס וועט קומען די צייט זאָל מען פון זיי נעמען מיסט צו באמיסטיקן די פעלדער. משיפסקו, ווען עס האָבן שוין אויפגעהערט די וואָס ארבייטען (אין זייערע פעלדער), אזוי זאָגט ר׳ מאיר. אויב עס איז שוין אריבער די ארבייטס־צייט פון שמיטה־יאָר, מעג מען שוין ארויספירן דאָס מיסט אין פעלד צו מאכן דערפון מיסט־בערג, ווייל יעדער מענטש, וואָס וועט זען פירן דאָס מיסט וועט פארשטיין, אז עס איז שוין ניט פאר דעם היינטיקן שמיטה־יאָר, נאָר כדי צוצוגרייטן פאר דעם יאָר נאָך שמיטה. דער ברטנורא האָט א גירסא ניט „עובדי עבודה" (די וואָס ארבייטן) נאָר „עוברי עבירה", די וואָס טוען א עבירה און ארבייטן אים שמיטה־יאָר. ר׳ יהודה זאָגט, ווען עס ווערט טרוקן דער זיסער; ר׳ יוסי זאָגט, ווען ער (דער זיסער) ווערט צונויפגעקניפט. וואָס מיינט מען „זיסער", „מתוק"? דער ר״ש גיט דריי פירושים. איין טייטש איז, אז „זיסער" מיינט מען דאָס מיסט, וואָס מאכט זיס די ערד, און ר׳ יהודה האלט, אז זינט דאָס מיסט ווערט טריקן, און ר׳ יוסי האלט, ווען דאָס מיסט ווערט אזוי שטארק טריקן, אז עס ווערט צוגעבינדן, צוגע־קניפט איין שטיקל צום צווייטן. דער צווייטער טייטש איז, אז דאָס מיינט מען אזא ביטער־עפל, וואָס מען געפינט אין פעלד, אזא ביטערע דיניע, וואָס הייסט אין לשון קודש „פקועה", און ווייל עס איז ביטער רופט מען עס בלשון סגי נהור „דער זיסער"; ר׳ יהודה האלט אז זינט דער ביטער־עפל ווערט טרוקן, און ר׳ יוסי האלט, אז זינט ער ווערט אויסגעדארט און זעט אויס ווי פון קניפן. דער דריטער טייטש

**ב. עד כמה מזבלין? עד שלש שלש אשפתות לבית סאה של עשר עשר משפלות של לתך לתך. מוסיפין על המשפלות ואין מוסיפין על האשפתות. ר׳ שמעון אומר, אף על האשפתות.**
**ג. עושה אדם את שדהו שלש שלש אשפתות לבית סאה. יתר מכן מחציב, דברי ר׳ שמעון. וחכמים אוסרין עד שיעמיק שלשה או עד שיגביה שלשה. עושה אדם את זבלו אוצר. ר׳ מאיר אוסר עד שיעמיק**

---

איז, אז מען מיינט מיט „מתוק" די שפאלטן אין דער ערד („מתק" הייסט אין אראביש „שפאלטן"), און ר׳ יהודה האלט, אז זינט די שפאלטן ווערן טרוקן, און ר׳ יוסי האלט, אז זינט זיי ווערן צונויפגעקניפט, צוזאמענגבאהאפטן. סיי ווי, דער זין פון דער משנה איז, אז ווייל זינט דער דאָזיקער צייט הערט־אויף די ארבייט אין פעלד, מעג מען דעריבער שוין אָנהויבן ארויספירן דאָס מיסט צו מאכן מיסט־בערג פאר דעם 8טן יאָר.

ב. עד כמה, ביז וויפיל מעג טען ארויספירן מיסט (אויף די פעלדער)? ביז צו דריי מיסט־בערג (אשפתות) אויף יעדן פעלד, וואָס איז א בית־סאה (וואָס צו פאר־זייען עס דארף מען האָבן א סאה תבואה), צו צען מיסט־זעק (משפלות) פון א לתך (פופצן סאה) אין א מיסט־זאק. דאָס וואָרט „משפלה" איז דער טייטש א זאק מיסט, און ווי דער „ערוך השלם" זאָגט ווערט עס געשריבן ניט מיט א „שין" נאָר מיט א „סין", און די „ש" איז ווי א „ז", און די „פ" ווי א „ב", אזוי אז עס איז דאָסזעלבע וואָרט וואָס „מזבלה" (פון „זבל", „מיסט"). זאָגט די משנה, אז מען מעג אויף יעדן בית־סאה־פעלד, וואָס איז, ווי מיר האָבן שוין געשריבן א סך מאָל, גרויס 50 איילן די לענג אויף 50 איילן די ברייט, מאכן 3 מיסט־בערג, און אין יעדן מיסט־בארג זאָלן זיין 10 זעק מיסט, און יעדער מיסט־זאק זאָל האלטן א לתך (א „לתך" איז 15 סאה, דאָס הייסט 90 טעפּ, 90 קבים) מיסט. אזוי ארום זעט מען, אז דאָס מיסט ליגט ניט דאָ צו באמיסטיקן אויף דעם אָרט דאָס פעלד, נאָר עס איז אָנגעגרייט אויף פונאנדער־צופירן עס שפּעטער איבערן גאנצן פעלד. מוסיפין, מען מעג פארגרעסערן די צאָל מיסט־זעק (אין יעדן מיסט־בארג), אָבער מען טאָר ניט פארגרעסערן די צאָל מיסט־בערג (אויף א בית־סאה־פעלד). ווייל אויב עס זענען פאראן מער מיסט־בערג זעט עס אויס ווי מען האָט אָנגעוואָרפן מיסט אויפן פעלד און מען האָט דאָס פעלד באמיסטיקט. ר׳ שמעון זאָגט, אז מען קאָן פארגרעסערן אויך די צאָל מיסט־בערג. ווייל די מיסט־בערג זענען צו־גרויסע, אז מען זאָל קאָנען מיינען דאָס מיט זיי באמיסטיקט מען דאָס פעלד.

ג. עושה, א מענטש קאָן מאכן צו דריי מיסט־בערג אויף יעדן בית־סאה־פעלד; אויב אָבער עס איז געוועזן מער (ווי דריי) זאָל ער זיי מאכן ווי א דרייפוס (מחציב, ווי א דריי פוס), אזוי זאָגט ר׳ שמעון. ער זאָל זיי ניט שטעלן אין איין שורה אָדער סתם צעוואָרפן איבער דעם פעלד, נאָר צו דריי אין דרייעקן, ווי א דרייפוס. טייל זענען גורס „מותר", און עס ווערט געטייטשט, אז עס איז דאָס זעלבע, וואָס אין דער פריעריקער משנה, וואו ר׳ שמעון זאָגט אז מען מעג פארגרעסערן די צאָל מיסט־בערג. וחכמים, און די חכמים אסרן (צו מאכן מער ווי דריי מיסט־בערג אין א בית־סאה־פעלד), סיידן מען גראָבט דריי טפחים טיף (אין דער ערד און מען הויבט אָן לייגן דאָרט דאָס מיסט), אָדער מען מאכט (צוערשט א בערגל פון ערד וואָס איז) הויך דריי טפחים (און אויף אים מאכט מען דעם מיסט־בארג). ווייל דערמיט דערקענט מען, אז דאָ איז ניט באמיסטיקט געוואָרן דאָס פעלד, נאָר עס איז א זאמלונגס־אָרט פאר דעם מיסט. עושה, א מענטש מעג מאכן פון זיין גאנצן מיסט א מאגאזין. ער מוז ניט דווקא מאכן דריי מיסט־בערג אין איין בית־סאה־פעלד, נאָר ער קאָן דאָס גאנצע מיסט (די 30 מיסט־זעק) צונויפזאמלען אין איין אָרט און מאכן דערפון איין בארג מיסט, און אפילו עס זאָלן זיין אין דעם בארג נאָכמער מיסט־זעק (משפלות). ר׳ מאיר אסר׳ט,

**שלשה או עד שיגביה שלשה. היה לו דבר מועט, מוסיף עליו והולך. ר' אלעזר בן עזריה אוסר עד שיעמיק שלשה או עד שיגביה שלשה. או עד שיתן על הסלע.**

**ד. המדייר שדהו עושה סהר לבית סאתים, עוקר שלש רוחות ומניח את האמצעית, נמצא מדייר בית ארבע סאין. רבן שמעון בן גמליאל אומר, בית שמונה סאין. היתה כל שדהו בית ארבע סאין, משייר**

---

סיידן ער זאָל (דעם מיסט־באַרג) אוועקשטעלן (אויף א גרוב) טיף דריי טפחים אָדער (אויף א ערד־בערגל, וואָס איז) הויך דריי טפחים. **ר' מאיר האלט, אז אויב עס איז פאַראַן א סך מיסט אין איין באַרג, און ער פאַרנעמט דאדורך א גרויס אָרט קאָן מען מיינען, אז מען האָט באַמיסטיקט דאָס אָרט.** היה, אויב מען האָט א קליין ביסל מיסט מעג מען (עס אַרויספירן אין אין פעלד און דערנאָך) כסדר צולייגן. **די משנה לערנט, אז מען זאָל ניט מיינען, דאָס מען טאָר ניט אַרויספירן קיין מיסט אין פעלד אויב מען האָט ניט לפחות אויף צו מאַכן 3 מיסט־בערג און אין יעדן באַרג צו 10 זעק פון 15 סאה א זאַק. נאָר אויב מען האָט אביסל מיסט מעג מען עס אויך אַרויספירן, און וועג מען קריגט־צו מיסט לייגט מען צו ביז עס ווערט א באַרג.** ר' אלעזר בן עזריה אסר'ט, סיידן ער זאָל עס לייגן אויף א גרוב (אין דער ערד) דריי טפחים, אָדער הויך (אויף א ערד־בערגל) דריי טפחים, אָדער אויף א שטיין. **ווייל עס איז מורא צו האָבן טאָמער וועט ער שפּעטער ניט האָבן מיסט צו־צו־לייגן.**

ד. המדייר, אז איינער וויל (אים שמיטה־יאָר) אוועקשטעלן זיינע בהמות אין פעלד, **,,המדייר'' הייסט מאַכן א ,,דיר'', אן אָרט, וואו בהמות שטייען, און דאָרט וואַרפן־אָן די בהמות זייער מיסט; אָבער דאָ איז דער פאַל, ווען דער בעל הבית מיינט צו מאַכן דעם ,,דיר'' אין פעלד ניט צוליבן מיסט, נאָר ווייל ער האָט ניט קיין אנדער אָרט פאַר די בהמות. וואָס זאָל ער טאָן?** עושה סהר, מעג ער מאַכן (אין פעלד) אן אַרומ־געצוימט אָרט גרויס ווי צוויי בית־סאה־פעלד (סאתיים, צוויי סאה, אן אָרט וואָס כדי צו פאַרזייען דאַרף מען האָבן צוויי סאה תבואה, און דאָס אָרט איז 100 איילן די לענג אויף 50 איילן די ברייט). **די משנה זאָגט, אז ער מעג אַרומצוימען פון אלע 4 זייטן אזא אָרט פון צוויי בית־סאה־פעלדער און דאָרט לאָזן שטיין די בהמות, ביז דאָס אָרט ווערט פול מיט מיסט. און דערנאָך:** עוקר, נעמט ער אוועק דריי ווענט פון דעם סהר און לאָזט איבער שטיין איין וואַנט, און די דריי אוועקגענומענע ווענט שטעלט ער אוועק אין דער אנדערער זייט פון דער איבערגעבליבענער (מיטלסטער) וואַנט. **אזוי אז ער האָט דאָרט א נייעם סהר פון א צוויי־סאה־פעלד, און דאָרט שטעלט ער אוועק די בהמות.** נמצא, קומט אויס, אז ער מאַכט א ,,דיר'' פון פיר סאה פעלד. **איין צוויי־סאה־פעלד פון איין זייט פון דער מיטלסטער וואַנט און די צווייטע צוויי־סאה־פעלד פון דער אנדערער זייט פון דער מיטלסטער וואַנט. אזוי אַרום האָט ער אָנגעזאַמלט מיסט אויף אַן אָרט פון 4־סאה־פעלד.** רבן שמעון בן גמליאל זאָגט, אז ער מעג מדייר־זיין אַן אַכט־סאה־פעלד. **וועגן רבן שמעון בן גמליאל'ס מיינונג זענען פאַראַן צוויי טייטשן. איינער איז, אז מען מעג באַלד אין אָנהויב אַרומרינגלען אַן אָרט (מאַכן א ,,סהר'') פון אַכט־סאה־פעלד (100 איילן אויף 200 איילן) און דאָרט אַריינלאָזן די בהמות און מדייר־זיין, לאָזן זיי אָנוואַרפן מיסט. דער צווייטער פשט איז, אז מען מאַכט צוערשט א סהר נור פון א צוויי־סאה־פעלד, נאָר דערנאָך שטעלט מען אַרום יעדער וואַנט פון די 4 ווענט פון ערשטן סהר א נייעם סהר פון א צוויי־סאה־פעלד; אזוי אַרום האָט מען נייע 4 סהר־ערטער צו צוויי סאה־פעלד יעדער, און עס מאַכט־אויס 8־סאה פעלד א חוץ דעם ערשטן סהר; אזוי טייטשט דער רמב"ם.** היתה, אויב דאָס גאַנצע פעלד האַלט ניט מער ווי פיר בית סאה (100 איילן אויף 100 איילן), דאַרף מען איבערלאָזן (ביים מאַכן די צוויי סהר־ערטער יעדער צו צוויי־סאה־פעלד) א שטיקל פעלד ליידיק (ניט אַרומ־

**ממנה מקצת, מפני מראית העין, ומוציא מן הסהר ונותן לתוך שדהו כדרך המזבלין:**

**ה. לא יפתח אדם מחצב בתחלה לתוך שדהו עד שיהיו בו שלש מורביות, שהם שלש על שלש על רום שלש, שיעורן עשרים ושבע אבנים:**

**ו. גדר שיש בו עשר אבנים של משאוי שנים שנים, הרי אלו ינטלו. שיעור גדר עשרה טפחים. פחות מכאן—מחצב וגוממו עד פחות מהארץ**

---

צוימען עס אין סהר) צוליב מראית העין. (דעם „אנבליק פון אויג"). **מענטשן זאָלן ניט מיינען, אז ער האָט דאָס ספּעציעל געמאַכט, כדי צו באַמיסטיקן דאָס גאַנצע פעלד, אויב ער וועט גאָרניט איבערלאָזן קיין ניט באַמיסטיקט אָרט.** ומוציא, און דערנאָך זאָל ער ארויסנעמען פון סהר מיסט און ארויספירן עס אויף זיין (שטיקל איבערגעלאָזטן, ליידיקן) פעלד; אזוי ווי דער שטייגער איז פון מיסט־ארויספירער. **דער רמבם און דער ר"ש טייטשן די ווערטער „ווי דער שטייגער איז פון מיסט־ארויספירער", אז מען דאַרף מאַכן 3 מיסט־בערג אויף א בית־סאה־פעלד, ווי עס לערנט דער דין פריער אין משנה ב'.**

ה. לא יפתח, א מענטש טאָר ניט עפנען (אין שמיטה־יאָר) א שטיין־האַקעריי (מחצב) אין זיין פעלד, סיידן עס איז שוין געווען דאָרט (פון פאַר שמיטה־יאָר) דריי שטיינער־שיכטן (מורביות), וואָס זיי אלע דריי האלטן דריי איילן די לענג, דריי איילן די ברייט און 3 איילן די הויך, דאָס זענען זיבן און צוואַנציק שטיינער (יעדער שטיין האָט איין אייל די לענג, איין אייל די ברייט און איין אייל די הויך). **די איצטיקע משנות לערנען די דינים וועגן דעם, ווען מען מעג אויסהאַקן צום בויען שטיינער פון א פעלד אים שמיטה־יאָר, און מען זאָל ניט מיינען, אז דאָס נעמט מען ארויס די שטיינער, כדי צו־צוגרייטן דאָס פעלד צום פאַרזייען (און דאָס טאָר מען ניט). זאָגט די משנה, אז עפנען, אָנהויבן אויף דאָסניי א מחצב, א שטיין־האַקעריי (פון וואָרט „חצב", האַקן) אין פעלד אים שמיטה־יאָר טאָר מען ניט. אָבער אויב עס איז שוין געווען פון פאַר שמיטה א שטיין־האַקעריי, מעג מען, ווייל מען ווייסט דאָך פון פריער, אז מען נעמט די שטיינער צום בויען. אָבער וואָס הייסט, אז די שטיין־האַקעריי איז שוין געווען „פון פריער"? זאָגט די משנה, אז דער סימן דערצו איז, אויב עס ליגן פון פריער אויס־געהאַקטע און אָנגעלייגטע שטיינער, איינער אויף דעם אנדערן, אין דריי שטיינער־שיכטן („מורביות" פון „רבוי", א זאַמלונג, אָנגעזאַמלט), און די אלע דריי שיכטן שטיינער ליגן איינע אויף דער אנדערער, און זיי האלטן צוזאַמען דריי איילן די לענג, דריי איילן די ברייט און דריי איילן די הויך; יעדע שיכט האָט דריי איילן די לענג, דריי איילן די ברייט און איין אייל די הויך, און ווייל זיי ליגן אלע דריי איינע אויף דער אנדערער, האלטן זיי צוזאַמען דריי איילן די הויך. אין די דריי שיכטן זענען פאַראַן 27 שטיינער, וואָס יעדער שטיין האלט איין אייל די לענג, איין אייל די ברייט און איין אייל די הויך. דאָס הייסט, אז א שיכט באַשטייט פון 9 שטיינער, און אלע דריי שיכטן 27 שטיינער. אזוי טייטשט דער רמב"ם. דער ר"ש טייטשט אז יעדע שיכט דאַרף האלטן דריי איילן הויך, און יעדער שיכט דאַרף האָבן 27 שטיינער.**

ו. גדר, אויב עס שטייט אין פעלד א צוים (א וואַנט) פון שטיינער (און דער בעל הבית וויל אים אוועקנעמען אים שמיטה־יאָר) איז אויב אין אים זענען פאַראַן צען שטיינער, וואָס יעדן שטיין דאַרפן טראָגן צווי מענטשן מעג מען די שטיינער צונעמען. **ווייל מען זעט, אז דערמיט מיינט ער ניט אָפּצורייניקן דאָס פעלד און צו מאַכן אָרט צו פאַרזייען, נאָר אז דאָס זענען שטיינער צום בויען אין אן אנדער אָרט. דער ברטנורא זאָגט, אז מען מעג אויך צונעמען ניט נאָר די דאָזיקע גרויסע שטיינער נאָר אויך די קלענערע אין דער זעלבער וואַנט.** שיעור, דער שיעור (די הויך) פון א צוים איז צען

**טפח. במה דברים אמורים? מתוך שלו; אבל מתוך של חברו, מה שהוא רוצה יטול. במה דברים אמורים? בזמן שלא התחיל בו מערב שביעית, אבל אם התחיל בו מערב שביעית, מה שהוא רוצה נוטל:**

**ז. אבנים שזעזעתן המחרשה, או שהיו מכוסות ונתגלו, אם יש בהן שתים של משאוי שנים שנים, הרי אלו ינטלו. המסקל את שדהו נוטל את העליונות ומניח את הנוגעות בארץ. וכן גרגר של צרורות או גל**

---

טפחים; אויב עס איז געווען ווינציקער (נידריקער פון צען טפחים, אָדער ווינציקער פון 10 שטיינער, אָדער די שטיינער זענען געווען קלענער פון דער משא פון צוויי מענטשן) מעג מען אָפּהאַקן (אַראָפּנעמען די שטיינער פון דער וואנט), אָבער מען לאָזט איבער שטיינער ביי דער ערד א טפח הויך. **דערמיט ווייזט מען, אז מען באַזייטיקט ניט די שטיינער, כדי צו קאָנען פאַראַקערן און פאַרזייען די ערד, מחמת עס בלייבן דאָך שטיינער הויך א טפח.** במה, ווען איז דאָס געזאָגט געוואָרן? **אין וועלכן פאַל זענען געזאָגט געוואָרן די אלע פריעריקע דינים וועגן דער שטיינהאַקעריי און וועגן דער שטיינערנער וואנט?** מתוך, ווען ער וויל נעמען די שטיינער ביי זיך אין פעלד, אָבער אז איינער וויל נעמען די שטיינער אין א פעלד, וואָס געהערט צו א צווייטן מענטש (אין א פרעמד פעלד), מעג ער נעמען וואָס ער וויל. **ווייל יעדער פאַרשטייט דאָך, אז דאָס נעמט ער די שטיינער צום בויען און ניט צוצוגרייטן א פרעמד פעלד צום אַקערן און צום זייען.** במה, ווען זענען געזאָגט געוואָרן די אלע דינים (וועגן דער שטיינהאַקעריי און וועגן דער שטיינערנער וואנט)? אויב ער האָט ניט אָנגעהייבן (נעמען די שטיינער פון דער שטיינהאַקעריי אָדער פון דער וואנט) אין ערב־שמיטה־יאָר, אָבער אויב ער האָט אָנגעהייבן (נעמען די שטיינער) אין ערב־שמיטה־יאָר, מעג ער שוין נעמען (אין שמיטה־יאָר) וואָס ער וויל. **די דאָזיקע משנה איז אביסל שווער, מחמת פריער אין דער משנה ה׳ ווערט דאָך געזאָגט, אז אפילו ער האָט פון ערב־שמיטה־יאָר געהאַט אויסגעהאַקטע שטיינער מוזן זיין דריי שיכטן פון 27 גרויסע שטיינער. ווי אזוי זשע זאָגט דאָ די משנה, אז אויב מען האָט אָנגעהייבן אים ערב שמיטה מעג מען שוין נעמען שטיינער וואָס מען וויל? דעריבער טייטשט דער ר״ש און דער ברטנורא** (ניט ווי דער רמבם)**, נאָר אז אין משנה ה׳ מיינט מען ניט, אז עס ליגן שוין אָנגעהאַקטע דריי שיכטן פון 27 שטיינער, נאָר, אז די ערד פון דער שטיינהאַקעריי איז אָפּגעדעקט און מען זעט, אז מען קאָן פון דאנען אויסהאַקן די דריי שיכטן שטיינער.**

ז. אבנים, שטיינער, (אין פעלד), וואָס דער אַקער־אייזן (ביים אַקערן) האָט זיי גערירט פון אָרט, אָדער וואָס זענען געווען צוגעדעקט (מיט ערד) און זיי זענען געוואָרן אָפּגעדעקט, אויב עס זענען צווישן זיי פאַראַן צוויי שטיינער, וואָס יעדן פון זיי דאַרפן טראָגן צוויי מענטשן, מעג מען זיי צונעמען (אים שמיטה־יאָר). **דער ברטנורא טייטשט, אז ערשטנס אפילו דער אַקער־אייזן האָט די שטיינער ניט גערירט פון אָרט, נאָר ווען ער וועט אַקערן וועט ער זיי רירן, מעג מען שוין אויך; און צווייטנס אז ניט נור מעג מען נעמען די צוויי שווערע שטיינער, נאָר אויך די קלענערע מעג מען שוין אויך צונעמען צוליב די שווערע שטיינער. דער טעם איז, אז אזעלכע שווערע שטיינער דערקענט מען, אז מען נעמט זיי צום בויען.** המסקל, אז איינער וויל אַראָפּנעמען פון זיין פעלד שטיינער (ניט אייזגעגראָבענע אין פעלד, נאָר זיי ליגן אויפן פעלד), זאָל ער נעמען די אויבערשטע שטיינער (די וואָס ליגן אויף אנדערע שטיינער), און זאָל איבערלאָזן די וועלכע רירן אָן די ערד. **ווייל דערמיט וואָס ער לאָזט איבער די אונטערשטע שטיינער ווייזט ער, אז ער גרייט ניט צו דערמיט דאָס פעלד צום אַקערן, נאָר ער דאַרף האָבן די שטיינער צום בויען.** וכן, און אזוי איז אויך דער דין מיט א „גרגר של צרורות״, א קופּע קליינע שטיינער, אָדער מיט א בערגל גרעסערע שטיינער; זאָל ער נעמען די אויבערשטע און לאָזט איבער די וואָס רירן אָן די ערד. **דער טעם איז**

**של אבנים, נוטל את העליונות ומניח את הנוגעות בארץ. אם יש תחתיהן סלע או קש, הרי אלו ינטלו:**

**ח. אין בונין מדרגות על פי הגאיות ערב שביעית משפסקו הגשמים מפני שהוא מתקנן לשביעית. אבל בונה הוא בשביעית משפסקו גשמים, מפני שהוא מתקנן למוצאי שביעית. ולא יסמוך בעפר. אבל עושה הוא חייץ. כל אבן שהוא יכול לפשוט את ידו וליטלה, הרי זו תנטל.**

---

אליץ דערזעלבער, ווייל דורך איבערלאָזן די שטיינער ביי דער ערד ווייזט ער, אז ער נעמט די שטיינער צום בויען, און ניט ווייל ער וויל אָפּליידיקן די ערד צום אקערן. אָם, אויב אונטער די שטיינער איז פאראן א פעלזן־שטיין אָדער שטרוי (און מען קאָן דאָס פעלד סיי ווי ניט פאראקארן) מעג מען זיי (אויך די אונטערשטע שטיינער, וואָס רירן אָן דעם פעלזן־שטיין אָדער די שטרוי) אוועקנעמען, מחמת דאָ איז דאָך זיכער, אז מיטן אוועקנעמען די שטיינער גרייט מען ניט צו דעם פעלזן־שטיין אָדער די שטרוי צום אקערן.

ח. אין, מען טאָרניט בויען קיין טרעפּן איבער די טאָלן, ווען די רעגנס האָבן אויפגעהערט ערב־שמיטה־יאָר, ווייל ער פארריכט זיי צום שמיטה־יאָר, אָבער מען מעג בויען אים שמיטה־יאָר, ווייל ער פארריכט זיי צום יאָר נאָך שמיטה; און ער זאָל ניט פארשטאָפּן מיט ערד, נאָר ער זאָל מאכן א וואנט פון שטיינער. די דאָזיקע משנה, שרייבט ר״י בן מלכי צדק, איינער פון די גרעסטע אלטע מפרשים, איז א זייער שווערע. עס זענען געזאָגט געוואָרן אויף איר א סך פירושים. דער ברטנורא טייטשט, אז „טאָלן״, „גאיות״, מיינט מען גריבער, וואו עס נעמט זיך צונויף וואסער, און פון וואנען מען ציט וואסער צו באוואסערן די פעלדער. צוליב דעם וואָס אראָפּגייענדיק אין די גריבער נאָך וואסער קאָן מען זיך אויסגליטשן, מאכט מען טרעפּ אראָפּצוגיין; און דאָס טאָר מען ניט טאָן ערב שמיטה, נאָכדעם ווי די רעגנס האָבן אויפגעהערט, ווייל ער מאכט זיי דאָך צום שמיטה־יאָר; אָבער אים שמיטה־יאָר מעג מען עס יאָ טאָן, ווייל ער מאכט דאָך די טרעפּ צו באנוצן זיי אין דעם 8טן יאָר, אין נאָך־שמיטה־יאָר. דער ברטנורא טייטשט אויך ווייטער, אז מען טאָר ניט פארשטאָפּן מיט ערד די לעכער פון די גריבער, דורך וואנען דאָס וואסער קאָן אָפּפליסן, אוועקגיין, ווייל מען דער־קענט, אז ער מיינט דערמיט צו באוואסערן די פעלדער; נאָר ער זאָל זיי פארשטאָפּן מיט „חייץ״, מיט שטיינער, אָנגעלייגט איינער אויפן צווייטן, ניט פארקלעבנדיק זיי מיט ערד אָדער ליים. דער דאָזיקער פירוש איז גענומען פון ר״ש, און עס איז פאראן אויף אים, א חוץ אנדערע קשיות אויך די קשיא: מה דאָך מען מעג באוואסערן דאָס פעלד אים שמיטה, זאָל מען ניט טאָרן בויען טרעפּ אראָפּצוגיין צום וואסער? דער רמבם טייטשט, אז דאָס מיינט מען בויען טרעפּ אין די בערגלעך איבער די טאָלן (ניט פון וואסער, נאָר סתם טאָלן) און זאָל ניט אָנפילן די טאָלן מיט ערד, נאָר ער מעג מאכן א מחיצה צווישן די טאָלן און די פעלדער ארום. אויך דער דאָזיקער פשט איז זייער שווער. דער ראב״ד טייטשט, אז די טרעפּ זאָל מען ניט אָנפילן מיט ערד, ווייל אויף דער ערד קאָן מען זייען און דאָס הייסט צוגעגרייט ערד צום זייען אים שמיטה־יאָר. דער ר״י בן מלכי צדק טייטשט „מדרגה״, דאָס זעלבע וואָס „גדר״, א צוים; מען טאָר ניט בויען א צוים ארום טאָלן מיט וואסער, כדי ניט צו־צו־לאָזן דאָרט פרעמדע מענטשן. ר״י בן מלכי צדק גיט צו, אז די משנה איז שווער: כל, יעדן שטיין, וואָס (ביים בויען א צוים צי א געביידע) ווען ער שטרעקט אויס די האנט קאָן ער אים נעמען, מעג ער אים נעמען (פון פעלד אראָפּ אים שמיטה יאָר). ווייל דאָס בויען דעם צוים אָדער די אנדערע געביידע ווייזט דאָך, אז ער נעמט דעם שטיין צו בויען. אָבער אויב ער דאַרף צו־גיין צום שטיין, טאָר ער ניט, ווייל עס זעט אויס ווי ער פאר־ריכט די ערד.

**ט. אבני כתף באות מכל מקום. והקבלן מביא מכל מקום. ואלו הן אבני כתף, כל שאינה יכולה להנטל באחת יד, דברי ר' מאיר. ר' יוסי אומר, אבני כתף כשמן, כל שהן נטלות שתים שלש על הכתף:**

**י. הבונה גדר בינו ובין רשות הרבים מותר להעמיק עד הסלע. מה יעשה בעפר? צוברו ברשות הרבים ומתקנו, דברי ר' יהושע. ר' עקיבא אומר, כדרך שאין מקלקלין ברשות הרבים כך לא יתקנו. מה יעשה**

---

ט. אבני כתף, שווערע שטיינער, וועלכע מען דאַרף טראָגן אויפן אַקסל („אַקסל־שטיינער, „כתף", „אַקסל") מעג מען נעמען פון אומעטום. ווייל די משנה זאָגט דאָך פריהער אין משנה ו', אז פון אן אייגן פעלד טאָר מען ניט נעמען שטיינער סיידן לויט געוויסע דינים, זאָגט דאָ די משנה, אַז שווערע אַקסל־שטיינער מעג מען נעמען אפילו פון אַן אייגן פעלד, מחמת יעדער פאַרשטייט, אַז מען נעמט זיי צום בויען. והקבלן, און א קבלן א (בוי־אונטערנעמער) מעג ברענגן שטיינער צום בויען פון אומעטום. ווייל קוים ווייסן אַלע, אַז דאָס איז א מענטש, וואָס האָט זיך אונטערגענומען צו בויען בנינים, פאַרשטייט מען, אַז די שטיינער וואָס ער נעמט, אפילו זיי זענען קליינע, זענען צום בויען. אַזוי טייטשט דער ר"ש. אָבער דער רמבם טייטשט, אַז „קבלן" מיינט מען דער, וואָס דינגט א פעלד ביי יענעם, און אַז ער מעג נעמען אין געדינגענעם פעלד די שטיינער; מחמת דאָס הייסט, ווי ער וואָלט גענומען אין א פרעמד פעלד, און לויט דער משנה ו' אין דאָזיקן פרק מעג מען נעמען שטיינער פון א פרעמד פעלד אים שמיטה־יאָר. ואלו, און דאָס זענען אַקסל־שטיינער: יעדער שטיין, וואָס קאָן ניט גענומען ווערן מיט איין האַנט, אַזוי זאָגט ר' מאיר; ר' יוסי זאָגט, אַז „אַקסל־שטיינער" מיינט מען ווי זייער נאָמען איז, דהיינו, וועלכע מען מוז נעמען צוויי דריי (שטיינער) אויפן אַקסל. דער „תפארת ישראל" זאָגט, אַז דאָס וואָס פריער אין משנה ו' ווערט געזאָגט, אַז די שטיינער דאַרפן זיין גרויס, אַז צוויי מענטשן זאָלן מוזן טראָגן איין שטיין, מיינט מען, אַז אויב עס זענען פאַראַן אַזעלכע שווערע שטיינער מעג מען שוין נעמען אויך די קליינע שטיינער; אָבער דאָ אין דער משנה רעדט מען וועגן נעמען נאָר די שווערע שטיינער, און דעריבער איז גענוג, ווען מען קאָן א שטיין ניט נעמען מיט איין האַנט (לויט ר' מאיר), אָדער ווען מען מוז טראָגן צוויי דריי אויפן אַקסל (לויט ר' יוסי).

י. הבונה, אַז איינער גייט בויען א צוים (גדר) צווישן זיין פעלד און א עפנטליכן פּלאַץ („רשות הרבים", אן אָרט וואָס געהערט צו אַלע מענטשן), מעג ער גראָבן טיף ביז ער קומט צו צו א פעלזן־שטיין. דאָ האָט מען ניט מורא צו האָבן טאָמער וועלן מענטשן זאָגן, אַז ער גראָבט כדי אויף דעם אָרט צו פאַרזייען, מחמת עס איז ניט דער שטייגער צו פאַרזייען לעבן א רשות הרבים. מה, וואָס זאָל ער טאָן מיט דער ערד, וואָס ער גראָבט אַרויס ? מחמת אַרויסוואַרפן די ערד אין זיין פעלד אַריין וועט דאָך עס מאַכן דעם איינדרוק, ווי ער פאַרבעסערט זיין פעלד מיט דער אַרויפגעוואָרפענער ערד? צוברו, זאָל ער די ערד צונויפנעמען אויף איין אָרט אין רשות הרבים און צו־רעכט מאַכן, אַזוי זאָגט ר' יהושע; דאָס הייסט, שפּעטער זאָל ער צונעמען די ערד פון רשות הרבים און מאַכן אים ווי ער איז געווען פריער. ר' עקיבא זאָגט, אַז אַזוי ווי מען טאָר ניט קאַליע מאַכן אין א רשות הרבים, אַזוי טאָר מען דאָרט ניט פאַרריכטן. דער טייטש איז, אַז קיין פּריוואַט־מענטש דאַרף זיך ניט באַנוצן מיטן רשות הרבים, ניט נאָר ווען ער מאַכט פריער קאַליע כדי ער זאָל עס דערנאָך פאַרריכטן, נאָר אפילו באַלד צו פאַרריכטן, ווייל מען האָט מורא טאָמער וועט ער עס ניט טאָן גוט. מה, וואָס זאָל ער טאָן מיט דער ערד? די שאלה איז שוין פון ר' עקיבא, מחמת אין רשות הרבים טאָר ער דאָך איר ניט וואַרפן. צוברו, ער מעג צונויפנעמען די ערד אין עטליכע ערטער אין זיין אייגן פעלד, ווי דער שטייגער איז פון די וואָס פירן אַרויס מיסט.

**בעפר? צוברו בתוך שדהו כדרך המזבלים. וכן החופר בור ושיח ומערה.**

## פרק ד.

**א. בראשונה היו אומרים, מלקט אדם עצים ואבנים ועשבים מתוך שלו כדרך שהוא מלקט מתוך של חברו את הגס הגס. משרבו עוברי עברה, התקינו שיהא זה מלקט מתוך של זה וזה מלקט מתוך של זה שלא בטובה, ואין צריך לומר שיקצץ להם מזונות:**

---

מיר האָבן געלערנט פריער אין משנה ב׳, אז ארויספירן מיסט אין א פעלד מעג מען נאָר אין 3 מיסט־בערג (אויף א בית־סאה־פעלד), וואָס יעדער בארג ענטהאלט 10 מיסט־זעק צו 15 סאה א זאק. אזוי זאָל ער אויך טאָן מיט דער ארויסגעוואָרפענער ערד, מאכן פון איהר 3 בערג אויף א בית־סאה־פעלד (א פעלד פון 50 איילן די לענג אויף 50 איילן די ברייט). וכן, און אזוי (זענען אויך מחולק ר׳ יהושע און ר׳ עקיבא) ווען איינער גראָבט א ברונעם, אָדער א גרובן אָדער א הייל. דער דאָזיקער דין איז ניט וועגן שמיטה־יאָר, נאָר בכלל אז איינער וויל גראָבן אין זיין אייגן פעלד לעבן רשות הרבים א ברונעם, אָדער א לענגליכן גרובן אָדער א צוגעדעקטע הייל, און דאַרף ארויסוואַרפן די ערד. זאָגט ר׳ יהושע, אז ער מעג דערווייל ארויסוואַרפן די ערד אין רשות הרבים און דערנאָך איר צונעמען; און ר׳ עקיבא זאָגט, אז מען טאָר ניט. אזוי טייטשט דער ר״ש. דער רמבם אָבער טייטשט, אז דאָס מיינט מען אויך אים שמיטה־יאָר און עס איז דער זעלבער דין וואָס ביים גראָבן א צוים.

## פרק ד.

א. בראשונה, צוערשט האָבן (די חכמים) געזאָגט, אז א מענטש מעג אראָפּקלייבן (אין שמיטה־יאָר) פון זיין אייגן פעלד די גרויסע שטיקלעך האָלץ און שטיינער און גראָזן, אזוי ווי ער מעג אראָפּקלויבן אין א פרעמד פעלד (סיי די גרויסע און סיי די קליינע). אזוי טייטשט דער ירושלמי די דאָזיקע משנה, דהיינו, אז די ווערטער „את הגס הגס״, „די גרויסע״, גייען ארויף אויף דעם ערשטן טייל פון דער משנה, אויף דעם „מלקט אדם עצים ואבנים ועשבים מתוך שלו״. אז א מענטש מעג אראָפּקלויבן פון זיין אייגן פעלד די גרויסע שטיקלעך האָלץ און שטיינער און גראָזן״, און אז אין א פרעמד פעלד מעג מען קלויבן אלע שטיקלעך, סיי די גרויסע און סיי די קליינע. מחמת ביי זיך אין פעלד, ווען ער לאָזט איבער די קליינע, פארשטייט מען, אז ער גרייט ניט צו דאָס פעלד צום אקערן און זייען; אָבער אין א פרעמד פעלד פארשטייט מען, אז דאָס אראָפּנעמען סיי די גרויסע און סיי די קליינע איז ניט לטובת דעם פעלד, נאָר ווייל ער דאַרף זיי האָבן פאַר זיך. משרבו עוברי עבירה, ווען אָבער עס האָבן זיך פארמערט די וואָס טוען עבירות (וואָס ווילן באארבייטן אים שמיטה־יאָר זייערע פעלדער, און זיי פלעגן אין זייערע אייגענע פעלדער אראָפּקלויבן אויך די קליינע און פלעגן זאָגן, אז זיי קלויבן אראָפּ נאָר די גרויסע, האָט מען מתקן געווען אז (קיינער זאָל אין זיין אייגן פעלד גאָרניט אראָפּקלויבן, ניט גרויסע און ניט קליינע, נאָר) איינער זאָל אראָפּקלויבן אין אנדערנס פעלד און דער אנדערער זאָל אראָפּקלויבן אין ערשטנס פעלד, אָבער דערביי טאָר מען ניט זאָגן (דעם אראָפּקלייבער) „א דאנק!״, און מען דאַרף ניט צוגעבן, אז מען טאָר ניט באשטימען צו געבן אים צו עסן. די נייע תקנה איז געווען, אז די בעלי בתים פון פעלדער טאָרן אין זייערע אייגענע פעלדער גאָרניט אראָפּקלויבן קיין שטיקלעך האָלץ אָדער גראָזן אָדער שטיינער אים שמיטה־יאָר, כאָטש זיי דאַרפן דאָס פאַר זייער אייגענעם געברויך, און מיינען ניט צו פארבעסערן דאָס פעלד. אָבער יעדער בעל הבית מעג גיין אין אן אנדערנס פעלד און אראָפּקלייבן, אָבער דער אנדערער טאָר ניט זאָגן דעם אראָפּקלויבער „א דאנק״ („בטובה״, „מיט א דאנק״); און אויסרעדן זיך צו געבן דעם אראָפּקלייבער צו עסן טאָר מען אודאי ניט. מחמת קוים דאנקט מען דעם אראָפּקלויבער אָדער מען גיט אים

**ב. שדה שנתקוצה תזרע במוצאי שביעית; שנטייבה או שנדיירה, לא תזרע במוצאי שביעית. שדה שנטייבה, בית שמאי אומרים, אין אוכלין פירותיה בשביעית; ובית הלל אומרים, אוכלין. בית שמאי אומרים, אין אוכלין פירות שביעית בטובה; ובית הלל אומרים, אוכלין בטובה ושלא**

---

צו עסן, הייסט עס ווי דער בעל הבית אליין טוט עס.

ב. שדה שנתקוצה, א פעלד, וואָס מען האָט דערפון ארויסגענומען די דערנער (אים שמיטה־יאָר, און אזוי ארום צוגעגרייט דאָס פעלד אז מען זאָל עס קאָנען פאר־זייען), מעג מען עס מוצאי שמיטה (אין יאָר נאָך שמיטה) פארזייען; שנטייבה או שנדיירה, אויב אָבער מען האָט דאָס פעלד (אים שמיטה־יאָר) גוט צוגעגרייט (פאר־אקערט) אָדער מען האָט (אויף דעם פעלד) אוועקגעשטעלט בהמות און עס באמיסטיקט, טאָר מען דאָס פעלד ניט פארזייען אין נאָך־שמיטה־יאָר. דער ירושלמי האָט אויף דער משנה צוויי טייטשן. דער ערשטער איז, ווי מיר האָבן דאָ געגעבן. און מחמת אראָפּ־נעמען די דערנער אים שמיטה־יאָר איז ניט אזא גרויסע עבירה ווי פאראקערן און באַמיסטיקן, דעריבער האָבן די חכמים ביים אראָפּנעמען די דערנער אים שמיטה־יאָר ניט באשטראָפט דעם בעל הבית אז ער זאָל ניט טאָרן פארזייען אין נאָך־שמיטה־יאָר און ביים פאראקערן און באמיסטיקן האָבן זיי אים יאָ באשטראָפט. דער צווייטער טייטש איז אז „שנתקוצה" מיינט פאראקערן איינמאָל דאָס פעלד, כדי די דערנער זאָלן ארויסגעריסן ווערן, און „שנטייבה" מיינט פאראקערן צוויי מאָל דאָס פעלד; און דער ירושלמי זאָגט, אז דאָס איז געווען אין דער צייט פון א גזירה, ווען א פרעמדע רעגירונג האָט גוזר געווען אויף די יידן אין ארץ ישראל צו באצאָלן פון די פעלדער גרויסע שטייערן, און די יידן זענען געצווינגן געווען צו פאראקערן און פארזייען זייערע פעלדער אים שמיטה, כדי צו האָבן מיט וואָס צו צאָלן די שטייערן. די חכמים האָבן מתיר געמאכט, אז מען זאָל נאָר אקערן איין מאָל, מחמת דאָס איז נויטיק גע־ווען פאר דעם דאָזיקן יאָר. אויב אָבער איינער האָט געאקערט צוויי מאָל, האָט מען אים באשטראָפט, אז ער זאָל אין נאָך־שמיטה־יאָר ניט טאָרן פארזייען. „שנדיירה" מיינט מען, לויט ביידע טייטשן, אוועקשטעלן אויפן פעלד בהמות, וועלכע זאָלן דאָרט אָנוואַרפן מיסט און עס באמיסטיקן; „נדיירה" איז פון לשון „דיר", מאכן אן אָרט פאר בהמות. מען מיינט דאָ, אז מען האָט ניט אפגעהיטן דאביי די דינים פון דער משנה אין פרק ג' משנה ד'. שדה שנטייבה, א פעלד, וואָס מען האָט עס פאראקערט (אים שמיטה), זאָגן די בית שמאי אז מען טאָר אירע פרוכטן ניט עסן אים שמיטה, און די בית הלל זאָגן, אז מען מעג עסן. דאָס איז, לויט די בית שמאי, א שטראָף, אז כאָטש די פרוכטן וואקסן פון זיך אליין, מען האָט זיי ניט פארזייט, טאָר מען זיי ניט עסן, ווייל אין פעלד איז געטאָן געוואָרן אן ארבייט אים שמיטה; אָבער די בית הלל זאָגן, אז מען מעג יאָ עסן די פרוכטן. וועגן דער שאלה, וועלכע פרוכטן, וואָס וואקסן פון זיך אליין („ספיחים"), מעג מען עסן אים שמיטה, און וועלכע טאָר מען ניט, און בכלל וועגן דער גזירה ניט צו עסן אים שמיטה־יאָר „פון זיך אליין וואקסנדיקע תבואה און ירקות" („ספיחים") לערנט די משנה פרק ט' משנה א' און דאָרט וועלן מיר דאָס דערקלערן. סיי ווי, די משנה דאָ מיינט אזעלכע פרוכטן, וואָס מען מעג יאָ עסן אים שמיטה. בית שמאי, די בית שמאי זאָגן, אז מען טאָרניט עסן שמיטה־פרוכטן געבענדיק א דאנק (דעם בעל הבית), און די בית הלל זאָגן, אז מען מעג עסן, סיי געבנדיק א דאנק, סיי ניט געבנדיק א דאנק. די תורה זאָגט, אז אים שבועות זענען אלע פעלדער און גערטנער הפקר, און יעדער מעג אריינגיין אין די פעלדער און גערטנער און נעמען פרוכטן (תבואות, ירקות, ביימער ־ פרוכטן) וועלכע וואקסן דאָרט. זאָגן די בית שמאי, אז מען טאָר דאביי ניט געבן א דאנק דעם בעל הבית פון פעלד און פון גאָרטן, מחמת אז מען גיט אים א דאנק הייסט עס ווי עס איז ניט הפקר, נאָר עס איז דעם בעל

**בטובה. ר׳ יהודה אומר, חילוף הדברים, זו מקולי בית שמאי ומחומרי בית הלל.**

**ג. חוכרין נירין מן הגוים בשביעית, אבל לא מישראל, ומחזיקין ידי גוים בשביעית, אבל לא ידי ישראל; ושואלין בשלומן, מפני דרכי שלום.**

**ד. המדל בזיתים, בית שמאי אומרים, יגום. ובית הלל אומרים,**

---

הבית׳ס און מען באצאָלט אים דערפאר מיט א דאנק. אָבער די בית הלל זאָגן, אז „געבן א דאנק״ הייסט ניט באצאָלט. ר׳יהודה זאָגט, אז די ווערטער זענען פאר־קערט (דהיינו, אז די בית שמאי זאָגן, אז מען מעג יאָ געבן א דאנק, און די בית הלל זאָגן אז מען טאָר ניט); דאָס איז פון די פארלייכטערונגען (קולי) פון די בית שמאי און די באשווערונגען (חומרי) פון די בית הלל. אין דעם גרעסטן טייל פון די דינים, אין וועלכע די בית הלל זאָגן אנדערש פון די בית שמאי, זענען די בית הלל מיקל, מאכן לייכטער, זאָגן, אז מען מעג, און די בית שמאי זענען מחמיר, מאכן שווערער, זאָגן אז מען טאָר ניט. אָבער עס זענען פאראן אויסנאַמס־פאַלן, ווען די בית שמאי זענען מיקל און די בית הלל זענען מחמיר, און די דאָזיקע פאלן רופט מען „קולי בית שמאי והומרי בית הלל״. די פארלייכטערונגען פון די בית שמאי און פארשווערונגען פון די בית הלל; זיי ווערן אויסגערעכנט אין דער מסכת עדיות פרקים ד׳ און ה׳. לויט ר׳ יהודה געהערט אויך דער דאָזיקער דין צו די אויסנאַמספאַלן.

ג. חוכרין, מען מעג דינגען פון גויים (אין נאָך שמיטה־יאָר) פעלדער, וועלכע די גויים האָבן פאראקערט אים שמיטה־יאָר („נירין״, פאראקערטע פעלדער), אָבער פון יידן טאָר מען ניט. ווייל די גויים האָבן דאָך געמעגט אקערן זייערע פעלדער אים שמיטה־יאָר און דעריבער ווען א ייד דינגט אזא פעלד צום פארזייען, איז כאָטש ער געניסט דאָך פון דעם וואָס דאָס פעלד איז פאראקערט געוואָרן אים שמיטה און ער קאָן עס גלייך פארזייען, מעג ער עס טאָן. אָבער פון יידן, וועלכע האָבן עובר געווען א עבירה און פאראקערט זייערע פעלדער אים שמיטה־יאָר, טאָר מען ניט דינגען די פעלדער אים נאָך שמיטה־יאָר, מחמת מען געניסט דאָך פון א געטוענער עבירה. ומחזיקין, און מען מעג „ווינטשן דערפאָלג״ צו גויים (וואָס ארבייטן אין זייערע פעל־דער) אים שמיטה־יאָר. „מחזיקין ידי״, „פארשטאַרקן די הענד״, ווינטשן דערפאָלג״. אבל, אָבער יידן (וואָס ארבייטן זייערע פעלדער אים שמיטה־יאָר) טאָר מען ניט ווינטשן דערפאָלג. דאָס איז א דין, אז מען טאָר ניט צוגעבן מוט, מחזק זיין, אזעלכע וואָס טוען עבירות. ושואלין בשלומם, און מען מעג באגריסן (גויים), כדי עס זאָל זיין שלום. „מפני דרכי שלום״, צוליב שלום וועגן, מיינט מען טאָן זאכן, וואָס מען וואָלט ניט געטאָרט טאָן, אָבער כדי מען זאָל ניט ארויסרופן קריגערייען, כדי אָנצוהאלטן „די וועגן פון שלום״, האָט מען עס דערלויבט צו טאָן. די גמרא גטין ס״ב זאָגט דעריבער, אז דאָ מיינט מען ניט אין סתם צייטן, מחמת מען מעג דאָך און מען דארף סיי־ווי באַ־גריסן גויים („לשאול בשלומם״, „פרעגן זיך וואָס זיי מאכן״, זאָגן „שלום!״); נאָר מען מיינט דאָ אין די חגאות פון עבודה זרה, און לויטן דין וואָלט מען ניט געטאָרט אין אזעלכע טעג זיי באגריסן, ווייל דאָס קאָן אויסגעטייטשט ווערן ווי אנערקענונג פאר די עבודה־זרה־חגאות. דעריבער לערנט די משנה אז צוליב שלום וועגן מעג מען.

ד. המדל, אז איינער „מאכט אָרעם״, (ווייל אויסשניידן טייל) צו־געדיכטע אייל־בירטן־ביימער (אים שמיטה־יאָר), זאָגן די בית שמאי, אז ער זאָל (די ביימער) אָפ־האקן (און איבערלאָזן דעם וואָרצל אין דער ערד), און די בית הלל זאָגן, ער מעג אויס־רייסן די ביימער מיטן וואָרצל. „המדל״ איז פון וואָרט „דלל״, „מאכן אָרימער״ (דאָס וואָרט האָבן מיר געהאט אין מסכת פאה פרק ג׳ משנה ג׳), און מען מיינט דערמיט, אז ווען ביימער וואקסן צו־געדיכט איינער לעבן דעם אנדערן, שניידט מען אויס טייל פון זיי. די בית שמאי האלטן, אז אויסרייסן מיטן וואָרצל טאָר מען ניט, ווייל עס

**ישרש. ומודים במחליק עד שיגום. איזה הוא המדל? אחד או שנים. המחליק? שלשה זה בצד זה. במה דברים אמורים? מתוך שלו; אבל מתוך של חברו, אף המחליק ישרש:**

**ה. המבקיע בזית לא יחפה בעפר, אבל מכסה הוא באבנים או בקש. הקוצץ קורות שקמה לא יחפה בעפר, אבל מכסה הוא באבנים או בקש. אין קוצצין בתולת שקמה בשביעית, מפני שהיא עבודה. ר' יהודה אומר,**

**מאכט דעם איינדרוק ווי מען גרייט־צו די ערד צום פארזייען; און די בית הלל זאָגן, אז ווייל מען שניידט אָפּ נאָר א קליינע צאָל ביימער מעג מען אויך אויסרייסן. ומודים,** די בית הלל זענען מסכים (צו די בית שמאי), אז ווען מען מאכט גליאטיק („במחליק״, ווען מען רייסט ארויס מער ביימער) אז מען מעג נאָר אָפּהאקן (און ניט ארויסרייסן מיטן וואָרצל). וואָס הייסט „המידל״, „אַרימער מאכן״? ווען (מען שניידט אָפּ) איינעם אָדער צוויי (ביימער). וואָס הייסט „המחליק״, „גליאטיק מאכן״? ווען (מען שניידט אָפּ) דריי ביימער איינעם לעבן אַנדערן. **ווען מען שניידט אָפּ דריי ביימער איינעם לעבן אנדערן דארף מען יאָ איבערלאָזן די וואָרצלען, ווייל אויב ניט זעט עס אויס ווי מען האָט אָפּגערייניקט א שטיק פעלד כדי מען זאָל עס קאָנען פארזייען.** במה, ווען איז דאָס געזאָגט געוואָרן (אז מען טאָר ניט אויסוואָרצלען)? ווען ער שניידט אָפּ אין זיין אייגענס;אָבער אויב אין א פרעמדנס (פעלד) (ווייל ער דארף דאָס האָלץ האָבן פאר זיך צום נוצן), מעג ער אויך אלס „מחליק״ (ביים אָפּשניידן דריי ביימער) אויסרייסן מיטן וואָרצל. **ווייל מען ווייסט, אז ער מיינט ניט צוצוגרייטן דאָס פעלד צום פארזייען, מחמת דאָס פעלד איז דאָך ניט זיינס.**

ה. המבקיע, אז איינער האקט אויס (אים שמיטה) שטיקלעך האָלץ פון אן אייל־בירטן־בוים (ער לאָזט־איבער דעם בוים, נאָר ער האקט פון אים ארויס שטיקלעך האָלץ) זאָל ער (דאָס אויסגעהאקטע אָרט) ניט פארדעקן מיט ערד, אָבער ער מעג עס פארדעקן מיט שטיינער אָדער מיט שטרוי. **ווייל פארדעקנדיק מיט ערד, מאכט ער דעם בוים בעסער צום וואקסן** (**וואָרום ערד האָט אין זיך נארונגס־שטאָף פאר דעם בוים**) **און דאָס טאָר מען ניט אים שמיטה; אָבער ווען ער פארדעקט די לעכער מיט שטיינער אָדער מיט שטרוי איז עס נור כדי דער בוים זאָל ניט קאליע ווערן, און דאָס מעג מען.** הקוצץ, אז איינער האקט אויס קלעצער פון א סיקאָמאָר־בוים (שקמה) זאָל ער ניט צודעקן (די אויסגעהאקטע ערטער אין בוים) מיט ערד, אָבער ער מעג פארדעקן מיט שטיינער אָדער מיט שטרוי. **אלץ צוליב דעמזעלבן טעם, ווייל ערד פארבעסערט דעם בוים; אָבער שטיינער און שטרוי פארדעקן נור אז דער בוים זאָל ניט קאליע ווערן. אין, מען טאָר ניט האקן** (קלעצער פון) א קיינמאָל־ניט־געהאקטן סיקאמאָר־בוים (בתולת השקמה) אים שמיטה־יאָר, ווייל עס איז אן ארבייט. „שקמה״ **איז א סיקאמאָר־בוים, פון וועלכן מען שניידט ארויס פון צייט צו צייט שטיקער האָלץ אויף קלעצער, און מען לאָזט דעם שטאם־וואָרצל פון בוים ווייטער וואקסן. ווען מען האָט פון דעם סיקאמאָר־בוים קיינמאָל נאָך קיין קלעצער ניט ארויסגעשניטן, הייסט ער „בתולת השקמה״, דאָס הייסט, ווי א „מיידל״** (בתולה), **וואָס איז נאָכניט אָנגערירט געוואָרן. זאָגט די משנה, אז אָנהויבן ארויסשניידן קלעצער פון א בתולת השקמה, פון א סיקא־מאָר־בוים, פון וועלכן מען האָט נאָך קיינמאָל ניט געשניטן, טאָר מען ניט אים שמיטה־יאָר, ווייל דאָס איז אן ארבייט אויף צו פארבעסערן דעם בוים, וואָרום דער בוים וואקסט דאדורך דיקער און בעסער.** ר' יהודה זאָגט, אז אָפּשניידן (פון א בתולת השקמה) ווי געווײנליך (ניט איבערלאָזנדיק צען טפחים פון בוים־שטאם איבער דער ערד) טאָר מען ניט, נאָר ער מעג אָדער ווען ער לאָזט־איבער צען טפחים אָדער ער שניידט אינ־גאנצן אָפּ דעם בוים. **מען איז זיך נוהג ניט צושניידן א סיקאמאָר־בוים פון צען טפחים און העכער אָדער אינגאנצן, ווייל דאדורך ווערט דער בוים ניט פארבעסערט; און**

**כדרכה אסור; אלא או מגביה עשרה טפחים, או גומם מעל הארץ.**
**ו. המזנב בגפנים והקוצץ קנים, ר' יוסי הגלילי אומר, ירחיק טפח. ר' עקיבא אומר, קוצץ כדרכו בקרדום או במגל ובמגירה ובכל מה שירצה. אילן שנפשח, קושרין אותו בשביעית, לא שיעלה, אלא שלא יוסיף.**
**ז. מאימתי אוכלין פירות האילן בשביעית? הפגים משיזריחו אוכל**

---

**דעריבער מעג מען עס טאָן אין שמיטה־יאָר, אזוי איז צו זען פון דער גמרא בבא בתרא פ' דעם טעם פון ר' יהודה.**

ו. המזנב, אז איינער וויל אָפּהאַקן אים שמיטה די שפּיצן (עקן, „זנב״, עק, „המזנב״, אָפּהאַקן די עקן) פון די ווייַנשטאָקן, אָדער אז איינער וויל אָפּהאַקן שטעקלעך (כדי זיי זאָלן וואַקסן דיקער) זאָגט ר' יוסי הגלילי, אז ער זאָל האַקן א טפח ווייט (פון דער ערד). **דאָס הייסט, אז נידריקער פון א טפח צו דער ערד טאָר ער די וויינשטאָקן און די שטעקעלעך ניט אָפּהאַקן אים שמיטה־יאָר. אזוי טייטשט דער ברטנורא. די אנדערע מפרשים („מלאכת שלמה״, „משנה ראשונה״) האָבן דעריף עטליכע קשיות, און די שווערסטע פון זיי איז, וואָס אָפּהאַקן צווייגן פון א ווייַנשטאָק איז דאָך א פאַרבאָט אין דער תורה** (ויקרא כ״ה, „וכרמך לא תזמור״, און „תזמור״ **מיינט מען דאָך אָפּהאַקן צווייגן). די „משנה ראשונה״ רעכנט דעריבער, אז „המזנב״ מיינט אָפּהאַקן די שפּיצן פון די צווייגן.** ר' עקיבא זאָגט, אז ער מעג האַקן ווי געוויינליך (ער דאַרף ניט דערווייטערן זיך א טפח); מיט א האַק, אָדער מיט א שנייד־מעסער, אָדער מיט א זעג, און מיט וואָס ער וויל. **דער „תפארת ישראל״ מיינט, אז די ווערטער פון „מיט א האַק״ ביז „וואָס ער וויל״, זענען ניט ר' עקיבא'ס, נאָר דאָס איז שוין א באַזונדערער דין אין דער משנה און דעריף איז אויך ר' יוסי הגלילי מסכים.** אילן שנפשח, א בוים, וואָס איז צעשפּאָלטן געוואָרן, מעג מען אים צובינדן אים שמיטה־יאָר, ניט כדי (דער שפּאַלט) זאָל זיך פאַרהיילן (צוּוואַקסן צוזאַמען), נאָר כדי ער זאָל זיך ניט פאַרגרעסערן. **„שנפשח״ איז דער טייטש צעשפּאָלטן, און דאָס וואָרט איז פאַראַן אין תנך, איכה ג' „ויפשחני״; „שיעלה״, „ער זאָל זיך פאַרהיילן״, ער זאָל „אויפגיין״, ער זאָל זיך צוריק צו־וואַקסן.**

ז. מאימתי, פון ווען אָן מעג מען עסן ביימער־פּרוכטן אים שמיטה־יאָר? **כדי צו פאַרשטיין די דאָזיקע משנה און די ווייטערדיקע משנות איז נויטיק צו וויסן, אז פּרוכטן, וועלכע וואַקסן אים שמיטה־יאָר, „פּירות שביעית״, האָבן א הייליקייט, א קדושה.** מען מעג זיי עסן, **אָבער מען טאָר זיי ניט קאַליע מאַכן. די גמרא פסחים נ״ב זאָגט אז דער פּסוק אין חומש (ויקרא כ״ה) אז אים שמיטה־יאָר זאָל מען עסן די תבואה („לאכלה״), מיינט, „לאכלה ולא להפסד״, עסן מעג מען, אָבער קאַליע מאַכן טאָר מען ניט. דעריבער מעג מען עסן שמיטה־פּרוכטן נאָר ווען זיי זענען שוין צייטיק. אָבער קוים עסט מען זיי ווען זיי זענען גאָרניט צייטיק, און עס איז ניט דער שטייגער, אז מענטשן זאָלן זיי עסן אין אזא צושטאַנד, הייסט עס קאַליע געמאַכט זיי, און מען טאָר ניט. אָבער עס טרעפט ביי טייל פּרוכטן, וואָס כאָטש זיי זענען נאָכניט אינגאַנצן צייטיק, פונדעסטוועגן די אַרבייטער אין פעלד עסן זיי יאָ, אָבער אין שטוב אַריין ברענגט מען זיי ניט צום עסן. די משנה פרעגט דעריבער: ווען איז דער שטייגער צו עסן פּרוכטן פון א בוים, אז מען זאָל זיי מעגן עסן אים שמיטה־יאָר? די משנה ענטפערט:** הפגים משיזריחו, די ניט־צייטיקע פייגן (פגים), ווען זיי ווערן אביסל רויטלעך (משיזריחו, פון „זרח״, „שיינען״) מעג מען עסן מיט זיי דאָס ברויט אין פעלד. **כאָטש זיי זענען נאָכניט צייטיק, פונדעסטוועגן אין פעלד ביי דער אַרבייט איז דער שטייגער זיי צו עסן מיט ברויט. אָבער אין שטוב אַריין טאָר מען זיי נאָכניט ברענגען. „פגים״ הייסן „ניט־צייטיקע פייגן״, און אין שיר השירים ה' געפינען מיר „התאנה**

**בהם פתו בשדה; ביחלו, כונס לתוך ביתו. וכן כיוצא בהם בשאר שני שבוע חייב במעשרות.**

**ח. הבוסר, משהביא מים אוכל בו פתו בשדה; הבאיש, כונס לתוך ביתו. וכן כיוצא בו בשאר שני שבוע חייב במעשרות.**

**ט. זיתים, משיכניסו רביעית לסאה פוצע ואוכל בשדה. הכניסו חצי**

---

**חנטה פגיה״**. בחלו, ווען די פייגן ווערן באלד־צייטיק, מעג מען זיי שוין אריינגעמען אין שטוב (און דאָרט עסן). **ווייל דער שטייגער איז, אז באלד־צייטיקע פייגן עסט מען שוין אויך אין שטוב.** וכן, און אזוי ווי זיי (ווי די באלד־צייטיקע פייגן) איז מען אין די אנדערע יאָרן פון דער זיבן־יאָרן־צייט מחוייב אראָפּצונעמען פון זיי מעשרות. **יעדע 7 יאָר הייסן „שבוע״** (פון וואָרט „שבע״, זיבן); **דאָס 7טע יאָר פון זיי איז שמיטה, און די איבריקע 6 יאָר הייסן „שאר שני שבוע״, „די אנדערע יאָרן פון דער 7־יאָר צייט״. אים שמיטה־יאָר דאַרף מען פון די פרוכטן ניט אראָפּנעמען קיין מעשרות, מחמת אים שמיטה־יאָר זענען אלע פרוכטן הפקר, און הפקר איז פטור פון מעשר. אין די אנדערע 6 יאָרן מוז מען יאָ אראָפּנעמען מעשר. אָבער מעשר דאַרף מען אראָפּנעמען נאָר פון צייטיקע פרוכטן. זאָגט די משנה, אז ווען די פייגן ווערן באלד־צייטיק („בחלו״) דאַרף מען שוין אראָפּנעמען פון זיי מעשרות.**

ח. הבוסר, ניט־צייטיקע ווינטרויבן, ווען זיי געבן שוין ארויס פון זיך „וואסער״ (זאפט), מעג מען (אים שמיטה־יאָר) עסן מיט זיי דאָס ברויט אין פעלד. **כאָטש זיי זענען נאָכניט צייטיק, אָבער אים פעלד ביי דער ארבייט איז דער שטייגער צו עסן ברויט מיט „בוסר״, מיט ניט־צייטיקע, זויערע ווינטרויבן.** הבאיש, ווען די ווינטרויבן ווערן שוין באלד־צייטיק (און מען זעט שוין ארויס די קערנדלעך דורך דער שאָל) מעג מען אריינגעמען אין שטוב(און עסן). **אזוי טייטשט דאָס וואָרט „הבאיש״ דער ירושלמי, „משיתחילו להתבשל״, ווען זיי הייבן אָן צו ווערן צייטיק. דער רמבם טייטשט, אז די ווינטרויבן זענען שוין אזוי שטארק צייטיק דאָס ווען מען לאָזט זיי ליגן ווערן זיי קאליע, און דער „תוספות יום טוב״ ברענגט דערצו דעם פסוק אין ישעיה ה׳ וואו „ענבים״ מיינט מען גוטע ווינטרויבן און „באושים״ שלעכטע.** וכן, און אזוי ווי זיי (ווי די באלד־צייטיקע ווינטרויבן, הבאיש) איז מען אין די אנדערע יאָרן פון דער זיבן־יאָרן־צייט מחוייב אראָפּצונעמען מעשרות. **דאָס הייסט, ווי מיר האָבן דערקלערט אין דער פריערדיקער משנה, אז אויך בנוגע מעשרות הייסן דעמאָלס די ווינטרויבן שוין פאַרטיקע. דאָס וואָרט „מים״, „וואסער״, מיינט דאָ „פליסיקייט״, דער זאפט פון ווינטרויבן.**

ט. זיתים, איילבירטן, ווען זיי זענען אזוי אויפגעוואקסן, אז זיי געבן־ארויס א פירטל קוואָרט (לוג) אייל פון א סאה (6 טעפּ, קבים) איילבירטן, מעג מען זיי שפּאלטן און עסן אין פעלד. **דאָס הייסט, אז די דאָזיקע איילבירטן זענען נאָכניט צייטיק, אָבער זיי זענען שוין אין אַזא צושטאנד, אז ווען מען קוועטשט־אויס א סאה פון זיי געבן זיי ארויס א פערטל לוג (קוואָרט) אייל; דעמאָלס איז שוין דער שטייגער, ווען מען ארבייט אין פעלד, צו שפּאלטן די איילבירטן, צו מאכן זיי ווייכער, און צו עסן, און דעריבער מעג מען זיי אויך אין שמיטה־יאָר עסן אין פעלד.** הכניסו, אויב די איילבירטן זענען שוין אביסל צייטיקער און זיי געבן ארויס א האלבע קוואָרט אייל (פון א סאה), מעג ער זיי צעקוועטשן און שמירן זיך מיט דעם אייל אין פעלד. **שמיטה־איילבירטן מעג מען ניט נאָר עסן, נאָר אויך שמירן זיך מיט זייער אייל, און עס איז דער שטייגער פון מענטשן דאָס צו טאָן. זאָגט דאָ די משנה, אז אין פעלד, ביי דער ארבייט, איז מען זיך נוהג, אז ווען די איילבירטן ווערן אביסל צייטיקער און מען קאָן ארויסקוועטשן פון זיי א האלבע קוואָרט אייל פון א סאה איילבירטן, זאָל מען זיי צעקוועטשן און צו שמירן זיך מיט דעם אייל, און דעריבער מעג מען עס טאָן אויך אין שמיטה־**

**לוג, כותש וסך בשדה. הכניסו שליש, כותש בשדה וכונס לתוך ביתו. וכן כיוצא בהם בשאר שני שבוע חייבים במעשרות. ושאר כל פירות האילן — כעונתן למעשרות כך עונתן לשביעית:**

**י. מאימתי אין קוצצין האילן בשביעית? בית שמאי אומרים, כל האילן משיוציא. בית הלל אומרים, החרובין משישלשלו, והגפנים**

יאר. הכניסו, אויב די איילבירטן זענען שוין אזוי צייטיק אז זיי ברענגן א דריטל (שליש) מעג מען זיי שוין צעקוועטשן אין פעלד און אריינעמען אין שטוב (און עסן אים שמיטה־יאר). ווענגן דעם ווארט א „דריטל", „שליש", זענען פאראן עטליכע מיינונגען. דער ר"ש טייטשט, אז די איילבירטן זענען אויפגעוואקסן א דריטל פון דער גרויס, וואס זיי האבן ווען זיי זענען שוין אינגאנצן פארטיק; דער ר"ש ברענגט אויך א צווייטן טייטש, דהיינו, אז זיי געבן אדריטל פון דעם אייל, וואס זיי געבן ווען זיי זענען אינ־גאנצן פארטיק. דער רמב"ם טייטשט „א דריטל קווארט (לוג)". פון ירושלמי איז צו זען, אז דער טייטש פון „שליש" איז „א גאנצע קווארט (לוג)", און עס הייסט „שליש", ווייל פון א סאה פארטיקע איילבירטן נעמט מען ארויס דריי קווארט. וכן, און אזוי ווי זיי (ווי די איילבירטן וואס געבן א דריטל, שליש) איז מען אין די אנדערע יארן פון דער זיבן ־יארן־צייט מחויב אראפצונעמען מעשרות. מחמת אויך בנוגע מעשרות הייסן די דאזיקע איילבירטן פארטיקע פרוכטן. ושאר, און אלע אנדערעביימער־פרוכטן, ווען עס קומט זייער צייט (אז מען מוז שוין אראפנעמען פון זיי) מעשרות, איז עס אויך זייער צייט צו (מעגן זיי עסן אים) שמיטה־יאר. דאס הייסט, אז מען מעג זיי עסן אים שמיטה־יאר דעמאלס, ווען אין די אנדערע יארן פון דער זיבן־יארן־צייט דארף מען פון די דאזיקע פרוכטן אראפנעמען מעשרות. וועגן דער צייט פאר יעדער בוים־פרוכט בנוגע מעשרות לערנט די משנה אין מסכת מעשרות פרק א'.

י. מאימתי, פון ווען אן טאר מען ניט אפהאקן א בוים (פון פרוכטן) אים שמיטה־יאר? דער חומש (דברים כ') זאגט, אז מען טאר ניט פארניכטן (לא תשחית) א בוים, וואס גיט ארויס פרוכטן. די גמרא אין בבא קמא צ"א זאגט, אז אויב מען קאן פאר דעם האלץ פון בוים באקומען מער ווי פאר די פרוכטן, מעג מען יא אפהאקן דעם בוים. אבער אים שמיטה־יאר טאר מען דאך ניט פארניכטן קיין שמיטה־פירות. פרעגט דא די משנה, פון ווען אן הייסט עס, אז דער בוים טראגט שוין די שמיטה־פרוכטן, אז מען זאל אים ניט טארן אפהאקן אפילו ווען אין אנדערע יארן וואלט מען יא געמעגט? בית שמאי זאגן, אז ביי יעדן בוים זינט דער בוים גיט ארויס (משיוציא). רש"י (פסחים נ"ב) און דער רמבם טייטשן, ווען דער בוים הויבט אן ארויסצוגעבן גרינע בלעטער (אים חודש ניסן); דער ר"ש טייטשט, ווען ער גיט ארויס פרוכט. דע־מאלס הייסט שוין, אז דער בוים הויבט שוין אן צו געבן די שפראצונגען פון פרוכטן און מען טאר ניט קאליע מאכן זיי. בית הלל זאגן, אז די באקסער־ביימער פון ווען זיי הענגען־אראפ (משישלשלו, פון „שלשל" אראפלאזן, ווען די צווייגן מיט דעם בליהעכץ ציען זיך אראפ, ווערן שווער), און די ווינשטאקן פון ווען די ווינטרויבן האבן קער־נער (משיגריעו, פון „גרעין", „קערנדל"), און די איילבירטן־ביימער פון ווען זיי שפראצן (משינצו, עס באווייזט זיך בליהעכץ, די „נצנים"), און אלע אנדערע ביימער פון ווען זיי געבן־ארויס (משיוציאו, אזוי ווי די בית שמאי זאגן). אויף „משיגרעו" (ביי וויינטרויבן) זענען פאראן נאך צוויי טייטשן. דער ירושלמי זאגט פון ווען „זיי האבן שוין זאפט" (פון איוב ל"ו „יגרע נטפי מים", טריפן טראפנס וואסער, כאטש דארט טייטשן די מפרשים „פארמיידן טראפנס וואסער"). דער ר"ש טייטשט, ווען די וויינ־טרויבן ווערן אויפגעוואקסן און הייסן „גרוע". וכל, און יעדער בוים, ווען זיינע פרוכטן זענען שוין אזוי צייטיק, אז מען דארף אראפנעמען פון זיי מעשרות, מעג מען אים אפהאקן. די משנה זאגט, אז כאטש ווען דער בוים הויבט אן צו טראגן פרוכטן טאר

**משיגרעו, והזיתים משינצו, ושאר כל אילן משיוציא. וכל אילן כיון שבא לעונת המעשרות מותר לקצצו. כמה יהא בזית ולא יקוצצנו? רובע. רבן שמעון בן גמליאל אומר, הכל לפי הזית.**

פרק ה.

**א. בנות שוח, שביעית שלהן שניה. שהן עושות לשלש שנים. ר׳ יהודה אומר, הפרסיות שביעית שלהן מוצאי שביעית, שהן עושות לשתי שנים. אָמרו לו, לא אָמרו אלא בנות שוח.**

**ב. הטומן את הלוף בשביעית, ר׳ מאיר אומר, לא יפחות מסאתים**

**מען אים אים שמיטה־יאָר ניט אָפּהאקן, ווייל מען מאכט קאליע די פרוכטן, די שמיטה־פירות, פונדעסטוועגן אויב די פרוכטן זענען שוין אזוי צייטיק, אז מען דארף שוין געבן פון זיי מעשרות, דארפן זיי שוין ניט האָבן דעם בוים און מען מעג דעריבער אָפּהאקן דעם בוים מיט די פרוכטן. פארשטעהט זיך, אז דאָס איז נור ווען מען מעג דעם בוים בכלל אָפּהאקן און מען איז ניט עובר אויף דעם פארבאָט פון „לא תשחית״, ווי מיר האָבן פריער געשריבן, דהיינו, אז דאָס האָלץ איז זייער טייער.** כמה, וויפיל (איילבירטן) דארפן זיי אין אן איילבירטן־בוים און מען זאָל אים ניט טאָרן אָפּהאקן? א פערטל (א פירטל טאָפּ, „רובע הקב״); ר׳ שמעון בן גמליאל זאָגט, אז עס איז אלץ אָפּהענגיג פון סאָרט איילבירטן־בוים. **דאָס הייסט, אז פון גוטע איילבירטן טאָר מען אויך ניט ווען עס איז פאראן ווינציקער פון א פערטל טאָפּ. די גמרא בבא קמא צ״א זאָגט, אז דער דאָזיקער דין איז ניט וועגן שמיטה־יאָר, נאָר בכלל אין די אנדערע יאָרן, און עס איז וועגן פארבאָט פון „לא תשחית״, ניט צו פארניכטן פרוכטן־ביימער.**

פרק ה.

א. בנות שוח, (דער סאָרט ווייסע פייגן, וואָס הייסן) „בנות שוח, איז זייער שמיטה־יאָר דאָס צווייטע יאָר (נאָך דעם שמיטה־יאָר), ווייל זיי וואקסן (אויפן בוים) דריי יאָר. **די בנות־שוח־פייגן, וועלכע געפינען זיך שוין אויפן בוים אים שמיטה, ווערן אינגאנצן צייטיק צום אראָפּנעמען ערשט דעם 3טן יאָר, דאָס הייסט, אין 2טן יאָר נאָך שמיטה; איז דעריבער ווען מען נעמט זיי אראָפּ אין 2טן יאָר נאָך שמיטה האָבן די דאָזיקע פייגן דעם דין פון שמיטה־פרוכטן; מיר וועלן לערנען ווייטער אין די פרקים ז׳ און ח׳** די דינים, ווי מען דארף זיך נוהג זיין מיט שמיטה־פרוכטן. ר׳ יהודה זאָגט, אז הפרסאות, די פערסישע פייגן איז זייער שמיטה־יאָר אין דעם ערשטן יאָר נאָך שמיטה, ווייל זיי וואקסן (אויפן בוים) צוויי יאָר; האָבן די חכמים צו אים (צו ר׳ יהודה) געזאָגט, אז מען האָט געלערנט נור וועגן די בנות־שוח־פייגן. **ר׳ יהודה האלט, אז ווייל די פערסישע פייגן, וועלכע זענען פאראן אויפן בוים אים שמיטה־יאָר, ווערן צייטיק און אראָפּגענומען אין נאָך־שמיטה־יאָר האָבן זיי דעמזעלבן דין וואָס די בנות־שוח־פייגן, און זייער שמיטה־יאָר איז אין דעם ערשטן יאָר נאָך שמיטה. אָבער די חכמים האלטן, אז דער דין איז נור נוגע צו בנות־שוח־פייגן, ווייל אזוי האָט מען געלערנט.**

ב. הטומן, אז איינער וויל באהאלטן אין דער ערד די לוף־ציבעלע (דאָס איז א ציבעלע, וואָס עס ווערט געגעסן דערפון סיי די בלעטער, און סיי די „קעפּלעך״) אים שמיטה (לוף־ציבעלעס וואָס זענען פון פאר שמיטה־יאָר), זאָגט ר׳ מאיר, אז ער טאָר ניט באהאלטן ווינציקער פון צוויי סאה (א סאה האָט 6 טעפּ, 6 קבים) און זיי זאָלן זיין (א קופּע) הויך דריי טפחים און איבער זיי זאָל זיין ערד הויך א טפח. **דאָס איז, כדי מען זאָל דערקענען, אז מען האָט ניט פארזייט די לוף־ציבעלעס (וואָס מען טאָרניט טאָן אים שמיטה) נאָר מען האָט זיי באהאלטן אויף שפּעטער; און ווייל די לוף־ציבעלעס האָט מען געהאָט אָפּגעריסן שוין פאר דעם שמיטה־יאָר הייסן זיי ניט קיין שמיטה־פירות און מען מעג זיי באהאלטן.** וחכמים, אָבער די חכמים זאָגן, אז ער טאָרניט

**עד גובה שלשה טפחים, וטפח עפר על גביו. וחכמים אומרים, לא יפחות מארבעה קבים עד גובה טפח וטפח עפר על גביו. וטומנו במקום דריסת אָדם.**

**ג. לוף שעברה עליו שביעית, ר' אליעזר אומר, אם לקטו העניים את עליו לקטו; ואם לאָו, יעשה חשבון עם העניים. ר' יהושע אומר, אם לקטו העניים את עליו לקטו; ואם לאָו, אין לעניים עליו חשבון.**

**ד. לוף של ערב שביעית שנכנס לשביעית, וכן בצלים הקיצונים,**

---

(באהאלטן) ווינציקער פון פיר טעפ (קבים, דאָס הייסט צוויי דריטל פון א סאה) און זיי זאָלן זיין (א קופּע) הויך א טפח, און א טפח ערד איבער זיי, און מען זאָל באהאלטן אין אן ארט וואו מענטשן טרעטן (וואו מענטשן גייען). די חכמים זענען דאָ מיקל און זאָגן, אז עס איז גענוג 4 טעפּ און די קופּע קאָן הויך זיין נאָר א טפח; אָבער אויך זיי פארלאנגען אז עס זאָל זיין א טפח ערד איבער זיי, און זיי זענען נאָך מוסיף, אז מען דארף עס באהאלטן, וואו מענטשן גייען און טרעטן אויף דעם אָרט, מחמת דאָס ווייזט דאָך, אז מען האָט זיי ניט פארזייט, ווייל מען פארזייט ניט וואו מענשן גייען.

ג. לוף־ציבעלעס, אויף וועלכע עס איז אריבער דאָס שמיטה־יאָר, דאָס הייסט, די ציבעלעס זענען געוואקסן אים שמיטה און זיי האָבן דעם דין פון שמיטה־פּירות און זענען הפקר, אָבער מען האָט זיי ניט ארויסגעריסן פון פעלד אים שמיטה־יאָר און זיי זענען ארייגעוואָקסן אין יאָר נאָך שמיטה, זאָגט ר' אליעזר, אז אויב די אָרימע לייט האָבן (אים שמיטה־יאָר) געהאט אראָפּגעריסן די בלעטער פון די לוף־ציבעלעס (זענען די בלעטער זייערס), איז גוט און אויב ניט, דארף דער בעל הבית פון גאָרטן מאכן א רעכנונג מיט די אָרימע לייט. ר' אליעזר האלט, אז די בלעטער פון די לוף־ציבעלעס, וואָס זענען שוין געווען אָנגעוואקסן אים שמיטה־יאָר געהערן צו די אָרימע לייט, און אויב אינם יאָר נאָך שמיטה זענען צוגעוואקסן בלעטער, זאָל דער בעל הבית אויסרעכנען וויפיל בלעטער זענען געווען פון פריער, און אזוי פיל דארף ער אוועקגעבן צו אָרימע לייט. ר' יהושע זאָגט, אז אויב די אָרימע לייט האָבן געהאט אראָפּגעריסן די בלעטער (אים שמיטה־יאָר) איז גוט, און אויב ניט, האָבן ניט די אָרימע לייט קיין אָפּרעכנונג מיטן בעל הבית. די מפרשים זאָגן, אז ר' אליעזר האלט, דאָס שמיטה־פּירות נאָך דער צייט פון „ביעור‟, ווען מען דארף אלע שמיטה־פּירות „ארויסרוימען‟ פון שטוב און זיי ווערן הפקר, מעגן גענומען ווערן נור דורך אָרימע לייט; ממילא, דארף דער בעל הבית אוועקגעבן צו אָרימע לייט זייער חלק בלעטער פון די לוף־ציבעלעס (די לוף־ציבעלע אליין, ניט די בלעטער, דארף מען ניט אויס־רוימען, זע ווייטער פּרק ז'), וועלכע זענען געהאט געוואקסן אים שמיטה. אָבער ר' יהושע האלט, אז די שמיטה־פּירות זענען נאָכן ארויסרוימען זיי (נאָכן „ביעור‟) הפקר פאר אלע, און אז אויך רייכע לייט מעגן זיי נעמען; דעריבער הייסט עס, אז דער בעל הבית פון די לוף־ציבעלעס האָט זיי צוגענומען פאר זיך, און די אָרימע לייט קאָ־נען צו אים ניט האָבן קיין טענות. וועגן דעם וואָס איז „ביעור‟, און ווי מען דארף זיך נוהג זיין און וואָס איז בכלל מיט תבואה און גרינסן וועלכע וואקסן אים שמיטה־יאָר „פון זיך אליין‟ („ספיחין‟) לערנט די משנה ווייטער אין די פּרקים ז', ח' און ט'.

ד. לוף, לוף־ציבעלעס, וואָס (זענען געוואקסן אין יאָר פאר שמיטה און) זענען ארייננעגאנגען אין שמיטה־יאָר, דאָס הייסט, מען האָט זיי ערב שמיטה ניט אראָפּ־געריסן פון פעלד, נאָר מען האָט זיי געלאָזט ווייטער וואקסן, און מען וויל זיי אראָפּ־נעמען אים שמיטה־יאָר, וכן, און דאָסזעלבע אויך זומער־ציבעלעס, און קראָפּ (פּואה) וואָס וואקסט אויף פעטער ערד (זיי זענען געוואקסן ערב שמיטה אָבער זיי זענען אריין אין שמיטה יאָר), זאָגן די בית שמאי, אז מען מעג זיי ארויסרייסן פון דער ערד נאָר מיט הילצערנע לאָפּאטעס („מארופות‟, שפּאדלעס, לאָפּאטעס). די בית שמאי

**וכן פואה של עידית, בית שמאי אומרים, עוקרין אותן במארופות של עץ; ובית הלל אומרים, בקרדומות של מתכת. ומודים בפואה של צלעות, שעוקרין אותה בקרדומות של מתכת:**
**ה. מאימתי מותר אָדם ליקח לוף במוצאי שביעית? ר׳ יהודה אומר, מיד. וחכמים אומרים, משירבה החדש.**
**ו. אלו כלים שאין האומן רשאי למכרם בשביעית: מחרישה וכל**

---

האלטן, אז די דאַזיקע לוף־ציבעלעס און זומער־ציבעלעס און קראָפּ, מעג מען אראָפּ־נעמען אים שמיטה נאָר דורך א „שינוי", א ענדערונג (עס זאָל ניט אויסזען ווי מען באארבייט די ערד). מען דאַרף זיי דעריבער אויסגראָבן נור מיט הילצערנע לאָפּאַ־טעס; מחמת אין געוויינליכע יאָרן באנוצט מען ניט צום אויסגראָבן זיי קיין הילצערנע לאָפּאַטעס. „פואה" איז רויטער קראָפּ, פון וועלכן מען מאכט רויטע פארב. ובית הלל, אָבער די בית הלל זאָגן, אז מען מעג זיי ארויסרייסן אויך מיט מעטאַלענע העק. אויך די בית הלל האלטן, אז עס דאַרף זיין א שינוי, א ענדערונג, אָבער עס איז גענוג ווען אנשטאט גראָב־אייזנס, וואָס מען באנוצט אין געוויינליכע יאָרן, באנוצט מען צו זיי אים שמיטה־יאָר העק, אָבער די העק מעגן זיין אויך מעטאַלענע („מתכות"). ומודים, און (די בית שמאי) זענען מסכים, אז קראָפּ וואָס וואקסט ביי די זייטן (פון פעלד, וואקסט פון זיך אליין, „פואה" של „צלעות", „צלעות" זייטן), מעג מען אויסרייסן מיט מעטאַלענע העק. מחמת אין די זייטן איז ניט דער שטייגער צו זייען, דעריבער הייסט עס ניט, ווי מען ארבייט אים שמיטה. טייל מפרשים טייטשן „צלעות", ווי „סלעים" (אנשטאט א „ס" א „צ") און דאָס מיינט קראָפּ, וואָס וואקסט צווישן פעלזן־שטיינער, וואו עס איז ניט דער שטייגער צו זייען.

ה. מאימתי, פון ווען אָן מעג מען קויפן לוף־ציבעלעס אין מוצאי שמיטה, (נאָך שמיטה־יאָר)? פירות וואָס מען נעמט אראָפּ אים שמיטה־יאָר זענען הפקר, און מען טאָר ניט נעמען פאר זיך און באהאלטן, אָבער עס זענען געווען אזעלכע מענטשן, וואָס האָבן ניט אָפּגעהיטן די דינים פון שמיטה, האָבן געטאָן א עבירה און באהאלטן שמיטה־פירות, און ווי נור דאָס שמיטה־יאָר האָט זיך געענדיקט האָבן זיי ארויסגע־טראָגן די שמיטה־פירות אין מארק צום פארקויפן. דעריבער פרעגט די משנה: פון ווען אָן מעג מען קויפן אויפן מארק נאָכן שמיטה־יאָר לוף־ציבעלעס און מען זאָל ניט מורא האָבן, אז מען קויפט שמיטה־פירות? ר׳ יהודה זאָגט, אז באלד, אפילו אינם טאָג נאָכן שמיטה־יאָר מעג מען שוין קויפן לוף־ציבעלעס. ווייל מען נעמט אָן אז די וואָס זענען אויפן מארק זענען ניט פון שמיטה־יאָר נאָר זיי זענען נאָך באהאלטענע פון ערב שמיטה און זיי זענען דעריבער ניט קיין שמיטה־פירות. וחכמים, אָבער די חכמים זאָגן, אז (מען מעג קויפן אים מוצאי שמיטה ערשט) ווען אין פעלד איז שוין דאָ א סך (לוף־ציבעלעס) פון נייעם יאָר (פון יאָר נאָך שמיטה). דער ר״ש לערנט אָפּ פון ירושלמי, אז די חכמים מיינען, אז ערשט פון פסח אָן; אָבער דער „מלאכת שלמה" זאָגט, אז מען מיינט שוין אין מיטן ווינטער, מחמת אין ארץ ישראל, וואו ווינטער איז רעגן־צייט, זענען שוין אין מיטן ווינטער פאראן א סך גרינסן פון נייעם יאָר.

ו. אלו, דאָס זענען די כלים, וואָס א בעל מלאכה טאָר ניט פארקויפן אים שמיטה־יאָר. דער דין איז, אז מען טאָר ניט העלפן א מענטש צו טאָן א עבירה. דערי־בער זאָגט די משנה, אז אויב מען האָט וועגן איינעם א חשד, אז ער ארבייט אים שמיטה אין זיין פעלד, טאָר אים א בעל מלאכה ניט פארקויפן אים שמיטה אזעלכע כלים, וואָס מען באנוצט נור צו פעלד־ארבייט. אָבער אזעלכע כלים, וועלכע מען קאָן באנוצן סיי צו פעלד־ארבייט וואָס מען טאָר ניט טאָן אים שמיטה, סיי צו אנדערע ארבייטן, וועלכע מען מעג יאָ טאָן אים שמיטה, מעג דער בעל מלאכה יאָ פארקויפן. די משנה רעכנט דאָ אויס צוערשט די כלים, וואָס מען טאָר ניט פארקויפן: מחרישה,

**כליה, העול והמזרה והדקר, אבל מוכר הוא מגל יד ומגל קציר ועגלה וכל כליה. זה הכלל, כל שמלאכתו מיוחדת לעבירה, אָסור: לאיסור ולהיתר מותר.**

**ז. היוצר מוכר חמש כדי שמן וחמש עשרה כדי יין, שכן דרכו להביא מן ההפקר. ואם הביא יותר מכאן, מותר. ומוכר לגוי בארץ ולישראל בחוצה לארץ.**

**ח. בית שמאי אומרים, לא ימכור לו פרה חורשת בשביעית; ובית**

---

און אקער־אייזן מיט אלע זאכן וואס זענען נויטיק דערצו, העול, א יאָך (וואס די אָקסן טראָגן ביים אקערן), והמזרה, א ווינטשויפל (מיט וועלכן מען ווייעט ארויס אין שייער די פליעוועס פון די תבואה־קערנער) והדקר, און א גראָב־אייזן. **מחמת די אלע דאָזיקע כלים באנוצט מען נור צו פעלד־און תבואה־ארבייט.** אבל, אָבער ער מעג פארקויפן א מגל יד, א האנד־מעסער און א מגל קציר, א שנייד־מעסער (וואס מען באנוצט ביידע צום שניידן תבואה אָבער נור אביסל, ניט קיין סך), און א וואָגן מיט אלע זיינע זאכן. **כאָטש אויך די דאָזיקע מעסערס קאָנען באנוצט ווערן צו שניידן תבואה, אָבער ווייל מען שניידט מיט זיי ניט קיין סך, קאָן מען אננעמען, אז ער וועט זיי באנוצן צו אן ארבייט, וואס מען מעג יאָ טאָן אים שמיטה, דהיינו צום שניידן די הפקר־תבואה פון שמיטה, און דאָס מעג מען דאָך. דאָס זעלבע איז מיט א וואָגן, וואס כאָטש מען קאָן אים באנוצן אראָפצופירן די תבואה פון פעלד, אָבער מען קאָן אים אויך באנוצן צו אן ארבייט, וואס מען מעג.** זה הכלל, דאָס איז דער כלל, יעדע זאך, וואס די ארבייט, וועלכע מען טוט מיט איר (אים שמיטה), איז נור א עבירה־ארבייט, טאָר מען ניט פאר־קויפן; אָבער אויב די זאך קאָן באנוצט ווערן סיי פאר א עבירה־ארבייט און סיי פאר אן ארבייט וואס מען מעג, מעג מען יאָ פארקויפן. **ווייל מען נעמט אָן אז דער קויפער מיינט צו טאָן מיט די דאָזיקע כלים ניט די פארבאָטענע ארבייט נאָר דאָס וואס מען מעג.**

ז. היוצר, א טעפער מעג פארקויפן (אים שמיטה, צו איינעם וועלכער איז חשוד עובר צו זיין אויף די שמיטה־דינים) פינף קרוגן צו אייל און פופצן קרוגן צו וויין, ווייל עס איז דער שטייגער דאָס צו ברענגען פון הפקר. **מחמת מען נעמט אָן, אז אייל פאר פינף קרוגן און וויין פאר 15 קרוגן, נעמט מען אויך פון די איילבירטן און וויינטרויבן, וועלכע זענען הפקר, און אזא ביסל אייל און וויין באהאלט מען ניט, נאָר מען פאר־נוצט באלד. און דאָס מעג מען אים שמיטה.** ואם, און אויב ער האָט געבראכט מער ווי די דאָזיקע מעג מען. **די מפרשים טייטשן די דאָזיקע משנה, אז אויב דער קויפער האָט געבראכט אייל און וויין מער ווי פאר 5 און 15 קרוגן מעג מען איהם געבן מער קרוגן, ווייל מען נעמט אָן, אז מסתמא דארף ער פארנוצן מער אייל און וויין.** ומוכר, און מען מעג פארקויפן צו א גוי (אים שמיטה כלים וואס מען טאָרניט פארקויפן) אפילו אין ארץ ישראל.. **מען דארף ניט מורא האָבן, טאָמער וועט דער גוי פארקויפן צו א ייד, וועלכער איז עובר אויף די שמיטה־דינים.** ולישראל, און צו א ייד מעג מען פארקויפען (אים שמיטה די כלים וואס מען טאָרניט) אין די לענדער אויסער ארץ ישראל (חוץ לארץ). **מען דארף ניט מורא האָבן טאָמער וועט דער ייד, וועלכער איז עובר אויף די שמיטה־דינים, פארקויפן די כלים קיין ארץ ישראל.**

ח. בית שמאי זאָגן, אז מען טאָר ניט פארקויפן אים שמיטה (צו איינעם, וועלכן מען איז חושד אז ער ארבייט אין פעלד אים שמיטה) א קי, וואס איז גוט צו אקערן מיט איר. **מחמת עס איז דאָך מעגליך, אז דער קויפער זאָל אקערן מיט איר אים שמיטה און דאָס הייסט העלפען צו טאָן א עבירה.** ובית הלל, אָבער די בית הלל זאָגן, אז מען מעג, ווייל דער קויפער קאָן דאָך איר שעכטן. **די בית הלל האַלטן, אז ווייל עס איז דאָך מעגליך, אז דער קויפער קויפט זי ניט צום אקערן נאָר אויף צו שעכטן צו עסן דאָס**

**הלל מתירין, מפני שהוא יכול לשחטה. מוכר לו פירות (אפילו) בשעת הזרע. ומשאיל לו סאתו אף על פי שהוא יודע שיש לו גורן, ופורט לו מעות אף על פי שהוא יודע שיש לו פועלים, וכולן בפירוש אסורין.**

**ט. משאלת אשה לחברתה החשודה על השביעית נפה וכברה ורחיים ותנור, אבל לא תבור ולא תטחן עמה. אשת חבר משאלת לאשת עם הארץ נפה וכברה ובוררת וטוחנת ומרקדת עמה, אבל משתטיל את**

---

פלייש, מעג מען. מוכר, מען מעג אים (דעם וואס איז חשוד עובר צו זיין אויף שמיטה־דינים) פארקויפן פרוכטן (אים שמיטה), אפילו אין דער צייט ווען מען פארזייט. **מען דארף ניט מורא האבן, טאמער קויפט ער די פרוכטן („פירות" מיינט מען ניט דוקאביימער־פרוכטן, נאר אויך תבואה און גרינסן) כדי זיי צו פארזייען; מחמת עס איז דאך מעגליך, אז ער קויפט זיי צום עסן.** ומשאיל, און מען מעג אים בארגן א סאה־מאס (א כלי, וואס האלט פונקט א סאה און מען מעסט דערמיט תבואה), **כאטש** מען ווייסט, אז ער האט א שייער מיט תבואה. **מען דארף ניט מורא האבן, אז מיט דער סאה־מאס וויל ער אפמעסטן שמיטה־תבואה און אוועקלייגן איר אין מאגאזין, א זאך וואס מען טאר ניט טאן; מחמת מען נעמט אן אז דאס וויל ער מעסטן אביסל תבואה פאר זיך צום מאלן.** ופורט, און מען מעג אים אויסטוישן געלד (אויף קליין־געלד), כאטש מען ווייסט, אז ער האט ארבייטער. **מען דארף ניט מורא האבן, טאמער וויל ער דערמיט באצאלן די ארבייטער, וועלכע וועלן ארבייטן פאר אים אין פעלד אים שמיטה; מחמת מען קאן אננעמען, אז ער דארף דאס געלד אויף איינצוקויפן זיך זאכן וועלכע מען מעג.** וכולן, און די אלע (דערמאנטע זאכן וואס מען האט פריער געלערנט, אז מען מעג, מחמת מען נעמט אן, אז דער קויפער וויל דערמיט טאן זאכן וועלכע זענען מותר), אויב דער קויפער זאגט בפירוש (אז ער וויל דערמיט טאן די עבירה אים שמיטה), טאר מען ניט. **אויב ער זאגט בפירוש, אז ער גייט טאן דערמיט א עבירה, טאר מען אים ניט מיטהעלפן צו טאן די עבירה.**

ט. א פרוי (וואס איז אפגעהיטן אין די מצוות פון שמיטה) **מעג בארגן איר פריינדין** דער פרוי, וועלכע מען איז חושד אז זי היט ניט אפ די שמיטה־דינים, **א מעל־זיפ** (נפה), א תבואה־זיפ (כברה), א מילכל (צו מאלן מעל) און א אויוון (צו באקן ברויט); אבער זי זאל ניט זיפן מיט איר און זאל ניט מאלן מיט איר. **זי מעג נור בארגן די אלע כלים צו טאן די מלאכות, כאטש עס איז שמיטה און כאטש עס איז מורא צו האבן, אז די פריינדין וועט דערמיט ארבייטן ניט לויט דעם דין ווי מען דארף זיך נוהג זיין מיט שמיטה־פירות; דער ירושלמי זאגט, אז דעריבער מעג זי בארגן די דאזיקע כלים, ווייל מען קאן אננעמען, אז די מעל־זיפ בארגט זי צו ציילן געלט, די תבואה־זיפ דורכצוזיפן זאמד, דאס מילכל צו מאלן געווירצן, און דעם אויוון צו טריקענען בינטלעך פלאקס.** אשת חבר, די פרוי פון א חבר (וועלכער איז אפגעהיטן אין אלע דינים, סיי פון מעשרות, סיי פון טומאה און טהרה) מעג בארגן דער פרוי פון א עם הארץ (וואס איז אין די דאזיקע דינים ניט אפגעהיטן) א מעל־זיפ און א תבואה־זיפ, און זי מעג מיט איר צוזאמען זיפן תבואה און מאלן און דורכזיפן מעל; אבער פון זינט מען גיסט אריין דאס וואסער אין מעל, טאר זי זיך צו איר ניט מעהר צורירן, ווייל מען טאר ניט העלפן די וואס טאן א עבירה. **די דאזיקע משנה לערנט ניט וועגן שמיטה־יאר, נאר וועגן טומאה און טהרה. מיר האבן שוין געלערנט אין מסכת דמאי פרק ב' משנה ג', אז די עמי הארצים זענען ניט געווען אפגעהיטן אין טהרה, רייניקייט, און אזוי ווי דער דין איז, אז א עסנווארג קאן ניט טמא ווערן סיידן עס איז פריער געהאט געקומען דערויף וואסער (אדער געוויסע אנדערע פליסיקייטן), דעריבער כל זמן דאס מעל האט ניט אנגערירט קיין וואסער, מעג די פרוי פון חבר העלפן דער פרוי פון דעם עם הארץ. אבער נאכדעם ווי מען האט אין מעל אריינגעגאסן וואסער און עס**

**המים לא תיגע אצלה, שאין מחזיקין ידי עוברי עבירה. וכולן לא אָמרו אלא מפני דרכי שלום. ומחזיקין ידי גוים בשביעית, אבל לא ידי ישראל, ושואלין בשלומן מפני דרכי שלום.**

## פרק ו.

**א. שלש ארצות לשביעית: כל שהחזיקו עולי בבל מארץ ישראל ועד כזיב, לא נאכל ולא נעבד; וכל שהחזיקו עולי מצרים מכזיב ועד**

---

**קאָן שוין טמא ווערן, טאָר א איד ניט העלפן צו קנעטן דאָס טייג, ווייל מען דארף מורא האָבן, אז די פרוי פון עם הארץ וועט מטמא זיין דאָס טייג. דער ברטנורא זאָגט, אז ווייל פון טייג דארף מען דאָך אראָפּנעמען חלה, וואָס איז קודש, הייליק, און מען טאָר עס ניט מטמא זיין, דעריבער אויב מען וועט מטמא זיין דאָס טייג, הייסט עס אזוי ווי מטמא געוועזן די הייליקע חלה, און מטמא זיין הייליקע זאכן טאָר מען ניט.** וכולן, און די אלע זאכן (וואָס די משנה האָט פריער געזאָגט, אז א פרוי מעג באָרגן איר פריינדין), האָט מען נאָר געזאָגט צוליב שלום וועגן; און מען מעג שטאַרקן די הענד פון גויים (ווינטשן זיי דערפאָלג אין זייער ארבייט) אים שמיטה־יאָר (ווען זיי ארביטן אויף זייערע פעלדער) אָבער יידן טאָר מען ניט (ווינטשן, ווען זיי ארבייטן אין פעלד אים שמיטה); און מען דארף זיי (די גויים) באַגריסן צוליב שלום וועגן. **די לעצטע ווערטער אין דער משנה פון „ומחזיקין" „און מען מעג שטאַרקן", ביז צום סוף, האָבן מיר געהאַט פריער אין פרק ד' משנה ג' און דער ברטנורא זאָגט, אז דאָ ווערט דער דין געבראַכט נאָכאמאָל, ווייל מען האָט דאָ געלערנט, אז צוליב שלום וועגן מעג א פרומע פרוי באָרגן איר פריינדין וואָס איז ניט אָפּגעהיטן אין שמיטה־דינים, אזעלכע זאכן וואָס מען קאָן מורא האָבן טאָמער וועט זי עס נוצן ניט לויט דעם דין.**

## פרק ו.

א. שלש, דריי לענדער זענען פאראן (מיט פארשידענע דינים) בנוגע שמיטה־יאָר. אלע ערטער (אין ארץ־ישראל) וואָס די אויפגייער פון גלות בבל האָבן פארנומען, פון ארץ ישראל און ביז (דער שטאָט) כזיב, טאָר מען ניט עסן (שמיטה־פרוכטן סיידן לויט די דינים פון שמיטה) און מען טאָרניט ארבייטן (די פעלדער אים שמיטה־יאָר); און אלע ערטער, וואָס זענען פארנומען געוואָרן דורך די אויפגייער פון גלות מצרים, פון (דער שטאָט) כזיב ביז צום טייך און ביז אמנה, מעג מען עסן (שמיטה־פרוכטן אפילו ניט לויט די דינים פון שמיטה), אָבער ארבייטן (אין די פעלדער) טאָר מען ניט; פון טייך און פון אמנה און ווייטער מעג מען סיי עסן און סיי ארבייטן. **אויף דער דאָזיקער משנה האָבן די מפרשים געזאָגט א סך פירושים, וועלכע זענען זיך סותר. קודם לאָמיר דערקלערן דעם יסוד פון דער משנה. שמיטה מיט אלע אירע דינים, אז מען טאָרניט ארבייטן אין פעלד און אז מען מעג עסן שמיטה־פרוכטן נאָר לויט געז־ וויסע דינים, איז נוהג נאָר אין ארץ ישראל. אָבער די חכמים האָבן איינגעפירט, אז טייל ערטער אין שכנות פון ארץ ישראל, למשל אין סיריע (אין דער משנה הייסט דאָס לאנד סוריא) צו צפון פון ארץ ישראל, זענען אויך נוהג טייל דינים פון שמיטה, אָבער נאָר טייל, ניט אלע; מען טאָר ניט ארבייטן אין פעלד אים שמיטה, אָבער די שמיטה פרוכטן מעג מען עסן ווי מען וויל. אין די לענדער, וואָס זענען שוין אינגאנצן חוץ לארץ, מען מעג סיי ארבייטן אין פעלד און סיי עסן די שמיטה־פרוכטן אָן שום באַג־ רענצונגען. דאָס זאָגט די משנה, אז עס זענען פאראן דריי קלאסן לענדער בנוגע שמיטה: א) דאָס ריכטיקע ארץ ישראל, וואו מען טאָר ניט עסן און מען טאָר ניט אר־ בייטן (לא נאכל ולא נעבד); ב) סיריע, וואו עסן מעג מען, אָבער ארבייטן טאָר מען ניט (נאכל אבל לא נעבד); ג) חוץ לארץ, אינגאנצן אויסלאנד, וואו מען מעג עסן און ארבייטן („נאכל ונעבד"). איצט איז די שאלה: וואָס הייסט ארץ ישראל? ביז וואַנען ציט זיך דאָס לאנדז און וואָס הייסט „סיריע"? דערויף זאָגט די משנה: אלע ערטער**

**הנהר ועד אמנה, נאכל, אבל לא נעבד; מן הנהר ומאמנה ולפנים, נאכל ונעבד.**

**ב. עושין בתלוש בסוריא, אבל לא במחובר. דשין וזורין ודורכין ומעמרין, אבל לא קוצרין ולא בוצרין ולא מוסקין. כלל אָמר ר׳ עקיבא,**

וואָס זענען פאַרנומען געוואָרען דורך די יידן, וועלכע זענען צוריקגעקומען פון גלות בבל אין אָנהייב פון צווייטן בית המקדש (און אויך שפּעטער), פון אייגנטליכן ארץ ישראל ביז דער שטאָט כזיב אין צפון פון לאנד, דאָס איז דאָס ריכטיקע ארץ ישראל, און עס האָט די גאנצע קדושה, און אים שמיטה־יאָר טאָר מען ניט עסן (שמיטה־פרוכטן סיידן לויט די דינים) און מען טאָר ניט ארבייטן אין פעלד. כזיב איז געווען א שטאָט ביים מיטלענדישן ים, אויף דער גרעניץ צווישן ארץ ישראל אין סיריע. צו דער צווייטער קלאַס ערטער, וואו מען מעג עסן, אָבער ארבייטן טאָר מען ניט, געהערן די ערטער פון דער שטאָט כזיב ביז צום טייך (הנהר) און ביז צו אמנה, וואָס זענען איינגענומען געוואָרן נאָר דורך די יידן וואָס זענען געקומען פון גלות מצרים. „אמנה״ זענען די בערג „טאורוס אמאנאס״, וואָס ליגן ביי דער צפון־גרעניץ פון סיריע, און זיי ווערן אָנגערופן אין ירושלמי „טורי אמנון״, די „אמנון־בערג״, און דאָס זענען די „הר ההר״ אין חומש מדבר ל״ד, ז. וואָס מען מיינט מיט דעם „טייך״, ווייסט מען ניט. מסתמא מיינט דערמיט איינעם פון די גרעניץ־טייכן אין צפון־סיריע. אזוי טייטשן טייל מפרשים (ברטנורא און אנדערע). דער „תוספות יום טוב״ ברענגט די מיינונג פון „כפתור ופרח״, אז מען מיינט דערמיט דאָס טייכל אין דרום ארץ ישראל, דעם „נחל מצרים״ („וואדי אל אריש״), און אזוי ארום באקומט די משנה גאָר אן אנדערן טייטש, און עס הייסט, אז דער גאנצער פאס לאנד וואָס ליגט אין ארץ ישראל ביים ברעג פון מיטלענדישן ים הייסט ניט ארץ ישראל. דער דאָזיקער פירוש איז זייער א שווערער. — איצט זאָגט די משנה: וועלכע ערטער געהערן צו דער דריטער קלאַס, וואו עס איז שוין אינגאנצן חוץ לארץ און מען מעג סיי עסן און סיי ארבייטן? און זי זאָגט, אז דאָס זענען די ערטער „פון טייך און פון אמנה און ווייטער״. מיר זעצן איבער דאָס וואָרט „ולפנים״, „און ווייטער״, מחמת אויף דעם דאָזיקן וואָרט שטעלן זיך אויך אָפּ די מפרשים. געוויינליך איז דער טייטש „ולפנים״ „און אריין אינעווייניג״, וואָלט דאָך עס געמיינט צו סיריע און צו ארץ ישראל צו. טאָ ווי קומט עס, אז דאָס זאָל זיין חוץ לארץ? נאָר עס באמערקט דערצו ריכטיק דער „מלאכת שלמה״, אז דאָס וואָרט „ולפנים״ דאַרף געפינטלט ווערן ניט מיט א שוואָ אונטער דער „פ״, נאָר מיט א קמץ. דאָס איז ניט דאָס וואָרט „לפנים״, „אינעווייניק״, נאָר „לפָנים״ (פון פנים, געזיכט) פון פאָרנט, ווייטער, אין געגנזאץ צו „לאחור״, „צוריק״.

ב. עושין, מען מעג ארבייטן (אים שמיטה־יאָר) ביי אפּגעריסענע פרוכטן אין סוריא (סיריע), אָבער ניט ביי באהאפטענע צו דער ערד. ווי מיר האָבן שוין פריער געלערנט אין משנה א׳ איז אין סיריע אים שמיטה נאָר אסור צו ארבייטן אין פעלד, אָבער קוים זענען די פרוכטן אפּגעריסן, הייסן זיי ניט קיין שמיטה־פרוכטן, און מען מעג ארום זיי ארבייטן. דשין, מען מעג דרעשן (אָפּגעשניטענע תבואה), וזורין און אויסווייען די פלעווער פון די תבואה־קערנער, ודורכין, און פרעסן וויין פון וויינטרויבן, ומעמרין, און מאכן הויפנס (גארבן) פון אָפּגעשניטענע תבואה. דאָס זענען אלץ ארבייטן ביי „אָפּגעריסענע פרוכטן״. אבל, אָבער מען טאָר ניט אָפּשניידן תבואה (קוצרין), און ניט אָפּשניידן וויינטרויבן (בוצרין), און ניט אפּשניידן איילבירטן (מוסקין), מחמת די אלע ארבייטן זענען דאָך ביי פרוכטן, וועלכע זענען נאָך באהאפטן צום פעלד אָדער צום בוים. כלל, ר׳ עקיבא האָט געזאָגט א כלל, אז אלע ארבייטן וואָס ענליכעס צו זיי איז מותר אין ארץ ישראל (מדאורייתא, וואָס די תורה האָט מתיר

כל שכיוצא בו מותר בארץ ישראל, עושין אותו בסוריא.
ג. בצלים שירדו עליהם גשמים וצמחו, אם היו העלין שלהן שחורין, אסורין; הוריקו, הרי אלו מותרין. ר׳ חנינא בן אנטיגנוס אומר, אם יכולין להיתלש בעלין שלהן אסורין, וכנגד כן מוצאי שביעית מותרין.
ד. מאימתי מותר אָדם ליקח ירק במוצאי שביעית? משיעשה

---

געמאכט, נאָר די חכמים האָבן גע׳אסר׳ט, למשל, ארבייטן אָן ענדערונג ביי אָפּגעריסענע פּרוכטן) מעג מען טאָן אין סיריע (און דאָ האָבן די חכמים ניט גע׳אסר׳ט). **אזוי טייטשן דער ברטנורא און דער „תפארת ישראל״. דער „מלאכת שלמה״ ברענגט א פירוש, אז ר׳ עקיבא איז מחולק אויף דער פריעריקער משנה און אז ער האלט, אז סיריע איז אזוי הארב בנוגע שמיטה־דינים ווי ארץ ישראל, און נור דאָס וואָס איז מותר אין ארץ ישראל, איז מותר אויך אין סיריע.**

ג. בצלים, ציבעלעס (פון ערב שמיטה), אויף וועלכע עס איז ארויפגעגאנגען (אים שמיטה־יאָר) רעגן, און זיי האָבן צוגעשפּראָצט, אויב זייערע בלעטער זענען געוואָרן שווארץ זענען זיי אסור (הייסן זיי שמיטה־פּרוכטן און מען מעג זיי עסן נאָר לויט די דינים פון שמיטה); אויב זיי זענען געוואָרן געלבליך־גרין זענען זיי מותר (מעג מען זיי עסן ווי ניט־שמיטה־פּרוכטן). **דער רמבם טייטשט די משנה, אז דאָ מיינט מען אָפּגעריסענע ציבעלעס פון ערב שמיטה, און אויף זיי איז אים שמיטה ארויף רעגן, איז אויב די בלעטער זענען געוואָרן שווארץ איז א סימן, אז זיי זענען צו־געוואקסן אים שמיטה יאָר און עס איז אזוי גוט ווי זיי זענען צו־געוואקסן אין דער ערד; אויב אָבער זיי זענען געוואָרן געלבלעך־גרין (און דאָ מיינט מען „הוריקו״ ניט פריש־גרין נאָר געלבלעך), הייסט עס, אז זיי זענען געוואָרן פארוועלקט און ניט צוגעוואקסן אים שמיטה־יאָר, און זיי זענען מותר. דער ר״ש און דער ברטנורא טייטשן, אז דאָס מיינט מען „ביט־אָפּגעריסענע״, פּארטיקע ציבעלעס פון ערב שמיטה, וואָס זענען געבליבן באהאפטן צום פעלד אים שמיטה־יאָר, און די סמנים פון „שווארץ״ אָדער „געלבלעך־גרין״ ווייזן, צי זיי זענען צוגעוואקסן אים שמיטה־יאָר צי ניט.** ר׳ חנינא בן אנטיגנוס זאָגט, אז אויב ווען מען נעמט אָן די ציבעלעס ביי די בלעטער ווערן די ציבעלעס מיט־געריסן, זענען זיי אסור, **ווייל דאָס איז א סימן, אז די בלעטער זענען געוואָרן שטארק און פריש און אז זיי זענען געוואקסן אים שמיטה־יאָר.** וכנגד כן, און אזוי איז פארקערט (ציבעלעס פון שמיטה, אויף וועלכן עס איז ארויף רעגן) אין מוצאי שמיטה (דעם יאָהר נאָך שמיטה) זענען זיי מותר. **טייל מפרשים טייטשן אז דאָס זענען אויך ר׳ חנינא בן אנטיגנוס׳ס ווערטער, אז אויב מען קאָן אָננעמען די בלעטער און אויסרייסן די ציבעלעס, הייסט עס, אז זיי זענען געוואקסן אים מוצאי שמיטה און מען מעג זיי עסן אפילו ניט לויט די דינים פון שמיטה־פּירות. אזוי טייטשט רש״י נדרים נ״ח. אָבער דער ברטנורא טייטשט אז מען מיינט דאָ ציבעלעס וועלכע מען האָט אָפּגעריסן אים ערב שמיטה, און דערנאָך צוריק פארפלאנצט אין פעלד אים שמיטה־יאָר און זיי זענען געבליבן אויפן פעלד אין יאָר נאָך שמיטה; און ווייל אין די ציבעלעס איז פאראן א סך פון ערב שמיטה, וואָס מען מעג עסן און עס קומט נאָך איצט צו פון מוצאי שמיטה, וואָס מען מעג אויך, זענען זיי מבטל דעם טייל, וואָס איז צוגעקומען אים שמיטה־יאָר און מען מעג אלץ עסן.**

ד. מאימתי, פון ווען אָן מעג מען קויפן גרינס אים מוצאי שמיטה (אין יאָר נאָך שמיטה, און מען זאָל ניט מורא האָבן אז דאָס זענען שמיטה־פּרוכטן)? פון זינט עס איז שוין אים מוצאי שמיטה געוואקסן אזא גרינס. **ווייל אויפן מארק קאָנען שוין זיין גרינסן, וואָס זענען שוין געוואקסן נאָך שמיטה, דעריבער מעג מען קויפן ניט פרעגנדיק, און מען דארף ניט מורא האָבן טאָמער זענען זיי פון שמיטה יאָר.** עשה הבכיר, ווען אין דעם פרי־אָרט, (וואו גרינסן ווערן פריער צייטיק, „הבכיר״, דאָס

כיוצא בו. עשה הבכיר הותר האפיל. רבי התיר ליקח ירק במוצאי שביעית מיד.

ה. אין מוציאין שמן שרפה ופירות שביעית מהארץ לחוצה לארץ. אָמר ר׳ שמעון, שמעתי בפירוש שמוציאין לסוריאָ ואין מוציאין לחוצה לארץ.

ו. אין מביאין תרומה מחוצה לארץ לארץ. אָמר ר׳ שמעון, שמעתי בפירוש שמביאין מסוריאָ ואין מביאין מחוצה לאָרץ.

## פרק ז.

א. כלל גדול אָמרו בשביעית: כל שהוא מאכל אָדם ומאכל בהמה

---

ערשטע, דאָס פריעסטע) איז שוין פאַראַן נײַ גרינס, מעג מען אויך אין דעם שפּעט־אָרט („אפל״, שפּעט, וואו גרינס ווערט שפּעטער צײַטיק). רבי האָט מתיר געמאַכט צו קויפן גרינס אין מוצאי שמיטה באַלד. מיט סתם „רבי״ ווערט אָנגערופן **רבי יהודה הנשיא, וועלכער האָט מסדר געווען די משנה, מען האָט אים אויך גערופן „רבנו הקדוש״, „אונזער הייליקער רבי״. רבי האָט מתיר געמאַכט צו קויפן גרינסן באַלד, ווייל מען פלעגט ברענגען גרינסן פון אויסלאַנד, וואָס זענען געווען מותר אפילו ווען זיי זײַנען פון שמיטה, און דעריבער האָט ער אויך מתיר געמאַכט סתם גרינסן. אַן אַנדער טעם (געבראַכט אין ברטנורא) איז, ווייל גרינסן ווערן שנעל פאַרטיק.**

ה. אין, מען טאָר ניט אַרויספירן פון ארץ ישראל קיין חוץ לארץ (אויסלאַנד) פאַרברענען־אייל און שמיטה־פּרוכטן. **„פאַרברענען־אייל״, „שמן שריפה״ הייסט אייל פון תרומה, וואָס איז טמא געוואָרן. דער דין איז, אַז תרומה וואָס איז טמא גע־וואָרן דאַרף מען פאַרברענען. אָבער ביים פאַרברענען „שמן שריפה״, ביים פאַרברע־נען טמא׳דיקן תרומה־אייל, מעג אַ כהן הנאה האָבן דערפון; למשל ער מעג פאַרברע־נען דעם אייל אין אַ לאָמפּ און נוצן די ליכט דערפון. זאָגט דאָ די משנה, אַז ווייל די שמן שריפה דאַרף מען פאַרברענען און שמיטה־פּרוכטן דאַרף מען מבער־זיין, אויפ־רוימען נאָך דער צייט פון ביעור (וועגן „ביעור״ בכלל ווערט געלערנט ווייטער אין די פרקים ז׳, ח׳ און ט׳), דאַרף עס פאַרקומען אין ארץ ישראל.** אָמר, האָט ר׳ שמעון געזאָגט: איך האָב בפירוש געהערט אַז מען מעג אַרויספירן קיין סיריע, אָבער מען טאָר ניט אַרויספירן קיין אויסלאַנד. **ווייל אין סיריע דאַרף מען דאָך אָפּהיטן געוויסע דינים פון שמיטה (וועגן דעם ווערט געלערנט פריער אין איצטיקן פרק משנה א׳ און משנה ב׳).**

ו. אין, מען טאָר ניט ברענגען קיין ארץ ישראל תרומה פון אויסלאַנד. **די יידן אין שכנות פון ארץ ישראל (ווי בבל און אַנדערע) האָבן געהאַט אַן אַלטע תקנה אָפּ־צושיידן תרומה פון זייערע פּרוכטן. זאָגט די משנה, אַז מען טאָר ניט ברענגען די חוץ־לארץ־תרומה קיין ארץ ישראל; דער ירושלמי זאָגט דעם טעם, כדי די כהנים פון ארץ ישראל (וועלכע באַקומען דאָך תרומה) זאָלן זיך ניט יאָגן נאָך דער דאָזיקער תרומה און ניט אַרויסגיין פון ארץ ישראל קיין חוץ לארץ אום זי צו ברענגען.** אָמר, האָט ר׳ שמעון געזאָגט: איך האָב בפירוש געהערט, אַז מען מעג ברענגען פון סיריע, אָבער מען טאָר ניט ברענגען פון אויסלאַנד (חוץ לארץ). **ווייל סיריע האָט אין זיך עפּיס פון דער קדושה פון ארץ ישראל.**

## פרק ז.

**כדי צו פאַרשטיין די ווייטערדיקע פרקים וועלן מיר דאָ געבן עטליכע דינים וועגן שמיטה. דער דין איז, אַז פּרוכטן (מיט פּרוכטן מיינט מען אַלץ, תבואות, ביימער־פּרוכטן, גרינסן, קטניות, דאָס הייסט פאַרשידענע אַרבעסן, רייז וכדומה), וואָס זענען געוואַקסן אים שמיטה־יאָר זענען הייליק, מען טאָר ניט האַנדלען מיט זיי, און זיי**

**וממין הצובעים ואינו מתקיים בארץ, יש לו שביעית ולדמיו שביעית; יש לו ביעור ולדמיו ביעור; ואיזהו? זה עלה הלוף השוטה ועלה הדנדנה, העולשין והכרישין והרגילה ונץ החלב; ומאכל בהמה, החוחים והדרדרים;**

זענען הפקר, מען מוז זיי לאָזן פריי פאר יעדן צום עסן; ניט נאָר פאר מענטשן, נאָר אויך פאר בהמות און חיות. יעדער קאָן זיך נעמען וויפיל ער וויל אין שטוב אריין צום עסן. אויב אָבער איינער האָט אריינגענומען אין שטוב אריין גאָר א סך פון די שמיטה־פרוכטן און ער האָט זיי ניט געקאָנט אויפעסן, איז דער דין אז ווען עס קומט די צייט, ווען אויף די פעלדער און גערטנער איז שוין ניטאָ די דאָזיקע פרוכט און די בהמות און חיות האָבן ניט די דאָזיקע פרוכט צום עסן, הייסט עס, אז עס איז אָנגעקומען פאר דער דאָזיקער פרוכט די צייט פון „ביעור״, פון ארויסרוימען פון שטוב אין פעלד ארויס. מען טאָר די פרוכט פון „ביעור״־צייט אָן ניט מער האלטן אין שטוב. מען טאָר ניט שמיטה־פרוכטן פארקויפן, נאָר מען מוז זיי אליין עסן. אויב אָבער מען האָט יאָ פארקויפט, למשל איינער האָט געהאַט שמיטה־ווייץ און ער האָט עובר געווען אויפן דין ניט צו האנדלען מיט זיי, און ער האָט זיי פארקויפט און גענומען פאר זיי געלד, האָבן סיי די ווייץ און סיי דאָס געלד דעם דין פון שמיטה־פרוכטן, און ווען עס קומט די צייט פון ביעור מוז מען ביידע ארויסרוימען; פאר דעם געלד מוז מען קויפן פרוכטן און די פרוכטן ארויסרוימען. דאָס הייסט „תופס את דמיו״, די הייליקייט פון שמיטה־פרוכטן גייט אריבער אויך אויף דעם געלד. ווי איז אָבער, אז מען האָט פאר דעם געלד געקויפט אנדערע ווייץ, אָדער גערשטן, איז דער דין, אז דאָס געלד הערט אויף צו האָבן דעם דין פון שמיטה־פרוכטן, אָבער דער אַנ־דערער ווייץ אָדער גערשטן באַקומט דעם דין פון שמיטה־פרוכט. דער כלל דערביי איז, אז די ערשטע פרוכטן און די לעצטע פרוכטן האָבן דעם דין פון שמיטה־פרוכטן, למשל אויב מען האָט פארקויפט שמיטה־ווייץ און גענומען דערפאר גערשטן, און דערנאָך פאר דעם גערשטן פארקויפט פאר געלד, און דערנאָך פאר דעם געלד גע־קויפט ווין און דערנאָך דעם ווין פארקויפט פאר פלייש, הייסן שמיטה־פרוכטן דער ערשטער ווייץ און די לעצטע פלייש; די מיטלסטע הייסן ניט קיין שמיטה־פרוכטן.

א. כלל גדול, א גרויסן כלל האָט מען געזאָגט וועגן שמיטה: יעדע (געוויקס), וואָס א מענטש קאָן עסן, אָדער א בהמה קאָן עסן, אָדער עס איז פון סאָרט, וואָס מען מאכט דערפון פארבן, און עס קאָן זיך ניט דערהאלטן (בלייבנדיק צו־באהעפט צו) דער ערד (אויב עס בלייבט אין דער ערד אויף ווינטער ווערט עס קאליע), האָט עס (אויב עס וואקסט אים שמיטה־יאָר) דעם דין פון שמיטה־פרוכטן, און אויך זיין געלד (אויב מען האָט עס פארקויפט און גענומען דערפאר געלד) האָט דעם דין פון שמיטה־פרוכטן; עס האָט ביעור (ווען עס קומט די צייט פון „ביעור״ מוז מען עס ארויסרוי־מען) און אויך זיין געלד האָט „ביעור״. **די משנה לערנט דאָ, אז שמיטה־פרוכטן, ביי וועלכע מען דארף אָפּהיטן אלע דינים פון שמיטה־פרוכטן, ווי „ביעור״, ארויסרוימען אין דער צייט פון „ביעור״, זענען ניט נור אזעלכע געוויקסן, וואָס א מענטש עסט זיי, נאָר אויך וואָס אפילו נור א בהמה עסט זיי, אָדער אזעלכע וואָס קיינער עסט ניט נאָר מען מאכט פון זיי פארבן. אָבער דערביי מוזן זיי זיין אזעלכע געוויקסן, וואָס מען קאָן ניט לאָזן אין פעלד ניט אָפּגעשניטענערהייט אויף ווינטער נאָך שמיטה.** ואיזה? וועל־כע זענען דאָס (די געוויקסן, וואָס האָבן די דאָזיקע אייגנשאפטן, וועלכע מען האָט דאָ אויסגערעכנט)? דאָס איז: עלה הלוף השוטה, די בלעטער פון דער ווילדער לוף־ציבעלע, עלה דנדנה, די בלעטער פון מינט (מיענטע־געוויקס), העולשין, ציקאָריע (אינדיוו), והכרישין, גרינער קנאָבל, והרגילה, פארטולאַק, ונץ החלב, אספאדעל. **די אלע געוויקסן זענען „מאכל אדם״, ווערן געגעסן פון מענטשן.** ומאכל בהמה, און געוויקסן, וואָס בהמות עסן, זענען: החוחים, דערנער, והדרדרים, ארטישאָק־דערנער.

**וממין הצובעים. ספיחי אסטיס וקוצה — יש להם שביעית ולדמיהן שביעית. יש להם ביעור ולדמיהן ביעור.**

**ב. ועוד כלל אחר אָמרו: כל שאינו מאכל אדם ומאכל בהמה, וממין הצובעין, ומתקיים בארץ — יש לו שביעית ולדמיו שביעית, אין לו ביעור ואין לדמיו ביעור. ואיזה? זה עיקר הלוף השוטה ועיקר הדנדנה והעקרבין והחלביצין והבוכריה; וממין הצובעין הפואה והרכפה—יש להם שביעית ולדמיהן שביעית, אין להם ביעור ולא לדמיהן ביעור. ר׳ מאיר אומר,**

---

**די דאָזיקע דערנער ווערן געגעסן דורך אייזלען און קעמלען,וממין,** און געוויקסן פון סאָרט, פון וועלכן מען מאכט פאַרב, זענען: ספיחי אסטיס, נאָכוואַקסונגן (ניט איצט פאַרזייט, נאָר זיי וואַקסן פון פריער) פון וואַאד (בלאָ־פאַרב־געוויקס), וקוצה, און סאַפּ־לאָר (מאַדער, א געוויקס, פון וועלכן מען מאכט פאַרב). די אלע (וועלכע מען האָט פריער אויסגערעכנט) האָבן דעם דין פון שמיטה־פּרוכטן, און אויך זייער געלד האָט דעם דין פון שמיטה־פּרוכטן; זיי אליין האָבן „ביעור" (מען דאַרף זיי אויסרוימען ווען עס קומט די צייט פון ביעור) און אויך זייער געלד האָט ביעור (מען מוז קויפן פאַר דעם געלד פּרוכטן, און די פּרוכטן אַרויסרוימען). **די אלע אויסגערעכנטע געוויקסן זע־נען אָדער צום עסן פאַר מענטשן, אָדער צום עסן פאַר בהמות, אָדער מען מאכט פון זיי פאַרב, און זיי זענען ניט „מתקיים בארץ", זיי קאָנען ניט בלייבן ניט אָפּגעריסע־נערהייט אין פעלד אויף ווינטער, ווייל זיי ווערן קאַליע.**

ב. ועוד, און נאָך אן אנדערן כלל האָט מען געזאָגט: יעדעס געוויקס וואָס איז ניט קיין עסנווארג פאַר מענטשן און עסנווארג פאַר בהמות און פון סאָרט צו מאכן פאַרבן און קאָן פאַרבלייבן (איבערן ווינטער) אין דער ערד, האָט דעם דין פון שמיטה־פּרוכטן און אויך זיין געלט האָט דעם דין פון שמיטה־פּרוכטן, אָבער עס האָט ניט קיין ביעור, און אויך זיין געלט האָט ניט קיין ביעור. **דער ירושלמי איז גורס מיט „כל שאינו", אלע געוויקסן וואָס זענען ניט", נאָר „כל שהוא" „אלע געוויקסן וואָס זענען יאָ" עסנווארג פאַר מענטשן, אָדער פאַר בהמות, אָדער מען מאכט פון זיי פאַרב. די משנה לערנט דאָ, אז דער דין פון „ביעור", דאָס אַרויסרוימען פון שטוב די שמיטה־פּרוכטן אין דער צייט ווען אין פעלד איז ניטאָ פאַר בהמות, איז נור ביי אזעלכע פּרוכטן, וועלכע קאָנען ניט איבערבלייבן ניט־אָפּגעריסנקייט אויף ווינטער אין פעלד, מען מוז זיי אָפּשניידן באַלד ווי זיי ווערן צייטיק, ווייל אויב ניט ווערן זיי קאַליע. אָבער אזעלכע געוויקסן, וועלכע זענען „מתקיים בארץ", קאָנען יאָ בלייבן ווינטער אין פעלד, דאַרף מען ניט אַרויסרוימען פון שטוב; מחמת מען נעמט אָן, אז מסתמא איז נאָך געבליבן דערפון אין פעלד, און די בהמות און חיות האָבן דערפון גענוג צום עסן.**

איזהו? וועלכע זענען זיי? עיקר הלוף השוטה, דער וואָרצל (די קעפּלעך, ניט די בלעטער) פון דער ווילדער לוף־ציבעלע, ועיקר הדנדנה, און דער וואָרצל (ניט די בלעטער) פון מינט (מיענטע), והעקרבנין, און הירש־צונג (אזא ביטער־גראָז) והחלבצין, דער וואָרצל (ניט די בלעטער) פון אספאַדעל, והבוכריה, באַקאָר (אזא שמעקעדיגער גראָז); וממין הצובעים, און פון די געוויקסן פון (וועלכע מען מאכט) פאַרב; הפואה, קראַפּ, והרכפא ,רעזעדע. די אלע געוויקסן האָבן דעם דין פון שמיטה־פּרוכטן און זייער געלט האָט אויך דעם דין פון שמיטה־פּרוכטן; אָבער זיי האָבן ניט קיין ביעור און זייער געלט האָט אויך ניט קיין ביעור. **ווייל די דאָזיקע געוויקסן פאַרבלייבן אין פעלד אויף ווינטער. אָבער „שמיטה־פּרוכטן" הייסן זיי, און מען מוז מיט זיי אָפּהיטן אלע אנדערע דינים פון שמיטה־פּרוכטן.** ר׳ מאיר זאָגט, אז זייער געלט מוז מען מבער־זיין (אַרויסרוימען) פאַר ראש השנה (פון נאָך דעם שמיטה־יאָר). **ר׳ מאיר האַלט, אז די געוויקסן אליין האָבן ניט דעם דין פון „ביעור", און מען דאַרף זיי ניט אַרויסרוימען, ווייל דער סאָרט געוויקסן בלייבט איבער אין פעלד אויף ווינטער, אָבער זייער געלט**

**דמיהן מתבערין עד ראש השנה. אמרו לו, להן אין ביעור, קל וחומר לדמיהן.**

**ג. קליפי רמון והנץ שלו, קליפי אגוזים והגלעינין, יש להם שביעית ולדמיהן שביעית. הצבע צובע לעצמו, ולא יצבע בשכר, שאין עושין סחורה בפירות שביעית, ולא בבכורות, ולא בתרומות, ולא בנבלות, ולא בטרפות, ולא בשקצים, ולא ברמשים. ולא יהיה לוקח ירקות שדה ומוכר**

---

דארף מען יאָ ארויסרוימען פאַר ראש השנה, מחמת געלט דערקענט מען ניט און מען וועט ניט אָפּהיטן מיט דעם געלט די דינים פון שמיטה־פּרוכטן. אָמרו, האָבן די חכמים געזאָגט צו אים (צו ר׳ מאיר): מה־דאָך זיי, די פּרוכטן אַליין, דאַרף מען ניט מבער זיין, דאַרף מען דאָך זייער געלד געווים ניט מבער זיין. די חכמים באַנוצן דאָ דעם „קל וחומר״, די סברא פון „גרינגער און האַרבער״, דאָס הייסט, אויב מען מעג טאָן א האַרבע זאַך, מעג מען דאָך די גרינגע זאַך אודאי טאָן. אויב די שמיטה־פּרוכטן אַליין דאַרף מען ניט ארויסרוימען אין דער ביעור־צייט, איז מען דאָך זייער געלד, וואָס די גאַנצע שמיטה־הייליקייט פון געלד קומט דאָך נור פון די פּרוכטן, אודאי ניט מחויב מבער־צו זיין.

ג. קליפי רימון, די שאָלעכץ פון א מילגרוים, והנץ שלו, און זיין קעפּל־בלימל, קליפּי אגוזים, די שאָלעכץ פון ניס, והגלעינין און די קערנדלעך (פון פּרוכטן), האָבן דעם דין פון שמיטה און זייער געלד האָט דעם דין פון שמיטה. די שאָלעכץ און דאָס קעפּל־בלימל (נץ) פון מילגרוים קאָן מען ניט עסן, אָבער מען מאַכט דערפון פאַרב, און דעריבער מוז מען אָפּהיטן מיט זיי די דינים פון שמיטה־פּרוכטן. די קערנדלעך (גלעינין איז דאָס זעלבע וואָס גרעינין) פון פּרוכטן זענען, לויט טייל מפרשים, גוט צום הייצן מיט זיי; און כאָטש סתם האָלץ האָט ניט דעם דין פון שמיטה, אָבער די קערנד־לעך זיינען דאָך פון פּרוכטן, וואָס מען עסט, דעריבער האָבן זיי יאָ די הייליקייט פון שמיטה. דער ברטנורא זאָגט אז מען מיינט דאָ די קערנדלעך פון איילבירטן, מחמת מען נעמט פון זיי ארויס אביסל אייל, אָדער די קערנדלעך פון טייטלען, וועלכע מען גיט צו עסן בהמות. הצבע, א פאַרבער מעג באַנוצן (שמיטה־געוויקסן, פון וועלכע מען מאַכט פאַרב) צו פאַרבן פאַר זיין אייגענעם געברויך, אָבער ער טאָר ניט מיט זיי פאַרבן פאַר (אַנדערע און נעמען דערפאַר) געלד, ווייל מען טאָר ניט האַנדלען מיט שמיטה פּרוכטן. אויב דער פאַרבער נעמט געלד פאַר פאַרבן, כאָטש א טייל פון געלד איז פאַר זיין ארבייט, אָבער ווייל א טייל פון געלד איז דאָך אויך פאַר די פאַרב־מאַטעריאַלן פון שמיטה־געוויקסן, הייסט עס ווי ער וואָלט זיי פאַרקויפט. ולא, און מען טאָר אויך ניט (האַנדלען) מיט בכורים. דער דין איז, אז א בהמה, וואָס מען מעג איר עסן, האָט גע־בוירן א בכור, איז ער הייליק און מען דאַרף אים געבן צום כהן צו פירן קיין ירושלים און דאָרט מקריב זיין; אויב דער בכור האָט א פעלער א מום, דאַרף מען אים אוועקגעבן צו א כהן, און יעדער מעג אים עסן אומעטום. זאָגט די משנה, אז האַנדלען מיט לעבעדיקע בכורים טאָר מען ניט. ולא בתרומות, און מען טאָר אויך ניט האַנדלען מיט תרומה־פּרוכטן. ווייל אויך תרומה איז הייליק, און א ישראל טאָר איר ניט עסן, און מען דאַרף איר געבן צו א כהן; און אויב מען וועט האַנדלען דערמיט קאָן מען פאַרגעסן, אז עס איז תרומה און א ישראל קאָן איר אמאָל עסן. ולא, און מען טאָר אויך ניט האַנדלען מיט (טריפה עסנווארג, דאָס הייסט), ניט מיט נבלות (טויטע בהמות וואָס זענען ניט געשאָכטן געוואָרן לויטן דין), און ניט מיט טרפות, (בהמות וואָס האָבן פעלערן, צוליב וועלכע זיי זענען טריפה), און ניט מיט שקצים (אומריינע באַשעפע־נישן) און ניט מיט רמשים (אומריינע ווערים). די משנה לערנט דאָ דעם איסור, אז מען טאָר ניט פירן א כסדר׳דיקן, סיסטעמאַטישן האַנדל מיט עסנווארג, וואָס איז פאַר־באָטן צו עסן. ולא יהיה, און מען טאָר ניט נעמען פעלד־גרינסן (אים שמיטה־יאָר,

**בשוק, אבל הוא לוקט ובנו מוכר על ידו. לקח לעצמו והותיר, מותר למכרן.**

**ד. לקח בכור למשתה בנו או לרגל ולא צריך לו, מותר למכרו. צדי חיה עופות ודגים שנזדמנו להם מיני טמאין, מותרים למכרן. ר׳ יהודה אומר, אף מי שנתמנה לו לפי דרכו לוקח ומוכר, ובלבד שלא תהא אומנותו בכך. וחכמים אוסרין.**

**ה. לולבי זרדים והחרובין, יש להם שביעית ולדמיהן שביעית, יש להם ביעור ולדמיהן ביעור. לולבי האלה והבטנה והאטדין, יש להם שביעית ולדמיהן שביעית, אין להם ביעור ולא לדמיהן ביעור, אבל**

---

אזעלכע וואָס מען מעג יאָ עסן) און פאַרקויפן אין מאַרק; אָבער א מענטש מעג אראָפּרייסן (אים שמיטה) פּרוכטן, און זיין זון זאָל, אנשטאָט אים, פאַרקויפן. **מחמת קוים פאַרקויפט ער ניט אליין, זעט עס ניט אויס, ווי ער פירט דערמיט א סיסטעמאַטישן האנדל. אָבער דאָס געלד וואָס מען נעמט אָפּ דערפאַר, איז שמיטה־געלד, און ווי מיר האָבן שוין פריער געלערנט, האָט עס דעם דין פון שמיטה־פּרוכטן.** לקח, אויב ער האָט גענומען פאַר זיך און עס איז אים איבערגעבליבן (פון די שמיטה־פּרוכטן) מעג ער זיי פאַרקויפן. **ווייל דאָס הייסט ניט קיין האנדל; און דאָס געלד, ווי מיר האָבן פריער געלערנט האָט דעם דין פון שמיטה־געלד און מען מוז דערמיט אָפּהיטן אלע דינים פון שמיטה־פּרוכטן.**

ד. לקח, אז איינער האָט געקויפט א בכור (א בעל מום, וואָס אלע מעגן עסן) צו דער חתונה פון זיין זון אָדער אויף יום טוב און ער דאַרף אים ניט האָבן (ער האָט באַקומען דערווייל אנדער פלייש), מעג ער אים פאַרקויפן. **ווייל דאָס הייסט ניט קיין כסדר׳דיקער, סיסטעמאַטישער האנדל און דעריבער הייסט עס ניט געפירט א האנדל מיט א בכור.** צײדי, די וואָס פאַנגען חיות, עופות און פיש, אויב זיי האָבן (ביים פאַנגען) צופעליג אריינגעקראָגן אזעלכע מינים (חיות, עופות און פיש) וועלכע מען טאָר ניט עסן (טמאים), מעגן זיי פאַרקויפן. **אויך דאָס הייסט ניט פאַרנומען זיך סיסטעמאַטיש מיטן האנדל מיט זאכן, וועלכע מען טאָר ניט עסן, מחמת עס האָט זיך זיי נאָר געטראָפן צופעליק.** ר׳ יהודה זאָגט אז (ניט נאָר פאַנגער, נאָר אויך) יעדער וואָס איס טרעפט זיך צופעליק (ניט כשרע חיות, עופות און פיש) מעג ער קויפן און פאַרקויפן, אָבער עס טאָר ניט ווערן זיין פאַך־האנדל דערמיט; און די חכמים זאָגן, אז מען טאָר ניט. **די חכמים האַלטן, אז נור פאַנגערס מעגן, אויב עס טרעפט זיך זיי.**

ה. לולבי זרדים, ווייכע, יינגע צווייגן (לולבים) פון ווייס־דערנער (זרדים) און פון באָקסער ביימער האָבן סיי זיי אליין דעם דין פון שמיטה און סיי זייער געלט האָט דעם דין פון שמיטה; זיי דאַרפן האָבן ביעור (ארויסרוימען, ווען עס קומט די „ביעור״־צייט) און זייער געלט דאַרף האָבן ביעור. „לולב״ **הייסט געוויינליך דער צווייג פון א טייטלבוים; אָבער אין דער משנה הייסט טיילמאָל „לולב״ אויך די ווייכע, יינגע צווייג פון אנדערע ביימער. זאָגט די משנה, אז די לולבין פון ווייסדערנער (נידריקע ביימער פון דעם דערנער סאָרט) און פון באָקסער־ביימער האָבן דעם דין פון שמיטה און דאַרפן האָבן ביעור, סיי זיי אליין און סיי זייער געלט, ווייל כאָטש זיי זענען ניט קיין פּרוכטן צום עסן פאַר מענטשן, אָבער בהמות עסן זיי.** לולבי האלה, די ווייכע, יונגע צוויגן פון א טערעבינט־בוים, והבטנה, און פון פיסטאַשקעס־בוים, והאטדין, און פון באָקסדערנער־ביימלעך, האָבן סיי זיי אליין דעם דין פון שמיטה און סיי זייער געלט האָט דעם דין פון שמיטה; זיי דאַרפן ניט האָבן קיין ביעור און זייער געלט דאַרף ניט האָבן קיין ביעור. **ווייל די דאָזיקע יונגע, ווייכע צווייגלעך בלייבן ווינטער אויף די ביימער, און ווי מיר האָבן געלערנט פריער אין משנה ב׳ דאַרפן אזעלכע געוויקסן ניט האָבן קיין ביעור. אָבער דעם דין פון שמיטה־פּרוכטן** (ניט האנדלען מיט זיי און אנ־

**לעלין יש ביעור, מפני שנושרין מאביהן.**

**ו. הורד והכופר והקטף והלוטם יש להם שביעית ולדמיהן שביעית. ר׳ שמעון אומר, אין לקטף שביעית, מפני שאינו פרי.**

**ז. ורד חדש שכבשו בשמן ישן, ילקט את הורד; וישן בחדש, חייב בביעור. חרובים חדשים שכבשן ביין ישן וישנים בחדש, חייבין בביעור. זה הכלל: כל שהוא בנותן טעם חייב לבער מין בשאינו מינו, ומין במינו**

---

דערע דינים) האָבן זיי יאָ, ווייל בהמות עסן זיי. אבל, אָבער זייערע בלעטער האָבן יאָ ביעור, ווייל זיי פאַלן אראָפּ פון די צווייגן (צו ווינטער). זיי געהערן דעריבער צו די סאָרטן, וואָס בלייבן ניט פאַר די חיות און בהמות אין פעלד אויף ווינטער, דעריבער מוז מען זיי מבער זיין פון שטוב אין פעלד אריין. דאָס וואָרט „באביהן" טייטשן טייל מפרשים „פון זייער פאָטער", פון די צווייגן, וואָס זענען אזוי ווי זייערע פאָטערס, פון וועלכע זיי קומען ארויס.

ו. הורד, די רויז, והכופר, און די ציפּרוס־בלום, והקטף, און דער באַלזאַם־בוים, והלוטם, און דער קיסטוס־בוים, האָבן זיי אליין דעם דין פון שמיטה, און סיי זייער געלט האָט דעם דין פון שמיטה. די אלע אויסגערעכנטע געוויקסן זענען גוט צום שמעקן, און דעריבער (אזוי דערקלערט די „משנה ראשונה) האָבן זיי דעם דין פון שמיטה־פּרוכטן. „ורד" הייסט א „רויז", און מיר האָבן שוין געשריבן (אין כלאים פרק ה׳ משנה ח׳) אז „שושנה" איז „די ליליע", און „ורד" איז די רויז. וועגן „קטף" זענען פאַראַן צוויי טייטשן. איינער איז, אז דאָס מיינט מען דעם ציפּרוס־בוים אליין; דער אנדערער טייטש איז, אז דאָס מיינט מען דעם זאַפּט, וועלכער רינט פון בוים. ר׳ שמעון זאָגט, אז קטף, דער ציפּרוס־בוים, האָט ניט דעם דין פון שמיטה־פּרוכטן, ווייל ער איז ניט קיין פּרוכט. לויט ר׳ שמעון האָט דאָס דעם דין פון ברען־האָלץ, וואָס כאָטש מען האָט הנאה דערפון, פונדעסטוועגן האָט ברען־האָלץ ניט דעם דין פון שמיטה־פּרוכטן.

ז. ורד, א נייע רויז (א רויז, וואָס מען האָט אָפּגעריסן אים שמיטה־יאָר) וועלכע מען האָט איינגעלייגט אין אלטן אייל (פון פאַר שמיטה־יאָר), זאָל מען אראָפּקלייבן די רויז. כאָטש די רויז פון שמיטה האָט אריינגעגעבן א טעם אין דעם אייל, באַקומט ניט דער אייל דעם דין פון שמיטה־פּרוכטן; ווייל מען נעמט אָן, אז א נייע רויז גיט ניט אריין שנעל קיין טעם אין דעם אייל. דעריבער אויב מען קלייבט באַלד אראָפּ די רויז, מעג מען נוצן דעם אייל אפילו ווען עס קומט אָן שפּעטער די צייט פון ביעור, און מען דאַרף אים ניט מבער זיין. וישן, און (אויב מען האָט אריינגעלייגט) אן אלטע רויז (פון שמיטה־יאָר) אין נייעם אייל (געמאַכט פון איילבירטן פון נאָך שמיטה־יאָר), דאַרף מען (אלץ) מבער זיין, מחמת מען נעמט אָן, אז אן אלטע רויז גיט יאָ אריין טעם אין נייעם אייל, און עס העלפט ניט דאָס אראָפּקלייבן, און עס באַקומט דעם דין פון שמיטה־פּרוכטן. חרובים, נייע באָקסערס (פון שמיטה־יאָר), וועלכע מען האָט איינגע־לייגט אין אלטן וויין (פון פאַר שמיטה), אָדער אלטע באָקסערס (פון פאַר שמיטה) אין נייעם וויין (פון שמיטה־יאָר) דאַרף מען מבער זיין (ווען עס קומט די ביעור־צייט), מחמת באָקסערס און וויין געבן אריין טעם איינער אין אנדערן, אלץ איינס צי זיי זענען אלטע צי נייע. זה הכלל, דאָס איז דער כלל: יעדע זאַך, וואָס גיט אריין א טעם, דאַרף מען מבער זיין, אויב עס איז איין מין אין אן אנדערן מין. אויב מען האָט אריינ־געלייגט איין מין פּרוכט פון שמיטה אין אן אנדערן מין פּרוכט ניט פון שמיטה, למשל שמיטה־באָקסער אין ניט־שמיטה־וויין, דאַרף מען אויך דעם וויין מבער זיין, ווען עס קומט אָן די ביעור־צייט, אויב דער שמיטה־באָקסער האָט אריינגעגעבן א טעם אין וויין (בנותן טעם). אויב אָבער עס איז ניט געווען גענוג באָקסער, אז עס זאָל אריינגעבן טעם אין וויין, דאַרף מען ניט מבער זיין. ומין במינו, אָבער אויב (מען האָט איינגע־

**— כל שהוא. שביעית אוסרת כל שהוא במינה, ושלא במינה — בנותן טעם.**

## פרק ח.

**א. כלל גדול אָמרו בשביעית: כל המיוחד למאכל אדם, אין עושין ממנו מלוגמא לאדם, ואין צריך לומר לבהמה; וכל שאינו מיוחד למאכל אדם עושין ממנו מלוגמא לאדם, אבל לא לבהמה; וכל שאינו מיוחד לא**

---

לייגט אָדער אויסגעמישט) איין מין (שמיטה־פּרוכט) מיט דעמזעלבן מין (ניט שמיטה־פּרוכט) איז אפילו דאָס קלענסטע ביסל (בכל שהוא). **אויב למשל מען האָט נור אפילו דאָס קלענסטע ביסל וויין פון שמיטה־יאָר אריינגעטאָן אין א סך וויין פון ניט־שמיטה־יאָר, דאָס הייסט „מין במינו", איין מין אין זעלבן מין, וויין אין וויין, איז דער דין, אז אפילו ווען דאָס ביסל שמיטה־וויין איז געווען אזוי ווייניק, אז עס קאָן ניט אריינגעבן קיין שום טעם אין דעם ניט־שמיטה־וויין, מוז מען שוין דעם גאנצן וויין מבער זיין, ווען עס קומט אָן די ביעור־צייט. דער רמבם זאָגט, אז דער כלל פון דער דאָזיקער משנה מיינט ניט נור וועגן שמיטה, נאָר אויך וועגן אלע זאכן, וואָס מען טאָר ניט עסן, אז אויב עס האָט זיך אויסגעמישט א זאך, וואָס מען טאָר ניט עסן, אין א זאך, וואָס מען מעג עסן, איז אויב עס איז איין מין אין אנדערן מין (מין בשאינו מינו), ״ט עס נור דעמאָלס ווען דאָס טריפה גיט אריין א טעם אין דעם כשרן; אויב אָבער איז איין מין אין זעלבן מין (מין במינו) איז דער דין אז אפילו דאָס קלענסטע ביסל אסרט שוין אלץ, אפילו עס גיט ניט אריין קיין טעם. דער ברטנורא זאָגט, אז די הלכה בלייבט ניט אזוי. שביעית, שמיטה־פּרוכטן אסר'ן אפילו נור מיט דעם קלענסטן ביסל, אויב אין זעלבן מין; און אויב ניט אין זעלבן מין, נור ווען עס גיט אריין א טעם. דאָס איז אייגנטליך דער זעלבער דין וואָס פריער, און די מפרשים פרעגן, צו וואָס דאַרף די משנה עס זאָגן נאָכאמאָל. דער ר"ש וויל האָבן, אז די משנה לערנט, אז דאָס וואָס שמיטה אסר'ט אפילו מיט א קליין ביסל, בכל שהוא, מיינט מען נור ווען עס איז אויסגעמישט געוואָרן נאָך דער צייט פון ביעור, מחמת דעמאָלס איז עס שוין אסור; אָבער אויב עס האָט זיך אויסגעמישט פאַר דער ביעור־צייט אסר'ט עס נור ווען עס גיט אריין א טעם. אין דער גמרא חולין צ"ז געפינען מיר, אז „אריינגעבן א טעם" מיינט מען ווינציקער פון „ששים", פון זעכציק, דאָס הייסט, אז די מותר־זאך איז ווינציקער פון 60 מאָל אזוי פיל ווי די אסור־זאך.**

## פרק ח.

**כדי צו פאַרשטיין די דינים אין דאָזיקן פרק איז נויטיק צו זאָגן, אז שמיטה־פּרוכטן זענען הייליק, און מען מעג זיי עסן און באנוצן אויך צו געוויסע אנדערע זאכן, ווי געבן צו עסן בהמות, שמירן זיך מיט אייל פון שמיטה, אָבער מען טאָר זיי ניט קאַליע מאכן. „קאַליע מאכן" הייסט אפילו ווען מען קאָן נוצן א געוויקס צו א בעסערן צוועק און מען פאַרנוצט זי פאַר א קלענערן צוועק. למשל א געוויקס, וואָס מען דאַרף געבן צו עסן א מענטש און מען גיט עס צו א בהמה הייסט קאַליע געמאכט. אָבער א געוויקס, וואָס איז באַשטימט פאַר א בהמה צו עסן, און מען גיט עס צו א בהמה הייסט ניט קאַליע געמאכט.**

א. כלל גדול, א גרויסן כלל האָבן (די חכמים) געזאָגט וועגן שמיטה (פּרוכטן): אלץ, וואָס איז באַשטימט ספּעציעל צום עסן פאַר מענטשן, טאָר מען ניט מאכן דערפון א פּלאַסטער (מלוגמא, צו־צו־לייגן צו א מכה) פאַר א מענטשן און עס איז ניט נויטיק צו זאָגן אז פאַר א בהמה (צו מאכן א פּלאַסטער טאָר מען אודאי ניט). **דאָס וואָרט „מלוג־מא" איז — ווי עס ווייזט אָן ר' בנימין מוספיא אין „מוסף הערוך", — דאָס גריכישע וואָרט „מאלאגמא", א „פּלאַסטער".** וכל, און יעדע זאך, וואָס איז ניט באַשטימט ספּע־ציעל צום עסן פאַר א מענטשן, מעג מען יאָ מאכן א פּלאַסטער פאַר מענטשן, אָבער ניט

**למאכל אדם ולא למאכל בהמה, חשב עליו למאכל אדם ולמאכל בהמה, נותנין עליו חומרי אדם וחומרי בהמה. חשב עליו לעצים, הרי הוא כעצים. כגון הסיאה והאזוב והקורנית.**

**ב. שביעית ניתנה לאכילה ולשתיה ולסיכה, לאכול דבר שדרכו לאכול, (ולשתות דבר שדרכו לשתות), ולסוך דבר שדרכו לסוך. לא יסוך יין וחומץ, אבל סך הוא את השמן. וכן בתרומה ובמעשר שני. קל מהם שביעית, שניתנה להדלקת הנר.**

---

פאר א בהמה. די מפרשים זאָגן, אז אויב געוויסע שמיטה־פּרוכטן זענען באַשטימט צו **עסן פאר א בהמה, מעג מען דערפון יאָ מאכן א פּלאסטער פאר מענטשן, ווייל מענטשן עסן דאָך עס ניט; אָבער מאכן א פּלאסטער פאר א בהמה טאָר מען ניט, ווייל בהמות עסן יאָ די פּרוכט.** וכל שאינו מיוחד לא, און אלץ, וואָס איז ניט ספּעציעל באַשטימט צום עסן, ניט פאר מענטשן און ניט פאר בהמות (אזעלכע געוויקסן, וואָס טיילמאָל גיט מען זיי צו עסן מענטשן און טיילמאָל בהמות, אָבער עס איז ניט ספּעציעל באַשטימט), איז אויב מען האָט (ביים אראָפּנעמען דאָס געוויקס פון פעלד) אין זינען געהאַט, אז דאָס זאָל זיין אויף צו עסן סיי פאר מענטשן און סיי פאר בהמות, לייגט מען אַרויף אויף דעם געוויקס די שווערקייטן (חומרות) סיי פון מענטשן סיי פון בהמות. **די משנה לערנט, אז אין אזא פאל טאָר מען ניט מאכן פון די דאָזיקע געוויקס קיין פּלאסטער פאר מענטשן, מחמת מען האָט דאָך אינזינען געהאַט, אז מענטשן זאָלן עס עסן. אָבער מען טאָר עס אויך ניט עסן געקאָכטערהייט** (אזוי טייטשן די מפרשים), **און מען מעג זיי עסן נאָר רויערהייט, מחמת מען האָט דאָך אינזינען געהאַט צו געבן עס פאר בהמות און ווען מען וועט זיי אָפּקאָכן וועלן בהמות זיי שוין ניט וועלן עסן.** חשב עליו לעצים, אויב ער האָט אינזינען געהאַט (ביים אראָפּנעמען דאָס געוויקס פון פעלד) צו באַנוצן עס אלס האָלץ (צום ברענען), האָט עס דעם דין פון האָלץ (מעג מען מיט דעם אײַנהייצן דעם אויוון), ווי הסיאה, סאטורעיא־געוויקס, והאזוב, איזאָפּ־געוויקס, והקורנית, און טהימיאן־געוויקס. **אלע דריי זענען אזעלכע געוויקסן, וואָס מען קאָן זיי נוצן סיי אויף עסן פאר בהמות, און סיי צו ברענען מיט זיי אין אויוון. זאָגט די משנה, אז אויב מען האָט ביים אראָפּרייסן זיי פון פעלד אינזינען געהאַט, אז מען זאָל זיי באַנוצן אויף האָלץ צום ברענען, מעג מען מיט זיי אײַנהייצן דעם אויוון, כאָטש בהמות וואָלטן זיי געקאָנט עסן.**

ב. שביעית, שמיטה־געוויקסן זענען געגעבן געוואָרן צו עסן, אָדער טרינקען אָדער שמירן זיך מיט זיי: צו עסן דאָס וואָס דער שטייגער איז צו עסן, צו טרינקען דאָס, וואָס דער שטייגער איז צו טרינקען, און צו שמירן דאָס וואָס דער שטייגער איז צו שמירן. **מען דאַרף די שמיטה־געוויקסן באַנוצן נאָר אויף אזא אופן, לויט וועלכן עס איז דער שטייגער צו ניצן די געוויקסן.** לא יסוך, מ'טור זיך נישט שמירן מיט וויין אָדער מיט עסיק (פון שמיטה־פּרוכטן), אָבער מען מעג זיך שמירן מיט אייל. **די משנה לערנט דאָ, אז כאָטש עס טרעפט זיך דאָך אין זעלטענע פאלן, אז מען שמירט זיך מיט וויין אָדער מיט עסיק, נאָר ווייל געוויינטליך טרינקט מען זיי, טאָר מען זיך ניט שמירן מיט זיי; און דאָס זעלבע איז, פאַרקערט, מיט אייל, וואָס כאָטש עס טרעפט זיך דאָך, אז מען טרינקט אויך אייל, נאָר ווייל געוויינטליך שמירט מען זיך מיט אייל דעם קערפּער, מעג מען זיך שמירן דערמיט; דאָס איז דער טייטש פון „שדרכו" אין אָנהויב פון דער משנה, „וואָס דער שטייגער איז".** וכן, און דערזעלבער דין איז אויך ביי תרומה און ביי מעשר שני. **אויך מיט פּרוכטן פון תרומה און מעשר שני דאַרף מען זיך אזוי נוהג זיין צו עסן דאָס וואָס דער שטייגער איז צו עסן, און צו שמירן זיך מיט דעם וואָס דער שטייגער איז זיך צו שמירן. אין אונזער הקדמה צו מסכת דמאי געבן מיר וואָס איז תרומה און מעשר שני.** קל מהם, שמיטה איז גרינגער פון זיי (פון תרומה און

**ג. אין מוכרין פירות שביעית לא במדה, ולא במשקל, ולא במנין. ולא תאנים במנין, ולא ירק במשקל. בית שמאי אומרים, אף לא אגודות. ובית הלל אומרים, את שדרכו לאגוד אותו בבית, אונדין אותו בשוק, כגון הכרישין ונץ החלב.**

**ד. האומר לפועל: „הא לך איסר זה ולקט לי ירק היום", שכרו מותר; „לקט לי בו ירק היום", שכרו אָסור. לקח מן הנחתום ככר בפונ-**

---

מעשר שני). דערמיט, וואָס שמיטה מעג מען ברענען אין א לאָמפּ. אייל פון שמיטה־איילבירטן מעג מען פארנוצן צום ברענען אין א לאָמפּ; אָבער אייל פון תרומה אָדער פון מעשר שני טאָר מען ניט ברענען אין א לאָמפּ (אן אויסנאם איז אייל פון תרומה טמאה, תרומה, וואָס איז טמא געוואָרן, וואָס מען מעג ברענען אין א לאָמפּ).

ג. אין מוכרין, מען טאָר ניט פארקויפן שמיטה־געוויקסן ניט אויף דער מאָס, און ניט אויף דער וואָג און ניט אויף דער צאָל. די משנה האָט פריער אין פרק ז׳ משנה ג׳ געזאָגט, אז מען טאָר בכלל ניט האנדלען מיט שמיטה־געוויקסן, סיידן ווען איינער האָט געקליבן פאר זיך אביסל פרוכטן און עס איז אים איבערגעבליבן, מעג ער פארקויפן (און דאָס געלד האָט דעם דין פון שמיטה). זאָגט דא די משנה, אז אפילו אין דאָזיקן פאל, ווען מען פארקויפט יאָ, זאָל מען עס ניט טאָן ווי מיט געוויינטליכע פרוכטן; מען זאָל זיי ניט פארקויפן אויף דער וואָג, צי אויף דער מאָס צי לויט דער צאָל, נאָר פארקויפן אויפן קוק, עס זאָל זיין א ענדערונג, און דאדורך וועט מען געדענקען, אז דאָס זענען שמיטה געוויקסן. ולא, און מען טאָר אויך ניט פארקויפן פייגן לויט דער צאָל, און גרינס אויף דער וואָג. כאָטש פייגן פארקויפט מען געוויינטליך אויף דער וואָג און בינטלעך גרינס לויט דער צאָל, קאָן מען דאָך מיינען, אז ווען מען טוט פארקערט, מען ציילט פייגן און מען וועגט בינטלעך גרינס, מעג מען יאָ, מחמת עס איז דאָך אן ענדערונג, דעריבער לערנט אונז די משנה ,אז מען טאָר ניט. בית שמאי זאָגן, אז מען טאָר אויך ניט פארקויפן קיין בינטלעך. ניט דוקא ווען מען ציילט זיי, נאָר אפילו ווען מען ציילט זיי ניט, זאָל מען פארקויפן נאָר ניט־געבינדענע גרינסן צי פרוכטן; אלץ כדי צו מאכן א היכר, מען זאָל דערקענען, אז דאָס זענען שמיטה־געוויקסן. ובית הלל, אָבער די בית הלל זאָגן, אז דאָס וואָס איז דער שטייגער צו בינדן אין דער היים, מעג מען אויך בינדן אין מארק (צום פארקויפן). דער רמבם טייטשט, אז מען מעג פארקויפן אין גאס געבינדן אזוי ווי מען בינדט צום פירן אהיים, און ניט ווי מען בינדט צום פארקויפן אין גאס; מחמת דאָס איז אן אנדער סאָרט בינדן און דעריבער וועט מען עס דערקענען. כגון, א שטייגער ווי גרינער קנאָבל (כרישין) און אספּאָדעל (נץ החלב). דאָס איז דער סוף פון די ווערטער פון די בית הלל, און זיי געבן דאָ א ביישפּיל פון ירקות וואָס מען בינדעט צום באנוצן אין שטוב, למשל, גרינער קנאָבל און אספאדעל.

ד. האומר, אַז איינער זאָגט (אים שמיטה) צו אן ארבייטער: דאָ האָסטו דעם דאָזיקן איסר (אזא מטבע) און רייס אָפּ פאר מיר (אין גאָרטן) היינט „גרינס", איז זיין פארדינסט (דער „איסר", וואָס ער האָט באקומען) מותר. דער „איסר" (אן אלט־רוימישע מטבע ,אסאריאן") ווערט ניט באטראכט ווי דער ארבייטער וואָלט אים באקומען פאר פארקויפן די שמיטה־גרינס, וואָס ער, דער ארבייטער, האָט אָנגעריסן; מחמת, ער האָט דאָך ניט געזאָגט צום ארבייטער, אז ער זאָל רייסן דאָס גרינס „פאר דעם איסר". עס הייסט דעריבער, אז דעם „איסר" האָט ער באקומען אלס א באזונדערע מתנה, און כאָטש ווען מען פארקויפט שמיטה־געוויקסן און מען באקומט פאר זיי געלד האָט דאָס געלד דעם דין ווי שמיטה, אָבער דאָ האָט דער איסר ניט דעם דין פון שמיטה. לקט, אויב ער האָט אים געזאָגט: „רייס מיר פאר אים (פאר דעם איסר) גרינס היינט", איז זיין פארדינסט (דער איסר) אסור. מחמת ער האָט געזאָגט צו אים

דיון: „כשאלקוט ירקות שדה אביא לך", מותר; לקח ממנו סתם, לא ישלם לו מדמי שביעית, שאין פורעים חוב מדמי שביעית.

ה. אין נותנין לא לבייר, ולא לבלן, ולא לספר, ולא לספן, אבל נותן הוא לבייר לשתות, ולכולן הוא נותן מתנת חינם.

ו. תאנים של שביעית אין קוצין אותן במוקצה, אבל קוצה הוא בחרבה. אין דורכין ענבים בגת, אבל דורך הוא בעריבה. ואין עושין

---

„בו", „פאר אים", הייסט עס, ווי ער האט באצאלט דעם ארבייטער פאר די שמיטה־גרינסן מיט דעם איסר. לקח, אז איינער האט געקויפט (אים שמיטה) א ברויט פון א בעקער אין ווערט פון א פונדיון (אזא מטבע, און ער האט אים ניט באצאלט, נאר ער האט געזאגט צום בעקער): „ווען איך וועל אפרייסן אין פעלד (שמיטה) גרינס וועל איך דיר ברענגען", מעג ער. אלץ צוליב דעמזעלבן טעם, מחמת ער האט ניט געזאגט, אז ער וועט אים ברענגן „פאר דעם ברויט"; דעריבער הייסט עס ווי זיי האבן זיך איינער דעם אנדערן געגעבן מתנות, דער בעקער האט אים געגעבן אמתנה א ברויט, און ער גיט דעם בעקער א מתנה אנגעריסענע שמיטה־גרינס. „פונדיון" איז אויך אן אלט־רוימישע מטבע „דופאנדיוס", און האט געהאט דעם ווערט פון צוויי „איסר". לקח, אויב ער האט געקויפט (ביים בעקער א ברויט) סתם (אויף בארג, גארניט זאגנדיק), טאר ער אים ניט באצאלן מיט שמיטה־געלט, ווייל מען טאר ניט באצאלן קיין חוב מיט שמיטה־געלד. „שמיטה־געלט" הייסט געלט, וואס מען באקומט ווען מען פארקויפט שמיטה־געוויקסן, און דאס געלד באקומט די הייליקייט פון שמיטה; מען טאר ניט דערמיט באצאלן קיין חוב, ווייל עס הייסט אזוי ווי געהאנדלט דערמיט.

ה. אין נותנין, מען טאר ניט געבן (שמישה־געלט אדער שמיטה־געוויקסן) צום „בייר", גרעבער פון ברונעמס (וועלכער שטעלט־צו וואסער פאר אלע ארבייטן וואס איינער דארף), און ניט צום „בלן", בעדער, און ניט צום „ספר", שערער, און ניט צום „ספן", שיף־פירער. ווייל מען טאר ניט באצאלן מיט שמיטה־געלט פאר פארשידענע ארבייטן, וואס זענען ניט עסן אדער טרינקן. „בייר" איז פון „בור", „ברונעם"; „בלן" איז פון גריכישן ווארט „באלענוס" „באד־יונג"; „ספן" איז פון „ספינה", „שיף", און מען מיינט דערמיט דעם שיף־פירער, וועלכער נעמט באצאלט פאר אריבערפירן מיט דער שיף. אבל, אבער ער מעג געבן (שמיטה־געלד) צום ברונעם־גרעבער פאר וואסער צו טרינקן. מחמת אויף עסן און טרינקן מעג מען יא פארנוצן שמיטה געלט. ולכולן, און צו די אלע (וועלכע מען האט פריער אויסגערעכנט) מעג ער געבן (שמיטה־געלד) אלס מתנה בחינם. באצאלן זיי פאר די ארבייטן טאר מען ניט; אבער ווען מען זאגט ניט אז מען באצאלט, נאר מען גיט זיי א מתנה בחנם, מעג מען יא.

ו. תאנים, פייגן פון שמיטה טאר מען ניט אפהאקן מיט א „מוקצה" (אזא מעסער, מיט וועלכן מען האקט אפ פייגן) נאר מען מעג אפהאקן מיט א „חרבה", א שווערט. מען מוז אויך אין דער ארבייט ביי שמיטה־פרוכטן מאכן א ענדערונג און ניט טאן, ווי מען טוט אין געוויינליכע יארן. למשל ווען מען וויל אפשניידן פייגן פון שמיטה זאל מען ניט שניידן מיט דעם ספעציעלן שנייד־מעסער צו פייגן, נאר מיט א שווערד. אזוי טייטשט דער ר"ש, און עס זענען פאראן אויף דעם פירוש א סך קשיות. דער רמבם טייטשט, אז „קוצין" מיינט ניט „אפהאקן", נאר „אויסשפרייטן פייגן צום טריקענען", „מוקצה" הייסט דער ספעציעלער פלאץ וואו מען שפרייט אויס פייגן צום טריקענען (למשל אין מסכת ביצה פרק ד' משנה ז' „עומד אדם על המוקצה"), און „חרבה" איז ניט דער טייטש „שווערד" (אין אזא פארם מיט א „ה" צום סוף איז אין ערגיץ ניט פאראן דאס ווארט חרב) נאר ווי „חורבה", אין א חורבה, אין אן אפגעלאזן ארט. דער טייטש פון דער משנה איז, לויט דעם רמב"ם, אז פייגן פון שמיטה זאל מען ניט אויסשפרייטן צום טריקענען אין דעם געוויינליכען ארט, אין דעם

זיתים בבד ובקוטב, אבל כותש הוא ומכניס לבודידה. ר׳ שמעון אומר, אף טוחן הוא בבית הבד ומכניס לבודידה.
ז. אין מבשלין ירק של שביעית בשמן של תרומה, שלא יביאנו לידי פסול. ר׳ שמעון מתיר. ואחרון אחרון נתפש בשביעית. והפרי עצמו אסור.
ח. אין לוקחים עבדים וקרקעות ובהמה טמאה מדמי שביעית, ואם

---

„מוקצה״, נאָר אין אן אָפּגעלאָזן אָרט, וואו אין געוויינליכע יאָרן טריקנט מען ניט, אין דורכין, מען טאָר ניט אויספּרעסן (וויין פון שמיטה) וויינטרויבן אין וויינקעלטער (וואו ס׳איז דער שטייגער אויסצופּרעסן די וויינטרויבן), אָבער מען מעג אויספּרעסן אין א מילטער (עריבה). אויך דאָ איז דער טעם, ווייל די ארבייט ביי שמיטה־פּרוכטן דארף זיין דורך א שינוי, אן ענדערונג, אנדערש ווי מען טוט אלע יאָרן; אין א מילטער, וואו מען קנעט טייג, פּרעסט מען ניט וויינטרויבען, דעריבער מעג מען. ואין עושין, און מען מאכט ניט (מען קוועטשט ניט אויס אייל) פון שמיטה־איילבירטן אין אן אייל־קעלטער און מיט א קלאָץ (קוטב), אָבער מען מעג זיי (צוערשט) צעשטויסן און דערנאָך זיי אריינברענגען אין א קליינעם אייל־קעלטער (בודידה). „עושין״ טייטשט דער „תוספות יום טוב״ „קוועטשן״, פון פסוק אין יחזקאל כ״ג „ושם עשו״. „קוטב״ טייטשט דער ר״ש, דער „אייל־קעלטער־קלאָץ״, וועלכן מען לייגט ארויף אויף די איילבירטן; דער רמבם טייטשט „קוטב״ א קליינער אייל־קעלטער. „בודידה״ טייטשט דער ברטנורא א „קליינער אייל־קעלטער, אזוי ווי א מילטער. ר׳ שמעון זאָגט, אז מען מעג אויך צעמאָלן (די שמיטה־איילבירטן) אין אייל־קעלטער (אָבער אויסקוועטשן דאָרט דעם אייל טאָר מען ניט, נאָר) מען ברענגט זיי אריין אין דעם קליינעם אייל־קעלטער (און דאָ קוועטשט מען אויס דעם אייל). ווייל ר׳ שמעון האלט, אז עס הייסט געוויינליכן אָרט, אין דעם אייל־קעלטער.

ז. אין מבשלין, מען טאָר ניט קאָכן גרינס פון שמיטה אין אייל פון תרומה, כדי מען זאָל עס ניט ברענגען צו ווערן פסול (ניט טאָרן עס עסן). דער דין איז, אז אויב תרומה ווערט טמא טאָר מען איר ניט עסן און מען דארף איר פארברענען. עס איז דעריבער מורא צו האָבן, טאָמער וועט א טמא־זאך אָנרירן דאָס שמיטה־גרינס וואָס איז געקאָכט געוואָרן אין תרומה־אייל, און עס וועט טמא ווערן, און ווייל מען וועט דאָך עס ניט טאָרן עסן צוליב דעם תרומה אייל, וועט מען אויך דאָס שמיטה־גרינס ניט קאָנען עסן (עס וועט ווערן פסול, ניט טויגבאר צום עסן), און מען טאָר דאָך ניט פארניכטן קיין שמיטה־פּרוכטן. דעריבער טאָר מען ניט קאָכן שמיטה־גרינס אין תרומה־אייל, ר׳ שמעון איז מתיר (צו קאָכן). ווייל ר׳ שמעון האלט אויך אין אנדערע ווערטער (אין זבחים פּרק ח׳ משנה ג׳), אז מען מעג דערפירן הייליקע עסנווארג אז זיי זאָלן ווערן פסול, ניט־טויגבאר צום עסן. ואחרון, און די סאמע לעצטע (פּרוכט) ווערט אָנגענומען אלס שמיטה־פּרוכט, און די (ערשטע) פּרוכט אליין איז אסור. דאָ לערנט די משנה דעם דין, וועלכן מיר האָבן געגעבן פריער אין אונזער הקדמה צום פּרק ז׳. דאָס איז דער דין, אז אויב איינער האָט פארקויפט שמיטה־פּרוכטן, למשל ווייץ, און ער האָט באקומען דערפאר פליישׁ, און ער האָט פארקויפט דאָס פליישׁ און באקומען דערפאר געלד, און פאר דעם געלד האָט ער געקויפט ארבעס, האָבן די מיטלסטע זאכן, דאָס פליישׁ און דאָס געלט, ניט דעם דין פון שמיטה־פּרוכטן, אָבער דער סאמע לעצטער, די ארבעס, האָבן יאָ דעם דין פון שמיטה־פּרוכטן. דערביי איז דער דין, אז די ערשטע שמיטה־פּרוכט, דער ווייץ, בלייבט שטענדיק שמיטה־פּרוכטן. „אסור״ מיינט דאָ מען טאָר עס ניט עסן ניט לויט די דינים פון שמיטה.

ח. אין, מען טאָר ניט קויפן פאר שמיטה־געלט שקלאַפן אָדער פעלדער (ניט־באוועגליכע זאכן) אָדער א בהמה טמאה (וואָס מען טאָר ניט עסן); און אויב מען האָט

**לקח יאכל כנגדן. אין מביאין קיני זבים וקיני זבות וקיני יולדות מדמי שביעית ואם הביא יאכל כנגדן. אין סכין כלים בשמן של שביעית. ואם סך יאכל כנגדו.**

**ט. עור שסכו בשמן של שביעית. ר׳ אליעזר אומר ידלק, וחכמים אומרים, יאכל כנגדו. אָמרו לפני ר׳ עקיבא, אומר היה ר׳ אליעזר, עור שסכו בשמן של שביעית ידלק. אָמר להם, שתוקו, לא אומר לכם מה שר׳ אליעזר אומר בו.**

**י. ועוד אָמרו לפניו, אומר היה ר׳ אליעזר, האוכל פת כותים כאוכל בשר חזיר. אָמר להם, שתוקו, לא אומר לכם מה שר׳ אליעזר אומר בו.**

---

געקויפט זאָל מען עסן קייגן זיי. **אויב מען האָט געקויפט די דאָזיקע זאַכן פאַר שמיטה־געלט, מוז מען פאַר אַזאַ סומע געלט, וויפיל זיי האָבן געקאָסט, קויפן מאכלים און זיי** עסן לויט די דינים פון שמיטה. אין מביאין, מען טאָר פון שמיטה־געלט ניט (קויפן און) ברענגען (אין בית המקדש מקריב צו זיין) טויבן־קרבנות פון אַ זב, אָדער אַ זבה אָדער פון אַ קימפּעטאָרין; און אויב מען האָט יאָ געבראַכט זאָל מען עסן קייגן זיי. **אַ „זב״ הייסט איינער, וואָס עס רינט פון אים אַ קרענקליכע פליסיקייט; אַ „זבה״ הייסט אַ פרוי פון וועלכער ס׳רינט אַ קרענקליכע פליסיקייט. ווען זיי ווערן ריין דאַרפן זיי ברענגען אין בית המקדש אַ קרבן פון צוויי טויבן, און דאָס הייסט „קן״, אַ „נעסט פון צוויי טויבן״. דאָס זעלבע איז אויך אַ קימפּעטאָרין מחויב צו ברענגען אין בית המקדש אַ קרבן פון צוויי טויבן, אַ „קן״. זאָגט די משנה, אַז די דאָזיקע קרבנות טאָר מען ניט ברענגען פון שמיטה־געלט. אויב מען האָט יאָ געבראַכט, איז דער דין, אַז מען דאַרף פאַר אַזוי פיל געלט, וויפיל די קרבנות האָבן געקאָסט, קויפן מאכלים און זיי עסן לויט די דינים** פון שמיטה־פּרוכטען. אין סכין, מען טאָר ניט שמירן כלים מיט אייל פון שמיטה, און אויב מען האָט יאָ געשמירט זאָל מען עסן קייגן אים. **דאָס וואָס פריער אין דער משנה ב׳ ווערט געלערנט, אַז מען מעג שמירן מיט שמיטה־אייל, מיינט מען שמירן דעם קערפּער פון מענטש; אָבער זאַכן טאָר מען ניט שמירן, און אויב מען האָט יאָ געשמירט זאָל מען פאַר אַזוי פיל געלט, וויפיל דער אייל האָט באַטראָפן, קויפן מאכלים און זיי עסען לויט די דינים פון שמיטה־פּרוכטן.**

ט. עור, אַ פעל, וואָס מען האָט געשמירט מיט אייל פון שמיטה, זאָגט ר׳ אליעזר, אַז מען זאָל (די פעל) פאַרברענען, און די חכמים זאָגן, אַז מען זאָל עסן קייגן אים. **די מפרשים זאָגן, אַז מען מיינט ניט דווקא פעל נאָר אויך אַלע אַנדערע זאַכן, און ר׳ אליעזר האַלט ניט פון דעם דין פריער אין משנה ח׳, אַז מען „זאָל עסן קייגן דעם אייל״, און ער האַלט, אַז מען דאַרף אַזעלכע געשמירטע זאַכן פאַרברענען.** אָמרו, מען האָט געזאָגט פאַר ר׳ עקיבא, אַז ר׳ אליעזר האָט געזאָגט, דאָס אַ פעל וואָס מען האָט געשמירט מיט אייל פון שמיטה דאַרף מען פאַרברענען; האָט ער (ר׳ עקיבא) צו זיי געזאָגט.: שווייגט, איך וועל אייך ניט זאָגן, וואָס ר׳ אליעזר האָט געזאָגט וועגן דעם. **דער ירושלמי ברענגט צוויי מיינונגען, איין מיינונג איז, אַז ר׳ אליעזר האָט געזאָלט זאָגן, אַז די ביינער פון דאָזיקן מענטש, וואָס האָט געשמירט, זאָלן פאַרברענט ווערן. די אַנדערע מיינונג איז, אַז ר׳ אליעזר האָט גאָר איינגאַנצן מיקל געווען און מתיר געמאַכט בכלל צו שמירן כלים מיט אייל פון שמיטה.**

י. ועוד, און נאָך האָט מען געזאָגט פאַר אים (פאַר ר׳ עקיבא), אַז ר׳ אליעזר האָט געזאָגט, אַז ווער עס עסט ברויט פון אַ כותי, איז אַזוי ווי ער וואָלט געגעסן פליש פון אַ חזיר; האָט ער (ר׳ עקיבא) זיי געזאָגט: שווייגט, איך וועל אייך ניט זאָגן, וואָס ר׳ אליעזר האָט געזאָגט וועגן דעם. **מיר האָבן שוין געשריבן אין ברכות פרק ז׳ משנה א׳ און ברכות פרק ח׳ משנה ח׳, אַז „כותים״ הייסן די שומרונים. די האַלב־יידישע סעקטע, וואָס האַלטן פון תורת משה, פון חומש, אָבער זיי האַלטן ניט פון די נביאים**

יא. מרחץ שהוסקה בתבן או בקש של שביעית מותר לרחוץ בה. ואם מתחשב הוא הרי זה לא ירחץ.

## פרק ט.

א. הפיגם, והירבוזין השוטים, והחלגלונות, כוסבר שבהרים והכרפס שבנהרות והגרגר של אפר פטורין מן המעשרות, ונלקחים מכל אדם בשביעית, שאין כיוצא בהם נשמר. ר׳ יהודה אומר, ספיחי חרדל מותרין, שלא נחשדו עליהן עוברי עבירה. ר׳ שמעון אומר, כל הספיחין מותרין,

---

וכתובים; זיי האלטן אז דער בית המקדש דארף ניט זיין אין ירושלים, נאר אויפן בארג גריזים. זיי זענען נזהר געווען אין א סך מצוות, און טייל תנאים האבן זיי באטראכט פאר יידן און געזאגט, אז מען מעג עסן זייער ברויט און עס הייסט ניט קיין גויאיש ברויט (פת עכום). ערשט שפעטער האט מען זיי דערקלערט אינגאנצן אלס ניט־יידן. ר׳ עקיבא האט ניט געוואלט אויסזאגן, וואס ר׳ אליעזר האט געהאלטן וועגן ברויט פון א כותי, און איין מיינונג אין ירושלמי איז פאראן, אז ר׳ אליעזר האט מתיר געמאכט צו עסן כותי־ברויט.

יא. מרחץ, א באד, וואס מען האט איינגעהייצט מיט זאנגן־שטרוי אדער שטרוי פון שמיטה מעג מען זיך באדן אין אים. תוספות שבת ל״ו זאגט, אז ״תבן״ הייסט דאס שטרוי וואס ווערט אפגעשניטן מיט די תבואה, דאס זאנגן־שטרוי, און אז ״קש״ הייסט דאס שטרוי, וואס בלייבט ביי דער ערד, און שפעטער ווערט עס אראפגענומען. די מפרשים זאגן, אז כאטש ווייטער אין פרק ט׳ משנה ז׳ ווערט געזאגט, אז מען טאר ניט פארברענען קיין שטרוי פון שמיטה, אבער אויב מען האט יא איינגעהייצט, בדיעבד, מעג מען זיך באדן. ואם, און אויב אבער דער וואס וויל זיך באדן איז א חשובער מענטש, זאל ער זיך ניט באדן, ווייל מענטשן קאנען זיך אפלערנען פון אים און נאכמער מיקל זיין.

## פרק ט.

א. הפיגם, ראוט־קרויט, והירבוזין השוטים, און ווילדער שפאראג, והחלגלוגות, און בארצל־קרויט, כוסבר שבהרים, קאריאנדער (אזא געווערץ) וואס וואקסט (ווילד) אין די בערג, והכרפס שבנהרות, און פעטרושקע וואס וואקסט (ווילד) ביי די טייכן, והגרגר, בעריס (יאגדעס, טייל טייטשן ״ראוקע״) וואס וואקסט ווילד אויף דער לאנקע (אפר, גראז־פעלד) זענען פטור פון מעשרות. פון די אלע געוויקסן דארף מען ניט אראפ־נעמען קיין מעשרות, ווייל זיי וואקסן הפקר׳דיק, און יעדער קאן זיי נעמען, און הפקר איז פטור פון מעשרות. ונלקחין, און מען מעג זיי קויפן פון יעדן מענטש אים שמיטה. אנדערע געוויקסן טאר מען ניט קויפן פון יעדן מענטש אים שמיטה, מחמת טאמער איז דער פארקויפער ניט אפגעהיטן אין די שמיטה־דינים און ער לייגט אוועק אין הויז צו באהאלטן אויף שפעטער שמיטה־פרוכטן, דאס הייסט ״נשמר״, באהאלטענע פרוכטן, און אזעלכע פרוכטן טאר מען ניט עסן. אבער די געוויקסן, וואס ווערן דא אויסגערעכנט אין דער משנה, זענען ניט חשוב און קיינער באהאלט זיי ניט. שאין, ווייל אזעלכע (גע־וויקסן) ווי זיי ווערן ניט באהאלטן. דאס איז דער טעם וואס די משנה גיט, פארוואס מען מעג זיי קויפן ביי יעדן איינעם אים שמיטה. ר׳ יהודה זאגט, אז ווידערוואקסונגען פון זענעפט (גארטשיצע) מעג מען (קויפן און עסן אים שמיטה) ווייל די וואס זענען עובר אויף דער עבירה (פון שמיטה) זענען ניט חשוד אויף זיי (אז זיי זאלן באהאלטן זענעפט, מחמת עס איז ניט חשוב און מען באהאלט עס ניט). מיט ״ספיחין״ מיינט מען ״גע־וויקסן, וועלכע וואקסן פון זיך אליין״, און וועלכע מען האט ניט פארזייט. למשל ווען איינער שניידט אפ די ווייץ אין פעלד, און פארזייט ניט מער אין פעלד דעם צווייטן יאר, אבער ווייל אין דעם פעלד זענען געבליבן אראפגעפאלענע ווייץ־קערנדלעך פון די זאנגען פון פריערדיקן יאר, זענען די קערנדלעך אליין אויפגעגאנגען און פון זיי זענען

**חוץ מספיחי כרוב, שאין כיוצא בהם בירקות שדה. וחכמים אומרים, כל הספיחין אֲסורין.**

**ב. שלש ארצות לביעור: יהודה, ועבר הירדן, והגליל. ושלש שלש**

עס דעם איצטיקן יאָר ארויסגעוואקסן תבואה־זאנגען. דאָס הייסט „ספיחין", דאָס וואָרט איז פאראן אין חומש (ויקרא כ"ה „את ספיח קצירך"). ר' שמעון זאָגט, אז ווידערוואקסונגען (ספיחין) פון אלע פרוכטן מעג מען (קויפן און עסן אים שמיטה), א חוץ פון ווידערוואקסונגען פון קרויט, ווייל אזעלכע ווי זיי (ווי קרויט־ספיחין) זענען ניט פאראן אין די פעלד־גרינסן. זיי וואקסן נור ווען מען פארזייט זיי, און ניט סתם, הפקר, אין פעלד, און דעריבער איז אָנצונעמען, אז די וואָס היטן ניט אָפּ די שמיטה־דינים באהאלטן זיי יאָ. וחכמים, און די חכמים זאָגן, אז אלע ווידערוואקסונגען זענען אסור. די חכמים האָבן גוזר געווען בכלל, אז מען טאָר אים שמיטה־יאָר ניט עסן קיינע ווידערוואקסונגען (ספיחין) פון תבואות און גרינסן, כאָטש מען האָט זיי ניט באַ־ארבייט אים שמיטה און זיי זענען געוואקסן פון זיך אליין. דער טעם איז, ווייל מען האָט מורא געהאט, טאָמער וועלן די וואָס זענען ניט אָפּגעהיטן אין שמיטה־דינים, פארזייען ביי זיך אין גאָרטן די תבואות און גרינסן און ווען זיי וועלן אויפוואקסן וועלן זיי פארקויפן אין מארק און זאָגן, אז דאָס זענען ספיחין, ווידערוואקסונגען. אָבער עס זענען פאראן טייל ספיחים־געוויקסן, וואָס מען האָט יאָ מתיר געמאכט, למשל, פרוכטן פון ביימער, ווייל מען קאָן דאָך ניט פארזייען א בוים אים שמיטה־יאָר און ער זאָל געבן אין זעלבן יאָר פרוכטן.

ב. שלש, דריי לענדער זענען (פאָררעכנט פאר באזונדערע לענדער אין ארץ ישראל בנוגע) דעם דין פון ביעור. מיר האָבן שוין עטליכע מאָל געזאָגט, וואָס מיינט „ביעור", אויסרוימען. דאָס איז די מצוה, וואָס די תורה האָט אָנגעזאָגט אין שמות כ"ג און ויקרא כ"ה, אז אים שמיטה־יאָר זענען אלע געוויקסן הפקר, און יעדער קאָן זיי נעמען און עסן; און ניט נאָר זענען זיי הפקר פאר מענטשן נאָר אויך פאר בהמות און חיות אין פעלד. אויב איינער האָט גענומען אין שטוב אריין געוויקסן מער ווי ער האָט געקאָנט פארנוצן, און דערווייל איז אָנגעקומען א צייט, ווען דער דאָזיקער גע־וויקס, וואָס מען האָט אין שטוב, לאָמיר זאָגן, פייגן, איז שוין ניטאָ אין פעלד, און די חיה פון פעלד האָט ניט דאָרט צו עסן קיין פייגן, דאַרף מען די פייגן פון שטוב ארויסרוימען אין פעלד אריין, דאָס הייסט, אז עס איז אָנגעקומען פאר פייגן דער „זמן ביעור", די „צייט פון אויסרוימען". לאָמיר עס גוט באמערקן. אויב למשל, פייגן זענען שוין ניט פאראן אין פעלד, אָבער עס זענען פאראן אין פעלד מילגרוימען, דאַרף מען ארויסרוימען פון שטוב אין פעלד אריין נאָר די פייגן; אָבער די מילגרוימען קאָן מען יאָ האלטען ביז עס וועט אויספעלן אין פעלד מילגרוימען, און דעמאָלס ערשט וועט זיין די „צייט פון ביעור" פאר מילגרוימען. איצט איז די פראגע; ארץ ישראל איז דאָך א גרעסער לאנד, צי אויב ערגיץ אין ארץ ישראל, למשל, אין צפון טייל פון לאנד האָט ניט אויסגעפעלט פייגן אין פעלד, אָבער אין דרום טייל פון לאנד איז שוין ניטאָ אין פעלד קיין פייגן, צי מעג מען אויך אין דרום האלטן די פייגן אין שטוב, מחמת אין צפון טייל פון לאנד זענען נאָך יאָ פאראן פייגן אין פעלד? דעריוף זאָגט די משנה, אז גאנץ ארץ ישראל האָט מען קודם כל איינגעטיילט, בנוגע דער „צייט פון ביעור" אין דריי באזונדערע לענדער. אויב אין איינעם פון די לענדערלעך איז יאָ פאראן פייגן ערגיץ אויף די ביימער, מעג מען אין דאָזיקן לענדל אומעטום האלטן פייגן אין שטוב, און עס הייסט, אז עס איז נאָכניט אָנגעקומען די צייט פון ביעור. אָבער אין די אנדערע לענדלעך, אויב דאָרט איז קיין פייגן אין פעלד מער ניטאָ (כאָטש אין יענעם ערשטען לענדל איז יאָ פאראן) מוז מען שוין יאָ מבער זיין פון שטוב אין פעלד אריין, די דאָזיקע דריי לענדער זענען: יהודה, און עבר הירדן און דער גליל.

**ארצות לכל אחת ואחת: גליל העליון, וגליל התחתון, והעמק, מכפר חנניה ולמעלן, כל שאינו מגדל שקמין, גליל העליון. ומכפר חנניה ולמטן כל שהוא מגדל שקמין, גליל התחתון. ותחום טבריא-העמק. וביהודה — ההר והשפלה והעמק, ושפלת לוד כשפלת הדרום, וההר שלה כהר המלך. מבית חורון ועד הים — מדינה אחת.**

---

„יהודה" הייסט דער דרום טייל פון ארץ ישראל; „גליל" הייסט דער צפון־טייל פון ארץ ישראל; וועגן עבר הירדן, ,יענער זייט פון טייך ירדן", זענען די מפרשים מחולק וואָס מען מיינט דאָ דערמיט. געוויינטליך, מיינט מען כמעט אומעטום מיט „עבר הירדן", דאָס לאנד, וואָס ליגט אין יענער זייט פון טייך ירדן, און דער טייך ירדן איז מפסיק צווישן ארץ ישראל און דעם דאָזיקן עבר־הירדן־לאנד. אָבער דאָ איז שווער צו זאָגן, אז מען זאָל מיינען די דאָזיקע „יענע זייט פון ירדן", מחמת מען האלט, אז דאָס דאָזיקע לאנד האָט ניט דעם דין פון ארץ ישראל בנוגע שמיטה. דעריבער מיינען טייל מפרשים אז ס'איז דאָס לאנד, וואָס ליגט ביים ירדן אויף דער ארץ ישראל זייט. אָבער פון ירושלמי איז צו זען אז מען מיינט טאקע יענע זייט פון ירדן. איצט זאָגט די משנה, ושלש שלש, אָבער אויך יעדעס לאנד פון די דאָזיקע דריי (יהודה, עבר הירדן און גליל) איז ווידער איינגעטיילט (בנוגע ביעור) אין דריי לענדלעך (טיילן). דאָס הייסט, אז אויב עס קומט די צייט פון ביעור, למשל, אין איינעם פון די דאָזיקע לענדלעך פון יהודה, הייסט עס ניט, אז די ביעור־צייט איז אויך אָנגעקומען אין די אנדערע צוויי לענדלעך פון יהודה, אויב אין די אנדערע צוויי לענדלעך איז נאָך פאראן פון דער פרוכט אין פעלד. און דאָסזעלבע איז אויך אין גליל און עבר הירדן. די משנה רעכנט דאָ אויס צוערשט די דריי לענדלעך אין גליל, און זאָגט: גליל העליון, דער אויבערשטער טייל (צפון־טייל) פון גליל, וגליל התחתון, און דער אונטערשטער טייל (דרום טייל) פון גליל, והעמק, און דער טאָל. דאָס זענען די דריי לענדלעך אין וועלכע דער גליל איז איינגעטיילט. איצט גיט די משנה געאָגראפישע סימנים, וואו עס געפינט זיך יעדע פון די דאָזיקע דריי גליל־לענדלעך. מכפר חנניה, פון כפר חנניה (א שטאָט אין גליל) און ארויף־צו (צו צפון), וואו עס וואקסן ניט קיין סיקאמאָר־ביימער, הייסט „גליל העליון"; און פון כפר חנניה און אראָפּ־צו (צו דרום) הייסט „גליל התחתון"; און די געגנט (תחום) פון טבריה הייסט דער „עמק" (דער טאָל). איצט גיט די משנה וועגן די דריי לענדלעך אין יהודה, און דאָס זענען: ההר, דער בארג (דאָס הייסט די בארגיקע געגנט פון לאנד), שפלה, די פלאכע געגנט (פון לאנד), והעמק, און דער טאָל. דאָס זענען די דריי לענד־לעך פון יהודה. איצט זאָגט די משנה: ושפלת הלוד, און די פלאכע געגנט ארום דער שטאָט לוד, איז אזוי ווי די „שפלת הדרום", ווי די פלאכע געגענט פון דרום, וההר שלה, און איר בארג, כהר המלך, איז אזוי ווי דער הר המלך (דער בארג פון קעניג), מבית חורון ועד הים, פון דער שטאָט בית חורין און ביז צום ים, מדינה אחת, רעכנט זיך פאַר איין מדינה. וועגן דער דאָזיקער משנה זענען געשריבן געוואָרן א סך חקירות און פירושים, כדי צו דערגיין קודם כל, וואו אין ארץ ישראל האָבן זיך געפינען די אלע ערטער. עס איז שווער אויך די קשיא, פארוואָס רעכנט ניט די משנה די דריי לענדלעך פון עבר הירדן, ווען מען נעמט אָן דעם טייטש פון ירושלמי, אז דאָס מיינט מען דאָס לאנד אין יענער זייט פון ירדן? דער ברטנורא וויל האָבן, אז די לעצטע ווערטער פון דער משנה פון „ושפלת הלוד" ביז צו „מדינה אחת", איז טאקע די איינ־טיילונג פון די דריי לענדער פון עבר הירדן, און אז עבר הירדן מיינט מען ניט, ,יענע זייט פון ירדן", נאָר די ארץ ישראל'דיגע זייט פון ירדן. אָבער דער פירוש פון ברטנורא איז שווער, ווייל מיר ווייסן דאָך, אז די געגענט פון דער שטאָט לוד געפינט זיך ניט אין דער געגענט פון טייך ירדן, נאָר אין מערב פון יהודה, שוין נאָנט צום

ג. ולמה אָמרו שלש ארצות? שיהיו אוכלין בכל אחת ואחת עד שיכלה האחרון שבה. ר׳ שמעון אומר, לא אָמרו שלש ארצות אלא ביהודה, ושאר כל הארצות כהר המלך. וכל הארצות כאחת לזיתים ולתמרים.

ד. אוכלין על המופקר, אבל לא על השמור. ר׳ יוסי מתיר אף על השמור. אוכלין על הטפיחין ועל הדופרא, אבל לא על הסתוניות. ר׳

---

מיטלענדישן ים. דער ווילנער גאון זאָגט דעריבער, אז די לעצטע ווערטער פון דער משנה זענען א פירוש צו דער פארטיילונג פון יהודה אין „הר״, און „שפלה״ און „עמק״, און אז דאָס זענען „שפלת הלוד״, „הר המלך״ און די געגענט פון בית חורון.

ג. ולמה, און פארוואָס האָבן זיי (די חכמים) געזאָגט „דריי לענדלעך״? כדי מען זאָל מעגן אין יעדן לענדל עסן (אין שטוב) אזוי לאנג ביז עס וועט פארשווינדן ווערן (פון פעלד) דאָס לעצטע אין אים (אין דאָזיקן לענדל). **אויב אין איין לענדל איז ערגיץ־וואו נאָך פאראן די פרוכט אין פעלד, כאָטש אין די אנדערע לענדלעך איז שוין ניטאָ מעג מען אין דאָזיקן לענדל נאָך עסן אין שטוב און מען דארף נאָכניט ארויסרוימען אין פעלד אריין.** אזוי טייטשט דער ירושלמי; **דער רמבם טייטשט, אז אלע דריי לענדלעך פון יהודה און דאָס זעלבע פון גליל און פון עבר הירדן האָבן דעם דין פון איין לאנד.** ר׳ שמעון זאָגט, אז די חכמים האָבן ניט געזאָגט (ניט איינגעטיילט אין) דריי באזונדערע לענדלעך נאָר וועגן יהודה אליין (נאָר „יהודה״ איז איינגעטיילט אין דריי באזונדערע לענדלעך), אָבער די אנדערע (צוויי) לענדער (גליל און עבר הירדן) האָבן דעם דין ווי דער הר המלך. **דער טעם איז, ווייל די געגענט פון הר המלך (דעם קעניגליכן בארג) איז זייער רייך געווען אין געוויקסן, און דעריבער האָט מען גליל און עבר הירדן צוגעפאסט בנוגע דער צייט פון ביעור צו דער דאָזיקער הר־המלך־געגענט.** וכל, און אלע לענדער הייסן איין לאנד בנוגע איילבירטן און טייטלן. **אויב ערגיץ אין ארץ ישראל, למשל אין יהודה, זענען נאָך פאראן אויף די ביימער איילבירטן אָדער טייטלן, מעג מען אויך אין די אנדערע לענדער פון ארץ ישראל, אין גליל און עבר הירדן, עסן אין שטוב די איילבירטן אָדער טייטלען, און מען דארף ניט זיי ארויסרוימען אין פעלד אריין.**

ד. אוכלין, מען מעג עסן (אין שטוב), ווען עס דערנעהענטערט זיך די צייט פון ביעור אויף די פרוכטן וואָס זענען הפקר, אָבער ניט אויף די פרוכטן וואָס זענען געהיטן (שמור). **אויב אין פעלד זענען פאראן פרוכטן, וועלכע זענען הפקר מעג מען אויך עסן אין שטוב די זעלבע פרוכטן, און מען דארף זיי ניט ארויסרוימען, מבער זיין. אויב אָבער אין פעלד זענען די זעלבע פרוכטן שוין ניטאָ אלס הפקר, נאָר עס זענען פאראן פרוכטן, וואָס ווערן געהיטן, ניט הפקר, קאָן מען שוין אין שטוב ניט עסן,** מוז מען ארויסרוימען פון שטוב. ר׳ יוסי איז מתיר צו עסן אויך ווען עס זענען פאראן געהיטענע פרוכטן. **די מפרשים פרעגן, אויב זיי זענען „געהיטן״, זיי זענען אין שטוב אָדער אין אנדער געהיטן אָרט, ווי אזוי קאָן ר׳ יוסי זאָגן, אז צוליב דעם דארף מען** שוין ניט מבער זיין? **אויב אזוי ווען זשע דארף מען יאָ מבער זיין? דער רמבם אין „יד החזקה״** טייטשט די משנה, **אז דאָס מיינט מען, אויב ביי איינעם אין הויף וואקסן אויף א בוים פרוכטן און זיי זיינען ניט אפגעריסן, האלט ר׳ יוסי, אז אויפן חשבון פון דאָזיקן בוים, וועלכער איז דאָך געהיטן, מעג מען עסן אין שטוב.** אוכלין, מען מעג עסן (אין שטוב) אויב עס זענען פאראן די פרוכטן אין די קריגלעך (טפיחין) אויפן דאך. **די דאָזיקע קריגלעך זענען באשטימט, אז פייגל זאָלן דאָרט קאָנען ארייגלייגן זייערע צונויפגעבראכטע קערנער. דער רמבם טייטשט „טפיחים״ פון וואָרט „טופח״, וואָס** ווערט דערמאָנט אין כלאים פרק א׳ משנה א׳, **און דאָס זענען הארטע, קליינע, שלעכטע קערנער,** און די משנה מיינט צו זאָגן, **אז אויב אין פעלד זענען פאראן שלעכטע**

**יהודה מתיר כל זמן שביכרו עד שלא יכלה הקיץ.**

**ה. הכובש שלשה כבשים בחבית אחת, ר' אליעזר אומר, אוכלין על הראשון. ר' יהושע אומר, אף על האחרון. רבן גמליאל אומר, כל שכלה מינו מן השדה יבער מינו מן החבית. (והלכה כדבריו). ר' שמעון אומר, כל ירק אחד לביעור. אוכלין ברגילה עד שיכלו סגריות בבקעת בית נטופה.**

פרוכטן („טפיחין" איז א סימבאָל־וואָרט פאר א שלעכטן מין פרוכטן) מעג מען אין שטוב עסן אויך גוטע פרוכטן. ועל הדופרא אויף דעם חשבון פון א צוויי־מאָל־אין־יאָר פרוכט־בוים. דופרא הייסט א בוים, וואָס גיט־ארויס פרוכטן צוויי מאָל אין יאָר, און אויב עס איז נאָך פאראן אין פעלד פון די לעצטע סעזאָן־פרוכטן, מעג מען אין שטוב עסן אויך די פרוכטן פון ערשטן סעזאָן. אבל, אָבער מען טאָרניט עסן אויף דעם חשבון פון ווינטער־וויינטרויבן. וויינטרויבן ווערן צייטיק אין ארץ ישראל ארום דעם חודש אָב, אָבער עס איז פאראן אין ארץ ישראל א שלעכטער מין וויינטרויבן, וועלכער שטייט אויפן וויינשטאָק ביז אין ווינטער אריין, און זיי הייסן „סתוניות", ווינטערדיקע (פון „סתו", „ווינטער"). זאָגט די משנה, אז אויב אויף דיביימער זענען געוויינטליכע וויינטרויבן ניט פאראן, אָבער עס זענען פאראן די ווינטערדיקע, טאָר מען אין שטוב ניט עסן, ווייל די ווינטערדיקע הייסן אן אנדער מין פרוכט. ר' יהודה איז מתיר (צו עסן אויף דעם חשבון פון די ווינטערדיקע) אויב זיי האָבן אָנגעהויבן פארטיק ווערן (בכרו) איידער עס האָט זיך געענדיקט דער זומער. מחמת דעמאָלס הייסט עס, אז זיי זענען פון זעלבן מין, און די חיה האָט אין פעלד צו עסן דעמזעלבן מין וויינטרויבן.

ה. הכובש, אז איינער לייגט־איין דריי מינים איינלעגעכצן (דריי מינים גרינסן) אין איין פאס (אין עסיק, כדי די גרינסן זאָלן זיך האלטן), זאָגט ר' אליעזר אז מען מעג זיי עסן נאָר אויפן חשבון פון ערשטן. דאָס הייסט אויב איין מין גרינס פון די איינגעלייגטע איז אים שמיטה פארשווינדן געוואָרן פון פעלד, טאָר מען שוין ניט עסן אלע דריי גרינסן, און מען דארף זיי אלע אויסרוימען, מבער זיין; מחמת דער איינער גרינס האָט אריינגעגעבן טעם אויך אין די אנדערע צוויי גרינסן, און זיי האָבן דעם דין פון דעם דאָזיקן איינעם גרינס. ר' יהושע זאָגט, אז מען מעג עסן אויך אויפן לעצטן. אפילו ווען צוויי גרינסן פון די דריי איינגעלייגטע זענען פארשווינדן געוואָרן פון פעלד, און דער דריטער, דער לעצטער, איז ניט פארשווינדן געוואָרן, מעג מען אלע דריי גרינסן עסן אויפן חשבון פון דעם דריטן. דער „תפארת ישראל" זאָגט, אז ר' יהושע האלט, דאָס מבער זיין דארף מען נור ווען דער גרינס איז באזונדער, אָבער אויב ער איז אויסגעמישט מיט אן אנדערן גרינס, וועלכער איז נאָכניט פארשווינדן, הייסט עס, ווי בײדע זענען נאָכניט פארשווינדן. ר' גמליאל זאָגט, אז דאָס גרינס וואָס זיין מין איז פארשווינדן געוואָרן פון פעלד דארף מען אויסרוימען זיין מין פון פאס; און די הלכה איז ווי זיינע (ר' גמליאל'ס) ווערטער. לויט ר' גמליאל קומט אויס, אז ווען א גרינס פארשווינדעט פון פעלד דארף מען דאָס דאָזיקע גרינס ארויסנעמען פון פאס און מבער זיין; אָבער די אנדערע צוויי גרינסן, אויב זיי זענען נאָכניט פארשווינדן פון פעלד, דארף מען ניט ארויסרוימען פון פאס. ר' שמעון זאָגט, אז אלע גרינוואַרג זענען ווי איינס בנוגע ביעור. דער טייטש איז, אז ניט דוקא ביי איינגעלייגטע גרינסן, נאָר בכלל אויב עס איז פאראן אין פעלד איין מין גרינס, מעג מען עסן אין שטוב אלע מינים גרינסן, אפילו די וואָס זענען שוין פארשווינדן געוואָרן פון פעלד, מחמת אלע גרינסן ווערן פאררעכנט, בנוגע דעם דין פון ביעור, ווי איין מין. אוכלין ברגילה, מען מעג עסן פארטולאק (אזא גרינס, טייל מיינען, אז עס איז דאָסזעלבע וואָס חלגלוגות פון משנה א', בארצל־קרויט) ביז עס ווערט פארשווינדן דער מין סגריות־פארטולאַק אין דעם טאָל פון בית נטופה. פארטולאק איז א גרינס, וואָס האָט א סך פייכטקייט און

**ו. המלקט עשבים לחים, עד שייבש המתוק; והמגבב ביבש, עד שתרד רביעה שניה. עלי קנים ועלי גפנים, עד שישרו מאֲביהן; והמגבב ביבש, עד שתרד רביעה שניה. ר׳ עקיבא אומר, בכולן עד שתרד רביעה שניה.**

**ז. כיוצא בו, המשכיר בית לחברו עד הגשמים, עד שתרד רביעה שניה. המודר הנאה מחברו עד הגשמים, עד שתרד רביעה שניה. עד**

וואקסט אממערסטן אין פייכטע ערטער, און ווייל דער טאָל פון בית נטופה (אן אָרט אין גליל) איז פייכט, געפינט מען דעם פארטולאק דאָרט אמלענגסטן. דעריבער מעג מען אומעטום עסן פארטולאק אין שטוב ביז ער פארשווינדט פון בית־נטופה־טאָל, און ממילא איז מען שוין זיכער אז ער איז אין ערגיץ מער ניטאָ אין פעלד. וואָס מען מיינט „סגריות״, איז ניט קלאָר, טייל מיינען, אז דאָס איז אזא סאָרט פארטולאק, וועלכער ווערט ניט געזען לייכט, ווייל ער באהאלט זיך (פון „סגור״, פארשלאָסן) אין דער ערד. טייל זענען גורס „סנדיות״ און מיינען, אז דאָס איז א סאָרט „ארטושאָק״.

ו. המלקט, אז איינער רייסט אראָפּ (פון פעלד, אים שמיטה) פייכטע גראָזן (מעג ער עסן אין שטוב די גראָזן) ביז עס ווערט טריקן דער זיסער. מחמת, דעמאָלס, ווען דער „זיסער ווערט טריקן״ געפינען זיך שוין ניט מער אין פעלד קיין פייכטע גראָזן און דעריבער מוז מען דעמאָלס מבער זיין די פייכטע גראָזן פון שטוב אין פעלד אריין. מיט „גראָזן״ מיינט מען בכלל בלעטער, וועלכע זענען גוט צום עסן, נאָר מען באַ־ארבייט זיי ניט און זיי וואקסן ווילד אין פעלד. דעם אויסדרוק „דער זיסער ווערט טרוקן״ האָבן מיר שוין געהאט פריער אין פרק ג׳ משנה א׳, און מיר האָבן דאָרט גע־געבן די פארשידענע טייטשן פון די מפרשים. איינער פון זיי איז, ווען עס ווערן טריקן די פייכטע שפּאלטן אין דער ערד. המגבב ביבש, אז איינער נעמט צונויף (מגבב) פון פעלד טריקענע (גראָזן, אויך צום עסן), מעג ער עסן אין שטוב די גראָזן ביז עס גייט אראָפּ דער רעגן פון דער צווייטער רעגן־צייט (רביעה). מחמת דעמאָלס ווערן שוין נאס די פעלדער און די טרוקענע גראָזן פארשווינדן פון די פעלדער, און דערי־בער מוז מען ארויסרוימען די גראָזן פון שטוב אין פעלד אריין. מיר האָבן אין מסכת פאה פרק ח׳ משנה א׳ דערקלערט, וואָס מען מיינט „רביעה שנייה״, די צווייטע רעגנס־צייט, וואָס הויבט זיך אָן דעם 23טן טאָג אין חשון. עלי קנים, בלעטער פון שטעקעלעך, ועלי גפנים, און בלעטער פון ווינשטאָקן (קאָן מען האלטן אין שטוב) ביז זיי פאלן אראָפּ פון זייערע צווייגן (אין פעלד, פון די ביימער). דער רמבם זאָגט, אז מען מיינט דאָ פייכטע בלעטער, וואָס מען קאָן עסן, און דער רמבם, אויפן יסוד פון ירושלמי איז גורס „עלי גפנים״, „בלעטער פון ווינשטאָקן״, און ניט „עלי קנים״. והמגבב ביבש, אויב מען נעמט צונויף (די זעלבע בלעטער פון ווינשטאָקן) טריקענע, מעג מען זיי האלטן אין שטוב ביז עס גייט אראָפּ דער רעגן פון דער צווייטער רעגנס־צייט; ר׳ ר׳ עקיבא זאָגט, אז ביי אלע (סיי ביי די פייכטע און סיי ביי די טרוקענע) איז די צייט ביז עס גייט אראָפּ דעררעגןאיןדער צווייטער רעגן־צייט. מחמת ווען עס קומט אָן דער דאָזיקער רעגן ווערן אלע בלעטער צעטרעטן און פארניכטעט, און די חיה אין פעלד האָט שוין גאָרניט פון די בלעטער.

ז. כיוצא בו, אזוי איז אויך דער דין, אז איינער פארדינגט א הויז צו אן אנדערן ביז די רעגנס, מיינט עס, ביז עס גייט אראָפּ דער רעגן פון דער צווייטער רעגנס־צייט (רביעה שנייה). די משנה וויל דאָ לערנען, אז בכלל איז דער עיקר רעגן־צייט דער צווייטער רעגן־סעזאָן, די רביעה שנייה; ניט נור ביי דינים פון ביעור און שמיטה־צייט, נאָר אויך ביי אנדערע דינים. למשל אויב אין אן אפּמאך ביים דינגען א הויז ווערט גע־זאָגט אז די צייט איז ביז די רעגנס, מיינט מען, ביז דעם רעגן פון דער צווייטער רביעה. המודר, אז איינער טוט א נדר ניט הנאה צו האָבן פון זיין פריינט ביז די רעגנס,

**אימתי עניים נכנסין לפרדסות? עד שתרד רביעה שניה. מאימתי נהנין ושורפין בתבן ובקש של שביעית ? משתרד רביעה שניה.**

**ח. מי שהיו לו פירות שביעית והגיע שעת הביעור, מחלק מזון שלש סעודות לכל אחד ואחד, ועניים אוכלין אחר הביעור, אבל לא עשירים, דברי ר׳ יהודה. ר׳ יוסי אומר, אחד עניים ואחד עשירים אוכלין אחר הביעור.**

**ט. מי שהיו לו פירות שביעית שנפלו לו בירושה או שנתנו לו**

---

מיינט עס, ביז עס גייט אראָפּ דער רעגן פון דער צווייטער רעגנס־צייט. **מחמת מענטשן רופן אָן דעם דאָזיקן צווייטן רעגנס־סעזאָן „די רעגנס״, און ניט דעם ערשטן רעגן, די ערשטע רביעה.** עד אימתי, ביז ווען מעגן אָרימע לייט אריינגיין אין די גערטנער (סיי אים שמיטה צו קלייבן די שמיטה־פּרוכטן, סיי אין אנדערע יאָרן צו קלייבן די פּרוכטן, וואָס געהערן צו זיי, ווי לקט, שכחה און פאה)? ביז עס גייט אראָפּ דער רעגן פון דער צווייטער רעגן־צייט. **דער בעל הבית פון די גערטנער האָט ניט קיין רעכט, פאַר דעם רעגן פון דער צווייטער רעגנס־צייט, צו שטערן די אָרימע לייט אריינצוקומען און צו צעטרעטן די ערד; אָבער דערנאָך איז שוין די ערד ווייך און דאָס טרעטן אויף דער ערד קאָן איר ברענגען שאדן, דעריבער קאָן דער בעל הבית שטערן די אָרימע לייט צו קומען אין פעלד.** מאימתי, פון ווען אָן מעג מען הנאה האָבן און ברענען (הייצן, קאָכן) מיט זאנגען־שטרוי (תבן) און שטרוי פון שמיטה? פון זינט עס גייט אראָפּ דער רעגן פון דער צווייטער רעגנס־צייט (אין מוצאי שמיטה, אין 8טן יאָר). **דער ירושלמי גיט דעם טעם, פאַר וואָס ביז דעמאָלס טאָר מען די שטרוי ניט פאַר־ברענען אָדער פאַרנוצן למשל צו קנעטן דערמיט ציגל, ווייל די שטרוי איז גוט צום עסן פאַר בהמות און חיות. אָבער פון דער רעגנס־צייט אָן איז אפילו ווען די שטרוי יואָלט געווען אין פעלד, וואָלט זי שוין געווען געוואָרן נאַס און פאַרפוילט און פאַר־ניכטעט, און וואָלט שוין סיי ווי ניט גוט געווען פאַר די בהמות און חיות, דעריבער מעג מען איר באנוצן אויך צום ברענען. וועגן אונטערשיד צווישן „תבן״ און „קש״ („זאנגען־שטרוי״ און „שטרוי״) האָבן מיר געגעבן פריער אין פרק ח׳ משנה י״א.**

ח. מי, אז איינער האָט שמיטה־פּרוכטן און עס איז אָנגעקומען די צייט פון ביעור, מעג ער צעטיילן (פון די שמיטה־פּרוכטן) שפּייז גענוג אויף דריי סעודות צו יעדן איינעם (פון זיין הויז, פון זיינע פריינט). **דאָס איבעריקע דאַרף ער מבער זיין, ארויסרוימען פון שטוב. דער רמב״ן זאָגט, אז מבער זיין מיינט, אז מען דאַרף ארויס־טראָגן די איבעריקע פּרוכטן פון הויז און זיי דערקלערן פאַר הפקר, און ווער עס וויל זאָל זיי קומען נעמען, און אויך דער בעל הבית מעג נעמען פאַר זיך פון זיי. דער רמבם זאָגט, אז מען דאַרף זיי ארויסרוימען פון דער שטוב און פאַרניכטען און קיינער טאָר פון זיי ניט עסן. מיר וועלן באלד זען וועגן דעם אויך די מחלוקה אין דער משנה:** ועניים, און אָרימע לייט מעגן עסן (די שמיטה־פּרוכטן) נאָך דער צייט פון ביעור, אָבער ניט רייכע לייט, אזוי זאָגט ר׳ יהודה; ר׳ יוסי זאָגט, אז סיי אָרימע לייט, סיי רייכע לייט מעגן עסן נאָך דער צייט פון ביעור. **דער רמבם איז גורס אין ר׳ יוסיס ווערטער ניט „אוכלין״, נאָר „אין אוכלין״, זיי טאָרן ניט עסן, און דעריבער זאָגט דער רמבם, אז מען דאַרף די פּרוכטן פאַרניכטן, ווייל די הלכה איז ווי ר׳ יוסי. לויט ר׳ יהודה מעגן אָרימע לייט יאָ עסן די פּרוכטן אויך נאָך דער ביעור צייט, און די מפרשים טייטשן, אז אן „אָרימאַן״ הייסט דער מענטש, וואָס די פּרוכטן זענען ניט געווען זיינע, און א „רייכער מאַן״ הייסט דער מענטש, וואָס די פּרוכטן זענען געווען זיינע.**

ט. מי, אז איינער האָט שמיטה־פּרוכטן, וועלכע ער האָט באַקומען דורך א ירושה אָדער מען האָט אים זיי געגעבן א מתנה, זאָגט ר׳ אליעזר, אז ער דאַרף זיי צעטיילן

**במתנה, ר׳ אליעזר אומר, ינתנו לאוכליהן; וחכמים אומרים, אין החוטא נשכר, אלא ימכרו לאוכליהן, ודמיהם יתחלקו לכל אדם. האוכל מעיסת שביעית עד שלא הורמה חלתה, חייב מיתה.**

פרק י.

**א. שביעית משמטת את המלוה בשטר ושלא בשטר. הקפת החנות**

צווישן זייערע עסערס. ער טאָר ניט האלטן זיי פאר זיך אליין צום עסן, נאָר ער דאַרף זיי צעטיילן צווישן אנדערע מענטשן, און ער אליין מעג עסן נור א טייל דערפון. מחמת ר׳ אליעזר האלט ווי די בית שמאי (אין פרק ד׳ משנה ב׳) אז מען טאָר ניט געבן א דאנק פאר נעמען שמיטה־פרוכטן, און אויב ער אליין וועט זיי עסן, וועט ער דאָך זיין דאנקבאר צו דעם מענטש, וועלכער האָט זיי אים געלאָזן א ירושה אָדער גע־געבען א מתנה. וחכמים, און די חכמים זאָגן אז דער זינדיקער דאַרף ניט פאַרדינען; דאדורך וואָס דער מענטש האָט געגענומען שמיטה־פרוכטן אלס א מתנה וואָס ער האָט ניט געטאָרט, האָט ער דאָך געזינדיקט, און ער וועט פאַרדינען דערמיט, וואָס ער אליין וועט אויך עסן די שמיטה־פרוכטן צוזאַמען מיט אנדערע; אלא, נאָר מען זאָל די פרוכטן פאַרקויפן צו די עסערס און זייער געלט זאָל מען צעטיילן צו יעדן מענטש. און ניט דער מענטש, וועלכער האָט זיי באַקומען א מתנה, זאָל זיי צעטיילן צווישן זיינע פריינט, נאָר זיי, די קויפער, זאָלן צעטיילן דאָס געלט צו וועמען זיי ווילן. די מפרשים זאָגן, אז די חכמים האָבן געטענה׳ט צו ר׳ אליעזר דעם „אין החוטא נשכר״, „דער זינדיקער טאָר ניט פאַרדינען״, לויט זיין, ר׳ אליעזר׳ס שיטה, וואָס ער האלט ווי די בית שמאי, אז מען טאָר ניט געבן א דאנק פאר שמיטה־פרוכטן; אָבער זיי האלטן ווי די בית הלל, אז מען מעג יאָ געבן א דאנק, און דעריבער מעג ער אליין עסן די פרוכטן. האוכל, אז איינער עסט פון טייג פון שמיטה־מעל, איידער מען האָט דערפון אראָפּגענומען חלה, קומט אים מיתה (טויט־שטראָף). דאָס מיינט מען ניט טויט־שטראָף „בידי אדם״, דאָס בית דין זאָל אויף אים ארויסטראָגן א טויט־אורטייל און מען זאָל אים טויטן, נאָר מען מיינט „בידי שמים״, אז דאָס איז א עבירה, פאר וועלכער דער הימל שטראָפט מיט טויט. די משנה לערנט דאָ דעם דין, ווייל מען וואָלט געקענט מיינען, אז אזוי ווי חלה ווען זי ווערט טמא, דאַרף מען איר פאַרברענען, זאָל מען פון שמיטה־מעל ניט אראָפּנעמען חלה, מחמת טאָמער וועט זי טמא ווערן און שמיטה־פרוכטן טאָר מען ניט פאַרברענען, דעריבער זאָגט די משנה, אז מען דאַרף יאָ נעמען חלה.

פרק י.

די תורה אין דברים ט״ו זאָגט, אז ווען איינעם קומט א חוב ביי אן אנדערן, און עס קומט־אָן דער סוף פון שמיטה־יאָר טאָר דער מלוה, דער וועלכער האָט אוועקגע־באָרגט געלד, ניט מאָנען דעם חוב פון לוה, פון דעם וועלכער האָט דאָס געלט גע־באָרגט. דאָס ווערט אָנגערופן אין חומש „שמוט״, „אָפּציען״ זיך פון חוב. דעריבער הייסט דאָס זיבעטע יאָר „שמיטה״. אין דער משנה ווערט דער פאַרבאָט, אז מען טאָר מער ניט מאָנען דעם חוב, אָנגערופן „משמט״. שמיטה איז משמט נור צום סוף פון יאָר, דאָס הייסט, אז דעם גאנצן יאָר פון שמיטה מעג מען נאָך מאָנען, נאָר ווען עס קומט דער סוף פון יאָר, איז עס משמט דעם חוב, און פון ראש השנה אָן פון מוצאי שמיטה פון יאָר נאָך שמיטה, טאָר מען מער ניט מאָנען. דאָס הייסט „שמיטת כספים״, „שמיטה פון געלטער״.

א. שביעית, דאָס שמיטה־יאָר איז משמש א חוב, סיי אויף וועלכן מען האָט א וועקסל (שטר) און סיי אויף וועלכן מען האָט ניט קיין וועקסל. די מפרשים טייטשן, אז אפילו ווען לויט דעם וועקסל איז דער חוב גאראַנטירט מיט די פעלדער און הייזער פון לוה, פונדעסטוועגן איז עס משמט. הקפת, דאָס נעמען סחורה אין געוועלב אָן געלד

**אינה משמטת. ואם עשאה מלוה הרי זו משמטת. ר׳ יהודה אומר, הראשון הראשון משמט. שכר שכיר אינו משמט. ואם עשאו מלוה, הרי זה משמט. ר׳ יוסי אומר, כל מלאכה שפוסקת בשביעית, משמטת; ושאינה פוסקת בשביעית, אינה משמטת.**

**ב. השוחט את הפרה וחלקה בראש השנה, אם היה החודש מעובר,**

איז שמיטה ניט משמט; אָבער אויב מען האָט עס אוועקגעשטעלט פאר א חוב, איז זי יאָ משמט. אויב איינער נעמט אין געוועלב זאכן כדי שפעטער צו באצאָלן, מעג מען עס מאָנען אויך נאָך שמיטה; דאָס הייסט ניט קיין חוב, קיין „געבאָרגט געלט״, נאָר „הקפה״, דערוויל־גענומען סחורה כדי שפעטער צו באצאָלן. אָבער אויב מען האָט זיך אָפּגערעכנט מיטן געוועלב־בעל־הבית און מען האָט עס אוועקגעשטעלט אלס א חוב, הייסט עס שוין, א „הלואה״, און שמיטה איז עס יאָ משמט. ר׳ יהודה זאָגט, אז די ערשט־ערשטע איז יאָ משמט. דער טייטש איז, אויב איינער האָט גענומען אין א געוועלב זאכן אויף באָרג, איז עס ניט משמט און מען מעג מאָנען דאָס געלט; ווי איז אָבער, אז דער זעלבער מענטש האָט אין זעלבן געוועלב גענומען דערנאָך נאָכאמאָל זאכן אויף באָרג, הייסט דאָס פריערדיקע מאָל „די ערשטע״, און עס ווערט שוין באַטראכט ווי א חוב, און שמיטה איז עס שוין יאָ משמט, און מען טאָר ניט מער מאָנען. אָבער די „צווייטע״ זאכן, די „לעצטע״ איז עס ניט משמט. אויב נאָכן צווייטן מאָל האָט ער גענומען אין זעלבן געוועלב א דריטן מאָל זאכן אויף באָרג, ווערן די ערשטע צוויי מאָל באטראכט אלס חובות, און מען טאָר זיי נאָך שמיטה מער ניט מאָנען. אָבער פאר די דריטע מעג ער יאָ מאָנען. שכר, די באלוינונג פון אן ארבייטער איז שמיטה ניט משמט. אויב עס קומט אן ארבייטער געלט פאר ארבייט, הייסט עס ניט קיין חוב, און מען דארף באצאָלן אויך נאָך שמיטה. ואם עשאו, און אויב (דער ארבייטער האָט זיך אָפּגערעכנט מיטן בעל הבית און) אוועקגעשטעלט דאָס געלט, וואָס אים קומט, אלס חוב, איז עס משמט. מחמת פון איצט אָן קומט שוין ניט דעם ארבייטער געלט פאר ארבייט, נאָר סתם א חוב, דעריבער דארף מען עס נאָך שמיטה ניט באצאָלן. ר׳ יוסי זאָגט, אז אויב (די ארבייטס־לוין קומט) פאר טאָן אזא ארבייט וואָס הערט־אויף אים שמיטה (למשל פאר אקערן, זייען, וואָס מען טאָר ניט טאָן אים שמיטה־יאָר) איז עס יאָ משמט, און אויב פאר טאָן אן ארבייט, וואָס הערט ניט אויף אים שמיטה־יאָר, איז עס ניט משמט. דער טעם איז, ווייל קוים קומט אים פאר אזא ארבייט וואָס מען טאָר ניט טאָן אים שמיטה־יאָר, הייסט עס ווי עס איז געוואָרן אָפּגעהאקט, און די באלוינונג איז געוואָרן א חוב; אָבער אויב מען קאָן די ארבייט ווייטער טאָן, הייסט דאָס געלט, וואָס קומט, ניט קיין חוב, נאָר באלוינונג פאר ארבייט, און מען דארף עס באצאָלן אויך נאָך שמיטה.

ב. השוחט, אז איינער שעכט א קיה און האָט צוטיילט דאָס פלייש (צווישן קונים, אָן געלד, און ער האָט זיי געזאָגט, אז דאָס געלד איז א חוב) אים ראש השנה (פון 8טן יאָר, באלד נאָך דעם שמיטה־יאָר), איז אויב דער חודש (אלול) איז געוואָרן מעובר, איז עס משמט דעם חוב; אויב ניט, איז עס ניט משמט דעם חוב. מיר האָבן שוין געזאָגט אין דער הקדמה, אז א גאנץ יאָר שמיטה מעג מען מאָנען חובות, און אז שמיטה איז משמט נאָר צום סוף יאָר. אויב איינער האָט געגעבן פלייש אָן געלט אים ראש השנה באלד נאָך שמיטה און ער האָט געזאָגט די קונים, אז דאָס געלט פארן פלייש זאָלן זיי אים באצאָלן שפעטער אלס חוב (ניט ווי דער פאל אין דער משנה א׳ „גענומען סחורה אין א געוועלב״), אָבער דערוויל האָט דאָס בית דין דערקלערט, אז דער פריערדיקער חודש אלול איז געווען „מעובר״, ער האָט געהאט ניט 29 טעג נאָר 30 טעג, און דער איצטיקער ראש־השנה־טאָג איז ניט דער ערשטער טאָג פון נייעם יאָר, ניט ראש חודש תשרי פון 8טן יאָר, נאָר דער 30טער טאָג אין אלול פון פריערדיקן

**משמט; אם לאו, אינו משמט. האונס והמפתה והמוציא שם רע וכל מעשה בית דין אינן משמטין. המלוה על המשכון והמוסר שטרותיו לבית דין אינן משמטין.**

**ג. פרוזבול אינו משמט. זה אחד מן הדברים שהתקין הלל הזקן. כשראה שנמנעו העם מלהלוות זה את זה ועוברין על מה שכתוב בתורה „השמר לך פן יהיה דבר עם לבבך בליעל" וגומר, התקין הלל פרוזבול.**

**ד. זהו גופו של פרוזבול: „מוסר אני לכם איש פלוני ופלוני הדיינין**

---

**שמיטה־יאָר. הייסט דאָך עס, אז דער פליישׁ־פאַרקויפער האָט אוועקגעבאָרגט געלט אײדער עס האָט זיך געענדיקט דאָס שמיטה־יאָר, און דעריבער איז עס משמט דעם חוב און מען טאָר דעם חוב ניט מאָנען. אויב אָבער דער חודש אלול איז ניט געוואָרן מעובר איז דאָך דער דריטער טאָג געווען שוין ראש השנה פון 8טן יאָר, הייסט דאָך עס געבאָרגט געלט שוין נאָך שמיטה, איז עס ניט משמט.** האונס והמפתה, אז איינער האָט פאַרגוואַלדיגט א יינג מיידל קייגן איר ווילן (אונס) אָדער מיט איר ווילן („מפתה", איבערריידן און די תורה שמות כ"ב זאָגט, אז דער אונס אָדער מפתה דאַרפן באַצאָלן פופציק שקלים), והמוציא שם רע, אז איינער מאכט א שלעכטן נאָמען זיין פרוי באַלד נאָך דער חתונה (און די תורה דברים כ"ב זאָגט, אז ער דאַרף באַצאָלן הונדערט שקלים), וכל מעשה בית דין, אלע פסק־דינ'ס צו באַצאָלן געלט, וואָס דאָס בית דין (דאָס אידישע געריכט) האָט אַרויסגעגעבן, איז שמיטה ניט משמט (און מען דאַרף זיי באַצאָלן אויך נאָך שמיטה־יאָר). **מחמת ביי אונס און מפתה און מוציא שם רע הייסט עס ניט קיין חוב, נאָר עס קומט געלט, וואָס דער שולדיגער דאַרף באַצאָלן; און ביי געריכטס־אורטיילן, פסק־דינן פון בית דין, הייסט עס שוין ניט, אז מען דאַרף מאָנען דעם חוב, און דעריבער ווערט עס פאַררעכנט ווי דער חוב וואָלט שוין געווען אָפּגענומען.** המלוה, אז איינער באָרגט געלט אויף א משכון, אָדער איינער גיט אוועק (פאַרן סוף פון שמיטה־יאָר) זיינע וועקסלען צו בית דין (צום יידישן געריכט, אז דאָס געריכט זאָל שוין מאָנען די חובות פון די וועקסלען) איז שמיטה נישט משמט. **ווייל סיי ביי א משכון און סיי ביים איבערגעבן די וועקסלען צום בית דין, דאַרף דער מלוה מער ניט מאָנען, און עס איז אזוי גוט ווי ער וואָלט שוין געהאַט אָפּגענומען דאָס געלט.**

ג. פרוזבול איז ניט משמט. **אויב איינער, וועמען עס קומט חובות, האָט פאַרן סוף פון שמיטה־יאָר געשריבן אויף די חובות א פרוזבול, מעג ער מאָנען די חובות אויך נאָכן שמיטה־יאָר. די משנה וועט ווייטער אין משנה ד' זאָגן וואָס איז א „פרוזבול".** זה, דאָס (דער פרוזבול) איז איינע פון די זאכן, וואָס עס האָט מתקן געווען הלל הזקן, ווען ער האָט געזען, אז מען אנטזאָגט זיך איינער צו באָרגן געלט דעם אנדערן (ווייל נאָך שמיטה וועט דאָס געלט זיין פאַרפאַלן) און מען איז עובר אויף דעם וואָס שטייט געשריבן אין דער תורה (דברים ט"ו): „דו זאָלסט זיך היטן, טאָמער וועסטו האָבן עפּיס אין האַרץ א שלעכטע זאַך", און אזוי ווייטער (ווייטער זאָגט דער חומש, טאָמער וועסטו ניט וועלן באָרגן געלט דיין אָרימען ברודער צוליב דעם וואָס עס דערנענטערט זיך דאָס שמיטה־יאָר, און דו וועסט באַגיין א זינד), האָט הלל מתקן געווען דעם פרוזבול. **הלל הזקן איז געוואָרן נשיא איבער די יידן אין ארץ ישראל 100 יאָר פאַר דעם חורבן פון 2טן בית המקדש. הלל האָט מתקן געווען א סך תקנות, און דער פרוזבול איז איינער פון זיי.**

ד. זהו, דאָס איז דער עצם־אינהאַלט פון פרוזבול (וואָס דער מלוה דאַרף שרייבן): „איך געב איבער צו אייך, די און די מענטשן, דיינים אין דעם אָרט אז יעדער חוב, וואָס עס קומט מיר, זאָל איך אים אָפּנעמען ווען איך וועל וועלן". און די דיינים חתמ'ען (אויפן פרוזבול) אונטן, אָדער די עדות. **דורך דער דאָזיקער פרוזבול־דער־קלערונג הייסט עס, ווי דער מלוה וואָלט איבערגעגעבן זיינע חובות צום בית דין**

**שבמקום פלוני, שכל חוב שיש לי, שאגבנו כל זמן שארצה". והדיינין חותמין למטה, או העדים.**

**ה. פרוזבול המוקדם כשר, והמאוחר פסול. שטרי חוב המוקדמים**

---

(יידישן געריכט) אויפצומאָנען, און ווי מיר האָבן געלערנט פריער אין משנה ב׳ איז שמיטה ניט משמט אזעלכע חובות. דאָס וואָרט פרוזבול טייטשט די גמרא אין גטין ל"ו „פרוסבולי ובוטי", אז „בולי" מיינט מען די רייכע לייט און „בוטי" די אָרימע לייט, און אז דאָס איז א תקנה סיי לטובת די רייכע, אז זיי זאָלן ניט היזק האָבן זייער געלד, און סיי פאר די אָרימע, אז זיי זאָלן קריגן צו באָרגן געלט פאר שמיטה־יאָר. ר׳ בנימין מוספיא אין „מוסף הערוך" ווייזט־אָן, אז פרוזבול איז דאָס גריכישע „פראָסבולע", אייגנטליך „פראָס בולע בולעיטאָן", וואָס איז דער טייטש „א דאָקומענט צום געריכט אויפצומאָנען חובות". די „תוספות אנשי שם" זאָגן, אז אויך די גמרא האָט געוואוסט, אז דאָס איז דאָס גריכישע וואָרט, און זי האָט עס איינגעטייטשט. אין דער גמרא גטין איז די גירסא מיט א סמך „פרוסבול".

ה. פרוזבול המוקדם, א פרוזבול, אין וועלכן עס איז אָנגעשריבן א פריערדיקע דאטע, איז כשר, והמאוחר, און אויב מיט א שפּעטערדיקער דאטע איז פסול. **אויב מען האָט געמאכט א פרוזבול, למשל, אין חודש חשון און מען האָט אָנגעשריבן אין דעם פרוזבול־דאָקומענט, אז ער איז געמאכט געוואָרן פריער, אין חודש תשרי, איז דער פרוזבול כשר, מחמת דאָס שרייבן א פריערדיקע דאטע ברענגט ניט קיין שאדן דעם לווה, דעם וועלכער נעמט געלט אויף באָרג; פארקערט, דעם שאדן האָט נור דער מלווה, ווען עס קומט די חובות, ווייל אויף די חובות, וואָס ער האָט אוועקגעבאָרגט אין דער צייט פון תשרי ביז חשון, האָט ער דאָך ניט קיין פרוזבול און ער וועט זיי ניט קאָנען אויפמאָנען נאָך שמיטה. אָבער אויב מען האָט געמאכט דעם פרוזבול אים תשרי און מען האָט געשריבן א שפּעטערדיקע דאטע, חשון, איז דער פרוזבול פסול; מחמת דער פרוזבול־מאכער, דער מלוה, ברענגט דאָך שאדן אנדערע מענטשן, ווייל אויף די חובות פון תשרי ביז חשון איז דאָך באמת דער פרוזבול ניט געווען, און מיט דער פאלשער דאטע וועט ער קאָנען אויפמאָנען אויך די חובות וואָס זענען געמאכט געוואָרן פון תשרי ביז חשון. אלס א שטראָף האָט מען אינגאנצן געפּסלט אזא פרוזבול מיט א שפּעטערדיקער דאטע, אזוי אז מען קאָן אויף אים ניט אויפמאָנען אפילו די חובות ביז תשרי.** שטרי חוב, וועקסלען מיט א פריערדיקער דאטע זענען פסול, און מיט א שפּעטערדיקער דאטע זענען כשר. **ביי וועקסלען איז דער דין פארקערט ווי ביי פרוזבול. אויב מען האָט געמאכט א וועקסל אים חשון און מען האָט איינגעשריבן א פריערדיקע דאטע, תשרי, איז דער וועקסל פסול. ווייל דער דין איז, אז אויב דער וואָס איז שולדיק געלד אויף א וועקסל האָט געהאט א פעלד, און ער האָט דאָס פעלד פארקויפט נאָכן שרייבן דאָס וועקסל, קאָן דער מלוה, דער געלט־באָרגער, אָפּנעמען פון די פעלד־קויפער, פון די לקוחות, דאָס פעלד פאר זיין חוב, אין פאל ווען דער לוה, דער געלט־שולדיקער, האָט ניט צו באצאָלן דעם חוב. דעריבער אויב מען שרייבט דעם וועקסל חשון און מען שרייבט די דאטע פון תשרי, קאָן דאָך דער מלוה אָפּנעמען פון די קויפערס דאָס פעלד, וואָס דער לוה האָט פארקויפט אין דער צייט פון תשרי ביז חשון, מחמת ער האָט דאָך צו באווייזן מיט דער פאלשער תשרי־דאטע, אז דאָס פעלד איז פארקויפט געוואָרן נאָכן שרייבן דאָס וועקסל; און באמת זענען זיי דאָך פארקויפט געוואָרן פארן שרייבן דאָס וועקסל אין דער ריכטיקער חשון־צייט. דאָס ברענגט שאדן די קויפער פון פעלד. אָבער וועקסלען מיט א שפּעטערדיקער דאטע, למשל, מען האָט געמאכט דאָס וועקסל אים תשרי און מען האָט געשריבן חשון, איז עס כשר, מחמת דער געלט־אוועקבאָרגער, דער מלוה, ברענגט דאָך דערמיט אנ־דערע מענטשן ניט קיין שאדן.** אחד, אז איינער באָרגט געלד פון פינף מענטשן, דארף

**פסולין, והמאוחרין כשרים. אחד לוה מחמשה, כותב פרוזבול לכל אחד ואחד. חמשה לוין מאחד, אינו כותב אלא פרוזבול אחד לכולם.**

**ו. אין כותבין פרוזבול אלא על הקרקע. אם אין לו, מזכהו בתוך שדהו כל שהוא. היתה לו שדהו ממושכנת בעיר, כותבין עליה פרוזבול. ר׳ חוצפית אומר, כותבין לאיש על נכסי אשתו וליתומים על נכסי אפוטרופין.**

**ז. כורת דבורים, ר׳ אליעזר אומר הרי היא כקרקע, וכותבין עליה פרוזבול, ואינה מקבלת טומאה במקומה, והרודה ממנה בשבת חייב. וחכמים אומרים, אינה כקרקע, ואין כותבין עליה פרוזבול, ומקבלת טומאה במקומה, והרודה ממנה בשבת פטור.**

**ח. המחזיר חוב בשביעית יאמר לו, „משמט אני״, אמר לו „אף**

---

מען שרייבן א פרוזבול פאר יעדן פון די פינף געלט־אוועקבארגער באזונדער. **מחמת דעם פרוזבול שרייבט דאך דער מלוה; ער גיט דאך איבער די פרוזבול־דערקלערונג צו די דיינים און דא זענען דאך דא 5 מלוים. פינף געלט־אוועקבארגער.** חמשה, אויב פינף מענטשן בארגן געלד פון איין מענטש, שרייבט ער איין פרוזבול פאר אלע. **מחמת ער, דער מלוה מאכט דאך די פרוזבול־דערקלערונג און עס איז דאך נור פאראן איין מלוה, איין געלט־אוועקבארגער.**

ו. אין, מען שרייבט ניט קיין פרוזבול סיידן (דער לוה, דער געלט־שולדיקער, האט) ערד. **אויב ער האט ערד, הייסט עס, אז דערמיט איז דער חוב געזיכערט און עס איז אזוי גוט ווי דער חוב וואלט שוין געווען אפגענומען, כאטש די ערד, וואס ער האט, איז ניט ווערט אזוי פיל וויפיל דער חוב איז.** אם, אויב ער (דער לוה) האט ניט קיין ערד, זאל דער מלוה (וועלכער האט יא ערד) אים שענקן (מזכה זיין מיטן) א שטיקל ערד אין זיין פעלד. **מיר האבן שוין געלערנט אין מסכת פאה פרק ג׳ משנה ו׳, אז אויך אויף דעם קלענסטן** (כל שהוא) **שטיקל ערד קאן מען שרייבן א פרוזבול.** היתה, אויב דער לוה האט געהאט ערד (נאר זי איז געווען) פאר׳משכנ׳ט (פאר א **חוב) אין** שטאט, קאן מען דערויף שרייבן א פרוזבול; ר׳ חוצפית זאגט, אז מען קאן שרייבן א פרוזבול א מאן (ביי וועמען עס קומט געלד) אויף דער ערד וואס זיין ווייב האט, און יתומים (ביי וועמען עס קומט געלד) אויף דער ערד, וואס זייער אפוטרופס (זייער פאר־מעגנס־פארוואלטער) האט. **די מפרשים טייטשן, אז מיט „זיין ווייב׳ס ערד״ מיינט מען, פון וועלכע דער מאן איז בארעכטיקט צו עסן די פרוכטן, די הכנסה; און ביי דעם אפוטרופס (דאס איז א גריכישווארט „עפיטראפאס״, דער אויפזעער, דער פאר־וואלטער), מיינט מען, אז דער אפוטרופוס האט געבארגט געלט פאר די יתומים**

ז. כוורת דבורים, א בינשטאק (וואס ליגט אויף דער ערד), זאגט ר׳ אליעזר, אז עס האט דעם דין ווי ערד און מען קאן שרייבן אויף איר (אויב דער לוה האט א בינשטאק) א פרוזבול, און זי קאן ניט אננעמען קיין טומאה (אויב א טמא זאך האט איר אנגערירט ווערט זי ניט טמא, פונקט ווי ערד קאן ניט ווערן טמא) ווען זי ליגט אויף איר ארט, און אויב איינער נעמט ארויס (הרודה, שיבט־ארויס) פון איר (האניק) אים שבת איז ער שולדיק פאר טאן א מלאכה אים שבת. **מחמת דער בינשטאק ווערט פאררעכנט ווי צו־באהאפטן צו דער ערד, און אז איינער רייסט אפ אים שבת פון דער ערד טוט ער די מלאכה, די ארבייט, פון „תולש״, אפרייסן.** וחכמים און די חכמים זאגן, אז א בינשטאק האט ניט דעם דין ווי ערד, און מען שרייבט ניט אויף איר קיין פרוזבול, און זי נעמט יא אן טומאה ווען זי ליגט אויף איר ארט, און ווען איינער נעמט ארויס פון איר (האניק) אים שבת איז ער פטור. **ווייל עס הייסט ניט אפרייסן א זאך, וואס איז צובאהעפט צו דער ערד.**

ח. המחזיר, אז איינער (וואס איז שולדיק געלט) באצאלט א חוב אים שמיטה

**על פי כן" יקבל ממנו, שנאמר „וזה דבר השמטה". כיוצא בו, רוצח שגלה לעיר מקלט ורצו אנשי העיר לכבדו. יאמר להם „רוצח אָני", אָמרו לו „אף על פי כן" — יקבל מהם, שנאמר „וזה דבר הרוצח".**

**ט. המחזיר חוב בשביעית, רוח חכמים נוחה הימנו. הלוה מן הגר שנתגיירו בניו עמו לא יחזיר לבניו; ואם החזיר, רוח חכמים נוחה הימנו. כל המטלטלים נקנין במשיכה, וכל המקיים את דברו רוח חכמים נוחה הימנו.**

---

(נאָכן שמיטה־יאָר, ווען שמיטה האָט שוין משמט געווען), זאָל דער מלוה איס זאָגן: „משמט אני", „איך בין משמט" (איך וויל ניט נעמען); האָט איס דער לוה געזאָגט: „פונדעסטוועגן" (איך וויל יאָ באַצאָלן), זאָל ער פון איס נעמען (דאָס געלד פון חוב), ווייל עס שטייט (דברים ט"ו) „וזה דבר השמיטה", און דאָס איז דאָס וואָרט (די זאַך) פון שמיטה". **די מפרשים טייטשן אז פון „דבר" „וואָרט", איז אָפּצולערנען, אז עס איז גענוג ווען דער מלוה זאָגט נור איינמאָל, אז ער וויל ניט, און אויב מען לייגט איס פאָר נאכאמאָל דאָס געלט מעג ער נעמען.** כיוצא בו, אזוי איז אויך דער דין מיט א רוצח (וואָס האָט גע'הרג'עט א מענטש בשוגג, אומגערן, און ער דארף ווערן פארטריבן אין א צופלוכטס־שטאָט, עיר מקלט, און דאָרט כסדר וואוינען), וועלכער איז פארטריבן געוואָרן אין א עיר מקלט און די מענטשן פון דער שטאָט ווילן איס אָנטאָן כבוד, דארף ער זיי זאָגן: „איך בין א רוצח"; אויב זיי (די שטאָט־מענטשן) האָבן איס געזאָגט: „פונדעסטוועגן" (מיר ווילן דיר יאָ אָנטאָן כבוד), זאָל ער נעמען פון זיי (דעם כבוד), ווייל עס שטייט געשריבן (דברים י"ט) „וזה דבר הרוצח", און דאָס איז דאָס וואָרט (די זאַך) פון רוצח". **אויך דאָ דערקלערן די מפרשים, אז מען לערנט עס אָפּ פון „דבר", „וואָרט", אז עס איז גענוג ווען דער רוצח זאָגט זיי איינמאָל, איין וואָרט, אז ער האָט געהרגעט א מענטש.**

ט. המחזיר, אז איינער באַצאָלט א חוב איס שמיטה (נאָכדעם ווי שמיטה האָט משמט געווען און ער דארף ניט באַצאָלן) איז די מיינונג פון די חכמים צופרידן מיט איס. **ער טוט דערמיט א גוטע זאַך; דער „מלאכת שלמה" זאָגט, אז ער ווייזט א מידת חסידות, ווייל ער וויל ניט הנאה האָבן פון פרעמד געלט.** הלוה, אז איינער באָרגט געלד פון א גר, וואָס זיינע קינדער האָבן זיך מגייר געווען צוזאמען מיט איס, דארף ער ניט אָפּגעבן דעם חוב צו די קינדער (אויב דער גר איז געשטאָרבן). **מחמת א גר, וואָס איז זיך מגייר, הייסט ווי א ניי געבוירענער מענטש, און ער פארלירט זיין קרובהשאפט, און ממילא הייסן די קינדער פון גר, וועלכע האָבן זיך מגייר געווען, ניט זיינע קינדער, און עס קומט זיי ניט קיין ירושה, און יעדער קאָן זוכה זיין אין די פארמעגנס פון פארשטאָרבענעם גר.** ואם החזיר, אויב ער האָט יאָ באַצאָלט (דעם חוב די קינדער פון גר) איז די מיינונג פון די חכמים צופרידן מיט איס. **ווייל דאָס וועט פארשטארקן דעם ווילן פון די קינדער צו בלייבן יידן.** כל המטלטלין, אלע זאכן וואָס מען קאָן איבערטראָגן (מטלטלין, באוועגליכע זאכן, ניט ערד און הייזער און אנדערע אזעלכע זאכן, וועלכע מען קאָן ניט איבערטראָגן) ווערן דאָס אייגנטום פון קויפער נאָר דורך משיכה, דורך נעמען זיי. **אויב איינער קויפט ביים צווייטן מטלטלין, א באוועגליכע זאַך און האָט איס באַצאָלט דאָס געלט און ער האָט נאָך ניט גענומען די זאַך, קאָן דער פארקויפער חרטה האָבן, ווייל דער קויפער, דער לוקח, און קונה, באקומט דאָס אייגנטום־רעכט אויף דער זאַך, נאָר ווען ער נעמט די זאַך, און ניט פריער.** וכל, אָבער ווער עס האלט זיין וואָרט (דער פארקויפער, וואָס דערפילט וואָס ער האָט געזאָגט, און האָט ניט חרטה אויפן פארקויף, כאָטש דער קויפער האָט די זאַך נאָכניט גענומען), איז די מיינונג פון די חכמים צופרידן פון איס.

סליק מסכת שביעית — געענדיקט מסכת שביעית

# מסכת תרומות

## פרק א.

**א. חמשה לא יתרומו, ואם תרמו אין תרומתן תרומה: החרש, והשוטה, והקטן, והתורם את שאינו שלו. נכרי שתרם את של ישראל אפילו ברשות, אין תרומתו תרומה.**

---

## מסכת תרומות

**די תורה זאָגט אין במדבר י"ח, אז ווען איינער נעמט אראָפּ די תבואה פון פעלד אָדער די איילבירטן־אייל אָדער דעם וויין, דאַרף ער אראָפּנעמען דערפון א טייל און געבן א כהן.** דער דאָזיקער טייל ווערט אָנגערופן „תרומה" „אָפּגעשיידט", אראָפּ־גענומען; דאָס איז פון וואָרט „הרים" אפשיידן, אראָפּהייבן, אראָפּנעמען. מען דאַרף אויך אראָפּנעמען תרומה פון אלע אנדערע עס־געוויקסן, ווי פרוכטן, גרינסן, קטניות (ארבעס, בעבלאך), וואָס וואַקסן ארויס פון דער ערד. וויפיל דער טייל דאַרף באטרעפן, זאָגט ניט די תורה, און עס איז אָנגענומען, אז „מדאורייתא", לויטן דין פון דער תורה, קאָן מען געבן אפילו דעם קלענסטן טייל, אפילו אין ווייץ־קערנדל פון א גאנצן בארג תבואה. אָבער די חכמים האָבן יאָ געגעבן א שיעור און געזאָגט, אז געוויינטליך דאַרף מען געבן א פופציקסטל. איידער מען נעמט אראָפּ די תרומה טאָר מען די תבואה אָדער די פרוכטן ניט עסן, און זיי הייסן „טבל". נאָכדעם ווי מען האָט אראָפּגענומען תרומה, דאַרף מען נאָך אראָפּנעמען מעשרות, און וועגן דעם האָבן מיר געשריבן בפרטות אין דער הקדמה צו מסכת דמאי. ערשט נאָכדעם ווי מען האָט אראָפּגענומען די תרומה און די מעשרות זענען די תבואה און פרוכטן ניט מער קיין „טבל", און זיי הייסן „חולין מתוקנים" און מען מעג זיי שוין עסן. — די תרומה דאַרף געגעבן ווערן צו א כהן, און נאָר א כהן און זיין פאמיליע: ווייב, זין, ניט־פארהייראַטע (צו א ישראל אָדער א לוי) טעכטער, שקלאַפן, מעגן עסן תרומה. אָבער א לוי אָדער א ישראל טאָרן קיין תרומה ניט עסן. תרומה איז הייליק, און דע־ריבער אויב זי ווערט אָנגערירט דורך א טמא־זאַך און זי ווערט טמא, טאָר מען איר ניט עסן, נאָר מען דאַרף איר פארברענען. — אויב עס פאלט אריין תרומה אין גע־וויינליכע תבואה אָדער פרוכטן, אין חולין, הייסט דער גאנצער געמיש „מדומע", „אויסגעמישט", (פון וואָרט „דמע", „תרומה", זע ווייטער פרק ג' משנה ו') און עס זענען פאראַן דינים, וואָס מען דאַרף דערמיט טאָן. אין דער מסכת תרומות ווערן גע־לערנט די דינים פון תרומה.

## פרק א.

א. חמשה, פינף (סאָרטן מענטשן) טאָרן ניט אָפּשיידן קיין תרומה, און אויב זיי האָבן יאָ אָפּגעשיידט איז זייער תרומה ניט קיין תרומה. **די תבואה איז אין אזא פאל ווייטער טבל, און מען דאַרף אויפסניי אפשיידן תרומה. די משנה רעכנט דאָ אויס די דאָזיקע פינף סאָרטן מענטשן:** החרש, א טויב־שטימער, והשוטה, און א נאַר, והקטן, און א קליין קינד, והתורם את שאינו שלו און איינער וואָס שיידט־אָפּ תרומה פון תבואה וואָס געהערט ניט צו אים (פרעמדע תבואה, אָן דער דערלויבניש פון בעל הבית), נכרי, א גוי, (וואָס האָט אָפּגעשיידט תרומה פון דער תבואה פון א ייד, אפילו מיט דער דער־לויבניש פון ייד) איז זיין תרומה ניט קיין תרומה. **„חרש" מיינט מען א טויב־שטימען; „שוטה" מיינט מען ניט סתם אנאַר, נור איינעם, וועלכער ווייזט ארויס געוויסע סימנים פון משוגעת, פון שכל־לאָזיקייט, און דער ירושלמי גיט אָן די סמנים, ווי, למשל, איינער האָט א טבע צו נעכטיקן אויפן בית הקברות, אָדער צעררייסט זיינע מלבושים; „קטן" מיינט א „מינדעריעריקער", א קליין קינד, און ווייטער אין משנה ג' איז פאַ־ראַן א מחלוקה וועגן דעם וואָס הייסט א קטן. דער טעם פארוואָס די דאָזיקע דריי סאָרטן מענטשן, חרש, שוטה און קטן, קאָנען ניט אפשיידן קיין תרומה איז, ווייל זיי**

**ב. חרש המדבר ואינו שומע לא יתרום, ואם תרם, תרומתו תרומה. חרש שדברו בו חכמים בכל מקום — שאינו לא שומע ולא מדבר.**

**ג. קטן שלא הביא שתי שערות, ר׳ יהודה אומר, תרומתו תרומה. ר׳ יוסי אומר, אם עד שלא בא לעונת נדרים, אין תרומתו תרומה; ומשבא לעונת נדרים, תרומתו תרומה.**

**ד. אין תורמין זיתים על השמן ולא ענבים על היין, ואם תרמו, בית**

---

האָבן ניט קיין דעת. דער פערטער סאָרט מענטש איז דער וואָס שיידט אָפּ תרומה פון ניט־זיינער תבואה, אָן דער דערלויבניש פון בעל־הבית; אויב אָבער דער בעל הבית גיט אים די דערלויבניש, הייסט ער דעם בעל הבית׳ס שליח, און זיין תרומה איז יאָ תרומה. דער פיפטער סאָרט איז א גוי, און ער קאָן ניט אָפּשיידן תרומה פון ייד׳ס תבואה אפילו ווען דער ייד הייסט אים.

ב. חרש, א טויבער, וועלכער רעדט און הערט ניט (א טויבער, וועלכער איז ניט שטום) טאָר ניט אָפּשיידן קיין תרומה; אָבער אויב ער האָט יאָ אָפּגעשיידט איז זיין תרומה תרומה. די מפרשים דערקלערן אויפן יסוד פון דער גמרא ברכות ט״ו, אז דער טעם פאַרוואָס א טויבער, כאָטש ער איז ניט שטום, טאָר ניט אָפּשיידן, איז ווייל ביי תרומה־אָפּשיידן דאַרף מען מאַכן א ברכה, פונקט ווי מען מאַכט א ברכה בכלל ביים טאָן א מצוה, און ווען מען מאַכט אברכה דאַרף מען הערן מיט די אויערן וואָס מען זאָגט, און דער טויבער קאָן ניט הערן; אָבער אויב ער האָט יאָ אָפּגעשיידט איז די תרומה גוטע תרומה, ווייל אפילו ווען מען שיידט־אָפּ ניט מאַכנדיק בכלל קיין ברכה, איז עס אויך תרומה. חרש שדברו, אומעטום, וואו די חכמים ריידן וועגן א טויבן („חרש״), מיינען זיי אַזעלכן, וואָס ניט ער הערט און ניט ער רעדט (א טויב־שטומען). דאָס דערקלערט די משנה, אז דער „חרש״ וואָס פריער אין דער משנה א׳ ווערט געזאָגט, אז זיין תרומה איז ניט קיין תרומה, מיינט מען א טויב־שטימען, און אז אויך אומעטום אין דער משנה, וואו עס ווערט געלערנט, אז א חרש קאָן ניט טאָן געוויסע זאַכן, מיינט מען אטויב־שטומען. די מפרשים ווייזן אָן, אז עס זענען פאַראַן אויסנאַמען צום דאָזיקן כלל, און אז אין טייל ערטער (למשל אין חגיגה פרק א׳) מיינט די משנה מיט חרש א טויבן, וועלכער רעדט יאָ.

ג. קטן, א קליין קינד, וואָס האָט נאָכניט די צוויי האָר („שתי שערות״), זאָגט ר׳ יהודה, אז זיין תרומה איז תרומה; ר׳ יוסי זאָגט, אז אויב ער (דער קטן) איז נאָכניט אויפגעוואַקסן צו דער „צייט פון טאָן א נדר״ (און זיין נדר זאָל זיין א גוטער נדר) איז זיין תרומה ניט קיין תרומה, אויב אָבער ער האָט שוין דערגרייכט די „צייט פון טאָן א נדר״ („עונת נדרים״) איז זיין תרומה א תרומה. טייל מפרשים האַלטן, ווי דער ברטנורא, אז ר׳ יהודה קריגט אויף דער משנה א׳, וועלכע זאָגט אז א קטנ׳ס תרומה איז ניט קיין תרומה, און ער האַלט, אז עס איז יאָ תרומה; אַנדערע מפרשים, ווי די „משנה ראשונה״, האַלטן, אז ר׳ יהודה און ר׳ יוסי זענען נור מפרש וואָס מיינט א קטן. למשל, גאָר א קליין קינד האַלט אויך ר׳ יהודה, אז זיין תרומה איז ניט קיין תרומה, און די מחלוקה צווישן ר׳ יהודה און ר׳ יוסי איז נור, אויב דאָס קינד איז שוין יאָ דערוואַקסן, נאָר עס האָט נאָכניט אַלע סימנים פון א דערוואַקסענעם מענטשן. מיט „צוויי האָר״, „שתי שערות״, מיינט מען צוויי האָר אונטן, און די גמרא אין נידה נ״ב ברענגט עטליכע מיינונגען וועגן דעם, וואו די צוויי האָר דאַרפן זיך געפינען. מיט „עונת נדרים״, די צייט, ווען מען קאָן שוין טאָן א נדר, מיינט מען ביי א יינגל ווען ער איז אלט 12 יאָר מיט א טאָג, און ביי א מיידל 11 יאָר מיט א טאָג.

ד. אין תורמין, מען טאָר ניט אָפּשיידן תרומה פון איילבירטן אויף אייל, און ניט פון ווינטרויבן אויף וויין. אויב איינער האָט איילבירטן און אייל, טאָר ער ניט אַראָפּנעמען פון די איילבירטן תרומה אויף די איילבירטן און אויף דעם אייל; דאָס

**שמאי אומרים, תרומת עצמן בהם; ובית הלל אומרים, אין תרומתן תרומה.**

**ה. אין תורמין מן הלקט ומן השכחה ומן הפאה ומן ההפקר ולא ממעשר ראשון (שנטלה תרומתו), ולא ממעשר שני והקדש (שנפדו), ולא**

---

**זעלבע, אויב איינער האָט וויינטרויבן און וויין טאָר ער ניט אפשיידן תרומה פון די וויינטרויבן אויף די וויינטרויבן און אויף דעם וויין. דער ברטנורא ברענגט דעם טעם, ווייל אייל און וויין הייסן זאכן, וואָס די ארבייט ארום זיי איז שוין פארענדיקט („גמור", פאַרענדיקט); און איילבירטן און וויינטרויבן הייסן זאכן, וואָס מען האָט נאָכניט פאַר־ענדיקט די ארבייט ארום זיי („שאינו גמור", נאָכניט פאַרענדיקט), מחמת מען דאַרף דאָך ערשט מאכן פון די איילבירטן אייל און פון די וויינטרויבן וויין. און דער דין איז, אז מען טאָר ניט אפשיידן פון „ניט פאַרענדיקטע" זאכן אויף „פאַרענדיקטע". דער ירושלמי ברענגט דעם טעם „מפני גזל השבט", ווייל מען טוט אגזלה, א עולה דעם שבט (פון די כהנים), די כהנים, מחמת ווען מען גיט זיי איילבירטן און וויינטרויבן אלס תרומה פאר דעם אייל און פאר דעם וויין ווען זיי, די כהנים, מוזן אליין באאר־בייטן די פרוכטן און מאכן פון זיי אייל און וויין און מען גזל'ט־צו ביי זיי זייער צייט.** ואם, און אויב מען האָט יאָ אָפגעשיידט, זאָגן די בית שמאי, אז זייער אייגענע תרומה איז דאָ אין זיי (אויף דעם אייל און וויין איז די תרומה ניט תרומה, אָבער אויף די איילבירטן און די וויינטרויבן איז די תרומה יאָ תרומה). ובית הלל, און די בית הלל זאָגן, אז די תרומה איז (אינגאנצן) ניט קיין תרומה. **אפילו אויף די איילבירטן און אויף די וויינטרויבן איז אויך די תרומה ניט גוט, מחמת, ווען ער האָט אָפגעשיידט האָט ער דאָך געהאט די כוונה, אז די תרומה זאָל אויך זיין אויף דעם אייל און אויף דעם וויין, און ווייל אויף זיי טויג זי ניט איז זי שוין ניט קיין תרומה אויך אויף די אייל־בירטן און וויינטרויבן, און ער מוז ווידער אראָפּנעמען תרומה פון די איילבירטן אויף די איילבירטן און פון דעם אייל אויף דעם אייל; און דאָס זעלבע פון די וויינטרויבן אויף די וויינטרויבן און פון וויין אויף דעם וויין.**

ה. אין תורמין, מען קאָן ניט אָפשיידן קיין תרומה פון לקט, און פון שכחה און פון פאה. **דאָס זענען די תבואות און פרוכטן, וואָס געהערן צו אָרימע לייט („לקט", תבואה, וואָס פאַלט אראָפּ ביים שניידן, „שכחה", זאנגן און בינטלעך תבואה און פרוכטן, וואָס דער בעל הבית פארגעסט, פאה, דאָס איבערלאָזן תבואה און פרוכטן ביים עק פון פעלד און פון גאָרטן; פרטים זע אין דער הקדמה צו מסכת פאה). אויב דער אָרימאַן האָט אנדערע תבואה, וואָס איז טבל, טאָר ער פון דער לקט, שכחה און פאה ניט אראָפּנעמען תרומה אויף דער אנדערער תבואה, מחמת לקט, שכחה און פאה זענען פטור פון תרומה, און מען טאָר ניט אָפשיידן פון תבואה, וואָס איז פטור, אויף תבואה וואָס מען איז מחויב אראָפּצונעמען פון איר תרומה.** ומן ההפקר, און מען טאָר ניט אפשיידן תרומה פון הפקר, (ווייל אויך הפקר איז פטור פון תרומה); און אויך ניט פון מעשר ראשון, וואָס מען האָט שוין געהאט אראָפּגענומען זיין תרומה (תרומת מעשר). **לויט איין גירסא דאַרף שטיין „שלא ניטלה", וואָס מען „האָט ניט אראָפּגע־נומען" תרומת מעשר, דאָס הייסט כאָטש מען דאַרף דאָך אראָפּנעמען פון דעם מעשר ראשון תרומת מעשר, און דאָס איז דאָך אויך א געוויסער סאָרט תרומה, נאָר ווייל מען איז פטור אראָפּצונעמען די תרומה זעלבסט, טאָר מען דערפון ניט אראָפּנע־מען תרומה אויף אנדערע תבואה, וואָס איז טבל און פון וואָס מען איז יאָ מחויב אראָפּ־צונעמען תרומה. לויט אן אנדערער מיינונג, אויב מען האָט נאָכניט אראָפּגענומען תרומת מעשר, מעג מען יאָ אראָפּנעמען דערפון תרומה.** ולא ממעשר שני, און ניט פון מעשר־שני און פון הקדש־תבואה, וועלכע זענען אויסגעלייזט געוואָרן. **אויב זיי זענען ניט אויסגעלייזט געוואָרן און זענען מעשר שני אָדער הקדש טאָר מען געוויס ניט**

**מן החייב על הפטור ולא מן הפטור על החייב, ולא מן התלוש על המחובר ולא מן המחובר על התלוש, ולא מן החדש על הישן ולא מן הישן על החדש, ולא מפירות הארץ על פירות חוצה לארץ ולא מפירות חוצה לארץ על פירות הארץ; ואם תרמו, אין תרומתן תרומה.**

---

**אָפּשיידן פון זיי קיין תרומה, נאָר אויב מען האָט זיי אויסגעלייזט און זיי זענען שוין געוויינטליכע תבואה, חולין, נאָר ווייל זיי זענען פּטור פון תרומה, טאָר מען פון זיי ניט אָפּשיידן תרומה אויף טבל. וועגן דעם וואָס מען מיינט „מעשר שני״ און זיין „אויסלייזונג״ האָבן מיר געגעבן אין דער הקדמה צו מסכת דמאי; און וועגן „הקדש״ און זיין „אויסלייזונג״ און פאַרוואָס עס איז פּטור פון תרומה האָבן מיר געגעבן אין מסכת פאה פרק א׳ משנה ו׳; זע וועגן דעם אויך אין פירוש צו מסכת ברכות פרק ז׳ משנה א׳.** ולא מן החייב, און ניט פון תבואה, פון וועלכער מען דאַרף יאָ נעמען תרומה, אויף תבואה, פון וועלכער מען איז פּטור צו נעמען תרומה. **ביז איצט האָט די משנה געלערנט, אַז מען טאָר ניט אָפּשיידן פון תבואה, וואָס איז פּטור (ווי לקט, שכחה, פאה און די אַנדערע), אויף תבואה, וואָס איז חייב; איצט לערנט די משנה, אַז אויך פאַרקערט, פון חייב אויף פּטור טאָר מען אויך ניט.** ולא מן הפטור, און אויך ניט פון תבואה, וואָס איז פּטור אויף תבואה וואָס מען איז מחויב אַראָפּצונעמען תרומה. **דאָס אייגנטליך האָט די משנה שוין געלערנט פריער (ביי לקט, שכחה פאה און די אַנדערע), אָבער פריער האָט די משנה ניט געגעבן דעם טעם דערצו און האָט עס אויך ניט געלערנט אלס אלגעמיינעם כלל, אַז בכלל טאָר מען ניט אָפּשיידן פון פּטור אויף חייב; און איצט גיט די משנה דעם אלגעמיינעם כלל, און די מפרשים געבן דערצו אַ ביישפּיל, אַז למשל מען טאָר ניט אָפּשיידן תרומה פון תבואה, וואָס איז נאָכניט געהאַט געוואַקסן אַ דריטל פון זייער גרויס און איז דעריבער פּטור פון תרומה, אויף תבואה, וואָס איז שוין אינגאַנצן צייטיק און מען איז מחויב אַראָפּצונעמען פון איר תרומה.** ולא מן התלוש, און ניט פון אָפּגעשניטענע (תבואה און פּרוכטן) אויף ניט־אָפּגעשניטענע (וואָס זענען נאָך באַהאַפטן צו דער ערד אָדער צום בוים) און אויך ניט פון ניט־אָפּגעשניטענע אויף אָפּגעשניטענע. **ניט־אָפּגעשניטענע תבואה און פּרוכטן זענען פּטור פון תרומה, און אָפּגעשניטענע זענען יאָ מחויב, דעריבער הייסט עס אויך פון „חיוב״ אויף „פּטור״ אָדער פון „פּטור״ אויף „חיוב״.** ולא מן החדש, און ניט פון אַלטער (תבואה, פּרוכטן) אויף נייער, און ניט פון נייער אויף אַלטער. **„ניי״ מיינט מען דאָ תבואה, וואָס איז געוואַקסן היינטיקס יאָר, און „אַלט״ מיינט תבואה וואָס איז געוואַקסן דעם פאַרגאַנגענעם יאָר. ביי תבואה און גרינסן ווערט גערעכנט דער אָנהויב פון נייעם יאָר ראש השנה (ראש חודש תשרי), און ביי ביימער־פּרוכטן ווערט גערעכנט דער אָנהייב פון נייעם יאָר חמשה עשר בשבט ( 15 טאָג אין שבט, דער ראש השנה לאילנות).** ולא מפרות, און ניט פון פּרוכטן, וועלכע זענען געוואַקסן אין ארץ ישראל, אויף פּרוכטן וועלכע זענען געוואַקסן אין חוץ לאָרץ, און ניט פון פּרוכטן פון חוץ לאָרץ אויף פּרוכטן פון ארץ ישראל. **עס איז געווען איינגעפירט ביי יידן אין טייל שכנות־לענדער לעבן ארץ ישראל, ווי אין בבל, סוריא, אַז מען האָט דאָרט אָפּגעשיידט תרומה; אָבער מדאורייתא, לויט דעם דין פון דער תורה, איז מען מחויב אָפּצושיידן נאָר פון ארץ־ישראל־געוויקסן. דעריבער קאָן מען ניט אָפּשיידן תרומה פון ארץ־ישראל־געוויקסן אויף די געוויקסן פון די דאָזיקע לענדער און אויך ניט פאַרקערט.** ואם תרמו, אויב מען האָט יאָ אָפּגעשיידט, איז די תרומה ניט קיין תרומה. **דאָס גייט אַרויף אויף די אַלע פאַלן, וועלכע זענען אויסגערעכנט דאָ אין משנה ה׳, און די משנה זאָגט, אַז ניט נור טאָר מען לכתחילה ניט אָפּשיידן, נאָר אויב מען האָט יאָ אָפּגעשיידט, „בדיעבד״, איז די תרומה ניט קיין תרומה.**

ו. **חמשה לא יתרומו, ואם תרמו תרומתן תרומה: האלם והשכור והערום והסומא ובעל קרי לא יתרומו, ואם תרמו — תרומתן תרומה.**

ז. **אין תורמין לא במדה ולא במשקל ולא במנין, אבל תורם הוא את המדוד ואת השקול ואת המנוי. אין תורמין בסל ובקופה שהם של מדה אבל תורם הוא בהן חצין ושלישן. לא יתרום בסאה חציה, שחציה מדה.**

---

ו. חמשה, פינף (סארטן מענטשן) זאָלן ניט אפשיידן קיין תרומה, און אויב זיי האָבן אָפגעשיידט איז זייער תרומה תרומה. **מחמת מדאורייתא, לויט דעם דין פון דער תורה, מעגן זיי אָפשיידן, נאָר די רבנן האָבן געזאָגט, אז לכתחילה זאָלן זיי עס ניט טאָן. דאָס זענען:** האלם, א שטימער; **מחמת ער קאָן ניט מאכן די ברכה אויף דער מצוה פון אראָפּנעמען תרומה, אָבער ווי מיר האָבן שוין געזאָגט פריער אין משנה ב׳ איז די ברכה ניט מעכב און אויב מען מאכט איר ניט איז אויך די תרומה גוטע תרומה;** והשכור, און דער וואָס איז שכור; **מחמת עס איז ניט דער דרך ארץ צו טאָן א מצוה אין צושטאנד פון שכרות, און ער ווייסט אויך ניט צו נעמען אלס תרומה די גוטע פרוכטן;** והערום, און א נאקעטער; **אויך דאָ איז דער טעם, ווייל נאקעטערהייט טאָר מען ניט מאכן קיין ברכה;** והסומא, און א בלינדער; **וועלכער זעט ניט די תבואה און ער ווייסט ניט וואָס צו נעמען אלס תרומה, און תרומה דארף מען נעמען דאָס גוטע;** ובעל קרי, און דער וואָס האָט געהאט פּאָלוציע אָדער געשלעכטליכן פארקער; **מחמת עס איז-געוועזן א דין, אז א בעל קרי טאָר ניט מאכן קיין ברכה, סיידן ער איז זיך פריער טובל; וועגן בעל קרי האָבן מיר גערעדט אין מסכת ברכות פרק ג׳ משנה ד׳.** ואם תרמו, און אויב (די דאָזיקע פינף), האָבן יאָ אָפגעשיידט, איז זייער תרומה א תרומה. **מחמת די אלע טעמים, פארוואָס זיי טאָרן ניט אפשיידן, זענען נור אויף לכתחילה, אָבער בדיעבד זענען זיי ניט מעכב.**

ז. אין תורמין, מען טאָרניט אפשיידן תרומה מיט א מאָס און ניט מיט דער וואָג און ניט מיט דער צאָל. **מען טאָר ניט מעסטן און ניט וועגן און ניט ציילן; נאָר מען דארף אראָפּנעמען תרומה „אויפן אויג״, לויט אפשאצונג. דאָס ווערט אָפּגעלערנט פון פסוק „ונחשב״; און דער טעם איז כדי מען זאָל געבן מיט א גוט אויג (בעין יפה), בריות.** אבל, אָבער מען מעג אפשיידן תרומה פון (געוויקסן), וועלכע זענען געמאָסטן, אָדער געוואויגן, אָדער געציילט. **די תרומה זעלבסט טאָר ניט זיין געמאָסטן, אָדער געוואויגן אָדער געציילט; אָבער די תבואה און פרוכטן, פון וועלכע מען שיידט אָפּ די תרומה מעגן יאָ זיין.** אין תורמין, מען טאָרניט אפשיידן תרומה מיט א קויש אָדער א גרויסן קויש, ווייל זיי זענען א מאָס. **און מיר האָבן שוין פריער געלערנט, אז מען טאָר ניט אפשיידן תרומה מיט א מאָס.** אבל, אָבער מען מעג אפשיידן אין זיי (דעם קויש אָדער דעם גרויסן קויש, ווען מען נעמט זיי ניט פול, נאָר) אין זייער העלפט אָדער זייער דריטל. **מחמת, ווען מען נעמט ניט דעם גאנצן קויש, נאָר אין א טייל פון אים, ווייסט מען דאָך ניט גענוי וויפיל, און ממילא הייסט עס, ווי מען שיידט-אָפּ לויט אפשאצונג, „אויפן אויג״.** לא יתרום בסאה, מען טאָר ניט אפשיידן תרומה מיט א סאה-כלי (א כלי, וואָס האלט א סאה, דאָס איז א מאָס פון 6 „טעפּ״, 6 „קבים״, און מען פלעגט דערמיט מעסטן תבואה) אין א העלפט (פון דער סאה-כלי), ווייל איר העלפט איז אויך א מאָס. **אין דער סאה-כלי פלעגט געוויינליך זיין אין דער העלפט פון דער כלי א צייכן, אז ביז דאָנען איז א העלפט; ממילא הייסט עס אויך אָפּגעשיידט תרומה מיט א מאָס. און אפילו מיט א סאה-כלי, אין וועלכער דער צייכן איז ניט פאראן, טאָר מען אויך ניט אָפּשיידן, כדי מען זאָל זיך ניט מתיר זיין אפצו-שיידן מיט א סאה-כלי וועלכע האָט יאָ דעם צייכן.**

**ח. אין תורמין שמן על זיתים הנכתשין ולא יין על ענבים הנדרכות; ואם תרם, תרומתו תרומה, ויחזור ויתרום. הראשונה מדמעת בפני עצמה וחייבין עליה חומש, אבל לא שניה.**

---

ח. אין תורמין, מען טאָר ניט אפשיידן תרומה פון אייל אויף איילבירטן, וואָס זענען צושטויסן (כדי ארויסצונעמען פון זיי אייל), און ניט פון וויין אויף ווייַנטרויבן, וואָס זענען צעטרעטן (כדי ארויסצונעמען פון זיי וויין); און אויב מען האָט אפגעשיידט תרומה (פון דעם אייל אויף די איילבירטן און פון דעם וויין אויף די ווייַנטרויבן) איז עס תרומה, נאָר מען דאַרף נעמען תרומה נאָכאַמאָל. עס זענען פאַראַן צוויי אופנים ווי צו באַנוצן איילבירטן און ווייַנטרויבן. איינער איז: מען צושטויסט די איילבירטן, כדי דערנאָך ארויסצוקוועטשן פון זיי אייל, און די דאָזיקע איילבירטן הייסן „זיתים הנכתשין" (צושטויסענע איילבירטן); און מען צעטרעט די ווייַנטרויבן, כדי פון זיי ארויסצופרעסן וויין, און די דאָזיקע ווייַנטרויבן הייסן „ענבים הנדרכות" („צוטרעטענע ווייַנטרויבן"). דער צווייטער איז: מען לייגט־אַריין די איילבירטן (אין עסיג אָדער וואַסער), כדי זיי זאָלן ווערן ווייכער און מען זאָל עסן די איילבירטן אַזוי ווי זיי זייַנען, און זיי הייסן „זיתים הנכבשין" („אייַנגעלייגטע איילבירטן"); און מען טריקנט די ווייַנטרויבן און זיי ווערן געטריקנטע טרויבן צום עסן, און זיי הייסן „ענבים לעשותן צימוקים" („ווייַנטרויבן אויף צו מאַכן פון זיי געטריקנטע טרויבן", ראָזשינקעס, צום עסן). זאָגט די משנה, אַז פון אייל טאָר מען ניט נעמען תרומה אויף די צעטרעטענע ווייַנטרויבן. דער טעם איז, ווייל אַרום די דאָזיקע איילבירטן און ווייַנטרויבן דאַרף מען דאָך נאָך טאָן אַ ארבייט, ארויסנעמען דעם אייל און דעם וויין, הייסט דאָס אַ ביסל אַ „זאַך וואָס איז ניט פאַרענדיקט" („דבר שאינו גמור"), און מען טאָר ניט נעמען תרומה פון אַ פאַרענדיקטער זאַך (ווי אייל און וויין) אויף אַ ניט־פאַרענדיקטער זאַך. דער ירושלמי גיט נאָך אַ טעם, אַז דאָס איז כדי מען זאָל אָפּהיטן שטרענג ניט טמא צו מאַכן די איילבירטן פאַר אייל און די ווייַנטרויבן פאַר וויין, און אויב מען וועט מוזן פון זיי אַליין אָפּשיידן תרומה וועט מען מיט זיי זייַן פאָרזיכטיקער, כדי ניט מטמא צו זייַן די הייליקע תרומה. אָבער אַזוי ווי דאָס איז פאַרבאָטן ניט מדאורייתא, ניט פון דער תורה, נאָר מדרבנן, דורך די חכמים, דעריבער, אויב מען האָט יאָ אַראָפּגענומען איז עס תרומה, אָבער מען באַשטראָפט דעם תרומה־נעמער, אַז ער מוז נאָך אַמאָל נעמען תרומה. עס זענען דעריבער פאַראַן צוויי תרומות, די ערשטע און די צווייטע. הראשונה, די ערשטע (וועלכע איז די ריכטיקע תרומה) איז „מדמע" אַליין. מיט „מדמע", „פאַרמישן", מיינט מען, אַז אויב תרומה פרוכטן מישן זיך אויס מיט פרוכטן פון חולין, ניט־תרומה, און דער חולין איז ניט 100 מאָל אַזוי פיל ווי די תרומה, ווערט עס „דמוע", און נור אַ כהן מעג עס עסן. זע ווייטער אין פרק ג' משנה ו' וועגן „דמע" אַלס „תרומה". די ערשטע תרומה, ווייל זי איז די ריכטיקע, אויב זי מישט זיך אויס מיט חולין, מיט ניט־תרומה, מאַכט זי דעם געמיש „דימוע" און נור אַ כהן מעג עס עסן. וחייבין, און מען דאַרף באַצאָלן פאַר איר דאָס פיפטל (חומש). דער דין איז, אַז אויב אַ ישראל אָדער אַ לוי עסט בשוגג (ניט־וויסנדיק) תרומה און דערנאָך ווערט ער געוואויר, אַז ער האָט געגעסן תרומה, דאַרף ער באַצאָלן צו אַ כהן וויפיל די תרומה האָט באַטראָפן, (דעם „קרן") און דאַרף נאָך צו־צאָלן אַ פערטל פון דער תרומה, דאָס הייסט אַ „פיפטל" פון דער גאַנצער באַצאָלונג (די 4 פערטל פון דער תרומה, און דאָס פערטל „חומש"). זאָגט די משנה, אַז אויב אַ ישראל צי אַ לוי עסט די ערשטע (ריכטיקע) תרומה בשוגג, דאַרף ער, אַ חוץ דעם קרן, פאַר דער תרומה אַליין, אויך באַצאָלן דאָס פיפטל, דעם חומש. אבל, אָבער ניט די צווייטע תרומה. זי מאַכט ניט קיין „דימוע", ווען זי מישט זיך אויס מיט חולין; און מען דאַרף ניט באַצאָלן פאַר איר דעם חומש, דאָס פיפטל; מחמת דאָס איז ניט די ריכטיקע תרומה.

**ט. ותורמין שמן על זיתים הנכבשין, ויין על ענבים לעשותם צמוקים. הרי שתרם שמן על זיתים לאכילה וזיתים על זיתים לאכילה ויין על ענבים לאכילה וענבים על ענבים לאכילה ונמלך לדרכן, אינו צריך לתרום.**

**י. אין תורמין מדבר שנגמרה מלאכתו על דבר שלא נגמרה מלאכתו, ולא מדבר שלא נגמרה מלאכתו על דבר שנגמרה מלאכתו, ולא מדבר שלא נגמרה מלאכתו על דבר שלא נגמרה מלאכתו. ואם תרמו, תרומתן תרומה.**

## פרק ב.

**א. אין תורמין מטהור על הטמא, ואם תרמו, תרומתן תרומה.**

---

ט. ותורמין, אָבער מען מעג אָפּשיידן תרומה פון אייל אויף איינגעלייגטע אייל־בירטן (צום עסן), און וויין אויף ווײַנטרויבן צום מאכן פון זיי געטריקנטע טרויבן (ראָזשינקעס, צום עסן). **ווייל דאָס הייסט פון א פאַרענדיקטער אויף א פאַרענדיק־טער זאך (עס־איילבירטן און עס־טרויבן); און לויטן פירוש פון ירושלמי איז דאָ ניטאָ וואָס מורא צו האָבן פאר מאכן טמא אייל און וויין, מחמת די איילבירטן און די ווייַנטרויבן זענען דאָך צום עסן.** הרי, אויב איינער האָט אָפּגעשיידט תרומה פון אייל אויף איילבירטן־צום עסן אָדער פון סתם־איילבירטן אויף איילבירטן־צום עסן, אָדער וויין אויף ווייַנטרויבן־צום־עסן, אָדער סתם־ווייַנטרויבן אויף ווייַנטרויבן־צום־עסן, און דערנאָך האָט ער זיך מיישב געווען און באַשלאָסן (די איילבירטן־צום־עסן און די ווייַנטרויבן־צום־עסן) צוצעטרעטן (און צו מאכן פון זיי אייל און וויין), דאַרף ער נאָכאמאָל ניט אָפּשיידן קיין תרומה. **מחמת דעמאָלס ווען ער האָט אָפּגעשיידט תרומה, האָט ער דאָך ריכטיק געטומען, מחמת די איילבירטן און די ווייַנטרויבן זענען דאָך געווען באַשטימט צום עסן; דעריבער האָבן די חכמים אים ניט באַשטראָפט, אז ער זאָל דאַרפן אָפּשיידן נאָכאמאָל תרומה.**

י. אין תורמין, מען טאָרניט אָפּשיידן תרומה פון א זאך, (תבואה אָדער פּרוכטן), וואָס איר ארבייט איז שוין פאַרענדיקט, אויף א זאך (תבואה אָדער פּרוכטן) וואָס איר ארבייט איז נאָכניט פאַרענדיקט. **דער ברטנורא גיט דאָ אלס ביישפּיל א באַרג (כרי) אויסגעדראָשענער ווייץ, פון וועלכן מען האָט נאָכניט אראָפּגענומען פון דער הויך די פּלעווּעס, מען האָט אים נאָכניט גליאַטיק געמאכט (לא נתמרח); דאָס הייסט ,,נאָכניט פאַרענדיקט די ארבייט", און מען טאָר פון אים ניט אָפּשיידן תרומה אויף ריינעם ווייץ.** ולא, און אויך ניט פון א זאך וואָס איר ארבייט איז נאָכניט פאַרענדיקט, אויף א זאך וואָס איר ארבייט איז שוין פאַרענדיקט; און אויך ניט פון א זאך וואָס איר ארבייט איז ניט פאַרענדיקט אויף א זאך וואָס איר ארבייט איז ניט פאַרענדיקט. **אויך דאָס טאָר מען ניט, ווייל מען דאַרף נעמען תרומה נאָר פון תבואה און פּרוכטן, ארום וועלכע מען דאַרף ניט מער ארבייטן.** ואם תרם, אָבער אויב מען האָט יאָ אָפּגע־שיידט, איז די תרומה יאָ תרומה. **די אלע פאַרבאָטן זענען נור לכתחילה, און בדיעבד איז עס תרומה. דער ירושלמי זאָגט, אז אין דער משנה ד' מיינט מען, אז ער האָט אָפּ־געשיידט די תרומה אָן דער הסכמה פון כהן, און דאָ מיינט מען מיט דער הסכמה פון כהן, וועלכער האָט דאָס רעכט מסכים צו זיין צו נעמען תרומה פון ניט־פאַרענדיקטע זאכן.**

## פרק ב.

א. אין תורמין, מען טאָרניט אָפּשיידן תרומה פון (געוויקסן וואָס זענען) טהור אויף (געוויקסן וואָס זענען) טמא. **געוויקסן ווערן טמא, ווען זיי ווערן אָנגערירט דורך א טמא זאך, דורך א טויטן שרץ, דורך א מענטש וואָס איז טמא, אָדער טייל אנדערע טמא־זאכן. דער טעם פארוואָס מען טאָר ניט אָפּשיידן פון טהור אויף טמא איז, ווייל מען דאַרף אָפּשיידן תרומה ,,מן המוקף", פון תבואה אָדער פּרוכטן, אָדער גרינס,**

באמת אָמרו, העגול של דבלה שנטמא מקצתו, תורם מן הטהור שיש בו על הטמא שיש בו. וכן אגודה של ירק וכן ערימה. היו שני עיגולין, שתי אגודות, שתי ערמות, אחת טמאה ואחת טהורה, לא יתרום מזה על זה. ר׳ אליעזר אומר, תורמין מן הטהור על הטמא.

ב. אין תורמין מן הטמא על הטהור; ואם תרם, שוגג, תרומתו

---

וואָס געפינען זיך ממש דערלעבן; און אויב מען וועט אפשיידן פון טהור אויף טמא איז דאָ מורא צו האָבן, טאָמער וועט דער אפשיידער, כדי ניט צו דערלאָזן אז די טמא־געוויקסן זאָלן אָנרירן די טהור־געוויקסן, אָפרוקן ווייט די טהור־געוויקסן, און עס וועט ניט זיין „מן המוקף״, פון דער נאָנט. ואם תרמו, און אויב מען האָט אָפּגעשיידט איז די תרומה יאָ תרומה, ווייל דאָס איז נור א חשש, און בדיעבד, אז מען האָט שוין אָפּגעטאָן, האָט מען מתיר געווען. באמת אמרו, מען האָט באמת געזאָגט, אז א קיילעכיקע קנויל (עיגול) פון געפּרעסטע פייגן (דבלה), וואָס א טייל דערפון (פון די פייגן) איז טמא געוואָרן, מעג מען אָפשיידן תרומה פון דעם טהור־טייל פון דעם פייגן־קנויל אויף זיין טמא־טייל. א קנויל פון פייגן, כאָטש די פייגן זענען צוגעקלעבט איינער צום אנדערן, ווערט בנוגע צו טומאה באטראכט (ווי עס זאָגט די משנה אין טבול יום פרק ב׳ משנה ג׳) ניט ווי איין גרויסע פייג, נאָר ווי באזונדערע פייגן. דעריבער ווען א טמא זאַך רירט־אָן איינעם פון די פייגן אין דעם קנויל ווערט טמא נור די פייג און די דאָזיקע פייג איז מטמא די שכנותדיקע פייגן, וועלכע רירן איר אָן; אָבער די דאָזיקע לעצטע פייגן קאָנען שוין מער ניט מטמא זיין אנדערע פייגן, ווייל זיי הייסן שוין א „שלישי״ (דער דריטער פון דער ערשטער טמא־זאַך). קומט אויס, אז אין דעם קנויל פייגן זענען פאראן טמא־פייגן און טהור־פייגן, זאָגט דאָ די משנה, אז כאָטש ווען מען האָט פאר זיך צוויי באזונדערע קוישן פרוכטן, איינע זענען טמא און די אנדערע זענען טהור, טאָר מען ניט אָפשיידן תרומה פון די טהור אויף די טמא, פונדעסטוועגן ביי א קנויל פייגן מעג מען יאָ אפשיידן תרומה פון די טהור־פייגן וואָס זענען דאָ אין אים, אויף זיינע טמא־פייגן. דער אויסדרוק „באמת אמרו״, „מען האָט געזאָגט באמת״ איז ווי א הלכה למשה מסיני, אויף וועלכער עס איז ניט פאראן קיין מחלוקה. וכן, און דער זעלבער דין איז אויך מיט א בינטל גרינס, און אויך מיט א קופּע (פון תבואה). אויב עס זענען פאראן אין דעם בינטל גרינסן אָדער אין דער קופּע תבואה טמא־טיילן און טהור־טיילן, מעג מען אפשיידן תרומה פון טהור־טייל אויף דעם טמא־טייל, און זיי האָבן דעמזעלבן דין וואָס דער קנויל פייגן. היו, אויב עס זענען געווען צוויי קנוילן (עיגולין) פייגן, אָדער צוויי בינטלעך (אגודות) גרינסן, אָדער צוויי קופּעס (ערימות) תבואה, און איינע איז געווען טמא און די אנדערע טהור, טאָר מען ניט אפשיידן תרומה פון דעם טהור אויף דעם טמא. מחמת דאָס זענען שוין צוויי באזונדערע זאכן. ר׳ אליעזר זאָגט, אז מען מעג אפשיידן תרומה פון טהור אויף טמא. ווייל ר׳ אליעזר האלט, אז מען דארף ניט מורא האָבן, טאָמער וועט מען אָפשיידן תרומה ניט „מן המוקף״, ניט פון דערלעבן.

ב. אין תורמין, מען טאָר ניט אָפשיידן תרומה פון טמא אויף טהור. דאָ איז דער דין הארבער פון דעם דין אין דער פריערדיקער משנה א׳. דאָרט האָט מען גענומען די תרומה פון די טהור־פרוכטן, אויף טמא־פרוכטן, און די תרומה איז דאָך געבליבן טהור. אָבער דאָ, ווען מען שיידט אָפּ תרומה פון טמא־פרוכטן, מאכט מען דאָך די תרומה טמא, און טמא־תרומה דארף מען דאָך פארברענען, דער כהן טאָר איר דאָך ניט עסן, און עס איז פאראן א דין, אז מען טאָר ניט מטמא זיין קיין תרומה. דעריבער זאָגט די משנה ווייטער: ואם תרם, אויב ער האָט יאָ אָפּגעשיידט תרומה (פון טמא אויף טהור), איז אויב ער האָט עס געטאָן בשוגג (ער האָט ניט געוואוסט, אז די תרומה איז טמא), איז די תרומה יאָ תרומה, אָבער אויב ער האָט עס געטאָן במזיד (ער האָט

**תרומה, ומזיד — לא עשה כלום. וכן בן לוי שהיה לו מעשר טבל, היה מפריש עליו והולך, שוגג, מה שעשה עשוי, מזיד, לא עשה כלום. ר׳ יהודה אומר, אם היה יודע בו בתחלה, אף על פי שהוא שוגג, לא עשה כלום.**

**ג. המטביל כלים בשבת, שוגג ישתמש בהם, מזיד לא ישתמש בהם.**

---

געוואוסט), האָט ער גאָרניט געטאָן. **אין דער גמרא יבמות פ״ט זענען פאראן צוויי מיינונגען וועגן דעם אויסדרוק „האָט ער גאָרניט געטאָן״, „לא עשה כלום״. איין מיינונג איז, אז די תרומה איז קיין תרומה ניט, און אפילו דאָס וואָס ער האָט אָפּגעשיידט אלס תרומה איז אויך ווייטער טבל; און די צווייטע מיינונג איז, אז די תרומה איז יאָ תרומה, נאָר די חכמים האָבן אים באשטראָפט, אז ער מוז נעמען נאָכאמאָל תרומה (דאָס מאָל פון טהור). די גמרא פסחים ל״ג זאָגט, אז ווען איז די תרומה (בשוגג) יאָ תרומה, נאָר אויב די טמא־פרוכטן זענען געוואָרן טמא נאָכדעם ווי זיי זענען געוואָרן ראוי, גוט צו נעמען פון זיי תרומה („היתה לו שעת הכושר״).** וכן, און אזוי איז אויך אויב א לוי (בן לוי, א זון פון א לוי, א זון פון שבט לוי) האָט געהאַט מעשר טבל (דאָס הייסט, ער האָט נאָכניט געהאַט אראָפּגענומען דערפון די תרומת מעשר, וואָס ער דאַרף געבן צום כהן), און ער האָט דערפון כסדר אפּגעשיידט (תרומת מעשר) אויף אנדערע פרוכטן (און עס האָט זיך ארויסגעוויזן אז דער דאָזיקער מעשר איז געווען טמא, און תרומת מעשר וואָס איז טמא דאַרף מען פארברענען, אזוי ווי תרומה), איז אויב ער איז געווען א שוגג (דער לוי האָט ניט געוואוסט אז עס איז טמא), איז וואָס ער האָט געטאָן איז אָפּגעטאָן (די תרומת מעשר, וואָס ער האָט אָפּגעשיידט, איז תרומת מעשר); אויב אָבער ער איז געווען א מזיד (ער האָט געוואוסט אז עס איז טמא) איז זיין טאָן גאָרניט אָפּגעטאָן (און דאָס וואָס ער האָט אָפּגעשיידט תרומת מעשר, האָט ניט קיין ווערט). **די משנה לערנט דאָ, אז אין דעם דין דאָס אויב מען שיידט אָפּ תרומה פון טמא אויף טהור, אויב עס איז בשוגג איז עס תרומה, און אויב במזיד איז עס ניט קיין תרומה, איז ניט קיין אונטערשיד צווישן תרומה און תרומת מעשר. וועגן תרומת מעשר געבן מיר אין אונזער הקדמה צו מסכתא דמאי.** ר׳ יהודה זאָגט, אויב דער לוי האָט פריער געהאַט געוואוסט (אז דער מעשר איז טמא), איז כאָטש ער איז שפּעטער געווען א שוגג (ער האָט פארגעסן, אז דער מעשר איז טמא און ער האָט אָפּגעשיידט פון אים תרומת מעשר) הייסט זיין טאָן גאָר ניט געטאָן. **דער תרומת מעשר, וואָס ער האָט אָפּגעשיידט, איז ניט קיין תרומת מעשר, מחמת קוים האָט ער פריער יאָ געוואוסט, הייסט עס ווי „קרוב למזיד״, ווי א שטיקל מזיד. אויף דער דאָזיקער משנה זענען פאראן עטליכע טייטשן, און מיר האָבן דאָ געגעבן נור איין טייטש, און דאָס איז פון ר״ש און ער ווערט אויך געבראַכט אין ברטנורא.**

ג. המטביל, אז איינער איז טובל כלים אים שבת (וואָס זענען טמא געוואָרן, און אז מען איז זיי טובל אין מקוה ווערן זיי טהור און מען קאָן זיי נוצן), איז אויב ער איז געווען א שוגג (ער האָט ניט געוואוסט אז עס איז שבת) מעג ער זיי (די כלים) נוצן (אים שבת); אָבער אויב ער איז געווען א מזיד (ער האָט געוואוסט, אז עס איז שבת) טאָר ער זיי ניט נוצן. **מען טאָר ניט טובל זיין טמא כלים אים שבת, ווייל עס הייסט „מתקן מנא״, מען „פאַרריכט כלים״, מחמת ווען מען מאכט זיי טהור קאָן מען זיי נוצן און עס הייסט, אז ביז איצט זענען זיי געווען קאליע און איצט זענען זיי געוואָרן פאראכטן. דעריבער אויב ער האָט עס געטאָן במזיד, באשטראָפט מען אים, אז אים שבת טאָר ער די כלים ניט באנוצן; אָבער מוצאי שבת מעג ער.** המעשר והמבשל, אז איינער שיידט אָפּ מעשר פון טבל־תבואה, (וועלכע מען טאָר ניט עסן, אויב מען האָט ניט אראָפּגענומען תרומה און מעשרות) אים שבת, אָדער ער קאָכט אָפּ עסן אים שבת, איז אויב ער איז געווען א שוגג (ער האָט ניט געוואוסט אז עס איז שבת) מעג ער עס

**המעשר והמבשל בשבת, שוגג יאכל, מזיד לא יאכל. הנוטע בשבת, שוגג יקיים, מזיד יעקור. ובשביעית, בין שוגג בין מזיד יעקור.**

**ד. אין תורמין ממין על שאינו מינו, ואם תרם, אין תרומתו תרומה. כל מין חטים אחד. כל מין תאנים וגרוגרות ודבלה אחד, ותורם מזה על זה. כל מקום שיש כהן תורם מן היפה, וכל מקום שאין כהן, תורם מן המתקיים. ר׳ יהודה אומר, לעולם הוא תורם מן היפה.**

---

עסן (אים מוצאי שבת); אָבער אויב ער איז געווען א מזיד טאָר ער עס ניט עסן. **מען טאָר ניט אָפשיידן סיי תרומה און סיי מעשרות אים שבת, ווייל מען „פאַר־ריכט" דערמיט די תבואה און פרוכטן; מען מאכט זיי, אז מען זאָל זיי מעגן עסן.** הנוטע, אז איינער פלאנצט אים שבת, אויב ער איז געווען א שוגג, מעג ער עס (דאָס געפלאנצטע) לאָזן וואקסן; אויב אָבער א מזיד זאָל ער עס (נאָך שבת) אויסרייסן. **דאָ איז הארבער ווי דער קאָכן, אָדער ביים נעמען מעשר אים שבת וואָס מען מעג עסן נאָך שבת; מחמת דאָ האָט ער דאָך באלד געפלאנצט, אז ער זאָל האָבן דעם בוים אָדער די תבואה שפּעטער, דעריבער באשטראָפט מען אים, אז ער זאָל עס אויסרייסן. אזוי זאָגט די „משנה ראשונה".** ובשביעית, אָבער אז איינער פלאנצט אין שמיטה־יאָר סיי ער איז געווען א שוגג(ניט געוואוסט, אז עס איז שמיטה) סיי א מזיד, דארף ער אויס־רייסן. **דער טעם איז, ווייל טאָן א מלאכה אים שבת איז זייער א הארבע עבירה, און יידן זענען ניט חשוד אויף צו טאָן א מלאכה אים שבת, דעריבער האָט מען ניט גע־דארפן אזוי פיל גוזר זיין; אָבער בנוגע שמיטה זענען טייל יידן יאָ חשוד געווען ניט אָפּצוהיטן די דינים פון שמיטה, דעריבער האָט מען אפילו ביי א שוגג געהייסן אויס־רייסן.**

ד. אין, מען טאָר ניט אפשיידן תרומה פון איין מין אויף אן אנדערן מין, און אויב מען האָט אָפגעשיידט איז די תרומה ניט קיין תרומה. **מען מיינט דאָ, למשל, פון ווייץ אויף גערשטן, אָדער פון טייטלען אויף פייגן, דאָס הייסט פון איין מין אויף אן אנדערן מין.** כל מין, אלע סאָרטן ווייץ זענען איינס. מען מעג, למשל, אפשיידן תרומה **פון ברוינעם ווייץ אויף ווייסן ווייץ, ווייל אלע סאָרטן ווייץ הייסן ווייץ.** כל מין תאנים, אלע סאָרטן פייגן, געטריקענטע פייגן און געפרעסטע פייגן זיינען איינס, און מען קאָן אָפשיידן תרומה פון איינעם אויפן אנדערן. „תאנה" **הייסט די פייכטע פייג, וואָס מען נעמט אראָפּ פון בוים; נאָכדעם ווי מען טריקנט אויס די פייג הייסט זי „גרוגרת", אויס־געטריקנטע פייג; ווען מען פרעסט צוזאמען די פייגן אין איין קנויל הייסן זיי „דבלה". זאָגט די משנה, אז בנוגע תרומה הייסן די אלע סאָרטן פייגן (אפילו ווען טייל זענען שווארצע און טייל ווייסע) איין מין, און מען קאָן אפשיידן תרומה פון איינעם אויפן אנדערן, און אויך פון פייכטע פייגן אויף געטריקענטע.** כל מקום, אין יעדן אָרט, וואו עס איז דאָ א כהן (און מען קאָן אים באלד אוועקגעבן די תרומה), דארף מען די תרומה נעמען פון דעם בעסטען (מן היפה). **מען דארף נעמען תרומה פון די בעסטע פייגן, (למשל די פייכטע פייגן זענען בעסער פון די געטריקנטע פייגן), פון דעם בעסטן ווייץ, און מען דארף ניט קוקן דערויף צו די דאָזיקע בעסטע פייגן אָדער בעסטע ווייץ וועלן ניט קאָנען לאנג ליגן, מחמת מען קאָן דאָך די תרומה באלד אוועקגעבן דעם כהן.** וכל מקום שאין, אָבער אין יעדן אָרט וואו עס איז ניטאָ קיין כהן, זאָל מען אָפשיידן תרומה פון דעם סאָרט, וואָס קאָן זיך לאנג האלטן. **אפילו דער דאָזיקער סאָרט (למשל געטריקענטע פייגן) איז ערגער, דארף מען פון אים נעמען די תרומה, מחמת מען מוז זי דאָך לאָזן ליגן ביז עס וועט קומען אכהן און זי צונעמען.** ר׳ יהודה זאָגט, אז שטענדיק דארף מען אפשיידן תרומה פון דעם בעסטן. **אפילו עס איז ניטאָ קיין כהן, דארף מען אויך נעמען תרומה פון בעסערן סאָרט, כאָטש ער קאָן זיך לאנג ניט האלטן, און ניט נעמען פון ערגערן סאָרט, כאָטש ער קאָן זיך האלטן לענגער.**

ה. תורמין בצל קטן שלם, ולא חצי בצל גדול, ר' יהודה אומר, לא כי, אלא חצי בצל גדול. וכן היה ר' יהודה אומר, תורמין בצלים מבני המדינה על הכפרים אבל לא מן הכפרים על בני המדינה מפני שהוא מאכל פוליטיקין.

ו. ותורמין זיתי שמן על זיתי כבש, ולא זיתי כבש על זיתי שמן; ויין שאינו מבושל על המבושל, ולא מן המבושל על שאינו מבושל. זה הכלל, כל שהוא כלאים בחברו, לא יתרום מזה על זה, אפילו מן היפה

---

ה. תורמין, מען דארף אָפּשיידן תרומה (פון ציבעלעס) א קליינע ציבעלע א גאנצע, און ניט א האלבע גרויסע ציבעלע, ווייל א גאנצע ציבעלע, כאָטש זי איז א קליינע, קאָן לענגער ליגן ביז דער כהן וועט קומען און איר נעמען. ר' יהודה זאָגט, אז ניט אַזוי, נאָר מען זאָל אפשיידן גלייכער א האלבע ציבעלע א גרויסע. מחמת די גרויסע ציבעלע איז בעסער. און ר' יהודה האָט אין דער פריערדיקער משנה גע־לערנט, אז מען זאָל אָפּשיידן תרומה פון בעסערן, כאָטש ער קאָן ניט לאנג ליגן. וכן, און אזוי האָט ר' יהודה געזאָגט, אז מען שיידט אָפּ תרומה פון ציבעלעס פון די שטאָטישע אויף די דאָרפישע, אָבער ניט פון די דאָרפישע אויף די שטאָטישע, מחמת די שטאָטישע (ציבעלעס) איז א מאכל פון חשובע מענטשן (פוליטיקין). „בני המדינה", מיינט מען דאָ ציבעלעס, וואָס מען האָדעוועט אין דער שטאָט (מדינה איז דאָ דער טייטש „די גרעסערע שטאָט") מיט שטארקער, רייכער קינסטליכער באוואסערונג, און זיי קומען ארויס בעסערע, און זיי קאָסטן טייערער, און זיי ווערן געגעסן מייסטנס דורך רייכע, שטאָטישע לייט, דורך די „פוליטיקין" (פון גריכישן וואָרט „פּאָליטי־קאָי", שטאָטישע מענטשן). אָבער די דאָזיקע ציבעלעס קאָנען לאנג ניט ליגן. דאָקייגן די „כופרים" (פון וואָרט „כפר", „דאָרף"), די דאָרפישע זענען קלענערע און ערגע־רע ציבעלעס, זיי ווערן געגעסן דורך די דאָרפישע מענטשן, אָבער זיי קאָנען ליגן לענגער. זאָגט ר' יהודה, אז די תרומה זאָל מען נעמען פון די שטאָטישע ציבעלעס (אויב מען האָט צוזאמען ביידע סאָרטן ציבעלעס), ווייל זיי זענען בעסערע.

ו. ותורמין, און מען זאָל אָפּשיידן תרומה פון אייל־איילבירטן אויף איינליג־אוילבירטן, אָבער ניט פון איינליג־איילבירטן אויף אייל־איילבירטן. עס זענען פאראן איילבירטן, וואָס מען נעמט פון זיי ארויס אייל, „זיתי שמן", און דאָס איז א גוטער סאָרט איילבירטן; און עס זענען פאראן איילבירטן, ערגערע, פון וועלכע מען קאָן אייל ניט ארויסנעמען, און זיי לייגט מען איין אין עסיג צי וואסער, צום עסן, „זיתי כבש" (פון וואָרט „כבוש", איינלייגן). זאָגט די משנה, אז די תרומה דארף גענומען ווערן פון בעסערן סאָרט. ויין, און מען זאָל אָפּשיידן תרומה פון ניט־געקאָכטן וויין אויף געקאָכטן וויין, אָבער ניט פון געקאָכטן אויף ניט־געקאָכטן. מחמת דער געקאָכטער וויין איז דער ערגערער סאָרט וויין, און תרומה דארף מען נעמען פון בעסערן סאָרט. זה הכלל, דאָס איז א כלל, אלץ וואָס איז כלאים מיט דעם אנדערן מין, טאָר מען ניט אָפּשניידן תרומה פון איינעם אויף דעם אנדערן, אפילו פון א בעסערן אויף אן ערגערן. אויב מען האָט צוויי מינים תבואות, למשל ווייץ און גערשטן, כאָטש דער ווייץ איז בעסער פונם גערשטן, טאָר מען ניט אפשיידן תרומה פונם ווייץ אויפן גערשטן (און אודאי ניט פון גערשטן אויפן ווייץ), מחמת די ביידע מינים טאָר מען ניט זייען צו־זאמען, זיי זענען כלאים איינער מיט'ן צווייטן, הייסן זיי דעריבער צוויי באזונדערע מינים. וכל שאינו, און אלץ וואָס איז ניט קיין כלאים מיט דעם אנדערן מין, מעג מען אָפּשיידן תרומה (פון איינעם אויפן אנדערן) פון דעם בעסערן אויף דעם ערגערן, אָבער ניט פון דעם ערגערן אויף דעם בעסערן; און אויב מען האָט אָפּגעשיידט פון ערגערן אויפן בעסערן איז די תרומה א תרומה. די משנה גיט דאָ א כלל, כדי מען זאָל וויסן, וואָס מען מיינט אין דער פריערדיקער משנה ד', אז מען קאָן ניט אפשיידן תרומה פון

**על הרע; וכל שאינו כלאים בחברו, תורם מן היפה על הרע, אבל לא מן הרע על היפה. ואם תרם מן הרע על היפה, תרומתו תרומה, חוץ מן הזונין על החטים, שאינן אוכל. והקישות והמלפפון מין אחד. ר' יהודה אומר, שני מינין.**

## פרק ג.

**א. התורם קישות ונמצאת מרה, אבטיח ונמצאת סרוחה, תרומה ויחזור ויתרום. התורם חבית של יין ונמצאת של חומץ, אם ידוע שהיתה של חומץ עד שלא תרמה, אינה תרומה. אם משתרמה החמיצה, הרי זו**

---

**איין מין אויף אן אנדערן; און די משנה דאָ זאָגט, אז צוויי באזונדערע מינים הייסן אזעלכע, וועלכע זענען כלאים איינער מיט דעם אנדערן. אין ערשטן פרק פון מסכתא כלאים ווערט געלערנט וועגן די מינים וואס זענען כלאים איינער מיטן אנדערן.** חוץ, אן אויסנאם (צו דעם דין, אז וואס עס איז ניט כלאים איינער מיטן אנדערן מעג מען אָפּשיידן תרומה פון איינעם אויפן אנדערן) איז דאָס אָפּשיידן תרומה פון זונין (שווארצע קערנדלעך) אויף ווייץ, ווייל זיי (די „זונין") זענען ניט קיין עסן. **דאָס הייסט כאָטש די משנה אין כלאים פרק א' זאָגט, אז ווייץ און זונין זענען ניט קיין כלאים איינער מיטן אנדערן, טאָר מען פון זונין אויף ווייץ ניט אָפּשיידן קיין תרומה, מחמת זונין איז ניט קיין מאכל פון מענטשן.** והקישות, און די אוגערקע והמלפפון, און דער זיסער מעלאָן, זענען (ביידע) איין מין (און מען מעג דעריבער אפּשיידן תרומה פון איינעם אויף דעם אנדערן); ר' יהודה זאָגט, אז זיי זענען צוויי מינים (און מען טאָר ניט אפּשיידן תרומה פון איינעם אויף דעם אנדערן). **די זעלבע מחלוקה האָבן מיר געהאט אין מסכתא כלאים פרק א' משנה ב', וואו די סתם משנה זאָגט, אז די אוגערקע און דער זיסער מעלאָן זענען ניט קיין כלאים איינער מיטן אנדערן, און ר' יהודה זאָגט, אז זיי זענען יאָ כלאים איינער מיטן אנדערן.**

## פרק ג.

א. התורם, אז איינער שיידט־אָפּ תרומה אן אוגערקע און זי האָט זיך ארויסגעוויזן ביטער, אָדער ער האָט אפּגעשיידט תרומה אן ארבוז (אבטיח, וואסער־מעלאָן) און ער האָט זיך ארויסגעוויזן קאליע (סרוח, פארשטינקען), איז עס תרומה (ווי מען שיידט אָפּ פון שלעכטס אויף גוטס) אָבער ער דארף נעמען נאָכאמאָל תרומה. **מחמת ער האָט געדארפן פריער זען, צי די אוגערקע אָדער דער ארבוז איז גוט, און דעריבער, הייסט עס געטאָן „קרוב למזיד". כמעט ווי במזיד, און מען באשטראָפט אים, אז ער זאָל נאָכאמאָל אפּשיידן תרומה.** התורם חבית, אז איינער שיידט אָפּ תרומה א פאס וויין (אויף אנדערן וויין) און עס האָט זיך ארויסגעוויזן, אז זי (די פאס וויין) איז עסיק (ווען דער וויין ווערט זויער, ווערט ער עסיק, און „וויין" און „עסיק" זענען ווי צוויי באזונדערע מינים, ווי ווייץ און גערשטן, און אז מען שיידט אָפּ תרומה פון עסיק אויף וויין איז עס אינגאנצן קיין תרומה ניט), איז אויב מען ווייסט (איצט אויף זיכער) אז די פאס וויין איז געהאט געוואָרן עסיק איידער מען האָט איר אָפּגעשיידט תרומה, איז זי ניט קיין תרומה. **מחמת בעת מען האָט איר אפּגעשיידט איז דאָך די פאס שוין געווען עסיק.** אם משתרמה, אויב (מען ווייסט אויף זיכער, אז) זי איז געוואָרן עסיק נאָכדעם ווי מען האָט איר אָפּגעשיידט תרומה, איז זי תרומה. **ווייל בשעת מען האָט איר אָפּגעשיידט איז זי דאָך געווען וויין, און דאָס וואס זי איז שפּעטער זויער געוואָרן, איז שוין זויער געוואָרן די תרומה.** אם ספק, אויב עס איז א ספק (צי זי איז שוין פריער געווען עסיק צי זי איז עס געוואָרן שפּעטער), איז זי תרומה, אָבער מען דארף נעמען נאָכאמאָל תרומה. **יעדע פון די דאָזיקע תרומות, די ערשטע און די צווייטע, זענען תרומה נאָר פון ספק, ווייל מען ווייסט דאָך ניט צי די ערשטע איז די ריכטיקע תרומה, צי די צווייטע. דעריבער זאָגט די משנה:** הראשונה, די ערשטע תרומה איז ניט „מדמע"

**תרומה. אם ספק, תרומה ויחזור ויתרום. הראשונה אינה מדמעת בפני עצמה, ואין חייבין עליה חומש, וכן השניה.**

**ב. נפלה אחת מהן לתוך החולין אינה מדמעתן. נפלה שניה למקום אחר אינה מדמעתן. נפלו שתיהן למקום אחד, מדמעות כקטנה שבשתיהן.**

---

אליין. מיר האָבן שוין פריער פרק א׳ משנה ח׳ (און אויך אין דער הקדמה צו תרומות) דערקלערט, אז „מדמע״ איז דער טייטש „אסרן דורך אויסמישן״, און מען מיינט, אז אויב תרומה־פּרוכטן מישן זיך אויס מיט חולין־פּרוכטן, מיט ניט־תרומה, און די חולין זענען ניט 100 מאָל אזוי פיל ווי די תרומה, ווערט אלץ, דער גאנצער אויסמיש, „דימוע״, און נאָר א כהן מעג עס עסן, אזוי ווי עס וואָלט אינגאנצן געווען תרומה. זאָגט דאָ די משנה, אז ווייל די ערשטע וויין־תרומה איז דאָך ניט קיין זיכערע תרומה, נאָר בלויז א ספק־תרומה, דעריבער קאָן זי אליין ניט „מדמע״־זיין, און אויב זי מישט זיך אויס אליין (אָן דער צווייטער תרומה) אפילו מיט ווינציקער פון 100 אזוי פיל חולין, מעג דעם אויסמיש עסן אפילו ניט קיין כהן. ואין חייבין, און אויב (א ניט־כהן, א ישראל צי א לוי האָט געגעסן די דאָזיקע ערשטע תרומה בשוגג) דאַרף ער ניט באַצאָלן דעם חומש (דאָס פיפטל). אויך וועגן „חומש״, דעם „פיפטל״ האָבן מיר געגעבן פריער אין פרק א׳ משנה ח׳. ווייל עס איז נור א ספק־תרומה דאַרף מען דעם חומש ניט באַצאָלן דעם כהן. וכן השניה, און אזוי איז אויך דער דין מיט דער צווייטער תרומה. אויך זי איז אליין ניט „מדמע״, און אויך פאַר איר אליין, אויב א ניט־כהן עסט איר בשוגג, דאַרף ער ניט באַצאָלן דעם חומש; מחמת אויך זי איז דאָך נאָר א ספק תרומה.

ב. נפלה אחת, אויב איינע פון זיי (פון די דאָזיקע צוויי ספק־תרומות, וועגן וועלכע מיר לערנען אין דער פריעריקער משנה) איז אַריינגעפאַלן (און זיך אויסגעמישט) אין חולין (און עס איז אין די חולין ניט געווען הונדערט מאָל אזוי פיל ווי די אַריינגעפאַלענע תרומה) איז זי ניט „מדמע״ (אסרט זי ניט דעם געמיש); נפלה שניה, אויב די צווייטע איז אַריינגעפאַלן אין אן אנדערן אָרט (אין חולין, ווינציקער פון 100 מאָל אזוי פיל ווי ידי אַריינגעפאַלענע צווייטע תרומה), איז זי אויך ניט „מדמע״ (אסר׳ט זי אויך ניט). די משנה לערנט דאָ א נייעס־דין, וואָס מיר האָבן ניט געהאַט אין דער פריעריקער משנה, דהיינו אז אויב יעדע פון די צוויי ספק־תרומות איז אַריינגעפאַלן באַזונדער, די איינע אין איין חולין, און די אנדערע אין אנדערע חולין, זענען ביידע „געמישערייען״ מותר; מחמת ביי יעדער איינער קאָנען מיר זאָגן, טאָמער איז דאָס, וואָס איז אַריינגעפאַלן, ניט געווען תרומה. די מפרשים זאָגן, אז דאָ מיינט מען, אז די חולין, כאָטש זיי זענען ניט געווען 100 מאָל אזוי פיל ווי די תרומה, זענען זיי אָבער געווען א „רוב״, מער ווי די אַריינגעפאַלענע תרומה; און מדאורייתא, לויט דעם דין פון דער תורה, איז א רוב, א מערהייט, אויך גענוג מבטל צו זיין די אַריינגעפאַלענע תרומה, נאָר די רבנן האָבן געזאָגט, אז עס מוז זיין 100 מאָל אזוי פיל, און ביי ספק־תרומה איז גענוג א רוב. נפלו שתיהן, אויב זיי ביידע (די ביידע ספק־תרומות, די ערשטע און די צווייטע) זענען אַריינגעפאַלן אין איין אָרט (אין איין חולין), זענען זיי „מדמע״ ווי די קלענסטע פון די ביידע. אויב זיי זענען ביידע געוואָרן אויסגעמישט מיט דעמזעלבן חולין איז דאָך דאָ שוין זיכער פאַראַן תרומה, דעריבער ווערט שוין די חולין יאָ אסור, אָבער נור אויב אין די חולין איז ניט פאַראַן 100 מאָל אזוי פיל וויפיל עס האָט די קלענסטע פון די ביידע ספק־תרומות; מחמת עס קאָן דאָך זיין, אז די קלענסטע איז די ריכטיגע תרומה. דעריבער, אויב די חולין האָבן 100 מאָל אזוי פיל ווי די קלענסטע פון די צוויי ספק־תרומות איז דער דין, אז מען נעמט אַרויס פון דעם „געמיש״ אזוי פיל, וויפיל די ביידע תרומות באַטרעפן און דאָס איבעריקע גאנצע געמיש איז מותר, און אויך א ניט־כהן מעג עס עסן.

**ג. השותפין שתרמו זה אחר זה, ר׳ עקיבא אומר, תרומת שניהם תרומה;וחכמים אומרים, תרומת הראשון תרומה. ר׳ יוסי אומר, אם תרם הראשון כשיעור, אין תרומת השני תרומה; ואם לא תרם הראשון כשיעור, תרומת השני תרומה.**

**ד. במה דברים אמורים ? בשלא דבר, אבל הרשה את בן ביתו, או את עבדו או את שפחתו לתרום תרומתו תרומה. ביטל, אם עד שלא תרם ביטל, אין תרומתו תרומה, ואם משתרם ביטל תרומתו תרומה.**

---

ג. השותפין, אויב שותפים (האָבן געהאַט צוזאַמען בשותפות תבואה און) צו־ערשט האָט איינער פון די שותפים אָפּגעשיידט תרומה (פון דער תבואה) און דערנאָך האָט דער אנדערער שותף נאָכאמאָל אָפּגעשיידט תרומה פון דער זעלבער תבואה, זאָגט ר׳ עקיבא, אז ביידענס תרומות זענען תרומה. **אויב למשל עס איז געווען פופציג סאה תבואה און געוויינטליך גיט מען תרומה א פופציקסטל, און איין שותף האָט אָפּ־געשיידט 1 סאה תרומה און דער צווייטער שותף האָט אָפּגעשיידט 1 סאה תרומה, איז אין דעם ערשטן שותף׳ס סאה־תרומה פאַראַן א האלבער סאה תרומה, (ווייל דעם שותף׳ס חלק תבואה איז דאָך 25 סאה) און אין דעם צווייטנס סאה איז אויך פאַראַן א האלבער סאה תרומה.** וחכמים, און די חכמים זאָגן, אז דעם ערשטן שותף׳ס תרומה איז תרומה. **אָבער דעם צווייטנס איז ניט קיין תרומה.** ר׳ יוסי זאָגט (און ער איז מפרש די ווערטער פון די חכמים, אז דאָס וואָס די חכמים זאָגן, אז דעם ערשטנס תרומה איז תרומה, מיינט מען), אויב דער ערשטער האָט אָפּגעשיידט תרומה וויפיל דער שיעור איז (א פופציקסטל), איז דעם צווייטנס תרומה ניט קיין תרומה; אויב אָבער דער ערשטער האָט ניט אָפּגעשיידט וויפיל דער שיעור איז, איז דעם צווייטנס תרומה יאָ תרומה. **דער „תפארת ישראל" טייטשט, אז דעם צווייטנס תרומה איז „אויך" תרומה, דאָס הייסט, אז אין אזא פאַל זענען ביידנס תרומות תרומה. דער טעם איז, ווייל אויב דער ערשטער שותף האָט געגעבן ניט ווי דער שיעור איז און דער צווייטער שותף האָט באַזונדער אָפּגעשיידט, נעמט מען אָן, אז דער צווייטער האָט ניט מסכים געווען מיט דעם ערשטנס תרומה־אָפּשיידן.**

ד. במה דברים אמורים, ווען איז דאָס געזאָגט געוואָרן (דער פריערדיקער דין וועגן די שותפים)? ווען ער (דער שותף) האָט גאָרניט געזאָגט, אָבער אויב ער האָט געגעבן (דעם שותף די דערלויבעניש אָפּצושיידן תרומה, אָדער ווען איינער, ניט א שותף האָט) דערלויבט זיין הויז־מענטש (איינעם פון זיין הויז, בן בית), אָדער זיין קנעכט אָדער זיין דינסט אָפּצושיידן תרומה, איז זייער תרומה יאָ תרומה. **דאָס איז דער דין אז מען קאָן מאַכן א שליח אָפּצושיידן תרומה, ווייל „שלוחו של אדם כמותו", דער שליח פון א מענטש איז אזוי גוט ווי דער מענטש אליין.** בטל, אויב דער בעל הבית (וואָס האָט געמאַכט א שליח אפצושיידן תרומה) האָט מבטל געמאַכט דאָס שליחות (ער האָט דערנאָך דערקלערט, אז ער וויל ניט דאָס דער שליח זאָל אָפּשיידן די תרומה) איז אויב ער האָט מבטל געמאַכט איידער דער שליח האָט אָפּגעשיידט די תרומה, איז זיין (דעם שליח׳ס) תרומה ניט קיין תרומה; אָבער אויב ער האָט מבטל געמאַכט נאָכדעם ווי דער שליח האָט שוין געהאַט אפּגעשיידט, איז זיין (דעם שליח׳ס) תרומה יאָ תרומה. **די מפרשים דערקלערן, אז אפילו דער בעל הבית האָט מבטל גע־מאַכט די שליחות נאָכדעם ווי דער שליח איז שוין געהאַט אוועקגעגאַנגען און דער שליח האָט ניט געוואוסט וועגן דעם מבטל זיין, איז פונדעסטוועגן די שליחות בטל.** הפועלים, ארבייטער (וואָס ארבייטען ביי א בעל הבית ביי תבואה צי פרוכטן) האָבן ניט קיין רעכט אליין אָפּצושיידן תרומה (אָן דער בפירושער דערלויבניש פון בעל הבית). **מען נעמט ניט אָן, אז ווייל די ארבייטער ארבייטן ארום די תבואה און פרוכטן, האָט דער בעל הבית מסתמא מסכים געווען; זיי מוזן האָבן די בפירושע דערלויבניש פון**

**הפועלים אין להם רשות לתרום, חוץ מן הדרוכות, שהן מטמאין את הגת מיד.**

**ה. האומר „תרומת הכרי זה בתוכו, ומעשרותיו בתוכו, תרומת מעשר זה בתוכו״, ר׳ שמעון אומר, קרא שם; וחכמים אומרים, עד שיאמר**

---

בעל הבית, און ערשט דעמאָלס הייסן זיי זיינע שליחים. חוץ מן הדרוכות, אן אויסנאַם זענען די ארבייטער, וועלכע טרעטן (דרוכות, טרעטענדיקע) ווייטרויבן (אין וויין־קעלטער צו מאכן פון זיי וויין, זיי מעגן יאָ אפשיידן תרומה אפילו ווען זיי האָבן ניט די בפירושע דערלויבניש פון בעל הבית), ווייל זיי זענען באלד מטמא דעם וויין־קעלטער. די מפרשים טייטשן די דאָזיקע משנה, אז דאָ מיינט מען, ווען א בעל הבית אן עם הארץ, וועלכער איז ניט אָפּגעהיטן אין די דינים פון טומאה וטהרה, האָט געדינגען אר־בייטער זייער פרומע יידן, וועלכע האָבן דעם טיטל „חברים״ (זע פריער מסכתא דמאי פרק ב׳ משנה ב׳ און ג׳) און זיי זענען יאָ אָפּגעהיטן אין די דינים פון טומאה וטהרה, אז זיי זאָלן אויסטרעטן, מאכן וויין פון זיינע ווייטרויבן אין קעלטער. איידער מען מאכט פון די ווייטרויבן וויין קאָנען געוויינטליך די טרויבן ניט טמא ווערן אפילו עס רירט זיי אָן א טמא מענטש, מחמת עסנווארג קאָן טמא ווערן נאָר ווען עס איז פריער ארויפגעקומען דערויף א געוויסע פליסיקייט (וואסער, וויין וכדומה). אָבער אַזוי ווי וויין איז א פליסיקייט (א משקה) קאָן ער טמא ווערן, ווען ער ווערט אָנגע־רירט דורך א טמא־זאך. מען נעמט דעריבער אָן, אז דאָס וואָס דער בעל הבית, דער עם הארץ, האָט גענומען זייער פרומע ארבייטער צום מאכן דעם וויין, האָט ער מסתמא געמיינט, אז זיי זאָלען אָפּשיידן תרומה פונם וויין, איידער ער, דער עם הארץ, וועט קומען אין וויין־קעלטער און דורך זיין אָנרירן דעם וויין וועט ער אים מטמא זיין (מחמת, ווי מיר האָבן שוין געזאָגט, איז דער עם הארץ ניט געווען אָפּגעהיטן אין טומאה וטהרה), און אָפּשיידן טמא׳דיקע תרומה, וואָס איז זייער הייליק, ווייל אויך א עם הארץ ניט. דעריבער מעגן די „דרוכות״, די ארבייטער, וואָס טרעטן די ווייג־טרויבן, אליין אָפּשיידן די תרומה. דאָס וואָרט „שהן מטמאים״, „ווייל זיי זענען מטמא״, אין לשון רבים, גייט ארויף אויף די בעלי הבתים עמי הארצים.

ה. האומר, אז איינער זאָגט: די תרומה פון דאָזיקן בערגל (ווייץ, צי אנדערע תבואה אָדער פרוכטן, „כרי״, „בערגל״, „קופּע״) זאָל זיין אין אים, און זיינע מעשרות זאָל זיין אין אים, און דער תרומת מעשר (וואָס מען דארף ארויפנעמען פון מעשר ראשון) זאָל זיין אין אים, זאָגט ר׳ שמעון, אז ער האָט א נאָמען געגעבן (קרא שם). דער טייטש איז, אז כאָטש ער האָט דאָך ניט דייטלעך געזאָגט, אין וועלכן אָרט אין דעם בערגל זאָלן זיך געפינען די תרומה און די מעשרות און די תרומת מעשר, ער האָט דאָך ניט „קובע מקום״־געווען, ער האָט דאָך ניט אָנגעוויזן, וועלכע תבואה צי פרוכטן אין דעם בערגל זענען די תרומה און מעשרות און תרומת מעשר, פונדעסט־וועגן איז זיין „נאָמען געבן״ געווען ריכטיק; און אין דעם בערגל זענען פאראן די תרומה און מעשרות און תרומת מעשר, און מען דארף זיי פון דאָרט אָפּשיידן. ער קאָן שוין ניט אָפּשיידן אויף דעם בערגל תבואה און פרוכטן תרומה צי מעשרות צי תרומת מעשר פון אן אנדערען אָרט (וועגן „קרא שם״, א „נאָמען געבן״ און „הפרשה״ „אָפּ־שיידן״, האָבן מיר געגעבן אין מסכת דמאי פרק ח׳ משנה א׳). די גמרא איז ערובין ל״ז זאָגט, אז ר׳ שמעון האלט, אז ווייל ער האָט געזאָגט „בתוכו״, האָט ער דערמיט געמיינט „אין תוך״, „אין דערמיט״, אין מיטן פון בערגל, און ממילא איז שוין זיכער, אז אין די זייטן פון בערגל איז ניט קיין תרומה, נאָר חולין; און כאָטש דער דין ביי תרומה איז, אז עס דארף זיין „שיריה ניכרים״, דאָס הייסט, אז די חולין, וואָס בלייבן איבער נאָכדעם ווי מען שיידט אָפּ די תרומה, דארף מען דערקענען, דאָ דערקענט מען דאָך די חולין, וועלכע זענען אין די זייטן פון בערגל. וחכמים, אָבער די חכמים

**„בצפונו או בדרומו". ר' אליעזר חסמא אומר, האומר „תרומת הכרי ממנו עליו" קרא שם, ר' אליעזר בן יעקב אומר, האומר „עשור מעשר זה עשוי תרומת מעשר עליו" ' קרא שם.**

**ו. המקדים תרומה לבכורים, מעשר ראשון לתרומה, מעשר שני לראשון, אף על פי שהוא עובר בלא תעשה, מה שעשה עשוי, שנאמר „מלאתך ודמעך לא תאחר".**

---

זאָגען, אז (עס איז ניט קיין תרומה און מעשרות און תרומת מעשר) סיידן ער זאָגט, אז זיי זאָלען זיין אין זיין (דעם בערגל'ס) צפון־זייט אָדער אין זיין דרום־זייט. **עס מוז זיין א באשטימט, אָנגעוויזן אָרט, און „בתוכו", הייסט ניט אָנגעוויזן קיין אָרט.** ר' אלעזר חסמא זאָגט, אז איינער זאָגט, דאָס די תרומה פון בערגל (תבואה צי פרוכטן) זאָל זיין פון אים (פון בערגל) אויף אים (אויף דעם בערגל) האָט ער א נאָמען געגעבן. **ר' אלעזר חסמא** (א תנא אין דער צייט פון רבן גמליאל אין יבנה) **האלט, אז מען דאַרף בכלל ניט אָנווייזן קיין שום אָרט, מען דאַרף ניט האָבן „שיריה ניכרים", אז מען זאָל וויסן, וואו דער חולין איז; דעריבער איז דאָס א נאָמען געבן דער תרומה ריכטיק און מען דאַרף ארויסנעמען תרומה פון דעם בערגל.** ר' אליעזר בן יעקב זאָגט, אז איינער (האָט ליגן פאר זיך מעשר ראשון, פון וועלכן מען דאַרף אָפּשיידן א צענטל אלס תרומת מעשר, און ער) זאָגט, אז א צענטל פון דאָזיקן מעשר ראשון זאָל ווערן תרומת מעשר אויף דעם דאָזיקן מעשר ראשון (און ער האָט ניט באשטימט קיין אָרט, ניט אָנגעוויזן וואָסער צענטעל), האָט ער א נאָמען געגעבן. **דער ברטנורא טייטשט, אז ר' אליעזר בן יעקב איז ניט מסכים מיט ר' שמעון, און ער האלט, אז נור נאָכדעם ווי מען האָט שוין אָפּגעשיידט דעם מעשר ראשון קאָן מען „געבן א נאָמען" דעם תרומת מעשר, וואָס עס קומט פון מעשר ראשון.**

ו. המקדים, אז איינער שיידט אָפּ פריער תרומה איידער ער האָט גענומען ביכורים, אָדער ער שיידט אָפּ פריער מעשר ראשון איידער ער האָט אָפּגעשיידט תרומה, אָדער מעשר שני פריער פון מעשר ראשון, איז כאָטש ער איז עובר אויף א לא תעשה (כאָטש די תורה האָט געזאָגט אז „לא תעשה", „זאָלסט עס ניט טאָן") איז וואָס ער האָט אָפּגעטאָן איז געטאָן (און די תרומה און דער מעשר ראשון און מעשר שני זענען גוטע); ווארום (דאָס וואָס מען האָט פריער געזאָגט אז מען טאָר עס ניט טאָן ווערט אָפּגעלערנט פון פסוק אין חומש, וואו) עס שטייט (שמות כ"ב) „מלאתך ודמעך לא תאחר", „דיין פולקייט און דיין זאפטיקייט זאָלסטו ניט אָפּלייגן אויף שפּעטער" (און עס ווערט געטייטשט, אז „מלאתך" מיינט מען „ביכורים" און „דמעך" מיינט מען תרומה). **דער סדר פון אפּשיידן איז: צוערשט, ווען די תבואה און די פרוכטן זענען נאָכניט אפּגעשניטן, נעמט מען פון זיי ביכורים, דערנאָך, אז מען שניידט זיי אָפּ, נעמט מען צוערשט תרומה, דערנאָך מעשר ראשון און דערנאָך מעשר שני. זאָגט די משנה, אז אויב ער האָט גענומען תרומה פאר דעם ביכורים (ער האָט געזאָגט, דאָס עס זאָל זיין תרומה נאָכדעם ווי זיי וועלן זיין אָפּגעריסן) אָדער מעשר ראשון פאר דער תרומה אָדער מעשר שני פאר דעם מעשר ראשון, זענען די תרומה און די ביידע מעשרות גוטע, כאָטש ער איז עובר אויף א לא תעשה. דער „שנאמר" אין דער משנה גייט ארויף אויף די פריערדיקע ווערטער פון דער משנה, אויף די „כאָטש ער איז עובר אויף א לא תעשה", „שנאמר", „ווארום עס שטייט". עס ווערט געטייטשט אז „מלאתך" מיינט מען די „פולע, רייפע תבואה און פרוכטן" און דאָס מיינט מען „ביכורים", די תבואה און פרוכטן, וועלכע זענען געוואָרן צום ערשטן צייטיק. „דמעך" מיינט מען תרומה, ווייל „דמעך" איז פון „דמע", „פליסיקייט" (דערפון איז „דמע", „טרער", ווייל עס פליסט פון אויג), און תוספות אין תמורה ד' זאָגט, אז ווייל תרומה ווערט גענומען אויך פון פליסיקייטן (וויין, אייל), און ביכורים נור פון**

ז. ומנין שיקדמו הבכורים לתרומה זה קרוי תרומה וראשית וזה קרוי תרומה וראשית? אלא יקדמו הבכורים, שהן בכורים לכל, ותרומה לראשון, שהיא ראשית ; מעשר ראשון לשני, שיש בו ראשית.

ח. המתכוון לומר „תרומה״ ואָמר „מעשר,״ „מעשר״ ואָמר „תרומה״, „עולה״ ואָמר „שלמים״, „שלמים״ ואָמר, „עולה״ ״שאיני נכנס לבית זה״, ואָמר „לזה״; שאיני נהנה לזה״, ואָמר „לזה״, לא אָמר כלום, עד שיהו פיו ולבו שוין.

---

**טרוקענע (תבואה, פרוכטן), דעריבער הייסט תרומה „דמע״. דערמיט איז אויך צו ער־קלערן, פארוואָס ווען תרומה פאלט אריין אין חולין הייסט עס „מדמע״־געווען (פריער אין משנה א׳) ווייל עס הייסט „געמאכט דעם געמיש ווי תרומה״.**

ז. ומנין, און פון וואַנען לערנט מען, אז ביכורים דארפן זיין פאר תרומה, סטייטש סיי ביכורים ווערן אָנגערופן „תרומה״ (אין דברים י״ב „ותרומת ידך״, און די גמרא פסחים ל״ח זאָגט אז דאָס מיינט מען ביכורים), און „ראשית״ (אין שמות כ״ג „ראשית בכורי אדמתך״), און סיי תרומה ווערט אָנגערופן „תרומה״ (אין במדבר י״ח „את משמרת תרומותי״) און „ראשית״ (אין דברים י״ח „ראשית דגנך״)? נאָר עס דארפן זיין ביכורים פריער, ווייל זיי זענען דאָך די „ערשטלינגען״ („ביכורים״ איז דער טייטש די „ערשטלינגען״, די ערשטע צייטיק געוואָרענע פרוכטן) פון אלץ; און תרומה דארף זיין פריער פאר „ראשון״ (פאר מעשר ראשון), ווייל תרומה הייסט „ראשית״ (די ערשטע, אין דברים י״ח „ראשית דגנך״); און מעשר ראשון דארף זיין פריער פאר מעשר שני, ווייל אין אים (אין מעשר ראשון) איז פאראן „ראשית״ (אין אים איז פאראן „תרומת מעשר״, וואָס מען שיידט אָפּ פון מעשר ראשון, און דאָס איז אזוי ווי תרומה, וואָס הייסט „ראשית״). **רש״י אין מסכת תמורה ד׳ דערקלערט די דאָזיקע משנה, אז ביכורים זענען די סאמע ערשטע ווייל זיי האָבן 4 נעמען „מלאה״, „ראשית״, „תרומה״ און ביכורים; דערנאָך גייט תרומה וועלכע האָט נור 3 נעמען „ראשית״, „דמע״ און „תרומה״; דערנאָך מעשר ראשון, וועלכער האָט צוויי נעמען מעשר און (ענטהאלט) תרומת מעשר; און צום לעצט מעשר שני.**

ח. המתכוון, אז איינער האָט געוואָלט זאָגן (ביים אפשיידן תבואה צי פרוכטן) „תרומה״, (די תבואה זאָל זיין תרומה) און ער האָט (דורך א טעות) געזאָגט „מעשר״, אָדער ער האָט געוואָלט זאָגן „מעשר״ און ער האָט געזאָגט „תרומה״; אָדער (איינער האָט מקדיש געווען א בהמה פאר א קרבן און) ער האָט געוואָלט זאָגן „עולה״ (אז די בהמה זאָל זיין א קרבן „עולה״ וואָס ווערט אינגאנצן פארברענט אויפן מזבח) און ער האָט געזאָגט „שלמים״ (אז די בהמה זאָל זיין א קרבן שלמים, וואָס נור א טייל דערפון איז מען מקריב אויפ׳ן מזבח, און דאָס פלייש ווערט געגעסן), אָדער ער האָט געוואָלט זאָגן „שלמים״ און ער האָט געזאָגט „עולה״; אָדער איינער האָט (געטאָן א נדר און) געוואָלט זאָגן „איך זאָל ניט אריינגיין אין דעם דאָזיקן הויז״, און ער האָט געזאָגט „אין יענעם (אן אנדער) הויז״; אָדער ער האָט (געטאָן א נדר און) געוואָלט זאָגן „איך זאָל ניט הנאה האָבן פון דעם דאָזיקן מענטשן״, און ער האָט געזאָגט „פון יענעם (אן אנדערן) מענטש״ — האָט ער גאָרניט געזאָגט (האָט זיין זאָגן, ביי די אלע פאלן קיין ווערט ניט), ביז זיין הארץ און זיין מויל זענען גלייך (ער מוז ארויס־זאָגן דאָס וואָס ער האָט אינזינען געהאַט אין הארץ צו זאָגן). **די משנה לערנט דאָ, אז סיי ביים אפשיידן תרומות ומעשרות, סיי ביים מקדיש זיין א בהמה פאר א קרבן, סיי ביים טאָן א נדר, אויב מען זאָגט ארויס דורך א טעות דאָס וואָס מען האָט ניט געוואָלט זאָגן, האָט דאָס ארויסזאָגן קיין ווערט ניט, ווייל די מחשבה, דאָס וואָס ער וויל זאָגן, און די ווערטער, וואָס ער זאָגט ארויס, מוזן זיין די זעלביקע.**

**ט. הנכרי והכותי תרומתן תרומה ומעשרותיהן מעשר והקדשן הקדש. ר' יהודה אומר, אין לנכרי כרם רבעי; וחכמים אומרים יש לו. תרומת הנכרי מדמעת וחייבין עליה חומש, ור' שמעון פוטר.**

## פרק ד.

**א. המפריש מקצת תרומה ומעשרות, מוציא ממנו תרומה עליו,**

---

ט. הנכרי והכותי, אויב א גוי אָדער א כותי האָבן אָפּגעשיידט תרומה (פון זייער אייגענער תבואה און פרוכטן אין ארץ ישראל) איז זייער תרומה א תרומה, און זייער מעשר (אויב זיי האָבן אָפּגעשיידט מעשר) איז מעשר; און אויב זיי האָבן מקדיש געווען איז עס הקדש. וועגן כותי האָבן מיר געשריבן אין ברכות פרק ז' משנה א' און פרק ח' משנה ח', אז די כותים זענען די שומרונים, וואָס זענען באטראכט געוואָרן אלס האלבע יידן; זיי גלויבן נור אין חומש, אָבער ניט אין נביאים און כתובים און ניט אין תורה שבעל פה, און זיי האלטן, אז דאָס בית המקדש דארף זיין ניט אין ירושלים, נאָר אויפן בארג גריזים לעבן שכם. די משנה זאָגט דאָ, אז סיי א גוי און סיי א כותי קאָנען אָפּשיידן פון זייערע אייגענע תבואות און פרוכטן תרומות און מעשרות און אויך מקדיש זיין צו הקדש (צום בית המקדש). דער טעם איז, ווייל מען האלט, אז א גוי קאָן ניט באקומען (בנוגע תרומות ומעשרות) דאָס אייגנטום־רעכט אויף ערד אין ארץ ישראל, אפילו ער האָט געקויפט די ערד, אז זיין תבואה זאָל פּטור ווערן פון תרומות ומעשרות. ר' יהודה זאָגט, אז א גוי האָט ניט קיין כרם רבעי. דער דין איז, אז ווען מען פלאנצט א בוים זענען די פרוכטן די ערשטע דריי יאָר ערלה און מען טאָר זיי ניט עסן, און דעם 4טן יאָר הייסן די פרוכטן כרם רבעי, דער „פערט יאָריקער גאָרטן", און מען דארף די פרוכטן פון פערטן יאָר פירן קיין ירושלים און דאָרט זיי עסן, אָדער מען לייזט אויס די פרוכטן מיט געלט, און מען פירט דאָס געלט קיין ירושלים און מען קויפט דערפאַר עסנווארג און מען עסט עס דאָרט. זאָגט ר' יהודה, אז ביי ביימער פון א גוי איז ניטאָ קיין כרם רבעי. וחכמים, אָבער די חכמים זאָגן, אז ער האָט יאָ (כרם רבעי). תרומת הנכרי, די תרומה וואָס א גוי האָט אָפּגעשיידט (פון זיין תבואה) איז „מדמע"; און (אויב א ניט־כהן עסט איר בשוגג) דארף ער באצאָלן דעם חומש (דאָס פיפטל). און ר' שמעון פטר'ט (פון באצאָלן דעם חומש פון א גוי'ס תרומה). וואָס הייסט „מדמע"־מאכן און וואָס הייסט צאָלן א „חומש", האָבן מיר דערקלערט פריער אין משנה א'. די חכמים האלטן, אז א גוי'ס תרומה האָט אלע דינים פון ריכטיקער תרומה; אָבער ר' שמעון האלט, אז די תרומה איז נור מדרבנן, און דעריבער איז מען פטור פון צאָלן דעם חומש; אָבער מדמע איז די תרומה יאָ מדרבנן.

## פרק ד.

א. המפריש, אז איינער האָט אָפּגעשיידט א טייל תרומה אָדער מעשר, למשל, ער האָט געהאט הונדערט סאה טבל, פון וועלכע ער האָט געדארפן נעמען תרומה א פופציקסטל, צוויי סאה, און ער האָט נאָר אָפּגעשיידט איין סאה, און דאָס זעלבע אויך מיט מעשר, מוציא, מעג ער ארויסנעמען פון דער זעלבער תבואה די רעשט תרומה (און דאָס זעלבע מעשר) אויף דער דאָזיקער תבואה, אָבער ניט אויף אן אנדער אָרט. פון דערזעלבער תבואה אפשיידן דעם צווייטן סאה תרומה מעג ער. דער ר"ש זאָגט, אז דער טעם איז, ווייל מען באטראכט, אז דאָס ארויסנעמען די רעשט תרומה איז ווי א המשך פון דעם ערשטן מאָל. אָבער ארויסנעמען תרומה פון דער דאָזיקער תבואה אויף אנדער טבל טאָר מען ניט, ווייל דאָס הייסט אפּגעשיידט פון האלב־מתוקנ'ער, פארראכטענער תבואה, אויף טבל. ר' מאיר זאָגט, אז מען מעג אויך אָפּשיידן פון דאנען תרומה און מעשרות אויף אן אנדער אָרט (אויף אנדערע טבל־תבואה). טייל זענען גורס סיי אין דער סתם משנה און סיי אין די ווערטער פון ר' מאיר „ממקום אחר" „פון אן אנדער אָרט", אנשטאט „למקום אחר", אויף אן אנדער אָרט". דער טייטש פון

**אבל לא למקום אחר. ר׳ מאיר אומר, אף מוציא הוא למקום אחר תרומה ומעשרות.**

**ב. מי שהיו פירותיו במגורה ונתן סאה לבן לוי וסאה לעני, מפריש עד שמונה סאין ואוכלן. דברי ר׳ מאיר. וחכמים אומרים, אינו מפריש אלא לפי חשבון.**

**ג. שיעור תרומה, עין יפה — אחד מארבעים. בית שמאי אומרים, משלושים, והבינונית מחמישים, והרעה — מששים. תרם ועלה בידו אחד מששים, תרומה, ואינו צריך לתרום. חזר והוסיף, חייב במעשרות,**

---

„ממקום אחר״ איז, אז מען טאָר ניט פון אנדערער טבל־תבואה אפשיידן די **רעשט תרומה ומעשרות אויף דער דאָזיקער תבואה, און ר׳ מאיר זאָגט, אז מען מעג.**

ב. מי שהיו, אויב איינער האָט געהאַט זיינע פרוכטן (די תבואה) אין זיין מאגאַזין („מגורה״ הייסט אַן אָרט, וואו מען האַלט תבואה און פרוכטן), און ער האָט געגעבן איין סאה צו א לוי און איין סאה צו אן אָרימאַן, קאָן ער ארויסנעמען (פון מאַגאַזין) ביז אכט סאה און זיי עסן, אזוי זאָגט ר׳ מאיר. **מעשר ראשון איז א צענטל; למשל, אז איינער האָט 10 סאה תבואה דאַרף ער געבן דערפון איין סאה מעשר ראשון. דאָס זעלבע איז מעשר עני (אין די יאָרן 3 און6 נאָך שמיטה, ווען מען גיט מעשר עני) א צענטל. זאָגט די משנה ,אז אויב ער האָט געהאַט געגעבן צו א לוי איין סאה תבואה און צו אן אָרימאַן איין סאה תבואה, און דער לוי און דער עני זענען אוועקגעגאַנגען, מעג ער באַטראַכטן די דאָזיקע 2 סאה אלס מעשר ראשון און מעשר עני און ארויסנעמען פון מאגאַזין 8 סאה תבואה און זיי עסן, און ער דאַרף ניט מורא האָבן טאָמער זענען די צוויי סאה שוין ניטאָ.** וחכמים אומרים, אָבער די חכמים זאָגן, אז ער מעג ארויסנעמען (פון מאגאַזין תבואה צום עסן) נאָר לויטן חשבון. **דאָס הייסט, ער מוז יאָ געוווּיר ווערן וויפיל עס איז געבליבן פון די צוויי סאה, און אויב למשל, ביים לוי איז געבליבן נאָר א האלבע סאה און ביים אָרימאַן א האלבע סאה, מעג ער עסן נור 4 סאה. אזוי טייטשט די משנה דער רמבם. עס זענען פאראַן נאָך עטליכע פירושים, און דער „מלאכת שלמה״ זאָגט, אז זיי זענען אלע זייער שווער. מען דאַרף דאָ באמערקן, אז דעם אָרימאַן האָט ער געדאַרפן געבן מעשר עני ניט קיין גאַנצע סאה, מחמת עס האָט דאָך שוין געפעלט פון די צען סאה איין סאה מעשר ראשון, און ער האָט דעריבער געדאַרפן געבן נור 9 צענטל סאה, נאָר די משנה האָט גענומען א גאַנצן ציפער.**

ג. שיעור תרומה, דער שיעור וויפל מען דאַרף געבן תרומה ביי (א בעל בית א נדבן, מיט א) „גוט אויג״ איינס פון פערציק. **אויב א נדבן האָט פערציק סאה דאַרף ער דערפון געבן איין סאה, מחמת א נדבן דאַרף געבן א פערציקסטל.** בית שמאי זאָגן, אז איינס פון דרייסיק. **אויך די בית שמאי לערנען דאָ וועגן א בעל הבית מיט א „עין יפה״, מיט א גוט אויג, א נדבן.** והבינונית, דאָס „מיטעלע אויג״ (ניט קיין נדבן, ניט א זייער ברייט־הארציקער, אָבער אויך ניט קיין קאַרגער) איינס פון פופציק; און דאָס „שלעכטע אויג״ (א קאַרגער) איינס פון זעכציק. **דאָס איז לויט דער מיינונג פון דער סתם משנה, אז א נדבן זאָל געבן איינס פון פערציק; אָבער לויט די בית שמאי, וואָס זאָגן, אז דער נדבן זאָל געבן א דרייסיקסטל, דאַרף דער מיטעלער געבן א פערציקסטל, און דער קאַרגער א פופציקסטל. בכלל איז אין דער משנה אָנגענומען דער שיעור תרומה פון דער „עין בינונית״, דאָס „מיטעלע אויג״, א פופציקסטל.** תרם, אויב איינער (א נדבן אָדער א „מיטל אויג״) האָט אָפּגעשיידט (לויט א שלעכטער אפשאצונג) תרומה און עס האָט זיך ארויסגעוויזן, אז עס איז געווען ניט מער ווי א זעכציקסטל, איז עס תרומה און ער דאַרף ניט אָפּשיידן מער תרומה; אויב ער האָט צוגעלייגט (אָפּגעשיידט נאָך תרומה ביז צו איין פופציקסטל אָדער איין פערציקסטל) דאַרף מען (פון דעם דאָזיקן „צוגאָב״) געבן מעשרות. **תרומה איז פטור פון מעשרות, אָבער דער**

**עלה בידו משׁשׁים ואחד, תרומה, ויחזור ויתרום כמו שׁהוא למוד, במדה ובמשׁקל ובמנין. ר׳ יהודה אומר, אף שׁלא מן המוקף.**

**ד האומר לשׁלוחו „צא ותרום״, תורם כדעתו של בעל הבית. אם אינו יודע דעתו של בעל הבית, תורם כבינונית, אחד מחמשׁים. פיחת עשׂרה או הוסיף עשׂרה, תרומתו תרומה. אם נתכוון להוסיף אפילו אחת, אין תרומתו תרומה.**

---

**דאָזיקער צוגאָב ווערט ניט מער פאַררעכענט אלס תרומה, מחמת א זעכציקסטל איז א גוטע תרומה, און דעריבער דאַרף מען פון דעם צוגאָב אָפּשיידן מעשׂרות ווי פון געווײנליכע חולין.** עלה בידו, אויב (דאָס ערשטע מאָל) איז אים ארויסגעקומען ניט מער ווי איינס פון איין־און־זעכציק (דאָס הייסט ווינציקער ווי עס איז דער שיעור אפילו ביי א קאַרגן) איז עס תרומה, אָבער ער דאַרף צוגעבן נאָך תרומה ביז דעם שיעור וואָס ער איז געוואוינט צו געבן („למוד״, „געוואוינט״). **עס איז תרומה, ווייל מדאורייתא, לויט דעם דין פון דער תורה, האָט תרומה קיין שיעור ניט, און מען קאָן געבן אפילו דעם סאמע קלענסטן טייל, נאָר די רבנן האָבן איינגעפירט דעם שיעור. אָבער ער דאַרף צוגעבן אלס תרומה ביז צום שיעור, צו דער מאָס, וואָס ער איז געוואוינט צו געבן, ווייל די ערשטע תרומה האָט אפילו ניט באַטראָפן וויפיל א קאַרגער גיט.** במדה, מיט א מאָס, אָדער מיט א וואָג אָדער מיט א צאָל. **דעם דאָזיקן צוגאָב תרומה מעג ער אָפּשיידן מעסטנדיק מיט א מאָס, אָדער וועגנדיק מיט א וואָג, אָדער אָפּציילנדיק ביז דער צאָל. דאָס וואָס די משנה פריער אין פרק א׳ משנה ז׳ זאָגט, אז מען טאָר ניט אָפּשיידן תרומה מיט א מאָס אָדער מיט א וואָג אָדער מיט א צאָל, מיינט מען נור ביים אָנהייב אָפּשיידן תרומה, אָבער ביים צולייגן, וואָס עס קומט־צו, מעג מען יאָ.** ר׳ יהודה זאָגט, אז (דעם צוגאָב מעג מען אָפּשיידן) אויך ניט פון דער נאָנט (שלא מן המוקף). **דער דין אז תרומה דאַרף מען אָפּשיידן פון דער נאָנט, פון תבואה וואָס ליגט סאמע נאָנט צו דער תבואה, אויף וועלכער די תרומה ווערט אראָפּגענומען, איז (לויט ר׳ יהודה׳ס מיינונג) נאָר ביים אָנהייב אָפּשיידן תרומה, אָבער ביים אָפּשיידן דעם צוגאָב מעג מען נעמען אויך ניט פון דער נאָנט.**

ד. האומר, אז איינער זאָגט צו זיין שליח: „גיי און שייד־אָפּ תרומה״ (און ער האָט אים ניט געזאָגט, וויפיל ער זאָל אָפּשיידן), זאָל דער שליח אָפּשיידן ווי עס איז די דעה פון בעל הבית. **אויב דער שליח ווייסט, אז דער בעל הבית איז זיך נוהג אָפּצושיידן ווי א נדבן, זאָל אויך ער אָפּשיידן א פערציקסטל, אויב ווי א קאַרגער, א זעכציקסטל; אויב ווי א מיטעלער, א פופציקסטל.** אם אינו יודע, אויב דער שליח ווייסט ניט די דעה פון בעל הבית, זאָל ער אָפּשיידן ווי א „מיטל אויג״, איינס פון פופציק. **מחמת מען נעמט אָן, אז ס׳רוב מענטשן זענען מיטעלע מענטשן, ניט נדבנים און ניט קאַרגע.** פיחת, אויב דער שליח האָט געגעבן מיט צען ווינציקער (אַנשטאָט איינס פון פופציק, האָט ער געגעבן איינס פון זעכציק), אָדער ער האָט געגעבן מיט צען מער („אַנשטאָט איינס פון פופציק האָט ער געגעבן איינס פון פערציק) איז די תרומה יאָ תרומה. **אזוי טייטשט דער רמבם „פיחת עשרה״, „מיט צען ווינציקער״, און „הוסיף עשרה״, „מיט צען מער״. רש״י אין קידושין מ״א און אויך דער ר״ש און דער ברטנורא טייטשן פאַרקערט: „פיחת״, ער האָט געגעבן איינס פון פערציק, און „הוסיף״ איינס פון זעכציק.** אם נתכוון, אויב (דער שליח האָט געוואוסט וויפיל דער בעל הבית גיט און) ער האָט בכוונה מוסיף געווען אפילו נור איינס (למשל אַנשטאָט איינס פון פופציק האָט ער געגעבן איינס פון ניין־און־פערציק) איז די תרומה ניט קיין תרומה. **זי איז אינגאַנצן ניט קיין תרומה, מחמת ער האָט בכוונה געטאָן אנדערש ווי עס איז געווען די דעה פון בעל הבית, און דאָס הייסט דעריבער, אז ער האָט עובר געווען אויף דער שליחות, און דאַדורך איז ער געוואָרן אויס שליח.**

**ה. המרבה בתרומה, ר׳ אליעזר אומר, אחד מעשרה, כתרומת מעשר. יתר מכאן, יעשנה תרומת מעשר למקום אחר. ר׳ ישמעאל אומר, מחצה חולין ומחצה תרומה. ר׳ טרפון ור׳ עקיבא אומרים, עד שישייר שם חולין.**

**ו. בשלשה פרקים משערים את הכלכלה: בבכורות, ובסיפות, ובאמצע הקיץ. המונה משובח, והמודד משובח ממנו, והשוקל משובח משלשתן.**

---

ה. המרבה, אז איינער וויל געבן מער תרומה (ווי די שיעורים וואָס זענען אָנגעגעבן פריער אין משנה ג׳), זאָגט ר׳ אליעזר אז ער מעג געבן (דאָס העכסטע) איינס פון צען (איין צענטל), אזוי ווי תרומת מעשר. תרומת מעשר, **וואָס מען שיידט אָפּ פון מעשר ראשון, איז איין צענטל, און עס האָט דאָך אויך דעם נאָמען תרומה, דעריבער מעג מען געבן תרומה ביז איין צענטל. אָבער מער ווי איין צענטל טאָר מען ניט.** יתר מכאן, דאָס וואָס ער האָט געגעבן מער ווי דאָס צענטל (למשל, ער האָט געגעבן צוויי צענטלאָך, איז דאָך איינע פון די צוויי צענטלעך ניט קיין תרומה, נאָר חולין, אָבער עס איז דאָך אויסגעמישט מיט תרומה) זאָל ער עס מאכן פאר תרומת מעשר אויף אנדערע תבואה. **די מפרשים טייטשן, אז ער זאָל עס פארקויפן ביליג צו א לוי און דער לוי זאָל עס מאכן תרומת מעשר אויף דער מעשר־תבואה, וואָס ער האָט און אויף וועלכן ער דארף אָפּשיידן תרומת מעשר.** ר׳ ישמעאל זאָגט, אז א העלפט חולין און א העלפט תרומה. **דאָס הייסט, אז מען מעג אָפּשיידן תרומה (ניט ביז א צענטל) נאָר ביז א העלפט, אזוי אז עס זאָל זיין א העלפט חולין און א העלפט תרומה.** ר׳ טרפון און ר׳ עקיבא זאָגן, אז (ער מעג אָפּשיידן תרומה וויפיל ער וויל, נאָר) ער זאָל איבערלאָזן (עפּיס) חולין. **מען מעג אָפּשיידן תרומה אפילו מער ווי א העלפט פון דער תבואה, אָבער מאכן די גאנצע תבואה פאר תרומה טאָר מען ניט, ווייל מען מוז איבערלאָזן עפּיס חולין, מחמת תרומה ווערט אָנגערופן אין חומש (דברים י״ח) „ראשית״, ווערט דערפון געלערנט, אז עס דארפן זיין „שיריים״, עס דארף איבערגעלאָזט ווערן חולין.**

ו. בשלשה, אין דריי צייטן (פון יאָר) מעסט מען דעם קויש (כלכלה, פון פייגן און אנדערע פרוכטן) **כדי מען זאָל וויסן, וויפיל דער קויש נעמט אריין פרוכטן און מען זאָל געבן ריכטיק תרומה.** בבכורות, ווען די פרוכטן ווערן אמפריעסטן צייטיק (פון „בכורה בתאנה״ אין הושע ט׳ און „כתאני הבכורות״ אין ירמיה כ״ד, די ערשט־צייטיקע פייגן), ובסיפות, ווען די פרוכטן האלטן שוין ביים סוף (פון „סוף״, „סיפות״, „לעצטע״, די לעצטע פרוכטן), ובאמצע הקיץ, און אין מיטן זומער. **אין דער צייט פון די „בכורות״, פון די ערשט־צייטיקע פרוכטן, זענען זיי גרויסע און דער קויש נעמט אריין ווייניקער פרוכטן. אין דער צייט פון די „לעצטע פרוכטן״ זענען זיי איינגעדאַרטע, קליינע, און דער קויש נעמט אריין מער פרוכטן. און אינמיטן זומער האָבן די פרוכטן א מיטלן וואוקס, און דער קויש נעמט אריין מער ווי די „בכורות״ און ווייניקער ווי די „סיפות״. דעם קויש מעסט מען אין די דאָזיקע צייטן, כדי מען זאָל קאָנען אָפּשאצן וויפיל תרומה מען דארף געבן. דער רמבם טייטשט, אז דאָ לערנט מען ניט וועגן תרומה, נאָר וועגן מעשר און תרומת מעשר, וואָס מען גיט ניט „אויפן קוק״ נאָר מען מוז מעסטן אָדער ציילן אָדער אפּוועגן און דעריבער מוז מען וויסן גענוי וויפיל דער קויש, מיט וועלכן מען נעמט מעשר, נעמט אריין פרוכטן.** המונה, דער וואָס ציילט (ביים אָפּשיידן מעשר) טוט גוט; והמודד, און דער, וואָס מעסט, טוט נאָך בעסער; והשוקל, דער וואָס וועגט, טוט אמבעסטן. **„משובח״ איז דער טייטש „ווערט געלויבט״ און דער זין איז, אז ער „טוט גוט״. ווי דער ברטנורא באמערקט, איז דאָס נור ביי מעשר און תרומות מעשר; ווארום תרומה מוז מען געבן נור „מאומד״, אָפּ־**

**ז. ר׳ אליעזר אומר, תרומה עולה באחד ומאה. ר׳ יהושע אומר במאה ועוד. „ועוד״ זה אין לו שיעור. ר׳ יוסי בן משולם אומר, ועוד קב למאה סאה. שתות למדמע.**

**ח. ר׳ יהושע אומר, תאנים שחורות מעלות את הלבנות והלבנות**

---

שאצן „אויפן קוק״, און מען טאָר ניט ציילן און ניט מעסטן און ניט וועגן (פריער פרק א׳ משנה ז׳).

ז. ר׳ אליעזר זאָגט, אז תרומה גייט־אויף (עולה, ווערט בטל) אין הונדערט און איינס. מיר האָבן שוין אין דער הקדמה צו תרומות און אויך פריער אין פרק א׳ משנה ח׳ דערקלערט, וואָס הייסט „מדמע״. דאָס איז ווען תבואה אָדער פרוכטן, וועלכע זענען תרומה און מען דאַרף זיי אוועקגעבן בחנם צו א כהן, און א ניט־כהן (א ישראל צי א לוי) טאָר זיי ניט עסן, פאַלט אַריין און מישט זיך אויס מיט געוויינטליכע תבואה צי פרוכטן, וועלכע זענען חולין און יעדער מעג זיי עסן. אויב דער חולין איז ניט זייער א סך מער ווי די תרומה, מיט וועלכער די חולין האָט זיך אויסגעמישט, הייסט דער גאַנצער געמיש „דימוע״ (פון וואָרט „דמע״, וואָס איז דער טייטש „תרומה״, זע פריער פרק ג׳ משנה ו׳), און א ניט־כהן טאָר עס ניט עסן און מען דאַרף דעריבער פאַרקויפן דעם גאַנצן געמיש צו א כהן פאַר א ביליגן פּרייז; אָבער מען מוז אַראָפּרעכ־נען דערפון די תרומה, וואָס האָט זיך אויסגעמישט און פאַר איר ניט נעמען קיין געלט, מחמת זי געהערט דאָך צום כהן בחנם. אויב אָבער די חולין, אין וועלכע די תרומה איז אַריינגעפאַלן, איז געווען זייער א סך מער פון דער תרומה, איז דער דין, אז מען נעמט אַרויס פון דעם געמיש אזוי פיל תבואה אָדער פרוכטן, וויפיל עס איז געווען די תרומה וואָס איז אַריינגעפאַלן; למשל, אויב עס איז אַריינגעפאַלן א סאה תרומה, נעמט מען אַרויס א סאה תבואה צי פרוכטן און מען זאָגט, אז דאָס איז די אַריינגעפאַלענע תרומה, און מען גיט זי אוועק בחנם צום כהן, און די איבעריקע תבואה צו פרוכטן פון געמיש מעג יעדער עסן, ווי געוויינטליכע חולין. דאָס רופט מען „עולה״, ד.ה. די „תרומה גייט־אויף״, ווערט בטל אין די חולין. טייל טייטשן דאָס וואָרט „עולה״, „אויפ־גיין״, דערפון וואָס מען נעמט אַרויס די תרומה, מען איז איר „מעלה״. איצט איז די שאלה, וויפיל הייסט „זייער א סך״? וויפיל דאַרף זיין חולין מער פון דער תרומה, אז די תרומה זאָל בטל ווערן? זאָגט ר׳ אליעזר אז דער געמיש דאַרף זיין הונדערט און איינס, דאָס הייסט, אויב איין סאה תרומה איז אַריינגעפאַלן און זיך אויסגעמישט מיט הונדערט סאה חולין, איז דאָך צוזאַמען הונדערט און איינס, איין חלק תרומה אויף הונדערט חלקים חולין, ווערט שוין די תרומה בטל. מען נעמט אַרויס פון דעם גע־מיש א סאה תבואה און מען גיט איר אוועק דעם כהן אלס תרומה און די איבעריקע 100 סאה מעג יעדער עסן. ר׳ יהושע זאָגט, אז אין הונדערט און נאָך עפּיס. מען דאַרף ניט הונדערט און איינס, נאָר עס איז גענוג 99 און עפּיס חולין אויף איינס תרומה, אז די תרומה זאָל בטל ווערן. ועוד זה, און דער דאָזיקער „און נאָך עפּיס״ האָט ניט קיין שיעור. עס איז גענוג עפּיס מער פון 99 חולין. ר׳ יוסי בן משולם זאָגט, אז דער דאָזיקער „און נאָך עפּיס״ מיינט איין טאָפּ (קב) צו הונדערט סאה, א זעקסטל צום „מדמע״ (צו דער תרומה). דאָס הייסט, אז דער „און נאָך עפּיס״ האָט יאָ א שיעור, און דאָס איז א זעקסטל פון דער תרומה, וואָס איז אַריינגעפאַלן (א זעקסטל פון „מדמע״) און אויב איין סאה תרומה איז אַריינגעפאַלן אין 99 סאה און 1 טאָפּ חולין ווערט די תרומה בטל, מחמת 6 טעפּ (6 קבים) איז איין סאה. ר׳ יוסי בן משולם איז געווען א תנא אין דער צייט פון ר׳ יהודה הנשיא, רבי, דעם מסדר פון דער משנה.

ח. ר׳ יהושע זאָגט שוואַרצע פייגן זענען מבטל ווייסע פייגן, און ווייסע פייגן זע־נען מבטל שוואַרצע פייגן. אויב למשל, א שוואַרצע פייג פון תרומה איז אַריינגעפאַלן אין 100 פייגן פון חולין און די 100 פייגן זענען, למשל, געווען 50 שוואַרצע און פופ־

**מעלות את השחורות; עגולי דבלה, הגדולים מעלים את הקטנים והקטנים מעלים את הגדולים; העגולים מעלים את המלבנים והמלבנים מעלים את העגולים. ר׳ אליעזר אוסר. ור׳ עקיבא אומר, בידוע מה נפלה, אין מעלות זו את זו; ובשאינו ידוע מה נפלה, מעלות זו את זו.**

**ט. כיצד ? חמשים תאנים שחורות וחמשים לבנות, נפלה שחורה, שחורות אסורות והלבנות מותרות; נפלה לבנה, לבנות אסורות ושחו-**

ציק ווייסע איז עס אזוי ווי די שווארצע תרומה־פייג איז אריינגעפאלן אין 100 שווארצע פייגן, און די תרומה־פייג ווערט בטל; מען נעמט ארויס איין שווארצע פייג אלס תרומה און מען גיט זי צו א כהן און די איבריקע 100 פייגן מעג מען עסן. כאָטש די 50 ווייסע פייגן זענען דאָך זיכער ניט אויסגעמישט געוואָרן, מחמת די תרומה־פייג איז דאָך א שווארצע, פונדעסטוועגן רעכנט מען זיי צו צו די 50 שווארצע פייגן און עס הייסט, אז די תרומה־פייג איז אריינגעפאלן אין 100 פייגן. עגולי דבלה, גרויסע קיילעכיקע קנוילן געפרעסטע פייגן זענען מבטל קליינע קנוילן געפרעסטע פייגן, און קליינע זענען מבטל די גרויסע. אויב א גרויסע קנויל פון געפרעסטע פייגן תרומה (עיגול, א קיילעכיקער קנויל) פאלט אריין אין 100 קנוילן געפרעסטע פייגן חולין, און 50 פון זיי זענען גרויסע און 50 קליינע קנוילן, ווערט עס פאררעכנט ווי 100 גרויסע קנוילן און די איין קנויל תרומה ווערט בטל. העגולים, די קיילעכיקע קנוילן געפרעסטע פייגן זענען מבטל די פירקאנטיקע פלעצלעך געפרעסטע פייגן, און די פירקאנטיקע זענען מבטל די קיילעכיקע. געפרעסטע פייגן (דבלה) פלעגט מען צוזאַמענהאלטן אין צוויי פאָרמען, אין קיילעכיקע קנוילן „עיגולים״, און אין פירקאנטיקע פלעצלעך „מלבנים״ (פון וואָרט „לבנה״, „ציגל״, פירקאנטיק ווי ציגל). אויב א קיילעכיקע קנויל געפרעסטע פייגן תרומה איז אריינגעפאלן אין 50 קיילעכיקע קנוילן געפרעסטע פייגן חולין און 50 פירקאנטיקע פלעצלעך געפרעסטע פייגן חולין, ווערט דאָס פאררעכנט ווי עס וואָלט אריינגעפאלן אין 100 קנוילן חולין, און די איינע קנויל תרומה ווערט בטל. ר׳ אליעזר אסר׳ט. ער האלט, אז אויב א שווארצע תרומה־פייג איז אריינגעפאלן צווישן 50 שווארצע און 50 ווייסע פייגן פון חולין, זענען דאָך די ווייסע פייגן זיכער ניט קיין טייל פון געמיש, הייסט עס, אז די שווארצע תרומה־פייג האָט זיך אויסגעמישט בלויז מיט די 50 שווארצע פייגן פון חולין, איז דאָך נור דאָ צוזאמען 51 און ניט 101, דעריבער ווערט זי ניט בטל. דאָס זעלבע איז אויך מיט די גרויסע קנוילן און די פירקאנטיקע פייגן־פלעצלעך. ורבי עקיבא, און ר׳ עקיבא זאָגט, אז אויב מען ווייסט וואָס עס איז אריינגעפאלן (א שווארצע פייג, א גרויסער קנויל) קאָנען זיי ניט מבטל זיין איינער דעם אנדערן; און אויב מען ווייסט ניט וואָס עס איז אריינגעפאלן, זענען זיי יאָ מבטל איינער דעם אנדערן. מחמת קוים ווייסט מען ניט, זענען דאָך סיי די ווייסע און סיי די שווארצע, סיי די גרויסע קנוילן און סיי די קליינע, סיי די קיילעכיקע און סיי די פירקאנטיקע, א טייל פון זעלבן געמיש, און ממילא הייסט עס ריכטיק, אז עס איז אריינגעפאלן אין 100 פון חולין. און איצט גיט די משנה די דערקלערונג וואָס ר׳ עקיבא מיינט מיט דעם „אויב מען ווייסט ניט וואָס עס איז אריינגעפאלן״, און די משנה זאָגט:

ט. כיצד, ווי אזוי? אויב עס זענען געווען פופציק שווארצע פייגן און פופציק ווייסע (צוזאמען הונדערט פייגן פון חולין), איז אויב עס איז אריינגעפאלן אין זיי איין שווארצע פייג (פון תרומה), זענען די שווארצע פייגן אסור (ניט א כהן טאָר זיי ניט עסן) און די ווייסע פייגן זענען מותר (אויך ניט א כהן מעג זיי עסן); אויב עס איז אריינגעפאלן א ווייסע, זענען די ווייסע אסור און די שווארצע זענען מותר; און אויב מען ווייסט ניט די קאָליר פון דער אריינגעפאלענער (פייג) זענען איינע מבטל די אנדערע. מחמת עס זענען דאָך פאראן הונדערט פייגן חולין אויסגעמישט מיט דער

**רות מותרות; בשאינו ידוע מה נפלה, מעלות זו את זו. ובזו ר׳ אליעזר מחמיר ור׳ יהושע מיקל.**

**י. ובזו ר׳ אליעזר מיקל ור׳ יהושע מחמיר: בדורס ליטרא קציעות על פי הכד ואינו יודע אי זו היא — ר׳ אליעזר אומר, רואין אותן כאלו הן פרודות, והתחתונות מעלות את העליונות. ר׳ יהושע אומר, לא תעלה עד שיהיו שם מאה כדים.**

**יא סאה תרומה שנפלה על פי מגורה וקפאה, ר׳ אליעזר אומר, אם**

---

**תרומה־פייג, זענען זיי מבטל די תרומה פייג; מען נעמט ארויס איין פייג און מען גיט זי דעם כהן אלס תרומה און די איבריקע 100 פייגן זענען חולין און יעדער מעג זיי עסן.** בזו, אין דעם דאָזיקן (פריערדיקן דין) איז ר׳ אליעזר מחמיר און ר׳ יהושע איז מיקל. **ווייל ר׳ אליעזר האלט דאָך, אז ביי 50 שווארצע און 50 ווייסע הייסט עס אז עס איז נור דאָ 50 פייגן און זיי מאכן ניט בטל די תרומה־פייג און א ניט־כהן טאָר ניט עסן דעם געמיש; אָבער ר׳ יהושע איז מתיר.**

י. ובזו, אָבער אין דעם (דין, וואָס ווערט געלערנט דאָ ווייטער) איז ר׳ אליעזר מיקל און ר׳ יהושע איז מחמיר; דאָס איז אין דעם פאַל ווען איינער דריקט אריין (דורס) א פונט טרוקענע פייגן (פון תרומה) אויף דער עפנונג פון א קריג (מיט פייגן פון חולין) און ער ווייסט ניט, אין וועלכער קריג ער האָט ארייגעדריקט (און עס זע־נען דאָרט פאראן עטליכע קריגן מיט חולין־פייגן), זאָגט ר׳ אליעזר, אז מען באַ־טראכט ווי די פייגן אין די קריגן זענען פונאנדערגענומען (פרודות), און אויך די אונ־טערשטע פייגן, (וועלכע ליגן ניט ביי דער עפנונג פון דער קריג, נור טיפער, אין מיטן פון דער קריג, און אויפן דנאָ פון קריג) העלפן מבטל צו זיין די אויבערשטע (וועלכע ליגן אויף דער עפנונג פון דער קריג). **דאָס הייסט, אז אויב אין די קריגן איז פאראן 100 פונט טרוקענע פייגן, כאָטש מען ווייסט דאָך, אז דער פונט תרומה פייגן איז ניט אריין טיף אין קריג נאָר איז געבליבן אין דער הויך, אויף דעם „מויל״, אויף דער עפנונג פון קריג, פונדעסטוועגן באטראכט מען, ווי אלע פייגן פון קריג וואָלטן געווען אויס־געמישט, זענען דאָך פאראן 100 פונט חולין קייגן איין פונט תרומה, איז דער פונט תרומה „עולה״, ער ווערט בטל, און מען נעמט ארויס איין פונט פייגן און מען גיט עס דעם כהן אלס תרומה און די איבריקע זענען מותר. די מפרשים זאָגן, אז ווייל עס זענען פאראן נאָך אנדערע קריגן (כאָטש זיי זענען ניט קיין 100 קריגן) ווערט דאָך עס מדאורייתא, לויט דעם דין פון דער תורה, סיי ווי בטל אין רוב, אין דער מערהייט, נאָר די רבנן האָבן מתקן געווען אז עס מוז זיין 101; דעריבער מעג מען צו רעכענען אויך די אונטערשטע פייגן.** ור׳ יהושע, און ר׳ יהושע זאָגט, אז זי ווערט ניט בטל (די אונ־טערשטע פייגן קאָן מען ניט צורעכענען), סיידן עס זענען פאראן הונדערט קרוגן (מיט פייגן חולין, און ער ווייסט ניט אויף וועלכן קריג ער האָט ארויפגעלעגט דעם פונט תרומה־פייגן). **דעמאָלס ווערט די איינע עפנונג פון דער קריג, אויף וועלכער ער האָט ארויפגעלייגט די תרומה־פייגן, בטל אין די אנדערע 100 עפנונגען. „ליטרא״, זאָגט ר׳ בנימין מוספיא אין „מוסף הערוך״, איז דאָס גריכישע וואָרט „ליטרא״, א פונט.**

י״א. סאה, אויב א סאה פון תרומה (תבואה צי פרוכטן) איז ארויפגעפאלן אויף דער עפנונג (אין דער הויך) פון א מאגאזין־קאסטן (תבואה פון חולין) און ער האָט אראָפגעשארט (אראָפגענומען די גאנצע תבואה צי פרוכטן, וועלכע זענען געלעגן אין דער הויך אויף דער עפנונג), זאָגט ר׳ אליעזר, אז אויב עס איז אין דעם אראָפגעשארטן (קיפוי) פאראן הונדערט סאה ווערט בטל (די סאה תרומה) אין די הונדערט און איין סאה. **אין ירושלמי זענען פאראן אויף דער דאָזיקער משנה צוויי טייטשן. איינער איז, אז אויב עס איז פאראן בלויז אין דעם אראָפגעשארטן 100 סאה (א חוץ דער אריינ־**

**יש בקיפוי (מאה סאה) תעלה באחד ומאה. ר׳ יהושע אומר, לא תעלה. סאה תרומה שנפלה על פי מגורה יקפאנה. ואם כן למה אָמרו תרומה עולה באחת ומאה? בשאינו ידוע אם בלולות הן, או לאין נפלה.**

**יב שתי קופות ושתי מגורות שנפלה סאה תרומה לתוך אחת מהן ואין ידוע לאיזו מהן נפלה, מעלות זו את זו. ר׳ שמעון אומר, אפילו הם בשתי עירות, מעלות זו את זו.**

**יג אָמר ר׳ יוסי, מעשה בא לפני ר׳ עקיבא בחמשים אגודות של**

---

געפאלענער סאה תרומה) ווערט די תרומה בטל און „גייט־אויף״. דער צווייטער טייטש איז, אז אויב עס איז פאראן אין דעם אראָפּגעשארטן צוזאמען מיט דער תבואה, וועלכע ליגט אונטן אין מאגאזין, 100 סאה (א חוץ דער תרומה־סאה), ווערט אויך די סאה־תרומה בטל און גייט־אויף. ור׳ יהושע, און ר׳ יהושע זאָגט, אז זי ווערט ניט בטל. ווייל (לויט דעם צווייטן טייטש פון ירושלמי), ר׳ יהושע האלט דאָך אין דער פריער־דיקער משנה, אז די אונטערשטע העלפן ניט מבטל צו זיין די אויבערשטע. סאה תרומה, אויב א סאה פון תרומה־תבואה איז ארויפגעפאלן אויף דער עפענונג פון מאגאזין־קאסטן (מיט חולין תבואה), זאָל מען אראָפּשארן פון דער הויך. מען זאָל אראָפּשארן די תבואה וואָס ליגט אין דער הויך, און דאָס אראָפּגעשארטע איז תרומה, און די איי־בערגעבליבענע אונטערשטע תבואה אין מאגאזין־קאסטן איז חולין. ואם כן, אויב אזוי, פארוואָס האָט מען געזאָגט, אז „תרומה ווערט בטל אין הונדערט און איינס״? דאָס איז נור אין פאַל ווען מען ווייסט ניט (צי די סאה תרומה איז געבליבן אין דער הויך) צי זי האָט זיך אויסגעמישט (מיט דער גאנצער תבואה פון מאגאזין־קאסטן) אָדער מען ווייסט ניט וואוהין זי איז אריינגעפאלן (צי זי איז אפשר אריינגעפאלן אין דער־מיט פון קאסטן תבואה). דאָס איז לויט דער מיינונג פון ר׳ יהושע, אז אויב מען ווייסט, דאָס די סאה תרומה איז געבליבן אין דער הויך קאָן די אונטערשטע תבואה ניט העלפן מבטל צו זיין די סאה תרומה; ווען מען ווייסט ניט, צי די סאה תרומה איז געבליבן אין דער הויך, דעמאָלס ווערט דער גאנצער קאסטן תבואה באטראכט אלס איין געמיש.

י״ב. שתי קופות, צוויי קוישן אָדער צוויי קאסטנס (מיט תבואה פון חולין), וואָס א סאה תרומה (תבואה) איז אריינגעפאלן אין איינעם פון זיי (אין איינעם פון די קוישן אָדער אין איינעם פון די קאסטנס) און מען ווייסט נישט אין וועלכן זי איז אריינגעפאלן, זענען זיי מבטל איינע די אנדערע. אויב איןביידע קוישן אָדער אין ביי־דע קאסטנס איז פאראן 100 סאה חולין־תבואה ווערט די אריינגעפאלענע סאה תרומה בטל. די משנה לערנט דאָ, אז עס מוז ניט דוקא זיין 100 סאה אין איין אָרט, נאָר עס איז גענוג אויב זיי זענען אין צוויי ערטער, און קוים איז דער ספק, וואוהין די תרומה־סאה איז אריינגעפאלן, נוגע ביידע ערטער, הייסן זיי איין געמיש און זיי ווערן צו־זאמענגערעכנט ביידע צו די 100 סאה. ר׳ שמעון זאָגט, אז אפילו זיי (די צוויי קוישן אָדער די צוויי קאסטנס) זענען אין צוויי שטעט, זענען זיי אויך מבטל איינע די אנדערע. מען רעכנט זיי אלס איינס, און אויב עס איז פאראן אין ביידע 100 סאה, זענען זיי מבטל די אריינגעפאלענע סאה תרומה; דאָס איז אויב מען ווייסט ניט, אין וועלכן פון די צוויי די סאה־תרומה איז אריינגעפאלן.

י״ג. אמר ר׳ יוסי, ר׳ יוסי האָט געזאָגט, אז עס איז געווען א מעשה (א שאלה) איז געקומען פאר ר׳ עקיבא וועגן פופציק בינטלעך גרינס (פון חולין), צווישן וועלכע עס איז אריינגעפאלן איין בינטל גרינס, וואָס איז געווען א העלפט תרומה (און די אנדערע העלפט פון דעם אריינגעפאלענעם בינטל גרינס איז געווען חולין); און איך האָב געזאָגט פאר אים, אז זי (די תרומה) זאָל בטל ווערן; ניט דערפאר ווייל תרומה ווערט בטל אין איין־און־פופציק (דאָ זענען געווען נאָר פופציק בינטלעך חולין און

**ירק שנפלה אחת מהן לתוכן חציה תרומה, ואמרתי לפניו, תעלה. לא שהתרומה עולה בחמשים ואחד, אלא שהיו שם מאה ושני חצאים.**

פרק ה.

**א. סאה תרומה טמאה שנפלה לפחות ממאה חולין, או למעשר ראשון, או למעשר שני, או להקדש, בין טמאין בין טהורים ירקבו. ואם**

---

עס איז אריינגעפאלן א בינטל, נאר וויל עס זענען דארט געווען הונדערט און צוויי העלפטן. וויל פון דעם אריינגעפאלענעם בינטל איז דאך נאר א העלפט געווען תרומה, קומט דאך אויס, אז די 50 בינטלעך חולין האבן געהאט 100 האלבע־בינטלעך חולין, און פון דעם אריינגעפאלענעם בינטל איז אויך געווען א האלב־בינטל חולין, און נור א האלב בינטל תרומה; ממילא זענען דאך געווען 102 האלבע־בינטלעך פון וועלכע נור איין האלב־בינטל איז געווען תרומה, איז דאך פאראן זאגאר מער ווי 101, עס איז פאראן 102.דעריבער ווערט די תרומה בטל.

פרק ה.

א. סאה, אויב א סאה פון תרומה וואס איז טמא (און טמא׳דיקע תרומה טאר אויך א כהן ניט עסן), איז אריינגעפאלן אין ווינציקער פון הונדערט סאה פון חולין, אדער פון מעשר ראשון, אדער פון מעשר שני אדער פון הקדש, סיי די (ווינציקער פון הונ־דערט סאה תבואה) זענען געווען טמא, סיי זיי זענען געווען טהור, דארף (דער גאנצער געמיש) פארפוילט ווערן. טאר עס קיינער ניט עסן, און אויך א כהן טאר עס ניט עסן, צו־ליב דעם וואס די סאה תרומה, וועלכע איז אריינגעפאלן איז דאך טמא, און טמא־תרומה טאר קיינער ניט עסן. די סאה טמא תרומה קאן אויך ניט בטל ווערן אין דעם געמיש, מחמת עס איז דאך ניטא קיין הונדערט און איין סאה (ווי מיר האבן געלערנט פריער פרק ד׳ משנה ז׳). ואם טהורה, און אויב די דאזיקע סאה תרומה (וואס איז אריינגע־פאלן אין ווינציקער פון הונדערט סאה חולין) איז געווען טהור (און א כהן מעג איר יא עסן), זאל מען פארקויפן דעם גאנצן געמיש פאר דעם פרייז פון תרומה־תבואה צו א כהן, חוץ דעם געלט פון דער דאזיקער סאה. די סאה תרומה ווערט דאך ניט בטל, וויל עס איז דאך פאראן ווינציקער פון 100 סאה חולין; דעריבער מעג דאס גאנצע געמיש געגעסן ווערן נור דורך א כהן, און מען דארף דעריבער דאס גאנצע געמיש פארקויפן צו א כהן. דער פרייז פון אזא תבואה איז קלענער ווי פון געוויינטליכע חולין, מחמת נור א כהן קאן זי קויפן, און דער פרייז איז ווי פון תרומה־תבואה, וואס אויך נור א כהן קאן זי קויפן. אבער געלט מעג מען נעמען פאר דעם געמיש, א חוץ פאר דער סאה אריינגעפאלענער תרומה, פאר וועלכער מען טאר ביים כהן ניט נעמען קיין געלט, מחמת זי איז דאך תרומה און זי געהערט סיי ווי צום כהן בחינם. ואם למעשר ראשון, און אויב די סאה טהור־תרומה איז אריינגעפאלן אין (ווינציקער פון הונדערט סאה) מעשר ראשון זאל ער דעם מעשר ראשון מאכן פאר תרומת מעשר. מיר האבן אין דער הקדמה צו מסכת דמאי געשריבן, אז מעשר ראשון דארף מען געבן א לוי, און דער לוי דארף אראפנעמען א צענטל און דאס הייסט תרומת מעשר, וואס דארף גע־געבן ווערן דעם כהן. דער לוי קאן אויך דעם גאנצן מעשר ראשון מאכן תרומת מעשר אויף אן אנדערן מעשר ראשון, וואס ער האט. זאגט די משנה, אז אזוי ווי דעם דאזיקן געמיש מעג דאך עסן נור א כהן קאן מען דאס פארקויפן צו א לוי און ער זאל דעם גאנצן געמיש מעשר ראשון מאכן תרומת מעשר אויף אן אנדערן מעשר ראשון וואס ער האט, און ער גיט אוועק דעם געמיש צום כהן. ואם למעשר שני, און אויב די דאזיקע (סאה טהור־תרומה) איז אריינגעפאלן אין (ווינציקער פון הונדערט סאה) מעשר שני אדער הקדש, זאל מען עס אויסלייזן. מעשר שני (ווי מיר האבן געשריבן אין דער הקדמה צו מסכת דמאי), מעג מען עסן נור אין ירושלים; אבער אויב מען לייזט אויס דעם מעשר שני פאר געלט, דארף מען דאס געלט אוועקפירן קיין ירושלים און דארט

**טהורה היתה אותה הסאה, ימכרו לכהנים בדמי תרומה, חוץ מדמי אותה סאה. ואם למעשר ראשון נפלה, יקרא שם לתרומת מעשר. ואם למעשר שני או להקדש נפלה, הרי אלו יפדו. ואם טמאים היו אותן החולין, יאכלו נקודים או קליות, או ילושו במי פירות, או יתחלקו לעסות, כדי שלא יהא במקום אחד כביצה.**

**ב. סאה תרומה טמאה שנפלה לתוך מאה חולין טהורין, ר׳ אליעזר**

---

קויפן דערפאר עסנווארג און דאָרט עסן, און דעם אויסגעלייזטן מעשר שני מעג מען עסן אומעטום. דאָס זעלבע איז אויך, אויב איינער איז מקדיש תבואה, געהערט די תבואה צום בית המקדש, און מען טאָר איר ניט עסן, ווייל זי איז הקדש, הייליג. **אָבער** מען קאָן די הקדש־תבואה אויסלייזן פאַר געלט, און דעמאָלס ווערט דאָס געלט הקדש, און די תבואה ווערט אויס הקדש און יעדער קאָן זי עסן. זאָגט די משנה, אז אין אונ־זער פאַל, כדי מען זאָל קאָנען פאַרקויפן דעם געמיש צו אכהן, זאָל מען דעם מעשר שני אָדער דעם הקדש צוערשט אויסלייזן פאַר געלד, און ממילא ווערט דער געמיש פונקט ווי די סאה תרומה וואָלט אריינגעפאלן אין ווינציקער פון 100 סאה חולין, און מען פאַרקויפט זיי צו א כהן ווי מיר האָבן פריער אין דערזעלבער משנה געלערנט. ואם טמאים, און אויב (די סאה תרומה איז געווען טהור נאָר) די (ווינציקער פון הונ־דערט סאה) חולין זענען געווען טמא, און די טהור־תרומה קאָן ניט ווערן איצט טמא דורך אָנרירן די טמא׳דיקע חולין, ווייל די תרומה־תבואה האָט נאָכניט געהאַט אָנ־גערירט קיין וואסער אָדער אן אנדער פליסיקייט, וואָס איז איר „מכשיר״, מאכט איר פעהיק צו קאָנען ווערן טמא (זע וועגן דעם מסכת דמאי פרק ב׳ משנה ג׳); **אָבער די שאלה איז**: ווי אזוי קאָן מען פאַרקויפן דעם געמיש צום כהן און ער זאָל מאכן פון דער געמיש־תבואה מעל און באקן ברויט, סטייטש דאדורך וועט דאָך די סאה טהור־תרומה ווערן נאַס פון וואסער ביים קנעטן דאָס מעל און זי וועט דאָך אָנרירן די טמא׳דיקע חולין־מעל און די תרומה וועט אויך טמא ווערן, און מען וועט דאָך דעם גאנצן געמיש ניט קאָנען עסן? זאָגט די משנה דערויף די עצה: יאכלו, מען זאָל עסן דעם תבואה־געמיש „נקודים״, טרוקענערהייט. „ניקודים״ איז דער טייטש טרוקן, ווי אין יהושע ט׳ „יבש היו נקודים״; אזוי טייטשט רשי אין בכורות כ״ב; דער רמבם טייטשט „ניקודים״, „קליינע ברייטלעך״, און אין יעדן ברייטל איז פאראן טייג ניט אזוי גרויס ווי אן איי, און דער דין איז, אז ווינציקער ווי די גרויס פון אן איי קאָן ניט טמא ווערן; או קליות, אָדער (מען זאָל עסן די געמיש־תבואה) אין אָנגעברענטע קערנער; „קליות״ איז דאָס זעלבע וואָס „קלוי אש״ אין חומש ויקרא ב׳, וואָס איז דער טייטש אָנברענען די תבואה־קערנער אין פייער און זיי ווערן גוט צום עסן; או ילושו, אָדער מען זאָל קנעטן (דאָס טייג פון תבואה־געמיש) מיט פרוכטן־זאפט; דער דין איז, אז פרוכטן ־ זאפט (מיטן אויסנאם פון ווין און אייל) זענען ניט מכשיר, און אפילו תבואה ווערט באנעצט מיט פרוכטן־זאפט קאָן זי ניט ווערן טמא ווען זי רירט אָן דער־נאָך א טמא זאַך. זאָגט די משנה, אז מען זאָל קנעטן דאָס טייג מיט פרוכטן־זאפט. או תתחלק, אָדער מען זאָל צעטיילן (דעם תבואה־געמיש) אויף קליינע שטיקלעך, און מ׳זאָל יעדעס שטיקל אריינטאָן אין אן אנדער טייג, אזוי אז אין יעדן אָרט (אין יעדן טייג) זאָל ניט זיין ווי די גרויס פון אן איי (פון דעם תבואה־געמיש). ווייל ווי מיר האָבן שוין פריער געזאָגט ביים וואָרט „ניקודים״ איז דער דין, אז עסנווארג, וואָס איז קלענער ווי די גרויס פון אן איי, קאָן ניט טמא ווערן, און אויב עס איז געוואָרן טמא, און דער־נאָך האָט מען אָפּגעבראָכן א שטיקל און עס איז געוואָרן קלענער פון אן איי, קאָן עס ניט מטמא זיין אנדערע עסנווארג ווען עס רירט זיי אָן.

ב. סאה תרומה טמאה, אויב א סאה תרומה תבואה, וואָס איז טמא, איז אריינ־געפאלן אין הונדערט (סאה) חולין, וואָס זענען טהור. **און מיר האָבן דאָך געלערנט**

**אומר, תירום ותשרף, שאני אומר, סאה שנפלה היא סאה שעלתה. וחכמים אומרים, תעלה ותאכל נקודים או קליות, או תלוש במי פירות, או תתחלק לעיסות, כדי שלא יהא במקום אחד כביצה.**

**ג. סאה תרומה טהורה שנפלה למאה חולין טמאין, תעלה ותאכל נקודים או קליות, או תלוש במי פירות, או תתחלק לעיסות, כדי שלא יהא במקום אחד כביצה.**

**ד. סאה תרומה טמאה שנפלה למאה סאה תרומה טהורה, בית**

---

פריער פרק ד׳ משנה ז׳, אז תרומה ווערט בטל אין הונדערט און איינס, און ממילא דארף מען אויך דאָ ארויסנעמען איין סאה און דערקלערן, אז דאָס איז די ארייגעפאלענע סאה תרומה און מען גיט זי אוועק צום כהן און די איבריקע 100 סאה פון געמיש זענען חולין און יעדער מעג זיי עסן. אָבער דאָ איז דאָך די שאלה: וואָס זאָל געשען מיט דער סאה וואָס מען נעמט־ארויס? צי הייסט זי טמא־תרומה און מען דארף איר פארברענען, אָדער טהור־תרומה און דער כהן מעג איר עסן? ר׳ אליעזר זאָגט, מען זאָל די סאה ארויסנעמען און פארברענען, מחמת איך זאָג (מען נעמט אָן), אז דיזעלבע סאה, וועלכע איז אריינגעפאלן, איז דיזעלבע סאה וועלכע מען האָט ארויס־גענומען. און אזוי ווי אריינגעפאלן איז דאָך א סאה תרומה טמאה, דארף אויך די ארויסגענומענע סאה באטראכט ווערן ווי תרומה טמאה און מען דארף איר פארברע־נען. וחכמים, אָבער די חכמים זאָגן, אז מען זאָל ארויסנעמען די סאה און מען זאָל איר עסן אָדער ניקודים (טרוקן, אָדער קליינע ברייטלעך, ווי מיר האָבן געלערנט אין דער פריערדיקער משנה), אָדער אין אָנגעברענטע קערנדלעך, אָדער מען זאָל איר קנעטן מיט פרוכטן־זאַפט אָדער מען זאָל איר צעטיילן אויף שטיקלעך און יעדעס שטיקל זאָל מען אריינגעבן אין אן אנדערן טייג, כדי עס זאָל אין יעדן אָרט (אין יעדן טייג) ניט זיין ווי די גרויס פון אן איי. דעם טייטש פון די אלע זאכן האָבן מיר געגעבן אין דער פריעדיקער משנה. מען דארף דאָס טאָן, כדי עס זאָל ניט טמא ווערן דער טהור־טייל ביים קנעטן, טייל מפרשים (דער ר״ש אין נאָמען פון רש״י) טייטשן, אז „תעלה״ „אויפגיין״, מיינט דאָ אינגאנצן בטל ווערן און מען דארף ניט ארויסנעמען, לויט די חכמים, די סאה, און דער גאנצער געמיש דארף געגעסן ווערן אָדער טרי־קענערהייט, אָדער לויט די אנדערע מיטלן, כדי עס זאָל ניט טמא ווערן ביים קנעטן דאָס טייג מיט וואסער.

ג. סאה תרומה טהורה, אויב א סאה תרומה תבואה, וועלכע איז טהור, איז אריינ־געפאלן אין הונדערט סאה תבואה חולין וועלכע זענען טמא, גייט די סאה אויף (מען נעמט ארויס איין סאה פון געמיש) און מען זאָל זי עסן אָדער טריקענערהייט, אָדער אָנגעברענטע קערנדלעך, אָדער זי זאָל געקנעטן ווערן מיט פרוכטן־זאַפט, אָדער זי זאָל צעטיילט ווערן אויף שטיקלעך און יעדעס שטיקל זאָל מען אריינגעבן אין אן אנדער טייג, כדי עס זאָל אין יעדן אָרט ( אין יעדן טייג) ניט זיין די גרויס פון אן איי. דאָ איז אויך ר׳ אליעזר מודה, אז מען מעג די ארויסגענומענע סאה עסן, מחמת אויב מען באטראכט זי אלס די סאה תרומה, וואָס איז אריינגעפאלן, איז זי דאָך א סאה טהור־תרומה, מעג מען דאָך איר עסן. ווידער אויב זי איז טמא איז זי דאָך חולין, און טמא־חולין מעג מען דאָך עסן.

ד. סאה תרומה טמאה, אויב א סאה תרומה, וועלכע איז טמא, איז אריינגעפאלן אין הונדערט סאה תרומה, וועלכע זענען טהור, און די טהור־תרומה איז טריקענע, האָט ניט אָנגערירט קיינמאָל קיין וואסער אָדער די אנדערע פליסיקייטן און זי קאָן דעריבער ניט טמא ווערן דורך אָנרירן די טמא־תרומה (ווי מיר האָבן געשריבן פריער משנה א׳), בית שמאי, די בית שמאי אסרן, (צו עסן דעם געמיש). כאָטש ווען איין סאה תרומה פאלט אריין אין הונדערט סאה חולין ווערט דאָך די תרומה־

**שמאי אוסרים, ובית הלל מתירין. אָמרו בית הלל לבית שמאי: הואיל וטהורה אסורה לזרים וטמאה אסורה לכהנים, מה טהורה עולה, אף טמאה תעלה. אָמרו להם בית שמאי, לא ! אם העלו החולין הקלים, המותרין לזרים, את הטהורה — תעלה תרומה החמורה, האסורה לזרים, את הטמאה? לאחר שהודו, ר׳ אליעזר אומר, תירום ותשרף; וחכמים אומרים, אבדה במיעוטה.**

**ה. סאה תרומה שנפלה למאה, הגביהה ונפלה למקום אחר, ר׳**

---

**סאה בטל, אָבער טמא תרומה אין טהור־תרומה, אפילו איין סאה אין הונדערט סאה, ווערט ניט בטל.** ובית הלל, אָבער די בית הלל זענען מתיר (צו עסן דעם גאנצן געמיש). **זיי האלטן, אז אויך טמא־תרומה ווערט בטל אין טהור תרומה אויב עס איז אריינגעפאלן איין סאה אין הונדערט.** אָמרו, האָבן געזאָגט די בית הלל צו די בית שמאי: ווייל טהור־תרומה טאָר א ניט־כהן (זרים, ניט־כהנים, דאָס מיינט א ישראל אָדער א לוי) ניט עסן, און טמא־תרומה טאָר א כהן ניט עסן, איז אזוי ווי טהור־תרומה ווערט בטל (ווען זי מישט זיך אויס מיט הונדערט חולין), אזוי דאַרף טמא־תרומה בטל ווערן (און ווערן מותר, ווען זי מישט זיך אויס מיט הונדערט טהור־תרומה); האָבן די בית שמאי זיי אָפּגעענטפערט: ניין, אויב חולין, וואָס זענען לייכט, מחמת זיי זיינען דאָך מותר צו עסן צו זרים (ניט־כהנים) קאָנען (הונדערט סאה חולין) מבטל זיין (איין סאה) טהור תרומה, צי שוין זשע זאָל תרומה, וואָס איז האַרב, ווייל זרים (ניט כהנים) טאָרן איר ניט עסן, מבטל זיין טמא־תרומה? **עס ווייזט אויס, אז כאָטש די בית שמאי האָבן אָפּגעענטפערט די בית הלל, האָבן זיי פונדעסטוועגן דערנאָך מודה געווען, אז די בית הלל זענען גערעכט.** לאחר שהודו, נאָכדעם ווי די בית שמאי האָבן מודה געווען צו די בית הלל, **איז שוין אויך ביי די תנאים, וואָס האָבן געהאלטן פריער מיט די בית שמאי (ווי למשל ר׳ אליעזר, וועגן וועלכן עס ווערט אין ירושלמי געזאָגט, אז „שמותי הוא״, ער האלט טיילמאָל מיט די בית שמאי),** געווען די שאלה: **צי דאַרף מען ארויסנעמען די כאָה, פונקט ווי ווען זי פאלט אריין אין חולין, צי ניט ?** ר׳ אליעזר זאָגט, אז מען זאָל זי ארויסנעמען און פארברענען. **ווייל אויך פריער אין משנה ב׳ האלט ר׳ אליעזר, אז די סאה, וועלכע מען נעמט ארויס, ווערט באטראכט אלס די זעלבע סאה, וועלכע איז אריינגעפאלן, און דעריבער הייסט די סאה דאָ טמא־תרומה און מען דאַרף איר פארברענען.** וחכמים, אָבער די חכמים זאָגן, אז זי ווערט פארלוירן אין איר מינדער־הייט. **לויט די חכמים דאַרף מען אינגאנצן ניט ארויסנעמען קיין סאה, נאָר דער גאנצער געמיש איז טהור־תרומה און כהנים מעגן זי עסן; מחמת די אריינגעפאלענע סאה טמא־תרומה איז בטל געוואָרן אין די הונדערט סאה טהור־תרומה. ווען תרומה פאלט אריין אין חולין דאַרף מען ארויסנעמען, כדי אוועקצוגעבן די סאה צום כהן, כדי דער כהן זאָל ניט היזק האָבן („גזל השבט״, מען זאָל ניט באגזל׳ענען דעם שבט פון די כהנים); אָבער דאָ געהערט דאָך סיי ווי אלץ צו די כהנים, דאַרף מען גאָרניט ארויסנעמען.**

ה. סאה תרומה, אויב א סאה תרומה איז אריינגעפאלן אין הונדערט (סאה חולין, און ווי מיר האָבן געלערנט נעמט מען ארויס איין סאה און זי ווערט באטראכט אלס תרומה, און די איבריקע הונדערט זענען חולין), און מען האָט ארויסגענומען א סאה (אלס תרומה) און זי איז אריינגעפאלן אין אן אנדער אָרט (אין אנדערע חולין, אָבער אין ווינציקער פון הונדערט סאה), זאָגט ר׳ אליעזר, אז זי איז „מדמע״ ווי זיכערע תרומה. **מיר האָבן שוין דערקלערט אין דער הקדמה צו מסכת תרומות און אויך פריער פרק ד׳ משנה ז׳, אז „מדמע״ הייסט ווען די חולין, אין וועלכע תרומה איז אריינגעפאלן, איז ניט 100 מאָל אזוי פיל וויפיל די אריינגעפאלענע תרומה; דעמאָלט ווערט די גאנצע חולין אסור צו עסן פאר א ניט א כהן, אזוי ווי תרומה: דאָס הייסט**

**אליעזר אומר, מדמעת כתרומת ודאי; וחכמים אומרים, אינה מדמעת אלא לפי חשבון.**

**ו. סאה תרומה שנפלה לפחות ממאה ונדמעו, ונפל מן המדומע למקום אחר, ר׳ אליעזר אומר, מדמעת כתרומת ודאי; וחכמים אומרים אין המדומע מדמע אלא לפי חשבון, ואין המחומץ מחמץ אלא לפי**

---

„מדמע״, פון ווארט „דמע״, וואס איז דער טייטש תרומה (זע אין דער הקדמה צו דער מסכת תרומות). זאָגט ר׳ אליעזר, אז ווייל די סאה, וועלכע מען נעמט ארויס, ווערט באשראכט ווי תרומה (כאָטש באמת ווייסט מען דאָך ניט צי דאָס איז זי די אריינ־געפאלענע תרומה־סאה), דעריבער האָט זי דעם דין פון זיכערער תרומה (תרומת ודאי), און אז זי פאלט אריין אין, למשל, 99 סאה פון חולין אסר׳ט זי די גאנצע חולין, מחמת עס איז ניט פאראן קיין 100 סאה חולין צו דער איינער סאה תרומה. ר׳ אליעזר האלט זיך ביי זיין שיטה פון פריער אין משנה ב׳, אז מען זאָגט, דאָס דיזעלבע סאה, וועלכע איז אריינגעפאלן, איז דיזעלבע סאה, וועלכע מען האָט ארויסגענומען. וחכמים, אָבער די חכמים זאָגן, אז זי איז נור מדמע לויט דעם חשבון. דאָס הייסט, אז ווייל די דאָזיקע סאה האָט מען ארויסגענומען פון א געמיש פון 101 סאה, אין וועל־כע נור 1 סאה איז געווען תרומה, אנטהאלט די דאָזיקע סאה ניט מער ווי איין 101סטל סאה תרומה און 100 הונדערט און איינסטלעך חולין, און אז זי פאלט אריין אין אנדע־רע חולין הייסט עס ניט, אז א גאנצע סאה תרומה איז אריינגעפאלן אין חולין, נאָר אז עס איז אריינגעפאלן בלויז איין 101סטל סאה תרומה.

ו. סאה תרומה, אויב א סאה תרומה איז אריינגעפאלן אין ווינציקער פון הונ־דערט סאה (חולין) און זענען אלע געוואָרן „מדומע״ (דאָס הייסט דער גאנצער גע־מיש ווערט באטראכט ווי תרומה), און פון דאָזיקן „מדומע״־געמיש איז אריינגעפאלן א טייל אין אנדער אָרט (אין אנדערע חולין), זאָגט ר׳ אליעזר אז דאָס אריינגעפא־לענע איז מדמע די אנדערע חולין א שטייגער ווי עס (דאָס אריינגעפאלענע) וואָלט גע־ווען זיכערע תרומה. ר׳ אליעזר האלט, אז קוים איז די סאה תרומה, אריינפאלנדיק למשל אין 99 סאה חולין, ניט בטל געוואָרן, און אלץ, די גאנצע 100 סאה, ווערן בא־טראכט אלס „מדומע״, דאָס הייסט, אלס תרומה, און ניט א כהן טאָר זיי ניט עסן, דע־ריבער אויב א סאה פון דאָזיקן געמיש איז אריינגעפאלן אין אנדערע חולין, לאָמיר זאָגן אויך אין 99 סאה, אסר׳ט עס די אנדערע חולין פונקט אזוי ווי די אריינגעפאלע־נע סאה וואָלט געווען אינגאנצן תרומה. וחכמים, אָבער די חכמים זאָגן, אז די „מדומע״ (דער געמיש פון תרומה מיט חולין) קאָן ניט מדמע־זיין (אסרן אנדערן חולין, אויב ער פאלט אריין אין אים) נאָר לויטן חשבון. למשל אין אונזער פאל הייסט עס, אז א סאה פון דעם מדומע, פון דעם געמיש האָט ניט מער ווי איין הונדערטסטל תרומה און 99 הונדערטסטלעך חולין. און אויב אין די אנדערע חולין איז פאראן איין סאה חולין, דאָס הייסט 100 הונדערטסטלעך איז זי מבטל די דאָזיקע אריינגעפאלענע סאה, אזוי זאָגט דער רמב״ם. דער ר״ש זאָגט, אז אפילו די 99 הונדערטסטלעך חולין פון דער־זעלבער סאה, וואָס איז אריינגעפאלן, ווערן אויך צוגערעכנט צום נייעם חולין צו העלפן מבטל מאכן דאָס הונדערטסטל תרומה. ואין המחומץ, און דאָס זויער־טייג (פון תרומה) קאָן ניט זויער מאכן (דאָס טייג פון חולין) נאָר לויטן חשבון. ווען מען וויל אז טייג זאָל יערן טוט מען אריין אין דעם א שטיקל זויער ־טייג, וואָס מאכט עס „זויער״, יערן. אויב מען האָט אריינגעטאָן א שטיקל זויער־טייג פון תרומה אין א גרויסן טייג פון חולין און די טייג האָט געיערט („זויער״ געוואָרן), ווערט די גאנצע טייג אסור צו עסן פאר ניט־כהנים; זי האָט אינגאנצן דעם דין פון תרומה ,מחמת זי איז זויער גע־וואָרן דורך תרומה־טייג. אויב מען האָט דערנאָך פון גאנצן טייג, נאָכדעם ווי עס איז זויער געוואָרן, גענומען א שטיקל און אריינגעטאָן אין אן אנדערן טייג פון חולין און

**חשבון, ואין המים שאובים פוסלין את המקוה אלא לפי חשבון.**

**ז. סאה תרומה שנפלה למאה, הגביהה ונפלה אחרת, הגביהה ונפלה אחרת, הרי זו מותרת עד שתרבה תרומה על החולין.**

---

עס זויער געמאכט, זאָגט מען ניט, אז דאָס גאנצע שטיקל פון דעם זויער־טייג איז געווען תרומה און מחמת עס האָט זויער געמאכט דאָס אנדערע חולין־טייג, ווערט דאָס טייג אסור צו עסן פאר ניט־כהנים, נאָר מען שאצט אָפּ וויפיל תרומה־זויער־טייג איז געווען אין דעם צווייטן שטיקל זויער־טייג, און מען זעט; אויב אזא שטיקל תרומה־זויער־טייג, וואָס קומט ארויס לויט דער אפשאצונג, לויט דעם חשבון, וואָלט געקאָנט מאכן זויער דאָס צווייטע חולין־טייג, ווערט דאָס חולין־טייג אסור, אויב אָבער דורך אזא שטיקל זויער־טייג וואָלט דאָס צווייטע חולין־טייג ניט געוואָרן זויער, און דאָס וואָס עס איז יאָ געוואָרן זויער איז מחמת צום תרומה־זויער־טייג איז צוגעקומען דאָס חולין־זויער־טייג, איז עס מותר. ואין המים, און געשעפטע (שאובין) וואסער מאכן ניט פסול די מקוה נאָר לויט חשבון. דער דין איז, אז ווען איינער ווערט טמא דאַרף ער זיך טובל זיין אין א מקוה מיט וואסער פון פירציק סאה (יעדער סאה איז 6 טעפּ, 6 קבים). דאָס וואסער מוז אָדער גיין נאטירליך פון דער ערד אָדער זיין פון רעגן־וואַסער. אויב א מקוה האָט געהאט ווינציקער פון 40 סאה אזא כשרע וואסער און מען האָט אין איר אריינגעגאָסן 3 קוואַרט (שלשה לוגין) געשעפּט וואסער, דאָס הייסט, וואסער, וואָס איז געשעפּט געוואָרן אין א כלי, ווערט די מקוה פסול און מען טאָר זיך אין איר ניט טובל זיין. דאָס איז נאָר אז מען האָט אריינגעגאָסן אין דער מקוה די 3 קוואַרט געשעפּטע וואסער פון 1 אָדער 2 אָדער 3 כלים, לפחות א קוואַרט פון א כלי; אויב אָבער מען האָט אריינגעגאָסן די געשעפּטע וואסער פון 4 כלים, איז דאָך אויסגעקומען פון איין כלי ווינציקער פון א קוואַרט געשעפּטע וואסער, איז די מקוה כשר. דאָס איז דער טייטש פון דער משנה, אז די געשעפּטע וואסער פסל׳ן די מקוה נאָר לויט דעם חשבון, דאָס הייסט לויט דעם חשבון פון די כלים. אזוי טייטשט דער רמבם, לויט דעם תנא יוסף בן חוני אין דער גמרא תמורה י״ב. א צווייטער פשט, וועלכער ווערט אויך געבראכט אין תמורה י״ב איז, אז אויב מען האָט די געשעפּטע וואסער ניט אריינגעגאָסן אין מקוה מיט כלים, נאָר מען האָט זיי געצויגן דורך „המשכה״, אויף דער ערד, איז אויב עס איז פריער געווען אין מקוה מער ווי א העלפט (מער ווי 20 סאה) כשר׳ע וואסער, ניט־געשעפּטע, קאָנען די געשעפּטע וואסער, וועלכע זענען ווינציקער פון 20 סאה, ניט פסלענען די מקוה; און דאָס מיינט „לויט חשבון״.

ז. סאה תרומה, אויב א סאה תרומה איז אריינגעפאלן אין הונדערט (סאה פון חולין), און מען האָט ארויסגענומען איין סאה (ווי מיר האָבן פריער געלערנט, און די איבריקע הונדערט סאה פון געמיש זענען מותר), און דערנאָך איז אריינגעפאלן (אין די איבריקע הונדערט סאה) אן אנדערע סאה תרומה, און מען האָט ווידער ארויסגענומען א סאה, און עס איז ווידער אריינגעפאלן (אין די הונדערט סאה) אן אנדערע סאה תרומה, איז מותר. יעדער, אפילו א ניט־כהן, מעג זיי עסן, ווייל יעדע אריינגעפאלענע סאה תרומה ווערט בטל אין די הונדערט סאה. עד שתרבה, ביז די תרומה וועט ווערן מער פון דער חולין. דערויף זענען פאראן צוויי טייטשן. דער רמבם טייטשט, אז אויב עס זענען כסדר אזוי אריינגעפאלן סאה׳ן תרומה ביז עס זענען אריינגעפאלן 100 מיט עפּיס סאה תרומה, און דער חולין איז דאָך געווען נור 100 סאה, דעמאָלט ווערט אלץ אסור אלס תרומה. דער ר״ש טייטשט, אז אויב עס זענען אריינגעפאלן 51 סאה תרומה ווערט אלץ אסור, מחמת מען האָט מורא טאָמער האָט מען ביים ארויסנעמען ארויסגענומען די 50 סאה נור חולין, און ממילא איז דאָך געבליבן אין געמיש נור 50 סאה חולין (פון די ערשטע 100) און תרומה איז פאראן 51 סאה, איז דאָך תרומה פאראן מער.

**ח. סאה תרומה שנפלה למאה, ולא הספיק להגביהה עד שנפלה אחרת, הרי זו אסורה. ר׳ שמעון מתיר.**
**ט. סאה תרומה שנפלה למאה, וטחנן ופחתו, כשם שפחתו החולין כך פחתה התרומה, ומותר. סאה תרומה שנפלה לפחות ממאה וטחנן והותירו, כשם שהותירו החולין כך הותירה התרומה, ואָסור. אם ידוע שהחטים של חולין יפות משל תרומה, מותר. סאה תרומה שנפלה לפחות ממאה ואחר כן נפלו שם חולין — אם שוגג, מותר, ואם מזיד, אָסור,**

---

ח. סאה תרומה, אויב א סאה תרומה איז אריינגעפאלן אין הונדערט (סאה חולין) און איידער מען האָט ארויסגענומען די סאה (ווי מיר האָבן פריער געלערנט, אז איין סאה דארף מען ארויסנעמען, און זי ווערט באטראכט אלס תרומה) איז אריינ־געפאלן אן אנדערע סאה תרומה, איז (דאָס גאנצע געמיש) אסור. **ווייל עס איז דאָך שוין פאראן צוויי סאה תרומה אויף הונדערט חולין, דעריבער ווערן זיי ניט בטל, און דאָס גאנצע געמיש איז אסור צום עסן פאר ניט־כהנים.** ור׳ שמעון, אָבער ר׳ שמעון איז מתיר. **מחמת ר׳ שמעון האלט, אז ווען די ערשטע סאה איז אריינגעפאלן איז זי דאָך בטל גע־וואָרן, און דאָס וואָס מען האָט איר ניט ארויסגענומען שאדט ניט, ווייל „כל העומד להרים כמורם דמי״, ווייל דאָס וואָס מען דארף ארויסנעמען, איז גלייך ווי מען האָט עס שוין ארויסגענומען; און ווען די צווייטע סאה תרומה פאלט אריין איז ווי זי וואָלט אריינגעפאלן אליין אין 100 סאה חולין און זי ווערט אויך בטל.**

ט. סאה תרומה, אויב א סאה תרומה (ווייץ) איז אריינגעפאלן אין הונדערט (סאה חולין) און מען האָט דאָס געמיש צעמאָלן און עס איז געוואָרן ווינציקער (פון הונדערט און איין סאה), זאָגט מען, אז אזוי ווי עס איז ווינציקער געוואָרן דער חולין אזוי איז ווינציקער געוואָרן די תרומה און מען מעג. **מען האָט ניט מורא, טאָמער איז געוואָרן ווינציקער דער חולין פון די 100 סאה, און די סאה תרומה איז געבליבן דיזעלבע, און עס איז דעריבער ניט פאראן קיין 100 חולין אויף 1 תרומה; נאָר מען נעמט אָן אז סיי די חולין און סיי די תרומה זענען גלייך געוואָרן ווינציקער.** סאה תרומה, אויב א סאה תרומה איז אריינגעפאלן אין ווינציקער פון הונדערט (סאה חולין) און מען האָט זיי צעמאָלן און עס איז געוואָרן מער (עס איז געוואָרן 101 סאה) זאָגט מען, אז אזוי ווי די חולין איז גע־וואָרן מער אזוי איז אויך די תרומה געוואָרן מער, און מען טאָרניט. **מען זאָגט ניט, אז די חולין זענען געוואָרן 100 סאה, נאָר מען זאָגט, אז די פארמערונג איז געווען סיי ביי די חולין און סיי ביי דער תרומה, און ממילא איז דאָך ניטאָ קיין 100 מאָל חולין אויף 1 תרומה, און עס איז אסור.** אם ידוע, אויב מען ווייסט, אז די ווייץ פון חולין זענען געווען בעסערע פון די תרומה־ווייץ (און נאָכן צעמאָלן איז געוואָרן מער) מעג מען עסן (דאָס געמיש). **מחמת איצט קאָן מען טאקע אָננעמען, אז די פארמערונג איז פארגעקומען נור ביי די בעסערע חולין־ווייץ, ממילא איז דאָך פאראן 100 סאה חולין אויף 1 סאה תרומה, און יעדער מעג דאָס געמיש עסן.** סאה תרומה, אויב א סאה תרומה איז אריינגעפאלן אין ווינציקער פון הונדערט (סאה חולין), און דערנאָך איז דאָרט (אין דעם געמיש) צוגעפאלן נאָך חולין (און עס איז געוואָרן 100 סאה חולין אויף דער איינער סאה תרומה), איז אויב דאָס צו־פאלן פון חולין איז פארגעקומען בשוגג (מען האָט עס ניט אריינגעוואָרפן בכוונה, כדי מתיר צו מאכן דעם געמיש) מעג (יעדער עסן דאָס געמיש). **מחמת איצט איז דאָך פאראן הונדערט סאה חולין אויף איין סאה תרומה.** ואם מזיד, אויב אָבער מען האָט אריינ־געוואָרפן די חולין במזיד (מיט דער כוונה, כדי עס זאָל זיין מער חולין אין געמיש און עס זאָל ווערן מותר), טאָר מען ניט (טאָרן ניט־כהנים ניט עסן דאָס געמיש). **דאָס איז דער דין פון „אין מבטלין איסור לכתחילה״, מען טאָר ניט לכתחילה צוגעבן אזוי פיל מותר־זאכן צו זאכן, וועלכע זענען אסור, כדי די פארבאָטענע זאכן זאָלן בטל ווערן. אויב**

## פרק ו.

**א. האוכל תרומה שוגג משלם קרן וחומש. אחד האוכל ואחד השותה ואחד הסך, אחד תרומה טהורה ואחד תרומה טמאה, משלם חומשה וחומש חומשה. אינו משלם תרומה, אלא חולין מתוקנים, והם נעשין תרומה והתשלומין תרומה. אם רצה הכהן למחול, אינו מוחל.**

**ב. בת ישראל שאכלה תרומה ואחר כך נשאת לכהן, אם תרומה**

---

**איינער טוט עס יאָ באשטראָפט מען אים דערמיט, וואָס דער איסור ווערט ניט בטל.**

## פרק ו.

א. האוכל, אז איינער (וועלכער איז ניט קיין כהן, נאָר א ישראל אָדער א לוי, וואָס טאָר ניט עסן קיין תרומה) האָט געגעסן תרומה בשוגג (ער האָט ניט געוואוסט, אז עס איז תרומה, אָדער ער האָט ניט געוואוסט, אז מען טאָר ניט עסן), דארף ער באצאָלן דעם כהן דעם קרן (דעם ווערטה, וויפיל די אויפגעגעסענע תרומה האָט באטראָפן) און דערצו נאָך א „פיפטל" (חומש). **דאָס פיפטל איז אייגענטליך א פערטל פון ווערט פון דער אויפגעגעסענער תרומה. למשל, אז איינער האָט געגעסן תרומה פאר א דינר, דארף ער באצאָלן אנדערע תבואה דעם ווערט פון א דינר, דאָס איז דער „קרן", און ער דארף נאָך צוגעבן תבואה פאר א פערטל דינר אלס חומש. עס הייסט א פיפטל, מחמת ער דארף געבן פינף פערטל, וויפיל די אויפגעגעסענע תרומה האָט באטראָפן, און דעריבער הייסט דאָס פיפטע פערטל א „פיפטל", „חומש".** אחד, סיי איינער עסט (תרומה בשוגג), סיי איינער טרינקט, און סיי איינער שמירט זיך (מיט אייל פון תרומה בשוגג), סיי ווען די תרומה איז טהור, סיי ווען די תרומה איז טמא, דארף ער אלץ באצאָלן (אויך) דעם חומש; און (אויב ער האָט געגעסן דאָס פיפטל, דעם חומש) דארף ער צאָלן א „חומש" אויך אויף דעם אויפגעגעסענעם פיפטל (חומש חומשה). **למשל, אז איינער האָט שוין באצאָלט אנ־דערע תבואה פאר א דינר, און האָט נאָך צוגעלייגט תבואה פאר א פערטל דינר אלס חומש, איז דער דין אז די פינף פערטל דינר תבואה ווערן תרומה. אויב איינער האָט גע־געסן אפילו נור דאָס פערטל־דינר־תבואה, וואָס ער האָט באצאָלט אלס חומש, דארף ער דערפאר ווידער באצאָלן א פערטל דינר תבואה אלס קרן, און א פערטל פון פערטל דינר (א 16טל דינר) תבואה אלס חומש; דאָס הייסט „חומש חומשה", א „פיפטל פאר דעם פיפטל".** אינו משלם, ער (דער וואָס האָט געגעסן תרומה בשוגג) טאָר ניט באצאָלן מיט תרומה־תבואה, נאָר ער באצאָלט פארראכטענע חולין (וואָס מען האָט שוין אראָפגענומען פון זיי תרומה און אלע מעשרות), און זיי (די דאָזיקע באצאָלטע חולין) ווערן תרומה. **די משנה לערנט דאָ, אז ניט נור טאָר ער ניט באצאָלן דעם כהן מיט געלט, נאָר אויך ניט מיט תרומה; ער מוז באצאָלן מיט פארראכטענער חולין, פון וועלכע מען האָט אָפגע־שיידט די תרומה און אלע מעשרות („חולין מתוקנים") און די דאָזיקע חולין ווערן תרומה.** והתשלומין, און (אויב מען האָט) די דאָזיקע באצאָלטע חולין (וועלכע זענען גע־וואָרן תרומה, געגעסן בשוגג דארף מען ווידער באצאָלן חולין און זיי) ווערן אויך תרומה. **מיטן וואָרט „תשלומים" מיינט דאָ די משנה (אזוי טייטשן די מפרשים) דאָס באצאָלן פארן עסן בשוגג די באצאָלטע חולין, וועלכע זענען געוואָרן תרומה.** אם רצה, אויב דער כהן (ווע־מענס תרומה מ'האָט געגעסן בשוגג) וויל מוחל זיין (שענקן, אז מען זאָל אים ניט באצאָלן) קאָן ער ניט מוחל זיין. **מחמת די תורה האָט אָנגעזאָגט (ויקרא כ״ב), אז מען זאָל צאָלן מיט תבואה און אז עס ווערט תרומה, הייליק, איז עס ניט א פריוואטע זאך פון כהן, נאָר די באצאָלונג מוז פאָרקומען.**

ב. בת ישראל, אויב די טאָכטער פון א ישראל (וועלכע טאָר ניט עסן קיין תרומה) האָט געגעסן בשוגג תרומה (וועלכע זי האָט געהאט אָפגעשיידט), און דערנאָך האָט זי חתונה געהאט צו א כהן (און נאָך דער חתונה מעג זי, אלס די פרוי פון א כהן, עסן תרומה), איז דער דין, אז אויב זי האָט געגעסן תרומה (וועלכע זי האָט אָפגעשיידט פון

**שלא זכה בה כהן אכלה, משלמת קרן וחומש לעצמה; ואם תרומה שזכה בה כהן אכלה, משלמת קרן לבעלים וחומש לעצמה, מפני שאמרו, האוכל תרומה שוגג, משלם קרן לבעלים, וחומש לכל מי שירצה.**

**ג. המאכיל את פועליו ואת אורחיו תרומה, הוא משלם את הקרן והם משלמין את החומש דברי ר׳ מאיר; וחכמים אומרים, הם משלמין קרן וחומש, והוא משלם להן דמי סעודתן.**

**ד. הגונב תרומה ולא אכלה, משלם תשלומי כפל דמי תרומה. אכלה,**

---

איר תבואה) איידער דער כהן האָט גענומען פון איר די תרומה, באַצאָלט זי דעם קרן און דאָס פיפטל צו זיך אליין. **מחמת זי איז איצט די פרוי פון א כהן, האָט זי אויך דאָס רעכט צו נעמען תרומה און צו עסן תרומה, דעריבער דארף זי באַצאָלן דעם קרן (דעם ווערט פון דער אויפגעגעסענער תרומה) און דאָס פיפטל (חומש) מיט חולין, און די חולין ווערן תרומה, אָבער זי דארף ניט געבן דאָס צו קיין שום כהן, נאָר זי קאָן דאָס געבן צו זיך אליין, ווייל זי האָט אויך דאָס רעכט צו נעמען תרומה; באַצאָלן מוז זי, נאָר זי פארהאַלט די באַצאָלונג פאר זיך אליין.** ואם תרומה, און אויב זי האָט געגעסן די תרומה נאָכדעם ווי זי האָט זי שוין געהאט איהר אוועקגעגעבן צו א כהן (און דערנאָך האָט זי חתונה געהאט צו א כהן), דארף זי באַצאָלן דעם קרן (דעם ווערט פון דער אויפגעגעסענער תרומה) דעם בעל הבית (דעם כהן, צו וועמען די תרומה האָט שוין געהערט), און דעם חומש (דאָס פיפטל) קאָן זי נעמען פאר זיך. **אויך אין דעם פאַל מוז זי באַצאָלן מיט חולין, וועלכע ווערן תרומה; נאָר זי מוז געבן דעם כהן בלויז די פיר פערטל, דעם קרן, דאקייגן דעם חומש, דאָס פיפטע פירטל קאָן זי פארהאַלטן פאר זיך.** מפני שאמרו, ווייל (די חכמים) האָבן געזאָגט, אז איינער עסט בשוגג תרומה (פון א כהן) דארף ער באַצאָלן דעם קרן צום בעל הבית (צום כהן, צו וועמען די תרומה האָט געהערט), און דאָס פיפטל (דעם חומש) צו דעם (כהן) וועמען ער וויל. **ער מוז ניט צאָלן דעם חומש צום כהן, וועמענס תרומה ער האָט געגעסן. דעריבער מעג די טאָכטער פון ישראל, וועלכע האָט חתונה געהאט צו א כהן, נעמען דעם חומש פאר זיך, ווייל זי האָט דאָך אויך דעם דין פון א כהן.**

ג. המאכיל, אז איינער גיט צו עסן (בשוגג) תרומה זיינע ארבייטער אָדער זיינע געסט, דארף ער (דער בעל הבית) באַצאָלן (דעם כהן) דעם קרן (וויפיל די תרומה באַטרעפט), און זיי (די ארבייטער, אָדער די געסט) דארפן באַצאָלן דעם חומש, אזוי זאָגט ר׳ מאיר. **דער בעל הבית דארף ניט באַצאָלן דעם חומש, מחמת דעם חומש צאָלט מען נור, אז מען עסט אליין תרומה, אָבער ניט ווען מען גיט אנדערע צו עסן; מען הייסט אין אזא פאַל א מזיק, שאדן־ברענגער, און מען דארף נאָר באַצאָלן דעם קרן פאר דעם שאדן, אָבער זיי די ארבייטער אָדער די אורחים, וועלכע האָבן געגעסן די תרומה בשוגג דארפן צאָלן דעם חומש.** וחכמים, אָבער די חכמים זאָגן, אז זיי (די ארבייטער אָדער געסט) דארפן באַצאָלן דעם קרן און דעם חומש (פונקט ווי יעדער אנדערער, וועלכער עסט תרומה בשוגג) און ער, דער בעל הבית, דארף זיי (די ארבייטער, אָדער די געסט) באַצאָלן דאָס געלט וויפיל זייער סעודה האָט געדארפן באַטרעפן. **לויט ר׳ מאיר דארף דער בעל הבית באַצאָלן דעם כהן ניט קיין חולין, כדי זיי זאָלן ווערן תרומה, נאָר דאָס געלד וויפיל די תרומה האָט באַטראָפן, מחמת תרומה־תבואה צו פרוכטן האָט א קלענערן געלד־ווערטה פון חולין, ווייל ניט יעדער מעג עסן תרומה. אָבער לויט די חכמים, דארף דער בעל הבית באַצאָלן די ארבייטער אָדער די געסט דאָס געלט, וויפיל עס האָט געדארפן באַטרעפן חולין־תבואה צו פרוכטן, וואָס זיי האָבן געגעסן.**

ד. הגונב, אז איינער (א ישראל) גנב׳ט תרומה (פון א כהן) און האָט זי ניט געגעסן, דארף ער באַצאָלן טאָפּעלט (תשלומי כפל) געלט די ווערט פון תרומה. **דער דין איז אז ווען איינער גנבעט א זאַך, דארף ער באַצאָלן טאָפּעלט וויפיל די גנבה**

**משלם שני קרנים וחומש: קרן וחומש מן החולין וקרן דמי תרומה. גנב תרומת הקדש ואכלה, משלם שני חומשים וקרן, שאין בהקדש תשלומי כפל.**

**ה. אין משלמין מן הלקט ומן השכחה ומן הפאה ומן ההפקר, ולא ממעשר ראשון (שנטלה תרומתו) ולא ממעשר שני והקדש (שנפדו), שאין**

באטרעפט. דאס הייסט „כפל". אויב מען גנב'ט תרומה, איז עס פונקט ווי יעדע אנדערע גנבה, און דער גנב דארף באצאלן דעם כהן טאפלט. **אבער ער דארף ניט באצאלן טאפעלט ווי‌פיל עס באטרעפט דיזעלבע תבואה ווען זי איז חולין, מחמת חולין, ווי מיר האבן פריער געזאגט, קאסט טייערער פון תרומה, ווייל ניט יעדער מעג עסן תרומה. ער דארף באצאלן טאפלט „דמי תרומה", וויפיל תרומה קאסט.** אכלה, אויב דער גנב האט אויפגעגעסן די געגנבעטע תרומה (בשוגג, ניט וויסנדיק אז זי איז תרומה), דארף ער באצאלן צוויי מאל קרן (צוויי מאל וויפיל די תרומה באטרעפט) און איינמאל חומש (דאס פיפטל); איין קרן און דעם חומש דארף ער באצאלן מיט חולין־תבואה (כדי זיי זאלן ווערן תרומה, ווי דער דין איז פון א ישראל, וואס עסט תרומה בשוגג, פריער אין משנה א') און איין קרן דארף ער באצאלן (שוין ניט מיט תבואה, נאר ער קאן אויך מיט געלט) וויפיל תרומה באטרעפט. **ווייל דעם דאזיקן צווייטן קרן באצאלט ער אלס כפל, אלס דעם „טאפלט" פאר דער גנבה, און דאס איז שוין א געוויינטליכע באצאלונג, און האט ניט קיין שייכות מיטן עסן תרומה בשוגג. דעריבער צאלט ער אויך נאר וויפיל די תרומה באטרעפט, וויפיל איר געלט־ווערט איז אין מארק.** גנב תרומת הקדש, אז איינער (א ישראל) האט געגנבעט תרומה וועלכע איז אויך געווען הקדש (דער כהן, וואס האט געהאט די תרומה האט איר מקדיש געווען צום בית המקדש), און האט זי אויפגעגעסן בשוגג, דארף ער באצאלן צוויי חומשים (צוויי פיפטלעך) און איינמאל קרן, ווייל פאר (גנבענען) הקדש צאלט מען ניט קיין כפל (טאפלט), **דער דין איז, אז איינער האט הנאה פון הקדש, למשל ער עסט־אויף א הקדש־זאך, אדער ער האט אן אנדערע הנאה, דארף ער צאלן דעם קרן (וויפיל די זאך באטרעפט) און אויך א חומש (א פיפטל, דאס הייסט א פערטל פון קרן). אן אנדערער דין איז, אז ווען מען גנבעט א הקדש־זאך דארף מען ניט צאלן טאפלט, קיין כפל. דעריבער, אז ער האט געגנבעט הקדש־תרומה און ער האט זי אויפגעגעסן דארף ער באצאלן איינמאל קרן (מחמת קיין כפל איז דאך ביי הקדש ניט פאראן), און צוויי פיפטלעך, „חומשים"; איין חומש פאר הנאה האבן פון הקדש, און איין חומש פאר עסן תרומה בשוגג.**

ה. אין משלמין, מען באצאלט ניט (אויב א ישראל האט געגעסן בשוגג תרומה) מיט לקט, שכחה און פאה. **דאס זענען די דריי זאכן, וואס געהערן צו ארימע לייט; „לקט" הייסן די זאנגען, וואס פאלן אראפ ביים שניידן תבואה; „שכחה" הייסן די זאנגען און בינטלעך תבואה און פרוכטן און גרינס, וועלכע דער בעל הבית פון פעלד פארגעסט; „פאה", הייסט דאס עק פון פעלד, גארטן און בוים, וואס מען דארף איבערלאזן פאר ארימע לייט. דער דין איז, אז פון די דאזיקע דריי זאכן דארף מען ניט אפשיידן קיין תרומה. און דעריבער, ווייל די תבואה און פרוכטן פון לקט, שכחה און פאה האט קיינמאל ניט געהאט די מעגליכקייט צו ווערן תרומה, קאן מען מיט איר ניט באצאלן פאר געגעסענער תרומה, מחמת זי דארף דאך איצט ווערן תרומה (ווי מיר האבן געלערנט אין משנה א'), און זי, די לקט־שכחה־פאה־תבואה, קאן עס ניט ווערן.** ומן ההפקר, און מען טאר אויך ניט באצאלן מיט הפקר־תבואה **אויך צוליבן זעלבן טעם, ווייל הפקר איז פטור פון תרומה, און ממילא איז די תבואה ניט ראוי געווען צו ווערן תרומה, און דעריבער קאן זי אויך איצט ניט ווערן תרומה.** ולא ממעשר ראשון, און ניט פון מעשר ראשון, פון וועלכן מען האט שוין אפגעשיידט תרומת מעשר. **אויך צוליב דעמזעלבן**

**הקדש פודה את הקדש, דברי ר׳ מאיר; וחכמים מתירין באלו.**

**ו. ר׳ אליעזר אומר משלמין ממין על שאינו מינו, ובלבד שישלם מן היפה על הרע. ור׳ עקיבא אומר, אין משלמין אלא ממין על מינו, לפיכך אם אכל קשואין של ערב שביעית, ימתין לקשואין של מוצאי**

---

טעם, ווייל איידער מען האָט פון מעשר ראשון אפגעשיידט די תרומת מעשר האָט מען עס דאָך ניט געטאָרט עסן, קאָן מען איצט אויך ניט באצאָלן דערמיט און עס מאכן פאר תרומה, אזוי טייטשט דער ר״ש, און ער באמערקט דאביי, אז דער טייטש איז שווער, מחמת יעדע חולין האָט דאָך געהאט א צייט, ווען זי איז געווען טבל און מען האָט זי ניט געטאָרט עסן. דער רמבם האָט אן אנדערן טייטש. טייל מפרשים זענען גורס „שלא ניטלה ממנו תרומתו״, פון וועלכן מען האָט ניט אָפגעשיידט תרומת מעשר, און עס איז דעריבער איצט ווי טבל. ולא ממעשר שני, און ניט פון מעשר שני און הקדש וואָס מען האָט אויסגעלייזט. דער דין איז, אז מעשר שני דאַרף מען פירן קיין ירושלים און דאָרט עס עסן; אָבער מען קאָן אים אויסלייזן מיט געלט און דאָס געלט אוועקפירן קיין ירושלים, און די אויסגעלייזטע מעשר שני קאָן מען עסן אומעטום. דאָסזעלבע טאָר מען ניט עסן תבואה, וואָס איז הקדש, וועלכע מען האָט מקדיש גע־ ווען צום בית המקדש; אָבער אויב מען לייזט אויס די הקדש־תבואה מיט געלד ווערט דאָס געלט הקדש, און די תבואה מעג מען עסן. זאָגט די משנה אז מיט תבואה פון מעשר שני אָדער הקדש, כאָטש מען האָט זי אויסגעלייזט און מען מעג שוין עסן די תבואה, טאָר מען ניט באצאָלן פאר עסן תרומה בשוגג, ווייל תבואה דאַרף דאָך ווערן תרומה, וועלכע איז אויך אין א געוויסער מאָס קודש, הייליג און—שאין הקדש, ווייל מיט איין הקדש קאָן מען ניט אויסלייזן א צווייטן הקדש, אזוי זאָגט ר׳ מאיר. מיט דעם מעשר שני און הקדש (כאָטש זיי זענען שוין אויסגעלייזט) קאָן מען ניט אויסלייזן די געגעסענע תרומה, וואָס איז אויך קודש, הייליק. וחכמים, אָבער די חכמים זענען מתיר (צו באצאָלן) מיט די דאָזיקע. טייל מפרשים (ווי דער ברטנורא) טייטשן, אז די חכמים זענען מתיר נור ביי מעשר שני און הקדש, וועלכע זענען אויסגעלייזט געוואָרן, אָבער דער רמבם אין „יד החזקה״ (ניט אין פירוש המשניות) זאָגט, אז די חכמים זענען מתיר ביי אלע זאכן פון דער משנה.

ו. ר׳ אליעזר זאָגט, אז מען קאָן באצאָלן (אויב איינער האָט געגעסן תרומה בשוגג, און דאַרף באצאָלן מיט חולין, וואָס זאָלן ווערן תרומה) מיט איין מין פאר אן אנדערן מין, אָבער ער זאָל באצאָלן פון גוטס פאר שלעכטס. לויט ר׳ אליעזר, אויב למשל איינער האָט געגעסן בשוגג תרומה פון גערשטן מעג ער באצאָלן מיט ווייץ, אָבער דערביי מוז דער מין תבואה אָדער פרוכטן, וואָס ער באצאָלט, זיין בעסער פון דעם מין, וואָס ער האָט געגעסן. דער ברטנורא גיט דעם ביישפיל, אז אויב ער האָט געגעסן דארע פייגן מעג ער באצאָלן מיט טייטלן. ור׳ עקיבא, און ר׳ עקיבא זאָגט, אז מען קאָן ניט באצאָלן מיט איין מין פאר אן אנדערן מין. אפילו ווען דער אנדערער מין איז בעסער פון דעם מין, וועלכן מען האָט געגעסן. לפיכך, דעריבער, אויב איי־ נער (א ישראל) האָט געגעסן (בשוגג תרומה) אוגערקעס פון ערב שמיטה (פון 6טן יאָר), און עס איז אָנגעקומען דאָס שמיטה־יאָר, און קיין גוטע אוגערקעס פון ערב־שמיטה־ יאָר זענען שוין ניט פאַראן, און מיט שמיטה־אוגערקעס טאָר מען דאָך ניט באצאָלן, און מיט אנדערע מינים גרינסן פון ערב שמיטה־יאָר וואָס זענען יאָ פאַראן אין גוטן צושטאנד, טאָר מען דאָך אויך ניט באצאָלן, ימתין, זאָל ער וואַרטן אויף אוגערקעס פון מוצאי שמיטה (פון 8־טן יאָר, דעם יאָר נאָך שמיטה) און ער זאָל מיט זיי באצאָלן. דאָס איז אלץ א ביישפיל צו ר׳ עקיבא׳ס דין, אז מען מוז נור באצאָלן מיט דעמזעלבן מין. דער ברטנורא זאָגט, אז דעריבער טאָר מען ניט צאָלן מיט שמיטה־פרוכטן, ווייל מיט שמיטה־פרוכטן טאָר מען ניט באצאָלן קיין חובות. אנדערע מפרשים זאָגן, ווייל

**שביעית, וישלם מהם. ממקום שר׳ אליעזר מיקל משם ר׳ עקיבא מחמיר, שנאמר „ונתןלכהן את הקודש״, כל שהוא ראוי להיות קודש, דברי ר׳ אליעזר. ור׳ עקיבא אומר, „ונתן לכהן את הקודש״ — קודש שאכל.**

## פרק ז.

**א. האוכל תרומה מזיד, משלם את הקרן ואינו משלם את החומש. התשלומין חולין. אם רצה הכהן למחול, מוחל.**

**ב. בת כהן שנשאת לישראל ואחר כך אָכלה תרומה, משלמת את הקרן ואינה משלמת את החומש ומיתתה בשריפה. נשאת לאחד מכל**

---

**שמיטה־פרוכטן זענען הפקר און מיר האָבן געלערנט פריער אין משנה ה׳, אז מ׳ען טאָר ניט בעצאָלן מ׳ט הפקר־תבואה.** ממקום, פון דעמזעלבן אָרט (פון זעלבן פסוק אין חומש), פון וואנען ר׳ אליעזר לערנט־אָפּ מיקל צו זיין (אז מען מעג יאָ באצאָלן מיט אן אנדערן מין), פון דעמזעלבן אָרט (פון דעמזעלבן פסוק) לערנט־אָפּ ר׳ עקיבא מחמיר צו זיין (אז מען מוז באצאָלן דוקא מיטן זעלבן מין); ווייל עס שטייט (ויקרא כ״ב) „ונתן לכהן את הקדש״ („דער, וואָס האָט געגעסן די תרומה בשוגג, זאָל געבן דעם כהן די הייליקייט״), זאָגט ר׳ אליעזר, אז (ווייל עס שטייט סתם „את הקדש״, די הייליקייט, דאָס וואָס דארף ווערן קדש, תרומה, מיינט מען) אלץ, וואָס קאָן ווערן קדש (תרומה, דאָס הייסט יעדער מין, אפילו אן אנדערן מין, אויב ער קאָן נור ווערן תרומה); אָבער ר׳ עקיבא זאָגט: „ונתן לכהן את הקדש״ מיינט, אז ער זאָל געבן דעם כהן דעמזעלבן (מין) קדש (תרומה) וואָס ער האָט געגעסן. **יעדער פון זיי לערנט אָפּ, אזוי ארום, זיין מיינונג פון דעמזעלבן פסוק.**

## פרק ז.

א. האוכל, אז איינער (א ישראל) עסט תרומה במזיד (ווייסנדיק, אז עס איז תרומה און אז מען טאָר עס ניט עסן), דארף ער באצאָלן (דעם כהן) בלויז דעם קרן (דעם ווערט פון דער אויפגעגעסענער תרומה), אָבער ער באצאָלט ניט דאָס פיפטל (דעם חומש). **מחמת דעם חומש באַצאָלט מען נור, ווען מען עסט בשוגג, און דאָס איז ווי א קרבן, וואָס מען ברענגט נור ווען מען טוט א עבירה בשוגג.** התשלומין, דאָס (געלט צי די תבואה) וואָס ער באצאָלט קרן, איז חולין. עס ווערט ניט קיין **תרומה, ווי עס איז דער דין ביים עסן תרומה בשוגג, אז די באצאָלטע תבואה ווערט תרומה (פריער אין פרק ו׳ משנה א׳). דעריבער קאָן ער באצאָלן ניט דוקא מיט תבואה נאָר אויך מיט געלט. דער רמבם אָבער זאָגט, אז אויך דער מזיד מוז באצאָלן מיט פארראכטענע חולין.** אם רצה, אויב דער כהן וויל מוחל זיין (שענקן) קאָן ער מוחל זיין. **ווייל די באַצאָלונג איז חולין, איינפאך געלט, הייסט עס די פריוואטע זאך פון כהן; דאקעגן ביי שוגג, ווייל די באצאָלונג ווערט תרומה, קאָן דער כהן ניט מוחל זיין, ווי מיר האָבן געלערנט פריער אין פרק ו׳ משנה ח.**

ב. בת כהן, אויב א טאָכטער פון א כהן האָט חתונה געהאט מיט א ישראל (און לויט דעם דין טאָר זי מער ניט עסן קיין תרומה) און דערנאָך (נאָך דער חתונה) האָט זי געגעסן תרומה (בשוגג) באצאָלט זי דעם קרן, אָבער זי באצאָלט ניט דעם חומש. **כאָטש זי טאָר ניט עסן קיין תרומה, אָבער ווייל זי איז דאָך באמת ניט קיין „ניט־כהן״, קיין „זר״, קיין ישראל, נאָר זי איז דאָך א כהנית, און אויב דער מאן שטארבט און זי האָט ניט קיין קינדער מעג זי ווידער עסן תרומה, דעריבער דארף זי ניט באַצאָלן דעם חומש.** ומיתתה בשרפה, און (אויב זי איז מזנה מיט אפרעמדן מאן, ווען זי איז פארהייראט צום ישראל) קומט איר צו טייטן דורך פארברענען. **די שטראָף, וואָס עס קומט אן אשת איש (פארהייראטעטע פרוי) פאר מזנה זיין, איז „חנק״, טויט דורך דערשטיקן; אָבער די תורה האָט געזאָגט, אז א כהנ׳ס א טאָכטער (אויב א פארהייראטע) איז מזנה קומט איר צו טויטן דורך פארברענען. זאָגט דאָ די משנה, אז אפילו זי האָט**

**הפסולין, משלמת קרן וחומש, ומיתתה בחנק, דברי ר׳ מאיר: וחכמים אומרים, זו וזו משלמות את הקרן ואינן משלמות את החומש, ומיתתן בשריפה.**

**ג. המאכיל את בניו קטנים, ואת עבדיו בין גדולים בין קטנים; האוכל תרומת חוצה לארץ, והאוכל פחות מכזית תרומה, משלם את הקרן ואינו משלם את החומש, והתשלומין חולין. אם רצה הכהן למחול, מוחל.**

---

**חתונה געהאט מיט א ישראל קומט איר אויך טויט דורך פארברענען פאר מזנה זיין.** נשאת לאחד מכל הפסולין, אויב זי (די טאָכטער פון כהן) האָט חתונה געהאט מיט א מאן, וואָס געהערט צו די פסולע (אזעלכע, וואָס מיט זייערע טעכטער טאָרן כהנים ניט חתונה האָבן, למשל א פארשוועכטער כהן, א חלל, צי אזעלכע, מיט וועלכע אויך א ישראל טאָר נישט חתונה האָבן, למשל א ממזר), דארף זי באַצאָלן קרן און חומש (אויב זי האָט געגעסן תרומה בשוגג) און איר טויט־שטראָף איז דורך דערשטיקן (חנק); אזוי זאָגט ר׳ מאיר. **דער טעם פון ר׳ מאיר איז, ווייל ווען א כהן׳ס טאָכטער האָט חתונה מיט א „פסולן״, איז אפילו ווען דער פסולער שטארבט און זי ווערט אן אלמנה, טאָר זי אויך מער ניט עסן קיין תרומה; דעריבער הייסט זי שוין קיינמאָל ניט מער קיין כהנית, און זי האָט דעם דין ווי א ישראל׳ס טאָכטער; דאָס הייסט, זי דארף צאָלן אויך דעם חומש, ווען זי עסט תרומה בשוגג, און עס קומט איר טויט־שטראָף דורך דערשטיקן ווי א ישראל׳ס א טאָכטער, ווען זי איז מזנה בעת זי איז פארהייראַט.** וחכמים, אָבער די חכמים זאָגן, אז סיי די און סיי יענע (סיי דעם כהן׳ס טאָכטער וואָס איז פארהייראַט מיט פסולע מענער, און סיי וואָס איז פארהייראַט צו א געוויינטליכן ישראל) באַצאָלן דעם קרן אָבער זיי באַצאָלן ניט דעם חומש, און זייער טויט־שטראָף איז דורך פאר־ברענען. **די חכמים האַלטן, אז א כהן׳ס א טאָכטער פארבלייבט שטענדיק א כהנית, און כאָטש ווען זי איז פארהייראַט מיט פסולע מענער טאָר זי מער קיינמאָל קיין תרומה ניט עסן, אָבער א בת־כהן, א כהן׳ס טאָכטער, פארבלייבט זי אויף שטענדיק.**

ג. המאכיל, אז איינער (א ישראל) גיט צו עסן (תרומה בשוגג) זיינע קליינע קינדער, אָדער זיינע שקלאַפן סיי דערוואַקסענע און סיי קליינע, אָדער איינער עסט תרומה פון חוץ־לארץ (ניט פון ארץ ישראל), אָדער איינער עסט תרומה וואָס איז די גרויס וויניקער פון אן איילבירט (פחות מכזית), באַצאָלט ער דעם קרן אָבער ער באַצאָלט ניט דעם חומש. **קליינע קינדער, און שקלאַפן סיי דערוואַקסענע און סיי קליי־נע, זענען ניט מחויב צו באַצאָלן, ווען ער, דער פאָטער אָדער דער בעל הבית, גיט זיי צו עסן. פריער אין פרק ו׳ משנה ג׳ האָט די משנה געלערנט דעם פאל ווען מען גיט תרומה צו ‚ארבייטער און מען האָט דאָרט געמיינט אידן, ניט־שקלאַפן. א „שקלאַף״ הייסט א ניט־ייד וועלכער איז געוואָרן א שקלאַף ביי א ייד, און האָט זיך מל׳ע געווען און ער איז מחויב נאָר אין געוויסע מצוות, און זיין בעל הבית איז פאראנטוואָרטליך פאר א סך זאכן, וואָס ער טוט. און ווייל די קליינע קינדער און די (גרויסע און קליינע) שקלאַפן קאָנען ניט באַצאָלן דארף דער פאָטער אָדער דער בעל הבית באַצאָלן פאר זיי דעם קרן. אָבער דעם חומש דארף ער ניט באַצאָלן, מחמת ער אליין האָט דאָך ניט געגעסן (זע פריער פרק ו׳ משנה ג׳). תרומה פון חוץ לארץ, פון די שכנות־לענדער ארום ארץ ישראל, ווי סוריא, בבל, איז נור מדרבנן, און דעריבער דארף מען ניט צאָלן דעם חומש. עסן וויניקער פון א „כזית״ (די גרויס פון אן איילבירט) ווערט אָנ־גענומען, אז עס הייסט ניט קיין „אכילה״, עס הייסט ניט „געגעסן״, און חומש איז מען מחויב נאָר אויף „אכילה״.** והתשלומין, און דאָס וואָס מען באַצאָלט (דעם קרן, אין די אלע דערמאָנטע פאלן) איז חולין (ווערט ניט קיין תרומה), און אויב דער כהן וויל מוחל זיין קאָן ער מוחל זיין (שענקן דעם קרן). **קוים דארף מען ניט צאָלן דעם**

ד. **זה הכלל, כל המשלם קרן וחומש, התשלומין תרומה. אם רצה הכהן למחול, אינו מוחל. וכל המשלם את הקרן ואינו משלם את החומש, התשלומין חולין. אם רצה הכהן למחול, מוחל.**

ה. **שתי קופות, אחת של תרומה ואחת של חולין, שנפלה סאה תרומה לתוך אחת מהן ואין ידוע לאיזו מהן נפלה, הרי אני אומר, לתוך של תרומה נפלה. אין ידוע אי זו היא של תרומה ואי זו היא של חולין, אכל אחת מהן פטור, והשניה נוהג בה כתרומה. וחייבת בחלה, דברי ר׳ מאיר; ר׳ יוסי פוטר. אכל אחר את השניה, פטור. אכל אחד את שתיהן, משלם כקטנה שבשתיהן.**

---

**חומש, הייסט דאָס באַצאָלן דעם קרן ווי סתם מען באַצאָלט דעם כהן פאַר דעם שאָדן.**

ד. זה הכלל, דאָס איז דער כלל: ווער עס באַצאָלט (פאַר עסן תרומה) קרן און חומש, ווערט דאָס באַצאָלטע (תבואה, צי פרוכטן) תרומה, און אויב דער כהן וויל מוחל זיין קאָן ער ניט מוחל זיין; אָבער דער וואָס באַצאָלט דעם קרן און דאַרף ניט באַצאָלן דעם חומש, איז דאָס באַצאָלטע (תבואה צי פרוכטן) חולין, און אויב דער כהן וויל מוחל זיין קאָן ער מוחל זיין. **די משנה גיט דאָ א כלל פאַר די אַלע פריערדיקע דינים וועגן א ישראל, וואָס עסט תרומה ,און דהיינו, אז די באַצאָלונג מיט א חומש הייסט ווי ברענגען א קרבן, די באַצאָלטע תבואה ווערט הייליק, תרומה, און דער כהן קאָן ניט שענקן; אָבער אויב מען באַצאָלט אָן א חומש, איז עס סתם באַצאָלט פאַר א שאָדן.**

ה. שתי קופות, ווען עס זענען פאַראַן צוויי קוישן (מיט תבואה), איינער איז תרומה און איינער איז חולין, און עס איז אריינגעפאַלן אין איינעם פון זיי א סאה תרומה און ווייסט ניט אין וועלכן (קויש) זי איז אריינגעפאַלן קאָן מען (קאָן איך) זאָגן, אז זי איז אריינגעפאַלן אין דעם תרומה־קויש. **ממילא, איז דער קויש מיט חולין תבואה מותר צו עסן אפילו צו א ישראל. די מפרשים זאָגן, אז דאָס איז נור ביי תרומה „בזמן הזה״, אין דער צייט, ווען דאָס בית המקדש איז ניטאָ, און דאָס תרומה־געבן איז נור מדרבנן, און דעריבער איז מען מיקל און מען נעמט אָן, אז די תרומה־סאה איז מסתמא אריינגעפאַלן אין תרומה־קויש.** אין ידוע, אויב מען ווייסט ניט, וועלכע (פון די צוויי קוישן) איז תרומה און וועלכע איז חולין, איז אויב איינער (א ישראל) האָט געגעסן איינע פון זיי איז ער פטור. **ער דאַרף ניט באַצאָלן דעם חומש, ווייל מען נעמט אָן, אז ער האָט געגעסן די חולין.** והשניה, און דער צווייטער קויש תבואה (וואָס איז געבליבן, נאָכדעם ווי ער האָט אויפגעגעסן דעם ערשטען) דאַרף מען זיך נוהג זיין מיט איר, ווי זי וואָלט געווען תרומה. **ווייל אויב מען האָט אָנגענומען, אז דער אויפ־געגעסענער קויש תבואה איז געווען חולין, דאַרף מען מיט דעם איבערגעבליבענעם קויש נוהג זיין זיך, ווי ער וואָלט געווען תרומה.** וחייבת, אָבער (פון דעם צווייטן קויש תבואה) דאַרף מען נעמען חלה, אזוי זאָגט ר׳ מאיר. **ר׳ מאיר האַלט, אז ווייל עס איז דאָך ניט זיכער, צי דער קויש תבואה איז תרומה, און עס קאָן דאָך זיין, אז ער איז פון חולין, דאַרף מען צוליבן ספק נעמען חלה פון דעם טייג, וואָס מען באַקט פון דער תבואה.** ר׳ יוסי פטר׳ט (דעם צווייטן קויש תבואה פון חלה). **די מפרשים דערקלערן אז ווייל מען ווייסט ניט, וועלכער קויש איז געווען חולין און וועלכער תרומה, הייסט אויך דער צווייטער קויש א שטייגער ווי „מדומע״, תבואה, אין וועלכער עס איז אויסגעמישט תרומה און חולין, און די משנה מסכת חלה פרק א׳ משנה ד׳ זאָגט, אז „מדומע״ איז פטור פון חלה.** אכל, אויב (נאָכדעם ווי איין ישראל האָט געגעסן דעם ערשטן קויש תבואה) האָט אן אנדערער (ישראל) געגעסן דעם צווייטן (קויש תבואה), איז ער פטור. **ער דאַרף ניט באַצאָלן דעם חומש, ווייל אויך וועגן אים נעמט מען אָן, אז ער האָט געגעסן ניט די תרומה נאָר דעם חולין.** אכלאחד, אויב איין (ישראל) האָט געגעסןביידע קוישן תבואה, דאַרף ער באַצאָלן (קרן און חומש) וויפיל עס באַטרעפט דער קלענסטער

**ו. נפלה אחת מהן לתוך החולין, אינה מדמעתן; והשניה נוהג בה כתרומה. וחייבת בחלה, דברי ר׳ מאיר; ור׳ יוסי פוטר. נפלה שניה ממקום אחר, אינה מדמעתן. נפלו שתיהן למקום אחד, מדמעות כקטנה שבשתיהן.**

**ז. זרע את אחת מהן, פטור, והשניה נוהג בה כתרומה, וחייבת בחלה,**

---

פון די צווי (קוישן תבואה). מען נעמט אלץ אָן לקולא, גרינגער, דהיינו אז דער קלע־ **נערער קויש איז געווען תרומה, און ער דארף נור באצאָלן וויפיל עס האָט באטראָפן דער קלענערער קויש.**

ו. נפלה אחת, אויב איינער (פון די צווי קוישן תבואה, וואָס מען ווייסט ניט וועלכע פון זיי איז תרומה און וועלכער איז חולין) איז אריינגעפאלן אין חולין, איז ער ניט „מדמע״ דעם חולין. **מיר האָבן דערקלערט אין דער הקדמה צו מסכת תרומות און פריער פרק ד׳ הלכה ז׳, אז „מדומע״ הייסט דער אויסגעמיש פון תרומה מיט חולין ווינציקער פון 100 חולין אויף 1 תרומה, און א ישראל טאָר דעם גאנצן אויס־ געמיש ניט עסן. „מדמע״ הייסט, אסר׳ן דעם חולין, אז א ישראל זאָל אים ניט טאָרן עסן. זאָגט די משנה, אז אויב איינער פון די קוישן תבואה איז אריינגעפאלן אין חולין, נעמט מען אָן, אז ניט דער תרומה־קויש איז אריינגעפאלן נאָר דער חולין־קויש, און ממילא איז דער אויסגעמיש מותר, ניט „מדומע״.** והשניה, און דער צווייטער קויש (וועלכער איז געבליבן) דארף מען מיט אים נוהג זיין זיך ווי מיט תרומה, **ווייל מען נעמט דאָך אָן אז דער ערשטער, דער אריינגעפאלענער קויש, איז געווען חולין, דארף מען דעריבער מיט דעם איבערגעבליבענעם קויש תבואה זיך באגיין ווי מיט תרומה.** וחייבת, אָבער (פון דעם איבערגעבליבענעם קויש תבואה) דארף מען אָפּשיידן חלה, אזוי זאָגט ר׳ מאיר; און ר׳ יוסי פטר׳ט. **אויך דאָ זיינען ר׳ מאיר און ר׳ יוסי מחולק וועגן חלה אזוי ווי פריער אין דער משנה ה׳.** נפלה, אויב נאָכדעם ווי דער ערשטער קויש תבואה איז אריינגעפאלן אין חולין, איז דער צווייטער אריינגעפאלן אין אן אנדער אָרט (אין אנדערע חולין), איז ער נישט מדמע. **עס ווערט ניט געזאָגט, אז אויב ער פאלט אריין אין חולין (ווינציקער פון 100 חולין אויף 1 תרומה) זאָל דעם גאנצן געמיש א ישראל ניט טאָרן עסן; נאָר מען נעמט אָן אז דער קויש תבואה איז דער חולין־קויש, און ער איז ניט מדמע.** נפלו, אויב ביידע קוישן תבואה זענען אריינגע־ פאלן אין איין אָרט (אין דעמזעלבן אָרט מיט תבואה פון חולין), זענען זיי מדמע (די חולין) לויט דער מאָס פון דעם קלענסטן (פון די קוישן תבואה). **אויב למשל אין איין קויש תבואה איז געווען איין סאה און אין דעם אנדערן 2 סאה, און זיי זענען אריינ־ געפאלן אין 98 סאה חולין, נעמט מען אָן, אז דער קלענערער, 1־סאה־קויש, איז געווען תרומה, און ממילא קומט אויס, אז די 98 סאה חולין צוזאמען מיט די 2 סאה חולין פון אנדערן קויש זענען 100 סאה חולין קייגן 1 סאה תרומה, און ווי מיר האָבן געלערנט פריער פרק ד׳ משנה ז׳ ווערט דער 1 סאה תרומה בטל און יעדער, אפילו א ישראל, מעג עסן דעם געמיש, נאָר מען דארף פריער ארויסנעמען איין סאה און געבן צו א כהן.**

ז. אויב איינער האָט פארזייט איינעם (פון די צווי קוישן תבואה, וואָס מען ווייסט ניט וועלכע פון זיי איז תרומה און וועלכע איז חולין) איז ער פטור. **דער דין איז, אז מען טאָר ניט פארזייען קיין תרומה, און אויב מען פארזייט בשוגג, מען האָט ניט געוואוסט, אז די זריעה איז תרומה, דארף מען פאראקערן דאָס פארזייטע פעלד און פארניכטן די זריעה. די דינים וועגן דעם לערנט ווייטער די משנה אין פרק ט׳. זאָגט דאָ די משנה, אז אויב ער האָט פארזייט איינעם פון די קוישן תבואה, איז ער פטור צו פאראקערן דאָס פעלד, מחמת מען נעמט אָן, אז ער האָט פארזייט דעם חולין־קויש.** והשניה, און מיט דעם (איבערגעבליבענעם) צווייטן קויש תבואה דארף מען זיך נוהג זיין ווי מיט תרומה. **אזוי ווי מיר האָבן געלערנט פריער אין משנה ה׳ און משנה ו׳.** וחייבת, אָבער פון דעם איבערגעבליבענעם צווייטן קויש תבואה דארף מען אָפּשיידן

**דברי ר׳ מאיר; ור׳ יוסי פוטר. זרע אחר את השניה פטור. זרע אחד את שתיהן, בדבר שזרעו כלה, מותר, ובדבר שאין זרעו כלה, אָסור.**

## פו״ק ח.

**א. האשה שהיתה אוכלת בתרומה, באו ואמרו לה, מת בעלך או גרשך, וכן העבד שהיה אוכל בתרומה, ובאו ואמרו לו, מת רבך, או מכרך לישראל, או נתנך במתנה, או עשאך בן חורין, וכן כהן שהיה אוכל בתרומה, ונודע שהוא בן גרושה או בן חלוצה, ר׳ אליעזר מחייב קרן**

חולה, אזוי זאָגט ר׳ מאיר, און ר׳ יוסי פטר׳ט. **אויך די מחלוקה דאָ צווישן ר׳ מאיר און ר׳ יוסי איז דיזעלבע וואָס אין דער פריערדיקער משנה ה׳ און משנה ו׳.** זרע אחר, אויב אן אנדערער האָט פארזייט דעם צווייטן (איבערגעבליבענעם קויש תבואה) איז ער פטור. **אויך ער איז פטור צו פאראקערן דאָס פארזייטע פעלד, ווייל מען נעמט אָן, אז דער קויש תבואה, וואָס ער האָט פארזייט איז געווען חולין.ביים ערשטן קויש נעמט מען אָן אזוי און דאָס זעלבע אויך ביים צווייטן, ווייל עס האָבן פארזייט צווי מענטשן.** זרע אחד, אויב איין מענטש האָט פארזייט ביידע (קוישן תבואה), אויב די תבואה איז אזעלכע, וואָס די זריעה ווערט פארניכטעט (אין דער ערד און עס וואַקסן ארויס נייע קערנער תבואה, זוי למשל ביי ווייץ, גערשטן וואָס זענען „זרעו כלה״, די זריעה ווערט פארניכטעט) מעג מען. **אין אזא פאל מעג מען עסן די געוויקסן וואָס קומען ארויס פון זיי, ווייל ווי מיר וועלן לערנען ווייטער אין פרק ט׳ אויב מען פארזייט תרומה־תבואה, וואָס די זריעה־קערנדלעך ווערן אין דער ערד פארניכטעט, איז די תבואה, וואָס וואַקסט ארויס פון זיי (די „גידולים״) חולין, אויב די תרומה־זריעה איז געווען אויסגעמישט (מדומע) מיט חולין־זריעה; און דאָ, אין אונזער פאל, הייסט דאָך עס ווי אויסגעמישט, מחמת מען האָט דאָך ניט געוואוסט וועלכע תבואה איז תרומה און וועלכע איז חולין.** ובדבר, אָבער אויב (די קוישן זענען געווען ניט מיט תבואה, ווי ווייץ און גערשטן, וואָס זייערע זריעה־קערנדלעך ווערן פארניכטעט אין דער ערד) נאָר מיט אַזעלכע געוויקסן וואָס זייער זריעה ווערט ניט פארניכטעט (למשל אזעלכע גרינסן ווי קנאָבל, ציבעלעס), טאָר מען ניט. **אין אזא פאל טאָר מען ניט עסן די געוויקסן („די גידולים״) וואָס קומען ארויס פון זיי, ווייל כאָטש זיי זענען מדומע, געמישטע תרומה מיט חולין, אָבער ווייל די זריעה ווערט ניט פארניכטעט האָט מען מחמיר געווען.**

## פרק ח.

א. האשה, אז א פרוי (די טאָכטער פון א ישראל, וועלכע האָט חתונה געהאַט צו אַ כהן און זי מעג עסן תרומה נאָר אזוי לאנג ווי זי איז דעם כהן׳ס פרוי) האָט געגעסן תרומה און מען איז געקומען און מען האָט איר געזאָגט: „דיין מאן איז געשטאָרבן״. אָדער „דיין מאן האָט דיך גע׳גט״ (און איר שליח האָט צוגענומען דעם גט און זי האָט ניט געוואוסט); און דאָסזעלבע אז דער שקלאַף (פון א כהן) האָט געגעסן תרומה און מען איז געקומען און צו אים געזאָגט: „דיין בעל הבית איז געשטאָרבן״ (און עס האָט אים גע׳ירשנט דעם בעל הבית׳ס טאָכטער, וועלכע איז פארהייראַט צו א ישראל, און דער שקלאַף האָט מער ניט געטאָרט עסן תרומה) אָדער „דיין בעל הבית האָט דיך פארקויפט צו א ישראל״, אָדער „ער האָט דיך אוועקגעשאָנקען במתנה (צו א ישראל״), אָדער „ער האָט דיך באפרייט״, און דאָס זעלבע אז א כהן האָט געגעסן תרומה און ער איז געוואָר געוואָרן, אז ער איז דער זון פון א פרוי א גרושה אָדער פון א פרוי וואָס האָט גענומען חלוצה (און זיין פאָטער, דער כהן, האָט מיט זיין מוטער דער גרושה אָדער דער חלוצה ניט געטאָרט חתונה האָבן, און ער, דער זון, ווייל ער איז געבוירן געוואָרן פון אזא ניט־דערלויבטער חתונה איז א חלל, א פארשוועכטער כהן״, און טאָר ניט עסן קיין תרומה); **די משנה האָט דאָ אויסגערעכנט עטליכע פאלן, ווען דער וואָס האָט געגעסן תרומה האָט געמיינט, אז ער מעג עסן, ווי למשל, די פרוי פון א כהן, מיינענדיק אז זי**

וחומש, ור׳ יהושע פוטר. היה עומד ומקריב על גבי המזבח, ונודע שהוא בן גרושה או בן חלוצה, ר׳ אליעזר אומר, כל הקרבנות שהקריב על גבי המזבח פסולים, ור׳ יהושע מכשיר. נודע שהוא בעל מום, עבודתו פסולה.

ב. וכולם שהיתה תרומה בתוך פיהם, ר׳ אליעזר אומר, יבלעו, ור׳ יהושע אומר, יפלוטו. אָמרו לו „נטמאת ונטמאת תרומה״, ר׳ אליעזר

---

איז נאָך זיין פרוי, און דאָס זעלבע דער שקלאַף פון א כהן, מיינענדיק אז ער איז נאָך דעם כהן׳ס שקלאַף; אָדער דער כהן אליין, וועלכער האָט ניט געוואוסט, אז ער איז א פסולער כהן. וועגן די דאָזיקע אלע פאלן זאָגט די משנה: ר׳ אליעזר איז מחייב (די אלע) צו באצאָלן קרן און חומש. ר׳ אליעזר האלט, אז זיי האָבן דעם דין ווי א ישראל וועלכער האָט געגעסן תרומה בשוגג, ניט ווייסנדיק, אז דאָס איז תרומה, אָדער אז תרומה טאָר מען ניט עסן, און ער דאַרף ווי מיר האָבן געלערנט פריער פרק ו׳ משנה א׳, באצאָלן קרן און חומש. כאָטש דאָ האָבן זיי, די עסערס, יאָ געוואוסט, אז עס איז תרומה, און זיי האָבען נור געמיינט, אז זיי מעגן די תרומה עסן, פונדעסטוועגן הייסט עס, אז זיי האָבן געגעסן תרומה בשוגג. ור׳ יהושע, און ר׳ יהושע פטר׳ט. ער האלט, אז זיי זענען פטור צו צאָלן דעם קרן און דעם חומש. ווייל זיי הייסן ניט קיין שוגגים נאָר אונסים. די גמרא אין יבמות ל״ד זאָגט, אז ר׳ יהושע האלט אז זיי זענען פטור צו באַצאָלן דעם קרן און דעם חומש, אויב זיי האָבן געגעסן די תרומה ווען זי איז געווען חמץ ערב פסח אין דער פרי, און זיי האָבן זיך געאיילט מיטן עסן די תרומה, כדי זיי זאָלן זי ניט דאַרפן שפּעטער פאַרברענען אלס חמץ. היה עומד, אז א כהן איז געשטאַנען (אין בית המקדש) אויפן מזבח און מקריב געווען קרבנות (און נור א כשר׳ער כהן מעג מקריב זיין קרבנות) און מען איז געוואָר געוואָרן, אז ער איז דער זון פון א גרושה אָדער א חלוצה (און ער האָט ניט געטאָרט מקריב זיין קיין קרבנות, ווייל ווי מיר האָבן געשריבן פריער אין דער משנה א׳, איז ער ניט קיין כשר׳ער כהן), זאָגט ר׳ אליעזר, אז אלע קרבנות, וואָס ער האָט (פריער) מקריב געווען אויפן מזבח, זענען פסול. מחמת ער איז דאָך די גאנצע צייט געווען א ניט־כשר׳ער כהן. ור׳ יהושע, און ר׳ יהושע איז מכשיר. ער זאָגט, אז מער טאָר ער ניט מקריב זיין, אָבער די קרבנות, וואָס ער האָט שוין יאָ מקריב געווען, ניט ווייסנדיק, אז ער איז א חלל, א ניט־כשר׳ער כהן, זענען יאָ כשר. די גמרא פּסחים ע״ב לערנט עס אראָפּ פון פסוק אין דברים ל״ג „ברך ה׳ חילו ופועל ידיו תרצה״, אז אפילו דער כההן איז א חלל („חילו״ אלס „חלל״) ווערן די קרבנות, וואָס ער האָט מקריב געווען, יאָ מרוצה צו גאָט. נודע, אויב אָבער מען איז געוואָר געוואָרן, אז ער (דער כהן) איז א בעל מום (ער האָט א פעלער אין קערפּער, און א בעל מום טאָר ניט מקריב זיין קיין קרבנות), איז זיין עבודה (די קרבנות וואָס ער האָט מקריב געווען) פּסול. ביי א בעל מום האלט אויך ר׳ יהושע, אז די קרבנות זענען פּסול. די גמרא קדושין ס״ו לערנט עס אָפּ פון פסוק (במדבר כ״ח) „את בריתי שלום״, אז נור ווען דער כהן איז „שלם״, גאנץ, אָבער ניט ווען ער איז א בעל מום.

ב. וכולם, און די דאָזיקע אלע (וועלכע די משנה האָט פריער אין משנה א׳ אויסגערעכנט, אז זיי האָבן געגעסן תרומה, מיינענדיק אז זיי מעגן), אויב זיי האָבן נאָך געהאַט דאָס תרומה (עסן) אין מויל (און מען איז געקומען און זיי געזאָגט, אז זיי טאָרן ניט עסן קיין תרומה), זאָגט ר׳ אליעזר, אז זיי זאָלן אראָפּשלינגן (דאָס תרומה־עסן, וואָס זיי האָבן אין מויל). ור׳ יהושע, און ר׳ יהושע זאָגט, אז זיי זאָלן אויסשפּייען. ר׳ אליעזר האלט, אז ווייל ער האלט שוין דאָס עסן אין מויל, איז עס שוין ניט גוט פאַר קיין אַנדערן מענטש צום עסן, און ממילא איז שוין אראָפּ פון דעם מאכל די קדושה פון תרומה; אָבער ר׳ יהושע האלט, אז ווייל פאַר אים, פאַר דעם עסער, איז דאָך דאָס עסן יאָ גוט, הייסט עס תרומה, און ער טאָר די תרומה ניט עסן (אזוי טייטשט די „משנה ראשונה״). אָמרו לו, אויב איינער (א כהן) האָט געגעסן תרומה און מען האָט אים געזאָגט: „דו ביזט (איצט ביים עסן די תרומה) טמא געוואָרן, אָדער די תרומה איז (איצט ביים עסן)

אומר, יבלע, ור׳ יהושע אומר, יפלוט. „טמא היית וטמאה היתה תרומה״, או נודע שהוא טבל ומעשר ראשון שלא נטלה תרומתו ומעשר שני והקדש שלא נפדו, או שטעם טעם פשפש לתוך פיו, הרי זה יפלוט.

ג. היה אוכל באשכול ונכנס מן הגנה לחצר, ר׳ אליעזר אומר, יגמור, ור׳ יהושע אומר, לא יגמור. חשכה לילי שבת, ר׳ אליעזר אומר, יגמור, ור׳ יהושע אומר, לא יגמור.

---

טמא געוואָרן״ (און א טמא־כהן טאָר ניט עסן קיין תרומה, און מען טאָר ניט עסן קיין טמא־תרומה), זאָגט ר׳ אליעזר, אז ער זאָל אראָפּשלינגען (די תרומה, וואָס ער האָט אין מויל), און ר׳ יהושע זאָגט, אז ער זאָל אויסשפּייען. די טעמים זענען דיזעלבע וואָס אין דער פריערדיקער מחלוקה צווישן ר׳ אליעזר און ר׳ יהושע. טמא היית, אויב אָבער מען האָט אים געזאָגט: „דו ביזט טמא געווען (נאָך פריער איידער דו האָסט אָנגעהויבן עסן די תרומה), אָדער די תרומה איז שוין געווען טמא (איידער ער האָט זי אָנגעהויבן עסן״), אָדער אז (איינער עסט ניט תרומה, נאָר סתם עסן.און) ער ווערט געוואָר, אז דאָס וואָס ער עסט איז טבל (תבואה, פון וועלכער מען האָט ניט אָפּגעשיידט קיין תרומה און מען טאָר זי ניט עסן), אָדער אז עס איז מעשר ראשון, פון וועלכן מען האָט ניט אָפּגע־שיידט תרומת מעשר (און מען טאָר עס ניט עסן), אָדער עס איז מעשר שני אָדער הקדש, וואָס איז ניט אויסגעלייזט, אָדער ער (האָט געגעסן תרומה און ער) האָט דערשפּירט דעם טעם פון א וואַנץ אין מויל — זאָל ער אויסשפּייען. ביי די אַלע פאַלן, ווען דער עסער איז געוואָר געוואָרן, אז ער האָט באלד ניט געטאָרט אָנהייבן עסן, ווי למשל אז ער, דער כהן, אָדער די תרומה, איז געווען טמא נאָך פאַרן עסן, אָדער אז איינער ווערט געוואָר, אז דאָס עסן וואָס ער האָט אין מויל איז א זאַך, וואָס ער טאָרניט עסן, איז אויך ר׳ אליעזר מודה, אז מען דאַרף אויסשפּייען און ניט אראָפּשלינגען. אגב, לערנט דאָ די משנה נאָך א דין, אז אויב איינער עסט תרומה און דערשפּירט דעם טעם פון א וואַנץ (פשפש) אין מויל, מעג ער אויסשפּייען; כאָטש עס איז תרומה און תרומה טאָר מען ניט מפסיד זיין, קאַליע מאַכן, אָבער ווייל ער דערשפּירט אין מויל א מיאוסן טעם, מעג ער אויס־שפּייען.

ג. היה אוכל, אז איינער האָט (אָפּגעריסן אין זיין גאָרטן) א הענגל־וויינטרויבן און געגעסן דערפון און איז אריינגעקומען פון גאָרטן אין זיין הויף; דער דין איז, אז איידער מען ברענגט אריין די פּרוכטן אין הויף, אין חצר, וואו א מענטש וואוינט, מעג מען עסן פון די פרוכטן א „אכילת עראי״, ניט קיין סך און ניט בקביעות, אפילו ווען מען האָט פון די פרוכטן ניט אָפּגעשיידט קיין מעשר; די שאלה איז, אויב ער האָט געהאַלטן דעם הענגל־וויינטרויבן אין האַנט און אָנגעהויבן פון אים עסן נאָך זייענדיק אין גאָרטן, און אזוי עסנדיק, איז ער אריינגעקומען אין הויף, און אין הויף טאָר מען דאָך שוין ניט עסן אומגע׳מעשר׳ט, צי מעג ער דערענדיקן אין הויף דעם אָנגעהויבענעם הענגל־וויינ־טרויבן, צי ניט. ר׳ אליעזר זאָגט, אז ער מעג דערענדיקן, און ר׳ יהושע זאָגט, אז ער טאָרניט דערענדיקן. דער ברטנורא טייטשט (און אזוי איז צו זען אויך פון ירושלמי) אז אויך ר׳ אליעזר האַלט, אז אין הויף טאָר ער ניט דערענדיקן דאָס עסן, און ער זאָגט נאָר, אז ער מעג צוריקגיין אין גאָרטן און דאָרט דערענדיקן; און ר׳ יהושע האַלט, אז ער טאָר אויך אין גאָרטן ניט דערענדיקן. חשיכה לילי שבת, אויב (עסנדיק די וויינטרויבן איז געוואָרן פרייטאָג צונאַכטס, און דער דין איז אזוי ווי א הויף איז קובע למעשר, און מען טאָרניט עסן אומגע׳מעשרט אזוי טאָר מען ניט עסן אפילו א „אכילת עראי״, עטוואָס און ניט בקביעות, אומגע׳מעשר׳ט אים שבת, מחמת שבת גיט שוין צו דעם עסן א באַזונדערע חשיבות; זאָגט ר׳ אליעזר, אז ער מעג דערענדיקן (אים שבת דאָס עסן, וואָס ער האָט אָנגעהויבן פאַר שבת), און ר׳ יהושע זאָגט, אז ער טאָר ניט פאַרענדיקן. אויך דאָ דערקלערט דער ברטנורא, אז ר׳ אליעזר איז ניט מתיר צו עסן אים שבת

ד. יין של תרומה שנתגלה ישפך, ואין צורך לומר של חולין. שלשה משקין אסורין משום גילוי; המים והיין והחלב. ושאר כל המשקין מותרין. כמה ישהו ויהיו אסורין? כדי שיצא הרחש ממקום קרוב וישתה.

ה. שיעור המים המגולין, כדי שתאבד בהם המרה. ר׳ יוסי אומר, בכלים כל שהן, ובקרקעות ארבעים סאה.

ו. נקורי תאנים וענבים וקשואין והדלועים והאבטיחים והמלפפו־

---

**זעלבסט, נאָר ערשט מוצאי שבת; און ר׳ יהושע אסר׳ט צו עסן אפילו מוצאי שבת, איידער מען מעשר׳ט.**

ד. יין, ווייַן פון תרומה, וואָס איז אפגעדעקט געוואָרן, זאָל מען אויסגיסן, און מען דאַרף ניט אפילו צוגעבן, אז ווייַן פון חולין (אויב ער איז געוואָרן אפגעדעקט דאַרף מען אים אויסגיסן). **אין די צייטן פון דער משנה און גמרא, איז געווען א מורא, אז ווען מען לאָזט שטיין ווייַן, אָדער וואַסער, אָדער מילך, ניט־צוגעדעקט, וועט א שלאַנג, וואָס האָט גיפט, טרינקען דערפון און אריינלאָזן דעם גיפט אין די דאָזיקע געטראַנקען, און ווער עס וועט דערנאָך טרינקען דערפון וועט פאַרגיפטעט ווערן און עס איז א סכנה דאָס צו טרינקען. דעריבער האָבן די חכמים גע׳אסר׳ט צו טרינקען די דערמאָנטע דריי משקאות, ווען זיי זענען אפגעדעקט און א מענטש שטייט ניט דאַביי און זעט ניט צי א שלאַנג האָט דערפון געטרונקען. דאָס הייסט „גילוי״, אָפגעדעקט. זאָגט דאָ די משנה, אז כאָטש תרומה טאָר מען דאָך ניט קאַליע מאַכן, ניט פאַרניכטן, נאָר אויב ווייַן פון תרומה איז געווען אָפגעדעקט, זאָל מען עס יאָ אויסגיסן;** און די משנה גיט צו, אז ווייַן פון חולין, **אויב ער איז געוואָרן אָפגעדעקט, מעג מען אודאי אויסגיסן, מחמת דאָ איז דאָך אפילו** ניט פאַראַן צו קלערן וועגן ניט קאַליע מאַכן דעם ווייַן. שלשה, דריי משקאות (פליסי־קייטן) זענען אסור צוליב גילוי (ווען זיי זענען אָפגעדעקט): וואַסער און ווייַן און מילך; אָבער אַנדערע געטראַנקען (משקאות) מעג מען (טרינקען, אפילו זיי זייַנען אָפגעדעקט). **מחמת די חכמים האָבן געהאַט די ידיעה, אז דער גיפטיקער שלאַנג טרינקט זיי ניט. דער ברטנורא ברענגט אויפן יסוד פון דער תוספתא אין תרומות און גמרא חולין מ״ט, אז אויך טייל אַנדערע געטראַנקען זענען אסור צוליב גילוי, ווי האָניק, ראָסל, און טייל אַנדערע.** כמה, ווי לאַנג דאַרף זייַן א געטראַנק אָפגעדעקט (און קיינער זאָל עס ניט זען) און עס זאָל ווערן אסור צום טרינקען? ווי **לאַנג דאַרף עס דויערן, אז עס זאָל מעגליך זייַן דאָס א שלאַנג זאָל צוקומען און אריינטאָן זייַן גיפט?** כדי שיצא הרחש, אזוי לאַנג ווי עס איז מעגלעך אז דאָס שלענגעלע („הרחש״, דער קריכער, דאָס שלענגעלע) זאָל אַנקומען פון א נאָענט אָרט און זאָל טרינקען פון דעם געטראַנק. **די גמרא חולין י׳ טייטשט די משנה, אז מיט „מקום קרוב״, „נאָענט אָרט״, מיינט מען דאָס אויער פון דעם געפעס, אין וועלכן דאָס געטראַנק געפינט זיך ; און אז די צייט איז, ווי לאַנג עס דאַרף דויערן אז דאָס שלענגעלע זאָל קומען פון הינטער דעם אויער פון געפעס און טרינקען און צוריקגיין דאָרט.**

ה. שיעור, דער שיעור פון אָפגעדעקטע וואַסער (וואָס מען מעג טרינקען) איז אז עס זאָל זייַן אזוי פיל וואַסער, אז עס ווערט אין דעם וואַסער פאַרלוירן די גיפט (ביטערקייט, מרה). **אויב עס איז פאַראַן אזוי פיל וואַסער, אז אפילו דער שלאַנג זאָל טרינקען ווערט זייַן גיפט פאַרלוירן גיין אין דעם וואַסער, מעג מען עס טרינקען.** ר׳ יוסי זאָגט, אז (אויב דאָס וואַסער איז) אין א געפעס, איז וויפיל וואַסער עס זאָל ניט זייַן (טאָר מען ניט טרינקען); אויב אָבער (דאָס וואַסער איז פאַרזאַמלט) אין דער ערד (מעג מען טרינקען) אויב עס איז פאַראַן פירציג סאה. **א סאה האָט 6 טעפּ (קבים) און א טאָפּ האָט פיר קוואָרט (לוגים).**

ו. ניקור, אויב עס זענען פאַראַן פּיקן־לעכער (לעכער, וואָס מען דערקענט אז זיי זענען געמאַכט געוואָרן דורך אויספּיקן זיי, ניקור) אין פייגן, און ווייַנטרויבן, און

**נות אפילו הם ככד, אחד גדול ואחד קטן, אחד תלוש ואחד מחובר, כל שיש בו לחה אסור. ונשוכת הנחש אסורה מפני סכנת נפשות.**

**ז. המשמרת של יין אסורה משום גילוי. ר׳ נחמיה מתיר.**

**ח. חבית של תרומה שנולד בה ספק טומאה, ר׳ אליעזר אומר, אם היתה מונחת במקום תורפה, יניחנה במקום המוצנע, ואם היתה מגולה יכסנה; ור׳ יהושע אומר, אם היתה מונחת במקום מוצנע יניחנה במקום תורפה, ואם היתה מכוסה יגלנה. רבן גמליאל אומר, אל יחדש בה דבר.**

---

אוגערקעס, און קירבעסן, און ארבוזן, און זיסע מעלאָנען, אפילו די דאָזיקע פרוכטן זענען (גרויס) ווי א קרוג, סיי גרויס און סיי קליין, סיי אָפגעריסענע און סיי זיי זענען נאָך באהאפטן צו דער ערד, אויב אין זיי איז פאראן א פייכטקייט (ליחה), זענען זיי אסור (מען טאָר זיי ניט עסן). **מחמת דער מורא טאָמער האָט א גיפטיקע שלאנג אין זיי איינגעביסן (אויסגעפיקעט דאָס לעכל) און ארייגעלאָזט דעם גיפט; טייל זענען גורס „ככד״, גרויס ווי א ברויט. טייל טייטשן „סיי גרויס און סיי קליין״ מיינט מען אויף דעם פרוכט; און טייל טייטשן, אז מען מיינט דערמיט דאָס לעכל, אלץ איינס צי א גרויס לעכל צי א קליין לעכל.** ונשוכת, (אויב א בהמה איז) געביסן געוואָרן דורך א שלאנג טאָר מען ניט (שעכטן די בהמה און עסן איר פלייש) צוליב סכנת נפשות. **מחמת עס איז מורא צו האָבן, אז די שלאנג האָט ארייגעלאָזט דעם גיפט אין דעם פלייש פון דער בהמה.**

ז. המשמרת, א דורכזייער פון וויין (א קרוג מיט וויין איז צוגעדעקט מיט א דורכזייער אין קריג אריין), טאָר מען דעם וויין ניט טרינקען אויב ער איז געווען אָפּ־געדעקט. **אויב דער דורכזייער איז ניט צוגעדעקט טאָר מען ניט טרינקען דעם וויין אין קרוג, ווייל עס איז מורא צו האָבן אז די שלאנג האָט געטרונקען פון וויין אין דורכ־זייער און דער גיפט איז דורך די לעכלעך פון דורכזייער אראָפּ אונטן אין קריג.** ר׳ נחמיה איז מתיר. **ווייל ער האלט, אז דער גיפט קאָן דורך די לעכלעך פון דורכזייער ניט דורכגיין.**

ח. חבית, א פאס מיט וויין פון תרומה, וועגן וועלכער עס איז געוואָרן א ספק, צי ער איז טמא געוואָרן, **למשל, עס זענען געשטאנען צוויי פעסער וויין אין א רשות היחיד, אין א הויף, און א טויטער שרץ האָט אָנגערירט איינעם פון זיי און מען ווייסט ניט וועלכע פאס ער האָט אָנגערירט, און עס איז דעריבער א ספק וועגן יעדער פון די פעסער וויין צו זי איז טמא צי זי איז טהור;** ר׳ אליעזר, זאָגט ר׳ אליעזר, אז אויב די פאס (מיט תרומה־וויין) איז געלעגן אין אן אָרט פון הפקר („תורפה״, שלעכטס אָרט, וואו יעדער קאָן איר אָנרירן און מטמא זיין) זאָל מען איר אוועקלייגן אין א באהאלטן אָרט; און אויב די פאס וויין איז געווען אָפגעדעקט, זאָל מען איר צודעקן (כדי דער וויין זאָל ניט אסור ווערן צוליב „גילוי״, צוליב דער מורא, אז א שלאנג האָט געטרונקען פון אים). **ר׳ אליעזר האלט, אז תרומה־וויין, וואָס האָט א ספק טומאה, כאָטש מען טאָר אים ניט טרינקען, טאָר מען ניט מטמא זיין אָדער קאַליע מאכן.** ור׳ יהושע, און ר׳ יהושע זאָגט, אז אויב זי (די פאס תרומה־וויין, וואָס האָט א ספק טומאה) איז געלעגן אין א באהאלטן אָרט זאָל מען איר אוועקלייגן אין א הפקר־אָרט, און אויב זי איז געווען צו־געדעקט זאָל מען איר אָפדעקן. **ר׳ יהושע האלט, אז ווייל איצט האָט דאָך דער תרומה־וויין נור א ספק טומאה און מען קאָן דעריבער מיט דעם וויין גאָרניט טאָן, מען קאָן ניט טרינקען ווייל טאָמער איז ער טמא, און מען קאָן ניט אויסגיסן ווייל טאָמער איז ער טהור, דעריבער זאָל מען מאכן אזוי אז ער זאָל פון זיך אליין ווערן אויף זיכער אָדער טמא אָדער קאַליע, און דעמאָלס וועט מען מיט אים קאָנען באשפריצן דעם הויף אָדער אים אויסגיסן.** רבן גמליאל זאָגט, אז מען זאָל ניט טאָן (מיט דער פאס וויין) קיין נייע

**ט. חבית שנשברה בגת העליונה, והתחתונה טמאה, מודה ר׳ אליעזר ור׳ יהושע, שאם יכול להציל ממנה רביעית בטהרה יציל; ואם לאו, ר׳ אליעזר אומר, תרד ותטמא, ואל יטמאנה בידיו.**

**י. וכן חבית של שמן שנשפכה, מודה ר׳ אליעזר ור׳ יהושע שאם יכול להציל ממנה רביעית בטהרה, יציל, ואם לאו, ר׳ אליעזר אומר, תרד ותבלע, ואל יבלענה בידיו.**

---

זאָך. **מען זאָל זי לאָזן ליגן, וואו זי ליגט; מען דאַרף איר ניט אָפּהיטן, אָבער מען דאַרף ניט טאָן קיין מעשה, אַז זי זאָל ווערן שנעלער טמא אויף זיכער, אָדער קאַליע.**

ט. חבית שנשברה, אויב א פאַס (מיט וויין פון תרומה) איז צובראָכן געוואָרן אין דעם אויבערשטן וויין־קעלטער (א וויין־קעלטער באַשטייט פון צוויי קעלטערס, איינער געפינט זיך אויבן און איינער אונטן, און דער וויין רינט אַראָפּ פון אויבערשטן קעלטער אין אונטערשטן), און אין דעם אונטערשטן קעלטער איז פאַראַן וויין (פון חולין), וועלכער איז טמא; **ווען דער וויין פון תרומה פון דער צעבראָכענער פאַס וועט אַריינפאַלן אונטן אין וויין פון חולין, וועלכער איז טמא, וועט דאָך אויך דער תרומה־וויין טמא ווערן און מען וועט אים ניט טאָרן טרינקען, און היות דער תרומה־וויין וועט דאָך דעמאָלס זיין אויסגעמישט מיט דעם חולין־וויין, וועט מען דאָך דעם גאַנצן וויין ניט טאָרן טרינקען (חולין וויין ווען ער איז טמא מעג מען טרינקען, אָבער דאָ וועט ער דאָך זיין אויסגעמישט מיט טמא׳דיקן תרומה־וויין). די שאלה איז, אויב עס שטייען אין דער זייט טמא׳דיקע כלים און מען קאָן אַריינגעמען אין זיי דעם תרומה־וויין פון דער צעבראָכענער פאַס, כדי ער זאָל ניט אַראָפּרינען אונטן, צי מעג מען דאָס טאָן, מחמת עס הייסט דאָך, אַז מען איז שוין מטמא דורך די כלים דעם תרומה וויין, כדי צו ראַטעווען דעם חולין־וויין וואָס געפינט זיך אונטן. זאָגט די משנה:** מודה, עס זענען מודה (אין דעם פאַל) ר׳ אליעזר און ר׳ יהושע, אַז אויב מען קאָן אַריינגעמען (פון דעם אויבערשטן תרומה וויין) אפילו נור איין פערטל קוואַרט אין א ריינער כלי זאָל מען נעמען. **כאָטש דורך דער צייט, וואָס מען וועט זוכן די ריינע כלי צו ראַטעווען איין פערטל קוואַרט ריינעם תרומה־וויין, וועט דאָך דער איבעריקער תרומה־וויין אַראָפּ אונטן און אַלץ וועט דאָרט קאַליע ווערן, איז פאַרפאַלן. מחמת ראַטעווען איין פערטל ריינעם** (בטהרה, ניט־טמא׳דיקן) **תרומה וויין איז וויכטיקער.** ואם לאו, אויב אָבער עס איז ניט פאַראַן קיין ריינע כלי (אפילו צו ראַטעווען א פערטל קוואַרט, אָבער עס זענען פאַראַן טמא כלים אַריינצונעמען דעם גאַנצן תרומה וויין), זאָגט ר׳ אליעזר, אַז זאָל דער גאַנצער תרומה וויין אַראָפּרינען אונטן און טמא ווערן (און דער גאַנצער וויין אויך פון חולין זאָל ווערן אסור צום טרינקען) און מען זאָל מיט די אייגענע הענט ניט מטמא זיין קיין תרומה (אַריינגעמענדיק דעם וויין אין טמא כלים). **ווי מיר וועלן זען ווייטער אין משנה י״א קריגט ר׳ יהושע אויף דעם דאָזיקן דין פון ר׳ אליעזר.**

י. וכן, און אַזוי איז אויך דער דין מיט א פאַס אייל (פון תרומה), וואָס איז אויסגעגאָסן געוואָרן (און מען קאָן ראַטעווען דעם אייל מיט טמא־כלים, און אייל פון טמא׳דיקער תרומה מעג מען נוצן נאָר צום ברענען און באַלייכטן), זענען מודה ר׳ אליעזר און ר׳ יהושע, אַז אויב מען קאָן ראַטעווען אפילו נור איין פערטל קוואַרט אייל אין א ריינער כלי זאָל מען ראַטעווען. **דאָס הייסט, מען זאָל זיך באַמיהען צו געפינען אַזא ריין געפעס, כאָטש דערווייל וועט כמעט דער גאַנצער תרומה־אייל פאַרניכטעט ווערן, איינגעזאַפּט ווערן אין דער ערד.** ואם לאו, אויב מען קאָן ניט (געפינען א ריינע כלי), זאָגט ר׳ אליעזר זאָל דער אייל איינגעזאַפּט ווערן (אין דער ערד און ווערן פאַרניכטעט) און מען זאָל ניט מטמא זיין דעם תרומה־אייל (דורך ראַטעווען אים אין טמא׳דיקע געפעסן). **עס איז כמעט דערזעלבער דין וואָס אין דער פריערדיקער משנה, און דער יסוד פון דעם דין איז, אַז כאָטש דער וויין און דער אייל פון תרומה גייט דאָך**

**יא. ועל זו ועל זו אָמר ר׳ יהושע לא זו היא תרומה שאני מוזהר עליה מלטמאה, אלא מלאכלה; ובל תטמאה כיצד? היה עובר ממקום למקום וככרות של תרומה בידו — אָמר לו נכרי, תן לי אחת מהן ואטמאה, ואם לאָו הרי אני מטמא את כולה, ר׳ אליעזר אומר יטמא את כולה ואל יתן לו אחת מהן ויטמא. ר׳ יהושע אומר, יניח לפניו אחת מהן על הסלע.**

**יב. וכן נשים שאָמרו להם גוים „תנו אחת מכם ונטמאה, ואם לאָו הרי אָנו מטמאים את כולכן״, יטמאו את כולן ואל ימסרו להם נפש אחת מישראל.**

---

**סיי ווי לאיבוד, ווערט דאָך סיי ווי פארניכטעט, פונדעסטוועגן טאָר מען זיי ניט מטמא זיין, אפילו ווען מען קאָן דאדורך האָבן א געוויסן נוצן.**

י״א. ועל זו, און סיי אויף דעם (וויין) און סיי אויף דעם (אייל) זאָגט ר׳ יהושע, אז דאָס איז ניט די תרומה, וועגן וועלכער איך בין געוואָרנט געוואָרן איר ניט מטמא צו זיין, נאָר אויף א תרומה וואָס איז צום עסן. **ר׳ יהושע האלט, אז עס איז פארבאָטן מטמא צו זיין נאָר אזא תרומה וואָס מען קאָן איר עסן. אָבער א תרומה, וואָס מען טאָר סיי ווי ניט עסן, ווי מיר האָבן געהאט פריער אין משנה ח׳ ביי א תרומה וועגן וועלכער עס איז א ספק צי זי איז טמא, אָדער אזא תרומה, ווי אין משנה ט׳ און י׳, וואָס ווערט סיי ווי פארניכטעט, איז ניטאָ דער פארבאָט, אז מען זאָל איר ניט מטמא זיין. טייל מפרשים טייטשן „על זו ועל זו״, אז דאָס גייט ארויף סיי אויף משנה ח׳ וואו עס האנדלט זיך וועגן תרומה מיט א ספק טומאה, און סיי אויף משנה ט׳ און משנה י׳ וועגן תרומה וואָס האלט ביי פארניכטעט ווערן.** ובל, וואָסער תרומה איז מען געוואָרנט, אז מען זאָל איר ניט מטמא זיין? **דאָ גיט די משנה נאָך א פאל, וועגן וועלכן עס איז פאראן א מחלוקה צווישן ר׳ אליעזר און ר׳ יהושע:** היה עובר, אז איינער איז געגאנגען פון איין אָרט צו אן אנדערן אָרט, און האָט געהאט אין האנט לעבלעך ברויט פון תרומה, און א גוי האָט צו אים געזאָגט: „גיב מיר איינעם פון זיי (איין לאבן ברויט) **און איך** וועל אים מטמא זיין, און אויב ניט, וועל איך מטמא זיין אלע״, זאָגט ר׳ אליעזר, אז זאָל ער (דער גוי) מטמא זיין (אליין) אלע ברויטן, און מען זאָל אים ניט געבן איינעם מטמא צו זיין; און ר׳ יהושע זאָגט, אז מען זאָל אנידערלייגן פאר אים (פאר דעם גוי) איין ברויט אויף א שטיין. **אויך ר׳ יהושע האלט, אז מען זאָל ניט געבן דעם גוי דעם לאבן ברויט אין האנט, נאָר מען זאָל אים אנידערלייגן אויף א שטיין, כדי דאדורך צו ראטעווען די אנדערע תרומה־ברויטן פון טמא־ווערן.**

י״ב. וכן נשים, און אזוי איז דער דין (און דאביי איז ניטאָ קיין מחלוקה, און אויך ר׳ יהושע איז מודה) מיט פרויען, אויב גויים האָבן געזאָגט צו זיי, „גיט אונז איין פרוי פון אייך און מיר וועלן זי מטמא זיין (פאראומרייניקן, פארגוואלדיקן) אויב ניט, וועלן מיר אייך אלע מטמא זיין (פאראומרייניקן, פארגוואלטיקן״), זאָלן די גויים אלע (פרויען) מטמא זיין (פאראומרייניקן, פארגוואלטיקן), און מען זאָל צו זיי ניט איבערענטפערן (געבן) איין יידישע נשמה. **די מפרשים זאָגן דאָ, אז דער טעם איז דאָ, ווייל „אין דוחין נפש מפני נפש״, מען טאָר ניט ברענגען א קרבן איין מענטש כדי צו ראטעווען אן אנדערן מענטש. דעריבער טאָר מען בידים, מיט אייגענע הענט, ניט איבערגעבן צו די גויים איין פרוי, כדי צו ראטעווען די אנדערע פרויען. דער ירו־שלמי ברענגט אויך, אז עס איז דערזעלבער דין, אויב גויים פארלאנגען, אז מען זאָל זיי ארויסגעבן סתם איין מענטש צום הרגנען, און אויב ניט וועלן זיי אלע אויסהרגע־נען, טאָר מען ניט זיי איבערגעבן איין מענטש צום הרגנען.**

## פרק ט.

**א. הזורע תרומה, שוגג יופך ומזיד יקיים. אם הביאה שליש,בין שוגג בין מזיד יקיים. ובפשתן מזיד יופך.**

**ב. וחייבת בלקט ובשכחה ובפאה, ועניי ישראל ועניי כהנים מלקטים, ועניי ישראל מוכרין את שלהם לכהנים בדמי תרומה, והדמים שלהם. ר׳ טרפון אומר, לא ילקטו אלא עניי כהנים. שמא ישכחו ויתנו**

---

## פרק ט.

א. הזורע תרומה, אז איינער פארזייט תרומה, אויב ער טוט עס בשוגג (ניט ווייסנדיק, אז עס איז תרומה), מעג ער איבערדרייען; **דאָס הייסט, ווען ער איז געוואָר געוואָרן, מעג ער איבעראַקערן דאָס פעלד און פארניכטן די פארזייטע תרומה־זריעה, און פארזייען דאָס פעלד מיט חולין.** ומזיד, אויב ער האָט עס געטאָן במזיד (ער האָט געוואוסט, אז עס איז תרומה) זאָל ער לאָזן די תרומה וואקסן. **ווי מיר וועלן לערנען ווייטער איז דאָס אויפגעוואקסענע, די „גידולי תרומה", דאָס וואָס איז ארויסגעוואקסן ווען מען פארזייט תרומה, אויך תרומה, און מען דארף עס אוועקגעבן צו א כהן.** אם הביאה, אויב די פארזייטע תרומה איז געהאַט אזוי אויפגעוואקסן, אז זי (די תבואה צי גרינסן) איז שוין געווען גרויס א דריטל (פון דער גרויס וואָס די תבואה צי גרינסן האָבן ווען זיי זענען אינגאנצן אויפגעוואקסן), איז סיי ער איז געווען א שוגג און סיי ער איז געווען א מזיד זאָל ער עס לאָזן וואקסן. **מחמת איצט הייסט עס שוין אויפגעוואקסענע תרומה און מען טאָר זי ניט פארניכטן.** ובפשתן, און אויב (די תרומה, וואָס ער האָט פארזייט) איז געווען פלאַקס, איז אפילו ער האָט עס געטאָן במזיד זאָל ער איבערדרייען (פאראַקערן און פארניכטן די זריעה). **דער ירושלמי זאָגט דעם טעם, ווייל ביי פלאַקס ווערט גענוצט ניט נור די פלאַקס־קערנער צום עסן און צום זייען, נאָר אויך די שטעקעלעך, פון וועלכע מען ארבייט אויס פלאַקס צו מלבושים. דעריבער באַשטראָפט מען דעם פארזייער פון תרומה־פלאַקס, אז ער זאָל פארניכטן די זריעה, כדי ער זאָל ניט הנאה האָבן שפּעטער פון די שטעקעלעך, טראַכטנדיק, אזוי שטעקעלעך, וועלכע זענען ניט צום עסן, זענען דאָך ניט קיין תרומה.**

. וחייבת, און פון דעם (פעלד, וואָס איז פארזייט מיט תרומה) איז מען מחויב צו געבן לקט, און שכחה און פאה. **דער דין אז גידולי תרומה, דאָס וואָס וואקסט ארויס ווען מען פארזייט תרומה, איז תרומה, איז ניט מדאורייתא ניט דער דין פון דער תורה, נאָר די חכמים האָבן עס געמאכט אלס שטראָף, כדי מען זאָל ניט פארזייען תרומה. מחמת דעם הייסט עס נור אויף אזוי פיל תרומה, אז א ניט־כהן טאָר עס ניט עסן. אָבער אין אלע אנדערע זאַכן האָט עס דעם דין ווי חולין. און דעריבער דארף מען געבן פון דעם פעלד צו די אָרימע לייט לקט און שכחה און פאה (וואָס דאָס איז, געבן מיר אין דער הקדמה צו דער מסכת פאה).** ועניי ישראל, און אָרימע לייט ישראלים (ניט־כהנים) און אָרימע לייט כהנים מעגן קלויבן אין פעלד (די תבואה, וואָס איז ארויסגעוואקסן פון דער תרומה און וואָס איז לקט, שכחה און פאה), און די אָרימע לייט ישראלים (וועלכע טאָרן דאָך ניט עסן, וואָס זיי קלייבן, מחמת עס האָט דאָך דעם דין פון תרומה) פארקויפן זייער חלק צו די כהנ״ם לויט דעם פּרייז פון תרומה־תבואה (וואָס איז ביליגער, ווייל ניט יעדער מעג דאָך עסן תרומה), און דאָס געלט געהערט צו זיי (צו די אָרימע לייט די ישראלים). **ווייל עס האָט נור אויף אזוי פיל דעם דין פון תרומה, אז א ניט־כהן אָדער א כהן א טמא טאָר עס ניט עסן, אָבער אין אלע אנדערע דינים איז דאָס ווי חולין, און דער לקט און שכחה און פאה דערפון געהערט צו אלע אָרימע לייט, אויך צו די ישראלים.** ר׳ טרפון זאָגט, אז עס זאָלן קלויבן די לקט, שכחה און פאה נאָר אָרימע לייט כהנים, מחמת עס איז מורא צו האָבן, טאָמער וועלן (די אָרימע לייט די ישראלים, קלויבנדיק די תבואה) פארגעסן און ארייננעמען

**לתוך פיהם. אָמר לו ר׳ עקיבא, אם כן לא ילקטו אלא טהורים.**
**ג. וחייבת במעשרות ובמעשר עני, ועניי ישראל ועניי כהנים נוטלים, ועניי ישראל מוכרין את שלהם לכהנים בדמי תרומה, והדמים שלהם. החובט משובח, והדש כיצד יעשה? תולה כפיפות בצוארי בהמה ונותן לתוכן מאותו המין; נמצא לא זומם את הבהמה ולא מאכיל את התרומה.**
**ד. גידולי תרומה תרומה, וגידולי גידולין חולין, אבל הטבל ומעשר**

---

פון דער תבואה אין מויל אריין; האָט צו אים (צו ר׳ טרפון) געזאָגט ר׳ עקיבא: אויב אזוי, קומט דאָך אויס, אז עס טאָרן ניט קלויבן נאָר כהנים טהורים. **ווארום עס איז דאָך מורא צו האָבן, אז אויך כהנים, וועלכע זענען טמא און טאָרן ניט עסן תרומה, זאָלן אויך ניט עסן פון דער תבואה ביים קלויבן אין פעלד די לקט, שכחה און פאה, און מען וועט דאָך מוזן זאָגן, אז נור כהנים, וועלכע זענען טהור, מעגן קלייבן. און אזוי ווי מען מאכט ניט קיין אונטערשייד ביי כהנים, און אלע מעגן קלייבן, אזוי מעגן קלייבן אויך אָרימע לייט ישראלים.**

ג. וחייבת במעשרות, און פון דער תבואה (וואָס וואקסט ארויס פון דער פאר־זייטער תרומה) דארף מען אפשיידן אלע מעשרות. **מחמת, ווי מיר האָבן געזאָגט איז זי נור תרומה מדרבנן, און לגבי איר זענען גילטיג אלע דינים, ווי צו חולין, און דעריבער דארף מען פון איר אפשיידן אלע מעשרות; דער „תפארת ישראל״ באַ־מערקט דאָ, אז מיט מעשרות מיינט מען דאָ אויך תרומה, דאָס הייסט, אז מען דארף פון איר אפשיידן תרומה און מעשרות.** ומעשר עני, און מען דארף אויך אָפשיידן (אויב עס איז פארזייט געוואָרן דעם 3טן אָדער 6טן יאָר נאָך שמיטה־יאָר) מעשר עני (וואָס געהערט צו אָרימע לייט), און די אָרימע לייט ישראלים און די ארימע לייט כהנים נעמען (דעם מעשר עני), און די אָרימע לייט ישראלים פארקויפן זייער חלק צו כהנים (מחמת זיי, די ישראלים, טאָרן דאָך ניט עסן די תבואה) לויטן פרייז וואָס מען צאָלט פאר תרומה, און דאָס געלד (וואָס זיי באקומען דערפאר) געהערט צו זיי (צו די אָרי־מע לייט ישראלים). **דער „מלאכת שלמה״ זאָגט, אז דאָ איז אויך ר׳ טרפון מודה, ווייל דאָ דארפן דאָך ניט די אָרימע לייט קלייבן פון פעלד, נאָר זיי קריגן גרייטע תבואה, וועלן זיי ניט פארגעסן און עסן** דערפון. החובט משובח, ווער עס קלאַפּט־אויס (די תבואה־קערנער פון דעם זאנגן־שטרוי ביי תבואה וואָס איז געוואקסן פון תרומה־זריעה), ווערט געלויבט. **דאָס הייסט, ער טוט זייער גוט, וואָס ער קלאַפּט אויס מיט שטעקנס די קערנער, און ער דרעשט זיי ניט אויס מיט בהמות, ווייל דורך דער צייט פון דרעשן וועלן דאָך די בהמות־עסן פון דער תרומה־תבואה, און דאָס טאָר מען ניט. ווידער פארמאכן דער בהמה דאָס מויל ביים דרעשן, טאָר מען אויך ניט צוליב דעם איסור פון „לא תחסום שור בדישו״,** מען טאָר ניט פארמאכן דער בהמה דאָס מויל **ביים דרעשן.** והדש, און דער וואָס דרעשט יאָ (מיט א בהמה) וואָס זאָל ער טאָן? זאָל ער אָנהענגען קוישן (כפיפות) אויף דעם האלדז פון דער בהמה, און אריינטאָן אין די קוישן תבואה פון זעלבן מין (וואָס ער דרעשט, אויב ווייץ זאָל ער אריינטאָן ווייץ, אויב גערשטן—גערשטן); קומט אויס, אז ניט ער פארמאכט דאָס מויל (זומם) דער בהמה (און זי עסט פון זעלבן מין וואָס זי דרעשט) און ניט ער גיט דער בהמה צו עסן תרומה. **דער ברטנורא באמערקט דאָ, אז נור די בהמה פון א ישראל טאָרניט עסן די תרומה; אזוי זאָגט אויך דער רמב״ם אין פירוש המשניות. אָבער דער „לחם משנה״ באמערקט דארויף, אז אפילו א כהנ׳ס א בהמה טאָר מען אויך ניט געבן אזעלכע תרומה־תבואה, וואָס מענטשן געברויכן, ווי ווייץ און גערשטן.**

ד. גידולי תרומה די געוויקסן פון תרומה זענען תרומה, אָבער די געוויקסן פון די געוויקסן (פון תרומה) זענען חולין. **מיר האָבן שוין פריער געלערנט דעם דין אין דער משנה, אז איינער פארזייט תרומה, זענען די געוויקסן (גידולים), וועלכע**

**ראשון וספיחי שביעית ותרומת חוצה לארץ והמדומע והבכורים — גידוליהן חולין. גידולי הקדש ומעשר שני חולין, ופודה אותם בזמן זרעם.**

**ה. מאה לגנה של תרומה ואחת של חולין, כולן מותרין בדבר שזרעו כלה, אבל בדבר שאין זרעו כלה, אפילו מאה של חולין ואחת של תרומה, כולן אסורין.**

---

וואקסן ארויס, אויך תרומה, און א ניט־כהן טאָר זיי ניט עסן. דאָס איז נור מדרבנן, וועלכע האָבן דאָס איינגעפירט אלס שטראָף. אָבער אויב מען האָט די ארויסגעוואקסענע פון פאַרזייטע תרומה פאַרזייט און פון זיי זענען ווידער ארויסגעוואקסן געוויקסן (גידולי גידולים), זענען די געוויקסן פון געוויקסן שוין חולין. אבל הטבל, אָבער אויב מען האָט פאַרזייט טבל, צי מעשר ראשון (איידער מען האָט אָפּגעשיידט פון אים תרומת מעשר), אָדער די ווידערוואקסונגען פון שמיטה־יאָר (ספיחין, תבואה צי גרינסן, וואָס זענען אויפגעוואקסן אים שמיטה־יאָר פון די קערנדלעך, וואָס זענען צופעליק אראָפּגעפאלן אין פאַריגן יאָר אויפן פעלד), אָדער תרומה פון חוץ לארץ (ניט פון ארץ ישראל, און די תרומה איז נור מדרבנן), אָדער געמישטע תבואה פון תרומה מיט חולין צוזאמען (המדומע), אָדער ביכורים (די ערשטע צייטיק־געוואָרענע תבואה וואָס מען דאַרף פירן קיין ירושלים און אוועקגעבן דעם כהן, און א ישראל טאָר ניט עסן ביכורים), זענען זייערע געוויקסן חולין. אויב מען האָט געזייט איינע פון די דאָזיקע תבואות, וואָס מען טאָר ניט עסן (אָדער וואָס א ישראל טאָר ניט עסן, ווי חוץ־לארץ־תרומה, צי ביכורים און אנדערע), זענען די תבואות, וועלכע זענען ארויסגעוואקסן פון זיי, חולין, און מען מעג זיי עסן. די מפרשים דערקלערן, ווייל די אלע זאכן אָדער דער גרעסטער טייל פון זיי, איז דאָך חולין (למשל טבל איז דאָך דער רוב דער־פון חולין) אָדער זיי זענען ניט שכיח, זיי טרעפן זיך זעלטן (ווי ספיחין פון שמיטה־יאָר, אָדער ביכורים, וואָס זענען נאָר נוהג ביי טייל תבואות און פרוכטן), און דעריבער האָבן די חכמים ניט גוזר געווען, אז מען זאָל אויך זייערע געוויקסן ניט טאָרן עסן.
גידולי הקדש, די געוויקסן פון הקדש אָדער פון מעשר שני זענען חולין, אָבער מען דאַרף זיי אויסלייזן לויט דער צייט פון זייער פאַרזייען. אויב איינער האָט פאַרזייט תבואה, וועלכע מען האָט פריער מקדיש געווען צום בית המקדש און מען טאָר ניט הנאה האָבן דערפון סיידן מען לייזט עס אויס מיט געלט; אָדער תבואה, וואָס איז געווען מעשר שני און לויטן דין דאַרף מען עס אויך פירן קיין ירושלים און דאָרט עסן, אָדער אויסלייזן די תבואה מיט געלט און דאָס געלט אוועקפירן קיין ירושלים, — זענען די געוויקסן וועלכע קומען ארויס פון דער תבואה, חולין. אָבער אזוי ווי אין די געוויקסן איז דאָך פאראַן א טייל הקדש און מעשר שני, לאָמיר זאָגן, אויב מען האָט פאַרזייט איין סאה תבואה פון הקדש צי מעשר שני און עס איז ארויסגעוואקסן דערפון 10 סאה, איז דאָך אין די 10 סאה פאַראַן איין סאה הקדש צי מעשר שני, זאָגט די משנה, אז מען דאַרף די סאה הקדש צי מעשר שני אויסלייזן מיט געלט לויט דעם פּרייז, וואָס זי האָט באטראָפן אין דער צייט ווען מען האָט זי פאַרזייט.

ה. מאה, אויב (אין א פעלד, וואָס איז פאַרזייט מיט תבואה זענען פאַראַן פאַר־זייט) הונדערט בייטן (שורות) מיט תרומה און איין בייט מיט חולין (און מען ווייסט ניט וועלכע איז דער חולין און וועלכע זענען די תרומה), זענען אלע הונדערט און איין בייט מותר ביי (תבואות) וואָס זייער זריעה ווערט פאַרניכטעט. מיר האָבן שוין פריער אין משנה א׳ און ב׳ געשריבן, אז דאָס וואָס געוויקסן, וועלכע זענען ארויסגע־וואקסן פון פאַרזייטער תרומה, זענען תרומה, איז נור מדרבנן, און מען האָט דעריבער א סך מיקל געווען דאביי. די משנה זאָגט דאָ, אז ביי אזעלכע סאָרטן תבואות, וואָס זייע־רע קערנדלעך, ווען מען פאַרזייט זיי, ווערן פאַרניכטעט („זרעו כלה״) און עס וואקסט ארויס נייע תבואה (ווי ווייץ, גערשטן), איז מען מיקל אזוי ווייט, אז אפילו איין בייט

ו. הטבל, גידוליו מותרין בדבר שזרעו כלה, אבל בדבר שאין זרעו כלה, גידולי גידולין אסורין. איזהו דבר שאין זרעו כלה? כגון הלוף והשום והבצלים. ר' יהודה אומר, השום כשעורים.

ז. המנכש עם הנכרי בחסיות, אף על פי שפירותיו טבל, אוכל מהם עראַי. שתילי תרומה שנטמאו, שתלן, טהרו מלטמא. ואסורין מלאכול עד

---

מיט פארזייטן חולין האָט זיך אויסגעמישט מיט הונדערט בייטן פארזייטער תרומה, איז אלץ מותר. דאָס וואָרט „לגנה" ווערט געטייטשט „בייט", א שורה, און דער „ערוך השלם" דענקט, אז די מפרשים, וואָס טייטשן אזוי (דער רמב"ם, ר"ש און אנ־דערע) מיינען מיט דעם וואָרט דאָס לאטייניש „ליגנעאַ", וואָס איז דאָסזעלבע, וואָס „לינעאַ", א שורה. דער „ערוך" טייטשט „לגנה" פון וואָרט „לגין", א קריג, קריגן, דאָס הייסט, אויב מען האָט פארזייט הונדערט קרוגן מיט תרומה־זריעה. אבל, אויב אָבער דאָס פארזייטע איז אזא זאך, וואָס די זריעה ווערט ניט פארניכטעט (ווי למשל ציבעלעס, איז אפילו הונדערט (בייטן) חולין און איין (בייט) תרומה, זענען אלע אסור. דאָ ווערט די תרומה ניט בטל אין 101 (ווי דער דין איז פריער פרק ד' משנה ז', אז תרומה ווערט בטל אין חולין), מחמת עס איז באהאפטן צו דער ערד, מחובר.

ו. הטבל, טבל (וואָס מען האָט פארזייט אין פעלד, איידער מען האָט אראָפּגענומען פון אים תרומה און מעשרות) זענען זיינע געוויקסן מותר נור ביי א זאך וואָס איר זריעה ווערט פארניכטעט. דאָס הייסט, אז דאָס וואָס מיר האָבן געלערנט פריער אין משנה ד', אז די געוויקסן פון טבל זענען מותר, האָט מען געמיינט נור ביי זריעות, וועלכע ווערן פארניכטעט. אבל, אָבער אזא זאך, וואָס איר זריעה ווערט ניט פארניכטעט, זענען אפילו די געוויקסן פון די געוויקסן (גידולי גידולין, דאָס הייסט, אויב מען האָט פארזייט דערנאָך דאָס ארויסגעוואקסענע פון טבל, און עס זענען ווידער ארויסגעוואקסן געוויקסן) אסור. מען מיינט דערמיט, אז אזוי ווי תבואות און ירקות, איידער מען האָט זיי געמאכט אין אָרדנונג, אריינגעבראכט אין הויף, מעג מען דאָך עסן פון זיי א „אכילת עראַי", צייטווייליג, אפילו מען האָט נאָכניט אראָפּגענומען פון זיי תרומה און מעשרות; אָבער פון די געוויקסן פון טבל טאָר מען דאָס ניט עסן. איזהו, וואָס הייסט א זאך, וואָס איר זריעה ווערט ניט פארניכטעט? אשטייגער ווי לוף־ציבעלעס, און קנאָבל און ציבעלעס, מחמת ווען מען פארפלאנצט זיי אין דער ערד וואקסן פון זיי אליין ארויס נייע געוויקסן. ר' יהודה זאָגט, אז קנאָבל איז ווי גערשטן. אזוי ווי גערשטן הייסט „זרעו כלה", די זריעה ווערט פארניכטעט, אזוי איז אויך קנאָבל; ר' יהודה נעמט אלס ביישפיל גערשטן, ווייל פון גערשטן ווערט שנעל די זריעה פארניכטעט. אזוי טייטשט דער רמב"ם. דער ר"ש איז גורס „השום כשעורה", און טייטשט, אז קנאָבל ווערט ניט פארניכטעט זיין זריעה נאָר ווען ער איז אזוי גרויס ווי א גערשט, אָבער אויב ער איז קלענער פון א גערשט ווערט זיין זריעה יאָ פארניכטעט.

ז. המנכש, אז איינער (א ייד) רייסט אויס די שלעכטע גראָזן (מנכש) ביי א גוי אין (גאָרטן פון) ציבעלעס (חסיות, אלע סאָרטן ציבעלעס), כאָטש דעם גוי'ס פרוכטן (גרינסן) זענען טבל (ווייל דער גוי האָט דאָך פארן פארזייען ניט אָפּגעשיידט פון דער זריעה קיין תרומה און מעשרות) מעג דער (ארבייטער) עסן (פון די ציבעלעס) צייט־ווייליק (עראַי). וועגן דעם, צי פון די פרוכטן פון א גוי'ס פעלד אין ארץ ישראל איז מען מחויב אפּצושיידן תרומה און מעשרות זענען פאראן צוויי מיינונגען אין משנה און גמרא. דא האלט די משנה, אז מען איז יאָ מחויב, ווייל א גוי האָט ניט קיין אייגנטום־רעכט אויף פעלדער אין ארץ ישראל כדי זיי צו באפרייען פון תרומה און מעשרות („אין קנין לגוי בארץ ישראל להפקיע מן המעשר"). אָבער ווייל דאָס איז דאָך נור די גידולים, די געוויקסן פון טבל, האָט מען מתיר געמאכט דעם ארבייטער צו עסן. שתילי תרומה, פלאנצונגן פון תרומה, וואָס זענען טמא געוואָרן און מען האָט זיי איינ־

**שיגום את האוכל. ר׳ יהודה אומר, עד שיגום וישנה.**

**פרק י.**

**א. בצל שנתנו בתוך עדשים, אם שלם — מותר, ואם חתכו — בנותן טעם, ושאר כל התבשיל, בין שלם בין מחותך בנותן טעם. ר׳ יהודה מתיר בצחנה, שאינה אלא ליטול את הזוהמא.**

---

געפלאנצט אין דער ערד, זענען זיי טהור געוואָרן, אַז זיי זאָלן ניט קאָנען מטמא זיין אנדערע, אָבער (א כהן) טאָר זיי ניט עסן ביז מען האקט־אָפּ (פון די פלאנצונגען) דאָס וואָס מען קאָן עסן; ר׳ יהודה זאָגט, ביז מען האקט אָפּ איינמאָל און (ווען עס וואקסט אַרויס) מען האקט אָפּ נאָכאמאָל. מיט „שתילים״, פלאנצונגען מיינט מען דאָ יונגע פלאנצן פון קרויט און אנדערע ענליכע גרינסן, וועלכע מען נעמט ארויס פון דער ערד און מען פארזעצט זיי אין דער ערד אין אן אנדער אָרט, וואו זיי האָבן מער פּלאַץ צום פונאנדערוואקסן. זאָגט די משנה, אז אויב די יונגע פלאנצונגען האָט מען געמאכט פאר תרומה (נאָכדעם ווי מען האָט זיי געהאט ארויסגענומען) און זיי זענען טמא געוואָרן (און תרומה וואָס איז טמא טאָר מען דאָך ניט עסן), און מען האָט די פלאנצונגען ווידער פאַרזעצט אין דער ערד, ווערן זיי אויס טמא, אזוי אז זיי קאָנען שוין ניט מטמא זיין אנדערע זאכן. מחמת דאָס ווערן מחובר, באהאפטן צו דער ערד, איז מטהר די פלאנ־צונגען. אָבער עסן זיי טאָר מען ניט, ווייל בנוגע עסן הייסן זיי נאָך טמא׳דיקע תרומה. נאָר ווען מעג א כהן זיי יאָ עסן? ווען מען האָט אפּגעהאקט פון זיי די בלעטער און אנדערע טיילן, וואָס מען קאָן עסן, און עס זענען ארויסגעוואָקסן נייע בלעטער. ר׳ יהודה האלט, אז עס מוזן אָפּגעהאקט ווערן אויך די נייע בלעטער; און ערשט די בלע־טער, וואָס זענען נאָך זיי ארויסגעוואקסן מעג מען עסן.

**פרק י.**

א. בצל, א ציבעלע וואָס מען האָט אריינגעלייגט אין (געקאָכטע, טרוקענע, וואַ־רימע) לינזן (א סאָרט ארבעס) איז אויב די ציבעלע איז גאנץ, איז מותר (מעג אפילו א ישראל עסן) און אויב זי איז צושניטן, ווענדט זיך, צי עס האָט אריינגעגעבן א טעם. דער רמבם און דער ברטנורא טייטשן, אז דאָ מיינט מען סיי ווען די ציבעלע איז פון תרומה און די לינזן פון חולין, און סיי ווען די ציבעלע איז פון חולין און די לינזן פון תרומה. זאָגט די משנה, אז אויב די ציבעלע איז גאנץ, גיט זי ניט ארויס פון זיך איר זאפט אין די לינזן און נעמט אויך ניט אריין אין זיך דעם זאפט פון די לינזן, און דע־ריבער מעג א ישראל עסן די חולין (סיי ווען די ציבעלע איז חולין, סיי ווען די לינזן זענען חולין). אויב אָבער די ציבעלע איז צעשניטן גיט זי ארויס פון זיך איר זאפט און נעמט אויך אריין אין זיך דעם זאפט פון די לינזן, דעריבער דארף מען געבן א כהן צו פארזוכן, און אויב עס איז פאראן א טעם פון איינעם אין דעם צווייטן טאָר עס א ישראל ניט עסן. ושאר, און ביי אנדערע געקעכצן (ניט ביי לינזן) איז סיי די (ציבעלע) איז גאנץ, סיי צעשניטן, ווענדט זיך, צי עס האָט אריינגעגעבן א טעם. מחמת נור ביי לינזן גיט א גאנצע ציבעלע ניט אריין קיין טעם, און נעמט ניט אריין קיין טעם. אזוי טייטשט דער רמבם. דער ברטנורא טייטשט, דעם „ושאר כל התבשיל״ אז עס גייט ארויף אויף דער „ציבעלע״; אויב למשל אנשטאט א ציבעלע האָט מען אריינגעלייגט אין די ארבעס קנאָבל, איז עס אזוי שטארק, אז אפילו א גאנצער קנאָבל גיט אויך אריין א טעם. ר׳ יהודה איז מתיר ביי קליינע (איינגעלייגטע אין עסיק) פישעלעך (צחנה), ווייל עס איז נור כדי אראָפּצונעמען דעם אפפאל. אויב מען האָט א גאנצע צי־בעלע פון תרומה אריינגעלייגט אין קליינע פישעלעך, וועלכע זענען איינגעלייגט אין עסיק און שטייען א לאנגע צייט, מעג א ישראל יאָ עסן די פישעלעך; מחמת די ציבעלע ווערט דאָרט אריינגעלייגט נאָר כדי איינצוזאפּן אין זיך דעם אָפּפאל, די אומריינקייט פון די פישלעך, אוועקצונעמען דעם שלעכטן ריח.

**ב. תפוח שרסקו ונתנו לתוך עיסה וחמצה, הרי זו אסורה. שעורים שנפלו לתוך הבור של מים, אף על פי שהבאישו מימיו, (מימיו) מותרים.**

**ג. הרודה פת חמה ונתנה על פי חבית של יין תרומה, ר׳ מאיר אוסר, ור׳ יהודה מתיר. ר׳ יוסי מתיר בשל חטין ואוסר בשל שעורים, מפני שהשעורים שואבות.**

**ד. תנור שהסיקו בכמון של תרומה ואפה בו, הפת מותרת, שאין טעם כמון, אלא ריח כמון.**

**ה. תלתן שנפלה לתוך הבור של יין, בתרומה ובמעשר שני, אם יש**

---

ב. תפוח, אז א עפל (פון תרומה) וואָס מען האָט צעריבן און אריינגעטאָן אין א טייג (פון חולין) און דער טייג איז געוואָרן זויער (געיורן), איז דאָס טייג אסור (פאַר א ישראל). **מחמת דער טייג איז זויער (געיורן) געוואָרן פון תרומה און ער האָט אין זיך דעם טעם פון תרומה.** שעורים, אז גערשטן (פון תרומה) זענען אריינגעפאלן אין א גרוב מיט וואסער, כאָטש (דורך די גערשטן) איז דאָס וואסער קאליע געוואָרן, איז דאָס וואסער מותר (פאַר א ישראל). **כאָטש מען זעט דאָך, אז די גע־שטן פון תרומה האָבן יאָ אריינגעגעבן א טעם אין וואסער, ווארום דאָס וואסער איז דאָך דאדורך קאַ־ליע געוואָרן, פונדעסטוועגן ווייל דער טעם איז ניט קיין גוטער, נאָר א שלעכטער, וואָס מאכט קאליע, א „טעם לפגם", איז עס מותר.**

ג. הרודה, אז איינער נעמט־ארויס פון אויוון ווארם ברויט (פון חולין) און ער לייגט עס ארויף (דאָס ברויט) אויף דער עפנונג פון א פאַס מיט וויין פון תרומה (דאָס ברויט האָט ניט אָנגערירט דעם וויין, נאָר האָט אריינגעצויגן אין זיך דעם ריח פון וויין), ר׳ מאיר אסר׳ט (פאַר ישראלים צו עסן דאָס ברויט), און ר׳ יהודה איז מתיר. **ר׳ מאיר האלט, אז „ריחא מילתא", אז דער ריח איז אויך אזוי גוט ווי דער וויין אליין און ממילא איז אין ברויט פאראן תרומה; אָבער ר׳ יהודה האלט, אז „ריחא לאו מילתא", דער ריח איז גאָרנישט, און הייסט עס ניט, אז דאָס ברויט (כאָטש עס האָט דעם ריח פון וויין) אנטהאלט אין זיך תרומה.** ר׳ יוסי איז מתיר ביי (ברויט פון) ווייץ, און ער אסר׳ט, ביי (ברויט פון) גערשטן, ווייל גערשטן שעפּן אריין אין זיך. **לויט דער מיינונג פון ר׳ יוסי האָט גערשטן־ברויט די טבע, אז ניט נאָר עס ציט אריין דעם ריח פון וויין נאָר עס שעפּט אריין אין זיך די פייכטקייט פון וויין זעלבסט. און ממילא האָט דאָך דאָס גערשטן־ברויט אריינגענומען תרומה און עס איז אסור צו ישראלים.**

ד. תנור, אן אויוון וועלכן מען האָט איינגעהייצט מיט קימל (כמון) פון תרומה, און מען האָט אין אים געבאקן ברויט (פון חולין), איז דאָס ברויט מותר (פאַר א יש־ראל), ווייל (אין ברויט איז פאראן) ניט דער טעם פון קימל, נאָר דער ריח פון קימל. **די סתם־משנה האלט דאָ, אז „ריחא לאו מילתא", אז ריח איז גאָרנישט און עס הייסט דעריבער ניט, אז דאָס ברויט האָט אריינגענומען אין זיך תרומה (אזוי טייטשט די משנה רבא אין דער גמרא עבודה זרה ס״ו).**

ה. תלתן, אויב גריכישער היי (תלתן, „פענקרויט", „פענוגריק", גריכישער היי, א סאָרט קלאָווער, וואָס מען קאָן עסן סיי די קערנדלעך און די שטעקעלעך דערפון) איז אריינגעפאלן אין א גרוב מיט וויין (פון חולין), איז אויב דאָס היי איז געווען פון תרומה, אָדער פון מעשר שני (וואָס מען טאָרניט עסן נור אין ירושלים), ווערט אסור דער וויין נור אויב די קערנדלעך (זרע) זענען געווען גענוג אריינצוגעבן א טעם אין וויין, אָבער ניט די שטעקעלעך. **דער „תלתן", דער גריכישער היי, איז אייגענטלעך ניט קיין ריכטיקער מאכל פאַר מענטשן, און די קערנדלעך ווערן געגעסן מער ווי די שטעקעלעך, אין וועלכע די קערנדלעך געפינען זיך. דעריבער זענען ביי תרומה און מעשר שני די שטעקלעך ניט קיין תרומה און ניט קיין מעשר שני, און אויב דער תלתן פון תרומה אָדער מעשר שני איז אריינגעפאלן אין א גרוב מיט וויין מוז זיין אזוי**

**בזרע כדי ליתן טעם, אבל לא בעץ; בשביעית ובכלאי הכרם והקדש — אם יש בזרע ובעץ כדי ליתן טעם.**

**ו. מי שהיו לו חבילי תלתן של כלאי הכרם, ידלקו. היו לו חבילי תלתן של טבל. כותש ומחשב כמה זרע יש בהם ומפריש את הזרע, ואינו צריך להפריש את העץ. אם הפריש, לא יאמר, אכתוש ואטול את העץ ואתן את הזרע, אלא נותן את העץ עם הזרע.**

**ז. זיתי חולין שכבשן עם זיתי תרומה, פצועי חולין עם פצועי**

---

פיל תלתן, אז די קערנדלעך אליין זאָלן אריינגעבן טעם אין ווייַן און דעמאָלס ווערט **אויך דער וויין אסור אזוי ווי תרומה און מעשר שני. אויב אָבער די תלתן־קערנדלעך אליין האָבן ניט אריינגעגעבן דעם טעם, נאָר ערשט צוזאמען מיט די תלתן־שטעקע־לעך, איז דער ווייַן מותר; ביי תלתן פון תרומה מעג דעם וויין טרינקן אויך א ישראל, און ביי תלתן פון מעשר שני מעג מען דעם וויין טרינקן אומעטום, ניט דוקא אין ירושלים.** בשביעית, אויב דער תלתן איז געווען פון שמיטה־יאָר, אָדער פון וויינ־גאָרטן־כלאים, אָדער פון הקדש, **און מען טאָר ניט עסן פרוכטן פון שמיטה־יאָר נאָך דער צייט פון אויסרוימען, זמן ביעור, און מען טאָר ניט עסן גרינסן, וואָס זענען געוואַקסן אין א וויינגאָרטן, כלאי הכרם, און מען טאָר ניט עסן א זאך, וואָס מען האָט מקדיש געווען צום בית המקדש,** איז אסור דער וויין (אין וועלכן דער תלתן איז אריינ־געפאלן) אויב עס איז פאראן גענוג תלתן־קערנדלעך און תלתן־שטעקעלעך אריינצו־געבן א טעם (אין וויין). **ביי שמיטה און ביי וויינגאָרטן־כלאים און ביי הקדש זענען אויך די שטעקעלעך פון תלתן, פון דעם גריכישן היי, אסור, און דעריבער ווען אפילו די שטעקעלעך האָבן מיטגעהאָלפן אריינצוגעבן א טעם אין דעם וויין, טאָר מען שוין דעם וויין ניט טרינקן.**

ו. מי שהיו לו, אז איינער האָט געהאט בינטלעך גריכישע היי (תלתן) פון וויינ־גאָרטן־כלאים (דער תלתן איז געוואקסן אין א וויינגאָרטן און ער איז דעריבער וויינ־גאָרטן־כלאים, כלאי הכרם) דארף מען די בינטלעך גריכישע היי פאַרברענען. **מיר האָבן געלערנט אין מסכת כלאים פרק ח׳ משנה א׳, אז ירקות אָדער תבואה, וואָס זענען געוואקסן אין א וויינגאָרטן, טאָר מען זיי ניט עסן און אויך ניט הנאה האָבן, און מען דארף זיי פארברענען. די משנה דאָ לערנט אונז, אז ניט נור דארף מען פארברע־נען די קערנדלעך פון דעם גריכישן היי נאָר אויך די שטעקעלעך דערפון, די גאנצע בינטלעך.** היו לו, אז איינער האָט געהאט בינטלעך גריכישע היי פון טבל (פון וועלכע ער האָט ניט אָפגעשיידט תרומה), זאָל ער זיי צעקלאפּן (און ארויסנעמען די קערנדלעך) און זאָל אויסרעכענען וויפיל קערנדלעך איז פאראן אין זיי און זאָל אָפּשיידן פון די קערנדלעך (תרומה), אָבער פון די שטעקעלעך דארף ער ניט אָפּשיידן. **כאָטש אויך די שטעקעלעך פון גריכישן היי, פון תלתן, קאָנען ווערן בשעת הדחק געגעסן, אָבער קיין תרומה דארף מען פון זיי ניט אָפּשיידן.** אם הפריש, אויב איינער האָט שוין יאָ אָפּגע־שיידט תרומה (צוזאמען די קערנדלעך און די שטעקעלעך) טאָר ער ניט זאָגן: „איך וועל צוקלאפּן, און איך וועל צונעמען פאר זיך די שטעקעלעך (פון דער אָפּגעשייד־טער תרומה) און איך וועל געבן (דעם כהן) בלויז די קערנער״, נאָר ער מוז געבן (דעם כהן) די שטעקעלעך צוזאמען מיט די קערנער. **ווייל קוים האָט ער די שטעקעלעך אויך אָנגערופן תרומה, געהערן זיי צום כהן, כאָטש דער איסור פון תרומה איז ביי די שטע־קעלעך ניטאָ, ווי מיר האָבן געלערנט פריער אין משנה ה׳.**

ז. זיתי חולין שכבשן עם זיתי תרומה, אויב מען האָט איינגעלייגט (אין זאלץ־וואסער) איילבירטן פון חולין צוזאמען מיט איילבירטן פון תרומה (איז דער דין אזוי): אויב דאָס זענען געווען צעשפּאלטענע איילבירטן פון חולין מיט צעשפּאלטענע אייל־בירטן פון תרומה, אָדער צעשפּאלטענע איילבירטן פון חולין מיט גאנצע איילבירטן

**תרומה, פצועי חולין עם שלמי תרומה או במי תרומה, אָסור; אבל שלמי חולין עם פצועי תרומה מותר.**

**ח. דג טמא שכבשו עם דג טהור, כל גרב שהוא מחזיק סאתים, אם יש בו משקל עשרה זוז ביהודה שהם חמש סלעים בגליל דג טמא, צירו אָסור. ר׳ יהודה אומר, רביעית בסאתים ור׳ יוסי אומר, אחד משׁשה עשר בו.**

---

פון תרומה, אָדער (צעשפאלטענע איילבירטן פון חולין) און זאפט פון תרומה (מי תרומה, פרוכטן־זאפט פון תרומה), זענען די (חולין־איילבירטן) אסור (צו עסן פאַר א ישראל). **מחמת צעשפאלטענע איילבירטן זאפן אריין אין זיך די זאפט פון דרויסן, און אזוי ווי אין די אלע אויסגערעכנטע פאלן זענען די חולין־איילבירטן געווען צעשפּאָלטן, האָבן זיי אריינגענומען אין זיך דעם זאפט פון די תרומה־איילבירטן אָדער פון דעם תרומה־פרוכטן־זאפט, און דעריבער טאָר זיי א ישראל ניט עסן.** אבל, אויב אָבער דאָס זענען געווען גאנצע (איילבירטן) פון חולין מיט צושפאלטענע פון תרומה, זענען זיי מותר. **אויך א ישראל מעג עסן די חולין־איילבירטן, ווייל עס איז אָנגענומען, אז גאנצע איילבירטן, כאָטש זיי געבן ארויס פון זיך זאפט, אָבער זיי קאָנען ניט אריינ־נעמען קיין זאפט פון דרויסן, און דעריבער האָבן זיי ניט ארײנבאקומען דעם תרומה־זאפט. „מי תרומה״ טייטשט דער „תפארת ישראל״ זאפט פון תרומה־פרוכט. דער ברטנורא טייטשט וואסער, אין וועלכן עס איז געווען איינגעלייגט תרומה־איילבירטן.**

ח דג טמא, אויב מען האָט איינגעלייגט א טמא־פיש (א פיש וואָס איז ניט כשר, וואָס מען טאָר ניט עסן); צוזאמען מיט א טהור־פיש (וואָס מען מעג אים עסן, איז דער דין אזוי); אויב אין דער פאס, וואָס האלט צוויי סאה איז פאראן דער ניט־כשר׳ער פיש אזוי פיל אז ער וועגט צען זוז אין יהודה וואָס זענען פינף סלעים אין גליל, איז זיין גאנצער ראָסעל (ציר, דער פיש־זאפט, דאָס פליסיקייט אין דער פאס) אסור. **א סאה האָט זעקס טעפּ (קבים); יעדער טאָפּ (קב) האָט 4 קוואָרט (לוגין); יעדע קוואָרט (לוג) האָט צוויי פונט (ליטרא); יעדער פונט וועגט 100 זוז (גילדן). קומט אויס, אז צוויי סאה וועגט 9600 זוז, דאָס הייסט 960 מאָל וויפיל עס וועגן 10 זוז. לערנט די משנה, אז אויב דער ראָסעל פון א טריפה פיש האָט זיך אויסגעמישט מיט ראָסעל פון א כשר׳ן פיש אזוי אז דער טריפה ראָסעל איז ניט ווינציקער ווי איין 960טל פון דעם ראסל, טאָר מען דעם ראסל ניט עסן. ביי א סך אנדערע טריפה־זאכן איז דאָך דער דין, אז ווען זיי מישן זיך אויס מיט 60 מאָל אזוי פיל כשרע זאכן, מעג מען שוין עסן; אָבער פיש־זאפט איז אזוי שארף, אז אפילו איין 960־טל אסר׳ט אויך. אויב אָבער עס איז געווען ווינציקער פון איין 960טל מעג מען יאָ עסן. די משנה באמערקט דאָ, אז די וואָג פון 10 זוז אין יהודה (אין דרום־טייל פון ארץ ישראל) איז אזוי פיל וויפיל פינף סלעים אין גליל (אין צפון־טייל פון ארץ ישראל), מחמת 4 זוז איז איין סלע, און 5 סלעים איז 20 זוז, אָבער די געוויכטן פון יהודה זענען געווען טאָפּלט שווערער פון די געוויכטן אין גליל, און דעריבער איז 10־זוז־געוויכט אין יהודה אזוי פיל ווי 20־זוז־געוויכט אין גליל.** ר׳ יהודה זאָגט, אז (דער ראסל איז אסור נור) ווען א פערטל קוואָרט פון דעם טריפה־פיש־ראָסל האָט זיך אויסגעמישט אין א פאס מיט ראָסל פון צוויי סאה. **ווי מיר האָבן פריער געזאָגט איז צוויי סאה 48 קוואָרט (לוגים), ממילא איז איין פערטל קוואָרט אויף צוויי סאה אזוי פיל ווי איין 192סטל (דאָס הייסט נאָענט צו איין 200טל). אָבער אויב עס איז געווען ווינציקער פון איין 192טל טריפה־פיש־ראָסל איז כשר.** ור׳ יוסי, און ר׳ יוסי זאָגט, אז איין זעכצנטל אין אים (אין דער פאס). **לויט ר׳ יוסי איז געגוג, אז אויב דער טריפה־פיש־ראָסל איז איין 16טל פון דעם ראָסל אין פאס, אז עס זאָל בטל ווערן און מען זאָל מעגן עסן דעם ראָסל. אויף דער דאָזיקער משנה זענען פאראן א סך טייטשן ביי די מפרשים. מיר האָבן דאָ געגעבן דעם**

ט. חגבים טמאים שנכבשו עם חגבים טהורים, לא פסלו את צירם. העיד ר׳ צדוק על ציר חגבים טמאים שהוא טהור.

י. כל הנכבשים זה עם זה מותרים, אלא עם החסית. חסית של חולין עם חסית של תרומה, ירק של חולין עם חסית של תרומה, אסור; אבל חסית של חולין עם ירק של תרומה מותר.

יא. ר׳ יוסי אומר, כל הנשלקים עם התרדים אסורים מפני שהם

---

טייטש פון ברטנורא. די דאָזיקע משנה איז דאָ, אין מסכת תרומות, געלערנט געוואָרן דרך אגב, ווייל מען האָט פריער געלערנט וועגן איינגעלייגטע איילבירטן פון תרומה.

ט. חגבים טמאים, ניט־כשר׳ע היישעריקן וועלכע מען האָט איינגעלייגט מיט כשרע היישעריקן האָבן זיי ניט געפסל׳ט (ניט גע׳אסר׳ט) זייער ראָסל. היישעריקן, חגבים, זיינען פאראַן כשרע וועלכע מען מעג עסן, און ניט־כשרע היישעריקן. לערנט דאָ די משנה, אז אויב מען האָט איינגעלייגט צוזאמען היישעריקן, ניט־כשרע און כשרע, איז דער ראָסל, דער זאפט, פון דעם געמיש, כשר און מען מעג אים עסן. דער טעם איז, וואָס אפילו די חכמים, וועלכע האַלטן, אז מען טאָרניט עסן דעם זאפט פון ניט־כשרע היישעריקן, זאָגן אויך, אז עס איז נאָר א גרינגער איסור, מחמת דער היי־שעריקן־זאפט איז ניט קיין בלוט, נאָר סתם א פייכטקייט, און דעריבער האָט מען ביי א געמיש פון כשר און ניט־כשר מתיר געמאכט. העיד, ר׳ צדוק האָט עדות געזאָגט אויף דעם זאפט (ראָסל) פון ניט־כשרע היישעריקן, אז ער איז כשר (צום עסן). ר׳ צדוק איז געווען א תנא אין דער צייט פון חורבן פון 2טן בית המקדש, און ווען אלע תנאים זענען אוועק קיין יבנה און דאָרט מייסד געווען די ישיבה איז אויך ר׳ צדוק אהינגע־קומען, און דאָרט האָבן תנאים „עדות געזאָגט" פאר די חכמים פארשידענע הלכות, וואָס זיי האָבן געהערט פון זייערע רביים. די דאָזיקע עדות־הלכות זענען פאראַן אין מסכת עדיות. ר׳ צדוק האָט עדות געזאָגט, אז מען מעג עסן דעם זאפט פון ניט־כשרע היישעריקן אפילו ווען ער איז אליין. „טמא", „טהור", „פסול" אין די דאָזיקע הלכות איז דער טייטש דאָסזעלבע וואָס „ניט־כשר", „כשר", „טריפה".

י. כל הנכבשים, אלע (גרינסן) וואָס זענען אריינגעלייגט געוואָרן איינער מיטן אנדערן (גרינסן פון חולין צוזאמען מיט גרינסן פון תרומה), זענען מותר, א חוץ (אויב זיי זענען איינגעלייגט) מיט „חסית" (אלע סאָרטן ציבעלעס, קנאָבל). די משנה לערנט, אז געוויינטליכע גרינסן, אפילו זיי זענען איינגעלייגט צוזאמען, געבן ניט אריין קיין טעם איינער אין דעם אנדערן, און דעריבער אפילו ווען איין גרינס פון די איינגע־לייגטע איז תרומה, מעג א ישראל עסן די איינגעלייגטע חולין־גרינסן. אָבער אן אויס־נאם זענען די סאָרטן גרינסן, וואָס מען רופט „חסית", דאָס מיינט מען ציבעלעס, קנאָבל און אלע אנדערע שארפע גרינסן. די משנה גיט דאָ באלד ביישפילן פון דעם דין: חסית של חולין, אויב מען האָט איינגעלייגט חסית (ציבעלע צי קנאָבל) פון חולין מיט חסית פון תרומה, אָדער גרינס פון חולין מיט חסית פון תרומה, איז אסור. א ישראל טאָרניט עסן די חולין מחמת זיי האָבן דאָך באקומען א טעם פון דעם שארפן תרומה חסית. אבל חסית של חולין, אָבער אויב מען האָט איינגעלייגט חסית פון חולין מיט גרינס פון תרומה מעג מען. א ישראל מעג עסן דעם חולין־חסית, ווייל דער גרינס פון תרומה האָט דאָך ניט געקאָנט אריינגעבן קיין טעם אין דעם חסית פון חולין. דער כלל איז, אז נור ווען דער חסית איז פון תרומה טאָר מען ניט.

יא. ר׳ יוסי זאָגט, אז אלץ וואָס איז איינגעקאָכט מיט „תרדים" (לויט טייל מפרשים איז עס ווייס־קרויט, לויט אנדערע חכמים מיינט מען דערמיט טאָמאטן, פאָמידאָרן) איז אסור (אויב די „תרדים" זענען פון תרומה טאָר א ישראל דאָס גע־קעכץ ניט עסן), ווייל די תרדים געבן אריין א טעם. „נשלקים" טייטשען טייל מפרשים „שטארק איינגעקאָכט"; טייל מפרשים מיינען אז דאָס וואָרט „שלק" איז דער טייטש

נותנין את הטעם. ר׳ שמעון אומר, כרוב של שקיא עם כרוב של בעל אסור, מפני שהוא בולע, ר׳ עקיבא אומר, כל המתבשלין זה עם זה מותרים, אלא עם הבשר. ר׳ יוחנן בן נורי אומר, הכבד אוסרת ואינה נאסרת, מפני שהיא פולטת ואינה בולעת.

יב. ביצה שנתבשלה בתבלין אסורים. אפילו חלמון שלה אסור, מפני שהוא בולע. מי שלקות ומי כבשים של תרומה אסורים לזרים.

פרק יא.

א. אין נותנין דבלה וגרוגרות לתוך המורייס, מפני שהוא מאבדן,

---

אין א סך ערטער „קאָכן גרינסן״, ווי למשל אין ברכות פרק ו׳ משנה ח׳ „אכל שלק״, וואָס איז דער טייטש „געקאָכטע גרינס״; ר׳ יוסי זאָגט, אז תרדים האָבן אזא שארפ־קייט, אז זיי געבן אריין א טעם אין די אנדערע גרינסן. ר׳ שמעון זאָגט, אז מען קאָכט־צוזאמען קרויט, וואָס וואקסט אויף טרוקענער ערד, וועלכע מען דארף באוואסערן (שקיא), מיט קרויט (פון תרומה) וואָס וואקסט אויף נאסער ערד, וועלכע מען דארף ניט באוואסערן (בעל), איז אסור (טאָר א ישראל ניט עסן), ווייל דער קרויט פון דער טרוקענער ערד זאפט איין (אין זיך דעם זאפט פון דעם תרומה־קרויט). די מפרשים דערקלערן עס דערמיט, וואָס דער קרויט וואָס וואקסט אויף טרוקענער ערד, איז אויך טרוקן און דעריבער האָט ער מער די פייאיקייט איינצוזאפן אנדערע זאפטן. ר׳ עקיבא זאָגט, אז אלע זאכן וועלכע ווערן געקאָכט איינער מיט דעם אנדערן (א כשרע מיט א ניט־כשערער) זענען מותר, א חוץ ווען מען קאָכט מיט פלייש, ווייל עס זאפט איין. אין טייל משניות איז אנשטאט „ר׳ עקיבא״ פאראן „ר יהודה״. טייל מפרשים (ווי דער ברטנורא) טייטשן, אז דער דין איז דאָ נור ווען מען קאָכט צוזאמען צוויי זאכן פון זעלבן מין. דער רמבם טייטשט אין די משנה, אז אפילו ניט פון זעלבן מין. ר׳ יוחנן בן נורי זאָגט, אז די לעבער אסר׳ט, אָבער זי אליין ווערט ניט גע׳אסר׳ט, ווייל זי גיט ארויס פון זיך (זאפט) אָבער זי נעמט ניט אריין אין זיך. אויב מען האָט געקאָכט טריפה לעבער צוזאמען מיט אן אנדער מאכל א כשר׳ס, למשל, מיט כשר פלייש, ווערט דאָס כשר׳ע מאכל טריפה, ווייל די לעבער גיט ארויס פון זיך זאפט און דער טריפה־זאפט גייט אריין אין פלייש; אָבער ווען מען קאָכט כשר׳ען לעבער צוזאמען מיט טריפה פלייש, זאָגט ר׳ יוחנן בו נורי, אז דער לעבער ווערט ניט טריפה, מחמת דער לעבער איז גלאטיק און נעמט ניט אריין אין זיך קיין זאפט פון דרויסן. די מפרשים באמערקן דאביי, אז דער דין בלייבט, אז געקאָכטן (חולין מיט תרומה, אָדער כשר מיט טריפה) איז אסור, און אז א לעבער, אפילו א כשרע, טאָר מען אפילו איר אליין ניט קאָכן און עסן, סיידן מען האָט איר פריער אָפּגעבראָטן אויף פייער.

י״ב. ביצה, אן איי, וואָס איז געקאָכט געוואָרן מיט אסור׳ע געווירצן (פון תרומה, צי אנדערע ניט־כשרע זאכן, ווי פון וויינגאָרטן־כלאים), איז אפילו איר געלכל (חלמון) אסור, ווייל עס זאפט איין. כאָטש אן איי האָט א הארטע שאָל, פונדעסטוועגן גייט אדורך דער געווירצן־זאפט דורך דער שאָל. מי שלקות, וואסער אין וועלכן מען האָט געקאָכט, אָדער איינגעלייגט תרומה (גרינסן פון תרומה) איז אסור פאר ניט־כהנים. א ישראל צי א לוי טאָרן דאָס וואסער ניט טרינקן, ווייל עס האָט אין זיך אריינגענומען דעם זאפט פון די תרומה־גרינסן. דאָס וואָרט „זרים״ איז פון חומש (ויקרא כ״ב, „וכל זר לא יאכל קודש״) און איז דער טייטש „פרעמדע״, און מען מיינט דערמיט אזעלכע, וואָס זענען ניט כהנים, דאָס הייסט, א ישראל און א לוי.

פרק י״א

א. אין נותנין, מען טאָרניט אריינלייגן געפרעסטע פייגן אָדער דארע פייגן (פון תרומה) אין פיש־פעט־זאפט (מוריים) ווייל ער פארניכטעט זיי (די תרומה־פייגן), תרומה־מאכלים טאָר מען ניט קאליע מאכן, און ווייל די פייגן, וואָס מען לייגט אריין

**אבל נותנין את היין למורייס. ואין מפטמין את השמן, אבל עושין את היין יינומלין. אין מבשלין יין של תרומה, מפני שהוא ממעיטו. ר׳ יהודה מתיר מפני שהוא משביחו.**

**ב. דבש תמרים ויין תפוחים וחומץ סתוניות ושאר כל מי פירות של תרומה, ר׳ אליעזר מחייב קרן וחומש, ור׳ יהושע פוטר. ור׳ אליעזר**

---

אין דעם פיש־פעט־זאפט, איז נור כדי די פייגן זאָלן אריינגעבן זייער געשמאק אין דעם פיש־זאפט, און דערנאָך נעמט מען די פייגן ארויס און מען ווארפט זיי אוועק, דעריבער טאָר מען ניט. דאָס וואָרט „מורייס״, זאָגט ר׳ בנימין מוספיא אין „מוסף הערוך״, איז דאָס לאטייניש וואָרט „מוריא״, וואָס איז דער טייטש געזאלצענער זאפט פון איינגעלייגטע פיש. אבל נותנין, אָבער מען מעג אריינטאָן וויין (פון תרומה) אין פיש־פעט־זאפט. ווייל דער וויין בלייבט דאָרט און מען טרינקט אים און דעריבער הייסט עס ניט אז מען מאכט קאליע דעם תרומה־וויין. ואין מפטמין, און מען טאָרניט אריינטאָן געווירצן (מפטמים) אין אייל (פון תרומה), ווייל די געווירצן נעמען אין זיך אריין דעם תרומה־אייל, און דערנאָך נעמט מען די געווירצן ארויס און מען ווארפט זיי אוועק, קומט דאָך אויס, אז מען מאכט קאליע תרומה־אייל. אבל עושין, אָבער מען מעג מאכן פון וויין (פון תרומה) געווירצן־וויין (יינומלין, וויין, אין וועלכן מען טוט אריין האָניק, פעפער). דער וויין ווערט דאדורך ניט קאליע, ווייל מען טרינקט אויס אלץ צוזאמען, דעם וויין מיט דעם האָניק און פעפער. דאָס וואָרט „יינומלין״, זאָגט ר׳ בנימין מוספיא אין „מוסף הערוך״, איז דאָס גריכישע וואָרט „איינאמעלי״, וואָס איז דער טייטש וויין צונויפגעמישט מיט האָניק. אין מבשלין, מען טאָר ניט קאָכן וויין פון תרומה, ווייל מען מאכט אים ווינציקער. דער ירושלמי ברענגט דארויף צוויי טייטשן. איינער איז, אז ווען מען קאָכט וויין ווערט דער וויין אויסגעקאָכט, און ער ווערט ווינציקער. דער צווייטער טייטש איז, אז עס ווערט ווינציקער די צאָל מענטשן, וואָס טרינקען דעם וויין, מחמת ניט אלע טרינקען געקאָכטן וויין. ר׳ יהודה איז מתיר (צו קאָכן תרומה־וויין), ווייל מען מאכט אים בעסער. דער ירושלמי פרעגט, אז דאָס איז דאָך א סתירה צו דער משנה פריער פרק ב׳ משנה ו׳ וועגן דין ניט אָפּצושיידן פון ערגערן וויין אויף בעסערן; און ער ענטפערט, אז אויב דער כהן קאָכט דעם וויין איז עס באקוועמער פאר אים, ווייל ער האלט זיך לענגער; אָבער ווען דער בעל הבית קאָכט דעם וויין איז עס ערגער, ווייל דער גיט־געקאָכטער איז בעסער.

ב. האָניק פון טייטלען (פון תרומה), אָדער וויין פון עפּל (פון תרומה), אָדער עסיק פון ווינטער־וויינטרויבן (פון תרומה), און אלע אנדערע זאפטן פון תרומה־פרוכטן, איז ר׳ אליעזר מחייב (אויב א ישראל טרינקט זיי בשוגג) צו באצאָלן דעם קרן און דאָס פיפטל (חומש). ווי מיר האָבן געלערנט אין פרק ו׳ משנה א׳, אויב א ישראל עסט תרומה בשוגג דארף ער באצאָלן (מיט תבואה אָדער פרוכטן) דעם כהן וויפיל די תרומה באטרעפט, און אויך צוגעבן א פיפטל, חומש (אייגנטליך א פערטל). זאָגט ר׳ אליעזר, אז מען דארף באצאָלן דעם קרן און דעם חומש ניט נור ווען מען עסט תרומה־פרוכטן, נאָר אויך ווען מען טרינקט דעם זאפט פון די תרומה־פרוכטן. אז וויין און אייל זענען ריכטיקע תרומה, איז א בפירושער פסוק אין חומש במדבר י״ח „כל חלב יצהר וכל חלב תירוש״; „יצהר״ איז אייל און „תירוש״ איז וויין. נאָר וועגן אנדערע פרוכט־זאפטן האָט ר׳ אליעזר געדארפט זאָגן דעם דין, אז ווען א ישראל טרינקט זיי דארף ער באצאָלן דעם קרן און חומש. ור׳ יהושע, און ר׳ יהושע פטר׳ט. ווען א ישראל טרינקט זאפט פון תרומה־פרוכטן דארף ער ניט באצאָלן דעם חומש. אָבער דעם קרן האלט אויך ר׳ יהושע, אז ער דארף באצאָלן, מחמת ער האָט דאָך צוגענומען ביים כהן א זאך, וואָס געהערט צום כהן. דאָס זעלבע האלט ר׳ יהושע, אז לכתחילה טאָר אַ ישראל

**מטמא משום משקה. אָמר ר׳ יהושע, לא מנו חכמים שבעה משקין כמוני פטמים, אלא אָמרו, שבעה משקין טמאים, ושאָר כל המשקין טהורים.**

**ג. אין עושין תְמרים דבש, ולא תפוחים יין, ולא סתוניות חומץ. ושאָר כל הפירות אין משנין אותם מבריתן בתרומה ובמעשר שני, אלא זיתים וענבים בלבד. אין סופגין ארבעים משום ערלה אלא על היוצא**

ניט טרינקן אויך זאפטן פון תרומה־פרוכטן. וואָס נוגע ווייַן און אייל האלט אויך ר׳ יהושע, אז מען דארף באצאָלן דעם חומש, ווי מיר האָבן פריער געזאָגט. ור׳ אליעזר, און ר׳ אליעזר זאָגט, אז (די דערמאָנטע זאפטן פון פרוכטן, ניט דוקא תרומה) ווערן טמא אלס משקה. ר׳ אליעזר האלט, אז אלע פרוכטן־זאפטן האָבן דעם דין פון משקה, פון געטראַנקן, אזוי אז ווען א טמא־זאך רירט זיי אָן ווערן זיי טמא, און ווען זיי, די פרוכטן־זאפטן, זענען טמא און זיי רירן אָן עסנווארג ווערט אויך דאָס עסנווארג טמא; און ווען זיי, די פרוכטן־זאפטן, ניט זייענדיק טמא, רירן אָן עסנווארג זענען זיי „מכשיר״, מאכן זיי פּיאיק די עסנווארג, אז ווען א טמא־זאך וועט זיי אָנרירן זאָלן זיי ווערן טמא. דער דין איז, אז עסנווארג קאָן ניט ווערן טמא סיידן זיי האָבן פריער אָנגערירט א משקה, א פליסיקייט־געטראַנק, ווי וואסער, וויין וכדומה. זאָגט ר׳ אליעזר, אז אויך פרוכטן־זאפטן האָבן דעם דין פון משקה, סיי בנוגע אליין טמא ווערן, סיי בנוגע מטמא זיין אנדערע און סיי מכשיר צו זיין עסנווארג. אָמר ר׳ יהושע, האָט ר׳ יהושע געזאָגט: די חכמים האָבן אויסגערעכנט זיבן משקאות (געטראַנקן), ניט ווי דער בשמים־הענדלער רעכנט אויס זיינע בשמים (און ער רעכנט ניט אויס פינקטלעך), נאָר זיי, די חכמים האָבן געזאָגט, אז „זיבן משקאות זענען טמא״, אָבער אלע אנדערע משקאות זענען טהור (קאָנען ניט ווערן טמא). די משנה אין לעצטן פרק פון מסכתא מכשירין רעכנט אויס די זיבן משקאות: „וואסער, טוי, וויין, אייל, בינען־האָניק, מילך און בלוט״. זאָגט ר׳ יהושע, אז די חכמים האָבן אויסגערעכנט אין דער משנה פינקטליך, אז נור די דאָזיקע 7 משקאות. אָבער אלע אנדערע געטראַנקן, פרוכטן־זאפטן, זענען ניט קיין משקאות און קאָנען ניט טמא ווערן, און קאָנען ניט מטמא זיין, און קאָנען ניט מכשיר זיין.

ג. אין עושין, מען טאָר ניט מאכן פון טייטלן האָניק, און פון עפּל טאָר מען ניט מאכן עפּל־וויין, און פון ווינטער־ווייַנטרויבן טאָר מען ניט מאכן עסיק, און אנדערע פרוכטן טאָר מען ניט מאכן אנדערש ווי זיי זענען באַשאַפן געוואָרן, אויב זיי זענען תרומה אָדער מעשר שני; אָן אויסנאַם זענען נאָר איילבירטן און ווייַנטרויבן אליין. פון תבואה און פרוכטן, וואָס זענען תרומה אָדער מעשר שני, טאָר מען ניט מאכן קיין משקה צו טרינקן, נאָר מען דארף זיי עסן. אָבער מען מעג מאכן פון איילבירטן אייל און פון ווייַנטרויבן וויין, ווייל זיי ווערן בפירוש דערמאָנט אין חומש אלס תרומה (במדבר י״ח) ווי מיר האָבן געגעבן אין דער פריערדיקער משנה. אין סופגין, עס קומט ניט קיין מלקות פאַר טרינקן זאפט פון ערלה־פרוכטן, חוץ פון דעם זאפט, וועלכער גייט ארויס פון איילבירטן און ווייַנטרויבן אליין. ווען מען פלאַנצט א בוים זענען די פרוכטן וואָס וואקסן די ערשטע דריי יאָר ערלה, און מען טאָר זיי ניט עסן, און ווער עס עסט זיי קומט אים מלקות, 39 קלעפּ, ווייל ער האָט עובר געווען אויף א פאַרבאָט פון דער תורה. קריגן מלקות הייסט „סופג ארבעים״, „אריינזאפּן פירציג״, מחמת אין חומש דברים כ״ה איז פאַראַן אז מען זאָל שלאָגן „ארבעים״, פירציג קלעפּ. די חכמים האָבן געלערנט, אז דאָס מיינט מען נור 39 קלעפּ. זאָגט די משנה, אז דאָס איז נור ווען מען עסט די פרוכטן פון ערלה, אָבער אויב מען טרינקט דעם זאפט פון ערלה־פרוכטן קריגט מען ניט קיין מלקות־קלעפּ, מיט׳ן אויסנאַם פון אייל פון ערלה־איילבירטן און וויין פון ערלה־ווייַנטרויבן, וואָס אויב מען טרינקט זיי קומט יאָ מלקות. ואין מביאין, און מען טאָרניט ברענגן קיינע פרוכטן־זאפטן (משקים) אלס ביכורים

**מן הזיתים ומן הענבים, ואין מביאין בכורים משקין אלא היוצא מן הזיתים ומן הענבים, ואינו מטמא משום משקה אלא היוצא מן הזיתים ומן הענבים, ואין מקריבין על גבי המזבח אלא היוצא מן הזיתים ומן הענבים.**

**ד. עוקצי תאינים וגרוגרות והכליסים והחרובין של תרומה, אסורים לזרים.**

**ה. גרעיני תרומה, בזמן שהוא מכנסן אסורות, ואם השליכן מותרות. וכן עצמות הקדשים בזמן שהוא מכנסן אסורין, ואם השליכן מותרין.**

---

נאָר די זאפטן פון איילבירטן און ווײנטרויבן אליין. **דער דין איז, אז געוויסע ערשטע תבואות און פרוכטן, וואָס ווערן אמפריעסטן צײטיק, דארף מען ברענגען אין בית המקדש און זיי געבן צו די כהנים; דאָס הייסט „ביכורים". זאָגט די משנה, אז מען מוז ברענגען נור די תבואות און פרוכטן זעלבסט, און ניט זייערע זאפטן; אן אויסנאם זענען אייל פון איילבירטן און וויין פון ווײנטרויבן, וואָס מען מעג יאָ ברענגען אלס ביכורים.** ואינו מטמא, און עס ווערט ניט טמא אלס משקה קיין געטראנק (פון פרוכטן), נאָר דער זאפט וואָס גייט ארויס פון איילבירטן און ווײנטרויבן אליין. **דעם דין האָבן מיר שוין געהאַט פריער אין משנה ב'; עס זײנען פאראן נאָך אנדערע געטראנקען וואָס ווערן טמא אלס משקה, ווי וואסער, מילך, בינען־האָניק, טוי, בלוט; אָבער געטראנקען פון פרוכטן ווערן ניט טמא אלס משקה, חוץ פון איילבירטן און פון ווײנטרויבן.** ואין מקריבין, און מען איז ניט מקריב אויפן מזבח (אין בית המקדש) קיינע אנדערע געטראנקען (פון פרוכטן) נאָר וואָס גייט ארויס פון איילבירטן און פון ווײנטרויבן אליין. **עס זענען פאראן נאָך אנדערע פליסיקייטן, משקאות, וואָס מען איז מקריב אויפן מזבח, ווי וואסער אום סוכות (ניסוך המים), דאָס בלוט פון קרבנות. אָבער געטראנקען פון פרוכטן איז מען מקריב אויפן מזבח נור אייל און וויין; אייל צו מנחות (קרבנות פון מעל) און וויין אלס נסכים, וואָס מען גיסט אויפן מזבח.**

ד. עוקצי, די דינע שטענגלעך פון פייגן און פון דארע פייגן, והכליסים, און פון זיסהאָלץ־פרוכטן, והחרובין, און פון באָקסער, פון תרומה זענען אסור צו זרים (א ישראל טאָר ניט עסן). **„עוקץ" הייסט דאָס דינע שטענגעלע, מיט וועלכן די פרוכט איז צו באהאַפטן צום צווייג, און ווען מען רייסט אָפּ די פרוכט, בלייבט דאָס דינע שטענגעלע צוזאמען מיט דער פרוכט, און טייל מענטשן עסן עס. זאָגט די משנה, אז כאָטש דער „עוקץ" איז דאָך ניט קיין טייל פון דער פרוכט, נאָר א שטיקעל האָלץ, פונדעסטוועגן טאָר א ישראל דאָס ניט עסן אויב די פייגן אָדער די דארע פייגן, אָדער די זיס־האָלץ־פרוכטן אָדער די באָקסערן זענען פון תרומה.**

ה. גרעיני תרומה, די קערנדלעך פון פרוכטן פון תרומה, אויב ער (דער כהן) זאמלט זיי (ווארפט זיי ניט אוועק נאָכן עסן די פרוכטן) זענען זיי אסור (טאָר זיי א ישראל ניט עסן), און אויב ער האָט זיי אוועקגעוואָרפן זענען זיי מותר (מעג זיי א ישראל עסן). **מיט „גרעינין", „קערנדלעך", מיינט מען דאָ די ווייכע קערנדלעך פון עפל און בארנעס און אנדערע אזעלכע פרוכטן, וואָס טייל מענטשן עסן זיי און טייל ווארפן זיי אוועק. אויב דער כהן האָט זיי ניט אוועקגעוואָרפן, האָבן זיי נאָך די חשיבות פון תרומה, און א ישראל טאָר זיי ניט עסן. אָבער אויב דער כהן האָט זיי אוועקגעוואָרפן, האָבן זיי פארלוירן די חשיבות פון תרומה, און א ישראל מעג זיי עסן.** וכן, און דערזעלבער דין איז אויך מיט ביינער פון קדשים (פון אזעלכע קרבנות, וואָס נור א כהן מעג עסן זייער פלייש), אויב (דער כהן) זאמלט זיי (האָט זיי ניט אוועקגעוואָרפן) זענען זיי אסור (טאָר א ישראל זיי ניט עסן), און אויב ער האָט זיי אוועקגעוואָרפן זענען זיי מותר (מעג אויך א ישראל זיי עסן). **דער ברטנורא זאָגט, אז מיט „ביינער" מיינט דאָ די משנה די ווייכע ביינער־טיילן, למשל די שפיצן פליגל פון א עוף**

המורסן מותר. סובין של חדשות אסורות, ושל ישנות מותרות. ונוהג בתרומה כדרך שהוא נוהג בחולין. המסלת קב או קבים לסאה, לא יאבד את השאר, אלא יניחנו במקום המוצנע.

ו. מגורה שפנה ממנה חטי תרומה, אין מחייבין אותו להיות יושב ומלקט אחת אחת, אלא מכבד כדרכו ונותן לתוכה חולין.

ז. וכן חבית של שמן שנשפכה, אין מחייבין אותו להיות יושב

---

וכדומה, וואָס טייל מענטשן עסן זיי יאָ און טייל מענטשן וואַרפן זיי אַוועק. המורסן, די גראָבע קלייען פון תרומה־תבואה זענען מותר (אַ ישראל מעג זיי עסן). ווען מען מאָלט ווייץ אָדער גערשטן קומען אַרויס, אַ חוץ מעל, אויך קלייען, וועלכע באַשטייען פון שאָלעכץ פון די ווייץ־אָדער גערשטן־קערנדלעך. די גראָבע קלייען ווערט כמעט אינגאַנצן ניט גענוצט פאַר מענטשן צום עסן, דעריבער ווערן זיי ניט גערעכנט פאַר אַ טייל פון דער תרומה־תבואה. סובין, די דינע קלייען (פון תרומה־ווייץ), אויב זיי זענען פון נייעם (ווייץ), זענען זיי אסור. אַ ישראל טאָר זיי ניט עסן, מחמת נייער ווייץ ווערט ניט גוט אויסגעמאָלן און דעריבער בלייבט אין די דינע קלייען אַ סך מעל. ושל ישנות, אויב אָבער (די דינע קלייען) זענען פון אַלטן (ווייץ), זענען זיי מותר. אַ ישראל מעג זיי יאָ עסן, ווייל דער אַלטער ווייץ צעמאָלט זיך גוט, און עס בלייבט ניט אין זיי קיין מעל. די מפרשים זאָגן, אַז „נייער" ווייץ הייסט ביז 30 טעג נאָכדעם ווי מען האָט דעם ווייץ אָפּגעשניטן פון פעלד, און „אַלטער" ווייץ הייסט נאָך די 30 טעג. ונוהג, און ביים מאָלן תרומה־תבואה זאָל מען זיך נוהג זיין אַזוי ווי מען איז זיך נוהג ביי חולין־תבואה. די משנה לערנט, אַז מען מעג ביים צעמאָלן תרומה־תבואה מאַכן גוטע מעל און באַזייטיקן דעם קלייען, און עס הייסט ניט, אַז מען האָט קאַליע געמאַכט תרומה־תבואה דאַדורך וואָס מען האָט געמאַכט צו־גוט מעל און באַזייטיקט צו־פיל קלייען; מען דאַרף זיך נוהג זיין אַזוי ווי מען איז זיך נוהג מיט תבואה פון חולין. המסלת, אַז איינער מאַכט פיינע מעל (פון וואָרט „סולת", רייכע, פיינע מעל, און דאָס קומט ניט אַרויס קיין סך פון תבואה), אַ טאָפּ אָדער צוויי טעפּ פון אַ סאה תרומה (אַ סאה תבואה האָט זעקס טעפּ, קבים, און ער ציט־אַרויס ניט מער ווי איין אָדער צוויי טעפּ פיינע מעל פון דעם סאה ווייץ) זאָל ער דאָס איבערגעבליבענע (די פינף אָדער פיר טעפּ קלייען) ניט פאַרניכטן, נאָר ער זאָל זיי אַוועקלייגן אין אַן אָפּגעהיטן אָרט (באַהאַלטן, אָפּגעהיטן, ניט־הפקר). מחמת ווען מען נעמט אַרויס אַזוי ווייניג מעל פון אַזאַ סכום תבואה, איז דאָס איבערגעבליבענע ניט קיין קלייען, נאָר אַ עסנוואַרג פאַר מענטשן, און דעריבער טאָר מען עס ניט פאַרניכטן, ווייל עס האָט יאָ געוויסע חשיבות פון תרומה.

ו. מגורה, אַמאַגאַזין (שפּייכלער) פון תבואה, פון וועלכן איינער האָט אַרויסגע־רומט ווייץ פון תרומה, (עס איז אין שפּייכלער געווען ווייץ פון תרומה און מען האָט דעם ווייץ צוגענומען פון דאָרט) צווינגט מען אים ניט, אַז ער זאָל זיצן (אין שפּייכ־לער) און אויסקלייבן פון דאָרט יעדעס ווייץ־קערנדל, נאָר ער קערט אויס ווי געוויינט־ליך, און דערנאָך מעג ער אַריינלייגן אין שפּייכלער חולין־תבואה. דאָס הייסט, אַז אויב עס זענען דאָרט פאַרבליבן עטלאַכע קערנדלעך פון דעם תרומה־ווייץ, שאַדט ניט, ווייל זיי ווערן בטל, און ער האָט דאָך ניט מכוון געווען דערצו. מען דאַרף נור אויס־רוימען דעם שפּייכלער, ווי מען רוימט אויס געוויינטליך אַ שפּייכלער פון חולין־תבואה. „מכבד" הייסט „אויסרוימען", „אויסקערן".

ז. וכן, און דאָס זעלבע איז אויך, אַז איינער האָט אַ פאַס פון אייל (פון תרומה) און דער אייל איז אַרויסגעגאָסן געוואָרן (פון פאַס), צווינגט מען אים ניט, אַז ער זאָל זיצן און אויסווישן פון פאַס יעדן טראָפּן, נאָר ער דאַרף זיך נוהג זיין ווי ער איז זיך נוהג מיט חולין־אייל. עס איז, הייסט עס, גענוג ווען ער גיסט אַרויס פון פאַס דעם

ומטפח, אלא נוהג בה כדרך שנוהג בחולין.

ח. המערה מכד לכד ונוטף שלש טפים, נותן לתוכה חולין. הרכינה ומצה הרי זו תרומה. וכמה תהא בתרומת מעשר של דמאי ויוליכנה לכהן? אחד משמונה לשמינית.

ט. כרשיני תרומה, מאכילין אותם לבהמה ולחיה ולתרנגולים. ישראל ששכר פרה מכהן מאכילה כרשיני תרומה; וכהן ששכר פרה

---

תרומה־אייל, אזוי ווי ער פירט זיך ווען ער גיסט ארויס פון פאס חולין־אייל, און דער־נאָך מעג ער שוין אריינגיסן אין פאס חולין־אייל, און אויב עס איז געבליבן פון פריער עטליכע טראָפּנס תרומה־אייל שאדט ניט. „מטפח" איז דער טייטש „אויסווישן"; לויט טייל מפרשים שטאמט עס פון „טפח", „האנט", אויסווישן מיט דער האנט; און לויט אנדערע מפרשים שטאמט עס פון וואָרט „מטפחת" א „טוך", אויס־ווישן מיט א טוך.

ח. המערה, אז איינער גיסט־איבער (ווין אָדער אייל פון תרומה) פון איין קריג אין אן אנדער קריג, און ער טריפּט־אָפּ דריי טראָפּנס (נאָכדעם ווי ער האָט איבער־געגאָסן, נייגט ער אויס די קרוג, און עס רינען נאָך אראָפּ דריי טראָפּנס), מעג ער אריינגיסן אין דעם קרוג חולין (ווין אָדער אייל). ער דארף ניט אויסווישן די קרוג. הרכינה ומיצה, אויב נאָכדעם (ווי ער האָט איבערגעגאָסן דעם תרומה־ווין צי דעם אייל און ער האָט שוין געהאט אויסגענייגט די דריי טראָפּנס) האָט ער ווידעראמאָל אויסגעבויגן די קרוג און ער האָט ארויסגעצויגן (נאָך טראָפּנס ווין צי אייל), איז עס תרומה. עס הייסט ניט, אז דאָס איבערגעבליבענע איז שוין ניט קיין תרומה; עס איז יאָ תרומה, נאָר מען צווינגט ניט דעם בעל הבית פון דער קרוג מער ארויסצוציען. אָבער אויב ער האָט יאָ ארויסגעצויגען נאָך טראָפּנס האָבן זיי דעם דין פון תרומה. וכמה, און וויפיל דארף זיין אין תרומת מעשר פון דמאי און מען זאָל עס דארפן פירן צום כהן? אן אכטל פון א אכטל. ווי מיר האָבן געגעבן אין דער הקדמה צו מסכת דמאי הייסט דמאי תבואה צי פרוכטן, וואָס מען קויפט ביי א עם הארץ און מען איז ניט זי־כער, צי מען האָט שוין אָפּגעשיידט דערפון מעשר; דעריבער איז מען מחויב אָפּ־צושיידן פון דמאי מעשר און פון דעם מעשר דארף מען אפשיידן א צענטל אלס תרומת מעשר און עס געבן דעם כהן. ווען די דאָזיקע תרומת מעשר וואָלט געווען זיכערע תרומת מעשר (ודאי, זיכערע) דארף מען עס באהאלטן פאר דעם כהן אפילו ווען עס איז פאראן נאָר דאָס קלענסטע ביסל. אָבער ווייל עס איז דמאי, נור א ספק, דעריבער איז מען מחויב עס צו באהאלטן און צו געפינען דערפאר דעם כהן נור ווען עס איז פאראן מינדעסטנס אן אכטל פון אן אכטל, דאָס הייסט א 64טל פון א קוואָרט (לוג); אויב עס איז ווינציקער דערפון דארף מען ניט. דער ירושלמי זאָגט, אז דאָס איז נור ווען די תרומת מעשר איז טמא, און פון אייל פון טמא'דיקער תרומה האָט דער כהן א קליינעם נוצן; ער קאָן מיט אים נאָר באלייכטן. אָבער אויב די תרומת מעשר איז טהור מוז מען אפילו דאָס קלענסטע ביסל אָפּהיטן און באהאלטן פאר דעם כהן.

ט. כרשיני תרומה, וויקע פון תרומה מעג מען געבן צו עסן צו א בהמה, און צו א חיה און צו הינער. וויקע (אין ענגליש „וועטש") איז א געוויקס, וואָס מייסטנס עסן עס בהמות; אָבער ווייל בשעת הדחק ווערט עס געגעסן אויך דורך מענטשן, דארף מען אפּשיידן דערפון תרומה און מעשרות. זאָגט די משנה, אז ווייל דער עיקר ווערט וויקע געגעסן דורך בהמות, מעג מען תרומה־וויקע געבן צו עסן צו בהמות, חיות און הינער; אויב אָבער דער עיקר עסן פון א געוויקס איז דורך מענטשן, טאָר מען תרומה פון דעם דאָזיקן געוויקס ניט געבן צו עסן צו בהמות. ישראל ששכר, אז א ישראל האָט געדינגען א קי פון א כהן, מעג ער איר געבן צו עסן תרומה־וויקע, דער דין איז, אז תרומה מעג מען געבן צו עסן נור א כהן'ס א קי, ווייל אין חומש ויקרא כ"ב איז פא־

מישראל, אף על פי שמזונותיה עליו, לא יאכילנה כרשיני תרומה. ישראל ששם פרה מכהן לא יאכילנה כרשיני תרומה; וכהן ששם פרה מישראל מאכילה כרשיני תרומה.

י. מדליקין שמן שריפה בבתי כנסיות ובבתי מדרשות ובמבואות האפלין ועל גבי החולים ברשות כהן. בת ישראל שנשאת לכהן והיא למודה (לבא) אצל אביה, אָביהָ מדליק ברשותה. מדליקין בבית המשתה,

---

ראן „נפש קנין כספו", מיינט מען יעדן נפש פון כהן, אפילו א בהמה; אָבער ניט א ישראל'ס קי; און ווייל די קי איז דאָך דעם כהן'ס, און דער ישראל האָט דאָך זי נור געדינגען, מעג ער איר געבן צו עסן תרומה־וויקע.וכהן ששכר, אָבער אז א כהן האָט געדינגען א קי פון א ישראל, כאָטש ער דאַרף דער קי געבן צו עסן, טאָר ער איר ניט געבן צו עסן תרומה־וויקע. כאָטש די קי איז איצט אין כהן'ס רשות, אָבער זי געהערט צום ישראל. ישראל ששם, אז א ישראל האָט גענומען אין אָפּשאַצונג („שם", „שומא, אָפּשאַצן) א קי פון א כהן, טאָר ער איר ניט געבן צו עסן תרומה־וויקע. „נעמען אין אָפּשאַצונג" הייסט, אז דער ישראל נעמט די קי פון כהן, און מען שאַצט איר אָפּ, אז זי וועגט איצט למשל 300 פונט, און דער ישראל גיט איר צו עסן, און גאַראַנטירט פאַר די 300 פונט, און נאָך א געוויסער צייט, זעט מען וויפיל דער קי איז צוגעקומען וואָג, צוטיילט זיך דער ישראל און דער כהן מיטן צו־וואוקס. זאָגט די משנה, אז ווייל דער ישראל האָט גענומען אויף זיך די פאַראַנטוואָרטליכקייט, אז די איצטיקע וואָג פון דער קי, די 300 פונט, מוז ער זיכער צושטעלן דעם כהן, הייסט עס ווי די קי איז דעם ישראל'ס און ער טאָר דעריבער ניט געבן איר צו עסן תרומה־וויקע. וכהן ששם, אָבער אז א כהן האָט גענומען פון א ישראל אין אָפּשאַצונג א קי, מעג ער איר געבן צו עסן תרומה־וויקע. דאָס איז צוליב דעמזעלבן טעם וואָס פריער; מחמת קוים האָט דער כהן גאַראַנטירט דעם ישראל די איצטיקע וואָג פון דער קי, הייסט עס, אז די קי איז דעם כהן'ס.

י. מדליקין, מען מעג אָנצינדן „ברען־אייל" (שמן שריפה, דאָס הייסט אייל פון תרומה, וואָס איז טמא געוואָרן און דער כהן מעג עס פאַרנוצן דורך פאַרברענען דעם אייל צום באַלייכטן) אין שולן (בתי כניסיות) און בתי מדרשים, און אין טונקעלע געסלעך, און ביי קראַנקע מיט דעם רשות פון א כהן. די משנה לערנט דאָ, אז כאָטש ברענען טמא־תרומה־אייל, מעג דאָך נור א כהן, פונדעסטוועגן מעג מען אָנצינדן טמא־תרומה־אייל אויך אין עפּענטליכע ערטער, וואו עס זענען פאַראַן אויך כהנים, און עס מעגן געניסן דערפון אויך ישראלים. און די משנה רעכנט אויס די ערטער: שולן, בתי מדרשים, טונקעלע גאַסן. די משנה גיט צו, אז אויך ביי א קראַנקן א ישראל מעג מען אָנצינדן טמא־תרומה־אייל, אויב דאָס קומט פאַר מיטן רשות פון א כהן. דער רמבם טייטשט „ברשות", „מיטן רשות", מיט ־ער דערלויבניש, דאָס הייסט, אויב א כהן דערלויבט אָנצוצינדן. דער ברטנורא זאָגט, אז „ברשות" מיינט, אז דער כהן איז פאַראַן ביים קראַנקן. דער ירושלמי זאָגט, אז וואָס נוגע די עפּענטליכע ערטער דאַרף מען ניט האָבן דעם רשות פון כהן. בת ישראל, אז א טאָכטער פון א ישראל האָט חתונה געהאַט צו א כהן (און דאַדורך ווערט זי ווי א כהן און מעג עסן תרומה), און זי איז געוואוינט צו קומען צו איר פאָטער, מעג דער פאָטער (דער ישראל) אָנצינדן טמא־תרומה־אייל מיט איר רשות. אויך דאָ טייטשט דער ברטנורא, אז דאָס איז נור דעמאָלס ווען די טאָכטער געפינט זיך ביים פאָטער. מדליקין, מען מעג אָנצינדן (טמא־תרומה־אייל) אין א חתונה־הויז, אָבער ניט אין א הויז פון אן אבל. אזוי זאָגט ר' יהודה. ווייל אין א חתונה־הויז איז ניט דער שטייגער, אז מען זאָל איבערטראָגן די לאָמפּ פון איין צימער אין צווייטן, מחמת די מענטשן זענען אָנגעטאָן אין שיינע מלבושים, און זיי האָבן מורא, אז דער אייל פון לאָמפּ זאָל ניט באַפלעקן די

**אבל לא בבית האבל, דברי ר׳ יהודה. ור׳ יוסי אומר, בבית האבל, אבל לא בבית המשתה. ר׳ מאיר אוסר כאן וכאן. ר׳ שמעון מתיר כאן כאן.**

**מלבושים. דעריבער איז ניט מורא צו האָבן טאָמער וועט מען איבערטראָגן די לאָמפּ מיט דעם ברענענדעם טמא־תרומה־אייל פון צימער, וואו עס איז פאראן א כהן, אין א צימער, וואו דער כהן איז ניטאָ, אָבער אין דעם הויז פון אן אבל איז יאָ מורא צו צו האָבן טאָמער וועט מען איבערטראָגן די לאָמפּ.** ור׳ יוסי, און ר׳ יוסי זאָגט, אז אין הויז פון אן אבל מעג מען אנצינדן און אין א הויז פון א חתונה טאָר מען ניט. **ר׳ יוסי האלט, אז גראד אין הויז פון אן אבל, וואו עס הערשט טרויער, האָט מען ניט דעם געדולד איבערצוטראָגן לאָמפּן און צו מאכן ליכטיק אומעטום; דאקייגן אין הויז פון א חתונה איז מען זיך יאָ נוהג איבערצוטראָגן לאָמפּן פון איין צימער אין צווייטן.** ר׳ מאיר אסר׳ט סיי דאָ און סיי דאָרט. **ר׳ מאיר האלט, אז סיי ביי אן אבל, סיי אין א חתונה־הויז, טראָגט מען איבער די לאָמפּ.** ר׳ שמעון איז מתיר סיי דאָ און סיי דאָרט. **ר׳ שמעון האלט, אז אין א חתונה־הויז טראָגט מען ניט איבער, ווייל מען האָט מורא פאר באפלעקן די שיינע מלבושים, און אין דעם הויז פון אן אבל טראָגט מען ניט איבער די לאָמפּ, ווייל מען איז אין טרויער און מען האָט ניט אינזינען צו מאכן אומעטום ליכטיק.**

סליק מסכת תרומות — געענדיקט מסכת תרומות

## מסכת מעשרות

# הקדמה

**מיר האָבן שוין געשריבן אין דער הקדמה צו מסכת דמאי און מסכת תרומות, אז נאָכדעם ווי דער בעל הבית שיידט־אָפּ פון זיינע תבואות און פרוכטן און גרינסן תרומה, דארף ער אָפּשיידן מעשרות. איידער ער שיידט אָפּ די דאָזיקע מעשרות טאָר ער די** תבואה און פרוכטן און גרינס ניט עסן. די משנה אין מסכת מעשרות (זי הייסט מעשרות אין לשון רבים, ווייל מען דארף אפשיידן עטליכע) לערנט די דאָזיקע דינים:

**א.** ניט פון אלע געוויקסן דארף מען אפשיידן תרומה און מעשרות; (בכלל, אין גרעסטן טייל ערטער וואו די משנה רעדט וועגן חיוב פון מעשרות מיינט זי תרומה און מעשרות). למשל פון געוויקסן, וואָס זענען ניט צום עסן, נאָר מען מאכט פון זיי פארב, **דארף מען קיין תרומה און מעשר ניט געבן.**

**ב.** אויב תבואה, פרוכטן, גרינס זענען נאָכניט צייטיק, נאָכניט אויפגעוואקסן, מעג מען זיי עסן א פולשטענדיק עסן, אכילת קבע, אפילו ווען מען האָט נאָכניט אָפּגע־שיידט פון זיי תרומה און מעשרות. די משנה וועט אונז לערנען וועגן די צייטן פון די תבואות און פרוכטן און גרינסן, ווען הייסט, אז זיי זענען שוין צייטיק און זיי האָבן שוין דערגרייכט די „עונת המעשרות״, די צייט („עונה״, צייט, סעזאָן), ווען מען טאָרניט עסן פון זיי „אכילת קבע״, א פולשטענדיק עסן, איידער מען האָט אָפּגעשיידט פון זיי תרומה און מעשרות.

**ג.** נאָכדעם ווי די תבואות און פרוכטן און גרינסן זענען שוין צייטיק און מען האָט זיי שוין אָפּגעשניטן פון פעלד און פון דיביימער און פון גאָרטן, און מען טאָר זיי שוין ניט עסן א פולשטענדיקן עסן, איז דער דין, אז מען מעג עסן פון זיי א „אכילת עראי״, עפּיס, אפילו ווען מען האָט נאָכניט אָפּגעשיידט פון זיי תרומה און מעשרות. אָבער דאָס מעג מען נור אזוי לאנג, ווי מען דארף נאָך ארבייטן ביי די תבואות, פרוכטן און גרינסן; מען דארף זיי אָפּריייניגן, פּאקן אין קוישן וכדומה, דאָס הייסט אזוי לאנג ווי מען האָט נאָכניט געענדיקט ארום זיי די ארבייט, עס איז נאָכניט געוועזן „גמר מלאכתם״, די ענדע פון דער „ארבייט״ ארום זיי. די משנה רופט עס אויך אָן דער „גרנן למעשרות״, פון וואָרט „גורן״, „שייער״; עס הייסט: ווען זיי זענען שוין

# מסכת מעשרות
## פרק א.

**א. כלל אָמרו במעשרות: כל שהוא אוכל, ונשמר, וגידולו מן הארץ, חייב במעשרות. ועוד כלל אחד אָמרו, כל שתחלתו אוכל וסופו אוכל,**

---

פארטיק איינגאנצן. די משנה וועט אונז לערנען, ווען הייסט די דאָזיקע „גמר מלאכתם", די „גרנן" פון תבואות און פארשידענע פרוכטן און גרינסן.

ד. נאָכדעם ווי מען האָט שוין „פארענדיקט די ארבייט" טאָר מען שוין ניט עסן אומגע'מעשר'ט אפילו אן אכילת עראי, עפיס. אָבער דאָס איז נור ווען מען באַשטימט צו פארקויפן אין גאס די תבואות און ירקות און פרוכטן. אויב אָבער דער בעל הבית רעכנט צו נעמען זיי צו זיך אין הויז, מעג ער נאָך עסן פון זיי, אומגע'מעשר'ט, א אכילת עראי, אזוי לאַנג ווי ער האָט זיי נאָכניט אוועקגעפירט צו זיך אין הויז. די משנה וועט אונז לערנען, אז „אוועקפירן אין הויז" מיינט מען, אז מען מוז עס אדורכפירן דורך א טויער אריין אין הויף פון בעל הבית, און אז ווען די תבואה און פרוכטן און גרינסן קומען נור אריין אין הויף, אין „חצר", טאָר מען פון זיי שוין גאָרניט פארזוכן, אפילו אן אכילת עראַי, אומגע'מעשר'ט. די משנה וועט לערנען, אז ניט נור ווען מען ברענגט די אַלע געוויקסן אין „הויף", אין חצר, נאָר אפילו ווען עס זענען פאָרגעקומען טייל אנדערע זאכן טאָר מען מער ניט עסן אפילו א אכילת עראַי, עפיס אומגע'מעשר'ט. די דאָזיקע זאכן זענען: אויב מען קויפט („מקח", קויפן) אין גאס תבואה, פרוכטן, גרינס, אפילו מען האָט זיי נאָכניט אהיימגעפירט; אָדער עס איז געוואָרן שבת; אָדער מען האָט געקאָכט, אָדער איינגעלייגט, אָדער געזאַלצן; אָדער מען האָט נור אָפגעשיידט תרומה. אין איינעם פון די אלע פאלן טאָר מען שוין פון דער תבואה פרוכטן און גרינס ניט עסן אפילו אן אכילת עראי אומגעמעשרט.

אין דער משנה מסכת מעשרות וועלן מיר געפינען די פרטים וועגן די אלע דערמאָנטע דינים.

## פרק א.

א. כלל, א כלל האָבן זיי (די חכמים) געזאָגט וועגן מעשרות. **די חכמים האָבן געגעבן א כלל, כדי מען זאָל לויט אים וויסן, פון וועלכע געוויקסן מען דארף יאָ אָפּשיידן מעשרות** (און מיט „מעשרות" מיינט מען אויך תרומה) **און פון וועלכע מען דארף ניט. און דער כלל איז אזוי:** כל שהוא, אלץ וואָס איז א עסנווארג, און ווערט אָפּגעהיטן און וואקסט פון דער ערד, איז מען מחויב צו געבן דערפון מעשרות. **די גמרא אין שבת ס"ח דערקלערט די דאָזיקע משנה, און זאָגט: מיט „עסנווארג" מיינט מען נור אזעלכע געוויקסן וועלכע מענטשן עסן; אָבער אזעלכע געוויקסן, וואָס געוויינטליך עסט מען זיי ניט, נאָר מען באַנוצט זיי צו באקומען פון זיי פארבן אָדער אנדערן נוצן, דארף מען זיי ניט מעשרן; מיט „אָפּגעהיטן" („נשמר") מיינט מען, אז פון הפקר דארף מען ניט אפשיידן קיין מעשרות; מיט „וואקסט פון דער ערד" מיינט מען, אז שוואמען, כאָטש זיי זענען באהאַפטן צו דער ערד אָבער ווייל זיי וואקסן פון דער לופט, דארף מען ניט מעשרן.** ועוד כלל, און נאָך אן אנדערן כלל האָבן זיי (די חכמים) געזאָגט: יעדעס געוויקס, וואָס מען קאָן עסן אין אָנהייב (פון זייער וואקסן) און צום סוף (פון זייער וואקסן), כאָטש מען האלט עס (באהאַפטן צו דער ערד) כדי עס זאָל צו־וואקסן מער צום עסן, דארף מען מעשרן קליין און גרויס. **די משנה לערנט דאָ, אז למשל ציבעלעס, באלד ווי די ציבעלע הייבט אָן צו שפּראָצן קאָן מען איר שוין ארויסרייסן און עסן, דאָס הייסט, מען קאָן איר עסן באלד אין אָנהויב פון איר וואקסן, ווען זי איז נאָך קליין. אָבער אויב מען וויל לאָזט מען איר וייטער אין דער ערד און זי וואקסט ביז צום סוף, און עס קומט־צו צו דער ציבעלע מער שטאָף צום עסן; זי ווערט גרויס, און דעמאָלס קאָן מען איר אויך עסן. זאָגט די משנה, אז סיי מען רייסט־**

אף על פי שהוא שומרו להוסיף אוכל, חייב קטן וגדול; וכל שאין תחלתו אוכל, אבל סופו אוכל, אינו חייב עד שיעשה אוכל.

ב. מאימתי הפירות חייבין במעשרות? התנאים משיבחילו, הענבים והאבשים משהבאישו, האוג והתותים משיאדימו. וכל האדומים משיא־דימו, הרימונים משימסו, התמרים משיטילו שאור, האפרסקים משיטילו שאור, האגוזים משיעשו מגורה. ר' יהודה אומר, האגוזים והשקדים משיעשו קליפה.

ג. החרובין משינקדו, וכל השחורים משינקדו. האגסים והקרוס־

---

אויס די ציבעלע, ווען זי איז קליין, און סיי מען רייסט־אויס די ציבעלע, ווען זי איז גרויס, דארף מען אָפּשיידן פון איר מעשר, ווייל מען קאָן זי עסן. וכל שאין, און יעדעס געוויקס וואָס אין אָנהויב (פון זיין וואקסן) קאָן מען עס ניט עסן, אָבער מען קאָן עס עסן צום סוף (פון זיין וואקסן), דארף מען ניט מעשרן נאָר ערשט ווען עס ווערט גוט צום עסן. אביישפּיל צו דער דאָזיקער משנה זענען פרוכטן פוןביימער. באלד אין אָנהויב ווען עס באוויזט זיך די פרוכט, די פייג, צי די טייטל, און זי איז זייער קליין, קאָן מען איר ניט עסן, און מען מוז ווארטן ביז זי וועט ווערן צייטיק, און ערשט דעמאָלס עסן איר מענטשן, דעמאָלס ווערט זי א „עסנווארג", אן „אוכל". דער־ריבער אויב איינער רייסט אראָפּ די פרוכטן ווען זיי זענען נאָך גאָרניט צייטיק, מעג ער זיי דעמאָלס עסן אפילו אן אכילת קבע, וויפיל ער וויל, און ער דארף ניט פון זיי אָפּשיידן קיין מעשרות. די משנה וועט באלד לערנען וועגן טייל פרוכטן און תבואות, ווען הייסט, אז זיי זענען געוואָרן צייטיק, און זאָגט:

ב. מאימתי, פון ווען אָן ווערן פרוכטן מחויב אין מעשרות? דאָס הייסט, ווען הייסן פרוכטן צייטיק, אז מען זאָל זיי שוין ניט טאָרן עסן א אכילת קבע, א פולשטענ־דיקן עסן, אומגע׳מעשר׳ט? התאנים משיבחילו, פייגן, פון זינט זייערע קעפּלעך ווערן ווייס; הענבים והאבשים משהבאישו, ווייַנטרויבן און שלעכטע ווייַנטרויבן (וועלכע הייסן „אבשים"), פון זינט מען זעט ארויס די קערנדלעך דורך דער שאָלעכץ; האוג והתותים משיאדימו, די טרויבן פון סעמאַק־בוים (גארבער־בוים, אוג) און די יאַגדעס פון תות, פון זינט זיי ווערן רויט; וכל האדומים משיאדימו, און אלע רויטע פרוכטן, פון זינט זיי ווערן רויט; הרימונים משימסו, מילגרוימען, פון זינט זיי ווערן זאפטיק (ווייך); התמרים משיטילו שאור, טייטלן, פון זינט עס באוויזן זיך אין זייער הויט שאפּלטן ווי זויער־טייג (שאור, זויער־טייג); האפרסקים משיטילו גידים, פפירזשיכעס, פון זינט עס באוויזן זיך אין זיי ווי אָדערן; האגוזים משיעשו מגורה, ניס, פון זינט די יאָנדרע (די פרוכט אינווייניק) ווערט אינווייניק אָפּגעטיילט פון דער אויבערשטער הארטער שאָל, און עס ווערט ווי א שפּייכלער (מגורה, א שפּייכלער, די יאָנדרע איז אין דער שאָל, ווי תבואה איז א שפּייכלער); ר' יהודה זאָגט, אז ניס און מאנדלען, פון זינט זיי באקומען א שאָל (די אינווייניקסטע ווייכע שאָל אויף דער יאָנדרע). אין דער דאָזיקער משנה ווערן דערמאָנט פרוכטן, וועלכע זענען גוט באקאנט, ווי פייגן, וויינ־טרויבן, מילגרוימען, טייטלען, פפירזשיכעס (פּיטשעס), ניס, מאנדלען. וועגן "אוג" האָבן מיר געשריבן אין פרק א' משנה א' אין דמאי; „תות" זענען אזעלכע רויטע יאַגדעס, וועלכע וואקסן אויףביימלעך און זענען זייער פארשפּרייט אין ארץ ישראל, און מען רופט זיי דאָרט „תות".

ג. החרובין משינקדו, באָקסערס, פון זינט עס באוויזן זיך אויף זיי שווארצע פּינטעלעך (נקודות, פּינטעלעך, משינקדו, ווערן געפּינטלט); וכל השחורים משינקדו, און אלע שווארצע פרוכטן, פון זינט עס באוויזן זיך אויף זיי שווארצע פּינטעלעך; האגסים והקרוסטומלין והפרישין והעוזרדים מישיקרחו, בארנעס (אגסים), און גאָלד־עפּל (קרוסטומלין), און קוויטן־עפּל (פרישין), און מיספּעלן־פרוכטן, פון זינט עס בא־

**טומלין והפרישין והעוזרדים משיקרחו, וכל הלבנים משיקרחו. התלתן משתצמח, התבואה והזיתים משיכניסו שליש.**

**ד. ובירק, הקשואים והדלועים והאבטיחים והמלפפונות, התפוחים והאתרוגין, חייבים גדולים וקטנים. ר׳ שמעון פוטר את האתרוגין בקטנן. החייב בשקדים המרים פטור במתוקים; החייב במתוקים פטור במרים.**

**ה. איזהו גרנן למעשרות? הקשואים והדלועים משיפקסו; ואם אינו**

---

ווייזן זיך ווייסע פלעקן (מישיקרחו, פון „קרח״, גאל, ווייסער פלעק); וכל הלבנים משיקרחו, און אלע ווייסע פרוכטן, פון זינט עס באווייזן זיך ווייסע פלעקן; התלתן משתצמח, גריכישע היי (פענוגריק), פון זינט אז מען פארזייט אים שפראָצט ער אויף; והתבואה והזיתים משיכניסו שליש; און תבואה און איילבירטן, פון זינט זיי ברענגן (ווערן אויפגעוואקסן) א דריטל (פון דער גרויס ווען זיי זענען שוין אינגאנצן צייטיק). **ווענן „קרוסטומלין״ און „פרישין״ און „עוזרדים״ האָבן מיר געשריבן אין פרק א׳ משנה ד׳ פון מסכת כלאים. וועגן „תלתן״ האָבן מיר געשריבן אין מסכת כלאים פרק ב׳ משנה ה׳. אויף די ווערטער פון דער משנה אז ביי איילבירטן „פון זינט זיי ברענגן א דריטל״ (משיכניסו שליש) איז פאראן ביי די מפרשים נאָך א טייטש, אז דאָס מיינט מען, זינט מען קאָן פון זיי ארויסבאקומען אייל א דריטל פון דעם אייל, וואָס זיי געבן ארויס, ווען זיי זענען אינגאנצן צייטיק.**

ד. ובירק, און ביי גרינסן, הקשואים, אוגערקעס, והדלועים, און קירביסן, והאבטיחים, און ארבוזן, והמלפפנות, און זיסע מעלאָנען, התפוחים, עפל, והאתרוגין, אתרוגים, איז מען מחויב (אפצושיידן מעשר) גרויסע און קליינע. **מיר האָבן שוין פריער אין משנה א׳ דערקלערט, אז „קליין״ מיינט מען די פרוכטן ווען זיי הויבן קוים אָן צו וואקסן, און „גרויס״ הייסט ווען זיי זענען שוין אויפגעוואקסן. די משנה לערנט דאָ, אז די אלע גרינסן און אויך עפל און אתרוגים, וואָס זענען דאָ אויסגערעכנט, טאָר מען ניט עסן אומגע׳מעשר׳ט א אכילת קבע, א פולשטענדיק עסן, אפילו ווען מען רייסט זיי אראָפּ קליינערהייט, מחמת עס איז דער שטייגער זיי צו עסן אפילו ווען זיי זענען נאָך גאָרניט צייטיק.** ר׳ שמעון פטר׳ט (פון מעשר) אתרוגים ווען זיי זענען קליין, **ווייל ווען די אתרוגים זענען נאָכניט אויפגעוואקסן קאָן מען זיי ניט עסן.** החייב, ווען מען איז מחויב (אָפּצושיידן מעשר) ביי ביטערע מאנדלען איז מען פטור ביי זיסע מאנדלען, און ווען מען איז מחויב ביי זיסע מאנדלען איז מען פטור ביי ביטערע מאנדלען. **מאנדלען זענען פאראן צוויי סאָרטן: „זיסע״ און „ביטערע״. די זיסע מאנדלען, אז מען רייסט אראָפּ פון בוים קליינערהייט, ווען זיי זענען נאָכניט אויפגעוואקסן, קאָן מען זיי ניט עסן; מען קאָן זיי עסן נור ווען מען רייסט זיי אראָפּ גרויסערהייט, ווען זיי זענען שוין אויפגעוואקסן. מיט ביטערע מאנדלען איז פארקערט; קליינערהייט קאָן מען זיי יאָ עסן, ווייל זיי זענען נאָכניט אזוי ביטער, און גרויסערהייט קאָן מען זיי ניט עסן, ווייל זיי זענען צו־ביטער. זאָגט די משנה, אז ווען מאנדלען זענען קליין זענען זיי מחויב (מען זאָל אפשיידן פון זיי מעשר) ביי ביטערע און פטור ביי זיסע, און ווען זיי זענען גרויס זענען זיי מחויב ביי זיסע און פטור ביי ביטערע.**

ה. איזהו גרנן, פון ווען איז זייער (פון גרינסן און תבואות און פרוכטן) „שייער״ צו מעשרות? **מיר האָבן שוין געשריבן אין דער הקדמה צו מסכת מעשרות, אז נאָכדעם ווי די תבואות און פרוכטן און גרינסן זענען שוין צייטיק און מען טאָר זיי מער ניט עסן אָן „אכילת קבע״, א פולשטענדיק עסן, אומגע׳מעשר׳ט, מעג מען אָבער עסן פון זיי אומגעמעשר׳ט א „אכילת עראי״, ניט קיין פולשטענדיק עסן; אָבער דאָס מעג מען נור אזוי לאנג, ווי מען האָט ניט פארענדיקט די ארבייט ארום די תבואות, גרינסן און פרוכטן. אָבער אויב מען האָט שוין פארענדיקט די ארבייט, און מען האָט**

**מפקס משיעמיד ערימה. אבטיח משישלק. ואם אינו משלק, עד שיעשה מוקצה. ירק הנאגד, משיאגד; אם אינו אוגד, עד שימלא את הכלי; ואם אינו ממלא את הכלי, עד שילקוט כל צרכו. כלכלה, עד שיחפה; ואם אינו מחפה, עד שימלא את הכלי; ואם אינו ממלא את הכלי, עד שילקוט**

---

זיי שוין צוגעגרייט צום פארקויפן, טאָר מען ניט עסן אומגע׳מעשר׳ט אפילו אן „אכילת עראַי’’. די דאָזיקע פארענדיגונג פון ארבייט הייסט „גורן’’, „מאכן א שייער’’. די משנה פרעגט דאָ: פון ווען אָן הייסט, אז עס איז שוין פארענדיקט די ארבייט, אז עס איז שוין זייער „גורן’’ בנוגע מעשרות? און די משנה ענטפערט: הקשואים והדלועים משיפקסו, אוגערקעס און קירביסן, ווען מען נעמט אראָפּ פון זיי די הערלעך, „פקס’’ איז פון גריכישן וואָרט „פיקאס’’, די הערלעך; טייל מפרשים טייטשן „משיפקסו’’, פון זינט עס ווערט אראָפּגענומען דאָס בלימעל וואָס איז פאראן אויף זייער שפּיץ. ואם, און אויב מען נעמט ניט אראָפּ די הערלעך (מען איז ניט „מפקס’’), איז (זייער „גורן’’) פון זינט מען לייגט זיי (די אוגערקעס און קירביסן) אָן אין א הויפן (ערימה, הויפן, בערגל). דערמיט האָט מען שוין פארענדיקט די ארבייט ארום זיי און זיי זענען גרייט צום פארקויפן. אבטיח, ארבוז איז (דער „גורן’’ זיינער) פון זינט ער ווערט גרין. אזוי טייטשט דער „ערוך’’ דאָס וואָרט „משישלק’’ אז דאָס איז פון „שלק’’, „אָפּקאָכן’’, פארטיק ווערן, גרין ווערן. אנדערע טייטשן, אז „משישלק’’ ביי ארבוזן איז דאָס זעלבע וואָס מיר האָבן געהאַט פריער „משיפקסו’’ ביי אוגערקעס, אראָפּנעמען די הערלעך אָדער דאָס בלימעל. ואם אינו משלק, און אויב מען וואַרט ניט ביז דער ארבוז ווערט גרין, איז (דער גורן) ווען מען מאכט אים מוקצה. „קצה’’ איז דער טייטש „אויסשפּרייטן’’, „אויסלייגן’’, און אויך דאָס אָרט, וואו מען לייגט־אויס פרוכטן און גרינס, הייסט מוקצה. די משנה זאָגט, אז ביי ארבוזן איז זייער גורן זינט מען לייגט זיי אויס. דאָ אין דער משנה און אויך ווייטער ווערט באנוצט די פארם „עד שיעשה’’ („ביז עס’’) אנשטאט „משיעשה’’ („פון זינט עס’’). אין טייל נוסחאות איז פאראן „משיעשה’’. ירק הנאגד, גרינס, וואָס מען בינדט אין בינטלעך, איז (דער גורן) פון זינט מען בינדט אים אין בינטלעך. מען מעג עסן אן אכילת עראַי אומגעמעשר׳ט פון אלע סאָרטן גרינסן, וועלכע עס איז דער שטייגער צו בינדן אין בינטלעך, איידער מען האָט פון זיי געמאכט די בינטלעך, מחמת ביז דעמאָלס זענען זיי נאָכניט פארטיק געוואָרן צום פארקויפן. אם אינו אוגד, אויב ער בינדט ניט דאָס גרינס, איז (דער גורן) ווען ער פילט־אָן די כלי. ווען ער לייגט אריין דאָס גרינס אין א כלי (א קוישל אָדער אן אנדערע זאך) כדי עס אוועקצופירן אין מארק, טאָר מען שוין דערפון גאָרניט עסן אומגעמעשר׳ט. ואם אינו ממלא, אויב ער פילט ניט אָן די כלי, איז (דער גורן) ווען ער קלייבט־אָן אזוי פיל וויפיל ער דארף. דער ר״ש טייטשט, אז אויב ער האָט ניט אָנגעפילט קיין פולע כלי מיט דעם גרינס, נאָר ער האָט אָנגעקליבן אין דער כלי נאָר אזוי פיל וויפיל ער דארף, טאָר ער שוין ניט עסן אומגע׳מעשר׳ט. אָבער דער ברטנורא טייטשט, אז אויב ער האָט געוואָלט אָנפילן, למשל, דריי כלים, מעג ער עסן אומגעמעשר׳ט אן אכילת עראַי אזוי לאנג ווי ער האָט ניט אָנגעפילט אלע דריי כלים, דאָס הייסט, אלץ וואָס ער דארף. כלכלה, אויב (איינער זאמלט די גרינסן אין) א גרויסן קויש (כלכלה), איז (דער גורן) פון זינט ער דעקט־צו. ביי א גרויסן קויש דארף מען ניט וואַרטן ביז ער פילט אים אָן, נאָר עס איז גענוג ווען ער דעקט־צו די גרינסן אין קויש מיט בלעטער צי מיט אן אנדערער זאך. טייל טייטשן אז ביי „כלכלה’’, קויש, מיינט מען מיט פרוכטן, ניט גרינסן. ואם אינו מחפה, אויב ער דעקט ניט צו, איז (דער גורן) פון זינט ער פילט אָן די כלי (דעם קויש); און אויב ער פילט ניט אָן די כלי, איז פון זינט ער קלייבט אָן אזוי פיל וויפיל ער דארף. דער דין איז דאָ ווי פריער, אין דער משנה, נאָר מיט דעם אונטערשיד, וואָס ביי א גרויסן קויש איז גענוג ווען ער דעקט

כל צרכו. במה דברים אמורים? במוליך לשוק; אבל במוליך לביתו, אוכל מהם עראַי עד שהוא מגיע לביתו.

ו. הפרד והצמוקין והחרובין, משיעמיד ערימה. הבצלים משיפקל; ואם אינו מפקל, משיעמיד ערימה. התבואה משימרח; ואם אינו ממרח, עד שיעמיד ערימה. הקטניות משיכבור; ואם אינו כובר, עד שימרח.

---

צו מיט בלעטער. במה, ווען זענען די ווערטער געזאָגט געוואָרן? ווען טאָר מען ניט עסן אומגע׳מעשר׳ט אפילו אַן אכילת עראַי, אפילו עפּיס, אויב ביי די תבואות און פּרוכטן און גרינסן איז שוין געענדיקט געוואָרן די אַרבייט, לויט ווי די משנה האָט געלערנט, במוליך לשוק, ווען ער פירט צו פאַרקויפן אין מאַרק. נאָר ווען ער האָט באַשטימט די תבואות און פּרוכטן און גרינסן צו פאַרקויפן אין מאַרק, טאָר ער מער גאָר ניט עסן אומגע׳מעשר׳ט. אבל במוליך לביתו, אָבער אויב ער האָט באַשלאָסן צו פירן (די תבואות און גרינסן און פּרוכטן) צו זיך אין הויז, מעג ער עסן פון זיי אַן אכילת עראַי ביז ער ברענגט זיי אין זיין הויז. מחמת עס איז אַ דין, אַז געוויקסן הייסן טבל נאָר דעמאָלט ווען זיי זען דאָס הויז פון בעל הבית, און מען לערנט עס אָפּ פון פּסוק (דברים כ״ו) „בערתי הקדש מן הבית״, אַז עס מוז זיין אין הויז. דאָס איז מדאורייתא; אָבער מדרבנן ווערט עס טבל אויך ווען עס קומט אַריין אין הויף, אין חצר, און מען טאָר ניט מער עסן דערפון אומגע׳מעשר׳ט אפילו אַן אכילת עראַי.

ו. הפרד, מילגרוימען־טיילעכלעך, והצמוקין, ראָזשינקעס, והחרובין און באָק־סערן, איז (זייער גורן) ווען מען לייגט זיי אָן אין אַ הויפן (אין אַ בערגל). דעם מיל־גרוים פלעגט מען פונאַנדערנעמען אויף טיילן און יעדער טייל האָט געהייסן „פרד״ („פרד״, פונאַנדערטיילן). די משנה לערנט דאָ, אַז די דאָזיקע מילגרוימען־טיילן און אויך ראָזשינקעס (געטריקנטע ווינטרויבן) און באָקסערן ווערן באַטראַכט אַלס פאַרענדיקט זייער אַרבייט, ווען מען האָט זיי צונויפגעלייגט אין אַ בערגל (ערימה); פון דעמאָלט אָן טאָר מען זיי שוין ניט עסן אַן אכילת עראַי אומגע׳מעשר׳ט. הבצלים משיפקל, ציבעלעס איז (זייער גורן) פון זינט מען נעמט פון זיי אַראָפּ די (שלעכטע) שאָלן. „פקל״ איז דאָזעלבע וואָס „קלף״, וואָס איז דער טייטש „אָפּשיילן״; פון וואָרט „קליפה״, „שאָל״. ואם אינו מפקל, און אויב ער שיילט זיי ניט אָפּ, איז פון זינט מען לייגט זיי צונויף אין אַ בערגל. דער רמב״ם טייטשט „מפקל״ „אָפּשניידן די וואָרצלען״, ווייל גאַנץ אָפּט רייסט מען אַרויס די ציבעלעס מיט די וואָרצלען, און מען דאַרף דערנאָך די וואָרצלען באַזייטיגן. התבואה משימרח, תבואה איז (דער גורן) פון זינט מען מאַכט גליאַטיק דעם באַרג תבואה. מיטן וואָרט „תבואה״ מיינט מען די 5 מינים: ווייץ, גערשטן, שפּעלץ (אַרקיש), קאָרן און האָבער. נאָכן אויסדרעשן די תבואה מאַכט מען פון די קערנדלעך אַ באַרג, „כרי״, און מען גליעט־צו דעם באַרג, מען שאַרט אַראָפּ פון דער הויך די פּלעווועס און מען מאַכט אים שיין; דאָס הייסט „ממרח״. דעמאָלט הייסט, אַז די תבואה איז שוין פאַרטיק צום פאַרקויפן. ואם אינו ממרח, און אויב ער מאַכט ניט גליאַטיק, איז (דער גורן) פון זינט ער מאַכט דאָס בערגל. דער „תוספות אנשי שם״ זאָגט, אַז דאָס מיינט מען, ווען ער האָט שוין די גאַנצע תבואה פון פעלד צונויפגענומען אין בערגלעך, אַזוי אַז כאָטש ער האָט ניט צוגעגליעט ווייסט מען, אַז מער וועט ער שוין ניט צולייגן קיין תבואה. הקטניות משיכבור, הילזן־קערנער (ווי אַרבעס), איז (זייער גורן) פון זינט מען זיפּט זיי אַדורך. „קטניות״ הייסן אַלע שויטן־קערנער אַ חוץ תבואה; אַזוי הייסן קטניות אַרבעס, באָבעס, רייז און טייל אַנדערע קערנער. כדי די קערנער זאָלן זיין ריין פון שטיקלעך זאַמד, רייניגט מען זיי מיט אַ זיפּ (כברה), און דאָס הייסט „משיכבור״, פון זינט מען האָט זיי גערייניגט מיט אַ זיפּ. ואם אינו כובר, און אויב ער זיפּט זיי ניט, איז (זייער גורן) פון זינט ער מאַכט גליאַטיק (דאָס בערגל). דאָס איז דאָס זעלבע וואָס ביי תבואה. מען לייגט אָן אַ באַרג

**אף על פי שמרח, נוטל מן הקוטעים ומן הצדדים וממה שבתוך התבן ואוכל.**

**ז. היין משיקפה, אף על פי שקיפה, קולט מן הגת העליונה ומן הצנור ושותה. השמן משירד לעוקה. אף על פי שירד, נוטל מן העקל ומבין הממל ומבין הפצין ונותן לחמטה ולתמחוי, אבל לא יתן לקדרה וללפס**

**מיט די קערנער און מען מאכט אים גלאטיק אין דער הויף.** אף על פי שמרח, כאָטש ער האָט שוין גליאטיק געמאכט (דאָס בערגל קערנער) מעג ער נעמען פון די אָפּגעהאקטע (קטועין, אפגעהאקטע קערנער־זאנגן, וועלכע זענען ניט געוואָרן גוט גער־דראָשן) און פון די זייטן, און פון די קערנער וואָס זענען געבליבן צווישן דעם שטרוי, און ער מעג עסן (א אכילת עראי). **מחמת די דאָזיקע קערנער פון די אָפּגעהאקטע זאנגן, און פון די זייטן פון בערגל, וועלכע זענען ניט צוגעגליעט געוואָרן, און פון צווישן דעם שטרוי, איז נאָכניט פארענדיקט זייער ארבייט, און מען מעג דעריבער זיי עסן אן אכילת עראי אומגע׳מעשר׳ט.**

ז. היין, משיקפה, וויין איז (דער גורן) פון זינט מען שוימט־אראָפּ. **וויין ווערט געמאכט פון ווייטרויבן אין דעם וויינקעלטער. ווען דער וויין ווערט אויסגעפּרעסט פון די טרויבן און קומט אראָפּ אונטן אין קעלטער, איז אויף דעם וויין פאראן א שוים, אין וועלכן עס געפינען זיך קערנדלעך און שאָלעכץ פון די טרויבן, און מען שוימט דאָס אראָפּ. דער רמב״ם טייטשט ״משיקפה״, פון זינט עס ווערט א שוים.** אף על פי, כאָטש דער וויין איז שוין אראָפּגעשוימט געוואָרן, מעג ער (דער בעל הבית) נעמען וויין פון אויבערשטן קעלטער און פון דער רער און טרינקען (אומגע׳מעשר׳ט). **דער וויינקעלטער באשטייט פון צוויי קעלטערס, אן ״אויבערשטן״ (גת עליונה) און אן ״אונטערשטן״ (״גת תחתונה״, וואָס הייסט אויך ״בור״), און די משנה לערנט, אז כאָטש דער וויין אונטן איז שוין אראָפּגעשוימט, מעג מען טרינקען אומגע׳מעשר׳ט, (א ״שתית עראי״, ניט קיין פולשטענדיקן טרינק, נאָר אזוי עפּיס) פון דעם וויין, וואָס געפינט זיך אין אויבערשטן קעלטער אָדער אין דער רער, דורך וועלכן דער וויין גייט פון אויבערשטן קעלטער צום אונטערשטן.** השמן משירד לעוקה, אייל איז (דער גורן) פון ווען ער איז אראָפּגערינען אין גרוב. **אייל ווערט אויסגעפּרעסט פון איילבירטן און אן אייל־קעלטער (״בד״). דער גרוב, אין וועלכן דער אייל רינט אריין, הייסט ״עוקה״. זאָגט די משנה, אז אייל הייסט שוין פארטיק, און מען טאָר אים ניט עסן אומגע׳־מעשר׳ט אפילו א אכילת עראי, פון זינט ער איז אראָפּגערינען אין גרוב.** אף על פי שירד, כאָטש דער אייל איז שוין אראָפּגערינען אונטן (אין גרוב) מעג (דער בעל הבית) נעמען (אייל) פון דעם שטריק־קויש (״עקל״, שטריק־קויש, אין וועלכן די איילבירטן ליגן ווען מען פּרעסט זיי) און פון דעם אויבערשטן פּרעס־שטיין (ממל, פּרעס־שטיין, וועלכער פּרעסט־צו די איילבירטן) און פון צווישן די ברעטער (פצים, אויף וועלכע מען פּרעסט די איילבירטן), און אריינטאָן (דעם דאָזיקן אומגע׳מעשר׳טן אייל) אין א דין אייל־קיכעלע (חמיטה) אָדער אין דער גרויסער שיסל (תמחוי). **די משנה לערנט דאָ, אז אפילו ווען דער עיקר אייל געפינט זיך שוין אונטן אין גרוב, מעג מען נעמען אביסל אייל פון די אויבערשטע כלים, מיט וועלכע מען פּרעסט די איילבירטן, ווי פון דעם שטריק־קויש, אָדער פון דעם פּרעס־שטיין, אָדער פון די פּרעס־ברעטער, און פארנוצן דעם אייל אויף צו באשמירן אן אייל־קיכעלע אָדער אריינצוטאָן אין דער גרויסער שיסל, אין וועלכער מען גיסט אריין געקעכץ פון דעם קאָך־טאָפּ.** אבל לא יתן, אָבער ער זאָל (דאָס דאָזיקע ביסל אומגע׳מעשר׳טן אייל) ניט אריינטאָן אין דעם קאָך־טאָפּ אָדער אין דער קאָך־פאָן, ווען זיי זענען הייס. **מחמת עס איז פאראן אן אונטערשיד צווישן ״כלי ראשון״, ״ערשטע כלי״, אין וועלכער מען קאָכט אויף דער קיך, און א ״כלי שני״, א ״צווייטער כלי״, אין וועלכער מען קאָכט ניט, נאָר מען גיסט**

**כשהן רותחין. ר’ יהודה אומר, לכול הוא נותן, חוץ מדבר שיש בו חומץ וציר.**

**ח. העיגול משיחליקנו. מחליקים בתאנים ובענבים של טבל; ר’ יהודה אוסר. המחליק בענבים לא הוכשר; ר’ יהודה אומר, הוכשר.**

---

אריין אין איר פון קאָך־טאָפּ. אויב מען טוט אריין אין א „כלי ראשון’’ ווען זי איז הייס, הייסט עס ווי געקאָכט, און דער דין איז, אז א געקאָכטע זאַך טאָר מען ניט עסן אומ־גע’מעשר’ט אפילו איידער עס איז געווען דער „גורן’’, איידער מען האָט די זאַך פאַרטיק געמאַכט. אָבער אין א כלי שני הייסט עס ניט ווי געקאָכט און דעריבער מעג מען. — וועגן דעם וואָרט „תמחוי’’ האָבן מיר געגעבן אין מסכת פּאה פּרק ח’ משנה ז’, און וועגן וואָרט „לפּס’’ אין מסכת פּאה פּרק ח’ משנה ד’. — ר’ יהודה זאָגט, אז ער (דער בעל הבית) מעג אריינטאָן (דעם אומגע’מעשר’טן אייל וואָס ער האָט גענומען פון די אויבערשטע קעלטערכלים) אין יעדן טאָפּ (אפילו, אין וועלכן מען קאָכט, אויב מען האָט אים אראָפּגענומען פריער פון פייער), א חוץ אין א זאַך (אין א געקעכץ), אין וועלכן עס איז פאַראַן עסיק אָדער געזאַלצענער פיש־ראָסל. מחמת ר’ יהודה האַלט, אז די שאַרפקייט פון עסיק און פון דעם געזאַלצענעם פיש־ראָסל העלפט צו צו קאָכן דעם אייל.

ח. העיגול משיחליקנו, א קיילעכיקער קנויל (בייגל) פון געפּרעסטע פייגן איז (זיין גורן) פון זינט מען מאַכט אים גליאַטיק. געפּרעסטע פייגן קנעט מען צונויף אין א קיילעכיקן קנויל, ווי א בייגל, און דאָס הייסט „עיגול’’, קיילעכיק; טייל מאָל מאַכט מען עס ווי א קיילעכיקן לאַבן ברויט און דעמאָלס הייסט עס „ככר’’. דער שטייגער איז, אז נאָכדעם ווי מען האָט די געפּרעסטע פייגן צונויפגעקנעטן אין אזא עיגול מאַכט מען דעם עיגול גליאַטיק, מען רייבט אים מיט א זאַפט, ער זאָל אויסזען שיין. זאָגט די משנה, אז פון זינט מען האָט דעם פייגן־קנויל גליאַטיק געמאַכט (משיחליקנו) טאָר מען שוין פון אים ניט עסן אפילו אן אכילת עראַי אומגע’מעשר’ט. מחליקים, מען מעג גליאַטיק מאַכן (אָנרייבן דעם פייגן־קנויל) מיט פייגן אָדער מיט ווייַנטרויבן פון טבל. דאָס הייסט מען מעג אים אָנרייבן מיט פּרוכטן, ווי פייגן און ווייַנטרויבן כאָטש זיי זענען טבל, (פּרוכטן פון וועלכע מען האָט ניט גענומען קיין תרומה), און עס הייסט ניט, אז מען עסט די פייגן עסט מען טבל, מחמת דאָס אָנרייבן האָט ניט קיין באַדייטונג. אן אַנדערער פּשט איז, אז דאָס הייסט ניט ווי מען מאַכט קאַליע טבל און ממילא אויך די תרומה, וואָס איז פאַראַן אין אים. ר’ יהודה אסר’ט. ווייל ר’ יהודה האַלט, אז דאָס אָנרייבן מיט די פּרוכטן האָט יאָ א באַדייטונג. המחליק, אז איינער רייבט־אָן (מאַכט גליאַטיק געפּרעסטע פייגן) מיט ווייַנטרויבן, ווערן די פייגן ניט מוכשר (אָנצונעמען טומאה). מיר האָבן שוין געשריבן אין מסכת דמאי פּרק ב’ משנה ג’, אז א עסנוואַרג, אפילו ווען עס רירט אָן א טמא־זאַך, קאָן עס ניט ווערן טמא, סיידן דאָס עסנוואַרג האָט פריער אָנגערירט א משקה, א פליסיקייט. דאָס דאָזיקע אָנרירן א משקה הייסט „הכשר’’, עס ווערט מוכשר, „פּעאיק’’ דערנאָך טמא צו ווערן. אָבער ניט יעדע משקה קאָן מאַכן עסנוואַרג צו ווערן מוכשר. ווייַן ווערט גערעכנט צו די משקאות, וואָס קאָנען יאָ מכשיר זיין אָנצונעמען טומאה (ווי מיר האָבן געלערנט פריער אין מסכת תרומות פּרק י״א משנה ב’). זאָגט דאָ די משנה, אז דורך אָנרייבן, גליאַטיק־מאַכן, פייגן מיט ווייַנטרויבן, ווערן די פייגן ניט מוכשר אָנצונעמען טומאה, כאָטש זיי האָבן אָנגערירט דעם זאַפט פון די ווייַנטרויבן, ווייל דער דאָזיקער זאַפט, וואָס איז נור גליאַטיק צו מאַכן, הייסט ניט קיין משקה. ר’ יהודה זאָגט, אז זיי זענען יאָ געוואָרן מוכשר, ווייל ר’ יהודה האַלט, ווי פריער אין דערזעלבער משנה, אז דער דאָזיקער זאַפט האָט יאָ א חשיבות. הגרוגרות משידושו, דאַרע פייגן איז (זייער גורן) פון זינט מען דרעשט זיי. דאַרע פייגן דרעשט מען, דאָס הייסט, מען קלאַפּט זיי אריין מיט שטעקנס אין פעסער.

**הגרוגרות משידוש, ומגורה משיעגל. היה דש בחבית ומעגל במגורה, נשברה החבית ונפתחה המגורה, לא יאכל מהם עראַי; ר׳ יוסי מתיר.**

## פרק ב.

**א. היה עובר בשוק ואָמר „טלו לכם תאנים״, אוכלין ופטורין; לפיכך אם הכניסו לבתיהם מתקנים ודאַי — „טלו והכניסו לבתיכם״, לא**

---

ווען מען האָט שוין אריינגעקלאַפּט אין דער פּאַס, הייסט עס אז די ארבייט ארום די פייגן איז שוין פארענדיקט און מען טאָר דעריבער ניט מער עסן פון זיי אומגע׳מעשר׳ט אפילו אן אכילת עראַי. ומגורה משיעגל, און (דארע פייגן אין) א שפייכלער, איז (זייער גורן) פון זינט מען מאכט זיי קיילעכיק. מען לייגט אויך דארע פייגן, אויב זיי זענען א סך, אין א שפייכלער, און מען מאכט פון זיי א קיילעכיקן בערגל. זאָגט די משנה, אז פון זינט מען מאכט דאָס בערגל קיילעכיק הייסט שוין, אז די ארבייט ארום די פייגן איז פארענדיקט. היה דש, אויב ער האָט געדרעשט (אריינגעפּרעסט די דארע פייגן) אין דער פּאַס אריין, אָדער ער האָט קיילעכיק געמאכט זיי אין שפייכלער און די פּאַס (פייגן) איז געוואָרן צעבראָכן, אָדער עס איז געעפנט געוואָרן (דאָס בערגל פייגן אין) שפייכלער, טאָר מען ניט עסן פון זיי (אומגעמעשר׳ט) אפילו אן אכילת עראַי. כאָטש מען דארף נאכאמאָל אריינדרעשן די דארע פייגן אין פּאַס און קיילעכיק מאכן דאָס בערגל, אָבער ווייל די ארבעט איז שוין איינמאָל פארענדיקט געוואָרן, טאָר מען ניט עסן. ר׳ יוסי איז מתיר. ווייל דאָס הייסט, אז די ארבייט ארום זיי איז נאָכניט פארענדיקט.

## פרק ב.

א. היה עובר, אז איינער איז דורכגעגאנגען (טראָגנדיק פייגן) אין מארק און האָט געזאָגט (צו מענטשן) „נעמט אייך פייגן״, מעגן זיי עסן און זיי זענען פּטור (פון מעשרן די פייגן); דעריבער אויב זיי האָבן אהיימגעפירט (די פייגן) אין זייער הויז, דארפן זיי מעשרן די פייגן ווי זיכערן טבל (ודאי, ניט ווי דמאי). די מפרשים דערקלערן די דאָזיקע משנה, אז דאָ מיינט מען, ווען דער מענטש, וועלכער האָט געפירט די פייגן אין מארק, איז א עם הארץ, וועגן וועלכן עס איז א ספק צי ער מעשר׳ט זיינע פּרוכטן צי ניט. דעריבער, אז ער שענקט זיי די פייגן און זאָגט זיי ניט, אז זיי זאָלן די פייגן נעמען מיט זיך אהיים, קאָן מען דערפון אָננעמען, אז זיינע פייגן פירט איצט דער עם הארץ גלייך פון פעלד און זיי זענען נאָכניט געווען ביי אים אין הויז. ממילא איז מען דאָך פון די פייגן נאָכניט מחויב אָפּצושיידן מעשר און מענטשן מעגן זיי עסן אין גאס א אכילת עראַי, אומגע׳מעשר׳ט, ווי מיר האָבן געלערנט פריער אין פרק א׳ משנה ה׳ (און זע אויך אין אונזער הקדמה צו מסכת מעשרות). דעריבער, ווען די מענטשן, וועלכע האָבן גענומען די פייגן אלס א מתנה, פירן די פייגן צו זיך אין הויז, זענען זיי מחויב אָפּצושיידן פון זיי מעשר, מחמת זיי זענען דאָך שוין געפירט געוואָרן אהיים, און דאָס הויז און דער הויף מאכן דאָך, אז מען זאָל פון די פייגן דארפן אָפּשיידן מעשר (ווי מיר האָבן געלערנט פריער אין פרק א׳ משנה ה׳); ממילא ווען זיי ברענגען די פייגן אהיים דארף מען פון זיי אָפּשיידן מעשר ווי פון זיכערן טבל, פון „ודאי״, ניט מחמת ספק, ניט ווי פון דמאי. ווארום עס איז אָנצונעמען, אז אויב דער עם הארץ וואָלט געוועןאָפּגעשיידט פון זיי מעשר, וואָלט ער זיי בפירוש געווען געזאָגט, אז זיי מעגן זיי אויך מיטנעמען אהיים. טלו והכניסו, (אויב אָבער דער עם הארץ, שענקענדיג זיי די פייגן, האָט צו זיי געזאָגט): „נעמט און פירט זיי אהיים״, טאָרן זיי די פייגן (אין גאס) ניט עסן (אומגע׳מעשר׳ט) אויך ניט א אכילת עראַי; דעריבער אויב זיי האָבן געבראַכט די פייגן אין הויז, דארפן זיי אָפּשיידן פון זיי מעשר נאָר ווי מען שיידט אָפּ פון דמאי. ווייל מיטן דאָזיקן זאָגן צו זיי, אז זיי מעגן נעמען אהיים און דאָרט זיי עסן אומגע׳מעשר׳ט, האָט דער עם הארץ זיי מרמז געווען אויף צוויי זאכן. ערשטנס,

יאכלו מהם עראי; לפיכך אם הכניסו לבתיהם אינם מתקנין אלא דמאי.

ב. היו יושבין בשער או בחנות ואמר „טלו לכם תאנים״, אוכלין ופטורין, ובעל השער ובעל החנות חייבין. ר׳ יהודה פוטר, עד שיחזיר את פניו, או עד שישנה מקום ישיבתו.

ג. המעלה פירות מן הגליל ליהודה, או עולה לירושלים, אוכל מהם

---

אז דיפייגן זענען דורך אים געוואָרן גע׳מעשר׳ט, און דעריבער מעגן זיי שוין אהיימ־נעמען זיי און דאָרט עסן אומגע׳מעשר׳ט. צווייטנס, אז די פייגן זענען שוין געווען ביים עם הארץ אין הויז און עס איז שוין ארויף אויף זיי דער חיוב פון מעשר; וואָרום אויב ניט, צו־וואָס האָט זיי דער עם הארץ געדאַרפן מעשרן איידער זיי זענען מחויב געוואָרן דערצו? מיר אָבער גלויבן דעם עם הארץ בלויז אין איין זאַך, דהיינו, אז די פייגן זענען שוין געווען ביי אים אין דער היים און ממילא איז שוין דער חיוב פון מעשר פאַראַן אויף זיי; אָבער מיר גלויבן אים ניט, אז ער האָט זיכער אָפּגעשיידט פון זיי מעשר. מחמת דעם טאָר מען אין גאַנצן די טייטלען ניט עסן; אָבער ווען מען ברענגט זיי אהיים דאַרף מען אָפּשיידן פון זיי מעשר נאָר מחמת ספק, אזוי ווי פון דמאי, ווי עס איז דער דין ווען מען נעמט פרוכטן פון א עם הארץ. וועלכער זאָגט, אז די פרוכטן זענען גע׳מעשר׳ט. וועגן די אונטערשידן צווישן „זיכער מעשר (״ודאי״) און „דמאי״ געבן מיר אין דער הקדמה צו מסכת דמאי. די מפרשים באַמערקן, אז כאָטש דער דין איז (זע אין דער הקדמה צו מסכת מעשרות), אז „מקח״, קויפן איז „קובע״, מאַכט, אז מען זאָל שוין מוזן מעשרן פרוכטן אפילו מען האָט זיי ניט אהיימגעפירט, אָבער מתנה, א געשאַנק פון ניט קיין סך פרוכטן, איז ניט „קובע״, מאַכט ניט, אז מען זאָל דאַרפן מעשרן.

ב. היו יושבין, אויב די מענטשן זענען געזעסן אין א (פרעמדן) טויער אָדער אין א (פרעמדן) געוועלב, און (דער עם הארץ וואָס איז דורכגעגאַנגען מיט די פייגן) האָט צו זיי געזאָגט: „נעמט אייך פייגן״, מעגן זיי עסן און זענען פטור (אָפּצושיידן מעשר. ווייל דער דין, אז אריינגעמען אין א טויער אָדער אין א געוועלב איז קובע למעשרות, דאָס הייסט, עס מאַכט אז מען זאָל די פרוכטן דאַרפן מעשרן, מיינט נור, ווען עס איז אן אייגן טויער אָדער אן אייגן געוועלב אָבער ניט אין א פרעמדנס. ובעל השער, אָבער דער בעל הבית פון טויער אָדער דער בעל הבית פון געוועלב איז מחויב אָפּצושיידן מעשר פון די פייגן (ווייל עס איז דאָך זיין טויער אָדער זיין געוועלב); ר׳ יהודה זאָגט, אז (אויך דער בעל הבית) איז פטור אָפּצושיידן מעשר, סיידן ער דרייט־אויס (ביים עסן די פייגן) זיין פנים (מען זאָל אים ניט זען), אָדער ער ענדערט זיין זיץ־אָרט (ביים עסן, כדי מען זאָל אים ניט זען). ר׳ יהודה האלט, אז א הויז אָדער הויף מאַכט, און מען זאָל דאָרט דאַרפן מעשר׳ן פרוכטן, נאָר ווען זיי זענען פריוואַטע, און קיין סך מענטשן קומען אהין ניט אריין, אזוי ווייט, אז מען שעמט זיך דאָרט צו עסן. אָבער א טויער צי א געוועלב, וואו מענטשן שעמען זיך צו עסן, האָט ניט דעם דין בנוגע מעשר ווי א הויז צי א הויף. דעריבער האלט ער, אז אפילו דער בעל הבית פון טויער צי פון געוועלב איז פטור פון מעשרן, סיידן ער האָט אויסגעדרייט ביים עסן דאָס פנים, אָדער ער האָט געענדערט דאָס אָרט וואו ער זיצט, און אזוי אַרום האָט ער עס שוין געמאַכט ווי פריוואַט.

ג. המעלה, אז איינער פירט־ארויף פרוכטן (פון זיין פעלד) אין גליל (צפון טייל פון ארץ ישראל) קיין יהודה (דרום־טייל פון ארץ ישראל) אָדער ער גייט מיט זיי ארויף קיין ירושלים, מעג ער עסן פון זיי אומגע׳מעשר׳ט ביז ער קומט צום אָרט, וואוהין ער גייט. ווייל קוים האָט ער באַשלאָסן צו פאַרקויפן די פרוכטן נור אין יהודה אָדער אין ירושלים, איז אפילו ער האָט געגעכטיקט ערגיץ אין מיטן וועג, מעג ער עסן די פרוכט (אכילת עראי אומגעמעשר׳ט) ביז ער קומט צום אָרט וואו ער האָט

**עד שהוא מגיע למקום שהוא הולך, וכן בחזרה. ר׳ מאיר אומר, עד שהוא מגיע למקום השביתה. והרוכלין המחזרין בעירות אוכלים עד שמגיעים למקום הלינה. ר׳ יהודה אומר, הבית הראשון הוא ביתו.**

**ד. פירות שתרמן עד שלא נגמרה מלאכתן, ר׳ אליעזר אוסר מלאכל מהם עראי, וחכמים מתירין, חוץ מכלכלת תאנים. כלכלת תאנים שתרמה, ר׳ שמעון מתיר, וחכמים אוסרין.**

---

באשלאָסן זיי צו־צופירן, וכן בחזרה, און אַזוי איז אויך דער דין צוריקוועגס. **דער ברטנורא טייטשט, אז דאָס מיינט מען, דאָס אויב אינמיטן וועג האָט ער חרטה געהאַט און באשלאָסן צוריקצופירן די פירות קיין גליל, מעג ער פון זיי עסן אומגע׳מעשר׳ט ביז ער קומט צוריק קיין גליל. אן אנדער גירסא איז, „וכן ביהודה״, און דער טייטש איז, אז אויב ער פירט צוריקוועגס פרוכטן פון יהודה קיין גליל מעג ער עסן אויפן וועג אומגע׳מעשר׳ט.** ר׳ מאיר זאָגט, אז (ער מעג עסן פון זיי אומגע׳מעשר׳ט אויפן וועג) ביז ער קומט צו אן אָרט, וואו ער רוט שבת. **דער דין איז, אז שבת איז קובע, און ווען עס ווערט שבת טאָר מען ניט עסן פון די פרוכטן אומגע׳מעשר׳ט אפילו אן אכילת עראי (זע אין דער הקדמה צו מסכת מעשרות), זאָגט ר׳ מאיר, אז ביי איינעם וואָס גייט אין וועג מיט פרוכטן איז ניט דוקא ווען עס ווערט שבת, נאָר אויב ער איז צוגעקומען צו אן ארט, וואו ער האָט באשלאָסן צו זיין שבת (מקום השביתה, דאָס אָרט פון רוען שבת) טאָר ער שוין אויך ניט עסן פון די פרוכטן אומגע׳מעשר׳ט.** והרוכלין, און די וואנדערענדיקע הענדלער, וועלכע גייען ארום (מיט זייערע סחורות) איבער די קליינע שטעטלעך (און פירן מיט זיך פרוכטן) מעגן עסן (אן אכילת עראַי אומגע׳מעשר׳ט) ביז זיי קומען צו אן אָרט וואו זיי בלייבן נעכטיקן. **דאָס אָרט, וואו זיי בלייבן נעכטיקן, האָט דעם דין ווי זייער היים, און עס איז פונקט אַזוי ווי די פרוכטן וואָלטן אריינגעקומען אין זייער הויז. עס איז ניט גלייך צו דעם דין פריער אין דער משנה וועגן איינעם, וועלכער פירט פרוכטן פון גליל קיין יהודה; מחמת דאָרט האָט ער דאָך א באשטימטן אָרט, וואוהין ער האָט באשלאָסן אוועקצופירן די פרוכטן.** ר׳ יהודה זאָגט, אז דאָס ערשטע הויז איז זיין היים. **דער ברטנורא טייטשט, אז ווי נור ער קומט אין ערשטן הויז פון שטעטל, וואו ער וועט נעכטיקן, אפילו ער איז נאָכניט צו־געקומען צום הויז, וואו ער וועט נעכטיקן.**

ד. פירות, אויב איינער האָט אָפּגעשיידט תרומה פון פרוכטן, ביי וועלכע עס איז נאָכניט פארענדיקט געוואָרן די ארבייט ארום זיי, זאָגט ר׳ אליעזר, אז מען טאָר ניט עסן פון זיי (אומגע׳מעשר׳ט) אפילו אן אכילת עראַי, און די חכמים זענען מתיר, חוץ ביים קויש פון פייגן, **איינע פון די זאכן, וועלכע זענען „קובע למעשר״, וועלכע מאכן, אז מען זאָל ניט טאָרן עסן אפילו אן אכילת עראַי פון פרוכטן אומגע׳מעשר׳ט, איז דאָס אָפּשיידן פון זיי תרומה. זאָגט ר׳ אליעזר, אז אפילו ארום די פרוכטן איז נאָכניט פארענדיקט געוואָרן די ארבייט (ווי עס איז אויסגערעכנט פריער אין פרק א׳ משנה ה׳ און ו׳ און ז׳, וואָס הייסט „גרנן למעשרות״) מאכט אויך דאָס אָפּשיידן תרומה, אז מען זאָל ניט טאָרן עסן פון זיי אומגע׳מעשר׳ט. אָבער די חכמים זאָגן, אז ערשט נאָכ־דעם ווי מען האָט געענדיקט די ארבייט (נאָר מען האָט די פרוכטן ניט אריינגעפירט אין הויז) מאכט דאָס אָפּשיידן תרומה, אז מען זאָל זיי ניט טאָרן עסן אומגע׳מעשר׳ט. אן אויסנאַם מאכן די חכמים ביים „קויש פייגן״, וועגן וועלכן די משנה פריער אין פרק א׳ משנה ה׳ זאָגט, אז די ארבייט ארום אים איז פארענדיקט ווען מען דעקט אים צו מיט בלעטער; זאָגן דאָ די חכמים, אז אויב מען האָט אָפּגעשיידט פון קויש פייגן תרומה אפילו איידער מען האָט אים צוגעדעקט מיט די בלעטער, טאָר מען שוין אויך ניט עסן פון אים אומגע׳מעשר׳ט. אַזוי טייטשט די „משנה ראשונה״.** כלכלת תאנים, א קויש פייגן, פון וועלכן מען האָט אָפּגעשיידט תרומה, איז ר׳ שמעון מתיר (צו עסן

**ה. האומר לחברו „הילך איסר זה ותן לי בו חמש תאנים״, לא יאכל עד שיעשר דברי ר׳ מאיר. ר׳ יהודה אומר, אוכל אחת אחת ופטור, ואם צירף, חייב. אָמר ר׳ יהודה, מעשה בגנת ורדים שהיתה בירושלים, והיו תאנים נמכרות משלש ומארבע באיסר, ולא הופרש ממנה תרומה ומעשר מעולם.**

**ו. האומר לחברו „הילך איסר זה בעשר תאנים שאבור לי״, בורר**

---

אכילת עראַי אומגע׳מעשר׳ט), און די חכמים אסר׳ן. **עס איז די מחלוקה וועגן דעמ־זעלבן קויש פייגן, און ר׳ שמעון איז מתיר, ווייל ער האלט, אז תרומה איז קובע נור ביי פרוכטן, וואָס די ארבייט ארום זיי איז שוין פאַרענדיקט.**

ה. האומר לחברו, אז איינער זאָגט צו זיין פריינט (וועלכער האָט צו פאַרקויפן פייגן): „נאַדיר דעם דאָזיקן איסר (אזא מטבע) און געב מיר פאַר אים פינף פייגן״, טאָר ער (דער קויפער) ניט עסן ביז ער שיידט־אָפּ פון זיי מעשר, אזוי זאָגט ר׳ מאיר. **דאָס איז דער דין (וואָס מיר האָבן געבראַכט אין דער הקדמה צו מסכת מעשרות) אז „מקח״ איז קובע, אז דאָס קויפן פרוכטן מאַכט, אז די פרוכטן זאָל מען ניט טאָרן עסן אומגע׳מעשר׳ט; און ווייל ער האָט דאָך געקויפט פאַר דעם איסר (אן אלטע רוי־מישע קליינע מטבע „אסאַריאַן״) פינף פייגן, טאָר ער זיי ניט עסן אומגע׳מעשר׳ט.** ר׳ יהודה זאָגט, אז ער מעג עסן (נעמען פון זיין פריינט, דעם פייגן־פאַרקויפער און עסן) צו איינצעלנע פייגן און ער דאַרף ניט מעשרן, נאָר אויב ער האָט צונויפגעלייגט (גענומען צוויי פייגן מיט אמאָל) דאַרף ער מעשרן. **ווייל אויב ער נעמט נור איין פייג יעדעס מאָל הייסט עס ניט קיין „גורן״, קיין „שייער״ און ער איז פטור פון מעשר אויב די פרוכטן האָבן ניט קיין „גורן״.** אמר ר׳ יהודה, האָט ר׳ יהודה געזאָגט, אז עס איז געווען א מעשה מיט א רויזן־גאָרטן (גנת ורדים), וואָס איז געווען אין ירושלים (און דאָרט איז געוואַקסן אויך פייגן) און מען האָט דאָרט פאַרקויפט צו דריי פיר פייגן פאַר אן איסר, און מען האָט קיינמאָל פון אים ניט אָפּגעשיידט קיין תרומה און מעשרות. **מחמת די קויפער פלעגן נעמען נור צו איין פייג אויף אמאָל און זי אויפעסן. דער ירושלמי זאָגט, אז ר׳ יהודה ברענגט די ראיה פון דער דאָזיקער מעשה, אז ניט נור ווען דער קויפער אליין רייסט אראָפּ צו איינצלנע פייגן פון בוים דאַרף ער ניט מעשרן, נאָר אויך ווען דער פאַרקויפער גיט צו די קויפער די פייגן אין האַנט; וואָרים אין דעם רויזן־גאָרטן האָט דער בעל הבית פון גאָרטן זיכער ניט אריינגעלאָזט די קויפער, אז זיי זאָלען אליין רייסן פייגן, מורא האָבנדיק, אז זיי וועלן קאַליע מאַכן די רויזן.**

ו. האומר לחבירו, אז איינער זאָגט צו זיין פריינט (וואָס האָט פייגן־ביימער): „נאַדיר דעם דאָזיקן איסר פאַר צען פייגן, וועלכע איך וועל מיר אליין אפּרייסן״, מעג ער אָפּקלייבן (אָפּרייסן) פייגן און עסן (אומגע׳מעשר׳ט). **די מפרשים טייטשן, אז ער מעג אראָפּרייסן צו איין פייג יעדעס מאָל און עסן, און דאָ איז אויך ר׳ מאיר (פון דער פריקער משנה) מודה, אז מען מעג, מחמת ער אליין רייסט אָפּ יעדעס מאָל נור איין פייג.** באשכול, אויב (ער גיט אים דעם איסר) „פאַר דעם ענגל־ווינטרויבן וועלכע איך וועל מיר אָפּקלייבן (אָפּרייסן) מעג ער אָפּרייסן ווינטרויבן און עסן (אומגעמעשר׳ט). **עס איז דער זעלבער דין וואָס פריער מיט די צען פייגן. ביי ווינטרויבן באַנוצט די משנה דאָס וואָרט „מגרגר״, אָפּרייסן איינצלנע טרויבן („גרגר״, א ווינטרויב; ניט אָפּרייסן דעם גאַנצן הענגל.** ברימון, אויב „פאַר דעם מילגרוים וואָס איך וועל מיר אָפּ־קלייבן״, מעג ער אפטיילן (פורט) און עסן. **דער מילגרוים באשטייט פון טיילן, און ווען מען נעמט אראָפּ די שאָל זעט מען די באַזונדערע טיילן. זאָגט די משנה, אז דעם גאַנצן מילגרוים מיט אמאָל טאָר ער ניט אָפּרייסן, אָבער ער מעג ארויסציפּן פון מילגרוים איין טייל יעדעס מאָל און אים עסן אומגע׳מעשר׳ט. פריער אין פרק א׳**

ואוכל; „באשבול שאבור לי״, מגרגר ואוכל; „ברימון שאבור לי״ פורט ואוכל; „באבטיח שאבור לי״, סופת ואוכל. אבל אם אמר לו „בעשרים תאנים אלו״, „בשני אשכלות אלו״, „בשני רימונים אלו״, „בשני אבטיחים אלו״, אוכל כדרכו ופטור, מפני שקנה במחובר לקרקע.

ז. השוכר את הפועל לקצות עמו בתאנים, אָמר לו „על מנת שאוכל תאנים, אוכל ופטור; „על מנת שאוכל אני ובני (ביתי), או שיאכל בני בשכרי״ הוא אוכל ופטור ובנו אוכל וחייב. „על מנת שאוכל בשעת

---

משנה ו׳ הייסט אזא מילגרוים־טייל „פרד״. באבטיח, אויב „פאר דעם ארבוז, וועלכן איך וויל מיר אפקלייבן״, מעג ער אָפשניידן פון אים שטיקלעך (סופת) און עסן. אויך דאָ לערנט די משנה, אז דעם גאנצן ארבוז מיט אמאָל נעמען און דערנאָך עסן אומגע׳מעשר׳ט טאָר ער ניט; אָבער שטיקלעך פון אים מעג ער יאָ אפשניידן און עסן אומגע׳מעשר׳ט. טייל זענען גורס „כופף״, „ער בייגט זיך איין״ און בייסט אָפּ און עסט. אבל אם אמר לו, אָבער אויב ער (האָט זיין פריינד געגעבן דעם איסר און) געזאָגט צו אים: „פאר די דאָזיקע צוואָנציק פייגן״, אָדער „פאר די דאָזיקע צוויי הענגלעך וויינטרויבן״, אָדער „פאר די דאָזיקע צוויי מילגרוימען״, אָדער „פאר די דאָזיקע צוויי ארבוזן״ (וועלכע זענען נאָכניט אָפגעריסן), מעג ער עסן ווי געוויינטליך און ער איז פטור (פון מעשר׳ן), ווייל ער האָט געקויפט, ווען עס איז נאָך געווען באהעפטן צו דער ערד. די משנה לערנט דאָ, אז דאָס וואָס „מקח״, קויפן, מאכט, אז מען זאָל די פרוכטן מוזן מעשר׳ן, איז נור, אויב מען האָט זיי געקויפט, ווען מען האָט זיי שוין געהאט אָפּ־געריסן; אָבער אויב מען האָט זיי געקויפט, ווען זיי זענען נאָך געווען באהאפטן צו דער ערד, איז „מקח״ ניט „קובע״, מאכט עס ניט, אז מען זאָל דארפן מעשר׳ן. דער־ריבער, פריער ווען ער האָט געזאָגט, אז דער קויף זאָל גילטיק זיין נאָכדעם ווי ער וועט האָבן אפגעריסן די פייגן צי די טרויבן, צי דעם מילגרוים, צי דעם ארבוז, מוז ער זיין פאַרזיכטיק און אָפרייסן נור איינצלווייז. אָבער קוים איז דער קויף גילטיק באלד, ווען די פרוכטן זענען נאָך באהאָפטן צו דער ערד, קאָן דער קויף דאָ גאָר ניט ווירקן צו מאכן דעם חיוב פון מעשר, ווייל ווען די פרוכטן זענען באהאָפטן צו דער ערד קאָן אויף זיי קיין שום חיוב פון מעשר ניט ארויף.

ז. השוכר אז איינער דינגט אן ארבייטער אויסצושפרייטן פייגן (צום טריקענען), און דער ארבייטער האָט צו אים (צום בעל הבית) געזאָגט: מיט דעם תנאי אז איך זאָל עסן פון די פייגן (ניט באצאָלנדיק קיין געלט), מעג ער (דער ארבייטער) עסן פון די פייגן (אומגע׳מעשר׳ט). מען קאָן ניט זאָגן, אז ער האָט גענומען די פייגן אלס א טייל פון דער באלוינונג פאר זיין ארבייט, און מען קאָן ניט מיינען אז דאָס הייסט ווי ער האָט געקויפט די פייגן, און „קויפן״, „מקח״, מאכט דאָך אז מען זאָל די פרוכטן דארפן מעשרן; ניין, דאָס קאָן מען ניט זאָגן. ווייל די תורה אין דברים כ״ג זאָגט, אז (כי תבוא בכרם רעך), אז ווען מען קומט אין א פרעמדנס גאָרטן מעג מען עסן די פרוכטן בחנם, און די חכמים האָבן געזאָגט, אז דאָס מיינט מען אז אן ארבייטער, וועלכער ארבייט ביי פרוכטן, מעג עסן פון די פרוכטן בחנם, אויב זיי זענען נאָך באַ־האָפטן צו דער ערד (במחובר לקרקע) אפילו ווען די ארבייט ווערט שוין פארענדיקט, איז ביי אָפגעריסענע פרוכטן (ביי תלוש) דעמאָלס ווען די ארבייט איז נאָכניט פאר־ענדיקט. ממילא קומט דאָך אויס, אז דער ארבייטער האָט ניט געקויפט די פייגן, ווייל ער קאָן זיי סיי ווי עסן בחינם, מחמת די תורה האָט אים דערלויבט צו עסן, און דע־ריבער דארף ער ניט מעשרן. על מנת שאוכל אני, אויב אָבער דער ארבייטער האָט געזאָגט צום בעל הבית: „בתנאי, אז מיר זאָלן עסן פייגן (בחינם), איך און מיין הויז־געזינט״, אָדער „אז מיין זון זאָל עסן פייגן פאר מיין ארבייט־געלט (וואָס מיר וועט קומען פאר אויסשפרייטן די פייגן), איז ער, דער ארבייטער עסט און איז פטור צו

**הקציעה ולאחר הקציעה", בשעת הקציעה אוכל ופטור, ולאחר הקציעה אוכל וחייב, שאינו אוכל מן התורה. זה הכלל, האוכל מן התורה פטור, ושאינו אוכל מן התורה חייב.**

**ח. היה עושה בלבסים לא יאכל בבנות שבע, בבנות שבע לא יאכל בלבסים. אבל מונע הוא את עצמו עד שמגיע למקום היפות ואוכל. המחליף עם חברו, זה לאכול וזה לאכול, זה לקצות וזה לקצות, זה לאכול וזה לקצות, חייב. ר' יהודה אומר, המחליף לאכול — חייב, ולקצות — פטור.**

---

מעשרן, אָבער זיין זון עסט און ער איז מחויב אפצושיידן מעשר. **ווייל דעם ארבייטער האָט דאָך די תורה דערלויבט צו עסן בחנם, הייסט עס ניט, אז ער האָט געקויפט; אָבער זיין זון עסט דאָך אלס באלוינונג פאר זיין פאָטערס ארבייט, הייסט עס ווי ער האָט געקויפט די פייגן ,און דער קויף מאכט, אז ער זאָל דארפן מעשר'ן.** על מנת שאוכל בשעת הקציעה, אויב (דער ארבייטער זאָגט צום בעל הבית): בתנאי איך זאָל עסן (פייגן בחינם) בשעת דעם אויסשפרייטן די פייגן צום טריקענען און אויך נאָכדעם ווי איך וועל שוין האָבן אויסגעשפרייט, איז (דער דין), אז אין דער צייט ווען ער שפרייט־אויס די פייגן מעג ער זיי עסן און ער איז פטור פון מעשר (ווייל דעמאָלס דערלויבט אים די תורה צו עסן בחינם), אָבער ווען ער עסט נאָכן אויסשפרייטן, דארף ער מעשרן, ווייל ער עסט ניט צוליב דער דערלויבניש פון דער תורה. **ווי מיר האָבן פריער געזאָגט, איז דער דין, אז דער ארבייטער מעג עסן בחינם נור בשעת דער ארבייט ארום אָפגעריסענע פרוכטן, אָבער ניט נאָכדעם ווי די ארבייט איז שוין געווען פארענדיקט. דעריבער אויב דער ארבייטער עסט די פייגן נאָכדעם ווי ער האָט שוין געהאט פאר־ענדיקט זיין ארבייט פון אויסשפרייטן זיי, איז דאָך עס ניט ווייל די תורה האָט אים דערלויבט, נאָר ווייל דער בעל הבית גיט עס אים פאר זיין ארבייט, הייסט עס דערי־בער ווי ער האָט די פייגן געקויפט.** זה הכלל, דאָס איז דער כלל: ווער עס עסט ווייל די תורה האָט דערלויבט צו עסן (בחינם) איז ער פטור (פון מעשרן), אָבער ווער עס עסט אָן דער דערלויבעניש פון דער תורה (צו עסן בחינם) דארף ער מעשר'ן. **דאָ גיט די משנה דעם אלגעמיינעם כלל, וואָס מיר האָבן פריער דערקלערט, אז אויב די תורה דערלויבט צו עסן בחינם הייסט עס ניט „געקויפט"; אָבער אויב די תורה דערלויבט ניט, איז עס ווי „געקויפט".**

ח. היה עושה, אויב ער (דער ארבייטער) ארבייט ביי לבסים־פייגן, זאָל ער ניט עסן פון בנות־שבע־פייגן; אויב ער ארבייט ביי בנות־שבע־פייגן זאָל ער ניט עסן פון לבסים־פייגן. **די דאָזיקע משנה איז ניט וועגן מעשרות (כאָטש טייל מפרשים, ווי דער „תפארת ישראל", מיינען אז זי האָט יאָ א שייכות צו מעשרות, אָבער דער ירושלמי זאָגט בפירוש, אז ניט), נאָר עס איז א דין וועגן סתם אן ארבייטער וואָס מעג עסן בחינם פון די פרוכטן ווען ער ארבייט ביי זיי. זאָגט דערויף די משנה, אז ווען ער ארבייט ביי איין סאָרט פייגן זאָל ער ניט עסן פון אן אנדער סאָרט. די מפרשים זאָגן, אז „לבסים" איז דער ערגערער סאָרט פייגן, און בנות־שבע איז דער בעסערער סאָרט פייגן.** אבל מונע, אָבער דער ארבייטער האָט דאָס רעכט זיך איינצוהאלטן פון עסן (ווען ער ארבייט ביי א שלעכטן סאָרט פרוכטן) ביז ער קומט־צו צו דער ארבייט ביים אָרט פון די גוטע און ער עסט. **ער טאָר נאָר ניט עסן פון איין סאָרט פרוכטן ווען ער ארבייט ביי אן אנדערן סאָרט; אָבער ער מעג איינהאלטן זיך מיטן עסן ביז ער וועט צו־קומען צום גוטן סאָרט פרוכטן און דאָרט עסן.** המחליף, אז איינער טוישט זיך מיט זיין פריינט, אז דער זאָל עסן דעם אנדערנס פרוכטן און דער אנדערער זאָל עסן זיינע פרוכטן, אָדער דער זאָל עסן דעם אנדערנס אויסגעשפרייטע פייגן (לקצות) און דער אנדערער זאָל עסן זיינע אויסגעשפרייטע פייגן, אָדער דער זאָל עסן דעם אנדערנס פרוכטן און

## פרק ג.

**א. המעביר תאנים בחצרו לקצות, בניו ובני ביתו אוכלין ופטורין. הפועלים שעמו, בזמן שאין להם עליו מזונות, אוכלין ופטורין; אבל אם יש להם עליו מזונות, הרי אלו לא יאכלו.**

**ב. המוציא פועליו לשדה, בזמן שאין להם עליו מזונות, אוכלין ופטורין; ואם יש להם עליו מזונות, אוכלים אחת אחת מן התאנה, אבל**

---

דער אנדערער זאָל עסן זײַנע אויסגעשפּרייטע פֿײַגן, דאַרפֿן זיי מעשרן. **מחמת דאָס דאָזיקע טוישן זיך הייסט ווי געקויפֿט.** ר׳ יהסדה זאָגט, אַז דער וואָס טוישט זיך אויף צו עסן פּרוכטן איז חייב (צו מעשרן), אָבער צו עסן אויסגעשפּרייטע פֿײַגן (לקצות) איז פּטור (צו מעשרן). **דער טעם פֿון ר׳ יהודה איז, ווײַל אויסגעשפּרייטע פֿײַגן צום טרוקענען ווערן באַטראַכט ווי אַ זאַך, וואָס די אַרבייט דאַבײַ איז נאָכניט געוואָרן פֿאַרענדיקט, און בײַ פּרוכטן מיט ניט־פֿאַרענדיקטער אַרבייט איז, לויט ר׳ יהודה׳ס מיינונג, דאָס קויפֿן, „מקח״, ניט קובע; דעריבער ווירקט עס ניט, אַז מען זאָל דאַרפֿן די פּרוכטן מעשרן.** אַזוי טײַטשט די משנה דער רמבם. **אָבער דער „מלאכת שלמה״ טײַטשט ,אַז „לקצות״ מיינט מען ניט צו עסן אויסגעשפּרייטע פֿײַגן, נאָר מען מיינט נעמען פֿײַגן צום אויסשפּרייטן.**

## פרק ג.

א. המעביר, אַז איינער פֿירט־אַדורך פֿײַגן דורך זײַן הויף כּדי זיי אויסצושפּרייטן צום טריקענען, מעגן זײַנע זין און זײַן הויז־געזינט עסן די פֿײַגן און זענען פּטור (פֿון מעשרן). **דער דין איז, אַז „חצר קובע למעשר״, דאָס הייסט, אויב מען פֿירט אַרײַן פּרוכטן אין אַ הויף, טאָר מען פֿון זיי שוין ניט עסן אומגע׳מעשר׳ט. זאָגט די משנה, אַז ווײַל ער פֿירט די פֿײַגן נאָר אַדורך דעם הויף, ניט אַז זיי זאָלן בלײַבן אין הויף, נאָר כּדי זיי צו טריקענען (עס זענען געווען ספּעציעלע ערטער הינטער דעם הויף אָדער אויפֿן דאַך, צום טריקענען פֿײַגן, און זיי האָבן געהייסן „מוקצה״, זע פֿריער מסכת שביעית פּרק ח׳ משנה ו׳), הייסט עס, אַז אַרום די פֿײַגן איז נאָכניט פֿאַרענדיקט געוואָרן די אַרבייט, און בײַ פּרוכטן, וואָס די אַרבייט בײַ זיי איז ניט פֿאַרענדיקט, איז דער הויף ניט קובע למעשרות, מאַכט ניט, אַז מען זאָל דאַרפֿן מעשרן. דער ירושלמי זאָגט איין דעה, אַז ער אַליין טאָר ניט עסן, ווײַל מיטן עסן די פֿײַגן באַשטימט ער דאָך, אַז די דאָזיקע פֿײַגן, וועלכע ער עסט, זאָל ער ניט טריקענען, ממילא הייסט דאָך בײַ זיי די אַרבייט שוין פֿאַרענדיקט.** הפּועלים, אָבער די אַרבייטער, וועלכע אַרבייטן בײַ אים, איז דער דין, אַז אויב זיי קומט ניט בײַ אים (לויט דעם אָפּמאַך וואָס זיי האָבן מיט אים) צו עסן, מעגן זיי עסן די פֿײַגן און זענען פּטור פֿון מעשרן זיי. **ווײַל קוים דאַרף ער זיי ניט געבן צו עסן, הייסט עס אַז ער שענקט זיי די פֿײַגן, און אַ מתּנה, געשאַנק, הייסט ניט ווי געקויפֿט, ווי מקח, און עס ווירקט ניט אַז מען זאָל די פּרוכטן דאַרפֿן מעשרן** (ווי מיר האָבן געלערנט פֿריער אין פּרק ב׳ משנה א׳), אבל, אויב אָבער ער דאַרף די אַרבייטער יאָ געבן צו עסן, טאָרן זיי ניט עסן די פֿײַגן (אומגעמעשר׳ט). **מחמת אויב ער דאַרף זיי געבן צו עסן, הייסט עס, ווי עס קומט זיי געלט, און אַז ער גיט זיי די פֿײַגן, הייסט עס ווי ער פֿאַרקויפֿט זיי, און עס איז מקח, און עס ווירקט, אַז מען זאָל דאַרפֿן מעשר׳ן. דער ברטנורא טײַטשט די משנה, אַז דאָס מיינט מען אַרבייטער אויף איבערצופֿירן די פֿײַגן, ווײַל ווי מיר האָבן געלערנט פֿריער פּרק ב׳ משנה ז׳ (אין דעם פּירוש) זאָגט ניט די תּורה, אַז אַרבייטער, וועלכע טוען אַ ניט־פֿאַרענדיקטע אַרבייט בײַ אָפּגעריסענע פּרוכטן זאָלן עסן בחינם; דעריבער הייסט עס ווי געקויפֿט.**

ב. המוציא, אַז איינער פֿירט־אַרויס זײַנע אַרבייטער אין פֿעלד (ניט צו אַרבייטן בײַ פּרוכטן, נאָר צו אַן אַנדערער מלאכה), איז דער דין, אַז אויב זיי קומט ניט בײַ אים צו עסן, מעגן זיי עסן און זענען פּטור (פֿון מעשר׳ן). אָבער אויב זיי קומט יאָ

**לא מן הסל ולא הקופה ולא מן המוקצה.**

**ג. השוכר את הפועל לעשות בזיתים, אָמר לו „על מנת לאכול זיתים“, אוכל אחד אחד פטור; ואם צירף חייב. לנכש בבצלים, אָמר לו „על מנת לאכל ירק“, מקרטם עלה עלה ואוכל; ואם צרף חייב.**

**ד. מצא קציצות בדרך, אפילו בצד שדה קציצות, וכן תאנה שהיא נוטה על הדרך ומצא תחתיה תאנים, מותרות משום גזל ופטורות מן**

---

ביי אים צו עסן, מעגן זיי עס (אומגע׳מעשר׳ט) נאָר אפּרייסנדיק צו איין פייג יעדעס מאָל פון פייגנבוים. **מחמת אויב זיי קומט ניט ביי אים צו עסן, הייסן די פּרוכטן, וואָס זיי עסן, א מתנה פון בעל הבית; אָבער אויב זיי קומט יאָ צו עסן, הייסט דאָס עסן א טייל פון זייער באַלוינונג פאר דער ארבייט, דעריבער איז עס מקח, און מען דאַרף מעשרן; איז די עצה, אז זיי זאָלן עסן אראָפּרייסנדיק צו איינצלנע פייגן, און דעמאָלט זענען זיי ניט מחויב צו מעשר׳ן, ווי מיר האָבן געלערנט פריער פרק ב׳ משנה ו׳, אז ווען מען נעמט אראָפּ יעדעס מאָל איין פייג און מען עסט זי דאַרף מען ניט מעשרן.** אבל, אָבער זיי זאָלן ניט עסן (פייגן אומגעמעשרט) ניט פון קויש (מיט פייגן) און ניט פון גרויסן קויש (קופּה) און ניט פון דעם אָרט, וואו אָפּגעריסענע פייגן ווערן גע־טרוקנט (מוקצה). **מחמת קוים קומט די ארבייטער צו עסן הייסט עס ווי געקויפט, ווי מקח. מיר האָבן געזאָגט, אז דאָ מיינט מען, אז די ארבייטער אין פעלד ארבייטן ניט ביי די פּרוכטן זעלבסט, ווארום אויב זיי וואָלטן געארבייט ביי די פּרוכטן מעגן זיי דאָך עסן פון די פּרוכטן בחינם, לויט דעם דין פון דער תורה, און זיי וואָלטן ניט געדאַרפן מעשרן, ווי מיר האָבן געלערנט פריער פרק ב׳ משנה ח׳.**

ג. השוכר, אז איינער דינגט אן ארבייטער צו ארבייטן ביי איילבירטן־ביימער (צו גראָבן ארום די ביימער, אָבער ניט אראָפּצורייסן די איילבירטן), און ער (דער ארבייטער) האָט געזאָגט (צום בעל הבית): „מיט דעם תנאי צו עסן איילבירטן“, מעג ער (אראָפּרייסן) צו איינצלנע איילבירטן און עסן און ער איז פּטור פון מעשרן; אָבער אויב ער האָט צוזאמענגענומען (צירף, צוויי איילבירטן מיט אמאָל) דאַרף ער יאָ מעשרן. **מיר האָבן דאָ איינגעטייטשט, לויט די מפרשים, אז דאָ מיינט מען ניט, אז דער ארבייטער האָט געארבייט ביי אראָפּרייסן די איילבירטן; מחמת ווען עס זאָל זיין אזוי וואָלט דער ארבייטער געמעגט עסן בחינם, לויט דעם דין פון דער תורה און וואָלט אפילו רייסנדיק צו עטליכע איילבירטן מיטאמאָל אויך פּטור געווען פון מעשר, ווייל עס איז ניט קיין מקח, קיין קויף, קיין טייל פון זיין באַלוינונג, נאָר א מתנה פון דער תורה. דאָס וואָרט „זיתים“ (פּונקט ווי תאנים, אוו טייל אנדערע נעמען פון פּרוכטן) האָט דעם טייטש ניט נור די פּרוכטן, די איילבירטן זעלבסט, נאָר אויך די ביימער.** לנכש, (אויב ער האָט געדינגן דעם ארבייטער) ארויסצורייסן שלעכטע גראָזן פון ציבעלעס־גאָרטן, און ער האָט איהם געזאָגט: „מיט דעם תנאי צו עסן גרינס“, מעג ער (דער ארבייטער) אָפּברעכן (מקרטם) צו איינצלנע בלעטער (פון די ציבעלעס) **און עסן** (אומגע׳מעשר׳ט); אָבער אויב ער האָט צוזאמענגענומען (צירף, צוויי בלעטער מיט־אמאָל) דאַרף ער מעשרן. **דאָס איז דערזעלבער דין, וואָס פריער; דאָס וואָרט „מקרטם“ איז ווי „קוטם“ אָדער „כרסם“, וואָס איז דער טייטש אָפּהאקן, אָפּרייסן. דער ברטנורא האָט די גירסא „מקרסם“.**

ד. מצא, אז איינער געפינט נאסע פייגן („קציצות“, אָדער „קציעות“, נאסע פייגן באַשטימט צום אויסטריקענען) אויפן וועג, אפילו לעבן א פעלד, אין וועלכן עס געפינען זיך נאסע פייגן, און דאָסזעלבע אויב א פייגנבוים נייגט אריבער (זיינע צווייגן מיט פּרוכטן פון גאָרטן) אויפן וועג ארויס, און איינער האָט געפונען אונטער (די צווייגן) אויפן וועג פייגן (נאסע), זענען זיי (די פייגן), מותר צוליב גזלה און זענען פּטור פון מעשרן. **דער מענטש, וועלכער געפינט די פייגן, מעג זיי נעמען פאר זיך און עס**

**המעשרות. ובזיתים ובחרובים חייבים. מצא גרוגרות, אם דרסו רוב בני אדם, חייב, ואם לאו, פטור. מצא פלחי דבלה, חייב, שידוע שהן מדבר גמור. והחרובים, עד שלא כנסן לראש הגג, מוריד מהם לבהמה ופטור, מפני שהוא מחזיר את המותר.**

הייסט ניט, אז ער גזל'ט א פרעמדנס פייגן. דער טעם דערצו איז, ווייל דער בעל הבית פון די פייגן פארשטייט, אז ווען נאסע פייגן געפינען זיך אויפן וועג, וואו מענטשן גייען, ווערן זיי צעטרעטן און מען דערקענט ניט פון וועלכן בוים זיי זענען, און דער געפינער וועט ניט וויסן וועמען אפצוגעבן, און דער בעל הבית האט זיך דעריבער מייאש געווען פון זיי און זיי זענען ווי הפקר. מחמת דעם דארף דער געפינער ניט מעשרן די פייגן, ווייל הפקר־פרוכטן מעג מען עסן אומגעמעשר'ט. ובזיתים ובחרובים, אבער ביי איילבירטן אדער באקסערן (אויב איינער געפינט זיי אויפן וועג לעבן א פעלד פון איילבירטן־ביימער אדער באקסערן־ביימער) זענען זיי יא מחויב. די גמרא אין בבא מציעא כ"א האט אנשטאט „חייבים" די גירסא „אסור". דער טייטש איז, אז מען טאר זיי ניט נעמען, ווייל עס איז גזילה, און מען איז מחויב צו מעשרן, ווייל די הארטע איילבירטן און באקסערן ווערן ניט צוטרעטן אויפן וועג און מען דערקענט, פון וואנען זיי זענען געפאלן און דער בעל הבית איז זיך ניט מייאש פון זיי. מצא גרוגרות, אז איינער האט געפונען דארע פייגן, אויב די מערהייט מענטשן (פון שטעטל וואו ער האט זיי געפונען) האבן שוין „געטרעטן" (דרסו) זייערע פייגן דארף מען זיי מעשרן. די נאסע פייג הייסט „תאנה"; די נאסע פייגן ווען מען שפרייט זיי אויס צום טריקענען הייסן „קציעות"; די דארע אויסגעטריקנטע פייג הייסט „גרוגרת", און אין לשון רבים „גרוגרות". די דארע פייגן ווערן „געטרעטן" אין פעסער. די דארע פייגן ווערן טיילמאל אויך געפרעסט אין א „עיגול של דבילה", דער „קיילעכיקער קנויל פון די געפרעסטע פייגן". ווען מ'שניידט אפ שטיקער פונ'ם דאזיקן קנויל הייסן די שטיקער „פלחי דבלה". דער דין איז (ווי מיר האבן געלערנט אין פרק א' פון מעשרות), אז איידער מען „טרעט־איין" די דארע פייגן אין א פאס מעג מען זיי עסן אומגעמעשר'ט, ווייל מען האט נאכניט פארענדיקט די ארבייט ארום זיי. זאגט דא די משנה, אז אויב ער האט געפונען דארע פייגן, און די מערהייט פון די מענטשן האבן שוין געטרעטן זייערע פייגן, דארף מען אננעמען, אז די געפינענע פייגן זענען שוין פון די געטרעטענע און די ארבייט ארום זיי איז שוין פארענדיגט און מען דארף זיי מעשרן. ואם לאו, און אויב ניט (אויב די מערהייט מענטשן האבן נאכניט געטרעטן) איז מען פטור (זיי צו מעשרן). מחמת מען נעמט אן, אז זיי זענען נאכניט געטרעטן געווארן. מצא פלחי דבלה, אויב ער האט געפונען שטיקער פון דעם קנויל געפרעסטע פייגן, דארף ער (מעשרן), ווייל עס איז באוואוסט, אז זיי זענען פון א פארענדיקטער זאך. ווייל די ארבייט ארום זיי איז שוין פארענדיקט געווארן, ווי מיר האבן פריער דער־קלערט, טאר מען זיי ניט עסן אומגעמעשר'ט. והחרובין, אז איינער האט באקסערן (ניט געפינענע, נאר זיינעאייגענע), איז איידער ער האט זיי צוזאמענגעלייגט (כנסן) צום שפיץ פון דאך, מעג ער אראפנעמען פון זיי און געבן צו עסן דער בהמה און ער איז פטור פון מעשרן, ווייל ער טראגט צוריק (אויפן דאך) די איבערגעבליבענע באקסערן. ווען מען נעמט אראפ באקסערן פון בוים, זענען זיי פייכט, און מען לייגט זיי ארויף אויפן דאך און מען שפרייט זיי אויס און מען טריקענט זיי, און נאכן טריקענען נעמט מען זיי צונויף אין א בערגל צום שפיץ פון דאך. זאגט די משנה, אז איידער מען נעמט זיי צונויף אין דעם בערגל אויפן שפיץ פון דאך, הייסט עס נאכניט, אז די אר־בייט איז פארענדיקט געווארן ארום די באקסערן, און דעריבער מעג דער בעל הבית אראפנעמען פון דאך טייל פון זיי און געבן צו עסן דער בהמה. איי איז דאך די קשיא: סטייטש, קוים גיט ער זיי צו עסן די בהמה, מיינט ער דאך ניט מער צו מאכן פון זיי

ה. איזו היא חצר שהיא חייבת במעשרות? ר׳ ישמעאל אומר, חצר הצורית, שהכלים נשמרים בתוכה. ר׳ עקיבא אומר, כל שאחד פותח ואחד נועל פטורה. ר׳ נחמיה אומר, כל שאין אָדם בוש מלאכול בתוכה חייבת. ר׳ יוסי אומר, כל שנכנס לה ואין אומר לו „מה אתה מבקש?״ פטורה. ר׳ יהודה אומר, שתי חצרות זו לפנים מזו, הפנימית חייבת והחיצונה פטורה.

---

קיין בערגל, ממילא האָט ער דאָך שוין פאַרענדיקט די אַרבייט? איז דערויף ענטפערט די משנה, אַז די באַקסערן, וועלכע בלייבן־איבער און די בהמה עסט זיי ניט אויף, טראָגט ער צוריק צום דאַך, צו מאַכן דאָס בערגל, און דעריבער הייסט עס, אַז ער האָט נאָכניט פאַרענדיקט די אַרבייט. אַזוי טייטשט דער רמבם. אָבער דער ר״ש און דער ברטנורא טייטשן, אַז ווייל ער גיט זיי צו עסן דער בהמה פאַרשטייט מען, אַז די באַקסערן זענען נאָכניט געווען אויסגעטריקנט (ווייל אויסגעטריקנטע באַקסערן גיט מען ניט קיין בהמה צו עסן) און ממילא פאַרשטייט מען, אַז די אַרבייט איז נאָכניט פאַרענדיקט, און בפרט אַז מען זעט אויך, אַז דאָס איבערגעבליבענע טראָגט ער צוריק אויפן דאַך אויסצוטריקענען.

ה. איזהו? וועלכער הויף (חצר) איז מחייב אָראָפּצונעמען מעשר? מיר האָבן געגעבן אין דער הקדמה צו מסכת מעשרות, אַז פון זינט מען ברענגט אַריין פּרוכטן אין הויף טאָר מען זיי מער ניט עסן אומגעמעשרט, אפילו אַן אכילת עראי, ניט קיין פולשטענדיק עסן. פרעגט די משנה: וואָס הייסט א „הויף״, אַז אויב מען ברענגט אַריין אין אים פּרוכטן, מוז מען זיי שוין מעשרן? ר׳ ישמעאל זאָגט, אַז א צור־ישער הויף, וואו כלים ווערן דאָרט אָפּגעהיטן. „צור״ איז א שטאָט אין סיריען ניט ווייט פון דער צפון גרעניץ אין ארץ ישראל, אַמאָל איז זי געווען א זייער באַרימטע שטאָט, די הויפּטשטאָט פון פעניציען. דאָרט איז געווען א מנהג, אַז אין יעדן הויף, ביים טויער, איז געזעסן א שומר, וועלכער האָט אָפּגעהיטן. ר׳ ישמעאל זאָגט, אַז נור אַזא הויף, וואו עס זיצט א שומר און היט אָפּ די כלים, די זאַכן, אין הויף, איז מחייב אָפּצושיידן מעשר. ר׳ עקיבא זאָגט, אַז אַזא הויף, וואו ווען איין איינוואוינער עפנט אויף דאָס טויער פון הויף, קומט דער צווייטער און פאַרשליסט, איז מען פטור (פון מעשר). דאָס הייסט, א הויף אין וועלכן עס וואוינען עטליכע מענטשן און ווען איינער פאַרשליסט דאָס טויער קומט דער צווייטער און עפנט עס אויף; אין אַזא הויף ווערן קיין כלים ניט אָפּגעהיטן. ר׳ נחמיה זאָגט, אַז יעדער (הויף) וואו א מענטש שעמט זיך ניט צו עסן, איז מחייב (אָפּצושיידן מעשר). דאָס הייסט שוין א פריוואַטער רשות, ווייל מען האָט שטאַרק מקפיד געווען ניט צו עסן אין גאַס, מען האָט זיך געשעמט דערמיט. ר׳ יוסי זאָגט, אַז יעדער (הויף), וואוהין איינער (א פרעמדער מענטש) גייט אַריין, און קיינער (פון די הויף־מענטשן) זאָגט ניט צו אים: „וואָס ווילסטו דאָ?״ איז פטור (פון מעשר). ווייל דאָס איז א סימן, אַז דער דאָזיקער הויף איז ניט קיין פריוואַטער רשות; יעדער קאָן אין אים אַריינקומען אומגעשטערט. ר׳ יהודה זאָגט, אויב עס זענען פאַראַן צווי הויפן, איינער אינווייניק פון צווייטן איז דער אינווייניקסטער הויף מחייב (אין מעשר), און דער אויסנווייניקסטער איז פטור. דער טייטש איז, אַז אויב פון דעם ערשטן הויף, אין וועלכן עס וואוינט איינער, קומט מען אַריין אין א צווייטן הויף, אין וועלכן עס וואוינט אַן אַנדערער איינוואוינער, קאָן דאָך אין צווייטן הויף א פרעמדער ניט אַריינקומען, דעריבער הייסט ער א ריכטיק־אָפּגעהיטענער הויף און ער איז מחויב אָפּצושיידן מעשר; אָבער אין דעם ערשטן, דעם אויסנווייניקסטן הויף, קאָן דאָך אַריינקומען אויך דער מענטש, וועלכער וואוינט אין צווייטן הויף, הייסט ער שוין ניט קיין פריוואַטער רשות, און ער איז פטור פון מעשר.

ו. **הגגות פטורין, אף על פי שהם של חצר החייבת. בית שער, אכסדרה ומרפסת, הרי אלו כחצר, אם חייבת חייבין, ואם פטורה פטורים.**

ז. **הצריפים והבורגנין והאלקטיות פטורין. סוכת גניסר, אף על פי שיש בה רחים ותרנגולים, פטורה. סוכת היוצרים, הפנימית חייבת,**

---

ו. הגגות, דעכער זענען פטור. **אויב מען האָט ארויפגעבראַכט פרוכטן גלייך פון דרויסן אויפן דאך פון הויז, ניט אדורכפירנדיק זיי דורך דעם הויף, מעג מען זיי עסן, א אכילת עראי, ניט קיין פולשטענדיק עסן, אומגע׳מעשר׳ט.** אף על פי, אפילו ווען זיי (די דעכער) זענען פון א הויף, וואָס איז יאָ מחייב. **כאָטש די דעכער געפינען זיך איבער א הויף, וואָס ווען מען פירט אריין אין הויף די פרוכטן, וואָלט מען שוין יאָ געדאַרפן אָפּשיידן מעשר, פונדעסטוועגן זענען די דעכער פטור.** בית שער, דאָס טויער־שטיבל (איידער מען גייט אריין אין הויף איז פאראן ביים איינגאנג, אין טויער, א שטיבל), אכסדרה, וועראנדע (פאר א הויז געפינט זיך טיילמאָל א וועראנדע, וואָס איז פאר־מאכט פון 3 זייטן און אָפן אין איין זייט און אין דער הויך איז זי באדעקט), ומרפסת, א גאלעריע (רינגעלט ארום אין דער הויך א הויז מיט עטליכע אריינגאנגן, און מען גייט אראָפּ פון דער גאלעריע דורך שטיגן אין הויף) האָבן דעם דין פון דעם הויף (אין וועלכן זיי געפינען זיך), אויב דער הויף איז מחויב (אָפּצושיידן מעשר) זענען אויך זיי מחייב און אויב דער הויף איז פטור, זענען אויך זיי פטור. **זיי ווערן פאררעכנט בנוגע מעשר, אלס א טייל פון דעם הויף, אין וועלכן זיי געפינען זיך. ר׳ בנימין מוספיא אין „מוסף הערוך״** ווייזט אָן, אז „אכסדרה״ **איז דאָס גריכישע וואָרט „עקסעדרא״, וואָס איז דער טייטש א האַליע. „מרפסת״ איז זיכער אן אלט לשון הקודש־וואָרט און איז פון וואָרט „רפס״,** טרעטן, ווייל עס גייען דאָרט די אלע, וועלכע וואוינען אין די **שטיבן אין דער הויך.**

ז. הצריפין,ביידלעך (וואָס מען שטעלט אויף אין פעלד, און די ווענט גייען קרום ארויף, ביז זיי ווערן איין שפיץ, ווי א היטל־צוקער) והבורגנין, און היטער־הייזלעך (אין פעלד), והאלקטיות, און זומער־ביידלעך (אין פעלד, אוועקצולייגן פרוכטן) זענען פטור. **אויב מען ברענגט דאָרט אריין פרוכטן הייסט עס ניט ווי מען ברענגט אריין אין א הויף צי אין א הויז, און די פרוכטן זענען פטור פון מעשר. „צריפין״ איז אן אלט לשון־קודש וואָרט; „בורגנין״ איז דאָס גריכישע וואָרט „בורגאָן״, און איז דער** טייטש א ביידל, וואו עס געפינט זיך דער היטער פון פעלד; אלקטיות איז פון „קייטא״, **„זומער״ און דער צוגאָב פון „אל״ איז ווי אין לשון קודש די „ה״ „הידיעה״ און אין דער אראבישער שפראך ווערט כסדר באנוצט דער „אל״, און דער טייטש איז „די זומער־ביידלעך״,** וואו מען לייגט דערוויל אריין די פרוכטן. סוכת גנוסר, דאָס ביידל פון דער גנוסר־געגנט, כאָטש מען האלט דאָרט א מילכל און הינער, איז זי פטור. **די פרוכטן, וועלכע מען ברענגט דאָרט אריין, זענען פטור פון מעשר. „גנוסר״ איז דער נאָמען פאר דעם ים כנרת אין ארץ ישראל, לעבן טבריה, און די געגנט איז געווען זייער רייך אין פרוכטן און די היטערס, שומרים, פלעגן דאָרט זיצן אין א ביידל, סוכה, און היטן. זאָגט די משנה, אז כאָטש דאָס ביידל איז ווי א הויז, מען האלט דאָרט א מילכל צו מאָלן מעל, און הינער, פונדעסטוועגן האָט עס ניט דעם דין פון א הויז בנוגע מעשר.** סוכת היוצרים, דאָס ביידל פון טעפערס, איז די אינווייניקסטע מחייב אין מעשר און די אויסנווייניקסטע איז פטור. די מענטשן וועלכע ארבייטן־אויס טעפּ, **די יוצרים, זיצן זומער־צייט אין א ביידל, וואָס האָט צוויי צימערן; אין דעם אינ־ווייניקסטן צימער קומען קיין קונים ניט אריין און דאָרט איז דער לאַגער פאר די טעפּ; און אין אויסנווייניקסטן צימער זיצט דער טעפער און ארבייט־אויס די טעפּ און די קונים קומען אהין אריין, זאָגט די משנה, אז דאָס אינווייניקסטע צימער האָט דעם דין**

**והחיצונה פטורה. ר׳ יוסי אומר, כל שאינה דירת החמה ודירת הגשמים פטורה. סוכת החג בחג, ר׳ יהודה מחייב וחכמים פוטרין.**

**ח. תאנה שהיא עומדת בחצר, אוכל אחת אחת ופטור; ואם צירף, חייב. ר׳ שמעון אומר אחת בימינו ואחת בשמאלו ואחת בפיו. עלה לראשה ממלא חיקו ואוכל.**

**ט. גפן שהיא נטועה בחצר, נוטל את כל האשכול, וכן ברימון, וכן באבטיח, דברי ר׳ טרפון. ר׳ עקיבא אומר, מגרגר באשכול, ופורט ברימון,**

---

**פון א הויז, און אויב מען ברענגט דאָרט אריין פרוכטן דארף מען זיי מעשרן; אָבער דאָס אויסנווייניקסטע צימער האָט ניט דעם דין פון א הויז און מען איז דאָרט פטור פון מעשר.** ר׳ יוסי זאָגט, אז יעדעסביידל, וואָס איז ניט קיין וואוינונג אים זומער און אים ווינטער, איז פטור. **אזא וואוינונג, וואָס נאָר זומער זיצט מען דאָרט און ווינטער ניט, הייסט ניט ווי א הויז, און אויב מען ברענגט אריין פרוכטן זענען זיי פטור פון מעשר; און ווייל דער טעפּער זיצט ניט אין זיין ביידל ווינטער־צייט, איז אויך דער אינווייניקסטער צימער ניט קיין הויז.** סוכת החג בחג, די סוכה פון יום טוב סוכות אים יום טוב סוכות, איז ר׳ יהודה מחייב (אין מעשר), און די חכמים פטרן (פון מעשר). **ר׳ יהודה האלט, אז אים סוכות דארף די סוכה זיין א „דירת קבע״, ווי א שטענדיקע וואוינונג, און ממילא ווערט די סוכה באטראכט ווי א הויז; אָבער די חכמים האלטן, אז די סוכה איז א „דירת עראי״, ווי א צייטווייליקע וואוינונג, און עס האָט ניט אויך בנוגע מעשר דעם דין ווי א הויז.**

ח. תאנה, א פייגנבוים וועלכער שטייט אין הויף, מעג מען אראָפּרייסן פון אים צו איין פייג און עסן (אומגע׳מעשר׳ט); אָבער אויב מען האָט צונויפגענומען (צירף, אראָפּגעריסן מיט אמאָל צוויי פייגן) דארף מען מעשרן. **ניט נור ווען מען פירט־אריין פרוכטן פון דרויסן אין הויף, נאָר אויך ווען דער בוים פרוכטן איז פאראן אין הויף און זיי וואקסן דאָ, אויב מען נעמט אראָפּ צוויי פרוכטן מיט אמאָל מוז מען שוין מעשרן, מחמת זיי זענען אין הויף. דאקייגן ווען מען רייסט אראָפּ איין פרוכט דארף מען ניט מעשרן, ווי מיר האָבן געלערנט פריער פרק ב׳ משנה ה׳.** ר׳ שמעון זאָגט, אז מען מעג אראָפּרייסן מיט אמאָל איין פייג מיט דער רעכטער האנט און איין פייג מיט דער לינ־קער האנט, און איין פייג מיטן מויל. **מחמת דאָס הייסט ניט ווי מען האָט די דריי פייגן צונויפגענומען.** עלה, אויב מען איז ארויפגעגאנגן אויף דעם שפּיץ (פון פייגנבוים) מעג מען אָנפילן א פול קלייד מיט פייגן און עסן (אויפן בוים, אומגעמעשר׳ט). **ווייל אויפן בוים הייסט ניט ווי די פייגן געפינען זיך אין הויף. „חיק״ איז דער טייטש דער „שויס״, און אויך די „פאָלעס פון א מלבוש״, און אמאָל פלעגט מען נעמען פרוכטן אין א קלייד, און מיר געפינען עס א סך מאָל אין תנך („וילקט ממנו פקעת שדה מלא בגדו״, מלכים ב׳ ד׳).**

ט. גפן, א ווײַנשטאָק, וועלכער איז פאַרפלאַנצט אין א הויף, מעג מען נעמען דעם גאנצן הענגל (ווײַנטרויבן און עסן אומגע׳מעשר׳ט, און מען דארף ניט אפּרייסן איינ־ציקווייז די ווײַנטרויבן); און אזוי איז אויך מיט א מילגרוים און אזוי איז אויך מיט אן ארבוז, אזוי זאָגט ר׳ טרפון. **דאָס הייסט מען מעג עסן אומגע׳מעשר׳ט דעם גאנצן מילגרוים און דעם גאנצן ארבוז, אויב זיי וואקסן אין הויף, און מען דארף ניט נעמען איינציקוויז טיילן פון מילגרוים אָדער טיילן פון ארבוז.** ר׳ עקיבא זאָגט, אז ביי הענגלן־ווײַנטרויבן (וואָס וואקסן אין הויף) דארף מען אראָפּרייסן נור איינצלנע ווײַנטרויבן, און ביי א מילגרוים דארף מען נעמען פון אים נור איינצלנע טיילן, און ביי אן ארבוז דארף מען עסן נור שטיקלעך פון אים. **ווייל ר׳ עקיבא האלט אז א הענגל־ווײַנטרויבן, ווען מען רייסט אים אראָפּ אין הויף, און דאָסזעלבע א גאנצער מילגרוים אָדער א גאנצער ארבוז, הייסט ווי א סך פרוכטן צוזאמען, און מען דארף מעשרן. וועגן דעם**

**וסופת באבטיח. כוסבר שהיא זרועה בחצר, מקרטם עלה עלה ואוכל; ואם צירף חייב. הסיאה והאזוב והקורנית שבחצר, אם היו נשמרים חייבין.**
**י. תאנה שהיא עומדת בחצר ונוטה לגינה, אוכל כדרכו פטור, עומדת בגנה ונוטה לחצר, אוכל אחת אחת פטור ; ואם צירף חייב.**

---

טייטש פון „גרגר", „פורט" און „סופת" זע פריער פרק ב' משנה ו'. כוסבר, קאָריאנדער־פלאַנץ, וואָס איז פאַרזייט אין הויף, זאָל מען אָפּרייסן (מקרטם) נור צו איינצעלנע בלעטער און עסן (אומגע׳מעשר׳ט), און אויב מען האָט צונויפגענומען (צירף, צוויי בלעטער מיט אַמאָל) דאַרף מען מעשרן. וועגן „מקרטם" זע פריער משנה ג'. דער דין איז דאָ דערזעלבער וואָס פריער אין משנה ח' ביי א פייגנבוים וואָס שטייט אין הויף וואו מען מעג נור אראָפּרייסן צו איינצלנע פייגן. הסיאה, סאַטוריי־פלאַנץ, והאזוב, און עזאָפּ־גראָז, והקורנית, און טימיאַן, וועלכע וואַקסן אין הויף, אויב זיי ווערן געהיטן, איז מען מחויב צו מעשרן. די דאָזיקע דריי פלאַנצונגען וועגן וועלכע מיר האָבן געשריבן אין מסכתא שביעית פרק ח' משנה א', ווערן טיילמאָל יאָ אָפּגעהיטן אז פרעמדע מענטשן זאָלן זיי ניט צונעמען, און טיילמאָל גיט מען ניט אויף זיי אכטונג. די משנה זאָגט דאָ, אז נור דעמאָלס ווען מען היט זיי, הייסן זיי ניט קיין הפקר און מען דאַרף זיי מעשרן.

י. תאנה, א פייגנבוים, וועלכער שטייט אין א הויף, און (זיינע צווייגן מיט די פרוכטן) זענען אריבערגעבויגן אין א גאָרטן, מעג מען עסן (פון די פייגן פון די צווייגן) ווי דער שטייגער איז, און מען איז פטור (פון מעשר). מען דאַרף ניט אָפּרייסן דוקא נור צו איינצלנע פייגן, ווי עס איז דער דין מיט א פייגנבוים וואָס שטייט אין א הויף (פריער אין משנה ח'); מחמת דאָ זענען דאָך די צווייגן מיט די פרוכטן אריבערגעבויגן אין גאָרטן, איז כאָטש דער בוים אליין איז אין הויף, הייסט עס ניט ווי די פייגן וואָלטן געוועזן אין הויף. עומדת בגינה, אויב (דער פייגנבוים) שטייט אין גאָרטן און (די צווייגן מיט די פייגן) זענען אריבערגעבויגן אין הויף אריין, מעג מען אראָפּרייסן און עסן נור צו איין פייג מיט אַמאָל און מען איז פטור (פון מעשר); און אויב מען האָט צונויפגענומען (צירף, אראָפּגעריסן צוויי פייגן מיט אַמאָל) איז מען חייב (צו מעשר). ווייל עס האָט דעם דין ווי דער פייגענבוים וואָלטן אינגאַנצן געשטאַנען אין הויף. די משנה לערנט, אז בנוגע „הויף" ווערט גערעכנט לויט דעם אָרט, וואו עס געפינען זיך די צווייגן („נוף") מיט די פרוכטן און ניט לויט דעם אָרט וואו עס שטייט דער בוים (דער „עיקר", דער שטאַם פון בוים) זעלבסט. עומדת בארץ, אויב (דער פייגנבוים) שטייט אין ארץ ישראל (אויף דער גרעניץ) און (זיינע צווייגן מיט פרוכטן) זענען אריבערגעבויגן אין חוץ לארץ (אויף יענער זייט גרעניץ, אויסער ארץ ישראל), אָדער (דער פייגענבוים) שטייט אין חוץ לארץ און (זיינע צווייגן מיט די פרוכטן) זענען אריבערגעבויגן אין ארץ ישראל, גייט אַלץ לויט דעם (אָרט וואו עס געפינט זיך דער) בוים־שטאַם (ניט די צווייגן). אויב דער בוים־שטאַם איז אין ארץ ישראל ווערן אויך די צווייגן און פרוכטן גערעכנט אלס ארץ ישראל׳דיקע, און מען דאַרף זיי מעשר׳ן, און אויב דער בוים־שטאַם איז אין חוץ לארץ, כאָטש די צווייגן מיט די פרוכטן געפינען זיך אין ארץ ישראל, ווערן אויך זיי גערעכנט פאַר חוץ־לארץ און מען דאַרף זיי ניט מעשרן. ובבתי ערי חומה, און ביי הייזער אין שטעט, וואָס זענען ארומגערינגלט מיט א מויער, גייט אַלץ לויט דעם בוים־שטאַם. דער דין איז, איינער פאַרקויפט א הויז, צי א הויף, צי א גאָרטן, צי א בוים, אין א שטאָט, וואָס איז ארומגערינגלט מיט א מויער, קאָן דער פאַרקויפער אין פאַרלויף פון ערשטן יאָר צוריק אָפּגעבן דעם קויפער דאָס געלט און צוריקצונעמען די פאַרקויפטע זאַך (חומש ויקרא כ"ה). זאָגט די משנה, אז אויב א בוים איז אין דער שטאָט, וואָס איז ארומגערינגלט מיט א מויער, און די צווייגן זענען אריבערגעבויגן איבער דער מויער אויסער דער

**עומדת בארץ ונוטה לחוצה לארץ, בחוצה לארץ ונוטה לארץ, הכל הולך אחר העיקר. ובבתי ערי חומה הכל הולך אחר העיקר. ובערי מקלט הכל הולך אחר הנוף. ובירושלים הכל הולך אחר הנוף.**

פרק ד.

**א. הכובש, השולק, המולח בשדה, חייב. המכמן באדמה פטור. המטבל בשדה פטור. הפוצע זיתים שיצא מהם השרף פטור. הסוחט**

---

שטאָט, ווערט עס גערעכנט ווי דער בוים איז אין דער שטאָט און מען קאָן אים צו־ריקנעמען אין פארלויף פון יאָר. פאַרקערט, אויב דער בוים איז אויסער דער שטאָט, און די צווייגן אין דער שטאָט, קאָן מען אים ניט צוריקנעמען אין פארלויף פון יאָר. עס ווערט גערעכנט לויט דעם אָרט, וואו דער בוים־שטאם געפינט זיך. ובערי מקלט, און בנוגע ערי מקלט (אנטרינונגס־שטעט), גייט אלץ לויט די צווייגן („נוף״). **דער דין** איז, אז אויב איינער האָט געהרגעט א מענטש בשוגג, ניט־ווילענדיק, איז דעם רוצח ניט געקומען קיין טויט־שטראָף, אָבער ער האָט געמוזט אנטלויפן און זיך באזעצן אין איי־נער פון די אנטרינונגס־שטעט, ערי מקלט. אויב דער רוצח איז ארויסגעגאנגען פון דער שטאָט האָט א קרוב פון דעם געהרגעטן געמעגט דעם רוצח הרגנען. זאָגט די משנה, אז אויב א בוים איז געשטאנען אויסער דער אנטרינונגס־שטאָט און זיינע צווייגן זענען געווען אריבערגעבויגן אין דער שטאָט און דער רוצח איז געזעסן אויף דעם בוים־שטאם, הייסט עס ווי ער איז אין דער שטאָט, און דער קרוב פון געהרגעטן האָט אים ניט געטאָרט הרגנען. אזוי טייטשן די משנה דער רמבם און דער ברטנורא אויפן יסוד פון דער גמרא מכות י״ב, אז „אחר הנוף״ „לויט די צווייגן״, מיינט מען דאָ „אויך לויט די צווייגן״, דאָס הייסט, אז אויב דער שטאם פון בוים איז אין שטאָט, אָדער די צווייגן זענען אין שטאָט, הייסט עס ווי דער גאנצער בוים איז אין שטאָט. ובירושלים, און אין ירושלים גייט אלץ לויט דעם ארט, וואו די צווייגן זענען. **דער דין איז, אז פרוכטן** פון מעשר שני האָט מען געדארפן פירן קיין ירושלים און דאָרט עסן. מען האָט אויך געקאָנט אויסקויפן, „אויסלייזן״ די פרוכטן מיט געלט, און דאָס געלט פירן קיין ירו־שלים. אויב אָבער מען האָט די פרוכטן ניט אויסגעלייזט און מען האָט זיי אוועקגע־פירט קיין ירושלים, האָט מען זיי אין ירושלים ניט געטאָרט אויסלייזן. זאָגט די משנה, אז אויב א בוים איז געשטאנען אין ירושלים אויף דער גרעניץ פון שטאָט און זיינע צווייגן זענען געווען אויסער ירושלים, אָדער פאַרקערט, דער בוים אויסער ירושלים און די צווייגן אין ירושלים, און דער מעשר שני האָט זיך געפינען אויף איינעם פון זיי, אָדער אויף דעם בוים־שטאם, אָדער אויף די צווייגן (אָדער אונטער זיי), ווערן אָנגע־נומען ביידע חומרות: מען טאָר ניט עסן דעם מעשר שני ווייל עס הייסט ווי ער איז אויסער ירושלים, און מען טאָר אים מער ניט אויסלייזן ווייל ער ווערט גערעכנט ווי ער איז אין ירושלים. אויך דאָ איז דער טייטש, אז מען גייט „אויך נאָך דעם אָרט פון די צווייגן״, אזוי טייטשט דער ברטנורא. אין ירושלמי איז פאראן א מיינונג, אז עס גייט אלץ לויט די צווייגן צו זיין מיקל צו זיין און סיי מחמיר צו זיין. אין דער משנה מעשר שני פרק ג׳ משנה ז׳ איז פאראן אן אנדערער דין וועגן דעם.

פרק ד.

א. הכובש, אז איינער אין פעלד לייגט־איין (גרינסן אָדער איילבירטן אין עסיק אָדער ווײַן), אָדער קאָכט אָפּ (ביי גרינסן און פרוכטן ווערט באנוצט דאָס וואָרט „שלק״ פאר „קאָכן״), אָדער באזאלצט (ירקות צי איילבירטן) איז ער חייב צו מעשרן. **קאָכן (און איינלייגן האָט דעם דין ווי קאָכן) און זאלצן מאכן, אז מען זאָל ניט טאָרן עסן זאָגאר אן אכילת עראַי אומגע׳מעשר׳ט, אפילו איידער מען האָט אריינגעפירט די תבואות, צי פרוכטן צי גרינס אין הויז.** המכמן, אז איינער באהאלט (פרוכטן צי ירקות) אין דער ערד (כדי זיי זאָלן זיך צעווארעמען און ווערן פארטיקער צום עסן) איז מען פטור (פון

**זיתים על בשרו פטור, ואם סחט ונתן לתוך ידו חייב. המקפא לתבשיל פטור, לקדרה חייב. מפני שהוא כבור קטן.**

**ב. תנוקות שטמנו תאנים לשבת ושכחו לעשרן, לא יאכלו למוצאי שבת עד שיעשרו.כלכלת השבת, בית שמאי פוטרין ובית הלל מחייבין.**

---

מעשרן). ווייל דערוואַרמען די פרוכטן אין דער ערד הייסט ניט קאָכן זיי. המטבל, אז איינער טונקט איין אין פעלד (גרינס צי איילבירטן אין זאַלץ) איז ער פטור פון מעשרן. די מפרשים טייטשן, אז דאָס מיינט מען, אז ווען מען טינקט־איין יעדעס מאָל איין גרינס, צי איין איילבירט אין זאַלץ און מען עסט עס אויף, דאַרף מען ניט מעשרן; ווייל „באַ־זאַלצן" מיינט, אז מען האָט לפחות באַזאַלצן צוויי גרינסן אָדער צוויי איילבירטן. הפוצע, אז איינער צעשפּאַלט (צעקוועטשט) איילבירטן, כדי עס זאָל פון זיי אַרויסגיין די ביטערקייט („השרף"), דער ביטערער זאַפט) איז ער פטור (צו מעשרן). ווייל כאָטש ער האָט דאָך גוט־געמאַכט די איילבירטן צום עסן, פונדעסטוועגן הייסט עס ניט ווי אָפּגעקאָכט אָדער איינגעלייגט. הסוחט, אז איינער קוועטשט אויס (אייל) פון איילבירטן אויף זיין לייב (אָנצושמירן זיך) איז ער פטור (פון מעשרן). ער מעג עסן פון דעם אייל, וואָס געפינט זיך אויפן לייב, ווייל דאָס הייסט ניט ווי ער האָט אָנגעזאַמלט אייל. אם סחט, אויב ער האָט אויסגעקוועטשט (דעם אייל) און אַריינגעטאָן אים אין זיין האַנט (אין דעם גריבל פון דער האַנט) דאַרף ער מעשרן. ווייל דאָס הייסט, אז ער האָט צונויפגעזאַמלט אייל אין דער האַנט, און עס איז אַזוי ווי ער וואָלט צונויפגעזאַמלט אייל אין אַ קליינעם אייל־קעלטער. המקפא, אז איינער שוימט אָפּ (די שאָלעכץ און קערנדלעך וועלכע שווימען אין דער הויך אויפן ווייַן) אין געקעכץ, איז ער פטור (פון מעשר׳ן). מיר האָבן געלערנט פריער אין פרק א׳ משנה ז׳, אז ווייַן ווערט פאַרטיק אז מען זאָל אים דאַרפן מעשר׳ן, ווען מען שוימט אים אָפּ (משיקפה). זאָגט דאָ די משנה, אז אויב מען האָט צוערשט אַריינגעגאָסן ווייַן אין געקעכץ און דערנאָך האָט מען אים אָפּגעשוימט פון געקעכץ אַרויס, הייסט דאָס ניט קיין ריכטיקע אָפּשוימונג און מען איז פטור פון מעשר. דער ירושלמי זאָגט, אז מען מיינט אין אַ קאַלטן געקעכץ, ווייל אין אַ הייסן געקעכץ איז דאָך עס געקאָכט און מען וואָלט יאָ געדאַרפט מעשרן. לקדרה, אויב אין אַ (ליידיקן) טאָפּ איז ער חייב צו מעשרן, ווייל עס איז ווי אַ קליינער ווייַן־גרוב. די משנה מיינט דאָ, אז אויב מען האָט אַריינגעגאָסן ווייַן אין אַ ליידיקן טאָפּ און מען האָט דעם ווייַן אָפּגעשוימט, און דערנאָך האָט מען אַריינגעטאָן אין טאָפּ דאָס געקעכץ, דאַרף מען יאָ מעשרן, ווייל דער ליידיקער טאָפּ איז ווי אַ קליינער ווייַן־גרוב, און עס האָט דעם דין ווי פריער פרק א׳ משנה ז׳, אז מען שוימט אָפּ פון ווייַן־גרוב (פון קעלטער) הייסט עס פאַרענדיקט די אַרבייט און מען טאָר ניט טרינקען דעם ווייַן אומ׳געמעשר׳ט.

ב. תינוקות, אז קינדער האָבן באַהאַלטן (אין פעלד) פייגן אויף (צו עסן זיי אים) שבת און מען האָט פאַרגעסן די פייגן צו מעשר׳ן, טאָר מען זיי ניט עסן אויך שבתצו־נאַכטס ביז מען מעשר׳ט זיי. דאָס איז דער דין, וועגן וועלכן מיר האָבן געגעבן אין דער הקדמה צו מסכת מעשרות, אז שבת איז קובע צו מעשר, דאָס הייסט, אז שבת טאָר מען גאָר ניט עסן קיין זאַך אומגעמעשר׳ט אפילו איידער מען האָט אַריינגענומען אין שטוב אַריין. די משנה דאָ לערנט אונז צוויי זאַכן. ערשטנס, אז אפילו קליינע קינדער האָבן באַהאַלטן פרוכטן אויף צו עסן אים שבת הייסן די פרוכטן שוין שבת־פרוכטן; און צווייטנס, אז אפילו ווען דער שבת איז שוין אַריבער, טאָר מען אויך שבתצונאַכטס, נאָך שבת, ניט עסן אומגעמעשרט פון פרוכטן, וועלכע זענען געווען באַשטימט אויף שבת. כלכלת שבת, אַ קויש (מיט פרוכטן) וואָס מען האָט אָוועקגעלייגט צו עסן אים שבת, איז די בית שמאי פטרן פון מעשר ( אויב מען וויל די פרוכטן עסן פאַר שבת), און די בית הלל זענען מחייב (צו מעשרן). ווייל די בית הלל האַלטן, אז אויב מען האָט באַשטימט דעם קויש פייגן אויף שבת, טאָר מען אפילו פאַר שבת ניט עסן פון זיי אומ־

**ר׳ יהודה אומר, אף הלוקט את הכלכלה לשלח לחברו לא יאכל עד שיעשר.**

**ג. הנוטל זיתים מן המעטן טובל אחד אחד במלח ואוכל; אם מלח ונתן לפניו חייב. ר׳ אליעזר אומר, מן המעטן הטהור חייב, ומן הטמא פטור. מפני שהוא מחזיר את המותר.**

**ד. שותין על הגת, בין על החמין בין על הצונין פטור. דברי ר׳**

---

געמעשרט. דאָס ווערט אין מסכת עדויות פרק ד׳ משנה י׳ גערעכנט צו זעלטענע הלכות, אין וועלכע די בית שמאי זענען מיקל און די בית הלל זענען מחמיר; ווייל אין ס׳רוב הלכות זענען די בית שמאי מחמיר און די בית הלל מיקל. ר׳ יהודה זאָגט, אז אויך ווען איינער קלייבט אויף א קויש (פרוכטן) צו שיקן צו זיין פריינט, טאָר ער שוין ניט עסן (פון די פרוכטן) ביז ער שיידט־אָפּ פון זיי מעשר. כאָטש דער דין איז דאָך, אז א מתנה מאכט ניט, אז מען זאָל זאָל מוזן מעשרן, אָבער ווייל דאָ איז צוגעגרייט געוואָרען א ספּעציעלער קויש פרוכטן, הייסט עס, אז ער האָט צוגעגעבן דעם קויש א באזונדערע חשיבות און מען דאַרף מעשרן. אזוי טייטשן כמעט אלע מפרשים. אָבער דער רמבם טייטשט, אז ער האָט אָנגעגרייט דעם קויש פרוכטן צו שיקן זיין פריינד אז ער זאָל עסן אים שבת, און כאָטש ער האָט זיי אים ניט געשיקט, האָבן זיי דעם דין פון שבת־פרוכטן. ביידע טייטשן זענען פאראַן אין ירושלמי.

ג. הנוטל, אז איינער נעמט ארויס (צום עסן) איילבירטן פון פארווייכונגס־קויש (מעטן, א קויש, אין וועלכן מען לייגט־אריין איילבירטן, כדי זיי זאָלן ווערן ווייך און מען זאָל פון זיי דערנאָך קאָנען ארויסקוועטשן דעם אייל), מעג ער איינטונקען צו איין איילבירט אין זאלץ און עסן (אומגעמעשר׳ט). דער ירושלמי זאָגט דערויף, אז כדי באזאלצן זאָל מאכן, אז מען זאָל דארפן מעשרן, ווי מיר האָבן געלערנט פריער אין משנה א׳, מוזן זיין לפּחות צוויי איילבירטן צוזאמען . אם מלח, אויב ער האָט באַ־זאלצן און האָט זיי געלייגט פאר זיך (עטליכע פון זיי, און וויל נעמען פון זיי און עסן) דאַרף ער מעשרן. מחמת ווען ער האָט ארויסגענומען איילבירטן פון קויש צו עסן, איז ארום די איילבירטן שוין פארענדיקט געוואָרן די גאנצע ארבייט, און ווייל ער האָט זיי געזאלצן, האָט ער זיי קובע געווען צו מעשר, אפילו ער האָט זיי ניט געבראַכט אין הויז. ר׳ אליעזר זאָגט, אז אויב (דער מענטש וואָס נעמט די איילבירטן איז טמא, און) ער נעמט איילבירטן פון א פארווייכונגס־קויש, וועלכער איז טהור, דאַרף ער מעשרן און אויב פון (א פארווייכונגס־קויש וועלכער איז) טמא דאַרף ער ניט מעשרן, ווייל ער לייגט צוריק די איבערגעבליבענע (איילבירטן). אויב דער מענטש, וואָס נעמט די איילבירטן איז טמא און דער קויש איז טהור, איז מען זיכער, אז ער וועט מער ניט צוריקלייגן די ארויסגענומענע איילבירטן, מחמת זיי וועלן דאָך מטמא זיין די אנ־דערע איילבירטן אין קויש; דעריבער דאַרף ער יאָ מעשרן. אָבער, ווען דער קויש איז אויך טמא, איז דאָך ניטאָ מורא צו האָבן טאָמער וועלן די צוריקגעלייגטע איילבירטן מטמא זיין די אנדערע איילבירטן פון קויש, ווייל זיי זענען דאָך סיי ווי טמא; דעריבער איז אָנצונעמען, אז ער וועט צוריקלייגן די איבערגעבליבענע איילבירטן, וועלכע ער וועט ניט אויפעסן, און די ארבייט ארום די דאָזיקע איילבירטן איז נאָכניט פארענדיקט, און ער דאַרף ניט מעשרן.

ד. שותים, מען מעג טרינקען ווין (אומגעמעשרט) אין ווין־קעלטער. די מפרשים טייטשן אויפן יסוד פון דער גמרא עירובין צ״ט, אז דאָ מיינט מען, אז ווען איינער שטייט אין דרויסן און שטעקט אריין דעם קאָפּ אין ווינקעלטער מעג ער דאָרט טרינקען ווין אומגע׳מעשר׳ט. מחמת עס הייסט ניט, אז מען האָט שוין ארויסגענומען פון קעל־טער דעם ווין צו טרינקען און עס איז ניט דעריבער קיין טרינקען בקביעות, נאָר א שתית עראַי, א צופעליק טרינקען, און דאָס מעג מען אומגע׳מעשר׳ט. בין על החמין, סיי ווען

**מאיר; ר׳ אליעזר בר׳ צדוק מחיב; וחכמים אומרים, על החמין חייב, ועל הצונין פטור.**

**ה. המקלף שעורים, מקלף אחת אחת ואוכל; ואם קילף ונתן לתוך ידו חייב. המולל מלילות של חטים מנפה מיד ליד ואוכל; ואם נפה ונתן לתוך חיקו חייב. כוסבר שזרעה לזרע, ירקה פטור; זרעה לירק, מתעשרת**

---

דעם טרינקער האָט צוגעגאָסן צום וויין ווארעם וואסער, און סיי ער האָט צוגעגאָסן קאלט וואסער איז ער פטור (פון מעשרן), אזוי זאָגט ר׳ מאיר. **אמאָל פלעגט מען טרינקען ניט קיין ריינעם וויין, נאָר מען האָט אין אים אריינגעגאָסן וואסער. זאָגט ר׳ מאיר, אז אלץ איינס צי ער האָט צוגעגאָסן ווארעם וואסער און מען ווייסט זיכער, אז ער וועט דעם וויין ניט מער צוריקגיסן אין קעלטער, כדי ניט קאליע צו מאכן דעם וויין אין קעלטער** (ווייל וויין מיט ווארים וואסער קאָן זיך ניט לאנג האלטען) **און סיי מיט קאלט וואסער, און עס קאָן דאָך זיין אז ער זאָל יאָ צוריקגיסן דעם וויין, איז ער אלץ פטור פון מעשרן.** ר׳ אליעזר בר׳ צדוק איז מחיב (צו מעשרן). **ווייל ער האלט, אז עס איז מורא צו האָבן טאָמער וועט ער צוריק ארויסנעמען דעם קאָפּ פון קעלטער ארויס. רש״י אין עירובין צ״ט זאָגט, אז ר׳ אליעזר בר׳ צדוק איז מחיב צו מעשרן נאָר ווען ער האָט צוגעגאָסן וואסער, ווייל דערמיט האָט ער געוויזן, אז ער טרינקט דעם וויין ניט צופעליק, עראַי, נאָר בקביעות.** וחכמים, אָבער די חכמים זאָגן, אז אויב (ער האָט צוגעגאָסן וואסער וואָס איז) ווארעם איז ער מחויב, און אויב קאַל־טע איז ער פטור (פון מעשרן). **ווייל נור מיט ווארעם וואסער איז מען זיכער, אז ער וועט ניט צוריקגיסן דעם וויין אין קעלטער.**

ה. המקלף, אז איינער שיילט אָפּ גערשטן, מעג ער אפּשיילן צו איין גערשט מיט אמאָל און עסן (אומגע׳מעשר׳ט); אָבער אויב ער האָט אָפּגעשיילט (עטליכע גערשטן) און אריינגעלייגט אין האנד (און וויל עסן פון זיי) איז ער מחויב (צו מעשר׳ן). **דער דאָזיקער דין איז ענליך צו די פריעריקע דינים אין דער משנה, אז ווען מען נעמט איינס יעדעס מאָל איז מען פטור פון מעשר, אָבער צוויי איז מען שוין מחויב צו מעשרן** (פריער פרק ה׳ משנה ה׳ און ווייטער). **אָבער דאָ זאָגט די תוספתא און דער ירושלמי, אז ביי גערשטן, אפילו ער שיילט אָפּ צוויי גערשטן צוזאמען, איז ער אויך פטור צו מעשרן, און ערשט ביי דריי צוזאמען איז ער מחויב.** המולל מלילות, אז איינער צערייבט ווייץ־זאנגן (מיט דער האנט) מעג ער ארויסבלאָזן (די פלעוועס) פון האַנט צו האנט און עסן (די ווייץ־קערנדלעך) אומגע׳מעשר׳ט; אָבער אויב ער האָט ארויס־געבלאָזן (די פלעוועס) און ער האָט (די ווייץ־קערנדלעך) אריינגעלייגט אין זיין קלייד (פאָלעס פון קלייד) איז ער מחויב צו מעשר׳ן. **דער אונטערשיד איז, וואָס אין דער האנט הייסט עס עראַי, צופעליק עסן, ניט קיין קביעות; אָבער ווען ער נעמט אריין די ווייץ־קערנדלעך אין קלייד, הייסט עס שוין א קביעות. דאָס וואָרט ״מלילות״ מיינט מען זאנגען, און ״המולל״ הייסט ארויסרייבן די קערנדלעך פון די זאנגען. מיט ״ארויס־בלאָזן פון האנט צו האנט״, מיינט מען איבערוואַרפן פון איין האנט אין דער צווייטער די צעריבענע ווייצן־זאנגען, אזוי אז די פלעוועס, די שטרויערלעך, פאלן אוועק און עס בלייבן די קערנדלעך.** כוסבר, קאַריאַנדער־פלאַנצונג, וואָס מען האָט פארזייט, כדי צו האָבן שפּעטער קערנדלעך צום פאַרזייען (זרע, ניט אויף צו עסן די בלעטער), איז זיין גרינס (די בלעטער) פּטור (פון מעשר). אויב מ׳האָט פארזייט (צו עסן) די בלעטער, מעשר׳ט מען די קערנדלעך און די בלעטער. ר׳ אליעזר זאָגט, אז דיל־קרויט (שבת) דאַרף מען מעשרן סיי די קערנדלעך (זרע, די זאמען), סיי די גרינס (די בלעטער) און סיי די צוויגן (זירים). **ווייל אלע דריי זענען וויכטיק ביי דיל־קרויט. טייל טייטשן ״זירים״ ניט די צווייגן, נאָר דער טייל פון דיל־קרויט אין וועלכן עס געפינען זיך די זאמען** (די זרע־קערנדלעך). וחכמים, אָבער די חכמים זאָגן, אז מען דאַרף ניט

זרע וירק. ר׳ אליעזר אומר, השבת מתעשרת זרע וירק וזרין; וחכמים אומרים, אינו מתעשר זרע וירק אלא השחלים והגרגר בלבד.

ו. רבן גמליאל אומר, תמרות של תלתן ושל חרדל ושל פול הלבן חייבות במעשר. ר׳ אליעזר אומר, הצלף מתעשר תמרות ואביונות וקפרס; ר׳ עקיבא אומר, אין מתעשר אלא אביונות, מפני שהן פרי.

## פרק ה.

א. העוקר שתלים מתוך שלו ונוטע לתוך שלו פטור. לקח במחובר

---

מעשרן אי די זאמען (זרע־קערנדלעך) און אי די גרינס (די בלעטער), נאָר פון שחלים (קרעס, אזא סאלאט־פלאנץ) און פון גרגר (ווייסער זענעפט, ווייסע גאָרטשיצע) אליין. ווייל נאָר ביי די דאָזיקע צוויי פלאנצן, אויב דער וואָס פארזייט באשטימט ניט פריער, צו וואָס ער פארזייט זיי, מיינט ער זיכער צו באנוצן סיי די זאמען און סיי די בלעטער.

ו. רבן גמליאל זאָגט, אז די טייטלן (תמרות, די „קעפלעך״ אין אָנהויב פון בליהען) פון גריכיש היי (תלתן, פענוגריק), און פון זענעפט (חרדל, גאָרטשיצע) און פון ווייסן באָב (פול הלבן) דארף מען מעשרן. ווייל די דאָזיקע קעפלעך האָבן א חשיבות און מענטשן באנוצן זיי צום עסן. דער ברטנורא (און אויך דער ר״ש) ברענגט נאָך א טייטש פאר „תמרות״, אז דאָס מיינט מען די ווייכע צווייגן, און טייל מענטשן עסן זיי. אין טייל משניות איז פאראן די גירסא „רבן שמעון בן גמליאל״. ר׳ אליעזר זאָגט, אז דעם צלף, דאָס קאפער־ביימל, דארף מען מעשרן סיי די תמרות (קעפלעך, אָדער ווייכע, יונגע צווייגן), סיי די אביונות, די פרוכטן פון קאפער־ביימל (א סאָרט יאגדעס), אסן סיי דעם קפרס, די בלומען (וואָס היטן די פרוכטן). ווייל די אלע דריי טיילן פון דעם קאפער־ביימל ווערן געגעסן. ר׳ עקיבא זאָגט, אז מען דארף מעשרן בלויז די אביונות, די פרוכטן ווייל זיי זענען די פרוכטן (די פרי פון קאפער־בוימל). דער רמבם זאָגט, אז ר׳ עקיבא זאָגט דעם דין ניט דוקא וועגן קאפער־בוים, נאָר אויך אויף אלע אנדערע ביימער, און ער האלט, אז מען דארף מעשרן נאָר די פרוכטן.

## פרק ה.

א. העוקר, איינער רייסט־אויס פלאנצן פון זיין גאָרטן און פארפלאנצט זיי אין (אן אנדער ארט) אין זיין גאָרטן איז ער פטור (צו מעשרן). דער שטייגער פון גערטנער איז טיילמאָל ארויסצורייסן גרינס־פלאנצונגען, ווי ציבעלעס, וועלכע וואקסן צו־געדיכט, און זיי פארפלאנצן אין אן אנדער אָרט, כדי זיי זאָלן וואקסן בעסער. דאָס זעלבע איז מען זיך אויך נוהג ארויסצורייסן יונגעביימער־פלאנצן, אפילו אזעלכע, וואָס האָבן שוין פרוכטן אויף זיך, און צו פארפלאנצן זיי אין אן אנדער באקוועמער אָרט. די דאָזיקע פלאנצן הייסן „שתלים״ (אויך „שתילים״). זאָגט די משנה, אז אויב איינער האָט ארויסגעריסן די פלאנצן, און ער האָט זיי אדורכגעפירט דורך זיין הויף, און ער האָט זיי פארפלאנצט אין אן אנדער אָרט, זענען זיי פטור פון מעשר, און מען מעג זיי עסן אן אכילת עראַי, א ניט־פולשטענדיק עסן. כאָטש זיי זענען דאָך שוין געווען אין הויף, און מיר האָבן דאָך געלערנט אין פרק א׳ משנה ה׳ אז פרוכטן, וואָס זענען געווען אין הויף, טאָר מען ניט עסן אומגעמעשר׳ט; אָבער ווייל דאָ האָט ער זיי דאָך ארויסגענומען צום פארפלאנצן אין אן אנדערן אָרט, און ער האָט זיי פארפלאנצט אין אנדערן אָרט, זענען זיי פטור. לקח, אז איינער האָט געקויפט (פרוכטן ווען זיי זענען נאָך געווען באַ־האפטן צו דער ערד (נאָכניט אָפגעשניטן) איז ער פטור (צו מעשרן). דער דין, אז מקח, קויפן, איז „קובע למעשר״, מאכט, אז מען זאָל ניט עסן אומגע׳מעשר׳ט אפילו אן אכילת עראַי, איז נור ווען מען קויפט אָפגעשניטענע פרוכטן, אָבער ניט ווען זיי זע־נען נאָך באהעפטן צו דער ערד. לקט לשלוח, אויב איינער האָט אָפגעריסן (פרוכטן), צו שיקן צו זיין פריינט איז מען פטור (צו מעשרן). די משנה האָט עטליכע טייטשן. דער ר״ש און דער ברטנורא טייטשן, אז איינער האָט ארויסגעריסן „שתילים״, פלאנצן

לקרקע פטור. לקט לשלח לחברו פטור. ר׳ אלעזר בן עזריה אומר, אם יש כיוצא בהם נמכרים בשוק הרי אלו חייבין.

ב. העוקר לפת וצנונות מתוך שלו ונוטע לתוך שלו לזרע, חייב, מפני שהוא גרנן. בצלים, משהשרישו בעליה טהרו מלטמא. נפלה עליהם מפולת והם מגולים, הרי אלו כנטועים בשדה.

ג. לא ימכר אדם את פירותיו משבאו לעונת המעשרות למי שאינו

---

(ווענן וועלכע עס איז געלערנט געוואָרן אין אָנהויב פון דער דאָזיקער משנה) צו שיקן צו זיין פריינט, אז דער פריינט זאָל זיי פארפלאנצן ביי זיך, איז מען פטור צו מעשר׳ן, כאָטש אויף די פלאנצן זענען געוועזן פרוכטן. דער רמבם איז גורס „לקח" אנשטאָט „לקט", און ער לערנט די משנה, אז דאָ מיינט מען סתם וועגן פרוכטן, און אז דאָס וואָס דער דין איז, אז „מקח", קויפן, מאכט אז מען זאָל דארפן מעשרן, איז נור ווען איינער קויפט פאר זיך צום עסן, אָבער אויב ער קויפט צו שיקן א מתנה צו זיין פריינט איז מען פטור צו מעשרן. ר׳ אלעזר בן עזריה זאָגט, אז אויב אזעלכע ווי זיי (ווי די דאָזיקע „שתילים", פלאנצן, וואָס ער האָט ארויסגעריסן, לויט דעם טייטש פון ר״ש, אָדער סתם פרוכטן, לויט דעם רמבמ׳ס טייטש) ווערן פארקויפט אין מארק, איז מען מחויב צו מעשרן, ווייל דערמיט הייסט עס, אז די דאָזיקע שתילים, פלאנצן (לויט דעם פשט פון ר״ש), אָדער די פרוכטן (לויט דעם רמב׳ס פשט), זענען שוין פול־שטענדיק פארטיק און די ארבייט ארום זיי איז שוין פארענדיקט.

ב. העוקר, אז איינער רייסט־ארויס (פלאנצן, שתילים) ריבן (לפת) און רעטאך (צנונות) פון זיין (גאָרטן) און פארפלאנצט זיי (אין אן אנדער אָרט) אין זיין (גאָרטן), כדי שפּעטער צו האָבן פון זיי זאמען (זרע, זאמען צום פארזייען, ניט צו עסן די גרינסן) איז ער מחויב (צו מעשר׳ן), ווייל דאָס איז זייער „גורן" (שייער). מיר האָבן אין דער הקדמה צו מסכת מעשרות און אויך אין פרק א׳ משנה ה׳ דערקלערט, אז מיט „גרנן למעשרות", מיינט מען די צייט, ווען ארום דער פרוכט איז שוין פארענדיקט געוואָרן די ארבייט, און די פרוכט איז שוין פארטיק צום פארקויפן אָדער צום ברענגען אין הויז אריין. זאָגט דאָ די משנה, אז ווייל ער מיינט ארויסצובאקומען שפּעטער פון די ריבן אָדער רעטאך די זאמען (און זאמען פון אזעלכע גרינסן ווי ריבן און רעטאך זענען פטור פון מעשר, ווייל מען עסט זיי ניט), הייסט עס, אז ווען ער האָט ארויסגעריסן די ריבן און דעם רעטאך איז שוין געוואָרן דער סוף פון דער ארבייט ארום זיי, און דעריבער מוז ער זיי מעשר׳ן. בצלים, ציבעלעס וועלכע (מען האָט אָפּגעשניטן פון גאָרטן און ארויפגעלייגט אויפן בוידעם און זיי) זענען אין דער ערד פון בוידעם געוואָרן צוריק איינגעוואָרצלט, ווערן זיי טהור ניט מטמא צו זיין. אויב די ציבעלעס זענען טמא געוואָרן (האָבן אָנגערירט א טמא־זאך) נאָכדעם ווי מען האָט זיי אָפּגעשניטן פון גאָרטן, ווערן זיי איצט טהור, ריין, ווייל זיי ווערן, בנוגע טומאה, פארעכנט ווי פארזייט, באהאפטן צו דער ערד, און זאכן, וועלכע זענען באהאפטן צו דער ערד (מחובר) האָבן ניט אויף זיך קיין טומאה (זע פריער אין שביעית פרק י׳ משנה ז׳). אָבער בנוגע מעשר און אנדערע ענינים האָבן זיי ניט דעם דין ווי פארזייטע. נפלה, אויב עס איז ארויפגעפאלן אויף זיי (אויף די ציבעלעס) א בערגל ערד און זייערע בלעטער זענען געבליבן אָפּגעדעקט, האָבן זיי דעם דין ווי זיי זענען פארפלאנצט אין פעלד. אין דעם דאָזיקן פאל הייסן זיי ווי צוריק פארפלאנצט, פארזייט, ניט דוקא בנוגע טומאה, נאָר אויך אין אלע ענינים, בנוגע מעשר, שמיטה, און שבת.

ג. לא, א מענטש טאָר ניט פארקויפן זיינע (באהאפטענע צו דער ערד) פרוכטן, פון זינט זיי האָבן שוין דערגרייכט די צייט ווען מען דארף פון זיי אָפּשיידן מעשרות (עונת המעשרות), צו איינעם וועלכער איז ניט באגלויבט, אז ער שיידט אָפּ מעשרות. אין מעשרות פרק א׳ משנה ב׳, ג׳ און ד׳ ווערט געלערנט, פון ווען אָן פרוכטן און

**נאמן על המעשרות, ולא בשביעית למי שהוא חשוד על השביעית, ואם בכרו, נוטל הבכורות ומוכר את השאר.**

**ד. לא ימכור אדם את תבנו ואת גפתו ואת זגיו למי שאינו נאמן על המעשרות להוציא מהן משקין; ואם הוציא, חייב במעשרות ופטור מן התרומה, שהתורם — בלבו על הקוטעים, על הצדדים ועל מה שבתוך התבן.**

---

גרינסן און תבואה דארפן ווערן גע׳מעשר׳ט (למשל פייגן, ווען זיי ווערן ווייסלעך, תבואה, ווען זי ווערט אויפגעוואקסן א דריטל). דאס הייסט „עונת המעשרות״, די צייט, ווען זיי דארפן ווערן גע׳מעשר׳ט. זאגט די משנה, אז ווען פרוכטן צי תבואה צי גרינס האבן שוין דערגרייכט די דאזיקע צייט טאר מען זיי ניט פארקויפן צו א מענטש, וועלכער איז ניט באגלויבט, אז ער שיידט אפ מעשרות. אפגעריסענע, ניט־גע׳מעשרטע (טבל) פרוכטן טאר מען צו קיינעם ניט פארקויפן. ולא בשביעית, און אים שמיטה־יאר טאר מען ניט פארקויפן פרוכטן צו אזא מענטש, וואס איז חשוד אז ער היט ניט אפ די שמיטה־דינים. דאס אלץ, סיי ביי מעשר און סיי ביי שמיטה, טאר מען ניט טאן, ווייל מען איז עובר אויף „ולפני עור לא תתן מכשול״ (ויקרא י״ט), פאר א בלינדן טאר מען ניט לייגן קיין שטרויכלונג, און דער טייטש איז אויך, אז מען טאר ניט געבן די מעגליכקייט צו טאן א עבירה איינעם, וועלכן מען איז חושד אז ער וועט טאן די עבירה. ואם בכרו, און אויב (ניט אלע פרוכטן זענען אויפגעוואקסן און דערגרייכט צו דער „צייט פון מעשרות״, און נאר) א טייל איז געווארן צייטיק (און דערגרייכט די „צייט פון מעשרות״, און די איבריקע פרוכטן האבן נאכניט דערגרייכט), זאל ער (דער פארקויפער) נעמען פאר זיך די צייטיקע (בכורות) און ער מעג פארקויפן די איבריקע. מחמת די איבריקע דארף מען נאכניט מעשרן, דעריבער מעג ער זיי פארקויפן אפילו צו אזעלכן, וועלכער איז ניט באגלויבט אויף מעשרות.

ד. לא ימכור, א מענטש טאר ניט פארקויפן זיין שטרוי (אויסגעדראשענע תבואה־שטרוי, אין וועלכע עס געפינען זיך נאך טיילמאל קערנדלעך פון ווייץ, גערשטן, צי אנדערע תבואה), און זיין אפפאל פון איילבירטן (גפת, שאלעכץ פון איילבירטן אין וועלכע עס איז נאך פארבליבן עטוואס אייל), און זיין אפפאל פון ווייטרויבן (זגיו, שאלעכץ פון וויינטרויבן, אין וועלכע עס איז נאך פארבליבן אביסל טרויבן־זאפט) צו איינעם, וועלכער איז ניט באגלויבט, אז ער שיידט־אפ מעשרות, כדי ארויסצונעמען פון זיי (פון דעם איילבירטן־אפפאל און פון וויינטרויבן־אפפאל) דעם זאפט (דעם איבער־געבליבענעם אייל צי טרויבן־זאפט). די משנה גיט דא אן נור וועגן ארויסנעמען דעם זאפט פון דעם איילבירטן און וויינטרויבן־אפפאל; אבער זי מיינט אויך „כדי ארויסצו־נעמען די פארבליבענע קערנדלעך פון דעם שטרוי״. ואם הוציא, און אויב מען האט ארויסגענומען (סיי די איבערגעבליבענע קערנדלעך פון דעם שטרוי און סיי דעם אייל־זאפט און טרויבן־זאפט פון דעם איילבירטן־און וויינטרויבן־אפפאל) דארף מען דערפון אפשיידן מעשר, אבער ניט קיין תרומה, ווייל דער וועלכער שיידט אפ תרומה (פון דער גאנצער תבואה) האט אין זינען געהאט (אז די אפגעשיידטע תרומה זאל אויך זיין) אויף די אפגעהאקטע תבואה־זאנגן (קטועים, אפגעהאקטע, שטעקלעך), אויף די זייטן (צדדים, די תבואה־קערנדלעך, וואס זענען געבליבן אין דער זייט) און אויף דעם (די קערנדלעך וואס זענען פארבליבן) אין שטרוי. און דאס זעלבע איז אויך, דער וואס האט אפגעשיידט תרומה פון דעם אייל אין אייל־קעלטער און פון דעם וויין אין וויינקעלטער האט אין זינען געהאט, אז די אפגעשיידטע תרומה זאל שוין זיין אויך אויף דעם אייל־זאפט אין איילבירטן־אפפאל, און אויף דעם טרויבן־זאפט אין וויינ־טרויבן־אפפאל.

**ה. הלוקח שדה ירק בסוריא, אם עד שלא בא לעונת המעשרות חייב; ומשבא לעונת המעשרות פטור; ולוקט כדרכו והולך. ר׳ יהודה אומר אף ישכור פועלים וילקוט. אמר רבן שמעון בן גמליאל, במה דברים אמורים? בזמן שקנה קרקע; אבל בזמן שלא קנה קרקע, אם עד שלא בא לעונת המעשרות פטור. רבי אומר, אף לפי חשבון.**

**ו. המתמד ונתן מים במדה ומצא כדי מדתו, פטור. ר׳ יהודה מחייב.**

---

ה. הלוקח, אז איינער (א ייד) (קויפט (פון א גוי) א פעלד מיט גרינס אין סוריא, אויב דאָס גרינס האָט (אין דער צייט פון קויפען דאָס פעלד) נאָכניט דערגרייכט די „צייט פון מעשרות״, איז (דער ייד) מחויב אָפּצושיידן מעשר (שפּעטער ווען עס קומט די „צייט פון מעשרות״); און אויב (דאָס קויפן איז פאָרגעקומען) נאָכדעם ווי דאָס גרינס האָט דערגרייכט די „צייט פון מעשרות״, איז ער פטור (פון מעשרן). מיר האָבן געשריבןפריער אין מסכת דמאי פרק ו׳ משנה י״א, אז סוריא איז דאָס היינטיקע סיריע, (מיט געוויסע ענדערונגן), דאָס לאנד, וואָס ליגט אין צפון פון ארץ ישראל, און וואָס דוד המלך האָט געהאט איינגענומען. סוריא איז באטראכט געוואָרן אביסל ווי ארץ ישראל, אָבער ניט אינגאנצן ווי ארץ ישראל. למשל פרוכטן פון א ייד׳ס א פעלד אין סוריא האָט מען געמוזט מעשר׳ן; אָבער פרוכטן פון א גוי׳ס א פעלד אין סוריא זענען געווען פטור פון מעשר. דעריבער אויב דאָס גרינס האָט דערגרייכט די „צייט פון מעשרות״ (לויט ווי עס ווערט געלערנט די „מעשרות־צייט״ פון גרינס פריער אין פרק א׳ משנה ד׳) ווען דאָס פעלד האָט שוין געהערט צום ייד, דארף מען דאָס גרינס מעשרן. אָבער אויב דאָס גרינס האָט דערגרייכט די „מעשרות־צייט״, ווען עס איז נאָך געווען ביים גוי, איז דאָך דערויף ניט ארויף, אין דער ריכטיקער צייט, דער חיוב פון מעשרן, איז דער דין, אז אפילו ווען דער ייד האָט עס אָפּגעקויפט דארף ער אויך ניט מעשרן. ולוקט כדרכו, און ער מעג קלויבן (אראָפּרייסן דאָס גרינס) ווי געווינטליך. דער ברטנורא טייטשט, אז ער טאָרניט דינגען קיין ארבייטער אים צו העלפן אראָפּצורייסן דאָס גרינס, ווייל מען קאָן מורא האָבן טאָמער וועט ער עס טאָן אויך מיט א פעלד וואָס האָט נאָכניט געהאט די מעשרות־צייט. נאָר ער מעג אליין אפּרייסן דאָס גרינס, און ער איז פטור פון מעשרן אפילו דאָס גרינס איז דערווייל צוגעוואקסן אין דער צייט ווען דאָס פעלד איז שוין זיינס (דעם ייד׳ס). ר׳ יהודה זאָגט, אז ער מעג אויך דינגען ארבייטער צו העלפן אים אראָפּרייסן דאָס גרינס. האָט רבן שמעון בן גמליאל געזאָגט: ווען איז דאָס געזאָגט געוואָרן (אז אויב ער האָט געקויפט פאר דער „מעשרות־צייט״ דארף ער מעשרן)? נאָר ווען ער (דער ייד) האָט געקויפט (ניט נאָר דאָס גרינס, נאָר אויך) דאָס פעלד; אָבער אויב ער האָט ניט געקויפט דאָס פעלד (נאָר דאָס גרינס אליין, עס אראָפּצונעמען פון פעלד), איז אפילו איידער עס איז געווען די „מעשרות־צייט״ איז ער פטור (פון מעשרן). ווייל דאָס פעלד געהערט דאָך כסדר צום גוי, איז עס דעריבער ווי דאָס גרינס וואקסט כסדר אין גוי׳ס רשות. אין דער משנה איז דאָ פאראן דאָס וואָרט „אם עד שלא בא״, און מיר האָבן איבערזעצט מיט „אפילו״; ווייל ער איז פאראן טיילמאָל אין תנך און משנה ווען „אם״ האָט דעם טייטש פון „אפילו״. רבי זאָגט, אז אויך לויטן חשבון. דער ירושלמי טייטשט די ווערטער פון רבי (ר׳ יהודה הנשיא, מסדר פון דער משנה), אז זיי גייען ארויף אויף די ערשטע ווערטער פון דער משנה, אז „אויב ער האָט געקויפט איידער עס איז געקומען די מעשרות־צייט דארף ער מעשרן״, זאָגט רבי, אז ער דארף ניט מעשרן דאָס גאנצע גרינס נאָר דעם טייל וואָס איז צוגעוואקסן אין זייך, דעם ייד׳ס, רשות. אויב למשל עס איז צוגעוואקסן נאָר צוויי דריטל דארף ער געבן מעשר נאָר צוויי דריטל פון דעם, וויפיל ער וואָלט געדארפן געבן פון גאנצן גרינס.

ו. המתמד, אז איינער מאכט תמד („תמד״ הייסט, ווען מען טוט אריין וואסער

**מצא יותר על כדי מדתו, מוציא עליו ממקום אחר לפי חשבון.**
**ז. חורי הגמלים שלנו בצד הערימה החייבת, הרי אלו חייבים, שידוע שמדבר הגמור היו גוררין כל הלילה.**
**ח. שום בעל בכי ובצל של רכפא וגריסין הקילקין והעדשים המצריות, ר׳ מאיר אומר, אף הקרקס ; ר׳ יוסי אומר, אף הקטנים**

---

אין הייוון פון ווייַן, אָדער אין שאָלעכץ און קערנדלעך פון די וויינטרויבן און דאָס וואַסער באַקומט א טעם פון ווייַן נאָך א געוויסער צייט), און ער האָט אַריינגעטאָן וואַסער מיט א מאָס, און ער האָט דערנאָך געפינען תמד פונקט אזוי פיל וויפיל די מאָס (וואַסער, וואָס ער האָט אַריינגעטאָן, און עס איז גאָרניט צוגעקומען) איז ער פטור צו מעשרן. **כאָטש די הייוון איז געווען פון טבל; מחמת פון וואַסער דאַרף מען דאָך ניט מעשרן, און קיין ווייַן איז דאָך גאָרניט צוגעקומען, ווייל ער האָט דאָך געפונען ניט מער ווי די מאָס וואַסער וואָס ער האָט אַריינגעגאָסן; למשל ער האָט אַריינגעגאָסן דריי קרוגן וואַסער און ער האָט געפונען דריי קרוגן תמד; און דאָס וואָס דאָס וואַסער האָט באַקומען א טעם פון ווייַן, האָט ניט קיין באַדייטונג.** ר׳ יהודה איז מחייב צו מעשרן. **ווייל ער האלט, אז די הייוון האָבן אַריינגעזאַפּט אין זיך א טייל פון וואַסער, לאָמיר זאָגן א האלבע קרוג, און זיי האָבן אַרויסגעגעבן אין וואַסער אַריין פונקט אזוי פיל ווייַן, אויך א האלבע קריג, און דעריבער האָט ער ניט געפונען מער תמד ווי די מאָס וואַסער, כאָטש באמת איז יאָ פאַראַן ווייַן אין וואַסער.** מצא, אויב ער האָט געפינען מער ווי די מאָס (וואַסער וואָס ער האָט אַריינגעגאָסן, למשל, ער האָט אַריינגעגאָסן דריי קרוגן וואַסער און ער האָט געפונען פיר קרוגן תמד) דאַרף ער מעשרן פון אַן אַנדער אָרט לויטן חשבון. **ער דאַרף געבן מעשר נאָר וויפיל עס קומט פון דעם צוגעקומענעם, פון איין קרוג ווייַן; אָבער דאָס איז נאָר ווען ער נעמט דעם מעשר פון אַן אַנדער אָרט, פון ריכטיקן ווייַן. אויב אָבער ער מעשר׳ט פון תמד אַליין, מוז ער מעשר׳ן פון גאַנצן תמד. אזוי טייטשן אלע מפרשים.** — ווענן וואָרט „תמד" האָט ר׳ בנימין מוספיא אין „מוסף הערוך" געמיינט, אז דאָס איז דאָס לאַטייניש וואָרט „טעמעטום", וואָס **איז דער טייטש „ווייַן". ערשט אין די לעצטע יאָרן האָט מען געפינען אין ארץ ישראל א קרוג פון ווייַן, וואָס שטאַמט פון די צייטן פון ערשטן בית המקדש און אויף אים איז פאַראַן אין לשון קודש דאָס וואָרט „תמד", און מען זעט איצט, אז דאָס איז אַן אַלט לשון־קודש־וואָרט.**

ז. חורי הנמלים, לעכער פון מוראַשקעס, וואָס האָבן איבערגענעכטיקט לעבן א בערגל (תבואה) וואָס מען דאַרף אָפּשיידן פון אים מעשר, זענען (די תבואה־קערנער, וואָס מען געפינט אין די לעכער) מחויב (מען זאָל פון זיי אָפּשיידן מעשר), ווייל עס איז באַוואוסט, אז פון א „פאַרטיקער זאַך (פון פאַרטיקער תבואה, וואָס איז מחויב אין מעשר) האָבן זיי (די מוראַשקעס) געשלעפּט (קערנער) א גאַנצע נאַכט. **דער טייטש איז אז אויב דאָס בערגל תבואה וואָס איז מחויב אין מעשר (ערימה החייבת), איז געשטאַנען איבער א נאַכט, דאַרף מען אויך פון די תבואה־קערנער, וואָס מען געפינט אין די מוראַשקעס־לעכער מעשרן, ווייל די מוראַשקעס האָבן גענומען פון דעם בערגל תבואה.**

ח. שום בעל בכי, קנאָבל פון דעם אָרט בעל בכי, און ציבעלע פון דעם אָרט רכפא, און צושפּאָלטענע באָבעס פון דעם אָרט קיליקיא, און עגיפּטישע לינזן (א סאָרט אַרבעס), ר׳ מאיר זאָגט, אז אויך קאַלאַקאַסיא־באָבעס, ר׳ יוסי זאָגט, אז אויך קוטנים־אַרבעס, — זענען (די אַלע וואָס מען האָט דאָ אויסגערעכנט) פטור פון מעשר. **ווייל זיי זענען ניט חשוב, און מענטשן לאָזן זיי אלע וואַקסן הפקר, און הפקר איז פטור פון מעשר. ווענן שום בעל בכי זענען פאַראַן צוויי טייטשן. איינער איז, אז דאָס איז א סאָרט קנאָבל, וואָס וואַקסט געוויינטליך אין דעם אָרט באַלבעק (בעל בכי) לעבן דעם**

**פטורים מן המעשרות ונלקחין מכל אדם בשביעית. זרע לוף העליון, זרע כרישים, זרע בצלים, זרע לפת וצנונות ושאר זרעוני גנה שאינן נאכלים פטורים מן המעשרות ונלקחין מכל אדם בשביעית, שאף על פי שאביהן תרומה הרי אלו יאכלו.**

בארג לבנון; א צווייטער איז, אז דער קנאָבל איז אזוי שארף, אז ווער עס עסט אים הויבן זיך אים אָן רינען טרערן („בכי" „וויינען"). „רכפא" איז אויך אן אָרט ניט ווייט פון בארג לבנון. די קיליקיא־באָבעס („גריסין" מיינט צושפּאָלטענע באָבעס) זענען, ווי די משנה זאָגט אין מסכתא כלים י"ז, פירקאנטיקע. העדשים המצריות, עגיפּטישע לינזן, זיינען א סאָרט געמיינע לינזן. „קרקס" איז א סאָרט באָבעס, „קוטנים" טייטשן די מפרשים א סאָרט לינזן. ונלקחין, און מען מעג זיי קויפן פון יעדן מענטש אים שמיטה־יאָר. אפילו פון אזעלכן, וועלכער איז חשוד צו פארקויפן שמיטה־פרוכטן; מחמת זיי וואקסן אין הפקר. זרע לוף העליון, די אויבערשטע זאמען־קערנדלעך פון לוף־ציבעלעס, זרע כרשים, זאמען־קערנדלעך פון גרינעם קנאָבל (לויך), זרע בצלים, זאמען־קערנדלעך פון ציבעלעס, זרע לפת וצנונות, זאמען־קערנדלעך פון ריבן און רע־טאכער, ושאר זרעוני, און אלע אנדערע זאמען־קערנדלעך פון גאָרטן־גרינסן, וועלכע (די קערנדלעך) ווערן ניט געגעסן (מען עסט נור די בלעטער, דאָס גרינס זעלבסט) זענען פטור פון מעשר. ווייל זיי ווערן ניט געגעסן און זיי זענען נור צום פארזייען, דארף מען זיי ניט מעשרן; דער ברטנורא טייטשט, לויטן ירושלמי, זרע לוף העליון", אז דאָס מיינט מען די זאמען־קערנדלעך פון דער ווילדער לוף־ציבעלע (לוף השוטה). ונלקחין, און מען מעג זיי קויפן פון יעדן מענטש אים שמיטה־יאָר. אפילו פון איינעם וואָס איז חשוד צו פארקויפן שמיטה־פרוכטן; ווייל מען עסט ניט די דאָזיקע זאמען־קערנדלעך. שאף על פי, און כאָטש זייערע פאָטערס (אביהן, די דאָזיקע זאמען־קערנד־לעך) זענען (גענומען פון) תרומה, מעג (אפילו א ישראל) עסן (די גרינסן, וואָס וועלן ארויסוואקסן פון זיי). דער דין, אז געוויקסן פון פארזייטער תרומה טאָר א ישראל ניט עסן, איז נאָר ווען די זאמען־קערנדלעך אליין קאָן מען עסן, זענען „נאכלים"; אָבער אויב די זאמען־קערנדלעך קאָן מען ניט עסן, אפילו זיי זענען פון תרומה, מעג א ישראל עסן די געוויקסן, וועלכע וואקסן ארויס ווען מען פארזייט זיי. אין דער משנה איז פאַראן „שאף על פי", „ווארום כאָטש"; אָבער די מפרשים טייטשן „און כאָטש". דער רמבם האָט די גירסא „ואף על פי".

סליק מסכת מעשרות — געענדיקט מסכת מעשרות

# מסכת מעשר שני

## הקדמה

נאָכדעם ווי דער בעל הבית פון פעלד צי פון גאָרטן האָט אראָפּגענומען די תבואה צי די פרוכטן צי די גרינס און האָט אָפּגעשיידט פון זיי צוערשט תרומה און איר אוועקגעגעבן דעם כהן, און דערנאָך מעשר ראשון (דעם ערשטן מעשר) און אים אוועקגעגעבן צום לוי (שפּעטער האָט מען אויך דעם מעשר ראשון געגעבן צום כהן), האָט ער אָפּגעשיידט נאָך א צענטל, נאָך א מעשר פון זיינע תבואות און פרוכטן און גרינס, און דאָס האָט געהייסן מעשר שני, דער „צווייטער מעשר". דאָס האָט מען אָפּגעשיידט נור אין די יאָרן 1 און 2 און 4 און 5 נאָך דעם שמיטה־יאָר (יעדעס 7־טע יאָר איז געווען שמיטה־יאָר). אין די יאָרן 3 און 6 האָט מען אנשטאט מעשר שני גע־דארפן געבן „מעשר עני", „דעם אָרימאַנ'ס צענטל", ווייל מען האָט דעמאָלס גע־דארפן אוועקגעבן דאָס דאָזיקע צענטל צו אָרימע לייט. אָבער וואָס האָט מען געטאָן מיט דעם מעשר שני? דער חומש דברים י"ד זאָגט, אז מען האָט געדארפן ברענגען דעם דאָזיקן מעשר, דעם מעשר שני (דעם נאָמען מעשר שני געפינט מען ניט אין חומש) צום אָרט, וואָס גאָט האָט אויסדערוויילט, און דאָרט אים עסן; און אזוי ווי

# מסכת מעשר שני

## פרק א.

**א. מעשר שני אין מוכרין אותו, ואין ממשכנין אותו, ואין מחליפין אותו, ולא שוקלין כנגדו, ולא יאמר אדם לחברו בירושלים „הילך יין**

דאָס אָרט איז געווען אין ירושלים, האָט מען דעם מעשר שני געדאַרפֿן ברענגען קיין ירושלים און דאָרט אים עסן. דאָס הייסט, מען האָט קיינעם ניט געדאַרפֿן אוועקגעבן דעם מעשר שני; דער בעל הבית אליין האָט עס געקאָנט עסן, אָבער נור אין ירושלים, ניט אויסער דער שטאָט פֿון ירושלים.

דער חומש דאָרט זאָגט אויך, אז אויב מען איז ווייט פֿון גאָטס אָרט (פֿון ירושלים) און עס איז שווער צו פֿירן אהין די תבואות און פּרוכטן, זאָל מען דעם מעשר שני אויסקויפֿן, אויסלייזן מיט געלט. למשל דער מעשר שני איז ווערט געווען פֿיר שקלים זאָל מען אים אויסלייזן פאַר פֿיר שקלים; עס ווערט געלערנט פֿון דער תורה, אז דער בעל הבית דאַרף צו־געבן נאָך א פֿיפֿטל, דאָס הייסט אייגענטליך א פֿערטל, א פֿיפֿטן שקל, אזוי אז צוזאמען זאָל אנשטאָט פֿיר שקלים זיין פֿינף שקלים. דעריבער הייסט דער פֿיפֿטער שקל א פֿיפֿטל א „חומש". דעמאָלס ווען מען האָט אויסגעלייזט דעם מעשר שני מיט געלט, ווערט די תבואה צי די פּרוכטן אויס מעשר שני און מען מעג זיי שוין עסן אומעטום; אָבער אנשטאָט זיי ווערט דאָס געלט מעשר שני, און מען דאַרף עס אוועקפֿירן קיין ירושלים און דאָרט קויפֿן דערפֿאַר צו עסן און צו טרינקען און אויך אייל צו שמירן זיך דעם קערפּער. דאָס דאָזיקע אויסקויפֿן, אויסלייזן תבואה פֿון מעשר שני פאַר געלד הייסט אין דער משנה „פדיון", אויסלייזונג, „פודין", מען לייזט אויס, אָדער „מחללין", אויסלייזן.

דער מעשר שני איז באַטראַכט געוואָרן פאַר הייליק, און עס זענען פֿאַראַן דינים, וואָס מען מעג טאָן מיט דעם מעשר שני און וואָס ניט. די משנה אין דער מסכת מעשר שני לערנט די אלע דינים, עס ווערן אין דער מסכת אויך געלערנט די דינים פֿון „ביעור פֿון מעשרות", פֿון אויסרוימען מעשרות פֿון הויז אַרויס און פֿון „וידוי" זאָגן נאָכן אויסרוימען די מעשרות. עס ווערן אויך געלערנט די דינים פֿון כרם רבעי (פֿון „פֿערט־יאָריקן גאָרטן"). מיר וועלן די אלע זאַכן דערקלערן, יעדן דין אויף זיין אָרט אין דער משנה.

## פרק א.

א. מעשר שני, מעשר שני טאָר מען ניט פאַרקויפֿן. מען טאָר ניט פאַרקויפֿן די תבואה פֿון מעשר שני צו אן אנדערן, און נעמען דערפֿאַר געלט, און דער קויפֿער זאָל די תבואה אוועקפֿירן קיין ירושלים און עסן. ווי מיר האָבן געזאָגט אין דער הקדמה צו דער מסכתא מעג מען מעשר שני אויסלייזן מיט געלט, און דעמאָלס ווערט דאָס געלט מעשר שני. אָבער פאַרקויפֿן, אז די תבואה זאָל ווייטער בלייבן מעשר שני און דער פאַרקויפֿער זאָל נעמען דערפֿאַר געלט, טאָר מען ניט. ואין ממשכנין, און מען טאָר אים אויך ניט אוועקגעבן פאַר א משכון. אויב מען באָרגט געלט טאָר מען ניט געבן מעשר שני פאַר א משכון. ואין מחליפין, מען טאָר אים ניט אויסטוישן. ניט נור פאַר־קויפֿן פאַר געלט טאָר מען ניט, נאָר מען טאָר אויך ניט אוועקגעבן דעם מעשר שני און נעמען דערפֿאַר אנדערע זאַכן. ולא שוקלין, מען טאָר ניט אפּוועגן קייגן אים. מען טאָר ניט באַנוצן דעם מעשר שני אלס א געוויכט. למשל, אז איינער האָט געלט פֿון מעשר שני, א סלע, וואָס מען ווייסט, אז ער וועגט א סלע, טאָר מען ניט נוצן אים פאַר א געוויכט און אָפּוועגן מיט אים אן אנדערע זאַך; ווייל דאָס הייסט מבזה געווען דעם מעשר שני. ולא יאמר, און איינער טאָר ניט זאָגן צום אנדערן אין ירושלים: „נאַדיר וויין און געב מיר אייל". ווען צוויי מענטשן האָבן אין ירושלים מעשר שני, איינער וויין און דער צווייטער אייל, טאָר איינער ניט זאָגן צום צווייטן: איך וועל דיר געבן

**ותן לי שמן", וכן שאר כל הפירות, אבל נותנין זה לזה מתנת חינם.**
**ב. מעשר בהמה, אין מוכרין אותו תמים חי, ולא בעל מום חי ושחוט, ואין מקדשין בו את האשה. הבכור, מוכרין אותו תמים חי, ובבעל מום**

---

מיין מעשר שני און דו געב מיר דיין מעשר שני". וכן שאר, און דאס (טאר מען ניט טאן) אויך מיט אנדערע פרוכטן (פון מעשר שני). פון ווין און אייל דארף מען אפשיידן מעשר שני ווייל די תורה האט געהייסן; עס איז „מדאורייתא", א געבאט פון דער תורה. עס זיינען אבער פאראן טייל פרוכטן, וואס לויט דער תורה איז מען ניט מחויב אפצושיידן פון זיי מעשר שני (און אויך ניט אנדערע מעשרות) נאר די חכמים, די „רבנן" האבן געהייסן. זאגט די משנה, אז אויך מיט דעם מעשר שני פון אזעלכע פרוכטן וואס איז מדרבנן, טאר מען אויך ניט. אבל נותנין, אבער זיי מעגן (אין ירוד־שלים) געבן איינער דעם צווייטן א מתנה בחינם. מען טאר נאר ניט זאגן: „גאדיר אייל און דו געב מיר ווין"; אבער ניט זאגנדיק, מעג איינער געבן דעם צווייטן א מתנה זיין מעשר־שני־אייל, און יענער מעג אים געבן א מתנה זיין מעשר־שני־ווין. די מפרשים זאגן אויפן יסוד פון ירושלמי, אז נור לויט דער מיינונג פון דעם תנא (ר' מאיר) וואס זאגט, אז א מתנה הייסט ניט ווי פארקויפט, מעג מען געבן מעשר שני א מתנה; אבער לויט דער מיינונג, אז א מתנה הייסט יא ווי פארקויפט, מיינט דא די משנה, אז איינער מעג איינלאדן דעם צווייטן צו זיך צו עסן מיט אים צוזאמען דעם מעשר שני, אבער אוועקגעבן א מתנה טאר מען ניט.

ב. מעשר בהמה, מעשר, וואס מען שיידט אפ פון בהמות, טאר מען ניט פאר־קויפן ווען ער איז גאנץ, לעבעדיקערהייט. אין חומש ויקרא כ"ז ווערט געזאגט, אז ווען עס ווערן געבוירן צען בהמות (כשר'ע בהמות, ווי שעפסן, קעלבער) זאל מען א צענטל, איין בהמה פון יעדע צען, אפשיידן מעשר, און דאס הייסט „מעשר בהמה". דער דאזיקער מעשר בהמה איז הייליק און מען דארף אים פירן קיין ירושלים און מקריב זיין אלס א קרבן (דאס בלוט און פעט) אויפן מזבח אין בית המקדש, און דאס פלייש פון אים ווערט געגעסן אין ירושלים. דאס איז ווען דער מעשר בהמה איז גאנץ, האט ניט קיין פעלער. אויב אבער די בהמה, וואס איז געווארן מעשר, האט באקומען א פעלער, איז געווארן א בעל מום, און מען טאר זי ניט מקריב זיין אלס א קרבן, מעג מען זי שעכטן אומעטום און עסן אומעטום. אזוי ווי די משנה לערנט דא וועגן מעשר שני, אז מען טאר אים ניט פארקויפן, לערנט די משנה, אז אויך מעשר בהמה טאר מען ניט פארקויפן ווען ער איז גאנץ, לעבעדיגערהייט; אייגנטליך, אויך ניט ווען ער איז געשאכטן. ולא בעל מום, און (מען טאר אים, דעם מעשר בהמה) אויך ניט פאר־קויפן ווען ער איז א בעל מום, סיי ווען ער לעבט, סיי ווען ער איז געשאכטן. דער בעל הבית פון דעם מעשר בהמה מיט דעם מום, מעג אים שעכטן און אליין עסן דאס פלייש, אבער פארקויפן אים, סיי לעבעדיגערהייט, סיי דאס פלייש ווען ער איז גע־שאכטן, טאר ער ניט. ואין מקדשין, און מען טאר ניט מקדש זיין מיט אים קיין פרוי. איינע פון די וועגן ווי אזוי מען איז מקדש א פרוי, איז ווען דער מאן גיט איר געלט אדער א זאך, וואס האט די ווערט פון געלט (מינדעסטנס א פרוטה) און ער זאגט צו איר, „הרי את מקודשת לי". זאגט די משנה, אז מען קאן ניט געבן די מעשר בהמה צו א פרוי און דערמיט איר מקדש זיין; ווייל דאס הייסט ווי ער וואלט פארקויפט די מעשר בהמה צו דער פרוי און דאס טאר מען דאך ניט. הבכור, א בכור (א בהמה) מעג מען פארקויפן ווען ער איז גאנץ, לעבעדיקערהייט, און ווען ער איז א בעל־מום לעבעדיקערהייט און געשאכטענערהייט, און מען קאן מיט אים מקדש זיין א פרוי. דאס ערשטע שעפסל אדער קעלבל וואס ווערט געבוירן, הייסט „בכור", און מען דארף עס אוועקגעבן צום כהן. דער כהן דארף דעם בכור מקריב זיין אין בית המקדש (דאס בלוט און דאס פעט) און דער כהן עסט דאס פלייש. אויב דער בכור איז געווארן א בעל

**חי ושחוט, ומקדשין בו את האשה. אין מחללין מעשר שני על אסימון, ולא על המטבע שאינו יוצא, ולא על המעות שאינן ברשותו.**

**ג. הלוקח בהמה לזבחי שלמים, או חיה לבשר תאוה, יצא העור לחולין, אף על פי שהעור מרובה על הבשר. כדי יין סתומות, מקום**

**מום, האָט באַקומען אַ פעלער, מעג מען אים שעכטן אומעטום און יעדער (ניט דוקא א כהן) מעג עסן דאָס פלייש. זאָגט די משנה, אז דער בכור געהערט צום כהן ווי זיינס א פריוואט אייגנטום, און דער כהן מעג אים פארקויפן ווען ער איז גאנץ, לעבעדיקער־הייט, און ווען ער איז א בעל מום סיי לעבעדיקערהייט סיי געשאָכטענערהייט, און ער מעג מיט אים מקדש זיין א פרוי. די מפרשים באמערקן דאביי, אז די משנה מיינט ניט אין דער צייט ווען דאָס בית המקדש איז געשטאנען, מחמת דעמאָלס האָט מען א בכור, ווען ער איז געווען גאנץ און מען האָט אים געקאָנט מקריב זיין, ניט געטאָרט פאר־קויפן.** אין מחללין, מען טאָר ניט אויסטוישן (אויסליין) מעשר שני אויף א אסימון (א מטבע, וועלכע האָט ניט קיין צורה ,א גליאטע מטבע, אָן שום אויפשריפט, אָדער ציַיכן), און אויך ניט אויף א מטבע, וועלכע ,,גייט ניט" (וואָס מען קאָן ניט אויסגעבן, וואָס ווערט ניט אָנגענומען) און אויך ניט אויף געלט, וואָס ער האָט ניט אין זיין רשות. **מיר האָבן געזאָגט אין דער הקדמה צו דער מסכתא, אז די פרוכטן פון מעשר שני קאָן מען אויסטוישן אויף געלט, און דעמאָלס ווערן די פרוכטן אויס מעשר שני און מען קאָן זיי עסן אומטום, און דאָס געלט ווערט מעשר שני, און מען פירט עס קיין ירושלים און דאָרט קויפט מען דערפאר עסנווארג. זאָגט די משנה, אז דאָס געלט, אויף וועלכן מען טוישט אויס (מחללין, פון אויסטוישן, מחמת די פרוכטן פון מעשר שני ווערן פשוטע פרוכטן, חולין), דארף זיין גוט געלט. עס טאָר ניט זיין א מטבע אסימון, אויף וועל־כער עס איז ניט פאראן קיין צורה, קיין צייכן; כאָטש עפעס קאָן מען באקומען פאר אזא מטבע, אָבער קיין גוט געלט איז עס ניט. עס טאָר ניט זיין געלט פון אן אנדער לאנד, וואָס אין ארץ ישראל גייט עס ניט און מען מוז עס פירן אין יענעם לאנד, כדי עס אויסצוטוישן. עס טאָר אויך ניט זיין געלט, צו וועלכן עס איז שווער צו־צוקומען, און דער בעל הבית פון מעשר שני האָט עס ניט אין זיין רשות. די גמרא בבא קמא צ"ח גיט דערויף א ביישפיל, למשל, איינעם איז ארויסגעפאלן געלט אין ים אריין, און כאָטש מען קאָן דינגן מענטשן, וועלכע זאָלן זיך אראָפלאָזן און ארויסנעמען דאָס געלט, טאָר מען דערויף ניט אויסטוישן מעשר שני. ר' בנימין מוספיא אין ,,מוסף הערוך" זאָגט, אז ,,אסימון" איז דאָס גריכישע וואָרט ,,אסימאָן", וואָס איז דער טייטש ,,אָן א צייכן".**

ג. הלוקח בהמה, אז איינער קויפט (פאר מעשר שני געלט) א בהמה אויף מקריב צו זיין שלמים (פון קרבן שלמים איז מען מקריב אויפן מזבח נור דאָס בלוט און דאָס פעטס, און יעדער, אפילו ניט קיין כהן, מעג עסן דאָס פלייש אין גאנץ ירושלים), אָדער א חיה (א הירש וכדומה, וואָס מען טאָר ניט מקריב זיין אלס קרבן) אויף צו עסן סתם פלייש (בשר תאוה, ניט קיין קרבן), ווערט די פעל (פון דער בהמה אָדער פון דער חיה) חולין (עס איז ניט קיין מעשר שני), און כאָטש די פעל איז ווערט מער פון פלייש. **רשי אין פסחים ז' זאָגט, אז דער עיקר מצוה פון מעשר־שני־געלט איז געווען צו קויפן דערפאר אין ירושלים א בהמה און ברענגען איר א קרבן שלמים, און איר פלייש עסן אין ירושלים. דעריבער אויב מען האָט געקויפט א בהמה פאר מעשר־שני־געלט איז עס געווען פאר א קרבן שלמים. אויב אָבער מען האָט געקויפט א חיה, א כשר'ע, וואָס מען מעג עסן איר פלייש, אָבער אלס קרבן ברענגען קאָן מען איר ניט, ווי למשל א הירש, האָט מען סתם געגעסן דאָס פלייש, ניט ווי פון א קרבן. דאָס הייסט ,,בשר תאוה", פון חומש דברים י"ב (,,כי תאוה נפשך לאכל בשר"). זאָגט די משנה, אז די פעל פון דער בהמה אָדער פון דער חיה, הייסט ניט קיין מעשר שני, און מען מעג איר פאר־**

**שדרכן לימכר סתומות, יצא קנקן לחולין. האגוזים והשקדים, יצאו קליפיהם לחולין. התמד עד שלא החמיץ אינו נלקח בכסף מעשר. ומשהחמיץ נלקח בכסף מעשר.**

**ד. הלוקח חיה לזבחי שלמים, בהמה לבשר תאוה, לא יצא העור לחולין. כדי יין פתוחות או סתומות מקום שדרכן לימכר פתוחות, לא**

---

קויפן, און טאָן מיטן געלט וואָס מען וויל, ארויספירן עס פון ירושלים, קויפן וואָס מען וויל. **עס איז חולין. און אפילו ווען די פעל איז ווערט מער פון פלייש, איז זי אויך חולין, ניט קיין מעשר שני.** כדי יין, אז (איינער האָט געקויפט פאר מעשר שני געלט) קרוגן וויין פארמאַכטע, דאָרט, וואו עס איז דער שטייגער צו פארקויפן פארמאכטע, ווערט דער קרוג („קנקן״, איז דאָס זעלבע וואָס „כד״, „קרוג״) חולין. **דעם וויין טרינקט מען אויס אלס מעשר שני אין ירושלים, און דעם קרוג מעג מען פארקויפן און דאָס געלט איז חולין, ניט קיין מעשר שני. וועגן אָפענע קרוגן וויין אָדער וועגן אזא אָרט, וואו עס איז ניט דער שטייגער צו פארקויפן פארמאכטע, וועט די משנה לערנען ווייטער אין משנה ד׳.** האגוזים והשקדים, אויב (ער האָט געקויפט) ניס אָדער מאנדלען, איז זייער שאָלעכץ חולין. **מען מעג פארקויפן די שאָלעכץ און דאָס געלט איז ניט קיין מעשר שני.** התמד, וויין־וואסער (וואסער, וואָס מען גיסט ארויף אויף שאָלעכץ און קערנדלעך פון וויינטרויבן אָדער אויף וויין־הייוון) איידער דער תמד איז געוואָרן זויער (באקומען דעם טעם פון וויין) טאָר מען אים ניט קויפן פאר מעשר־שני־געלט, אָבער ווען ער איז שוין געוואָרן זויער, מעג מען אים קויפן פאר מעשר שני געלט. **וועגן „תמד״ האָבן מיר גענעבן פריער אין מסכתא מעשרות פרק ה׳ משנה ו׳. די משנה דאָ לערנט, אז כאָטש וואסער קאָן מען ניט קויפן פאר מעשר שני געלט אויף צו טרינקען אין ירושלים, אָבער וויין־וואסער, תמד, נאָכדעם ווי ער האָט באקומען דעם טעם פון וויין, מעג מען אים יאָ קויפן פאר מעשר שני געלט, ווייל ער הייסט וויין.**

ד. הלוקח חיה, אז איינער קויפט (פאר מעשר־שני־געלט) א חיה צו ברענגען זי פאר א קרבן שלמים (און א חיה קאָן מען דאָך ניט ברענגען פאר א קרבן), אָדער א בהמה כדי צו עסן סתם פלייש (ניט פאר א קרבן, און דער דין איז, אז ווען מען קויפט פאר מעשר־שני־געלט א בהמה, דארף מען זי יאָ ברענגען פאר א קרבן), ווערט די פעל ניט חולין. **די מפרשים טייטשן, אז דאָס מיינט מען, אז דער גאנצער קויף איז ניט קיין קויף, און ניט נאָר די פעל ווערט ניט קיין חולין, נאָר דאָס הייסט ניט בכלל קיין קויף, און מען מוז פאר דעם מעשר שני געלט נאָכאמאָל קויפן אנדערע עסנווארג לויט דעם דין.** כדי יין פתוחות, אויב (מען האָט געקויפט פאר מעשר שני געלט) אפענע קרוגן מיט וויין, אָדער פארמאכטע קרוגן מיט וויין אין אן אָרט, וואו ס׳איז דער שטייגער צו פארקויפן זיי אָפענע, ווערט דער קרוג („קנקן״ איז דאָס זעלבע וואָס „כד״ קרוג) ניט קיין חולין. **ווייל ביי אָפענע קרוגן מיט וויין פארקויפט מען ניט געווויינטליך די קרוגן, און מען פארקויפט נאָר דעם וויין אליין; און דעריבער אז מען האָט גענומען אויך די קרוגן, הייסט עס, ווי מען האָט געקויפט צוויי באזונדערע זאכן פאר דעם מעשר שני געלט: וויין און קרוגן, און דעריבער האָבן די קרוגן דעם דין ווי מעשר שני געלט, און מען מוז פאר דעם געלט, וויפיל די קרוגן זענען ווערט, קויפן עסנווארג און זיי עסן לויטן דין פון מעשר שני. דאָס זעלבע איז אויך אויב מען קויפט אפילו פאר־מאכטע קרוגן מיט וויין אין אזא אָרט, וואו עס איז דער שטייגער זיי צו פארקויפן אָפענע; הייסט עס אויך, ווי ער האָט געקויפט די קרוגן באזונדער, און מען מוז פאר דעם געלט־ווערט פון די קרוגן קויפן עסנווארג און עס עסן אלס מעשר שני.** סלי זיתים, אז (איינער קויפט פאר מעשר שני געלט) קוישן מיט איילבירטן אָדער קוישן מיט וויינטרויבן צוזאמען מיט דער כלי (מיט די קוישן), ווערט דאָס געלט פון דער כלי (קוישן) ניט קיין חולין. **ווייל עס איז דער שטייגער צו פארקויפן איילבירטן און**

יצא קנקן לחולין. סלי זיתים וסלי ענבים עם הכלי, לא יצאו דמי הכלי לחולין.

ה. הלוקח מים ומלח ופירות המחוברים לקרקע, או פירות שאינן יכולין להגיע לירושלים, לא קנה מעשר. הלוקח פירות, שוגג, יחזרו דמים למקומן; מזיד, יעלו ויאכלו במקום. ואם אין מקדש ירקבו.

ו. הלוקח בהמה שוגג, יחזרו דמיה למקומן; מזיד, תעלה ותאכל במקום. ואם אין מקדש תקבר על ידי עורה.

ז. אין לוקחין עבדים ושפחות וקרקעות ובהמה טמאה מדמי מעשר

---

**ווינטרויבן אַן די קוישן, און דערפאר הייסט עס, אז ער האָט געקויפט דעם קויש באַזונדער, און ער מוז דעריבער פאר דעם געלט וויפיל די קוישן זענען ווערט קויפן עסנוואַרג און זיי עסן אלס מעשר שני.**

ה. הלוקח מים ומלח, אז איינער קויפט (פאר מעשר שני געלט) וואסער אָדער זאַלץ, אָדער פרוכטן וועלכע זענען נאָך באַהאַפטן צו דער ערד (נאָכניט אָפּגעריסן), אָדער פרוכטן, וועלכע קאָנען ניט קומען קיין ירושלים (זיי וועלן קאַליע ווערן אין וועג), האָט דאָס ניט געקויפט דעם מעשר שני. **דער קויף פאר מעשר שני איז ניט קיין קויף, און די אלע זאכן בלייבן ווייטער חולין, און מען מוז פאר דעם געלט קויפן אנ־דערע עסנוואַרג אלס מעשר שני.** הלוקח פירות, אז איינער קויפט אויסער ירושלים, פאר מעשר שני געלט פרוכטן בשוגג (ער האָט ניט געוואוסט, אז עס איז מעשר שני געלט) זאָל דאָס געלט צוריקגיין צו זיין אָרט. **דער קויף איז ניט קיין קויף, און דער פאר־קויפער דאַרף צוריק נעמען די פרוכטן און צוריקגעבן דעם קויפער דאָס געלט.** מזיד, אויב ער האָט יאָ געוואוסט (אז עס איז מעשר שני געלט) זאָל מען די פרוכטן אוועק־פירן און זיי זאָלן געגעסן ווערן אין אָרט (במקום, דאָס הייסט אין ירושלים). **ווייל דער דין איז, אז אויב מען קויפט אויסער ירושלים פאר מעשר־שני־געלט פרוכטן, וועלכע זענען טהור און מען מעג זיי עסן אלס מעשר שני אין ירושלים, טאָר מען זיי ניט אויסטוישן מער אויף קיין געלט, נאָר מען מוז זיי אוועקפירן קיין ירושלים.** ואם אין, און אויב עס איז ניטאָ קיין בית המקדש, זאָלן זיי פאַרפוילט ווערן. **מען טאָר זיי ניט פירן קיין ירושלים און דאָרט עסן, ווייל אָן א בית המקדש טאָר מען ניט עסן אין ירושלים מעשר שני.**

ו. הלוקח בהמה, אז איינער קויפט (אויסער ירושלים, פאר מעשר־שני־געלט) א בהמה בשוגג (ער האָט ניט געוואוסט, אז עס איז מעשר־שני־געלט) דאַרף דאָס געלט צוריקגיין צו זיין אָרט (דער קויף איז ניט גילטיק), אויב ער איז געווען א מזיד (ער האָט געוואוסט, אז עס איז מעשר־שני־געלט) זאָל די בהמה אוועקגעפירט און געגעסן ווערן אין אָרט (אין ירושלים); און אויב עס איז ניטאָ דער בית המקדש זאָל מען זי (די בהמה) באַגראָבן צוזאַמען מיט איר פעל. **עס איז דערזעלבער דין וואָס אין דער פריערדיקער משנה. נאָר דאָ דאַרף מען וואַרטן ביז די בהמה וועט שטאַרבן און מען מוז איר באַגראָבן מיט דער פעל, און מען טאָר אויך פון דער פעל ניט קיין הנאה האָבן.**

ז. אין לוקחין, מען טאָר ניט קויפן קיין שקלאַפן אָדער דינסטן, אָדער פעלדער, אָדער א בהמה טמאה (א בהמה וואָס איז ניט כשר צום עסן) פון מעשר־שני־געלט. **ווייל די אלע זאכן קאָן מען ניט עסן, און די תורה (אין דברים י״ד) האָט געזאָגט, אז מען זאָל קויפן פאר געלט פון מעשר שני נאָר וואָס מען קאָן עסן אָדער טרינקן (און אויך אייל צום שמירן זיך דעם קערפער מעג מען).** ואם לקח, און אויב מען האָט יאָ געקויפט, זאָל מען עסן קייגן זיי (פאר זייער געלט־ווערט). **אויב מען האָט געקויפט, מוז מען פאר דעם זעלבן געלט פון מעשר שני, וואָס מען האָט אויסגעגעבן אויף זיי, קויפן עסנוואַרג און עס עסן אין ירושלים לויט די דינים פון מעשר שני. די מפרשים זאָגן, אז די משנה זאָגט ניט דאָ, ווי אין דער פריערדיקער משנה, אז דער קויף איז**

**שני; ואם לקח, יאכל כנגדן. אין מביאין קיני זבים וקיני זבות וקיני יולדות, חטאות ואשמות מדמי מעשר שני; ואם הביא יאכל כנגדם. זה הכלל, כל שהוא חוץ לאכילה ולשתיה ולסיכה מדמי מעשר שני, יאכל כנגדו.**

## פרק ב.

**א. מעשר שני ניתן לאכילה ולשתיה ולסיכה, לאכול דבר שדרכו לאכול ולסוך דבר שדרכו לסוך. לא יסוך יין וחומץ, אבל סך הוא את השמן. אין מפטמין שמן של מעשר שני ואין לוקחין בדמי מעשר שני**

---

קיין קויף ניט און מען זאָל אָפּנעמען צוריק דאָס געלט, ווייל דאָ מיינט מען אין פאַל, ווען דער פאַרקויפער איז ניטאָ. אין מביאין, מען טאָר ניט ברענגן (קיין קרבנות), טויבן־פּאָר פאר זבים (קיני זבים), אָדער טויבן־פּאָר פאר זבות, אָדער טויבן־פּאָר פאר קימפּעטאָ־רינס, אָדער חטאות און אשמות, פון מעשר־שני־געלט. אז א מאנספערזאָן האָט אן אומ־ריינע פליסיקייט (א זב), אָדער א פרוי האָט אן אומריינע פליסיקייט (זבה) און זיי ווערן ריין דארפן זיי ברענגן אלס קרבן א פּאָר טויבן; דאָס הייסט „קן", א „נעסט", א פּאָר טויבן. דאָס זעלבע דארף א קימפּעטאָרין ברענגן אלס קרבן א פּאָר טויבן. אויב איינער טוט א הארבע עבירה בשוגג (למשל ער איז מחלל שבת) דארף ער ברענגן א קרבן חטאת; עס זענען פאראן טייל עבירות, פאר וועלכע מען דארף ברענגן א קרבן אשם. זאָגט די משנה, אז אויב דער בעל הבית פון מעשר שני געלט דארף ברענגן איינעם פון די דאָזיקע קרבנות, טאָר ער דעם קרבן ניט קויפן פון מעשר שני געלט. ואם הביא, און אויב ער האָט יאָ געבראַכט, מוז ער עסן קייגן זיי. ער מוז קויפן אנדער עסנווארג פאר אזוי פיל געלט, וויפיל דער מעשר שני האָט באַטראָפן, און דאָס עסן אין ירושלים אלס מעשר שני. זה הכלל, דאָס איז דער כלל, אז (אויב מען קויפט) עפּיס, וואָס איז ניט צום עסן, אָדער צום טרינקן אָדער צום שמירן (זיך דעם קערפּער), פון מעשר שני געלט, זאָל מען עסן קייגן אים. מען מוז אין אזא פאַל קויפן עסנווארג פאר אזוי פיל געלט וויפיל דער מעשר־שני האָט באַטראָפן, און עס עסן אין ירושלים לויט די דינים פון מעשר שני.

## פרק ב.

א. מעשר טשני, מעשר שני איז געגעבן (איז דערלויבט צו פאַרנוצן) צום עסן און צום טרינקן און צום שמירן (זיך דעם קערפּער). מען מעג פאַרנוצן מעשר שני נאָר פאר די דאָזיקע זאכן; אָבער פאר אנדערע זאכן, ווי למשל פאַרבן, טאָר מען ניט. לאכול, עסן דארף מען א זאך, וואָס איז דערה שטייגער צו עסן. דער ברטנורא טייטשט אז אויב מען האָט געקויפט פאר מעשר־שני־געלט למשל ברויט און עס איז פאַרשימלט געוואָרן, איז מען ניט מחויב עס צו עסן; און אויך אז מען טאָרניט עסן, למשל, רויע ווייץ־קערנדלעך פון מעשר שני, מחמת עס איז ניט דער שטייגער צו עסן זיי רויערהייט. לסוך, מען מעג שמירן דאָס וואָס איז דער שטייגער צו שמירן; מען זאָל ניט שמירן (דעם קערפּער) מיט ווין אָדער עסיק (פון מעשר שני), אָבער מען מעג שמירן (דעם קערפּער) מיט אייל. כאָטש אייל קאָן מען דאָך אויך עסן, אָבער ווייל עס איז דער שטייגער צו באנוצן אייל צום שמירן, מעג מען זיך שמירן מיט מעשר־שני־אייל. אָבער ווין אָדער עסיק, כאָטש עס טרעפט זיך אמאָל, אז מענטשן שמירן זייער קערפּער דער־מיט, אָבער ווייל געוויינטליך ווערן זיי גענוצט צום טרינקן, טאָר מען ניט שמירן זיך מיט זיי, אויב זיי זענען פון מעשר שני. אין מפטמין, מען טאָר ניט אריינטאָן געווירצן אין אייל פון מעשר שני. דער ר"ש זאָגט, ווייל דער מעשר־שני־אייל זאפּט זיך אריין אין די געווירצן (בשמים) און ער ווערט פאַרלוירן, און מען טאָר ניט פאַרניכטן מעשר שני. דער רמבם זאָגט, אז אייל, וואָס איז געווירצט, ווערט קאליע זיין טעם, און מען עסט אים ניט גערן. ואין לוקחין, און מען טאָר ניט קויפן פאר מעשר־שני־געלט גע־

**שמן מפוטם, אבל מפטם הוא את היין. נפל לתוכו דבש ותבלין והשביחו, השבח לפי חשבון. דגים שנתבשלו עם הקפלוטות של מעשר שני והשביחו, השבח לפי חשבון. עיסה של מעשר שני שאפאה והשביחה, השבח לשני. זה הכלל, כל ששבחו ניכר, השבח לפי חשבון, וכל שאין שבחו ניכר השבח לשני.**

---

ווירצן אייל (אייל, אין וועלכן עס זענען אריינגעטאָן בשמים). ווייל נור מפונקים, ספעציעלע מענטשן, נוצן עס, און פאר מעשר־שני־געלט דאַרף מען קויפן נור דאָס וואָס אַלע נוצן. אבל מפטם, אָבער מען מעג אריינטאָן געווירצן אין וויין (פון מעשר שני). ווייל מען טרינקט דעם געווירצטן וויין צוזאַמען מיט די בשמים און דער מעשר שני־וויין איז דעריבער ניט קאַליע געוואָרן. נפל, אויב אין וויין פון מעשר שני איז אריינגעפאַלן האָניק און געווירצן (תבלין) און זיי האָבן דעם וויין בעסער געמאַכט (און ער איז געוואָרן ווערט מער געלט) איז די פארבעסערונג לויט חשבון. אויב למשל דער וויין פון מעשר שני (אויסער ירושלים), איז ווערט צוויי שקלים, און דער האָניק און די געווירצן זענען צוזאַמען ווערט איין שקל, און נאָכדעם ווי דער האָניק און די געווירצן זענען אריינגעפאַלן אין וויין, איז דער וויין געוואָרן אַזוי פאַרבעסערט, אַז ער איז ווערט פיר שקלים, איז דער דין, אַז אויב מען וויל איצט אויסלייזן דעם מעשר־שני־וויין, רעכנט מען צו, לויט חשבון, וויפיל דער וויין איז געוואָרן מער ווערט. אַזוי ווי דער וויין האָט דאָך באַטראָפן צוויי דריטל פון דעם גאַנצן געמיש (וויין, האָניק און געווירצן), רעכנט מען אויך איצט דעם ווערט פון וויין פאַר צוויי דריטל פון גאַנצן ווערט, דאָס הייסט צוויי דריטל פון פיר שקלים, דאָס איז צוויי שקלים און צוויי דריטל פון אַ שקל. דגים, פיש (פון חולין) וואָס זענען געקאָכט געוואָרן מיט לויך־ציבעלעס (קפלוטות) פון מעשר שני, און זיי זענען דאָדורך פאַרבעסערט געוואָרן (געוואָרן ווערט מער געלט), איז די פאַרבעסערונג לויט חשבון. עס איז דאָס זעלבע וואָס מיר האָבן גערעדט פריער אין דער משנה. אויב די ציבעלעס האָבן געקאָסט איין שקל און די פיש צוויי שקלים און איצט זענען זיי פאַרבעסערט געוואָרן און זענען ווערט צוזאַמען פיר שקלים, דאַרף מען רעכענען, אַז די ציבעלעס פון מעשר שני האָבן איצט די ווערט פון איין שקל און אַ דריטל שקל. עיסה, טייג פון מעשר שני (ווייץ פון מעשר שני, וואָס מען האָט געמאָלן, געמאַכט מעל און דערפון טייג) וואָס מען האָט געבאַקן (און דאָביי פאַרנוצט האָלץ) און עס איז געוואָרן פאַרבעסערט (געוואָרן ווערט מער געלט), איז די גאַנצע פאַרבעסערונג פאַר דעם מעשר שני. אויב דאָס טייג האָט פאַרן באַקן געקאָסט צוויי שקלים און דאָס האָלץ אַ שקל, און נאָכן באַקן איז דאָס ברויט ווערט פיר שקלים, ווערט עס גערעכנט, אַז דער מעשר שני קאָסט דריי שקלים. אַזוי טייטשט די „משנה ראשונה". דער טעם איז, ווייל דאָס האָלץ איז דאָך ניט פאַראַן אין ברויט, עס האָט נור געהאָלפן צום באַקן דאָס ברויט, און דעריבער רעכנט מען ניט אויף דעם האָלץ קיין פאַרדינסט, און פון די 4 שקלים גייט אַראָפּ נור 1 שקל פאַר דעם האָלץ. דער „תפארת ישראל" זאָגט (און אַזוי ווייזט אויס אויך פון ברטנורא), אַז מען רעכנט אינגאַנצן ניט אַראָפּ אַפילו וויפיל דאָס האָלץ האָט געקאָסט, און אין אונזער משל דאַרף די גאַנצע פיר שקלים זיין פאַר מעשר שני. זה הכלל, דאָס איז דער כלל, אַלץ, וואָס די פאַרבעסערונג ווערט דערקענט, איז די פאַרבעסערונג לויט חשבון; אָבער אַלץ, וואָס די פאַרבעסערונג ווערט ניט דערקענט, געהערט די פאַרבעסערונג צום מעשר שני. דער דאָזיקער כלל פון דער משנה איז אַ דערקלערונג צו די פריעריקע דינים. ביי וויין געמישט מיט האָניק און געווירצן אָדער ביי ציבעלעס מיט פיש, דערקענט מען דאָך אין דעם געמיש די זאַך, וואָס איז צוגעמישט געוואָרן פון חולין (דעם האָניק און די געווירצן, און די פיש) וועלכע האָבן געמאַכט, אַז עס זאָל טייערער ווערן, דעריבער צעטיילט מען די „פאַרבעסערונג", דאָס געלט, וואָס איז

**ב. ר׳ שמעון אומר, אין סכין שמן של מעשר שני בירושלים, וחכמים מתירין. אָמרו לו לר׳ שמעון, אם היקל בתרומה החמורה, לא נקל במעשר שני הקל? אָמר להם, מה לא! אם היקל בתרומה החמורה מקום שהקל בכרשינים ובתלתן, נקל במעשר שני הקל מקום שלא היקל בכרשינים ובתלתן?**

**ג. תלתן של מעשר שני תאכל צמחונים; ושל תרומה, בית שמאי**

---

טייערער געוואָרן, לויט דעם חשבון. אָבער ביי האָלץ, איז דאָך דאָס האָלץ ניט פאַר־ראַן אין ברויט, מען דערקענט דאָך עס ניט אין ברויט, דעריבער געהערט די גאַנצע פאַרבעסערונג צום מעשר שני.

ב. ר׳ שמעון זאָגט, אז מען טאָר ניט שמירן (דעם קערפּער) מיט אייל פון מעשר שני אין ירושלים. ווייל ער האַלט, אז מעשר שני מעג מען נאָר עסן און טרינקען, אָבער ניט שמירן. וחכמים, אָבער די חכמים זענען מתיר. זיי האַלטן, אז שמירן איז אַזוי ווי טרינקען (סיכה כשתייה). אָמרו לו, האָבן די חכמים געזאָגט צו ר׳ שמעון: אויב מען האָט מיקל געווען (צו מעגן שמירן זיך מיט אייל) ביי תרומה, וואָס איז האַרב (ווייל תרומה טאָר דאָך א ישראל ניט עסן), זאָל מען ניט מיקל זיין (צו מעגן שמירן זיך מיט אייל) ביי מעשר שני, וואָס איז גרינג (א ישראל מעג דאָך עסן מעשר שני)? די חכמים האָבן דאָ געפרעגט ר׳ שמעון די קשיא פון א קל־וחומר, פון „גרינג און האַרב", מה דאָך תרומה, וואָס א ישראל טאָר ניט עסן, מעג א כהן זיך שמירן מיט אייל פון תרומה, מכל שכן מעשר שני, וואָס א ישראל מעג עסן, דאַרף מען דאָך אוודאי מעגן זיך שמירן מיט מעשר־שני־אייל? אָמר להם, האָט ר׳ שמעון זיי געענטפערט: מה לא, פאַרוואָס ניט? אויב מיר האָבן מיקל געווען ביי דער האַרבער תרומה (צו מעגן שמירן זיך מיט אייל), וואו מען האָט אויך מיקל געווען בנוגע וויקע (כרשינים) און גריכישן היי (תלתן), זאָלן מיר מיקל זיין ביי דער גרינגער מעשר שני (צו מעגן שמירן זיך מיט אייל), וואו מען האָט ניט מיקל געווען בנוגע וויקע און גריכיש היי ? ! ר׳ שמעון זאָגט, אז עס איז טאַקע ריכטיק, דאָס אין טייל זאַכן איז תרומה האַרבער פון מעשר שני, ווייל א ישראל טאָר ניט עסן קיין תרומה, און מעשר שני מעג ער יאָ עסן. אָבער עס זענען פאַראַן זאַכן, אין וועלכע מעשר שני איז האַרבער פון תרומה; למשל ביי וויקע (כרשינים) און גריכישן היי (תלתן). דאָס זענען צוויי פלאַנצונגען, וואָס מענטשן עסן זייער ווייניק, און ווי מיר וועלן לערנען ווייטער אין דער משנה ג׳ איז מען מער אָפּגעהיטן צו עסן וויקע און גריכיש היי פון מעשר שני בטהרה, מיט ריינ־קייט ווי מען איז אָפּגעהיטן מיט וויקע און גריכשן היי פון תרומה. דעריבער, זאָגט ר׳ שמעון, קאָן אויך זיין, אז שמירן זיך מיט אייל פון תרומה זאָל מען יאָ מעגן, און מיט מעשר־שני־אייל זאָל מען ניט טאָרן.

ג. תלתן, גריכיש היי פון מעשר שני זאָל מען עסן ווען עס איז נאָך א גרינע פלאַנץ („צמחונים"). „תלתן" איז אַזאַ פלאַנץ, וואָס ווערט אָנגערופן „פענום גרע־קום", און דערפון אויך „פענוגריק", וואָס איז דער טייטש „גריכיש היי". ווייל די בלעטער גייען אין דרייען, דעריבער הייסט עס אין לשון קודש „תלתן", פון אַראַמע־אישן וואָרט „תלת", „דריי". ווען עס איז גרין, יונג, פייכט, נאָר־וואָס אָפּגעשניטן („צמחונים", פון וואָרט „צמח", „שפּראָצן"), ווערט עס נאָך אַביסל געגעסן דורך מענטשן. אָבער ווען עס ליגט לענגער, און עס ווערט טרוקן, ווערט עס כמעט אינגאַנצן ניט געגעסן דורך מענטשן, נאָר מען באַנוצט צו געבן צו עסן צו בהמות. אַמאָל פלעגט מען זיך רייבן דערמיט די האָר פון קאָפּ און אַזוי אַרום רייניגן דעם קאָפּ; דאָס האָט געהייסן „חפיפה", רייבן זיך דעם קאָפּ. דאָס נעמען תרומה און מעשר שני דערפון איז נור ווייל טיילמאָל עסן עס מענטשן. זאָגט די משנה אז אויב מען האָט תלתן פון מעשר שני, זאָל מען עס ניט לאָזן ליגן ביז עס וועט ווערן טרוקן און געבן עס צו עסן

**אומרים, כל מעשיה בטהרה, חוץ מחפיפתה; ובית הלל אומרים, כל מעשיה בטומאה, חוץ משריתה.**

**ד. כרשיני מעשר שני יאכלו צמחונים, ונכנסין לירושלים ויוצאין. נטמאו, ר׳ טרפון אומר, יתחלקו לעיסות; וחכמים אומרים יפדו. ושל**

בהמות אָדער רייבן זיך דערמיט דעם קאָפּ. נאָר מענטשן דארפן עס עסן ווען עס איז נאָך גרין, צמחונים, און מענטשן קאָנען עס נאָך עסן. ושל תרומה, און אויב מען האָט תלתן פון תרומה, זאָגן די בית שמאי, אז אלץ וואָס מען טוט דערמיט דארף זיין בטהרה, א חוץ דאָס רייבן זיך דערמיט דעם קאָפּ. דער דין איז, אז תרומה טאָר מען ניט עסן איידער מען וואשט זיך די הענט; אפילו ניט דוקא צו עסן ברויט פון תרומה, נאָר אויך צו פרוכטן פון תרומה מוז מען זיך וואשן די הענט. אויך אָנרירן תרומה מיט ניט־געוואשענע הענט טאָר מען ניט. כאָטש די תרומה פון גריכישע היי איז ניט קיין פולשטענדיקע תרומה (ווייל עס איז דאָך באמת ניט קיין עסן פאר מענטשן), פונדעסטוועגן זאָגן די בית שמאי, אז אלץ וואָס מען טוט מיט דער תרומה, למשל עסן דארף זיין בטהרה, מען דארף צוערשט זיך וואשן די הענט. א חוץ ווען מען גייט זיך רייבן דעם קאָפּ מיט דער תלתן־תרומה; דעמאָלט דארף מען זיך ניט וואשן די הענט. ובית הלל, אָבער די בית הלל זאָגן, אז אלץ וואָס מען טוט דערמיט מעג זיין בטומאה (דאָ מיינט מען „בטומאה״, ניט „מטמא זיין״, נאָר מיט אומגעוואשענע הענט) א חוץ איינווייקן (די תלתן תרומה אין וואסער). די בית הלל האלטן, אז די תלתן־תרומה האָט אין זיך א זייער שוואכע הייליקייט און דעריבער מעג מען איהר אפילו עסן מיט ניט־געוואשענע הענט; אָבער איינווייקן אין וואסער טאָר מען ניט מיט קיין אומגעוואשע־נע הענט, ווייל ווען דער תלתן רירט אָן וואסער ווערט ער מוכשר צו ווערן טמא (קיין עסנווארג קאָן ניט ווערן טמא סיידן עס רירט אָן פריער וואסער אָדער טייל אנדערע פליסיקייטן, און דאָס הייסט „הכשר״), און אז מען וועט אָנרירן מיט אומ־געוואשענע הענט די תלתן־תרומה נאָכדעם ווי עס האָט אָנגערירט וואסער, וועט עס טאַקע ווערן טמא, ווייל סתם הענט זענען טמא בנוגע אָנרירן תרומה. און אויף אזוי פיל האָט די תלתן־תרומה קדושה, אז מען זאָל איר ניט טאָרן מטמא זיין.

ד. כרשיני, וויקע (כרשינים) פון מעשר שני דארף געגעסן ווערן ווען זי איז נאָך א גרינע פלאַנץ. עס איז צוליב דעמזעלבן טעם, וואָס מיר האָבן פריער אין דער משנה ג׳ געלערנט בנוגע תלתן פון מעשר שני. אויך וויקע ווערט ווייניק געגעסן דורך מענטשן (מער דורך בהמות), און אויך מער ווען זי איז נאָר־וואָס אָפּגעשניטן, ווייך, גרין. מען פלעגט עס אמאָל נוצן צום רייבן זיך דערמיט דעם קערפּער. אָבער מען עסט עס מער ווי תלתן. דעריבער זאָל מען עס עסן ווען עס איז נור־וואָס געוואָרן אָפּגעשניטן. ונכנסים, און מען פירט זי (די מעשר שני־וויקע) אריין קיין ירושלים און מען מעג זי צוריק ארויספירן (פון ירושלים). דער דין איז ביי אלע אנדערע פרוכטן פון מעשר שני, אז ווען מען פירט זיי אריין קיין ירושלים, טאָר מען זיי פון דאָרט ניט מער ארויספירן. אָבער ביי מעשר שני פון וויקע האָט מען מיקל געווען, אז מען זאָל יאָ מעגן ארויספירן, ווייל עס האָט ניט אזוי פיל די קדושה פון מעשר שני. נטמאו, אויב וויקע פון מעשר שני איז טמא געוואָרן, זאָגט ר׳ טרפון, אז מען זאָל זי פאונאנדערטיילן אויף קליינע שטיקלעך (קלענער פון דער גרויס פון אן איי) אין אנדערע טייגן; אָבער די חכמים זאָגן, אז מען זאָל זי אויסלייזן. דער דין איז, אז מעשר שני אין ירושלים טאָר מען ניט אויסלייזן מיט געלט. אָבער אויב מעשר שני אין ירושלים איז טמא געוואָרן און קיין טמא־מעשר־שני טאָר מען ניט עסן, האָט מען מתיר געמאכט אז מען זאָל עס אויסלייזן מיט געלט, כדי דער טמא׳דיקער מעשר שני זאָל ווערן חולין און מען מעג עס דעמאָלס עסן, און דאָס געלט ווערט מעשר שני און מען דארף דערפאר קויפן טהור־עסנווארג און עס עסן אין ירושלים. זאָגט ר׳ טרפון, אז ווייל וויקע איז

תרומה, בית שמאי אומרים, שורין ושפין בטהרה ומאכילין בטומאה; ובית הלל אומרים, שורין בטהרה ושפין ומאכילין בטומאה. שמאי אומר, יאכלו צריד. ר׳ עקיבא אומר, כל מעשיהן בטומאה.

ה. מעות חולין ומעות מעשר שני שנתפזרו, מה שלקט לקט למעשר שני, עד שישלים, והשאר חולין. אם בלל וחפן, לפי חשבון. זה הכלל,

---

דאָך באמת ניט קיין מאכל פאר מענטשן, דעריבער טאָר מען ניט אויסלייזן קיין וויקע־מעשר־שני אפילו ווען עס איז טמא געוואָרן, מחמת עס איז פאראַן א דין, אז „אין פודין את הקדשים להאכילן לכלבים״, מען טאָר ניט אויסלייזן קיין הייליקע זאכן כדי צו געבן זיי צו עסן צו הינט אָדער צו בהמות. דעריבער זאָגט ר׳ טרפון, אז מען זאָל צוטיילן די טמא־וויקע (דאָס מעל, וואָס מען מאָלט פון דער וויקע) אויף קליינע שטיקלעך, וואָס יעדעס פון זיי איז ניט גרויס ווי אן איי, און מען זאָל יעדעס שטיקל אריינטאָן אין א טייל פון טהור־טייג און אזוי דאָס עסן. מען האָט ניט מורא צו האָבן, אז דאָס שטיקל טמא וויקע וועט מטמא זיין דעם טהור־טייג, מחמת א שטיקל עסן וואָס איז קלענער פון אן איי (פחות מכביצה) איז ניט מטמא. אָבער די חכמים זאָגן, אז מען מעג יאָ אויסלייזן מעשר־שני־וויקע, אויב זי איז טמא געוואָרן. ושל תרומה, אויב איינער האָט (וויקע) פון תרומה, זאָגן די בית שמאי, אז מען מעג זי ווייקן און רייבן זיך (דערמיט דעם קערפּער) נאָר בטהרה (מען זאָל זיך פריער וואשן די הענט), אָבער צו עסן דער בהמה מעג מען אויך בטומאה (ווען מען האָט זיך ניט געוואשן די הענט). די בית שמאי האלטן, אז ווען דער מענטש באנוצט די תרומה־וויקע פאר זיך דארף ער זיין נזהר צו וואשן זיך די הענט פריער, אפילו ווען ער עסט ניט די וויקע, נאָר ער רייבט זיך דערמיט דעם קערפּער; אָבער ווען ער גיט צו עסן די וויקע־תרומה א בהמה דארף ער זיך ניט וואשן די הענט. ובית הלל, אָבער די בית הלל זאָגן, אז ווייקן (די וויקע־תרומה) דארף מען בטהרה. נאָר מיט געוואשענע הענט, ווייל ווי מיר האָבן פריער אין משנה ג׳ געזאָגט, ווערט די וויקע, אָנרירנדיק וואסער, מוכשר צו ווערן טמא, און ווען מען רירט זי אָן מיט אומגעוואשענע הענט איז מען זי מטמא; ושפין, אָבער רייבן זיך דעם קערפּער און געבן צו עסן א בהמה מעג מען בטומאה (מיט אומגעוואשענע הענט). ווייל די בית הלל האלטן, אז וויקע־תרומה האָט ניט אין זיך אזוי פיל תרומה־קדושה, אז מען זאָל דארפן זיך וואשן דערצו די הענט אפילו ווען די וויקע אליין האָט ניט אָנגערירט קיין וואסער. שמאי זאָגט, אז וויקע־תרומה זאָל מען עסן נור טריקענערהייט (צריד). ווען מען וויל עסן וויקע־תרומה זאָל מען זי ניט ווייקן און ניט קנעטן, ווייל דערמיט ווערט זי מוכשר אָנצונעמען תרומה, און ווייל עס איז דאָך וויקע־תרומה וועט מען ניט זיין נזהר מיט איר און מען וועט זי אָננעמען מיט אומגעוואשענע הענט; דעריבער זאָל מען זי עסן טרוקן. ר׳ עקיבא זאָגט, אז אלץ וואָס מען טוט מיט וויקע־תרומה קאָן זיין בטומאה (מיט אומגעוואשענע הענט). לויט ר׳ עקיבא מעג מען אפילו ווייקן אין וואסער וויקע־תרומה מיט אומגעוואשענע הענט; ער האלט, אז די תרומה פון וויקע האָט ניט אין זיך קיין גרויסע הייליקייט פון תרומה, ווייל זי איז דער עיקר א מאכל פאר בהמות.

ה. מעות חולין, אויב געלט פון חולין און געלט פון מעשר שני האָבן זיך אויסגעשיט (און מען ווייסט ניט וועלכע איז פון חולין און וועלכע פון מעשר שני), איז וואָס ער קלויבט־אויף (איינצלנע מטבעות) צוערשט, האָט ער אויפגעקליבן פאר מעשר שני, ביז ער פארענדיקט (באקומט דאָס גאנצע געלט פון מעשר שני), און דאָס איבעריקע איז חולין. דער ירושלמי זאָגט, אז ער דארף אויך זאָגן „אויב דאָס געלט איז מעשר שני איז גוט, און אויב ניט, זאָל דאָס מעשר־געלט זיין אויסגעטוישט אויף דאָס דאָזיקע געלט״; ממילא איז שוין דאָס איבריקע געלט חולין. ואם בלל וחפן, אויב ער האָט (ניט אויפגעקליבן די איינצלנע מטבעות, נאָר ער האָט) אויסגעמישט די אלע

**המתלקטים למעשר שני, והנבללין לפי חשבון.**

**ו. סלע של מעשר שני ושל חולין שנתערבו, מביא בסלע מעות ואומר, „סלע של מעשר שני, בכל מקום שהיא, מחוללת על המעות האלו״ ובורר את היפה שבהן ומחללן עליה, מפני שאָמרו, מחללין כסף על נחושת מדוחק, ולא שיתקיים כן, אלא חוזר ומחללם על הכסף.**

געלטער און ער האָט ארויסגענומען פון זיי א פולע האנט מיט געלט („חפן״ איז פון „מלוא חפניו״, א פולע האנט), דארף עס ווערן (פונאנדערגעטיילט) לויט חשבון. אויב למשל עס איז געווען 100 שקלים פון מעשר שני, און 200 שקלים פון חולין, און אין דער האנט האָט ער 30 שקלים, זאָל ער געבן איין דריטל (10 שקלים) פאר מעשר שני, און צוויי דריטל (20 שקלים) פאר חולין. דער ירושלמי זאָגט, אז אויך דאָ דארף ער זאָגן דאָס זעלבע, וואָס מיר האָבן געגעבן פריער אין דער משנה, אז אויב עס איז חולין־געלט זאָל דערויף ווערן אויסגעטוישט דאָס מעשר שני געלט, וואו עס זאָל זיך ניט געפינען. זה הכלל, דאָס איז דער כלל, אלץ וואָס ווערט צונויפגעקליבן געהערט צו מעשר שני, און אלץ וואָס איז צונויפגעמישט איז לויט חשבון. דער כלל דערקלערט דעם פריערדיקן דין פון דער משנה. דער ירושלמי זאָגט דערויף, אז מען מיינט דאָ ניט נאָר „נבללים״, „אויסגעמישטע״, נאָר אויך „נחפנים״, אָנגענומענע אין א האנט־הויפן, ווי די משנה האָט פריער געזאָגט.

ו. סלע, אויב א סלע (א זילבערנע מטבע, וואָס האָט געהייסן „סלע״) פון מעשר שני, און א סלע פון חולין זענען געוואָרן צוזאמען אויסגעמישט, זאָל ער ברענגען מעות (קופערנע מטבעות) די ווערט פון א סלע, און ער זאָל זאָגן: „דער סלע פון מעשר שני, וואו ער געפינט זיך, זאָל ווערן אויסגעטוישט אויף די דאָזיקע מעות״, און ער קלויבט אויס (פון די צוויי אויסגעמישטע סלעים) דעם בעסערן סלע, און ער טוישט אויס די מעות אויף דעם דאָזיקן (בעסערן) סלע. כדי צו פארשטיין די משנה דארף מען וויסן, אז לויט דעם דין טאָר מען ניט אויסטוישן זילבער־געלט פון מעשר שני אויף קופער־געלט, סיידן ווען מען קאָן זיך קיין אנדערע עצה ניט געבן. דעריבער ווייל א סלע איז א זילבערנע מטבע, און ער האָט ניט קיין אנדער זילבער געלט צו קאָ־נען מאכן דעם אויסטויש, זאָגט די משנה, אז ער מעג נעמען קופערנע מטבעות, וואָס הייסן „מעות״, און אויסטוישן אויף זיי דעם אויסגעמישטן סלע פון מעשר שני; די קופערנע מטבעות ווערן מעשר שני, און די צוויי אויסגעמישטע סלעים ווערן חולין. אָבער אזוי ווי עס זענען פאראן בעסערע סלעים און ערגערע (א זילבערנער סלע, וועלכער איז אביסל אָפּגעריבן, איז ווערט געווען ווינציקער פון אַ גוטן סלע), זאָגט די משנה, אז דערנאָך טוישט ער אויס צוריק די קופערנע מעות אויף דעם בעסערן סלע פון די צוויי אויסגעמישטע סלעים. און דער דאָזיקער סלע איז מעשר שני. פאר־וואָס מעג מען טאקע דאָ יאָ אויסטוישן זילבער געלט פון מעשר שני אויף קופער געלט? זאָגט די משנה: מפני שאמרו, ווייל די חכמים האָבן געזאָגט, אז מען מעג אויס־טוישן זילבער־געלט (פון מעשר שני) אויף קופער־געלט, ווען מען מוז (מדוחק, ווען עס איז ניטאָ קיין אנדערע עצה). איצט זאָגט די משנה, אז דערמיט מיינט מען ניט, אז די קופערנע מעות בלייבן מעשר שני; ניין: ולא שיתקיים, און ניט, אז עס זאָל אזוי בלייבן (די קופערנע מעות זאָלן בלייבן מעשר שני), נאָר ער טוישט זיי אויס צוריק אויף זילבער־געלט. ער טוישט צוריק אויס די מעות אויף דעם בעסערן זילבערנעם סלע, און דער בעסערער זילבערנער סלע ווערט מעשר שני. דער ר״ש פרעגט: צו־וואָס דארף ער ברענגען קופערנע מעות, ער קאָן דאָך גלייך ארויסנעמען דעם בעסערן סלע און זאָגן: „אויב דאָס איז דער מעשר־שני־סלע איז גוט, און אויב ניט איז דאָך דער אנדערער סלע מעשר שני, זאָל ער ווערן אויסגעטוישט אויף דעם דאָזיקן סלע,

ז. בית שמאי אומרים, לא יעשה אדם את סלעיו דינרי זהב, ובית הלל מתירין. אָמר ר׳ עקיבא, אני עשיתי לרבן גמליאל ולר׳ יהושע את כספן דינרי זהב.

ח. הפורט סלע ממעות מעשר שני, בית שמאי אומרים, בכל הסלע מעות; ובית הלל אומרים, בשקל — כסף, ובשקל — מעות. ר׳ מאיר

---

זאָגט דער ר״ש, אז מען האָט מורא, טאָמער וועט ער ארויסנעמען איין סלע פון די געמישטע און ער וועט ניט זאָגן, און ער וועט ניט מאכן דעם אויסטויש.

ז. בית שמאי זאָגן, אז מען טאָר ניט מאכן (אויסטוישן) פון סלעים פון מעשר, שני גאָלדענע רענדלעך. אויב איינער האָט עטליכע זילבערנע סלעים פון מעשר שני טאָר ער זיי ניט אויסטוישן אויף גאָלדענע רענדלעך, דינרי זהב, כדי זיי צו פירן קיין ירושלים. די גמרא אין בבא מציעא מ״ה זאָגט, אז דער טעם איז „שמא ישהה עליותיו״, טאָמער וועט ער אָפּלייגן דאָס גיין קיין ירושלים ביז עס וועט זיך אים צו־נויפקלייבן גענוג זילבערנע סלעים כדי אויסצוטוישן אויף גאָלדענע רענדלעך. ובית הלל, אָבער די בית הלל זענען מתיר. זיי האלטן אז מען דאַרף ניט מורא האָבן, טאָמער וועט ער אפּלייגן דאָס גיין קיין ירושלים. אמר ר׳ עקיבא, האָט ר׳ עקיבא געזאָגט: איך האָב געמאכט (אויסגעטוישט) פאַר רבן גמליאל און ר׳ יהושע פון זייערע זילבער־געלט (פון מעשר שני) גאָלדענע רענדלעך. וועגן די מטבעות, סלע, שקל, דינר, מעות, וועלן מיר געבן באלד אין דער נאָענטער משנה ח׳.

ח. הפורט, אז איינער (וועלכער האָט מעשר שני קופּער־געלט, מעות, און וויל עס פירן קיין ירושלים און עס איז אים שווער צו פירן אזוי פיל קופּער־געלט און ער) וויל אויסטוישן אויף א (זילבערנעם) סלע די מעות (קופּער־געלט) פון מעשר שני, זאָגן די בית שמאי, אז ער מעג נעמען א גאנצן סלע פאַר די מעות, און די בית הלל זאָגן, אז נור א שקל (א האלבן סלע) זילבער־געלט, און פאַר א שקל (א האלבן סלע) מעות (קופּער־געלט). צוערשט לאָמיר דערקלערן וואָס די מטבעות זענען געווען. אין חומש געפינען מיר די מטבע „שקל״. דאָס איז געווען א זילבערנע מטבע. שפּע־טער, אין דער משנה ווערט דער „שקל״ פון חומש אָנגערופן „סלע״. דער „סלע״ איז געווען א זילבערנע מטבע, און א האלבער סלע, וועלכער איז אויך געווען פון זילבער, האָט אין דער משנה געהייסן „שקל״ (דער „שקל״ פון דער משנה איז א העלפט פון דעם שקל אין חומש). דער שקל פון דער משנה האָט געקאָנט געטוישט ווערן אויף קלענער זילבער געלט, דהיינו, אויף צוויי „דינר״ (דאָס וואָרט „דינר״ איז א גריכיש־לאטייניש וואָרט „דענאריוס״). מיר זעען דעריבער, אז דער „סלע״ איז באשטאנען פון צוויי שקלים, און יעדער „שקל״ איז באשטאנען פון צוויי זילבערנע „דינרים״. דאָס איז אלץ געווען זילבער־געלט. „מעות״ איז געווען דער נאָמען פאַר קופּער־געלט. (כאָטש עס איז אויך געווען א זילבערנע מעה). זאָגט דאָ די משנה, אז איינער וויל אויסטוישן קופּער געלט (מעות) פון מעשר שני אויף א זילבערנעם סלע, כדי אים צו פירן קיין ירושלים, זאָגן די בית שמאי, אז ער מעג אויסטוישן די גאנצע קופּער־געלט אויף איין זילבערנעם סלע, און די בית הלל זאָגן, אז ער מעג נור אויסטוישן א העלפט פון קופּער געלט אויף א זילבערנעם שקל, און די אנדערע העלפט זאָל ער מיטפירן קיין ירושלים מעות קופּער־געלט. ווייל די בית הלל האלטן, אז עס איז וויכ־טיק צו ברענגען קיין ירושלים קליינע קופּער־געלט, כדי מען זאָל עס דאָרט קאָנען קריגן און מען זאָל עס ניט דארפן זוכן און באצאָלן דערפאַר מער ווי עס איז ווערט. דאָס וואָרט „הפורט״ איז אייגנטליך דער טייטש פאַרקערט, „אויסטוישן א סלע זילבער געלט אויף קופּער געלט״ (פון וואָרט „פרוטה״, די קלענסטע קופּער־מטבע); אָבער דאָ באנוצט די משנה דאָס וואָרט „הפורט״ ווי „המצרף״, „צונויפנעמען״, אויס־טוישן א סך קליין־געלט אויף גרויסער מטבע. ר׳ מאיר זאָגט, אז מען טאָר ניט אויס־

אומר, אין מחללין כסף ופירות על הכסף; וחכמים מתירין.

ט. הפורט סלע של מעשר שני בירושלים, בית שמאי אומרים, בכל הסלע מעות. ובית הלל אומרים, בשקל — כסף, ובשקל — מעות. הדנים לפני חכמים אומרים, בשלשה דינרים כסף ובדינר מעות. ר׳ עקיבא אומר, בשלשה דינרים כסף וברביעית מעות. ר׳ טרפון אומר, ארבעה אספרי כסף. שמאי אומר, יניחנה בחנות ויאכל כנגדה.

---

טוישן זילבער־געלט און פרוכטן (ביידע פון מעשר שני) אויף זילבער־געלט. אויב איינער האָט א האלבן דינר זילבער געלט מעשר שני און האָט אויך פרוכטן מעשר שני וואָס האָט דעם ווערט פון א האלבן דינר, טאָר ער זיי ביידע ניט אויסטוישן אויף איין דינר. ווייל ער האלט, אז מען טאָר ניט אויסטוישן געלט אויף געלט, און כאָטש א העלפט דערפון זענען דאָך פרוכטן, און פרוכטן פון מעשר שני מעג מען דאָך יאָ אויסטוישן אויף געלט, פונדעסטוועגן טאָר מען דאָ אויך ניט, צוליב דעם האלבן דינר געלט. וחכמים, אָבער די חכמים זענען מתיר. ווייל זיי האלטן אז צוליב דעם וואָס עס זענען פאראַן וויניק פרוכטן מעג מען צו זיי צו־לייגן פאר א האלבן דינר געלט און צוזאמען אויסטוישן אויף א דינר.

ט. הפורט, אז איינער וויל אויסטוישן א (זילבערנעם) סלע פון מעשר שני אין ירושלים (אויף קופער־געלט), זאָגן די בית שמאי, אז ער קאָן אויסטוישן דעם גאנצן סלע אויף מעות (קופער־געלט); און די בית הלל זאָגן, אז פאר א שקל (א האלבן סלע) זאָל ער נעמען זילבער־געלט, און פאר א שקל (א האלבן סלע) זאָל ער נעמען מעות (קופער־געלט). די בית הלל האָבן מורא טאָמער וועט ער אזוי שנעל ניט קאָנען אויסגעבן אין ירושלים דאָס גאנצע קופער־געלט, און דאָס קופער־געלט, ווען עס ליגט ווערט עס קאַליע. הדנין לפני חכמים, די, וואָס זענען דן פאר די חכמים, זאָגן, אז פאר דריי דינרים (דריי פערטל פון סלע, ווייל א סלע איז פיר דינרים) זאָל ער נעמען זילבער־געלט, און פאר איין דינר (איין פערטל פון סלע) זאָל ער נעמען מעות (קופער־געלט). מיט׳ן טיטול „דנים לפני חכמים״, האָט מען גערופן עטליכע תנאים אין דער ישיבה אין יבנה (אין דער צייט פון ר׳ גמליאל), וועלכע האָבן ניט באקומען קיין סמיכה און זיי האָבע ניט געהאט דעם טיטל „רבי״, און מען האָט זיי גערופן בלויז מיט זייער נאָמען אליין, און דער טייטש פון „דנים לפני חכמים״ איז „זיי האָבן זיך מפלפל געווען פאר די חכמים״. די גמרא אין סנהדרין י״ז זאָגט אז דאָס זענען געווען שמעון בן עזאי, שמעון בן זומא, חנן המצרי, חנניה בן חכינאַי, און לויט טייל אויך שמעון התימני, און לויט אנדערע אויך שמעון בן ננס. ר׳ עקיבא זאָגט, אז פאר דריי דינרין זילבער, און פאר א פערטל (רביעית, א פירטל פון פירטן דינר) קופער־געלט. לויט ר׳ עקיבא דארף ער נעמען פאר דריי דינרין און דריי פערטל פון א דינר זילבער־געלט און נור פאר איין פערטל פון דינר, דאָס הייסט פאר איין זעכצעטל פון סלע, מעג ער נעמען קופער־געלט. אזוי טייטשן דער ר״ש און דער ברטנורא. טייל זענען גורס „וברבעת״, און עס זאָל האָבן געווען א מטבע וואָס האָט געהייסן „רבעת״ און איז געווען א פערטל פון „שקל״, דאָס הייסט אן אכטל פון סלע, און ר׳ עקיבא דערלויבט צו נעמען פאר אן אכטל פון סלע קופער־געלט; אזוי טייטש אויך דער רמבם. ר׳ טרפון זאָגט, אז ער זאָל נעמען פיר „אספרי״ זילבער. עס איז געווען א זילבערנע גריכישע מטבע „אספראי״, און פינף „אספראיס״ זענען געווען איין דינר. זאָגט ר׳ טרפון, אז אויך פון פירטן דינר( דער סלע האָט דאָך פיר דינרין, איז די דריי דינרין מוזן זיכער זיין זילבער־געלט, און אויך פון פירטן דינר) מוזן זיין פיר אספרי זילבער־געלט, און נאָר פאר איין אספרי מעג ער נעמען קופער־געלט. שמאי זאָגט, אז ער זאָל (בכלל ניט אויסטוישן דעם סלע, נאָר ער זאָל) אים אוועקלייגן אין קראָם (ביים קרעמער, וואָס פארקויפט עסנווארג) און ער זאָל עסן קייגן אים. ער זאָל נעמען ביים קרעמער

**י. מי שהיו מקצת בניו טמאין ומקצתן טהורין, מניח את הסלע ואומר „מה שהטהורים שותים, סלע זו מחוללת עליו", נמצאו טהורין וטמאין שותין מכד אחד.**

## פרק ג.

**א. לא יאמר אדם לחברו „העל את הפירות האלו לירושלים לחלק", אלא אומר לו „העלם שנאכלם ונשתם בירושלים"; אבל נותנים זה לזה מתנת חינם.**

**ב. אין לוקחין תרומה בכסף מעשר, מפני שהוא ממעט באכילתו;**

---

עסנווארג אזוי לאנג ביז ער וועט האָבן אויפגעגעסן דעם סלע.

י. מי שהיו, אז ביי איינעם זענען געווען (אין ירושלים) טייל פון זיינע קינדער טמא, און טייל פון זיינע קינדער טהור, און ער וויל, אז אלע קינדער זאָלן טרינקען פון איין קרוג וויין, און די טהור־קינדער מעגן טרינקען מעשר־שני־וויין, אָבער די טמא־קינדער טאָרן ניט טרינקען קיין מעשר־שני־וויין, און ער האָט א סלע פון מעשר שני, וואָס טוט ער, זאָגט די משנה: מניח את הסלע, לייגט ער אוועק דעם סלע (פון מעשר שני), און ער זאָגט: „דאָס (דער וויין) וואָס די טהור־קינדער וועלן טרינקען, זאָל דער דאָזיקער מעשר־שני־סלע ווערן אויסגעטוישט דערויף (אויף דעם וויין)"; קומט אויס, אז די טהור־קינדער און די טמא־קינדער טרינקען פון איין קרוג. ווייל נור דער וויין וואָס די טהור־קינדער טרינקען ווערט דאָך אויסגעטוישט דורך דעם מעשר שני סלע; דאקייגן דער וויין, וואָס די טמא קינדער טרינקען איז דאָך חולין, ער איז דאָך ניט אויסגעטוישט געוואָרן, און זיי מעגן אים דעריבער טרינקען. דער ירושלמי זאָגט, אז די קרוג איז א ערדענע, כלי חרס, און דער דין איז, אז ערדענע כלים ווערן ניט טמא ווען מען רירט זיי אָן פון דרויסן (מגבו) און דעריבער ווערט די קרוג ניט טמא ווען די טמא קינדער רירן אים אָן.

## פרק ג.

א. לא יאמר, עס זאָל א מענטש ניט זאָגן צו זיין פריינט: „פיר אוועק די דאָזיקע פרוכטן (פון מעשר שני) קיין ירושלים, צו צוטיילן". דער פריינט טאָר ניט באקומען א חלק פון די פרוכטן אלס באלוינונג פאר אוועקפירן קיין ירושלים, ווייל דאָס הייסט ווי מען פארקויפט מעשר שני און ווי מיר האָבן געלערנט פריער אין פרק א' משנה א' טאָר מען מעשר שני ניט פארקויפן. אלא אומר לו, אָבער ער מעג אים זאָגן: „פיר זיי אוועק, כדי מיר זאָלן זיי עסן און טרינקען אין ירושלים". ווען ער זאָגט עס אזוי הייסט עס, אז ער לאַדעט אים איין צו עסן צוזאמען מיט אים אין ירושלים, און ניט ווי ער באצאָלט אים. אבל נותנים, אָבער מען מעג געבן איינער דעם אַנדערן א מתנה בחינם. ווי מיר האָבן שוין געשריבן פריער פרק א' משנה א', איז פאראן א מיינונג, אז אויך א מתנה בחינם טאָר מען ניט געבן, און מען מעג נור איינלאַדן צום עסן.

ב. אין לוקחין, מען טאָר ניט קויפן קיין תרומה פאר געלט פון מעשר שני, ווייל מען פארקלענערט די (מעגליכקייט) צו עסן. תרומה מעג עסן נור א כהן, און א ישראל טאָר ניט עסן קיין תרומה; דאקייגן מעשר שני מעג עסן אויך א ישראל. אויך איז דער דין, אז איינער איז טמא געוואָרן און ער האָט זיך טובל געווען, מוז ער וואַרטן ביז אוונט און ערשט דאמאָלס מעג ער עסן תרומה; אָבער ביי טאָג, נאָך דער טבילה, טאָר ער נאָכניט עסן קיין תרומה, דאָס הייסט א „טבול יום", דער וואָס האָט זיך טובל געווען, אָבער עס איז נאָכניט געוואָרן נאכט, עס איז נאָך ביי טאָג. דאקייגן מעשר שני מעג מען עסן באלד נאָכן טובל זיין, ווען מען איז א טבול יום. זאָגט די משנה, אז מען טאָר ניט קויפן קיין תרומה פאר געלט פון מעשר שני, ווייל דערמיט פארקלענערט מען די מעגליכקייט פון עסן דעם מעשר שני. מחמת ניט א ישראל און ניט א טבול יום וועלן מעגן עסן די תרומה וואָס איז געקויפט געוואָרן פאר מעשר שני געלט.

**ור׳ שמעון מתיר. אָמר להם ר׳ שמעון, מה אם היקל בזבחי שלמים, שהוא מביאן לידי פגול ונותר וטמא, לא נקל בתרומה? אָמרו לו, מה אם היקל בזבחי שלמים, שהן מותרין לזרים, נקל בתרומה, שהיא אסורה לזרים?**

**ג. מי שהיו לו מעות בירושלים וצריך לו, ולחברו פירות, אומר לחברו „הרי המעות האלו מחוללים על פירותיך״. נמצא זה אוכל פירותיו בטהרה, והלה עושה צרכו במעותיו. ולא יאמר כן לעם הארץ אלא בדמאַי.**

---

ור׳ שמעון, און ר׳ שמעון איז מתיר. האָט ר׳ שמעון צו זיי (צו די חכמים) געזאָגט: מה דאָך מען האָט מיקל געווען (און מתיר געמאכט צו קויפן פאר מעשר שני געלט) צו ברענגן קרבנות שלמים, כאָטש זיי קאָנען דאָך ווערן פיגול, אָדער נותר, אָדער טמא, זאָל מען ניט מיקל זיין (צו קויפן) תרומה? ווי **מיר האָבן געלערנט פריער פרק א׳ משנה ג׳ קויפט מען פאר מעשר שני געלט א בהמה און מען ברענגט איר א קרבן שלמים, און דאָס בלוט און פעט איז מען מקריב אין בית המקדש אויפ׳ן מזבח און דאָס פלייש עסט מען (יעדער, אפילו א ישראל, מעג עסן שלמים־פלייש) אין ירושלים. דער דין אָבער איז, אז ווען מען ברענגט א קרבן און בעת מען איז מקריב דעם קרבן האָט מען א שלעכטע מחשבה, דהיינו, אז מען זאָל עסן דאָס קרבן־פלייש נאָך דער צייט וואָס מען מעג עס עסן, למשל ביי שלמים מעג מען עסן דאָס פלייש צוויי טעג און א נאכט (א טאָג, א נאכט און א טאָג) נאָכ׳ן מקריב זיין, און מען האָט אין זינען, אז מען זאָל עס עסן דעם דריטן טאָג, הייסט אזא קרבן „פיגול״ (אומווערדיק) און מען טאָר דאָס שלמים־פלייש ניט עסן. דאָס זעלבע איז דער דין, אז אויב עס בלייבט איבער פלייש דעם 3־טן טאָג הייסט דאָס שלמים־פלייש „נותר״ און מען טאָר עס ניט עסן. דאָס זעלבע איז אויך דער דין, אז אויב דאָס פלייש רירט אָן א טמא זאך און עס ווערט טמא, טאָר מען דאָס שלמים־פלייש ניט עסן, פרעגט ר׳ שמעון, מה דאָך מען מעג קויפן פאר מעשר שני געלט א בהמה צו ברענגן קרבן שלמים, און מען האָט ניט מורא, אז מען פארקלענערט דערמיט די מעגליכקייט צו עסן אין פאל ווען דאָס פלייש זאָל ווערן פיגול, אָדער נותר, אָדער טמא, דארף מען דאָך תרומה, וואָס קאָן ניט ווערן פיגול אָדער נותר** (און אויך ניט טמא, ווייל ניט אלץ וואָס איז **מטמא קרבן־פלייש איז מטמא תרומה), אודאי מעגן קויפן?** אמרו לו, האָבן זיי געזאָגט צו אים (צו ר׳ שמעון): אויב מען האָט מיקל געווען (מתיר געווען צו קויפן) שלמים־קרבנות, וואָס זיי זענען מותר (צום עסן) פאר א ישראל („זרים״ פרעמדע, ניט כהנים), זאָל מען מ תיר זיין צו קויפן תרומה, וואָס איז אסור (צום עסן) פאר א ישראל ? ! **די חכמים זאָגן, אז מיט פארקלענערן די מעגליכקייט צו עסן מיינט מען ניט טאָמער וועט פאַרקומען עפּיס א פסולע זאך, פיגול, צי נותר, נאָר מען מיינט, אז שוין באלד ווערט דאָס עסן פארקלענערט, מחמת א ישראל טאָר שוין ניט עסן קיין תרומה.**

ג. מי שהיו, אז איינער האָט (מעשר שני) געלט אין ירושלים, און ער דארף עס (דאָס געלט„ אויסצוגעבן אויף אנדערע זאכן) און זיין פריינט האָט פרוכטן **זאָגט** ער צו זיין פריינט: „זאָל דאָס דאָזיקע געלט זיין אויסגעטוישט אויף דיינע פרוכטן״. **ממילא ווערט דאָס געלט חולין, אויסמעשר שני, און דעם פריינט׳ס פרוכטן ווערן מעשר שני. ניט ער קויפט ביים פריינט די פרוכטן, נאָר די קדושה פון מעשר שני גייען אריבער פון געלט אויף דעם פריינט׳ס פרוכטן. דערפאר דארף דער פריינט זיין אָפּ־ געהיטן צו עסן די פרוכטן לויט אלע דינים פון מעשר שני, עסן זיי בטהרה.** נמצא, קומט אויס, אז דער (פריינט) עסט זיינע פרוכטן בטהרה (ווי עס איז דער דין פון מעשר שני־פרוכטן), און דער דאָזיקער קאָן טאָן וואָס ער דארף מיט זיין געלט. **ווייל דאָס געלט איז דאָך געוואָרן חולין.** ולא יאמר, און ער זאָל אָזוי ניט זאָגן צו א עם הארץ, סיידן ווען דער מעשר שני איז פון דמאי. **אין מסכתא דמאי פרק ב׳ משנה ג׳ האָבן מיר געגעבן וועגן דעם קלאס מענטשן, עם הארץ, וואָס זענען געווען אמאָל אין**

ד. **פירות בירושלים ומעות במדינה, אומר "הרי המעות ההם מחוללין על פירות האלו". מעות בירושלים ופירות במדינה, אומר "הרי המעות האלו מחוללין על פירות ההם", ובלבד שיעלו הפירות ויאכלו בירושלים.**

ה. **מעות נכנסות לירושלים ויוצאות, ופירות נכנסין ואינן יוצאים. רבן שמעון בן גמליאל אומר, אף הפירות נכנסין ויוצאין.**

ו. **פירות שנגמרה מלאכתן ועברו בתוך ירושלים, יחזור מעשר שני**

---

**ארץ ישראל און זיי זענען ניט אָפּגעהיטן געווען אין די דינים פון מעשר אפשיידן און פון טומאה וטהרה. די משנה זאָגט דאָ, אז ער טאָר דאָס ניט זאָגן צו א עם הארץ, וועלכער האָט פרוכטן, און אויסטוישן זיין מעשר שני געלט אויף דעם עם הארץ׳ס פרוכטן, ווייל דערעם הארץ איז דאָך ניט אפּגעהיטן און עס איז מורא צו האָבן טאָמער וועט ער עסן די מעשר שני פרוכטן ניט בטהרה. אָבער מען מעג עס זאָגן אפילו צו א עם הארץ, אויב דאָס געלט איז געווען פון דמאי־מעשר־שני. מיר האָבן אין דער הקדמה צו מסכתא דמאי געגעבן, וואָס הייסט דמאי, דאָס איז תבואה צי פרוכטן, וועגן וועלכע מען איז ניט זיכער, צי מען האָט אָפּגעשיידט דערפון מעשרות, און מען שיידט אָפּ פון זיי מעשר שני נאָר אלס ספק. דעריבער איז דער דאָזיקער מעשר שני לייכטער, און מען מעג עס אויך אויסטוישן אויף א עם הארץ׳ס פרוכטן.**

ד. פירות בירושלים, אויב די פירות (פון זיין פריינט) זענען אין ירושלים, און דאָס (מעשר שני געלט) איז פאראַן אויסער ירושלים (מדינה, מיינט מען אין דער פּראָווינץ, ניט אין ירושלים), זאָגט ער: "זאָל יענע געלט זיין אויסגעטוישט אויף די דאָזיקע פרוכטן". **די משנה לערנט דאָ דעמזעלבן דין וואָס אין דער פריערדיקער משנה, נאָר אין דער פריעריקער משנה זענען ביידע, סיי דאָס געלט און סיי די פרוכטן, אין ירושלים; דאקייגן דאָ איז דאָס געלט אין דער פּראָווינץ, מדינה, און די פרוכטן אין ירושלים, און די משנה זאָגט, אז אויך אין אזא פאַל מעג מען.** מעות בירושלים, אויב דאָס (מעשר שני) געלט איז אין ירושלים און די פרוכטן אין דער פּראָווינץ, זאָגט ער: "זאָל דאָס דאָזיקע געלט זיין אויסגעטוישט אויף יענע פרוכטן"; אָבער די פרוכטן דאַרפן ווערן ארויפגעפירט און געגעסן אין ירושלים. **די דאָזיקע משנה לערנט, אז ביים אויסטויש מוזן ניט ביידע, דאָס געלט און די פרוכטן, זיין אין איין אָרט.**

ה. מעות נכנסות, געלד (פון מעשר שני) גייען אריין קיין ירושלים און גייען ארויס, אָבער פרוכטן (פון מעשר שני), גייען אריין, אָבער זיי גייען ניט ארויס. **אויב מען פירט אריין מעשר שני געלט קיין ירושלים, מעג מען עס צוריק ארויספירן פון ירושלים. אָבער פרוכטן פון מעשר שני, וואָס מען האָט אריינגעפירט קיין ירושלים, טאָר מען ניט מער ארויספירן, זיי מוזן בלייבן אין ירושלים. אין דער גמרא הייסט עס "מחיצות קולטות", די מחיצות, די "מויערן פון ירושלים", נעמען אריין, און זיי דערלויבן ניט, אז מען זאָל די פרוכטן ארויספירן.** רבן שמעון בן גמליאל זאָגט, אז אויך פרוכטן גייען אריין און ארויס. **דער ירושלמי זאָגט, אז אויך רבן שמעון בן גמליאל האלט, אז מען טאָר ניט מער אויסטוישן די פרוכטן, און מען מוז דיזעלבע פרוכטן צוריק אריינפירן קיין ירושלים; נאָר ער האלט, אז מען מעג, למשל, תבואה פון מעשר שני ארויספירן פון ירושלים צו מאָלן און דערנאָך אריינפירן דאָס מעל קיין ירושלים.**

ו. פירות, פרוכטן ביי וועלכע עס איז געענדיקט געוואָרן זייער אַרבייט, און מען האָט זיי דורכגעפירט דורך ירושלים (מען האָט זיי אריינגעפירט קיין ירושלים און צוריק ארויסגעפירט פון שטאָט) דאַרף זייער מעשר שני צוריקגעפירט און געגעסן ווערן אין ירושלים. **מיר האָבן געלערנט פריער אין מסכתא מעשרות פון א׳ משנה ה׳ אז פרוכטן, ביי וועלכע עס איז שוין געענדיקט געוואָרן די גאנצע ארבייט ארום זיי, טאָר מען ניט עסן אומגע׳מעשר׳ט, מען מוז אפשיידן פון זיי מעשר; זיי ווערן מחויב**

שלהם ויאכל בירושלים. ושלא נגמרה מלאכתן, סלי ענבים לגת וסלי תאנים למוקצה, בית שמאי אומרים יחזור מעשר שני שלהם ויאכל בירושלים; ובית הלל אומרים, יפדה ויאכל בכל מקום. ר׳ שמעון בן יהודה אומר משום ר׳ יוסי, לא נחלקו בית שמאי ובית הלל על פירות שלא נגמרה מלאכתן, שיפדה מעשר שני שלהם ויאכל בכל מקום. ועל מה נחלקו? על פירות שנגמרה מלאכתן, שבית שמאי אומרים, יחזור מעשר שני שלהם ויאכל בירושלים, ובית הלל אומרים יפדה ויאכל בכל מקום. והדמאָי נכנס ויוצא ונפדה.

---

אין מעשר. מיר האָבן אויך פריער אין דער משנה געלערנט, אז פרוכטן פון מעשר שני, וואָס זיינען אריינגעפירט געוואָרן קיין ירושלים, טאָר מען ניט מער ארויספירן, און אויב מען האָט זיי ארויסגעפירט מוז מען זיי צוריק אריינפירן קיין ירושלים. לערנט דאָ די משנה, אז אויב מען האָט אריינגעפירט קיין ירושלים פרוכטן, ביי וועלכע מען האָט שוין פארענדיקט די ארבייט און מען דארף שוין אפשיידן פון זיי מעשר שני, און מען האָט זיי צוריק ארויסגעפירט פון ירושלים, מוז מען דעם מעשר שני, וואָס מען וועט אפשיידן פון זיי, פירן קיין ירושלים און זיי עסן, און מען קאָן ניט דעם דאָזיקן מעשר שני אויסטוישן אויף געלט און דאָס געלט ברענגען קיין ירושלים. כאָטש די פרוכטן זענען דאָך געווען אין ירושלים נאָך איידער מען האָט פון זיי אפגעשיידט דעם מעשר שני, זאָגט מען, אז „מתנות שלא הורמו כמי שהורמו דמיין״, אז וויל זיי זענען דאָך שוין געווען מחויב אין מעשר שני, מחמת די ארבייט ארום זיי איז דאָך שוין געווען פארענדיקט, הייסט עס, ווי דער מעשר שני וואָלט שוין געווען אָפגעשיידט. ושלא נגמרה, אויב אָבער ביי די פרוכטן (וואָס מען האָט אריינגעפירט קיין ירושלים און צוריק ארויסגעפירט) איז ניט געווען פארענדיקט די ארבייט, (למשל) קוישן ווינטרויבן וועלכע מען האָט געפירט צום ווינקעלטער (צו מאכן וויין) אָדער קוישן פייגן צום מוקצה (צום ארט, וואו מען שפרייט זיי אויס צום טריקענען), זאָגן די בית שמאי, אז זייער מעשר שני דארף צוריקגיין און געגעסן ווערן אין ירושלים. די בית שמאי האלטן, אז אפילו ווען ביי די פרוכטן איז נאָכניט געווען פארענדיקט די ארבייט און זיי זענען נאָכניט געווען מחויב אין מעשר שני, ווען מען האָט זיי אדורכגעפירט דורך ירושלים, מוז מען אויך דעם מעשר שני, וואָס מען וועט שפעטער אָפשיידן פון זיי, צוריקברענגען קיין ירושלים. ובית הלל, אָבער די בית הלל זאָגן, אז מען מעג דעם מעשר שני אויסלייזן און אים עסן אומעטום. אָבער דאָס געלט ווערט מעשר שני און מען פירט עס קיין ירושלים, און די פרוכטן קאָן מען עסן אומעטום. ר׳ שמעון בן יהודה זאָגט אין נאָמען פון ר׳ יוסי, אז די בית שמאי און די בית הלל זיינען ניט מחולק וועגן פרוכטן, וואָס די ארבייט ארום זיי איז ניט פארענדיקט (און וועגן אזעלכע פרוכטן האלטן ביידע) אז מען קאָן אויסלייזן זייער מעשר שני און אים עסן אומעטום. אין אזא פאל זענען אויך די בית שמאי מודה, אז וויל ווען די פרוכטן זענען געווען אין ירושלים און מען האָט זיי צוריק ארויסגעפירט האָבן זיי נאָכניט געהאַט דעם חיוב פון מעשר שני, מעג מען זייער מעשר שני שפעטער יאָ אויסלייזן. ועל מה, אָבער וועגן וואָס זענען זיי יאָ מחולק? וועגן פרוכטן, וואָס זייער ארבייט איז יאָ פארענדיקט, און די בית שמאי זאָגן, אז זייער מעשר שני דארף צוריקגיין און געגעסן ווערן אין ירושלים, און די בית הלל זאָגן, אז מען קאָן דעם מעשר שני אויסלייזן און עסן אים אומעטום. לויט ר׳ שמעון בן יהודה אין נאָמען פון ר׳ יוסי האלטן די בית הלל, אז מעשר, וואָס מען האָט נאָכניט אָפגעשיידט, איז ניט אזוי ווי ער איז שוין אָפגעשיידט („מתנות שלא הורמו לאו כמי שהורמו דמיין״), און דעריבער מעג מען דעם מעשר שני, וואָס מען שיידט־אָפּ שפעטער, יאָ אויסלייזן, און אים עסן אומעטום אלס חולין. והדמאי, און מעשר שני פון דמאי גייט אריין (קיין ירושלים) און גייט ארויס און מען

**ז. אילן שהוא עומד בפנים ונוטה לחוץ, או עומד בחוץ ונוטה לפנים — מכנגד החומה ולפנים כלפנים, מכנגד החומה ולחוץ כלחוץ. בתי הבדים שפתחיהן לפנים וחללן לחוץ, או שפתחיהן לחוץ וחללן לפנים, בית שמאי אומרים, הכל כלפנים; ובית הלל אומרים, מכנגד החומה ולפנים כלפנים, מכנגד החומה ולחוץ כלחוץ.**

**ח. הלשכות בנויות בקודש ופתוחות לחול, תוכן חול וגגותיהן קודש.**

לייזט אים אויס. מיר האָבן פריער אין משנה ג׳ געזאָגט אז דמאי הייסט פרוכטן, וועגן וועלכע עס איז א ספק צי מען האָט פון זיי אפגעשיידט מעשר, און מען שיידט אָפּ מעשר שני צוליב דעם ספק. אזא מעשר שני פון דמאי, וואָס איז דאָך א ספק מעשר שני, מעג מען אריינפירן קיין ירושלים און צוריק ארויספירן און אים אויסלייזן מיט געלט. אזוי טייטשט דער רמב״ם אין פירוש המשניות. אָבער דער ירושלמי זאָגט, אז נור פרוכטן פון דמאי, וואָס מען דאַרף ערשט אפשיידן פון זיי מעשר שני, אויב זיי זענען אריינגעגאנגען קיין ירושלים און צוריק ארויסגעגאנגען און מען האָט שפּעטער פון זיי אפגעשיידט מעשר שני מעג מען אים אויסלייזן. אָבער מעשר שני פון דמאי, אויב מען האָט אים אריינגעפירט און צוריק ארויסגעפירט, מוז מען אים צוריק אריינ־פירן קיין ירושלים. אויך דער רמב״ם אין דער הלכה אין ספר „יד החזקה״ האָט חרטה געהאט פון זיין פירוש, און ער פסקנט, אז מעשר שני פון דמאי טאָר מען ניט ארויספירן פון ירושלים..

ז. אילן, א בוים וואָס שטייט אינווייניק (אין ירושלים) און בייגט זיך אריבער אין דרויסן (איבער דער מויער פון דער שטאָט) אויסער ירושלים), אָדער דער בוים שטייט אין דרויסן און בייגט זיך אריבער אינווייניק, איז דאָס וואָס געפינט זיך פון קייגן דער מויער צו אינווייניק, האָט דעם דין פון אינווייניק, און פון קייגן דער מויער צו דרויסן האָט דעם דין פון דרויסן. די משנה לערנט דאָ וועגן מעשר שני, און די משנה זאָגט, אז דער טייל וואָס געפינט זיך אין ירושלים, האָט דעם דין פון ירושלים און מען מעג דאָרט עסן מעשר שני, און אין דעם טייל, וואָס געפינט זיך אויסער ירושלים, טאָר מען ניט עסן קיין מעשר שני (זע פריער אין מסכתא מעשרות פרק ג׳ משנה י׳). בתי הבדים, הייזער פון אייל־בירטן־קעלטערס, וואָס זייערע טירן גייען אריין אינווייניק (אין ירושלים) און זייער רוים (חלל, די צימערן זעלבסט) איז אין דרויסן (פון ירושלים), אָדער זייערע טירן גייען ארויס אין דרויסן (אויסער ירושלים) און זייער רוים (די צימערן אליין) איז אינווענדיק (אין ירושלים), זאָגן די בית שמאי, אז אלץ איז ווי אינווייניק (זיי האָבן דעם דין ווי זיי זענען אין ירושלים) און די בית הלל זאָגן, אז פון קייגן דער מויער צו אינווענדיק האָט דעם דין ווי אינ־ווייניק, און פון קייגן דער מויער אין דרויסן האָט דעם דין ווי אין דרויסן. אין די מויערן וואָס האָבן ארומגערינגלט ירושלים זענען געווען איינגעבויט גרויסע האַליעס, צימערן, וואו עס האָבן זיך געפונען אייל־בירטן־קעלטערס, אין וועלכע מען האָט גע־פרעסט אייל. טייל פון זיי זענען זייערע טירן אריינגעגאנגען אין דער שטאָט, און טייל פון זייער רוים, פון זייער חלל, האָט זיך געפונען אין שטאָט און א טייל אויסער דער שטאָט. זאָגן די בית שמאי, אז די גאנצע האַליע האָט דעם דין פון ירושלים, און מען מעג דאָרט עסן מעשר שני, און אויך פלייש פון קרבנות וואָס מען מעג עסן אין ירושלים. און די בית הלל זאָגן, אז נור דער טייל פון דער האַליע וועלכער גע־פינט זיך אין דער שטאָט, האָט דעם דין פון ירושלים; און דער טייל פון דער האַליע וואָס געפינט זיך אויסער דער שטאָט, האָט דעם דין פון דרויסן, און מען טאָר דאָרט ניט עסן מעשר שני און קרבנות־פלייש.

ח. הלשכות, די צימערן (לשכה, א צימער) וואָס זענען געבויט אין הייליקן אָרט (אין הויף פון בית המקדש, אין דער עזרה) און זייערע טירן גייען ארויס אין ניט

**בנויות בחול ופתוחות לקודש, תוכן קודש וגגותיהן חול. בנויות בקודש ובחול ופתוחות לקודש ולחול, תוכן וגגותיהן מכנגד הקודש ולקודש קודש, מכנגד החול ולחול חול.**

**ט. מעשר שני שנכנס לירושלים ונטמא, בין שנטמא באב הטומאה בין שנטמא בולד הטומאה, בין בפנים בין בחוץ, בית שמאי אומרים, הכל יפדה ויאכל בפנים, חוץ משנטמא באב הטומאה בחוץ; ובית הלל**

---

הייליקן אָרט (חול), איז זייער אינווייניק ניט הייליק און זייערע דעכער זענען הייליק. **אויפן הויף פון בית המקדש, אין דער עזרה זענען געווען לעבען דער מויער צימערן,** לשכות, וועלכע האָבן זיך געצויגן וויט, און די טירן פון טייל פון זיי זענען ארויסגע־גאנגען ניט אויפן הויף פון בית המקדש, נאָר אין דרויסן, **אויסער דעם הויף, אויסער דער עזרה. דער הויף פון בית המקדש, די עזרה, איז געווען הייליק, און דאָרט האָט** מען געמעגט שעכטן קרבנות, און אויך עסן דאָס פלייש פון טייל גאָר הייליקע קרבנות (קדשי קדשים), און דאָרט האָט קיין טמא מענטש ניט געטאָרט אריינקומען. **זאָגט די משנה ,אז די דעכער פון די דאָזיקע צימערן, ווייל זיי, די דעכער געפינען זיך דאָך אין הייליקן אָרט, אין דער עזרה, האָבן זיי דעם דין פון הייליקן אָרט, פון קודש, פון דער עזרה. אָבער אינווייניק, אין די צימערן, ווייל זייערע טירן גייען ארויס אויסער דער עזרה, אין ניט־הייליקן אָרט, האָבן אויך די צימערן דעם דין פון חול, פון א ניט הייליק אָרט.** בנויות בחול, אויב די צימערן זענען געווען געבויט אין ניט־הייילקן אָרט און זייערע טירן גייען אריין אין הייליקן אָרט, איז אינווייניק פון די צימערן הייליק, און זייערע דעכער זענען ניט הייליק (חול). **אויב די צימערן זעלבסט געפינען זיך אויסער דער עזרה לעבן דער מויער, אָבער די טירן זענען אריינגעגאנגען אין דער עזרה, איז אינווייניק פון די צימערן הייליק, ווייל דער אריינגאנג צו זיי איז פון דער עזרה; אָבער אויף די דעכער פון די צימערן, וועלכע געפינען זיך אויסער דער עזרה, איז ניט הייליק.** בנויות בקודש ובחול, אויב די צימערן זענען געווען געבויט א טייל (פון דעם צימער) אין הייליקן אָרט, און א טייל אין ניט הייליקן אָרט, און (אין יעדן צימער זענען פאראן צוויי טירן, וואָס) גייען ארויס אין הייליקן אָרט און אין ניט־הייליקן אָרט איז סיי אינווייניק פון די צימערן און סיי אויף זייערע דעכער, דער טייל וואָס געפינט זיך אין הייליקן אָרט איז הייליק און דער טייל וואָס געפינט זיך אין ניט־הייליקן אָרט איז ניט הייליק. **דער כלל איז, אז אינווייניק אין די צימערן, ווערט גערעכנט לויט דעם אָרט פון די טירן, לויט דעם אָרט, פון וואנען מען גייט אריין אין די צימערן. אָבער די דעכער פון די צימערן ווערן גערעכענט לויט דעם אָרט, וואו זיי געפינען זיך. אויב אין א צימער זענען געווען צוויי טירן, איינע וואָס איז אָפן צום הייליקן בית המקדש־הויף, און די צווייטע אין דרויסן, אין ניט הייליקן אָרט, און דער צימער איז געבויט א טייל אין הויף פון בית המקדש און א טייל אין דרויסן, איז דער טייל אינווייניק הייליק, און דער טייל אין דרויסן ניט הייליק.**

ט. מעשר שני, מעשר־שני־פרוכטן, וואָס זענען אריינגעקומען אין ירושלים און זענען טמא געוואָרן, סיי זיי זיינען טמא געוואָרן דורך אן אב הטומאה, און סיי זיי זענען טמא געוואָרן דורך א ולד הטומאה, סיי זיי זענען טמא געוואָרן אינווייניג (אין ירושלים), סיי זיי זענען טמא געוואָרן אין דרויסן (איידער מען האָט זיי אריינגעבראכט אין ירושלים), זאָגן די בית שמאי, אז מען זאָל אים (דעם מעשר שני) אויסלייזען און מען זאָל אלץ עסן אין ירושלים, א חוץ אויב ער איז טמא געוואָרן דורך אן אב הטומאה אין דרויסן. **כדי צו פארשטיין די משנה וועלן מיר דאָ געבן עטליכע הקדמות. ערשטנס, אז כאָטש פרוכטן פון מעשר שני וועלכע זענען אריינגעקומען קיין ירושלים טאָר מען ניט אויסלייזן מיט געלט, אָבער אויב די פרוכטן זענען טמא געוואָרן און מען טאָר זיי אלס מעשר שני ניט עסן, מעג מען זיי יאָ אויסלייזן, און דעמאָלס ווערט דאָס געלט**

**אומרים, הכל יפדה ויאכל בחוץ, חוץ משנטמא בולד הטומאה בפנים.**

**י. הלקוח בכסף מעשר שני שנטמא, יפדה. ר׳ יהודה אומר, יקבר. אָמרו לו לר׳ יהודה, מה אם מעשר שני עצמו שנטמא הרי הוא נפדה, הלקוח בכסף מעשר שני שנטמא, אינו דין שיפדה? אָמר להם, לא, אם**

מעשר שני, און די פרוכטן חולין און מען מעג זיי עסן. צוויטנס, פרוכטן קאָנען טמא ווערן, אָדער, ווען זיי רירן אָן א הויפט־טמא־זאַך, למשל א טויטן שרץ, און די הויפט־טמא־זאַך הייסט אב הטומאה (דער פאָטער פון דער טומאה); אָדער זיי רירן אָן א טמא־זאַך, וואָס די דאָזיקע טמא זאַך איז טמא געוואָרן אָנרירנדיק א הויפט־טמא זאַך, און דאָס הייסט „ולד הטומאה", דאָס „קינד פון דער טומאה"; די פרטים וועגן דעם וועלן מיר געבן אין דער הקדמה צום משניות סדר טהרות. דאָס טמא ווערן דורך אָנרירן אן אב הטומאה איז שטענדיק טמא „מדאורייתא", די תורה האָט געזאָגט, אז עס איז טמא; אָבער ווען מען רירט אָן א ולד הטומאה ווערט עס טיילמאָל טמא נור מדרבנן; לויט דער תורה איז עס טהור. זאָגן די בית שמאי, אז אויב די מעשר־שני־פרוכטן זענען טמא געוואָרן און מען האָט זיי אויסגעלייזט, מוז מען אויך די אויסגע־לייזטע פרוכטן עסן נור אין ירושלים, ווייל מענטשן וועלן דאָך ניט וויסן, אז מען האָט די מעשר שני פרוכטן אויסגעלייזט, און זעענדיק, אז מען פירט ארויס די פרוכטן פון ירושלים און ניט וויסנדיק אז זיי זענען טמא געווען און געוואָרן אויסגעלייזט וועלן זיי זאָגן, אז מען פירט ארויס מעשר שני פון ירושלים. אן אויסנאַם זיינען מעשר שני פרוכטן, וואָס זענען טמא געוואָרן אָנרירנדיק אן אב הטומאה נאָך איידער זיי זענען אריינגעקומען אין ירושלים. זיי מעג מען אויסלייזן און צוריק ארויספירן פון שטאָט, ווייל זיי זענען טמא געוואָרן דורך א שטאַרקער מדאורייתא־טומאה נאָך איידער זיי זענען אריין קיין ירושלים, איז אויף זיי די קדושה פון ירושלים ניט ארויף. ובית הלל, אָבער די בית הלל זאָגן, אז אלץ מעג אויסגעלייזט ווערן און די אויסגעלייזטע פרוכטן מעג מען ארויספירן פון ירושלים און עסן אין דרויסן, א חוץ די מעשר־שני פרוכטן וואָס זענען טמא געוואָרן אָנרירנדיק א ולד הטומאה אינווייניק (אין ירושלים). די בית הלל האלטן, אז מען דאַרף ניט מורא האָבן טאָמער וועלן מענטשן זאָגן, אז מען פירט ארויס מעשר שני פון ירושלים, און דעריבער מעג מען די אויסגעלייזטע פרוכטן ארויספירן. אָבער אויב זיי האָבן אין ירושלים אָנגערירט א ולד הטומאה און דאָס איז טמא נור מדרבנן, און בשעת זיי זענען אריינגעקומען אין שטאָט זענען זיי געווען טהור, און מדאורייתא זענען זיי דאָך אויך איצט טהור, איז כאָטש מען מעג זיי אויסלייזן, אָבער עסן מוז מען זיי אין שטאָט, ווייל עס איז אויף זיי ארויף די מעשר־שני קדושה פון ירושלים, „די מחיצות פון ירושלים האָבן זיי קולט געווען".

י. הלקוח, אויב פרוכטן, וועלכע זענען געקויפט געוואָרן פאר מעשר־שני־געלט, זענען טמא געוואָרן, מעג מען זיי אויסלייזן. פריער אין משנה ט׳ האָבן מיר געלערנט וועגן פרוכטן וואָס זענען געווען פון אָנהויב אָן מעשר שני. איצט אָבער לערנט די משנה וועגן פרוכטן, וואָס זענען געקויפט געוואָרן פאר מעשר שני געלט, אז כאָטש מיר האָבן געלערנט פריער פרק א׳ משנה ה׳, אז אזעלכע פרוכטן טאָר מען ניט אויסלייזן, אָבער אויב זיי זענען טמא געוואָרן, און טמא־מעשר־שני טאָר מען דאָך ניט עסן, מעג מען זיי יאָ אויסלייזן. ר׳ יהודה זאָגט, אז מען זאָל זיי באַגראָבן. ווייל ער האלט, אז אפילו ווען זיי זענען טמא געוואָרן טאָר מען זיי אויך ניט אויסלייזן. אָמרו לו, האָבן די חכמים געזאָגט צו ר׳ יהודה: מה דאָך פרוכטן וואָס זענען געווען פון אָנהויב אָן מעשר שני, אויב זיי זענען טמא געוואָרן, לייזט מען זיי אויס, דאַרף מען דאָך פרוכטן, וואָס זענען געקויפט פאר מעשר־שני־געלט, ווען זיי זענען טמא געוואָרן, אודאי מעגן אויסלייזן? דעם דיך, אז מעשר־שני־פרוכטן, אויב זיי זענען טמא געוואָרן מעג מען אויסלייזן האָבן מיר געלערנט פריער אין משנה ט׳ אין דער מחלוקה צווישן

**אֲמרתם במעשר שני עצמו, שכן הוא נפדה בטהור בריחוק מקום, תאמרו בלקוח בכסף מעשר שאינו נפדה בטהור בריחוק מקום?**

**יא. צבי שלקחו בכסף מעשר ומת, יקבר על ידי עורו. ר' שמעון אומר יפדה. לקחו חי ושחטו ונטמא, יפדה. ר' יוסי אומר, יקבר. לקחו שחוט ונטמא הרי הוא כפירות.**

**יב. המשאיל קנקנים למעשר שני, אף על פי שגפן, לא קנה מעשר.**

---

**די בית שמאי און די בית הלל.** אָמר להם, האָט ער (ר' יהודה) צו זיי געזאָגט: ניין, אויב איר האָט געזאָגט וועגן מעשר־שני־פרוכטן זעלבסט (אז מען מעג זיי אויסלייזן אויב זיי זענען געוואָרן טמא), ווייל ווען זיי זענען טהור און זיי זענען אין ווייטן אָרט (אויסער דער שטאָט ירושלים) מעג מען זיי אויך אויסלייזן; צי זאָלט איר דעריבער אויך זאָגן וועגן פרוכטן, וואָס זענען געקויפט פאַר מעשר שני־געלט (אז אויב זיי זענען טמא געוואָרן זאָל מען זיי אויסלייזן), וואָס ווערן ניט אויסגעלייזט ווען זיי זענען טהור און זיי זענען אין ווייטן אָרט (אויסער ירושלים)! **ר' יהודה ווייזט־אָן, אז פרוכטן וועלכע זענען געקויפט פאַר מעשר־שני־געלט זענען בנוגע דעם דין פון אויסלייזן האַרבער פון פרוכטן, וועלכע זענען פון אָנהויב אָן געווען מעשר שני. און ר' יהודה ברענגט דערצו דעם דין, אז פרוכטן, וועלכע זיינען געווען פון אָנהויב אָן מעשר שני און געפינען זיך אויסער דער שטאָט ירושלים אפילו זיי זענען טהור, מעג מען זיי יאָ אויסלייזן מיט געלט. אָבער פרוכטן, וועלכע זענען געקויפט געוואָרען פאַר מעשר שני געלט, אויב זיי זענען טהור און געפינען זיך אויסער דער שטאָט ירושלים, טאָר מען ניט אויסלייזן, ווי מיר האָבן געלערנט פריער אין פרק א' משנה ה'. דעריבער האַלט ר' יהודה, אז אויך ווען זיי זענען טמא טאָר מען זיי אויך ניט אויסלייזן און מען דאַרף זיי באַגראָבן. דער אויסדרוק „ברחוק מקום", אין דער „ווייטקייט פון אָרט", מיינט „אויסער דער שטאָט ירושלים", און עס איז גענומען פון חומש דברים י"ד „כי ירחק ממך המקום", „אויב עס וועט זיין ווייט פון דיר דאָס אָרט", וואָס מען מיינט דאָס אָרט, וואוהין מען דאַרף ברענגען דעם מעשר שני, און דאָס איז ירושלים.**

י"א. צבי שלקחו, א הירש, וואָס מען האָט געקויפט פאַר מעשר־שני־געלט, און ער איז געשטאָרבן, זאָל מען אים באַגראָבן צוזאַמען מיט דער פעל. **מען טאָר אים ניט אויסלייזן, ווייל מענטשן וועלן דאָך ניט קאָנען עסן דאָס פליש, מחמת עס איז דאָך ניט געשאָכטן, און דער דין איז אז מען טאָרניט אויסלייזן הייליקע זאַכן אויף צו געבן זיי צו עסן צו הינט (אין פודין את הקדשים להאכילן לכלבים). ווידער די פעל, כאָטש מען וואָלט זי יאָ געקאָנט נוצן, נערט זי בטל צום פלייש.** ר' שמעון זאָגט, אז מען מעג אים אויסלייזן. **ער האַלט, אז מען מעג יאָ אויסלייזן הייליקע זאַכן צו געבן זיי צו עסן צו הינט.** לקחו חי, אויב מען האָט אים (דעם הירש) געקויפט א לעבעדיקן און מען האָט אים געשאָכטן און ער איז טמא געוואָרן, מעג מען אים יאָ אויסלייזן. **דער ברטנורא זאָגט אז דאָ איז אויך ר' יהודה (פריער פון משנה י') מודה, אז מען מעג אים אויסלייזן.** ר' יוסי זאָגט, אז מען זאָל אים באַגראָבן. **ווייל ער האַלט, אז דער הירש האָט דעם דין ווי פרוכטן, וואָס זענען געקויפט געוואָרן פאַר מעשר שני געלט.** לקחו שחוט, אויב מען האָט געקויפט א געשאָכטענעם הירש און ער איז טמא געוואָרן, האָט ער דעם דין ווי פרוכטן. **און וועגן פרוכטן איז פאַראַן די מחלוקה צווישן די חכמים און ר' יהודה (פריער משנה י') צי מען מעג זיי אויסלייזן.**

י"ב. המשאיל, אז איינער באַרגט־אויס (זיינע איינענע) קרוגן צו (זיין אייגענעם) מעשר שני (אריינצוגיסן אין זיי מעשר־שני־ווין), כאָטש ער האָט זיי פאַרשטאָפּט (נאָכן אריינגיסן דעם מעשר שני ווין אין זיי), האָט דער מעשר שני זיי ניט קונה געווען. **די קרוגן ווערן ניט דאדורך מעשר שני, און נאָכדעם ווי מען גיסט פון זיי צוריק ארויס דעם ווין, קאָן מען טאָן מיט די קרוגן, וואָס מען וויל, ווייל זיי בלייבן ווייטער חולין.**

**זלף לתוכן סתם, עד שלא גפן לא קנה מעשר, משגפן קנה מעשר; עד שלא גפן עולות באחד ומאה, ומשגפן מקדשות בכל שהן; עד שלא גפן תורם מאחת על הכל, ומשגפן תורם מכל אחת ואחת.**

---

זלף לתוכן, אויב ער האָט אריינגעגאָסן אין זיי סתם (ער האָט ניט געזאָגט, אז ער באַרגט זיי אויס), איז איידער ער האָט זיי פארשטאָפּט, האָט זיי דער מעשר שני ניט קונה געווען (זענען זיי ניט געוואָרן מעשר שני), אָבער נאָכדעם ווי ער האָט זיי פאַרשטאָפּט, האָט זיי דער מעשר שני יאָ קונה געווען (זענען זיי יאָ מעשר שני). **אזוי טייטשט דער רמבם דעם „סתם", אז דאָס מיינט מען, אז ער האָט ניט געזאָגט, אז ער באַרגט אויס די קרוגן, און דעריבער אויב ער האָט פארשטאָפּט די קרוגן נאָכדעם ווי ער האָט אריינגעגאָסן דעם מעשר שני וויין, הייסט עס אז ער האָט זיי אוועקגעגעבן פאר מעשר שני. אָבער דער ר"ש און דער ברטנורא טייטשן, אויפן יסוד פון ירושלמי, אז „סתם" מיינט מען דאָ, אויב ער האָט אריינגעגאָסן ניט מעשר־שני־וויין, נאָר סתם־וויין, איידער מען האָט אָפּגעשיידט מעשר שני; און די משנה זאָגט, אז אויב ער האָט אָפּגעשיידט דעם וויין אלס מעשר שני איידער ער האָט פארשטאָפּט די קרוגן, זענען די קרוגן ניט קיין מעשר שני, מחמת דער וויין ווערט באטראכט באזונדער און די קרוגן באזונדער; און אויב ער האָט דעם וויין אָפּגעשיידט אלס מעשר שני נאָכדעם ווי ער האָט פארשטאָפּט די קרוגן, ווערן די קרוגן אויך פארדעכנט פאר מעשר שני. דאָס וואָרט „גפן" איז פון „גפף", פארשטאָפּן, און דערפון איז „מגופה", דער נאָמען פאר דעם פארשטאָפּער, מיט וועלכן מען פארמאכט די קרוג אָדער די פאס וויין.**

עד שלא גפן, איידער ער האָט זיי פארשטאָפּט (די קרוגן וויין), ווערן זיי בטל אין הונ־דערט און איינס, אָבער ווען זיי זענען שוין פארשטאָפּט, אסר'ן זיי מיט דעם קלענסטן עפיס. **דער דאָזיקער דין ווערט דאָ געלערנט אגב אורחא, און האָט ניט קיין שייכות מיט מעשר שני נאָר בכלל, אז קרוגן ווערן, נאָכדעם ווי מען האָט זיי פארשטאָפּט, פארדעכנט יעדער קרוג באזונדער און האָט א באזונדערע חשיבות; אָבער איי־דען מען האָט זיי פארשטאָפּט ווערן זיי ניט פארדעכנט אלס באזונדערע קרוגן, נאָר ווי סתם וויין. און די משנה לערנט דאָ דעם דין וועגן תרומה, אויב א קרוג וויין פון תרומה האָט זיך אויסגעמישט מיט קרוגן וויין פון חולין און מען ווייסט ניט וועלכע איז די תרומה, זאָגט די משנה, אז אויב דאָס איז פאָרגעקומען איידער מען האָט פארשטאָפּט די קרוגן, ווערט די תרומה בטל אין הונדערט און איינס, דאָס הייסט, אויב איין קרוג תרומה־וויין האָט זיך אויסגעמישט מיט 100 קרוגן חולין־וויין, ווערט די תרומה בטל און אויך א ישראל מעג דעם וויין טרינקן (די דינים דערפון האָבן מיר געלערנט אין תרומות פרק ד' משנה ז'). אויב אָבער די קרוגן זענען געווען פארמאכט, ווערט די תרומה ניט בטל; און אויב אפילו די תרומה־קרוג איז געווען לגבי די חולין־קרוגן א „כל־שהוא", דאָס „קלענסטע עפיס", דאָס הייסט אפילו איין קרוג תרומה האָט זיך אויסגעמישט, למשל, מיט טויזנט קרוגן חולין ווערט עס אויך ניט בטל, און א ישראל טאָר דעם וויין ניט טרונקן, ווייל א פארמאכטע קרוג איז א חשובע זאַך און ווערט ניט בטל.** עד שלא גפן תורם, איידער מען האָט זיי פארשטאָפּט (די קרוגן וויין) מעג מען אָפּשיידן תרומה פון איין (קרוג) אויף אלע (קרוגן); נאָכדעם ווי מען האָט זיי פארשטאָפּט מוז מען אפשיידן תרומה פון יעדער באזונדער. **ווי מיר האָבן געלערנט אין תרומות פרק ב' משנה א' מוז מען אפשיידן תרומה נור „מן המוקף", נור פון דעם וואָס געפינט זיך דערלעבן, פון זעלבן בערגל תבואה אָדער פרוכטן, און ניט פון אן אנדער בערגל. זאָגט די משנה, אז אויב די קרוגן וויין זענען געווען אָפענע, הייסן זיי ווי איין וויין און מען מעג אָפּשיידן תרומה פון איין קרוג אויף אלע; אָבער אויב זיי זענען פארשטאָפּטע, זענען זיי באזונדערע קרוגן וויין, און מען מוז אפשיידן פון יע־דער באזונדער.**

**יג. בית שמאי אומרים, מפתח ומערה לגת, ובית הלל אומרים מפתח ואינו צריך לערות. במה דברים אמורים? במקום שדרכן לימכר סתומות; אבל במקום שדרכן לימכר פתוחות, לא יצא קנקן לחולין. אבל אם רצה להחמיר על עצמו למכור במדה, יצא קנקן לחולין. ר׳ שמעון אומר; אף האומר לחברו „חבית זו אני מוכר לך, חוץ מקנקנים״, יצא קנקן לחולין.**

---

י״ג. בית שמאי זאָגן, אז (אויב איינער, וועלכער האָט פאַרשטאָפּטע קרוגן וויין, וויל אז זיי זאָלן האָבן דעם דין פון אָפענע), מוז ער עפענען און צוריק אויסגיסן דעם וויין אין קעלטער. די בית שמאי האַלטן, אז קוים זענען געווען די קרוגן פאַרמאַכט, הייסן זיי שוין באַזונדערע קרוגן וויין אפילו מען האָט זיי צוריק געעפנט; און כדי צו מאַכן זיי אלס איין וויין, מוז מען זיי צוריק אויסגיסן אין וויין־קעלטער. ערשט דעמאָלט קאָן ער אָפּשיידן תרומה פון איין וויין אויף אלע וויינען, און אויך בנוגע מעשר שני. ובית הלל, אָבער די בית הלל זאָגן, אז ער עפנט און ער דאַרף ניט אויסגיסן. לויט די בית הלל, אויב מען האָט נור געעפנט די קרוגן איז גענוג. במה דברים אמורים? ווען איז דאָס געזאָגט געוואָרן? אז עס איז, לויט די בית הלל, גענוג אז מען זאָל בלויז עפענען די קרוגן, און דעמאָלט איז נור דער וויין מעשר שני און די קרוגן זענען חולין? במקום שדרכן„ נור אין אן אָרט, וואו עס איז דער שטייגער צו פאַרקויפן זיי פאַרמאַכטע. דאָס הייסט אין אן אָרט, וואו עס איז דער שטייגער אז מען פאַרקויפט פאַרמאַכטע קרוגן וויין, און ווייל ער האָט זיי געעפנט, האָט ער דערמיט באַוויזן, אז ער וויל ניט דאָס די קרוגן זאָלן זיין מעשר שני. אבל במקום, אָבער אין אן אָרט, וואו עס איז דער שטייגער צו פאַרקויפן זיי אָפענע, ווערט די קרוג ניט קיין חולין. מחמת מיט דעם עפענען האָט ער גאָרניט באַוויזן, אז ער וויל ניט, דאָס די קרוגן זאָלן ניט זיין מעשר שני, וואָרום עס איז דאָך דער שטייגער צו פאַרקויפן אָפענע קרוגן וויין. אזוי טייטשט דער „תפארת ישראל״, נאָכדעם ווי ער זאָגט, אז די משנה איז זייער שווער. און די מפרשים, דער רמבם, און דער ר״ש און דער ברטנורא האָבן וועגן איר פאַרשידענע פשטים. דער רמב״ם טייטשט די משנה, אז די מחלוקה פון די בית שמאי און בית הלל איז גאָר וועגן דעם פאַל, ווען א וויין־הענדלער אין ירושלים פאַרקויפט קרוגן וויין צו איינעם פאַר געלט פון מעשר שני, איז אויב דער פאַרקויפער עפענט די קרוגן און גיסט ארויס דעם וויין פון זיי, הייסן די קרוגן ניט קיין מעשר שני; און די בית הלל זאָגן, אז עס איז גענוג, אויב ער עפנט די קרוגן, אפילו ער גיסט ניט ארויס און די קרוגן זענען ניט קיין מעשר שני. אָבער אויב עס איז אין דעם אָרט דער מנהג, צו פאַרקויפן אָפענע קרוגן וויין, זענען די קרוגן יאָ מעשר שני, אפילו לויט די בית הלל. און דערמיט דערקלערט דער רמבם ווייטער די משנה: אבל אם רצה, אויב ער (דער פאַרקויפער פון וויין) וויל זיין אָפּגעהיטן צו פאַרקויפן וויין נור (פּינקטליך) לויט דער מאָס, ווערט די קריג יאָ חולין. ווייל דערמיט האָט ער דאָך באַוויזן, אז ער מיינט ניט דאָס די קרוג זאָל אויך אריינגיין אין קויף. דער ברטנורא זאָגט, אז אין אזא פאַל, אפילו ווען די קרוגן זענען פאַרמאַכטע, אויב נור דער פאַרקויפער זאָגט, אז אזוי פיל וויין, לויט דער מאָס, פאַרקויפט ער פאַר מעשר שני, איז די קרוג חולין. ר׳ שמעון זאָגט, אז אויך ווען איינער זאָגט צו זיין פריינט: „איך פאַרקויף דיר די דאָזיקע פאַס וויין א חוץ די קרוגן, איז די קרוג חולין. די „משנה ראשונה״, נאָכדעם ווי זי ווייזט אָן אויף דער שוועריקייט אין די פרושים פון אנדערע מפרשים, זאָגט, אז דער טייטש איז, דאָס ר׳ שמעון זאָגט אז ניט נור ווען איינער פאַרקויפט וויין אין קרוגן פאַר מעשר־שני־געלט לויט דער מאָס ווערן די קרוגן ניט קיין מעשר שני, נאָר אויך אפילו ווען ער פאַרקויפט ניט לויט דעו׳ מאָס, נאָר ער זאָגט סתם: „איך פאַרקויף דיר די דאָזיקע פאַס וויין א חוץ די קרוגן״ מיינט מען, אז די קרוגן זענען חולין און אז זיי זענען ניט געקויפט געוואָרן דורך מעשר שני געלט. די „משנה ראשונה״ זאָגט ניט,

## פרק ד.

**א. המוליך פירות מעשר שני ממקום היוקר למקום הזול, או ממקום הזול למקום היוקר, פודהו כשער מקומו. המביא פירות מן הגורן לעיר וכדי יין מן הגת לעיר, השבח לשני ויציאות מביתו.**

**ב. פודין מעשר שני כשער הזול, כמות שהחנוני לוקח לא כמות שהוא מוכר; כמות שהשולחני פורט ולא כמות שהוא מצרף. ואין פודין**

וואס מען מיינט מיט „די דאַזיקע פאס ווייך". עס קאָן זיין, אז א „פאס" באשטייט פון א סך קרוגן וויין; עס קאָן אויך זיין, אז א „פאס" איז דאָסזעלבע וואס א „קרוג", ווי מיר האָבן עס געהאט פריער אין מסכתא דמאי פרק ז׳ משנה ח׳, וואו די משנה הויבט אָן מיט „כדי יין" (קרוגן וויין) און פארענדיקט מיט „חביות", פעסער. דער ברטנורא טייטשט, אז אויב איינער האָט א פאס (א קרוג) וויין, וועלכן ער האָט געמאכט מעשר שני, א חוץ איין קווארטירל וויין, און ער פארקויפט דאָס קווארטירל וויין צו א צווייטן און זאָגט צו אים, אז ער לאָזט זיך איבער די קרוג צוליב דעם מעשר־וויין, פונדעסט־וועגן ווערט די קרוג ניט קיין מעשר שני. — בכלל זענען אלע פירושים פון די מפרשים אויף דער גאנצער משנה זייער שווערע.

## פרק ד.

א. המוליך, אז איינער פירט פירות פון מעשר שני פון אן אָרט וואו עס איז טייער אין אן אָרט וואו עס איז ביליק, אָדער פון אן אָרט, וואו עס איז ביליק אין אן אָרט, וואו עס איז טייער, לייזט ער אים אויס לויט דעם מארק־פרייז פון זיין אָרט. דער רמבם זאָגט, אז לכתחילה טאָר מען מעשר שני ניט פירן פון איין אָרט אין אנ־דערן, נאָר אָדער מען לייזט אים אויס אין דעם אָרט וואו ער האָט זיך געפונען, אָדער מען פירט אים קיין ירושלים. אָבער אויב מען האָט יאָ געפירט, איז דער דין, אז מען לייזט אים אויס לויט דעם מארק־פרייז פון אָרט, וואו דער מעשר שני געפינט זיך בעת מען לייזט אים אויס. „שער" איז דער טייטש דער „מארק־פרייז". המביא, אז איינער ברענגט פרוכטן (פון מעשר שני) פון שייער אין שטאָט אריין אָדער וויין פון ווינקעלטער אין שטאָט אריין, איז דער צו־וואוקס פון פרייז (שבח) פאר דעם מעשר שני, און די הוצאות זענען פון זיין הויז. אין שטאָט זענען פרוכטן טייערער ווי אין שייער, און וויין איז אין שטאָט טייערער ווי אין ווינקעלטער. זאָגט די משנה, אז איינער האָט געבראכט פרוכטן אָדער קרוגן וויין פון מעשר שני אין שטאָט, דארף ער אויסלייזן לויט דעם טייערן פרייז פון דער שטאָט, און דער פרייז־צו־וואוקס גע־הערט צום מעשר שני. אָבער די הוצאות, וואס האָט געקאָסט דאָס ברענגען דעם מעשר שני פון שייער צי פון ווייןקעלטער אין שטאָט, טאָר מען ניט אראָפּנעמען פון מעשר שני, נאָר ער זאָל זיי באצאָלן פון זיין הויז, פון זיין אייגן געלט. דאָס וואָרט „יציאות" איז דאָסזעלבע וואס „הוצאות".

ב. פודין, מען קאָן אויסלייזן מעשר שני לויט דעם ביליקן מארק־פרייז, לויט דעם, וואָס דער קרעמער קויפט, און ניט ווי ער פארקויפט. א קרעמער, וואָס קויפט פרוכטן און פארקויפט זיי, צאָלט פאר די פרוכטן א קלענערן פרייז און נעמט פאר די פרוכטן א גרעסערן פרייז. זאָגט די משנה, אז מען מעג אויסלייזן מעשר שני לויט דעם קלענערן פרייז, פאר וועלכן א קרעמער קויפט די פרוכטן. כמות שהשולחני, ווי דער געלט־וועקסלער קויפט קליין־געלט, און ניט ווי ער קויפט גרויס־געלט. דאָ לערנט די משנה, אז איינער האָט קופּערנע פרוטות פון מעשר שני און וויל זיי ביי זיך זעלבסט אויסטוישן אויף זיינס א זילבערנעם סלע, („פורט", אויסטוישן זיין אייגענעם סלע אויף קליין־געלד, אויף „פרוטות"), מעג ער נעמען אזוי פיל פרוטות וויפיל עס נעמט א געלד־וועקסלער, ווען ער גיט א זילבערנעם סלע און נעמט דערפאר פרוטות, און ניט די צאָל פרוטות וואָס דער געלט־וועקסלער גיט, ווען ער גיט פרוטות און נעמט

**מעשר שני אֲכסרה. את שדמיו ידועים יפדה על פי עד אחד, ואת שאין דמיו ידועים יפדה על פי שלשה; כגון היין שקרם ופירות שהרקיבו ומעות שהחליאו.**

**ג. בעל הבית אומר בסלע ואחר אומר בסלע, בעל הבית קודם, מפני שהוא מוסיף חומש. בעל הבית אומר בסלע ואחר אומר בסלע**

---

א סלע, מחמת ביים פארקויפן א סלע נעמט דער געלט-וועקסלער מער פרוטות, און ווען ער פארקויפט פרוטות, און נעמט א סלע, גיט ער ווינציקער פרוטות, ווייל ער דארף דאָך פארדינען. „שולחני" הייסט א מענטש, וואָס זיין געשעפט איז צו וועקסלען (טוישן) געלט, גרויסע אויף קליינע און קליינע אויף גרויסע. ער שטייט ביי א טיש, אויף וועלכן עס ליגט דאָס געלט, און ער טוישט. דערפון איז „שולחני", פון „שולחן", טיש. „פורט" הייסט געבן גרויס-געלט און נעמען קליין-געלט; „מצרף" (צונויפנעמען) הייסט געבן קליין-געלט און נעמען גרויס געלט. ואין פודין, און מען טאָר ניט אויס-לייזן מעשר שני אויפן קוק. דאָס הייסט, מען טאָר ניט נעמען סתם א קופּע פרוכטן מעשר שני און זי אָפּשאַצן אויפן קוק און זאָגן, אז עס איז מסתמא פאראן אזוי פיל, נאָר מען מוז אפציילן אָדער אָפּוועגן. וועגן וואָרט „אכסרה" האָבן מיר געשריבן פריער אין מסכתא דמאי פרק ב' משנה ה'. את שדמיו, די (מעשר-שני-פרוכטן), וואָס זייער געלט איז באוואוסט (עס האָט א פעסטן פרייז) זאָל ער אויסלייזן דורך איין עדות, עס איז גענוג אז איין סוחר זאָל זאָגן, אז דאָס איז דער פרייז פון די פרוכטן. ואת שאין דמיו, און די (מעשר שני פרוכטן) וואָס זייער געלט איז ניט באוואוסט (זיי האָבן ניט קיין פעסטן פרייז), זאָל מען זיי אויסלייזן דורך דריי (מענטשן). ווייל דער פרייז איז ניט באוואוסט, דארף מען האָבן דריי מענטשן, סוחרים, וועלכע זאָלן אָפּשאַצן דעם ווערט, און פאר אזוי פיל געלט דארף ער אויסלייזן דעם מעשר שני. כגון, א שטייגער ווי ווייַן, וואָס האָט אָנגעהויבן זויער ווערן, אָדער פרוכטן וואָס זענען פארפוילט אָדער קופּער-מטבעות וואָס זענען פארזשאווערט. „קרם" איז דער טייטש „ארויפנעמען א הייטל" („קרום", א הייטל"); פאראן אויך א גירסא „קסס". דער טייטש איז „קאליע ווערן פון וויין", אנשטאט „החליאו", איז פאראן די גירסא „החלידו", פארזשאווערט ווערן.

ג. בעל הבית, אויב (ביים אויסלייזן מעשר שני) זאָגט דער בעל הבית: „פאר א סלע", און א פרעמדער זאָגט: „פאר א סלע", איז דער בעל הבית בילכער, ווייל ער לייגט צו א פיפטל (חומש). מיר האָבן געגעבן אין דער הקדמה צו דער מסכתא מעשר שני, אז ווען דער בעל הבית, צו וועמען דער מעשר שני געהערט, לייזט אויס דעם מעשר-שני, דארף ער צו-לייגן צום קרן-פרייז א „חומש", א פיפטל; דאָס איז אייגנט-ליך א פערטל, אזוי אז צוזאמען מיטן קרן-פרייז איז עס פינף פערטל, און ממילא איז דאָס פערטל א פיפטל. אויב אָבער א פרעמדער לייזט אויס דעם מעשר-שני (ניט ער קויפט, נאָר ער לייזט זיי אויס, אזוי אז די געלט ווערט מעשר שני און די פרוכטן ווערן חולין, זע אין פרק א' משנה א'), דארף ער ניט צולייגן דאָס פיפטל. זאָגט די משנה, אז אויב דער בעל הבית וויל געבן פאר דעם מעשר שני א סלע און א פרעמדער וויל געבן א סלע, איז דער בעל הבית בילכער, ווייל ער לייגט דאָך נאָך צו דאָס פיפטל. בעל הבית, אויב דער בעל הבית זאָגט: „פאר א סלע", און א פרעמדער זאָגט: פאר א סלע און אן „איסר", איז דער (פרעמדער) מיט'ן סלע און אן איסר בילכער, ווייל ער לייגט-צו צום קרן. א סלע האָט 96 „איסר" („איסר"-מטבעות („איסר" איז א רוימישע מטבע „אסאריוס"); זאָגט די משנה, אז כאָטש דער בעל הבית וואָלט געדארפן צו-לייגן צום סלע נאָך א חומש, א פערטל פון דעם סלע, דאָס איז נאָך 24 איסר-מטבעות, און דער פרעמדער האָט דאָך צוגעגעבן נאָר איין איסר פונדעסטוועגן איז דער פרעמדער ביל-כער און צו אים געהערן די מעשר-שני פרוכטן, ווייל ער האָט צוגעלייגט צום קרן-

**ואיסר, את של סלע ואיסר קודם, מפני שהוא מוסיף על הקרן. הפודה מעשר שני שלו מוסיף עליו חמישית בין שהוא שלו ובין שניתן לו במתנה.**

**ד. מערימין על מעשר שני. כיצד? אומר אדם לבנו ולבתו הגדולים, לעבדו ולשפחתו העברים: „הילך מעות אלו ופדה לך מעשר שני זה"; אבל לא יאמר כן לבנו ולבתו הקטנים, לעבדו ולשפחתו הכנענים, מפני שידן כידו.**

**ה. היה עומד בגורן ואין בידו מעות, אומר לחברו: „הרי הפירות האלו נתונים לך במתנה", חוזר ואומר „הרי אלו מחוללין על מעות שבבית".**

---

פרייז פון מעשר שני, און עפּיס מער אויפן קרן פרייז איז חשובער פון דעם פיפטל (חומש); ווארום דער דין איז, אז מען מעג מיט דעם חומש מאכן א ערמה, אן אויסדריי, אז מען זאָל אים ניט באצאָלן. ווי עס לערנט ווייטער די משנה ד'. הפודה, אז איינער לייזט אויס זיין מעשר שני, דארף ער צו־לייגן א פיפטל, סיי ווען ער איז זיינער, סיי ווען ער האָט אים באקומען א מתנה. די מפרשים טייטשן, אויפן יסוד פון ירושלמי, אז דאָ מיינט מען, ווען ער האָט באקומען די פרוכטן א מתנה איידער מען האָט אָפּ־געשיידט פון זיי מעשר שני, און ער, דער מתנה־באקומער, האָט אָפּגעשיידט פון זיי מעשר שני; מחמת דער דין איז, אז מעשר שני קאָן מען ניט געבן א מתנה. זע פריער פרק א' משנה א'.

ד. מערימין, מען מעג מאכן א ערמה (אן ארויסדריי) ביי מעשר שני. מען מעג טאָן אזוי, אז מען זאָל ביים אויסלייזן דעם מעשר שני ניט דארפן צאָלן דעם חומש (דאָס פיפטל). כיצד, ווי אזוי? דער מענטש (וואָס האָט דעם מעשר שני) זאָגט צו זיין דער־וואקסענעם זון אָדער דערוואקסענער טאָכטער, אָדער צו זיין יידישן קנעכט אָדער צו זיין יידישער דינסט: „דאָ האָסטו דו דאָס דאָזיקע געלט (דאָס שענק איך דיר א מתנה) און לייז אויס דעם דאָזיקן מעשר שני". ווי מיר האָבן האָבן געלערנט פריער אין דער משנה דארף א פרעמדער מענטש, וואָס לייזט אויס דעם מעשר שני, ניט צאָלן דעם חומש. דעריבער ווען דער בעל הבית שענקט זיינע דערוואקסענע קינדער, אָדער זיינע יידישע באדינער דאָס געלט און זיי לייזן אויס דעם מעשר שני, צאָלן זיי ניט קיין חומש. די משנה האָט, אייגנטליך, געקאָנט זאָגן, אז ער שענקט דאָס געלט צו א פרעמדן; נאָר געווייינטלעך מאכט מען עס מיט אייגענע מענטשן, וועמען מען קאָן אָנפארטרויען, אז זיי וועלן ניט צונעמען דאָס געלט אויף אן אמת. אבל לא יאמר, אָבער ער זאָל דאָס ניט זאָגן צו זיין קליינעם זון אָדער קליינער טאָכטער, אָדער צו זיין גוי־אישן שקלאַף אָדער צו זיין גויאישער דינסט, ווייל זייער האַנט איז אזוי גוט ווי זיין האַנט. דער דין איז, אז אלץ, וואָס א ניט־דערוואקסענער זון אָדער טאָכטער אָדער גויאישער שקלאַף צי דינסט (כאָטש זיי זענען אין א געוויסער מאָס ווי יידן, זע פריער מסכתא ברכות פרק ג' משנה ג') פארמאָגן, געהערט עס צום פאָטער פון די יינגע קינ־דער אָדער צום בעל הבית פון דעם שקלאַף צי דינסט; דאָס הייסט „ידן כידו", זייער האַנט איז ווי זיין האַנט. דעריבער קאָן ער דאָך זיי ניט שענקן דאָס געלט פאר א מתנה.

ה. היה עומד, אויב ער (דער בעל הבית פון מעשר שני) איז געשטאַנען אין שייער און ער האָט ניט קיין געלט (צו שענקן זיין פריינט, כדי צו מאכן די ערמה ווי פריער אין דער משנה), זאָגט ער צו זיין פריינט: „די דאָזיקע פרוכטן גיב איך דיר א מתנה", און דערנאָך זאָגט ער: „זאָלן די פרוכטן זיין אויסגעטוישט אויף דעם געלט וואָס איך האָב אין הויז" דאָ זאָגט די משנה, ווי אזוי מען קאָן מאכן די ערמה אפילו ווען דער בעל הבית האָט ניט ביי זיך קיין געלט צו געבן אן אנדערן א מתנה, אז יע־נער זאָל אויסלייזן דעם מעשר שני אָן א חומש. דער רמבם זאָגט, אז לויט דער מיי־

**ו. משך ממנו מעשר בסלע ולא הספיק לפדותו עד שעמד בשתים, נותן לו סלע ומשתכר בסלע, ומעשר שני שלו. משך ממנו מעשר בשתים ולא הספיק לפדותו עד שעמד בסלע, נותן לו סלע מחולין, וסלע של מעשר שני שלו. אם היה עם הארץ, נותן לו מדמאי.**

---

**נונג, אז מעשר שני קאָן מען געבן א מתנה, מיינט מען דאָ פרוכטן פון מעשר שני זעלבסט; און לויט דער מיינונג, אז מעשר שני קאָן מען ניט געבן א מתנה, מיינט מען דאָ, אז ער האָט אוועקגעשאָנקן זיין פריינט די פרוכטן איידער מען האָט אָפּגע־שיידט מעשר שני, און דער פריינט האָט אָפּגעשיידט מעשר שני, און דערנאָך האָט דער ערשטער בעל הבית אויסגעלייזט דעם מעשר שני מיט דעם געלט וואָס ער האָט אין הויז.**

ו. משך ממנו, אויב ער האָט צוגענומען פון אים דעם מעשר שני פאַר (דעם פרייז פון) א סלע און ער האָט ניט באוויזן אויסצולייזן אים (צו באַצאָלן דאָס געלט) ביז עס איז געוואָרן ווערט צוויי (סלעים), דאַרף ער אים געבן א סלע, און ער פאַר־דינט א סלע, און דער מעשר שני איז זיינער. **דער ר"ש און דער ברטנורא טייטשן, אז דאָ איז דער פאַל מיט איינעם וואָס האָט פאַרקויפט זיינע מעשר־שני־פרוכטן, אזוי אז דאָס געלט וואָס דער פאַרקויפער באַקומט פאַר די פרוכטן ווערט מעשר שני און די פרוכטן ווערן חולין. אזא פאַרקויפן מעשר שני מעג מען יאָ (זע פריער פרק א' משנה א'), מחמת דאָס הייסט דאָך אויסגעלייזט דעם מעשר שני. דער דין איז, אז ווען מען פאַרקויפט פרוכטן ווערן זיי דאָס אייגנטום פון קויפער ערשט דעמאָלט, ווען דער קויפער נעמט זיי צו (דאָס הייסט „משיכה", „צונעמען"), כאָטש ער האָט נאָכ־ניט באַצאָלט קיין געלט פאַר זיי. אָבער אויסלייזן מעשר שני קאָן מען נור דורך געבן דאָס געלט. זאָגט די משנה, אויב דער קויפער האָט צוגענומען די מעשר־שני־פרוכטן פאַר דעם פרייז פון איין סלע, אָבער ער האָט נאָכניט געהאַט געגעבן דאָס געלט און דערווייל זענען די פרוכטן געוואָרן טייערער און זייער פרייז איז געוואָרן צוויי סלעים, דאַרף דער קויפער געבן דעם פאַרקויפער ניט מער ווי איין סלע, מחמת ער האָט דאָך שוין קונה געווען די פרוכטן דורך צונעמען זיי. אָבער אזוי ווי דער מעשר שני איז דאָך נאָכניט אויסגעלייזט, ווייל ער האָט דאָך קיין געלט ניט געגעבן; דעריבער מוז ער אויסלייזן די מעשר־שני־פרוכטן אויף נאָך א סלע, ווייל איצט זענען דאָך די פרוכטן ווערט צוויי סלעים. אָבער דעם צווייטן מעשר־שני־סלע דאַרף דער קויפער ניט געבן צו דעם פאַרקויפער, נאָר ער פאַרהאַלט אים פאַר זיך. קומט אויס, אז דער פאַרקויפער האָט איין סלע מעשר־שני־געלט, און דער קויפער האָט אויך איין סלע מעשר־שני־געלט, און דער דאָזיקער סלע איז זיינער, ער האָט „פאַרדינט דעם סלע".**

משך ממנו מעשר בשתים, אויב ער האָט צוגענומען ביי אים דעם מעשר־שני פאַר צוויי (סלעים), און ער האָט ניט באוויזן אים אויסצולייזן (צו באַצאָלן דערפאַר דאָס געלט) און ער איז ווערט געוואָרן איין סלע, דאַרף ער אים געבן איין סלע פון חולין־(געלט), און איין סלע פון זיין מעשר־שני־(געלט). **מחמת אין איצטיקן פאַל דאַרף דאָך דער קויפער יאָ געבן דעם פאַרקויפער צוויי סלעים, אָבער מעשר שני קאָן דאָך נור ווערן איין סלע, ווייל בעת דעם אויסלייזן זענען דאָך די פרוכטן מער ניט ווערט ווי איין סלע. זאָגט די משנה די עצה, אז דער קויפער זאָל געבן דעם פאַרקויפער איין סלע געוויינטליכע געלט, חולין־געלט, און דער סלע ווערט מעשר־שני; און דעם צווייטן סלע זאָל דער קויפער נעמען פון זיינע אייגענע מעשר־שני־געלט, וואָס ער האָט ליגן און זאָל אים געבן דעם פאַרקויפער. אזוי אַרום וועט אויסקומען, אז דער פאַרקויפער וועט טאַקע באַקומען צוויי סלעים, וועלכע זענען מעשר שני, אָבער נור איין סלע איז געוואָרן איצט מעשר שני.** אם היה, אויב ער (דער פאַרקויפער) איז געווען א עם הארץ זאָל ער אים געבן פון דמאי. **אויב דער פאַרקויפער איז א עם הארץ, און מען טאָר**

**ז. הפודה מעשר שני ולא קרא שם, ר׳ יוסי אומר, דיו; ר׳ יהודה אומר, צריך לפרש. היה מדבר עם האשה על עסקי גטה וקדושיה, ונתן לה גטה וקדושיה ולא פירש, ר׳ יוסי אומר, דיו; ר׳ יהודה אומר צריך לפרש.**

**ח. המניח איסר ואכל עליו חציו והלך למקום אחר, והרי הוא יוצא בפונדיון, אוכל עליו עוד איסר. המניח פונדיון ואכל עליו חציו והלך**

---

**ניט געבן צו אַ עם הארץ מעשר־שני־געלט, ווייל מען האָט מורא טאָמער וועט ער ניט אָפּהיטן מיט אים די דינים פון מעשר שני (ניט עסן בטהרה די געקויפטע עסנ־וואַרג), זאָל ער אים געבן דעם צווייטן מעשר־שני־סלע ניט פון זיכערן מעשר־שני נאָר פון דמאי, פון אַזאַ מעשר שני, וואָס מען האָט נור אָפּגעשיידט צוליב אַ ספק (זע אין דער הקדמה צו מסכתא דמאי) און אַזעלכן מעג מען יאָ געבן צו אַ עם הארץ. טייל זענען גורס „מדמיו״, דאָס הייסט, אַז ער זאָל אים ביידע סלעים געבן פון זיין אייגן געלט, פון חולין־געלט.**

ז. הפודה, אַז איינער לייזט אויס מעשר שני און האָט ניט אָנגערופן קיין נאָמען (ער האָט נור אוועקגעלייגט דאָס געלט און ניט געזאָגט, אַז דאָס איז די אויסלייזונג פון די מעשר שני פּרוכטן), זאָגט ר׳ יוסי, אַז עס איז גענוג, אָבער ר׳ יהודה זאָגט, אַז ער דאַרף אַרויסזאָגן. **ר׳ יוסי האַלט, אַז עס איז גענוג, אויב ער האָט אינזינען געהאַט, אַז מיט דעם געלט ווערן אויסגעלייזט די מעשר־שני־פּרוכטן; אָבער ר׳ יהודה האַלט, אַז אינזינען האָבן אַליין איז ניט גענוג נאָר ער מוז זאָגן בפירוש.** היה מדבר, אויב איינער האָט גערעדט מיט אַ פרוי וועגן די ענינים פון איר גט (אויב ער איז געוועזן איר מאַן) אָדער מקדש־זיין־איר (אויב ער איז נאָכניט געווען איר מאַן) און ער האָט איר געגעבן איר גט אָדער איר קידושין־(געלט), און ער האָט ניט אַרויסגעזאָגט „דאָס איז דיין גט״, אָדער „דו ביזט צו מיר מקודש״), זאָגט ר׳ יוסי, אַז עס איז גענוג (און דער גט איז אַ גוטער גט, און די קידושין זענען גוטע קידושין), און ר׳ יהודה זאָגט, אַז ער מוז אַרויסזאָגן. **די דאָזיקע משנה ווערט דאָ געבראַכט אגב אורחא, ווייל ר׳ יוסי און ר׳ יהודה זענען דאָ מחולק אין דעמזעלבן דין ווי ביים אויסלייזן מעשר שני: צי מען דאַרף אַרויסזאָגן צי ניט.**

ח. המניח, איסר, אַז איינער האָט אוועקגעלייגט אַן איסר (אויסצולייזן אויף אים מעשר שני פּרוכטן וועלכע ער האָט), און ער האָט געגעסן אויף אים פאַר אַ האַלבן איסר (מעשר־שני פּרוכטן), און ער איז אוועקגעגאַנגען אין אַן אַנדער אָרט, און דאָרט איז ער (דער איסר) ווערט אַ פונדיון, מעג ער עסן אויף אים פאַר נאָך איין איסר. **„פונדיון״ איז די אַלט־רוימישע מטבע „דופּאַנדיוס״, און איין „פונדיון״ איז געווען צוויי „איסרים״ (אַן איסר איז די אַלט־רוימישע מטבע „אַסאַריאַן״). אָבער ניט אומעטום האָבן די מטבעות געהאַט דעמזעלבן ווערט. זאָגט די משנה, אויב איינער האָט געהאַט מעשר שני־פּרוכטן און ער האָט אוועקגעלייגט אַן איסר־מטבע, כדי אַז ווען ער וועט עסן פון די מעשר שני פּרוכטן זאָל דאָס וואָס ער וועט עסן אויסגעלייזט ווערן אויף אַ טייל פון דעם איסר, וויפיל דאָס עסן וועט באַטרעפן. און ער האָט געגעסן מעשר שני פּרוכטן פאַר אַ האַלבן איסר; איז דאָך אין דעם איסר נאָך פאַרבליבן אַ האַלבער איסר, אויף וועלכן ער קאָן נאָך עסן מעשר שני פּרוכטן. אָבער ער איז אוועקגעגאַנגען אין אַן אַנדער אָרט, און דאָרט איז דער איסר ווערט געווען טאָפּלט, אַ פונדיון, און ממילא איז דער פאַרבליבענער האַלבער איסר ווערט אַ גאַנצן איסר. זאָגט די משנה, אַז ער מעג עסן אויף אים מעשר שני פּרוכטן פאַר אַ גאַנצן איסר.** המניח פונדיון, אַז איינער האָט אוועקגעלייגט אַ פונדיון און האָט געגעסן אויף אים פאַר אַ האַלבן פונדיון, און ער איז אוועקגעגאַנגען אין אַן אַנדער אָרט, און דאָרט איז דער פונדיון ווערט אַ איסר, מעג ער עסן נאָך אַ העלפט (פלג). **ער מעג עסן אויף דעם האַלבן**

**למקום אחר, והרי הוא יוצא באיסר, אוכל עליו עוד פלג. המניח איסר של מעשר שני, אוכל עליו אחד עשר (ב)איסר ואחד ממאה באיסר. בית שמאי אומרים, הכול עשרה. ובית הלל אומרים, בודאי אחד עשר, ובדמאי עשרה.**

---

פונדיון ניט מער ווי פאר אהאלבן איסר. אָבער א האלבן איסר מעג ער יאָ עסן, און מען זאָגט ניט, אז ווייל ער האָט שוין געגעסן פאר א האלבן פונדיון, דאָס הייסט פאר אן איסר, און אזוי ווי דער פונדיון איז דאָך איצט מער ניט ווערט ווי אן איסר, זאָל ער ניט טאָרן מער עסן אויף אים. המניח איסר של מעשר שני, אז איינער לייגט אוועק אן איסר פון מעשר שני מעג ער עסן אויף אים עלף פון אן איסר און איין הונדערטסטל פון אן איסר. די דאָזיקע משנה איז זייער א שווערע, און די מפרשים זאָגן אויף איר א סך פירושים, וועלכע זענען זיך סותר. דער רמבם און דער ברטנורא טייטשן די משנה, אז דאָ זענען פאראן צוויי באזונדערע דינים: איין דין איז, אויב דער איסר איז געווען פון געלט פון זיכערן מעשר שני, פון ודאי, און דער צווייטער דין, אויב דער איסר איז געווען פון דמאי־מעשר־שני, וואָס מען האָט אָפּגעשיידט צוליב א ספק (זע אין דער הקדמה צו דער מסכתא פון דמאי). די משנה לייענט זיך דעריבער אזוי: אז איינער האָט אוועקגעלייגט אן איסר מעשר־שני־געלט, מעג ער עסן אויף אים א עלפטל אין אן איסר, אויב עס איז געווען דמאי־מעשר־שני, און איין הונדערטסטל אין אן איסר, אויב עס איז געווען ודאי־מעשר־שני. און דער טייטש דערפון איז, אז אויב למשל מען קריגט פאר אן איסר עלף מילגרוימען, און ער האָט פון זיי געגעסן צען מילגרוימען אלס מעשר שני, מעג ער שוין עסן דעם עלפטן מילגרוים (דאָס עלפטל פון איסר) ניט אלס מעשר שני נאָר אלס חולין. דאָס איז ביי דמאי. און ביי ודאי איז דער דין, אז ניט א עלפטל נאָר א הונדערטסטל; למשל, אויב מען באקומט 100 טייטלען פאר אן איסר, און ער האָט געגעסן, 99 פון זיי אלס מעשר שני, מעג ער שוין דעם הונדערטסטל טייטל, דאָס הייסט א הונדערטסטל פון איסר, עסן ניט אלס מעשר שני נאָר אלס חולין. לויט דעם פשט טייטשט דער רמבם אויך ווייטער די משנה: בית שמאי, די בית שמאי זאָגן, אז אלץ איז צען. די בית שמאי זאָגן, אז סיי ביי מעשר שני געלט פון ודאי און סיי פון דמאי, אויב ער האָט געגעסן ניין צענטל פון אים אלס מעשר שני מעג ער שוין עסן דאָס לעצטע צענטל אלס חולין; למשל, אויב מען באקומט 10 מילגרוימען פאר אן איסר, און ער האָט געגעסן ניין פון זיי אלס מעשר שני מעג ער שוין דאָס לעצטע צענטל עסן אלס חולין. ובית הלל, אָבער די בית הלל זאָגן, אז ביי ודאי איז עלף (א עלפטל) און ביי דמאי צען (א צענטל). לויט די בית הלל מעג ער נור ביי דמאי עסן דאָס לעצטע צענטל אלס חולין, אָבער ביי ודאי מעג ער עסן נור דאָס לעצטע עלפטל אלס חולין. דער טעם פון די בית הלל איז, ווייל אן איסר האָט 8 פרוטות, און אויב ער וועט נעמען א עלפטל דערפון איז עס אכט עלפטל פון א פרוטה, און אזוי ווי ער דאַרף דאָך צולייגן (פאר אויסטוישן מעשר שני) דעם חומש (א פערטל, זע פריער אין משנה ג׳) דאָס הייסט נאָך צוויי עלפטל, איז עס צוזאמען צען עלפטל פון א פרוטה, דאָס הייסט ניט קיין גאנצע פרוטה (א גאנצע איז דאָך עלף עלפטל), און ניט קיין גאנצע פרוטה, א פחות משוה פרוטה, הייסט ניט קיין געלט, סיי בנוגע גזלה, סיי מען איז נהנה פון הקדש (הייליקע זאכן). אָבער ביי דמאי דאַרף מען דאָך ניט צאָלן קיין חומש ביים אויסלייזן מעשר שני (זע מסכתא דמאי פרק א׳ משנה ב׳), מעג ער עסן אלס חולין א צענטל פון איסר, ווייל א צענטל איז דאָך אכט צענטל פון א פרוטה, און דאָס חומש, די צוויי צענטל, דאַרף ער דאָך ניט צולייגן, איז דאָך עס א „פחות משוה פרוטה״, ווינציקער פון א פרוטה, און ער מעג עס דעריבער עסן אלס חולין. די אנדערע מפרשים ברענגען נאָך פירושים, און אלע זענען שווער.

**ט. כל המעות הנמצאים הרי אלו חולין, אפילו דינר זהב עם הכסף ועם המעות. מצא בתוכן חרס וכתוב עליו „מעשר" הרי זה מעשר.**
**י. המוצא כלי וכתוב עליו „קרבן", ר' יהודה אומר, אם היה של חרס, הוא חולין ומה שבתוכו קרבן, ואם היה של מתכת, הוא קרבן ומה שבתוכו חולין. אָמרו לו, אין דרך בני אדם להיות כונסין חולין לקרבן.**
**יא. המוצא כלי וכתוב עליו ק׳—קרבן, מ׳—מעשר, ד׳—דמאַי, ט׳—טבל, ת׳—תרומה, שבשעת סכנה היו כותבין ת׳ תחת תרומה. ר׳ יוסי**

---

ט. כל המעות, אלע געלטער, וועלכע מען געפינט, זענען חולין. אויב מען געפינט געלט דאַרף מען ניט קלערן טאָמער איז עס מעשר שני געלט; מען מעג עס פאַרנוצן אלס געלט פון חולין. דער ברטנורא (אויפן יסוד פון דער משנה אין מסכתא שקלים פרק ז׳ משנה ב׳) זאָגט, אז אין ירושלים איז עס חולין נור ווען מען געפינט עס אַ גאַנץ יאָהר, דאַקייגן אין די יום־טוב־טעג אויב מען געפינט געלט אין ירושלים דאַרף מען יאָ קלערן טאָמער איז עס פון מעשר שני. אפילו דינר, אפילו (אין דעם געפינענעם געלט) איז געווען אַ גאָלדענער דינר צוזאַמען מיטן זילבער־געלט און מיטן קופּער־געלט. מען קאָן דאָך מיינען, אז ווייל עס איז דאָך ניט דער שטייגער צו לייגן צוזאַמען גאָלד מיט זילבער־געלט און קופּער־געלט, קאָן דעריבער זיין, אז דאָס איז מעשר שני־געלט, וואָס מען פלעגט יאָ האַלטן אין גאָלד און זילבער און קופּער; פונדעסטוועגן דאַרף מען אויך אין אזא פאַל ניט קלערן. מצא בתוכן, אויב ער האָט צווישן זיי (צווישן די געפינענע געלט) געפינען אַ שערבל, און אויף אים איז געווען אויפגעשריבן „מעשר", איז עס (דאָס געלט) מעשר (שני). אמאָל פלעגט מען שרייבן אויף שערבלעך, אָבגעבראָכענע שטיקלעך פון קרוגן צי אנדערע ערדענע כלים, די משנה זאָגט, אז אויב אויף דעם שערבל איז געווען אויפגעשריבן „מעשר", הייסט עס, אַז דער בעל הבית פון געלט האָט דאָס אוועקגעלייגט פאַר אַ סימן, אז דאָס איז מעשר־שני־געלט.

י. המוצא כלי, אז איינער געפינט אַ כלי און דערויף איז אָנגעשריבן „קרבן", זאָגט ר׳ יהודה, אויב זי איז אַ ערדענע (כלי), איז זי חולין און וואָס עס איז פאַראַן אין איר, איז קרבן; און אויב זי איז אַ מעטאַלענע, איז זי קרבן און וואָס עס איז פאַראַן אין איר איז חולין. דאָס וואָרט „קרבן" מיינט „הקדש", מקדיש געווען צום בית המקדש. זאָגט ר׳ יהודה, אז אויב די כלי איז געווען אַן ערדענע און אין דער כלי האָט זיך געפונען עפּיס (געלט צי אנדערע זאַכן וואָס האָבן אַ ווערט), איז די כלי חולין, ניט קיין הקדש, ווייל עס איז ניט דער שטייגער פון מענטשן מקדיש צו זיין צום בית המקדש אַ ערדענע כלי; אָבער דאָס, וואָס געפינט זיך אין דער כלי, איז קרבן, איז הקדש. אויב אָבער די כלי איז געווען אַ מעטאַלענע, און אַזוי ווי עס איז דער שטייגער מקדיש צו זיין מעטאַלענע כלים צום בית המקדש, איז די כלי הקדש, און דאָס וואָס איז אינווייניק איז חולין; ווייל מען נעמט אָן, אז די אויפשריפט „קרבן" איז געווען אַ סימן, אז די כלי אליין איז הקדש. אָמרו לו, האָבן די חכמים געזאָגט צו אים (צו ר׳ יהודה), עס איז ניט דער שטייגער פון מענטשן אַריינצולייגן חולין אין קרבן. די חכמים האַלטן, אז ביי אַ מעטאַלענער כלי זענען ביידע הקדש, סיי די כלי און סיי דאָס וואָס איז אינווייניק, ווייל מענטשן וועלן ניט אַריינלייגן חולין־זאַכן אין הקדש.

יא. המוצא כלי, אז איינער געפינט אַ כלי און עס איז דערויף אָנגעשריבן "ק", איז עס "קרבן", "מ" איז עס "מעשר", "ד" איז עס "דמאי", "ט", איז עס "טבל", "ת" איז עס "תרומה", ווייל אין דער צייט פון סכנה האָט מען געפלעגט שרייבן "ת" אנשטאַט "תרומה". עס זענען געווען צייטן אין ארץ ישראל ווען פרעמדע רעגירונגען האָבן דאָרט געהערשט און האָבן גוזר געווען אויף יידן, אז זיי זאָלן ניט אָפּהיטן מצוות, און עס איז געווען אַ סכנה אָפּצוהיטן מצוות אָפענערהייט. אין אזא סכנה־

**אומר כולם שמות בני אדם הם. אָמר ר׳ יוסי, אפילו מצא חבית והיא מלאה פירות וכתוב עליה תרומה, הרי אלו חולין, שאני אומר אשתקד היתה מלאה פירות תרומה ופינה.**

**יב. האומר לבנו „מעשר שני בזוית זו״, ומצא בזוית אחרת הרי אלו חולין. היה שם מנה ומצא מאתים, השאר חולין. מאתים—ומצא מנה, הכול מעשר.**

---

ציית („שעת סכנה״) פלעגט מען זיך געבן סימנים פארשטעלט, און די משנה זאָגט דאָ, אז מען האָט געוואָלט שרייבן „תרומה״ האָט מען געשריבן אין ראשי תבות, די ״ת״ אליין. דעריבער ווען מען געפינט א כלי און עס איז פאראן אויפגעשריבן איין אות איז עס די ראשי תבות פון א גאנץ וואָרט, וואָס האָט די באדייטונג פון א מצוה; א ״ק״ מיינט קרבן (הקדש); א ״מ״ מיינט מעשר שני; א ״ד״ מיינט דמאי, א ״ט״ מיינט ״טבל״, א „ת״ תרומה. ר׳ יוסי אומר, ר׳ יוסי זאָגט, אלע זענען זיי נעמען פון מענטשן. ר׳ יוסי האלט, אז מען דאַרף ניט אויסטייטשן די אותיות, אז זיי זענען ראשי תבות פון קרבן, צי תרומה, נאָר דאָס זענען די ראשי תיבות פון נעמען פון מענטשן, למשל ״ק״ איז ״קהת״, ״ד״ איז דניאל, ״ט״ איז ״טוביה״ און אזוי כסדר, און מען מעג די פרוכטן וואָס זענען אינעווייניק פארנוצן אלס חולין. אמר ר׳ יוסי, האָט ר׳ יוסי געזאָגט, אפילו ער געפינט א פאס, און זי איז פול מיט פרוכטן, און אויף איר איז אָנגעשריבן ״תרומה״, זענען זיי חולין, ווייל איך זאָג, אז פאראיאָרן (אשתקד) איז זי געווען פול מיט פרוכטן פון תרומה, און ער האָט זי אויסגעליידיקט. ר׳ יוסי זאָגט, אז אפילו ווען עס שטייט בפירוש אָנגעשריבן „תרומה״ אויף א פאס מיט פרוכטן, קאָנען מיר זאָגן, אז מיט א יאָר צוריק איז טאקע געווען אין דער פאס תרומה־פרוכטן, אָבער יענע פרוכטן האָט ער ארויסגענומען פון פאס, און די איצטיקע פרוכטן זענען חולין. „אשתקד״ איז דער טייטש „דאָס פריערדיקע יאָר״, און דאָס איז אָן אראמעאיש וואָרט צוזאמענגעזעצט פון „שתא קדמייתא״.

י״ב. האומר לבנו, אז איינער זאָגט צו זיין זון: „דאָס מעשר שני (געלט) געפינט זיך אין דאָזיקן ווינקל״, און ער (דער זון) האָט (אין יענעם ווינקל ניט געפינען, נאָר ער האָט) געפינען (געלט) אין אן אנדער ווינקל, איז עס חולין. ווייל מען נעמט אָן, אז דאָס איז אנדערע געלט, און אז יענע, די מעשר שני, האָט מען פריער צוגענומען. היה שם מנה, אויב דאָרט איז געהאט געווען הונדערט גילדן (מעשר שני געלט) און ער האָט געפינען צוויי הונדערט, איז דאָס איבריקע חולין. די מפרשים טייטשן, אז דער פאָטער האָט געזאָגט צום זון, דאָס אין א געוויסן אָרט ליגט הונדערט גילדן („מנה״, איז הונ־דערט „זוז״) מעשר־שני־געלט, און דער זון האָט דאָרט געפונען ליגן צוויי הונדערט, זענען הונדערט מעשר שני, און די איבריקע הונדערט גילדן זענען חולין. מאתים ומצא מנה, אויב (ער האָט אים געזאָגט) צוויי הונדערט, און ער האָט געפונען הונדערט, איז אלץ מעשר. ווייל מען נעמט אָן, אז די 100 זיינען א טייל פון די 2 הונדערט גילדן מעשר־שני־געלט, און די צווייטע הונדערט האָט עמיצער צוגענומען.

## פרק ה.

די תורה זאָגט אין ויקרא י״ט, אז ווען איינער פלאנצט פרוכטן־ביימער, זענען די פרוכטן פון די ערשטע דריי יאָר „ערלה״, און מען טאָר זיי ניט עסן. די פרוכטן פון פירטן יאָר זענען „קדש הלולים לה״, הייליק צו גאָט; די דאָזיקע פרוכטן דאַרף מען אוועקפירן קיין ירושלים און דאָרט זיי עסן. די דאָזיקע פרוכטן פון פערטן יאָר הייסן „כרם רבעי״, דער „פערט־יאָריקער ווייִנגאָרטן״, און אויך „נטע רבעי״, דער פערט־יאָריקער פלאנץ (בוים)״. אויב מען וויל די רבעי־פרוכטן ניט פירן קיין ירושלים, טוישט מען זיי אויס אויף געלט (מען „לייזט זיי אויס״, „פודין״) און דאָס געלט ווערט כרם רבעי און מען פירט עס קיין ירושלים און מען קויפט דאָרט דערפאַר עסנוואַרק

## פרק ה.

**א. כרם רבעי, מציינין אותו בקוזזות אדמה, ושל ערלה בחרסית, ושל קברות בסיד, וממחה ושופך. אמר רבן שמעון בן גמליאל, במה דברים אמורים? בשביעית. והצנועים מניחין את המעות ואומרים „כל הנלקט מזה יהא מחולל על המעות האלו״.**

---

און מען עסט עס, און די פריערדיקע כרם־רבעי־פרוכטן ווערן איינפאכע פרוכטן, חולין, און מען מעג זיי עסן אומעטום. צוליב דעם וואס כרם רבעי איז לויט די דינים בנוגע אוועקפירן קיין ירושלים און אויסלייזן ענליך צו מעשר שני, דעריבער לערנט די משנה די דאזיקע דינים אין דער מסכתא פון מעשר שני. מיר וועלן דאס וואָרט כרם רבעי מער ניט איבערזעצן, נאָר שרייבן כרם־רבעי־פרוכטן.

א. כרם רבעי, כרם רבעי באצייכנט מען מיט הארטע שטיקלעך ערד. מען דארף ביי א גאָרטן מיטביימער, וואס האָבן פרוכטן אין פערטן יאָר זינט זייער פלאנצן, און זיי זיינען כרם רבעי, מאכן א צייכן, א סימן, מיט טרוקענע שטיקלעך ערד, כדי מענטשן זאָלן וויסן, אז דאס זענען כרם־רבעי־פרוכטן און זאָלן זיי ניט עסן. „קוזזות״ איז דער טייטש „שטיקלעך״, און דער „ערוך השלם״ מיינט, אז „קזז״ איז דאס זעלבע וואס „קצץ״, אפהאקן; דער „ערוך״ זאָגט, אז דאס מיינט מען שטיקלעך רויטע ערד. ושל ערלה בחרסית, און (ביי א גאָרטן) פון ערלה (מאכט מען א צייכן) מיט שטיקלעך שערבלעך־ערד. ווען דער גאָרטן מיט די פרוכטן־ביימער זענען אין די ערשטע דריי יאָר זינט מען האָט זיי געפלאנצט און זיי זענען „ערלה״, מען טאָר זיי ניט עסן און ניט קיין הנאה האָבן פון זיי, דארף מען מאכן א צייכן דורך אנידערלייגן שערבלעך־ערד; חרסית איז פון וואָרט „חרס״, דאס הייסט ערד, ליים, פון וועלכע מען מאכט ערדענע כלים. ושל קברות, און ביי קברים מאכט מען א צייכן פון קאלך. דער דין איז, אז א כהן צי א נזיר טאָר ניט זיין צווישן קברים, כדי ניט טמא צו ווערן; מען מאכט דעריבער ביי קברים א צייכן מיט ווייסן קאלך, כדי מען זאָל וויסן, אז דאָ זענען קברים. די גמרא בבא קמא ס״ט זאָגט, אז כרם רבעי מעג מען דאָך עסן אין ירושלים אָדער ווען מען לייזט עס אויס, דעריבער מאכט מען דעם סימן מיט ערד, ווייל אין ערד וואקסט און מען קאָן ארויסבאקומען פון איר פרוכטן; ערלה טאָר מען דאָך ניט עסן און אפילו ניט הנאה האָבן, באצייכנט מען איר מיט שערבלעך־ליים, וואו קיין זאך וואקסט ניט; קברים באַ־צייכנט מען מיט ווייסן קאלך, עס הייסט, אז עס איז ווייס, ווי מענטשן־ביינער. וממחה ושופך, און ער ווייקט איין (דעם קאלך אין וואסער) און באגיסט (דעם קבר). די גמרא דאָרט אין בבא קמא ס״ט זאָגט, אז דאס איז כדי עס זאָל זיין נאָכמער ווייס, „ממחה״ איז דער טייטש צעקוועטשן, צערייבן; ער צערייבט אים אין וואסער. אמר רבן שמעון בן גמליאל, האָט רבן שמעון בן גמליאל געזאָגט: ווען איז דאס געזאָגט געוואָרן (אז מען דארף מאכן א צייכן ביי א גאָרטן פון כרם רבעי און ערלה, כדי מענטשן זאָלן ניט נע־מען די פרוכטן) ? אין שמיטה־יאָר. ווייל אין שמיטה־יאָר געהערן דאָך די פרוכטן פון גאָרטן צו אלע מענטשן, יעדער מעג דאָך זיי עסן, ניט בעטענדיק קיין דערלויבניש ביים בעל הבית; דעריבער דארף מען מאכן דעם צייכן, אז זיי זאָלן וויסן, אז די דאזיקע פרוכטן זענען כרם רבעי צי ערלה, און מען טאָר זיי ניט עסן. אבער אין סתם יאָרן, ווען די פרוכטן געהערן צום בעל הבית דארף מען ניט מאכן קיין צייכן, ווייל אויב ניט־ערנט־ליכע מענטשן גנבע׳ענען פרעמדע פרוכטן, דארף מען זיי ניט ווארנען, אז דאס איז כרם רבעי צי ערלה. והצנועין, און גאָר פרומע מענטשן לייגן אוועק געלט, און זאָגן, אז וואס מען וועט אָפרייסן פון די דאָזיקע פרוכטן זאָל אויסגעטוישט ווערן אויפן דאָזיקן געלט. דאָס איז נאָר ביי כרם רבעי, און ווי מיר האָבן געזאָגט אין אנהייב פון דאזיקן פרק, קאָן מען כרם־רבעי־פרוכטן אויסלייזן מיט געלט. זאָגט די משנה, אז גאָר פרומע מענטשן, צנועים, וועלכע האָבן א גאָרטן מיט כרם רבעי פרוכטן, זענען זיך נוהג, אז זיי

**ב. כרם רבעי היה עולה לירושלים מהלך יום אחד לכל צד. ואיזו היא תחומה? אילת מן הדרום ועקרבת מן הצפון; לוד מן המערב והירדן מן המזרח. ומשרבו הפירות התקינו שיהא נפדה סמוך לחומה. ותנאי היה הדבר, שאימתי שירצו יחזור הדבר לכמות שהיה. ר׳ יוסי אומר, משחרב בית המקדש היה התנאי הזה; ותנאי היה, אימתי שיבנה בית המקדש יחזור הדבר לכמות שהיה.**

---

לייגן אוועק ביי זיך אין הויז געלט, און זאָגן, אז די פרוכטן וואָס פרעמדע מענטשן וועלן אָפּרייסן פון דעם גאָרטן, זאָלן זיין אויסגעטוישט אויף דעם געלט, און ממילא ווערן די פרוכטן אויס כרם רבעי און די מענטשן מעגן דאָס עסן. וועגן וואָרט „צנועים״ האָבן מיר געגעבן אין מסכתא דמאי פרק ו׳ משנה ו.

ב. כרם רבעי, כרם־רבעי־פרוכטן האָט מען געדאַרפן פירן קיין ירושלים ווייט איין טאָג־גאַנג פון יעדער זייט. ווי מיר האָבן געשריבן אין אָנהייב פון דער פריער־משנה, האָט מען כרם רבעי־פרוכטן געדאַרפן פירן קיין ירושלים, אָבער מען האָט אויך געקאָנט זיי אויסלייזן מיט געלט, און דאָס געלט פירן קיין ירושלים און קויפן דאָרט דערפאַר עסנווארג. זאָגט דאָ די משנה, אז כרם־רבעי־פרוכטן, וואָס זענען געוואַקסן אין ערטער, ווייט פון ירושלים צו יעדער זייט פון דער שטאָט, צו מזרח, מערב, צפון, דרום, ניט מער ווי איין טאָג־גאַנג, האָט מען די פרוכטן זעלבסט געמוזט פירן קיין ירושלים, און מען האָט ניט געטאָרט זיי אויסלייזן אויף געלט. די גמרא ראש השנה ל״א זאָגט, אז דאָס איז געווען א תקנה פון די חכמים, כדי די גאַסן פון ירושלים זאָלן זיין באַצירט מיט פרוכטן; דאָס מיינט, אז עס זאָל זיין אין ירושלים גענוג פרוכטן. אָבער דאָס האָט מען איינגעפירט נור אין די ערטער, וואָס עס געדויערט נאָר איין טאָג צו גיין פון זיי קיין ירושלים. ואיזו היא תחומה? און וואָס איז איר גרעניץ? ביז וואַנען ציט זיך דער שטח, וואָס איז ווייט פון ירושלים איין טאָג־גאַנג? אילת, די (שטאָט) אילת פון דרום, און עקרבת פון צפון, לוד פון מערב און דער ירדן פון מזרח. די משנה גיט דאָ די ערטער וואָס זענען ווייט פון ירושלים פונקט איין טאָג גאַנג, און דאָס זענען די שטאָט אילת אין דרום־זייט פון ירושלים. די דאָזיקע שטאָט האָט אויך געהייסן „עליאטערפאָליס״, און אויך „בית גוברין״, און עס איז היינט א דאָרף אויפ׳ן וועג פון ירושלים קיין חברון און עס הייסט אין אראביש „בעט דזשיברין״. „עקרבת״ איז ווייט איין־טאָג־גאַנג פון ירושלים צו צפון זייט. דאָס איז היינט אן אראביש דאָרף ניט ווייט פון שכם „עקראבא״, און איז געווען אמאָל א גרויסע שטאָט און ווערט דערמאָנט אין ספר יוסיפון לרומיים, וואו זי הייסט „אקראבאטא״. לוד איז אויך היינט א באַקאַנטע שטאָט צו מערב פון ירושלים, אויפן וועג קיין יפו־תל־אביב. דער טייך ירדן איז צו מזרח פון ירושלים, און א מענטש דאַרף גיין דעם וועג פון ירושלים צום ירדן אין א טאָג צייט. ומשרבו הפירות, אָבער ווען עס איז געוואָרן א סך פרוכטן האָט מען מתקן געווען, אז מען זאָל מעגן אויס־לייזן (כרם רבעי פרוכטן) לעבן דער מויער (פון ירושלים). ווייל מען האָט געזען, אז ירושלים האָט צופיל פרוכטן און די סוחרים האָבן היזק געהאַט געלט, האָט מען מתקן געווען, אז אפילו ווען דער כרם־רבעי־גאָרטן געפינט זיך לעבן דער מויער פון ירושלים, מעג מען די פרוכטן אויסלייזן און ברענגען קיין ירושלים דאָס געלט. ותנאי היה הדבר, און די זאַך איז געווען א תנאי (מען האָט אויסגענומען א תנאי), אז ווען מ׳וועט וועלן, זאָל די זאַך צוריק ווערן ווי עס איז געווען. דער תנאי איז געווען, אז ווען די חכמים וועלן איינזען, אז עס איז פאַראַן אין ירושלים ווינציק פרוכטן, זאָלן זיי קאָנען אפּשאפן די נייע תקנה. ר׳ יוסי זאָגט, אז ווען עס איז חרוב געוואָרן דאָס בית המקדש האָט מען געמאַכט דעם תנאי; און דער תנאי איז געווען, אז ווען דאָס בית המקדש וועט געבויט ווערן זאָל די זאַך ווערן צוריק ווי פריער. ר׳ יוסי זאָגט, אז דאָס וואָס מען האָט אָפּגע־שאפט די תקנה צו פירן די פרוכטן אליין קיין ירושלים איז ניט געווען, ווייל ירושלים

ג. כרם רבעי, בית שמאי אומרים, אין לו חומש ואין לו ביעור; ובית הלל אומרים, יש לו. בית שמאי אומרים, יש לו פרט ויש לו עוללות, והעניים פודין לעצמן; ובית הלל אומרים, כולו לגת.

ד. כיצד פודין נטע רבעי? מניח את הסל על פי שלשה ואומר, „כמה אדם רוצה לפדות לו בסלע על מנת להוציא יציאות מביתו?‟, ומניח את המעות ואומר „כל הנלקט מזה מחולל על המעות האלו בכך וכך סלים בסלע‟.

ה. ובשביעית פודהו בשויו. ואם היה הכול מופקר, אין לו אלא שכר

---

האָט געהאַט צופיל פּרוכטן, נאָר ווייל דאָס בית המקדש איז געהאַט חרוב געוואָרן. און דער תנאי איז, אַז ווען דאָס בית המקדש וועט געבויט ווערן זאָל מען ווידער מוזן פירן די פרוכטן זעלבסט קיין ירושלים.

ג. כרם רבעי, פרוכטן פון כרם רבעי, זאָגן די בית שמאי, אַז זיי האָבן ניט קיין חומש (פיפטל) און האָבן ניט קיין ביעור (מען דאַרף זיי ניט אויסרוימען פון שטוב), און די בית הלל זאָגן, אַז זיי האָבן יאָ. די משנה האָבן מיר דערקלערט אין מסכתא פאה ז׳ משנה ו׳. בית שמאי, די בית שמאי זאָגן, אַז (כרם רבעי) האָט פּרט און האָט עוללות, און די אָרימע לייט (וואָס נעמען די פּרט און עוללות פון כרם רבעי) לייזן עס אויס פאַר זיך, און די בית הלל זאָגן, אַז אַלץ גייט אין קעלטער. אויך די דאָזיקע ווי די פריערדיקע מחלוקה פון די בית שמאי און די בית הלל האָבן מיר געהאַט אין מסכתא פאה פרק ז׳ משנה ו׳ און דאָרט האָבן מיר געגעבן די דערקלערונג.

ד. כיצד פודין נטע רבעי? ווי אַזוי לייזט מען אויס נטע רבעי? ביז איצט איז אין דער משנה כסדר געווען „כרם רבעי‟, וואָס איז דער טייטש „אַ ווייַנגאָרטן אין פערטן יאָר‟. איצט איז פאַראַן אין דער משנה „נטע רבעי‟, וואָס איז דער טייטש „אַ פלאַנצונג אין פערטן יאָר‟, דאָס הייסט אַלע פרוכטן־ביימער. אין דער גמרא ברכות ל״ה איז פאַראַן וועגן דעם אַ מחלוקה, צו כרם רבעי מיינט מען נור אַ ווייַנגאָרטן און דער דין איז נור ביי ווייַנטרויבן, אָדער מען מיינט אויך אַלע אַנדערע פרוכטן־ביימער. דער רמבם פּסקנט, אַז אויך אַלע אַנדערע ביימער־פרוכטן זענען כרם רבעי. די משנה ענטפערט דאָ אויף דער שאלה: ווי אַזוי לייזט מען אויס די פרוכטן? מניח את הסל, ער לייגט אַוועק דעם קויש (אין וועלכן מען לייגט אַריין פרוכטן) פאַר דריי (מענטשן, סוחרים וועלכע קענען די פּרייזן) און ער זאָגט: „וויפיל (אַזעלכע קוישן) וויל אַ מענטש אויסלייזן פאַר אַ סלע מיטן תנאי אַז ער זאָל געבן די הוצאות פון זיין הויז‟? די משנה זאָגט דאָ עטליכע זאַכן. ערשטנס, אַז די אָפּשאַצונג פון דעם פּרייז פון די פרוכטן דאַרף זיין דורך דריי מענטשן. צווייטנס, אַז אַזוי ווי נטע רבעי איז דאָך ניט אַראָפּגעריסענע פרוכטן נאָר זיי זענען דאָך נאָך צו באַהאַפטן צום בוים, און עס קאָסט דאָך הוצאות צו באַאַרבייטן דעם גאָרטן און אָפּצורייסן די פרוכטן, רעכנט מען אַראָפּ די הוצאות פון דעם פּרייז פון די פרוכטן, און דאָס איבריקע איז דאָס געלט פאַר דעם נטע רבעי. למשל אויב 10 קוישן פרוכטן קאָסטן אין גאַס דריי סלעים, אָבער דאָס באַאַרבייטן דעם בוים, אָפּהיטן אים, אַראָפּרייסן די פרוכטן, קאָסטן אַ סלע, לייזט מען אויס 10 קוישן נטע רבע נאָר פאַר צוויי סלעים. ומניח את המעות, און ער לייגט (דער בעל הבית פון גאָרטן) אַנידער דאָס געלט, און ער זאָגט: „וואָס מען וועט אָפּרייסן פרוכטן פון דאַנען זאָל ווערן אויסגעלייזט אויף דעם דאָזיקן געלט אַזוי פיל און אַזוי פיל קוישן פאַר אַ סלע‟. דאָס וואָרט „נלקט‟, „לקט‟ איז ניט דער טייטש „קלייבן‟, נאָר אָפּרייסן, און עס ווערט באַנוצט אין דער משנה פאַר אָפּרייסן פרוכטן און גרינסן.

ה. ובשביעית, און אין שמיטה־יאָר לייזט ער אויס (דעם נטע רבעי) לויט זיין ווערט. אין שמיטה־יאָר טאָר מען ניט באַאַרבייטן דעם בוים, און ניט היטן, און מען טאָר ניט נעמען באַצאָלט פאַר אָפּרייסן די פרוכטן, דעריבער קאָן מען ניט אַראָפּרע־

לקיטה. הפודה נטע רבעי שלו מוסיף עליו חמישיתו, בין שהוא שלו ובין שניתן לו במתנה.

ו. ערב יום טוב הראשון של פסח של רביעית ושל שביעית היה ביעור. כיצד היה ביעור? נותנין תרומה ותרומת מעשר לבעלים, ומעשר ראשון לבעליו, ומעשר עני לבעליו. ומעשר שני והבכורים מתבערים בכל מקום. ר' שמעון אומר, הבכורים נתנין לכהנים כתרומה. התבשיל

---

בענען הוצאות, און מען לייזט אויס לויט דעם פולן ווערט פון די פּרוכטן, ואם היה, און אויב אַלץ איז געווען הפקר, האָט ער ניט מער ווי די באַצאָלונג פאַר אָפּרייסן. אויב דער בעל הבית האָט (ניט אין שמיטה, נאָר אין סתם־יאָרן) מפקיר געווען זיין גאָרטן, וואָס איז נטע רבעי, אַזוי אַז יעדער קאָן נעמען די פּרוכטן, מעג דער, וועל־כע נעמט די פּרוכטן, אָראָפּרעכענען (ביים אויסלייזן די נטע־רבעי־פּרוכטן מיט געלט) פאַר הוצאות נאָר דאָס וואָס קאָסט אָפּרייסן די פּרוכטן. די משנה לערנט דאָ, אַז נטע רבעי איז אויך ביי פּרוכטן וואָס זענען הפקר, כאָטש אַנדערע מצוות, ווי תרומה און מעשר דאַרף מען ניט אָפּשיידן פון הפקר־פּרוכטן. הפודה נטע רבע, אַז איינער לייזט אויס זיין אייגענעם נטע רבעי דאַרף ער צולייגן זיין חומש (דאָס פינפטל), סיי עס איז זיינס, סיי ער האָט עס באַקומען אַ מתנה. די סתם משנה האַלט ווי די בית הלל פריער אין משנה ג', אַז מען דאַרף יאָ צאָלן דעם חומש. די גמרא אין קידושין נ"ד זאָגט, אַז מיט מתנה דאָ אין דער משנה, מיינט מען, אַז ער האָט באַקומען אַ מתנה דעם גאָרטן, ווען די פּרוכטן זענען נאָכניט געווען צייטיק; ווייל ווען די פּרוכטן זענען שוין צייטיק, קאָן מען ניט געבן כרם רבעי אַלס מתנה.

ו. ערב יום טוב, ערב דעם ערשטן יום טוב פון פסח פון פירטן יאָר און פון זי־בעטן יאָר איז געווען דער ביעור (דאָס אויסרוימען). כדי מענטשן זאָלן ניט האַלטן כסדר אין זייערע הייזער די תרומה, וואָס זיי דאַרפן געבן דעם כהן, און דעם מעשר, וואָס זיי דאַרפן געבן דעם לוי, און דעם מעשר־שני און דעם כרם־רבעי און די ביכורים וואָס זיי דאַרפן פירן קיין ירושלים, האָט די תורה (דברים י"ד) אָנגעזאָגט, אַז נאָך יעדע דריי יאָר מוז מען מבער זיין, אַרויסרוימען די אַלע תרומה און מעשרות און ביכורים פון הויז אַרויס. די יאָרן ווערן גערעכנט נאָך דעם שמיטה־יאָר, דאָס ערשטע יאָר נאָך שמיטה־יאָר הייסט „דאָס ערשטע יאָר", דאָס צווייטע הייסט דאָס צווייטע יאָר און אַזוי כסדר. זאָגט די משנה, אַז דער „ביעור", דאָס אויסרוימען, וואָס דאַרף דאָך פאָרקומען נאָך יעדע דריי יאָר, איז פאָרגעקומען ערב דעם ערשטן יום טוב פסח דעם פירטן יאָר (ווען מען האָט אויסגערוימט דאָס וואָס עס האָט זיך אָנגעזאַמלט פון 1טן יאָר, און 2טן יאָר און 3טן יאָר), און ערב דעם ערשטן יום טוב פסח דעם זיבעטן יאָר (ווען מען האָט אויסגערוימט, דאָס וואָס עס האָט זיך אָנגעזאַמלט דעם 4־טן יאָר, דעם 5טן יאָר און דעם 6טן יאָר). אַזוי ווי פסח האָט דאָך צוויי ימים טובים, דעם ערשטן טאָג פסח און דעם לעצטן טאָג פסח (שביעי של פסח) זאָגט די משנה, אַז דער ביעור דאַרף פאָרקומען ערב דעם ערשטן טאָג פסח. כיצד היה ביעור? ווי אַזוי איז פאָרגעקומען דער ביעור? נותנין, מען גיט אַוועק די תרומה און תרומת מעשר צו זייערע בעלי בתים (צו די כהנים, ווייל צו זיי געהערן דאָך די תרומה און תרומת מעשר), און דעם מעשר ראשון צו זיינע בעלי בתים (צו די לויים, ווייל צו זיי גע־הערט דאָך דער מעשר ראשון), און דעם מעשר עני צו זיינע בעלי־בתים (צו די אָרימע לייט), און דער מעשר שני און ביכורים ווערן פאַרניכטעט אין יעדן אָרט. דעם מעשר שני און די ביכורים, וואָס מען האָט בעדאַרפן פירן קיין ירושלים, פירט מען איצט ניט מער קיין ירושלים, נאָר מען פאַרניכטעט זיי, וואו זיי געפינען זיך. די משנה דער־מאָנט ניט כרם רבעי, ווייל וועגן דעם איז די מחלוקה צווישן די בית שמאי און בית הלל (פריער אין משנה ג'), צי עס האָט ביעור. די „משנה ראשונה" זאָגט, אַז מיט

**בית שמאי אומרים, צריך לבער; ובית הלל אומרים, הרי הוא כמבוער.**

**ז. מי שהיו לו פירות בזמן הזה והגיעה שעת הביעור, בית שמאי אומרים, צריך לחללן על הכסף; ובית הלל אומרים, אחד שהן כסף ואחד שהן פירות.**

**ח. אָמר ר׳ יהודה, בראשונה היו שולחין אצל בעלי בתים שבמדי־נות „מהרו והתקינו את פירותיכם, עד שלא תגיע שעת הביעור״, עד שבא ר׳ עקיבא ולימד שכל הפירות שלא באו לעונת המעשרות פטורים מן הביעור.**

**ט. מי שהיו פירותיו רחוקים ממנו צריך לקרות להם שם. מעשה**

---

**מעשר שני מיינט מען אויך כרם רבעי,** ר׳ שמעון זאָגט, אז די ביכורים גיט מען אוועק צו די כהנים אזוי ווי תרומה. **די סתם־משנה האלט אז ווייל ביכורים דארף מען פירן קיין ירושלים, האָבן זיי דעם דין ווי מעשר שני, וואָס מען דארף אויך פירן קיין ירושלים, און דעריבער פארניכטעט מען זיי; אָבער ר׳ שמעון האלט, אז ווייל אין ירושלים גיט מען זיי דאָך אוועק צו די כהנים, דארף מען זיי ניט פארניכטן נאָר געבן צו די כהנים.** התבשיל, געקעכץ, זאָגן די בית שמאי, אז מען דארף מבער זיין, און די בית הלל זאָגן, אז עס איז אזוי ווי מבער געווען. **מיט „תבשיל״, „געקעכץ״ מיינט מען, אז מען האָט אריינגעטאָן פרוכטן פון מעשר שני (און דער ברטנורא לייגט צו „אָדער פון שמיטה״) אין געקעכץ, און די שאלה איז, צי דארף מען, ווען עס קומט אָן די צייט פון בעור, דאָס געקעכץ פארניכטן? די בית שמאי זאָגן, אז מען דארף מבער זיין; אָבער די בית הלל זאָגן, אז דאָס אריינטאָן אין געקעכץ הייסט אזוי ווי מען האָט שוין מבער געוועזן. דער ר״ש און דער רמבם טייטשן, אז אפילו דאָס געקעכץ איז אינגאנצן פון מעשר שני דארף מען ניט מבער זיין.**

ז. מי שהיו לו, אויב איינער האָט פרוכטן (פון מעשר שני) אין היינטיקער צייט (ווען עס איז ניטאָ קיין בית המקדש און מען קאָן זיי ניט פירן קיין ירושלים) און עס איז אָנגעקומען די צייט פון ביעור, זאָגן די בית שמאי, אז מען זאָל זיי אויסטוישן אויף געלט און די בית הלל זאָגן, אז סיי זיי זענען געלט, סיי זיי זענען פרוכטן. **דער ברטנורא טייטשט, אז די בית הלל זאָגן, אז ווייל עס איז דאָך אלץ איינס, און סיי ווען מען האָט פרוכטן פון מעשר שני און סיי געלט, מוז מען דאָך עס „גונז״־זיין, באהאלטן, (לויט אנדערע מפרשים, מוז מען עס פארניכטן, און געלט דארף מען צערייבן און אריינוואַרפן אין טייך), צו־וואָס־זשע זאָל ער אויסטוישן די פרוכטן אויף געלט? דע־ריבער איז גלייכער, אז ער זאָל פארניכטן די פרוכטן זעלבסט.**

ח. אמר ר׳ יהודה, האָט ר׳ יהודה געזאָגט, אין די ערשטע צייטן האָט מען גע־שיקט צו די בעלי בתים (פון פעלדער און גערטנער) אויף דער פראָווינץ, אז זיי זאָלן זיך צו־איילן און מתקן זיין זייערע פרוכטן (אפשיידן תרומה און מעשרות) איידער עס קומט אָן די צייט פון ביעור. **ווייל ווען עס וועט אָנקומען די צייט פון ביעור, ערב דעם ערשטען טאָג פסח אין פערטן און זיבעטן יאָר, וועלן זיי דארפן פארניכטן דעם מעשר שני, כאָטש מען האָט זיי נאָכניט געהאט אָפגעשיידט.** עד שבא ר׳ עקיבא, ביז עס איז געקומען ר׳ עקיבא און ער האָט געלערנט, אז אלע פרוכטן, וועלכע האָבן נאָכניט דערגרייכט די צייט פון מעשרות זענען פטור פון ביעור. **ר׳ עקיבא האָט געלערנט, אז אויב די פרוכטן זענען נאָך אין אזא מצב, אז מען דארף נאָכניט אָפשיידן פון זיי תרומות און מעשרות (די משנה פרק א׳ אין מסכתא מעשרות גיט ווען איז די מעשרות צייט פון פארשידענע פרוכטן), דארף מען ניט מבער־זיין ווען עס קומט אָן די צייט פון ביעור.**

ט. מי שהיו, אויב איינער האָט געהאט פרוכטן ווייט פון זיך, דארף ער זיי געבן א נאָמען. **אויב ער האָט נאָכניט געהאט אָפגעשיידט קיין תרומות און מעשרות**

ברבן גמליאל והזקנים שהיו באין בספינה. אָמר רבן גמליאל „עישור שאני עתיד למוד נתון ליהושע, ומקומו מושכר לו; עישור אחר שאני עתיד למוד נתון לעקיבא בן יוסף שיזכה בו לעניים, ומקומו מושכר לו״. אָמר ר׳ יהושע „עישור שאני עתיד למוד נתון לאלעזר בן עזריה, ומקומו מושכר לו״ ונתקבלו זה מזה שכר.

י. במנחה ביום טוב האחרון היו מתודין. כיצד היה הוידוי? „בערתי

---

און עס קומט אָן די צייט פון ביעור, און די פרוכטן זענען ערגיץ אין אן אנדער אָרט, דאַרף ער פונדערווייטנס זיי א „נאָמען געבן״ (וועגן א „נאָמען געבן״, זע אין מסכתא דמאי פרק ז׳ משנה א׳), דאָס הייסט, זאָגן, אז דאָס איז תרומה, און דאָס איז מעשר ראשון און דאָס איז מעשר עני, און זיי אוועקגעבן פון דער ווייטנס תרומה צום כהן, מעשר צום לוי, און מעשר עני צו אן אָרימאַן. מעשה, עס איז געוועזן א מעשה מיט רבן גמליאל און די זקנים (תנאים) וועלכע זענען געפאָרען אויף א שיף, האָט רבן גמליאל געזאָגט: דאָס צענטל (מעשר ראשון) וואָס איך וועל אָפּמעסטן (פון די פרוכטן וואָס ער האָט אין הויז) ווערט געגעבן צו יהושע (ר׳ יהושע בן חנניה, וועלכער איז געווען א לוי), און זיין אָרט (דאָס אָרט וואו דער מעשר ראשון ליגט) איז פאַרדינגן צו אים (צו ר׳ יהושע), און דאָס אנדערע צענטל (מעשר שני) וואָס איך וועל אָפּמעסטן איז גע־געבן צו עקיבא בן יוסף (ר׳ עקיבא) אז ער זאָל עס זוכה זיין פאַר די אָרימע לייט, און זיין אָרט איז פאַרדינגן צו אים. רבן גמליאל איז געפאָרן אויף א שיף צוזאַמען מיט זיינע חברים די תנאים (דאָס וואָרט „זקנים״ איז א טיטל פאַר תנאים), און רבן גמליאל האָט געהאַט אין דער היים פרוכטן, פון וועלכע מען האָט שוין געהאַט אראָפּגענומען תרומה (ווייל תרומה פלעגט מען אראָפּנעמען באַלד אין שייער) אָבער ניט די מעשרות, און עס האָט זיך דערנעענטערט ערב פסח פון ביעור־צייט. האָט רבן גמליאל פונדער־ווייטנס א נאָמען געגעבן צום מעשר ראשון און עס אוועקגעגעבן צו ר׳ יהושע, וועל־כער איז געווען א לוי, און מעשר עני האָט ער געגעבן צו ר׳ עקיבא, וועלכער איז געווען א צדקה־גבאי, אז ער זאָל עס נעמען פאַר די אָרימע לייט וועגן. און כדי ר׳ יהושע און ר׳ עקיבא זאָל שוין איצט ווערן די בעלי בתים פון די מעשרות, האָט ער זיי פאַרדינגען די ערטער, וואו די מעשרות ליגן און ממילא זענען די מעשרות גלייך אריבער אין זייער רשות. אָמר ר׳ יהושע, האָט ר׳ יהושע (נאָכדעם ווי ער האָט באַקו־מען פון רבן גמליאג פאַרדינגן דאָס אָרט פון מעשר ראשון) געזאָגט: דאָס צענטל (תרומת מעשר, א צענטל פון מעשר ראשון, און תרומת מעשר געהערט צו א כהן) וואָס איך וועל אָפּמעסטן איז געגעבן צו אלעזר בן עזריה (ער איז געווען א כהן), און זיין אָרט איז צו אים פאַרדינגן. דאָס וואָס רבן גמליאל האָט געטאָן מיט די מעשרות האָט ר׳ יהושע געטאָן מיט דעם תרומת מעשר, און האָט פאַרדינגען דאָס אָרט, וואו דער תרומת מעשר ליגט, צו ר׳ אלעזר בן עזריה, און ממילא איז די תרומת מעשר אריבער אין זיין רשות. ונתקבלו, און זיי האָבן גענומען איינער פון אנדערן דאָס געלט פאַרן פאַרדינגן. רבן גמליאל האָט גענומען פון ר׳ יהושע און ר׳ עקיבא דירה־געלט פאַר דעם אָרט פון די מעשרות, און ר׳ יהושע האָט גענומען פון ר׳ אלעזר בן עזריה דירה־געלט פאַר דעם אָרט פון תרומת מעשר. ווייל נור ווען זיי האָבן געגעבן געלט זענען די ערטער געוואָרן זייערע.

י. במנחה, צו מנחה־צייט, אין לעצטן טאָג יום טוב (פון פסח) האָט מען זיך מתודה געווען. נאָכדעם ווי מען האָט מבער געווען ערב דעם ערשטן טאָג פסח, האָט מען זיך איבערגעלאָזט פון מעשר שני (אין ירושלים) גענוג שפייז כדי צו האָבן צו עסן א גאַנצן פסח, אויך חול המועד, און צו מנחה דעם לעצטן טאָג יום טוב פסח (שביעי של פסח) האָט מען זיך מתודה געווען אין בית המקדש. דאָס מתודה זיין איז געווען, ווי די משנה וועט באַלד דערקלערן, דאָס זאָגן די פרשה אין חומש דברים כ״ו

**הקודש מן הבית", זה מעשר שני ונטע רבעי. "נתתיו ללוי" זה מעשר לוי. "וגם נתתיו", זו תרומה ותרומת מעשר. "לגר ליתום ולאלמנה", זה מעשר עני, הלקט והשכחה והפאה, אף על פי שאינן מעכבין את הוידוי. "מן הבית", זו חלה.**

**יא. "בכל מצותך אשר צויתני", הא אם הקדים מעשר שני לראשון אינו יכול להתודות. "לא עברתי ממצותיך", לא הפרשתי ממין על שאינו מינו, ולא מן התלוש על המחובר, ולא מן המחובר על התלוש, ולא מן החדש על הישן, ולא מן הישן על החדש. "ולא שכחתי", לא שכחתי מלברכך ומלהזכיר שמך עליו.**

---

פון דעם פסוק י"ג "בערתי הקדש מן הבית", ביז צום סוף פסוק ט"ז "זבת חלב ודבש". דאָס הייסט "וידוי", ווייל דער בעל הבית פון פעלד און גאָרטן זאָגט דאָ פאַר גאָט, אז ער האָט מקיים געווען די מצוות צו געבן תרומה און מעשרות, און איז מתפלל צו גאָט, אז ער זאָל אים העלפן אויך ווייטער. כיצד, ווי אזוי איז געווען דאָס מתודה־זיין־זיך? און דאָ הייבט אָן די משנה צו ברענגען די אלע פסוקים פון חומש דברים כ"ו, און גיט אויך אָן דאַביי די יסוד־דינים פון תרומה און מעשרות. ער האָט געזאָגט: "בערתי הקדש מן הבית", "איך האָב אַרויסגערוימט די הייליקייט פון הויז", דאָס איז מעשר שני און נטע רבעי (ווייל זיי דאַרף מען פאַרניכטן ביי דער צייט פון ביעור); "נתתיו ללוי", "איך האָב אים געגעבן צום לוי", דאָס מיינט מען מעשר לוי (מעשר ראשון); "וגם נתתיו", "און איך האָב אים אויך געגעבן", דאָס מיינט מען תרומה און תרומת מעשר (צום כהן); "לגר ליתום ולאלמנה", "צום גר, צום יתום און צו דער אלמנה", דאָס מיינט מען מעשר עני, לקט און שכחה און פאה (וואָס געהערן צו אָרימע לייט), כאָטש זיי זענען ניט מעכב דאָס מתודה זיין זיך. די משנה זאָגט דאָ, אז כאָטש אפילו ווען מען האָט ניט אוועקגעגעבן צו אָרימע לייט לקט שכחה און פאה מעג מען זיך מתודה זיין, פונדעסטוועגן דערמאָנט ער אז ער האָט אויך שוין דאָס אוועקגעגעבן. "מן הבית", "פון הויז", דאָס מיינט מען חלה (וואָס געהערט צום כהן). ביז איצט האָט דער, וואָס האָט זיך מתודה געווען אויסגערעכנט און דערציילט פאַר גאָט, אז ער האָט מקיים געווען די אלע מצוות פון אָפּשיידן תרומה און מעשרות און חלה פון זיינע פרוכטן. איצט וועט די משנה געבן די ווייטערדיקע פסוקים און אָנווייזן די דינים, וועלכע מען דאַרף אָפּהיטן ווען מען שיידט אָפּ תרומה און מעשרות, און ווען מען עסט מעשר שני אין ירושלים.

י"א. "בכל מצותך אשר צויתני", "ווי דיין גאַנץ געבאָט וואָס דו האָסט מיך גע־הייסן", דערפון איז געדרינגן, אז אויב מען האָט אָפּגעשיידט מעשר שני פריער פון מעשר ראשון טאָר מען ניט זיך מתודה זיין. מען מעג זאָגן דעם וידוי, נאָר ווען מען שיידט אָפּ ריכטיק דעם מעשר; אָבער אויב מען האָט ניט ריכטיק אָפּגעשיידט, למשל, פריער מעשר שני און דערנאָך מעשר ראשון, טאָר מען ניט זאָגן דעם וידוי. "לא עברתי ממצותיך", "איך האָב ניט עובר געווען אויף דיינע מצוות", "איך האָב ניט אָפּגע־שיידט פון איין מין אויף אן אנדערן מין, און ניט פון אָפּגעריסענע פרוכטן אויף בא־האַפטענע (צו דער ערד), און ניט פון באהאַפטענע אויף אָפּגעריסענע, און ניט פון נייע (וואָס זענען אראָפּגענומען געוואָרן דעם נייעם יאָר) אויף אלטע (פון פאַריגן יאָר), און ניט פון אלטע אויף נייע". די משנה רעכנט דאָ אויס די יסוד־דינים, וואָס מען דאַרף אָפּהיטן ביים אָפּשיידן תרומה און מעשרות. די דינים זענען פאַראַן פריער אין מסכתא תרומות פרק א' משנה ה' און פרק ב' משנה ד'. "ולא שכחתי", "און איך האָב ניט פאַרגעסן, דיך צו בענטשן און צו דערמאָנען דיין נאָמען אויף אים". ווייל ביים אָפּ־שיידן תרומה און מעשרות מאַכט מען דאָך א ברכה, דעריבער זאָגט ער אין דעם וידוי, אז ער האָט ניט פאַרגעסן צו מאַכן די ברכה.

**יב. „לא אכלתי באוני ממנו״. הא אם אכלו באנינות אינו יכול להתודות. „ולא בערתי ממנו בטמא״ הא אם הפרישו בטומאה אינו יכול להתודות. „ולא נתתי ממנו למת״, לא לקחתי ממנו ארון ותכריכים למת. „ולא נתתיו״ לאוננים אחרים. „שמעתי בקול יהוה אלהי״, הבאתיו לבית הבחירה. „עשיתי ככול אשר צויתני״, שמחתי ושימחתי בו.**

**יג. „השקיפה ממעון קדשך מן השמים״, עשינו מה שגזרת עלינו אף אתה עשה מה שהבטחתנו. „השקיפה ממעון קדשך מן השמים וברך**

---

י״ב. לא אכלתי באוני ממנו״, „איך האב ניט געגעסן מיט טרויער פון אים״, דערפון איז געדרינגן, אז אויב מען האט אים (דעם מעשר שני) געגעסן ווען מען איז אן אונן טאר מען ניט זאגן דעם וידוי. **אן „אונן״ הייסט מען דעם טאג ווען עס איז געשטארבן א נאנטער קרוב, נאך וועלכן מען איז אן אבל. אין יענעם טאג טאר מען ניט עסן קיין מעשר שני, און אויב מען האט געגעסן, טאר מען ניט זאגן דעם וידוי.** „ולא בערתי ממנו בטמא״, „און איך האב אים ניט אויסגערוימט מיט טומאה״, דערפון איז געדרונגן, אז אויב מען האט אים (דעם מעשר שני) אפגעשיידט בטומאה טאר מען ניט זאגן דעם ווידוי. **דער „תפארת ישראל״ טייטשט, אז דאס מיינט מען, אויב בשעת מען האט אפגעשיידט דעם מעשר שני איז דער מענטש, וואס האט אים אנגערירט ביים אפשיידן, געווען טמא.** „ולאנתתי ממנו למת״, „און איך האב פון אים ניט געגעבן צו א טויטן״, איך האב ניט גענומען פון אים אן ארון און תכריכים פאר א טויטן. **דער דין איז, אז מעשר־שני־פרוכטן מעג מען באנוצן נאר צום עסן און טרינקן און שמירן זיך; און אפילו פאר א לעבעדיקן מענטש טאר מען אים אויך ניט פארנוצן פאר אנדערע זאכן. דער ירושלמי זאגט, אז די משנה מיינט, אז אפילו שמירן אייל פון מעשר שני, וואס א לעבעדיקער מענטש מעג דא יא, טאר מען אויך ניט ביי א טויטן.** „ולא נתתיו״, „און איך האב אים ניט געגעבן״, צו אנדערע אוננים. **מיר האבן שוין פריער געשריבן, אז אן אונן טארניט עסן מעשר שני; און ער זאגט דעריבער אין וידוי, אז ניט נאר האט ער אליין ניט געגעסן ווען ער איז געווען אן אונן, נאר ער האט אויך אנדערע מענטשן, ווען זיי זענען געווען אוננים, ניט געגעבן צו עסן מעשר שני.** „שמעתי בקול ה׳ אלהי״, „איך האב געפאלגט דעם קול פון גאט מיין גאט״, איך האב אים געבראכט אין בית המקדש. **אין וידוי דערקלערט ער, אז ער האט מקיים געווען אויך די מצוה צו ברענגן דעם מעשר שני אין בית המקדש. דאסווארט „בית הבחירה״ „דאס הויז פון אויסדערוויילונג״, מיינט דעם בית המקדש, פון דעם פסוק אין דברים י״ד „המקום אשר יבחר ה׳ אלהיך״, דאס ארט, וואס עס וועט אויסוויילן גאט דיין גאט. די „משנה ראשונה״ ווייזט דא אן, אז אייגענטליך האט מען מעשר שני ניט בעדארפן ברענגן אין בית המקדש, נאר בלויז אין ירושלים. די „תוספות אנשי שם״ זאגט, אז ווייל דאס וידוי־זאגן איז פארגעקומען אין בית המקדש, דעריבער זאגט ער דא בית המקדש.** „עשיתי ככל אשר צויתני״, „איך האב געטאן ווי אלץ וואס דו האסט מיר געהייסן״, איך האב מיך געפרייט און האב דערפרייט אנדערע. **דאס הייסט, אז ער האט אליין געגעסן מיט שמחה און ער האט אויך אנדערע מענטשן געגעבן צו עסן און משמח געווען.**

י״ג. „השקיפה ממעון קדשך מן השמים״, „קוק אראפ פון דיין הייליקער וואוינונג פון הימל״ מיר האבן געטאן, וואס דו האסט גוזר געווען אויף אונז, טו אויך דו וואס דו האסט אונז צוגעזאגט. **דא הויבט זיך אן דער תפלה־טייל פון דעם וידוי, אין וועלכן מען בעט גאט, אז ער זאל מקיים זיין זיינע הבטחות, אז ער וועט בענטשן דאס יידישע פאלק און דאס יידישע לאנד.** „השקיפה ממעון קדשך מן השמים וברך את עמך את ישראל״, „קוק אראפ פון דיין הייליקער וואוינונג, פון הימל, און בענטש דיין פאלק ישראל״, מיט זין און מיט טעכטער. **די ברכה זאל זיין, אז עס זאל פארמערט**

**את עמך את ישראל" בבנים ובבנות. „את האדמה אשר נתתה לנו" בטל ובמטר ובולדות בהמה. „כאשר נשבעת לאבותינו ארץ זבת חלב ודבש", כדי שתתן טעם בפירות.**

**יד. מכאן אָמרו ,ישראל וממזרים מתודים, אבל לא גרים ולא עבדים משוחררים, שאין להם חלק בארץ. ר' מאיר אומר, אף לא כהנים ולוים, שלא נטלו חלק בארץ. ר' יוסי אומר יש להם ערי מגרש.**

**טו. יוחנן כהן גדול העביר הודית המעשר. אף הוא ביטל את**

---

**ווערן די צאָל יידן, עס זאָלן געבוירן ווערן א סך קינדער.** „ואת האדמה אשר נתתה לנו", „און די ערד, וואס דו האָסט אונז געגעבן", מיט טוי און מיט רעגן און מיט קינדער פון דער בהמה. מען בעט, **אז גאָט זאָל אויך בענטשן דאָס יידישע לאנד, אז עס זאָל זיין געַנוג טוי רעגן און די בהמות זאָלן האָבן א סך קינדער.** „כאשר נשבעת לאבותינו ארץ זבת חלב ודבש", ווי דו האָסט געשוואוירן צו אונזערע עלטערן, דאָס לאנד וואס רינט מיט מילך און האָניק", אז דו זאָלסט אריינגעבן א טעם אין די פרוכטן. **דער רמבם טייטשט, אז די פרוכטן זאָלן זיין פעטע און גוטע. דערמיט ענדיקט זיך דער וידוי און די תפלה, וואָס דער יידישער בעל הבית פון פעלד האָט נאָך יעדע דריי יאָר, אין פירטן יאָר צו מנחה־צייט פון לעצטן טאָג יום טוב פסח, געזאָגט אין בית המקדש, דערציילנדיק פאַר גאָט, אז ער האָט מקיים געווען ריכטיק אלע מצוות פון תרומה און מעשר און מעשר שני און בעטנדיק, אז גאָט זאָל בענטשן דאָס יידישע פאָלק און דאָס יידישע לאנד.**

י"ד. מכאן אָמרו, פון דאנען האָבן (די חכמים) געזאָגט, אז א ישראל און ממזרים מעגן זאָגן דעם וידוי, אָבער נִיט גרים און ניט באפרייטע קנעכט, ווייל זיי האָבן ניט קיין חלק אין לאנד. מיט „פון דאנען" מיינט מען, **אז פון דעם פסוק „את האדמה אשר נתתה לנו", „די ערד וואָס דו האָסט אונז געגעבן", וואָס מען האָט פריער געזאָגט אין וידוי, איז געדרינגען, אז דעם וידוי מעג זאָגן נור דער ייד, וואָס ער אָדער זיינע עלטערנס־עלטערן האָבן באקומען א חלק אין ארץ ישראל. דעריבער מעג אויך א ממזר, וואָס איז געבוירן געוואָרן ניט כשר, זאָגן דעם וידוי. אָבער א גר, אָדער א גוי וואָס איז געוואָרן א שקלאַף ביי א ייד און דערנאָך איז ער באפרייט געוואָרן און איז דאדורך געוואָרן א ייד, זיי קאָנען ניט זאָגן קיין וידוי, ווייל זייערע עלטערנס עלטערן זענען דאָך געווען גויים און האָבן ניט באקומען קיין טייל אין ארץ ישראל, ווען מען האָט צוטיילט אין דער צייט פון יהושע בן נון ארץ ישראל צווישן יידן.** ר' מאיר זאָגט, אז אויך ניט כהנים און לוויים, ווייל זיי האָבן ניט גענומען קיין חלק אין לאנד. **דער שבט לוי האָט ביים צעטיילן ארץ ישראל ניט באקומען קיין באזונדערן חלק אין לאנד, ווי אלע אנדערע שבטים. זאָגט ר' מאיר, אז אויך כהנים און לויים קאָנען ניט זאָגן קיין וידוי.** ר' יוסי זאָגט, אז זיי (די כהנים און לויים) האָבן ערי מגרש. **דער חומש אין במדבר ל"ה זאָגט, אז מען זאָל געבן דעם שבט לוי געוויסע שטעט צום וואוינען און אויך פלעצער** (מגרש, מגרשים) **ארום די שטעט פאַר זייערע בהמות. זאָגט ר' יוסי, אז ווייל די כהנים און לויים האָבן באקומען די דאָזיקע „ערי מגרש", די „פלעצער־שטעט", הייסט עס, אז זיי האָבן א חלק אין ארץ ישראל און זיי מעגן דעריבער זאָגן דעם וידוי אויף דער תרומה און מעשרות פון די פעלדער פון די דאָזיקע פלעצער.**

ט"ו. יוחנן כהן גדול האָט אָפּגעשאפט דאָס וידוי זאָגן אויף מעשר. **יוחנן כהן גדול איז געווען פירשט איבער די יידן לערך 200 יאָר פאַר דעם חורבן פון 2טן בית המקדש. די משנה זאָגט דאָ, אז ער האָט מבטל געמאכט דאָס זאָגן דעם וידוי. דער טעם איז געווען, ווייל אין דער צייט פון 2טן בית המקדש האָט מען געגעבן דעם מעשר ראשון ניט צו לויים נאָר צו כהנים, און מען האָט דעריבער ניט געקאָנט זאָגן „וגם נתתיו ללוי", „און איך האָב אים אויך געגעבן צום לוי".** אף הוא, ער (יוחנן כהן גדול)

**המעוררים ואת הנוקפים. ועד ימיו היה פטיש מכה בירושלים, ובימיו אין אדם צריך לשאול על הדמאַי.**

האָט אויך אָפּגעשאַפט די וועקערס און די שטעכערס. די גמרא אין סוטה מ״ז זאָגט, אז די „מעוררים״, די „וועקערס״ זענען געווען די לויים, וואָס פלעגן יעדן טאָג ביים זאָגן שירה אין בית המקדש אויך זאָגן „עורה, למה תישן, ה׳״, „וועק זיך אויף, פאַר־וואָס שלאָפסטו, גאָט״ (תהלים מ״ד). יוחנן כהן גדול האָט דאָס מבטל געמאַכט. „בוק־פים״, „שטעכערס״, זאָגט דאָרט די גמרא, אז דאָס מיינט מען דעם מנהג, וואָס איז געווען אין בית המקדש צו שטעכן דעם קאַלב (דעם קרבן) צווישן די הערנער, איידער מען האָט אים געבינדן צום שעכטן. דעם מנהג האָט יוחנן כהן גדול אָפּגעשאַפט, ווייל עס האָט אויסגעזען ווי מען מאַכט דעם קרבן א בעל מום. ועד ימיו, און ביז זיין (יוחנן כהן גדול׳ס) צייט האָט דער האַמער געקלאַפּט אין ירושלים. דערויף זאָגט די גמרא דאָרט, אז דאָס מיינט מען, אז ביז זיין צייט פלעגט מען אַרבייטן אין ירושלים אין חול המועד, צו טאָן די אַרבייט, וואָס איז א „דבר האבד״, וואָס אויב מען טוט זי ניט איצט גייט זי פאַרלוירן, און אזא אַרבייט מעג מען טאָן אים חול המועד. אָבער יוחנן כהן גדול האָט אויך דאָס מבטל געווען, ווייל עס איז געווען א צו־גרויסער פירסום. ובימיו אין אדם, און אין זיין צייט האָט קיין מענטש ניט געדאַרפט פרעגן אויף דמאַי, אין אָנהויב מסכתא דמאי האָבן מיר געגעבן, אז דמאי הייסן פּרוכטן, וואָס מען קויפט ביי א עם הארץ, וועגן וועלכן עס איז פאַראַן א חשד, אז ער שיידט ניט אָפּ קיין מעשׂרות. ביז יוחנן כהן גדול׳ס צייט, ווען איינער איז געגאַנגען קויפן פּרוכטן האָט ער געמוזט גוט נאָכפאָרשן, צי דער פאַרקויפער שיידט אָפּ מעשרות. אָבער יוחנן כהן גדול האָט מתקן געווען, אז ווען איינער קויפט דמאי דאַרף ער אָנרופן מיטן נאָמען בלויז מעשר ראשון און דערפון אַראָפּנעמען א צענטל (דאָס הייסט א הונדערטסטל פון אַלע פּרוכטן, א צענטל פון מעשר ראשון) אלס תרומת מעשר און אוועקגעבן דעם כהן, און מעשר שני אויך צו פירן קיין ירושלים. אָבער דעם מעשר ראשון און מעשר עני האָט ער געקאָנט פאַרהאַלטן פאַר זיך. דאָס איז שוין געווען א סך לייכטער, און ממילא האָט מען ניט געדאַרפט נאָכפרעגן ביי דער מענטש, ביי וועמען מען קויפט די פּרוכטן איז אָפּגעהיטן אין מעשר.

סליק מסכת מעשר שני — געענדיקט די מסכתא מעשר שני.

# מסכת חלה

די תורה (במדבר ט״ו) זאָגט, אז ווען די יידן וועלן קומען קיין ארץ ישראל און זיי וועלן עסן ברויט פון לאַנד זאָלן זיי אַראָפּנעמען פון „די ערשטע פון טייג״ „חלה״. דערפון איז דער דין אז ווען מען באַקט ברויט זאָל מען פון טייג אָפּשיידן א שטיקל טייג, און דאָס געבן דעם כהן. חלה האָט דעם דין ווי תרומה; עס מעג זי עסן נאָר א כהן, און נאָר בטהרה, ווען דער כהן איז טהור און די חלה איז טהור. אָבער חלה איז ניט גלייך צו תרומה דערמיט, וואָס תרומה ווערט אָפּגעשיידט פון אַלע פּרוכטן, און חלה נאָר ווען מען גייט באַקן ברויט פון תבואה; מיט תבואה מיינט מען נור די פינף מינים: ווייץ, גערשטן, שפּעלץ (אַרקיש), האָבער און קאָרן. אויך איז חלה ניט גלייך צו תרומה דערמיט, וואָס תרומה דאַרף מען אַראָפּנעמען אפילו פון דעם קלענסטן ביסל פּרוכטן, אָבער חלה דאַרף מען אַראָפּנעמען נור ווען מען קנעט אריין אין טייג ניט ווינציקער פון א טאָפּ און א פערטל מעל, „חמשת רבעיים״, פינף פערטל פון א „קב״, פון א טאָפּ. דאָס הייסט, פינף קוואַרט (לוגים)). אויב א בעל הבית באַקט ברויט פאַר זיך דאַרף ער אַראָפּנעמען איין 24סטל פון טייג אלס חלה; און אויב א בעקער באַקט ברויט צום פאַרקויפן איז גענוג איין 48סטל. עס איז איינגעפירט געוואָרן, אז אויך אין חוץ לארץ, נעמט מען חלה, נאָר די דאָזיקע חלה נעמט מען ניט דעם דערמאָנטן שיעור, נאָר עפּיס, און מען פאַרברענט עס.

# מסכת חלה

## פרק א.

א. חמשה דברים חייבין בחלה: החטים והשעורים והכוסמים ושבולת שועל ושיפון, הרי אלו חייבין בחלה, ומצטרפין זה עם זה. ואסורין בחדש מלפני הפסח ומלקצור מלפני העומר. ואם השרישו קודם לעומר, העומר מתירן; ואם לאו, אסורין עד שיבוא העומר הבא.

ב. האוכל מהם כזית מצה בפסח, יצא ידי חובתו; כזית חמץ, חייב

---

## פרק א.

א. חמשה, פינף זאכן זענען מחויב אין חלה. **נאר פון פינף מינים געוויקסן דארף מען נעמען חלה:** חטים, ווייץ, און גערשטן, און שפעלץ (ארקיש), און האבער און קארן, די דאזיקע זענען מחויב אין חלה, און זיי ווערן צונויפגענומען (זענען זיך מצרף) איינער מיטן אנדערן. ווי מיר האבן געזאגט אין דער הקדמה, **דארף א טייג, פון וועלכן מען איז מחויב צו נעמען חלה, האלטן מינדעסטנס פינף קווארט מעל. זאגט דא די משנה, אז אויב אין דעם טייג פון פינף קווארט מעל איז געווען א טייל פון איין מין, און א טייל פון אן אנדערן מין, למשל צוויי קווארט ווייצן־מעל און דריי קווארט קארן־מעל, זענען זיי זיך „מצרף", ווערן זיי צונויפגענומען, און מען דארף דערפון נעמען חלה. דער ירושלמי זאגט, אז דאס איז נור ווען זיי זענען געווארן געקנעטן צוזאמען; אבער אויב מען האט געקנעטן די צוויי קווארט ווייצן־מעל באזונדער און די דריי קווארט קארן־מעל באזונדער, און דערנאך האט מען די גאנצע טייגן אנגערירט איי־נעם אין אנדערן, זענען זיי זיך ניט מצרף, סיידן ווען עס איז ווייצן־מעל מיט שפעלץ־מעל, אדער גערשטן־מעל מיט אלע אנדערע מעלן א חוץ מיט ווייצן־מעל, ווי מיר וועלן עס לערנען ווייטער אין פרק ד' משנה ב'.** ואסורין בחדש, און זיי זענען אסור אין חדש (נייע תבואה) פאר פסח, און צושניידן פארן עומר. **די תורה זאגט (ויקרא כ"ג) אז דעם 16טן טאג אין ניסן דעם 2־טן טאג אין פסח, דארף מען מקריב זיין אין בית המקדש דעם „עומר", א מעסטל תבואה־מעל פון גערשטן, און אז איידער מען איז מקריב דעם עומר טאר מען ניט עסן פון דער נייער תבואה, וואס איז געוואקסן דעם יאר, און מען טאר אויך ניט אפשניידן די נייע תבואה איידער מען שניידט אפ דעם עומר.** די נייע תבואה הייסט „חדש", נײ. **זאגט די משנה, אז דער פארבאט צו עסן חדש פארן מקריב זיין דעם עומר און אפצושניידן פארן אפשניידן חדש פארן דעם עומר איז נור ביי די דערמאנטע פינף מינים, ווייץ, גערשטן, שפעלץ, האבער און קארן; אבער אנדערע מינים מעג מען יא. דאס וואס די משנה זאגט „מלפני הפסח", „פאר פסח" מיינט מען „פאר מקריב זיין דעם עומר". דער ירושלמי האט אין גירסא „מלפני העומר".** ואם השרישו, און אויב (די דאזיקע פינף מינים פון נייער תבואה) זענען איינגעווארצלט געווארן (אין פעלד) פאר'ן מקריב־זיין דעם עומר, איז דער עומר זיי מתיר, און אויב ניט, זענען זיי אסור ביז דעם קומענדיקן עומר. **אויב די זריעה האט זיך איינגעווארצלט אין פעלד איידער מען האט מקריב געווען דעם עומר, איז דער עומר זי מתיר. אויב אבער די זריעה איז איינגעווארצלט געווארן נאכן מקריב זיין דעם עומר, געהערט שוין די דאזיקע תבואה צום קומענדיקן יאר, און מען טאר זי ניט עסן ביז דעם קומענדיקן עומר, אין א יאר שפעטער.**

ב. האוכל, אז איינער עסט פון זיי (פון די דערמאנטע פינף מינים) א כזית מצה אים פסח האט ער יוצא געווען זיין חוב. **די מצוה איז (דברים ט"ז), אז פסח, די ערש־טע נאכט, דארף מען עסן מצה מינדסטנס די גרויס פון אן איילבירט, כזית. זאגט די משנה, אז די מצה מוז זיין געבאקן נור פון מעל פון די דערמאנטע פינף מינים, און נור ווען מען עסט פון זיי א כזית מצה האט מען מקיים געווען די מצווה. דער אויס־דרוק „יצא ידי חובתו", „ארויסגעגאנגען פון זיין חוב", איז, „מקיים געווען די פליכט",**

**בהיכרת. נתערב אחד מהם בכל המינים, הרי זה עובר בפסח. הנודר מן הפת ומן התבואה אָסור בהם, דברי ר׳ מאיר, וחכמים אומרים, הנודר מן הדגן אינו אָסור אלא מהן. וחייבין בחלה ובמעשרות.**

**ג. אלו חייבין בחלה ופטורים מן המעשרות: הלקט, והשכחה, והפאה, וההפקר, ומעשר ראשון שנטלה תרומתו, ומעשר שני והקדש**

---

וואָס ליגט אויף אים. כזית חמץ, אויב (ער האָט געגעסן פון די דערמאָנטע פינף מינים אים פסח) א כזית חמץ איז ער חייב כרת. די תורה (שמות י״ב) זאָגט, אז מען זאָל פסח ניט עסן קיין חמץ, און ווער עס עסט חמץ, זויער־טייג, זאָל ער פארשניטן ווערן, „ונכרתה״, און די דאָזיקע שטראָף הייסט כרת. זאָגט די משנה, אז מען איז חייב כרת נאָר ווען מען עסט מינדעסטנס א כזית חמץ און נור פון מעל פון די דערמאָנטע פינף מינים. נתערב, אויב (חמץ, זויער טייג פון) איינעם פון זיי (פון די דאָזיקע פינף מינים) האָט זיך אויסגעמישט מיט אנדערע מינים, איז מען עובר אים פסח. די תורה (שמות י״ב און י״ג) זאָגט, אז ניט נור טאָר מען אים פסח ניט עסן קיין חמץ, נאָר מען טאָר אויך ניט האָבן קיין חמץ, „לא ימצא״, און „לא יראה״. זאָגט די משנה, אז אויב אביסעל חמץ פון מעל פון איינעם פון די פינף מינים, למשל, פון ווייץ, צי פון קאָרן, האָט מען אריינגעטאָן אין אנדערע זאכן, למשל אין אזא קעז־צושפייז (כותח), און כאָטש דער חמץ איז דאָך ניט „בעין״, מען זעט דאָך אים ניט, ער איז דאָך נאָר אויסגעמישט, „תערובת״, פונדעסטוועגן איז מען עובר אויף דעם איסור פון „לא יראה״ און „לא ימצא״ אויב מען האַלט אים אין פסח. טייל טייטשן „עובר״, אז מען דאַרף אים „מעביר זיין״, מבער זיין, פארברענען, פארניכטן. הנודר מן הפת, אז איינער טוט א נדר (אז ער זאָל ניט עסן) „פת״ (ברויט) אָדער „תבואה״, איז ער אסור אין זיי, אזוי זאָגט ר׳ מאיר. ער טאָר ניט עסן די דאָזיקע דערמאָנטע פינף מינים. אָבער, למשל, ברויט פון אנדערע מינים. ווי פון רייז־מעל, מעג ער יאָ עסן, ווייל „פת״ און „תבואה״ מיינט מען נור די דאָזיקע פינף מינים. וחכמים, אָבער די חכמים זאָגן, אז איינער טוט א נדר (ניט צו עסן) „דגן״ איז ער אסור נור פון זיי. לויט ר׳ מאיר, אויב איינער טוט א נדר ניט צו עסן „דגן״ טאָר ער ניט עסן אויך אנדערע מינים מעל, ניט דוקא פון די פינף מינים, ווייל „דגן״ איז דער טייטש „מידי דמידגן״, יעדע געוויקס (א חוץ בייער־פרוכטן), וואָס מען נעמט־צונויף, אָבער לויט די חכמים מיינט מען אויך מיט דגן נור די דערמאָנטע פינף מינים. וחייבין, און זיי (די פינף מינים) זענען מחויב אין חלה און מעשרות. די משנה לערנט עס דאָ נאָכאמאָל, כאָטש זי האָט שוין געזאָגט פריער, אז מען דאַרף פון די פינף מינים נעמען חלה. אָבער ווייל די משנה וויל ווייטער לערנען, וואָסערע זאכן זיינען מחויב אין חלה, און פטור פון מעשרות, און פארקערט, פטור פון חלה און מחויב אין מעשרות, גיט זי עס דאָ נאָכאמאָל.

ג. אלו חייבין, די דאָזיקע (זאכן) זענען מחויב אין חלה און פטור פון מעשרות. דאָס הייסט, אז חלה דאַרף מען נעמען פון זיי, אָבער מעשרות, און דאָס מיינט מען אויך תרומה, דאַרף מען פון זיי ניט אָפשיידן. און דאָס זענען די זאכן: הלקט, לקט, און שכחה און פאה, און הפקר, און מעשר ראשון, פון וועלכן מען האָט אפגעשיידט זיין תרומה (תרומת מעשר), און מעשר שני און הקדש, וואָס מען האָט אויסגעלייזט, און דאָס וואָס איז געבליבן פון עומר, און תבואה, וואָס איז ניט אויפגעוואַקסן א דריטל. לקט, שכחה און פאה זענען תבואה, וואָס געהערט צו אָרימע לייט (זע אין דער הקדמה צו מסכתא פאה) און מען דאַרף פון זיי קיין תרומה און מעשרות ניט געבן; אָבער ווען מען מאַכט פון זיי א טייג צו באַקן ברויט דאַרף מען נעמען חלה. „הפקר״ מיינט מען תבואה, וואָס דער בעל הבית האָט מפקיר געווען, און אן אנדערער האָט עס צו־גענומען בחינם. אויך פון הפקר דאַרף מען ניט אָפשיידן פון תרומה און מעשרות; אָבער חלה דאַרף מען יאָ נעמען. דאָסזעלבע איז מיט מעשר ראשון, פון וועלכן מען

**שנפדו, ומותר העומר ותבואה שלא הביאה שליש. ר' אליעזר אומר, תבואה שלא הביאה שליש פטורה מן החלה.**

**ד. אלו חייבין במעשרות ופטורין מן החלה: האורז והדוחן והפרגים והשומשמין והקטניות ופחות מחמשת רביעים בתבואה. הסופגנין והדובשנין והאסקריטין וחלת המשרת והמדומע פטורין מן החלה.**

---

האט אראָפּגענומען תרומת מעשר, און די מפרשים דערקלערן, אז דאָס מיינט מען, אז מען האָט אָפּגעשיידט דעם מעשר ראשון פון די תבואה־זאנגן, איידער מען האָט זיי געדראָשן, און דעריבער האָט מען קיין תרומה פון זיי ניט געהאט אָפּגעשיידט, און מען דארף שוין מער קיין תרומה ניט אפשיידן; אָבער חלה דארף מען יאָ נעמען. תבואה פון מעשר שני וואָס מען האָט אויסגעלייזט, מיינט מען דאָזעלבע וואָס ביי מעשר ראשון, אז מען דארף ניט מער אפשיידן קיין תרומה. תבואה פון הקדש, וואָס מע האָט פארענדיקט די ארבייט ביי דער תבואה („צוגעגלעט דעם תבואה־בארג") ווען זי איז געווען הקדש, און מען האָט זי אויסגעלייזט, איז אויך פטור פון תרומה און מעשרות; אָבער חלה דארף מען יאָ נעמען (זע אין מסכתא פאה פרק א' משנה ו').

„ומותר העומר", „דאָס וואָס איז געבליבן פון עומר", מיינט מען אזוי: דער דין איז, אז דעם עומר האָט מען מקריב געווען ניט מער ווי א „עשרון", א צענטל פיינעם מעל („סולת"); אָבער דעם דאָזיקן „עשרון" האָט מען ארויסגענומען פון דריי סאה תבואה; איז דאָך, נאָכן אראָפּנעמען דעם עשרון, געבליבן מעל פון די דריי סאה. זאָגט די משנה, אז דאָס דאָזיקע געבליבענע מעל פון עומר איז פטור פון תרומה און מעשרות, אָבער חלה דארף מען יאָ נעמען. תבואה, וואָס מען האָט אָפּגעשניטן ווען זי איז נאָכניט אויפגעוואקסן קיין דריטל פון דער גרויס ווען זי איז אינגאנצן צייטיק, איז פטור פון תרומה און מעשרות, אָבער חלה דארף מען יאָ נעמען. ר' אליעזר זאָגט, אז תבואה וואָס איז ניט אויפגעוואקסן א דריטל איז פטור פון חלה. די סתם משנה האלט, אז ווייל מעל פון אזא תבואה קאָן ווערן חמץ הייסט עס ברויט, לחם, און מען דארף נעמען דערפון חלה. אָבער ר' אליעזר האלט, אז פונקט ווי תרומה (חלה ווערט געגליכן צו תרומה אין חומש במדבר ט"ו) ווערט ניט גענומען פון תבואה וואָס איז ניט אויפגעוואָקסן א דריטל, אזוי דארף מען אויך חלה ניט נעמען.

ד. אלו חייבין במעשרות, די דאָזיקע זענען מחויב אין מעשרות און פטור פון חלה: רייז, און הירזש, און מאָן, און זעזאם, און הילזן־קערנער (קטניות), און ווינציקער פון פינף פערטל (טאָפּ) פון תבואה. מיר האָבן געגעבן אין דער הקדמה צו מסכתא חלה, אז נור פון טייג פון מעל פון די 5 מינים, ווייץ, גערשטן, שפעלץ, האָבער און קאָרן, און נור אויב אין דעם טייג איז פאראן לפחות פינף קוואָרט (לוגין), דאָס הייסט פינף פערטל טאָפּ (קב, פיר לוגין איז איין קב), דארף מען נעמען חלה. די משנה זאָגט דאָ, אז כאָטש פון די אנדערע זאכן דארף מען אָפּשיידן תרומה און מעשרות, אָבער חלה דארף מען ניט נעמען. וועגן אורז און דוחן און פרגין און שומשמין האָבן מיר געגעבן פריער אין מסכתא שביעית פרק ב' משנה ז'. הסופגנין, שיטערער מעל־ברויט, והדובשנין, ברויט געקנעטן מיט האָניק, והאסקריטין, גאָר שיטערער מעל־ברויט, וחלת המשרת, פלעצלעך געפרעגעלט אין א פאן, והמדומע, מעל געמישט מיט תרומה־מעל, זענען פטור פון חלה. „הסופגנין" טייטשן טייל מפרשים, ווייכע שיטערע מעל־געבעקס, וואָס איז ווייך ווי א שוואָם („ספוג", א שוואם). אנדערע טייטשן, „דינע פלעצלעך". „הדובשנין" טייטשן טייל „געקנעטן אין האָניק"; און טייל טייטשן „געפרעגלט אין האָ־ניק" („דבש", האָניק). „אסקרוטין" טייטשט דער ברטנורא, טייג אין וועלכן עס איז זייער שיטער צונויפגעמישט דאָס מעל מיטן וואסער. דער „ערוך" מיינט אז דאָס איז דינער פּלעצל געבאַקן אויף הייסע קוילן, אָדער אין א פאן אָן אייל. ר' בנימין מוספיא אין „מוסף הערוך" מיינט, אז דאָס איז דאָס גריכישע וואָרט „עסקאריטעס" וואָס איז

**ה. עיסה שתחילתה סופגנין וסופה סופגנין, פטורה מן החלה. תחילתה עיסה וסופה סופגנין, תחילתה סופגנין וסופה עיסה, חייבת בחלה. וכן הקנובקאות חייבות.**

**ו. המעיסה, בית שמאי פוטרין, ובית הלל מחייבין. החליטה, בית שמאי מחייבין, ובית הלל פוטרין. חלות תודה ורקיקי נזיר, עשאן לעצמו פטור; למכור בשוק, חייב.**

---

דער טייטש ברויט געבאקן אויף אָנגעגליטן בלעך. דער „ערוך השלם" מיינט, אז דאָס איז צוקער־ברויט. „חלת המשרת" מיינט דינע פלעצל געפּרעגלט אויף א בראַט־פאַן; מיר געפינען אין שמואל ב' י"ג „משרת", א פאַן. „מדומע" הייסט תרומה וואָס איז אריינגעפאַלן אין ווינציקער פון 100 מאָל אזוי פיל חולין, און דער גאנצער געמיש דאַרף פארקויפט ווערן צו א כהן (זע אין הקדמה צו מסכתא תרומות). די אלע זאכן זענען פטור פון חלה, ווייל זיי הייסן ניט קיין געבאַקן ברויט; און „מדומע" איז פטור פון חלה, ווייל עס ווערט פאררעכנט ווי תרומה.

ה. עיסה, א טייג, וואָס איז אין אָנהייב שיטער געקנעטן (סופגנין) און צום סוף איז עס שיטער געבאקן (סופגנין) איז עס פטור פון חלה. די משנה לערנט, אז דאָס וואָס פריער איז געזאָגט געוואָרן דער דין, אז „סופגנין", שיטער ברויט, איז פטור פון חלה, מיינט מען, אז עס איז שיטער סיי אין אָנהייב, ביים קנעטן, און סיי צום סוף ביים באקן, דאָסהייסט, מען פּרעגלט עס אין אייל אָדער אין האָניק, אָדער מען קאָכט עס אין וואסער (און ניט מען באקט עס אין אן אויוון). תחלתה עיסה, אויב אָבער אין אָנהויב איז עס טייג (געדיכט געקנעטן) און צום סוף איז עס שיטער (געקאָכט אין וואסער), אָדער אין אָנהייב איז עס שיטער אָבער צום סוף איז עס טייג (מען באקט עס אין אויוון) איז עס חייב אין חלה. ווייל אויב עס איז געווען אין אָנהויב טייג, אָדער אפילו עס איז געווען אין אָנהייב שיטער אָבער דערנאָך האָט מען עס געבאַקן אין אויוון, הייסט עס ברויט. וכן הקנובקאות, און אזוי איז ברויט־מעל חייב. דער רמבם טייטשט „קנובקאות" מעל וואָס איז געמאכט פון אָנגעברענטע קערנדלעך און מען קנעט עס מיט אייל און מען באקט עס אָפּ און דערנאָך צעמאָלט מען עס און עס ווערט צוריק מעל.

ו. המעיסה, ווען מען שיט־אַרויף מעל אויף קאָכעדיקע וואסער, איז די בית שמאי פטרן, און די בית הלל זענען מחייב (צו נעמען חלה). די בית שמאי האלטן, אז ווייל מען טוט אריין דאָס מעל אין דעם קאָכעדיקן וואסער, איז דער עיקר דאָס קאָכעדיקע וואסער, און עס הייסט דעריבער געקאָכט און ניט געבאַקן. החלוטה, ווען מען גיסט אריין קאָ־כעדיק וואסער אין מעל זענען די בית שמאי מחייב, און די בית הלל פּטר'ן (פון נעמען חלה). ביי דעם פאַל איז פארקערט, די בית הלל האלטן, אז דאָס הייסט געקאָכט און ניט געבאַקן. דער ירושלמי זאָגט, אז עס איז ניט קיין אונטערשיד צווישן „מעיסה" און „חליטה", און אז דאָס זענען מיינונגן פון צוויי תנאים: איין תנא זאָגט אז ביי ביידע, סיי ביי „מעיסה" און סיי ביי „חליטה" האלטן די בית שמאי אז מען איז פטור און די בית הלל אז מען איז חייב; און דער אנדערער תנא זאָגט, אז ביי ביידע האלטן די בית שמאי אז מען איז חייב, און די בית הלל אז מען איז פטור. חלות תודה, חלות צוברענגן צוזאמען מיטן קרבן תודה, ורקיקי נזיר, און פלעצלעך צו ברענגן צוזאמען מיטן קרבן נזיר, אויב ער האָט זיי געמאכט פאר זיך (צו ברענגן מיט זיין קרבן תודה אָדער מיט זיין קרבן נזיר) איז ער פטור, אויב צו פארקויפן אין מארק איז ער חייב. ווען איינער האָט געבראכט אין בית המקדש א קרבן תודה אָדער א קרבן נזיר, האָט ער געדאַרפט מיטברענגען חלות און רקיקים (פלעצלעך). פון אזעלכע חלות און פלעצלעך דאַרף מען ניט נעמען קיין חלה, ווייל דאָס איז דאָך א קרבן, הקדש. אָבער די שאלה איז, אויב ער האָט זיי געקנעטן אויף מיטצוברענגען צום קרבן (תודה אָדער נזיר), און ער האָט חרטה געהאט, און וויל זיי עסן אלס חולין? זאָגט די משנה, אז אויב ער אליין האָט געדאַרפט

**ז. נחתום שעשה שאור לחלק, חייב בחלה. נשים שנתנו לנחתום לעשות להם שאור, אם אין בשל אחת מהן כשיעור, פטורה מן החלה.**

**ח. עיסת הכלבים, בזמן שהרועים אוכלין ממנה, חייבת בחלה. ומערבין בה, ומשתתפין בה, ומברכין עליה, ומזמנין עליה, ונעשית ביום**

---

ברענגען א קרבן תודה צי א קרבן נזיר און ער האָט זיי געהאַט געקנעטן כדי זיי צו ברענגען מיטן קרבן, איז ער פּטור פון נעמען חלה. אויב אָבער ער האָט זיי געבאַקן צו פאַרקויפן אין מארק, פאַר מענטשן, וועלכע דארפן ברענגען א קרבן תודה צי א קרבן נזיר, דארף ער יאָ נעמען חלה; ווייל בשעת דעם קנעטן האָט ער זיכער געקלערט, אז אויב ער וועט ניט געפינען קיין קויפער וועט ער זיי אליין פארנוצן אלס סתם חלות, ניט פאר קיין קרבן.

ז. נחתום, א בעקער, וואָס האָט געמאַכט זויער־טייג צו צוטיילן, איז חייב צו נעמען חלה. מיר האָבן געלערנט פריער אין משנה ד׳, אז כדי מען זאָל דארפן נעמען חלה מוז דאָס טייג האָבן מינדעסטנס 5 פערטל קוואַרט מעל. די שאלה איז, אויב א בע־קער האָט צוגעגרייט זויער־טייג פון 5 פערטל קוואַרט מעל, כדי עס צוטיילן אויף קליינע שטיקלעך און צו פאַרקויפן צו מענטשן וואָס באַקן ברויט, אז יעדער זאָל אזא שטיקל זויער־טייג אריינטאָן אין זיין ברויט־טייג, כדי עס זאָל בעסער יערן, צי דארף ער נעמען חלה. זאָגט די משנה, אז ווייל איצט האָט דאָס זויער־טייג פינף קוואַרט מעל דארף ער נעמען דערפון חלה. נשים, פרויען וואָס האָבן געגעבן (מעל) צו א בעקער צו מאַכן פאַר זיי זויער־טייג, אויב אין יעדן איינעם פון זיי איז ניט פאַראַן דער שיעור (פינף פערטל קוואַרט מעל) איז מען פּטור פון חלה. כאָטש דער בעקער האָט געמאַכט פון אלע צוזאַ־מען איין טייג, און אין דעם טייג איז יאָ פאַראַן 5 פערטל קוואַרט, איז מען פּטור פון חלה נעמען.

ח. עיסת הכלבים, טייג (אויף צו מאַכן דערפון ברויט) פאַר הינט, אין דער צייט ווען די פאַסטוכער עסן דערפון, איז עס מחויב אין חלה. די פאַסטוכער, וואָס געבן אַכ־טונג אויף די בהמות אין פעלד, האָבן מיט זיך הינט צום היטן די בהמות. עס טרעפט זיך, אז די פאַסטוכער עסן דאָס ברויט, וואָס מען האָט אָנגעגרייט פאַר די הינט, כאָטש דאָס ברויט איז זייער געמיין ,ווייל עס איז געמאַכט פון ווייניק מעל און א סך קלייען. זאָגט די משנה, אז ווען פאַסטוכער עסן פון דעם ברויט, כאָטש עס איז געמאַכט פאַר הינט, דארף מען נעמען דערפון חלה. און די משנה גיט נאָך צו, אז עס האָט בכלל דעם דין פון מענטשלעך ברויט אויך בנוגע אנדערע ענינים, און זי רעכנט אויס די ענינים: ומערבין בה, און מען מעג דערמיט מאַכן א עירוב; דאָס הייסט עירובי חצרות, צו מעגן טראָגן אים שבת אין א הויף פון איין הויז אין אן אנדער הויז; און אויך א עירוב תחומין צו קאָנען גיין אים שבת 4000 איילן ווייט פון שטאָט. ומשתתפין בה, און מען מעג מאַכן דערמיט שיתופין; דאָס הייסט שיתופי מבואות, צו מעגן טראָגן אים שבת פון איין הויף אין א צווייטן הויף אין זעלבן געסל; ומברכין עליה, און מען דארף בענטשן אויף אים; מען דארף אויף אזא ברויט סיי מאַכן די ברכה המוציא פאַרן עסן און סיי בענטשן נאָכן עסן; ומזמנין עליה, און מען בענטשט דערויף מיט מזומן; ניט נאָר סתם בענטשן דארף מען אויף אזא ברויט, נאָר אויך מיט מזומן. וועגן עירוב, שיתופין און בענטשן געבן מיר דערקלערונגען פריער אין מסכתא דמאי פרק א׳ משנה ג׳; ונעשית ביום טוב, און מען מעג מאַכן דאָס ברויט אים יום טוב; טייל זענען גורס ,,ונאפית" און מען מעג עס באַקן אים יום טוב; ווייל די פאַסטוכער עסן עס, און פאַר מענטשן מעג מען באַקן ברויט אים יום טוב ; ויוצא בה, און א מענטש איז יוצא דערמיט זיין חוב אים פסח. די ערשטע נאַכט פסח מוז מען עסן א כזית מצה (זע פריער משנה ב׳) ; זאָגט דאָ די משנה, אז אויך אזא ברויט, וואָס איז באַשטימט געוועזן פאַר הינט, אויב פאַסטו־כער עסן דערפון, און עס איז געבאַקן לויט די דינים פון מצה, קאָן מען, עסנדיק א

**טוב, ויוצא בה אדם ידי חובתו בפסח. אם אין הרועים אוכלין ממנה, אינה חייבת בחלה, ואין מערבין בה, ואין משתתפין בה, ואין מברכין עליה, ואין מזמנין עליה, ואינה נעשית ביום טוב, ואין אדם יוצא בה ידי חובתו בפסח. בין כך ובין כך מטמאה טומאת אוכלין.**

**ט. החלה והתרומה חייבין עליהן מיתה וחומש, ואסורין לזרים, והם נכסי כהן, ועולין באחד ומאה, וטעונין רחיצת ידים והערב שמש.**

**כזית דערפון אים פסח ,יוצא זיין דערמיט די מצוה פון עסן מצה אים פסח. אם אין** הרועים, אויב די פאסטוכער עסן ניט דערפון, איז זי ניט מחויב אין חלה, און מען טאר ניט מאכן דערמיט קיין עירוב, און מען טאר ניט מאכן דערמיט קיין שיתופין, און מען בענטשט ניט דערויף, און מען בענטשט ניט מיט מזומן דערויף, און מען טאר עס ניט מאכן אים יום טוב, און א מענטש איז ניט יוצא דערמיט זיין חוב אים פסח. **ווייל עס הייסט ברויט פאר הינט און ניט קיין מענטשלעך מאכל.** בין כך, סיי אזוי און סיי אזוי (סיי פאסטוכער עסן דערפון סיי זיי עסן ניט דערפון) איז עס מטמא די טומאה פון עסנווארג. **דער דין איז, אז ווען עסנווארג רירט אָן א טמא זאַך, למשל א טויטן שרץ, ווערט עס טמא און אויב דאָס טמא־געוואָרענע עסנווארג רירט־אָן אנדערע עסנווארג ווערט דאָס אנדערע אויך טמא. זאָגט די משנה, אז כאָטש דאָס איז דאָך ברויט פאר הינט, פונדעסטוועגן ווייל בשעת הדחק, איז נויט, קאָן עס א מענטש אויך עסן, קאָן עס ווערן טמא און עס קאָן אויך מטמא זיין אנדערע עסנווארג; און נור אזא עסנווארג, וואָס איז שוין ניט גוט אפילו פאר הינט צו עסן, קאָן ניט מער טמא ווערן.**

ט. החלה והתרומה, חלה און תרומה איז מען מחויב אויף זיי מיתה און חומש. **אויב א ישראל אָדער א לוי, ניט קיין כהן, עסט זיי במזיד קומט אים מיתה; ניט טויט־שטראָף דורך מענטשן** (בידי אדם), **נאָר דער הימל שטראָפט אים מיט טויט** (בידי שמים); **און אויב ער עסט בשוגג, ניט ווילסנדיק, אז עס איז תרומה אָדער חלה, דאַרף ער באַ־צאָלן וויפיל די תרומה אָדער די חלה איז געווען** (דאָס איז קרן), **און אויך צולייגן א פינפטל, חומש, אייגנטליך א פערטל, צוזאמען פינף פערטל וויפיל די תרומה און חלה איז געווען.** ואסורים לזרים, און זענען אסור צו זרים. **מיט „זרים" מיינט מען א ישראל אָדער א לוי, אַזעלכער וואָס איז ניט קיין כהן; ער איז א „זר", א פרעמדער, צו דער תרומה און חלה; דער ירושלמי זאָגט, אז די משנה מיינט דאָ, אז אפילו עסן א „חצי שיעור", ווינציקער פון א כזית, פון אן איילבירט־גרויס, טאָר מען ניט.** והם נכסי כהן, און זיי זענען דאָס פארמעגן פון כהן. **די חלה און די תרומה געהערן צום כהן ניט נאָר סתם צו עסן נאָר ער קאָן אויך זיי פאַרקויפן און קויפן פאר דעם געלט וואָס ער וויל.**ועולים באחד ומאה, און זיי ווערן בטל אין הונדערט און איינס; **אויב למשל איין סאה תרומה אָדער חלה ווערט אויסגעמישט מיט 100 סאה חולין, ווערט עס בטל און אויך א ישראל מעג עסן דעם געמיש, און מען דאַרף נור ארויסנעמען פון געמיש איין סאה און געבן דעם כהן. וועגן דעם זע אין מסכתא תרומות פרק ד' משנה ז'.** וטעונים רחיצת ידים, און מען דאַרף צו זיי זיך וואשן די הענט. **מ'טאָר ניט אָנרירן חלה און ניט תרומה, סיידן מען האָט זיך פריער געוואשן די הענט, ווייל „סתם הענט", וועל־כע זענען ניט געוואשן, מאכן פסול חלה און תרומה, אויב זיי רירן זיי אָן.** והערב שמש, און זון־אונטערגאנג. **אויב א כהן איז טמא געוואָרן און ער האָט זיך טובל געווען, טאָר ער ניט באלד עסן קיין חלה און ניט קיין תרומה, נאָר מוז ווארטן ביז די זון גייט אונ־טער און עס ווערט אוונט.** ואין ניטלין מן הטהור על הטמא, און זיי ווערן ניט גענומען פון טהור אויף טמא. **ניט תרומה און ניט חלה טאָר מען ניט אפשיידן פון תבואה און טייג, וואָס איז טהור, אויף תבואה און טייג, וואָס איז טמא; ווייל לויטן דין דאַרף די תרומה אזן חלה, וואָס מען שיידט אָפּ, זיין לעבן דער תבואה און טייג, אויף וועלכן מען שיידט אָפּ** („מן המוקף") **און ביי טמא און טהור איז מורא צו האָבן, אז איינס וועט**

**ואין נטלין מן הטהור על הטמא, אלא מן המוקף ומן הדבר הגמור. האומר „כל גרני תרומה וכל עיסתי חלה״, לא אמר כלום, עד שישייר מקצת.**

פרק ב.

**א. פירות חוצה לארץ שנכנסו לארץ חייבים בחלה. יצאו מכאן לשם, ר׳ אליעזר מחייב, ור׳ עקיבא פוטר.**

**ב. עפר חוצה לארץ שבא בספינה לארץ חייב במעשרות ובשביעית.**

---

אנדערן דאָס אנדערע און אויך די טהור׳דיקע תרומה און חלה וועלן טמא ווערן. אלא מן המוקף, נאָר פון דערלעבן. סיי תרומה און סיי חלה מוז מען אָפּשיידן נאָר פון תבואה און טייג וואָס איז דערלעבן, און ניט פונדערווייטנס. „מוקף״ איז דער טייטש „ארומגערינגלט״ און אויך „צוגערירט״. ומן הדבר הגמור, און פון א זאך וואָס איז שוין פאַרטיק. מען מוז אפּשיידן תרומה און חלה נאָר פון תבואה און טייג, וואָס איז שוין פאַרטיק; אין דער מסכתא מעשרות פרק א׳ לערנט די משנה וואָס הייסט ביי תבואה און פרוכטן און גרינסן אז זיי זענען שוין „פאַרטיק״, אז זייער ארבייט איז שוין פאַרענדיקט. ביי טייג הייסט „פאַרטיק״ ווען דאָס טייג איז געקנעטן. האומר, אז איי־נער זאָגט:: „מיין גאנצער שייער (תבואה) זאָל זיין תרומה״, אָדער „מיין גאנץ טייג זאָל זיין חלה״, האָט ער גאָרניט געזאָגט, ביז ער לאָזט איבער אביסל. מען קאָן ניט מאכן דעם גאנצן שייער תבואה פאַר תרומה און מען קאָן ניט מאכן דאָס גאנצע טייג חלה. מען מוז עפּיס איבערלאָזן. ווייל חלה און תרומה ווערן אָנגערופן „ראשית״ (חלה אין במדבר ט״ו „ראשית עריסותיכם״, און תרומה במדבר י״ח „ראשיתם״) „דאָס ערשטע״, און דאָס מיינט, אז עס מוז עפּיס בלייבן.

פרק ב.

א. פירות, פרוכטן פון חוץ לארץ, וואָס זענען אריינגעקומען אין ארץ ישראל, זענען מחויב אין חלה. פירות, פרוכטן, מיינט מען אָפּט ניט נאָרביימער־פּרוכטן, נאָר בכלל געוויקסן, און דאָ אין דער משנה מיינט מען תבואה, די 5 מינים (ווייץ, גערשטן, שפּעלץ, האָבער און קאָרן). „ארץ״, „לאנד״, מיינט ארץ ישראל, און אויך אין חומש ווערט ארץ ישראל אָנגערופן סתם „ארץ״. חוץ לארץ, אויסלאנד, מיינט די לענדער אויסער ארץ ישראל. זאָגט די משנה, אז אויב מען האָט געבראכט תבואה פון חוץ לארץ קיין ארץ ישראל דארף מען דערפון נעמען חלה. ווייל דאָס וואָס דער פּסוק אין חומש במדבר ט״ו זאָגט וועגן חלה־נעמען, אז דאָס איז, ווען די יידן וועלן קומען „אל הארץ אשר אני מביא אתכם שמה, אין לאנד, אין וועלכן איך ברענג אייך דאָרט״, איז דאָס וואָרט „שמה״, „דאָרט״ דער טייטש, אז אין ארץ ישראל דארף מען נעמען חלה אלץ איינס, צי די תבואה איז געוואקסן אין ארץ ישראל צי אין חוץ לארץ. יצאו, די וואָס זענען ארויסגעגאנגען פון דאנען אהין (תבואה וואָס מען האָט ארויסגעפירט פון ארץ ישראל קיין חוץ לארץ), איז ר׳ אליעזר מחייב, און ר׳ עקיבא פּטר׳ט. ר׳ אליעזר האלט, אז ווייל די תבואה איז דאָך געוואקסן אין ארץ ישראל הייסט עס „מלחם הארץ״ (במדבר ט״ו) „פון ברויט פון לאנד״ און מען דארף נעמען דערפון חלה. אָבער ר׳ עקיבא האלט, אז דאָס וואָרט „שמה״, „דאָרט״, מיינט, אז נור דאָרט, אין ארץ ישראל, דארף מען נעמען חלה, אָבער אין חוץ לארץ ניט, אפילו ווען די תבואה איז געקומען פון ארץ ישראל.

ב. עפר, ערד פון חוץ לארץ וואָס איז געקומען אין א שיף אריין קיין ארץ ישראל (און אין דער ערד אויף דער שיף איז געוואקסן תבואה) איז מחויב אין מעשרות און אין שמיטה. פון אזא תבואה דארף מען אָפּשיידן תרומה און מעשרות, און אויב עס איז א שמיטה־יאָר מוז מען ביי דער תבואה אָפּהיטן אלע דינים פון שמיטה. פון דער גמרא אין גטין ז׳ איז צו זען, אז מען מיינט דאָס די שיף איז געווען געלעכערט און די ערד האָט פארשטאָפּט דאָס לאָך; און דעריבער, כאָטש די ערד איז

אָמר ר׳ יהודה, אימתי? בזמן שהספינה גוששת. עיסה שנלושה במי פירות חייבת בחלה ונאכלת בידים מסואבות.

ג. האשה יושבת וקוצה חלתה ערומה, מפני שהיא יכולה לכסות את עצמה, אבל לא האיש. מי שאינו יכול לעשות עיסתו בטהרה, יעשנה קבים, ואל יעשנה בטומאה. ור׳ עקיבא אומר, יעשנה בטומאה, ואל יעשנה קבים; שכשם שהוא קורא לטהורה, כך הוא קורא לטמאה, לזו קורא חלה בשם ולזו קורא חלה בשם, אבל קבים אין להם חלק בשם.

---

דאָך פון חוץ לארץ, אָבער איצט ווען די שיף איז אין ארץ ישראל ציט די ערד איר יניקה פון דער פייכטקייט פון ארץ ישראל ערד, און דעריבער זענען נוהג ביי דער תבואה די דינים פון מעשרות און פון שמיטה. אָמר, ר׳ יהודה, האָט ר׳ יהודה געזאָגט, ווען (איז דער דין אזוי)? (נאָר) ווען די שיף רירט אָן די ערד. „ספינה גוששת״, „די שיף טאפּט אָן״, רירט אָן דעם ערד־באָדן פון וואסער, און דערפאר ווערט די ערד פון דער שיף באטראכט ווי ארץ־ישראל־ערד. עיסה שנילושה, א טייג, וואָס איז געקנעטן געוואָרן מיט פרוכטן־זאפט, איז מחויב אין חלה און זי קאָן געגעסן ווערן מיט אומריינע הענט. די משנה לערנט צוויי דינים. ערשטנס, אז א טייג, וואָס איז געקנעטן געוואָרן מיט פרוכטן־זאפט, דארף מען נעמען דערפון חלה. צווייטנס, אז די דאָזיקע חלה מעג געגעסן ווערן מיט אומריינע הענט, דאָס מיינט מען, אפילו די הענט זענען טמא. ווייל עסנווארג, כדי עס זאָל קאָנען ווערן טמא דארף עס פריער אָנרירן וואסער אָדער איינע פון אנדערע זעקס משקאות. און אזוי ווי פרוכטן־זאפט געהערט ניט צו די דאָזיקע משקאות, קומט אויס, אז די חלה, וואָס איז געקנעטן געוואָרן מיט פרוכטן־זאפט קאָן ניט ווערן טמא דורך דעם, וואָס טמא׳דיקע הענט האָבן איר אָנגערירט. וועגן די 7 משקאות (וואסער אריינגערעכנט) איז פאראן פריער אין מסכתא תרומות פרק י״א משנה ב׳. מיט „מי פירות״, פרוכטן־זאפט מיינט מען ניט דאָ ווייִן און אייל, ווייל ווייִן און אייל געהערן צו די 7 משקאות. דאָס וואָרט „מסואבות״, איז פון „סאב״, טמא (אין אראמעאיש).

ג. האשה, א פרוי מעג זיצן און אָפּשניידן (אפּשיידן) איר חלה נאקעטערהייט, ווייל זי קאָן זיך צודעקן, אָבער א מאנספּערזאָן טאָרניט. ביי חלה־נעמען מוז מען מאכן א ברכה, און א ברכה טאָר מען ניט מאכן נאקעטערהייט, ווייל מען זעט דאָס שאנד־אָרט (מקום הערוה) אין קערפּער. די פרוי, ווען זי זיצט, זעט מען ניט דאָס שאנד־אָרט, און דעריבער מעג זי מאכן די ברכה נאקעטערהייט און זי מעג נעמען חלה. אָבער א מאנספּערזאָן טאָרניט, ווייל ביי אים זעט מען יאָ. מי שאינו, ווער עס קאָן ניט קנעטן זיין טייג אין טהרה (ער איז טמא און האָט ניט קיין מקוה זיך טובל צו זיין) זאָל ער קנעטן דאָס טייג צו איין קאָפּ (קבים, קאפּנווייז) און זאָל זי (די חלה) ניט מאכן בטומאה. מיר האָבן פריער אין דער הקדמה צו דער מסכתא געזאָגט, אז מען דארף נעמען חלה נאָר פון א טייג, אין וועלכן עס איז פאראן א קאָפּ און א פערטל קאָפּ מעל. זאָגט די משנה, אז איינער איז טמא און מוז קנעטן דאָס טייג בטומאה און מטמא זיין דאָס טייג, זאָל ער צעטיילן דאָס מעל אזוי, אז יעדעס טייגל זאָל האָבן ניט מער פון איין קאָפּ מעל, און ממילא וועט ער פּטור זיין פון נעמען חלה; ער זאָל ניט מאכן א טייג פון פינף פערטל קאָפּ מעל, ווייל ער וועט דעמאָלס דארפן נעמען חלה און מטמא זיין די חלה און מען וועט די חלה דארפן פארברענען. עס איז גלייכער, הייסט עס, אז ער זאָל אויסמיידן דאָס מקיים זיין די מצוה פון חלה, איידער ער זאָל זי אפּשיידן בטומאה. ור׳ עקיבא, אָבער ר׳ עקיבא זאָגט, אז ער זאָל זי (די חלה) מאכן אין טומאה און ער זאָל עס ניט מאכן צו איין קאָפּ; ווייל אזוי ווי מען גיט א נאָמען (חלה) צו דער טהור׳דיקער (חלה) אזוי גיט מען א נאָמען (חלה) צו דער טמא׳דיקער; צו דער דאָזיקער גיט ער א נאָמען חלה, און צו יענער גיט ער א נאָמען חלה; אָבער די איין־קאָפּ־טייגלעך האָבן

**ד. העושה עיסתו קבים ונגעו זה בזה, פטורים מן החלה עד שישוכו. ר׳ אליעזר אומר, אף הרודה ונותן לסל, הסל מצרפן לחלה.**

**ה. המפריש חלתו קמח, אינה חלה, וגזל ביד כהן. העיסה עצמה חייבת בחלה, והקמח, אם יש בו כשיעור, חייבת בחלה, ואסורה לזרים, דברי ר׳ יהושע. אָמרו לו, מעשה וקפשה זקן זר. אָמר להם, אף הוא קלקל לעצמו ותיקן לאחרים.**

---

ניט קיין חלק אין נאָמען (חלה). **ר׳ עקיבא האלט, אז די מצוה צו נעמען חלה, דאָס א „נאָמען געבן" חלה, איז אזוי גרויס, אז עס איז גלייכער מען זאָל קנעטן דאָס טייג מיט פינף פערטל טאָפּ מעל, כדי מען זאָל יאָ דארפן נעמען חלה, אפילו מען איז טמא און די חלה וועט טמא ווערן. איין גירסא אין ר׳ עקיבא׳ס ווערטער איז „קרא חלה לשם" „חלק לשם", דאָס מיינט „א נאָמען געבן חלה צו גאָט", א „חלק צו גאָט"; די משנה באנוצט זיך א סך מאָל מיט „השם", „דער נאָמען", אנשטאט „גאָט".**

ד. העושה עיסתו, אז איינער מאכט זיין טייג צו איין־טאָפּ־טייגלעך (יעדעס טייגל האָט נאָר איין טאָפּ מעל, און מען איז דאָך פטור פון חלה, סיידן אין א טייגל איז פאראן פינף פערטל טאָפּ מעל) און זיי האָבן זיך אָנגערירט איינער אין אנדערן, זענען זיי פטור פון חלה ביז זיי בייסן זיך אָן. „אָנרירן" הייסט ווען איין טייגל רירט אָן דאָס **צווייטע; „אָנבייסן זיך" הייסט, ווען איין טייגל קלעבט זיך צו צום צווייטן, אזוי אז ווען מען רייסט אָפּ איינס פון אנדערן רייסט זיך מיט א שטיקל טייג. זאָגט די משנה, אז נור דעמאָלט ווען צוויי טייגלעך קלעבן זיך אזוי צו (בייסן זיך אָן), ווערן זיי פאר־רעכנט פאר איין טייג, און אויב עס איז אין זיי ביידע פאראן פינף פערטל טאָפּ מעל, דארף מען נעמען פון זיי חלה.** ר׳ אליעזר זאָגט, אז אויך ווען איינער נעמט ארויס (געבאקענע ברייטלעך) פון אויוון און לייגט זיי אריין אין קויש, ווערן זיי אין קויש צוזאמענגענומען צו חלה. **אפילו אין יעדן ברייטל איז ניט פאראן קיין פינף פיפטל טאָפּ מעל, אָבער אין אלע ברייטלעך צוזאמען איז יאָ פאראן, איז דער קויש זיי „מצרף", און זיי ווערן פאררעכנט פאר איין ברויט, און מען דארף נעמען פון זיי חלה. דער ברטנורא זאָגט, אז אפילו לויט ר׳ אליעזר דארפן די ברייטלעך זיך אָנרירן. מען דארף דאָ באמערקן, אז חלה איז א מצוה צו נעמען פון טייג, איידער מען האָט עס געבאקן; אָבער אויב מען האָט ניט גענומען פארן באקן, דארף מען נעמען נאכן באקן.**

ה. המפריש, אז איינער שיידט אָפּ זיין חלה פון מעל (ניט פון טייג) איז זי ניט קיין חלה און זי איז גזל ביים כהן. **די מצווה אפצושיידן חלה הייבט זיך אָן ווען דאָס מעל און וואסער ווערן טייג, ווייל די תורה זאָגט (במדבר ט״ו) „ראשית עריסותיכם", „דאָס ערשטע פון אייערע טייגן". דעריבער, אויב מען שיידט אָפּ חלה פון מעל איז זי ניט קיין חלה, און דער כהן, וואָס נעמט זי, דארף זי אָפּגעבן צוריק, ווארים עס הייסט גזל, צוגענומען א פרעמדנס א זאך.** העיסה עצמה, די טייג אליין (וואָס פון איר מעל האָט מען געהאט אראָפּגענומען חלה) איז מחויב אין חלה (מען דארף נאָכאמאָל נעמען חלה); און דאָס מעל (וואָס מען האָט אָפּגעשיידט אלס חלה), אויב עס איז דאָרט פאראן וויפיל דער שיעור איז (פינף פערטל טאָפּ), איז עס מחויב אין חלה. **ווייל דאָס נעמען פריער חלה פון מעל איז ניט געווען קיין ריכטיקע חלה, און ממילא דארף מען נעמען נאָכאמאָל סיי פון טייג, סיי פון דעם מעל, וואָס מען האָט גענומען אלס חלה, אויב עס האָט פינף פערטל טאָפּ און אויב מען האָט געמאכט דערפון טייג.** ואסורה, און זי איז אסור צו זרים. אזוי זאָגט ר׳ יהושע. **ר׳ יהושע האלט, אז כאָטש די חלה, וואָס מ׳האָט גענומען פון מעל איז ניט קיין חלה, אָבער ווייל מ׳האָט זי אָנגערופן חלה טאָר זי שוין א זר, א ניט־כהן (א ישראל צי א לוי) ניט עסן; כדי מענטשן זאָלן ניט זאָגן, אז זיי האָבן געזען, ווי ניט־כהנים עסן חלה.** אָמרו לו, האָבן זיי (די חכמים) גע־זאָגט צו ר׳ יהושע, אז עס איז געווען א מעשה און א זקן א זר האָט זי (די חלה)

ו. חמשת רביעים קמח חייבים בחלה. הם ושאורן (וסובן) ומורסנן חמשת רביעים, חייבים. ניטל מורסנן מתוכן וחזר לתוכן, הרי אלו פטורין.

ז. שיעור החלה אחד מעשרים וארבעה. העושה עיסה לעצמו והעושה למשתה בנו, אחד מעשרים וארבעה. נחתום שהוא עושה למכור בשוק, וכן האשה שהיא עושה למכור בשוק, אחד מארבעים ושמונה. נטמאת עיסתה שוגגת או אנוסה, אחד מארבעים ושמונה. נטמאת מזידה,

---

געכאפּט (און געגעסן); האָט ער (ר׳ יהושע) זיי געזאָגט, אז ער (דער דאָזיקער זקן) האָט זיך קאַליע געמאַכט, און האָט בעסער געמאַכט פאַר אנדערע. אז ער האָט געגעסן וועט ער האָבן א שטראָף, ווייל ער האָט ניט געטאָרט עסן; און פאַר אנדערע האָט ער בעסער געמאַכט, ווייל זיי וועלן זיך פאַרלאָזן אויף אים און יאָ עסן, און זיי וועלן ניט זיין שולדיג. מיט „זקן זר" מיינט מען א תלמיד חכם א זר, ניט קיין כהן. „זקן" אלס תלמיד חכם געפינט מען א סך מאָל אין דער משנה. „קפשה" זאָגט דער רמב"ם איז ווי „כבשה", ער האָט זי גענומען מיט כח, געכאַפּט.

ו. חמשת רבעים קמח, פינף פערטל מעל איז חייב אין חלה. דאָס איז דער דין, וואָס מיר האָבן פריער געבראַכט עטליכע מאָל, אז מען דאַרף נעמען חלה פון א טייג, נאָר ווען אין טייג איז פאַראַן מינדעסטנס פינף פערטל טאָפּ (קב) מעל. הם, זיי (דאָס מעל) און זיין זויער־טייג, און זיין דינע קלייען (סובן) און זיין גראָבע קלייען (מורסנן), פינף פערטל (טאָפּ) איז מחויב אין חלה. אין טייג מוז ניט דוקא זיין ריין מעל פינף פערטל טאָפּ, נאָר אויך ווען מען האָט געמאָלן ווייץ און מען האָט דאָס געמאָלענע מעל ניט דורכגעזיפּט, נאָר געקנעטן עס צוזאַמען מיט דעם דינעם קלייען און דעם גראָבן קלייען און מען האָט צוגעלייגט א שטיקל זויער־טייג, כדי עס זאָל יערן, און אין אלע צוזאַמען איז געווען פינף פערטל טאָפּ, איז מען מחויב צו נעמען דערפון חלה; ווייל אָרימע לייט עסן ברויט פון ניט דורכגעזיפּט מעל. ניטל מורסנן, אויב מען האָט צוערשט ארויסגענומען זייער גראָבן קלייען און דערנאָך אים צוריק אריינגעטאָן, איז מען פטור. אויב עס איז אין דעם געמאָלענעם מעל געווען פונקט פינף פערטל טאָפּ שוין צוזאַמען מיט דעם גראָבן קלייען און מען האָט ארויסגענומען דעם גראָבן קלייען און דערנאָך אים צוריק אריינגעטאָן אין מעל אריין, איז מען פטור פון נעמען חלה. ווייל אפילו אן אָרימאַן וועט ניט צוריק אריינטאָן אין מעל דעם גראָבן קלייען, נאָכדעם ווי מען האָט אים געהאַט ארויסגענומען.

ז. שיעור החלה, דער שיעור פון חלה איז איינס פון פיר און צוואָנציק. די גרויס פון דער חלה, וואָס מען דאַרף אפּשיידן, איז איין פיר־און־צוואָנציקסטל פון טייג. העושה עיסה, אז איינער מאַכט א טייג פאַר זיך, אָדער איינער וואָס מאַכט פאַר דער סעודה פון זיין זון, דאַרף ער אָפּשיידן חלה איינס פון פיר־און־צוואָנציק. דער שיעור איין פיר־און־צוואָנציקסטל איז ווען דאָס טייג איז פאַר פריוואַטן געברויך, אלץ איינס צי מען מאַכט א קליינעם טייג פאַר זיך צום עסן, צי מען מאַכט א גרויס טייג צו א סעודה איינצולאַדן געסט. „משתה בנו" מיינט מען געוויינליך די חתונה־סעודה פון א זון; אין דער צייט פון דער משנה און גמרא פלעגט דער פאָטער פון חתן מאַכן די חתונה־סעודה. נחתום, א בעקער, וואָס מאַכט (א טייג) צו פאַרקויפן אין מאַרק, און אויך א פרוי וואָס מאַכט (א טייג) צו פאַרקויפן אין מאַרק, איז (זייער שיעור חלה) איינס פון אכט און פירציק. מיט א „בעקער" מיינט מען איינעם וועלכער פאַרקויפט א סך ברויט, און א „פרוי" מיינט מען, ווען זי פאַרקויפט ווינציקער ברויט, אָבער ווייל דאָס ברויט איז צום פאַרקויפן האָט מען גרינגער געמאַכט, און עס איז גענוג אן אַכט־און־פירציקסטל. נטמאת עיסתה, אויב איר טייג איז טמא געוואָרן, סיי ווען עס איז טמא געוואָרן ווייל זי איז געווען שוגג, סיי ווייל זי איז געווען געצוואונגען (אונס),

**אחד מעשרים וארבעה, כדי שלא יהא חוטא נשכר.**

**ח. ר׳ אליעזר אומר, נטלת מן הטהור על הטמא. כיצד? עיסה טהורה ועיסה טמאה, נוטל כדי חלה מעיסה שלא הורמה חלתה ונותן פחות מכביצה באמצע, כדי שיטול מן המוקף; וחכמים אוסרין.**

פרק ג.

**א. אוכלין עראַי מן העיסה, עד שתתגלגל בחטים ותטמטם**

איז איינס פון אכט־און־פירציק. **אויב א בעל הבית׳טע באַקט ברויט פאַר זיך און דאָס טייג איז טמא געוואָרן, סיי ווייל די בעל הבית׳טע האָט עס מטמא געווען בשוגג, זי האָט למשל ניט געוואוסט, אז זי איז טמא און זי האָט דאָס טייג אָנגערירט, און סיי ווייל עס איז טמא געוואָרן דורך צוואנג, א פרעמדער א טמא האָט עס אָנגערירט, געגן ווילן פון דער בעל הבית׳טע, איז גענוג צו נעמען חלה אן 48־סטל. ווייל טמא חלה דאַרף מען דאָך סיי ווי פאַרברענען, מען טאָר דאָך זי ניט עסן, איז גענוג צו נעמען לויט דעם קלענערן שיעור.** נטמאת מזידה, אויב דאָס טייג איז טמא געוואָרן במזיד, (די בעל הבית׳טע האָט עס מיט א כוונה מטמא געווען), איז איינס פון פיר־און־צוואַנציק, כדי דער זינדיקער זאָל ניט פאַרדינען. **כאָטש די חלה וועט מען דאָך פאַרברענען, דאַרף מען זי נעמען א פיר־און־צוואַנציקסטל, כדי די בעל הבית׳טע, דער זינדיקער וואָס האָט געטאָן א עבירה און מטמא געווען טייג, פון וועלכן מען דאַרף נעמען חלה, זאָל ניט פאַרדינען דערפון.**

**ח.** ר׳ אליעזר זאָגט אז חלה מעג מען נעמען פון (טייג וואָס איז) טהור אויף (טייג וואָס איז) טמא. ווי אזוי? אויב עס איז פאַראַן א טייג, וואָס איז טהור, און א טייג וואָס איז טמא, נעמט ער דעם שיעור פון חלה פון טייג, וואָס מען האָט ניט גענומען דערפון חלה (דאָס הייסט אזוי פיל חלה וויפיל מען דאַרף נעמען פוןביידע טייגן), נעמט ער פון דעם טהור־טייג) און לייגט א שטיקל טייג ווינציקער פון אן איי די גרויס און דערמיט (צווישן טהור־טייג און דעם טמא־טייג) כדי ער זאָל נעמען פון דערלעבן (מן המוקף). **ווי מיר האָבן געלערנט פריער אין פרק א׳ משנה ט׳ דאַרף מען חלה אָפּשיידן „מן המוקף", „פון דערלעבן"; די אפּגעשיידטע חלה מוז זיין א טייל פון דעם טייג, פון וועלכן מען שיידט אָפּ, און מען קאָן ניט נעמען חלה פון איין טייג אויף אן אַנדער טייג. אָבער אזוי ווי דאָ זענען פאַראַן צוויי טייגן, איינער איז טהור און איינער איז טמא, דאַרף מען נעמען חלה פון טהור־טייג אויף ביידע טייגן, כדי די חלה זאָל זיין טהור. אָבער אזוי ווי איין טייג צום צווייטן טאָר מען דאָך ניט צורירן, ווייל דאָס טהור־טייג וועט דאָך אויך ווערן טמא, דעריבער גיט ר׳ אליעזר א עצה; מען זאָל נעמען א שטיקל טייג, וואָס איז די גרויס ווינציקער פון אן איי, און דער דין איז, אז אזא קליין שטיקל עסנוואַרג קאָן ניט מטמא זיין קיין אנדער עסנוואַרג. ווען עס רירט עס אָן. דאָס דאָזיקע קליינע שטיקל טייגל זאָל מען אריינלייגן צווישן דעם טהור־טייג און דעם טמא טייג, אזוי אז עס זאָל אָנרירן ביידע טייגן; וועט עס הייסן, אז די ביידע טייגן זענען איין טייג, און דאָס טהור־טייג וועט ניט טמא ווערן, ווייל עס האָט דאָך אָנגערירט נור א קליין שטיקל טייג וואָס איז ניט די גרויס פון אן איי. וחכמים,** אָבער די חכמים אסר׳ן. **זיי זאָגן, אז עס איז מורא צו האָבן, טאָמער וועלן די ביידע טייגן זיך יאָ אָנרירן.**

פרק ג.

א. אוכלין עראַי, מען מעג עסן אביסל (עראַי) פון טייג (פון וועלכן מען האָט ניט גענומען קיין חלה) ביז מען צעקנעט גוט ביי ווייצנמעל, אָדער מען דריקט עס גוט צו ביי גערשטנמעל. **מיר האָבן אין די פריערדיקע מסכתאות געהאַט עטליכע מאָל דעם אונטערשיד צווישן „אכילת עראַי", צופעליג עסן, עפּיס עסן, און „אכילת קבע", א פולשטענדיקן עסן. די משנה זאָגט דאָ, אז מען מעג עסן א צופעליק עסן, עפּיס, פון**

בשעורים. גלגלה בחטים וטמטמה בשעורים, האוכל ממנה חייב מיתה. כיון שהיא נותנת את המים, מגבהת חלתה, ובלבד שלא יהא שם חמשה רביעים קמח.

ב. נדמעה עיסתה עד שלא גלגלה, פטורה, שהמדומע פטור; ומשגלגלה חייבת. נולד לה ספק טומאה עד שלא גלגלה, תעשה בטומאה; ומשגלגלה תעשה בטהרה.

---

טייג איידער מען האָט גענומען דערפון חלה; אָבער דאָס מעג מען נור אזוי לאנג ווי מען האָט נאָכניט גוט־צעקנעטן דאָס טעג (גלגל, גוט־צעקנעטן) ווען דאָס טייג איז פון ווייצן־מעל, אָדער מען האָט נאָכניט גוט צוגעדריקט דאָס טייג אויב עס איז פון גערשטן־מעל. טייל מפרשים טייטשן „גלגל" אויסגעמישט גוט דאָס מעל מיט וואסער. ווייל ביי ווייצן־מעל ווען מען צעקנעט עס האלט זיך עס צוזאמען. אָבער גערשטנמעל האלט זיך ניט צוזאמען סיידן מען דריקט עס צו גוט מיט דער האנט; „טמטם" הייסט „פארמאכן" ,און עס הייסט, דאָס טייג ווערט אזוי צוגעדריקט צוזאמען, אז עס זאָל זיך ניט צעפאלן און עס זאָלן ניט זיין קיין לעכער אין דערמיט. גלגלה, אויב ער האָט גוט צעקנעטן (דאָס טייג) ביי ווייצן־מעל אָדער גוט צוגעדריקט ביי גערשטנמעל, ווער עס עסט דערפון (איידער מען האָט גענומען חלה) איז חייב מיתה. מיט „חיוב מיתה", „עס קומט אים טויט־שטראָף" מיינט מען ניט דאָ „בידי אדם", אז מענטשן, דאָס בית דין, זאָל אים טויטן, נאָר מען מיינט בידי שמים, דורכן הימעל; עס ווערט אין הימעל פאררעכנט פאר א עבירה, פאר וועלכער עס קומט טויט. כיון שהיא, ווי נור זי (די בעל הבית'טע) טוט אריין (אין מעל) דאָס וואסער דארף זי אפשיידן („מגבהת", „אויפ־הייבן", ארויסנעמען) איר חלה, און עס זאָל נאָר ניט זיין דאָרט פינף פערטל (טאָפּ) מעל. ווען מען טוט אריין דאָס וואסער אין מעל זאָל מען באלד אפשיידן חלה, און ניט ווארטן, מחמת עס איז מורא צו האָבן טאָמער וועט דאָס טייג טמא ווערן, און דעריבער דארף מען זיך צו איילן אפצושיידן חלה ווען דאָס טייג איז טהור. אָבער דערביי זאָל מען אכטונג געבן, אז עס זאָלן ניט בלייבן פינף פירטל טאָפּ מעל, וואָס זענען ניט אויסגעמישט געוואָרן מיט וואסער; ווייל אויב יאָ, איז עס דאָך מעל אָן וואסער, און אויף אזא מעל קאָן מען קיין חלה ניט נעמען. טייל זענען גורס „ובלבד שיהא" „און עס זאָל נאָר זיין דאָרט פינף פירטל טאָפּ מעל", דאָס הייסט, מען זאָל אכטונג געבן, אז עס זאָל זיין פינף פערטל טאָפּ מעל אויסגעמישט מיט וואסער, ווייל פון טייג ווינ־ציקער דערפון קאָן מען קיין חלה ניט נעמען.

ב. נדמעה עיסתה, אויב איר (דער בעל־הבית'טעס) טייג איז געוואָרן נדמע (עס איז אריינגעפאלן אין דעם טייג תרומה), איידער זי האָט גוט צעקנעטן דאָס טייג, איז זי פטור (פון נעמען חלה), ווייל „מדומע" איז פטור (פון חלה); אָבער אויב נאָכדעם ווי זי האָט גוט צעקנעטן דאָס טייג (איז אריינגעפאלן די תרומה) דארף מען נעמען חלה. דעם דין, אז „מדומע", אז אויב תרומה איז אריינגעפאלן אין חולין מער ווי איין מעסטל תרומה אין 100 מעסטלעך חולין, איז פטור פון חלה, האָבן מיר געהאט שוין פריער אין פרק א' משנה ד'. דאָ לערנט די משנה, אז דאָס טייג איז פטור פון חלה, נאָר אויב די תרומה איז אריינגעפאלן איידער מען האָט גוט צעקנעטן דאָס טייג; מחמת די צייט, ווען דאָס טייג ווערט מחויב צו נעמען דערפון חלה, איז בשעתן גוט בצעקנעטן, און דעמאָלס איז דאָך עס געווען פטור, ווייל עס איז שוין געווען מדומע. אָבער אויב די תרומה איז אריינגעפאלן נאָכן גוט צעקנעטן, קומט דאָך אויס, אז ווען דאָס טייג האָט באקומען דעם חיוב פון חלה, איז עס נאָכניט געווען מדומע, דעריבער אפילו ווען שפּעטער פאלט אריין די תרומה דארף מען אויך נעמען חלה. נולד לה, אויב עס איז געוואָרן („נולד", עס איז געבוירן געוואָרן, אנטשטאנען, געוואָרן) א ספק טומאה אין דעם טייג (מען ווייסט ניט אויף זיכער צי עס איז טמא געוואָרן, צי ניט) איידער

ג. הקדישה עיסתה עד שלא גלגלה, ופדאתה, חייבת. משגלגלה, ופדאתה, חייבת. הקדישתה עד שלא גלגלה, וגלגלה הגזבר, ואחר כך פדאתה, פטורה, שבשעת חובתה היתה פטורה.

ד. כיוצא בו: המקדיש פירותיו עד שלא באו לעונת המעשרות, ופדאן, חייבין; ומשבאו לעונת המעשרות, ופדאן, חייבין. הקדישן עד שלא נגמרו, וגמרן הגזבר, ואחר כך פדאן, פטורין שבשעת חובתן היו פטורין.

---

מען האָט עס גוט צוקנעטן, מעג מען דאָס טייג קנעטן בטומאה. **מחמת די חלה, וואָס מען וועט אראָפּנעמען וועט דער כהן סיי ווי ניט קאָנען עסן, ווייל עס איז דאָך א ספק אז עס איז טמא; דעריבער מעג שוין קנעטן דאָס טייג אפילו א טמא־מענטש. עס הייסט ניט, אז מען איז מטמא חלה, ווייל פאַרן קנעטן איז דאָך נאָכניט געווען דער חיוב פון חלה.** ומשגלגלה, אויב אָבער דער ספק טומאה איז געוואָרן נאָכן גוט צעקנעטן מוז מען ווייטער מאַכן דאָס טייג אין טהרה. **מען טאָר עס ניט מטמא זיין, ווייל ווען דאָס טייג איז געוואָרן גוט צעקנעטן איז דאָך עס געווען טהור. און אזוי ווי דעמאָלס האָט מען שוין געדאַרפן נעמען דערפון חלה, הייסט עס אזוי גוט ווי די חלה איז שוין גענומען געוואָרן, און די חלה איז דאָך געווען טהור. מען דאַרף דאָ באַמערקן, אז דע־ריבער באַנוצט דאָ (און אויך פריער) די משנה כסדר לשון נקבה, „מגבהת חלתה", זי נעמט איר חלה", „עיסתה", „איר טייג", „גלגלה", „זי האָט גוט צעקנעטן", ווייל געוויינטליך באַקט ברויט אין הויז די הויז־פרוי, די בעל־הבית׳טע פון שטוב, און די ברייתא אין בבא קמא פ״ב זאָגט, אז עס איז אן אלטע תקנה פון דער צייט פון עזרא (אָנהויב דעם 2טן בית המקדש) „שתהא אשה משכמת ואופה", אז די בעל־הבית׳טע זאָל אויפשטיין פרי און באַקן ברויט.**

ג. הקדישה עיסתה, אויב זי (די בעל הבית׳טע) האָט מקדיש געווען איר טייג איידער זי האָט עס גוט צעקנעטן, און זי האָט עס אויסגעלייזט (פון הקדש, אויך איידער זי האָט עס צעקנעטן) איז זי מחויב צו נעמען חלה. **ווייל בשעת דאָס טייג איז מחויב געוואָרן אין חלה, ביים גוט־צעקנעטן, איז דאָך עס ניט געווען הקדש, און דעריבער איז ארויף אויף דעם טייג דער חוב, צו נעמען דערפון חלה.** משגלגלה, אויב (זי האָט דאָס טייג מקדיש געווען) נאָכדעם ווי זי האָט שוין געהאַט גוט צעקנעטן דאָס טייג, און זי האָט עס אויסגעלייזט, איז זי מחויב צו נעמען חלה. **מחמת בשעת דעם גוט־צעקנעטן איז דאָך דאָס טייג ניט געווען הקדש.** הקדישתה, אויב זי האָט עס גוט צע־קנעטן, און דער שאַץ־מייסטער (גזבר, דער בעל הבית פון הקדש, פון בית המקדש) האָט עס גוט צעקנעטן, און דערנאָך האָט זי (די בעל הביתטע) עס אויסגעלייזט, איז זי פּטור צו נעמען חלה, ווייל אין דער צייט פון זיין חיוב איז עס (דאָס טייג) געווען פּטור. **ווייל אין יענער צייט, ווען דאָס טייג איז געוואָרן גוט צעקנעטן, איז דאָך עס געווען הקדש, און הקדש איז פּטור פון חלה, דעריבער קאָן שוין שפּעטער דאָס טייג ניט ווערן מחויב אין חלה.**

ד. כיוצא בו, אזוי איז אויך דער דין, אז איינער איז מקדיש זיינע פּרוכטן איידער זיי האָבן דערגרייכט די צייט ווען זיי ווערן מחויב אין מעשרות, און ער האָט זיי אויס־געלייזט (איידער די מעשרות־צייט איז אָנגעקומען) זענען זיי מחויב אין מעשרות. **פון אזעלכע פּרוכטן דאַרף מען אפּשיידן תרומה און מעשרות, ווייל אין דער צייט ווען זיי דאַרפן ווערן מחויב אין מעשרות, זענען זיי דאָך ניט געווען הקדש. וועגן דעם, ווען איז די צייט ווען פּרוכטן ווערן מחויב אין מעשרות, איז פאַראַן אין מסכתא מעשרות פּרק א׳ משנה ב׳, ג׳ און ד׳.** ומשבאו, אויב (ער האָט זיי מקדיש געווען) נאָכ־דעם ווי זיי האָבן שוין געהאַט דערגרייכט די מעשרות־צייט און ער האָט זיי אויס־געלייזט, זענען זיי מחויב אין מעשרות. **מחמת אין דער צייט ווען זיי ווערן מחויב אין**

**ה. נכרי שנתן לישראל לעשות לו עיסה, פטורה מן החלה. נתנה לו מתנה, עד שלא גלגל חייב, ומשגלגל פטור. העושה עיסה עם הנכרי, אם אין בשל ישראל כשיעור חלה, פטורה מן החלה.**
**ו. גר שנתגייר והיתה לו עיסה, נעשית עד שלא נתגייר, פטור; ומשנתגייר חייב. ואם ספק, חייב. ואין חייבין עליה חומש. ר׳ עקיבא אומר, הכול הולך אחר הקרימה בתנור.**

**מעשרות זענען זיי געווען חולין.** הקדישן, אויב ער האָט זיי מקדיש געווען איידער זיי זענען פאַרטיק געוואָרן (איידער די אַרבייט אַרום די פּרוכטן איז געוואָרן געענדיקט און זיי זענען נאָכניט מחויב געוואָרן אין מעשרות), און דער שאַצמייסטער פון הקדש (דער גזבר) האָט זיי פאַרענדיקט, און דערנאָך האָט ער (דער בעל הבית פון די פּרוכטן) זיי אויסגעלייזט, זענען זיי פטור פון מעשרות, ווייל אין דער צייט פון זייער חיוב זענען זיי געווען פטור. **עס איז דאָס זעלבע וואָס פריער אין משנה ג׳ ביי חלה. דיזעלבע משנה איז פאַראַן אין מסכתא פאה פרק ד׳ משנה ה׳, און דאָרט גיבן מיר מער דערקלערונגען.**

ה. נכרי, אַז אַ גוי האָט געגעבן צו אַ ייִד (מעל) צו מאַכן אים טייג, איז עס פטור פון חלה. **ווייל אַ גוי׳ס טייג איז פטור פון חלה, אפילו ווען אַ ייִד קנעט דאָס טייג.** נתנה לו, אויב ער (דער גוי) האָט אים (דעם ייִד) געגעבן דאָס טייג אַ מתנה, אויב איידער ער האָט גוט־צעקנעטן (האָט ער אים געגעבן די מתנה) דאַרף מען אָפּשיידן דערפון חלה; און אויב נאָכדעם ווי ער האָט עס גוט־צעקנעטן, איז מען פטור פון חלה. **דער טעם איז דערזעלבער וואָס אין די דינים פון דער פריערדיקער משנה. ווייל אויב אין דער צייט פון גוט־צעקנעטן איז דאָס טייג געווען דעם גוי׳ס, איז דערויף ניט אַרויף דער חיוב פון חלה נעמען; און דעריבער כאָטש שפּעטער איז דאָס טייג געוואָרן דעם ייִד׳ס, דאַרף מען שוין ניט נעמען דערפון קיין חלה.** העושה עיסה, אַז איינער (אַ ייִד) מאַכט טייג (בשותפות) מיט אַ גוי, אויב אין דעם ייִד׳ס חלק איז ניטאָ קיין שיעור חלה, איז (דאָס טייג) פטור פון חלה. **כאָטש אין דעם גאַנצן בשותפות׳דיקן טייג איז יאָ געווען דער שיעור, די פינף פערטל טאָפּ מעל, נאָר ווייל אין דעם ייִד׳ס חלק אין טייג איז ניט געווען אַזוי פיל, דאַרף מען פון טייג ניט נעמען קיין חלה.**

ו. גר שנתגייר, אַז אַ גוי האָט זיך מגייר געווען און ער האָט געהאַט אַ טייג, אויב דאָס טייג איז געמאַכט געוואָרן (גוט געקנעטן געוואָרן) איידער ער האָט זיך מגייר געווען, איז עס פטור פון חלה, און אויב נאָכדעם ווי ער האָט זיך מגייר געווען דאַרף מען נעמען חלה. **עס איז אַלץ דערזעלבער טעם וואָס אין די פריערדיקע דינים פון דער משנה, דהיינו, אַז אַלץ גייט לויט דעם, ווי דאָס טייג איז געווען בשעת מען האָט עס גוט געקנעטן.** ואם ספק, און אויב עס איז אַ ספק (מען ווייסט ניט צי דאָס טייג איז געקנעטן געוואָרן ווען ער איז נאָך געווען אַ גוי, צי שוין נאָכדעם ווי ער איז געוואָרן אַ ייִד) דאַרף מען נעמען חלה. **ווייל ביי יעדן ספק פון אַ זאַך, צי עס איז אסור (און דאָ טאָר מען דאָך ניט עסן דאָס ברויט איידער מען נעמט חלה), איז מען מחמיר. אויך דאָ זאָגט מען, אַז מען זאָל יאָ אָפּשיידן חלה. אָבער ער דאַרף די חלה ניט געבן צום כהן בחינם, ווייל דאָס איז שוין אַ געלט־זאַך, אַ שאלה צי עס געהערט צום כהן, צי ניט, און דעריבער מעג ער פאַרלאַנגען ביים כהן געלט פאַר דער חלה.** ואין חייבין, און מען דאַרף ניט באַצאָלן פאַר איר דאָס פינפטל (חומש). **אויב אַ ניט־כהן עסט די דאָזיקע ספק־חלה בשוגג (און ווי מיר האָבן געלערנט פריער פרק א׳ משנה ט׳, אַז ווען אַ ניט־כהן עסט חלה בשוגג דאַרף ער צאָלן אַ חוץ דעם קרן אויך דעם חומש, דאָס פינפטל), דאַרף ער דאָ ניט באַצאָלן דעם חומש.** ר׳ עקיבא זאָגט, אַז אַלץ גייט לויט דער צייט ווען דאָס ברויט האָט באַקומען אַ הייטל אין אויוון. **ר׳ עקיבא האַלט אַז די צייט ווען טייג ווערט מחויב אַז מען זאָל דערפון נעמען חלה, איז ניט ווען עס ווערט גוט־צעק־**

**ז. העושה עיסה מן החטים ומן האורז, אם יש בה טעם דגן חייבת בחלה, ויוצא בה אדם ידי חובתו בפסח; ואם אין בה טעם דגן, אינה חייבת בחלה, ואין אדם יוצא בה ידי חובתו בפסח.**

**ח. הנוטל שאור מעיסה שלא הורמה חלתה. אם יש לו פרנסה ממקום אחר, מוציא לפי חשבון; ואם לאו, מוציא חלה אחת על הכול.**

---

**נעטן, נאָר ווען דאָס טייג איז שוין אין אויוון און אויף דעם טייג איז געוואָרן פאַרצויגן א הייטל, און עס הייסט, אז עס האָט זיך שוין אָנגעהויבן צו באַקן. דאָס פאַרציען זיך א הייטל הייסט „הקרים", פון וואָרט „קרום", א הייטל. דעריבער, אויב פאַרן פאַר־ציען זיך פון הייטל האָט דער גר זיך מגייר געווען, הייסט עס, אז דאָס טייג איז גע־וואָרן מחויב אין חלה ווען ער איז שוין געווען א ייד, און מען דאַרף דעריבער יאָ נעמען דערפון חלה. די „משנה ראשונה" זאָגט, אז ר' עקיבא'ס דין איז אויך אויף די פריערדיקע משנות, פון דער משנה א' אָן, וואו עס ווערט כסדר געלערנט, אז די צייט איז ביים גוט צעקנעטן ווערן פון טייג, און אויף זיי אַלע זאָגט ר' עקיבא, אז די צייט איז „הקרים", ווען דאָס הייטל האָט זיך פאַרצויגן.**

ז. העושה עיסה, אז איינער מאַכט טייג פון ווייץ און רייז (צוזאַמען), אויב עס איז פאַראַן (אין טייג) א טעם פון דגן (תבואה) איז עס מחויב אין חלה, און א מענטש איז יוצא דערמיט זיין חוב (צו עסן מצה) אים פסח: און אויב עס האָט ניט קיין טעם פון דגן (תבואה) איז עס ניט מחויב אין חלה און א מענטש איז ניט יוצא דערמיט זיין חוב אים פסח. **מיר האָבן געלערנט פריער אין פרק א' משנה א', אז נור פון מעל פון תבואה, פון די 5 מינים, ווייץ, גערשטן, שפעלץ, האָבער און קאָרן, דאַרף מען נעמען חלה, און אז נור ווען מען עסט פון זיי מצה אים פסח איז מען מקיים די מצוה פון מצה־עסן. אָבער, למשל, פון מעל פון רייז דאַרף מען ניט נעמען קיין חלה, און אויב מען באַקט דערפון מצה און מען עסט עס אים פסח איז מען ניט מקיים די מצוה פון מצה־עסן. זאָגט דאָ די משנה, אז אויב מען האָט צונויפגעמישט מעל פון ווייץ מיט מעל פון רייז צוזאַמען און געמאַכט דערפון א טייג, און דאָס ווייצן־מעל אליין האָט ניט געהאַט דעם שיעור, וואָס דערפון דאַרף מען נעמען חלה, עס איז ניט געווען פינף פערטל טאָפּ ווייצנמעל, נאָר ביידע צוזאַמען האָבן יאָ געהאַט פינף פערטל טאָפּ, איז דער דין אזוי: אויב ווען מען עסט דאָס ברויט פון דעם געמיש שפירט מען דעם טעם פון תבואה, פון דעם ווייצן־מעל (רייז הייסט ניט קיין „תבואה", קיין „דגן") דאַרף מען נעמען דערפון חלה. דאָסזעלבע אויב מען באַקט פון דעם געמישטען מעל מצה און מען עסט עס אין דער ערשטער נאַכט פסח איז מען מקיים דערמיט די מצוה פון מצה עסן. אויב אָבער מען שפירט ניט דעם טעם פון ווייצן־מעל, דאַרף מען ניט נעמען דערפון קיין חלה, און מען איז ניט מקיים דערמיט די מצוה פון מצה עסן.**

ח. הנוטל שאור, אז איינער נעמט זויער־טייג פון א טייג, פון וועלכן מען האָט ניט גענומען קיין חלה, (און טוט אריין אין טייג, פון וועלכן מען האָט גענומען חלה), אויב ער האָט פרנסה (טייג צו נעמען חלה) פון אן אנדער אָרט, זאָל ער נעמען לויט חשבון. **ביים פאַרקנעטן א טייג טוט מען אריין א שטיקל זויער־טייג, כדי דאָס טייג זאָל יערן. זאָגט די משנה, אז אויב מען האָט אריינגעטאָן זויער־טייג, פון וועלכן מען האָט ניט גענומען קיין חלה, אין טייג, פון וועלכן מען האָט שוין יאָ גענומען חלה, איז פאַראַן די עצה, אז מען זאָל פון אן אנדער טייג, פון וועלכן מען האָט נאָכניט גענומען קיין חלה, נעמען חלה אויך אויף דעם שטיקל זויער־טייג, וואָס איז דאָ אריינגעטאָן געוואָרן.** ואם לאו, אויב ניט (אויב ער האָט ניט אן אנדער טייג, פון וועלכן עס איז ניט גענומען געוואָרן קיין חלה) מוז ער נעמען חלה פון דעמזעלבן טייג אויף דעם גאַנצן. **ער מוז נעמען חלה פון דעם טייג, אין וועלכן ער האָט אריינגעטאָן דעם זויער־טייג, אָבער ניט א 24סטל פון זויער־טייג אליין נאָר א 24סטל פון גאַנצן טייג; ווייל טבל**

ט. כיוצא בו: זיתי מסיק שנתערבו עם זיתי ניקוף, ענבי בציר עם ענבי עוללות, אם יש לו פרנסה ממקום אחר מוציא לפי חשבון; אם לאו, מוציא תרומה ותרומת מעשר לכול, והשאר מעשר ומעשר שני לפי חשבון.

י. הנוטל שאור מעיסת חטים ונותן לתוך עיסת אורז, אם יש בה

---

(תבואה, פון וועלכן מען האָט ניט גענומען תרומה און מעשרות, אָדער מעל, וואָס מען האָט ניט גענומען דערפון קיין חלה) ווערט ניט בטל, און עס איז ווי דאָס גאַנצע טייג ווערט מחויב צו נעמען דערפון חלה. אזוי טייטשט די משנה דער ר״ש. אָבער דער רמבם און דער ברטנורא (אויפן גרונט פון דער תוספתא) טייטשן דעם ערשטן טייל פון דער משנה, אז „פרנסה ממקום אחר״ מיינט, דאָס ער זאָל ברענגען מעל (וואָס איז מחויב אין חלה) פון אן אנדער אָרט אזוי פיל אז צוזאמען מיט דעם זויער־טייג זאָל ער זיין פינף פערטל טאָפּ, און זאָל דאָס מעל צונויפקנעטן מיט דעם טייג, אין וועלכן עס איז אריינגעטאָן געוואָרן דער זויער־־טייג, און דעמאָלס נעמען דערפון חלה א 24סטל פון די פינף פערטל טאָפּ.

ט. כיוצא בו, אזוי איז אויך דער דין, ווען איילבירטן, וואָס ווערן אָפּגעשניטן (פון בוים) דורך דעם בעל הבית („זיתי מסיק״, „מסוק״ הייסט אפשניידן איילבירטן) האָבן זיך אויסגעמישט מיט דורך־אָרימע־לייט־אָפּגעריסענע איילבירטן, אָדער וויינטרויבן וואָס זענען אָפּגעשניטן דורך דעם בעל הבית האָבן זיך אויסגעמישט מיט עוללות־וויינטרויבן (וואָס געהערן צו אָרימע לייט), אויב ער האָט פרנסה (וויינטרויבן, פון וועל־כע מען האָט נאָכניט גענומען קיין תרומה און מעשרות) פון אן אנדער אָרט, זאָל ער נעמען פון דאָרט (תרומה און מעשרות) לויט דעם רעכנונג. דער דין איז אז תרומה און מעשר דאַרף מען נעמען נור פון בעל הבית׳ס פּרוכטן; אָבער פון די פּרוכטן, וואָס געהערן לויט דער מצוה פון דער תורה צו אָרימע לייט, דאַרף מען ניט נעמען קיין תרומה און מעשרות. וועגן „זיתי ניקוף״, אז זיי געהערן צו אָרימע לייט און אז דאָס מיינט מען די לעצט־געבליבענע איילבירטן, האָבן מיר געגעבן אין מסכתא פאה פרק ז׳ משנה ג׳. אין דער הקדמה צו מסכתא פאה האָבן מיר געגעבן, אז וויינטרויבן־עוללות, שלעכט־געוואַקסענע, געהערן צו אָרימע לייט. זאָגט דאָ די משנה אז אויב איילבירטן פון בעל הבית האָבן זיך אויסגעמישט מיט איילבירטן פון אָרימע לייט, אָדער וויינ־טרויבן פון בעל הבית מיט וויינטרויבן פון אָרימע לייט, און מען האָט נאָכניט געהאַט גענומען תרומה און מעשרות פון בעל הבית׳ס איילבירטן און וויינטרויבן, זאָל דער בעל הבית נעמען אנדערע איילבירטן און וויינטרויבן, פון וועלכע ער האָט אויך נאָכ־ניט גענומען תרומה און מעשרות, און זאָל פון זיי נעמען תרומה און מעשרות אויף די אויסגעמישטע בעל הבית־איילבירטן און וויינטרויבן. ואם לאו, אויב ער האָט ניט (צו נעמען פון אן אנדער אָרט) זאָל ער נעמען תרומה און תרומת מעשר (פון דעם געמיש) אויף דעם גאַנצן (ניט בלויז אויף דעם בעל הבית׳ס נאָר אויך אויף די אָרימע לייט׳ס); אָבער דעם איבריקן מעשר (ראשון) און מעשר שני זאָל ער נעמען נאָר לויט דעם רעכנונג (בלויז אויף דעם בעל הבית׳ס). ווייל תרומה און תרומת מעשר טאָר דאָך א ישראל ניט עסן, דעריבער דאַרף ער נעמען אויפן גאַנצן, אָבער מעשר מעג דאָך א ישראל עסן, און מעשר שני קאָן מען דאָך אויסלייזן מיט געלט, דעריבער זאָל ער נעמען נאָר וויפיל מען דאַרף נעמען פון בעל הבית׳ס איילבירטן און וויינטרויבן. אזוי טייטשט דער רמבם. אָבער דער ר״ש און דער ברטנורא טייטשן, אז אפשיידן זאָל ער אויך מעשר ראשון און מעשר שני אויף אלע איילבירטן און וויינטרויבן, נאָר געבן מעשר ראשון דעם לוי און אויסלייזן מעשר שני דאַרף ער נאָר וויפיל עס באַטרעפן די מעשרות פון דעם בעל הבית׳ס איילבירטן און וויינטרויבן.

י. הנוטל שאור, אז איינער נעמט זויער־טייג פון ווייצן־מעל־טייג (פון וועלכן

**טעם דגן, חייבת בחלה; ואם לאו, פטורה. אם כן למה אמרו, הטבל אוסר כל שהוא? מין במינו; ושלא במינו — בנותן טעם.**

## פרק ד.

**א. שתי נשים שעשו שני קבים ונגעו זה בזה, אפילו הם ממין אחד, פטורים, ובזמן שהם של אשה אחת, מין במינו חייב, ושלא במינו פטור.**

---

מען האט נאכניט גענומען קיין חלה) און טוט אריין אין טייג פון רייז־מעל, אויב עס איז פאראן אין דעם טייג א טעם פון דגן (תבואה, פון ווייצן־מעל) איז מען מחויב צו נעמען דערפון חלה, און אויב ניט איז מען פטור. **מחמת פון רייז־מעל דארף מען ניט נעמען קיין חלה, ווי מיר האבן געלערנט אין פרק א׳ משנה ד׳.** אם כן, אויב אזוי, פארוואס האט מען געלערנט, אז טבל (תבואה פון וועלכער מען האט ניט גענומען תרומה און מעשרות, אדער טייג, פון וועלכן מען האט ניט גענומען קיין חלה) אסר׳ט מיט א כל שהוא (מיט עפיס, אפילו עס גיט ניט אריין קיין טעם)? דאס איז נור אויב עס האט זיך אויסגעמישט פון דעמזעלבן מין אין דעמזעלבן מין (מין במינו), אבער אויב ניט אין דעמזעלבן מין (אסר׳ט עס) נור ווען עס גיט אריין א טעם (בנותן טעם). **דער ברטנורא זאגט, אז די קשיא איז, וואס מיר האבן דאך פריער אין משנה ח׳ געלערנט אז אויב מען האט אריינגעטאן א שטיקל זויער טייג, פון וועלכן מען האט ניט גענומען קיין חלה, אין טייג פון וועלכן מען האט שוין גענומען חלה, דארף מען נעמען חלה פון גאנצן (אויב מען נעמט פון זעלבן טייג), פארוואס־זשע דארף מען דא דוקא נור אזא שיעור פון טבל, אז עס זאל אריינגעבן א טעם? ענטפערט די משנה, אז נור ביי מין במינו, ווען מען האט א שטיקל זויער טייג פון ווייצן־מעל אריינגעטאן אין טייג פון ווייצנמעל, דאס הייסט, פון דעמזעלבן מין אין זעלבן מין, אסר׳ט עס אפילו מיט עפעס, מיט א כל־שהוא; אבער מין בשאינו מינו, אויב פון איין מין האט זיך אויסגעמישט אין אן אנדערן מין, ווי דא אין דער משנה, זויערטייג פון ווייצן־מעל אין טייג פון רייז־מעל, דארף דאס ווייצן־מעל זיין אזוי פיל אז עס זאל אריינגעבן א טעם אין רייז־מעל, כדי עס זאל אסרן און מען זאל דארפן דערפון נעמען חלה.**

## פרק ד.

א. שתי נשים, אויב צווי פרויען האבן געמאכט טייגן צו איין טאפ (מעל אין יעדן טייג, און כדי מען זאל נעמען חלה דארף מען האבן מינדעסטנס א טאפ מיט א פערטל) און די טייגן האבן אנגערירט איינער דעם צווייטן, אפילו זיי זענען פון איין מין (ביידע זענען, למשל, פון ווייצן־מעל), זענען זיי פטור (פון חלה). **ווייל כאטש די צווי טייגן האבן זיך אנגערירט און עס איז דאך שוין פאראן אזוי ווי איין טייג פון צווי טעפ, פונדעסטוועגן איז מען פטור, ווייל יעדער טייג געהערט צו אן אנדערער פרוי.** ובזמן, אבער אויב די צווי טייגן געהערן צו איין פרוי, איז אויב עס איז איין מין מיט דעמזעלבן מין (אויב ביידע טייגן, וועלכע האבן זיך אנגערירט, זענען פון איין מין מעל, למשל, פון ווייצן־מעל), דארף מען נעמען פון זיי חלה (ווערן זיי גערעכנט פאר איין טייג), אויב אבער זיי זענען ניט פון זעלבן מין (למשל איין טייג איז פון ווייצן־מעל און דאס אנדערע פון קארן־מעל) זענען זיי פטור. **ווייל אין יעדן טייג איז דאך ניטא קיין פינף פערטל טאפ מעל, און דאס וואס זיי האבן זיך אנגערירט מאכט זיי ניט פאר איין טייג, אויב זיי זענען ניט פון זעלבן מין מעל, מחמת די בעל הבית׳טע איז דאך מקפיד, אז זיי זאלן זיך ניט אויסמישן. דער ירושלמי זאגט, אז אויב די צווי פרויען זענען ניט מקפיד איינע אויף דער אנדערע און עס ארט זיי ניט אויב זייערע טייגן וועלן זיך אויסמישן, האבן זיי דעם דין ווי איין פרוי. דער ברטנורא זאגט, אז מען איז מחויב צו נעמען חלה פון די טייגן פון זעלבן מין נאר ווען די טייגן האבן זיך „אנגעביסן" אדער ווען מען האט די געבאקענע ברויטן אריינגעלייגט אין איין קויש. מיר האבן געלערנט פריער אין פרק ב׳ משנה ד׳, אז „אנגעביסן זיך" מיינט, אז איין**

**ב. איזה הוא מין במינו? החטים אינן מצטרפות עם הכול, אלא עם הכוסמים. השעורים מצטרפות עם הכול, חוץ מן החטים. ר' יוחנן בן נורי אומר, שאר המינים מצטרפין זה עם זה.**

**ג. שני קבין וקב אורז או קב תרומה באמצע, אינן מצטרפין. דבר שנטלה חלתו באמצע, מצטרפין, שכבר נתחייב בחלה.**

**ד. קב חדש וקב ישן שנשכו זה בזה, ר' ישמעאל אומר, יטול מן**

---

**טייג רירט זיך אזוי שטארק אָן דעם צווייטן טייג, אז ווען מען נעמט זיי פונאנאדער נעמען זיי מיט שטיקלעך טייג.**

ב. איזה, וואָס הייסט „דערזעלבער מין"? ווייץ ווערט ניט צונויפגענומען מיט קיינעם, נאָר מיט שפעלץ (כוסמין). **אויב איין טייג איז געווען פון ווייץ און אַן אנדער טייג איז געווען פון קאָרן אָדער גערשטן אָדער האָבער. און די צוויי טייגן האָבן „זיך אָנגעביסן", ווערן זיי ניט פארערעכנט פאר איין טייג. אָבער אויב איין טייג איז פון ווייץ און דאָס אנדערע טייג איז פון כוסמין, פון שפעלץ, און זיי „בייסן זיך" אָן איינער דעם אנדערן, ווערן זיי יאָ פארערעכנט פאר איין טייג, און אויב איןביידע צוזאמען איז פאראַן פינף פערטל טאָפּ מעל דאַרף מען פון זיי נעמען חלה.** השעורים, גערשטן ווערט צונויפגענומען מיט אלע מינים, א חוץ מיט ווייץ. **אויב איין טייג איז געווען פון גערשטן און דאָס אנדערע טייג איז געווען פון האָבער אָדער קאָרן אָדער שפעלץ, און די ביידע טייגן האָבן „זיך אָנגעביסן" ווערן זיי פארערעכנט פאר איין טייג. אָבער אויב איין טייג איז געווען פון גערשטן און דאָס אנדערע טייג פון ווייץ און זיי האָבן זיך אָנגעביסן, ווערן זיי ניט פארערעכנט פאר איין טייג.** ר' יוחנן בן נורי זאָגט, אז די איבריקע מינים נעמען זיך צונויף איינער מיט דעם אנדערן. **דאָס הייסט, אז די דריי מינים (א חוץ ווייץ און גערשטן) שפעלץ, האָבער און קאָרן, אויב איין טייג איז געווען פון איין מין פון די דריי מינים, און דאָס אנדערע טייג איז געווען פון אַן אנדער מין פון די דריי** מינים, (למשל איינס פון שפעלץ און איינס פון קאָרן) **און זיי האָבן „זיך אָנגעביסן" איינער מיטן אנדערן ווערן זיי פארערעכנט פאר איין טייג, און אויב עס איז פאראַן אין ביידע פינף פערטל טאָפּ מעל דאַרף מען נעמען חלה.**

ג. אויב (עס זענען געווען) צוויי (טייגן) צו איין טאָפּ יעדער (פון ווייצן־מעל, אָדער פון איינעם פון די אנדערע מינים, וואָס זענען מחויב אין חלה), און איין (טייג פון א) טאָפּ רייז אָדער תרומה (רייז און תרומה זענען ניט מחויב אין חלה) איז געווען צווישן (די צוויי טייגן) ווערן זיי ניט צונויפגענומען. **אויב די צוויי טייגן פון ווייצן־מעל זענען געוואָרן פארבינדן צווישן זיך דאדורך וואָס צווישן זיי איז געווען א טייג פון אזא מעל, וואָס איז פטור פון חלה, ווי למשל רייז אָדער תרומה, הייסן די צוויי טייגן צוויי באזונדערע טייגן, און אויב ניט אין דעם טייג און ניט אין דעם אנדערן טייג איז פאראַן פינף פערטל טאָפּ מעל, זענען זיי פטור פון חלה.** דבר שניטלה, אויב אָבער צווישן (די צוויי טייגן) איז געווען א טייג, פון וועלכן מען האָט שוין גענומען חלה, ווערן זיי יאָ צונויפגענומען, ווייל דאָס דאָזיקע (מיטלסטע טייג) איז דאָך געווען מחויב אין חלה. **כאָטש דאָס מיטלסטע טייג איז דאָך איצט פטור פון חלה, ווייל מען האָט דאָך שוין גענומען דערפון חלה, פונדעסטוועגן ווערן די צוויי טייגן פארבונדן צווישן זיך דורך דעם דאָזיקן מיטלסטן טייג, ווייל דאָס מיטלסטע טייג איז דאָך אמאָל מחויב געווען צו נעמען דערפון חלה; עס איז ניט גלייך צו א טייג פון רייז אָדער פון תרומה, וואָס קאָן ניט פארבינדן די אנדערע צוויי טייגן, ווייל דאָס רייז־אָדער תרומה־טייג האָט קיינמאָל ניט געהאַט דעם חיוב פון חלה.**

ד. קב חדש, א טאָפּ (מעל אין טייג) פון נייער תבואה און א טאָפּ (מעל אין טייג) פון אלטער תבואה, און די צוויי טייגן האָבן „זיך אָנגעביסן" איינער אין אנדערן, זאָגט ר' ישמעאל, אז מען זאָל נעמען (חלה) פון דערמיט; און די חכמים אסרן.

**האמצע; וחכמים אוסרים. הנוטל חלה מן הקב, ר' עקיבא אומר, חלה; וחכמים אומרים, אינה חלה.**

**ה. שני קבין שנטלה חלתן, של זה בפני עצמו ושל זה בפני עצמו, חזר ועשאָן עיסה אחת, ר' עקיבא פוטר, וחכמים מחייבין. נמצא חומרו קולו.**

**ו. נוטל אדם כדי חלה מעיסה שלא הורמה חלתה לעשותה בטהרה, להיות מפריש עליה והולך חלת דמאַי עד שתסרח, שחלת דמאַי נטלת מן הטהור על הטמא ושלא מן המוקף.**

---

„נייע" מיינט מען תבואה, וואָס איז געוואקסן היי־יאָר, און „אלטע" הייסט, וואָס איז געוואקסן פאַריקעס יאָר אָדער נאָך פריער. מיר האָבן געלערנט אין מסכתא תרומות פרק א' משנה ה', אז מען טאָר ניט אפשיידן פון אלטער אויף נייער און פון נייער אויף אלטער. זאָגט ר' ישמעאל, אז אויב איין טייג איז געווען פון איין טאָפּ מעל פון נייער תבואה און דאָס אנדערע טייג איז געווען פון איין טאָפּ מעל פון אלטער תבואה און די צוויי טייגן האָבן זיך אזוי שטאַרק אָנגערירט, אז עס האָבן זיך אָנגעביסן (אויב מען נעמט זיי פונאנדער רייסט איינס מיט שטיקלעך טייג פון אנדערן), ווערן זיי פאַררעכנט פאַר איין טייג און אזוי ווי אין בײדע איז פאַראַן צוויי טעפּ, דאַרף מען נעמען פון זיי חלה. און כדי מען זאָל ניט נעמען חלה פון אלטן אויפן נייעם און פון נייעם אויפן אלטן, זאָל מען נעמען די חלה פון דערמיט, פון דעם אָרט, וואו בײדע טייגן „בייסן זיך" אָן, קומט דאָך אויס, אז מען נעמט פון איינעם א שטיקל און פון דעם אנדערן א שטיקל. אָבער די חכמים זאָגן, אז מען טאָר ניט נעמען חלה פון דער־מיט, ווייל מענטשן וועלן מיינען, אז מען נעמט חלה פון אלטן אויפן נייעם און פון נייעם אויפן אלטן. הנוטל חלה, אז איינער נעמט חלה פון א טאָפּ (פון א טייג, אין וועלכן עס איז פאַראַן ניט מער ווי איין טאָפּ מעל), זאָגט ר' עקיבא, אז עס איז חלה, אָבער די חכמים זאָגן אז עס איז ניט קיין חלה. **דער ירושלמי זאָגט איין מיינונג, אז לויט ר' עקיבא איז עס נור חלה אויב ער האָט שפּעטער צוגעלייגט צום טייג נאָך א פערטל טאָפּ כדי עס זאָל שפּעטער זיין צוזאַמען פינף פערטל טאָפּ.**

ה. שני קבין, צוויי (טייג, וואָס אין יעדן פון זיי איז פאַראַן צו איין) טאָפּ, און מען האָט גענומען פון דעם טייג באזונדער זיין חלה און פון דעם אנדערן טייג באַ־זונדער זיין חלה, און דערנאָך האָט מען געמאַכט פון בײדע טייגן איין טייג, איז ר' עקיבא פּטר'ט (פון נעמען חלה), און די חכמים זענען מחייב (צו נעמען חלה); קומט אויס, אז זיין (ר' עקיבא'ס פריערדיקע) שטרענקייט, איז איצט זיין פאַרלייכטערונג. **ווייל ר' עקיבא האַלט פריער, אז ווען מען נעמט חלה פון איין־טאָפּ־מעל־טייג איז עס חלה, איז ער דאָך געווען שטרענג (געאסר'ט די גענומענע חלה, אז א ישראל טאָר זי ניט עסן), ממילא האַלט ער איצט, אז די בײדע גענומענע חלות פון די באזונדערע איין־טאָפּ־מעל־טייגן זענען געווען גוטע חלות, און מחמת דעם, אויב מען האָט די צוויי טייגן דערנאָך אויסגעמישט און געמאַכט איין טייג, איז מען שוין פּטור צו נעמען דערפון חלה, ווייל מען האָט דאָך שוין פריער גענומען. אָבער די חכמים האַלטן דאָך, אז די גענומענע חלה פון איין־טאָפּ־מעל־טייג איז ניט קיין חלה, דעריבער האַלטן זיי איצט, אז נאָכדעם ווי מען האָט פון בײדע טייגן געמאַכט איין טייג, דאַרף מען דערפון נעמען חלה.**

ו. נוטל אדם, א מענטש מעג נעמען א שטיק חלה פון א טייג, פון וועלכן מען האָט נאָכניט גענומען קיין חלה, צו קנעטן עס בטהרה, כדי פון דעם אָפּצושיידן חלה אויף דמאי. אזוי לאַנג, ביז דאָס שטיק טייג וועט קאַליע ווערן, ווייל חלה פון דמאי קאָן גענומען ווערן פון טהור־טייג אויף טמא־טייג, און ניט פון דערלעבן (ניט פון זעלבן טייג). **די משנה איז א שווערע, און זי האָט א סך פירושים. דער רמבם טייטשט די**

ז. ישראל שהיו אריסין לגוים בסוריא, ר' אליעזר מחייב פירותיהם במעשרות ובשביעית, ורבן גמליאל פוטר. רבן גמליאל אומר, שתי חלות

משנה אזוי: אויב איינער וויל קויפן כסדר ברויט פון א בעקער א עם הארץ און עסן, און ער ווייסט ניט, צי דער עם הארץ האט גענומען חלה פון דעם ברויט צי ניט, ווייל אן עם הארץ איז מען דאך חושד, אז ער איז ניט אפגעהיטן אין אפשיידן מעשרות, און עס קאן זיין אז ער האט חלה ניט אפגעשיידט; אזא ברויט הייסט „דמאי". א חוץ דעם איז מען דאך דעם עם הארץ אויך חושד, אז ער היט ניט אפ די דינים פון טומאה, און די ברויטן, וואס מען קויפט ביי אים קאן דאך זיין, אז זיי זיינען טמא. זאגט די משנה, אזא עצה. דער דאזיגער, וואס קויפט כסדר, א לענגערע צייט, די ברויטן ביי אן עם הארץ, זאל אוועקלייגן א שטיק טייג, פון וועלכן מען האט נאכניט גענומען קיין חלה, און ער זאל דאס שטיק טייג האלטן ריין, עס זאל זיין טהור, עס זאל ניט טמא ווערן. און ער זאל דאס שטיק טייג האלטן ריין, ס'זאל זיין טהור, עס זאל ער וועט קויפן. ער מעג דעמאלס כסדר קויפן ביים עם הארץ ברויטן, ווייל דאס אוועקגעלייגטע שטיק טייג ווערט כסדר חלה אויף די ברויטן וואס ער קויפט. (ביז די ברויטן וועלן זיין 23 מאל אזוי פיל ווי דאס טייג). איי, דער דין איז דאך, אז חלה טאר מען ניט נעמען פון טהור אויף טמא, און אויך ניט „שלא מן המוקף", עס מוז דאך זיין גענומען פון זעלבן טייג, ניט פון אן אנדער טייג? דערויף זאגט די משנה אז „דמאי־חלה", חלה פון אזעלכע ברויטן, וואס מען קויפט ביי אן עם הארץ און מען ווייסט ניט צי מען האט גענומען חלה, מעג מען אפשיידן סיי פון טהור אויף טמא און סיי ניט פון זעלבן טייג. דער דאזיקער פירוש פון רמבם איז דער פארשטענדליכ־סטער פון אלע אנדערע פירושים. כאטש אויך אויף אים האבן די מפרשים א סך קשיות.

ז. ישראל, אויב יידן האבן געדינגען פון גוים פעלדער אין סוריא (צו געבן די בעלי־בתים גוים א טייל פון דער תבואה, וואס זיי נעמען אראפ), איז ר' אליעזר מחייב זייערע פרוכטן (תבואה) אין מעשרות און שמיטה, און רבן גמליאל פטר'ט. מיר האבן אין מסכתא דמאי פרק א' משנה ג' און פרק ו' משנה י"א געזאגט, אז סוריא איז אומגעפער דאס היינטיקע לאנד סיריע צו צפון פון ארץ ישראל, און אז כאטש סור־ריא איז ניט באטראכט געווארן אינגאנצן ווי ארץ ישראל, אבער אין טייל זאכן האט מען עס יא באטראכט ווי ארץ ישראל. דא זאגט ר' אליעזר אז אויב יידן דינגען פעלדער פון גוים אין סוריא איז עס פונקט ווי אין ארץ ישראל, און מען דארף פון זייערע פרוכטן אפשיידן תרומה און מעשרות („מעשרות" מיינט אויך תרומה) און מען מוז אפהיטן ביי זיי די דינים פון שמיטה־יאר (וואס זענען אויסגערעכנט אין מסכתא שביעית). אבער רבן גמליאל זאגט, אז מען דארף ניט אפשיידן מעשרות און מען דארף ניט אפהיטן די דינים פון שמיטה; סיידן ווען די פעלדער אין סוריא געהערן צו יידן, דעמאלס דארף מען יא אפשיידן מעשרות און אפהיטן געוויסע דינים פון שמיטה.

רבן גמליאל אומר, רבן גמליאל זאגט, אז צוויי חלות אין סוריא. ווען מען מאכט טייג אין סוריא דארף מען זיך נוהג זיין ווי אין חוץ לארץ, אפשיידן צוויי מאל חלה פון זעלבן טייג. איין חלה, די ריכטיקע חלה, דארף מען פארברענען אין פייער, און דער כהן טאר זי ניט עסן, ווייל „ארץ העמים", לענדער, וואס ליגן אויסער ארץ ישראל, זענען טמא, איז דאך די חלה אויך טמא, און טמא חלה דארף מען פארברענען. און די צווייטע חלה, איז ניט קיין ריכטיקע חלה, און מען דארף זי געבן דעם כהן, וועלכער מעג זי עסן, ווייל כאטש זי איז טמא, אבער זי איז דאך באמת ניט די ריכטיקע חלה; און די חכמים האבן זי געהייסן אפשיידן און געבן דעם כהן, כדי מען זאל ניט פאר־געסן דעם דין, אז חלה דארף מען געבן דעם כהן („שלא תשתכח תורת חלה מישראל"). ור' אליעזר, אבער ר' אליעזר זאגט, אז איין חלה. ער האלט דאך (פריער אין דער משנה), אז סוריא איז ווי ארץ־ישראל, און ממילא איז זי ניט טמא, און עס איז דעריבער

**בסוריא; ור׳ אליעזר אומר, חלה אחת. אָחזו קולו של רבן גמליאל וקולו של ר׳ אליעזר. חזרו לנהוג כדברי רבן גמליאל בשתי דרכים.**

**ח. רבן גמליאל אומר, שלש ארצות לחלה: מארץ ישראל ועד כזיב חלה אחת. מכזיב ועד הנהר ועד אמנה שתי חלות, אחת לאור, ואחת לכהן; של אור יש לה שיעור, ושל כהן אין לה שיעור. מן הנהר ומן אמנה ולפנים שתי חלות, אחת לאור ואחת לכהן, של אור אין לה שיעור,**

---

געגוג אָפּצושיידן איין חלה און זי צו געבן דעם כהן. אחזו, האָבן מענטשן אָנגענומען די פארלייכטערונג (קולא) פון רבן גמליאל און די פארלייכטערונג פון ר׳ אליעזר. זיי האָבן געהאלטן פון רבן גמליאל׳ס דין, אז סוריא איז ניט אינגאנצן ווי ארץ ישראל און האָבן דעריבער ניט אָפּגעשיידט מעשרות און ניט אָפּגעהיט די דינים פון שמיטה ביי פעלדער וואָס מען האָט געדינגען פון גויים; און זיי האָבן אויך געהאלטן פון דעם דין פון ר׳ אליעזר, אז סוריא איז יאָ ווי ארץ ישראל און אָפּגעשיידט נאָר איין חלה. חזרו, האָבן די מענטשן שפּעטער אָנגעהויבן זיך צוריק אויפפירן ווי רבן גמליאל אין ביידע וועגן. דאָס הייסט ניט אָפּשיידן קיין מעשרות און ניט אָפּהיטן שמיטה, אָבער דערפאר אָפּצושיידן צוויי חלות.

ח. רבן גמליאל זאָגט, אז עס זענען פאראן דריי לענדער צו חלה. בנוגע דעם דין אָפּצושיידן חלה, זענען פאראן דריי פארשידענע דינים אין דריי לענדער: מארץ ישראל, פון ארץ ישראל ביז כזיב (נעמט מען פון טייג) איין חלה. פון כזיב ביז דעם טייך און ביז אמנה (נעמט מען פון טייג) צוויי חלות; איינע פון זיי צום פייער (פארברענט מען) און איינע (גיט מען) צום כהן. די חלה צום פייער (וואָס מען פארברענט) האָט א שיעור (דארף מען נעמען א פיר־און־צוואָנציקסטל פון טייג), די חלה צום כהן האָט ניט קיין שיעור. (מען קאָן נעמען דאָס קלענסטע שטיקל). פון טייך און פון אמנה און ווייטער (נעמט מען פון טייג) צוויי חלות; איינע צום פייער (פארברענט מען) און איינע (גיט מען) צום כהן; די צום פייער האָט ניט קיין שיעור און די צום כהן האָט יאָ אַ שיעור. כדי צו פארשטיין די דאָזיקע משנה וועלן מיר נאָכאמאָל געבן וואָס מיר האָבן געזאָגט פריער אין דער משנה. די תורה זאָגט, אז חלה דארף מען נעמען און געבן דעם כהן נור פון ברויט אין ארץ ישראל („מלחם הארץ״ במדבר ט״ו); די תורה זאָגט ניט, וויפיל מען זאָל נעמען חלה, נאָר די חכמים האָבן איינגעפירט, אז מען זאָל נעמען פון טייג איין פיר־און צוואָנציקסטל (און א בעקער, וואָס פארקויפט אין גאס איין אכט און־פירציקסטל. אָבער פון ברויט אין חוץ לארץ, ניט פון ארץ ישראל, דארף מען, לויט דער תורה, אינגאנצן קיין חלה ניט נעמען. נאָר די חכמים האָבן ניט געוואָלט דערלאָזן, אז די יידן אין חוץ לארץ זאָלן פארגעסן אינגאנצן אז עס איז פאראן אזא מצוה ווי חלה נעמען (שלא תשתכח תורת חלה מישראל) האָבן זיי איינגעפירט, אז מען זאָל אין חוץ לארץ אויך נעמען חלה. אָבער אזוי ווי די לענדער אויסער ארץ ישראל האָט מען געהאלטן פאר טמא (ארץ העמים), און ווען מען נעמט די חלה אין חוץ לארץ איז זי דאָך טמא, און טמא חלה טאָר מען דאָך ניט עסן נאָר מען דארף זי פארברענען; דעריבער האָט מען איינגעפירט, אז אין חוץ לארץ זאָל מען די גענומענע חלה ניט געבן דעם כהן (וועלכער טאָר זי דאָך סיי ווי ניט עסן) נאָר ארייננווארפן אין פייער(„אור״ הייסט „פייער״), פארברענען. און ווייל דאָס גאנצע חלה־נעמען איז ניט פון דער תורה, האָט מען איינגעפירט, אז די דאָזיקע חלה זאָל מען ניט נעמען וויפיל דער שיעור איז, א 24סטל פון טייג, נאָר א קליין שטיקל, עפּיס; עס האָט ניט קיין שיעור, „אין לה שיעור״. האָבן אָבער די חכמים געזען, אז דאדורך וועט מען פארגעסן די מצוה, אז חלה דארף גענומען ווערן א 24סטל פון טייג און אז חלה דארף מען געבן א כהן, דעריבער האָבן זיי איינגעפירט, אז א חוץ דאָס קליינע שטיקל חלה, דער ריכ־טיקער חלה, וואָס מען נעמט צום פארברענען, זאָל מען נעמען נאָך איינמאָל חלה, און

**ושל כהן יש לה שיעור, וטבול יום אוכלה. ר' יוסי אומר, אינו צריך טבילה. ואסורה לזבים ולזבות, לנידות וליולדות, ונאכלת עם הזר על השלחן, ונתנת לכל כהן.**

---

דאָס איז ניט קיין ריכטיקע חלה, נאָר אלס א סימן, א צייכן. און אזוי ווי דאָס איז ניט קיין ריכטיקע חלה איז אפילו זי איז טמא מעג דאָך אויך א כהן עסן, דעריבער זאָל מען איר נעמען וויפיל דער שיעור איז, א 24סטל פון טייג, און מען זאָל זי געבן צום כהן. קומט אויס, אז אין חוץ לאָרץ האָט מען גענומען צוויי חלות: איין חלה, עפּיס, ניט וויפיל דער שיעור איז, און די דאָזיקע חלה האָט מען געוואָרפן אין פייער („לאור", צום פייער), און איין חלה, יאָ וויפיל דער שיעור איז, און די חלה האָט מען געגעבן דעם כהן. אָבער, ווי מיר האָבן שוין געזאָגט, האָט דאָס לאנד סוריא געהאט אביסל דעם דין פון ארץ ישראל און אביסל פון חוץ לארץ; עס איז טמא געווען ווי חוץ לארץ, אָבער מען האָט געהאלטן, אז חלה דארף מען נעמען אזוי ווי אין ארץ ישראל. דעריבער האָט מען אויך דאָרט איינגעפירט אז מען נעמט צוויי חלות, נאָר מען טוט מיט זיי פארקערט ווי אין חוץ לארץ. די ריכטיקע חלה האָט מען גענומען וויפיל דער שיעור איז, א 24סטל, ווייל מ'דארף דאָך נעמען חלה, און די דאָזיקע ריכטיקע חלה האָט מען פארברענט; און כדי מען זאָל ניט פארגעסן, אז חלה דארף מען געבן דעם כהן, האָט מען גענומען נאָך איין חלה, א ניט־ריכטיקע, נור אלס סימן, אלס צייכן, און די דאָזיקע חלה האָט מען געגעבן דעם כהן, אָבער די דאָזיקע חלה האָט מען גענומען נאָר עפּיס, דאָס קלענסטע שטיקל, וואָס האָט קיין שיעור ניט. די שאלה איז, וואָס הייסט „ארץ ישראל", און וואָס הייסט „סוריא" און וואָס הייסט „חוץ לארץ" ? דערויף גיט דאָ די משנה די סמנים: פון ארץ ישראל ביז דער שטאָט כזיב אין צפון הייסט ארץ ישראל, און מען נעמט נור איין חלה. פון כזיב ביז צום טייך און ביז אמנה (די אמאנאס־בערג, די גרעניצן פון סוריא) איז סוריא און מען דארף נעמען צוויי חלות, איינע צום פארברענען און איינע צום כהן, און די חלה צום פארברענען דארף האָבן דעם שיעור (א 24סטל), און די חלה צום כהן האָט ניט קיין שיעור. פון טייך און פון אמנה און ווייטער איז שוין אינגאנצן חוץ לארץ און מען נעמט צוויי חלות, איין חלה עפּיס, און די גייט צום פייער, און איין חלה וואָס האָט יאָ א שיעור (א 24סטל) און די גיט מען צום כהן. וואו איז כזיב און וואָס מיינט מען מיט „דעם טייך" און „אמנה", און וואָס איז דער טייטש „ולפנים", האָבן מיר געגעבן אין אונזער פירוש אין דער מסכתא שביעית פרק ו' משנה א', און מען זאָל דאָרט נאָכקוקן. וטבול יום, און א כהן וואָס איז געווען טמא און האָט זיך טובל געווען (כאָטש ער האָט ניט געוואַרט ביז אוונט) מעג עסן די חלה פון חוץ לארץ. ביי חלה אין ארץ ישראל איז דער דין, אז א כהן א טבול יום טאָר זי ניט עסן, ווי מיר האָבן געלערנט פריער פרק א' משנה ט'; אָבער די חלה פון חוץ לארץ מעג ער יאָ עסן. דער רמבם און ברטנורא זאָגן, אז דאָס מיינט מען די חלה, וואָס גייט צום פייער, צום פארברענען, אָבער תוספות און דער רא"ש אין חולין ק"ד זאָגן, אז דאָס מיינט מען די חלה, וואָס מען גיט צום כהן. ר' יוסי זאָגט, אז זי דארף ניט קיין טבילה. א כהן וואָס איז טמא געוואָרן מיט א לייכ־טער טומאה, אפילו ער האָט זיך ניט טובל געווען, מעג אויך עסן די חלה אין חוץ לארץ. ואסורה, אָבער זי איז אסור צו זבים און זבות, צו א נידה און א קימפעטאָרין. זב און זבה הייסן א מאנספּערזאָן און א פרוי, פון וועלכע עס רינט אומריינע פליסיקייט; נידה הייסט א פרוי אין דער צייט פון איר בלוט־אָפּפלוס, לויט די דינים פון דער משנה אין מסכתא נידה. א קימפעטאָרין איז טמא ביז זי ווערט רייז, ווי עס איז פאראן אין חומש ויקרא י"ב. ונאכלת, און זי (די חלה פון חוץ לארץ) ווערט געגעסן מיט א ניט־כהן ביי איין טיש. חלה אין ארץ ישראל טאָר א כהן ניט עסן ביי א טיש, ביי וועלכן עס זיצט א זר, א ישראל צי א לוי, ווייל עס איז מורא צו האָבן טאָמער וועט

ט. ואלו נתנין לכל כהן: החרמים, והבכורות, ופדיון הבן, ופדיון פטר חמור, והזרוע, והלחיים, והקבה, וראשית הגז, ושמן שרפה, וקדשי המקדש והבכורים. ר׳ יהודה אוסר בבכורים. כרשיני תרומה, ר׳ עקיבא מתיר, וחכמים אוסרים.

י. נתאי איש-תקוע הביא חלות מביתר, ולא קבלו ממנו. אנשי

---

דער ניט־כהן, וואָס טאָר ניט עסן קיין חלה, נעמען דערפון א שטיקל און עסן. אָבער חלה פון חוץ לארץ מעג מען יאָ עסן מיט א ניט־כהן ביי איין טיש. וניתנת לכל כהן, און מען מעג זי געבן צו יעדן כהן. חלה אין ארץ ישראל און אויך תרומה דארף מען געבן נור צו אזא כהן, וואָס איז זיך נוהג צו עסן אפילו חולין נור בטהרה; אָבער חלה אין חוץ לארץ מעג מען געבן צו יעדן כהן.

ט. ואלו, און די דאָזיקע (זאכן) ווערן געגעבן צו יעדן כהן. מיר האָבן פריער געלערנט, אז תרומה און חלה דארף מען געבן נור צו א כהן וואָס איז אפגעהיטן אין טהרה. זאָגט די משנה, אז די זאכן, וואָס ווערן ווייטער אויסגערעכנט, מעג מען געבן צו יעדן כהן: החרמים, אז איינער זאָגט אויף א זאך, אז עס זאָל זיין „חרם צו גאָט״, דארף מען די זאך געבן צו א כהן; והבכורות, ווען ביי א כשרע בהמה ווערט געבוירן א בכור, דארף מען אים געבן צום כהן מקריב זיין אויפן מזבח, און דאָס פלייש עסן די כהנים. ופדיון הבן, אויסלייזן דעם זון, אויב ביי איינעם ווערט געבוירן א זון א בכור, דארף מען אים אויסלייזן פאר פינף שקלים און דאָס געלט געבן דעם כהן; ופדיון פטר חמור, דאָס אויסלייזן דעם בכור פון אן אייזל, אויב ביי אן אייזל ווערט געבוירן א בכור דארף מען עס אויסלייזן מיט א שעפסל און דאָס שעפסל געבן דעם כהן; והזרוע והלחיים והקיבה, ווען מען שעכט א בהמה דארף מען געבן דעם כהן דעם אָרעם און די קינבאקן און דעם מאָגן; וראשית הגז, און דאָס ערשטע פון אפשערן, ווען מען שערט אָפּ די וואָל פון שעפסן דארף מען א געוויסן טייל פון דער ערשטער וואָל געבן דעם כהן; ושמן שריפה, אייל צום פארברענען, אייל פון תרומה, וואָס איז טמא געוואָרן, הייסט „שמן שריפה״, „אייל צום פארברענען״, און מען דארף עס געבן דעם כהן, וועלכער מעג עס נוצן צום ברענען; וקדשי המקדש, און די הייליקייטן פון בית המקדש, דאָס פלייש פון קרבנות, וואָס נור א כהן מעג עסן, מעג מען אויך געבן צו יעדן כהן, ווייל כאָטש ער דארף עס עסן בטהרה, אָבער ביי קרבנות פלייש איז יעדער כהן אָפּגע־היטן צו עסן עס בטהרה; והביכורים, און ביכורים, די ערשטע פרוכטן (וועגן וועלכע עס לערנט די משנה אין מסכתא ביכורים) דארף מען ברענגען אין בית המקדש, און געבן דעם כהן, און ווייל מען ברענגט זיי אין בית המקדש איז יעדער כהן אָפּגעהיטן זיי צו עסן בטהרה. ר׳ יהודה אסר׳ט ביי ביכורים. ר׳ יהודה האלט, אז ווייל מיט ביכורים־פרוכטן טוט ניט דער כהן קיין עבודה אין בית המקדש, דעריבער איז א כהן, וועלכער היט ניט אָפּ די דינים פון טומאה וטהרה, ניט אָפּגעהיטן מיט ביכורים־פרוכטן, און מחמת דעם טאָר מען ניט געבן ביכורים צו יעדן כהן. כרשיני תרומה, תרומה, וואָר מען נעמט פון וויקע (כרשינים), איז ר׳ עקיבא מתיר (צו געבן צו יעדן כהן) און די חכמים אסר׳ן. וויקע איז א געוויקס, וואָס געוויינטליך עסן עס בהמות, און מען וואָלט אייגענטליך ניט געדאַרפן נעמען דערפון תרומה; נאָר בשעת הדחק, אין הונגער־יאָרן, עסן עס אויך מענטשן, און דערפאר נעמט מען דערפון תרומה. ר׳ עקיבא האלט אז וויקע־תרומה איז ניט קיין ריכטיקע תרומה, און מען מעג זי געבן צו יעדן כהן, אָבער די חכמים האלטן זי יאָ פאר ריכטיקע תרומה און מען מעג זי געבן נור צו א כהן, וועלכער היט די דינים פון טהרה (זע אין מסכתא מעשר שני פרק ב׳ משנה ד׳).

י. ניתאי פון תקוע האָט געבראכט חלות פון ביתר און מען האָט ניט צוגענומען פון אים. „איש תקוע״ איז דער טייטש אן איינוואוינער פון תקוע; די משנה דערציילט, אז ניתאי האָט געבראכט קיין ארץ ישראל חלה פון ביתר, אן אָרט אין חוץ לארץ, און

אלכסנדריא הביאו חלותיהן מאלכסנדריא, ולא קבלו מהם. אנשי הר צבועים הביאו בכוריהם קודם עצרת, ולא קבלו מהם, מפני הכתוב שבתורה „וחג הקציר בכורי מעשיך אשר תזרע בשדה".

יא. בן אנטינוס העלה בכורות מבבל, ולא קבלו ממנו. יוסף הכהן הביא בכורי יין ושמן, ולא קבלו ממנו. אף הוא העלה את בניו ובני ביתו לעשות פסח קטן בירושלים, והחזירוהו, שלא יקבע הדבר חובה. אריסטון הביא בכוריו מאפמיאָ וקבלו ממנו, מפני שאָמרו הקונה בסוריא, כקונה בפּרוור שבירושלים.

---

מען האָט ניט צוגענומען פון אים; מען טאָר ניט ברענגען חלה פון חוץ לארץ קיין ארץ ישראל, ווייל עסן טאָר מען זי דאָך ניט, מחמת זי איז דאָך פון חוץ לארץ, א טמא אָרט, און פארברענען טאָר מען זי אויך ניט, ווייל מען האָט זי דאָך ניט געזען טמא ווערן. „ביתר" דאָ איז ניט דאָס ביתר אין ארץ ישראל, לעבן ירושלים, (וואָס איז באַוואוסט פון דער בר־כוכבא־מלחמה), נאָר אן אָרט אין חוץ לארץ. אנשי אלכסנדריא, איינוואוינער פון דער שטאָט אלכסנדריא האָבן געבראַכט זייערע חלות פון אלכסנדריא און מען האָט ניט צוגענומען פון זיי. אלכסנדריא איז א שטאָט אין מצרים, אין חוץ לארץ, און אין דער צייט פון צווייטן בית המקדש האָבן דאָרט געוואוינט א סך יידן. אנשי הר צבועים, די איינוואוינער פון באַרג צבועים (אין ארץ ישראל) האָבן געבראַכט זייערע ביכורים (קיין ירושלים) פאַר שבועות און מען האָט זיי ניט צוגענומען פון זיי, ווייל עס איז געשריבן אין דער תורה (שמות כ"ג) „וחג הקציר בכורי מעשיך אשר תזרע בשדה", און דער יום טוב פון שניט, די ערשט־פּרוכטן פון דיין אַרבייט וואָס דו וועסט זייען אין פעלד". פון דאָזיקן פסוק לערנט אָפּ די משנה אז ביכורים, די ערשטע פרוכטן, וואָס מען דאַרף ברענגען אין בית המקדש (וועגן דעם וועלן מיר לערנען אין מסכתא ביכורים), טאָר מען ניט ברענגען פאַר שבועות, וואָס איז דער „חג הקציר", דער יום טוב פון אָנהייבן שניידן ווייץ, און מען ברענגט דעמאָלט אין בית המקדש דעם קרבן פון „צוויי ברויטן" („שתי הלחם"), וואָס איז מתיר, אז מען זאָל מעגן ברענגען אין בית המקדש קרבנות פון דער נייער תבואה. „עצרת" הייסט דער יום טוב שבועות אין דער משנה און דער גמרא.

י"א. בן אנטינוס האָט געבראַכט (אין בית המקדש) בכורות (בהמות בכורים, די ערשטע געבוירענע בהמות) פון בבל און מען האָט ניט צוגענומען פון אים. ווייל דער דין איז, אז מען טאָרניט ברענגען פון חוץ לארץ קיין בכורים־בהמות. יוסף הכהן האָט געבראַכט ביכורים וויין און אייל און מען האָט ניט צוגענומען פון אים. די מפרשים זאָגן, אז דאָס איז געווען דערפאַר, ווייל ער האָט ביים אָפּשניידן די ביכורים, די ערשטע וויינטרויבן און איילבירטן, ניט אינזינען געהאַט, אז ער זאָל מאַכן פון זיי וויין און אייל, אָבער אויב מען האָט יאָ אינזינען מעג מען, ווי מיר האָבן געלערנט אין מסכתא תרומות פרק י"א משנה ג'. אף הוא, ער (יוסף הכהן) האָט אויך מיטגעבראַכט זיינע זין און זיין הויז־געזינד צו מאַכן דעם קליינעם פסח (פסח שני) אין ירושלים, און מען האָט זיי צוריקגעשיקט, כדי מען זאָל די זאַך ניט פעסטשטעלן פאַר א חוב. יעדער ייד צוזאַמען מיט זיין פרוי און קינדער, זאָגאָר קליינע, האָט געדאַרפן קומען קיין ירושלים ערב פסח, דעם 14טן טאָג אין ניסן, מקריב צו זיין דאָרט דעם קרבן פסח. אויב מען איז ניט געקומען דעמאָלס, ווייל מען איז געווען טמא אָדער ווייט אין וועג, האָט מען געמוזט קומען דעם 14טן טאָג אין חודש אייר און מקריב זיין דעם קרבן פסח, און דאָס האָט געהייסן „פסח שני", „דער צווייטער פסח" און אויך „פסח קטן", „דער קליינער פסח". אָבער דעם 14טן טאָג אין אייר האָט מען די קליינע קינדער ניט געדאַרפן מיטברענגען. און כדי מען זאָל ניט זאָגן, אז מען דאַרף מיטברענגען אויך די קליינע קינדער, האָט מען צוריקגעשיקט די קליינע קינדער וואָס יוסף הכהן האָט מיט־

# מסכת ערלה.
## פרק א.

**א. הנוטע לסייג ולקורות פטור מן הערלה. ר׳ יוסי אומר, אפילו אָמר „הפנימי למאכל והחיצון לסייג״, הפנימי חייב, והחיצון פטור.**

---

**געבראכט.** אריסטון האָט געבראכט (אין בית המקדש) זיינע ביכורים פון אפאמעיא (און אָרט אין סוריא) און מען האָט צוגענומען פון אים, ווייל זיי (די חכמים) האָבן גוזאָגט, אז ווער עס קויפט (א פעלד צי א הויז) אין סוריא איז ווי ער וואָלט געקויפט אין דער פאָרשטאָט פון ירושלים. וויבאלד מיר האָבן שוין פריער אין משנה ח׳ געשריבן איז סוריא באטראכט געוואָרן אין א סך זאכן ווי ארץ ישראל, און דעריבער האָט מען צוגענומען אין בית המקדש ביכורים, וואָס מען האָט פון דאָרט געבראכט. די משנה זאָגט דאָ, אז מען האָט געהאלטן אזוי ווייט פון סוריא, דאָס מען האָט עס באַ־טראכט פאר מצוה ווען א ייד האָט דאָרט געקויפט א פעלד צי א הויז, פונקט ווי ער וואָלט געקויפט אין דער פאָרשטאָט פון ירושלים. עס איז ניט קלאָר דער טייטש פון וואָרט „פרוואר״. דער תרגום אין ויקרא כ״ה, פסוק ל״ז זעצט איבער מגרש „פרוור״, און מגרש איז דער טייטש דער פלאץ הינטער דער שטאָט. דאָס וואָרט איז פאראן אויך אין תנך מלכים ב׳ כ״ג פסוק י״א „אשר בפרורים״. אין טייל משניות איז פאראן די גירסא „פרווד״, און די דאָזיקע גירסא האָט אויך דער רמבם.

סליק מסכת חלה — געענדיקט די מסכתא חלה.

# מסכת ערלה

די תורה זאָגט (אין ויקרא י״ט), אז ווען מען פלאנצט א פרוכטן־בוים (עץ מאכל) זענען די פרוכטן פון די ערשטע דריי יאָר „ערלה״. דאָס וואָרט „ערלה״ איז דער טייטש „פאַרשטאָפּט״, ניט־באשניטן. די דאָזיקע ערלה־פרוכטן טאָר מען ניט עסן, און מען טאָר פון זיי אויך ניט הנאה האָבן און מען דאַרף זיי פאַרברענען. די דינים וועגן ערלה ווערן געלערנט אין דער מסכת ערלה.

## פרק א.

א. הנוטע, אז איינער פלאנצט (א בוים) כדי ער זאָל זיין א צוים אָדער צו האקן פון אים קלעצער, איז ער פטור פון ערלה. **פרוכטן פון א בוים הייסן ערלה און מען טאָר זיי ניט עסן נור ווען מען האָט געפלאנצט דעם בוים צו עסן פון אים די פרוכטן. אויב אָבער מען האָט דעם בוים געפלאנצט ביים סוף פון גאָרטן, כדי ער זאָל זיין א צוים און באשיצן דעם גאָרטן, אָדער מען האָט אים געפלאנצט, כדי ער זאָל אים שפעטער אָפּהאקן און מען זאָל מאכן פון זיין האלץ קלעצער צום בויען, זענען די פרוכטן, וואָס וואקסן אויף דעם בוים, ניט קיין ערלה און מען מעג זיי עסן. דער אויסדרוק „פטור מן הערלה״, מיינט, אז „עס איז ניט אסור צוליב ערלה״, און „חייב בערלה״ מיינט, אז „עס איז יאָ אסור צוליב ערלה.** ר׳ יוסי זאָגט, אז אפילו ער האָט גוזאָגט, אז דער אינווייניגסטער (טייל פון בוים) זאָל זיין אויף צום עסן און דער אויסנווייניקסטער טייל זאָל זיין פאר א צוים, איז דער אינווייניקסטער טייל אסור און דער אויסנווייניקסטער טייל איז מותר. **ר׳ יוסי זאָגט, אז ניט נאָר ווען דער בעל הבית האָט ביים פלאנצן גוזאָגט (אָדער אינזינען געהאט) אז דער גאנצער בוים זאָל זיין א צוים צום גאָרטן זענען די פרוכטן ניט קיין ערלה, נאָר אפילו ווען ער האָט גוזאָגט, אז דער דאָזיקער טייל בוים, וואָס איז צום גאָרטן־צו, דער אינווייניקסטער טייל, זאָל זיין אויף צו וואקסן פרוכטן צום עסן, און דער אויסנווייניקסטער טייל בוים זאָל דינען אלס א צוים, זענען די פרוכטן, וועלכע וואקסן אויפן אינוועניקסטן טייל בוים, ערלה, און די פרוכטן, וואָס וואקסן אויפן אויסנווייניקסטן טייל בוים, זענען ניט קיין ערלה. אזוי טייטשט דער רמבם. דער ר״ש און ברטנורא טייטשן, אז דאָ מיינט מען ניט וועגן „טיילן״ פון בוים, נאָר וועגן „צווייגן״; דער צווייג, וואָס גייט אריין אינווייניק, אין**

**ב. עת שבאו אבותינו לארץ, מצאו נטוע, פטור; נטעו, אף על פי שלא כבשו, חייב. הנוטע לרבים חייב; ר׳ יהודה פוטר. הנוטע ברשות הרבים, והנכרי שנטע, והגזלן שנטע, והנוטע בספינה, והעולה מאליו, חייב בערלה.**

---

**גאָרטן, און דער צווייג וואָס גייט ארויס אין דרויסן. מיט „אמר״ „זאָגן״, מיינט מען דאָ ניט דוקא זאָגן, נאָר אויך „איינזינען האָבן״.**

ב. עת, אין דער צייט ווען אונזערע עלטערן זענען אריינגעקומען אין ארץ־ישראל (ווען די יידן האָבן איינגענומען ארץ ישראל אין דער צייט פון יהושע בן נון), איז דער בוים, וואָס זיי האָבן געפונען פאַרפלאַנצט, געווען מותר (צוליב ערלה). **די תורה אין ויקרא י״ט זאָגט, אז נור ווען מען וועט אריינקומען קיין ארץ ישראל און פלאַנצן א בוים זאָל ער די ערשטע דריי יאָר זיין ערלה (וכי תבאו אל הארץ ונטעתם). זאָגט די משנה, אז ווען די יידן זענען אריינגעקומען אין ארץ ישראל און האָבן געפונען פאַרפלאַנצטעביימער, וועלכע זענען נאָכניט אלט געווען דריי יאָר און וועלכע די גוים האָבן פריער געהאַט פאַרפלאַנצט, זענען די פרוכטן געווען מותר, און זיי האָבן ניט געהייסן ערלה.** נטעו, אויב זיי האָבן פאַרפלאַנצט, כאָטש זיי האָבן ניט געהאַטאיינגענומען (דאָס לאַנד) איז עס געווען אסור. **עס איז אָנגענומען, אז עס האָט געדויערט זיבן יאָר פון זינט די יידן זענען אריין קיין ארץ ישראל אין דער צייט פון יהושע בן נון ביז זיי האָבן איינגענומען דאָס לאַנד** (שבע שכבשו). **זאָגט די משנה, אז אויב נאָכדעם ווי די יידן זענען אריינגעקומען קיין ארץ־ישראל האָט מען פאַרפלאַנצט ביימער, כאָטש זיי האָבן נאָכניט געהאַט איינגענומען דאָס לאַנד, זענען די ביימער געווען ערלה.** דער „תורת כהנים״ **זאָגט, אז אפילו גוים האָבן דעמאָלס פאַרפלאַנצט ביימער זענען זיי אויך געווען ערלה.** הנוטע, אז איינער פלאַנצט (א בוים) פאַר אלע מענטשן איז עס ערלה. **אויב איינער פלאַנצט ביי זיך אין פעלד א בוים פאַר דעם רבים, אז יעדער מענטש זאָל קאָנען עסן פריי זיינע פרוכטן, זענען די פרוכטן די ערשטע דריי יאָר ערלה.** ר׳ יהודה איז מתיר. **ער זאָגט, אז ווען מען פלאַנצט פאַר רבים, ניט פאַר זיך, נאָר יעדער מענטש קאָן פריי געניסן פון די פרוכטן, דאַרף מען ניט אָפּהיטן די דינים פון ערלה.** הנוטע ברשות הרבים, אז איינער פלאַנצט א בוים אין רשות הרבים (ניט אין זיין פעלד נאָר אין אָן אָרט וואָס געהערט צו אלע מענטשן), און א גוי וואָס האָט געפלאַנצט, און א גזלן וואָס האָט געפלאַנצט, און אז איינער פלאַנצט אין א שיף, און א בוים, וואָס איז ארויסגעוואַקסן פון זיך אליין (קיינער האָט אים ניט געפלאַנצט), איז מען אסור צוליב ערלה (די פרוכטן פון די ערשטע דריי יאָר ביי די דאָזיקע ביימער זענען ערלה). **דער ברטנורא גיט צו די דאָזיקע באמערקונגען: וועגן איינעם וואָס פלאַנצט אין רשות הרבים, אז דאָס מיינט מען, ווען ער האָט געפלאַנצט דעם בוים פאַר זיך. וועגן א גוי וואָס האָט געפלאַנצט, אז דאָס מיינט מען אין א פעלד פון א ייד; עס איז וועגן דעם א מחלוקה צווישן די מפרשים, צי אבוים, וואָס א גוי האָט גע־פלאַנצט אין זיין אייגן פעלד, האָט ערלה. וועגן גזלן, וואָס האָט געפלאַנצט אין א גע־גזל׳ט פעלד, זאָגט דער ברטנורא, אז דאָס מיינט מען נאָכדעם ווי דער בעל הבית פון פעלד האָט זיך שוין געהאַט מייאש געווען פון פעלד. די אנדערע מפרשים (ר״ש און אנדערע) זאָגן, אז אפילו איידער דער בעל הבית האָט זיך מייאש געווען. וועגן דער שיף, זאָגט דער ברטנורא, אז אויב די שיף איז א ערדענע דאַרף זי ניט זיין גע־לעכערט, ווייל די וואָרצלען פון בוים ציען זייער יניקה דורך דעם ערדענעם באָדן פון דער שיף גלייך פון דער ערד; און אויב זי איז פון האָלץ מוז זי זיין געלעכערט. וועגן א בוים וואָס וואַקסט פון זיך אליין, זאָגט דער ברטנורא, אז דאָס איז נור אין אָן אָרט, וואו מענטשן וואוינען, אָבער אויב אין א מדבר, דאַרף מען ביי אזא בוים ניט אָפּהיטן די דינים פון ערלה.**

**ג. אילן שנעקר והסלע עמו, שטפו נהר והסלע עמו, אם יכול לחיות פטור, ואם לאָו חייב. נעקר הסלע מצדו, או שזעזעתו המחרישה, או שזעזעו ועשאו כעפר, אם יכול לחיות פטור, ואם לאָו חייב.**

**ד. אילן שנעקר ונשתייר בו שורש פטור. וכמה יהא השורש? רבן שמעון בן גמליאל אומר משום ר׳ אלעזר בן יהודה איש ברתותאָ, כמחט של מיתוח.**

**ה. אילן שנעקר ובו בריכה והוא חי ממנה, חזרה הזקנה להיות**

---

ג. אילן, אז א בוים (וועלכער איז עלטער פון דריי יאָר) איז אויסגעריסן געוואָרן און די הארטע ערד איז אויסגעריסן געוואָרן צוזאמען מיט אים („סלע״, א פעלזן־שטיין, דאָס איז די הארטע ערד, אין וועלכער דער בוים איז איינגעוואָרצלט), אָדער אַ טייך האָט דעם בוים פארפלייצט (און ארויסגעריסן און אוועקגעטראָגן) און די הארטע ערד צוזאמען מיט אים, איז אויב ער (דער בוים) קאָן לעבן (ווייטער וואקסן אלס א בוים אויף דער ערד וואָס איז מיט אים מיטגעריסן געוואָרן) איז ער מותר צוליב ערלה, און אויב ניט איז ער ערלה. **אויב דער בוים קאָן ווייטער לעבן, וואקסן, ארויסגעבן פרוכטן, ציענדיק זיין יניקה פון דעם שטיק ערד, וואָס איז מיטגעריסן געוואָרן מיט אים, הייסט עס, אז דער בוים איז ווייטער דער זעלבער אלטער בוים, און אזוי ווי ער איז עלטער פון דריי יאָר, איז ער ניט קיין ערלה. אָבער אויב פון דעם מיטגעריסענעם שטיק ערד קאָן ער ווייטער ניט לעבן, נאָר ער מוז ציען זיין יניקה פון דער נייער ערד, אין וועלכן ער געפינט זיך איצט, הייסט עס, אז ער איז א ניי־פארפלאנצטער בוים, און די דריי ווייטערע יאָרן זענען ערלה, און מען טאָר די פרוכטן ניט עסן.** נעקר, אויב די הארטע ערד איז ארויסגעריסן געוואָרן פון זיין (דעם בוים׳ס) זייט, אָדער דער אקער־אייזן האָט אים צערידערט (דעם בוים פון אָרט און עס איז פונאנדערגעשפרייט געוואָרן די ערד און מען האָט ארויסגעזען די וואָרצלען) אָדער ער האָט אים צערידערט, און מען האָט אים (דעם בוים) פארדעקט מיט אנדערע ערד, איז אויב ער קאָן ווייטער לעבן אָן דער אנדערער ערד איז ער מותר צוליב ערלה און אויב ניט איז ער ערלה. **דאָ לערנט די משנה וועגן דעם פאל, ווען דער בוים איז געבליבן אויף דעמזעלבן אָרט, נאָר מען האָט געמוזט ברענגען אנדערע ערד און אים פארפעסטיגן. די גירסא „כעפר״ ווערט דורך די מפרשים געענדערט אויף „בעפר״, און עס איז דער טייטש, אז מען האָט אים באפעסטיקט מיט אנדערע ערד.**

ד. אילן שנעקר, אן (אלטער) בוים, וואָס איז ארויסגעריסן געוואָרן, און עס איז געבליבן איין וואָרצל (מיט וועלכן דער בוים איז צו באהאפטן צו דער ערד), איז ער מותר צוליב ערלה. **אויב דער בוים איז עלטער פון דריי יאָר, און איין וואָרצל איז געבליבן הייסט עס, אז ער איז דערזעלבער בוים, און ניט קיין נייער בוים, און ער איז דעריבער ניט קיין ערלה.** וכמה, און ווי פיל (ווי גראָב) דאַרף זיין דער וואָרצל? רבן גמליאל זאָגט אין נאָמען פון ר׳ אלעזר פון ברתותא, אז אזוי ווי די נאָדל צום אויסציען. **די מענטשן, וועלכע וועבן סחורות, נאָכדעם ווי זיי האָבן אָפּגעוועבט א שטיק סחורה אויף א קלייד, גייען זיי אדורך איבער דער סחורה מיט א דיקער נאָדל, כדי אויסצוציען דאָס שטיק סחורה. זאָגט די משנה, אז אויב דער וואָרצל איז אזוי דיק ווי די דאָזיקע אויסציאונגס־נאָדל (מחט של מיתוח), הייסט דער בוים אן אלטער. טייל זענען גורס „מיתון״. ר׳ אלעזר בן יהודה איש ברתותא (דער מאן פון ברתותא) איז געווען, ווי עס איז צו זען פון דער משנה אין מסכת טבול יום פרק ג׳ משנה ד׳, א תלמיד פון ר׳ יהושע, און דעריבער איז ניט צו פארשטיין, ווי אזוי רבן גמליאל, וועלכער איז געווען א חבר פון ר׳ יהושע, האָט געזאָגט א הלכה אין זיין נאָמען. טייל משניות האָבן דעריבער די גירסא „רבן שמעון בן גמליאל״.**

ה. אילן שנעקר, אן (אלטער) בוים, וואָס איז אויסגעריסן געוואָרן, און צו אים

**כבריכה. הבריכה שנה אחר שנה ונפסקה, מונה משעה שנפסקה. סיפוק הגפנים, וסיפוק על (גבי) סיפוק אף על פי שהבריכן בארץ מותר. ר׳ מאיר אומר, מקום שכוחה יפה מותר, ומקום שכוחה רע אָסור. (וכן)**

איז געווען (צו באהאפטן) א יינג ביימל (בריכה), און איצט לעבט דער אלטער בוים פון יינגן ביימל, ווערט דער אלטער בוים ווי דאָס יינגע ביימל. „בריכה" איז פון וואָרט „ברך", א „קני". דאָס איז ווען מ׳נעמט א צווייג וואָס איז באהאפטן צו אן אלטן בוים (מייסטנס פון א וויינשטאָק) און מען בייגט אים איין ביז צו דער ערד, און מען גראָבט איין דעם מיטן פון דעם צווייג אין דער ערד, אזוי אז דער שפּיץ צווייג קומט ארויס פון דער אנדערער זייט ערד און ער וואקסט ארויס אלס נייער בוים. דאָס רופט מען „מבריך־געווען", און דאָס נייע ביימל הייסט „בריכה". דער דין איז, אז ווייל דער נייער בוים, די „בריכה", איז דאָך נאָך צובאהאפטן צום אלטן בוים, דעריבער איז אויך דער נייער בוים ניט קיין ערלה, און ער ווערט פאררעכנט אזוי ווי די יאָרן פון אלטן בוים. זאָגט דאָ די משנה, אויב דער אלטער בוים איז געוואָרן אויסגעריסן פון זיין וואָרצל, און ער לעבט איצט דערפון וואָס ער איז צובאהאפטן צום נייעם בוים ווערט דער אלטער בוים אזוי ווי די בריכה, און ביידע צוזאמען ווערן באטראכט ווי מען האָט זיי איצט אויפסניי געפלאנצט, און זיי זענען ביידע ערלה דריי יאָר פון זינט דער אלטער בוים איז געוואָרן ארויסגעריסן. הבריכה, אויב מען האָט מבריך געווען א יאָר נאָך א יאָר און זי (איין בריכה, איין ניי ביימל) איז איבערגעהאקט געוואָרן, ציילט מען (די יאָרן פון ערלה) פון זינט זי איז איבערגעריסן געוואָרן. די משנה מיינט דאָ אזוי. נאָכדעם ווי מען האָט מבריך־געווען א צווייג פון אלטן בוים און עס איז ארויסגעוואקסן א ניי ביימל, האָט מען אין א יאָר ארום מבריך געווען א צווייג פון דעם נייעם ביימל, און עס איז ארויסגעוואקסן א צווייט ניי ביימל. ווידער אין א יאָר שפּעטער האָט מען מבריך־געווען א צווייג פון צווייטן נייעם ביימל און עס איז ארויסגעוואקסן א דריט ביימל. אזוי האָט מען געטאָן יעדעס יאָר. די אלע ביימלעך זענען ניט קיין ערלה, ווייל זיי זענען דאָך אלע צובאהאפטן איינער צום צווייטן ביז צו דעם ערשטן ביימל, וואָס איז צובאהאפטן צום אלטן בוים, און מחמת דעם ווערן זיי אלע פאררעכנט אלס א טייל פון אלטן בוים. זאָגט די משנה, אז אויב עס האָט זיך אָפּגעריסן דאָס ערשטע ביימל, ווערן אלע נייע ביימלעך באטראכט ווי מען האָט זיי איצט, אין דער צייט ווען עס האָט זיך אָפּגעריסן דאָס ערשטע ביימל, אויפסניי פארפלאנצט (ווייל זיי זענען דאָך שוין ניט מער באהאפטן צום אלטן בוים), און זיי הייבן אָן ציילן די דריי ערלה־יאָרן פון דער צייט, ווען דאָס ערשטע ביימל איז אָפּגעריסן געוואָרן. סיפוק, פארזעצטע וויינשטאָקן־צווייגן און פארזעצטע, כאָטש ער האָט זיי מבריך־געווען אין דער ערד זענען מותר (זענען ניט קיין ערלה). מיט „סיפוק הגפנים" מיינט מען, ווען מען נעמט א צווייג פון א וויינשטאָק און מען ציט אים צו צו אן אנדערען וויינשטאָק און מען „פארזעצט" אים, מען פלאנצט אים אריין אין דעם אנדערען וויינשטאָק. דער צווייג ווערט ניט אָפּגעריסן פון ערשטן וויינשטאָק, אזוי אז ער ציט זיין יניקה סיי פון ערשטן וויינשטאָק, סיי פון אנדערען וויינשטאָק, און עס וואקסט פון אים ארויס א נייער וויינשטאָק. „סיפוק על גבי סיפוק" הייסט, ווען פון דעם נייעם וויינשטאָק נעמט מען ווידער א צווייג און מען ציט אים צו צו אן אנדערן וויינשטאָק און מען פארזעצט אים דאָרט און עס וואקסט ארויס א צווייטער נייער וויינשטאָק. זאָגט די משנה, אז אפילו מען האָט דעם צווייג אין דערמיט מבריך־געווען, דורכגעצויגן טיף אין דער ערד, אזוי אז דער נייער וויינשטאָק ציט דאָך די יניקה אויך פון דער ערד, פונדעסטוועגן איז ער ניט קיין ערלה, ווייל ער איז דאָך באהאָפטן צום אלטן וויינשטאָק, און עס הייסט ניט ווי א ניי פארפלאנצטער בוים. ר׳ מאיר זאָגט, אז דאָרט, וואו זיין (דעם נייעם ביימל׳ס) קראפט איז גוט, איז עס מותר, און דאָרט,

**בריכה שנפסקה והיא מלאה פירות, אם הוסיף במאתים אָסור.**

**ו. נטיעה של ערלה ושל כלאי הכרם שנתערבו בנטיעות, הרי זה לא ילקוט; ואם לקט, יעלה באחד ומאתים, ובלבד שלא יתכוון ללקוט. ר׳ יוסי אומר, אף יתכוון ללקוט ויעלה באחד ומאתים.**

וואו זיין קראַפט איז שלעכט איז עס אסור. **אויב דאָס נייע ביימל פון ווינשטאָק האָט גענוג קרעפטן צו ציען די יניקה פו אלטן בוים,׳ ווערט עס פאררעכנט פאר א טייל פון אלטן בוים און עס איז ניט קיין ערלה; אָבער אויב דאָס ביימל האָט ניט גענוג קרעפטן צו ציען יניקה פון אלטן בוים איז עס אסור, איז עס ערלה. טייל טייטשן, אז עס ווערט געלערנט וועגן דעם אלטן בוים, אויב ער האָט גענוג כח צו שפייזן דאָס** יינגע ביימל. וכן, און אזוי איז אויך (דער דין), אז א יינג ביימל איז איבערגעריסן גע־וואָרן און עס איז פול מיט פרוכטן, אויב עס איז צוגעוואקסן ביז צוויי הונדערט איז אסור. **דער דין איז, אז ערלה ווערט בטל אין צוויי הונדערט און איינס, דאָס הייסט, אייב א מעסטל ערלה־פרוכטן האָט זיך אויסגעמישט מיט 200 מעסטלעך כשר׳ע פרוכטן און צוזאמען זענען זיי 201, ווערן די ערלה־פרוכטן בטל און מען מעג אלץ עסן. אויב אָבער איין מעסטל ערלה־פרוכטן האָט זיך אויסגעמישט מיט 199 מעסטלעך כשר׳ע פרוכטן, טאָר מען די גאנצע 200 ניט עסן. זאָגט דאָ די משנה, אז אויב א יינג ביימל האָט זיך אָפגעריסן פון אלטן בוים, און אויף דעם ביימל זענען געוועזן פרוכטן פון פריער, זענען דאָך די דאָזיקע פרוכטן ניט קיין ערלה, מחמת זיי זענען דאָך גע־וואקסן אין דער צייט, ווען דאָס יינגע ביימל איז געוועזן באהאפטן צום אלטן בוים. אָבער פון איצט אָן איז דאָך דאָס יינגע ביימל א נייער בוים, און דאָס וואָס די פרוכטן וואקסן איצט צו, ווערן גרעסער, איז דאָך יאָ ערלה. איז דער דין, אז אויב דאָס וואָס איז צוגעוואקסן איז א 200סטל פון די פרוכטן (איין טייל נייע און 199 אלטע) טאָר מען די גאנצע פרוכטן ניט עסן.**

ו. נטיעה, אויב א יינג ביימל (נטיעה, א פלאנץ) פון ערלה אָדער פון וויינגאָרטן־כלאים האָט זיך אויסגעמישט מיט אנדערע (כשרע) ביימלעך, טאָר מען ניט אָפרייסן די פרוכטן. **וויינגאָרטן־כלאים, ווי ערלה, ווערט בטל אין 201. אָבער דאָס איז נור אויב אָפגעריסענע פרוכטן פון ערלה אָדער פון וויינגאָרטן־כלאים האָבן זיך אויסגע־מישט מיט 200 מאָל אזוי פיל כשרע פרוכטן, ווערט די ערלה אָדער כלאים בטל און מען מעג אלע עסן. אָבער אויב א ביימל פון ערלה אָדער פון וויינגאָרטן־כלאים האָט זיך אויסגעמישט מיט 200 כשרע ביימלעך, און מען קאָן ניט דערקענען וועלכע עס איז די ערלה אָדער כלאים און וועלכע די כשרע, זענען אלע ביימלעך אסור און עס ווערט ניט בטל; ווייל א זאך, וואָס איז באהאפטן צו דער ערד (מחובר) ווערט ניט בטל. דער־פאר אויב מען רייסט אָפ די פרוכטן פון די אלע געמישטע ביימלעך, און די פרוכטן זענען דאָך שוין אָפגעריסענע זאכן, ניט מחובר, און מען ווייסט, אז די פרוכטן פון די כשרע ביימלעך זענען 200 מאָל אזוי פיל ווי די פרוכטן פון דעם ביימל פון ערלה אָדער פון וויינגאָרטן־כלאים, מעג מען זיי עסן, ווייל זיי ווערן בטל. זאָגט דאָ די משנה אז אויב דאָס ביימל פון ערלה אָדער כלאים האָט זיך אויסגעמישט מיט אנ־דערע 200 כשרע ביימלעך, טאָר מען די פרוכטן ניט אָפרייסן, ווייל מען טאָרניט מבטל זיין קיין איסור לכתחילה; מען טאָר ניט נעמען א זאך, וואָס איז אסור, און עס אויס־מישן מיט זאכן, וועלכע זענען מותר, כדי די אסור־זאך זאָל בטל ווערן.** ואם, אויב ער האָט יאָ אָפגעריסן די פרוכטן ווערן זיי בטל אין צוויי הונדערט און איינס, אָבער ער זאָל ניט האָבן מכוון געווען אָפצורייסן. **עס איז נור מותר, ווען ער האָט ניט געוואוסט, און ער האָט עס ניט געטאָן בכיוון, ספעציעל, כדי די ערלה־אָדער כלאים־פרוכטן זאָל בטל ווערן.** ר׳ יוסי זאָגט, אז ער מעג בכיוון אפרייסן כדי זיי זאָלן בטל ווערן אין צוויי הונדערט און איינס. **ווייל ר׳ יוסי האלט, אז ווייל אזא זאך, ווי א ביימל פון ערלה צי**

ז. העלים והלולבים ומי גפנים וסמדר מותרים בערלה וברבעי ובנזיר, ואסורים באשרה. ר׳ יוסי אומר, הסמדר אָסור, מפני שהוא פרי. ר׳ אליעזר אומר, המעמיד בשרף הערלה אסור. אָמר ר׳ יהושע, שמעתי בפירוש, שהמעמיד בשרף העלים, בשרף העיקרים מותר, בשרף הפגים אָסור, מפני שהם פרי.

ח. ענקוקלות והחרצנים והזגים והתמד שלהם, קליפי רמון והנץ

**כלאים, זאָל זיך אויסמישן מיט אנדערע ביימלעך טרעפט זיך זייער זעלטן, דעריבער מעג מען מבטל זיין לכתחילה.**

ז. העלים, די בלעטער (פון ביימער), והלולבים, און יינגע צווייגן, ומי גפנים, און וואסער פון די ווינשטאָקן (ווען מען שניידט־איין אין די ווינשטאָקן־ביימלעך, גייט ארויס פון זיי א וואסער), וסמדר, ווינטרויבן־בליהעכץ (ווינטרויבן, וואָס זענען נאָך זייער קליין און הויבן ערשט אָן צו וואקסן), זענען מותר סיי אין ערלה, און סיי אין כרם רבעי און סיי פאר א נזיר. „**כרם רבעי" איז, ווי מיר האָבן געגעבן אין דער הקדמה צו פרק ד׳ אין מסכתא מעשר שני, א פרוכטן־בוים אין פירטן יאָר נאָכדעם ווי מען האָט אים געפלאַנצט, און די פרוכטן פון דעם דאָזיקן פירטן יאָר דאַרף מען פירן קיין ירושלים. נזיר הייסט איינער וועלכער טהוט אנדר וועגן זיך צו זיין א נזיר; ער טאָר ניט טרינקען קיין וויין און ניט עסן קיין ווינטרויבן. זאָגט די משנה, אז די בלעטער פון די ביימער, און די יינגע צווייגן, כאָטש טייל מענטשן עסן זיי, און אויך דאָס וואסער וואָס גייט ארויס פון ווינשטאָק־בוים, ווען מען שניידט אים איין, און די ווינטרויבן, וועלכע הייבן אָן צו וואקסן אין דער ערשטער בליהעכץ,—דאָס אלץ, הייסן ניט קיין פרוכטן. דעריבער מעג מען זיי עסן אין די ערשטע דריי יאָר, ווייל זיי זענען ניט קיין ערלה, און אין פירטן יאָר מעג מען זיי עסן אומעטום און מען דאַרף זיי ניט פירן קיין ירושלים צוליב כרם רבעי, און א נזיר, וואָס טאָר ניט עסן קיין וויינ־טרויבן, מעג זיי עסן. ווייל ביי די אלע זאכן, ערלה, כרם רבעי און נזיר, זענען אסור נור די פרוכטן**, ואסורים באשרה, אָבער זיי זענען אסור ביי אן אשרה. **אשרה הייסט א בוים, צו וועלכן מען דינט ווי צו א עבודה זרה, אָדער אונטער וועלכן עס שטייט א עבודה זרה (די דינים וועגן אשרה זענען פאראן אין מסכת עבודה זרה פרק ג׳ משנה ז׳), און פון אזא בוים טאָר מען ניט קיין הנאה האָבן. זאָגט דאָ די משנה, אז ווייל ביי אן אשרה איז אסור אפילו דאָס האָלץ פון בוים, זענען דעריבער די אלע דערמאָנטע זאכן (די בלעטער און די יינגע צווייגן און דאָס וואסער און די טרויבן־בליהעכץ) אויך אסור.** ר׳ יוסי זאָגט, אז סמדר (טרויבן־בליהעכץ) איז אסור, ווייל עס איז א פרוכט. **דאָס הייסט, אז אויך ביי ערלה און כרם רבעי און נזיר איז טרויבן־בליהעכץ אסור, ווייל דאָס איז שוין די פרוכט זעלבסט; עס איז נאָר־ניט גענוג אויפגעוואקסן, אָבער פרוכט איז עס.** ר׳ אליעזר זאָגט, אז איינער שטעלט־אָן (מאכט קעז) מיט בוים־זאפט („שרף", זאפט) פון ערלה איז אסור. **אויב איינער טוט אריין אין מילך זאפט, וואָס רינט ארויס פון א ערלה־בוים, כדי עס זאָל ווערן קעז, טאָר מען עס ניט עסן, ווייל עס איז ערלה.** אמר ר׳ יהושע האָט ר׳ יהושע געזאָגט: איך האָב געהערט בפירוש, אז ווען מען שטעלט־אָן (מען מאכט קעז) מיט זאפט פון די בלעטער, אָדער מיט דעם זאפט פון די וואָרצלן, מעג מען; מיט דעם זאפט פון ניט־צייטיקע פרוכטן (פגים, אומצייטיקע פרוכטן) טאָר מען ניט, ווייל זיי זענען א פרוכט. **די בלעטער און דער בוים־וואָרצל זענען ניט קיין ערלה, אָבער די אומצייטיקע פרוכטן זענען יאָ ערלה, און דעריבער איז זייער זאפט אסור.**

ח. ענקוקלות, ווינטרויבן, וואָס זענען ניט אויפגעוואקסן קיין דריטל, והחר־צנים, די שאָלעכץ פון ווינטרויבן, והזגים, די קערנדלעך פון ווינטרויבן, והתמד שלהם, און זייער וואסער־וויין (מען האָט אריינגעטאָן די ווינטרויבן־שאָלעכץ און

**שלו, קליפי אגוזים והגרעינים, אסורים בערלה ובאשרה ובנזיר, ומותרין ברבע. והנובלות כולן אסורות.**

**ט. ר׳ יוסי אומר, נוטעין יחור של ערלה ואין נוטעין אגוז של ערלה מפני שהוא פרי. ואין מרכיבין בכפניות של ערלה.**

## פרק ב.

**א. התרומה ותרומת מעשר של דמאי, החלה והבכורים עולים**

---

קערנדלעך אין וואסער און עס איז געוואָרן דערפון וואסער־ווײַן), קליפי רימון, די שאָלעכץ פון א מילגרוים, והנץ שלו, און זײַן שפּיץ־בלימל, קליפי אגוזים, די שאָ־לעכץ פון ניס, והגרעינים, די קערענדלעך (פון פּרוכטן) — זענען אסור אין ערלה און אין אשרה און ביי נזיר (ביי נזיר נור. די זאכן פון ווײַנטרויבן) און זענען מותר ביי רבעי. **די אלע זאכן זענען אסור ביי ערלה, ווייל דער פסוק (ויקרא י״ט) זאָגט וועגן ערלה „את פריו", זײַן פּרוכט, מיינט מען דערמיט, אז אפילו דאָס וואָס איז נור צוגעטשעפּעט צום פּרוכט (הטפל לפריו); ביי אשרה זענען זיי אסור, ווייל, ווי מיר האָבן געלערנט אין דער פריערדיקער משנה ז׳ איז ביי אשרה אפילו דאָס האָלץ פון בוים אסור; ביי נזיר זענען אסור פון ווײַנטרויבן די שאָלעכץ און קערענדלעך און אויך די אנדערע אויס־גערעכנטע זאכן, ווייל דער פסוק (במדבר ו׳) זאָגט בפירוש „מחרצנים ועד זג", פון שאָלעכץ ביז קערנדלעך. אָבער אין רבעי, פּרוכטן פון פערטן יאָר, זענען זיי מותר ווייל די קדושה פון רבעי איז נור אויף זאכן וואָס זענען ראוי צום עסן, און די דאָזיקע אלע זאכן זענען ניט געוויינטליך צום עסן. וועגן „תמד" האָבן מיר גערעבן אין מסכתא מעשרות פרק ה׳ משנה ו׳.** והנובלות„ פּרוכטן, וואָס דער ווינט האָט אראָפּגעוואָרפן (שוין נאָכדעם ווי זיי האָבן דערגרייכט א דריטל פון זייער וואוקס) זענען אסור ביי אלע. **אפילו ביי רבעי, ווייל די דאָזיקע ניט־געננג־צײַטיקע פּרוכטן ווערן געוויינטליך גע־געסן.**

ט. ר׳ יוסי זאָגט, אז מען מעג פלאנצן א צווייג פון ערלה, אָבער מען טאָר ניט פלאנצן א נוס פון ערלה, ווייל עס איז א פּרוכט. **מען מעג אָפּשניידן א צווייג פון א בוים אין זײַנע ערלה־יאָרן און אים פארפלאנצן אין אן אנדער אָרט און עס זאָל ארויס־וואקסן פון אים אן אנדער בוים, כאָטש פון ערלה טאָר מען קיין הנאה ניט האָבן; ווייל דער צווייג איז דאָך ניט קיין פּרוכט, נאָר דאָס האָלץ פון בוים, און עס איז דעריבער ניט קיין ערלה. אָבער מען טאָר ניט נעמען א נוס פון ערלה און איר פארפלאנצן, אז עס זאָל ארויסוואקסן פון איר א בוים; מחמת די נוס איז א פּרוכט, און הייסט עס הנאה געהאט פון א ערלה־פּרוכט.** ואין מרכיבין, און מען טאָר ניט אריינפלאנצן (ארײַנ־גרעפטן, מרכיב־זײַן) צווייגן מיט אומצײַטיקע טייטלען (כפניות) פון ערלה. **מען טאָר ניט אָפּהאקן פון א ערלה־בוים א צווייג מיט ניט־צײַטיקע טייטלען (כפניות), און אים מרכיב־זײַן, ארײַנפלאנצן, ארײַנגרעפטן אין אן אלטן טייטל בוים, כדי זיי זאָלן דאָרט בעסער ארויסוואקסן; מחמת דאָס הייסט הנאה געהאט פון ערלה־טייטלען. אזוי טייטשט דער ר״ש דאָס וואָרט „כפניות". דער רמב״ם טייטשט „כפניות" די ייִנגע לולבים פון טייטל־ביימער, מחמת מענטשן עסן זיי און דעריבער זענען זיי ערלה. דער „ערוך" אין ערך „בסן" טייטשט „כפניות" ייִנגע טייטלען פון טייטלבוים א זכר, און ווען זיי זענען נאָך ייִנג שטויבט מען מיט זיי די צווייגן פון א טייטלבוים א נקבה, כדי זיי זאָלן וואקסן בעסער; די דאָזיקע זכר־טייטלען ווערן קיינמאָל ניט צײַטיק.**

## פרק ב.

א. התרומה, תרומה און תרומת מעשר פון דמאי (און אויך פון „ודאי"), חלה און ביכורים ווערן בטל אין הונדערט און איינס. **דעם דין האָבן מיר געהאט שוין עט־ליכע מאָל פריער אין דער משנה (תרומות פרק ד׳ משנה ז׳). תרומה און תרומת מעשר סיי פון דמאי און סיי פון ודאי** (זע וועגן דעם אין דער הקדמה צו מסכתא דמאי), און

**באחד ומאה, ומצטרפין זה עם זה, וצריך להרים. הערלה וכלאי הכרם עולים באחד ומאתים ומצטרפין זה עם זה ואין צריך להרים. ר׳ שמעון אומר, אינן מצטרפין. ר׳ אליעזר אומר מצטרפין בנותן טעם, אבל לא לאסור.**

---

חלה און ביכורים, מעג עסן נור א כהן, און מען דארף זיי אוועקגעבן צו א כהן. איז דער דין, אז אויב א סאה פון תרומה, אָדער פון תרומת מעשר, אָדער חלה אָדער ביכו־רים האָט זיך אויסגעמישט מיט 100 סאה פון חולין (וואָס אויך א ישראל מעג זיי עסן), ווערט די איינע סאה בטל און א ישראל מעג זיי עסן. דאָס הייסט עס גייט־אויף, „עולה״, עס ווערט בטל אין הונדערט און איינס, איינס אין הונדערט חולין. אָבער אויב עס איז געווען ווינציקער פון 100 חולין, ווערט די איינע סאה פרוכטן ניט בטל און א ישראל טאָר דעם געמיש ניט עסן. ומצטרפין, און זיי ווערן צוגערעכנט (זענען זיך מצרף) איי־נער מיטן צווייטן. אויב למשל א פערטל סאה תרומה און א פערטל סאה תרומת מעשר און א פערטל סאה חלה און א פערטל סאה ביכורים האָבן צוזאמען זיך אויסגעמישט מיט 99 סאה חולין, ווערן זיי גערעכנט צוזאמען ווי איין סאה, און אזוי ווי אין חולין איז דאָך נור פאראן 99, ווערט די סאה ניט בטל, כאָטש יעדער פון זיי באזונדער האָט נור א פערטל סאה; ווייל זיי הייסן אלע „תרומה״. וצריך להרים, און מען דארף אויפהייבן (ארויסנעמען). ווען עס איז פאראן חולין 100 סאה און עס איז ארייגעפאלן אין זיי איין סאה תרומה צי תרומת מעשר צי חלה צי ביכורים און די סאה ווערט בטל און א ישראל מעג זיי עסן, פונדעסטוועגן דארף מען ארויסנעמען פון געמיש איין סאה און זי אוועקגעבן דעם כהן, דעם כהן, ווייל אים, קומט דאָך א סאה. הערלה, ערלה און כלאי הכרם (ווייגאָרטן־כלאים) ווערן בטל אין צוויי הונדערט און איינס. אויב איין סאה פרוכטן פון ערלה אָדער איין סאה פון כלאי־הכרם (פון ווייגאָרטן־כלאים) האָט זיך אויסגעמישט מיט 200 סאה כשרע פרוכטן, ווערן די ערלה־אָדער כלאים־פרוכטן בטל און מען מעג אלץ עסן; אָבער אין ווינציקער פון 200, למשל אין 199 ווערן זיי ניט בטל. ומצטרפין, און זיי (ערלה און כלאים) ווערן גערעכנט צוזאמען (זענען זיך מצרף) איינער מיט דעם אנדערן. אויב א האלבע סאה ערלה און א האלבע סאה כלאים האָבן זיך צוזאמען אויסגעמישט מיט 199 סאה כשרע פרוכטן ווערן די צוויי האלבע סאהן פאררעכנט פאר איין סאה און זיי ווערן ניט בטל. דאָס איז ביי טרוקענע פרוכטן, אָבער אויב זיי זענען ארייגעפאלן אין פליסיקייט, (בלח, אין פליסיקייט), אין ווייז, צי אין א געקעכץ, ווערן זיי אויך פאררעכנט צוזאמען; אָבער דאָ אסרן זיי נאָר „בנותן טעם״, און אויב זיי געבן צוזאמען אריין א טעם אין געקעכץ, כאָטש יעדער באזונדער גיט ניט אריין קיין טעם, טאָר מען דאָס געקעכץ ניט עסן. ואין צריך להרים, און מען דארף ניט אויפהייבן (ארויסנעמען).. אויב איין ערלה אָדער כלאי הכרם פאלט אריין אין 200 כשרע און עס ווערט בטל, דארף מען גאָרניט ארויסנעמען פון געמיש, נאָר מען מעג אלץ עסן (ווי מיר האָבן געלערנט פריער דארף מען ביי תרומה, חלה, ביי־כורים יאָ ארויסנעמען. ר׳ שמעון זאָגט, אז זיי (ערלה און כלאי הכרם) ווערן ניט גע־רעכנט צוזאמען איינער מיטן אנדערן. אויב א האלבער סאה ערלה און א האלבער סאה כלאי הכרם זענען צוזאמען ארייגעפאלן אין 199 סאה כשרע פרוכטן ווערן זיי יאָ בטל; כאָטש צוזאמען האָבן זיי א סאה, אָבער יעדע פון זיי האָט נור א האלבע סאה, און עס איז ווי א האלבע סאה איז ארייגעפאלן אין 199 סאה. ר׳ אליעזר זאָגט, אז ביים אריינ־געבן א טעם (בנותן טעם) ווערן זיי גערעכנט צוזאמען, אָבער צו אסרן (ביי ווינציקער פון צוויי הונדערט און איינס) ווערן זיי ניט גערעכנט צוזאמען. מיר האָבן פריער גע־זאָגט, אז ביי טרוקענע זאכן (יבש) ווערט געאסר׳ט אויב עס איז ניטאָ אין געמיש 201 (200 כשרע אויף דעם איינעם ערלה אָדער כלאים), אָבער ביי געקעכץ, צי ווייז צי אַן אנדער פליסיקייט, ווערט געאסר׳ט נאָר ווען עס גיט אריין א טעם אין דעם געמיש.

**ב. התרומה מעלה את הערלה והערלה את התרומה. כיצד? סאה תרומה שנפלה למאה, ואחר כך נפלו שלשה קבין ערלה, או שלשה קבין כלאי הכרם, זו היא שהתרומה מעלה את הערלה, והערלה את התרומה.**

**ג. הערלה מעלה את הכלאים, והכלאים את הערלה, והערלה את הערלה. כיצד? סאה ערלה שנפלה למאתים, ואחר כך נפלה סאה ועוד ערלה, או סאה ועוד של כלאי הכרם. זו היא שהערלה מעלה את הכלאים, והכלאים את הערלה, והערלה את הערלה.**

---

זאָגט ר' אליעזר, אז בנוגע אריינגעבן א טעם ווערן ערלה און כלאי הכרם יאָ גערעכנט צוזאמען און אויב ביידע צוזאמען געבן אריין דעם טעם (כאָטש יעדער באַזונדער גיט ניט אריין דעם טעם) איז דאָס געמיש אסור. דאקייגן ביי טרוקענע פרוכטן, וואו עס ווערט אסור ביי ווינציקער פון 201, ווערן זיי ניט גערעכנט צוזאמען.

ב. התרומה, תרומה איז מבטל ערלה, און ערלה איז מבטל תרומה. ווי אזוי? א סאה תרומה וואָס איז אריינגעפאלן אין (עטוואָס ווינציקער פון) הונדערט סאה (חולין) און דערנאָך זענען דאָרט אריינגעפאלן דריי טעפּ (קבין) ערלה אָדער דריי טעפּ כלאי הכרם; דאָס איז, ווען תרומה איז מבטל ערלה און ערלה איז מבטל די תרומה. א סאה האָט 6 טעפּ (קבין), און 3 קבין איז א האלבע סאה. זאָגט די משנה, אז אויב אין עטוואָס ווינציקער פון 100 סאה, למשל אין 99 און א האלבע סאה חולין איז אריינגעפאלן א סאה תרומה; און ווייל כדי די תרומה זאָל בטל ווערן מוז דאָך זיין צוזאמען 101 סאה (100 סאה חולין און איין סאה תרומה), ווערט דאָ די סאה תרומה ניט בטל, און א ישראל טאָר דעם געמיש ניט עסן. ווי איז אָבער, אז באלד דערנאָך איז אין דאָזיקן געמיש (99 און א האלבע סאה חולין און איין סאה תרומה)׳ אריינגעפאלן א האלבע סאה (דריי טעפּ) ערלה, איז דאָך איצט פאראן די 101 סאה (99 און א האלבע סאה חולין צוזאמען מיט דער האלבער סאה ערלה זענען 100 סאה, און די איין סאה תרומה), ווערט די תרומה בטל א דאנק דער האלבער סאה ערלה. דאָס הייסט, אז ערלה איז מבטל תרומה און א ישראל מעג עסן דעם געמיש. ווידער כדי מבטל צו זיין די האלבע סאה ערלה, נוצט מען צו דעם סאה תרומה, וואָס איז אריינגעפאלן, און צוזאמען מיט דעם חולין איז פאראן 100 סאה קייגן א האלבע סאה ערלה, דאָס איז 201; 200 האלבע סאה פון חולין און תרומה קייגן א האלבע סאה ערלה. דאָס הייסט, אז תרומה העלפט מבטל זיין די ערלה. די מפרשים זאָגן, אז דער אויסדרוק „מאה״, „הונדערט״, מיינט ניט פונקט 100, נאָר 99 און א האלבס. דאָסזעלבע וואָס מיט ערלה איז אויך מיט וויינגאָרטן־כלאים, וואָס ווערט אויך בטל אין צוויי הונדערט און איינס.

ג. הערלה, ערלה איז מבטל כלאים, און כלאים איז מבטל ערלה, און ערלה איז מבטל ערלה. ווי אזוי? אז א סאה ערלה איז אריינגעפאלן אין צוויי הונדערט (סאה כשרע פרוכטן), און דערנאָך איז (אין זיי) אריינגעפאלן א סאה מיט עפּיס ערלה אָדער א סאה מיט עפּיס כלאי הכרם, דאָס הייסט, אז ערלה איז מבטל כלאי הכרם און כלאי הכרם איז מבטל ערלה און ערלה איז מבטל ערלה. דאָ איז דאָס זעלבע וואָס פריער ביי תרומה און ערלה. ווען די ערשטע סאה ערלה איז אריינגעפאלן אין 200 סאה כשרע פרוכטן, איז זי בטל געוואָרן און עס איז אלץ כשר. אויב דערנאָך איז אין דעם געמיש אריינגעפאלן א סאה און עפּיס כלאים, ווערט עס בטל אין די פריעריקע 201 סאה פון כשרע פרוכטן און ערלה. דאָס זעלבע איז אויך אויב עס איז דערנאָך אריינגעפאלן א סאה מיט עפּיס ערלה ווערט עס בטל אין די פריעריקע 201 סאה פון כשרע פרוכטן און ערלה. אזוי טייטשט דער רמבם, אז „מאתים״ (צוויי הונדערט) מיינט מען דאָ פּינקטליך צוויי הונדערט. אָבער דער ברטנורא טייטשט, אז מען מיינט ניט פּינקטליך, נאָר עטוואָס ווינציקער פון צוויי הונדערט (199), ווייל א ניט, וואָס הייסט, אז כלאים אין מבטל די ערלה, אין דער צייט ווען די סאה ערלה איז שוין בטל געוואָרן,

**ד. כל המחמץ והמתבל והמדמע בתרומה ובערלה ובכלאי הכרם, אָסור. בית שמאי אומרים, אף מטמא. ובית הלל אומרים, לעולם אינו מטמא עד שיהא בו כביצה.**

**ה. דוסתאי איש כפר יתמה היה מתלמידי בית שמאי, ואָמר שמעתי משמאי הזקן שאָמר, לעולם אינו מטמא עד שיהא בו כביצה.**

**ו. ולמה אָמרו כל המחמץ והמתבל והמדמע להחמיר? מין במינו.**

---

אָבער דער רמב״ם זאָגט, אז „כלאים איז מבטל ערלה״ מיינט, אז אויב עס איז געווען פאַרקערט: אין 200 סאה כשרע פרוכטן איז צוערשט אריינגעפאַלן א סאה כלאים און זי איז בטל געוואָרן, און דערנאָך איז אריינגעפאַלן א סאה מיט עפּיס ערלה ווערט די ערלה בטל צוליב דעם כלאים. דער ברטנורא זאָגט אז מיט דער צווייטער „סאה און עפּיס ערלה״ מיינט מען ניט ערלה נאָר „כרם רבעי״; דער „מלאכת שלמה״ ווייזט אָן, אז מען מיינט יאָ ערלה. דער „עפּיס״ מיינט איין צווײ הונדערטסטל פון א סאה, כדי עס זאָל בטל ווערן אין דער סאה ערלה, וואָס איז פריער אריינגעפאַלן.

ד. כל, אַלץ (אפילו א „כל שהוא״, עטוואָס) וואָס פאַרזייערט און באַווירצט און פאַרמישט ביי תרומה און ביי ערלה און ביי ווײַנגאָרטן־כלאים איז אסור. „מחמץ״, „פאַרזייערן״ מיינט, אז מען טוט אריין א שטיקל זויער־טייג אָדער אייזון אין א טייג אז עס זאָל יערן. „מתבל״ איז פון „תבלין״ געווירצן, און דאָס מיינט, אז מען טוט אריין שאַרפע געווירצן אין עסנוואַרג. „מדמע״ הייסט, ווי מיר האָבן געגעבן אין דער הקדמה צו מסכת תרומות, אויב תרומה פאַלט אריין אין חולין. די מפרשים טייטשן די משנה אזוי: אז כאָטש דער דין איז דאָך, אז תרומה ווערט בטל אין 101, און ערלה און כלאים ווערן בטל אין 201, פונדעסטוועגן אויב די תרומה אָדער די ערלה אָדער די כלאים זענען געווען פון זויערע זאכן אָדער פון געווירצן (תבלין), וועלכע באַווירצן דאָס עסנוואַרג, ווערט עס ניט בטל אפילו אין 101 ביי תרומה און 201 ביי ערלה און כלאים, מחמת עס איז שאַרף. אנשטאָט דעם וואָרט „והמדמע״, וואָס איז באמת שווער, איז דער רמבם גורס „מדמע״, און די משנה קומט אויס אזוי: „אז איי־נער פאַרזייערט אָדער באַווירצט, איז עס מדמע ביי תרומה; און ביי ערלה און ביי ווײַנגאָרטן כלאים איז עס אסור״, ווייל ביי תרומה ווערט עס ניט אסור (מחמת א כהן מעג דאָך עס עסן) נאָר עס ווערט „מדומע״, אסור צו א ישראל, און ביי ערלה און כלאי הכרם ווערט עס אסור. בית שמאי זאָגן, אז עס איז אויך מטמא. דער דין איז אז א שטיקל עסנוואַרג, וואָס איז קלענער פון אן איי (פּחות מכביצה), ווען עס איז טמא און עס רירט אָן אן אנדער עסנוואַרג, קאָן עס ניט מטמא־זיין, קאָן עס ניט מאַכן דאָס אַנ־דערע עסנוואַרג טמא. זאָגן די בית שמאי, אז אויב דאָס עסנוואַרג, וואָס איז קלענער פון אן איי, איז געווען זויער־טייג אָדער געווירצן און מען האָט דערמיט פאַרזייערט טייג אָדער באַווירצט א געקעכץ איז עס יאָ מטמא, כאָטש עס איז קלענער פון אן איי. ובית הלל, אָבער די בית הלל זאָגן, אז עס איז קיינמאָל ניט מטמא ביז עס איז דאָ אין דעם אזוי גרויס ווי אן איי. מיט „קיינמאָל״ מיינט מען, אז אפילו עס פאַרזויערט אָדער עס באַווירצט דאָס עסן, איז עס אויך ניט מטמא.

ה. דוסתאי פון כפר יתמא איז געווען פון די תלמידים פון בית שמאי, און ער האָט געזאָגט: איך האָב געהערט פון שמאי הזקן, ווי ער האָט געזאָגט, אז עס איז קיינ־מאָל ניט מטמא ביז עס איז פאַראַן אין אים אזוי גרויס ווי אן איי. עס זענען פאַראַן פאַלן, ווען שמאי איז מחולק מיט די בית שמאי, און אויך דאָ האָט שמאי אליין מסכים געווען מיט די בית הלל, אז עס מוז זיין גרויס ווי אן איי.

ו. ולמה אמרו, און ביי־וואָס האָבן זיי (די חכמים) געזאָגט, אז אַלץ וואָס פאַר־זייערט אָדער באַווירצט אָדער מישט אויס מיט תרומה איז מען מחמיר? ביי „איין מין מיט דעמזעלבן מין״. ווען דער זויערטייג, די געווירצן זענען פון דעמזעלבן מין,

**להקל ולהחמיר? מין בשאינו מינו. כיצד? שאור של חטים שנפל לתוך עיסת חטים, ויש בו כדי לחמץ, בין שיש בו לעלות באחד ומאה ובין שאין בו לעלות באחד ומאה אָסור. אין בו לעלות באחד ומאה, בין שיש בו כדי לחמץ, בין שאין בו כדי לחמץ, אָסור.**

**ז. „להקל ולהחמיר מין בשאינו מינו״ כיצד? כגון גריסין שנתבשלו עם עדשים, ויש בהם בנותן טעם, בין שיש בהם לעלות באחד ומאה ובין שאין בהם לעלות באחד ומאה, אָסור. אין בהם בנותן טעם, בין שיש בהם לעלות באחד ומאה ובין שאין בהם לעלות באחד ומאה, מותר.**

---

**וואָס דאָס עסנווארג, מיט וועלכן זיי האָבן זיך אויסגעמישט, ווערט עס ניט בטל, אפילו יוען עס איז דאָס קלענסטע ביסל; מען איז מחמיר.** להקל ולהחמיר? ביי וואָס (איז געזאָגט געוואָרן) אז טיילמאָל איז מען מיקל און טיילמאָל איז מען מחמיר? „ביי איין מין מיט ניט דעמזעלבן מין״.. **ווען דאָס זויערטייג צי די געווירצן האָבן זיך אויסגעמישט מיט עסנווארג וועלכע זענען ניט פון זעלבן מין וואָס זיי זענען.** כיצד? ווי אזוי? אויב זויערטייג (פון תרומה) פון ווייץ (ווייצנמעל) איז ארייננעפאלן אין א טייג פון ווייץ (ווייצנמעל), און עס איז אין דעם זויערטייג פאראן גענוג כדי צו פארזויערן (דאָס גאנצע טייג), איז סיי עס איז פאראן אין אים, אז עס זאָל בטל ווערן אין הונדערט־און־איינס (דאָס טייג איז הונדערט מאָל אזוי פיל וויפיל דאָס זויער־טייג) און סיי עס איז ניטאָ אין אים אז עס זאָל בטל ווערן אין הונדערט־און־איינס, איז אסור. **אויב עס איז נור מחמץ, עס פארזייערט, איז אפילו עס איז פאראן אין טייג הונדערט מאָל אזוי פיל ווי אין תרומה־זויערטייג, ווערט דאָס זויערטייג ניט בטל און דאָס גאנצע טייג איז אסור, ווייל עס איז „מין במינו״, דאָס זויער טייג איז פון דעם זעלבן מין, וואָס דאָס טייג; דאָס איינע איז ווייצנמעל און דאָס אנדערע איז ווייצנמעל.** אין בו, אויב עס איז ניטאָ אין אים בטל צו ווערן אין הונדערט־און־איינס (דאָס זויער טייג איז מער ווי איין הונדערטסטל פון טייג), איז סיי עס איז פאראן אין אים גענוג צו פארזויערן און סיי עס איז ניטאָ גענוג צו פארזויערן, איז אסור. **מען איז מחמיר אין בײדע פאלן. אויב דאָס זויערטייג מאכט זויער דאָס גאנצע טייג, איז אפילו עס איז פאראן אין טייג 100 מאָל אזוי פיל וויפיל דאָס זויערטייג, איז אלץ אסור. אויב ווידער עס איז ניט פאראן 100 מאָל אזוי פיל, איז אפילו דאָס זויערטייג קאָן ניט מאכן זויער איז עס אויך אסור. כדי עס זאָל זיין מותר מוזן זיין בײדע זאכן: דאָס טייג מוז זיין 100 מאָל אזוי פיל ווי דאָס זויער טייג, און דאָס זויער טייג זאָל ניט קאָנען פארזויערן דאָס טייג.**

ז. להקל ולהחמיר מין שאינו מינו כיצד? ווי אזוי מיינט מען, אז טיילמאָל איז מען מיקל און טיילמאָל איז מען מחמיר ביי איין מין וואָס איז אויסגעמישט געוואָרן מיט ניט זיין מין? א שטייגער צעשפאלטענע באָבעס (גריסין) פון תרומה זענען געקאָכט געוואָרן צוזאמען מיט לינזן (עדשים, א סאָרט ארבעס), און עס איז פאראן אין זיי (אין די תרומה־באָבעס) אזוי פיל אז זיי געבן אריין א טעם (אין די לינזן); איז דער דין, אז סיי עס איז פאראן הונדערט־און־איינס (הונדערט מאָל לינזן אויף איין מאָל תרומה־גריסין), סיי עס איז ניט פאראן הונדערט און איינס, איז אסור; אָבער אויב עס איז ניטאָ (אין די תרומה־גריסין) אזוי פיל אז זיי זאָלן אריינגעבן א טעם (אין די לינזן), סיי עס איז פאראן הונדערט און איינס, סיי עס איז ניט פאראן הונדערט און־איינס איז מותר. **ווייל צושפאלטענע באָבעס און לינזן זענען צוויי באזונדערע מינים, דעריבער אויב תרומה־באבעס האָבן זיך געקאָכט מיט לינזן פון חולין, קוקט מען ניט, צי די לינזן זענען הונדערט מאָל אזוי פיל ווי די באָבעס, נאָר מען קוקט, צי די תרומה־באָבעס געבן אריין א טעם אין די לינזן. מען איז מיקל, ווען עס גיט ניט אריין קיין טעם, און מען איז מחמיר, ווען עס גיט יאָ אריין א טעם.**

**ח. שאור של חולין שנפל לתוך עיסה ויש בו כדי לחמץ ואחר כך נפל שאור של תרומה, או שאור של כלאי הכרם, ויש בו כדי לחמץ, אָסור.**

**ט. שאור של חולין שנפל לתוך עיסה וחמצה, ואחר כך נפל שאור של תרומה, או שאור של כלאי הכרם, ויש בו כדי לחמץ, אָסור. ר׳ שמעון מתיר.**

**י. תבלין, שנים ושלשה שמות ממין אחד, או משלשה, אָסור ומצטרפין.**

---

ח. שאור של חולין, אויב זויערטייג פון חולין (חולין הייסט תבואה און פרוכטן, וואס אויך א ישראל מעג עסן) איז אריינגעפאלן אין א טייג און עס איז פאראן אין איר (אין דעם זויערטייג) גענוג, כדי עס זאָל זויערמאכן דאָס טייג (אָבער עס האָט נאָכניט זויער געמאכט), און (באלד) דערנאָך איז אריינגעפאלן אין זעלבן טייג זויערטייג פון תרומה אָדער פון ווייגאָרטן־כלאים, און אין איר (אין דעם זויערטייג פון תרומה צי כלאים) איז דאָ גענוג כדי זויער צו מאכן דאָס טייג, איז אסור. **א ישראל טאָר ניט עסן דאָס טייג, אויב דאָס צווייטע זויערטייג איז געווען תרומה, און קיינער טאָר עס ניט עסן אויב עס איז געווען פון כלאים; און מען זאָגט ניט, אז דאָס טייג וואָלט דאָך סיי ווי געזייערט געוואָרן דורך דעם חולין־זויערטייג.**

ט. שאור של חולין, אויב זויערטייג פון חולין איז אריינגעפאלן אין א טייג און האָט עס זויער געמאכט, און דערנאָך איז אין זעלבן טייג אריינגעפאלן זויערטייג פון תרומה אָדער זויערטייג פון ווייגאָרטן־כלאים, און עס איז דאָ אין איר (אין דעם תרומה־אָדער כלאים־זויערטייג) גענוג, כדי זויער צו מאכן דאָס טייג, איז אסור. **ניט נאָר איז אסור ווען דאָס זויערטייג פון חולין האָט נאָכניט געהאט זויער געמאכט דאָס טייג און עס איז אריינגעפאלן דערנאָך תרומה־אָדער כלאים־זויערטייג, (אזוי ווי מיר האָבן געלערנט פריער אין משנה ח׳), נאָר אפילו ווען דאָס זויערטייג פון חולין האָט שוין יאָ זויער געמאכט דאָס טייג, פונדעסטוועגן אויב עס איז דערנאָך אריינגעפאלן גענוג זויערטייג פון תרומה אָדער כלאים, איז אויך אסור.** ר׳ שמעון איז מתיר. **ווייל ר׳ שמעון האלט, אז קוים איז דאָס טייג שוין געווען פארזויערט (געיורן) דורך דעם חולין־זויערטייג, מאכט דאָס צווייטע זויערטייג פון תרומה צי כלאים גאָר קאליע דאָס טייג, עס איז א „נותן טעם לפגם״, עס גיט אריין אין דעם טייג א שלכטן טעם, מאכט דאָס טייג מער זויער ווי עס דארף זיין, און דעריבער איז עס מותר. און די סתם משנה האלט, אז עס איז אסור, ווייל דאָס טייג איז גוט צו באנוצן אלס זויערטייג אויף אריינצוטאָן אין אנדערע טייגן.**

י. תבלין, געווירצן פון צוויי דריי נעמען פון איין מין אָדער פון דריי מינים, זענען אסור און זיי ווערן צוזאמענגענומען. **כדי צו פארשטיין די משנה וועלן מיר געבן עטליכע דערקלערונגען. „שם״ איז דער טייטש א „נאָמען״. אָבער מיט „שם״ רופט מען אויך אָן דעם „נאָמען פון אן איסור, פון א פארבאָט, פון א עבירה״. למשל „ערלה״ איז דער „נאָמען פון דעם איסור ערלה״; „כלאים״ איז דער „נאָמען פון דעם איסור כלאים״, „תרומה״ איז דער „נאָמען פון דעם איסור״, וואס איז עובר א ישראל אויב ער עסט תרומה. „שנים שלשה שמות״, מיינט מען „צוויי דריי נעמען פון באזונדערע „איסורים״; למשל, אויב מען האָט דריי פרוכטן, איינע איז ערלה, און די צווייטע איז כלאים און די דריטע איז תרומה, הייסט עס, אז די דריי פרוכטן זענען פון „דריי נעמען״, פון דריי באזונדערע פארבאָטן. אויב אָבער די דריי פרוכטן זענען אלע ערלה, הייסט עס אז זיי זענען „פון איין נאָמען״, פון איין איסור, פון ערלה. „מין״ הייסט דער מין פון דער זאך, למשל ציבעלעס איז א באזונדער מין, פעפער איז א באזונדער מין. „תבלין״, געווירצן, מיינט מען דאָ יעדע זאך, וואס גיט אריין א שארפן טעם אין געקעכץ, למשל, פעפער, ציבעלעס, עסיג. זאָגט דאָ די משנה, אז אויב מען האָט אריינ־**

**ר׳ שמעון אומר, שנים ושלשה שמות ממין אחד, או שני מינין משם אחד, אינן מצטרפין.**

**יא שאור של חולין ושל תרומה שנפלו לתוך עיסה, לא בזה כדי לחמץ ולא בזה כדי לחמץ, נצטרפו וחמצו, — ר׳ אליעזר אומר, אחר האחרון אני בא; וחכמים אומרים בין שנפל (שאור) בתחילה בין בסוף, לעולם אינו אוסר עד שיהא בו כדי לחמץ.**

**יב. יועזר איש הבירה היה מתלמידי בית שמאי ואָמר, שאלתי את רבן גמליאל הזקן עומד בשער המזרח, ואָמר, לעולם אינו אוסר עד שיהא בו כדי לחמץ.**

---

**געטאָן אין א געקעכץ געווירצן פון צוויי אָדער דריי איסורים־נעמען, סיי פון איין מין, למשל דריי ציבעלעס איינע ערלה, איינע כלאים און איינע תרומה, סיי פון דריי מינים, למשל א ציבעלע כלאים, פעפער ערלה און עסיג תרומה, אסרן זיי דאָס געקעכץ און זיי ווערן צונויפגענומען און פאררעכנט פאר איינס. אויב למשל אין דער כלאים־ציבעלע איז ניט געווען גענוג כדי אריינצוגעבן א טעם אין געקעכץ, און אין דעם ערלה־פעפער איז אויך ניט געווען גענוג אריינצוגעבן דעם טעם, און אויך אין עסיק פון תרומה איז ניט געווען גענוג, אָבער אלע דריי צוזאמען האָבן יאָ אריינגעגעבן א טעם אין געקעכץ, ווערן זיי גערעכנט פאר איינס און זיי אסר׳ן דאָס געקעכץ. ר׳ שמעון** זאָגט, צוויי אָדער דריי נעמען (אפילו) פון איין מין, אָדער צוויי מינים (אפילו) פון איין נאָמען ווערן ניט צונויפגענומען. **לויט ר׳ שמעון מוז מען האָבן אי דעמזעלבן מין אי דעמזעלבן נאָמען.**

יא. שאור של חולין, אויב זויערטייג פון חולין און זויערטייג פון תרומה זענען אריינגעפאלן אין א טייג, און ניט עס איז פאראן אין דעם (חולין־זויערטייג) גענוג, כדי צו מאכן דאָס טייג זויער, און ניט עס איז פאראן אין דעם (תרומה־זויערטייג) גענוג, כדי צו מאכן דאָס טייג זויער, און זיי ביידע האָבן זיך צונויפגענומען און זויערגע־מאכט דאָס טייג, זאָגט ר׳ אליעזר, אז מיר גייען נאָכן לעצטען. **אויב צוערשט איז אריינ־געפאלן דאָס חולין־זויערטייג און דערנאָך דאָס תרומה־זויערטייג איז דאָס טייג אסור, און א ישראל טאָר עס ניט עסן, מחמת צום לעצט איז דאָך אריינגעפאלן די תרומה און זי האָט דאָך געמאכט, אז דאָס טייג זאָל זויער ווערן.** וחכמים, אָבער די חכמים זאָגן, אז סיי דער איסור (די תרומה) איז אריינגעפאלן צוערשט און סיי צום סוף, אסר׳ט ער ניט, סיידן עס איז דאָ אין אים (אין דעם תרומה־זויערטייג) גענוג כדי צו מאכן דאָס טייג זויער. **די גמרא אין פסחים כ״ו זאָגט, אז די מחלוקה איז, וואָס די חכמים האַלטן, אז „זה וזה גורם מותר״, אז אויב א זאך וואָס איז מותר און א זאך וואָס איז אסור, האָבן ביידע צוזאמען גורם געווען אז דאָס טייג זאָל זויער ווערן, איז דאָס טייג מותר; און ר׳ אליעזר האַלט, אז „זה וזה גורם אסור״; און אביי זאָגט דאָרט אז דאָס וואָס ר׳ אליעזר זאָגט, אז אויב צום סוף איז אריינגעפאלן דאָס חולין־זויערטייג איז מותר, מיינט מען נאָר, ווען מען האָט פריער ארויסגענומען דאָס תרומה־זויערטייג.**

י״ב. יועזר איש הבירה איז געווען פון די תלמידים פון בית שמאי און ער האָט געזאָגט: איך האָב געפרעגט רבן גמליאל הזקן, ווען ער איז געשטאַנען אין מזרח־טויער פון הר הבית (דעם בארג, אויף וועלכן דאָס בית המקדש איז געשטאַנען), און ער האָט געזאָגט, אז עס אסר׳ט קיינמאָל ניט (אויב עס זענען אריינגעפאלן אין טייג זויערטייג פון חולין און זויערטייג פון תרומה), סיידן עס איז פאראן אין אים (אין דעם תרומה־זויער־טייג) גענוג כדי צו מאכן דאָס טייג זויער. **דאָס הייסט, אז דער דין איז ניט ווי ר׳ אליעזר נאָר ווי די חכמים (פריער אין משנה י״א). איש הבירה האָט צוויי טייטשן: איינער איז, אז ער איז געווען פון אָרט „בירה״; א צווייטער איז, אז דאָס מיינט „דער מאן וואָס איז געווען ממונה איבער דעם בית המקדש, מחמת דאָס בית המקדש האָט**

**יג. כלים שסכן בשמן טמא, וחזר וסכן בשמן טהור, או שסכן בשמן טהור וחזר וסכן בשמן טמא. — ר׳ אליעזר אומר, אחר הראשון אני באָ; וחכמים אומרים, אחר האחרון.**

**יד. שאור של תרומה ושל כלאי הכרם שנפלו לתוך עיסה, לא בזה כדי לחמץ ולא בזה כדי לחמץ, ונצטרפו וחמצו, אָסור לזרים ומותר לכהנים. ר׳ שמעון מתיר לזרים ולכהנים.**

**טו. תבלין של תרומה ושל כלאי הכרם שנפלו בקדרה, לא באלו כדי לתבל ולא באלו כדי לתבל, ונצטרפו ותבלו, אָסור לזרים ומותר לכהנים. ר׳ שמעון מתיר לזרים ולכהנים.**

---

געהייסן „בירה״ (די הויפט־שטאָט), ווי די גמרא זאָגט אין יומא ב׳ „כל המקדש כולו קרוי בירה״. **רבן גמליאל הזקן איז געווען נשיא; ער איז געווען דער זיידע פון רבן גמליאל פון יבנה, און ער האָט געלעבט לערך 20 יאָר פאַר דעם חורבן פון 2טן בית המקדש.**

י״ג. כלים, אויב מען האָט געשמירט כלים (זאכן פון לעדער, ווי שיך) מיט טמא־אייל און דערנאָך האָט מען זיי געשמירט מיט טהור־אייל, אָדער מען האָט זיי (צוערשט) געשמירט מיט טהור־אייל, און דערנאָך האָט מען זיי געשמירט מיט טמא־אייל, זאָגט ר׳ אליעזר, אז מיר גייען נאָך דעם ערשטן (אייל); און די חכמים זאָגן, אז מיר גייען נאָך דעם לעצטן (אייל). **דער ר״ש טייטשט די משנה, אז מען מיינט, דאָס נאָכדעם ווי מען האָט די לעדערנע זאכן אויסגעשמירט מיט טמא־אייל און דאָס אייל איז געוואָרן איינגעזאפּט, האָט מען די זאכן טובל געווען, און זיי זענען געוואָרן טהור. דערנאָך האָט מען זיי געשמירט מיט טהור־אייל. ווען מען נוצט די זאכן קומט ארויס דאָס אייל פון אינווייניג. זאָגט ר׳ אליעזר אז דאָס אייל, וואָס קומט ארויס איז דאָס ערשטע אייל, דאָס טמא־אייל, און דעריבער זענען די זאכן טמא. אָבער די חכמים זאָגן, אז דאָס אייל, וואָס קומט ארויס, איז דאָס לעצטע אייל, דאָס טהור־אייל, און די זאכן זענען טהור.**

י״ד. שאור של תרומה, אויב זויערטייג פון תרומה און זויערטייג פון וויינגאָרטן־כלאים זענען אריינגעפאלן אין א טייג, ניט אין דעם (זויערטייג פון תרומה) איז פאראן גענוג כדי צו מאכן דאָס טייג זויער, און ניט אין דעם (זויערטייג פון כלאים) איז פאראן גענוג צו מאכן דאָס טייג זויער, און זיי האָבן זיך צונויפגענומען און צוזאמען זויער געמאכט דאָס טייג, איז אסור צו זרים און מותר צו כהנים. „זרים״ מיינט **ישראלים און לויים, וואָס טאָרן ניט עסן קיין תרומה. די משנה זאָגט, אז די צוויי זויערטייגן ווערן צונויפגענומען; און ווייל א ישראל טאָר ניט עסן קיין תרומה און ער טאָר אויך ניט עסן קיין כלאים, טאָר ער ממילא ניט עסן דאָס טייג, אָבער כהנים מעגן דאָס טייג יאָ עסן, ווייל כאָטש ס'איז אויך פאראן כלאים־זויערטייג, אָבער אין דעם כלאים איז דאָך ניט גענוג געווען זויער צו מאכן דאָס טייג, און עס האָט דאָך זויער געמאכט נאָר צוזאמען מיט דער תרומה, און די תרומה מעגן דאָך כהנים עסן.** ר׳ שמעון איז מתיר (צו עסן דאָס טייג) סיי פאַר זרים און סיי פאַר כהנים. **ר׳ שמעון האלט ווי זיין שיטה פריער אין משנה י׳, אז „צוויי נעמען״, צוויי איסורים ווערן ניט צונויפגענומען.**

ט״ו. תבלין, געווירצן פון תרומה און פון וויינגאָרטן־כלאים וואָס זענען אריינגעפאלן אין א טאָפּ (מיט געקעכץ), און ניט אין די (תרומה־געווירצן) איז פאראן גענוג צו באווירצן (דאָס געקעכץ) און ניט אין די (געווירצן פון כלאים) איז פאראן גענוג צו באווירצן, און זיי האָבן צוזאמען יאָ באווירצט, איז (דאָס געקעכץ) אסור צו זרים און מותר צו כהנים; ר׳ שמעון איז מתיר צו זרים און צו כהנים. **דאָס איז דערזעלבער דין וואָס די פריערדיקע משנה י״ד, נאָר דאָרט איז געווען וועגן „שאור״, זויערטייג, און דאָ איז וועגן „תבלין״, געווירצן.**

טז. **חתיכה של קדשי קדשים, של פיגול ושל נותר שנתבשלו עם החתיכות, אָסור לזרים ומותר לכהנים. ר׳ שמעון מתיר לזרים ולכהנים.**

יז. **בשר קדשי קדשים ובשר קדשים קלים שנתבשלו עם בשר התאוה, אָסור לטמאים ומותר לטהורים.**

---

ט״ז. חתיכה, אויב א שטיק (פלייש) פון קדשי קדשים (דאָס זענען קרבנות, וואָס זייער פלייש מעגן עסן נור כהנים), און א שטיק פלייש פון פיגול אָדער נותר (דאָס טאָרן אויך כהנים ניט עסן) זענען געקאָכט געוואָרן צוזאמען מיט שטיקער פלייש (גע־וויינטליכע פלייש, וואָס אויך א ישראל מעג עסן) איז דאָס גאַנצע געקעכץ אסור צו זרים (ניט־כהנים) און מותר צו כהנים. קדשי קדשים, „הייליקסטע קרבנות״, הייסן **אזעלכע קרבנות ווי חטאת, אשם, און זייער פלייש מעגן עסן נור כהנים; ישראלים טאָרן זייער פלייש ניט עסן. „פיגול״ הייסט דאָס פלייש פון א קרבן, וואָס בשעת דער כהן האָט אים מקריב געווען האָט ער געהאַט א שלעכטע מחשבה. ער האָט אין זינען געהאַט, אז ער זאָל עסן דאָס פלייש נאָך דער דערלויבטער צייט; למשל, קדשי קדשים מעג מען דאָס פלייש עסן נור א טאָג און א נאַכט נאָכן מקריב זיין, און ער, דער כהן, האָט אין זינען געהאַט, אז ער זאָל עסן דעם צווייטן טאָג, ווען מען טאָר שוין ניט. „נותר״ הייסט דאָס פלייש, וואָס בלייבט איבער נאָך דער צייט; למשל ביי קדשי קדשים, אויב דאָס פלייש איז געבליבן אויפן צווייטן טאָג הייסט עס „נותר״ (איבערגעבליבן). סיי פיגול און סיי נותר טאָרן אויך כהנים ניט עסן. זאָגט די משנה, אז אויב מען האָט געקאָכט א סך שטיקער געוויינטליך פלייש, וואָס סיי ישראלים און סיי כהנים מעגן עס עסן, און צוזאמען מיט זיי זענען געווען איין שטיק פלייש פון קדשי קדשים און איין שטיק פלייש פון פיגול אָדער נותר, און די געוויינטליכע שטיקער פלייש זענען געווען נאָר אזוי פיל, אז זיי קאָנען מבטל זיין נור איין שטיק פלייש, אָדער דעם קדשי קדשים אָדער דעם פיגול (צי דעם נותר), אָבער ביידע שטיקער פלייש צוזאמען קאָ־נען זיי ניט מבטל זיין, איז דאָס גאנצע געקעכץ אסור פאַר ישראלים. מחמת פאַר זיי זענען דאָך ביידע שטיקער פלייש (די קדשי קדשים און דער פיגול צי נותר) אסור, און דעריבער ווערן זיי גערעכנט צוזאמען. אָבער כהנים מעגן עס עסן, ווייל פאַר כהנים איז דאָך אסור בלויז דער פיגול (אָדער דער נותר) און אין די אנדערע שטיקער פלייש איז פאַראַן גענוג מבטל צו זיין דעם פיגול (אָדער דעם נותר).** ר׳ שמעון אי. מתיר סיי צו זרים (ניט כהנים) און סיי צו כהנים. **ר׳ שמעון גייט לויט זיין שיטה פריער אין משנה ט״ו, אז צוויי באזונדערע איסורים (קדשי קדשים פאַר ישראלים און פיגול) ווערן ניט גערעכנט צוזאמען.**

י״ז. בשר, פלייש פון קדשי קדשים און פלייש פון קדשים קלים („לייכטע קרבנות״, ווי שלמים, דאָס פלייש פון קדשים קלים מעג אויך א ישראל עסן) וואָס זע־נען געקאָכט געוואָרן מיט פלייש פון חולין (געוויינטלעך פלייש, „בשר תאוה״), איז דאָס געקעכץ אסור צו טמאים און מותר צו טהורים. **קדשי קדשים מעגן עסן נור כהנים; קדשים קלים מעגן עסן אויך ישראלים. אָבער די דאָזיקע ביידע קרבנות־פליישן מעגן עסן נור מענטשן וועלכע זענען טהור; דאגעגן מענטשן וועלכע זענען געוואָרן טמא, טמאים, טאָרן זיי ניט עסן. „בשר תאוה״ הייסט געוויינטליך פלייש, פון חולין, ניט פון קרבנות (וועגן וואָרט „בשר תאוה״ זע פריער אין מסכתא מעשר שני פרק א׳ משנה ד׳), און דאָס מעגן עסן אלע, אויך ישראלים אפילו זיי זענען טמא. זאָגט דאָ די משנה, אז אויב איין שטיקל פלייש פון קדשי קדשים און איין שטיקל פלייש פון קדשים קלים האָבן זיך אויסגעמישט מיט געוויינטלעך פלייש און דאָס גע־וויינליכע פלייש איז פאַראַן נאָר אזוי פיל, אז עס קאָן מבטל זיין נור איינעם פון די קרבנות־שטיקלעך, אָבער ניט ביידע, ווערן ביידע שטיקלעך פלייש, פון קדשי קדשים און פון קדשים קלים, צוזאמענגערעכנט, אז דאָס געקעכץ זאָלן ניט טאָרן עסן טמאים.**

פרק ג.

**א. בגד שצבעו בקליפי ערלה ידלק. נתערב באחרים, כולם ידלקו, דברי ר׳ מאיר; וחכמים אומרים, יעלה באחד ומאתים.**

**ב. הצובע מלוא הסיט בקליפי ערלה וארגו בבגד, ואין ידוע איזה הוא, ר׳ מאיר אומר ידלק הבגד. וחכמים אומרים, יעלה באחד ומאתים.**

**ג. האורג מלוא הסיט מצמר הבכור בבגד, ידלק הבגד; ומשער**

---

**דאָ איז אויך ר׳ שמעון מודה, ווייל דער איסור פאר טמאים צו עסן קדשי קדשים און קדשים קלים איז דער זעלבער איסור, דערזעלבער נאָמען „קרבנות״.**

פרק ג.

א. בגד, א קלייד, וואָס מען האָט געפארבט מיט שאָלעכץ פון ערלה־(פרוכטן) זאָל מען פארברענען. **עס איז פאראן שאָלעכץ פון פרוכטן, פון וועלכע מען באקומט ארויס פארב־מאַטעריאַלן, ווי שאָלעכץ פון ניס און מילגרוימען. זאָגט די משנה, אז אויך פון די שאָלעכץ פון ערלה־פרוכטן טאָר מען ניט הנאה האָבן, און אויב מען האָט מיט זייער פארב געפארבט א קלייד, דארף מען דאָס קלייד פארברענען.** נתערב, אויב דאָס קלייד האָט זיך אויסגעמישט מיט אנדערע קליידער (און מען דערקענט ניט וועלכעס עס איז דאָס געפארבטע מיט ערלה), זאָל מען אלע (קליידער) פארברענען, אזוי זאָגט ר׳ מאיר. **ווייל ר׳ מאיר האלט, אז ביי קליידער איז יעדעס קלייד באזונדער א חשובע זאך, און ביים פארקויפן קליידער ציילט מען וויפיל קליידער עס איז פאראן (שדרכו למנות), און דעריבער ווערט עס ניט בטל.** וחכמים, אָבער די חכמים זאָגן, אז עס ווערט בטל אין צוויי הונדערט־און־איינס. **אויב דאָס קלייד האָט זיך אויסגעמישט צווישן אנדערע 200 כשרע קליידער, און צוזאמען זענען זיי 201 קליידער, ווערט דאָס ערלה־קלייד יאָ בטל, און מען מעג אלע נוצן. די יסוד־מחלוקה צווישן ר׳ מאיר און די חכמים געפינט זיך ווייטער אין משנה ו׳ און ז׳.**

ב. הצובע, אז איינער פארבט מיט ערלה־שאָלעכץ (א שטיקל פאָדעם) וואָס איז אזוי לאנג ווי די ברייט פון א „סיט״ (דאָס איז די ברייט צווישן דעם צווייטן פינגער און דעם דריטן פינגער פון א מענטש׳ס האנד, און די צוויי פינגער זענען אָפגעצויגן איינער פון צווייטן), און ער האָט עס אריינגעוועבט אין א קלייד און מען ווייסט ניט וועלכעס עס איז (וואָסער שטיקל עס איז אין קלייד), זאָגט ר׳ מאיר, אז מען זאָל דאָס קלייד פארברענען; און די חכמים זאָגן, אז עס ווערט בטל און צוויי הונדערט און איינס. **ר׳ מאיר האלט, אז א שטיקל פאָדעם וואָס איז אזוי לאנג ווי די ברייט פון א „סיט״, איז א חשובע זאך און ווערט ניט בטל. און די חכמים זאָגן, אז אויב אין קלייד זענען פאראן 200 אנדערע כשר׳ע פעדים און צוזאמען מיט דעם ערלה־פאָדים 201, ווערט דער ערלה־פאָדים בטל.**

ג. האורג, אויב איינער וועבט־אריין (א פאָדעם) די ברייט פון א סיט, פון וואָל פון א בכור, אין א קלייד אריין, זאָל מען דאָס קלייד פארברענען. **א בכור הייסט דאָס ערשטע געבוירענע קינד פון א כשרער בהמה, און עס איז הייליג, און מען דארף עס געבן דעם כהן, און אויב עס איז גאנץ דארף עס דער כהן מקריב זיין, און אויב עס האָט א מום, מעג מען עס שעכטן אומעטום און יעדער מעג עסן דאָס פלייש. די תורה (דברים ט״ו) זאָגט אָן לא תגוז בכור צאנך, אז מען טאָר ניט אָפשערן די וואָל פון א בכור. אויב מען האָט אָפגעשוירן די וואָל טאָר מען פון איר קיין הנאה ניט האָבן. זאָגט די משנה, אז אויב מען האָט פון דער בכור־וואָל אריינגעוועבט אין א קלייד א פאָדעם אזוי גרויס ווי די ברייט פון א „סיט״, זאָל מען דאָס קלייד פארברענען, און עס ווערט ניט בטל. דער ברטנורא זאָגט, אז דאָ מיינט מען וואָל פון א בכור א בעל מום, ווייל פון א בכור א גאנצן (א תם), וואָס מען דארף מקריב זיין א טייל פון אים, איז ער דאָך קדשים, איז אפילו דער פאָדעם איז ניט געווען אזוי גרויס ווי די ברייט פון א „סיט״**

**הנזיר ומפטר חמור בשק, ידלק השק, ובמוקדשין מקדשין כל שהן.**
**ד. תבשיל שבשלו בקליפי ערלה ידלק. נתערב באחרים יעלה באחד ומאתים.**
**ה. תנור שהסיקוהו בקליפי ערלה ואפה בו את הפת, תדלק הפת. נתערבה באחרות, תעלה באחד ומאתים.**
**ו. מי שהיו לו חבילי תלתן של כלאי הכרם, ידלקו. נתערבו באחרים, כולם ידלקו דברי ר' מאיר, וחכמים אומרים, יעלו באחד ומאתים.**

---

**ווערט ער אויך ניט בטל, ווי מיר וועלן באלד לערנען אין דער משנה.** ומשער הנזיר, און אויב (מען האָט איינגעוועבט) פון די האָר פון א נזיר אָדער פון די האָר פון א פטר חמור (א אייזל־בכור, וואָס מען האָט אים אָפּגעהאַקט דעם קאָפּ) אין א זאַק (שק) זאָל מען דעם זאַק פאַרברענען. **„שק" ווערט אין דער משנה און גמרא אָנגערופן א קלייד, וואָס איז געמאַכט פון האָר. דער דין איז, אז ווען א מענטש טוט א נדר צו זיין א נזיר, טאָר ער 30 טעג ניט אָפּשערן זיך, און פון זיינע האָר טאָר מען ניט קיין הנאה האָבן. אויך איז דער דין, אז דאָס ערשטע קינד, וואָס ווערט געבוירן ביי אן אייזל, „פטר חמור", („פטר", די „עפנונג", דאָס ערשטע) דאַרף מען אויסלייזן מיט א שעפּסל און געבן דאָס שעפּסל דעם כהן; און אויב מען לייזט עס ניט אויס, דאַרף מען דאָס אייזעלע אָפּהאַקן דעם קאָפּ. פון דעם אייזעלע, נאָכדעם ווי מען האָט עס אָפּגעהאַקט דעם קאָפּ, טאָר מען ניט קיין הנאה האָבן. זאָגט די משנה, אז מען האָט איינגעוועבט א פאָדעם פון די האָר פון א נזיר אָדער פון א פטר חמור אין א זאַק זאָל מען דעם זאַק פאַרברענען.** ובמוקדשין, און הייליקע זאַכן אסרן אפילו מיט זייער קלענסטן טייל (כל שהן). **אויב א זאַך, וואָס מען האָט מקדיש געווען צום בית המקדש, האָט זיך אויסגעמישט מיט אנ־דערע זאַכן, ווערט די הקדש־זאַך ניט בטל, אפילו עס האָט זיך אויסגעמישט איין הקדש זאַך צווישן טויזנטער.**

ד. תבשיל, געקעכץ, וואָס מען האָט געקאָכט מיט שאָלעכץ פון ערלה (מען האָט איינגעהייצט די קיך מיט שאָלעכץ פון ערלה־פרוכטן און דערויף געקאָכט א געקעכץ), זאָל מען עס פאַרברענען. **כאָטש אין געקעכץ זעלבסט איז דאָך ניטאָ קיין ערלה, אָבער ווייל עס איז געקאָכט געוואָרן אויף פייער פון ערלה־שאָלעכץ הייסט עס הנאה געהאַט פון ערלה.** נתערב, אויב דאָס געקעכץ האָט זיך אויסגעמישט מיט אנדערע געקעכצן ווערט עס בטל אין צוויי הונדערט־און־איינס. **אפילו ר' מאיר, וועלכער האלט פריער אין די משנות א' און ב' אז עס ווערט ניט בטל, איז דאָ מודה, אז עס ווערט בטל, ווייל געקעכץ איז ניט קיין חשוב'ע זאַך.**

ה. תנור, אויב מען האָט איינגעהייצט אן אויוון מיט שאָלעכץ פון ערלה־פרוכטן און מען האָט אין אים געבאַקן ברויט, זאָל מען דאָס ברויט פאַרברענען; אויב (דאָס ברויט) האָט זיך אויסגעמישט מיט אנדערע (ברויטן) ווערט עס בטל אין צוויי הונדערט־און־איינס. **די גמרא פסחים כ"ז זאָגט, אז מען דאַרף דאָס ברויט פאַרברענען נור ווען דאָס ברויט האָט זיך געבאַקן ווען דאָס פייער האָט געברענט; אָבער אויב דאָס פייער האָט שוין ניט געברענט, און דאָס ברויט האָט זיך געבאַקן פון דער היץ, מעג עס עסן.**

ו. מי שהיו, אז איינער האָט געהאַט בינטלעך גריכישע היי פון וויינגאָרטן־כלאים (די גריכישע היי זענען געוואַקסן אין א וויינגאָרטן, און פון וויינגאָרטן־כלאים טאָר מען ניט האָבן קיין הנאה), זאָל מען זיי פאַרברענען; אויב זיי האָבן זיך אויסגעמישט מיט אנדערע (כשרע בינטלעך גריכישע היי און מען דערקענט ניט דאָס כלאים־בינטל) זאָל מען אלע פאַרברענען, אזוי זאָגט ר' מאיר; אָבער די חכמים זאָגן, אז עס ווערט בטל אין צוויי הונדערט־און־איינס. **דער ירושלמי זאָגט, אז מיט „חבילה" מיינט מען דאָ א גרויסן בונט, וואָס האָט פינף און צוואַנציג היי־שטעקלאַך, און דער שטייגער איז,**

ז. שהיה ר' מאיר אומר, את שדרכו למנות מקדש; וחכמים אומרים, אינו מקדש אלא ששה דברים בלבד. ור' עקיבא אומר, שבעה, ואלו הם: אגוזי פרך, ורמוני בדן, וחביות סתומות, וחלפות תרדין, וקולסי כרוב ודלעת יונית. ר' עקיבא אומר, אף ככרות של בעל הבית. הראוי לערלה — ערלה, לכלאי הכרם — כלאי הכרם.

ח. (כיצד) נתפצעו האגוזים, נתפרדו הרמונים, נתפתחו החביות, נתחתכו הדלועים, נתפרסו הככרות — יעלו באחד ומאתים.

ט. ספק ערלה, בארץ ישראל אָסור, ובסוריא מותר, ובחוצה לארץ

---

**אז אזעלכע בינטלעך פארקויפט מען ניט אויף דער וואָג נאָר אויף דער צאָל, מען ציילט אָפּ וויפיל בינטלעך עס איז פאראַן. די משנה ווערט באלד זאָגן, אין וואָס עס באשטייט די מחלוקה צווישן ר' מאיר און די חכמים.**

ז. שהיה, ווייל ר' מאיר זאָגט, אז דאָס וואָס איז דער שטייגער צו ציילן אסר'ט. **לויט ר' מאיר קאָן ניט בטל ווערן א זאך, וואָס עס איז דער שטייגער אז מען ציילט עס. דאָס וואָרט „מקדש", „אסרן", ווערט באנוצט אין דער משנה א סך מאָל ביי ווייַנגאָרטן־כלאים צוליב דעם פסוק אין חומש דברים כ"ב „פּן תקדש המלאה".** וחכמים, אָבער די חכמים זאָגן, אז עס אסרן (און ווערן ניט בטל) נאָר זעקס זאכן, און ר' עקיבא זאָגט, אז זיבן זאכן, און דאָס זיינען זיי: אגוזי פרך, ניס פון אָרט פרך, רימוני בדן, מילגרוימען פון אָרט בדן, וחביות סתומות, און פארמאכטע פעסער וויין, וחולפות תרדין, און די וויַיכע בלעטער פון מאנגאָלד, וקולסי כרוב, און שטענגלעך פון טייערן קרויט, ודלעת היונית, גריכישער קירבים; ר' עקיבא זאָגט, אז אויך לאבנס־ברויט פון א בעל הבית. **די דאָזיקע זעקס זאכן, און לויט ר' עקיבא זיבן זאכן (מחמת ער לייגט צו אויך „די לאבנס־ברויט פון א בעל הבית") זענען חשוב און דעריבער ווערן זיי ניט בטל. לויט טייל מיינט מען „אגוזי פרך" קאָקוס־ניס. „קולסי" זאָל זיין פון לאטייניש וואָרט „קאוליס", „שטענגלעך". „ככרות של בעל הבית" מיינט מען לאבנס־ברויט, וואָס א בעל הבית באקט פאר זיך, און זיי זענען גרויסע, און דעריבער זענען זיי חשוב; אָבער די ברייטלעך פון א בעקער זענען קליינע און ניט חשוב.** הראוי, וואָס (פון די דאָזיקע זיבן זאכן) עס קאָן זיין ערלה, מיינט מען דערמיט ערלה, און וואָס עס קאָן זיין ווייַנגאָרטן־כלאים מיינט מען ווייַנגאָרטן־כלאים. **למשל ניס, מילגרוימען און וויין קאָנען זיין פון ערלה; אָבער מאנגאָלד (אזא גרינס) צי קרויט, צי** קירבים (דיניע), צי ברייטלעך קאָנען ניט זיין קיין ערלה, **מחמת ערלה איז דאָך נור פון פרוכטן־ביימער, דעריבער מיינט מען מיט זיי ווייַנגאָרטן־כלאים, ווייל אויב מען פלאנצט זיי אין א ווייַנגאָרטן זענען זיי ווייַנגאָרטן־כלאים.**

ח. כיצד, ווי אזוי? **ווי אזוי ווערן אויך די דאָזיקע זיבן זאכן פון ערלה צי פון כלאים בטל, אויב זיי מישן זיך אויס מיט אנדערע כשרע זאכן?** נתפצעו האגוזים, אויב די ניס זענען געוואָרן צעשפּאלטן, די מילגרוימען צעטיילט (יעדער מילגרוים איז געוואָרן צעטיילט אויף באזונדערע טיילן), די פעסער געעפנט, די קירביסן צעשניטן, די לאבנס־ברייטלעך צעבראָכן אויף שטיקער (פּרוסות, שטיקער, „נתפרסו" צעבראָכן אויף שטיקער), ווערן זיי בטל אין צוויי הונדערט־און־איינס. **מחמת קוים זענען זיי ניט גאנצע, זענען זיי ניט מער חשוב און זיי האָבן דעם דין ווי אלע אנדערע זאכן פון ערלה צי כלאי הכרם און ווערן בטל אויב זיי מישן זיך אויס מיט 200 כשרע זאכן, אזוי אז זיי זאָלן זיין צוזאמען מיט די כשרע צוויי הונדערט־און־איינס.**

ט. ספק ערלה, פרוכטן, וואָס מען איז אין ספק צי זיי זענען ערלה (א גוי האָט א גאָרטן מיט יונגע ערלה־ביימער און אלטע ביימער און ער פאַרקויפט פרוכטן און מען ווייסט ניט צי דאָס זענען פון די ערלה צי פון די כשרע), איז אין ארץ ישראל אסור. **ווייל אין ארץ ישראל איז דאָך ערלה אסור פון דער תורה, מדאורייתא און ביי א ספק**

**יורד ולוקח, ובלבד שלא יראנו לוקט. כרם נטוע ירק, וירק נמכר חוצה לו, בארץ ישראל אָסור, ובסוריא מותר, ובחוצה לארץ יורד ולוקט, ובלבד שלא ילקוט ביד. החדש אָסור מן התורה בכל מקום, והערלה הלכה, והכלאים מדברי סופרים.**

**אין א זאך וואָס איז אסור מדאורייתא גייט מען לחומרא און מען אסר'ט. ובסוריא,** אָבער אין סוריא איז מותר. **מיר האָבן פריער אין מסכתא חלה פרק ד' משנה ז' געזאָגט אז סוריא איז דאָס לאנד צו צפון פון ארץ ישראל, וואָס ווערט ניט באטראכט ווי דאָס ריכטיקע ארץ ישראל. עס האָט נור געוויסע דינים פון ארץ ישראל, אָבער שטארק מחמיר ביי זיי איז מען ניט, און מחמת דעם, אויב די ערלה איז א ספק מעג מען אין סוריא עסן.** ובחוצה לארץ, אָבער אין חוץ לארץ (אין די לענדער אויסער ארץ ישראל און אויסער סוריא) מעג מען אראָפגיין (צום גוי אין גאָרטן) און קויפן אָבער ער זאָל אים ניט זען אָפרייסן. **די מפרשים טייטשן, אז מען מעג קויפן ווען עס איז פאראַן כאָטש דער קלענסטער ספק, אז זיי זענען ניט פון ערלה.** כרם נטוע ירק, אויב א ווייַנ־גאָרטן איז פארפלאנצט מיט גרינס (און דאָס איז דאָך וויינגאָרטן־כלאים און מען טאָר עס ניט נוצן) און אין דרויסן פון וויינגאָרטן פארקויפט מען גרינס, איז עס אין ארץ ישראל אסור. **ווייל עס קאָן דאָך זיין, אז דאָס גרינס איז פון דעם וויינגאָרטן און עס איז כלאים, און ספק איז דאָך אסור.** ובסוריא, און אין סוריא מעג מען, **ווייל ספק כלאים אין סוריא איז מותר, פונקט ווי עס איז מותר ספק פון ערלה.** ובחוצה לארץ, און אין חוץ לארץ מעג מען אראָפגיין (אין וויינגאָרטן) און אפרייסן (גרינס) אָבער ער זאָל ניט אָפרייסן מיט דער האנד. **די מפרשים טייטשן, אז דער ייד מעג קויפן ביים גוי אפילו ער זעט ווי דער גוי רייסט אָפּ דאָס גרינס, און עס איז זיכער כלאים; אָבער דער ייד טאָר אליין ניט אָפרייסן, ווייל מען האָט מורא, טאָמער וועט ער מיינען, אז מען מעג פארזייען גרינס אין א וויינגאָרטן.** החדש, נייע תבואה איז דורך דער תורה אסור אין יעדן אָרט. **,,חדש'' הייסט נייע תבואה, וואָס מען האָט אָפגעשניטן איידער מען האָט מקריב געווען דעם עומר אין בית המקדש דעם 16טן טאָג אין ניסן (וועגן ,,חדש'' האָבן מיר געגעבן פריער אין מסכתא חלה פרק א' משנה א'); און ווען עס איז ניטאָ קיין בית המקדש איז חדש אסור ביז דער ענדע פון 16טן טאָג אין ניסן. זאָגט די משנה, אז חדש איז אסור דורך דער תורה, מדאורייתא, אומעטום, אפילו אין חוץ לארץ.** והערלה הלכה, און ערלה (איז אסור אין חוץ לארץ) ווייל עס איז א הלכה. **עס איז א הלכה למשה מסיני, אז אויך אין חוץ לארץ טאָר מען ניט עסן קיין ערלה; און דיזעלבע הלכה למשה מסיני זאָגט אויך, אז ספק פון ערלה איז מותר אין חוץ לארץ.** והכלאים, און כלאים (וויינגאָרטן־כלאים) איז (אסור אין חוץ לארץ) נאָר צוליב די ווערטער פון די סופרים. **דאָס הייסט, אז עס איז נור מדרבנן, ווייל די חכמים האָבן גוזר געווען אז מען זאָל אין חוץ לארץ ניט עסן וויינגאָרטן־כלאים. ,,סופרים'' האָבן געהייסן די חכמים אין דער צייט פון עזרא הסופר און אָנהויב פון דער צייט פון צווייטן בית המקדש, און זיי זענען געווען די ,,אנשי כנסת הגדולה'', און זיי האָבן גוזר געווען א סך זאכן.**

סליק מסכת ערלה — געענדיקט די מסכתא ערלה.

## מסכת בכורים

**דאָס וואָרט ,,בכורים'' איז דער טייטש די ,,ערשטע צייטיק־געוואָרענע'' פרוכטן. די משנה וועט לערנען, פון וועלכע תבואות און פרוכטן מען דארף ברענגען בכורים. די תורה זאָגט אין דברים כ''ו, אז די ערשטע פרוכטן, די בכורים, זאָל מען אריינ־לייגן אין אקויש און אוועקטראָגן אין בית המקדש (,,צום אָרט וואָס גאָט וועט אויס־וויילן'') און ברענגען צום כהן און דאָרט לייענען די פרשה פון בכורים, וואָס הייבט זיך אָן פון פסוק ג' ,,הגדתי היום'' און ענדיקט זיך אין פסוק י' מיט די ווערטער ,,אשר נתתה לי ה' '' (רמבם ,,יד החזקה'' פרק ג' הלכה י'). די בכורים האָט מען געגעבן דעם**

# מסכת בכורים
## פרק א.

**א. יש מביאין בכורים וקורין, מביאין ולא קורין, ויש שאינן מביאין. אלו שאינן מביאין: הנוטע לתוך שלו והבריך לתוך של יחיד או לתוך של רבים, וכן המבריך מתוך של יחיד או מתוך של רבים לתוך שלו. הנוטע לתוך שלו והבריך לתוך שלו ודרך היחיד ודרך הרבים באמצע — הרי זה אינו מביא. ר׳ יהודה אומר, כזה מביא.**

**ב. מאיזה טעם אינו מביא? משום שנאמר „ראשית בכורי אדמתך״**

---

**כהן, און נאָר א כהן האָט זיי געמעגט עסן. די משנה אין מסכתא בכורים לערנט די דינים וועגן בכורים. אין פרק ג׳ ווערט דערציילט, ווי אזוי מען האָט געבראכט קיין ירושלים די בכורים פון די פאַרשידענע ערטער אין ארץ ישראל.**

## פרק א.

א. יש מביאין, עס זענען פאַראן אזעלכע וועלכע ברענגן בכורים און ליינען (די פרשה פון בכורים); וועלכע ברענגן און ליינען ניט; און עס זענען פאַראן וועלכע ברענגן ניט. **פאַראן אזעלכע וועלכע זענען מחויב צו ברענגען די בכורים אין בית המקדש און דאַרט ליינען די פרשה אין חומש דברים כ״ו; עס זענען פאַראן אזעלכע, וואָס כאָטש זיי דאַרפן ברענגען די בכורים אין בית המקדש, אָבער זיי טאָרן ניט ליינען די פרשה; און עס זענען פאַראן אזעלכע, וואָס כאָטש זיי נעמען אראָפּ ערשטע פרוכטן, טאָרן זיי ניט ברענגען קיין בכורים. און די משנה רעכנט באלד אויס די אלע דריי סאָרטן מענטשן.** אלו, די דאָזיקע זענען וועלכע ברענגען ניט: אויב איינער פלאַנצט (א בוים) ביי זיך און איז מבריך (א צווייג פון בוים) אין אן אָרט, וואָס געהערט צו אן אנדערן פריוואַטן מענטש, אָדער וואָס געהערט צו אלע מענטשן. **מיר האָבן געגעבן פריער אין מסכתא ערלה פרק א׳ משנה א׳, אז „הבריך״, „מבריך זיין״ מיינט, ווען מען בייגט איין א צווייג פון א בוים צו דער ערד, און מען פאַרשיט מיט ערד דעם צווייג און מען ציט אים אונטער דער ערד ביז דער שפּיץ פון צווייג קומט ארויס אין אן אנדער אָרט, און דאָרט וואַקסט ארויס א נייער בוים. דאָס ווערט געטאָן דער עיקר מיט די לאַנגע, דינע צווייגן פון וויינשטאָקן, וועלכע מען קאָן ציען ווייט אוועק. זאָגט די משנה אז איי־נער האָט געצויגן אזא צווייג אריין אין דעם פעלד פון אן אנדערן פריוואַטן מענטשן, אָדער אין אן אָרט וואָס געהערט צו דער עפענטליכקייט, צום רבים, צו אלע מענטשן, קאָן ער ניט ברענגען פון די פרוכטן פון דעם צווייג קיין בכורים, ווייל דער צווייג ציט די יניקה פאַר די פרוכטן ניט פון פעלד וואָס געהערט צום ברענגער פון די בכורים.** וכן, און דאָס זעלבע איז ווען איינער איז מבריך (א צווייג פון א בוים וואָס שטייט אין) אן אָרט פון אן אנדערן פריוואַטן מענטש אָדער פון אלע מענטשן, אריין צו אן אָרט, וואָס געהערט צו אים, אָדער אויב איינער פלאַנצט א בוים ביי זיך און איז מבריך (א צווייג פון דעם בוים) אויך צו זיך אָבער ער ציט אדורך (די צווייג) אין דערמיט דורך א וועג פון א (פרעמדן) מענטש אָדער דורך א עפנטליכן וועג, ברענגט ער ניט (קיין בכורים). **אויך אין די דאָזיקע פאַלן דאַרף מען ניט ברענגען קיין בכורים, ווייל די צווייג ציט די יניקה אויך פון פרעמדער ערד.** ר׳ יהודה זאָגט, אז אזוי ווי דער דאָ־זיקער דאַרף יאָ ברענגען. **די מפרשים טייטשן, אז ר׳ יהודה מיינט, אז אויב איינער איז מבריך פון זיין אייגענעם גאָרטן אריין אין זיין אנדערן גאָרטן און די צווייג ציט זיך אונ־טער דער ערד פון א וועג וואָס געהערט צו א סך מענטשן (דרך הרבים), דאַרף ער יאָ ברענגען בכורים, ווייל א פריוואַטער מענטש מעג מאַכן אונטער דער ערד פון א רשות הרבים א לאָך כדי דורכצוציען א צווייג צו זיך אין גאָרטן און דעריבער הייסט עס ווי עס איז זיין ערד.**

ב. מאיזה טעם, צוליב וואָסער טעם דאַרף מען ניט ברענגען? **פאַרוואָס דאַרפן**

**— עד שיהיו כל הגדולין מאדמתך. האריסין והחכורות והסקריקון והגזלן אין מביאין מאותו הטעם, משום שנאמר „ראשית בכורי אדמתך״.**

**ג. אין מביאין בכורים חוץ משבעת המינים, לא מתמרים שבהרים ולא מפרות שבעמקים ולא מזיתי שמן שאינן מן המובחר. אין מביאין בכורים קודם לעצרת. אנשי הר צבועים הביאו בכוריהם קודם לעצרת ולא קבלו מהם, מפני הכתוב שבתורה „וחג הקציר בכורי מעשיך אשר תזרע בשדה״.**

---

**ניט ברענגען די, וואָס די משנה האָט פריער אויסגערעכנט?** משום, ווייל עס ווערט געזאָגט (שמות כ״ג) „ראשית בכורי אדמתך״, „די ערשטע פון די ערשט־צייטיקע (פרוכטן) פון דיין פעלד״, נאָר ווען אלע וואקסונגען זענען פון דיין פעלד. **דאָס הייסט, אז דאָס גאנצע וואקסן פון די פרוכטן זאָל ציען די יניקה פון דעם פעלד פון בעל הבית, וועל־כער ברענגט די בכורים. אָבער אויב א טייל יניקה קומט פון א פרעמד פעלד, דאַרף מען שוין ניט ברענגען.** האריסין, די וואָס דינגען פרעמדע פעלדער (און צאָלן די בעלי הבתים א העלפט צי א דריטל פון דער פרוכט), והחכורות, די וואָס דינגען פרעמדע פעלדער (און צאָלן די בעלי הבתים א באַשטימטע צאָל פרוכטן), והסקריקון, די וואָס האָבן מיט גוואלט צוגענומען פעלדער ביי מענטשן, והגזלן, דער וואָס האָט צוגעגזלט א פרעמד פעלד, ברענגען ניט קיין בכורים צוליב דעמזעלבן טעם, ווייל עס ווערט גע־זאָגט „ראשית בכורי אדמתך״. **„סיקריקון״ האָבן אין ירושלים אין דער צייט פון חורבן פון 2טן בית המקדש אין דער מלחמה קייגן די רוימער, געהייסן די מענטשן וועלכע האָבן געטראָגן קורצע שווערדלעך („סיקא״ הייסט אין לאטיין א קורץ שווערדל, און „סיקאריוס״ א געהיימער מערדער), און זיי פלעגן טויטן מענטשן, וואָס האָבן געוואָלט שלום מאכן מיט די רוימער. פון דעמאָלט אָן איז געוואָרן „סיקריקון״ דער נאָמען אויך פאַר מענטשן, וואָס נעמען־צו מיט גוואלט פעלדער פון אנדערע מענטשן און צווינגען זיי אונטערצושרייבן א פאפיר, אז זיי האָבן אוועקגעגעבן דאָס פעלד. „גזלן״ הייסט דער וואָס נעמט סתם צו א פרעמדנס פעלד. די אלע אויסגערעכנטע אין דער משנה קאָנען ניט ברענגען קיין בכורים, ווייל עס איז ניט „אדמתך״, די פעל־דער זענען ניט זייערע.**

ג. אין מביאין, מען טאָרניט ברענגען ביכורים (פון קיין אנדערע פרוכטן) א חוץ **פון די זיבן מינים, דאָס זענען די 7 געוויקסן, מיט וועלכע די תורה לויבט ארץ ישראל אין חומש דברים ח׳: ווייץ, גערשטן, וויינטרויבן, פייגן, מילגרוימען, איילבירטן און טייטלען („דבש״, האָניק אין חומש, מיינט טייטלען־האָניק). נאָר פון זיי קאָן מען ברענגען בכורים.** לא מתמרים, מען זאָל ניט (ברענגען בכורים) פון טייטלען וואָס וואקסן אין די בערג, און ניט פון (די אנדערע) פרוכטן, וואָס וואקסן אין טאָלן, און ניט פון אייל־איילבירטן וועלכע זענען ניט פון די בעסטע. **בכורים דאַרף מען ברענגען נאָר פון די בעסטע פרוכטן, און דעריבער זאָל מען ניט ברענגען טייטלען וואָס וואקסן אין די בערג און אויך ניט פרוכטן פון טאָל, ווייל זיי געהערן צו די ערגערע סאָרטן. אויך זאָל מען ניט ברענגען פון די שלעכטע איילבירטן. „זיתי שמן״ מיינט מען איילבירטן, וואָס זענען באַשטימט צו מאכן פון זיי אייל, און ניט צום עסן. דער ירושלמי זאָגט, אז ברענגען דאַרף מען די איילבירטן „אגורי״, וואָס ווען דער רעגן פאַלט אויף אים זאמלט ער אין זיך דעם אייל און ער געהערט צו דעם בעסטן סאָרט. דער „תפארת ישראל״ האַלט אז „שאינו״ איז ניט דער טייטש „וועלכע זענען ניט״, נאָר „ווייל זיי זענען ניט״, און אז דאָס גייט אַרויף אויף אלע דריי, אויף בערג־טייטלען, טאָל־פרוכטן און אייל־אייל־בירטן: „ווייל זיי זענען ניט פון די בעסטע״.** אין מביאין, מען טאָרניט ברענגען בכורים פאַר שבועות. **אים שבועות האָט מען געבראַנגט אין בית המקדש דעם קרבן פון די צוויי ברויטן, „שתי הלחם״, און זיי זענען געווען פון נייער תבואה, און איידער מען**

**ד. אלו מביאין ולא קורין: הגר מביא ואינו קורא, שאינו יכול לומר „אשר נשבע יי לאבותינו לתת לנו". ואם היתה אמו מישראל, מביא וקורא. וכשהוא מתפלל בינו לבין עצמו, אומר „אלהי אבות ישראל". וכשהוא בבית הכנסת, אומר „אלהי אבותיכם", ואם היתה אמו מישראל, אומר „אלהי אבותינו".**

**ה. ר' אליעזר בן יעקב אומר, אשה בת גרים לא תנשא לכהונה עד שתהא אמה מישראל; אחד גרים ואחד עבדים משחררים, ואפילו עד עשרה דורות, עד שתהא אמן מישראל. האפיטרופוס והשליח, והעבד**

---

**האָט זיי מקריב געווען האָט מען ניט געטאָרט ברענגען אין בית המקדש קרבנות פון נייער תבואה, און מען האָט אויך ניט געטאָרט ברענגען קיין בכורים.** אנשי הר צבועים, די מענטשן פון באַרג צבועים האָבן געבראַכט זייערע בכורים פאַר שבועות, און מען האָט ניט צוגענומען פון זיי, ווייל עס שטייט געשריבן אין דער תורה (שמות כ"ג) „און דער יום טוב פון שניט, פון די ערשט־צייטיקע (פּרוכטן) פון דיין אַרבייט, וואָס דו וועסט זייען אין פעלד". **דאָס הייסט, אז שבועות, וואָס איז דער „חג הקציר", דער יום טוב פון שניט, איז אויך דער אָנהייב פון בכורים. די דאָזיקע משנה האָבן מיר געהאַט פריער אין מסכתא חלה פרק ד' משנה י'.**

ד. אלו מביאין, די דאָזיקע ברענגען (בכורים) און לייענען ניט (די פּרשה פון בכורים): דער גר ברענגט און לייענט ניט, ווייל ער קאָן ניט זאָגן: „אשר נשבע ה' לאבותינו לתת לנו", „וואָס גאָט האָט געשוואוירן צו אונזערע עלטערן צו געבן אונז". **דאָס איז אין דברים כ"ו, פסוק ג' אין דער פרשה, וואָס מען לייענט ביים ברענגען די בכורים אין בית המקדש. דער גר קאָן דאָס ניט זאָגן, ווייל גאָט האָט צו זיינע עלטערן ניט געשוואוירן צו געבן ארץ ישראל, ווייל זיי זענען ניט געווען קיין יידן.** ואם היתה, און אויב זיין מוטער איז געווען פון יידן, ברענגט ער און לייענט. **ווייל ער קאָן שוין זאָגן „לאבותינו", צו אונזערע עלטערן.** וכשהוא, און ווען ער (דער גר) דאַוונט פאַר זיך (ניט מיט מנין אין שול) זאָגט ער „אלהי אבות ישראל", גאָט פון די עלטערן פון ישראל". **דאָס הייסט אין דער ערשטער ברכה אין שמונה עשרה, אנשטאָט „ואלקי אבותינו", „גאָט פון אונזערע עלטערן", זאָגט ער „אלקי אבות ישראל".** וכשהוא בבית הכנסת, און ווען ער איז אין שול זאָגט ער „אלהי אבותיכם", „גאָט פון אייערע עלטערן". **ווען ער דאַוונט אין שול מיט מנין זאָגט ער „גאָט פון אייערע עלטערן", מחמת ער דאַוונט צוזאַמען מיט אנדערע יידן.** ואם היתה, און אויב זיין מוטער איז פון יידן זאָגט ער (ביים דאַוונען) „אלהי אבותינו". **ער האָט דעם דין ווי יעדער אנדערער ייד, ווייל א טייל פון זיינע עלטערן זענען געווען יידן.**

ה. ר' אליעזר בן יעקב זאָגט, אז א פרוי וואָס איז די טאָכטער פון גרים זאָל א כהן מיט איר ניט חתונה האָבן („לכהונה", צו א כהן), סיידן ווען איר מוטער איז פון יידן. **ווייל אין יחזקאל מ"ד ווערט געזאָגט וועגן כהנים אז זיי זאָלן חתונה האָבן מיט פרויען „מזרע בית ישראל" פון קינדער פון ישראל, און די גמרא טייטשט „מזרע", אז אפילו די פרוי האָט נור א טייל עלטערן פון יידן מעג שוין א כהן חתונה האָבן מיט איר („מקצת זרע").** אחד גרים, סיי (די פרויען זענען פון) גרים און סיי (פון) באַפרייטע שקלאַפן (גויים, וואָס זענען געוואָרן שקלאַפן ביי יידן און זענען דערנאָך געוואָרן באַפרייט און זיי זענען יידן) ביז צען דורות, סיידן זייער מוטער איז פון יידן. **דאָס זענען אלץ די ווערטער פון ר' אליעזר בן יעקב, אז כהנים זאָלן ניט חתונה האָבן מיט פרויען וואָס שטאַמען פון גרים, צי פון באַפרייטע שקלאַפן, וואָס זענען דאָך אויך גרים, אפילו ביז צען דורות; דאָס הייסט, אפילו זייערע עלטער־עלטער־זיידעס ביז צען דורות צוריק זענען געווען גרים, טאָר א כהן, מיט זיי ניט חתונה האָבן, סיידן די מוטער איז געווען א יידישע.** האפיטרופוס, אַן אפּיטרופּוס, און א שליח און א

**והאשה וטומטום ואנדרוגינוס מביאין ולא קורין, שאינן יכולין לומר „אשר נתתה לי יי״.**

**ו. הקונה שתי אילנות בתוך של חברו מביא ואינו קורא. ר׳ מאיר אומר, מביא וקורא. יבש המעין, נקצץ האילן, מביא ואינו קורא. ר׳ יהודה אומר, מביא וקורא. מעצרת ועד החג מביא וקורא. מן החג ועד חנוכה מביא ואינו קורא. ר׳ יהודה בן בתירא אומר, מביא וקורא.**

**ז. הפריש בכוריו ומכר שדהו, מביא ואינו קורא. והשני מאותו המין**

---

שקלאף און א פרוי און א טומטום און אן אדרוגינוס ברענגן בכורים אָבער זיי ליינען ניט ווייל זיי קאָנען ניט זאָגן „אשר נתתה לי ה׳״, וואָס דו, גאָט, האָסט אונז געגעבן. **מיט „אפיטרופוס״ אין דער משנה און גמרא מיינט מען אן אויפזעער איבער א יתום, וועלכער פארוואלטעט מיט דעם יתומ׳ס פארמעגן; ער קאָן ברענגען בכורים פון דעם יתומ׳ס פעלדער, אָבער ליינען קאָן ער ניט, ווייל עס איז דאָך ניט זיין פעלד. דאָסזעלבע א שליח, וואָס ברענגט א פרעמדנס בכורים אין בית המקדש, קאָן אויך ניט ליינען, מחמת דאָס פעלד איז דאָך ניט זיינס. דאָסזעלבע איז אויך א שקלאף, ווייל א שקלאף האָט ניט זיינס קיין פארמעגן. א פרוי קאָן ניט ליינען, ווייל ארץ ישראל איז ניט פונאנדערגעטיילט געוואָרן אין דער צייט פון יהושע בן נון צו פרויען. טומטום און אנדרוגינוס קאָנען ניט ליינען, ווייל מען ווייסט ניט צי זיי זענען זכרים צי נקבות. „אפיטרופוס״ איז דאָס גריכישע וואָרט „עפיטראָפּאָס״, דער אויפזעער. „טומטום״ איז פון וואָרט „טמם״, פארשטאָפּט, באהאלטן; מען ווייסט ניט צי ער איז א זכר צי א נקבה, ווייל די געשלעכטס־סימנים זענען באהאלטן, ניט־אנטוויקלט. „אנדרוגינוס״ איז דאָס גריכישע וואָרט „אנדראָ־גינאָס״, „מאַן־פרוי״, ביי וועלכן עס זענען פאראן די געשלעכטס־סימנים סיי פון א זכר און סיי פון א נקבה.**

ו. הקונה, אז איינער קויפט צווייביימער אין זיין חבר׳ס (גאָרטן), ברענגט ער בכורים (פון די פרוכטן פון די ביימער), אָבער ער ליינט ניט; ר׳ מאיר זאָגט, אז ער ברענגט און ליינט. **די גמרא אין בבא בתרא פ״ז דערקלערט די מחלוקה, אז די סתם משנה איז אין ספק וועגן דעם פאל ווען איינער קויפט ביי א צווייטן אין גאָרטן צוויי ניט־אָפּגעשניטענע ביימער, צי האָט ער אויך געקויפט די ערד, אויף וועלכן די ביימער געפינען זיך, צי ניט. דעריבער דארף מען ברענגען בכורים, אָבער ניט ליינען ווייל מען ווייסט דאָך ניט צי די ערד איז זיינע. ר׳ מאיר האלט, אז ער האָט יאָ געקויפט אויך די ערד.** יבש המעיין, אויב (ביי א בוים, אויף וועלכן עס וואקסן פרוכטן, און דער בוים לעבט נור צוליב דעם קוואל וואסער, וואָס גיט אים וואסער) איז פארטריקנט געוואָרן דער קוואל, אָדער דער בוים איז אָפּגעהאקט געוואָרן (מיט די פרוכטן), ברענגט מען בכורים פון בוים, אָבער מען ליינט ניט. **ווייל כאָטש איצט האָט דער בוים פרוכטן, אָבער דער בוים איז ניט מער קיין בוים.** ר׳ יהודה זאָגט, אז מען ברענגט און מען ליינט. **ווייל די ערד איז דאָך פאראן, דעריבער כאָטש דער בוים טויג שוין ניט דארף מען ברענגען און ליינען.** מעצרת, פון שבועות ביז סוכות ברענגט מען (בכורים) און מען ליינט; פון סוכות ביז חנוכה ברענגט מען אָבער מען ליינט ניט. **ווייל אין דער פרשה פון בכורים (דברים כ״ו) איז פאראן „ושמחת״, „און זאָלסט זיך פרייען״, און די שמחה פון אראָפּנעמען די פרוכטן איז נור פון שבועות ביז סוכות. דאָס וואָרט „חג״ סתם מיינט סוכות.** ר׳ יהודה בן בתירה זאָגט, אז מען ברענגט און מען ליינט. **ער האלט, אז בכורים דארף ניט זיין אין דער צייט פון שמחה. אָבער פון חנוכה אָן און ווייטער ברענגט מען ניט קיין בכורים, ווייל דער פסוק (דברים כ״ו) זאָגט „אשר תביא מארצך״, „וואָס דו וועסט ברענגען פון דיין לאנד״, און פון חנוכה אָן זענען שוין אויף די ביימער און אין פעלד מער ניט שכיח קיין פרוכטן.**

ז. הפריש, אויב איינער האָט אָפּגעשיידט זיינע בכורים און (איידער ער האָט

אינו מביא; ממין אחר — מביא וקורא. ר׳ יהודה אומר, אף מאותו המין מביא וקורא.

ח. הפריש בכוריו, נבזזו, נמוקו, נגנבו, אָבדו, או שנטמאו — מביא אחרים תחתיהם ואינו קורא; והשניים אינן חייבין עליהם חומש. נטמאו בעזרה נופץ ואינו קורא.

ט. ומנין שהוא חייב באחריותן עד שיביאם להר הבית? שנאמר „ראשית בכורי אדמתך תביא בית יי אלהיך״, מלמד שחייב באחריותן

---

זיי געבברענגט אין בית המקדש) האָט ער פאַרקויפט זיין פעלד, ברענגט ער די בכורים אָבער ער ליינט ניט; און דער צווייטער (וועלכער האָט געקויפט דאָס פעלד), איז פון זעלבן מין ברענגט ער ניט, אָבער פון אַן אנדערן מין ברענגט ער און ליינט. דער פאַר־קויפער פון פעלד קאָן ניט מער ליינען די פרשה, ווייל ער האָט דאָך שוין ניט קיין פעלד. דער צווייטער, וואָס האָט געקויפט דאָס פעלד, טאָר פון זעלבן מין, וואָס דער ערשטער האָט דערפון אָפּגעשיידט בכורים, ניט ברענגען בכורים; למשל, אויב דער ערשטער האָט אָפּגעשיידט בכורים פון טייטלן, טאָר שוין דער צווייטער, אין זעלבן יאָר, פון טייטלן פון זעלבן גאָרטן ניט ברענגען קיין בכורים. אָבער פון אַן אנדערן מין, אויב למשל, עס וואקסן דאָרט אויך מילגרוימען, מעג דער צווייטער ברייגנגן מיל־גרוימען בכורים אין זעלבן יאָר און אויך ליינען די פרשה. ר׳ יהודה זאָגט, אַז אויך פון זעלבן מין ברענגט ער (דער צווייטער) און ליינט. דער ירושלמי זאָגט, אַז ר׳ יהודה האַלט, אַז איין מענטש קאָן ניט צוויי מאָל ברענגען ביכורים פון זעלבן מין, אָבער צוויי באַזונדערע מענטשן קאָנען יאָ צוויי מאָל פון זעלבן מין ברענגען בכורים, און אַז צוויי מענטשן קאָנען „ליינען און נאָכאמאָל ליינען״ („מגיד וחוזר ומגיד״).

ח. הפריש, אַז איינער האָט אָפּגעשיידט זיינע בכורים, און מען האָט זיי צוגע־רויבט („נבזזו״, פון „בזז״, צורויבן) פון אים, אָדער זיינען פאַרפוילט געוואָרן („נמק״, קאַליע געוואָרן), אָדער מען האָט זיי צוגעגנבט, אָדער זיי זענען טמא געוואָרן (און טמא־בכורים טאָר מען ניט ברענגען), דאַרף ער ברענגען אנדערע (בכורים) אנשטאָט זיי און ער ליינט ניט. דער רמב״ם זאָגט, אַז דער טעם איז, ווייל ער דאַרף זאָגן „ראשית פרי״ „די ערשטע פון די פרוכטן״, און די צווייטע בכורים זענען ניט „די ערשטע״. והשניים, און אויף די צווייטע בכורים איז מען ניט מחויב צו צאָלן דעם חומש. דער דין איז אַז אויב אַ ניט־כהן (אַ ישראל צי אַ לוי) עסט בכורים בשוגג איז עס אַזוי ווי ער וואָלט געגעסן תרומה בשוגג און דאַרף סיי באַצאָלן דעם קרן, וויפיל די בכורים זענען געווען, און סיי אויך צולייגן אַ חומש, אַ פינפטל (אייגנטליך, אַ פערטל). זאָגט די משנה, אַז אויב מען האָט געגעסן די צווייטע בכורים בשוגג דאַרף מען דעם חומש ניט צאָלן. נטמאו, אויב די בכורים זענען טמא געוואָרן אין דער עזרה (אין הויף פון בית המקדש) וואַרפט ער זיי אַוועק („נופץ״, ער קלאַפּט־אויס דעם קויש פון די פרוכטן) און ער ליינט ניט. אָבער ער דאַרף געבן דעם קויש דעם כהן. ער דאַרף ניט ברענגען קיין אַנ־דערע בכורים, ווייל ווי נור די בכורים זענען אָנגעקומען אויפן הר הבית (אויפן באַרג, וואו דאָס בית המקדש איז געשטאַנען), איז ער מער ניט פאַראַנטוואָרטליך פאַר זיי.

ט. ומנין, און פון וואַנען איז געדרונגען, אַז ער איז פאַראַנטוואָרטליך פאַר זיי ביז ער ברענגט זיי צום הר הבית? פון וואַנען לערנט מען אָפּ, אַז אויב די בכורים ווערן פאַרלוירן אָדער קאַליע אָדער טמא איידער ער ברענגט זיי אויפן הר הבית, (אויפן באַרג, וואו דאָס בית המקדש איז געשטאַנען) דאַרף ער ברענגען אנדערע בכורים? שנאמר, ווייל עס ווערט געזאָגט (שמות כ״ג) „ראשית בכורי אדמתך תביא בית ה׳ אלהיך, די ערשטע פון די ערשט־צייטיקע (פרוכטן) פון דיין פעלד זאָלסטו ברענגען אין הויז פון גאָט דיין גאָט״, דאָס לערנט, אַז ער איז פאַראַנטוואָרטליך פאַר זיי ביז ער ברענגט זיי אויפן הר הבית. פריער אין משנה ח׳ ווערט געזאָגט „עזרה״, „דער הויף

**עד שיביאם להר הבית. הרי שהביא ממין אחד וקרא, וחזר והביא ממין אחר, אינו קורא.**

**י. ואלו מביאין וקורין: מן העצרת ועד החג, משבעת המינים, מפירות שבהרים, מתמרות שבעמקים ומזיתי שמן, מעבר הירדן. ר׳ יוסי הגלילי אומר, אין מביאין בכורים מעבר הירדן, שאינה ארץ זבת חלב ודבש.**

**יא. הקונה שלשה אילנות בתוך של חברו מביא וקורא. ר׳ מאיר אומר, אפילו שנים. קנה אילן וקרקעו, מביא וקורא. ר׳ יהודה אומר, אף בעלי אריסות וחכירות מביאין וקורין.**

---

פון בית המקדש״, און דער „תוספות יום טוב״ מיינט דעריבער, אז אויך דאָ מיינט מען מיט הר הבית ניט דעם בארג נאָר די עזרה, דעם בית־המקדש־הויף. הרי שהביא, אויב איינער האָט געבראַכט בכורים פון איין מין (פרוכטן) און דערנאָך האָט ער געבראַכט בכורים פון אן אנדערן מין (פרוכטן), ליינט ער ניט. ווייל עס איז פאַראַן אין דער פרשה פון בכורים (דברים כ״ו) „הגדתי״, „איך האָב געזאָגט״, און איין מענטש קאָן ניט זיין „מגיד וחוזר ומגיד״, זאָגן איינמאָל און דערנאָך זאָגן נאָכאמאָל.

י. ואלו, און די דאָזיקע ברענגן (בכורים) און ליינען (די פרשה): פון שבועות ביז סוכות, פון די זיבן מינים, פון פרוכטן אין די בערג, פון די טייטלען אין די טאָלן, און פון די אייל־איילבירטן. די משנה רעכנט דאָ אויס די „היפוכים״, די געגנזאצן צו די פרוכטן פריער אין משנה ג׳ וועגן וועלכע עס איז געזאָגט געוואָרן, אז מען ברענגט זיי ניט. די משנה ג׳ און ז׳ זאָגט, פאר שבועות ברענגט מען ניט און נאָך סוכות ליינט מען ניט, זאָגט דאָ די משנה, אז פון שבועות ביז סוכות ברענגט מען און מען ליינט. די משנה דאָרט זאָגט, אז פון אנדערע פרוכטן (א חוץ 7 מינים) ברענגט מען ניט. זאָגט דאָ די משנה, אז פון די זיבן מינים (ווייץ, גערשטן, וויינטרויבן, פייגן, מילגרוימען, איילבירטן און טייטלען) ברענגט מען און מען ליינט. די משנה זאָגט דאָרט, אז מען ברענגט ניט פון טייטלען אין די בערג און פון פרוכטן אין די טאָלן און פון שלעכטע אייל־איילבירטן; זאָגט דאָ די משנה, אז פון פרוכטן אין די בערג און פון טייטלען אין די טאָלן און פון גוטע אייל־איילבירטן ברענגט מען און מען ליינט. מעבר הירדן, מען ברענגט פון עבר הירדן בכורים און מען ליינט. „עבר הירדן״ איז דער טייטש אין יענער זייט ירדן, און אין טייל זאכן איז דאָס לאנד באטראַכט געוואָרן ווי ארץ ישראל (זע וואָס מיר האָבן גענעבן פריער אין מסכתא שביעית פרק ט׳ משנה ב׳). ר׳ יוסי הגלילי זאָגט, אז מען ברענגט ניט בכורים פון עבר הירדן, ווייל עס איז ניט א „ארץ זבת חלב ודבש״, „לאנד, וואָס רינט מיט מילך און האָניק״. אין דער פרשה פון בכורים (דברים כ״ו) ווערט געדאנקט גאָט דערפאַר, וואָס ער האָט אונז געבראַכט אין „ארץ זבת חלב ודבש״, און ווייל עבר הירדן איז ניט אזא גוט לאנד, טאָר מען, לויט ר׳ יוסי הגלילי, פון דאָרט ניט ברענגען בכורים.

י״א. הקונה, אז איינער קויפט דרייביימער אין (פעלד) פון זיין חבר (פון אן אנדערן מענטש) ברענגט ער (בכורים) און ליינט. ווייל אויב מען קויפט דריי ביימער הייסט עס, אז מען האָט געקויפט אויך די ערד, אויף וועלכער די ביימער געפינען זיך. ר׳ מאיר זאָגט, אז אפילו צוויי. ר׳ מאיר׳ס הלכה, איז פאראַן פריער אין משנה ו׳. קנה, אויב איינער האָט געקויפט איין בוים און אויך זיין ערד (די ערד אויף וועלכער דער בוים שטייט), ברענגט ער בכורים (פון די פרוכטן פון בוים) און ליינט. מחמת ער האָט דאָך בפירוש געקויפט די ערד, איז דאָך די ערד זיינע. ר׳ יהודה זאָגט, אז אויך די וועלכע האלטן ערד אין ארענדע און פאכט (אריסות וחכירות) ברענגען בכורים און ליינען. פריער אין משנה ב׳ לערנט די סתם משנה, אז אן אָריס און א חוכר ברענגען ניט ביכורים, ווייל דאָס פעלד איז ניט זייער אייגנס. דאָ זאָגט ר׳ יהודה, אז כאָטש דער אריס און דער חוכר האָבן ניט דאָס פעלד אלס זייער אייגנס, דאַרפן זיי ברענגען בכורים

## פרק ב.

**א. התרומה והבכורים, חייבים עליהם מיתה וחומש, ואסורים לזרים, והם נכסי כהן ועולין באחד ומאה, וטעונים רחיצת ידים והערב השמש. הרי אלו בתרומה ובבכורים, מה שאין כן במעשר.**
**ב. יש במעשר ובבכורים מה שאין כן בתרומה. שהמעשר והבכורים**

---

און לייגען. דער ירושלמי זאָגט, אז ר׳ יהודה זאָגט נור ביי „חכירי בתי אבות״, אזעלכע וואָס זייערע פאמיליעס האלטן כסדר דאָס פעלד אין ארענדע.

## פרק ב.

א. התרומה, תרומה און בכורים (זענען גלייך אין די דאָזיקע זאכן): מען איז מחויב אויף זיי טויט־שטראָף, אויב א ניט כהן עסט תרומה אָדער בכורים במזיד קומט אים טויט־שטראָף; דאָ מיינט מען ניט, אז דאָס בית־דין פאר׳משפט אים צום טויט, נאָר מען מיינט „מיתה בידי שמים״, אין הימל ווערט עס פאררעכנט פאר א עבירה, וואָס עס קומט דערפאר מיתה; וחומש, און דאָס פיפטל, אויב א ניט־כהן עסט תרומה אָדער בכורים בשוגג (ניט ווויסנדיק, אז דאָס איז תרומה אָדער בכורים אָדער אז ער טאָר ניט עס עסן), דארף ער צאָלן, א חוץ דעם קרן, אויך דעם חומש, א פיפטל (אייגנטליך, א פירטל, וואָס איז, צוזאמען מיט די פיר פירטליך פון קרן, פינף פערטליך, און דאָס הייסט דעריבער א פיפטל); ואסורים לזרים, און א זר (א ניט־כהן) טאָר זיי ניט עסן; די מפרשים טייטשן, אז מען טאָרניט עסן אפילו ווינציקער פון שיעור, חצי שיעור, דאָס הייסט, ווינציקער פון א כזית, פון דער גרויס פון אן איילבירט; והם נכסי כהן, און זיי זענען דאָס אייגנטום פון כהן; זיי, די תרומה און בכורים, געהערן צום כהן ווי זיין פריוואט זאך, און ער מעג מיט זיי טאָן וואָס ער וויל, פארקויפן, קויפן פאר זיי פארשידענע זאכן; ועולין באחד ומאה, און זיי ווערן בטל אין הונדערט־און־איינס; אויב א סאה תרומה אָדער א סאה בכורים מישט זיך אויס מיט הונדערט סאה חולין (געוויינטליכע פרוכטן, וואָס יעדער מעג עסן), ווערט די סאה תרומה אָדער בכורים בטל, און דאָס געמיש מעג אפילו א ניט־כהן עסן; אָבער אויב עס איז געווען ווינציקער פון 100 סאה חולין אויף איין סאה תרומה אָדער בכורים ווערט עס ניט בטל. און א ניט־כהן טאָר דאָס געמיש ניט עסן; וטעונין רחיצת ידים, און מען דארף זיך צו זיי וואשן די הענט; מען טאָר זיי ניט אָנרירן מיט אומגעוואשענע הענט, ווייל זיי, די תרומה און בכורים, ווערן דאדורך פסול און מען וועט זיי ניט טאָרן עסן; והערב שמש, און זון־אונטערגאנג; אויב א כהן איז טמא געוואָרן און האָט זיך טובל געווען און איז געוואָרן טהור, טאָר ער באלד ניט עסן תרומה צי בכורים, נאָר מוז וואַרטן ביז עס ווערט נאכט. הרי אלו, די אלע זאכן זענען פאראן ביי תרומה און בכורים, אָבער ניט ביי מעשר. מיט מעשר מיינט מען דאָ מעשר שני, וואָס מען פירט קיין ירושלים און מען עסט עס דאָרט, און מען דארף אויך דאביי נוהג זיין א געוויסע הייליקייט. (זע אין דער הקדמה צו מסכתא מעשר שני). מעשר שני מעג עסן א ניט־כהן, מען טאָר דערפאר ניט קויפן וואָס מען וויל; עס ווערט בטל אפילו אין ווינציקער פון 101, נאָר אפילו אין א געוויינליכן רוב; מען מעג עס אָנרירן מיט אומגעוואשענע הענט, און מען מעג מעשר שני עסן באלד נאָכדעם ווי מען האָט זיך טובל געווען. די דינים פון דער דאָזיקער משנה האָבן מיר געהאט פריער אין מסכתא חלה פרק א׳ משנה ט׳.

ב. יש במעשר, עס זענען פאראן זאכן ביי מעשר (שני) און בכורים, וואָס זענען ניט פאראן ביי תרומה, (דהיינו): מעשר און בכורים דארפן מען ברענגען אין אָרט (הבאת מקום). מעשר שני דארף מען ברענגען קיין ירושלים און בכורים דארף מען ברענגען אין בית המקדש (ווענן וואָרט „מקום״, „אָרט״ זע פריער אין מסכתא מעשר שני פרק א׳ משנה ה׳). וטעונים וידוי, און זיי דארפן האָבן וידוי. ווי מיר האָבן געלערנט פריער אין מסכתא מעשר שני פרק ה׳ משנה י׳ האָט דער וואָס האָט געבראכט

**טעונים הבאת מקום, וטעונים וידוי ואסורין לאונן. ר׳ שמעון מתיר. וחייבין בביעור, ור׳ שמעון פוטר. ואסורין כל שהן מלאכול בירושלים, וגידוליהן אסורים מלאכול בירושלים אף לזרים ולבהמה. ר׳ שמעון מתיר. הרי אלו במעשר ובבכורים, מה שאין כן בתרומה.**

**ג. יש בתרומה ובמעשר מה שאין כן בבכורים; שהתרומה והמעשר אוסרין את הגורן, ויש להם שיעור, ונוהגים בכל הפרות, בפני הבית**

---

מעשר שני קיין ירושלים זיך מתודה געווען (געזאָגט די פרשה פון מעשר) צו מנחה אין לעצטן טאָג יום טוב פסח יעדעס פירטע און יעדעס זיבעטע יאָר; אויך ביים ברענגען בכורים, ווי מיר האָבן געלערנט פריער אין פרק א׳ משנה א׳, האָט מען גע־ליינט די פרשה פון בכורים. ואסורין לאונן, און זענען אסור צו אן אונן. „אונן" הייסט איינער אין טאָג פון טויט פון זיינע נאָנטע קרובים, אויף וועלכע ער איז אן אבל; אן אונן טאָר ניט עסן ניט מעשר שני און ניט בכורים. ר׳ שמעון איז מתיר. ער האלט, אז בכורים מעג אן אונן יאָ עסן; וחייבין בביעור, און מען דארף זיי פאַרניכטן. ווי מיר האָבן געלערנט אין מסכתא מעשר שני פרק ה׳ משנה ו׳ האָט מען דעם מעשר שני, וואָס איז געבליבן יעדעס פירטע און זיבעטע יאָר ערב פסח געמוזט פארניכטן, מבער זיין פון דער וועלט, און דאָסזעלבע האָט מען דעמאָלס אויך געמוזט מבער זיין בכורים. ור׳שמעון, אָבער ר׳ שמעון פטר׳ט, ער האלט, אז בכורים דארף מען ניט פארניכטן נאָר מען גיט עס אוועק צום כהן, אזוי ווי תרומה (זע דאָרט אין דער מסכתא מעשר שני). ואסורים, און זיי זענען אסור אפילו עפּיס פון זיי צו עסן אין ירושלים. אויב אפילו עפּיס בכורים אָדער מעשר שני האָט זיך אויסגעמישט מיט חולין, מיט גע־וויינטליכע פרוכטן, טאָר מען דעם געמיש ניט עסן אלס חולין, נאָר מען מוז ביים עסן אים אָפּהיטן אלע דינים פון בכורים אָדער מעשר שני. וגדוליהן אסורים מלאכול בירו־שלים, און אויך זייערע געוויקסן זענען אסור פון צו עסן אין ירושלים. אויב מען האָט דאָס געמיש פון בכורים צי מעשר שני מיט חולין אין ירושלים פארזייט און עס איז אויפגעוואַקסן אנדערע פרוכטן מוז מען ביי זיי אָפּהיטן די דינים פון בכורים צי מעשר שני, און מען טאָר זיי ניט עסן סתם אלס חולין (אזוי טייטשט דער ברטנורא); אף לזרים ולבהמה, און אויך (זענען זיי אסור) צי ניט־כהנים און צו א בהמה. די דאָזיקע געוויקסןפון דעם געמיש טאָרן ניט עסן ניט־כהנים, אויב זיי זענען פון בכורים, און מען טאָר זיי ניט געבן צו עסן צו א בהמה, אויב זיי זענען פון מעשר שני. ר׳ שמעון איז מתיר. די מפרשים זאָגן, אז דאָס גייט ארויף אויף די געוויקסן (גידולים), אז זיי מעג מען עסן אלס חולין. הרי אלו, די אלע דערמאָנטע זאכן זענען פאראן ביי מעשר שני און בכורים, אָבער ניט ביי תרומה. ביי תרומה זענען די אלע דערמאָנטע דינים ניט נוהג (אן אונן מעג עסן תרומה, און אזוי כסדר.

ג. יש בתרומה, עס זענען פאראן זאכן ביי תרומה און מעשר (שני), וועלכע זע־נען ניט פאראן ביי בכורים, (דהיינו): תרומה און מעשר אסרן דעם שייער. איידער מען האָט אָפּגעשיידט פון די פרוכטן (מיט שייער, „גורן", מיינט מען דאָ אלע תבואה, גרינס און פרוכטן) תרומה און מעשר, טאָר מען די תבואה און פרוכטן ניט עסן, ווייל עס איז טבל (זע אין דער הקדמה צו מסכתא דמאי). ויש להם שיעור, און זיי האָבן א שיעור. מעשר שני מוז מען געבן א צענטל, און תרומה מוז מען, מדרבנן, געבן מינ־דעסטנס א פופציקסטל (צי א זעכציקסטל); דאָס הייסט, מען מוז זיי געבן א באשטימטן שיעור. ונוהגים בכל הפירות, און זיי זענען נוהג ביי אלע פרוכטן. מיט „פירות", „פרוכטן", מיינט מען ניט דוקא פרוכטן פוןביימער, נאָר מען מיינט אלע עס־גע־וויקסן, פרוכטן, תבואה, גרינסן; תרומה און מעשר שני מוז מען געבן פון אלע עס־געוויקסן. בפני הבית ושלא בפני הבית, אין דער צייט ווען דאָס בית המקדש שטייט, און אין דער צייט ווען דאָס בית המקדש איז ניטאָ; תרומה און מעשר שני דארף מען

ושלא בפני הבית, ובאריסין ובחכורות ובסקריקון ובגזלן; הרי אלו בתרומה ובמעשר, מה שאין כן בבכורים.

ד. ויש בבכורים מה שאין כן בתרומה ובמעשר: שהבכורים נקנין במחובר לקרקע, ועושה אדם כל שדהו בכורים, וחייב באחריותם, וטעו־נים קרבן ושיר ותנופה ולינה.

ה. תרומת מעשר שוה לבכורים בשתי דרכים ולתרומה בשתי דרכים: נטלת מן הטהור על הטמא, ושלא מן המוקף כבכורים, ואוסרת

---

**אָפּשיידן אפילו אין דער צייט ווען דאָס בית המקדש איז ניטאָ; מיט „בית", הויז, מיינט** מען דאָס בית המקדש. ובאריסין, און אויך ארענדאטאָרן, און פּאכטער, און סקריקון און א גזלן. **אויך די אלע, וואָס האָבן פעלדער, וועלכע געהערן ניט צו זיי, דארפן אָפּ־שיידן פון די פעלדער־פּרוכטן תרומה און מעשר שני; וועגן דעם טייטש פון די אלע ווערטער זע פריער פרק א׳ משנה ב׳.** הרי אלו, די אלע זאכן זענען פאראן ביי תרומה און מעשר שני, אָבער ניט ביי בכורים. **איידער מען האָט אָפּגעשיידט בכורים מעג מען עסן די פרוכטן; בכורים האָט ניט קיין שיעור, מען קאָן געבן וויפיל מען וויל; בכורים נעמט מען נור פון די 7 מינים, ווייץ, גערשטן, וויינטרויבן, פייגן, מילגרוימען, אייל־בירטן און טייטלען; בכורים נעמט מען נור אין דער צייט ווען דאָס בית המקדש שטייט; ארענדאטאָרן, פּאכטער, סיקריקון און א גזלן קאָנען ניט ברענגען קיין בכורים (זע פרי־ער פרק א׳ משנה ב׳).**

ד. ויש בבכורים, און עס זענען פאראן זאכן ביי ביכורים, וואָס זענען ניטאָ ביי תרומה און ביי מעשר (שני), (דהיינו): בכורים ווערן אָפּגעשיידט ווען די פרוכטן זענען נאָך באהאָפטן צו דער ערד. **אין דער צייט ווען די פרוכטן זענען נאָך אויפן בוים אָדער דער ווייץ און גערשטן זענען נאָכניט אָפּגעשניטן, קאָן מען זיי מאכן בכורים; „ניקנין", „קונה־זיין", מיינט „זיי קאָנען ווערן".** ועושה, און א מענטש קאָן מאכן זיין גאנץ פעלד בכורים. **מען קאָן מאכן בכורים אלע פרוכטן פון פעלד, און מען דארף גאָרניט איבער־לאָזן.** וחייב באחריותם, און מען איז פאראנטוואָרטליך פאר זיי. **אויב מען האָט אָפּגע־שיידט בכורים און זיי זענען פארלוירן געוואָרן איידער מען האָט זיי געבראכט אין הויף פון בית המקדש, דארף מען אָפּשיידן אנדערע פרוכטן אלס בכורים;** וטעונים, און זיי דארפן האָבן א קרבן און שירה און אויפהויבן און נעכטיקן; **מיט בכורים דארף מען מיטברענגען אין בית המקדש א קרבן (א בהמה פאר שלמים); די לויים זאָגן שירה ווען מען ברענגט די בכורים אין בית המקדש; דער כהן לייגט ארונטער די הענט אונטער דעם קויש מיט די בכורים און הייבט אים אויף (תנופה); און דער בעל הבית פון בכורים מוז איבערנעכטיקן איין נאכט אין ירושלים. די אלע זאכן זענען ניט פאראן ביי תרומה און מעשר שני. מען קאָן זיי ניט אפשיידן פון פרוכטן, וואָס זענען נאָכניט אָפּגעריסן; מען קאָן ניט מאכן אלע פרוכטן תרומה און מעשר שני נאָר מען מוז אי־בערלאָזן א טייל פון זיי; אויב תרומה אָדער מעשר שני ווערן פארלוירן דארף מען ניט אפשיידן אנדערע; מען דארף ניט ברענגען קיין קרבן, מען דארף ניט קיין שירה, ניט אויפהייבן זיי, און מען דארף ניט איבערנעכטיקן אין ירושלים.**

ה. תרומת מעשר איז גלייך צו בכורים אין צוויי זאכן און צו תרומה אין צוויי זאכן. **תרומת מעשר הייסט דאָס צענטל, וואָס דער לוי דארף אָפּשיידן פון מעשר ראשון, און אוועקגעבן דאָס צענטל צום כהן; זע אין דער הקדמה צו מסכתא דמאי.** ניטלת, זי ווערט גענומען פון טהור אויף טמא, און ניט פון דערלעבן, ווי בכורים. **אויב מען האָט פרוכטן וואָס זענען טמא, מעג מען אָפּשיידן תרומת מעשר פון די טהור־פרוכטן אויף די טמא־פרוכטן. אויך מעג מען אפשיידן תרומת מעשר ניט דוקא פון דעמזעלבן בערגל פרוכטן, נאָר אויך פון אן אנדער אָרט, ניט פון דערלעבן. דאָס זעלבע איז אויך מיט בכורים. אָבער תרומה טאָר מען ניט אפשיידן פון טהור אויף טמא און אויך ניט פון אן**

**את הגורן, ויש לה שיעור כתרומה.**

**ו. אתרוג שוה לאילן בשלשה דרכים, ולירק בדרך אחד. שוה לאילן בערלה וברבעי ובשביעית; ולירק בדרך אחד: שבשעת לקיטתו עישורו, דברי רבן גמליאל. ר' אליעזר אומר, שוה לאילן בכל דבר.**

**אנדער אָרט.** ואוסרת, און זי אסר'ט דעם שייער, און זי האָט א שיעור ווי תרומה. **איידער מען האָט אָפּגעשיידט תרומת מעשר טאָר מען די פּרוכטן (פון מעשר ראשון) ניט עסן (זע פריער משנה ג' וועגן וואָרט „גורן", שייער); און תרומת מעשר נעמט מען א באשטימטע מאָס, א צאָל, א צענטל, זי האָט א שיעור. דאָס זעלבע איז אויך מיט תרומה. מען טאָר אויך ניט עסן די פּרוכטן איידער מען שיידט אָפּ תרומה, און תרומה האָט א שיעור (א פּופציקסטל). אָבער איידער מען שיידט אָפּ בכורים מעג מען עסן די פּרוכטן, און בכורים קאָן מען געבן וויפיל מען וויל. דאָס וואָרט „דרכים", „וועגן", מיינט „ענינים", זאכן.**

ו. אתרוג, דער אתרוג־בוים איז גלייך צו א (פּרוכטן־)בוים אין דריי זאכן, און צו גרינס (ירק) אין איין זאך; ער איז גלייך צו א פּרוכטן־בוים אין ערלה און אין רבעי און אין שמיטה־יאָר; און (ער איז גלייך) צו גרינס אין איין זאך, דהיינו, וואָס לויט דער צייט פון אפּרייסן דאַרף מען נעמען פון אים מעשר, אזוי זאָגט רבן גמליאל. **רש"י אין סוכה ל"ט טייטשט די משנה אזוי: דער דין איז ביי א פּרוכטן־בוים, אז די ערשטע דריי יאָר נאָכן פלאנצן אים טאָר מען די פּרוכטן ניט עסן און ניט הנאה האָבן פון זיי, ווייל זיי זענען ערלה; די פּרוכטן פון פערטן יאָר, הייסן „רבעי" (זע אין מסכתא מעשר שני פרק ד' משנה א') און מען מוז די פּרוכטן פירן קיין ירושלים; דאקייגן ביי גרינס איז ניטאָ קיין ערלה און רבעי. אויב פּרוכטן אויף א בוים האָבן אָנ־געהויבן בליען („חנט") אים שמיטה־יאָר, כאָטש מען האָט זיי אָפּגעריסען אין דעם יאָר נאָך שמיטה, האָבן זיי דעם דין פון שמיטה־פּרוכטן און זענען הפקר פאַר אַלע מענטשן. דאָס זעלבע איז אויך ביי מעשר. ווי מיר האָבן געגעבן אין דער הקדמה צו מסכתא דמאי האָט מען אין די יאָרן 1 און 2 און 4 און 5 נאָך דעם שמיטה־יאָר אָפּגעשיידט מעשר שני, און אין די יאָרן 3 און 6 האָט מען אָפּגעשיידט מעשר עני; איז דער דין, אז אויב די פּרוכטן האָבן געבליט אויפן בוים, לאָמיר זאָגן, אין יאָר 2, כאָטש מען האָט זיי אָפּגעריסן אין יאָר 3, נעמט פון זיי מעשר שני, ווי אין דעם 2טן יאָר, אין יאָר פון בליען, און ניט ווי אין 3טן יאָר, אין יאָר פון אראָפּרייסן די פּרוכטן. דאַ־קייגן ביי גרינסן, למשל ביי ציבעלעס, ווערט גענומען מעשר ניט לויט דעם יאָר פון בליען, נאָר לויט דעם יאָר ווען מען רייסט זיי אראָפּ („בשעת לקיטתו"). זאָגט די משנה, אז דער אתרוג האָט בנוגע ערלה, רבעי און שמיטה דעם דין פון א פּרוכטן־בוים, דאָס הייסט, עס זענען פאַראַן ביי אים די דינים פון ערלה און רבעי, און ביי שמיטה רעכנט מען לויט דעם יאָר ווען ער בליט; דאקייגן בנוגע מעשר, אויב מען האָט דעם אתרוג אָפּגעריסן אין 3טן יאָר, כאָטש ער האָט געבליט דעם 2טן יאָר, נעמט מען פון אים מעשר שני, לויט דעם 3טן יאָר, אזוי ווי פון גרינסן. עס זענען פאַראַן אויף דער משנה נאָך אנדערע טייטשן פון די מפרשים, דהיינו; אז אַלץ גייט ארויף אויף דעם אונטערשייד צווישן „יאָר פון בליען" און יאָר פון „אראָפּרייסן", דאָס הייסט, אז אויך ביי ערלה און רבעי רעכנט מען ביי פּרוכטן־ביימער לויט דעם יאָר פון בליען. די פּרוכטן, וואָס האָבן געבליט אין 3טן יאָר זינט דעם פלאנצן פון בוים און מען האָט זיי אָפּגעריסן דעם 4טן יאָר, זענען זיי ערלה, און די וועלכע האָבן געבליט דעם 4טן יאָר און מען האָט זיי אָפּגעריסן דעם 5טן יאָר זענען רבעי. זאָגט די משנה, אז דער אתרוג־בוים איז אויך אין דעם גלייך צו פּרוכטן־ביימער.** ר' אליעזר זאָגט, אז ער (דער אתרוג) איז גלייך צו א פּרוכטן־בוים אין יעדער זאך. **אויך בנוגע מעשר־נעמען ווערט דאָס יאָר גערעכנט ווי ביי פּרוכט־ביימער, לויט דעם יאָר, ווען דער אתרוג בליט.**

**ז. דם מהלכי שתים שוה לדם בהמה, להכשיר את הזרעים, ודם השרץ אין חייבין עליו.**

**ח. כוי יש בו דרכים שוה לחיה, ויש בו דרכים שוה לבהמה, ויש בו דרכים שוה לבהמה ולחיה, ויש בו דרכים שאינו שוה לא לבהמה ולא לחיה.**

**ט. כיצד שוה לחיה? דמו טעון כיסוי כדם חיה, ואין שוחטין אותו ביום טוב, ואם שחטו אין מכסין את דמו, וחלבו מטמא בטומאת נבלה**

---

ז. דם, דאָס בלוט פון(באשעפענישן) וועלכע גייען אויף צווי פיס, איז גלייך צום בלוט פון א בהמה אז עס איז מכשיר געוויקסן. **מיר האָבן געגעבן פריער אין דמאי פרק א׳ משנה ג׳ און אין תרומות פרק י״א משנה ב׳ אז א עסנוואַרג קאָן ניט טמא ווערן, אפילו עס רירט אָן א טמא־זאַך, סיידן עס האָט פריער אָנגערירט איינע פון די זיבן פליסיקייטן** (משקאות): וואַסער, טוי, ווייַן אייל, האָניק, מילך און בלוט. **דורך דעם דאָזיקן אנרירן אין דער פליסיקייט ווערט דאָס עסנוואַרג „מוכשר״, פעהיק, ראוי, טמא צו ווערן. די משקה, די פליסיקייט, איז „מכשיר״ דאָס עסנוואַרג צו קאָנען ווערן טמא. זאָגט די משנה, אז אויך דאָס בלוט פון א צוויי־פיסיקן (דאָס מיינט מען פון א מענטש) האָט דעם דין ווי בלוט פון א בהמה און אויב עס רירט־אָן „זרעים״** (גע־וויקס, עסנוואַרג) **איז עס מכשיר די עסנוואַרג, אז זיי זאָלען קאָנען ווערן טמא.** ודם השרץ, און דאָס בלוט פון א שרץ איז מען ניט מחויב דערויף. **אין חומש ויקרא י״א זענען אויסגערעכנט 8 שרצים, וואָס מען טאָר ניט עסן. דער דין איז, אז איינער עסט בלוט איז ער חייב כרת, פאַרשניטן צו ווערן, און עס קומט אים מלקות, קלעפּ דורך דעם בית דין. זאָגט די משנה, אז אויב דאָס בלוט איז פון שרצים איז מען דערויף ניט מחויב קיין כרת און קיין מלקות פאַר עסן בלוט, און עס קומט אים נור מלקות פאַר עסן שרץ. די משנה מיינט דאָ צו זאָגן, אז דאָס בלוט פון א מענטש איז גלייך צום בלוט פון א שרץ, אז פאַר עסן עס קומט ניט קיין מלקות.**

ח. כוי, א בופל־אָקס האָט זאַכן (דינים), אין וועלכע ער איז גלייך צו אחיה, און ער האָט זאַכן, אין וועלכע ער איז גלייך צו א בהמה, און ער האָט זאַכן, אין וועל־כע ער איז גלייך צו א בהמה און צו א חיה, און ער האָט זאַכן, אין וועלכע ער איז ניט גלייך ניט צו א בהמה און ניט צו א חיה. **געוויינטליך טייטשט מען דאָס וואָרט „כוי״ א „בופל־אָקס״; אנדערע טייטשן דערמיט „געמזע״, דאָס איז די ווילדע בערג־ציג, כאָטש אין תנך ווערט די ווילדע בערג־ציג אָנגערופן „יעל״, „יעלים״. אנדערע זאָגן, אז דאָס איז א באשעפעניש געבוירן פון א שעפּס א זכר און א הירש א נקבה. די חכמים פון דער משנה זענען אין ספק, צי דער כוי האָט דעם דין פון א בהמה צי פון א חיה, און דעריבער האָבן זיי געזאָגט, אז מען דאַרף מחמיר זיין און אָנווענדן צו אים אלע דינים, און די משנה רעכנט אויס ווי אזוי:**

ט. כיצד שוה לחיה? ווי אזוי (אין וואָסערע זאַכן) איז ער (דער כוי) גלייך צו א חיה? זיין בלוט דאַרף מען צו דעקן ווי דאָס בלוט פון א חיה; **דער דין איז, אז ווען מען שעכט א עוף אָדער א חיה (ניט א בהמה) דאַרף מען דאָס בלוט צודעקן מיט ערד אָדער מיט אש („כיסוי הדם״), און אויך ווען מען שעכט א כוי דאַרף מען זיין בלוט צודעקן.** ואין שוחטין, און מען טאָר אים ניט שעכטן אים יום־טוב, און אויב מען האָט אים יאָ געשאָכטן (אים יום טוב) טאָר מען זיין בלוט ניט צודעקן. **א עוף אָדער א חיה מעג מען שעכטן אים יום טוב, ווייל מען מעג באַנוצן דאָס אש פון קיך אויף צוצודעקן דאָס בלוט. אָבער ווייל וועגן דעם כוי איז מען דאָך אין ספק, צי איז ער א בהמה צי איז ער א חיה, טאָר מען אים יום טוב ניט נוצן דערצו דאָס אש פון דער קיך, און דע־ריבער טאָר מען אים ניט שעכטן אים יום טוב, ווייל מען קאָן דאָך ניט צו דעקן זיין בלוט. אויב מען האָט אים יאָ געשאָכטן אים יום טוב זאָל מען זיין בלוט ניט צו דעקן.**

**כחיה, וטומאתו בספק, ואין פודין בו פטר חמור.**

**י. כיצד שוה לבהמה? חלבו אָסור כחלב בהמה, ואין חייבין עליו כרת, ואינו נלקח בכסף מעשר לאכול בירושלים, וחייב בזרוע ולחיים וקבה. ר׳ אליעזר פוטר, שהמוציא מחברו עליו הראיה.**

---

וחלבו, און זיין חלב (פעט) איז מטמא מיט דער טומאה פון א נבלה, ווי א חיה. **דער דין איז, אז א בהמה צי א חיה פגר׳ט** (מען האָט עס ניט געשאָכטן), **איז עס א נבלה, און אויב מען רירט אָן דאָס פלייש פון א נבלה ווערט מען טמא; אָבער אויב מען רירט אָן דאָס חלב פון א בהמה א נבלה ווערט מען ניט טמא** (מען לערנט עס אָפּ פון חומש ויקרא ז׳). **דער דאָזיקער דין אז חלב נבלה איז ניט מטמא איז נור ביי א בהמה; דאַ־קייגן דאָס חלב פון א נבלה פון א חיה איז יאָ מטמא. זאָגט די משנה, אז דאָס חלב פון א נבלה א כוי איז מטמא ווי דאָס חלב פון א נבלה א חיה.** וטומאתו בספק, **אָבער די דאָזיקע טומאה איז נור צוליב ספק. ניט עס איז זיכער מטמא ווי א חיה, נאָר עס איז טמא צוליב א ספק, טאָמער איז ער א חיה.** ואין פודין, און מען לייזט ניט אויס מיט אים אן אייזל א בכור (פטר חמור). **דער דין איז, אז אויב ביי אן אייזל ווערט געבוירן דאָס ערשטע קינד („פטר", דאָס „ערשטע", די „עפנונג"), דארף דער בעל הבית פון אייזל עס אויסלייזן מיט א שעפּסל אָדער אן אנדערער כשרער בהמה, און מען גיט דאָס שעפּסל צי די אנדערע כשרע בהמה צום כהן. זאָגט די משנה, אז מיט א כוי קאָן מען ניט אויסלייזן דעם בכור פון אן אייזל, ווייל טאָמער איז דער כוי א חיה, און מיט א חיה קאָן מען ניט אויסלייזן.**

י. כיצד שוה, ווי אזוי (אין וועלכע זאכן) איז דער כוי גלייך צו א בהמה? חלבו, זיין חלב איז אסור ווי דער חלב פון א בהמה. אָבער קיין כרת קומט ניט (פאר עסן דעם כוי חלב) **דער דין איז, אז געוויסע פעט־טיילן פון א בהמה, חלב, טאָר מען ניט עסן, און אויב מען עסט קומט כרת; אָבער חלב פון א חיה מעג מען יאָ עסן. זאָגט די משנה, אז דער כוי איז געגליכן צו א בהמה, אז זיין חלב טאָר מען ניט עסן. זאָגט די משנה, קומט ניט דערפאר, ווייל עס איז נור א ספק. „כרת" איז אייגענטליך טויט־שטראָף פון הימל** (ניט דורך מענטשן), **דערינבער טייטשן די מפרשים, אז דאָס מיינט מען, אז אויב מען עסט בשוגג חלב פון א כוי דארף מען ניט ברענגען קיין קרבן חטאת, און אויך אז אויב מען עסט במזיד קומט ניט קיין מלקות, קלעפּ פון בית דין.** ואינו נלקח, און מען טאָר אים ניט קויפן פאר געלט פון מעשר שני צו עסן אים אין ירושלים. **מיר האָבן געלערנט פריער אין מסכתא מעשר שני פרק א׳ משנה ד׳, אז פאר מעשר שני געלט אין ירושלים פלעגט מען קויפן א בהמה מקריב צו זיין אלס קרבן שלמים, אָבער א בהמה קויפן צו עסן ניט אלס קרבן האָט מען ניט געטאָרט. זאָגט די משנה אז אויך א כוי האָט מען ניט געטאָרט קויפן פאר מעשר־שני־געלט צו עסן דאָס פלייש אין ירושלים, ווייל טאָמער איז ער א בהמה, און א בהמה טאָר מען דאָך ניט קויפן אויף ניט מקריב צו זיין. ווידער צו קויפן א כוי אויף צו ברענגען אים אלס קרבן קאָן מען דאָך אויך ניט, ווייל טאָמער איז ער א חיה, און א חיה קאָן מען ניט ברענגען פאר א קרבן.** וחייב, און ער איז מחויב אין ארעם און באקן און מאָגן (זרוע ולחיים וקבה). **דער דין איז, אז ווען מען שעכט א בהמה דארף מען געבן דעם כהן דעם ארעם און די באקן און דעם מאָגן פון דער בהמה; אָבער פון א חיה דארף מען ניט געבן. זאָגט די משנה, אז א כוי איז גלייך צו א בהמה, און מען דארף פון אים געבן.** ר׳ אליעזר פטר׳ט, ווייל ווער ער וויל ארויסנעמען פון אן אנדערן דארף ברענגען דעם באוויז. **ר׳ אליעזר זאָגט, אז פון א כוי דארף מען דעם כהן ניט געבן דעם ארעם און די באקן און דעם מאָגן; ווייל דער כהן, וועלכער מאָנט די דאָזיקע זאכן באשר טאָמער איז די כוי א בהמה, קאָן ניט ארויסנעמען פון דעם בעל הבית פון כוי די זאכן אויף דער טענה פון א ספק. דאָס איז דער כלל אין דער גמרא „המוציא מחברו עליו הראיה", אז**

יא. **כיצד אינו שוה לא לחיה ולא לבהמה? אָסור משום כלאים עם החיה ועם הבהמה. הכותב חיתו ובהמתו לבנו, לא כתב לו את הכוי. אם אָמר „הריני נזיר שזה חיה או בהמה״ הרי הוא נזיר. ושאָר כל דרכיו שוים לחיה ולבהמה, וטעון שחיטה כזה וכזה, ומטמא משום נבלה ומשום אבר מן החי כזה וכזה.**

## פרק ג.

א. **כיצד מפרישין הבכורים? יורד אדם בתוך שדהו ורואה תאנה שבכרה, אשכול שבכר, רימון שבכר, קושרו בגמי ואומר „הרי אלו**

---

**וועז איינער מאָנט ביי א צווייטן געלט צי א זאך און עס איז א ספק צי אים קומט, דארף מען ניט באצאָלן ווייל דער וואס מאָנט און וויל ארויסנעמען ביים צווייטן געלט, דארף ברענגען דעם באווייז, אז זיין טענה איז א ריכטיקע.**

י״א. כיצד אינו, ווי אזוי (אין וועלכע זאכן) איז ער ניט גלייך ניט צו א חיה און ניט צו א בהמה? אסור, ער איז אסור צוליב כלאים סיי מיט א חיה און סיי מיט א בהמה. **מען טאָר אים ניט איינשפאַנען צו דער ארבייט ניט מיט א חיה און ניט מיט א בהמה, ווייל עס איז כלאים, איין מין מיט אן אנדערן מין. זע וועגן דעם אין מסכתא כלאים פרק ח׳.** הכותב, אז איינער שרייבט אָפּ (אלס מתנה) צו זיין זון די חיה און די בהמה, וואס ער פאַרמאָגט, האָט ער אים ניט אפּגעשריבן דעם כוי. **מחמת אין דער דאָזיקער זאך ווערט ער ניט גערעכנט ניט אלס א חיה און ניט אלס א בהמה.** אם אמר, אויב איינער האָט געזאָגט: „איך זאָל זיין א נזיר אויב דאָס (דער כוי) איז א חיה צי א בהמה״, איז ער א נזיר. **אויב איינער זאָגט וועגן זיך, אז ער זאָל זיין א נזיר טאָר ער 30 טעג ניט טרינקען קיין וויין, ניט אפּשערן זיך די האָר און ניט מטמא זיין זיך צו מתים. זאָגט די משנה, אז ער איז א נזיר. די מפרשים זאָגן, אז ער איז א נזיר אפילו ער האָט געזאָגט אויב דער כוי איז ניט קיין חיה און ניט קיין בהמה.** ושאר, און אין אלע זיינע איבריקע זאכן איז ער גלייך צו א חיה און צו א בהמה, און מען דארף אים שעכטן ווי די און ווי יענע (ווי די חיה און ווי די בהמה), און ער איז מטמא ווען ער איז א נבלה און מען טאָר ניט פון אים עסן אן אבר ווען ער איז לעבעדיק, ווי די און ווי יענע (ווי א חיה און ווי א בהמה). **די משנה פירט דאָ א דורך דעם כלל, אז ווייל וועגן דעם כוי איז א ספק, צי ער איז א חיה צי א בהמה, איז ממילא אלע זאכן, וואָס מען איז מחויב אָפּצוהיטן סיי ביי א חיה און סיי ביי א בהמה, דארף מען זיי ביים כוי אודאי אָפּהיטן. און די משנה רעכנט זיי דאָ אויס (ניט אלע, נאָר א טייל פון זיי): אויב מען וויל עסן זיין פלייש מוז מען אים שעכטן; אויב ער פגר׳ט, הייסט ער א נבלה און אז ווען מען רירט אים אָן ווערט מען טמא; ווען מען רייסט אָפּ אן אבר צי א שטיקל פלייש ווען ער לעבט, טאָר מען עס ניט עסן, ווייל עס איז אבר מן החי. — די אלע משנות פון ו׳ אָן ביז צום סוף פון דאָזיקן פרק זענען דאָ געלערנט געוואָרן, ווייל זיי זענען ענליך צו די פריערדיקע משנות אין פרק וועגן בכורים, וואָס איז אין טייל זאכן גלייך צו תרומה און אין טייל זאכן צו מעשר, און אין טייל זאכן צו ביידע, און אין טייל צו ביידע ניט.**

## פרק ג.

א. כיצד מפרישין הבכורים. ווי אזוי שיידט מען אָפּ בכורים? **אין די ערשטע משנות פון דאָזיקן פרק ווערט דערציילט, ווי אזוי עס איז פאָרגעקומען דאָס אָפּשיידן די בכורים, דאָס פירן קיין ירושלים בציבור, א גאַנצע מחנה לאַנדווירטן צוזאמען, דער קבלת פנים אין ירושלים און אין בית המקדש.** יורד, אז א מענטש גייט אריין אין זיין פעלד און זעט א פייג, וואָס איז געוואָרן פרי צייטיק, א הענגל ווינטרויבן, וואָס איז געוואָרן פרי צייטיק, א מילגרוים וואָס איז געוואָרן פריצייטיק, בינדט ער עס ארום מיט א גראָז־ריטל און ער זאָגט: „דאָס זאָל זיין בכורים״. **די משנה זאָגט, אז דעם**

**בכורים". ר' שמעון אומר, אף על פי כן חוזר וקורא אותם בכורים מאחר שיתלשו מן הקרקע.**

**ב. כיצד מעלין את הבכורים? כל העיירות שבמעמד מתכנסות לעיר של מעמד ולנין ברחובה של עיר. ולא היו נכנסין לבתים. ולמשכים היה הממונה אומר: „קומו ונעלה ציון אל (בית) יי אלהינו".**

---

נאָמען בכורים האָט מען געגעבן די פרוכטן, ווען זיי זענען נאָכניט געווען אָפּגעריסן. מען האָט די דאָזיקע ערשטע פרוכטן ארומגעבינדן מיט שטיקלעך גראָז („גמי" פון וואָרט „גומא" אין תנך, א וואסער־גראָז), כדי מען זאָל זיי שפּעטער דערקענען. דאָס וואָרט „שדה", א „פעלד" איז אין א סך ערטער אויך דער טייטש א פּרוכטן־ביימער־גאָרטן. „יורד", „אראָפּגיין" ווערט באנוצט אָפט אין דער משנה אנשטאָט „אריינגיין" אין פעלד, ווייל געוויינטליך זענען די הייזער צום וואוינען געשטאנען אויף בערגלעך, און די פעלדער זענען געווען אין טאָל. ור' שמעון, און ר' שמעון זאָגט, אז פונדעסט־וועגן רופט ער זיי נאָכאמאָל אָן „בכורים" נאָכדעם ווי מען האָט זיי אָפּגעריסן פון דער ערד. ר' שמעון האלט, אז דאָס א נאָמען געבן זיי „בכורים" דארף פאָרקומען, ווען די פרוכט איז אָפּגעריסן, און דעריבער כאָטש ער האָט די פרוכטן אָנגערופן „בכורים" ווען זיי זענען נאָך געווען באהאָפטן צום בוים, דארף ער זיי א נאָמען געבן נאָכאמאָל נאָכדעם ווי זיי זענען געוואָרן אָפּגעריסן.

ב. כיצד מעלין את הבכורים? ווי אזוי ברענגט מען ארויף די בכורים? דאָס פירן בכורים אין בית המקדש קיין ירושלים האָט געהייסן „ארויפברענגען" זיי, ערשטנס ווייל ירושלים איז העכער פון גרעסטן טייל פון ארץ ישראל, זי שטייט אין א בערגי־קער געגנט, און צווייטנס ווייל ירושלים איז געווען דאָס הייליקע הויכע אָרט, און אין תנך געפינט מען אָפט דעם אויסדרוק פון „אויפגיין" („וקמת ועלית"), צום הייליקן אָרט (צום בית המקדש). כל העיירות, אלע שטעטלאך פון דעם מעמד האָבן זיך (די לאנדווירטן מיט זייערע בכורים) צונויפגעזאמלט אין דער שטאָט פון מעמד. מען איז געגאנגען קיין ירושלים מיט די בכורים בחברותא, א סך לאנדווירטן פון איין געגנט צוזאמען. ווען דאָס בית המקדש איז געשטאנען, איז גאנץ ארץ ישראל געווען איינגע־טיילט אין 24 טיילן, און יעדער טייל האָט געהייסן „מעמד", און יעדער מעמד האָט געשיקט שליחים קיין ירושלים צו זיין (צו „שטיין", „עמד", דערפון „מעמד") ביים מקריב זיין דעם קרבן תמיד ווען עס איז אויסגעפאלן די וואָך פון דאָזיקן מעמד (זע אין מסכתא תענית פרק ד' משנה ב'). די הויפּט־שטאָט פון דעם מעמד האָט געהייסן „עיר של מעמד", „די שטאָט פון מעמד". זאָגט דאָ די משנה, אז די לאנדווירטן פון די דערפער אין יעדן מעמד, פלעגן קומען מיט זייערע בכורים אין דער הויפּט־שטאָט פון מעמד, ולנין, און זיי פלעגן נעכטיקן אין מארק־פלאַץ פון דער שטאָט, און זיי זענען ניט אריינגעגאנגען אין קיין הייזער (נעכטיקן). מחמת טאָמער איז פאראן אין א הויז א חשש פון טומאה, און זיי קאָנען דאדורך טמא ווערן. בכורים פלעגט מען ברענגען מייסטנס באלד נאָך שבועות (זע פריער פרק א' משנה ג') און דאמאָלס איז אין ארץ ישראל זייער ווארים און עס פאלט ניט קיין רעגן און דאָס נעכטיקן אין דרויסן, אויסער די הייזער, איז דעמאָלס פארשפּרייט אין לאנד. ולמשכים, און ווען עס איז אָנ־געקומען דער פרימאָרגן האָט דער עלטסטער (פון די לאנדווירטן) אויסגערופן: „קומו ונעלה ציון אל בית ה' אלהינו", „שטייט אויף און לאָמיר אויפגיין קיין ציון, צום הויז פון גאָט אונזער גאָט". פון דער משנה איז צו זען, אז די לאנדווירטן, וועלכע זענען געגאנגען קיין ירושלים מיט די בכורים האָבן געהאט איבער זיך א „ממונה", א פירער, און ער פלעגט זיי אויפוועקן גאנץ פרי מיט דעם דערמאָנטן אויסרוף. „ולמ־שכים" איז דער טייטש „צום פרימאָרגן", ווען עס ווערט פרימאָרגן, און „משכים" איז דער טייטש „דער פרימאָרגן"; מיר געפינען אין הושע ו' „וכטל משכים הולך",

**ג. הקרובים מביאין התאנים והענבים, והרחוקים מביאין גרוגרות וצמוקים. והשור הולך לפניהם וקרניו מצופות זהב ועטרה של זית בראשו. החליל מכה לפניהם, עד שמגיעים קרוב לירושלים. הגיעו קרוב לירושלים, שלחו לפניהם ועטרו את בכוריהם. הפחות, הסגנים והגזברים יוצאים לקראתם. לפי כבוד הנכנסים היו יוצאים. וכל בעלי אומניות שבירושלים עומדים לפניהם ושואלין בשלומם: „אחינו אנשי המקום פלוני, באתם לשלום״.**

---

„און ווי דער טוי פון פרימאָרגן פארשווינדט ער״. דער אויסרוף איז א פסוק אין ירמיה ל״א פסוק ה׳ נאָר דאָרט פעלט דאָס וואָרט „בית״. אין משניות פון ירושלמי איז אויך דאָ אין דער משנה ניט פאראן דאָס וואָרט „בית״.

ג. הקרובים, די נאָנטע ברענגען פייגן און ווייַנטרויבן, און די ווייטע ברענגען דאַרע פייגן און געטריקנטע ווייַנטרויבן (ראָזשינקעס). די וועלכע האָבן געוואוינט נאָנט פון ירושלים האָבן געבראכט די פייכטע פרוכטן, ווי פייכטע פייגן און ווייַנ־טרויבן, ווייל זיי זענען בעסערע פרוכטן. אָבער די לאַנדווירטן, וועלכע האָבן געוואוינט ווייט פון ירושלים האָבן געבראכט געטריקנטע פייגן און ראָזשינקעס, און כאָטש די דאָזיקע זענען ערגערע פרוכטן, אָבער זיי האלטן זיך לענגער אין וועג. והשור, און דער אָקס גייט־פאָרויס פאר זיי, און זיינע הערנער זענען באדעקט מיט גאָלד און אַ קרוין פון איילבירטן אויף זיין קאָפּ. דער אָקס איז געווען אויף צו ברענגען אים א קרבן שלמים אין בית המקדש. די משנה דערציילט דאָ, ווי די גאנצע חברותא בכורים־ברענגער זיינען געגאנגען אין וועג, און ווי פאָרויס איז געגאנגען דער אָקס, וועלכער איז געווען באפוצט. החליל, דאָס פייפערל קלינגט פאָרויס פאר זיי ביז זיי קומען נאָנט צו ירושלים. אויפן וועג האָט דער מוזיק־אינסטרומענט „חליל״ געקלינגען („מכה״, „געשלאָגן״) פאר זיי ביז זיי זענען געקומען נאָנט צו ירושלים. וואָס מען מיינט מיט „חליל״ איז ניט קלאָר. טייל זעצן עס איבער א „פייפער״, און טייל מיינען, אז עס איז א „פלייט״. טייל מפרשים האלטן, אז „חליל״ מיינט ניט בלויז איין פייפער, נאָר מען מיינט דערמיט א גאנצע קאפעליע פון שפילער אויף פייפלעך צי פלייטן, און דאָס וואָרט איז א „שם קיבוצי״, ווי למשל „החיל״ מיינט „דאָס מיליטער״, דאָס הייסט א סך מענטשן. הגיעו, ווען זיי זענען אָנגעקומען נאָנט צו ירושלים, האָבן זיי געשיקט שליחים (אין ירושלים מודיע צו זיין, אז זיי קומען אָן), און זיי האָבן באפוצט זייערע בכורים. מיט „באפוצן״ מיינט מען, אז זיי האָבן ארויפגעלייגט אין דער הויך שיינע פרוכטן, און ווייטער אין משנה י׳ ווערט געלערנט ווי די באפוצונג דארף פאָרקומען הפחות, די הויכע שרים (פון די כהנים), און די שטעל־פארטרעטער און די שאצמייס־טער (פון בית המקדש) גייען ארויס זיי אנטקעגן; לויט דעם כבוד פון די אָנקומענדיקע זענען זיי ארויסגעגאנגען. דאָס וואָרט „פחות״ צו באצייכנען הויכע שרים איז פאראן אין תנך, און אין ירמיה נ״א (פסוק כ״ב) איז פאראן דער אויסדרוק „הפחות והסגנים״. דאָ מיינט מען, די אָנגעזעהענע פירער פון די כהנים און פון די לויים. דער ירושלמי זאָגט, אז מיט „לויט דעם כבוד פון די אָנקומנדיקע״ מיינט מען ניט „די חשיבות״ פון די מענטשן, וואָס האָבן געבראכט די בכורים, מחמת ווען יידן איז ניט שייך צו זאָגן „גרויסע״ און „קליינע״, אלע זענען גלייך; נאָר מען מיינט דערמיט לויט דער צאָל פון די אָנקומנדיקע. וכל בעלי, און אלע בעלי מלאכות אין ירושלים שטעלן זיך אויף פאר זיי און באגריסן זיי: „אונזערע ברידער, איינוואוינער פון דעם און דעם אָרט, קומט בשלום״. אין ארץ ישראל, וואו עס איז זומער קיינמאָל ניטאָ קיין רעגן, טוען בעלי מלאכות זייער ארבייט אין דרויסן, פאר דער טיר פון די וואוינונגען און ווארשטאטן. זאָגט די משנה, אז ווען די בכורים־ברענגער זענען אריינגעקומען אין ירושלים פלעגן די בעלי מלאכות איבערייסן זייער ארבייט און באגריסן זיי.

**ד. החליל מכה לפניהם עד שמגיעין להר הבית. הגיעו להר הבית, אפילו אגריפס המלך נוטל הסל על כתפו ונכנס, עד שמגיע לעזרה. הגיע לעזרה ודברו הלוים בשיר: „ארוממך יי כי דליתני ולא שמחת אויבי לי״.**
**ה. הגוזלות שעל גבי הסלים היו עולות, ומה שבידם נותנים לכהנים.**
**ו. עודהו הסל על כתפו קורא מ„הגדתי היום ליי אלהיך״ עד שגומר כל הפרשה. ר׳ יהודה אומר עד „ארמי אובד אבי״. הגיע לארמי אובד אָבִי**

---

ד. החליל, דער פייפער קלינגט פאָרויס פאַר זיי ביז זיי קומען אָן צום הר הבית (דעם בארג פון בית המקדש). **אין ירושלים איז פאראַן א בארג אויף וועלכן דאָס בית המקדש איז געשטאַנען. דער בארג האָט געהייסן „הר הבית״; אויף דעם בארג איז געווען אָפּגעטיילט א פּלאַץ ארומגערינגעלט מיט א מויער, און דער פּלאַץ האָט גע־הייסן „עזרה״, דער הויף פון בית המקדש.** הגיעו להר הבית, ווען זיי זענען אָנגעקו־מען צום בית המקדש־בארג נעמט אפילו דער קעניג אגריפס דעם קויש (מיט די בכורים) אויף זיין אקסל, און גייט אריין ביז ער קומט צו דער עזרה (בית המקדש־הויף). **אין די לעצטע יאָרן פון צווייטן בית המקדש זענען געווען אין ארץ ישראל צוויי יידישע פירשטן מיטן נאָמען אגריפס (אגריפּאַס); אגריפּאַס דער ערשטער און אגריפּאַס דער צווייטער; דער ערשטער איז געווען א פאָטער פון צווייטן. די משנה דערציילט, אז יעדער איינער, וועלכער האָט געבראַכט בכורים, האָט געמוזט טראָגן דעם קויש מיט די בכורים אויף זיינע אקסלען פון זינט ער איז ארויפגעקומען אויפן בית המקדש־בארג; אפילו אזא אדם חשוב ווי קעניג אגריפס האָט עס אויך געטאָן.** הגיע לעזרה, ווען ער (דער בכורים ברענגער) איז אָנגעקומען אין בית־מקדש־הויף, האָבן די לויים אָנגעהויבן זינגען שירה „ארוממך ה׳ כי דליתני ולא שמחת אויבי לי״ (תהלים ל׳), „איך וועל דיך גרויסן, גאָט, דערפאַר, וואָס דו האָסט מיך אויפגעהויבן און דו האָסט ניט דערפרייט מיינע שונאים איבער מיר״. **ווי מיר האָבן געלערנט שוין פריער אין פרק ב׳ משנה ד׳ האָבן די לויים אין בית המקדש געדאַרפט, ביים בכורים־ברענגען, זינגען שירה און די משנה דערציילט דאָ, אז די לויים האָבן געזינגען דעם מזמור אין תהלים ל׳.**

ה. הגוזלות, די טויבן וואָס זענען געווען (אָנגעהאַנגען) ארום די קוישן האָט מען מקריב געווען אלס עולות, און דאָס וואָס זיי האָבן געהאַט אין דער האַנט האָבן זיי (די בכורים־ברענגער) געגעבן צו די כהנים. **צוזאמען מיט די בכורים האָט מען מיט־געבראַכט טויבן מקריב צו זיין אויפן מזבח אלס קרבן עולה; דאָס איז דער קרבן, וואָס ווערט אינגאַנצן פאַרברענט אויפ׳ן מזבח, און מען עסט גאָרניט פון פליש. וועגן דעם צווייטן טייל פון דער משנה „און דאָס וואָס זיי האָבן געהאַט אין דער האַנט״ זענען פאַראַן צוויי טייטשן. דער רמב״ם זאָגט, אז דאָס מיינט די טויבן, וואָס זיי האָבן גע־האַלטן אין דער האַנט; רש״י אין מנחות נ״ח טייטשט, אז דאָס מיינט מען די קוישן מיט די בכורים.**

ו. עודהו, ווען דער קויש איז נאָך אויף זיין (דעם בכורים־ברענגער׳ס) אקסל, ליינט ער (דער בכורים־ברענגער) פון „הגדתי היום לה׳ אלהיך״ (דברים כ״ו) ביז ער פאַרענדיקט די גאַנצע פרשה. **דאָס איז דאָס „ליינען״, וואָס ווערט דערמאָנט פריער אין פרק א׳ משנה א׳. יעדער וואָס האָט געבראַכט דעם קויש מיט בכורים אין בית המקדש, האָט געדאַרפט ליינען די פרשה פון בכורים (דברים כ״ו).** ר׳ יהודה זאָגט, אז ביז „ארמי אובד אבי״. הגיע, ווען ער איז צוגעקומען (ביים ליינען, צום פסוק) „ארמי אובד אבי״, נעמט ער אראָפּ דעם קויש פון אקסל, און האַלט אים ביים ראַנד (פון קויש), און דער כהן לייגט ארונטער זיין האַנט אונטער אים (דעם קויש) און הייבט אים אויף; און ער (דער בכורים־ברענגער) ליינט פון „ארמי אובד אבי״ ביז ער פאַרענדיקט די גאַנצע פרשה; און ער לייגט אים (דעם קויש מיט בכורים) אנידער

**מוריד הסל מעל כתפו ואוחזו בשפתותיו, וכהן מניח ידו תחתיו ומניפו, וקורא מ„ארמי אובד אבי" עד שהוא גומר כל הפרשה, ומניחו בצד המזבח, והשתחוה ויצא.**

**ז. בראשונה כל מי שיודע לקרות קורא וכל מי שאינו יודע לקרות מקרין אותו. נמנעו מלהביא, התקינו שיהו מקרין את מי שיודע ואת מי שאינו יודע.**

**ח. העשירים מביאין בכוריהם בקלתות של כסף ושל זהב, והעניים מביאין אותם בסלי נצרים של ערבה קלופה, והסלים והבכורים ניתנים לכהנים.**

**ט. ר' שמעון בן ננס אומר, מעטרין את הבכורים חוץ משבעת המינים. ר' עקיבא אומר, אין מעטרין את הבכורים אלא משבעת המינים.**

---

לעבן דעם מזבח און ער קניט־אנידער און גייט ארוים. **די משנה האָט דאָ געגעבן בפרטות, ווי אזוי דאָס ברענגען די בכורים אין בית המקדש איז פאָרגעקומען. דער „תוספות יום טוב" זאָגט אז ר' יהודה איז מפרש די ווערטער פון דער סתם משנה, און ער גיט דאָס די פרטים ווי אזוי עס איז פאָרגעקומען דאָס ליינען.** מיט „והשתחוה", אנידערקניען, מיינט מען זיך אויסציען אינגאנצן אויף דער ערד (פישוט ידים **ורגלים).**

ז. בראשונה, צוערשט (אין די ערשטע צייטן), ווער עס האָט געקאָנט אליין ליינען די פרשה (פון בכורים) האָט אליין געליינט; און ווער עס האָט ניט געקאָנט ליי־נען, האָט מען פאר אים פאָרגעליינט; האָבן מענטשן (וועלכע האָבן ניט געקאָנט ליינען), אויפגעהערט צו ברענגען בכורים (צוליב בושה); האָט מען מתקן געווען, אז מען זאָל פאָרליינען סיי פאר די וועלכע קאָנען און סיי פאר די וועלכע קאָנען ניט. **כדי ניט צו פארשעמען די וועלכע האָבן ניט געקאָנט, האָט מען איינגעפירט, אז א בעל קורא האָט פאָרגעליינט פאר יעדן איינעם.**

ח. העשירים, די רייכע ברענגען זייערע בכורים אין קוישן פון זילבער אָדער פון גאָלד; און די אָרימע לייט ברענגען זיי אין קוישן (געפלאָכטן) פון צוויגן פון אָפּ־געשיילטע ערבה, און די קוישן און די בכורים ווערן געגעבן צו די כהנים. „קלתות", **איז דאָס גריכישע וואָרט „קאלאטאָס", א געפלאָכטענער קויש. „ערבה" זענען די באקאַנטע געוויקסן־ריטלעך, וועלכע מען נעמט סוכות צום לולב און אתרוג. די רייכע האָבן געבראכט אין קוישן געפלאָכטן (דער ברטנורא זאָגט: „באדעקט") מיט גאָלד און זילבער, און די אָרימע לייט אין איינפאכע ריטלעך־קוישן. די גמרא אין בבא קמא צ"ב זאָגט, אז נור די אָרימע לייט'ס איינפאכע קוישן האָט מען געגעבן צו די כהנים. דאקייגן די רייכע לייט'ס זילבערנע און גאָלדענע קוישן האָבן די רייכע לייט צוגענו־מען צוריק אהיים, געבנדיק די כהנים בלויז די בכורים. די גמרא זאָגט דערויף, אז דערפון איז דאָס שפריכוואָרט „בתר עניא אזלא עניותא", „נאָך דעם אָרימאַן גייט־נאָך די אָרימקייט", מחמת ניט גענוג וואָס ער איז אן אָרימאַן, האָט ער נאָך געדאַרפן זיין קויש אוועקגעבן דעם כהן.**

ט. ר' שמעון בן ננס זאָגט, אז מען באפוצט („מעטרין", פון „עטרה", „קרוין", באפוצונג) די בכורים אויך מיט ניט די זיבן מינים. **מיר האָבן געלערנט פריער אין פרק א' משנה ג' אז בכורים מעג מען ברענגען נור פון זיבן מינים; ווייץ, גערשטן, וויינ־טרויבן, פייגן, מילגרוימען, איילבירטן און טייטלען. זאָגט ר' שמעון בן ננס, אז דאָס באפוצן די בכורים, ארויפלייגן אויף זיי שיינע פרוכטן (וועגן וואָס עס ווערט פריער געלערנט אין משנה ג') האָט געמעגט זיין ניט דוקא מיט פרוכטן פון די זיבן מינים, נאָר אויך מיט אנדערע מינים.** ר' עקיבא זאָגט, אז מען טאָר ניט באפוצן בכורים נאָר מיט די זיבן מינים. **ר' שמעון בן ננס איז געווען א תלמיד חבר פון ר' עקיבא :**

**י. ר׳ שמעון אומר, שלש מדות בבכורים: הבכורים, ותוספת הבכורים, ועיטור הבכורים. תוספת הבכורים — מין במינו, ועיטור הבכורים — מין בשאינו מינו. תוספת הבכורים נאכלת בטהרה, ופטורה מן הדמאי; ועיטור הבכורים חייב בדמאי.**

**יא. אימתי אָמרו תוספת הבכורים כבכורים? בזמן שהיא באה מן הארץ. ואם אינה באה מן הארץ אינה כבכורים.**

---

י. ר׳ שמעון זאָגט, אז דריי זאכן (מידות) זענען פאראן ביי בכורים: בכורים, און צוגאָב צו בכורים (תוספת הבכורים), און באפוצונג צו בכורים (עיטור הבכורים). „בכורים״ הייסן די פרוכטן, וועלכע מען שיידט אָפּ אלס בכורים ווען די פרוכטן זענען נאָך אויפן בוים. „צוגאָב צו בכורים״, תוספת הבכורים, הייסן די פרוכטן וועלכע מען לייגט־צו צו די שוין־אָפּגעשיידטע בכורים, כדי זיי זאָלן זיין מער. „באפוצונג צו בכורים״, „עיטור הבכורים״. הייסן די באזונדערס שיינע פרוכטן, וועלכע מען לייגט־צו צו דעם בכורים־קויש, כדי אים צו באפוצן, אז ער זאָל אויסזען שענער. זאָגט ר׳ שמעון, אז די דאָזיקע דריי זאכן, מידות, פאָרמען פון בכורים, האָבן די דאָזיקע דינים: תוספת, דער צוגאָב צו בכורים מוז זיין פון זעלבן מין (מין במינו), און די באפוצונג צו בכורים קאָן זיין ניט פון זעלבן מין (מין בשאינו מינו). אויב דער עיקר בכורים איז, למשל, ווייַנטרויבן, מוז דאָס צולייגן שפּעטער די תוספת הבכורים אויך זיין נור פון ווייַנטרויבן, פון זעלבן מין. אָבער די באפוצונג פון בכורים־קויש מוז ניט זיין דוקא פון זעלבן מין, און אויב למשל דער עיקר בכורים איז געווען פון ווייַנטרויבן קאָן מען דעם בכורים־קויש באפוצן מיט פייגן צי טייטלען. תוספת, דער צוגאָב צו בכורים מוז ווערן געגעסן נור אין טהרה און ער איז פטור פון דמאי, אָבער די באפוצונג פון בכורים איז חייב אין דמאי. בכורים אליין מעג מען עסן נור ווען די פרוכטן זענען טהור און דער מענטש, וועלכער עסט זיי, איז טהור. זאָגט די משנה, אז אויך דעם צוגאָב צו בכורים מעג מען עסן נור ווען די פרוכטן זענען טהור און דער וועלכער עסט זיי, איז טהור. דמאי הייסן פרוכטן וואָס מען קויפט ביי א עם הארץ און מען ווייסט ניט צי ער האָט אָפּגעשיידט פון זיי מעשר, און דער דין איז, אז מען דאַרף זיי מעשרן (זע אין דער הקדמה צו מסכתא דמאי). זאָגט די משנה, אז ניט נור ווען א כהן נעמט בכורים פון א עם הארץ, דאַרף ער ניט אָפּשיידן פון זיי קיין מעשר, מחמת בכורים זענען דאָך פטור פון תרומה און מעשר, נאָר אויך ווען דער עם הארץ ברענגט צוזאמען מיט די בכורים אויך די „תוספת״, דעם צוגאָב, מעג מען עס עסן אומגעמעשרט. אָבער די באפוצונג פון בכורים, די פרוכטן מיט וועלכע דער עם הארץ, וועלכער ברענגט בכורים, באפוצט זיין בכורים־קויש, דאַרף דער כהן יאָ מעשרן אלס דמאי, ווייל זיי האָבן ניט די קדושה פון בכורים. די מפרשים קלערן, צי די באפוצונג פון בכורים דאַרף מען עסן בטהרה; מחמת די משנה זאָגט עס ניט בפירוש. פון רמבם אין „יד החזקה״ הלכות בכורים ב׳ י״ח איז צו זען, אז מען דאַרף זיי יאָ עסן בטהרה.

י״א. אימתי, ווען האָט מען געזאָגט, אז דער צוגאָב צו בכורים האָט דעם דין ווי בכורים? ווען ער קומט פון לאנד (פון ארץ ישראל), אָבער אויב זי קומט ניט פון לאנד (פון ארץ ישראל) האָט ער ניט דעם דין ווי בכורים. אויב איינער האָט אָפּגעשיידט בכורים פון ארץ ישראל־פרוכטן, און דערנאָך האָט ער צו זיי צוגעלייגט פרוכטן, וועלכע זענען ניט געוואקסן אין ארץ ישראל, נאָר אין עבר הירדן אָדער אין חוץ לארץ, האָבן די דאָזיקע צוגאָב־בכורים ניט דעם דין ווי בכורים, און א ניט־כהן מעג זיי עסן (כאָטש בכורים מעג עסן נור א כהן). דער רמבם זאָגט, אז כאָטש זיי האָבן ניט דעם דין ווי בכורים אָבער בטהרה דאַרפן זיי געגעסן ווערן.

**יב. למה אָמרו הבכורים כנכסי כהן? שהוא קונה מהם עבדים וקרקעות ובהמה טמאה, ובעל חוב נוטלן בחובו ואשה בכתובתה, כספר תורה. ור׳ יהודה אומר אין נותנין אותם אלא לחבר בטובה; וחכמים אומרים נותנין אותם לאנשי משמר, והם מחלקין ביניהם, כקדשי המקדש.**

---

י״ב. למה אמרו, צו־וואס האָבן זיי (די חכמים) געזאָגט אז בכורים זענען ווי דאָס אייגענטום פון כהן? **די משנה פריער פרק ב׳ משנה א׳ זאָגט, אז בכורים זענען „נכסי כהן״, דאָס פריוואַט־אייגנטום פון כהן, ער קאָן טאָן מיט זיי וואָס ער וויל. פרעגט דאָ די משנה, וואָס מיינט מען מיט דעם אויסדרוק „פריוואַט־אייגנטום פון כהן״?** און די משנה ענטפערט: שהוא קונה, ער מעג קויפן פאַר זיי שקלאַפן און פעלדער און א ניט־כשרע בהמה. **למשל מעשר שני, כאָטש דער אייגנטימער דאַרף עס דאָך עסן אין ירושלים, הייסט עס אָבער ניט זיין פריוואַט־אייגנטום, מחמת ער מעג די מעשר־שני־פּרוכטן פאַרנוצן נאָר אויף עסן, טרינקען; אָבער קויפן, למשל, א שקלאַף צי א פעלד פאַר דעם מעשר שני טאָר ער ניט. דאַקייגן פאַר בכורים מעג דער כהן קויפן שקלאַפן, אָדער פעלדער אָדער א ניט כשרע בהמה (וואָס מען טאָר ניט עסן, ווי א פערד, אן אייזל).** ובעל חוב, און דער, וועלכער מאָנט געלט א חוב ביים כהן, קאָן זיי (די בכורים) צונעמען פאַר דעם חוב. און די פרוי (פון כהן) קאָן זיי צונעמען פאַר איר כתובה. **אויב דער כהן איז וועמען שולדיג א חוב, אָדער אויב דער כהן האָט געג׳גט זיין פרוי, און עס קומט איר צו באַצאָלן די כתובה, קאָן דער געלט־מאָנער צי די פרוי צונעמען די בכורים פאַר דעם געלט, וואָס דער כהן איז זיי שולדיק.** כספר תורה, אזוי ווי א ספר תורה. **רש״י אין מסכתא חולין קל״א איז גורס „וספר תורה״ און טייטשט, אז מען מעג קויפן פאַר בכורים א ספר תורה, כאָטש עס איז ניט צום עסן. דער ברטנורא ברענגט דעם טייטש, אז א ספר תורה האָט אויך דעם דין ווי בכורים, און א בעל חוב קאָן זי צונעמען פאַר זיין חוב און א פרוי פאַר איר כתובה.** ור׳ יהודה, און ר׳ יהודה זאָגט, אז מען טאָרניט געבן בכורים (צו א סתם כהן) נאָר צו א חבר פאַר א דאַנק. **מיר האָבן אין מסכתא דמאי פרק ב׳ משנה ג׳ געלערנט, אז דעם טיטל „חבר״ האָבן געהאַט נאָר גאָר פרומע מענטשן, וועלכע זענען געווען זייער אָפּגעהיטן אין די דינים פון טומאה וטהרה. זאָגט ר׳ יהודה, אז פונקט ווי תרומה דאַרף מען געבן נור צו א כהן א חבר (זע פריער אין מסכתא חלה פרק ד׳ משנה ט׳), אזוי דאַרף מען אויך בכורים געבן נור צו א כהן א חבר; און אז מען מעג נעמען ביים כהן א דאַנק דערפאַר וואָס מען האָט אים געגעבן די בכורים, מחמת דער בעל הבית האָט דאָך דאָס רעכט צו געבן די בכורים צו וועלכן כהן ער וויל, און ער טהוט דאָך דעריבער א טובה דעם כהן וועמען ער גיט די בכורים.** וחכמים, אָבער די חכמים זאָגן, אז מען גיט זיי (די בכורים) צו די מענטשן (כהנים) פון משמר, און זיי צעטיילן זיי צווישן זיך ווי די קרבנות פון בית המקדש. **אלע כהנים זענען געווען איינגעטיילט אין 24 משמרות, און יעדער משמר האָט געטאָן די עבודה אין בית המקדש, מקריב געווען די קרבנות, נאָר איין וואָך. ווען עס האָט זיך געענדיגט די וואָך, האָבן איבערגענומען די עבודה אין בית המקדש די כהנים פון אן אנדערן משמר. די קרבנות פון בית המקדש, וואָס זייער פלייש האָט געהערט צו די כהנים, האָבן יעדע וואָך געהערט צו די כהנים פון דעם משמר פון דער דאָזיקער וואָך, און די דאָזיקע משמר־כהנים האָבן צווישן זיך צו־טיילט דאָס פלייש. זאָגן די חכמים, אז אויך די בכורים קאָן ניט זייער בעל הבית געבן דעם כהן, וועלכן ער וויל, נאָר ער מוז זיי געבן צו די כהנים פון דעם משמר, וועלכע טוען די עבודה אין בית המקדש אין דער דאָזיקער וואָך, און די כהנים צעטיילן צווישן זיך די בכורים. ממילא באַקומט זיין חלק אויך א כהן, וועלכער איז ניט קיין חבר, ווייל פונקט ווי מען גיט אזא כהן פלייש פון א קרבן און מען ווייסט, אז ער וועט**

**זיין אפגעהיטן צו עסן עס בטהרה, אזוי גיט מען אים אויך בכורים. דער ברטנורא טייטשט ר׳ יהודה׳ס ווערטער „אין נותנין" „מען זאָל ניט געבן", אז דאָס גייט־ארויף אויף דעם כהן, וועלכער האָט שוין באקומען די בכורים, אז ער זאָל זיי ניט געבן נאָר צו א כהן א חבר.**

סליק מסכתא בכורים — געענדיקט מסכתא בכורים.

**אין טייל משניות איז פאראן צוגעגעבן צו מסכתא בכורים א פירטער פרק „אנ־דרוגינוס". אָבער ניט דער ירושלמי אויך אין כתבי יד, און ניט דער רמבם און ניט דער ברטנורא און ניט דער תוספות יום טוב אין זייער פירושים צו משניות האלטן ניט, אז דער פרק געהערט צו דער משנה מסכתא בכורים; ער איז באמת א ברייתא פון תוספתא בכורים, און זי האָט פארשידענע נוסחאות, די אלע דערמאָנטע מפרשים האָבן דעריבער ניט געשריבן קיין פירוש צום דאָזיקן פרק.**

הדרן עלך סדר זרעים.

דער מחבר דריקט אויס א הארציקן דאנק צו

מר. און מרס.

# מאָרים קופּערבּערג נ״י

## אין מאָנטרעאל

פאר זייער הילף צו דער אויסגאבע פון משניות סדר זרעים און

פאר זייער ביישטייערונג ארויסצוגעבן די

# מסכתא ברכות

און זיי האָבען אזוי ארום מיטגעהאָלפען צו פארשפרייטן דעם

לימוד המשנה

דברי תודה עמוקים מובעים בזה להאדון והגברת

# אברהם יצחק ראָס נ״י

במונטריאל

על העזרה הרבה שהואילו לתת להוצאת הספר וביחוד

על נדבתם להדפסת

## מסכתא פאה

עם התרגום והפירוש בכרך זה, ורב ברכה להם על עזרתם

להפיץ לימוד המשנה בישראל

# מצבת זכרון

להישר באדם המשכיל וחובב תורה

## ר׳ ישעיה כהן ז״ל

שנפטר במונטריאל בשיבה טובה ובשם טוב

ובנו המשכיל

## מר יוסף כהן נ״י

הואיל לתת עזרתו להדפסת

## מסכתא דמאי

לזכרו של אביו ז״ל, ולהפצת לימוד המשנה בישראל

# מצבת זכרון

צום אנדענקן פון זייערע עלטערן, וועלכע זיינען נפטר געוואָרן אין
ביאַליסטאָק

## ר׳ צבי הערץ ז״ל

## און ליבע וויינציהער ז״ל

האָבן זייערע זין

## מר. און מרס. ראַלף וויין נ״י

אין ניו יאָרק

## און מר. און מרס. מאָריס וויין נ״י

אין מאָנטרעאַל

מנדב געווען דאָס אָפּדרוקן די

## מסכתא מעשרות

לזכרון נצח להוריהם ז״ל

דער מחבר דריקט אויס א הארציקן דאנק צו

# ר׳ חיים צבי נ״י בר׳ שמחה יהודה ז״ל

# מעססינג (פון פראַגע-ווארשע)

## אין ברוקלין, ניו יאָרק

פאר זייןביישטייערונג ארויסצוגעבען די

# מסכתא בכורים

לכבוד נכדו היקר והמצוין חניך ישיבה העלם **אליהו פרץ** בר׳

מרדכי שמעון נ״י מעססינג נולד י״ג ניסן תרצ״ב

און זיין הילף צו פארשפרייטן דעם לימוד המשנה

דער מחבר דריקט אויס א דאנק צו דער פירמע

# האָנטינגדאָן וואולען מילס

און צו אירע אינהאבער:

ר׳ אברהם וויינטרויב נ״י, ר׳ יהושע ראָסקעס נ״י,
ר׳ העניך ראָסקעס נ״י, ר׳ יצחק ראָסקעס נ״י
און ר׳ לייבל ראָסקעס נ״י.

פאר דער מיטהילף ארויסצוגעבן די

# מסכתא מעשר שני

און די אויסגאבע פון משניות „סדר זרעים״ בכלל.

המחבר מביע בזה דברי תודה

להאדון ולהגברת

צבי פירשט נ״י

בניו יורק

חתנו ובתו של הרב הגאון הישיש ר׳ צבי הכהן שליט״א

יושב ראש הרבנים במונטריאל על עזרתם להדפסת המשניות

וביחוד על הסיוע להדפסת

מסכתא תרומות

ועל זה יברכום טובים.

המחבר מביע בזה את תודתו להאדון ולהגברת

# יהודה לייב געווירץ נ״י

במונטריאל

על עזרתם הנדיבה להדפסת

## מסכתא חלה

ועל סיועם להוצאת „סדר זרעים״ בכלל ולהפצת לימוד

המשנה בישראל

דער מחבר דריקט אויס א דאנק צו

# מר. מאָרים פּאָלאק נ״י

אין קוויבעק

פאר זיין מיטהילף ארויסצוגעבען די

# מסכתא כלאים

און צום ארויסגעבן דעם „סדר זרעים״ בכלל

דער מחבר דריקט אויס א האַרציקן דאנק צו מר.

# בן ציון נ״י

און זיין פרוי מרס.

# מיטא הערץ תחי׳

אין ניו יאָרק

פאר זייער הילף צו דער משניות־אויסגאבע, און באזונדערס

דער מיטהילף אָפצודרוקן די

# מסכתא שביעית

און צו פארשפרייטן דעם לימוד המשנה

# לזכרון נצח

די פאָלגענדע מנדבים האָבן געהאָלפן ארויסגעבן דעם „סדר זרעים" צום אנ־דענקן פון זייערע נאָנטע נפטרים ז"ל.

---

צום אנדענקן פון זייערע פאָטער ר' **יעקב נחום** בר' אברהם אבא **גאָלדבלאט** ז"ל (נפטר י"ח חשון, תש"ד) און פון זייער מוטער **מנוחה לאה** בת ר' יעקב משה ז"ל, נפטרה (כ"ד חשון, תרע"ט) און פון זייער באָבע **ליבע** בת ר' משה אלעזר ז"ל (נפטרה כ"ו חשון, תרפ"א), און זייער ברודער **ר' ביינישׂ** בר' יעקב נחום ז"ל — די קינדער: מאשע, אפרים, משה, הילדע און ישראל **גאָלדבלאַט**, האמילטאָן, אָנטעריאָ.

---

צום אנדענקן פון זייער פאָטער ר' **אברהם** בר' יצחק **דימעט** (דימעטשטיין) נפטר בשנת תש"ד, און פון זייער מוטער **סימע** בת ר' מאיר יונה ז"ל (נפטרה בשנת תרצ"ו) — די קינדער: שמחה, אסתר, גאָלדע, און דוד דימעט, ניאגארא פאלס, נ. י.

---

צום אנדענקן פון זיין פאָטער ר' **משה** בר' יצחק הלוי ז"ל **הארנפעלד** (נפטר ז' טבת תרצ"ד), — זיין זון י. הארענפעלד, טאָראָנטאָ.

---

צום אָנדענקן פון זייערע עלטערן ר' **אברהם** בר' שמואל הלוי **רעזניק** ז"ל (נפטר כ"ה טבת תרצ"ו), און ר' **משה יצחק** בר' שלום **גילווארק** ז"ל (נפטר ר"ח ניסן תרפ"א) — זייערע קינדער נחמן נ"י בר' אברהם און עטא לאה רעזניק, מאָנטרעאל.

---

לזכר אביהם ר' **מאיר** בר' חיים הכהן ז"ל (נפטר כ"א טבת תר"ע) ואמם **האָדע** בת ר' נתן ז"ל (כ"ד אדר שני תר"ע), ואחותם **שרה רבקה** בת ר' מאיר הכהן ז"ל (ר"ח סיון) — זייערע קינדער **ר' חיים ור' יעקב מאַרקס** נ"י, מאָנקטאָן.

---

לזכר אביו **ר' אברהם** בר' נתן נטע ז"ל ניומאן (נפטר י' אלול תר"ע) ואמו **סאָסיע** בת ר' שלום ניומאן ז"ל (ו' ניסן תרס"א) — בנם ר' אברהם ניומאן נ"י (מנעמיראָוו) וואהיטני פיר.

---

# ואלה יעמדו על הברכה

פאָלגענדע מנדבים האָבן בייגעשטייערט צום ארויסגעבן דעם משניות „סדר זרעים" און דער מחבר דרוקט זיי אויס א הערצליכן דאנק:

פעדעראציע פון פוילישע יידן, קאנאדע.
מאטעס און מלכה טייטלבוים נ"י, סאן כאָזע, קאָסטאָ־ריקא.
מר. און מרס. יוסף וואָלינסקי ני', וויניפּעג.

מר. און מרס. לעאָן פעטעגאָרסקי נ״י, אָטאַווא.
מר. און מרס. יהודה וויזנפעלד ני׳, מאָנטרעאַל.
מר. און מרס. ה. מ. זעליקאָווסקי ני׳, מאָנטרעאַל.
מר. און מרס. יידל אלבערט ני׳, מאָנטרעאַל.
מר. און מרס. משה סיימאָן נ״י, מאָנטרעאַל.
מר. און מרס. גדליה סאָלאָמאָן ני׳, מאָנטרעאַל.
מר. און מרס. ב. קראַקאָווער ני׳, מאָנטרעאַל.
מר. און מרס. הערי גאסקאָ ני׳, מאָנטרעאַל.
מר. און מרס. בען ביוטעל ני׳, מאָנטרעאַל.
מר. און מרס. דוד שטיינבערג ני׳, מאָנטרעאַל.
מר. און מרס. ברוך טענענבוים ני׳, מאָנטרעאַל.
מר. און מרס. יוסף עדעלבערג ני׳, מאָנטרעאַל.
מר. און מרס. ברוך מאיר גאָלדשטיין ני׳, מאָנטרעאַל.
מר. און מרס. יואל שטערנטאל ני׳, מאָנטרעאַל.
מר. און מרס. ב. קאפלאן ני׳, מאָנטרעאַל.
מר. און מרס. ל. קאָזלאָוו ני׳, מאָנטרעאַל.
מר. און מרס. י. גוטמאן ני׳, מאָנטרעאַל.
מר. און מרס. סעמועל אלראָד ני׳, מאָנטרעאַל.
פירמע „דייוויס ניטינג״, מאָנטרעאַל.
מר. און מרס. י. האָליקמאן ני׳, מאָנטרעאַל.
מר. און מרס. ה. קראַקאָוו ני׳, מאָנטרעאַל.
מר. און מרס. לעאָן קרעסטאל ני׳, מאָנטרעאַל.
מר. און מרס. י. מ. היבשער ני׳, מאָנטרעאַל.
מר. און מרס. ב. טעפנער ני׳, מאָנטרעאַל.
מר. און מרס. מ. פינקלשטיין ני׳, מאָנטרעאַל.
מר. און מרס. שלמה בר׳ אברהם קאָך ני׳, מאָנטרעאַל.
מר. און מרס. דוד בר׳ אברהם חייקין ני׳, מאָנטרעאַל.
מר. און מרס. יצחק בלאט ני׳, מאָנטרעאַל.
מר. און מרס. יצחק קרעמינער ני׳, מאָנטרעאַל.
מר. און מרס. דוד ענגל ני׳, מאָנטרעאַל.
מר. און מרס. שלמה שיף ני׳, און זייערע זין לואיס און סעם שיף ני׳, מאָנטרעאַל.
מר. און מרס. לואי גאָלדפיין ני׳, מאָנטרעאַל.
מר. און מרס. מאיר לייב ני׳, בר׳ גרשון זאב קאפלאן, מאָנטרעאַל.
מר. און מרס. יצחק ני׳, בר׳ מנחם דאַלפען, מאָנטרעאַל.
מר. און מרס. שלמה ווייזער ני׳, מאָנטרעאַל.
מר. און מרס. יעקב און עטיל האליקמאן (פרעז. סיניאָר לײדיס מזרחי) מאָנטרעאַל
מר. און מרס. יוסף בן שלמה יאס ני׳, מאָנטרעאַל.
מר. און מרס. אברהם יהודה (יוליוס) ני׳ בר׳ יוסף ז״ל ראָזענפעלד, מאָנטרעאַל.
מר. און מרס. מיכאל און רייזל יאפע ני׳, מאָנטרעאַל.
מר. לעסטער פאָלעסטיין ני׳, ניו יאָרק.
מר. דזשוליוס פערלמאן נ״י, ניו יאָרק.
מר. בערנאַרד זעמל ני׳, ניו יאָרק.
מר. לואיס פינעס ני׳, ניו יאָרק.

מר. און מרס. סעמועל און ליליאן שולמאן ני׳, ניו יארק.
מר. און מרס. גבריאל און קיילע רייף ני׳, ניו יארק.
מר. און מרס. משה און טילי העססיל ני׳, ניו יארק.
מר. און מרס. מנחם מענדיל און מרים דאבע זאק ני׳, לאנדאן, אנט.
מר. און מרס. נחום און דבורה ני׳ בריקמאן, לאנדאן, אנט .
מר. און מרס. צבי און דאבע ני׳ גרייס, לאנדאן, אנט.
מר. און מרס. פינחס און חנה ביילע גראפשטיין ני׳, לאנדאן, אנט.
מר. און מרס. ישראל משה און שיינע רייזל זיסקינד ני׳, לאנדאן אנט.
מר. אפרים פעדער ני׳, טאראנטא.
מר. און מרס. יהושע און פריידע ווארטסמאן ני׳, טאראנטא.
מר. אליעזר בר׳ אברהם מילער ני׳, טאראנטא.
מר. און מרס. ישראל צבי און יעטא סטיטסקי ני׳, טאראנטא.
מר. און מרס. אפרים פישל און מאלי גאלד ני׳, טאראנטא.
הרב הגאון ר׳ שמואל הלוי שליטא והרבנית לאה תחי׳ לעווין, האמילטאן, אנט.
מר. און מרס. יחיאל מיכאל און רבקה לאה טעסלער ני׳, וויניפעג.
מר. אברהם יהודה בר׳ נחמן דוד טיטאף ני׳, פלין פלאן, מאניטאבא.
מר. און מרס. אברהם לייב און הינדע ני׳ פלאנקא.
מר. חיים נחמן בר׳ אליעזר פרידמאן ני׳, מעדיסין העט.
מר. און מרס. משה און אסתר קאן ני׳, מעדיסין העט.
מר. און מרס. ניסן בר׳ אליעזר און גאלדע העריס ני׳, טילסנבורג.
מר, מאיר בר׳ יואל בודאוויטש ני׳, סט. דזשאן.
מר. משה בר׳ בנימין גאס ני׳, סט. דזשאן.
מר. חיים מענדיל בר׳ שרגא ני׳ גארסאן, סט. דזשאן.
מר. און מרס. זאב (וויליאם) בר׳ מרדכי טשערנין ני׳, גלעיס בעי.
הרב דוד בר׳ דובער פעטרושקא ני׳, גלעיס בעי.
מר. שלמה בר׳ אליהו בערניק ני׳, גלעיס בעי.
קאנגרעגיישאן „תפארת ישראל״, מאנקטאן.
מר. יחיאל מיכאל דאלפען ני׳, ניו גלאסגא.
מר. פינחס בר׳ צבי טאלטש ני׳, ריוועך די ליו.
מר. יוסף בן דוד ארי׳ הוטמאן ני׳, עדמאנטסטאן.
מר. אברהם דוד דאלפען ני׳, עדמאנטסטאן.
ר׳ שרגא פייוול בר׳ משה בערג, אשאווא, אנט.